14.XII.37

# יידישער אַרבעטער פּנקס

## (צו דער געשיכטע פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג)

רעדאַגירט דורך זרובבל

## I באַנד

צווייטע פאַרבעסערטע אויפלאַגע מיט אַ צוך־צעטל

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „נייע קולטור” ווארשע

דעם אָנדענק פון בער בּאָראָכאָוו
אין צענטן יאָרצייט פון זיין טויט
—אין צייכן פון פאַרערונג

„Idiszer Arbeter Pinkos“
(Z dziejów żydowskiego ruchu robotniczego)
Wspomnienia, materjały i dokumenty historyczne
II wydanie (1500 — 3500 egz.)

Spółdz. Wydawn. „NOWA KULTURA“
WARSZAWA ■ ■ 1928

Drukarnia „Grafia“ Nowolipki 22

# אינהאַלט־פאַרצייכעניש



## I

## אין קאַמף פאַר אַן אידעע.

### אַרטיקלען און זכרונות.

II

# פון אַרכיוו

## מאַטעריאַלן און דאָקומענטן

## III
## ג ע ד ע נ ק = ב ל ע ט ע ר.

# בילדער

ב. באָראָכאָוו, (2 בילדער, 1 פאַקסימיליע) דר. נ. סירקין, לעאָן כאַזאַנאָוויטש, דר. מאיר ראָזנער, י. שורעק, שייקע לעוו, פּאָליע בער, דוד סקראָבעק, (2 בילדער) נ' זשעלעכאָווסקי, ש. וואַלדפּאָגעל, מ. יודענהערץ, (2 בילדער) י. סלושני, ב. גרינבוים, פעלדמאַן, פּ. קראַסילשציק. 1=טער צוזאמענפאָר אין פוילן, א גרופּע פון דער באָראָכאָוו=פראַקציע אויפן 1=טן שול=צוזאמענפאָר אין פוילן, צוזאמענפאָר פון דער „יוגנט“, די פועלי ציון פרעסע (4 בילדער).

# צו דער צווייטער אויפלאַגע

ווי מיר האָבן דערוואַרט, האָט די יידישע אַרבעטערשאַפט אויפגענומען דעם ערשטן באַנד „ייד. אַרב.-פנקס" מיט אמתער פרייד און באַגייסטערונג.

אין משך פון געציילטע עטלעכע וואָכן איז אויספאַרקויפט געוואָרן די גאַנצע ערשטע אויפלאַגע — 1500 עקזעמפּלאַרן — נישט געקוקט אויף דעם בערך הויכן פּרייז פאַרן דורכשניטלעכן אַרבעטער-לעזער. דאָס איז אַ רעקאָרד אויף דעם יידישן ביכערמאַרק.

פאַר אונז איז די שנעלע פאַרשפּרייטונג פון „פנקס" און די וואַרעמע אויפנאַמע געווען אַ באַווייז, אַז דער „פנקס" איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט און האָט ווירקלעך באַפרידיקט אַ געוויסן אָנגערייפטע באַדערפעניש בײַ די ברייטע יידישע אַרבעטער-מאַסן צו באַקענען זיך פון ערשטן מקור מיט דער געשיכטע פון זייער פאַרטיי, מיט אירע אַנטוויקלונגס-וועגן אין טעאָריע און אין פּראַקטיק.

אויף די הונדערטער נייע ווענדונגען, האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצוגעבן די צווייטע אויפלאַגע. ליידער זענען מיר איצט נישט אימשטאַנד צו מאַכן אַלע אויסבעסערונגען און מלואים, וועלכע מיר האָבן אַליין איינגעזען, אָדער וועלכע די צאָלרייכע רעצענזיעס האָבן אָנגעוויזן בנוגע דעם ערשטן באַנד.

אין אַ גרויסער מאָס וועט עס געטאָן ווערן אין די ווייטערע בענדער, וועלכע וועלן זיכער נישט פאַרזאַמען צו קומען.

די איצטיקע צווייטע אויפלאַגע איז בלויז פון דאָסניי דורכקאָרעגירט און ס'איז צוגעגעבן אַ זוך-צעטל, וועלכער וועט העלפן דעם לעזער לייכט אויסצוגעפינען אין „פנקס" דעם מאַטעריאַל איבער די פראַגן, וועלכע אינטערעסירן אים.

מיר זענען איבערצייגט, אַז אויך די צווייטע אויפלאַגע וועט זיך גיך פונאַנדערגיין, און מיר וועלן האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן בקרוב דעם 2-טן באַנד.

וואַרשע, אַפּריל 1928.

די אַרויסגעבער.

# צו די לעזער.

מיט אַ געפיל פון פרייד און שטאָלץ גיבן מיר איבער דעם „יידישן אַרבעטער=פנקס" אין די הענט פון די יידישע אַרבעטער.

אינם 20=טן יאָר פונם אָרגאַניזירטן און באַוואוסטזיניקן קאַמף פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אונטער די פאָנען פון „פועלי=ציון" איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו שאַפן דאָסדאָזיקע בוך. אָרים איז דער יידישער אַרבעטער=קלאַס אין ווערק= און דאָקומענטן=זאַמלונגען. זעלטן, גאָר זעלטן זענען די קוואַלן, פון וועלכע די עלטערע יידישע אַרבעטער=גענעראַציע — דורכלויפנדיק נאָך אַמאָל אינם געדאַנק דעם דורכגעמאַכטן וועג — זאָל קענען שעפן פרישן מוט און נייע פרייד צו ווייטערדיקע, שווערע קאַמפן; פון וועלכע דער יינגערער פּראָלעטאַריער=דור זאָל זיך קענען דערוויסן וועגן דער רומפולער פאַרגאַנגענהייט פון זיין באַוועגונג און אַרויסנעמען די דערפאַרונג, וואָס איז אַזוי בויטיק אין די הייניטיקע שטורמישע קאַמפס=צייטן.

אונזער „פנקס" האָט די אויפגאַבע, דעמדאָזיקן דוחק אין ווערק וועגן דעם עבר פון דער יידישער אַרבעטער=באַוועגונג צו פאַרקלענערן. ער דאַרף באַקענען די יידישע אַרבעטער מיט דער געשיכטע פון זייער פּאַרטיי און איר קאַמף, ווערן אַ קוואַל פון מוט און דערפאַרונג, שטויסן צום ערנסטן שטודיום פון אונזער נעכטן, כּדי אַזוי אַרום בעסער צו באַגרייפן אונזער היינט און גרייטן זיך ווי געהעריק צום מאָרגן.

די איצטיקע אויסגאַבע איז אַן אָנהויב. אינם ערשטן באַנד זענען אַריין בעיקר זכרונות, מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער פאַרמלחמה=צייט. צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים איז אַ סך ווייניקער אָרט אָפּגעגעבן געוואָרן דער שפּעטערדיקער תקופה, און די לעצטע יאָרן האָבן אין ד ע ם בוך בכלל קיין אָפּקלאַנג נישט געפונען. צו דערגאַנצן די ידיעות וועגן די פריעסטע צייטן און אָפּגעבן אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט די שפּעטערדיקע יאָרן — דאָס וועט זיין די אויפגאַבע פון די ווייטערדיקע בענדער. אייניקע אַרטיקלען זענען שוין טיילווייז ערגעץ-וואו פאַרעפנטלעכט געוואָרן. דאָ קומען זיי, אין אַ פאַרגרעסערטער און פאַרבעסערטער פאָרם, צוליב דער גאַנצקייט און כראָנאָלאָגישער פולקייט פונם געשיכטלעכן מאַטעריאַל.

געוויס פאַרמאָגט דער „פּנקס" חסרונות, און גאַנץ באַדייטנדע. עס פעלן אַ סך וויכטיקע דאָקומענטן. אייניקע לענדער, ווי אַמעריקע, פּאַלעסטינע און ענגלאַנד, זענען כמעט אינגאַנצן נישט פאַרגעשטעלט. דאָס נעמט זיך בעיקר דערפון, וואָס עס זענען נישט געווען אונטער דער הּאַנט קיין אַרכיוו-זאַמלונגען פון אונזער באַוועגונג און וואָס בכלל זענען אַזעלכע זאַמלונגען כמעט ווי נישט פאַראַן. דער „פּנקס" וועט, האָפן מיר, אַ שטויס געבן דעם קאָלעקטיוון ווילן פון אונזערע חברים צו פאַרריכטן דעם אומפאַרצייַלעכן פעלער און שאַפן ענדלעך דעם צענטראַלן אַרכיוו פון דער פּועלי-ציון-וועלט-באַוועגונג.

דער „פּנקס" איז נאָך ווייט נישט די געשיכטע פון אונזער באַוועגונג. ער איז אָבער דער י ס ו ד, אויף וועלכן ס'וועט קענען בויען זיין אַרבעט דער קומענדיקער געשיכטע-שרייבער פון דער פּועלי-ציון-באַוועגונג.

די איניציאַטיוו צו שאַפן דעם „פּנקס" שטאַמט אין דער ערשטער ריי פון ח' ז ר ב ב ל. ער האָט אויך איבערגענומען זיין שאַפונג און רעדאַקציע, און ער האָט די אַרבעט ביי די שווערסטע באַדינגונגען דערפירט ביזן סוף. און דאָס איז קיין ווונדער נישט. איז דאָך זעלטן ווער פון אונז אַזוי ענג, ווי ח' ז ר ב ב ל, פאַרבונדן מיט דעם וועג און קאַמף פון דער פּועלי-ציון-באַוועגונג פון איר אָנהייב ביזן היינטיקן טאָג כמעט אין אַלע לענדער, ווו עס לעבן און קעמפן יידישע אַרבעטער-מאַסן.

מיר האַלטן פאַר אונזער חוב אויסצודריקן א ו נ ז ע ר  אָ נ ע ר ק ע נ ו נ ג דעם ח' ז ר ב ב ל פאַר זיין אומדערמידלעכער אַרבעט אַרום דעם „פּנקס". ער האָט זיך באמת פאַרדינט אונזער אַלעמענס דאַנקבאַרקייט.

מיר גיבן דעם „פּנקס" איבער אין די הענט פון די יידישע אַרבעטער-לעזער. מיר ווייסן, אַז זיי וועלן אים אויפנעמען מיט וואַרעמקייט און פרייד. זאָלן זיי לערנען פון דער גרויסער פאַרגאַנגענהייט צו שמידן די שטאָלצע, זיגרייכע סאָציאַליסטישע צוקונפט.

וואַרשע, פעברואַר 1927.

די אַרויסגעבער.

# די חוס־קיים.

ס'איז די רעכטע צייט דערפאַר, אַז די געשיכטע פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג זאָל פאַרשריבן ווערן אין אַ באַזונדערן ספר, ס'זאָלן אויפגעזאַמלט ווערן אַלע מאַטער־יאַלן און דאָקומענטן, וואָס ווייזן־אויף איר אַנטשטיין און גיין, פאַרצייכענען די פאַר־שידענע עטאַפּן פון איר אַנטוויקלונג, און ברענגען אַרויס איר יום־טוב און וואָך, איר גשמיותדיק און רוחניותדיק לעבן.

דאַכט זיך, ערשט דאָ נישט לאַנג האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אָרגאַניזיר־שפּראָ־צונגען פון דער פועלי־ציון אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס; ס'שיינט נאָך צו טראָגן זיך אין לופט דער הייסער וויכוח וועגן יאָ אָדער נישט אָנטיילנעמען אין פּאָליטישן קאַמף, וועגן די צוויי פּלאַבן פון „דאָ" און „דאָרט", וועגן פּאַלעסטינע און טעריטאָריע; וועגן סאָציאַל־עקאָנאָמישן, אָדער קולטור־מהות פון דער יידישער פראַגע, און גאָר פריש איז די מונטערע שטים, וואָס האָט געוואַגט אַרויסצורוקן דאָס אייגנאַרטיקע פּראָ־בלעם פון יידישן פּראָלעטאַריאַט פאַר דער ברייטער וועלט פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

אַ יונגע באַוועגונג, ערשט אַ פּאָר יאָר אַלט, און שוין אַ שטיק ג ע ש י כ ט ע. אַן אייגענע מסורה געשאַפן, וועלכע איז איבערגעגאַנגען פון אַרבעטער צו אַרבעטער, פון טויער צו טויער, פון דור צו דור, פון לאַנד צו לאַנד. ביז די אַלוועלטלעכע פועלי־ציון־באַוועגונג איז געוואָרן אַן אָפּקלאַנג און אַן אָפּשפּיגלונג פון דער פאַרפייניקטער, פּאָגראָמירטער און דאָך תמיד שפּרודלענדיקער מיט נייע לעבנס־כוחות און פרישן קאַמף־

לוסט יידישער אַרבעטער-ווירקלעכקייט, ביז דער פּועלי-ציוניזם איז אויפגעשטיגן, ווי
דער אייגנאַרטיקער ריטם פון יידישן אַרבעטער-לעבן, ווי דער אָנזאָג און אימפּולס פון
זיין קאַמף.

סאַראַ לעבן דורכגעלעבט, סאַראַ קאַמף אויסגעקעמפט! געדאַנקען, וואָס האָבן זיך
נאָר וואָס געשטיקט הינטער דער דיקער שאָלעכץ עם הארצות און טעמפּקייט, זענען
איצט געוואָרן אָרגאַנישע טיילן פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער וועלטאָנשויונג, לאָ-
זונגען, וואָס זענען נישט בלויז אָקאָרשט אויסגעלאַכט געווען אין דעם יידישן קליין-
בירגערלעכן געמוזעכץ, נאָר געזאָסרט געוואָרן דורך די אינסטאַנצן פון קעמפנדיקן פּראָ-
לעטאַריאַט, ווערן איצט אויפגענומען אין יעדן אַקציאָנס-פּראָגראַם, וואָס איז אויסן צו
אָרגאַניזירן און רעגולירן די רעוואָלוציאָנערע זעלבסטטעטיקייט פון יידישן אַרבעטער-
קלאַס. און דאָס וויכטיקסטע — דער פּראָגנאָז וועגן אומעטומיקער פּראָדוקטיווער אומ-
שיכטונג פון די יידישע מאַסן און היסטאָרישער אומפאַרמיידלעכקייט פון דעם פּראָלע-
טאַרישן פּאַלעסטיניזם איז שוין נישט מער אַן ענין פאַר אַבסטראַקטע טעאָרעטישע
וויכוחים, נאָר ער ווערט דער רוקן-ביין פון דער קאָנסעקווענטער מאַרקסיסטישער אי-
דעאָלאָגיע אין איר אָנווענדונג אויף די קאָנקרעטע דערשיינונגען פון לעבן און קאַמף
פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

האַרבע צייטן דורכגעקומען, שווערע נסיונות אויסגעשטאַנען. וועלטן זענען חרוב
געוואָרן, וועלט-אָנשויונגען זענען אונטערגעגאַנגען און אויפגעקומען. דער פּועלי-ציוניזם
איז אין משך פון די פּאָר צענדליק יאָרן גערייניקט און געלייטערט געוואָרן דורך די
געוויטערס פון אַלגעמיינעם סאָציאַלן קאַמף און אַ דאַנק די ענדערונגען אויפן שלאַכט-
פעלד פון יידישן מאַסן-לעבן. נישט אַלע האָבן אויסגעהאַלטן, נישט אַלע זענען פאַר-
בליבן. אַ סאַך פון די, וואָס האָבן אין זיך געטראָגן און פאַרקערפּערט די לעבעדיקע
טראַדיציע פון דער פּועלי-ציון-באַוועגונג, זענען אַוועק. געפאַלן אין קאַמף, אָדער פאַר-
ראַטן דעם קאַמף. ס'וואַקסט אונטער אַ נייער יידישער אַרבעטער-דור; פאַר אַ טייל
זיינעם איז פרעמד דער עבר און די טראַדיציע פון יידישן אַרבעטער-קאַמף און ער
פאַרמאָגט נישט יענע אינטימע הארץ-פעדעם, וואָס זאָלן אים פאַרבינדן אָרגאַניש מיט
דער זעלבשטענדיקער, פאַר זיך פולבאַרעכטיקטער און פונקט אַזוי אויך פאַר דעם אַל-
געמיינעם קאַמף אומפאַרמיידלעכער, יידישער פּראָלעטאַרישער מ אַ ס ן - באַוועגונג. איז
פאַר אַ סך פון זיי הפקר דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, פרעמד זיינע נויטן, אַלס אַל-
וועלטלעכער איינהייטלעכער קאָלעקטיוו, פיינטלעך, ווייל אומפאַרשטענדלעך, זיינע קאַמפס-
באַדערפעניש און שאַפונגס-שטרעבונגען. פאַראַזיטן און דעזערטערן — דעמאָראַליזירן
זיי די יידישע אַרבעטער-גאַס דורך דעם, וואָס זיי לייקענען אין דעם זכות הקיום פון
יידישן אַרבעטער-פאָלק, זאָגן זיך אָפּ פון יעדן רעוואָלוציאָנערן פּראָגנאָז פאַר זיין לע-
בעדיקער מאַסן-טעטיקייט און ווילן אָפּרייסן די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג פון איר
אייגנטלעכער נאַציאָנאַלער מאַסן-סביבה.

איז אויך אונז געפאַלן דער גורל אָפּצוהיטן די טייערע ירושה, ווי יחוס-קייט פון

דעם קלאַסן־באַוווסטן אַקטיוון אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־קאָלעקטיוו. ס'איז אַן אוצר פון טעאָרעטישער פאַרטיפונג און גייסטיקער דערהייבונג, אַ שלל פון אָרגאַניזאַטאָרישער דערפאַרונג און קאַמפס־געפרווטקייט. זיגזאַגן און ניואַנסן, ליכט און שאָטן, ניצחונות און מפלות — סאַראַ רייכפאַרביקייט און פאַרשידנאַרטיקייט! יחידי סגולה פון פאָלק און צום פאָלק געקומענע, מסירת־נפש אין אַ נייעם גילגול, נייע למד־וואָוניקעס, וואָס אויף זיי בויט זיך די קומענדיקע סאָציאַליסטישע וועלט, און מאָדערנע אליהו הנביא'ס, וואָס קומען, נישט צו חלום, נאָר אויפן וואָר און זענען גוזר אויף די „וואַסער־פירער און האָלץ־העקער“ נתגלה צו ווערן און איבעראַנדערשן די זינדיקע וועלט, וועלכע האַלט באַם אונטערגיין...

יחידים, וואָס זענען זיך מקריב פאַרן כלל און ווערן דורך אים ערשט דערהויבן אויף דער העכסטער לעבנס־מדרגה; אַ כלל, וואָס האָט נישט אין זינען דעם פרט און ברענגט גרייכעך דורך דעם די גאולה פאַר אַלעמען און פאַר יעדן איינעם. אַ בערך קליינער יידישער פראָלעטאַרישער קאָלעקטיוו, וואָס זוכט צו ראַטעווען אַ גאַנצע וועלט און קאָן די אייגענע סביבה נישט אויפריכטן, וואָס האָט פאַרשטענדעניש און ליבע פאַר אַלע געפלאָגטע און קעמפנדע און ווערט נישט פאַרשטאַנען און געליבט כמעט פון קיינעם, אפילו צווישן די געפלאָגטע און קעמפנדע. אַ טראַגישער געראַנגל צווישן זעלבסט־פאַרלייקענונג און זעלבסט־באַשטימונג, צווישן שקלאַפערישער, פאַרשקלאַפנדער אַסימילאַציע און פראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם, דער ברוגז און איבערבעטן־זיך פון „רעוואָלוציע בכלל“ און „רעוואָלוציע באַ זיך“, די אומגלייכע און אומווירדיקע קאָנקורענץ צווישן דער עכטער רעוואָלוציאָנערער נאַטור, וואָס וויל נישט זיין קיין קנעכט אפילו פאַרן משיח, און צווישן דעם „מאָשקע“, וואָס בייט נאָר דעם פריץ, וויל אָבער קיינמאָל נישט צעשיידן מיט זיין קריכערישער נשמה...

ס'איז די רעכטע צייט פאַר אַ פנקס, ווו דער קאַמף פאַר דער אידעע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג זאָל פאַרצייכנט און פאַרשריבן ווערן לדורות. נישט פאַר איין לאַנד, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט. ווייל אומעטום האָט זיך אויסגעשפרייט די יידישע ווירקלעכקייט און אומעטום האָט געווירקט דער יידישער פראָלעטאַרישער קאָלעקטיוו און זיין אַוואַנגאַרד — די פועלי־ציון־באַוועגונג, ווו דורך יחידים, ווו דורך אַן אָרגאַניזירטן כלל.

ווער רעדט עס נאָך היינט צו טאָג וועגן גסיסה און אונטערגאַנג אין גלות? ווער פאָלגט עס איצט די בונדיסטישע שומרי הסף פון פאָליטישע גרענעץ־מחיצות צווישן לאַנד און לאַנד פון יידישן מאַסן־ישוב? ווער נעמט עס ערנסט די פאַלסיפיקאַטן פון דער אינטעליגענטישער לאחדים־אַסימילאַציע און די סדום־בעטלעך פון בונדישער קולטור־באַגרענעצטקייט? וועמען, לסוף, קאָנען עס נאָך פאַרפירן די שנאת־ציון־בילבולים פון איין זייט און חיבת־ציון־אוטאָפּיעס פון דער אַנדערער זייט?

בונדיזם, ס. ס'יזם, סיימיזם, פועלי־ציוניזם — פאַרשידענע שיטות. באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס. שנאה און האַס, קאַמף אויף לעבן און טויט. אָבער דער יידישער פראָ־

לעטאַרישער קיבוץ „לעבט זיך אויס" נאָר אינם גייסט פון פועלי=ציוניזם, ווי ז'האָט אים פאָרמולירט און פאָרויסגעזען זיין גאוניִשער שעפער, בער באָראָכאָוו.

אַ סאַך אומגעבעטענע קלאַמערן זיך אָן דער ירושה פונם גרויסן פירער, נישט ווינציק אומבאַרופענע כאַפּן אַרויס דעם אָדער יענעם פסוק פונם פאַרשטאָרבענעם לערער און ווילן אין זיין נאָמען פאַרפירן די יידישע אַרבעטער=באַוועגונג אויף די פאַרלעגענע רעלסן פון כלל=ישראל פּאָליטיק און בורג=פרידן מיטן ציוניסטישן בירגערטום.

אָבער די פאָר צענדליק יאָרן פון קאַמף האָבן באַוויזן, אַז באָראָכאָוויזם איז שוין נישט מער קיין ווערק פון אַ יחיד. ס'איז דער קאָלעקטיווער אויפטו פון דעם יידישן אַרבעטער=כלל; ער איז אויסגעשמידט געוואָרן אין דעם כסדרדיקן אינערלעכן געראַנגל אין די רייען פון די פועלי=ציון פּאַרטייען גופא זינט זייער אַנטשטייין און ביז צום היסטאָרישן איבערבראָך פון דער וועלט=באַוועגונג אויף דער פינפטער וועלט=קאָנפערענץ.

נישט קיין שערבלעך און ברעקלעך, נישט קיין שברי=לוחות, נאָר אַן אויסגעהאַלטענע פּראָלעטאַרישע וועלט=אַנשויונג אַ גאַנצע קאַמפס=שיטה האָט דער באָראָכאָוויזם אַריינגעבראַכט אין דעם אוצר פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

פון ירושלים דליטא און ביז „עמק" אין פּאַלעסטינאַ, דורך די גרעסטע צענטרען פון יידישן מאַסן=יישוב און אייִנוואַנדערונג ציט זיך די געשיכטע פון דער פועלי=ציוניסטישער באַוועגונג אין פאַרשיידענע סאָציאַל=עקאָנאָמישע סביבות, אונטער פאַרשידענע פּאָליטישע הימלען — אומעטום לויט דערזעלבער קלאַסן=ליניע, איבעראַל מיט דערזעלבער אויפגאַבע — רעוואָלוציאָנער איבערצואַנדערשן די יסודות פון יידישן מאַסן=לעבן און פאַרווירקלעכן דורכן קלאַסן=קאַמף די אידעען און לאָזונגען פון אַלוועלטלעכן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

דאָס איז אונזער יחוס=קייט, און זי ווילן מיר דורכן „ייד. אַרבעטער=פּנקס", אָנטרויען די ברייטע מאַסן פון יידישן אַרבעטער=קלאַס.

ר. בבל.

# צו דער אָפּשטאַמונג פון פועלי=ציוניזם

פאַר דער אַנטשטייאונג פון יעדער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג זענען נויטיק צוויי עלעמענטן: אַ סוביעקט און אַ אָביעקט. דער סוביעקט פון דער באַוועגונג איז די מאַסע, וועלכע פאַרווירק׳עכט דעם אידעאַל; דער אָביעקט איז די אידיי, דער אידעאַל, וועלכער באַגייסטערט די מאַסע, דאָס פּראָגראַם פון דער באַוועגונג. אין הסכם דערמיט זענען מעגלעך צוויי פאָרמען, צוויי וועגן פון דער אַנטשטייאונג, אָפּהענגיק פון דעם, וואָס עס באַווייזט זיך פריער אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע: צי די מאַסע באַגייסטערט דורך אַן אידיי, וועלכע איז נאָך נישט פאָרמולירט, אָדער די שוין פאָרמולירטע אידיי, וועלכע וויל צוציען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די מאַסן; מיט אַנדערע ווערטער, צי די מאַסע וואַרט אויפן פּראָגראַם, אָדער דאָס פּראָגראַם וואַרט אויף דער מאַסע.

מיר פילן זייער אָפט, אַז אין די טיפענישן פון המון הויבט עפּעס אָן צו ברויזן, עס באַוועגט זיך עפּעס; מיר קענען אָבער נישט וויסן, וואָס אייגנטלעך קומט דאָרטן פאָר. עס פילט זיך אַן אומצופרידנקייט מיטן הווה, אַ שטרעבונג אים צו ענדערן; עס פעלט אָבער נאָך דער קלאָרער געדאַנק, ווי אַזוי צו ענדערן. עס איז דאָ דאָס געפיל, עס פעלט אָבער נאָך דער קלאָרער געדאַנק; ס׳איז שוין דאָ די באַוועגונג, עס פעלט אָבער נאָך די קלאָר פאָרמולירטע אידיי, ס׳איז דאָ שוין די מאַסע, עס פעלט אָבער נאָך דער יחיד, וועלכער איז באַרופן צו פאָרמולירן די געפילן פון דער מאַסע און געבן זיי אַ טעאָרעטישן באַזיס. ערשט שפּעטער שאַפט זיך דער דאָזיקער באַזיס אַ דאַנק דעם, וואָס עס באַווייזט זיך דער מענטש מיט דער גרויסער אינטואיציע, מיט אַ מער עמפּינדלעכן אויער, וועלכער הערט די אונטערערדישע ברויזונג און דריקט אויס אין קלאָרע ווערטער דאָס, וואָס די מאַסע פילט. ער שאַפט דאָס פּראָ־גראַם. דאָס איז דער געוויינלעכער וועג פון אַ געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג, וועלכע האָט אַלע שאַנסן זיך צו אַנטוויקלען, ווייל זי שטאַמט פון אונטן און

נישט פון אויבן, ווייל זי דרינגט אַרויס פון די באַדערפענישן פון די מאַסן און איז נישט אָנגעוואָרפן פון אויבן, פון דער אינטעליגענץ.

עס טרעפט אָבער, אַז איידער נאָך עס מערקט זיך די ברויזונג, שטייט אויף דער יחיד, דער זשעני, וועלכער איז דורכגעדרונגען מיט דעם אינדיווי־דועלן פראָטעסט קעגן הוה. די אומצופרידנקייט וועקט דעם שאַפנדן גייסט. דער יחיד שאַפט די אידיי, און די אידיי שאַפט אַרום זיך די סביבה. אויב אין דער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער אידיי איז אפילו ביי דעם יחיד אויך געווען פריער דאָס געפיל און דאַן ערשט די באַגרינדונג פון געפיל דורכן שכל, איז עס אָבער פאַר דער מאַסע אַ פונקט קעגנגעזעצלעכע אַנטוויקלונג: ביי דער מאַסע איז נאָך נישטאָ דאָס געפיל, זי פילט נאָך נישט די באַדער־פעניש, — עס איז דאָ די דורכן יחיד פאָרמולירטע אידיי. עס איז שוין דאָ דאָס פּראָגראַם, עס פעלט אָבער נאָך די באַוועגונג אַרום דעם פּראָגראַם. מיט דער צייט שאַפט זיך אויך די מאַסע, וועלכע נעמט אויף דעם דאָזיקן פּראָ־גראַם. ס'איז קלאָר, אַז אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, אויב זי אַנטשטייט, האָט אַ סך וויניקער שאַנסן פאַר פרוכטבאַרער אַנטוויקלונג, ווייל זי איז אַנטשטאַ־נען נישט פון אונטן, נישט פון די באַדערפענישן פון דער מאַסע, נאָר פון דער עמפינדלעכקייט פון יחיד און עס ווענדט זיך זייער דערפון, אויף וויפיל די אינטואיציע פון דעם יחיד האָט געקאָנט פאָרויסזען די אינערלעכע באַ־דערפענישן פון דער מאַסע, וועלכע זענען נאָר דורך דער מאַסע אַליין נישט אויפגענומען געוואָרן.

די פאַרשידענע פאָרמען פון אַנטשטייאונג מוזן זיך אומפאַרמיידלעך אָפּרופן אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטלעכע באַ־וועגונגען. ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, די באַוועגונגען, וואָס זענען אַנטשטאַ־נען פריער פאַר זייערע פּראָגראַמען, טראָגן אין זיך אַ גאַראַנטיע פון אַ זי־כערער צוקונפט. די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען פון צווייטן מין פאַרמאָגן אין זיך די דאָזיקע גאַראַנטיע נישט. אויב דער זשעני האָט ריכטיק פאָרויסגע־זען די אַנטוויקלונג, דאַן וועט די באַוועגונג זיך אַנטוויקלען; אויב אָבער זיין אידיי האָט איר חיונה באַקומען נישט פון די באַדערפענישן פון דער סביבה, נאָר פון זיינע אייגענע סוביעקטיווע באַדערפענישן און נויטן, דאַן איז די באַוועגונג לכתחילה פאַראורטיילט צו אַ שנעלערן אָדער לאַנגזאַמערן אונטערגאַנג.

דער בונדיזם און דער פועלי־ציוניזם זענען באַשיינפערלעכע ביישפילן פאַר די צוויי אַנטשטייאונגס־פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. בשעת דער בונדיזם איז אַנטשטאַנען אַלס אַן אידיי — סאָציאַליזם אויף יידיש, וואָס האָט געזוכט די מאַסע, איז דער פועלי־ציוניזם אַנטשטאַנען ווי אַ געזעלשאַפט־לעכע באַוועגונג פון דער מאַסע, וואָס האָט געוואָרט אויף איר וואָרט־זאָגער, אויף איר פּראָגראַם.

בונדיזם איז געווען אַן אידעאָלאָגיע, וועלכע האָט געוואָלט איינגעפֿלאַנצט ווערן אין דער מאַסע פֿון אויבן אַראָפּ: די אַסימילירטע יידיש־משכּילישע אינטעליגענץ איז געקומען צום אַבסטראַקטן סאָציאַליזם לחלוטין אומאָפּהענגיק פֿון די באַדערפֿענישן פֿון די יידישע מאַסן. פֿאַר איר איז פֿולשטענדיק געגוג געווען דער אַנאַליז פֿון די ווירטשאַפֿטלעכע און פּאָליטישע פֿאַרהעלטנישן פֿון רוסישן פֿאָלק און לאַנד. זוכנדיק אַ נייעם פֿאַרבינדעטן אין אירע רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען, האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף דער יידישער מאַסע און וועלנדיק זי צוציען צו זיך, האָט זי געמוזט גיין אויף פּשרות און הנחות. די ערשטע הנחה איז געווען — פֿריידיקן סאָציאַליזם אויף דער שפּראַך פֿון דער מאַסע.

די אויסערלעכע פֿאָרמען קאָן מען אַלע מאָל זען מיט אַ פּשוטן, נישט באַוואָפֿנטן אויג, מען דאַרף זיך נישט פֿאַרטיפֿן — די אויסערלעכע פֿאָרם ליגט אויבן אויף, זי איז דער אויבערפֿלעכלעכער פּועל־יוצא; דאָס אינערלעכע לעבן ליגט טיף און איז די סיבה פֿון דער ערשטער. דערפֿאַר איז אַלע מאָל לייכטער און איינפֿאַכער זיך צופּאַסן צו די אויסערלעכע פֿאָרמען, ווי צו דעם אינערלעכן לעבן. די יידישע אַסימילירטע אינטעליגענץ האָט זיך געפּרוווט צופּאַסן מיט איר סאָציאַליסטישן אידייען־גאַנג צו די אויסערלעכע לעבנס־פֿאָרמען פֿון דער יידישער אַרבעטער־גאַס. איר איז אָבער אין קאָפּ נישט איינגעפֿאַלן צו אינטערעסירן זיך מיטן אַנאַליז פֿון די אינערלעכע סיבות, וואָס האָבן געבראַכט צו די דאָזיקע אויסערלעכע פֿאָרמען. דעריבער האָט מען עס אָנגעהויבן פֿירן די אַגיטאַציע אין יידיש, מען האָט אָבער זיך נישט פֿאַרטראַכט אויף דער נויטווענדיקייט צו שאַפֿן אַ קולטור אין יידיש. די יידישע שפּראַך איז געוואָרן אַ מיטל צו פֿריידיקן סאָציאַליזם און דעריבער האָט מען נישט געשטעלט זיך די אויפֿגאַבע צוצוברענגען אַלגעמיינע קולטור צו דער יידישער אַרבעטער־גאַס, נאָר די יידישע אַרבעטער־גאַס צוצושלעפּן צו דער אַלגעמיינער קולטור.

סאָציאַליזם הייסט פֿירן אויך אַ עקאָנאָמישן קאַמף. דעריבער האָט מען אָנגעהויבן אין די קרייזלעך פֿון ווילנע צו אַגיטירן אויף פֿאַר שטרייקן, ס'איז אָבער אין קאָפּ נישט איינגעפֿאַלן צו אַנאַליזירן די סיבות, וועלכע מאַכן דעם יידישן אַרבעטער עקאָנאָמיש הינטערשטעליק.

דעריבער האָט מען עס געפּריידיקט קלאַסן־קאַמף, אָבער זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין וחשבון וועגן דער באַזע פֿון קלאַסן־קאַמף אין יידישן לעבן. די ערשטע בונדיסטן האָבן אפֿילו נישט באַמערקט די דערשיינונג, פֿאַרוואָס די גרעסערע אָנגעשטרענגטקייט פֿון קאַמף ברענגט קלענערע רעזולטאַטן אין יידישן אַרבעטער־לעבן, און ממילא האָבן זיי נישט געקאָנט זוכן אירע סיבות.

מאַרטאָוו, אין זיינע זכרונות, דערציילט אפֿילו, אַז בשעת ער האָט גע־

לעזן דעם קאמוניסטישן מאניפעסט פאר די יידישע ארבעטער, האָט ער פאַר־שטאַנען, אַז די אַרבעטער קענען נישט אויפנעמען דעם מאַניפעסט, ווייל די כאַראַקטעריסטיק פון דער בורזשואַזיע, למשל, וואָס איז געגעבן אין מאַניפעסט, האָט לחלוטין נישט געשטימט מיט די אייגנשאַפטן פון די יידישע ווילנער בעל־בתים, וועמען די אַרבעטער האָבן געהאַט פאַר זיך.

„מיינע צוהערערינס, ווי דער גרעסטער רוב פון די יידישע האַנטווער־קער־אַרבעטער פון ווילנע, האָבן געלעבט אין סאָציאַלע באַדינגונגען, צופיל אָפגעשטאַנענע, אַז זיי זאָלן קענען זען אין די כאַראַקטעריסטיקן פון מאַני־פעסט אַ בילד פון כאָטשבי אַביסל זיי באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג... אין דאָס, וואָס ער זאָגט, דער „מאַניפעסט", וועגן די קעגנזייטיקע באַציונגען פון פאַרשידענע קלאַסן און זייער סאָציאַלן כאַראַקטער, פלעגט נישט אַרויס־רופן ביי מיינע צוהערערינס כאָטשבי אַביסל באַקאַנטע אַסאָציאַציעס. איך גע־דענק, ווי איינע פון זיי האָט ביי מיר אַמאָל געפרעגט: צי איז עס ריכטיק, וואָס עס ווערט געזאָגט אין מאַניפעסט וועגן די מנהגים פון דער בורזשואַזיע, וועגן איר צולאָזנקייט, פאָליטישע פאַרדאָרבנקייט, וועגן דעם פאַרשווינדן ביי איר פון רעליגיעזן פיעטעט? די דאָזיקע פראַגע איז תיכף אונטערגעכאַפט און אַנטוויקלט געוואָרן דורך אַנדערע צוהערערינס, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז לויט ווי זיי האָבן באַמערקט, צייכנט זיך אויס די בורזשואַזיע מיט שטרענגע און פאַטריאַרכאַלע מנהגים, מיט אַ אמתער יראת הכבוד, אָדער מיט ליבעראַלן פריידענקען, ליבע צו אַרבעט וכד. און אין דעם פרט אונטערשיידעט זי זיך פּאָזיטיוו פון דעם פראָלעטאַריאַט, וועלכער צייכנט זיך אויס אין דער האַנטווער־קעריי, שוין נישט רעדנדיק וועגן די פאַבריקן, מיט קעגנזעצלעכע אייגנשאַפטן. פון שמועס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיינע שניידערינס האָבן בכלל כמעט ווי נישט געקענט קיין אַנדערן „בורזשוי" ווי זייער באַלעבאָסטע, וועלכע איז אַליין אַמאָל געווען אַן אַרבעטערין, אָדער אַן אינטעליגענטקע לויט איר סביבה. זיי האָבן נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן דאָס דאָזיקע קליינבירגערטום ווי אַ קלאַס, וואָס האָט איינטעריאָכט דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן און הערשט איבערן פאָלק, און אַלץ וואָס דער „מאַניפעסט" האָט געזאָגט וועגן דער בורזשואַזיע, האָבן זיי געמיינט האַלטן, אַז דאָס באַציט זיך צו ערגעץ אַ מלוכה פון יענער זייט סמבטיון.

דער דאָזיקער שמועס האָט געמוזט, פאַרשטייט זיך, דערוועקן ביי מיר דעם געדאַנק וועגן טיילווייזן סכעמאַטיזם, אַבסטראַקטקייט, פאָרמעלקייט פון דער פראָפּאַגאַנדע, מיט וועלכער מיר האָבן זיך פאַרנומען אין די אַרבעטער־קרייזן, וועגן איר כמעט אַבסאָלוטער אָפּגעריסנקייט פון דעם ווירקלעכן לעבן פון אונזערע תלמידים". (זכרונות פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. י. מאַרטאָוו ז. 148).

מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געשריבן העכער 25 יאָר נאָך

דעם, און ווען מיר זאָלן אַפילו גלויבן, אַז די דאָזיקע געדאַנקען זענען אַנט־שטאַנען נישט לאחר המעשה, נאָר טאַקי דאַן אין די נײַנציקסטע יאָרן, איז מע־קווירדיק וואָס די פּאַקטן האָט באַמערקט דווקא דער ג י ש ט-בונדיסט מאַר־טאָוו, וועלכער האָט געפירט אַ בונדיסטישע אַרבעט. אָבער אַפילו פון דער דאָ־זיקער דערשײַנונג האָט ער קיין אויספירן נישט געמאַכט.

קורץ, קומענדיק פון אויבן, האָט דער בונדיזם, נאַטירלעך, געקענט אויפ־כאַפּן נאָר דאָס אויבערפלעכלעכע, דאָס טאָג-טעגלעכע פון יידישן אַרבעטער; ער האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָס אויבערפלעכלעכע האָט אונטער זיך אַ טיפקייט, אַז דאָס אויסערלעכע האָט אויך דעם אינערלעכן לעבן, אַז דאָס טאָג-טעגלעכע מוז האָבן אַ עבר און אַ ווײַטערע פּערספּעקטיוו; פון היסטאָרישע סיבות האָט דער בונד קיינמאָל נישט געקלערט און דערפאַר האָט ער קיינמאָל נישט געקענט קומען צו היסטאָרישע פּערספּעקטיוון פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

דער בונדיזם איז אויף אַזאַ אופן געווען מעטאַפיזיש: ער האָט זיך באַ־נוגנט מיט דער קעגנוואַרט, נישט אַרײַנקוקנדיק אין פאַרגאַנגנהייט, — דעריבער האָט ער אויך נישט געהאַט קיין צוקונפט. ער האָט גענומען די סטאַטיק, נישט אַנאַליזירנדיק די דינאַמיק. אין דער סטאַטיק האָט ער געפונען דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס. און פּונקט ווי בנוגע קלאַס האָט ער זיך באַנוגנט מיט דעם אויבערפלעכלעכן, טאָג טעגלעכן, אַזוי האָט ער זיך בנוגע פאָלק באַגנוגנט מיט דער סטאַטישער קלאַסן-דיפערענצירונג. פּונקט אַזוי ווי דער בונד האָט דאָס טאָג-טעגלעכע נישט פאַרבונדן מיטן עבר און עתיד אינם קלאַס, פּונקט אַזוי האָט ער פאַרזען דעם עבר און עתיד פון דער סלאַסן-דיפערענצירונג. פאַר אים האָט נישט עקזיסטירט די פאַרגאַנגנהייט פון פאָלק, און דעריבער איז דער בונד, אין גרונד גענומען, געווען אַ נ ט י־נאַציאָנאַל.

און דאָך, נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעמען, האָט דער בונדיזם געהאַט אַן ערפאָלג, עס איז אים דאָך געלונגען צו שאַפן אַרום זיך די סביבה, דאָך האָט ער באַקימען די מאַסע. דאָס איז געשען דערפאַר, וואָס די, זאָל זײַן אויבערפלעכלעכע, זאָל זײַן גאָר טאָג טעגלעכע, אינטערעסן און נויטן, וועלכע דער בונדיזם האָט געזוכט צו פאַרענטפערן, זענען געווען נישט קיין אויסגע־טראַכטע, זענען געווען נישט קיין רוחניותדיקע. ווען אַפילו דער בונד האָט זיך נישט אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין וחשבון וועגן זייער אורשפּרונג, וועגן זייערע סיבות, דאָך אָבער האָט ער זיי אָנגעטאַפּט. פון דער צווייטער זייט, איז אין די טיפּעניש פון דער מאַסע געווען אַ באַדערפעניש זיך צו אָרגאַניזירן, כדי אָנצו־פירן אַ קאַמף פאַר אַ בעסערער צוקונפט. די מאַסע האָט נישט געקאָנט שאַפן און פּרעציזירן די פאָרמען פון קאַמף. דעריבער האָט זי נישט פאַרשטאַנען, אַז דער קאַמף, וועלכער ווערט פאָרגעלייגט דורכן בונד, איז נישט אַ קאַמף פאַר דער צוקונפט, נאָר אַ קאַמף פאַרן עבר, און זי האָט אויפגענומען דעם דאָזיקן

קאַמף, זי האָט אויפגענומען דעם בונדישן ערזאַץ־פּראָגראַם ווי אַ פּראָגראַם. מיט איין וואָרט, אין די מאַסן איז געווען פריי אַ פּלאַץ, און דעם פּלאַץ האָט פאַרנומען דער בונד.

אויף אַזאַ אופן זעען מיר, אַז דער בונד איז געקומען צו די יידישע מאַסן פון אויבן, פון דרויסן, ער האָט זיך צוגעפּאַסט צו די אויסערלעכע לעבנס־פאָרמען, ער האָט געשאַפן פאַר זיי אַ ערזאַץ־פּראָגראַם, וועלכער איז געווען אויסגערעכנט און צוגעפּאַסט צו דער סטאַטיק, אָבער נישט צו דער דינאַמיק. אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג האָט ער זיך אַלץ מער און מער צוגעפּאַסט צו די ממשותדיקע טאָג־טעגלעכע באַדינגונגען פון יידישן אַרבעטער, נישט אַריינקוקנדיק אין עבר און נישט פאַרויסזעענדיק, דעריבער, דעם עתיד: דער בונדיזם איז געווען מ ע ט אַ פ י ז י ש מ אַ ט ע ר י אַ ל י ס ט י ש.

און גראָד אין דער זעלבער צייט, ווען עס זענען אַנטשטאַנען די ערשטע בונדישע קרייזלעך, האָט זיך אין יידישן לעבן אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ צווייטע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, וועלכע איז כמעט אין אַלע פּרטים געווען פּונקט דער היפּוך פון בונדיזם.

דאָס 19־טע יאָרהונדערט איז די עפּאָכע פון דאַמף און עלעקטריציטעט. די דאָזיקע פּראָדוקטיוו־כּוחות האָבן גורם געווען די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם און דעריבער אויך מיטגעבראַכט איינצייטיק די אַנטוויקלונג פון זיין טרעגער — דער בורזשואַזיע. די בורזשואַזיע פון די אונטערדריקטע פעלקער האָט געמוזט זיך ווערן קעגן דעם אָנגריף פון דער בורזשואַזיע פון די הערשנדיקע נאַציעס און פאַרטיידיקן אירע אייגענע טעריטאָריאַלע מערק, וועלכע זי אַליין האָט נאָך נישט אינגאַנצן באַהערשט. דער נאַציאָנאַליזם איז עס געוואָרן דער אַלגעמיינער כּלי־זיין, הן פאַר דער בורזשואַזיע פון הערשענדן פאָלק, וועלכער עס איז נישט אויסגעקומען צו פירן קיין קאַמף ביים פאַרנעמען דעם אייגענעם טעריטאָריאַלן מאַרק, און דעריבער האָט זי פאַרשפּרייט אירע תאווהדיקע תשוקות צו די פרעמדע מערק, הן פאַר דער בורזשואַזיע פון אונטערדריקטן פאָלק, וועלכע האָט געדאַרפט פירן דעם קאַמף אויפן אויסערלעכן פראָנט, אָפּשלאָגן דעם אָנגריף און, אויפן אינערלעכן פראָנט, דעראָבערן און אויסבעסערן דעם אייגענעם מאַרק.

דערפאַר האָט דאָס די אַנטוויקלונג פון דאַמף און עלעקטריציטעט פאַראורזאַכט דעם אויפבלי פון נאַציאָנאַליזם אין 19־טן יאָרהונדערט. די באַפרייאונג פון גריכנלאַנד אין די 20־טע יאָרן, די פאַרייניקונג פון די קליינינקע מלוכות אין איין גרויסע דייטשלאַנד אין די 60־קער יאָרן, די נאַציאָנאַלע באַוועגונג אין די איטאַליענישע שטעט פון דער זעלבער צייט, וואָס האָט געבראַכט צו דער אויסבילדונג פון דער מעכטיקער איטאַליע, דאָס אַנטשטיין פון די קליינע נאַציאָנאַלע מלוכות אויפן באַלקאַן [illegible] די 80־ער יאָרן — דאָס אַלץ

איז געווען אַ פּועל-יוצא פון דאַמף און עלעקטריציטעט. איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס דאַמף און עלעקטריציטעט האָבן געשאַפן אויך די נאַציאָנאַלע באַוועגונג ביי יידן — דעם ציוניזם.

דער נאַציאָנאַליזם אין אַלע צייטן איז, אין קעגנזאַץ צום סאָציאַליזם, פּאַרקוקט אין עבר, אין די טיפענישן פון דער געשיכטע, פון וואַנען עס איז אַרויס דאָס פאָלק אַ דאַנק דעם געמיינזאַמען לעבן און אָפּשטאַמונג און פּסיכאָלאָגיע. דער נאַציאָנאַליזם אָפּערירט אומעטום מיט היסטאָריע און היסטאָרישע רעכט. פּאַרקוקט אין עבר, אין דער סיבה פון אַלע סיבות, פאַרזעט דער נאַציאָנאַליזם דעם הווה, אין דעם פּרט גייט דער נאַציאָנאַליזם פון דעם אונטערדריקטן פאָלק נאָך אַ סך ווייטער. נישט נאָר ער פאַרזעט די קעגנוואַרט, ער וויל זי נישט זען, ער דערקענט זי נישט און וויל בויען די צוקונפט נאָר אויפן סמך פון עבר, איבערהיפּנדיק דעם הווה.

דער ציוניזם האָט געמוזט האָבן אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין אַלע שיכטן פון יידישן פאָלק, ווייל דער נאַציאָנאַלער דרוק העגנט ווי אַ שוואַרצע כמאַרע איבער אַלע קלאַסן, און וואָס נידעריקער ס׳איז דער קלאַס, אַלץ שוואַרצער איז די כמאַרע. דער ציוניזם האָט אָפּערירט מיט דער אַלטער קולטור, מיט חיבת-ציון און מיט היסטאָרישע רעכט. ער האָט געצויגן די יניקה פון די אור-אור-אַלטע צייטן און זיך פאַרנומען צו ציען דעם שנור פון דער געשיכטע ווייט, ווייט אין עתיד אַריין. ער האָט אָבער נעגירט פולשטענדיק דעם הווה, ער האָט זיך מיט פאַראַכטונג אָפּגעקערט פון אַלץ, וואָס איז אין גלות געשאַפן געוואָרן, ווי, פאַרשטייט זיך, פון גלות אַליין. ער האָט נישט אין די מאַטעריעלע לעבנס-באַדינגונגען און זייערע אַנטוויקלונגס-טענדענצן געזוכט די כחות, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרווירקלעכן דעם ליכטיקן עתיד, נאָר אין די אידעאַליסטישע מאָמענטן פון דעם עבר, אינם כח פון גייסט, אינם כח פון מעכטיקן פאָלקס-ווילן, וועלכער האָט געדאַרפט איינציק און אַליין שאַפן סיי די פאָרמען, סיי די מעגלעכקייטן פון פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל. דער ציוניזם האָט מיט אַ כיוון פאַרמאַכט די אויגן נישט נאָר אויף די באמת פינצטערע זייטן פון גלות, נאָר אויך אויף דעם, וואָס איז נאָך זיין מיינונג געווען די גרעסטע צרה אין גלות, וואָס האָט געמוזט שפּאַלטן דעם וויכטיקסטן כלי-זיין זיינעם, דעם מעכטיקן פאָלקס-ווילן — די קלאַסן-דיפערענצירונג. דער ציוניזם האָט געהאַט אַ פול מויל מיט אחדות, ווייל אחדות וועט שאַפן דאָס גליק פון פאָלק. דאָס גליק פון פאָלק איז, פאַרשטייט זיך, דאָס, וואָס עס איז דאָס גליק פון די הערשנדע קלאַסן. דעריבער, ווען דער ציוניזם האָט געשריגן: אחדות, האָט עס געהייסן: אַרבעטער, פאַרגעסט אייערע טאָג-טעגלעכע דאגות, ווייל דאָס גליק פון פאָלק איז ביליכער. מאַכט אַלע יד-אחת צו דערגרייכן דעם אידעאַל: „דאָס געזיכערטע עפנטלעך-רעכטלעכע היים אין א״י״, וואו דאָס יידישע פאָלק, ד. ה.

די הערשענדע קלאסן וועלן ווערן די שאלטער און וואלטער פון יידישן לעבן

אויף וויפיל, אלזא, דער ציוניזם האט געצויגן די אנטוויקלונג פון עבר ביזן עתיד, אויף אזוי פיל איז ער געווען דיאלעקטיש, אויף וויפיל ער האט געוואלט בויען דעם עתיד דורך נעגירן דיווירקלעכקייט, די קלאסן-די-פערענצירונג דורכן כח פון גיאייניקטן פאלקס-ווילן, אויף אזוי פיל איז ער געווען אידעאליסטיש.

דעריבער איז עס דער ציוניזם געווען דער היפוך פון בונד: איז דער בונד געווען מעטאפיזיש-מאטעריאליסטיש, איז דער ציוניזם געווען דיא-לעקטיש-אידעאליסטיש.

דער פועלי-ציוניזם איז בעקומען פון אונטן, פון די מאסן. מיר קענען לייכט אנווייזן די ערשטע אינטעליגענטן, וועלכע האבן געבילדעט די בונדישע קרייזלעך אין ווילנע, מיר קענען אבער נישט די אינטעליגענטן, וועלכע האבן געשאפן די ערשטע פועלי־ציוניסטישע קרייזלעך. אויב מיר געפינען אויפן צווייטן ציוניסטישן קאנגרעס אין 1898 ד"ר לאנדוי און סירקין, וועלכע האבן געמאכט דערקלערונגען אין נאמען פון ארבעטער-ציוניסטן, איז דער ערשטער געווען פון ווין, דער צווייטער אין דער עמיגראציע, בשעת די ארבעטער-ציו־ניסטן פועלי-ציון זענען געווען אין די ראמען פון דער ציוניסטישער ארגא-ניזאציע אין די קליינע שטעטלעך פון רוסלאנד.

די מאסע האט א גוטן חוש, זי האט געשפירט דעם ערזאץ-ריח פון בונ־דישן פראגראם און געזוכט דעם אמת. אין פארשידענע שטעט און שטעטלעך פריער יעקאטערינאסלאוו, באברויסק, וויטעבסק, מינסק, דאן פאלטאווע, ווארשע און די פוילישע שטעטלעך, זענען אנטשטאנען די קרייזלעך גאר אן צוזאמענ־האנג איינער מיטן צווייטן. איינער פון צווייטן האט אין משך פון יארן נישט געוואוסט. דערפאר האבן מיר נישט געהאט ביי דער אנטשטייאונג פון בונד קיינע פארשידענע שיטות, ווייל די איינציקע איז אויך נישט געווען קיין שיטה־פארקערט האבן מיר געהאט צענדליקער פועלי-ציוניסטישע שיטות, ווייל יעדע שטאט און שטעטל האט זיך געשאפן איר אייגנארטיקן פועלי־ציוניזם: ס'איז געווען א פוילישער טאלק, א מינסקער, א דרום-רוסישער, אפילו אן ארשאנער און ד. גל.

עס קען אפשר אויסקומען מאדנע, וואס די דאזיקע ארבעטער-גרופן זע־נען ארויס נישט פון די רייען פון דער בונדישער ארבעטער-ארגאניזאציע, נאר פון די רייען פון דער אלגעמיין-בירגערלעכער פאלקס-ארגאניזאציע, פון ציוניזם. דאס איז אבער א פולשטענדיק נאטירלעכע דערשיינונג.

דער בונדיזם האט פאר זיין דרייסיק־יעריקער עקזיסטענץ נישט ארויס־געגעבן קיין איין טיפן דענקער מיט אנאליטישע פעיקייטן. זיין אנטשטייאונג אויפן יסוד פון די אויבערפלעכלעך, אויסערלעך אנזעעוודיקע מאמענטאלע טאג־טעגלעכע זארגן און דאגות פון יידישן ארבעטער, האט געשאפן די אויבער־

פלעבלעכקייט אין דענקען, דעם אויסטערסטן פּאָטענטאַליזם. און נישט דערפאַר, וואָס די מענטשן זענען נישט פעיק געווען זיך אַריינצוטראַכטן, נאָר דערפאַר, ווייל עס האָט געפעלט דער שטויס דערצו. אומצופרידנקייט ברענגט צו קריטיק, קריטיק—צום דענקען און אַנאַליז. זעלבסטצופרידנקייט דולדעט נישט קיין קריטיק און שטויסט זי אָפּ. זעלבסטצופרידן זיצט דער בונד ביז הײַנטיקן טאָג אויף די פאַרוועלקטע לאָרבערן פון פאַר 30 יאָר, און פאַר אָט די איבערפלעכלעכע זעלבסטצופרידענע מאָמענטאַליסטן פון בונדישן חדר וועט דער פאַקט, אַז פּועלי-ציון זענען טאַקע אָרגאַניזאַטאָריש אַרויס פון ציוניזם, זיין אַ אמתע מציאה, טריי דער אָפּשטאַמונג, זענען זיי אויף אייביק געבליבן מעטאַפיזיקער: צאַצקען זיך מיט פאַקטן, נישט וויסנדיק פון וואַנען די פאַקטן נעמען זיך.

דער בונדיזם האָט איגנאָרירט די דינאַמיק, דער ציוניזם — די סטאַטיק. די אַרבעטער-קרייזן האָבן אומבאַוווסטזיניק געזוכט צו פאַרייניקן די סטאַטיק פון בונד מיט דער דינאַמיק פון ציוניזם, זיי האָבן געזוכט דעם סינטעז צווישן בונדישן מאַטעריאַליזם און ציוניסטישער דיאַלעקטיק. און קלאָר איז, אַז די סטאַטיק איז לייכטער אָלעמאָל אויפצונעמען, ווי די דינאַמיק. דעריבער איז דאָס פעלן פון סטאַטישן עלעמענט פיל לייכטער צו באַמערקן, ווי דאָס פעלן פון דינאַמישן מאָמענט. אין ציוניזם האָבן די אַרבעטער-גרופּן תיכף דערשפּירט דאָס פעלן פון סטאַטיק, בשעת אין בונדיזם האָבן די אַרבעטער-גרופּן נישט געקענט אַזוי גיך עמפּינדן דעם מאַנגל פון דער דינאַמיק. אין ציוניזם, דעריבער, האָט זיך אָנגעהויבן דער געדונגס-פּראָצעס אַ סך פריער.

פון דער אַנדערער זייט, דאָס נעגירן פון קלאַסן-מאָמענט אין ציוניזם בשעת עס האָט עקזיסטירט אַן אויסגעשפּראָכענע קלאַסן-אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער — דער בונד, האָט געמוזט שנעלער ברענגען צו אַ רעוואָלוציע אין די מוחות, ווי דאָס נעגירן פון נאַציאָנאַלן מאָמענט ביים בונד, ווייל דאָס נאַציאָנאַלע איז פון קדמונים אָן, נאָך אָנהויבנדיק פון מאַרקסן געווען פאַרשריען ווי קאָנטער-רעוואָלוציע

אין דער קעגנזייטיקער השפעה פון די ביידע געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען איז דעריבער געווען גרעסער די השפעה פון בונד אויף דעם ציוניזם, ווי פאַרקערט. שוין אין סוף 1899 יאָר גרינדעט זיך אין אָדעס אַ „קרייזל פון ציוניסטן סאָציאַליסטן". דער קרייזל האָט, ווייזט אויס, געהייסן „שאר ישוב" און זיין פּראָגראַם, ווי עס גיט איבער די רוסישע אָכראַנע*) איז באַשטאַנען

*) די דאָזיקע און ווייטערדיקע מאַטעריאַלן זענען גענומען פון דעם בוך „ציוניזם" — אַ מעמאַרע דוּ, צונויפגעשטעלט אין דעם פּאָליציי דעפּאַרטאַמענט אין יאָר 1903. זמן הסתם, ווען הערצל איז געפאָרן קיין רוסלאַנד זיך זען מיט פּלעווען. דער דאָזיקער בוך איז געפונען געוואָרן אין אַ פאַר עקזעמפּלאַרן אין דער לענינגראַדער אָכראַנע נאָך דער מערץ-רעוואָלוציע אין יאָר 1917. מיר רעכענען, אַז מיר קענען מיט פולן ציטרויען נעמען די פ א ק ט ן פון דער אומרייַנער קוועלע — איבערלאָזנדיק די אָפּשאַצונג אָן אַ זייט.

אין פאָלגנדיקע 3 פונקטן: „די איינאָרדנונג פון קאַסעס פאַר קעגנזייטיקער הילף, דאָס אָרגאַניזירן פון ביוראָען פאַר זוכן אַרבעט פאַר יידישע אַרבעטער, די איינריכטונג פון קאָנסום־פאַריינען".

אין יאָר 1900 שרייבט די בעסאַראַבער גובערניאַלע זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג אין קישענעוו צום פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט: „די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע איז נישט ווינטשנסווערט פון שטאַנדפונקט פון געזעלשאַפטלעכקייט און אָרדנונג, דאָס ווערט באַשטעטיקט דורך די באַמערקטע אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט געהיימע אסיפות פון ציוניסטן, אויף וועלכע עס פלעגן ווערן געלייזט א חוץ ריין־ציוניסטישע פראַגן וועגן שקל, געלט־ענינים פון די אויסלענדישע ציוניסטישע קאָמיטעטן און באַנק, אויך ריין סאָציאַלע פראַגן (ווי, למשל, די פראַגע וועגן עקספּלואָטאַציע פון די אַרבעטער דורך די באַלעבאַטים), דערביי פלעגן דאָ גלייך אויף די אסיפות אָנגענומען ווערן באַשלוסן וועגן די געהיימע צוגרייטונגען און שטרייקן. אַזוי צ. ב. איז דער פאַר א יאָריקער שטרייק פון די בעקער אַנטשטאַנען אַלס א פועל יוצא פון די ציוניסטישע אסיפות".

די דאָזיקע ידיעות, גענומען פון אַזאַ פאַרדעכטיקער קוועלע, ווי די רוסישע אָכראַנע, באַשטעטיקט אָבער, אַז אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען געווען אַרבעטער־קרייזן, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיט אַרבעטער־פּראָבלעמען אין דער פּראַקטיק. וועגן טעאָריעס דערציילט אונז די אָכראַנע נאָך נישט. און דאָס וואָלט איר זיכער גרינגער געווען צו מאַכן, ווען די טעאָריעס וואָלטן שוין עקזיסטירט. ווייל יעדעס געדרוקט וואָרט, לעגאַל צי אומלעגאַל, איז אין יענע צייטן, כידוע, קודם כל געווען אין דער אָכראַנע.

ערשט אין 1901 יאָר האָט די סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע גרופּע אין לאָנדאָן מיט סירקינען בראש אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף „צו דער יידישער יוגנט". די אינטעליגענץ האָט געפּרוּווט קומען אַנטקעגן די באַדערפענישן פון דער מאַסע און געבן דער פּראַקטיק א טעאָרעטישע באַגרינדונג. דאָס פּראָגראַם פון דער דאָזיקער גרופּע ווייזט בולט אַרויס די פּרוּוון, אמת, נאָך אומבאַהאָלפענע פון דער אינטעליגענץ צו זוכן דעם סינטעז צווישן די טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן מיט די היסטאָרישע פּערספּעקטיוון פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

מיר ברענגען דאָ באריכות די הויפּט־פּונקטן פון פּראָגראַם, כדי עס זאָלן נאָך בולטער ווערן די זוכענישן און די אומבאַהאָלפנקייט.

„דער סאָציאַליסטישער ציוניזם איז א תשובה אויף די סאַמע נויטווענדיקסטע באַדערפענישן פון יידישן אַרבעטנדיקן פּראָלעטאַריאַט און אויף א גאַנצע ריי פון דערשיינונגען אין יידישן לעבן. א חוץ דעם גיט דער סאָציאַליזם־ציוניזם א פעלד פאַר דעם אויפטו פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט.

פון דער אַנדערער זייט, איז דער אַנטייל אין סאָציאַל־דעמאָקראַטישן

קאמף א מאַטעריעלע נויטוועגדיקייט פאַרן יידישן פראָלעטאַריאַט און א ווירדיקע תשובה פאַרן אַנטיסעמיטיזם.

די גרונט-יסודות פון דער ערשטער סאָציאַליסטיש-ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען פאָלגנדיקע: דאָס סאָציאַליסטישע יידנטום — אַן אידעאַל וואָס דאַרף פאַרווירקלעכט ווערן מיט דער הילף פון פירן די קאָלאָניזאַציע, אינדוסטריע-טעטיקייט און האַנדל אויפן פרינציפ פון אסאָציאַציע. די סאָציאַליסטישע אידיי פון ציוניזם דאַרף באַשטימען דעם כאַראַקטער פון דער קאָלאָניזאַציע, געבן דער גאַנצער באַוועגונג א ריכטונג, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן די מאַטעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן פון די מאַסן און לענקען די באַוועגונג אויפן וועג פון זוכן און פאַרווירקלעכן די העכסטע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן.

די קאָלאָניזאַציע דאַרף געפירט ווערן אויף די סאַמע ברייטסטע יסודות פון אסאָציאַציע, וועלכע וועט אין איר וווקס ברענגען צו דער איינריכטונג פון א סאָציאַליסטישער יידישער געזעלשאַפט.

אין איר פראַקטישער טעטיקייט שטרעבט די פאַרטיי צו פאַרשפּרייטן צווישן יידן די אידיי פון קאָלאָניזאַציע אויף די יסודות פון אסאָציאַציע און קאָלעקטיוויזם.*)

נישט מאַכנדיק די דערגרייכונג פון איר ציל אָפּהענגיק פון דעם סווערענעם ווילן פון סולטאַן און „דיפּלאָמאַטיע", ברייטערט אויס די פאַרטיי דעם באַגריף פון פאַלעסטינע אריינרעכענענדיק אַהער אויך דעם אינזל קיפּר, סינייער האַלב-אינזל און זי האָט בדעה אָנצוהויבן דאָרטן די קאָלאָניזאַציע אויף די אויבנדערמאָנטע פּרינציפּן. אָנמערקנדיק זיך פולשטענדיק זעלבסטשטענדיק די צילן און מיטלען, האַלט די סאָציאַליסטיש ציוניסטישע פאַרטיי פאַר נויטיק צו משפּיע זיין אַלע אַנדערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס (אונטערשטראָכן דורך די מחברים,) ווי אויך די קאָלאָניזאַציאָנס געזעלשאַפטן און פילאַנטראָפּישע יידישע איינריכטונגען. די פאָרמען פון דער השפּעה אין באַצוג אויפן עקזיסטירנדיקן ציוניזם קענען זיין: די אַגיטאַציע צווישן ציוניסטישע מאַסן, דער אָנטייל אין די קאָנגרעסן, דער אָנטייל אין באַנק וכד.; אין באַצוג אויף דער גרויסער יידישער בורזשואַזיע: די אויפשטעלונג קעגן איר פון דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג פון דער יידישער דעמאָקראַטיע און ארבעטער-אָרגאַניזאַציעס; אין די הויפּטשטעט, ווי צ. ב., אין פּאַריז און לאָנדאָן, איז נויטיק איינצוּאָרדנען מאַסן-פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס.

*) ווי מיר זעען פון די צוויי פונקטן, איז שטאַרק איבערגעטריבן די גאוה פון די אַמ.-רותניקעס און הפּועלי-הצעירניקעס. נישט זיי זענען עס געווען די ערפינדער פון דעם קבוציזם—זיי האָבן נאָך יאָרן אויפגענומען סירקינס תורה און עד היום זיך פון אָרט נישט גערירט.

די קולטורעלע אַרבעט פון דער סאָציאַליסטיש-ציוניסטישער פּאַרטיי באַ־שטייט פּראַקטיש אין פאַרשפּרייטן צווישן די מאַסן וויסנשאַפט אין גייסט פון אייראָפּעישן פּראָגרעס און אין נאַציאָנאַלן זין, אין דער אַנטוויקלונג צווישן די מאַסן אַ קריטישן קוק וועגן דעם מהות פון יידנטום, יידישער געשיכטע און יידישער ביבל.

כל זמן אין פאָלקס־לעבן ווערט באַנוצט זשאַרגאָן, דאַרף די אויפקלע־רונגס־אַרבעט געפירט ווערן אויף דער דאָזיקער שפּראַך. די ליטעראַטור דאַרף געשאַפן ווערן אויף דער אַלט-יידישער שפּראַך (העברעאיש — ג.)

באַציענדיק זיך נעגאַטיוו צו דער פּראַקטישער יידישער רעליגיע, דאַרף די פּאַרטיי שטרעבן אומעטום פאַרניכטן די דעמאָראַליזירנדיקע ווירקונג פון די רבנים, הן גייסטלעכע, הן קאַזיאָנע.

אַלס די נאָענטסטע אויפגאַבע האַלט די פּאַרטיי די אָרגאַניזירונג פון קרייזלעך פון ציוניסטן-סאָציאַליסטן צווישן דער יוגנט און אַרבעטער פון אַלע לענדער. פאַרבינדן דאַרף די אַלע קרייזן אַ זשורנאַל אויף רוסיש און זשאַרגאָן, וועלכע די פּאַרטיי האָט בדעה אַרויסצולאָזן אויף דער ערשטער צייט נישט פּעריאָדיש, אָבער שפּעטער חודשלעך, אויסקלייבנדיק לאָנדאָן אַלס דעם אָרט פון אַרויסגעבן. דער זשורנאַל דאַרף הייסן: „די פרייהייט", דער אָרגאַן פון ציוניסטן סאָציאַליסטן".

דאָס דאָזיקע פּראָגראַם ווייזט באַשיינפּערלעך, ווי עס האָט זיך געמאַטערט דער אינטעליגענטישער געדאַנק, ווי ער האָט פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט צו פאַראייניקן דעם סאָציאַליזם מיט דעם ציוניזם, ווי ער האָט אָבער נישט געקענט געפינען די אַנטשפּרעכנדיע פאָרם. אין דעם פּראָגראַם זעען מיר ווי מען שטעלט דאָס פּראָבלעם, מיר זעען אָבער נישט דאָ די לייזונג פון פּראָ־בלעם. ציוניזם און סאָציאַליזם, דער מאַטעריאַליזם פון בונד און דיאַלעקטיק פון ציוניזם זענען דאָ געווען נאָר מעכאַניש פאַראייניקט, אָבער נישט אָרגאַניש. אויפן וועג פון דער אָרגאַנישער פאַראייניקונג איז געגאַנגען די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון פּועלי-ציון. אמת, עס האָבן נישט געפעלט קיין אָפּווייכונגען, ווי, למשל, די מינטשוקעס, וועלכע האָבן, אייגנטלעך, אָנגענומען כמעט דאָס אויבנציטירטע פּראָגראַם, אָבער נישט אָנערקענט דעם פּאָליטישן קאַמף, וועלכער איז אין ציטירטן פּראָגראַם מער נישט ווי אַ סוביעקטיווע צוטשעפּעניש. דאָס פעלן פון אָרגאַנישן צוזאַמענהאַנג פון די צוויי מאָמענטן האָט געמוזט ברענגען צו אַזעלכע אָפּווייכונגען.

די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער אידיי האָט סוף כל סוף געבראַכט צו דער אָרגאַנישער צונויפמישונג פון דיאַלעקטיק מיט מאַטעריאַליזם. אָבער היות, ווי דער פּועלי-ציוניסטישער סינטעז איז אַנטשטאַנען איינצייטיק אין מזרח און מערב, האָט ער געמוזט טראָגן אויף זיך פאַרשיידענע שטעמפּלען, אין הסכם

מיט דער גרעסערער אָדער קלענערער אנטוויקלונג פון דער טעזע און אנ־טיטעזע.

אין מזרח — (רוסלאַנד) איז די בונדישע טעזע שוין געווען הויך אַנט־וויקלט א דאנק דער עקזיסטענץ פון גרעסערע קאָמפאקטע יידישע מאסן, פון גרעסערן פּאָליטישן דרוק און רעוואָלוציאָנערן געפיל. דאָ האָט, דעריבער, די טעזע געלעגט דעם קענטיקערן חותם אויף דער אנטוויקלונג פון דעם סינטעז: דער פועל-ציוניזם האָט איבערגענומען אינגאַנצן דעם מאַטעריאליזם פון בונד און אים דוקא נאָך מער אנטוויקלט. דאָס האָט דער פועלי-ציוניזם אויפגעוויזן די מאַ־טעריאליסטישע נישט-אויסגעהאַלטנקייט פון בונדישן פראָגראם בנוגע דער נאַציאָנאַל קולטורעלער אויטאָנאָמיע, דאָס האָט ער אויפגענומען דעם מאטעריאליסטישן אנאליז פון די טאָג טעגלעכע אייגנארטיקע לעבנס-באַדינגונגען פון יידישן ארבעטער.

דאָס איז געווען די סיבה, וואָס האָט פארשטארקט די השפעה פון דער טעזע. ס׳איז אָבער געווען נאָך א סיבה, וועלכע האָט אָפּגעשוואכט די השפעה פון דער ציוניסטישער אנטיטעזע. אין מזרח. איז דאָס יידישע לעבן פאַר זיך געווען מער נאציאָנאל און דעריבער איז דאָ דער ציוניזם אין קעגנזאץ צו אסימילאציע נישט געווען קיין עפּאָכע-מאכענדע ערשיינונג. דעריבער איז דאָ דעם ציוניזם נישט אויסגעקומען אויסצושטיין א גרויסן קאמף.

אנדערש איז עס געווען אין מערב-גאַליציע, בוקאָווינע (און אמעריקע). דאָ האָט דער ציוניזם געשפּילט די גרעסטע ראָלע. דער ציוניזם איז דאָ גע־ווען א געוואלדיקע רעוואָלוציע קעגן דעם אסימילאציע-שטראָם פון דעם גאַ־ליצישן דאָקטאָר און אמעריקאנער פעדלער. דעם ציוניזם דאָ איז אויסגעקומע ארויסצורופן אן אמתע איבערקערעניש אין די קעפּ פון דער אינטעליגענץ דאקעגן איז די קלאסן־אָרגאניזירונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט געווען זייער שוואך: די זש. פּ. ס. האָט באמת נישט מער ווי געזשיפּעט. דעריבער האָט זיך דאָ דער פועלי-ציוניזם מער דורכגעדרונגען מיט דער דיאלעקטיק פון ציוניזם איידער מיטן בונדישן מאטעריאליזם. דאָ אין מערב האָט דער פועלי-ציוניזם זיך כמעט ווי אָפּגעשטעלט אויפן סירקינישן פּראָגראם. ער האָט נאָר ארויסגע־נומען דעם בונדישן מאַטעריאליזם צו פאַרענטפערן די טאָג-דאגות, ער האָט אים אָבער נישט פארטיפט.

דעריבער איז עס דער פועלי-ציוניזם אין מזרח געווען א רעוואָלוציע אינערהאלב פון בונדיזם, הגם ער איז אָרגאניזאטאָריש אויסגעוואקסן פון ציו־ניזם. דאָס איז געווען א פּראָטעסט קעגן דער מעטאפיזיק פון בונד, קעגן בונ־דישן מאטעריאליזם, קעגן זיין סטאטיזם. בלייבנדיק אויפן מאטעריאליסטישן באָדן האָט ער אויפגענומען דעם דיאלעקטישן מעטאָד פון ציוניזם — זיין פאַר־טיפן זיך אין צוקונפט.

דער פועלי־ציוניזם אין מערב איז געווען א רעוואָלוציע אינערהאלב פון ציוניזם. דאָס איז געווען א פּראָטעסט קעגן נעגירן די קעגנווארט מצד דעם ציוניזם, קעגן זיין פארשווייגן די קלאַסן-דיפערענצירונג, קעגן זיין אויסשליסן פון דינאַמיזם. דער פועלי־ציוניזם איז געבליבן אויפן דיאַלעקטישן באָדן, ער האָט אָבער אויפגענומען טיילווייז דעם מאַטעריאַליזם פון בונד — זיין באַציונג צום הוה.

דאָ און דאָרטן, אין מזרח און אין מערב איז דער פועלי־ציוניזם אויף אזא אופן געוואָרן דיאַלעקטיש-מאַטעריאַליסטיש. אָבער אין מזרח איז דער מאַטעריאַליזם געווען דער יסוד, אין מערב — נאָר א צייטווייליקע צוטשעפעניש.

ביז א צייט האָט מזרח און מערב געקאָנט גיין צוזאַמען, אָבער נאָר ביז א צייט. אין אנטשיידענעם קאמפּס-מאָמענט האָט זיך בולט ארויסגעוויזן די אָפּשטאַמונג: יחוס אין געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען האָט דאָך א באַדייטונג.

ג׳יר

# באַם וויגעלע פון דער פּאַרטיי

## א

דעם אָנהויב פונם פּועלי-ציוניזם אין רוסלאַנד דאַרף מען זוכן אין די יאָרן 1901—1900. אונטערן נאָמען פּועלי־ציון טרעט אַרויס צום ערשטן מאָל אַ גרופּע יידישע ארבעטער און אינטעליגענטן אין מ י נ ס ק.

צו יענער צייט האָט שוין די ארבעטער־באַוועגונג געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין די יידישע מאַסן און באַוויזן אויסצוגראָבן אַ אידעאָלאָגישן תהום צווישן ארבעטער און באַלעבאָס.

די צוויי יידישע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען—בונדיזם און ציוניזם,— וואָס האָבן עקזיסטירט זינט 1897 יאָר, האָבן ווי איינגעטיילט צווישן זיך די יידישע גאַס.

דער בונדיזם האָט פּראָקלאַמירט זיין הערשאַפט איבערן יידישן אַרבעטער; דער ציוניזם האָט אָנגעהויבן אויסשפּרייטן זיין השפעה צווישן דער יידישער קליינער און מיטעלער בורזשואַזיע.

די דאָזיקע איינטיילונג, וואָס האָט אין פלוג געשיינט צו זיין אַ נאַטירלעכע צוליבן קלאַסן-כאַראַקטער פון איר טרעגער, האָט אָבער ווייט נישט אנטשפּראָכן די נאַציאָנאלע אָנשווינגען פון די צוויי שטרעמונגען. בונד האָט דאַמאָלט געמיינט: אנטארטונג, אסימילאציע, אין בעסטן פאל נאציאָנאלע גלייכגילטיקייט. ציוניזם, פאַרקערט, האָט געשטרעבט צו נאציאָנאלער אויפלעבונג, צו טעריטאָריאַלער זעלבסטעטיקייט אין אלטן פאָטערלאַנד. דער בונדיזם האָט גערופן צו קלאַסן-קאַמף און געפּרעדיקט קאָסמאָפּאָליטיזם אין נאָמען פון סאָציאַליזם; דער ציוניזם, ווידער, האָט אָפּגעלייקנט די עקזיסטענץ פון קלאַסן ביי יידן און גערופן צו אחדות, צו בורג-פרידן אין נאָמען פון העכערע, איבער-קלאַסן-אינטערעסן פון דער נאַציע. און הגם אידעאיש האָט דער בונד אָפּגעשפּיגלט די שטימונג פון דעם אויבערשטן שיכט פון אַרבעטער-קלאַס, איז דאָך פאַר אַלעמען געווען קלאָר, אַז די אַסימילאַציאָנס-אידעאָלאָגיע איז נישט קיין מאָנאָ-

פאָלק פון יידישן פראָלעטאַריאַט; אדרבא, אויף דער דאָזיקער אידעאָלאָגיע האָט אין משך פון פיל צענדליקער יאָרן פרעטענדירט די יידישע בורזשואַזיע — די פילצאָליקע „בירגער פון משהס גלויבן".

צי איז אָבער טאַקע די *נאַציאָנאַלע* אידעאָלאָגיע, לויט איר עצם מהות, אַ בורזשואַזע און פיינטלעך דעם סאָציאַליזם, ווי ס'האָבן געטענהט די בונדיסטן? די דאָזיקע שאלה האָט שוין צו יענער צייט געצוווּנגען טיפער זיך צו פאַרטראַכטן מער באַוווּסטזיניקע יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפילט חי יידן און געשפּירט אַרום זיך אַ יידישע אַטמאָספער.

די „מינטשוקעס" האָבן די ערשטע געפּרוווט אויסצוגעפינען אַ באַפרידיקנדיקע לייזונג פון אָט דער פאַרוויקלטער פראַגע; זיי האָבן געזוכט דעם אידעאָלאָגישן סינטעז צווישן „ייד" און „פראָלעטאַריער". דער אַלט-מינסקער פועלי־ציוניזם, אָדער דער „מינסקער טאָלק" האָט די נעפלדיקע נאַציאָנאַלע שטימונגען, וואָס האָבן באַהערשט אַ באַדייטנדן טייל יידישע אַרבעטער, פאָרמולירט אין אַ באַשטימטער קאָנצעפּציע און אַריינגעבלאָזן אין איר די לעבעדיקע נשמה פונם נאַציאָנאַל-פראָלעטאַרישן אידעאַל.

ווי יעדע נייע געזעלשאַפטלעכע אידיי, וועלכע שטרעבט בייצוקומען די הערשנדע אידעאָלאָגיע, איז דער פועל-ציוניזם געווען געצוווּנגען צו פאַרשאַרפן און אַרויסברענגען מער בולט זיינע חילוקי־דעות מיט די קעגנער.

פאַרן פועלי־ציוניזם, אין זיין ערשטער תקופה, איז דער קאַמף קעגן בונד געווען אַ פראַגע פון טויט און לעבן און דאָס האָט אים גענויט פסיכאָלאָגיש צו ווערן דער אַנטיפּאָד פון בונד.

דער בונד איז דער „אָל-רייטניק" אין יידישן לעבן. אַלע זיינע אידעאַלן זענען צענויפגעבונדן מיטן גלות. דער פועלי־ציוניזם אין זיין ערשטער פאָרמאַציע לייקנט, פאַרקערט, אין גלות, און אַלע זיינע האָפנונגען וואַלגערט ער אַרויף אויף פאַלעסטינע. זיין פּעסימיסטישע טעאָריע וועגן „גלות" בויט דער פועלי-ציוניזם אויף דער אומנאָרמאַלקייט פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון יידישן פאָלק און פונם פראָלעטאַריאַט, ווי אַ קלאַס פון דער נאַציע. ער זעט בלויז די שאָטן-זייטן פון די פאַרשיידענע פּראָצעסן, וועלכע קומען פאָר אינם יידישן לעבן. די יידישע מאַסן ווערן אַרויסגעשטופּט פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. די אומאויפהערלעכע נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ, וועלכע געפינט זיך מחוץ די פּאָליטישע פאַקטאָרן און איז אַ פועל-יוצא פונםווירטשאַפטלעכן פּראָגרעס פון דער הערשנדער נאַציע — דאָס אַלץ פאַרמאַכט פאַר די יידישע מאַסן די טירן פון די פאַבריקן און זאַוואָדן (די טעאָריע וועגן נישט-פּראָלעטאַריזאַציע) און פאַרוואַנדלט זיי אין „לומפּן-פּראָלעטאַריער". דער דאָזיקער פּראָצעס פירט אומפאַרמיידלעך צום עקאָנאָמישן אונטערגאַנג און גייסטיקער דעגענערירונג פונם יידישן פאָלק (די טעאָריע וועגן אַנטאַרטונג).

די איינציקע פּאָזיטיווע דערשיינונג אינעם יידישן לעבן איז די עמיגראַציע און זי קאָן ווערן דער פאַקטאָר פון זיין באפרייונג. די איינציקע ראַדיקאַלע לעזונג פון דער יידן-פראַגע, וועלכע איז אַ רעזולטאַט פון דער יידישער עקס-טעריטאָריאַליטעט, איז דער אומקער פון פאָלק קיין ציון און די שאַפונג פון זיין טעריטאָריאַלן צענטר דאָרט.

פון דאַנען דרינגט, אַז דער פּאָליטישער קאַמף אין גלות, אַפילו אַ דער-פאָלגרייכער, גיט קנאַפּ-וואָס ממשותדיקס דעם יידישן פאָלק און דעריבער איז ער צוועקלאָז. אַפילו דעם עקאָנאָמישן קאַמף, וועלכן די מינטשוקעס האָבן יאָ אויפגענומען, האָבן זיי אויך באַטראַכט, ווי אַ פּאַליאַטיוו, וועלכער וועט ברענגען אַ געוויסן נוצן, אָבער צוליב די אויבן-אָנגעוויזענע סיבות ווער ער דאָך נישט קאָנען אָפּשאַפן די אומנאָרמאַלקייטן פון יידישן לעבן.

מ'דאַרף צוגעבן, אַז די מינסקער פועלי־ציון זענען לויט זייער שטימונג און אין דער פּראַקטיק געווען מער רעוואָלוציאָנער ווי אין דער טעאָריע. זיי האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אינעם עקאָנאָמישן קאַמף, טיילווייז אַפילו אויך אינעם פּאָליטישן, הגם דאָס האָט זיך נישט געקלעפּט מיט זייער טעאָריע און אַפילו זי סותר געווען.

אַזאַ איז די קאָנצעפּציע פונם מינסקער טאָלק, וועלכע איז לויט איר אָפּ־שאַצן די יידישע ווירקלעכקייט און אָנגעמערקטע פּערספּעקטיוון אין אַ סך היינטיקן כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע פועלי־ציון-ריכטונגען פון יענער צייט.

די ספּעציפישע אייגנאַרט פון די מינטשוקעס — זייער נעגאַטיווע באַ-ציונג צום פּאָליטישן קאַמף און קנאַפּ אונטערגעשטראָכענע סאָציאַליסטישע אי-דעאָלאָגיע — דאַרף אין אַ געוויסער מאָס באַטראַכט ווערן, ווי אַ לאָקאַלע ווירקונג פון די מינסקער „אומאָפּהענגיקע" („ניעזאַוויסימצי").

## ב

בערך אין מיטן 1902 קומט-אויף דער אַזוי גערופענער „וויטעבסקער טאָלק". אין דער פּאָליטישער אַטמאָספער האָבן זיך געלאָזט פילן די ערשטע קנאַלן פון דעם וויטן רעוואָלוציאָנערן שטורעם. דער איינפלוס פון דער סאָצ. דעמאָקראַטיע און איר מאַרקסיסטישער תּורה אויף דעם מער באַוווסטזיניקן טייל פון דער אַרבעטערשאַפט און דער פּראָלעטאַרישער אינטעליגענץ האָט געהאַלטן כסדר אין ווערן פעסטער און טיפער. אין אָט דער אומגעבונג איז אויפגעקומען און צוגעטרעטן צו איר אַרבעט די וויטעבסקער גרופּע. אינגאַנצן זעלבשטענדיק, אָן דער מינדעסטער שייכות מיט מינסק און אָן וועלכער עס איז השפּעה מצד אים, האָט זי געשאַפן איר פועלי-ציוניסטישע וועלט-אַנשויונג.

דער „וויטעבסקער טאָלק" נעמט זיך די דרייסטקייט צו דערקלערן אַ

קאַמף דער חזקה פון ר. ס. ד. א. פּ. און איר פּיליאַלע — דעם בונד אויף מאַרקסיזם און סאָציאַל-דעמאָקראַטיזם. די פּועלי-ציון דערקלערן זיך, פאַר סאָציאַל-דעמאָקראַטן, און ביים אַנאַליז פון דער יידישערווירקלעכקייט אָפּערירן זיי בלויז מיטן מאַרקסיסטישן מעטאָד. נאָך מער — זייער קריטיק פון בונד איז געבויט אויף דעם, וואָס פּאַקטיש זאָגט ער זיך אָפּ אָנצוווענדן דעם דאָזיקן מעטאָד בנוגע דעם יידישן לעבן.

דער אויסגאַנגס-פּונקט פון די וויטעבסקער איז דערזעלבער, וואָס ביי די מינטשוקעס — די אומנאָרמאַלקייט פון דער יידישער עקאָנאָמיק. און אויך די אויספירן זענען די זעלבע — נישט-פּראָלעטאַריזאַציע און אַ פּעסימיסטישע אָפּשאַצונג פונם גלות. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז אויך דאָ באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ איבערקלאַסן-דערשיינונג, וועלכע רופט זיך, פונדעסטוועגן, אָפּ אַנדערש ביי די באַזונדערע קלאַסן. דערפאַר אָבער זענען דאָ די טעאָרעטישע האָריזאָנטן באַדייטנד ברייטער. דער מאַרקסיסטישער מעטאָד שטויסט צו אַ מער טיפערן וויסנשאַפטלעכן אויספאָרשן און גיט-צו דער טעאָריע אַ מער אויסגעהאַלטענעם סאָציאַליסטישן כאַראַקטער.

דאָ איז דער ציוניזם דורכגעדרונגען מיט אַ רעוואָלוציאָנערן גייסט. דער פּאָליטישער קאַמף איז ביי אים גלייך פון אָנהויב אַ דורכויס נאַטירלעכע זעלבסטפאַרשטענדלעכע אויפגאַבע. תחילת ווערט ער אויפגענומען ווי אַ קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשאַפט און איר פּאָגראָם-פּאָליטיק. אָבער שפּעטער ווערט ער שוין באַטראַכט, ווי אַן אָרגאַנישער טייל פונם קלאַסן-קאַמף פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, ווי דער וויכטיקסטער מיטל אין קאַמף פאַר יידישע דערגרייכונגען, פאַר בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, וועלכע באַקומט ביי די פּועלי-ציון אַ זעלבשטענדיקן ווערט.

דער דאָזיקער לעצטער פּונקט האָט, נישט געקוקט אויף זיין גאַנץ צעשווומענער פאָרמולירונג אין יאָר 1903, אַריינגעבראַכט אַ געוויסע דיסהאַרמאָניע אין דער פּועלי-ציוניסטישער קאָנצעפּציע. די דערגרייכונגען אין גלות זענען אין אַ געוויסער סתירה צו דער פּאַלעסטינישער טעאָריע, און דאָך זענען זיי אַ נויטווענדיקייט און האָבן אַ ווערט. דערמיט איז אָוועקגעלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער טעאָריע „פון „דאָ און דאָרט”, וועלכע קריגט ערשט שפּעטער אַ ברייטערע אַנטוויקלונג. די ראַדיקאַלע לייזונג פון דער יידנפראַגע דורכן פּאַלעסטיניזם („דאָרט”) און פּאַליאַטיוון אין גלות („דאָ”) — דאָס זענען די צוויי פּראָבלעמען, וואָס נעמען אַרום לגמרי פאַרשידנאַרטיקע זייטן פון יידישן לעבן. זיי גופא שאַפן עס דעם צווייאיקן פּראָנט פון פּראָלעטאַרישן קאַמף.

כמעט דעמזעלבן כאַראַקטער מיט געוויסע ניואַנסן טראָגט דער פּועלי-ציוניזם אין פּוילן און אין דרום-מערבדיקן קאַנט. דיזעלבע פראַגן ווערן באַ-

טראַכט אין אנאַלאָגישע ראַמען ביים זעלבן אויסגאַנגס-פונקט און, בדרך כלל, מיט די זעלבע אויספירן.

אַ כאראַקטעריסטישער שטריך פון דעם ערשטן פעריאָד, וואָס האָט פיל צו זאָגן: זייענדיק פולשטענדיק צעשטויבט און אָפגעריסן איינער פון צווייטן, נישט פאַרמאָגנדיק קיין געדרוקטע ליטעראַטור און נישט קומענדיק אין קיין באַרירונג פאר א מינדלעכן מיינונגס-אויסטויש, האָבן דאָך די פועלי־ציון צענטרן און איינצעלנע אָרגאניזאַציעס אומעטום אַרויסגערוקט ענלעכע הנחות פאַר זייער טעאָריע, וואָס האָבן פאַרמאָגט ממש די זעלבע מעלות און חסרונות. און אומעטום גלייך האָט געפעלט די טעאָרעטישע גלייכגעוויכט צווישן די צוויי טיילן פון דער פוע״צ קאָנצעפּציע — דעם נעגאַטיוו-קריטישן און פּאָזיטיוון:

די אומשטענדן, ביי וועלכע דעם פועלי-ציוניזם איז אויסגעקומען אויפ־צוטרעטן אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע, דער אָנגריף־קאַמף זיינער קעגן בונד האָבן גורם געווען דערצו, אז דער קריטישער טייל — דער אַנאַליז פון דער יידישערווירקלעכקייט — זאָל זיין גרינטלעך אַדורכגעטראַכט און קלאָרער פאָרמולירט, בעת דער פּאָזיטיווער טייל פון דער קאָנצעפּציע — דער פּאַלעס־טינישער איז פאַרבליבן געגוג נעפּלדיק און כאַאָטיש.

פאַרוואָס פּאַלעסטינאַ? וואָסערע פאַקטאָרן פירן צו איר? אַזעלכע שאלות האָט מען נאָך דערווייל אַפילו נישט געשטעלט. אין דעם טייל זיינעם איז נאָך דער פועלי-ציוניזם אינגאַנצן, ווי ער איז, געשווומען מיטן אַלגעמיינעם שטראָם פונם בירגערלעכן ציוניזם. די אַלגעמייגע באַגייסטערונג, וואָס איז אַרויס־גערופן געוואָרן דורך די ערשטע נצחונות פונם הערצליזם, האָט אויפגעהאַלטן פעסט אויך די פועלי-ציון אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג.

ס'איז נאָר געווען צו שפירן אַ געוויסע פרעמדקייט, אויב נישט פייגט־שאַפט צווישן די אַרבעטער פועלי-ציון און דער בורזשואַזער מערהייט; מ'האָט געקאָנט אויסגעפינען אַ מין געפיל פון אומצוטרוי און אָפּשוי צום ציוניסטישן „מורשה”, צו דעם באַלעבאַטישן שטייגער און אופן פון אַרבעט.

דאָס פעלן פון אן אייגענער פּראָלעטאַרישער פּאַלעסטינא-קאָנצעפּציע איז געווען דער קראַנקער פונקט פונם דענסטמאָלדיקן פּועל-ציוניזם. דאָ איז אויך געווען פאַרבאָרגן דאָס קערנדל פונם קומענדיקן קריזיס אין דער באַוועגונג.

דער VI ציוניסטן-קאָנגרעס (1903), וואָס האָט געבראַכט דעם בירגער־לעכן ציוניזם צום קריזיס, האָט אַהין אַריינגעשטויסן אויך דעם פועלי-ציוניזם. דער באַנקראָט פון די דיפּלאָמאַטישע פּלענער וועגן פּאַלעסטינאַ האָט אַוועקגע־שטעלט די פועלי-ציון-באַוועגונג אין אַ שווערער לאגע און ארויסגערופן אין אירע רייען אַ גאַנצן בינטל פאַרוויקלטע פּראָבלעמען און שווערע נאָכקלערע־נישן. די מפּלה פונם פּאַלעסטינישן טשאַרטריזם איז פאַר די פועלי-ציון געווען ווי אַ דונער ביי אַ קלאָרן הימל.

די גאַנצע טעאָריע איז געווען געבויט אויפן מאָרגנדיקן טאָג, וועלכער וועט ברענגען פּאַלעסטינע. ווײַבאַלד די דאָזיקע האָפענונג איז צורונען, האָט מען געמוזט מיט עפּעס־וואָס אָנפילן דעם ליידיק־געוואָרענעם חלל. באַזונדערס שאַרף האָט זיך אָט דער ליידיקער אָרט געלאָזט פילן בײַ יענע פּועלי־ציון, וועלכע האָבן אינגאַנצן מבטל געווען דעם „גלות“ און זיך אָפּגעזאָגט פון פּאָליטישן קאַמף.

דאָ איז אוגאַנדע אונטערגעקומען צו הילף. אוגאַנדע, ווי אַ „נאַכט־לעגער“, ווי אַ צײַטווײַליקער מקום מקלט פילט־אָן דעם ליידיקן חלל. און די מינסקער פּועלי־ציון, וועלכע זענען ערשט נעכטן געווען הייסע חסידים פון אַ טשאַרטער אויף פּאַלעסטינע, ווערן אָנהענגער פון אוגאַנדע. פאַר דער איבערוויגנדער מערהייט פון פּועלי־ציון־באַוועגונג איז די פראַגע געווען אַ סך קאָמפּליצירטער. צום ערשטן מאָל ווערט דער שווערפּונקט פון דער דיסקוסיע אַריבערגעטראָגן אויפן שטח פון פּאַלעסטיניזם. אייגנטלעך גייט דאָ נישט וועגן אוגאַנדע; די פראַגע איז אַ סך טיפער און ברייטער:

פאַרוואָס נאָר פּאַלעסטינע?

די אַבסטראַקטע הנחה ווערט אָפּגעטיילט פון איר רעאַלן אינהאַלט. פּאַלעסטינע ווערט פּלוצלינג בלויז אַ טעריטאָריע און נישט די באַשטימטע טעריטאָריע. און ווײַבאַלד אַזוי, איז אויב פּאַלעסטינע קומט נישט אין חשבון פאַר דער נאָענטסטער פּערספּעקטיוו, טאָ פאַרוואָס זאָל מען נישט זוכן צו דערשלאָגן זיך אַן אַנדער טעריטאָריע?

אויפן דאָזיקן פּונקט ווערט די באַוועגונג געשפּאָלטן. דער דיפערענצירונגס־פּראָצעס אין די פּועלי־ציון רייען ברענגט צו דער אָפּשפּאַלטונג פונם „טעריטאָריאַליסטישן פליגל“ און שפּעטער צו דער אויסבילדונג פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (ס. ס.). זי איז אידעיש דער יורש פון די מינסקער פּועלי־ציון, דער ווײַטערער גלגול פונם „מינסקער טאָלק“, וועלכער האָט נאָך אַפילו עקזיסטירט ביזן יאָר 1907, אָבער שטייענדיק בײַם ראַנד פון גסיסה קוים, קוים געזשיפּעט.

אין דער נײַער קאָנצעפּציע (ס. ס.) קומט אַרײַן דער גאַנצער „אני מאמין“ פון די „מינטשוקעס“ צוזאַמען מיט זייער דיפּלאָמאַטישן טשאַרטריזם.

דער ס. ס.־יזם איז אַ פּסיכאָלאָגישער פּועל־יוצא פון דער גרונט־סתירה, אין וועלכער ס'איז אַרײַנגעפאַלן די אַלט־מינסקער טעאָריע, די סתירה צווישן קאַטאַסטראָפאַלן טעריטאָריאַליזם און רעאַלע פּאַלעסטינא־מעגלעכקייטן. די ס. ס. בלײַבן טרײַ דעם ערשטן, אָפּוואַרפנדיק די צווייטע. נאַטירלעך, איז די ס. ס.־ישע קאָנצעפּציע לויט איר אידעאָלאָגיע און שטימונגען אַ מער פּראָלעטאַרישע און רעוואָלוציאָנערע.

ווי אַ רעזולטאַט פון אָט די ש ט י מ ו נ ג ע ן אירע דאַרף אויפגעפאַסט ווערן דער פאַקט, וואָס זי האָט אַקצעפּטירט דעם פּאָליטישן קאַמף, וועלכן די פּאַרטיי אין איר מער רייפן עלטער בינדט נישט צונויף כמעט מיט קיין שום ממשותדיקע פּערספּעקטיוון.

אָבער דערמיט ווערט נאָך דער קריזיס פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג נישט אויסגעלעבט.

### ג

דער קריזיס פון דיפּלאָמאַטישן פּאַלעסטיניזם, וואָס האָט געשטויסן די ס. ס. צום אַבסטראַקטן טעריטאָריאַליזם, איבערלאָזנדיק אין זייער פּראָגראַם אַ פּעסימיסטישע באַציונג צום גלות, האָט אויף די פּועלי־ציון געהאַט גראָד אַ פאַרקערטע ווירקונג. זייער נעגאַטיווע באַציונג צום אַבסטראַקטן טעריטאָריאַליזם וועקט ביי זיי דעם אינטערעס צו דער קעגנוואַרט, צום גלות. ס'הויבט זיך אָן דער פּראָצעס פון איבערשאַצן אַלטע ווערטן, ס'קומען־אויף נייע שטימונגען, נייע האָפנונגען, ס'אַנטשטייען נייע אידייען וועגן פּערספּעקטיוון אין גלות. אמת, די דאָזיקע אידייען ווערן די ערשטע צייטן באַטראַכט בלויז ווי פּאַליאַטיוון. פונדעסטוועגן לאָזט זיך פילן אַלץ שטאַרקער און טיפער די נויטיקייט פון אַן אַרבעטס־פּראָגראַם פאַרן היינט, וועלכע דאַרף אין אַ געוויסער מאָס קאָרעגירן דאָס לעבן אין גלות און צונויפקניפּן אים מיט די צילן און דערגרייכונגען אין פּאַלעסטינע. צוזאַמען דערמיט קומט אַרויס אַלץ בולטער דער לאָזונג פון פּאָליטישן קאַמף, וועלכער וואַקסט זיך אָרגאַניש צונויף מיט דער גאַנצער וועלט־אָנשויונג.

דער צווייטער פּועל־יוצא פונם קריזיס איז געווען די נויטיקייט צו באַגרינדן דעם פּאַלעסטיניזם. אויב אין קאַמף מיטן בונד זענען די פּועלי־ציון געווען דער אָנגרייפנדער צד, איז אינם צוזאַמענשטויס מיט די ס. ס. די איניציאַטיוו אַריבער צו די לעצטע. היינט צו טאָג איז נאַטירלעך נישטאָ קיין נויטיקייט צו דערווייזן, אַז אַבסטראַקטער טעריטאָריאַליזם איז לויט זיין עצם באַדנלאָז און איז פאַרמשפּט שנעל אַראָפּצוגיין פון דער געזעלשאַפטלעכער פּלאַן, נישט זייענדיק אימשטאַנד אַ מער־ווייניקער לענגערע צייט צו שפּייזן אַ מאַסן־באַוועגונג. אָבער צו יענער צייט איז דער טעריטאָריאַליזם געווען גענוג פּאָפּולער און אָנציענד אַ דאַנק די פּילצאָליקע ידיעות וועגן כל־ערליי טעריטאָריעס, וואָס די גרויסמאַכטן לייגן פאָר (אוגאַנדע, קירענאַיקע א. ד. גל.)

די לאָגיק פונם קאַמף מיט פּועלי־ציון האָט געמוזט אינגיכן ברענגען די ס. ס., צוליב מער מזלדיקער פאַרטיידיקונג פון אַבסטראַקטן טעריטאָריאַליזם, צום אַנטי־פּאַלעסטיניזם—„פּאַלעסטינע, איז ווי אַ טעריטאָריע, נישט אָנגע-

מאָסטן". דאָס האָט אַרויסגערופן ביי די פּועלי־ציון אַ נאָך מער דרינגנדע און איילִיקע נויטיקייט צו באַגרינדן וויסנשאַפטלעך זייער לאָזונג: „נאָר פּאַלעסטינע".

איז אַוועק אַ סדרה פון אומאויפהערלעכע דיסקוסיעס און רעפעראַטן, פון היסטאָרישע אויספאָרשונגען און אַנאַליזן, און אינם רעזולטאַט האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ פּאַלעסטינישע קאָנצעפּציע. יעדע געגנט כמעט האָט זי פאָרמולירט פאַר זיך, אויף אייגענעם שטייגער.

אין פּוילן האָט געהערשט דער אַזוי גערופענער „פּרינציפּיעלער פּאַלעסטיניזם". לגבי אים איז דער ציוניזם אָרגאַניש צונויפגעבונדן מיט פּאַלעסטינע, ווי מיט דער אַלטער היים.

די נאַציאָנאַלע אייגנאַרט פון יעדן פאָלק איז אַ רעזולטאַט פונם סכום אייגנשאַפטן (קלימאַטישע, עטנאָגראַפישע א. ד. גל.), וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין היים־לאַנד. די נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט פונם יידישן פאָלק איז אָרגאַניש צונויפגעבונדן מיט די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון פּאַלעסטינע. פון דאַנען דרינגט, אַז דער רענעסאַנס פון דער יידישער נאַציע איז אוממיטלבאַר פאַרבונדן מיט איר פאָטערלאַנד,—ציוניזם מיט ציון.

צווייטנס, יעדע באַוועגונג פאַרמאָגט אירע אידעאָלאָגישע מאָמענטן און אידעאָלאָגישע שטימונגען, וועלכע זענען אין תוך אַ איבערבוי איבער אַ באַשטימטן עקאָנאָמישן באַזיס. די דאָזיקע מאָמענטן שטעלן מיט זיך פאָר זייער וויכטיקע און דורכויס נויטיקע פאַקטאָרן, וועלכע סטימולירן די באַוועגונג און וועקן אין די מאַסן התלהבות און גרייטקייט צו מוסר נפש זיין זיך אין קאַמף. די אידעאָלאָגיע פונם ציוניזם איז ציון, ווי דאָס אַלטע פאָטערלאַנד. פּאַלעסטינע איז ביים יידישן פאָלק די פאַרקערפּערונג פון זיין עבר, דער אָביעקט פון זיינע טויזנטיאָריקע האָפנונגען. זי סימבאָליזירט זיינע שטרעבונגען. ציוניזם מיינט: פּאַלעסטיניזם.

אין דרום־רוסלאַנד האָט זיך איינגעפעסטיקט דער „פּראַקטישער פּאַלעסטיניזם". די „פּראַקטישע" האָבן זיך באַמיט אָפּצורייסן זייער אַרגומענטאַציע פון דער ראָמאַנטיק, וואָס קעגן איר זענען געווען געצילט אַלע פיילן פון בונד און ס. ס. דעם אידעאָלאָגישן מאָמענט האָבן די מאַרקסיסטן (פאַר אַזעלכע האָבן זיך די פּועלי־ציון פון תמיד אָן באַטראַכט) געהאַלטן פאַר סענטימענטאַל און קליינבירגערלעך. דעריבער האָבן זיי זיך באַמיט אויף אַלע אופנים צו פאַרטיידיקן זייער פּאַלעסטינישע פּאָזיציע אויסשליסלעך מיט עקאָנאָמישע מאָטיוון. דעריבער האָבן זיי אָפּערירט הויפּטזעכלעך מיט די מעלות פון פּאַלעסטינער באָדן, קלימאַט, עקאָנאָמישן מצב פון לאַנד, מיט איר עטנאָגראַפישן כאַראַקטער א. אַז. וו. אין דער דאָזיקער טעאָריע האָט מען שוין געקאָנט באַמערקן די קערנדלעך פון דער שפּעטערער טעאָריע וועגן פּאַלעס־

טינע, ווי וועגן אַ לאַנד, וואָס געפינט זיך בנוגע דער יידישער איינוואַנדערונג אויף דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד. דערווייל אָבער זענען עס געווען בלויז אָפּגעריסענע, פאַריינצלטע מאָטיוון. דער אויסגאַנגס־פונקט איז געווען פרינציפּיעלער טעריטאָריאַליזם און פּראַקטישער פּאַלעסטיניזם. „פּאַלעסטינע איז די אַממייסטן פּאַסיקע טעריטאָריע״.

דער פּראַקטישער פּאַלעסטיניזם האָט זיך, אין זיין רייגער פאָרם, אויסגע־צייכנט מיט אַ באַזונדערער טרוקנקייט. געווינענדיק געוויסערמאַסן צוליב אַט דער „אַנטיראָמאַנטישער״ ריינקייט, האָט אים אָבער געפעלט די איגערלעכע זעלב־שטענדיקייט און קאַטעגאָרישע אַנטשלאָסנקייט פון די „פּרינציפּיעלע״. אין זיין פּחד פאַר „אידעאַליזם״ זענען שוין געלעגן פאַרבאָרגן מיקראָבן פונם אַנטי־פּאַלעסטינישן רעצידיוו.

דער „ווי טעבסקער טאָלק״ איז נוטה געווען צום פּראַקטישן פּאַ־לעסטיניזם, נאָר ער האָט פון אים נישט אַרויסגעיאָגט דעם גאַנצן אידעאָלאָ־גישן מאָמענט. אין זיין באַגרינדונג האָט זיך געשפּירט אַ געוויסע גלייכגע־וויכט צווישן ביידע אָנשויונגען, וועלכע ווידערשפּרעכן כּלל נישט איינע דער צווייטער. דער פּרינציפּיעלער טעריטאָריאַליזם פון וויטעבסקער טאָלק איז קיינ־מאָל נישט אַרויסגעטרעטן אַבסטראַגירט פון זיין קאָנקרעטן אינהאַלט — פּאַ־לעסטינע, און דאָס האָט זיין פּאָזיציע געמאַכט פעסטער און שטאַנדהאַפטיקער.

דער פּראָצעס פון קאָלעקטיוון איבערשאַצן און שאַפן האָט אָנגעהאַלטן דאָס גאַנצע יאָר 1904 און די ערשטע העלפט 1905.

די פּאָזיטיווע טענדענצן, וואָס האָבן זיך אָנגעמערקט ביי די פּועלי־ציון בעתן ערשטן (ס. ס.) קריזיס, זענען באַדייטנד פאַרשטאַרקט געוואָרן אונ־טערן איינפלוס פון דער אָנרייפנדער רעוואָלוציע.

די פּועלי־ציון באַוועגונג איז אַריינגעטרעטן אינם יאָר 1905 מעגלעך מיט אַ גאַנץ צושוווּמענעם און נישט גענוג קלאָר פאָרמולירטן פּראָגראַם פון די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע פאָדערונגען אין גלות, דערפאַר אָבער שוין מיט אַ דורכויס פעסטער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק. אויך די פּאַלעסטינע־טעאָריע איז געווען מער סאָליד באַגרינדעט.

דער ערשטער בלאָז פונם פּאָליטישן פרילינגס־ווינטל אין רוסלאַנד האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אויפלעבונג ביי די יידישע מאַסן. דער פּועלי־ציוניזם האָט מיט אַ צויבער שנעלקייט גענומען אַרומכאַפּן דעם יידישן תּחום, פונאַנ־דערגיסנדיק זיך אין אַ ברייטער מאַסן־באַוועגונג. און ווי אַ קאַטעגאָרישער געבאָט פונם מאָמענט איז אויפגעקומען די נויטיקייט אין אַ קלאָר פאָרמולירטן „קעגנוואַרטס־פּראָגראַם״, אין אַ פעסטן אָרגאַניזיר־צענטר.

ס׳זענען נאָך פריש געווען אין זכּרון די דורכגעלעבטע מינוטן פון דער שפּאַלטונג פאַר דער לעצטער צייט. ס׳האָט זיך געפאָדערט מאַכן אַ סוף צו דער

צובראקלטקייט און דעזאָרגאַניזירטקייט, די אינערלעכע מחלוקתן, דער אומ־באַשטימטקייט פון דער באַוועגונג, די כל המינים שאַטירונגען און בויך־סברות אין טעאָרעטישער באַגרינדונג. ס'האָט זיך געפאָדערט פאַר יעדן פּרייז אַריינ־צופירן די באַוועגונג אין פּאַרטייאישע ברעגן און איבערגעבן די אָנפירונג מיט איר צו אַ פעסט-צונויפגעשמידטן אָרגאַניזיר־צענטר.

לכתחילה האָט מען אַלע האָפנונגען און אויסרעכנונגען פאַרבונדן מיטן פאָרשטייענדן 7־טן ציוניסטישן קאָנגרעס; דער ציוניזם האָט געזאָלט אין באַזעל מאַכן אַ סוף צום אינערלעכן קאַמף און ליקווידירן דעם 2־יאָריקן קריזיס אין דער באַוועגונג.

לגבי די פּועלי־ציון האָט באַזעל געזאָלט שפּילן אַ דאָפּעלטע ראָל: דאָרטן האָבן זיי געהאָפט צו ליקווידירן זייער אידייאישן, ווי אָרגאַניזאַציאָנעלן כאָאָס.

ס'איז אָבער נישט באַשערט געווען, אַז אָט די האָפנונגען זאָלן מקוים ווערן. דער ערשטער צונויפטרעף פון די פאָרשטייער פונם פּועלי־ציוניזם אין רוסלאַנד האָט באַוויזן, אַז דער אידייאישער קריזיס איז נאָך אין דער באַוועגונג נישט פאַרענדיקט. די אויבנאָנגעוויזענע חלוקי-דעות צווישן פּרינציפּיעלן און פּראַקטישן פּאַלעסטיניזם, וועלכע האָבן אין פלוג נישט געזאָלט האָבן קיין פּראַקטישן ווערט, זענען פּלוצלינג אויסגעוואַקסן און אויסגעבילדעט דעם שווער־פּונקט פון דער מחלוקת.

אין תוך גענומען, האָט זיך די דאָזיקע מחלוקת נישט געפירט דווקא לויט דער ליניע פון די פריער אָנגעצייכנטע שאַטירונגען, ווייל אַ היפּשע טייל פון די „פּראַקטישע" איז געווען פולשטענדיק סאָלידאַריזירט מיט די „פּרינציפּיעלע". ס'האָט זיך נאָר אַרויסגעוויזן, אַז ביי אַ געוויסן טייל פון די „פּראַקטישע" מערקט זיך אַ מין אָפּגעלאָזנקייט און גלייכגילטיקייט בנוגע דעם פּאַלעסטיניזם. אונטער דער ווירקונג פונם אַלץ שטייגנדן אינטערעס צו די רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוון אין גלות, איז ביי זיי אָפּגעפאַלן דער אינטע־רעס און ס'איז פאַרשוווּנדן דער וועג צו דער מער ווייטער פּאַלעסטינע.

דאָ הויבט זיך אָן דער צווייטער פּעריאָד פונם אידייאישן קריזיס פון פּועלי-ציוניזם, אַ קריזיס, וואָס האָט זיך שטורמיש אַריינגעריסן (אונטערן צייכן פון דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע) אין דער באַוועגונג, זיך גיך פאַר־שפּרייט איבער אַלע אָרגאַניזאַציעס און כהרף עין אויפגעקאָכט די פּועלי־ציון מחנות אין אַ שטורעמדיקן ים.

ד

גיך נאָכן 7־טן ציוניסטישן קאָנגרעס באַווייזן זיך אויף דער פּוע"צ אַרענע די „סיימיסטן וואָזראָזשדענצעס". די דאָזיקע גרופּע אינטעליגענטן האָט אַליין

מודה געווען, אַז זי האָט קיין שום שייכות נישט מיטן ציוניזם און מיטן פועלי־ציוניזם. ס'איז איר אָבער איינגעפאַלן אויסצונוצן דעם אידייאישן תוהו ובוהו אין די פועלי־ציון רייען, כּדי אויפצובויען זיך אויף זייער חשבון. בעת דער ערשטער שפּאַלטונג האָבן זיי געפּרואווט זיך דערנענטערן צו די ס. ס. אָבער די דאָזיקע דערנענטערונג איז בטל געוואָרן גלייך נאָך דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון ס. ס. (פעברואַר 1905), וואו די סיימיסטן האָבן זיך בחינם באַמיט צו פאַר־כאַפּן די אָנפירונג.

סוף 1905 דרינגען זיי אַריין אין די פּוע"צ אָרגאַניזאַציעס, ציען אַרי־בער אויף זייער זייט די מערהייט אינם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט*) און אַנטוויקלען אַ ברייטע קאַמפּאַניע פאַר זייער קאָנצעפּציע און פּראָגראַם.

די אויסערלעכע אומשטענדן און דער אינערלעכער מצב פון אונזער באַוועגונג זענען געווען דורכויס גינציק פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדע און איר גע־זיכערט אויף דער ערשטער צייט אַ באַדייטנדן דערפאָלג.

ווי געזאָגט, האָט זיך אין דער אָרגאַניזאַציע שטאַרק איינגעפעסטיקט די שטרעבונג צו אַ ברייטן „קעגנוואַרטס־פּראָגראַם". ס'האָט נאָר געפעלט די קלאָ־רע פאָרמולירונג פונם ציל און וועג. גלייכצייטיק איז ביי אַ טייל „פּראַקטי־שע" צוליב דער אָנקומענדער רעוואָלוציע געשטיגן די גלייכגילטיקייט צום פּאַלעסטיניזם, בפרט, אַז אויך אין דער פראַגע האָט געפעלט די קלאָרע פאָר־מולירונג פונם וועג.

די פּריש געבאַקענע „פּוע"צ" האָבן געשיקט אויסגענוצט די געשאַפענע סיטואַציע. זייער שפּיל האָבן זיי אָנגעהויבן אונטערן באַשיידענעם לאָזונג וועגן דערגאַנצן דאָס פּוע"צ פּראָגראַם, דערפירן אים צו שלימות. די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע (סיים) האָט געדאַרפט שטילן דעם דורשט נאָך „קעגנוואַרטס־אַרבעט" און גלייכצייטיק ווערן דער איינציקער וועג צו רעאַליזירן דעם פּאַלעסטיניזם.

אַריבערטראָגנדיק דעם הויפּט־געוויכט אויף די נאַציאָנאַלע דערגרייכונ־גען אין גלות, וואָס נאָר זיי איינציק און אַליין זענען ביכולת צו פירן צו דער רעאַליזירונג פונם פּאַלעסטיניזם, האָבן די סיימיסטן אויף אַזאַ אופן אַוועקגעשטעלט דעם פּאַלעסטיניזם אויסער די ראַמען פון קעגנוואַרט. זיי האָבן פון דעם דאָזיקן לאָזונג אויסגעמעקט זיין אַקטועלן מהות און דערמיט פאַר־רוקט אים אין נעפּלדיקן תהום. און ווייל די מחלוקת וועגן פּאַלעסטיניזם איז נישט געווען אַקטועל, האָט דאָס אַלץ געשאַפן אַ פּסיכאָלאָגישע מעגלעכקייט,

*) דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט איז אויסגעוויילט געוואָרן אין ציוריך אויף דער באַראַטונג (אויגוסט 1905) פון די פּוע"צ דעלעגאַטן צום 7־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, און זיין אויפגאַבע איז געווען צונויפצורופן דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער פּוע"צ־פּאַרטיי.

אַז אין איין אָרגאַניזאַציע זאָלן ענג צוזאַמענאַרבעטן טעריטאָריאַליסטן, פּאַלעסטינצעס און אפילו מענטשן, וואָס האַלטן נישט פון ביידע פּרינציפּן.

דער סימן מובהק פון דער נייער לערע איז געווען דער סיים. דער פּאַלעסטיניזם איז געוואָרן בלויז אַ פּרט און דאָס אויך נאָר אַזאַ, וואָס קומט אַלס רעזולטאַט פונם סיים.

די ערשטע צייט, ווען מ'האָט געדאַרפט זוכן צו באַהערשן די פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס און ס'איז נויטיק געווען זיך צופּאַסן צו דער פּסיכאָלאָגיע און טראַדיציע פון די פּועלי־ציון מאַסן, האָבן די סיימיסטן געפּראַוועט אַ פּורים־שפּיל מיט פאַרשלייערונגען, אויפגעטרעטן ווי הייסע פּועלי־ציון, געדרשנט אָן אַ סוף און אָן אַן אויפהער וועגן דער רעאַליזירונג פונם פּאַלעסטיניזם דורכן סיים און ד. גל. אָבער קוים נאָר איז די אָרגאַניזיר־אויפגאַבע מער־ווייניקער געלעזט געוואָרן און אַ טייל אָרגאַניזאַציעס האָבן אויפגענומען זייער תורה, האָבן די סיימיסטן אויפגעדעקט די קאָרטן, איבערגעביטן דעם נאָמען (י. ס.) און פּאַלעסטינע אויסגעטוישט אויפן פּרינציפּיעלן טעריטאָריאַליזם, וועלכן מ'האָט איבערגעלאָזן אין פּראָגראַם, ווי אַ נ י ש ט אַ ק ט ו ע ל ן ט ע ר י ט אָ ר י ע ל ן פּ אָ ס ט ו ל אַ ט.

צוליב די זעלבע טעמים האָבן די נייע פּועלי־ציון (סיימיסטן) זיך באַמיט אויף אַלע אופנים אויסצומיידן אין די דיסקוסיעס אויך אַנדערע אפּיקורסישע פּונקטן פון זייער לערע, ווי למשל דעם רעאַליסטישן מעטאָד מיט דער נטיה צו ס. ריזם, זייער כלל־ישראל פּאָליטיק א. ד. גל. דאָס אַלץ האָט באַקומען אַן אָפענע און קלאָרע פאָרמולירונג ערשט אַ סך שפּעטער, ווען די „נייע" האָבן פון זיך אַראָגעוואָרפן די פּועלי־ציוניסטישע מאַסקע צוזאַמען מיטן פּאַלעסטיניזם.

אָבער דער געזונטער פּאַלעסטינע־חוש האָט שוין גלייך פון אָנהייב ריכטיק אָפּגעשאַצט די פאַרבאַהאַלטענע פּניות און כוונות פון די סיימיסטן און ענערגיש אַרויסגעטרעטן קעגן דער נייער ריכטונג. פּוילן, וועלכע האָט צו דער צייט באַוויזן זיך אָרגאַניזירן אין דעם „פּוילישן פאַרבאַנד", איז פאַר די סיימיסטן געווען אַ פעסטונג, וווּ זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום צוטריט. דער אויף שנעל אָרגאַניזירטער מינסקער ראַיאָנס־צענטער האָט אויפגענומען אַ ענערגישן קאַמף קעגן דעם סיימיזם אין מינסקער, ווילנער און גראָדנער גובערניעס. צו דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעפאַנגען דער קאַמף קעגן סיימיזם אויך מצד פּאָלטאַווער צענטער אונטער דער פירונג פון ב. באָראָכאָוו.

דאָס האָט אָנגעזאָגט דעם סוף פון קריזיס.

דער צונויפטרעף פון די פּועלי־ציון דעלעגאַטן אין באַזעל, דער אויסטויש פון מיינונגען און אָנשויאונגען האָט באַדייטנד געשטאַרקט און גענקרעפּטיקט די פּאָזיציעס פון פּועלי־ציוניזם און דאָס האָט זיך שנעל אַרויסגעוויזן,

אין דער פונאַנדערגעפלאַקערטער דיסקוסיע מיט די סיימיסטן, די פועלי־ציון האָבן גלייך אָנגעטאַפּט דעם קראַנקן פונקט פונם סיימיזם. דעם סיים, ווי אַ קאָנקרעטע פאָרם פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, האָבן די פועלי־ציון אויפגענומען און פאַרטיידיקט נישט ערגער ווי די סיימיסטן, ווייל ער האָט געגעבן אַ פולשטענדיק קלאָרע פאָרמולירונג פאַר זייערע לאַנגאָנגעדיקע שטרעבונגען. אָבער די פועלי־ציון האָבן קאַטעגאָריש באַקעמפט די באַהויפּטונג, אַז דער סיים איז דער איינציקער וועג צו דער רעאַליזירונג פונם פּאַלעסטיניזם.

די פועלי־ציון האָבן צוגעגעבן, אַז דער סיים ווי אַ וויכטיקע יידישע נאַציאָנאַלע טריבונע, ווי אַן אָרגאַניזירנדער פאַקטאָר פון יידישן לעבן און באַדייטנדער אַקומוליאַטאָר פון די פאָלקס כחות און ענערגיע, וועט קאָנען שפּילן אַ געוויסע פּאָזיטיווע ראָל אויך ביי דער רעאַליזירונג פונם פּאַלעסטיניזם. אָדער כדי אויסצונוצן אַלע זיינע מעלות פאָדערט זיך קודם כל אַ אומאויפהערלעכע טעטיקייט פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און סיסטעמאַטישע רעאַלע אַרבעט אין פּאַלעסטינע, אום אַזוי אַרום צוציען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון סיים און צווינגען אים אונטערצושטיצן די דאָזיקע אַרבעט. אַליין, ווידער, זעלבשטענדיק, לויט אייגענער איניציאַטיוו איז דער סיים, צוליב זיין יורידישער נאַטור, נישט בכח אָנצופירן אַזאַ אַרבעט און אפילו זי אויפנעמען.

נאָך פאַרביטערטער האָבן די פועלי־ציון באַקעמפט דעם מעטאָדאָלאָגישן צוגאַנג פון די סיימיסטן צום פּאַלעסטיניזם.

די פאַרווירקלעכונג פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין גלות און די קאָנצענטרירונג פון יידישע מאַסן אין פּאַלעסטינע הענגען אָפּ פון גאַנץ פאַרשידענע פאַקטאָרן, וועלכע זענען אָרגאַניש צווישן זיך כלל נישט פאַרבונדן. דער פּאַלעסטיניזם איז לויט זיין עצם אַ רעזולטאַט פון די אינערלעכע אימאַנענטע פּראָצעסן פון דער יידישער באַדערפֿטיקייט און נאָר אונטער זייער דרוק קומט פאָר זיין רעאַליזירונג. די אויסערלעכע פאַקטאָרן זענען געשיכטלעך נישט די אַנטשיידנדע און זיי קענען בלויז פאַרלייכטערן אָדער פאַרשווערן דעם „רעאַליזירונגס־פּראָצעס; דער סיים ווידער איז אַ פועל־יוצא, הויפּטזעכלעך, פון דער אויסערלעכער פּאָליטישער סיטואַציע, וואו די ווירקונג פון די יידישע כחות איז אַ מינימאַלע. דער אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר אין דעם פאַל זענען די פּראָדוקטיוו־כחות פון דעם מערהייטס־פאָלק. דעריבער קאָן דער פּאַלעסטיניזם נישט באַטראַכט ווערן, ווי אַ רעזולטאַט און ווייטערדיקער שטאַפּל נאָכן סיים; זיי ביידע קאָנען נישט אויפגעפּאַסט ווערן אין אַ פאָרמול, ווי אַ „וועג” און „ציל”. דאָס זענען צוויי פּאַראַלעלע פּראָצעסן, וואָס פלעכטן זיך איבער צייטנווייז און פאַרשטאַרקן איינער דעם צווייטן.

„וואו זענען די וועגן צו דער רעאַליזירונג פונם פּאַלעסטיניזם?”.

די דאָזיקע פראַגע איז אַרויסגעדרונגען פון דעם וויכוח מיט די סיי־

מיטן פונקט אזוי דרינגנד, ווי די פראגע „פארוואס נאר פאלעסטינע" איז געקומען אין רעזולטאט פון דער ס. סישער שפאלטונג. אויף וויפיל די דאָזיקע פראגע האָט געהאט אין אויג דאָס קאָנקרעטע פּראָבלעם פון רעאליזירן דעם פאלעסטיניזם, האָבן די פועלי-ציון אויף איר שוין לאנג געגעבן א תשובה. אויפטרעטנדיק שטענדיק ווי קעגנער פונם דיפּלאָמאטישן טשארטעריזם, זענען די פועלי-ציון שוין צום 7־טן קאָנגרעס געקומען ווי הייסע פארטיידיקער פון „רעאלער ארבעט", אין וועלכער זיי האָבן איינגעזען דעם אָנהויב פונם זעלבשטענדיקן רעאליזירונגס־פּראָצעס. אין איר קומען צום אויסדרוק די באזונדערע אינטערעסן און ספּעציעלע אויפגאבן פונם יידישן ארבעטער. אָבער איצט ווערט די פראגע געשטעלט א סך ברייטער: וועלכער איז דער קלאסן־וועג פונם יידישן פּראָלעטאריאט אין דער רעאליזירונג פונם פּאלעסטיניזם?

דער שארף אויסגעדריקטער פּראָלעטארישער כאראקטער פון דער באוועגונג און די רעוואָלוציאָנערע טאקטיק, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין די יסורים און פּיין פון דער לעצטער תקופה, האָבן אונטערגעזאָגט די איינציק ריכטיקע לעזונג פון דער געשטעלטער פראגע. דאָס ברייטע פּראָגראם פון נאציאָנאל־קלאסן־פאָדערונגען אין גלות און דער אָרגאניזירנדער באפרייאונגס־כאראקטער פון פּראָלעטארישן קאמף און טעטיקייט אין פאלעסטינע האָבן ענגער צונויפגעשמידט די ביידע לעזונגען פון דער באוועגונג און אָנגעצייכנט דעם קלאסן־וועג און אויפגאבן פונם פועלי־ציוניזם אין דער רעאליזירונג פונם פאלעסטיניזם. **דער וועג איז — קלאסן־קאמף אין זיין גאנצן און פולן פארנעם.**

פארשטייט זיך, אז דער דאָזיקער וועג פירט גלייכצייטיק צו ; צו רעאליזירונג פון דער נאציאָנאלער אויטאָנאָמיע אין גלות (סיים), אויף וויפיל דער קאמף פון יידישן פּראָלעטאריאט מאכט שטארקער דעם קלאפּ און העלפט מיט דעם נצחון פון רוסלענדישן פּראָלעטאריאט. אָבער דער דאָזקער וועג פירט כלל נישט **דורכן** סיים צום פאלעסטיניזם.

דערמיט איז שוין טעאָרעטיש געלעזט געוואָרן די עיקר־פראגע און דער קאמף מיטן סיימיזם איז אוועק מזלדיק.

פונדעסטוועגן איז געווען קלאָר, אז סקאָן נישט זיין קיין רייד וועגן פולן נצחון, כל זמן די באוועגונג האָט זיך נישט אָרגאניזירט אין א פארטיי, און די טעאָרעטישע הנחות פונם פועלי־ציוניזם זענען נישט פאָרמולירט אין אָרגאניש צונויפגעהעפטע צווישנאנאנדער פּראָגראם־פּונקטן.

די אָרגאניזאציאָנס־איניציאטיוו אין דער דאָזיקער ריכטונג האָט אויף זיך גענומען דער מינסקער ראיאָנס־קאָמיטעט.

אומגעפער אין נאָוועמבער 1905 איז אין מינסק פארגעקומען די היסטאָ־

רישע פאַרקאָנפערענץ, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט אַ גאַנצע ריי פּועלי-ציוניסטישע טוער מיט בּ. באָראָכאָוו אין דער שפּיץ. די באַראַטונגען זענען געווען קורצע, ווייל דער נאָענטסטער ציל איז געווען פאַר אַלע קלאָר און צייט איז געווען זייער ווינציק. אָנשטאָט דעם פונאַנדערגעפאַלענעם ציריכער אָרגאַניזיר-קאָמיטעט איז א אויסגעוויילט געוואָרן אַן אַנדערער, וועלכער האָט באַקומען אַ דירעקטיוו וואָס גיכער צונויפצורופן דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי.

פון דעם מאָמענט אָן קומט פאָר די קאָנצענטרירונג פון די צעשטויבטע כחות פון דער באַוועגונג און ס'פאַנגט זיך אָן אַ ענערגישע אָרגאַניזיר־אַרבעט. דער אָ. ק. קניפּט אָן פאַרבינדונגען כמעט מיט אַלע גרעסערע אָרגאַניזאַציעס, גרייט־צו דעם צוזאַמענפאָר און גלייכצייטיק זעצט ער פאָר דעם קאַמף מיט די סיימיסטן.

אין פעברואַר 1906 קומט פאָר אין פּאָלטאַווע דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון פּועלי־ציון און דער דאָפּלטער קריזיס פון דער באַוועגונג — דער אָרגאַניזאַציאָנעלער און אידעאָלאָגישער — ווערט פאַרענדיקט. עס קאָנסטרואירט זיך די י. ס. ד. א. פּ. (פּועלי־ציון), ס'ווערט אויסגעוויילט דער ערשטער צענטראַל-קאָמיטעט, וועלכער שטעלט זיך בראש פון דער באַוועגונג און דערמיט הערט אויף דער אָרגאַניזאַציאָנס־כאַאָס אין איר.

תיכף נאָכן צוזאַמענפאָר קומט זיך צונויף די טעאָרעטישע קאָנפערענץ (קאָנסטאַנטינאגראַד, סימפעראָפּאָל — סוף מערץ 1906 יאָר), אויף וועלכער עס ווערן אַלזייטיק דורכגעטראַכט און איבערגעשאַצט די הויפּט־הנחות פונם פּועל־ציוניזם.

די קאָנפערענץ האָט פאַר זיך געהאַט אַ גראַנדיעזע אויפגאַבע: סיסטעמאַטיזירן די גייסטיקע אוצרות פונם פּועל־ציוניזם, און דאָס האָט געהייסן דורכאַנאַליזירן אַלע באַזונדערע הנחות און שאַפן אַ האַרמאָניש סינטעזירטע קאָנצעפּציע פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם.

די קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס האָט געהערשט דער גאָונישער אַנאַליז און סינטעז פון בּ. באָראָכאָוו, האָט די דאָזיקע אויפגאַבע געלעזט. „אונזער פּלאַטפאָרם" האָט געמאַכט אַ סוף צום אידעאישן תהו ובהו.

די פּועלי־ציון באַוועגונג, פול ייִנגע פרישע כחות און ענערגיע טרעט אַריין אינם ערשטן אָפיציעלן פּעריאָד פון איר געשיכטע. זי טרעט אַריין, ווי א לייכטנדער פאַקעל וואָס איז דורך דער געשיכטע באַרופן צו באַלייכטן דעם דערנערוועג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט צו זיין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג.

---

די יאָרן 1906—1900 זענען דאָס וויגעלע פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג אין רוסלאַנד. יעדער קינדער־עטאַפּ פון אונזער פּאַרטייאישן קיום, ווען די

יינגע אידיי, אַ שוואַכע נאָך און אומבאַוואָפנטע, האָט זיך צונויפגעקלאַמערט מיט אירע מעכטיקע קעגנער אין טויט־געראַנגל, קעמפנדיק פאַר איר רעכט אויף לעבן.

6 יאָר פון זודיקער טעטיקייט, בויאונג, גלגולים און קריזיסן.

6 יאָר פון עליה און ירידה, פון מפּלות און נצחונות.

וויפל אמונה און באַגייסטערונג, שטורמישער אויפבּרויז און התלהבות און צומאָל וויפיל שווערע מאָמענטן פון יאוש און טיפן נשמה־צער!

געווען מינוטן פון געדריקטקייט, פון טיפע ספקות און שווערע מחשבות, די באַוועגונג ווערט געשפּאָלטן, די רייען צעפאַלן זיך, די כחות ווערן צו־שטויבט. חברים פאַרלאָזן די באַוועגונג. די אוועקגייענדע טריומפירן. זיי ברענ־גען דעם פועל־ציוניזם צו קבורה, זיי זאָגן נאָך אים קדיש.

אין אַזעלכע צייטן שווימען אַרויס ספקות: אפשר זאָל מען נאָכגעבן אין די „קלייניקייטן", איינגיין אין נאָמען פון אחדות. געווען אויך אַזעלכע, די שוואַכערע. זיי זענען אַוועק צו די ס. ס. כדי אומצוקערן יענע צום פּאַ־לעסטיניזם; אַריבער צו די סיימיסטן, כדי איינצוהאַלטן זיי ביי די פועלי־ציון־ברעגן. אַוועק און פאַרשוואונדן. פאַרלוירן געגאַנגען פאַר דער באַוועגונג צוזאַ־מען מיט די אָפּגעשפּאָלטענע פאַרטייען. אַזאַ איז דער געזעץ, אַזאַ איז די לאָגיק פון פאַרטיי־קאַמף און שפּאַלטונגען.

אָבער די מער קרעפטיקערע מערהייט איז פאַרבליבן. דער ׳פּראָלעטאַרי־שער חוש האָט איר עס דיקטירט — איז זי געבליבן און אויפגעהאַלטן ביי זיך די באַוועגונג, אמת, אַ צעבראָכענע, אַ אָפּגעשוואַכטע, אָבער דאָך אַ גע־אייניקטע באַוועגונג, וועלכע איז גיך געקומען צו זיך, אויסגעברייטערט איר השפּעה און פאַרגרעסערט אירע מחנות.

די אינערלעכע סתירות פון דער יידישער עקסטעריטאָריאַליטעט האָבן תמיד אַרויסגעבראַכט ציטווייליקע וואַקלענישן פון פּראָלעטאַרישן געדאַנק, פאַר־נעפּלט דעם וועג פון זיין קלאַסן־קאַמף און אויף שטיקער געריסן דעם גוף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

די אָפּגעריסענע שטיקער זענען געפלויגן אַראָפּ, אין דער נידער און געוואָרן שטויב.

און דער פועלי־ציון פעלז האָט זיך מאַיעסטעטיש געהויבן הויך און העכער און געבליקט כסדר אין זיין געשיכטלעכער ריכטונג.

**ש. קיווין**

# צו דער געשיכטע פון פועלי־ציון

דער נאָמען „פועלי־ציון איז אַנטשטאַנען אלס דער נאָמען, מיט וועלכע עס האָבן זיך גערופן די גרופן און אָרגאַניזאַציעס פון יידישע ארבעטער־ציוניסטן, וועלכע שטייען אויפן פּראָלעטאַרישן קלאַסן־שטאַנדפּונקט.

אן אויסנאם דערפון זענען די מינסקער פועלי־ציון, וואָס האָבן זיך אויפגעלייזט אין יאָר 1907 און נאָך אייניקע נישט באַדייטנדע גרופן. געמיינזאם פאַר די פועלי־ציון פון פאַרשידענע לענדער זענען די הויפּט־פּרינציפּן, וואָס זענען פאָרמולירט געוואָרן אין אויגוסט 1907 אויף דער ערשטער וועלט־קאָנפערענץ פון דעם „אַלוועלטלעכן יידישן סאָציאַליסטישן ארבעטער־פאַרבאַנד פועלי־ציון" (אין האַאַג). די דאָזיקע פּרינציפּן זענען: דער „אַלוועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער אַרב. פאַרבאַנד פּוע"צ" נעמט אַרום די אַלע, וועלכע, שטייענדיק אויפן באָדן פון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע, שטרעבן צו פאָלגנדע צילן:

1) אָפּשאַפן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג און די קלאַסן־הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע דורך דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט און סאָציאַליזירן די פּראָדוקציאָנס־מיטלען.

2) צו דער טעריטאָריאַלער פאַרענטפערונג פון דער יידישער פראַגע דורך דעם שאַפן אַ דעמאָקראַטישע ייד. היים אין פּאַלעסטינע. אין יאָר 190 איז דער באַגריף „פּאַלעסטינע" פאַרברייטערט געוואָרן דורך די ווערטער און די שכנותדיקע לענדער". אין אַזאַ פאָרם איז דאָס פּראָגראַם פון פאַרבאַנד אַריינגעשטעלט אין דעם פּאַראַגראַף 1 פון זיין אָרגאַניזאַציאָנס־סטאַטוט.

די אַנטוויקלונג פון די פּוע"צ אין פאַרשידענע לענדער איז פאָרגעקומען אויפן פאָלגענדן אופן:

1) רוסלאַנד. די ערשטע פאַרזוכן צו שאפן אַ סינטעז צווישן די סאָציאַלע פּראָבלעמען פון אַרבעטער־קלאַס און דעם יידישן נאַציאָנאַ ן פּראָבלעם שטאַמען פון ד"ר נחום ס י ר ק י ן און ד"ר חיים ז ש י ט ־ אָ וו ס ק י.

דער ערשטער האָט אין אַ ריי רעפעראַטן און אַרטיקלען (די „יידן-פראַגע״ אין פערנעסטאָרפערס „דויטשע ווארטע״ וויך, 1898, אין „די יידן-פראַגע און דער סאָציאַליסטישער יידן־שטאַאט״), אויפגעהויבן די פראַגע וועגן סאָציאַליסטישן ציוניזם. דער צווייטער האָט זיך באַמיט, זייענדיק צו יענער צייט אַן עקסטרע־מער קעגנער פון ציוניזם, צו פאַרטיפן די נאַציאָנאַלע אידעען פון „בונד״ און האָט פאָרמולירט אין יאר 1899 (נומער 6 „אידישער אַרבעטער״ אָרגאַן פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד״) דעם געדאַנק וועגן שאפן אַן אַלוועלט־לעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַריינעמען יעד. סאָציאַליסטן פון אַלע לענדער.

צווישן פאַרשידענע אויפגאַבן פון דער אָרגאַניזאַציע האָט ער זיך אָפּ־געשטעלט אויף דער רעגולירונג פון דער יידישער עמיגראַציע (דער פראָיעקט פון צונויפרופן אַן אַלוועלטלעכן צוזאַמענפאָר פון ייד. סאָצ. אַרבעטער געפינט זיך אין האַנטשריפט אין זשענעווער אַרכיוו פון „בונד״). די אַגיטאַציע פון ד״ר סירקין און ד״ר זשיטלאָווסקי, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אויסלאַנד, האָט אָבער נישט געמאכט קיין גרויסן רושם אין רוסלאַנד. אומ־אָפּהענגיק פון איר זענען אין אייניקע פונקטן פון רוסלאַנד אַנטשטאַנען אַר־בעטער-אָרגאַניזאַציעס מיטן נאָמען „ציוניסטן סאָציאַליסטן פועלי־ציון״. די ערש־טע פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער אַגיטאַ־ציע פון בער באָראָכאָוו און פון באַקאַנטן פובליציסט שמעוני (ש. דאָ־בין) אין יעקאַטערינאָסלאַוו (ווינטער 1900—1901), אין איר זענען מיט אַמאָל אַריין 100 אַרבעטער, פריקאַזשטשיקעס און עקסטערנעס. פון איר ערשטן שריט האָט די נייע שטרעמונג אָנגעשטויסן זיך אויפן ווידערשטאַנד פון די אָפיציעלע ציוניסטישע קרייזן: דער באַפולמעכטיקער פון יעקאַטערינאָסלאַווער ראַיאָן, מ. מ. אוסישקין און דער שטאָטישער רב ש. ה. לעווין האָבן געפירט אַ קאַמף מיט ווערטער און מעשים קעגן דער פאַרייניקונג פון ציוניזם מיטן סאָציאַליזם. אָבער די באַוועגונג האָט זיך פאַרברייטערט וואָס אַמאָל מער און אין יאָר 1902—1901 זענען אנטשטאַנען אָרגאַניזאַציעס אין אָדעס, ווארשע, דווינסק, ווילנע, וויטעבסק און אין אַנדערע שטעט. די יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע פועלי־ציון האָט אָרגאַניזירט דעם ערשטן פאַרזוך פון זעלבסט־שוץ אין היינטיקן יאָרהונדערט. דאָס איז געשען בעת די פסח-אומרוען אין 1901 יאָר, די זעלבסט־שוץ האָט געהאַט קליינע צוזאַמענשטויסן מיט די כולי־גאַנעס, וועלכע האָבן זיך פאַרענדיקט אָן דער אַריינמישונג פון דער פאָליציי.

ד״ר סירקין האָט אַנטוויקלט אין דער בראָשור „א אויפרוף פון די ציו־ניסטן־סאָציאַליסטן צו דער יידישער יוגנט״ (לאָנדאָן־בערלין 1901) און אין זאמלבוך דער „המון״ (פאַרלאַג פון דער גרופע „חירות״, בערלין, 1903) דעם געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט פאַנאַנדערצוטיילן די ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע אַרבעט אין צוויי פאַרשידענע אָר־

גאַניזאַציעס. אָבער די דאָזיקע טעאָריע פון פּלעכן האָט נישט געהאַט קיין
דערפאָלג אין רוסלאַנד. דאָ איז פאַרשפּרייט און אָנגענומען געוואָרן די טעאָריע
פון „נישט פּראָלעטאַריזאַציע", דער אויטאָר פון וועלכער איז אומבאַקאַנט. זי
איז טיילווייז געווען פאָרמולירט אין רעפעראַט פון ה. ד. הורוויץ אויפן מינ־
סקער ציוניסטישן צוזאַמענפאָר און טיילווייז געוואָרן אָנגעצייכנט אין דער
בונדיסטישער ליטעראַטור („ביאַליסטאָקער אַרבעטער" נום. 4 און נום. 5, 1901
און „אַרבעטער שטימע" נום. 29). דער תוכן פון דער טעאָריע איז, אַז די
יידישע מאַסן, וועלכע ווערן אַרויסגעשטויסן דורך דער קאַפּיטאַליסטישער אַנט־
וויקלונג און עקאָנאָמישן אַנטיסעמיטיזם פון זייערע אַלטע פּאָזיציעס, געפינען
נישט קיין צוטריט צו דער גרויס־פּראָדוקציע. דאָס איז די סיבה פון דער
שטאַרקער ייד. עמיגראַציע און דאָס רופט אַרויס די נויטווענדיקייט צו קאָנ־
צענטרירן די יידן אויף אַ באַזונדער טעריטאָריע. אָננעמענדיק און אַנטוויק־
לענדיק די דאָזיקע טעאָריע, האָבן די פּוע"צ געהאַלטן די סאָציאַלע און נאַ־
ציאָנאַלע פּראָבלעמען פון די יידישע אַרבעטער פאַר אַזוי ענג צונויפגעבונדן,
אַז זיי האָבן נישט געקאָנט פאַנאַנדערטיילן זייער טעטיקייט אויף צוויי ריכ־
טונגען. אַלע פּוע"צ מיט דעם אויסנאַם פון דער מינסקער גרופּע, וועלכע איז
געשטאַנען אונטער דער פירונג פון בערגער און האָט לחלוטין אויסגעשלאָסן
פון איר פּראָגראַם דעם סאָציאַליזם און פּאָליטישן קאַמף אין גלות, האָבן
אַנערקענט דעם סאָציאַליזם פאַר זייער הויפּט־ציל, און זענען צוגעשטאַנען
צו דער באַפרייונגס־באַוועגונג פון די רוסלענדישע אַרבעטער. די אידייען פון
דער דאָזיקער פּאָליטישער שטרעמונג האָט אויסגעדריקט אין יאָר 1903 די לי־
טעראַרישע גרופּע „וואָזראָזשדעניע", וועלכע האָט אין יאָר 1904 אַרויסגעגעבן
אַ זשורנאַל מיט דעם זעלבן נאָמען. אין דער זעלבער צייט האָט די אָדע־
סער אָרגאַניזאַציע אַרויסגעגעבן די „ציוניסטישע אַרבעטער־כראָניק". די ווילי־
נער, יעקאַטערינאָסלאַווער, וואַרשעווער און אַנדערע פּוע"צ גרופּן האָבן אַנט־
וויקלט אַ ליטעראַרישע טעטיקייט, אַרויסלאָזנדיק בראָשורן און אויפרופן. אין
די יאָרן 1903—1905 האָט ביי די פּועלי־ציון געהערשט אַ שרעקלעכער אי־
דייען־פּלאָנטער. אַ טייל פון די פּוע"צ, געפינענדיק זיך אונטער דער ווירקונג
פון ד"ר הערצלס אוגאַנדאַ־פּראָיעקט, זענען דורכגעדרונגען געוואָרן מיט טע־
ריטאָריאַליסטישע שטרעמונגען. זיי האָבן זיך אויפן אָדעסער צוזאַמענפאָר אין
יאָר 1904 פאַרייניקט, אויסגעשלאָסן פון זייער פּראָגראַם פּאַלעסטינע און אָנ־
גערופן זיך „ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי" (ס. ס.), אָפּ־
וואַרפנדיק דעם נאָמען פּוע"צ — די „פּאַלעסטינצעס" (אַזוי האָט מען גערופן
די פּוע"צ, וואָס זענען געבליבן פּאַלעסטיניש געשטימט) האָבן זיך אין אויגוסט
1905 פאַראייניקט אויף אַ קאָנפערענץ אין ציריך אין אַ „יידיש. סאָצ. דעם
אַרבעטער־פּאַרטיי", נאָר זיי האָבן באַלד איבערגעלעבט אַ נייע שפּאַלטונג אויפן

באַדן פון דער אויפפּאַסונג פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין גלו . אַ טייל פּוע״צ (סיימאָווצעס), וועלכע זענען געשטאַנען אונטער דער פירונג פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע״, האָבן אָנערקענט די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע („סיים״) פאַר זייער הויפּט־ציל און האָבן זיך אינגיכן פולשטענדיק אָפּגעזאָגט פון טעריטאָריאַליסטישער און ציוניסטישער טעטיקייט; דער אַנדערער טייל („אָרטאָדאָקסן״), וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום ב. באָראָכאָוו, האָבן געלייגט דאָס הויפּט־געוויכט אויפן ציוניזם און אָנערקענט די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין גלות אַלס אַ צווייטקלאַסיקע אויפגאַבע. אויסער דעם האָבן די „אָרטאָדאָקסן״ געהאַלטן די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר אַ נישט גענוגנדע פאָרם צו באַשיצן די יידישע אינטערעסן אין גלות און האָבן עס דערגאַנצט מיט אַ ברייטער פאָדערונג פון „נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג״. זיי זענען זיך אויך פונאַנדערגעגאַנגען אין זייער קוק אויפן סאָציאַליזם: די „אָרטאָדאָקסן״ זענען געשטאַנען אויפן מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט און די „סיימאָווצעס״ האָבן גענייגט צום פאָלקס־סאָציאַליזם (נאַראָדניטשעסטוואָ). ביידע שטרעמונגען האָבן זיך ענדגילטיק געשפּאָלטן אויף דער דרום־מערבדיקער קאָנפערענץ אין דעצעמבער 1905 (בערדיטשעוו). די „סיימאָווצעס״ האָבן געבילדעט די „ייד. סאָצ. אַרבעטער־פּאַרטיי („סערפּ״), און די „אָרטאָדאָקסן״ האָבן אין פעברואַר 1906 געהאַט אַ אַלרוסישן צוזאַמענפאָר (אין פּאָלטאַווע), ווו עס איז באַשטעטיקט געוואָרן צוריק דער נאָמען „י. ס. ד. א. פּ. פּוע״צ״, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן נאָך אין ציריך. מיט דעם האָט זיך די עפּאָכע פון תהו־ובהו געענדיקט.

אין דער צייט פון דער צושפּליטערונג האָבן די פּוע״צ פאָרטגעזעצט זייער אָרגאַניזאַטאָרישע טעטיקייט, נעמענדיק אַ גרויסן אָנטייל אין דער באַפרייאונגס־באַוועגונג. אין די רייען פונם זעלבסטשוץ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך זיי בשעת די פּאָגראָמען אין די יאָרן 6—1905, זענען אין פאַרשידענע שטעט אַריין ביז אַכט טויזנט מאַן. פון די בערך 100 פּוע״צ, וואָס זענען געפאַלן אַלס קרבנות פון דער זעלבסטשוץ, וועלן מיר דערמאָנען: מענאַקער אין זשיטאָמיר, יוסף ברוך אין יעקאַטערינאָסלאַוו, גראָדזינסקי אין מאַריופּאָל, וועמענס טויט איז פאָרגעקומען ביי באַזונדערס טראַגישע אומשטענדן. אין 1906 האָבן די פּוע״צ אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „יעווריסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ״ אין פּאָלטאַווע (טיראַזש 6000 עקז.), אין [illegible] „פּאָסטאָיאַני״ (ב. באָראָכאָווס פּסעוודאָנים) האָט אַנטוויקלט די פּראָגראַמאַטישע גרונט־פּרינציפּן פון די רוסלענדישע פּוע״צ אין דעם אַרטיקל „אונזער פּלאַטפאָרם״. — דערנאָך האָבן זיי אין 7—1906 אַרויסגעגעבן די אָרגאַנען „מאָלאָט״, „פּראָלעטאַרישער געדאַנק״, „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט״, „פאָרווערטס״ און אַנדערע. די דאָזיקע אַלע אָרגאַנען זענען פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער אַדמיניסטראַציע און די רעדאַקטאָרן האָט מען אנגעקלאַגט צום

געריכט. דער אין יאר 1906 פארגעקומענער אַרעסט פון צענטראַל־קאמיטעט
און דער פּראצעס, וואס איז קעגן אים פאַרפירט געווארן (לויטן אַרטיקל 126
און 102), האבן די אַרבעט נישט אפגעשטעלט. אין יאר 1907 קומט זיך צו־
נויף אין קראקע דער צ ו ו יי ט ע ר צוזאַמענפאר פון דער פּאַרטיי, אויף
וועלכן עס זענען געווען פאַרטראטן ביז 16 טויזנט אַרבעטער און עס איז
אויסגעאַרבעט געווארן דאס אפיציעלע פּראגראַם פון דער פּאַרטיי.—די פּועֿ״צ
האָבן זיך באַטייליקט אין דעם באָיקאָט פון די וואַלן צו דער ערשטער דו־
מע; ביי די וואַלן צו דער צווייטער דומע האָבן זיי געהאַט „וויבאָרשטשיקעס״
(וואַל־מענער) אין אייניקע שטעט פון פּאָלטאַווער גוב., לאָדזש, ביזשני־נאָוו־
גאָראָד. די גרעסטע טעטיקייט האָבן די פּוע״צ אָרגאַניזאַציעס אַנטוויקלט אין
פּוילן, ווו אונטער זייער ווירקונג האָבן זיך געפונען אַ סך פּראָפ. פאַריינען.
נישט קוקנדיק אויפן דערגאָך פאָרגעקומענעם שטילשטאַנד פון געזעלשאַפט־
לעכן לעבן אין רוסלאַנד, אויף די מאַסן־אַרעסטן, פאַרשיקונגען און געריכט־
לעכע פאַרפאָלגונגען סיי קעגן איינצעלנע פּערזאָנען, סיי קעגן גאַנצע אָרגאַ־
ניזאַציעס, האָבן די פּוע״צ נישט אָפּגעשטעלט זייער אַרבעט. אין אָנהויב 1908
האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ זאַמלבוך „יוגנט־שטימע״ און אַ גאַנצע ריי בראָשורן.

די טעטיקייט פון די צענטראַלע אַנשטאַלטן האָט זיך איינגיכן אָפּגע־
שטעלט. אָבער אין אָנהויב פון 1909 איז אַ דאַנק דער ענערגיע פון בלומענ־
פעלד, וועלכער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין אָנהויב 1909 דאָס „אינפאָר־
מאַציאָנס־בלעטל״, געלונגען ווידער צונויפצובינדן די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און
גרופּן און צוזאַמענצורופן אין סעפּטעמבער 1909 אַ פּאַרטיי־קאָנפערענץ,
ווי אויך אַרויסצוגעבן אַן אָרגאַן „דאָס פרייע וואָרט״. אין אָנהויב פון זייער
אַנטוויקלונג זענען די פּוע״צ געשטאַנען מחוץ דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע,
דאָך באַטייליקט זיך דורך קויפן שקלים אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן. אָבער
אויף דער קאָנפערענץ אין 1909 האָבן די רוסישע פּוע״צ באַשלאָסן אַרויסצו־
טרעטן פון ציוניסטישן קאָנגרעס*). פון זייערע חברים אין אַנדערע לענדער
אונטערשיידן זיך די רוסישע פּועלי־ציון דורך שאַרפער אונטערשטרייכונג פון
זייער שטרענג־מאַרקסיסטישן און קלאַסן־שטאַנדפּונקט. זיי זאָגן זיך אויך אָפּ
פון יעדע דיפּלאָמאַטישע פּלענער. נישט לאַנג, אין 1911 האָבן די פּועלי־ציון
עפייערט דעם פינף־יאָריקן יובל פון דער פּאַרטיי און דעם צען־יאָריקן יובל
פון דער באַוועגונג.

---

*) אויף דער דאזיקער קאנפערענץ זענען פארטראטן געווען 21 גרופּן, פון 5 ביז 70 חברים אין יעדער גרופּע, צוזאמען — 390 פּארטיי־חברים. די דאזיקע ציפער דארף אונז נישט וואונדערן: מיט א יאר שפּעטער (אקט. 1910) זענען אויף דער 8־טער קאנפערענץ פון „בונד״ פארטראטן געווען, לויטן בונדישן אפיציעלן באריכט, בלויז 404 אַרבעטער.

2) עסטרייך. ווען מען זאָל נישט רעכענען די אומגעלונגענע און פּראָגראַמלאָזע פּרוּוון פֿון ד״ר ס. ר. לאַנדוי צו אָרגאַניזירן מיט דער הילף פֿון זיין אָרגאַן „דער יידישער אַרבעטער״ (אויף דייטש) אַן אַרבעטער־אָפּאָזיציע צו ד״ר הערצל איגערהאַלב פֿון ציוניזם, — מוז מען דאַטירן דעם פּראָלעטאַרישן ציוניזם אין עסטרייך פֿונם יאָר 1903. — נאָך אינם סוף פֿון די ניינציקער יאָרן האָבן עקזיסטירט אין קראָקע, לעמבערג, סטאַניסלאַוו, ווין און ברין ציוניסטישע פֿאַריינען פֿון אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וועלכע געהערנדיק אינגאַנצן צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן פֿונדעסטוועגן געפֿירט אַ זעלבשטענדיקן עקאָנאָמישן קאַמף קעגן די אונטערנעמער. אין די יאָרן 1899 און 1900 האָבן די דאָזיקע פֿאַריינען געהאַט באַזונדערע צוזאַמענפֿאָרן. ערשט אין 1903 לויט דער איניציאַטיוו פֿון פֿאַרשטאָרבענעם שאָר (אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער) האָט זיך אויף אַ צוזאַמענפֿאָר אין לעמבערג געבילדעט אַ גאַליצישער יידישער האַנדלס־אָנגעשטעלטער פֿאַרבאַנד, וואָס איז אַריינגעטרעטן אין פֿאַרבינדונגען מיט אַ גרופּע אין ווין, ווו דער סטודענט קאַרל האַן און דער האַנדלס־אָנגעשטעלטער ע. אָבערניק האָבן פֿון זומער 1903 אַרויסגעגעבן אויף דייטש אַן אָרגאַן „דער יידישער אַרבעטער״. דער דאָזיקער אָרגאַן פֿלעגט שוין אונטערשטרייכן, אַז די ציוניסטישע אַרבעטער זענען אין דער סאָציאַלער פֿראַגע און אין דעם עקאָנאָמישן קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַל גאַנץ אומאָפּהענגיק פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. לויט דער איניציאַטיוו פֿון דער דאָזיקער רעדאַקציע איז אין מאַי 1904 פֿאָרגעקומען אין קראָקע דער צוזאַמענפֿאָר פֿון די ציוניסטישע אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין עסטרייך; אויפֿן דאָזיקן צוזאַמענפֿאר איז געגרינדעט געוואָרן דער „פֿארבאַנד פֿון יידישע אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע „פּועלי־ציון״. אין גיכן איז דער „יידישער אַרבעטער״ אַריבערגעפֿירט געוואָרן קיין קראָקע, ווו ער פֿלעגט דערשיינען וועכנטלעך שוין אויף יידיש — צוערשט אונטער דער רעד. פֿון ש. קאַפּלאַנסקי, דערנאָך פֿון — ל. שוסהיים. דער „יידישער אַרבעטער״ איז עד היום דער צענטראַל־אָרגאַן פֿון די עסטרייכישע פּועלי־ציון; ער איז איצט, אין יאַנואַר 1912, אַריינגעטראָטן אינם ניינטן יאָר פֿון זיין עקזיסטענץ. צום יאָר 1908 איז דער „יידישער אַרבעטער״ אַריבערגעפֿירט געוואָרן קיין לעמבערג, ווו ער איז רעדאַגירט געוואָרן פֿון ל. כאַזאַנאָוויטש, דערנאָך פֿון זרובבל און י. שיפּער; איצט ווערט ער רעדאַגירט פֿון בערל לאָקער.

אין יאָר 1905 איז אין קראָקע אויפֿן צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די עסטרייכישע פּועלי־ציון אָנגענומען געוואָרן אַ פּאַרטיי־פּראָגראַם, וואָס איז פֿאָרגעשלאָגן געוואָרן דורך נתן גראָס (אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער).

אין די יאָרן 1904—1906 האָבן די פּוע״צ געפֿירט אַן אָנגעשטרענגטע

עקאָנאָמישע אָרגאַניזירונגס-אַרבעט. אונטער זייער אָנפירונג זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט פולן דערפאָלג צאָלרייכע שטרייקן, פון וועלכע מיר וועלן דער־מאָנען — דעם שטרייק פון די פאָזומענטירער אין טשערנאָוויץ, פון די שוס־טער אין רזשעשאָוו, פון די האנדלס-אָנגעשטעלטע אין סטאַניסלאַוו, פון די וועבער אין קאָסאָוו, דעם אָריגינעלן שטרייק פון די באַהעלפער אין קראָקע, און די אַלגעמיינע אקציע פאַר די 8 אַזייגערדיקע שלוס-צייט (פאַרן פאַרמאַכן די געוועלבער 8 אַ זייגער אין אָוונט).

אויפן ד ר י ט ן צ ו ז אַ מ ע נ פ אָ ר (אָקט. 1906 אין לעמבערג) האָבן די פוע״צ אָנגענומען דעם נאָמען „יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פאַרטיי פועלי־ציון״ און אַריינגענומען אינם פראָגראַם, לויט אַ פראָיעקט וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך ש. קאַפלאַנסקי, סאָציאַליזם און פּאָליטישן קאַמף פאַר דעמאָקראַטיזירונג און פאַר נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין עסטרייך. זייענדיק די ערשטע אין דער צייט און די איינציקע לויט איר אַנטשידנקייט נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער, האָבן די עסטרייכישע פועלי־ציון נאָך פאַר דעם דריטן פאַרטיי־טאָג גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם קאַמף פארן אַלגעמיינעם וואַל-רעכט (הערבסט 1905), אָרגאַניזירנדיק לטובת דער דאָזיקער פאָדערונג אין פאַרשידענע שטעט אַריי פון דעמאָנ־סטראַציעס און 270 מאַסן־פאַרזאַמלונגען. צום אונטערשייד פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן די פועלי־ציון דערגאַנצט די דאָזיקע פאָ־דערונג דורך אַ פונקט וועגן פראָפּאָרציאָנעלער פאָרשטייערשאַפט פאַר יידן. ווען דער פירער פון די אַסימילאַנטן, דעפּ. ב י ק האָט צונויפגערופן אין לעמבערג אין פעברואַר 1906 אַ קאָנפערענץ פון די יידישע קהלות מיטן צוועק צו קעמפן קעגן דעם אַלגעמיינעם וואַל-רעכט און די יידישע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, האָבן די פועלי־ציון געשטורעמט דעם לאָקאַל, ווו די קאָנפע־רענץ איז פאָרגעקומען, און געצוווּנגען זי זיך צונויפצוגיין. דאָס האָט אַרויסגערופן קעגן פועלי־ציון אַדמיניסטראַטיווע רדיפות. זייער „פאַרבאַנד״ איז, לויט אַ פאַראָרדנונג פונם גאַליצישן שטאַטהאַלטער, פאַרמאַכט געוואָרן און זיין פאַרמעגן איז געווען קאָנפיסקירט. אָבער נאָך אַ חודש האָט זיך די פּוע־לי-ציון איינגעגעבן צו גרינדן אַ נייעם פאַרבאַנד אונטערן נאָמען „אַלגעמיי־נער יידישער אַרבעטער־פאַרבאַנד״, וועלכער האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1910, ווען די פוע״צ האָבן אים אַליין ליקווידירט, געפינענדיק פאַר נויטיק צו אָר־גאַניזירן די אַרבעטער לויט באַזונדערע פראָפעסיעס. — אין די פאַרלאַמענט־וואַלן פונם יאָר 1907 האָבן די פועלי־ציון אונטערשטיצט די סאָצ. דעמאָקראַ־טישע קאַנדידאַטן דאָרט, ווו די ציוניסטן האָבן נישט געהאט קיין אייגענע קאנדידאטן; אין די איבעריקע וואַל-קרייזן האָבן זיי אונטערשטיצט די ציוניסטן. אָבער בעת די ציוניסטן האָבן אין 1905 געגרינדעט די „יידישע

נאַציאָנאַלע פאַרטיי", האָבן די פועלי-ציון דערקלערט דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער דאָזיקער פאַרטיי, אַז זיי, אַלס אַ סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע בלייבן מחוץ איר. צו יענער צייט האָט אויף דער אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג פון די עסטרייכישע פועלי-ציון געהאַט אַ גרויסע ווירקונג די מינדלעכע אַגיטאַציע פון ד"ר ד. פאַסמאַניק און זיין בראָשור „די טעאָריע און פראַקטיק פון פועלי-ציון" (1906).

דער פערטער צוזאַמענפאָר (יוני 1908 אין לעמבערג) האָט אָנגענומען אַן אַרבעטס-פראָגראַם פאַר די יידישע קהילות. אויפן סמך פון דאָזיקן פראָגראַם באַטייליקן זיך די פועלי-ציון אין די קהילה-וואַלן; ערשט דאָ נישט לאַנג, דעם 3-טן יאַנואַר 1912, האָבן זיי דורכגעפירט דעם פועלי-ציוניניסט ד"ר העלער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יאַראָסלאַווער קהלה.

אין דעם זעלבן יאָר 1908 האָבן די פועלי-ציון אויפגעהויבן אין לאַנד אַ ברייטע קולטור- און בילדונגס-באַוועגונג. זיי זענען אַריין אין פאַרבינדונג מיט ד"ר נ. בירנבוים מיטן צוועק צונויפצורופן אַ קאָנפערענץ פון יידיש-שרייבנדע ליטעראַטן; די דאָזיקע קאָנפערענץ איז מיט דער הילף פון פוע"צ אָרגאַניזירט געוואָרן אין טשערנאָוויץ.

ווען דער פירער פון דער עסטרייכישער ס. ד., ד"ר וויקטאָר אַדלער, האָט אַריינגעטראָגן אין יאָר 1910 אין פאַרלאַמענט אַ געזעץ-פּראָיעקט וועגן רעגירונגס-שטיצע פאַר די שולן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און אויסגעשלאָסן דערביי די יידן פון דער צאָל אָנערקענטע נאַציעס, האָבן די פועלי-ציון אָרגאַניזירט קעגן דער דאָזיקער אויסשליסונג אַ מאַסן-פראָטעסט פון די יידישע אַרבעטער.

דער פינפטער צוזאַמענפאָר (אָקט. 1910, לעמבערג) איז געווען אינגאַנצן געווידמעט דער פראַגע וועגן דער פראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע פון די האַנדלס-אָנגעשטעלטע (וועלכע האָבן צוליב דער אייגנאַרטיקער עקאָנאָמישער סטרוקטור פונם יידישן פראָלעטאַריאַט אין גאַליציע, פאַרנומען אין דער עסטרייכישער פאַרטיי דעם ערשטן פּלאַץ). נאָך דערפאָלגלאָזע פאַרהאַנדלונגען מיטן באַשטייענדן אַלעסטרייכישן פאַריין פון האַנדלס-אָנגעשטעלטע וועגן אָנערקענען די נאַציאָנאַל-קולטורעלע נויטן פון די יידישע מיטגלידער, האָבן די פוע"צ געגרינדעט אַ זעלבשטענדיקן „פאַרבאַנד פון יידישע האַנדלס-אָנגעשטעלטע", וואָס ציילט אין איצטנקן חודש (יאַנואַר 1912) — 1200 מיטגלידער און גיט אַרויס אַן אָרגאַן „דער יידישער האַנדלס-אָנגעשטעלטער". די עקשנותדיקע פאַרטיידיקונג פון 8-שעהדיקן אַרבעטס-טאָג האָט געבראַכט דעם דאָזיקן פאַרבאַנד אין פיל שטעט צו שאַרפע צוזאַמענשטויסן מיט די באַלעבאַטים און דער פאָליציי, באַזונדערס אין סטאַניסלאַוואָו, ווו פאַר אומרוען זענען פיל פוע"צ אַרעסטירט געוואָרן.

די פֿאָלקסצײלונג פֿון 31־טן דעצעמבער 1910 האָט געגעבן די פּוע״צ די געלעגנהײט אױפֿצוהײבן אַ ברײטע פֿאָלקס־באַװעגונג לטובֿת דער אָפֿיציעלער אָנערקענונג פֿון ייִדיש. זײ האָבן אָרגאַניזירט אַרום דער פֿראַגע עטלעכע הונ־דערט פֿאַרזאַמלונגען (אין לעמבערג, קראָקע, טשערנאָװיץ, קאָלאָמײ מיט 3000—4000 אָנטײלנעמער) און גאַסן־דעמאָנסטראַציעס. פֿאַר די פּאַרלאַמענט־װאַלן פֿון יאָר 1911 האָבן זײ צונױפֿגערופֿן (אין מאַי, לעמבערג) אַן אױסעראָרדענטלעכן צוזאַמענפֿאָר, כּדי אױסצואַרבעטן טאַקטישע דירעקטיװן פֿאַר די װאַלן. דאָס מאָל האָבן די פּוע״צ אונטערשטיצט אומעטום די ס. ד., אױסער דעם דריטן לעמבערגער װאַל־קרײז, װוּ זײ האָבן אונטערשטיצט דעם ציוניסט אַדאָלף שטאַנד קעגן דעם עקסטרעמען אַסימילאַטאָר ד״ר דיאַמאַנד (פּ. פּ. ס.).

צו דער צײט פֿונעם פֿינפֿטן צוזאַמענפֿאָר האָט די פּאַרטײ געצײלט 3940 מיטגלידער. אַ חוץ דעם שטײען צו איר צו — דער „פֿאַרבאַנד פֿון יוגנטלעכע אַרבעטער" (געגרינדעט אין יאָר 1905), װאָס צײלט העכער 1500 חברים און גיט אַרױס פֿון יאָר 1906 דעם זשורנאַל „דער ייִדישער יוגנטלעכער אַרבעטער" (לעמבערג), און דער „סטודענטן־פֿאַרבאַנד", װאָס גיט אַרױס פֿון יאָר 1909 אױף פּױליש דעם זשורנאַל „נאַשע האַסלאָ". די טשעכישע פּועלי־ציון (װאָס גײען אַרײַן אין דער עסטרײַכישער פּאַרטײ) גיבן אַרױס זינט יאָר 1911 אין פּראָג „זשידאָװסקי לודאָװי ליסטי".

פֿון דער רײן־ציוניסטישער טעטיקײט פֿון די עסטרײַכישע פּועלי־ציון פֿאַרדינט אַ באַזונדערע אױפֿמערקזאַמקײט זײער אַגיטאַציע פֿאַר קאָאָפּעראַטיװע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, װעמענס פּרינציפּן זײ האָבן אָנגענומען (לױטן פּלאַן פֿון פּראָפֿ. פֿר. אָפּענהײמער) נאָך אױף זײער צװײטן פּאַרטײ־טאָג (1905). אַ דאַנק זײערע פֿאָדערונגען האָט דער װעלט־פֿאַרבאַנד פֿון פּועלי־ציון אונטער־געשטיצט די דאָזיקע אידײ און געהאָלפֿן איר אָנערקענונג דורכן 8־טן און 9־טן ציוניסטישן קאָנגרעס.

נישט קוקנדיק אױף די באַמיונגען פֿון די רוסישע ס. ס. האָבן די טע־טאָריאַליסטישע אידײען נישט געפֿונען קײן גינסטיקן באָדן צװישן די עסטרײַ־כישע פּוע״צ.

3) **פֿאַרײניקטע שטאַטן.** דאָ האָט זיך די באַװעגונג אָנגעהױבן אין יאָר 1905; אָבער שױן אױף דער ערשטער קאָנפֿערענץ (אַפּריל 1905) איז פֿאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אױפֿן יסוד פֿון די טעריטאָריאַליסטישע אידײען. אַ טײל פֿון די פּועלי־ציון האָט אָנגענומען דעם נאָמען „סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַ־ליסטן"; אַן אַנדערער טײל, די „פּאַלעסטינצעס", אָנגעפֿירט פֿון אַװרונין, ראָ־זאָװסקי און אַפּעלבױם, האָבן געגרינדעט די „ייִדישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטײ פּועלי־ציון אין די פֿאַרײניקטע שטאַטן און קאַנאַדע". איר ערשטער צוזאַמענפֿאָר איז פֿאָרגעקומען אין יאָר 1906 אין פֿילאַדעלפֿיאַ, װוּ ס'איז אױס־

געאַבעט געוואָרן דאָס פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי. אין דער זעלבער צייט האָט קלעמענס מרמר געגרינדעט דאָס פּאַרטיי־וואָכנבלאַט „יידישער קעמפער". נאָך זיין אָפּשטעלונג אין יאָר 1908 צוליבן עקאָנאָמישן קריזיס, איז ער אין יאָר 1910 ווידער דערשינען, צוערשט אונטער דער רעדאַקציע פון ש. וואַלדשטיין און דערנאָך אונטער דער רעדאַקציע פון ל. כאַזאַנאָוויטש. אין יאָר 1911 איז דער „יידישער קעמפער" ווידער אָפּגעשטעלט געוואָרן. אין אַמעריקע איז פּועלי־ציון די איינציקע איינפלוסרייכע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטער. זייער אָרגאַן דער „ייד. קעמפער" האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע צווישן דער יידישער יוגנט, גרופּירנדיק אַרום זיך אַ ריי פון טאַלאַנטפולע שריפטשטעלער (ש. ניגער, זשיטלאָווסקי, זאר א. אַנד.); צווישן זיינע נאָענטע מיטאַרבעטער זענען געווען די פּאָעטן א. וואָלינער (ל. לאַנדוי) און יהואש (ס. בלומענגאַרטען). אַ דאַנק דעם האָט זיך אין סוף 1909 טיילווייז איינגעגעבן צו פּאַרווירקלעכן די פאַראייניקונג פון דער גאַנצער יידישער סאָציאַליסטישער יוגנט. די אַמעריקאַנער סיימיסטן מיט ד"ר זשיטלאָווסקי בראש און די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן אונטער דער אָנפירונג פון ד"ר סירקין און ב. צוקערמאַן זענען נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען אַריינגעטרעטן אין דער פּועלי־ציוניסטישער פּאַרטיי (פאַראייניקונגס־קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ).

לויטן באַשלוס פון דער שיקאגער קאָנווענשאָן איז אין יאָר 1910 געגרינדעט געוואָרן דער יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד „Jewish National Labour Alliance", וואָס גיט זיך בעיקר אָפּ מיט קעגנזייטיקער הילף. ער ציילט (אויף זיין צווייטער קאָנווענשאָן פון 1911) 1500 מיטגלידער, וואָס זענען צעטיילט אויף 50 אָרטיקע סעקציעס (בראַנטשעס) און פאַרמאָגט אַ רעזערוו־קאַפּיטאַל פון 5000 דאָלאַר. דער נ. א. פ. האָט אַריינגעפירט אַ רעפאָרם אין דער טראַדיציאָנעלער סיסטעם פון קעגנזייטיקער הילף דערמיט, וואָס ער איז געגרינדעט אויף וויסנשאַפטלעך־מאַטעמאַטישע יסודות. דאָס דאָזיקע סיסטעם איז זיין מעלה אין פאַרגלייך מיט די פּרימיטיווע מעטאָדן פונם אַלטן „אַרבעטער־רינג", פון וועלכן ער אונטערשיידעט זיך אויך מיט דער נאַציאָנאַלער ריכטונג פון זיין קולטורעלער אַרבעט.

בהסכם מיטן באַשלוס פון דער 5־טער קאָנווענשאָן (מאָנטרעאָל, דעצ 1910) האָבן זיך די פּועלי־ציון גענומען צו גרינדן „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן" פאַר קינדער פון שול־עלטער. די ערשטע אַזעלכע שול, וואָס ציילט ביי היינטיקן טאָג 100 תלמידים, איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו־יאָרק. נאָך איר האָבן באַלד געפאָלגט די שולן אין ראטשעסטער און מאָנטרעאָל. אין די דאָזיקע שולן ווערט געלערנט העברעיש (לויטן סיסטעם „עברית בעברית"), יידיש, יידישע ליטעראַטור, די געשיכטע פון רעליגיע, פּאָעזיע א. אז. וו. דער דאָזיקער אָריגינעלער א יפטו האָט צוגעצויגן צו זיך געזעלשאַפטלעכע סימפּאַטיעס,

און ערשט נישט לאַנג האָט דער איינפלוסרייכער „פאַרבאַנד פון די גאַליצישע און בוקאָווינער יידן" רעאָרגאַניזירט זיין תלמוד־תורה אין הסכם מיט אייניקע פּרינציפּן פון די פּועלי־ציוניסטישע שולן.

די פּועלי־ציון זענען אין פיינטלעכע באַציונגען צו דער אַמעריקאַנישער „סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי"", צוליב איר אַנטי־אימיגראַציאָנס־פּאָליטיק; זיי האָבן באַציונגען בלויז מיט דער „סאָציאַליסטישער פּאַרטיי". מיט דער הילף פון פּוע"צ איז אין מילוואָקי דורכגעגאַנגען אין יאָר 1910 דער סאָציאַליסטישער צעטל צו די מוניציפּאַליטעט־וואַלן און ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אלס לאָרד־מער דער סאָציאַליסט זיידל. אין די פּאַרלאַמענט־וואַלן פון יאָר 1910 האָבן די פּועלי־ציון אין ניו־יאָרק שטאַרק געשטיצט די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטור פון מאיר לאָנדאָן.

זייער לעצטער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער 1911 אין פילאַדעלפיאַ.

4) **פּאַלעסטינע.** די פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז דאָ אַנט־שטאַנען אין יאָר 1905. דער ערשטער צוזאַמענפאָר, ווו ס'איז אָנגענומען גע־וואָרן דער נאָמען פון דער פּאַרטיי — יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבע־טער־פּאַרטיי (פּועלי־ציון) — איז פאָרגעקומען אין פרי־יאָר 1906. אויף אים איז דעמאָלט אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך י. בן־צבי דאָס פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי. די טעטיקייט פון די פּועלי־ציון אין א"י דריקט זיך אויס אין אַליער־לעכער — לחלוטין נייער פאַרן מזרח — פייערונג פון 1-טן מאַי, און אין עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. (דער שטרייק פון די ווײַן־אַרבעטער אין ראשון לציון אין יאָר 1907, דער לאָקאַוט פון די דרוקער אין ירושלים אין יאָר 1908 און אַנד.) דורך דער פּאַרטיי איז געגרינדעט גע־וואָרן אַ ריי פּראָפ. פאַריינען אין יפו און ירושלים. די קולטורעל־אויפקלערנדע טעטיקייט פון דער פּאַרטיי האָט זיך אויסגעדריקט אין דער שאַפונג פון פאַר־לאַג „אחדות" (זייט 1908) און אין דער אויסגאַבע פון די אָרגאַנען „אָנפאַנג" אין 1907 און „האחדות" זייט 1910. ביי היינטיקער צייט דערשיינט דער „האחדות" אַלס וואָכנבלאַט אונטער דער רעדאַקציע פון בן־צבי, זרובבל, רחל גאָלדין, בן־גוריון און י. ח. ברענער. לויט דער איניציאַטיוו פון פּועלי־ציון איז געשאַפן געוואָרן דער אומפּאַרטייאישער פּראָפ. פאַריין פון די קאָלאָניאַלע וועכטער „השומר", וועלכער האָט איבערגענומען די אָפּהיטונג פון די קאָלאָניעס קעגן די ן באַפאַלן פון די אַראַבישע שכנים. ס'זענען געמאַכט געוואָרן אויך פּרוּוון צו אָרגאַניזירן די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער (החורש) און שאַפן אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון אין שטאָט און אין דאָרף. צווישן די קרבנות פון די אָפטע צו־זאַמענשטויסן מיט די בעדואינער זענען פאַראַן אויך נישט ווייניק פּועלי־ציון (שווייגער און אַנד.). אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ איז דער פּועלי־

ציוניסטישער פּאַרטיי אויסגעקומען צו פירן אַ שטענדיקן קאַמף קעגן דער אָרגאַניזאַציע „הפּועל הצעיר", וואָס ווערט געשטיצט פון די בורזשואַזע ציוניסטן. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האַלט פאַר נויטיק אַרויסצושטופּן די אַראַבישע אַרבעטער. צוליב דעם האָט זי געפּרעדיקט, אַז יידישע אַרבעטער זאָלן זיך אָפּזאָגן פון קלאַסנקאַמף אינערהאַלב פונם יידנטום. אין קעגנזאַץ דערצו לייגן די פּועלי־ציון דאָס גרעסטע געוויכט אויף דער קלאַסן־סאָלידאַריטעט צווישן די יידישע און אַראַבישע אַרבעטער און האַלטן, אַז דער קלאַסנקאַמף פאַר דער פאַרבעסערונג פון די אַרבעטס־באַדינגונגען איז מסוגל צו פאַרשטאַרקן די פּאָזיציעס פון יידישער אַרבעט אין פּאַלעסטינע. ביי היינטיקן טאָג באַמערקט זיך מצד דעם „הפּועל־הצעיר" אַ געוויסע דערנענטערונג צו דער פּאָזיציע פון פּועלי־ציון, וועלכע האָבן פון זייער זייט זיך אָפּגעזאָגט פון געוויסע עקסטרעמע קאָנסעקווענצן פונם אורשפּרינגלעכן שטאַנדפּונקט.

ביי היינטיקן טאָג פאַרנעמט זיך די פּאַרטיי מיט דער אָרגאַניזירונג פון די יידישע אַרבעטער (ספרדים) פון אַנדערע טערקישע פּראָווינצן און פירט פאַרהאַנדלונגען מיט אַנדערע סאָציאַליסטישע גרופּן אין טערקיי וועגן דער גרינדונג פון דער אָטאָמאַנישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אויף נאַציאָנאַל־פּעדעראַליסטישע יסודות.

די פּאַרטיי ציילט ביי היינטיקן טאָג אַרום 300 מיטגלידער; איר לעצטער 7־טער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער 1911.

5) **אַרגענטינע.** אַ פּועלי - ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט אין בוענאָס-איירעס פונם יאָר 1907. אַ גרויסע אויפלעבונג האָט אין איר אַרויסגערופן אינם יאָר 1909 די אַגיטאַציאָנס-נסיעה פון ל. כאַזאַנאָוויטש, וועלכער האָט געגרינדעט דעם פּאַרטיי-אָרגאַן „ברויט און ערד". די פּועלי-ציון, מיט וועלכע ס'האָבן זיך פאַרייניקט אינם יאָר 1909 די אָרטיקע ס. ס., האָבן דורכגעפירט אַ געלונגענע קאַמפּאַניע קעגן די פרויען-הענדלער, וואָס האָבן באַהערשט די קהלה און דעם יידישן טעאַטער אין בוענאָס-איירעס. דורך אַ רייע פון דעמאָנסטראַציעס און מיטינגען האָט זיך איינגעגעבן צו דערגרייכן צום דורכפאַל פון די באַזיצער פון עפנטלעכע הייזער ביי די וואַלן אין קהלה — און אַרויסרייסן פון זייערע הענט דעם טעאַטער.

אין יאָר 1909 האָט כאַזאַנאָוויטש דורכגעפירט אַ רייזע איבער די יידישע קאָלאָניעס און אָרגאַניזירט אומעטום די קאָלאָניסטן צום קאַמף קעגן די מיסברויכן פון דער „יקא"-אַדמיניסטראַציע. רעזולטאַטן פון זיינע אויספאָרשונגען האָט ער פאַרעפנטלעכט אינם בוך „דער קריזיס פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און דער באַנקראָט פון דער „יקא"-אַדמיניסטראַציע" (לעמבערג 1910, — יידיש און דייטש). די דאָזיקע טעטיקייט האָט אַרויסגערופן קעגן די פּועלי-ציון אינטריגעס, וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז די אַרגענטינישע רעגי־

רונג האָט אויפן סמך פונם באַלאַגערונגס-צושטאַנד, וואָס איז איינגעפירט גע-
וואָרן אין סוף 1909, אַרעסטירט לויט אַ מסירה פון „יקא״-אַדמיניסטראַציע
כאַזאַנאָוויטשן און אָפּהאַלטנדיק אים אַ לענגערע צייט אין מיליטער-געפענגע-
ניש, אַרויסגעשיקט קיין איירָאָפּע. דעמזעלבן גורל האָט דערליטן אין יאָר 1910
דער נאָכפאָלגנדער רעדאַקטאָר פון „ברויט און ערד״ ז. סאַרקין.
פון יענער צייט אָן איז די פועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, צעבראָכן
דורך רדיפות פון דער רעגירונג, אין צושטאַנד פון ירידה. דער אָרגאַן איז
פאַרמאַכט.

6) אַנדערע לענדער. אין ע נ ג ל אַ נ ד עקזיסטירט די באַוועגונג
פון 1905 אָן, ווען ק. מרמר האָט אַרויסגעגעבן „די יידישע פרייהייט״. אין
1910 איז אונטער דער רעדאַקציע פון ר. קענדזשערסקי דערשינען „אונזער
שטימע״ (ביידע אין לאָנדאָן). אויפן צוזאַמענפאָר אין 1911 זענען געווען פאַר-
טרעטן בערך 400 מיטגלידער. דער פירער פון דער אָרגאַניזאַציע איז ג. מ י-
ל ע ר (לידס).

אין ר ו מ ע נ י ע עקזיסטירט די באַוועגונג פונם יאָר 1907. צוליב מסירה
פון בירגערלעכע ציוניסטן שליסט די רעגירונג כסדר אויס פועלי-ציוניסטישע
סטודענטן פון די לערן אַנשטאַלטן און שיקט אַרויס פועלי-ציוניסטישע אַרבע-
טער פונם לאַנד (צום ביישפּיל די אַרויסשיקונג פון מאַגילעסקו פון גאַלאַץ אין
1909). די רדיפות טאָרמאָזירן שטאַרק די אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג. איר
אָנפירער איז ס. ל אַ ז אַ ר פון יאַסי.

אין ב ו ל ג אַ ר י ע גיט אַרויס די פועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין
פיליפּאָפּאָל (געגרינדעט אין 1910) אַ פאַרטיי-אָרגאַן „פּראַבודאַ״ אויף בולגאַ-
ריש, וואָס דערשיינט צוויי מאָל אין חודש. אין לויף פון יאָר 1911 זענען אַנט-
שטאַנען פועלי-ציוניסטישע גרופּן אין סאָפיאַ און אַנדערע שטעט, ווי אויך
אין סאַלאָניקי (מאַקעדאָניע). דער איניציאַטאָר און פּראָפּאַגאַנדיסט פון פועלי-
ציוניסטישע אידייען אין בולגאַריע איז דער האַנדלס-אָנגעשטעלטער ל. מ ע-
נ אַ כ ע מ אָ וו.

די פועלי-ציון אָרגאַניזירן יידישע אַרבעטער (ספרדים) אויפן באָדן פון
עקאָנאָמישע אינטערעסן; זיי האָבן זיך אויך באַטייליקט אין די פאַרלאַמענטס-
וואַלן פון 1911, אונטערשטיצנדיק די „פאַרייניקטע סאָציאַליסטן״ און אַ פּאָר
פערזענלעכע ציוניסטישע קאַנדידאַטורן. מיט די „ענגע״ זענען זיי אין פיינט-
לעכע באַציונגען.

קלענערע פועלי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס עקזיסטירן אויך אין פ אַ ר י ז
(פון 1906), אַ נ ט וו ע ר פּ ן (פון 1907) און אין אייניקע אַנדערע אינדוסטריע-
לע און סטודענטישע צענטערן פון מערב-איירָאָפּע.

7) ד ע ר וו ע ל ט-פ אַ ר ב אַ נ ד פ ו ן פ ו ע ל י-צ י ו ן איז געגרינדעט

געוואָרן אין אויגוסט 1907 אויף דער ערשטער וועלט־קאָנפערענץ אין האַאַג ווו ס'איז פאַר אים באַשטימט געוואָרן דער נאָמען: „אַלוועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרבאַנד פועלי־ציון". דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ (זיץ — ווין) האָט אין יאָר 1909 געגרינדעט דעם „פאַלעסטיגע־אַרבעטער־פאָנד", וועמענס צוועק איז (§ 1 פון זיין סטאַטוט) — מיטצוהעלפן דער "איינוואַנדערונג פון „יידישע אַרבעטער קיין א"י און זייער איינוואָרצלונג אין לאַנד". דער פ. א. פ. אָרגאַניזירט אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָען, די אַרבעטס־פאַרמיטלונג און אונטערשטיצט די פאָליטישע, קולטורעלע און עקאָנאָמישע באַוועגונג פון די א"י־דיקע אַרבעטער; זיין הילף גיט ער בלויז קאָלעקטיווע אונטערנעמונגן אָבער בשום אופן נישט איינצעלנע פערזאָנען. — די צווייטע וועלט־קאָנפערענץ (קראָקע, דעצ. 1909) האָט אָנגענומען דעם סטאַטוט פון פ. א. פ.; די דריטע (ווין, יולי 1911), אויף וועלכער ס'זענען פאַרטראָטן געווען רוסלאַנד, עסטרייך, פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, ענגלאַנד, פאַלעסטינע, רומעניע און בולגאַריע, האָט אַסיגנירט פון די סומען פון פ. אַ. פ. געוויסע מיטלען אויף שאַפן אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָען אין א"י. זייט דער דריטער קאָנפערענץ האָט דאָס פ. ב. זיינע אָפטיילונגען אין ווין, ירושלים, קאָנסטאַנטינאָפאָל און סאַלאָניקי. די אַלוועלטלעכע קאָנפערענצן קומען פאָר יעדע צוויי יאָר; די שפּראַך פון פאַרבאַנד איז יידיש אין די גלות־לענדער, העברעיש — אין פאַלעסטינע. דער יערלעכער מיטגלידס־בייטראַג פונם פאַרבאַנד (30 קאָפּ) ווערט אַריינגעטראָגן דעם 1־טן מאַי (מאַי־שטייער). בעת די אָרטיקע פאָליטיק איז איבערגעלאָזט דער קאָמפעטענץ פון די איינצעלנע לאַנדעס־פאַרטייען, ווערט די געמיינזאַמע פאָליטיק פון פועלי־ציון אין אַלע לענדער געפירט דורך דאָס פ. ב., וואָס פאַרטרעט פאָליטיש די באַוועגונג פאַר דער אויסערלעכער וועלט און פירט אָן מיט דער פאַרוואַלטונג פון פ. אַ. פ.

אין מערץ 1907 האָבן די רוסישע, עסטרייכישע און אַמעריקאַנישע פועלי־ציון פאָרגעשלאָגן געמיינזאַם דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָצ. ביוראָ (ברויסעל) צו געבן זיי אַ באַזונדערע פאָרשטייערשאַפט אינם אינטערנאַציאָנאַל, אומאָפּהענגיק פון די עקזיסטירנדע מלוכה־סעקציעס. אין אָקט. 1908 האָט דאָס פאַרבאַנד־ביוראָ אַריינגעטראָגן אַ פּראָיעקט וועגן אָנערקענען די יידישע נאַציאָנאַליטעט און שאַפן אַ יידישע סעקציע אינם סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל. דער דאָזיקער פאָרשלאַג האָט באַגעגנט אַ ווידערשטאַנד מצד דעם בונד; דערפאַר אָבער זענען צו די פועלי־ציון אין דער פראַגע צוגעשטאַנען די ציוניסטן סאָציאַליסטן און די סיימיסטן (סערפּ), וועלכע האָבן געמיינזאַם מיטן וועלט־פאַרבאַנד פון פועלי־ציון אויסגעאַרבעט אין יאָר 1911 פאַרן אינטערנ. סאָצ. ביוראָ אַ מעמאָראַנדום וועגן דער שאַפונג פון אַ יידישער סעקציע.

ב. באָראָכאָוו

ליטעראַטור. אויסער די פּרעסע־אָרגאַנען און בראָשורן, וואָס זענען אָנגעוויזן אין טעקסט, זענען פאַראַן געוויסע ידיעות וועגן פּועלי־ציון אין דער בונדישער ליטעראַטור; באַריכטן פון צוזאַמענפאָרן, אַלוועלטלעכע קאָנפערענצן און אַנדערע געשעענישן אין „די וועלט" און „וואַרהייט" (נ. י.); „דאָס יידישע פאָלק" (נ. י.), „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן", „ראַזסוויעט", „כראָניקאַ יעוור. זשיזני", „יעווריעיסקאָיע אָבאָזרעניע (ספּ"ב), „העולם", „השלח" און אנד.

וועגן דעם אָנטייל פון פּוע"צ אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג זע „פּראָפעסיאָנאַלני וויעסטניק" (ספּ"ב). וועגן זייער אָנטייל אין זעלבסטשוץ און זייערע קרבנות — „די יידן־פּאָגראָמען אין רוסלאַנד" בערלין 1910, 2 בענדער (דייטש). — וועגן די פּועלי־ציוניסטישע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן אין אַמע־ריקע — אברהם רייזינס זשורנאַל „דאָס נייע לאַנד" נ. י. 1911. — די מיינו־נגען פון פּועלי־ציון וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע און ציוניזם — אין באָראָ־כאָווס בראָשור: „די קלאַסן־מאָמענטן אין דער נאַצ. פראַגע", אָדעס 1906 (יידיש — ווילנע 1906). אין די אַרטיקלען פון כתריאל (ל. כאַזאַנאָוויטש) און ש. קאַפּלאַנסקי אינם זמלבוך „יוגנט־שטימע" (ווילנע 1908). און „יידישער אַלמאַנאַך" (דייטש, — ווין, 1910). — די קריטיק פון פּועלי־ציוניזם פון בונדישן שטאַנד־פּונקט איז אנטהאַלטן אין מ. אנינס אַרטיקל אין „יידישער אלמאַנאַך" (דייטש) נ. סירקינס אַרטיקלען אין זשורנאַל „דער נייער וועג" (1907) אַ קריטיק מצד דעם „הפּועל הצעיר" איז פאַראַן אין צאָלרייכע אַרטיקלען פון זשורנאַל „הפּועל הצעיר" (ירושלים).

# פון פּאָלטאַווע ביז קראָקע

## דער „פּאָלטאַווער פּעריאָד"

### דער ערשטער גרינדונגס-צוזאַמענפאָר

דער דיפערענצירונגס-פּראָצעס ביי די פּועלי־ציון־גרופּעס אין רוסלאַנד האָט אָנגענומען אַ שאַרפן כאַראַקטער ערשט סוף 1904 אין פאַרבינדונג מיטן אויפגעשוואומענעם אוגאַנדע־פּראָיעקט. ביז דאַן האָבן געלעבט בשלום אונטער איין דאַך פאַרשידענע ריכטונגען און שטרעמונגען, אָפט בפירוש קעגנזעצלעכע אין אַ סך פּרטים פון סאָציאַליסטישער פּראַקטיק און פּאָליטישן געדאַנק. ס'האָט זיי פאַראייניקט, אין קעגנערשאַפט צום „בונד", דער אַנאַליז פון דער אייגנאַרטיקער יידישער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור, די אָנערקענונג פון צווישןמלוכהשן כאַראַקטער פון דעם יידישן פּראָבלעם און דער טעריטאָריאַליסטישער פּראָגנאָז פון די עמיגראַציע- און קאָלאָניזאַציע-פּראָצעסן אין יידישן לעבן. ווייטער אָבער האָט מען שוין געקאָנט טרעפן אויסגעשפּראָכענע אָנהענגער פון דער אידעאַליסטישער וועלט־אָנשויאונג צוזאַמען מיט אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן, וועלכע האָבן גישט געוואָלט מוותר זיין אויף אַ קוצו של יוד פונם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם; אָנהענגער פון פּאָליטישן פּאָזיציון קאַמף אויף די ערטער אָבן פאַרצווייפלטע פּעסימיסטן בנוגע דעם „גלות", פאַרברענטע העברעיסטן און פּראַקטישע אָנהענגער פון „זשאַרגאָן".

דער אוגאַנדע-פּראָיעקט האָט אויפגערודערט די בשלומדיקע היימישע סביבה. תחילת אַ פּלוגתא וועגן דער קאָנקרעטער טעריטאָריע, אוגאַנדע, איז זיך גיך פונאַנדערגעוואַקסן דער קריג צווישן טעריטאָריאַליזם בכלל אַלס פּאָליטישע שיטה אין קעגנזאַץ צום אַגרעסיוון ציוני־ציוניזם, אַלס וועלט-אָנשויאונג, וועלכע פּרעטענדירט אויף אַליינהערשאַפט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

צום 7-טן ציוניסטן קאָנגרעס (1905) אין באַזעל זענען שוין געקומען צוויי באַזונדערע פאַרטרעטונגען פון פּועלי-ציון. פּאַלעסטינצעס און ציוניסטן-סאָציאַליסטן (ס. ס.). די לעצטע האָבן זיך אָנהייב 1905 קאָנסטיטואירט אַלס זעלבשטענדיקע פּאָליטישע פּאַרטיי.

די פּועלי-ציוניסטישע דעלעגאַטן אויפן קאָנגרעס זענען אויך נישט געווען אָרגאַניזירט און צונויפגעבונדן צווישן זיך. יעדער איינער האָט געטאָגן

זעלבשטענדיק די אחריות פאַר זיך און ס׳זענען געווען אפילו עטלעכע דעלעגאַטן, וואָס האָבן נישט אָנגעהערט צו דער פוע״צ פראַקציע, וועלכע האָט זיך געבילדעט אויפן קאָנגרעס גופא.

בעתן קאָנגרעס איז אין ציריך פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פון די פועלי־ציוניסטישע דעלעגאַטן און ס׳איז געוויילט געוואָרן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט אויף צונויפרופן און צוגרייטן דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי פועלי־ציון אין רוסלאַנד. אויף דער קאָנפערענץ האָבן זיך אָנגעמערקט די חילוקי־דעות צווישן צוויי הויפט־גרופעס: בראָש פון איינער איז געשטאַנען דער „באַטקאָ" מאַטעס לעווקאָווסקי פון יעקאַטערינאָסלאַוו מיט אויסגעשפראָכענע סימפּאַטיעס צו „וואָזראָזשדעניע", וועלכע איז צו יענער צייט שטאַרק פּאָפּולער געווען, דערהויפט אין דרום־רוסלאַנד; די צווייטע גרופּע פון אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן־פועלי־ציון איז גייסטיק געפירט געוואָרן פון דעם יונגן בער באָראָכאָוו פון פּאָלטאַווע.

די גרעסטע צאָל „פּאָראָכאָוויסטן" זענען אַ געוויסע צייט נאָכן קאָנגרעס פאַרבליבן אין אויסלאַנד, בערלין, וואו זיי האָבן ברייט פּראָפּאַגאַנדירט די אידייען פון פועלי־ציוניזם. די מיטגלידער פון א. ק., ווידער, זענען אריבער קיין רוסלאַנד, אויפגענומען דעם ערשט פאָרמולירטן „סיימיזם" און אין דער ריכטונג אָנגעהויבן אַן אָפענסיווע אויף די פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס, אויסנוצנדיק דערביי די אָרגאַניזאַציע־פאַרבינדונגען און דעם מאָראַלישן פּרעסטיזש פון א. ק.

ס׳האָבן זיך אָנגערוקט די אָקטאָבער־טעג. אַ רגע האָט אויפגעשיינט די זון פון פּאָליטישער פרייהייט און באַלד האָט אַ פּלייץ געטאָן די פּאָגראָם־כוואַליע איבער שטעט און שטעטלעך. די יידישע שטודירנדיקע יוגנט, בפרט די פּאַרטייאישע, האָט זיך אַ לאָז געגעבן פון אויסלאַנד „אַהיים", צו הילף דער פאַרוואָרלאָזטער און מאַרטירערישער יידישער גאַס. באָראָכאָוו און זיינע נאָענטע חברים קומען אויך קיין רוסלאַנד. דאָ טרעפט זיי דער סיימיסטישער „אָנגריף". באַלד קאָנסטיטואירט זיך אַן אָרגאַניזאַציאָנס־ביוראָ, מיט דער אויפגאַבע צו ראַטעווען די פועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פונם פאַרראַט פון א. ק.

ווי ווייט איך געדענק, זענען אין אָ. ב. אַריין די חברים: באָראָכאָוו, באָרוכסאָן (באַקאַנט שפּעטער אונטער די נעמען וויטעבסקי, אַלכסנדר כאַשין) און מאַטעס (פון וויטעבסק). די גרעסטע פועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך דאַן געפונען אין יעקאַטערינאָסלאַוו און אין וויטעבסק. אין אָט די ערטער האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט דער ברודער־קאַמף אינעווייניק אין די אָרגאַניזאַציעס. צו דער צייט זענען שוין געווען אָרגאַניזירט ווי זעלבשטענדיקע אויטאָנאָמע קערפּערשאַפטן דער פוילישער פאַרבאַנד און דער קרימער פאַרבאַנד. די „סיימיסטן" האָבן זיך געוועסט אַ רוק געטאָן קיין פוילן. אַהער

האָבן זיי אַראָפּגעשיקט ירמיהון (יהודה נאָוואַקאָווסקין). די חברים פון פאַר־באַנד־קאָמיטעט האָבן זיך תיכף אַנטשלאָסן, אים געגעבן אויף הוצאות־הדרך און ער איז צוריקגעפאָרן מיט גאָרנישט. אין קרים האָט דער קאַמף געדויערט לאַנג, דאָ זענען די פּאָזיציעס אויסגעקעמפט געוואָרן שטאָט נאָך שטאָט און ענדלעך איז דער פאַרבאַנד, אויסשליסנדיק אַ פּאָר חברים פאַר זייער „דיסצי־פּלין־בראָך", אַריבערגעגאַנגען אינגאַנצן אויף דער זייט פונם „אָרטאָדאָקסאַלן" פועלי־ציוניזם. אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן האָבן די „סיימיסטן" „אַטאַקירט" ביאַליסטאָק, גראָדנע, בריסק — אָן ערפאָלג.

אָבער דעם שטאַרקסטן אָנשפאַר האָט דער אָ. ב. געפונען אין דעם פּאָלטאַווער ראַיאָן, וואו די „סיימיסטן" האָבן לחלוטין קיין דריסת־הרגל נישט געהאַט. דעם דאָזיקן ראַיאָן איז אויך אויסגעקומען צו שפּילן אַ צענטראַלע ראָל אין דער גרינדונג פון דער פאַרטיי. לוינט זיך דאָ אָבצושטעלן אויף אים לענגער.

די פּאָלטאַווער אָרגאַניזאַציע פועלי־ציון איז אַנטשטאַנען בערך סוף 1904 יאָר. די גרינדער זענען געווען עטלעכע גימנאַזיסטן פון די העכערע קלאַסן: יצחק שימשעלעוויטש (שפּעטער עובדיה, אבנר, איצט בן-צבי אין ארץ־ישראל), אַראָן אַרשאַווסקי (אַדאָלף, א. אַראָנאָוו). אַ פּאָר לערער: אליעזר גרינשפּאָן (פּלטיאל) און ש. קאַפּעליאַנסקי (רפאל) און עטלעכע אַרבעטער. צווישן זיי אַ שוסטער ליאָווקע כאַזאַצקי (פון ליבאַווע) און עטוואָס שפּעטער — איך.

ביז די פועלי־ציון האָט אין פּאָלטאַווע נישט עקזיסטירט קיין זעלב־שטענדיקע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, הגם די שטאָט האָט פאַרמאָגט גריילעך אַ גרויסע יידישע סאָציאַליסטישע יוגנט. איז אָבער די יוגנט געווען אָרגאַניזירט אין די „אַלגעמיינע" פּאַרטייען, ווי „איסקרא", סאָציאַליסטן־רע־וואָלוציאָנערן. אַ פּאָר יידן האָבן געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל אין דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון גאַנצן געגנט. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אָרגאַניזאַטאָרישן און רעדנער־טאַלאַנט דער „פּאָלטאַווער בעבעל" (חבר אַנטאָן", ניל, איצט אַ באַקאַנטער קאָאָפּעראַטאָר אין רוסלאַנד, אונטער זיין אמתן נאָמען סאַנדאָמירסקי). פּאָלטאַווע האָט געהאַט דאָס גליק צו ווערן אַ מקום מקלט פאַר אַ סאַך סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע טו־ער. אַהער האָט די צאַרישע מאַכט אַרויסגעשיקט אויף „אָפּרו" אַזעלכע מענטשן, ווי קאָראָלענקאָ, מאַרטאָוו און אַנד. דאָ האָט זיך געפונען דער באַקאַנטער „איסקראָוועץ" ברוך סטאָלפּנער (עמדין). איז די שטילע באַהנטע אוקראַינישע שטאָט, וועלכע פאַרמאָגט נישט קיין פאַבריקן מיט אַ רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַר־יאַט און נישט קיין אוניווערזיטעטן מיט דער שטורמדיקער לערן־יוגנט, גע־בענטשט געוואָרן מיט פּאָליטישע, רעוואָלוציאָנערע „עמיגראַנטן", וועלכע האָבן געהאַט אַן אומגעהויערע השפעה אויף דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער אָר־טיקער געזעלשאַפט.

ס׳פלעגן כסדר איינגעאָרדנט ווערן רעפעראַטן פאַר אָרטיקע און אָנגעפאָרענע רעדנער און גאַנצע אויפדערנאַכטן פלעגן אַוועקגיין אויף הייסע, ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס. אין די רייכע הייזער פון דער פּאָלטאַווער ליבעראַלער אינטעליגענץ, יידן און קריסטן, איז אָנגעגאַנגען דער גייסטיקער טורניר, און דאָ זענען דערצויגן געוואָרן אַ סך פון שפּעטער אָנגעזעענע טוער אויף פאַרשידענע געביטן פון וויסנשאַפט און פּאָליטיק. אין די דאָזיקע דיסקוסיעס האָט זיך אַרויסגערוקט דער יונגער גימנאַזיסט באָראָכאָוו, וועלכער איז גיך געוואָרן אַ צענטראַלע פיגור ביי דער אָרטיקער שטודירנדיקער יוגנט, צוליב זיינע גאונישע פעיקייטן און אַלס אומדערשראָקענער צושטערער פון איינגעזעסענע אָבער אָפּגעלעבטע אידעאָלאָגישע געטשקעס. דאָ האָט זיך געשליפן דער שכל פון וולאַדימיר פאַבריקאַנט (לכתחילה אַ ציוניסט, שפּעטער אַ סיימאָוויעץ וו. דאַלמאַן און צום סוף דער פּערזענלעכער סעקרעטאַר פון קערענסקי), דאָ זענען אויך דערצויגן געוואָרן אליהו טשעריקאָווער (רוסיש-יידישער זשורנאַליסט), דער יונג-אומגעקומענער טאַלאַנטפולער וויקטאָר זעלענסקי (געפאַלן אַלס פראַנצויזישער וואָלאָנטער אָנהויב מלחמה), י בן-צבי (י. שימשעלעוויטש) און פיל אַנדערע.

פּאָלטאַווע איז אויך געווען אַ וויכטיקער צענטער פון חובבי-ציון און שפּעטער פּאָליטישע ציוניסטן, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם באַקאַנטן דעמאָקראַטישן העברעישן שריפטשטעלער אַלכסנד זיסקינד ראַבינאָוויטש (איצט אין ארץ-ישראל), דעם באַוואוסטן העברעישן פּעדאַגאָג מרדכי קריטשעווסקי (ארץ-ישראל), מ. ב. באָראָכאָוו (אַ העברעישער לערער, דער פאָטער פון ב. באָראָכאָוו) און די ייִנגערע נתן וואַסילעווסקי (סטודענט, דעלעגאַט צום ערשטן ציונ. קאָנגרעס, אַ זייער באַגאַבטע נאַטור, שפּעטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין אָדעס) און לעאָן מ. רובינאָוו (אַ רוסיש-יידישער בעלעטריסט און טעמפּעראַמענטפולער ציוניסטישער מטיף).

אין שייכות צו דער יידנפראַגע פלעגט אויף די רעפעראַטן פאָרקומען דער קאַמף צווישן „ציוניזם״ און „איסקרא״. דער בונדיזם האָט דאָ נישט געשפּילט קיין ראָל. בלויז אַ פאָר מאָל זענען אויפגעטראָטן אָנגעפאָרענע בונדישע אָפּאָנענטן. אויפן אָרט גופא זענען געווען ווינציקע סימפּאַטיקער פון „בונד״. מ׳האָט אָבער געוואוסט, אַז אין ליטע און פוילן איז דער „בונד״ דער „איינציקער פאָרשטייער״, און וואָס ווייטער איז זיין אידעאָלאָגיע געוואָרן אויך אַ ציל-ברעט פאַר דער פּאָלעמיק פון ביידע הויפּט-צדדים.

די ערשטע פּועלי-ציון גרופּע אין פּאָלטאַווע איז געבוירן געוואָרן אינם טעאָרעטישן קאַמף צווישן ציוניזם און „איסקרא״. באָראָכאָוו איז נאָך דאָ אויפגעטראָטן ביז צום 1905 אַלס אַלגעמיינער ציוניסט. אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט ער שוין באַוויזן צו אַרבעטן אַלס מיטגליד פון דער אַלגעמיינער סאָ-

ציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע צווישן דעם גרויס אינדוסטריעלן פאַבריק־פּראָלעטאַריאַט. ער האָט זיך אָבער געפילט אומבאַפרידיקט. בפרט נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם זענען פאַר אים אויפגעשטאַנען די ברענענדיקע טאָג־פראַגן פון יידישן לעבן. „איסקראַ" האָט דערויף קיין ענטפער נישט געהאַט. זי האָט זיך בכלל באַצויגן מיט ביטול צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע. באָראָכאָוו איז אַריבער צום אַלגעמיינעם ציוניזם, אָפּהיטנדיק זיין אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע וועלט־אָנשויאונג. ער האָט געזוכט איר אָנווענדונג אויף די קאָנקרעטע דערשיינונגען פון יידישן לעבן. אַלס שליח פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאָרט ער אַרום איבער פאַרשיידענע יידישע שטעט און שטעטלעך. צו דער צייט געהערן זיינע ערשטע אַרבעטן איבער יידישע פראַגן (געדרוקט אין דער ציוניסטישער „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן" פאַר פעברואַר און פאַר די חדשים יוני, יולי, אויגוסט, סעפּטעמבער, און אָקטאָבער 1905). ס'האָט זיך פּונקט אונטערגערוקט דער אוגאַנדע־פּראָיעקט און ער שטעלט זיך די אויפגאַבע צו געבן אַ ברייטע אימפּאַסנדיקע באַגרינדונג פונם פּאַלעסטיניזם. אַ גרויסער טייל פון זיין דאַמאָלסטיקער פּאַלעסטינע־פאָרשונג איז דערנאָך אַריין אויך אין זיין פּועלי־ציוניסטישער אַגיטאַציע. אַלס ציוניסט, באַציט ער זיך אָבער די ערשטע צייט פּעסימיסטיש צום „גלות" און רעדט וועגן דעם „איסכאָד", גלויבט ווינציק אין דער ווירקונג פונם „פּראָגרעס" אויף דער פאַרענטפערונג פון דער יידנפראַגע. דאָס דויערט נאָר אַזוי לאַנג, ווי ער זעט נישט פאַר זיך דעם יידישן אַרבעטער אין זיינע קאָמפּאַקטע מאַסן און דערשפּירט נישט דעם אָטעם פון זייער קאַמף.

אויף זיינע נסיעות איבערן תחום טרעפט ער אָן די גרויסע יידישע פּראָלעטאַרישע מאַסן, דאָ באַגעגנט ער זיך אויך סיי מיטן „בונד" און סיי מיט די טעאָרעטיקער און טוער פון „פּועלי־ציון". ס'קומט ביי אים פאָר אַ לאַנגע דויערנדיקע איבערשאַצונג פון אַלע ווערטן, ביז עס אַרבעט זיך ביי אים אויס זיין קאָנצעפּציע פון פּועלי־ציוניזם, וואָס אין איר יסוד איז אַוועקגעלייגט די נייע סאָציאַליסטישע אויפפאַסונג פונם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. דאָס לעצטע באַאַרבעט ער און פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1905 אין זיין אַרטיקל „די קלאַסן מאָמענטן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע" (יעוור. זשיזן, דעצעמבער 1905).

זיינע ערשטע פּועלי־ציוניסטישע אַרויסטרעטונגען מאַכט ער אין ליטע. אין זיין היים־שטאָט, פּאָלטאַווע, אַנטוויקלט זיך די אָרגאַניזאַציע זעלבשטענדיק. איך בין צו איר צוגעשטאַנען שוין נאָך דעם, ווי זי האָט עקזיסטירט אַ פּאָר חדשים. מיר איז שווער געווען צו פועלן ביי זיך וועגן צושטיין צו דער נייער גרופּע. אַליין אַן אַרבעטער, אַ סטאָלער, דורכגעמאַכט גאַנצע 4 יאָר אין דער לער, שפּעטער געאַרבעט ביי פאַרשידענע באַלעבאַטים, האָב איך שוין פון דער פריזענלעכער פּראַקטיק אַרויסגעבראַכט דעם גרונט־געדאַנק פון

קלאַסן־קאַמף און ס'איז פאַר מיר נאַטירלעך געווען די נייטיקייט פון אַ זעלבשטענדיקער פראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע. די אַגיטאַציע פון מיינע חברים „איסקראָווצעס" האָט מיך אָבער נישט איבערצייגט. געבוירן אין אַן עכט־יידישער חסידישער הויז, בין איך פון קליינווייז אָן געווען אַריינגעוואַקסן אין דער יידישער קולטור־אַטמאָספער. פריער משניות, עין־יעקב און זוהר, שפּעטער מעשיות פון אר"י הקדוש, שבחי בעש"ט און ענדלעך מענדעלי, שלום עליכם און פּרץ — זיי האָבן דורך טויזנטער אינטימע אומזיכטבאַרע פעדים מיך פאַרבונדן מיט דער יידישער גאַס און כ'האָב געמוזט האָבן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל מיך נעמען אַלס אזאַ, ווי איך בין, אלס **יידישן ארבעטער**. דער ציוניזם האָט מיך באַצויבערט מיט זיין אידעאַל פון יידישער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. ער האָט מיך אָבער איגנאָרירט אלס ארבעטער מיט מיינע טאָג־טעגלעכע נויטן. „איסקרא" האָט געווירקט אויף מיר מיטן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט און קאַמפּס־אינהאַלט, זי האָט אָבער פאַרלייקנט מיין „איך" אלס ייד.

די פּועלי־ציוניסטישע אַגיטאַציע איז מיר יאָ געפעלן. ס'האָט אָבער גענומען אַ געוויסע צייט, ביז איך האָב מיר קלאָר געמאַכט דעם צוזאַמענהאַנג צווישן קאַמף „דאָ" און דער אַרבעט „דאָרט".

די טעטיקייט אונזערע איז באַשטאַנען קודם כל אין אַגיטאַציע. דאָס איז געווען זייער שווער, ווייל מיר האָבן לחלוטין קיין שום ליטעראַטור נישט פאַרמאָגט. פלעגט מען דער עיקר לייענען באָגדאַנאָווס פּאָליטישע עקאָנאָמיע. פאַר די פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרייזן האָט מען באַנוצט זשעלעזנאָוון און קאַרישאָוון. ספּעציעל אָבער האָט מען געשוויצט אויף דער הקדמה צו מאַרקס בוך „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע". אין דער דאָזיקער הקדמה איז קאָנצענטרירט אין ווינציקע פּסוקים דער תמצית פון דער מאַטעריאַליסטישער געשיכטע אויפפאַסונג. האָט מען געוואָלט וואָס גיכער אַריינקומען אין „פּרדס", בפרט יענע, וועלכע האָבן געוואָלט שוין באַטייליקן זיך אינם פּאָליטישן קאַמף מיט די קעגנער. אַביסל האָט מען זיך באַשעפטיקט מיט פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, געזוכט צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין פאַרשידענע פאַרייבען לויט זייערע פאַכן. צוליבן דערמאָנטן ליאָוועקע כאַזאַצקי האָבן מיר געהאַט אַ ווירקונג ביי די שוסטער; אונזער איינפלוס האָט אויך אַרומגענומען די זעצער, אייגבינדער, סטאָלערס און אָנגעשטעלטע. מיר האָבן געהאַט גוט אָרגאַניזירטע גרופּעס צווישן די שילער. פון זיי האָבן מיר דערנאָך געהאַט עטלעכע טוער: מאַניע עפּשטיין (די פרוי פון ח. אווערבוך), סוניע קאַלוזשסקי (לעצטנס אין פּאַלעסטינע) און בפרט **נח באַרו** (אַן אָנגעזעענער פירער פון פּועלי־ציון אין רוסלאַנד).

די וויכטיקסטע אַרבעט איז אָבער ביי אונז צו יענער צייט געווען

## די אָרגאַניזירונג פון דער זעלבסטשוץ און פון אַן אייגענער דרוקעריי

מיר האָבן שוין געהאַט די דערפאַרונג פון קעשענעוו, און דער „געדאַנק וועגן זעלבסטשוץ איז געווען זייער פּאָפּולער. אַ גרויסע השפּעה אויף די גע־מיטער האָט געהאַט די אומלעגאַלע אויסגאַבע פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע", דער „אָרגאַן פון דעם יידישן רעוואָלוציאָנערן געדאַנק". ס'האָט געווייט מיט אַן אומגעוויינלעכער מוטיקייט און קאַמפּס־שטימונג. ס'איז געווען אַזוי ניי, פּריש און אינטים, אַז ס'האָט געווירקט אי אויפן מח, אי אויפן האַרץ. דאָסגלייכן האָט אַ גרויסן רושם ביי אונז געמאַכט די רוסישע איבערזעצונג פון ביאַליקס „משא נמירוב" מיט זשאַבאָטינסקיס הקדמה, וואָס איז געווען אַ שטאַרקער רוף צו זעלבסטשוץ. ס׳איז נאָך נישט געווען געדרוקט און אומגעגאַנגען אַלס כתב־יד...

אין פּרט פון זעלבסטשוץ האָט די פּאָלטאַווער אָרגאַניזאַציע אויפגעטאָן אַ סך. מיר האָבן פאַרמאָגט געווער, אַפילו דינאַמיט און צוגעגרייטע באָמבעס. עטלע־כע מאָל זענען אין פּאָלטאַווע געווען פּרואוון אָנצוהויבן אַ פּאָגראָם,—מ'האָט עס אָפּגעווענדט. אין ערשטער שורה אַ דאַנק דער אומערמידלעכער, אָפּפּערווי־ליקער אַרבעט פון וולאַדימיר קאָראָלענקאָ, וועלכע איז געגאַנגען פּערזענלעך צווישן די פּויערים פון גרופּע צו גרופּע, פון מאַן צו מאַן און זיי אַגיטירט. דאָס נעמלעכע האָט מען געוואוסט, אַז די „וואָקזאַלצעס" (די אייזנבאַנער), וועלכע זענען אָרגאַניזירט ביי ר. ט. ד. וועלן גלייך קומען אין שטאָט קעגן די כוליגאַנעס. ס'האָט אָבער אויך נישט ווינציקער געווירקט די זעלבסטשוץ, וואָס נאָך מער, ווי זי האָט פאַרמאָגט, האָט מען גערעדט וועגן איר אין שטאָט. ביי דער אַרבעט זענען געווען באַזונדערס אַקטיוו אַלס „טעכניקער" עובדיה, אלי ראַבינאָוויטש (אַ זון פונם שריפטשטעלער), יעקב פּלאָטקין (אַ סוחר, שפּע־טער געהרגעט אין סעדזשערע, אין פּאַלעסטינע) און עזריאל קובריק (אַן אַר־טילעריסט, איצט אַרבעט ער אין פּאַלעסטינע). מיר האָבן אונזער עולם גע־לערנט שיסן, אייניקע — אויך צו וואַרפן באָמבעס.

די דרוקעריי האָבן מיר געוואָלט אוועקשטעלן, כדי פון צייט צו צייט האָבן די מעגלעכקייט אַרויסגעבן אַן אייגן בלעטל און טאַקע אויך אַן אָרגאַן. עטליכע חברים זעצער האָבן מיר געהאַט,—האָט מען אָנגעהויבן ביסלעכווייז זאַמלען שריפט, באַשטעלט אַ ספּעציעלע קאַסע, וואָס האָט אויסערלעך אויסגעזען, ווי אַ טיש, צוגעגרייט די „טעכניק", דעם „וואַליק" אָפּצוציען די בלעטלעך און געזוכט אַ פּאַסיקע דירה.

מ'האָט געמוזט אויסגעפינען אַ וואָס מער כשרע דירה, ביי חשובע אָנ־געזעענע מענטשן, כדי מ'זאָל נישט דערוועקן קיין חשד ביי פּאָליציי. דער גורל איז געפאַלן אויף מיר און כ'האָב געדונגען אַ צימער ביי איינעם שור. תחילת איז אים אַפילו אויסגעקומען פריקרע, וואָס איך, אַ היגער — צי זיך פּלוצים אַרויס פון דער היים. איך האָב אים דערקלערט, אַז כ'וויל זיך האַלטע

טעג לערנען, „צוגרייטן" אַלס עקסטערן — און מיר זענען מושווה געוואָרן. ביסלעכווייז האָט מען די „טעכניק" אַריבערגעשלעפּט צו מיר און יעדן טאָג פלעגט קומען דער חבר מאָטקע געצאָוויטש (אַ זעצער) און אַרבעטן. איז אָבער נישט באַשערט געווען. טרעפט זיך אַ מעשה און בעת כ'בין נישט געווען אין דערהיים, איז אריין די דינסט צוקלויבן און אָפּוואַשן די פּאָדלאָגע. נעמט זי מיין טשעמאָדאַן פון אונטערן טיש און וויל אים אַריבערשטעלן אויף אַן אַנדער אָרט ביז זי וועט דאָ אָפּוואַשן. איז אָבער נישט פאַר אירע כחות. זי קאָן דעם טשעמאָדאַן נישט רירן פון אָרט. איז איר די זאַך געוואָרן פאַרדעכטיק. האָט זי אַריינגערופן דעם באַלעבאָס; משמעות, איז ער אויך נישט געווען קיין גבר און האָט נישט בייגעקומען דעם טשעמאָדאַן, וועלכער איז געווען אָנגעפּאַקט מיט שריפט. ערשט איצט האָט מען זיך גענומען אַרומקוקן אין צימער בכלל, האָט מען שוין פאַר איין וועג דערזען, אַז דער טיש איז עפּעס אויך שלא כדרך הטבע און נאָך קלייניקייטן. הקצור, מען האָט צו מיר געשיקט שליחים און כ'האָב זיך געמוזט תיכף אַרויסציען. מען האָט מיך נאָך געמוסרט: סטייטש, איר, ר' אפרים אהרן דעם מלמדס אַ זון, זאָלט אונז אַזוי אָפּטאָן, באשר מיר האָבן אייך געטרויט און אייך נישט נאָכגעקוקט...

אַזוי האָבן מיר פון דער ערשטער אומלעגאַלער דרוקעריי קיין נחת נישט דערלעבט, און די ערשטע מאַי-בלעטלעך האָבן מיר געמוזט אַרויסגעבן העקטאָגראַפירט.

די פּאָלטאַווער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפילט מחויב צו זאָרגן פאַר דער אָרגאַניזירונג פון ראַיאָן. מיט אייניקע ערטער האָבן מיר אָנגעקניפּט באַציונגען דורך די חברים, וועלכע האָבן געלערנט אין פּאָלטאַווע און אויף יום־טוב געפאָרן אַהיים. אין אַ פּאָר ערטער האָבן מיר אַראָפּגעשיקט רעדנער ספּעציעל און אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָבן מיר שוין געהאַט אָרגאַניזאַציעס אין אַ גאַנצער ריי פּונקטן ווי קרעמענטשוג, פּרילוקי, קאָנסטאַנטינאָגראַד, מירגאָראָד, לובען, ראָמען, כאראָל, פּיריאַטין, קאָבעליאַקי, אַלעקסאַנדריע און אַנד. אין קאָבעליאַקי איז, אגב, געווען מיין ערשטער אויפטריט אַלס פּועלי־ציוניסטישער אַגיטאַטאָר. כ'האָב עפּעס נישט געהאַט די העזה מיט אַמאָל אַרויסטרעטן אין פּאָלטאַווע. זענען מיר אין צווייען מיטן ח' אסארקאַן אַראָפּגעפאָרן קיין קאָבעליאַקי, ווו מ'האָט פאַר אונז ביי נאַכט אָרגאַניזירט אין וואַלד אַ „מאַסוווקע". אסארקאַן האָט גערעדט וועגן פּאָליטישן מאָמענט און איך האָב געהאַלטן אַן אַגיטאַציע-רעדע וועגן פּועלי-ציוניזם. זעענדיק, אַז אונזערע רעדעס האָבן „אויסגענומען", זענען מיר שוין שפּעטער אויפגעטראָטן אויך אין פּאָלטאַווע צו דער גרויסער פאַרוווּנדערונג פון אַלע באַקאַנטע.

יאָ, נאָך אַ קלייניקייט. צוגרייטנדיק זיך צו קאָנספּיראַטיווער אַרבעט האָבן מיר אַמאָל אויף אַ קאָמיטעט־זיצונג זיך צונויפגערעדט וועגן פּאַרטייאישע

פסעוודאָנימען, כּדי מ׳זאָל נישט אַזוי שנעל „דורכפאַלן״. אין דעם זעלבן אויפדערגאַכט ביי ח׳ שימשעלעוויטש אין צימער זענען אַנטשטאַנען די פּסעוו־דאָנימען: ע ו ב ד י ה (שימשעלעוויטש), פּ ל ט י א ל (גרינשפּאָן), ד נ י א ל (אַסארקאַן), ר פ א ל (קאָפּעליאַנסקי) און ז ר ב ב ל. כאַראַקטעריסטיש איז געווען, וואָס אַלע האָבן זיך אויסגעקליבן יידישע, ריכטיקער העברעישע פּסעוודאָנימען, מיט אַ געוויסן היסטאָרישן ניואַנס. בלויז איינער איז געווען אַ יוצא מן הכלל און האָט זיך אַ נאָמען געגעבן אַ ד אָ ל ף (א. אַרשאַווסקי). פון די אַלע איז ביי זיין דענסטמאָל אָנגענומענעם פּסעוודאָנים געבליבן נאָך 20 יאָר אַרבעט בלויז דער מחבר פון די שורות.

צו אונז זענען געקומען באַראַכאָוו און באָרוכסאָן שוין אַלס פאָרשטייער פון א. ב., און די פּאָלטאַווער חברים האָבן זיך גלייך דערקלערט קאַמפּס־פּאַרטיק. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צונויפצורופן וואָס גיכער אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ, כּדי אַזוי אַרום צו פאַרפעסטיקן זיך אינם גאַנצן ראַיאָן.

אָנהויב דעצעמבער 1905 איז אין פּאָלטאַווע פאָרגעקומען די ערשטע פּאָלטאַווער ראַיאָן־קאָנפערענץ. אין נאָמען פון א. ב. האָט זיך אין איר באַטייליקט אויך באָראָכאָוו. די אינטערעסאַנטסטע און ליידנשאַפטלעכסטע וויכּוחים האָט אַרויסגערופן באָראָכאָווס פאָרטראָג איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע און די אויפגאַבן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

אָט די זעלבע כּללים, וואָס ער האָט פעסטגעשטעלט אין זיין אַרבעט וועגן די „קלאַסן־מאָמענטן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע״ ב כ ל ל, האָט ער געפּרוווט איצט אָנצווענדן אויף דער יידישער ווירקלעכקייט און אַזוי אַרום אַרויסדרינגען די קאַמפּס־ליניע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט בנוגע דער לייזונג פון זיין נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. די רעזאָלוציע, וואָס איז נאָכן רעפעראַט אָנגענומען איינשטימיק, שטעלט מיט זיך פאָר דעם קאַטעכיזיס פון פּועלי־ציוניזם, און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די באַגייסטערונג און ענטוזיאַזם, וואָס האָבן געהערשט אויף דער קאָנפערענץ, בעת דעם דערמאָנטן פאָרטראָג און די וויכּוחים אַרום אים. ס׳איז באמת געווען, ווי אַ מין גלוי־שכינה פאַר אונז. ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, איז דאָס געווען דער ערשטער פּרווו צו פאָרמולירן דעם פּועלי־ציוניסטישן בליק אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אויף די אַנאָמאַליעס פון יידישן לעבן און דעם טעריטאָריאַליסטישן פּראָגנאָז פון זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. דאָרט איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעבראַכט געוואָרן דער געדאַנק וועגן דער ס ט ר אַ ט ע ג י ש ע ר ב אַ ז ע, וואָס האָט שפּעטער פאַרנומען אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער פּועלי־ציוניסטישער אַגיטאַציע. דאָסגלייכן איז דאָרטן צום ערשטן מאָל געגעבן געוואָרן די דעפיניציע פון דער ערשיינונג פון נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ און איר שייכות צום קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט.

דער נאַציאָנאַלער קאַמף ווערט תמיד געפירט צוליב די מאַטעריעלע קנינים, וואָס זענען צונויפגעגומען און קאָנצענטרירט אין דער טעריטאָריע. אָפּהענגיק פון זייער ראָל און אָנטייל אין דעם אופן פון דער פּראָדוקציע, האָט יעדער געזעלשאַפטלעכער קלאַס אַן אַנדער אינטערעס אין דער טעריטאָריע, ס'הייסט, אין די מאַטעריעלע באַדינגונגען פון דער פּראָדוקציע. זענען, בכן, אויך זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן לגמרי אַנדערע, ווי ביי די איבעריקע קלאַסן. לגבי דעם גרויס-אַגראַריער איז עס דער שטיץ-פּונקט פאַר פּאָליטישער מאַכט און אַ קוואַל פון ערד-רענטע. פאַר דער קליינער בורזשואַזיע איז עס דער געברוך-מאַרק. פאַרן גרויסן קאַפּיטאַל איז די טעריטאָריע נאָר אַ שטיץ-פּונקט צו פאַרכאַפּן דעם וועלט-מאַרק. איז ער, אַגב, טאַקע נישט נאַציאָנאַל, נאָר אימפּעריאַליסטיש. פאַר די מאַסן, וואָס האַלטן זיך אין פּראָלעטאַריזירן, איז עס דער אינטערעס צו אַן אַרבעט-פּלאַץ. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז אייגנטלעך אַן עמיגראַציע-פראַגע, ווי אַזוי צו געפינען אַרבעט. פאַרן פּראָלעטאַריאַט אָבער קריגט דער אַרבעט-פּלאַץ נאָך אַ באַדייטונג — פון אַ סטראַטעגישער באַזע אין זיין אָרגאַניזירטן קאַמף מיטן קאַפּיטאַל.

דער נאַציאָנאַלער קאַמף דריקט זיך אויס אין די דערשיינונגען פון נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ. די דאָזיקע קאָנקורענץ איז אויך פאַראַן ביים אַרבעטער, כל זמן ער איז נישט באַוואָרנט מיט אַרבעט. צוויי אַרבעטער אַלס יחידים, וועלכע פּרעטענדירן אויף דעם זעלבן אַרבעטס-פּלאַץ, קאָנקורירן צווישן זיך. זענען זיי אָבער ביי דער אַרבעט, הערט אויף צווישן זיי די קאָנקורענץ, קומט דער קלאַסן-באַוואוסטזיין, טרעט-אויף די באַדערפעניש פון קאַמף קעגן געמיינזאַמען שונא. די אַרבעט-וואָכעניש צושיידט די אַרבעטער, דער קאַמף ביי דער אַרבעט סאָלידאַריזירט זיי. דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס קלאַס, ווייס נישט פון קיין קאָנקורענץ און פירט נישט דעריבער קיין נאַציאָנאַלן קאַמף. דער קאַמף אָבער קעגן קאַפּיטאַל איז נאַציאָנאַל באַפאַרבט. דער קלאַסן-קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט ביי אונטערדריקטע נאַציעס פירט מיט היסטאָרישער אומפאַרמיידלעכקייט דערצו, אַז אין זיין פּראָגראַם זאָלן אַריינגענומען ווערן פּונקטן, וועלכע זענען שייך צו זיין נאַציאָנאַלער באַפרייונג, וואָס אין סך הכל מיינט עס די פאַרבעסערונג פון זיין סטראַטעגישער באַזע.

בנוגע „איסקרא" און „בונד" ווערט שוין אויף דער קאָנפערענץ אָנגעוויזן, אַז אין דער יידישערווירקלעכקייט וואַקסט כסדר דער „קאָנפליקט צווישן דער באַדערפעניש און דער אוממעגלעכקייט זי צו באַפרידיקן". — תחילת איז סיי מצד דעם פּראָלעטאַריאַט, סיי מצד די נאָנטע צו אים פּראָלעטאַריערמאַסן, פאַראַן דער פּרווו צו באַפרידיקן די באַדערפעניש אין די זעלבע באַדינגונגען, אין וועלכע זי איז אנשטאַנען. דאָס איז דער פּרימיטיווער רעפלעקס, די איינפאַכע רעאַגירונג. אויף דעם יסוד אַנטשטייען די אַסימילאַטאָרישע און

האַלב-אַסימילאַטאָרישע ריכטונגען. מיטן וווקס פונם קאָנפליקט ווערט אַלץ רייפער די באַדערפעניש אַריבערצוטראָגן סיי דעם אַרבעטס-פּלאַץ און סיי די סטראַטעגישע באַזע אין גאָר נייע קאָמפּלעקסן פון באַדינגונגען. דאָס איז דער ראַדיקאַלער רעוואָלוציאָנערער וועג.

אַזוי ווי דאָס „אינטענסיווע" און „אַלזייטיקע" אױסשטופּן גרייפט אָן די יידן אויף אַלץ אַ גרעסערן שטח פון ערד-קוגל, ווערט רייפער די טענדענץ צו „שאַפן נאָרמאַלע באַדינגונגען פאַר פרייער אַנטוויקלונג אויף אַן אייגענער טעריטאָריע, וועלכע דאַרף דינען פאַר דער בורזשואַזיע — אַלס מאַרק, פאַר די זיך פּראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן — אַלס אַרבעטס-פּלאַץ און פאַרן פּראָלעטאַריאַט — אַלס סטראַטעגישער פּלאַץ".

ס'ווערט אונטערגעשטראָכן די קאָנסאָלידירונג פון די יידישע פראַגן אין איין אַלוועלטלעכער יידנפראַגע, סיי לגבי די יידן גופא, סיי לגבי די אַרומיקע פעלקער. כאַראַקטעריסטיש איז דער פאָלגנדיקער געדאַנק בנוגע דער רעאַליזירונג פונם טעריטאָריאַליזם. אַלס אַוואַנגאַרד ווערט געשטעלט דער באַוווסטזיניקער אָרגאַניזירטער יידישער פּראָלעטאַריאַט. אָבער „די באַוועגונג ווערט פאַרווירקלעכט ביי דער מיטהילף פון אַלע באַוווסטזינקע עלעמענטן פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווי פון דער בורזשואַזיע, אַזוי אויך בפרט פונם פּראָלעטאַריאַט פון די אַרומיקע פעלקער. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין די אינטערעסן פון זיין באַפרייונג נוצט אויס, לויט דער מעגלעכקייט, אויך די כחות און אינטערעסן, וואָס ווערן רייף ביי אַנדערע קלאַסן און גרופּעס סיי פון זיין אייגן פאָלק, סיי ביי די נישט-יידן, אויף וויפל די דאָזיקע כחות און אינטערעסן העלפן-מיט דעם איבערטראָגן פון דער פּראָלעטאַרישער יידישער סטראַטעגישער באַזע אויף אַ באַזונדער טעריטאָריע מיט אַן אויטאָנאָמען ייִדישן ישוב".

די וויכּוחים זענען געווען באַזונדערס אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס אין דער פּאָלעמיק מיט די „וואָזראָזשדענצעס" איז מען געווען געצוווּנגען צו פאַרטראַכטן זיך אויף אַ גאַנצן סכום דערשיינונגען, וועלכע מ'האָט פריער נישט געזען אָדער באַוווסטזיניק איגנאָרירט. מען האָט געגעבן די חברים אַ געוואָר אין קאַמף קעגן די סיימיסטן, און אַ דאַנק דעם האָט מען זיך געמוזט נאָך מער פאַרטיפן אין די טעאָרעטישע ענינים.

צוליבן זעלבן טעם האָט אויף יענער ערשטער פּאָלטאַווער ראַיאָן-קאָנפערענץ פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ די פראַגע וועגן אונזערע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע פאָדערונגען אין גלות. אין קעגנזאַץ צום ס. ס.-ישן גלות-פּעסימיזם זענען די „וואָזראָזשדענצעס" אויפגעטראָטן מיט אַ גוזמאדיקן גלות-אָפּטימיזם, וועלכער האָט ווייט אַריבערגעשטיגן אַפילו דעם בפירוש גלותיסטישן „בונד". אויב די ס. ס. האָט געמאָלט לגמרי שוואַרץ, ציוניסטיש דעם גלות און גע-

זען דאָ בלויז גסיסה, אַנטאַרטונג, אויב דער בונד האָט שוין יאָ דאַן פּראָקלאַמירט דעם לאָזונג פון נאַצ.-קולטורעלער אויטאָנאָמיע, איז די נייע גרופּע געקומען מיטן לאָזונג פון אַ יידישן נאַציאָנאַלן „סיים״, מיט ברייטע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע פונקציעס און קאָמפּעטענצן. מיטן דאָזיקן לאָזונג האָט זי אויך פאַרבונדן אָרגאַניש דעם לאָזונג פון טעריטאָריאַליזם. זי האָט ביי זיך אויך ווייטער פאַרייניקט סתם-טעריטאָריאַליסטן און קאָנקרעטע פּאַלעסטינצעס. אַלס אַזעלכער האָט זיך דאַן אָנגעגעבן ש מ ע ו נ י (שמעון דאָבין). זי האָט אָבער געזאָגט, אַז היינט צו טאָג איז דער טעריטאָריאַליזם נאָך נישט רייף צו דער פאַרווירקלעכנדיקער אַקציע. מען מוז צווערשט זאַמלען, מאָביליזירן די נאַציאָנאַלע כחות און דערנאָך וועט מען זיי קאָנען פאַרווענדן „דאָרטן און דאַן, ווו און ווען״ ס'וועט זיך אַרויסווייזן די מעגלעכקייט דערצו.

באָראָכאָוו און די איבעריקע חברים האָבן בשעת דער פּאָלעמיק מיט די „סיימיסטן״ זיך איבערצייגט, אַז דער לאָזונג פון סיים, פאַר זיך גענומען, איז אַ פּראָדוקטיווער, אַנטשפּרעכט די באַדערפענישן פון פּראָלעטאַריאַט און ביי אַ געוויסער פּאָליטישער קאָניונקטור קאָן ער אויך רעאַליזירט ווערן. דער חסרון איז נאָר, וואָס מ'וויל דערפון מאַכן אָפּהענגיק די רעאַליזירונג פון ציוניזם. אויב דאָס איז נאָך מעגלעך לגבי די סתם-טעריטאָריאַליסטן, ווייל סיי ווי סיי איז די אַבסטראַקטע אידיי צו גאָרנישט פּראַקטיש מחייב, איז עס אָבער לחלוטין אוממעגלעך בנוגע די פּאַלעסטינצעס. קאָנקרעטער פּאַלעסטיניזם מיינט טאַקי אויך באַלדיקע ממשותדיקע אַרבעט אויף דער דאָזיקער טעריטאָריע. דאָס לעבן דריקט זיך נישט אויס אין צוויי באַזונדערע, גאַנץ פאַרענדיקטע פּראָצעסן, פון פריער בלויז אָנזאַמלען און שפּעטער דורכויס פאַרווענדן ענערגיע; די ענערגיע ווערט כסדר געזאַמלט און גלייכצייטיק פאַרווענדעט. די זעלבע פאַרהעלטעניש דאַרף, בכן, עקזיסטירן אויך צווישן דעם גלות און דער טעריטאָריע. אין ביידע ערטער ווערט געזאַמלט נאַציאָנאַלע ענערגיע, אין ביידע ערטער — פאַרווענדעט. מען קאָן נישט באַשטימען קיין טערמין, קיין דאַטע פאַרן פּראָצעס, וו ע ן ער זאָל זיך אָנהייבן און וו ע ן ער זאָל זיך אויסלאָזן.

אין רעזולטאַט האָט די פּאָלטאַווער ראַיאָן-קאָנפערענץ פאַקטיש אָנגענומען דעם לאָזונג פון נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אויטאָנאָמיע אין דער אָנגעוויזענער באַלויכטונג פון זיין שייכות צום טעריטאָריאַליזם, לויט וועלכער ס'קומט אויס, אַז פ'קאָן זיך גריילעך מאַכן, אַז די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע זאָל גאָר רעאַליזירט ווערן פריער, ווי די נאַצ. פּאָליטישע. איז, הייסט עס, צווישן זיי פאַראַן אַ קעגנזייטיקע ב אַ א יי נ פ ל ו ס ו נ ג, אָבער בשום אופן נישט קיין אָפּהענגיקייט. אָפיציעל אָבער האָט מען, צוליב טאַקטישע טעמים, געלאָזט די פראַגע אַלס דיסקוסיע-פראַגע ביז צום אַלרוסלענדישן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר.

אויף דער קאנפערענץ איז, אגב, אנגעגאנגען א הייסער וויכוח ארום דעם פונקט וועגן דער אלוועלטלעכקייט פון דער יידנפראגע. אלע דעלעגאטן האבן אנערקענט דעם פאקט, ווי ער איז, אז אין דער ווירקלעכקייט האבן מיר צו טון אומעטום מיט א ענלעכער, נאכמער, מיט דערזעלבער יידנפראגע. פון וואנען שטאמט זי אבער, אט די יידנפראגע, וועלכע כחות און פאקטארן רופן זי ארויס? צי זענען עס אומעטום די זעלבע סיבות, אדער אין יעדער קאנקרעטער סביבה ווירקן אויף איר אנטשטיין ארטיקע, ספעציעלע און אפשר גאר צייטווייליקע, ממילא פאריבערגייענדע, פאקטארן?

דער דעלעגאט פון קרעמענטשוג, באריס ריאבטשינסקי, האט פארטראטן א באזונדערן, אריגינעלן שטאנדפונקט. בעמלעך, ער האט געהאלטן, אז די יידנפראגע איז ענג פארבונדן מיט דער אגראר-פראגע און אז אין אלע יענע לענדער פון יידישן מאסן-ישוב, וווּ ס'איז נישט געלעזט די אגראר-פראגע, מוז אויך אנטשטיין אין א באזונדערס שארפער און קאמפליצירטער פארם די יידנפראגע. פון דאנען האט ער ארויסגעדרונגען, אז מ'קאן נישט רעדן פרינציפיעל פון אן אלוועלטליכער יידנפראגע. פון זיך און זעלבשטענדיק וואקסט-אויס און רייפט אן די יידנפראגע נור אין די לענדער פון מזרח-אייראפע, ווי רוסלאנד, רומעניע, גאליציע, טאקע צוליב זייערע אייגנארטיקע אגראר-פארהעלטענישן. אין אלע אנדערע לענדער איז קיין יידנפראגע נישט פאראן; זי ווערט נור אהין פארשלעפט דורך דער איינוואנדערונג און דורכוואנדערונג פון די יידישע מאסן.

אט דער וויכוח איז נישט געווען א סתם טעארעטישער; פון אים איז אפגעהאנגען די באשטימונג פון די וועגן צו דער לעזונג פון דער יידנפראגע בכלל און אויך די טאקטיק, וועלכע עס איז נייטיק אנצווענדן אין קאמף פאר די לאזונגען פון יידישן ארבעטער-קלאס.

דער וויכוח איז געווען א גענוג שארפער און ערנסטער. באריס ריאבטשינסקי האט ארויסגערוקט גאנץ וואגיקע ארגומענטן צו פארטיידיקן זיין שטאנדפונקט און ער האט דערגרייכט דאס, אז צו דער אנגענומענער רעזאלוציע איז צוגעגעבן געווארן א הערה וועגן דעם, אז „איין דעלעגאט איז געבליבן בא א אנדער מיינונג מכח דער אלוועלטלעכקייט פון דער יידנפראגע און א. וו."

פונקט אזוי האבן זיך ארויסגעוויזן מיינונגס-פארשידנקייטן בא נאך עטלעכע פונקטן. נישט אזוי באם פארמולירן דעם עצם פון דער נאציאנאלער פראגע און באם אנצייכענען די פערספעקטיוון פון באפרייונגס-קאמף פונם יידישן פראלעטאריאט. דא איז מער געגאנגען וועגן אפשאצן די באדייטונג און וויכטיקייט פון געוויסע דערשיינונגען, וועלכע פארשארפן דעם נאציאנאלן קאנפליקט פונם יידישן ארבעטער און פון די יידישע זיך-פראלעטאריזירנדיקע מאסן. א שטייגער, דער העכערער קולטור-ניווא פון דער יידישער באפעלקערונג, די גרעסערע רעוואלוציאנערישקייט פון יידישן פראלעטאריאט און ד. גל. צי זענען די מאמענטן נור צייטווייליקע, אדער זייער ווירקונג גוועט אנהאלטן לענגער?

אויך אויף די חילוקי דעות האט מען אויפמערקזאם געמאכט אין א ספעציעלער הערה.

די קאָנפערענץ האָט געדויערט עטלעכע טעג. זי האָט זיך געמוזט פאַרענדיקן, ווען מ׳האָט זיך דערוואוסט, אַז אין באַרדיטשעוו רופט צונויף דער א. ק. אַ דרום-מערבדיקע קאָנפערענץ מיט באַשטימטע פון אויבן דעלעגאַטן, כדי אויף אַזאַ אופן אָנצושליסן די אָרגאַניזאַציעס צו די „סיימיסטן". די פּאָלטאַווער קאָנפערענץ האָט תיכּף באַשלאָסן שיקן אַהין צוויי דעלעגאַטן מיט איר מאַנדאַט אויפן פאַל, אויב מ׳וועט נישט צולאָזן די פאָרשטייער פון א. ב.

האָט מען נישט באַוויזן צו באַטראַכטן ברייט דעם פונקט וועגן פּאַלעסטינע. ס׳איז אָבער נישט נויטיק געווען, ווייל דער ברען-פונקט איז דאָס מאָל געווען דער „סיימיזם" און די אויפפאַסונג פונעם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם.

מכּוח פּאַלעסטינע האָט די קאָנפערענץ אָנגענומען בלויז אַ קורצע דעקלאַראַציע בזה הלשון: „דער צוזאַמענפאָר אָנערקענט פּאַלעסטינע אַלס די איינציקע טעריטאָריע, וואו דורכן קלאַסן-קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט קאָן דערוואָרבן ווערן די טעריטאָריאַלע אַוטאָנאָמיע פאַרן יידישן פאָלק און פאָדערט פון דעם אַלגעמיינעם ציוניסטישן קאָנגרעס טיכּפדיקע רעאַלע אַרבעט אין פּאַלעסטינע".

מ׳האָט נאָך באַטראַכט פאַרשידענע אָרגאַניזאַציע-פראַגן, באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ ראַיאָן-אָרגאַן מיטן נאָמען „יעווריסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ" און אויסגעקליבן אַ ראַיאָן-קאָמיטעט.

כאַראַקטעריסטיש, וואָס אויף דערדאָזיקער קאָנפערענץ זענען די רעפעראַטן און די וויכּוחים געפירט געווען אין רוסיש. באָראָכאָוו האָט קיין יידיש לחלוטין נישט געקענט און אידעאָלאָגיש געווען פאַר העברעיש. יידיש איז, דאַכט זיך מיר, כּמעט ווי גאָרנישט גערעדט געוואָרן. אוודאי איז נישט געשטאַנען אויפן סדר היום קיין פראַגע וועגן קולטור-אַרבעט אין יידיש. ס׳איז געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די שריפטלעכע, ווי די מינדלעכע אַגיטאַציע דאַרף געפירט ווערן אין רוסיש, די שפּראַך, וואָס ווערט גערעדט און פאַרשטאַנען דורך די יידישע אַרבעטער אין דרום:

אויף דער באַרדיטשעווער קאָנפערענץ (אין מיטן דעצעמבער 1905) איז פאָרגעקומען די גענעראַל-שלאַכט צווישן דעם „סיימיזם" און אָרטאָדאָקסאַלן מאַרקסיסטישן פּועלי-ציוניזם. בערך צוויי וואָכן האָט זי געדויערט. פון די פּועלי-ציון זענען אַ חוץ די פּאָלטאַווער דעלעגאַטן, באָראָכאָוו און עובדיה, נאָך געווען נ י ס ן (וול. לוריע, שפּעטער אַ פאַראייניקטער, איצט אין קיעוו), ג אָ ל ד ע (שפּעטער באַקאַנט אַלס חברטע רחל, איצט אַלס רחל ינאית אין ארץ-ישראל), פּ אַ וו ע ל פּ אַ ל ע ס ט י נ י ע ץ (טראַצעוויצקי, איצט אין ראָסטאָוו אויפן דאָן), פּיניע קאַהאַנאָוויטש (דער נסתּר), נאַסין (גרינבערג), דוד (ראַפּאָפּאָרט) און נאָך אייניקע.

מ׳האָט דורכגעלופטערט אַלע פּראָבלעמען און פראַגן, אַלע באַגריפן און דעפיניציעס און אויך די קעגנער האָבן געמוזט צוגעבן, אַז באָראָכאָוו (פון דעם צד האָט ער פּאַקטיש געטראָגן די גאַנצע משא פון קאַמף אויף זיינע פּלייצעס) האָט אויפגעטון אַ ריזיקע אַרבעט, אָפּשלאָגנדיק נאָכאַנאַנד די קלעפּ פון די קעגנער אין די ג[illegible] שוואַ-

כע ווענט פונם יונגן פועלי־ציוניזם און זייענדיק געצוואונגען אויפן אָרט, תוך כדי דיבור, אויפצושטעלן נייע פעסטערע יסודות פאַר זיין בנין.

פאַקטיש איז דאָ, אין באַרדיטשעוו, פאַרגעקומען די ווירקלעכע צעשיידונג פון „סיימיסטן" און „פועלי־ציון". אויף דער קאָנפערענץ האָבן די לעצטע געהאַט די מער־הייט און דאָך האָבן זיי אָרגאַניזאַציאָנעל געליטן אַ מפּלה, ווייל די קאָמיטעטן זענען געווען „געכאַפּט". זיי האָבן געוואונען בלויז דאָס, וואָס אַ דאַנק דער קאָנפערענץ האָט זיך זיי איינגעגעבן צו פאַרענדיקן די אַרבעטן פון דער פּאָלטאַווער קאָנפערענץ בנוגע די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דער יידישער אַרבעטער־פּאָליטיק.

ערשט איצט האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין איר גאַנצער דרינגלעכקייט די פראַגע וועגן צונויפרופן אַ קאָנסטיטואירנדיקן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. דאָס אָרג. ביוראָ מיט דער הילף פון פּאָלטאַווער ראַיאָן־קאָמיטעט שטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיט די פאַר־שידנסטע פונקטן און געגנטן, ס'ווערן ענערגישער געפירט די אונטערהאַנדלונגען מיט די פאָרשטייער פון פּוילישן פאַרבאַנד, וועלכע פאָדערן פאַר זיך אַ געוויסע אויטאָנאָ־מיע אין דער איינהייטלעכער פּאַרטיי.

הויפּטזאַכלעך שטאַמט עס דערפון, וואָס דער פּוילישער פאַרבאַנד אָנערקענט דעם פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם אין קעגנזאַץ צו די „באָראָכאָוויסטן", וואָס האַלטן זיך פאַר „פּראָגנאָסטישע" פּאַלעסטינצעס. ס'הייסט, באַ זיי איז דווקא פּאַלעסטינע נישט צו־ליב פּרינציפּיעלע אידעאָלאָגישע טעמים, און נישט אויך בלויז צוליב פּראַקטישע טעמים, נאָר דערפאַר, וואָס דער פּראָגנאָז פון דער ווייטערער אַנטוויקלונג ווייזט אָן אויף דער קאָנצענטרירטער יידישער עמיגראַציע אין פּאַלעסטינע, וועלכע וועט פאַר־קומען סטיכיש, צוליב באַשטימטע אָביעקטיווע באַדינגונגען.

די אונטערהאַנדלונגען ווערן מצד דעם פּוילישן פאַרבאַנד געפירט דורך שמעון „פייגעלע" (פּרושיצקי פון טשענסטאָכאָוו), וועלכער מאַכט אויף אונדז אַלעמען אַן איינ־דרוק פון אַן אויסגעצייכנטן געשיקטן און קלוגן פּאָליטיקער.

אין דער זעלבער צייט ווערן אויך אין גאַנץ דרום־רוסלאַנד און אין קרים אָרגאַניזירט גרופּעס פון נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערער יוגנט אונטערן נאָמען „מאַלאַ־דאַיאַ יודעאַ" („יונג יהודה"). אייניקע חברים אונדזערע, סטודענטן, האָבן אַ גרויסע השפּעה אויף דידאָזיקע קרייזן און זוכן די גאַנצע אָרגאַניזאַציע צו געווינען פאַרן פועלי־ציוניזם.

אין דעם אָרגאַן פון אָט דער אָרגאַניזאַציע (מיטן זעלבן נאָמען), וואָס איז אַ לענגערע צייט דערשינען אין קרים, איז אויך געדרוקט געווען אַן אַרטיקל פון ה' אַדאָלף (א. ארשאַווסקי.) „די פּרינציפּן פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם", געחתמעט א. אַראָגאָוו.

מ'האָט באַשטימט, אַז דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר זאָל פאָרקומען וואָס גיכער און אַלס פּאַסיקע צייט איז אויסגעפונען געוואָרן די וואָך פון פּורים, פעברואַר 1906. מען האָט געוואָלט האָבן צייט זיך צוגרייטן ווי געהעריק צום 1־טן מאַי, און די נייע פּאַר־טיי זאָל שוין דאַן קאָנען אויפטרעטן עפנטלעך.

אַלס אָרט האָט מען באַשטימט פּ אָ ל ט אַ ו ע. קודם כּל, ווייל דאָ האָט מען געהאַט אַ גוטע אָרגאַניזאַציע און אַ גרויסע צאָל טוער, וועלכע מוזן זיין אויפן צוזאַמענפאָר. מען האָט זיך אויך גערעכנט דערמיט, וואָס דער „אָכראַנקע" וועט נישט איינפאַלן, מען זאָל אין פּאָלטאַווע גאָר אָפּהאַלטן אַ יידישן אַרבעטער-צוזאַמענפאָר, בשעת, ס'איז באַקאַנט, אַז די יידישע אַרבעטער-צענטרן געפינען זיך אין ליטע און אין פוילן.

ס'איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע אַרבעט און בּאַ אונז אין פּאָלטאַווע איז געוואָרן לעבעדיק. ס'האָבן אונז אָפטער באַזוכט חברים פון ליטע. דאַן איז בּאַ אונז צום ערשטן מאָל געווען ח׳ ק י ו ו י ן (פון וויטעבסק). אַ הויכער, שלאַנקער, אויסגעפּוצטער, האָט ער בּאַ אונז געמאַכט אַן איינדרוק, ספּעציעל, אַלס דער ערשטער רעדנער אין יידיש. אַ שטאַרקע געמבע, אַ הייסער טעמפּעראַמענט מיט אַ פעסטער זשעסטיקולאַציע האָט ער „געגומען" דעם עולם. כ'דערמאַן זיך אפילו, אַז זיין יידיש איז כּלל נישט געווען דאַן אַזאַ גלענצנדיקער און מ'האָט אָפט געקענט אָנטרעפן אויף רוסיציזמען, ווי „אָבשטשעסטווענאָיע ראַזוויטיע", „איסטאָריטשעסקי" מאַטעריאַליזם. ער האָט אויך ליב געהאַט צו באַפּוצן זיין רעדע מיט „הויכע" אויסרופן: „וואָלענס נאָלענס", „האָריבילע דיקטום", „פּערפּעטום מאָבילע", „מעמענטא מאָררי", — פלעגן די אַרבעטער אויפשטעלן מויל און אויערן: אַזאַ רעדנער, אַזאַ רעדנער!

אין „יעווריייסקאַיאַ זשיזן" האָבן זיך דאַן באַוויזן אַרטיקלען, אונטערגעשריבן פון איינעם ז אַ ר וועגן דער „סטאַטיק און דינאַמיק פון יידישן פּראָלעטאַריאַט". די שפּראַך און הסבּרה אפילו אַ שווערע, אָבער מ'האָט געזען, אַז מ'האָט דאָ צו טון מיט אַ מענטש, וואָס דענקט זעלבשטענדיק, אָריגינעל און טיף. פון די ערשטע אַרטיקלען האָט מען שוין געקענט אַרויסדרינגען, אַז דער מחבר איז אַ פּועלי-ציוניסט. מ'האָט זיך פאַראינטערעסירט און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ חבר, וואָס אַרבעט אין מינסק, זעליק אַבראַמאָוויטש ראַבינאָוויטש (פון דאַנען — דער ראשי תּיבות „ז. א. ר."). דאָס אָרג. ביוראָ האָט זיך תּיכּף געשטעלט מיט אים אין פאַרבינדונג און מ'האָט זיך אמתדיק דערפרייט, וואָס עס קומט צו נאָך אַ וויכטיקע טעאָרעטישע קראַפט.

ד ע ר ו ו י י ל האָט מען זיך דער עיקר געשטיצט אויף דעם איין באָראָכאָוו. מ'האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון ניסן און באָרוכסאָן, מ'האָט געלייגט אַ סך האָפנונגען אויף עובדיהן און אַדאָלפן. בשעת דער פּאָלטאַווער ראַיאָן-קאָנפערענץ האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זיין אָריגינעלן דענקען און באַדייטנדיקער ערודיציע אַ חבר פון קרעמענטשוג, באָריס ריאַבטשינסקי (מ'האָט אים גערופן „דער קליינער באָריאַ, אין אונטערשיד פון „גרויסן" באָריאַ באָראָכאָוו). ס'זענען נאָך אָבער כמעט אַלע געווען מענטשן אָן אַ נאָמען, וואָס האָבן נישט אימפּאָנירט דער דרויסנדיקער וועלט. פאַרקערט בּאַ די „סיימיסטן" זענען אַלץ געווען קאָרפּן-קעפּ, ועל כּולם דער באַקאַנטער מאַרק באָריסאָוויטש ראַטנער און ד"ר זשיטלאָווסקי. אויך בּאַ די ס. ס. זענען חוץ סיר-

קינען שוין געווען פּאָפּולער די לעשצינסקיס, ליטוואַקאָוו, שמואל טשאַרני (ש. ניגער), בערטאָלדי.

מ׳האָט באַ אונדז אַ געוויסע צייט געשמועסט, אַז צו אונדז וועלן צושטיין צבי אברהמי (מ. פאַרבמאַן) און שמעון דאַבין (שמעוני). דערפון האָט זיך אָבער גאָרנישט אײַסגעלאָזט.

די אינטענסיווע אָרגאַניזאַטאָרישע און פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט אין משך פון אַ פּאָר חדשים האָט געבראַכט רעזולטאַטן, וואָס האָבן איבערגעשטיגן די דערוואַרטונגען. צום צוזאַמענפאָר זענען געקומען העכער 20 דעלעגאַטן, צווישן זיי: באָראָכאָוו, באָרוכסאָן (כאַשין), מאַטעס, עובדיה (בן־צבי), ניסן (וול. לוריע), גאָלדע און פּאַוועל (פון קיעוו און דעמיעווקע), נתן (אַ סטודענט פון כאַרקאָוו), גרשון אַ שוסטער, שוין אַן עלטערער מענטש מיט אַן אייגענער פּועל־ציוניסטישער קאָנצעפּציע, געקומען אַ שטיק צו פוס פון אָדעס), ברוך טשיזשיק (אַ לאַנד־אַרבעטער פון סאָראָקי, איצט אין ארץ־ישראל. אים האָט מען אַ נאָמען געגעבן קאַוטסקי, ווייל יעדעס מאָל, ווען באָראָכאָוו פלעגט עפּעס זאָגן, האָט ברוך געפונען פאַר נייטיק צו האַלטן אַ דרשה און פּאָפּולאַריזירן פאַר אונדז, וואָס „באָריא האָט געמיינט צו זאָגן״), לייב חייט (ווילנא), משה בעסאַראַביער (אַ סטו־דענט פון אָדעס), שמעון „פייגעלע״, פנחס און שלמה שולמאַן פון לאָדזש (אַלע דריי פון פוילישן פאַרבאַנד), פעליקס מענטשיקאָווסקי. (וו. אָדים פון קרימער פאַרבאַנד), (א. אַראָנאָוו), קיווין (ס. קאַפּעליוש), יעקב יאַנאָווסקי (פון ביאַליסטאָק) און דער מחבר פון די שורות.

די פייערלעכע ערעפענונג פון צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אַ שבת צו נאַכטס אין דער „אומזיסטער יידישער מיידל־שולע״ אויף קאַביעליאַקער גאַס, לעבן יידישן שפּיטאָל, וואו אַלס פּאַרוואַלטערין האָט געאַרבעט אונדזער חברטע וויערע האָלעמבאַ. דער שיינער גרויסער ליכטיקער און רייַנער צימער האָט צוגעגעבן אַ סך צו דער אמת יום־טובדיקער שטימונג פון די דעלעגאַטן.

די אייגנטלעכע אַרבעט פון צוזאַמענפאָר האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אויף מאָרגן אין אַ געדונגען הויז באַ אַ בייגל־בעקער אין דעם ווייטן אָפּגעלעגענעם געגנט פון שטאָט־צענטער, „קאַביעשצאַגי״. אַ האַלב איינגעפאַלענע מאַלאָראַסישע כאַטע איז דאָס געווען, וואו די הויך־וואוקסיקע חברים פלעגן זיך ממש אין דרייען אײַנבייגן, כדי אַרייַנצוקומען אין טיר. פאַר די זיצונגען האָבן מיר פאַרמאָגט איין גרעסערן צימער, וואו מיר זענען אויך געווען ענג צונויפגעדריקט אַרום דעם טיש. אַ צווייט שמאָל צי־מער, דאָס שלאָף־צימער, ווו ס׳איז געשטאַנען אַ בעט, אַ זעקל מעל, האָט אונז געדינט אַלס „קולוארן״ און אַרבעטס־אָרט פאַר די קאָמיסיעס. ענדלעך איז אויך געווען דאָס גרויסע קיך־צימער, וואו מ׳האָט געבאַקן די בייגל. וועגן באַקוועמלעכקייט איז נישט געווען צו רעדן. דערפאַר אָבער איז עס געווען אַן אײַנזאַם הויז, אין הויף, אָן שכנים, אויף אַ שטיל זייטיק געסל און קוים האָט מען זיך שוין אַהער אַרייַנגעפּאַקט, איז שווער געווען דורכצופאַלן. זענען מיר טאַקע געלעגן אין הויז אַ קאַרגע וואָך, כמעט ווי נישט

אַרויס, הוּץ די אָרטיקע, וואָס האָבן אונז באַדאַרפט באַזאָרגן ברויט, וואורשט און אייער צום עסן. אמת הנאה געהאַט האָבן מיר אויך פון די פרישע בייגל און פון די געבאַקטע קאַרטאָפל אין פלעצלעך, וואָס מיר פלעגן זיך אָפט פאַרגינען.

די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען געשמאַק. פון די באַריכטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונזערע אָרגאַניזאַציעס געפינען זיך אין די וויכטיקסטע יידישע אַרבעטער-צענטרן און אַז אין מערסטע ערטער האָט זיך איינגעגעבן זיי אַרויסצוראַטעווען פון דער סיימיסטישער „מגפה". פולשטענדיק זענען געווען „אונזערע" דער פּוילישער פאַרבאַנד, פּאָלטאַווער ראַיאָן, דרום-ליטווישער ראַיאָן מיט ביאַליסטאָק אין דער שפּיץ, די ליטוויש-ווייסרוסישע געגנט מיט מינסק אין צענטער, אין דרום-מערב האָבן מיר געהאַט אַ גוטע אָרגאַניזאַציע אין דעמיעווקע בײַ קיעוו. אין בערדיטשעוו זענען, שיינט מיר, דאַן אויך געווען נאַסין (גרינבערג) און דוד (ראַפּאָפּאָרט). אין טשערקאַס און אין סמילע האָט נאָך געדאַרפט פאָרקומען די אַנטשיידונג. אין צענטראַל-רוסלאַנד זענען נאָך געווען צוזאַמען פּועלי-ציון פּאַלעסטינצעס און ציוניסטן-סאָציאַליסטן. קיין סכנה מצדן „סיים" איז אָבער נישט געווען. מיטן קרימער פאַרבאַנד זענען מיר געווען זיכער, אין בעסאַראַביען זענען די וויכטיקסטע צענטרן, ווי קישענעוו, קאַלאַראַש געווען אויף אונזער זייט. דאָרטן האָבן געאַרבעט צוויי פעיקע חברים אַפּאַלאָן (זיין אמתן נאָמען געדענק איך נישט) און שלום (ש. גאָלדעלמאַן, שפּעטערדיקער אָנגעזעענער טוער בײַ די פּועלי-ציון אין אוקראַינע). אין יעקאַטערינאָסלאַווער געגנט האָבן מיר געהאַט גוטע גרופּעס אין בערדיאַנסק, טאַגאַנראָג, ראָסטאָוו. אין וויטעבסק זענען אויך געווען גוט-אָרגאַניזירטע גרופּעס אַרום זאַקהיימען און באָרוכסאָן. מיט קאַווקאַז (סטאַווראָפּאָל, באַקו, טעמיר כאַן-שורא) זענען מיר שוין אויך געווען פאַרבונדן. דער צוזאַמענפאָר האָט פאַקטיש רעפּרעזענטירט די גרעסטע צאָל אָרגאַניזירטע פּועלי-ציון אין רוסלאַנד און זיך געפילט באַרעכטיקט צו קאָנסטיטואירן די פּאַרטיי.

די וויכטיקסטע אַרבעט איז אָבער נאַטירלעך געווען די טעאָרעטישע. רעפעראַטן זענען געווען לאַנגע, אויספירלעכע, אומפּאַסנדיקע, די ויכוחים — אומבאַגרענעצטע. אַלס רעפערענטן זענען הויפּטזאַכלעך אויפגעטראָטן באָראָכאָוו און נ י ס ן (וועגן די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען), אין די דעבאַטן האָבן זיך באַזונדערס אַקטיוו באַטייליקט עובדיה, אַדאָלף, גאָלדע, פּאַוועל און פעליקס.

אַלס יסוד פאַר די רעפעראַטן זענען גענומען געוואָרן די גרונט-געדאַנקען פון דער פּאָלטאַווער ראַיאָן-קאָנפערענץ און די פּרינציפּן, וואָס מ'האָט מחדש געווען בעת דער בערדיטשעווער קאָנפערענץ. דאָ איז ענדגילטיק פאָרמולירט געוואָרן דער פּועלי-ציוניזם אַלס זעלבסטשטענדיקע קלאַסן-באַוועגונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. אַלס אויסגאַנגס-פּונקט זענען גענומען די קלאַסן-אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער-קלאַס. דאָ איז אויך אַרויסגעבראַכט געוואָרן דורך באָראָכאָוון דער געדאַנק וועגן ס ט י כ י ש ן פּ ר אָ צ ע ס. נאָך ביזן היינטיקן טאָג זענען פאַראַן אַ סך באָראָכאָווס קעגנער, וואָס טייטשן אויס דידאַקטיק „אידעע" זיינע (וועגן סטיכישן פּראָצעס, וואָס פירט צו דער פאַרווירק-

לעכונג פון ציוניזם) אַלס אַ ריין מעכאַנישע באַציונג צו דער רעאַליזאַציע פונם אידעאַל. דאָס איז אָבער לחלוטין פאַלש. נישט נאָר שפּעטער אין זיינע אַרויסטרעטונגען און אין „אונדזער פּלאַטפאָרם", נאָר שוין אויפן צוזאַמענפאָר גופא האָט באָראָכאָוו גאַנץ אויספירלעך גערעדט וועגן דעם אָרגאַנישן רעאַליזירונגס־פּראָצעס. מיט דער „סטיכישקייט" האָט ער געוואָלט באַזונדערס אונטערשטרייכן די אָביעקטיווע אומפאַרמיידלעכקייט, די היסטאָרישע אומבאַדינגטקייט פון דעם פּראָצעס, וואָס האָט אָבער בשום אופן נישט געמיינט, אַז אַלץ וועט קומען פון זיך אַליין, ממילא, אָן אונדזער באַוווסטזיניקער אַריינמישונג און באַטייליקונג. אַדרבה, באָראָכאָוו האָט שוין דאַמאָלס אָנגעוויזן אויף די באַזונדערע ראָלן פון דער בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט אין דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס פון דער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער תקופה. די בורזשואַזיע דערפילט די ראָלע פון אָרגאַניזאַטאָר. בשעת דער פּראָלעטאַריאַט האָט די אויפגאַבע צו באַפרייען די פּראָדוקטיווע כוחות פון די פאַר זיי ענגע פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן. די בורזשואַזיע רעגולירט די אָרגאַניזירנדיקע מאָמענטן, דער פּראָלעטאַריאַט — די באַפרייענדיקע. אינם פּראָצעס פון רעאַליזירן דעם ציוניזם פירט דער פּראָלעטאַריאַט דעם קאַמף צו באַפרייען די יידישע פּראָדוקטיוו־כוחות סיי דורכן רעגולירן די עמיגראַציע, סיי דורכן אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין פּאַלעסטינע גופא. פון דעם שטאַנדפּונקט האָט ער דאַמאָלס אויך באַגרינדעט דעם אָנטייל אין ציוניסטן־קאָנגרעס, כדי צו קעמפן פאַר דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער ציוניסטישער אַרבעט אין פּאַלעסטינע.

די „סטיכישקייט" איז ווייט נישט אַלץ, זי איז בלויז דער אָביעקטיווער יסוד פאַר סוביעקטיווער אַקטיוויטעט. זי גיט אונדז די גאַראַנטיע, אַז אונדזערע אָנשטרענגונגען וועלן נישט זיין אומזיסט, נאָר וועלן ברענגען דעם געוואונשענעם רעזולטאַט.

מיט אָט דער „סטיכישקייט" און „אָרגאַנישקייט" פון רעאַליזירונגס־פּראָצעס האָט מען אויפן צוזאַמענפאָר אויך פאַרענטפערט די פראַגע וועגן דער בריק צווישן „דאָ" און „דאָרט", צווישן גלות און פּאַלעסטינע. ס'איז איין פּראָצעס, וואָס ציט זיך אויס אויף פאַרשידענע געאָגראַפישע שטחים. איז נישטאָ קיין שאלה פון „דאָ" און „דאָרט", פון „ווער איז בילכער" — דער גלות צי ארץ־ישראל. ביידע זענען בילכער. דער קאַמף ווערט געפירט גלייכצייטיק אומעטום און דער דערפאָלג אין איין אָרט רופט זיך תיכף אָפּ צום גוטן אויפן גאַנג פון קאַמף אין צווייטן אָרט.

די נשמה פון צוזאַמענפאָר, איר פרישער באַפרוכטנדיקער גייסט איז געווען באָראָכאָוו. אינגאַנצן אַ 26־יאָריקער בחור האָט ער שוין צו יענער צייט באַזעסן אַ געוואַלטיקע ערודיציע אין פאַרשידענע וויסנשאַפטן, זיך גוט אויסגעקענט אין 8—9 עלטערע און מאָדערנע שפּראַכן ועל כולם — פאַרמאָגט אַ פענאָמענאַלע אַרבעטסזאַמקייט. די הויפּט־רעפעראַטן האָט ער געלייענט. צוליב עניוות און כדי צוצוגעבן מער גלאַנץ און אָנזען דעם צוזאַמענפאָר, האָט ער געצוואונגען אויך אַנדערע חברים צו רעפערירן.

ער פלעגט אָבער נעמען אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע, און די ווייטערדיקע ויכּוחים פלעגן שוין אַוועקגיין אויף ז י י ן ליניע. כּסדר איז ער געווען אויף זיין פּאָסטן, נישט דערלאָזט קיין פאַלשן געדאַנק, קיין שעדלעכן פאָרשלאַג. אויף די פּלענאַר=זיצונגען און אין די קאָמיסיעס, בשעת די רעפעראַטן און באַם צונויפשטעלן רעזאָלוציעס איז ער געווען דער אַקטיווסטער און וואַכנדיקסטער גייסט. ער האָט גערעדט כּסדר אין זיין מוטער=שפּראַך — רוסיש, לאַנג, אָבער טרעפלעך, שאַרף, קלאָר און כּסדר באַלערנדיק. אַ פּאַפּיראָס נאָך אַ פּאַפּיראָס, ס'ציטערן נערוועז די מוסקולן פון אויג. די שטימע — הייזעריק, און דער גאַנצער צוזאַמענפאָר שלינגט ממש זיין „תּורה". ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט די צרגאַניזאַציאָנעלע, ריין „פּראַקטישע" ענינים און אַ סך באַאיינפלוסט דעם אָרגאַניזאַציע=אויסבוי פון דער פּאַרטיי.

ב אָ ר ו כ ס אָ ן איז געווען בערך אין איינע יאָרן מיט באָראָכאָוון. להיפוך צום לעצטן, וואָס איז אין עצם נאָך דאַן ווייט געווען פון יידישן לעבן און קולטור, איז באָרוכסאָן געקומען פון דער עכטער יידישער גאַס אין ליטע, מיטגעבראַכט אַ סך באַקאַנטשאַפט און פאַרשטענדניש פאַר יידישער קולטור, חריפות פון אַן עילוי, אַ רייכע זאַפטיקע יידישע שפּראַך און שאַרפן געפעפערטן פּאָלעמישן וויץ. ער איז אין תּוך געווען אַ דילעטאַנט אין די אַלע פילאָזאָפישע און סאָציאַל=עקאָנאָמישע פראַגן. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ קלאָרן קאָפּ, אַ גראַדן שכל און אַ געזונטע לאָגיק. פלעגט ער גיך תּופס זיין דעם ענין און אין אַ רגע אַרום, אַז ער האָט גענומען דאָס וואָרט, האָט ער שוין באַוויזן אַריינצוברענגען אין אים עפּעס אייגנס, צוגעבן עפּעס אַ נייעם שטריך, אַ ניואַנס. זיין כּח=הסברה איז זייער צונוץ געקומען אויפן צוזאַמענפאָר און האָט אים שפּעטער אויך פּאָפּולער געמאַכט באַ די חברים. ער איז, אגב, געווען פון די איינציקע, גלענצנדיקע יידישע רעדנער אויפן צוזאַמענפאָר, ווי בכלל אין דער פּאַרטיי.

נ י ס ן האָט שוין יאָ פאַרמאָגט אַ רייכע ערודיציע. ער האָט כּסדר געגראָבן אין דער טיף. ס'איז שווער געווען נאָכצופאָלגן זיין געדאַנק און אים אַליין איז שווער געווען אויסצודריקן קלאָר, וואָס ער וויל. האָט ער אָבער נאָר צייט געהאַט אַרומצורעדן די זאַך אויספירלעך פון אַלע זייטן, פלעגט ער זיין בכּח צו איבערצייגן דעם קעגנער. דאָך איז זיין כּח באַשטאַנען מער אין שטעלן קשיות, ווי אין געבן תּשובות. דערפאַר האָט ער זיך אויסגעצייכנט געווייַנטלעך אַלס אָפּאָנענט.

ע ו ב ד י ה איז נאָך דאַן געווען יונג, עטלעכע און צוואַנציק יאָר, ערשט אָנגעקומען אין קיעווער אוניווערזיטעט. אַ זון פון אַ פאַרמעגלעך משכּיליש=חובב=ציוניסטיש הויז, איז ער געווען גוט באַהאַוונט אין דער העברעישער ליטעראַטור, געהאַט אַ באַזונדערן אינטערעס צו יידישער געשיכטע. צו יענער צייט שוין געהאַט באַזוכט, אַלס טוריסט, ארץ=ישראל און אָפּגעדרוקט אַ פּאָר קאָרעספּאָנדענציעס אין „הצופה", אונטערן פּסעוודאָנים יצחק השמשי (שימשעלעוויטש). פון דער יוגנט אָן האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גראָדליניקייט, ערנסטקייט און ערלעכקייט. ער פלעגט אַן ענין

נישט אַזוי שנעל און לייכט באַנעמען, דער מוח האָט זיך באַוואויגן לאַנגזאַם און שווער. דערנאָך פלעגט ער שוין זיך האַלטן באַם דערוואָרבענעם מיט אַ געוויסן קאָנסערוואַטיזם. ער איז נישט געווען קיין רעדנער, פלעגט זוכן ווערטער, אויסדרוקן, איבערחזרן זיך, דאָך האָט ער געהאַט אַ שטאַרקע השפעה אויף זיינע צוהערער. ס'האָט געווירקט זיין איבערלעכע איבערצייגונגס־קראַפט, די פשטות און נישט געקינצלטקייט פון זיין אופן רעדן, זיין מאָראַלע פערזענלעכקייט. ער האָט זיך פון תמיד אָן באַשעפטיקט אויך מיט „טעכנישער" אַרבעט. אַפילו געהאַט דערצו אַ געוויסע ליבע. באַ דער אָרגאַניזירונג פון זעלבסטשוץ, באַם אויפשטעלן אַ דרוקעריי, באַם דורכפירן אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען און פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס, איז ער כסדר געווען פון די איניציאַטאָרן, אָנפירער און אויספירער גלייכצייטיק, זיין אָנטייל אין צוזאַמענפאָר איז געווען זייער אָנזעעוודיק הן אין טעאָרעטישן און הן אין פּראַקטישע ענינים.

גאָלדע איז געווען די איינציקע חברטע דעלעגאַטקע. ס'איז געווען אַ זייער אינטערעסאַנטער, סימפּאַטישער טיפּ פון אַ פּאַרטיי־טוערין, אַ הייסער, אַ ביסל עקזאַלטירטער טעמפּעראַמענט און אין דערזעלבער צייט אַ גריבלערישע ערנסטע נאַטור, אַ היבש ביסל באַלעזן, מיט אַ סך אינטערעס פאַר געוויינטלעכער איבערלעכער פּאַרטייִשער אַרבעט. זי איז נאָך געווען ייִנג, אָבער מיט אַ היפּשער פּאַרטיי־דערפאַרונג, און פּיעטיזם פאַר דער אָרגאַניזאַציע. זי האָט שווער געקענט קאָנצענטרירן אירע געדאַנקען און מיר האָבן זי אַפילו, אין חברשער גוטמוטיקייט, באַשולדיקט אין „צעשויבערטע שטימונגען".

פּעליקס איז געווען אַן עכטער דרום־טיפּ: געזונט, גוטמוטיק און אַ ביסל פלעגמאַטיש. ער פלעגט זיך שנעל אויפקאָכן, צעהיצן, און טאַקע באַלד זיך באַרויקן. אַ מענטש מיט העכערער בילדונג, מיט אַ סך געבוירענער אינטעליגענץ און אַ פּאָעטיש־סענטימענטאַלער נאַטור, איז אים אַפילו תחילת שווער געווען איינצוהיימישן זיך אין אונדזער סביבה. באַראָכאָוו האָט אָבער אויף אים געהאַט אַ גרויסן איינפלוס און ער האָט אַ סך בייגעטראָגן אין דער טעאָרעטישער אַרבעט.

אויפן פינפטן אָדער זעקסטן טאָג איז דאָך אונזער דירה דורכגעפאַלן און מען האָט זיך געמוזט שנעל אַריבערציען אין אַן אַנדער אָרט. מ'האָט נישט צוגעגרייט לכתחילה, ווייל מען איז געווען זיכער אין דער פולשטענדיקער קאָנספּיראַציע פון דעם בייגל־בעקערס הויז. בלית ברירה האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ געוואַגטן פאָרשלאַג. אויפן ראָג קאָבעליאַקער און קליין פּיעטראָווסקע גאַסן אין סאַמע צענטער שטאָט, אַ פּאָר שריט פון דער הויפּט פּאָליציי־פאַרוואַלטונג איז געווען דער האָטעל, וואו ס'האָבן געוווינט באַראָכאָוו מיט דער פרוי און עטלעכע אָנגעפאָרענע דעלעגאַטן. אַזוי ווי קיין אַנדערע געסט זענען דאַן כמעט נישט געווען, האָט מען אָפּגעדונגען באַם אייגנטימער אַ גרעסער צימער, וואו מיר האָבן פאָרגעזעצט די אַרבעט, רעכענענדיק, אַז די פּאָליציי וועט נישט חושד זיין, דאָס האַרט באַ איר אונטער דער נאָז, באַגייט מען אַזאַ „אַנטי־מלוכהשע" זאַך.

אָפּגעאַרבעט אַ טאָג — בישקשה. האָט מען אונדז אָבער ווי־דער אויסגעשפּירט. אַפּנים אין שטאָט האָט מען שוין געדעט וועגן צוזאַמענפאָר. קומט פליצלינג פּאָלי־ציי מיט אַ רעוויזיע צו באַראַכאָוו. באַראַכאָוו איז צו זיי אַרויס, און מיר אַלע האָבן זיך אינעווייניק פאַרשלאָסן, זיצן שטיל, איינגעהאַלטן דעם אָטעם און וואַרטן. די רע־וויזיע און אויספרעגן האָט גאָרנישט געגעבן און זיי זענען שוין געווען גרייט אַוועק־צוגיין, ערשט זיי באַמערקן אַ פּאָר קאַלאָשן, מיט בוכשטאַבן מ. ג. זיי פרעגן זיך בײַ באַראַכאָוון, וועמענס זענען די קאַלאָשן, ער הייבט אָן אויסצוזוכן תירוצים און זיי גיבן זיך אַ לאָז אין די אַנדערע צימערן. צוגעקומען צו אונדזער טיר, גענומען קלאַפּן, מיר — שפּרינגען דורך די פענסטער. אַלע זענען זיך צעלאָפן. אָבער דעם שלימזלדיקן אייגנטימער פון די קאַלאָשן דעם חבר משה פון אָדעס, האָט מען פאַרהאַלטן צוזאַמען מיט באַראַכאָוון.

באַראַכאָוון האָט מען אין אַ פּאָר טעג אַרום באַפרייט, משהן און נאָך אַ פּאָר שפּעטער אַרעסטירטע דעלעגאַטן האָט מען אָפּגעשיקט „מיטן עטאַפּ". דער צוזאַמענ־פאָר איז דורכגעפאַלן. מיר האָבן באַוויזן אויסצוווילן אַ צענטראַל־קאָמיטעט און אָנצו־נעמען די וויכטיקסטע פּאָליטישע און טעאָרעטישע רעזאָלוציעס. די טעאָרעטישע אַר־בעט האָט מען געדאַרפט פאַרענדיקן, איז טאַקע גלייך באַשטימט געוואָרן אַ טעאָרעטי־שע קאָמיסיע, וועלכע האָט געאַרבעט אין קאָנסטאַנטינאָגראַד (פּאָלטאַווער גובערניע) און נאָכן דורכפאַל אַריבער קיין סימפעראָפּאָל (קרים). דידאָזיקע טעאָרעטישע קאָנפע־רענץ, וואו ס'האָבן זיך דער עיקר באַטייליקט באַראַכאָוו, באָרוכסאָן, ניסן, עובדיה, אַדאָלף און פעליקס, האָט אויספירלעך און ברייט אַרומגערעדט די פאַרשידענע פּראָבּ־לעמען פון פּועל־ציוניסטישן פּראָגראַם. אויפן יסוד פון איר אַרבעט און אין איר אויפ־טראָג האָט שפּעטער באַראַכאָוו געשריבן „אונדזער פּלאַטפאָרם". גלייך דערשיינט אַ בלעטל פון צ. ק., געדרוקט אין פּאָלטאַווע, וועגן דער גרינדונג פון דער פּאַרטיי. אין די לעגאַלע צייטונגען איז דערשינען אַ גרויסער אויסצוג פון אים אין איינעם פון די נומ. „כראָניקאַ יעווריעיסקאַי זשיזני" אין פּעטערבורג. ס'דערשיינט אויך אַ מאַי־בלעטל, וואָס ווערט שוין פאַרשפּרייט אין אַ פּאָר צענדליק טויזנט עקזעמפּלאַרן.

דער פּוילישער פאַרבאַנד, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין צוזאַמענפאָר בלויז מיט באַראַטונגס־רעכט נעמט אָן די פּלאַטפאָרם, וואָס איז פאָרגעלייגט דורכן צ. ק. און דער־קלערט אָפיציעל זיין אָנשלוס אָן דער נייער פּאַרטיי.

פון אומעטום פאַרלאַנגט מען מענטשן און ליטעראַטור. דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן צוויי צענטראַלע אָרגאַנען אין י י ד י ש און ר ו ס י ש. דאָרט זענען שוין געווען פאַרטרעטער פון די גרויסע יידישע אַרבעטער־צענטרן, האָט מען שוין גערעדט אַ סך יידיש און ס'איז אויך נאַטירלעך געווען דער באַשלוס, אַריבער־צופירן דעם פּאַרטיי־צענטער אין הארץ פון יידישן תחום, אין ווילנע, און אַז דער ר ו ס י ש ע ר אָרגאַן קען דערשיינען ערשט נ אָ כ ד ע ם, ווי ס'וועט דערשיינען דער י י ד י ש ע ר.

דער אַריבערפאָר קיין ליטע איז נישט אַזוי לייכט. ס'פעלן קודם כל געלט־מיטלען. פינף טויזנט רובל (דאַן אַ „מטמון" !), וואָס אַמעריקאַנער חברים האָבן צוגעשיקט אויף לעווקאָוויסקיס אַדרעס פאַר פועלי־ציון, זענען אַריינגעפאַלן צו סיימיסטן און אַ לאַנגע צייט האָט זיך געצויגן דער סקאַנדאַל אַרום דעם. פאַר ווילנע מוז מען אויך קאָנצענטרירן אַ גאַנצע גרופּע טוער אויף איין אָרט און וואַרטן טאָר מען נישט. מוז מען שוין אָנהייבן אַרויסגעבן ליטעראַטור אין פאָלטאַווע. אָבער דאָ איז מעגלעך נאָר אין רוסיש. וואָס־זשע טוט מען מיטן באַשלוס פון צוזאַמענפאָר, אַז פריער מוז דערשיינען דער אָרגאַן אין יידיש? שלעפּט מען אַרויס פון אַרכיוו דעם באַשלוס פון פאָלטאַווער ראַיאָן־קאָנפערענץ און מ'טרעט צו אַרויסצוגעבן די „יעווריעיסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ", אַלס אָרגאַן פון פאָלטאַווער ראַיאָן־קאָמיטעט. מ'האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי דער נאָמען זאָגט, אַז ס'וועט זיין אַ באַשיידענער אָרגאַן אָן פּרעטענזיעס אויף אַ לייטנדיקע צענטראַלע ראָלע. די אָנומעלטן אויסגעווײלטע רעדאַקציע־קאָלעגיע איז געווען אויפן אָרט: באָראָכאָוו, עובדיה, פלטיאל, אַדאָלף און איך אָבער, פון די אַלע איז געווען בלויז איינער, באָראָכאָוו, וואָס זיין מיטאַרבעטערשאַפט איז געווען קוראַנט, האָט ער טאַקע געשריבן: דאָס לייט־אַרטיקל, פּאָפּולערע שמועסן אונטערן נאָמען ריאַדאָוואָי, כראָניק, באַריכטן פון דער דרום־מערבדיקער קאָנפערענץ און דער עיקר — „אונזער פּלאַטפאָרם", אונטערן פּסעוודאָנים פּאָסטאָיאַני (שפּעטער פלעגט ער אָפט חתמענען מ. שטענדיקער).

לכתחילה האָט עס געזאָלט זיין אַ קורצער פּראָגראַמאַטישער מאמר. די אַרבעט האָט זיך אָבער פאַרגרעסערט אין פּראָצעס פון שאַפן. אַ נויטיקייט צו אַרומרעדן אַלע פראַגן איז געווען, דער דרוקער האָט געאײלט, מ'האָט געמוזט געבן איינצלנע בלעטלעך, נישט אָנקוקנדיק אפילו דאָס גאַנצע. האָט זיך דער מאמר צעצויגן, זענען די עמודים געוואַקסן און דער „סוף קומט" איז אָפּגעלייגט און איבערגעטראָגן געוואָרן פון נומער צו נומער, שפּעטער פון זשורנאַל צו זשורנאַל. די ערשטע טיילן געדרוקט אין „יעוור. ראַב. כראָניקאַ" אין פאָלטאַווע, אַ צווייטע טייל (וואָס אין די ביז איצטיקע אויסגאַבן פון דער „פּלאַטפאָרם" אין אָדעס דורכן פאַרלאַג „נייע לעבן" און אין אַמעריקע אין ערשטן באַנד באָראָכאָווס שריפטן אין פועלי־ציון־פאַרלאַג, ווערט ער אָנגעגעבן, על פּי טעות, אַלס דער סוף) אין סימפעראָפּאָל אין „מאַלאָט" (אָרגאַן פון קרימער פאַרבאַנד) און דער אייגנטלעכער סוף אונטערן קעפּל „די ראָל פון אַרבעטערקלאַס אין דער רעאַליזירונג פון טעריטאָריאַליזם", אָנגעשריבן אַ סך שפּעטער נאָך זיין אַרעסט אין פאָלטאַווער טורמע, געדרוקט בלויז אין דער י י ד ש ע ר א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג אין „פּראָלעטאַרישער געדאַנק" נום. 3 און „פּאָרוועטס" נום. 1, אין ווילנע.

דאָס איז געווען זיכער די בלי־צייט פון באָראָכאָווס שאַפן. יעדער עמוד איז פאַר די חברים גופא געווען אַן אַנטפּלעקונג פון פּראָלעטאַרישן שאַפונגס־גייסט. ס'איז אַן איבעראַשונג פון דעם גאונישן דענק־אַפּאַראַט און פון דער מערקווירדיקער אַנאַליטישער חריפות. אין דערזעלבער צייט איז פאַר אונדז דאַן דער גאַנצער מאמר, צוליב

זיין פּאָלעמישן טאָן, אָנגעזאַפּט מיטן טוי פון טאָג=טעגלעכקייט און מיר האָבן געפילט אין אים דעם צאַפּל פונם לעבעדיקן לעבן. פאַר אונדז איז ער געווען נישט קיין אַבסטראַקטע קאַבינעט=פאָרשונג, נאָר אַ יידיש=פּראָלעטאַרישער קאַמפּס=מאַניפעסט, וואו עס ווערן וויסנשאַפטלעך פעסטגעשטעלט די אַנטוויקלונגס=געזעצן פון דער יידישער ווירקלעכקייט, אויפגעוויזן די היסטאָרישע אומפאַרמיידלעכקייט פון די איבערבוי=פּראָצעסן אינם לעבן פון די יידישע מאַסן און אָנגעצייכנט מאַרקסיסטיש די קאַמפּס=ליניע פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

דער אָרגאַן איז דערשינען לעגאַל פאַר אַפּריל=מאַי=יוני 1906 און האָט געהאַט אַ געוואַלטיקע פאַרשפּרייטונג. ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין לויפנדיקן מאַטעריאַל, ווייל ער פלעגט דערשיינען מיט גרויסע הפסקות. ס'איז אין עיקר געווען דערפאַר, וואָס אַלע מיטאַרבעטער, בפרט באָראָכאָוו אַליין, פלעגן כסדר מוזן אַרומפאָרן אויף אַגיטאַציע=נסיעות, האָט מען געוואַרט אויף מאַטעריאַל. פאַר דער גאַנצער צייט זענען דערשינען בלויז 3 נומערן.

ס'איז געקומען די צייט פון ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, די לופט אין גאַנצן תחום איז געווען פול מיט פּאָגראָם=דערוואַרטונג. אויך אין פּאָלטאַווע האָט מען זיך געריכט. תיכּף נאָכן פּאַרטיי=צוזאַמענפאָר האָב איך באַקומען מיין ערשטע פּאַרטיי=שליחות צו ברענגען געווער. צוזאַמען מיטן חבר משה אומאַנסקי (איצט אין טשיקאַגאָ) זענען מיר געפאָרן קיין ליבאַווע, די היים פון ליאָווקע כאַזאַצקי, און אַ דאַנק דעם לעצטנס פאַרבינדונגען האָבן מיר איינגעהאַנדלט פון אויסלאַנד 40 ברויניגגען. פון אויסלאַנד האָט די פירמע צוגעשטעלט די סחורה ביז אַ גרענעץ=שטעטל, פון דאָרט האָט אַ „שוואַרצער" אַריבערגעפּעקלט קיין ליבאַווע. פונדאַנען האָבן מיר עס אין צוויי קוישן געבראַכט קיין פּאָלטאַווע. ווי פריער דערמאַנט, האָבן מיר בײַ אונדזער זעלבסטשוץ פאַרמאָגט אויך באָמבעס און דינאַמיט.

מ'האָט אונדז לאַנג נאָכגעשפּירט דורך אַן עלטערער קריסטלעכער דינסט און פונקט אין טאָג, ווען אין שטאָט איז געגאַנגען אַ גרויסע קריסטלעכע פּראָצעסיע און מ'האָט זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם, האָט פּאָליציי געמאַכט אַן אָבלאַווע פון גרויסן שניט אויף עובדיהס וווינונג. די זעלבסטשוץ=„מנינים" זענען געווען אָנגעגרייט אויף די קאָנספּיראַטיווע דירות און ווי אַ דונער האָט זיי געטראָפן די ידיעה, אַז די גאַנצע „סרעטענסקאַיאַ" איז באַלאַגערט. די פּאָליציי איז גלייך אַריין אין האָלץ=קאַמער אויפן הויף און אויסגעגראָבן דעם באַהאַלטענעם דינאַמיט. מ'האָט אַרעסטירט די עלטערן. עובדיהן גופא האָבן מיר פאַרבאָרגן בײַ קריסטן אַ וואָך צייט, פאַרגרימירט אים מיט אַ בערדל און טראַנספּאָרטירט פון פּאָלטאַווע.

ער איז גלייך אָפּגעפאָרן אַלס חבר אבנר קיין מינסק, וואו ס'איז פאָרגעקומען די ווילנע=מינסקער ראַיאָן=קאָנפערענץ. באָראָכאָוו האָט זיך דאַן באַטייליקט אין וואָראָנעזש, אַלס חבר גרשון אינם צוזאַמענפאָר פון די פּועלי=ציון=אָרגאַניזאַציעס פון צענטראַל=רוסלאַנד.

איך און גאָלדע האָבן זיך באַזעצט אַ געוויסע צייט אין טשערקאַס און אין סמי־לע, וואו די אָרגאַניזאַציע איז נאָך נישט געווען געשפּאָלטן, ווי אָבער די אָנפירנדיקע חברים, חוץ די חברים אפרתי און ראובן טשערקאַסקי זענען שוין געווען אויפן צד פון די סיימיסטן. שפּעטער איז אַהינגעקומען אויך באַראָכאָוו (אַלס נחמיה), געהאַלטן אַ שורה רעפעראַטן און די אָרגאַניזאַציעס זענען געבליבן בּאַ אונז.

אין ביאַליסטאָק איז אין אַפּריל פאָרגעקומען די ראַיאָן־קאָנפערענץ מיטן אַנטייל פון ביאַליסטאָק, גראָדנע, בריסק, גרויסליטאָווסק, גראַיעוו, וואָלקאָוו, האָראָדאָק און אַנד. און איינשטימיק איז דורכגעגאַנגען דער אָנשלוס אין דער פּאַרטיי.

סוף מאַי איז פאָרגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון קרימער פאַרבאַנד, וואָס האָט אויך אָפיציעל דורכגעפירט דער אָנשלוס אין דער פּאַרטיי.

אין פּאָלטאַווע זענען דערווייל די פּאָליצייאישע רדיפות געוואָרן אַלץ שווערער און אָפּטער. אין פאַרבינדונג מיטן געפונענעם דינאַמיט האָט מען קייגן אונז אויפגע־שטעלט די גאַנצע אָכראַנקע און זשאַנדאַרמעריע. מ'האָט זיך געמוזט צעטיילן מיטן אַריבערפאָר קיין ווילנע. צו דער צייט איז פּונקט אָנגעקומען אַ נייע סומע געלט פון אַמעריקע, דירעקט צו אונז. דאָך האָבן מיר אָפּגעצויגן דעם טערמין פון אָפּ־פאָר.

האָבן זיך אַריינגעמישט די פּאָליטישע געשעענישן פון לאַנד און אונז צוגעטריבן. אין דער נאַכט פון 8־טן יולי, גלייך ווי ס'האָט זיך באַקומען די טעלעגראַמע וועגן פונאַנדערטרייבן די מלוכה־דומע זענען די אַרעסט־הייזער און תפיסות אָנגעפילט גע־וואָרן מיט פּאָליטישע קרבּנות. דעמזעלבן אָוונט האָט מען פאַרחתמעט די רעדאַקציע, אַרעסטירט באַראָכאָוון און דעם סעקרעטאַר — ריאַבטשינסקי.

## „פּאָלטאַווער פּעריאָד" ווערט אָפּגעהאַקט

### דער אַריבערפאָר קיין ווילנע.

על פּי צופאַל בין איך געבליבן אויף דער פריי. איך האָב גראָד יענע נאַכט נישט גענעכטיקט אינדערהיים. פּאָליציי און זשאַנדאַרמען זענען געקומען, געמאַכט אַ שטרענגע רעוויזיע און פאַרלאַנגט, די מוטער זאָל דורכויס זאָגן, וואו איך בין. די מאַ־מע טענהט, אַז זי ווייסט בכלל נישט פון קיין זרבבל, זי האָט גאָרנישט אַזאַ זון. דער זשאַנדאַרמסקער אָפיציר איז אויפגעבראַכט, קען זיך מיט דער פּשוטער אָבער איינגעשפּאַרטער יידענע קיין עצה נישט געבן, פּאַלט ער אויף אַ המצאה און אַרעס־טירט מיין ברודער. „מיר וועלן נעמען דעם עלטערן, ביז דער ייִנגערער וועט קומען". באַגינען איז די מאַמע געקומען צולויפן מיר אָנזאָגן וועגן דעם נאַכטיקן באַזוך. איך

בין גלייך אוועק צו באַראַכאָוון אים צו וויסן געבן, ער זאָל זיין גרייט על כל צרה שלא תבוא. אָבער אויפן וועג צו אים האָב איך שוין געטראָפן פון ווייטן אַ גאַנצע מחנה פּאָליציי־אַגענטן, ווי זיי פירן באַראַכאָוון און ריאַבטשינסקין. איך האָב זיך אָפּגעטראָגן אוין אַ קאָנספּיראַטיווער דירה. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָב איך שוין גע־האַט אַ „קוויטל" פונם אַרעסטירטן באַראַכאָוו, איך זאָל תיכף ומיד אָפּציען און טאַקע קיין ווילנע. אַליין די השגחה האָט זיך אַרייַנגעמישט און די פּאָליציי האָט אונז גע־טריבן און אונטערגעאיילט אויסצופירן דעם באַשלוס פון צוזאַמענפאָר וועגן דעם אַרי־בערפאָר קיין ליטע.

געלט איז געווען, די פּאָר טויזנט רובל פון אַמעריקע. בין איך דערמיט אַוועק־געפאָרן קיין קיעוו, דאָרט זיך צונויפגערעדט מיט ח׳ ניסן און די קאַנדידאַטן צום צ. ק. גאָלדע און פּאַוועל. ס׳איז געבליבן, איך זאָל זיך באַזעצן אין ווילנע און דאָרט אָרגאַניזירן דעם פּאַרטיי־סעקרעטאַריאַט און פאַרלאַג. גלייכצייטיק אויך מאַכן די ביי־טיקע הכנות פאַרן יידישן אָרגאַן. ס׳האָט טאַקע געפעלט באַראַכאָוו, אָבער דאָ האָט געהערט דער פּאַרטיי־אינסטינקט, אַז דווקא איצט מוז די אַרבעט פאַרשטאַרקט און אפילו אויסגעברייטערט ווערן, ווייל אַ פּאַרטיי איז נישט אָנגעוויזן אויפן יחיד, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין. באַראַכאָוו איז נישטאָ, עס פעלט דער איינער, דער גרוי־סער — דאַרפן קומען די עטלעכע, די קאָלעגיע, און די אַרבעט טאָר נישט איבער־געריסן ווערן.

אין קרים (סימפעראָפּאָל) איז דערשינען אין רוסיש דער זשורנאַל „מאָלאָט", רעדאַגירט דורך פעליקסן. האָבן מיר אַהין אַוועקגעשיקט די קאָרעקטור־אָפּצוגן פון דעם ווייטערדיקן טייל „אונדזער פּלאַטפאָרם", וועלכער איז געווען אויסגעזעצט פון נומ. 4 פון „יעוור. ראַב. כראָניקאַ". דאָרטן איז עס דערשינען אין נומ. 2. אויפן 3־טן נומ. איז אויך דער „מאָלאָט" פאַרמאַכט געוואָרן. פון די אַרטיקלען, וואָס זענען אין „מאָלאָט" דערשינען האָט אַ באַזונדער ווערט געהאַט דאָס אַרטיקל פון ח׳ פעליקס (וו. אַדים) א. ב. „די יידישע ווירטשאַפט און אירע היסטאָרישע פאַקטאָרן", וועלכעס איז טאַקע שפּעטער אַרויס אין בראָשור־פאָרם אין רוסיש און אין יידיש.

איך בין אַוועקגעפאָרן קיין לאָדז, וווהין ס׳איז אויך געקומען א ב ג ר. אין לאָדז האָבן מיר פאַרמאָגט אַ קרעפטיקע אָרגאַניזאַציע מיט אַ באַדייטנדער השפעה אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געשטאַנען די חברים מוליע און וויקטאָר (אריה) און נאָך אַ גאַנצע צאָל אַקטיווע ערשטקלאַסיקע טוער אַגיטאַטאָרן און פּראַקטיקער, ווי בנימין זאב, לייב, מרדכי בטלן, יצחק בורזשווי, אהרן שמואל, הלל מיימון און אַנד. אין דער רעסטאָראַציע פון דיכטער יצחק קאַצע־נעלזאָנס מוטער האָבן מיר געהאַט אונדזער צונויפטרעף. אבער איז אַוועק קיין אויס־לאַנד, ווו ס׳האָט געזאָלט פאָרקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די פועלי־ציוניס־טישע סטודענטן־גרופּעס און געשאַפן ווערן די „אויסלענדישע ליגע". איך און ח׳ שלמה שולמאַן, אַ דענטיסט, (איצט אין מאָסקווע) זענען אַוועק קיין ווילנע. ח׳ שלמה

פלעגט פון צייט צו צייט שרייבן אונטערן נאָמען בעל נפש און האָט געהאַט אַ
ידיעה אין דרוק-ענינים. האָט ער עס געזאָלט זיין דער טעכנישער מומחה באַם גרינדן
דעם פאַרלאַג. אויף זיין נאָמען איז שפּעטער אויך אַרויסגענומען געוואָרן די קאָנ-
צעסיע פאַרן ערשטן אָרגאַן אונדזערן אין ווילנע. סיי ווי האָט קיינער פון די צ. ק.
מיטגלידער און אַקטיווע מיטאַרבעטער נישט פאַרמאָגט די געהעריקע פּאַפּירן צו קאָ-
נען אויף זיין נאָמען קריגן אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל.

ווילנע איז צו יענער צייט געווען דער וויכטיקסטער פּאָליטיש-געזעלשאַפטלע-
כער יידישער צענטער. אַלע פּאַרטייען האָבן דאָ געהאַט זייערע צענטראַל-קאָמיטעטן און
צענטראַלע אָרגאַנען. באַם „בונד" איז דערשינען די „פאָלקס-צייטונג", ביי די סיי-
מיסטן — די „פאָלקס-שטימע", באַ די ס. ס. — „דער נייער וועג". אפילו די „מונ-
טשיקעס" אונטערן נייעם נאָמען י. ט. א. פּ. (ייד. טעריטאָריאַליסטישע אַרב, פּאַרטיי).
האָבן דאָ אין ווילנע אַרויסגעגעבן זייער וואָכנבלאַט „די יידישעווירקלעכקייט". די
ציוניסטן האָבן זיך גאַנץ ברייטלעך פאַרנומען אויף גרויס-פּאָהוליאַנקע און דר. יוסף
לוריע איז געשטאַנען בראש פון „דאָס יידישע פאָלק". דאָ אין ווילנע איז בכן געווען
קאָנצענטרירט די סמעטענע פון דער מאָדערנער יידישער אינטעליגענץ, בפרט פון דער
פּראָלעטאַרישער.

די פּועלי-ציון-אָרגאַניזאַציע אין ווילנע איז געווען אַ גאַנץ באַדייטנדע, אָבער
ווייט הינטערשטעליק לגבי אַלע אַנדערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען אויף דער יידישער
גאַס, נישט נאָר לגבי דעם בונד, וועלכער איז דאָ געקומען אויף דער ווייסער וועלט און
געווען פון כמה יאָרן איינגעוואָרצלט און איינגעפּעסטיקט אין ירושלים דליטא. ס'האָט
איר געפעלט אַן אָנגעזעענע און אָנערקענטע אינטעליגענץ. זי איז געווען די יינגסטע
און געמוזט זיך פאַרמעסטן מיט עלטערע, איינגעפונדעוועטע אָרגאַניזאַציעס. דער עלע-
מענט איז געווען אַ פּראָלעטאַרישער, ס'רוב אַרבעטער, אַ ביסל האַנדלס-אָנגעשטעלטע,
שילער פון קאָמערץ-אינסטיטוט און פון די גימנאַזיעס. בראש זענען געשטאַנען דער
סטודענט לייב הייט (שפּעטער אַן אָנגעזעענער דאָקטאָר אין ווילנע, אברהם זיידשנור
משה ליב, ישראל באַס, שפּעטער אברהם מאַכטיי. ח'טע גרוניע (ליפשיץ פון גראָד-
נע) און נאָך אַ פּאָר אַרבעטער. די אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ רירעוודיקע. בשעת די
וואַל-קאַמפּאַניעס צו די דומעס האָט זי געאַרבעט זייער אינטענסיוו דורך אייגענע מי-
טינגען און דורך אַרויסטרעטונגען אויף פרעמדע מיטינגען. זי האָט פאַרמאָגט אַ פיינעם
ב. א. (באָיעוואָי אָטריאַד, קאַמפּס-דרוזשינע) אַ פּאָר מאָל אפילו דורכגעפירט עקסעלען
אין די נאָענטע שטעטלעך, צוגעשטעלט פאַלשע פּאַספּאָרטן פאַר אומלעגאַלע טוער און
גאַנץ טעטיק געווען אויך אין דער פּראָפ. באַוועגונג און אין זעלבסטשוץ. פאַרשטייט
זיך, אַז די פּאַרטייאישע סביבה איז דאָ באַטירלעכערהייט געווען אַ יידישע. אפילו די
אַזוי גערופענע אינטעליגענץ האָט אויך ס'רוב גערעדט יידיש, בפרט ווען זי איז גע-
קומען אין באַרירונג מיט דער מאַסע.

מיר האָבן געמאַכט דעם ערשטן שריט און געגרינדעט דעם פאַרלאַג. מ'האָט

גענוצט האָבן ליטעראַטור. קודם כּל בראָשורן, וועלכע מ'זאָל קאָנען פאַרשפּרייטן אַלס פּראָפּאַגאַנדע=מאַטעריאַל. אין לאָדזש האָט דעמאָלט ח' הילל מיימון אויף אייגענער איניציאַטיוו איבערגעזעצט אין יידיש באָראָכאָווס אַרבעט „די קלאַסן=מאָמענטן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע", וועלכע איז שוין אַרויס אין בראָשור=פאָרם אין פאַרלאַג „קאַדימאַ", אָדעס. דאָס ביכל האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, ווייל עס האָט צום ערשטן מאָל מאַרקסיסטיש אַנאַליזירט דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם, צעגלידערט אים אויף אירע באַזונדערע באַשטאַנד=טיילן און געגעבן דערביי אַ גלענצנדע כאַראַקטעריסטיק פון דעם, ווי אַזוי און צוליב וואָס יעדער קלאַס אין דער הייַנטיקער געזעלשאַפט פאַקט=אויף די נאַציאָנאַלע פראַגע און באַציט זיך צו איר. ח' מיימון האָט דאָס ביכל נישט סתם איבערגעזעצט אין יידיש, נאָר עס עטוואָס פּאָפּולאַריזירט, איינגעטיילט אין באַזונדערע פּרקים, איבערגעשטעלט איין געדאַנק פון פאָרנט אויף צום סוף און פאַרקערט, עס זאָל זיין מער סיסטעמאַטיש און בראָשור=אַרטיק, און גאַנץ פאַר זיך גענומען. מען מוז געדענקען, אַז באַ באָראָכאָוון איז די אַרבעט לכתחילה געווען אַ פּאָלעמישע, געווענדעט קעגן ליובאַרסקיס אַן אַרטיקל איבערן נאַציאָנאַליזם.

מיר האָבן געפונען, אַז די דאָזיקע פּאָפּולערע באַאַרבעטונג פון ב אָ ר אָ כ אָ וו ס אַרטיקל איז פונקט צוגעפּאַסט צו זיין דער אַריינפיר אין אונדזער פאַרלעגערישער אַרבעט. דעם פאַרלאַג האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן „דער האַמער" און געפונען האָט ער זיך צוערשט אויף זאַוואַלנע און דערנאָך אויף „רוזשע". מיר האָבן גלייך באַשטעלט באַם זעלבן ח' הילל אַן איבערזעצונג פון וו. אַ ד י מ ס אַרטיקל וועגן דער „יידישער וויסנשאַפט" און באַ איינעם, אויב כ'האָב קיין טעות נישט, אַ לערער ג י ן, אַן איבערזעצונג פון א. אַ ר אָ נ אָ וו ס אַרטיקל וועגן „די פּרינציפּן פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם".

דער פאַרלאַג איז געווען דער ערשטער שריט און מיר האָבן גלייך איינגעזען, אַז דערביי טאָר מען נישט בלייבן. ס'האָט זיך אָפּגערופן די פּראָווינץ, די יידישע פּראָווינץ פון ליטע און פוילן, וווּ די ברייטע מאַסע איז טאַקע געווען טעמפּ אויף רוסיש און געלעכצט נאָך אַ פּשוט יידיש וואָרט. אמת, דער פּוילישער פאַרבאַנד האָט געהאַט אַרויסגעגעבן עטלעכע נומערן פון אַן אָרגאַן אין יידיש „דאָס ייד. אַרבעטער וואָרט". איז אָבער די עברי דאָרט געווען זייער אַ האַרבע און דער עיקר, די אַרטיקלען און דער טאָן פון גאַנצן אָרגאַן זענען געווען פּראָווינץ=מעסיק. מען האָט געוואָלט האָבן דעם אויטאָריטעט און געוויכט פון אַ צענטראַלן אָרגאַן, וואָס זאָל זיך קאָנען פאַרמעסטן מיט די צענטראַל=אָרגאַנען באַ די אַנדערע קעגנערישע פּאַרטייען.

האָבן זיך אָנגעהויבן די הכנות צום אָרגאַן. קיין ווילנע זענען אַריבערגעפאָרן דער ח' באָרוכסאָן, ח' אַבנר, די ח'טע גאָלדע, אַלס אַדמיניסטראַטאָר האָבן מיר אַראָפּגעברענגט דעם ח' שמואל האָפּמאַן (שמואל נעגער) פון פּאָלטאַווע. קאָרעקטאָר איז באַ אונז געווען מנחם מענדל הורוויץ. נאָך מיט אַ צייט צוריק, ווען דער פּאַטיי=סעקרעטאַריאַט האָט זיך געפונען אין פּאָלטאַווע, איז פון סטויבץ (סטאָלפּצי) מינסקער גוב.

געקומען אַן איבערזעצונג פון „אונזער פלאַטפאָרם” אויף יידיש. ס'איז נאָך דאַן נישט געווען קיין שום אויסזיכט אַרויסצוגעבן אַזאַ אַרבעט אין יידיש, אָבער די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן לשמה, פון טיפן אינערלעכן פאַרלאַנג און באַוווּסטזיין, אַז אַזאַ ווערק מוז זיין אין י י ד י ש. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער בחור האיבערזעצער קען די יידישע שפּראַך און האָט שטאַרקן חשק אַריבערצופאָרן אין אַ גרויסן יידישן קולטור־צענטער. איצט, אין ווילנע האָבן מיר זיך דערמאַנט אָן אים און אינגיכן איז זלמנקע (ז. רובאַשאָוו) געקומען צו פאָרן און געוואָרן אונזער אַלעמענס ליבלינג צוליב זיין התמדה, טרייהייט און שייבער נשמהדיקער באַציונג צו דער אַרבעט און אויפריכטיקער התלהבות פאַר איר. מיר האָבן געהאַט אַ סך איבערזעצונגס־אַרבעט און זלמנקע האָט געהאַט וואָס צו טון. רעדאַגירן דעם סטיל און די שפּראַך פלעגן מיר דערנאָך זאַלבעצוויי: איך און מנחם מענדל. פון מאָל צו מאָל פלעגט אונדז דערין צוהעלפן אויך אַלכּסנדר (כאַשין).

## די גראָדנער קאָנפערענץ.

ס'איז געווען די צייט פאַר די וואַלן צו דער צווייטער דומע. אין די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס איז אָנגעגאַנגען אַ הייסע דיסקוסיע וועגן דער באַציונג צו די נייע וואַלן. אין אייניקע ערטער, ספּעציעל אין פּוילישן פאַרבאַנד איז געווען אַ שטאַרקע שטימונג פאַר באָיקאָט. דער צ. ק איז געווען קעגן באָיקאָט, האַלטנדיק דער עיקר, אַז באָיקאָט־לאָזונגען קאָנען נישט דינען צו אַקטיוויזירן און אָרגאַניזירן די מאַסן. ס'זענען געשטאַנען אויפן סדר היום וויכטיקע אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגן און דער צ. ק. האָט באַשלאָסן צונויפצורופן אַ פּאַרטיי־קאָנפערענץ. דער גורל איז געפאַלן אויף גראָדנע. מ'האָט זיך געמוזט רעכענען דערמיט, אַז פון אַלע וויכטיקע פונקטן זאָלן קאָנען קומען די אייגעלאַדענע פאָרשטייער. באַראָכאָוו איז נאָך געזעסן אין תפיסה, האָט מען געוואָלט, אַז לפּחות פון די אַנדערע אַקטיווע טוער זאָלן וואָס ווייניקער פעלן. אין גראָדנע איז געווען אַ גוטע אָרגאַניזאַציע און די אָרטיקע חברים האָבן זיך אונטערגענומען דורכצופירן די באַראַטונג אין אָרדנונג, ס'הייסט, אַז זיי וועלן באַזאָרגן גוטע קאָנספּיראַטיווע דירות סיי פאַר די באַראַטונגען און סיי פאַר די אָנטיילנעמער.

ליידער איז נישט אַלץ אַדורך כשורה, און גלייך באַם אָנהייב זענען געווען עטלעכע דורכפאַלן. דער ערשטער און וויכטיקסטער דורכפאַל איז געווען דער אַרעסט פון ח' אבנר אין גראָדנע גופא. ער האָט געהאַט אַ פּאַס אויפן נאָמען פון

איצקאַ זאַיקאַ. צופעליק, אָדער נאָך אַן אויסשפּירונג האָט מען אים פאַרהאַלטן באַם אַרײַנקומען אין שטאָט. ער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס רײַזנדער אַגענט פון אַ שוך-געשעפט אין ווילנע, פשוט, ווײַל ער האָט געדענקט דעם אַדרעס פון אַזאַ געשעפט, וואו ס'איז געווען אָנגעשטעלט דער ח' משה ליב און די ח'טע מאַניע איז געווען דעם אײַגנטימערס טאָכטער. בשעת דער רעוויזיע האָט מען באַ אים אין גרויסן טשעמאָדאַן געפונען בלויז אַ פּאָר ביכלעך איבער סאָציאַלע פראַגן און מ'האָט אים נישט געגלייבט, אַז ער איז נישט מער ווי אַ האַנדלס-אָנגעשטעלטער. ער איז דערנאָך אָפּגעזעסן אַ לענגערע צײַט און ס'האָט געקאָסט אַ סך מי ביז מ'האָט געפועלט באַ דער אײַגנטימערין פון שוך-געשעפט, זי זאָל דעם ח' אבנר אָנערקענען אַלס איר אָנגעשטעלטן, און די באַלעבאָסטע, באַ וועמען מיר האָבן געוואוינט, און וועלכע האָט גאָר מיך אײַנגעמאָלדן אַלס איצקאַ זאַיקאַ, זאָל איצט אין פּאָליצײַ באַשטעטיקן, אַז זאַיקאַ איז אבנר. אין גראָדנע זענען אויך אַרעסטירט געוואָרן צוויי חברים פון פוילן, מוליע און יצחק טאַבענקין.

פונדעסטוועגן האָבן מיר די קאָנפערענץ נישט אָפּגערופן, נאָר זיך נאָכמער פאַרקאָנספּירירט. עטלעכע זיצונגען זענען פאָרגעקומען אין דער וואוינונג פון אַן אינזשענער באַראָן און די אַנדערע אין דער וואוינונג פון לייב יפה הינטער דער שטאָט. מיטגעהאָלפן דערין האָבן אַ סך די חברים יודע קריניצע, רבקה פּאָזניאַק, בנימין וועלער, ח' באָגיעק. דאָרטן איז באַשלאָסן געוואָרן צווישן אַנדערס אויך די פראַגע וועגן צענטראַלן אָרגאַן און וועגן צונויפרופן דעם ערשטן אָרדנטלעכן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר אין קראָקע.

די קאָנפערענץ האָט געזאָלט האָבן גאָר אַ ברייטן פאַרנעם און באַהאַנדלען אַ גאַנצע ריי טעאָרעטישע, ווי ריין-אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן. אָבער צוליבן אַרעסט פון די עטלעכע דעלעגאַטן, צווישן זיי אויך אָנגעמערקטע רעפערענטן, האָט מען באַשלאָסן מקצר זײַן ווי ווײַט מעגלעך און זיך באַשרענקען אויף עטלעכע פונקטן, וועלכע זענען געווען דורכויס אַקטועל. אַזוי האָט מען געמוזט דורכדיסקוטירן די פראַגע וועגן דער באַציִונג צו דער דומע. מען איז געשטאַנען פאַר די וואַלן צו דער צווייטער דומע און ס'איז נייטיק געווען צו געבן די אָרגאַניזאַציעס אַ קלאָרע דירעקטיוו, בפרט, אַז אין אַ היבש ביסל פונקטן איז געווען אַ גאַנץ שטאַרקע באָיקאָטיסטישע שטימונג.

אין שייכות מיט דער וואַל-קאַמפּאַניע איז באַזונדערס אַקטועל געוואָרן די פראַגע וועגן אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אין גלות. מ'האָט געמוזט קומען צו דער יידישער גאַס מיט אַ קלאָר-פאָרמולירטן לאָזונג אין דעם פרט. אמת, הן דער גרינדונגס-צוזאַמענפאָר און בפרט די שפּעטערדיקע טעאָרעטישע קאָנפערענץ האָבן די פראַגע גאַנץ אויספירלעך באַהאַנדלט, דאָך איז נייטיק געווען אַ פּאָליטישע רעזאָלוציע, וועלכע זאָל גילטן ווי אַן אינסטרוקציע אין דער וואַל-קאַמפּאַניע און ווי אַ ריכט-ליניע און אָנשפּאַר אין דעם קאַמף מיט אַנדערע פּאַרטייען.

און ווירקלעך האָט דידאָזיקע פראַגע ווידער אַמאָל אַרויסגערופן הייסע, ליידנ־שאַפטלעכע דעבאַטן, וועלכע האָבן פאַרנומען קנאַפּע צוויי טעג — אַ סימן, אַז ס׳האָט נאָך נישט געהערשט קיין פולע איינשטימיקייט אין דעם ענין.

נאָך דרינגענדער איז געווען די דריטע פראַגע וועגן דער באַציִונג צו דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. בדרך כלל איז די שטעלונג געווען אַן איינהייטלעכע פּאָזיטיווע בנוגע דעם אָנטייל אין ציוניס־טישן קאָנגרעס. דאָ האָט נאָך מער, ווי די איבערצייגונג, געווירקט די אינערציע, די טראַדיציע פון די בּיז׳איצטיקע פועלי־ציון, אפילו די ס. ס. די ערשטע צייט. ס׳איז שוין אָבער אויפגעשוואומען די נויטיקייט אָפּצוטיילן די פראַגע וועגן אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס פון דער פראַגע וועגן באַציִונג צו דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע. אין דעם פּרט האָט נאָך געהערשט אַן אמתער כאָאָס, וועלכער האָט, אגב, אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט שפּעטער אין מאַסשטאַב פון דער וועלט־באַ־וועגונג. מ׳האָט געמוזט איצט, פאַרן ציוניסטישן קאָנגרעס, אויך אין דעם פּונקט געבן אַן איינהייטלעכע דירעקטיוו די אָרגאַניזאַציעס.

די רעזאָלוציעס איבער דידאָזיקע דריי פּונקטן זענען קורץ־געפּאַסטע און טרעפ־לעכע.

וואָס שייך דער באַציִונג צו דער דומע איז דער וויכּוח געווען שאַרף ספּעציעל מצד די פּאָרשטייער פון פּוילישן פאַרבאַנד. אָט איז די רעזאָלוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן מיט 8 שטימען קעגן 7 באַ 1 אָפּגעהאַלטענעם:

„באַטראַכטנדיק אַלס דעם איינציקן וועג צו דער פּאָליטישער באַפרייונג פון רוסלאַנד דעם אָרגאַניזירטן מאַסן־קאַמף פון די ברייטע רעוואָלוציאָנערע פאָלקס־שיכטן; געפינענדיק, דאָס באַ דער איצטיקער פּאָליטישער סיטואַציע קען די דומע דינען אַלס דאָס בייטיקע מיטל צו שאַפן און אונטערהאַלטן די נויטיקע קאַמפּס־שטימונג און אָר־גאַניזאַציע פאַר מאַסן־אַרויסטרעטונגען, באַזונדערס באַ די ברייטע אומצופרידענע שיכטן באַ פּויערטום; דאָס די רעגירונג וועט אָנווענדן איר גאַנצן ווילקיר, אום אויסצונוצן די דומע — די ערקעמפונג פון פּראָלעטאַריאַט — צו פאַרפעסטיקן אירע פּאָזיציעס, צו וואָס עס וועט געוויסערמאַסן מיטהעלפן די געדריקטע שטימונג פון דעם קליין ביר־גערטום און די פחדניש־צביעותדיקע שטימונג פון דער בורזשואַזיע — אָנערקענט די קאָנפערענץ פאַר נויטיק דעם אַקטיוון אָנטייל פון די רעוואָלו־ציאָנערע פּאַרטייען אין די וואַלן אין דומע.

וועגן די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אין גלות איז כמעט איינשטימיק (3 פּאַר, 1 קעגן, באַ איין אָפּגעהאַלטענעם) אָנגענומען געוואָרן די ווייטערדיקע רעזאָלוציע:

„אָנערקענענדיק דאָס די קאַפּיטאַליזירונג און דעמאָקראַטיזירונג פון דער מאָ־דערנער געזעלשאַפט ברענגען מיט זיך אויך איר נאַציאָנאַליזירונג, וואָס איר פאַר־שאַרפן זיך אַלץ מער און מער אין די נאַציאָנאַליטעטן־שטאַטן שטערן דער אַנטוויק־

לונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן; דאָס די ראַדיקאַלסטע לעזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז די פּערסאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע פאַר די נאַציעס, וועמענס אינטערעסן עס ווערן נישט באַפרידיקט דורך דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע, דאָס דער פּראָצעס פון געזעלשאַפטס־דעמאָקראַטיזירונג פירט צו דער רעאַליזירונג פון פּערסאָנאַלער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע פאַר די אונטערדריקטע נאַציעס אין די נאַציאָנאַליטעטן־שטאַטן; דאָס פאַרשידענע קלאַסן פון דער יידישער נאַציע, (ווי די קליינבורזשואַזיע, אַ טייל פון דער מיטעלער און דער פּראָלעטאַריאַט) זענען צוזאַמענגעבונדן אין איין פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, וועלכער שאַפט בײַ זיי געמיינזאַמע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און קולטורעלע אינטערעסן, — שטעלט אַרויס די קאָנפערענץ, אַלס אונזער מאַקסימאַלע נאַציאָנאַלע פאָדערונג אין גלות: די יידישע פּערסאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע.

אַרויסשטעלנדיק די פאָדערונג פון דער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע, אַלס די מאַקסימאַלע נאַציאָנאַלע פאָדערונג אין גלות, שטרייכט אונטער די קאָנפערענץ, דאָס די יידישע פּאָליטישע אויטאָנאָמיע קאָן נישט לעזן די יידן־פראַגע ביז דער רעאַליזירונג פון דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע און דאָס די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע קאָן נישט באַטראַכט ווערן אַלס אַ בייטיקער מיטל צו דער רעאַליזירונג פון דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע".

אין דערדאָזיקער רעזאָלוציע איז געשטעלט געוואָרן דאָס פּינטעלע אויפן ש און ס'איז בפירוש אונטערגעשטראָכן, אַז די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע (סיים) „קאָן נישט לעזן די יידן־פראַגע". דורך דעם האָט מען זיך געזאָלט שאַרף אָפּגרענעצן פון די סיימיסטן, בײַ וועמען מען האָט געקאָנט צווישן די שורות אַרויסלייענען, אַז אויב דער סיים וועט זיין, איז שוין דער טעריטאָריאַליזם לאו דווקא.

אינטערעסאַנטער און כאַראַקטעריסטישער איז די רעזאָלוציע איבערן דריטן פּונקט. זי ווערט פונאַנדערגעגלידערט אין דריי טיילן. קודם רעדט זיך וועגן אונזער באַציונג צום קאָנגרעס.

„אַנערקענענדיק, דאָס דער סטיכישער איינוואַנדערונגס־פּראָצעס פון די יידישע קליינע און מיטעלע קאַפּיטאַלן נאָך פּאַלעסטינע, רופט גלייכצייטיק אַרויס אויך דעם איינוואַנדערונגס־פּראָצעס פון דער יידישער אַרבעטס־קראַפט, דאָס די אינטערעסן פון דעם יידישן אַרבעטער דאַרפן פאַרטיידיקט ווערן פון אים זעלבסט; דאָס דער קאָנגרעס איז דער אינסטיטוט, וועלכער רעגולירט דעם איינוואַנדערונגס־פּראָצעס פון דעם יידישן קאַפּיטאַל; דאָס זיין איינפלוס אַלס אָרגאַניזאַטאָר פון דעם ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון די יידן אין פּאַלעסטינע פאַרגרעסערט זיך אַלץ מער מיטן וואוקס פון דער יידישער אימיגראַציע אַהין, — געפינט די קאָנפערענץ פאַר נויטיק נעמען

אזאָנטייל אין קאָנגרעס, אום אויסצונוצן זיין איינפלוס אין די אינטערעסן פון דעם יידישן אַרבעטער".

אָבער גלייך דערויף קומט אַ צוגאָב:

„אַרויסזאָגנדיק זיך פאַרן אָנטייל־נעמען אין קאָנגרעס, שטרייכט אונטער די קאָנפערענץ. דאָס אונדזער אָנטייל אין קאָנגרעס האָט נאָר דאַן אַ באַדייטונג, ווען מיר אַליין וועלן זיך פאַרנעמען מיט זעלבסטשטענדיקער רעאַלער אַרבעט אין פאַלעסטינע".

דאָ ווערט גערעדט וועגן „אויסנוצן דעם איינפלוס" פון קאָנגרעס אין די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער. אין דער דיסקוסיע מיט די סיימיסטן פלעגט מען דאַן טענהן, אַז דער חלוק צווישן קאָנגרעס און דעם סיים איז דאָך נאָר אין דעם, וואָס דער סיים וועט פאַרמאָגן אַ צוואַנגס־מאַכט, און דער קאָנגרעס איז אַ פרייוויליקע אינסטיטוציע. אָבער די עיקר פראַגע איז, צי ס'איז פאַראַן אַ מאַטעריעלער אינטערעס באַ די יידישע מאַסן אין דער ציוניסטישער אַרבעט אין פאַלעסטינע. אויב אַזאַ אינטערעס איז דאָ, נויטיקט מען זיך כלל נישט אין דעם פאַליציאַנט, וואָס זאָל צווינגען צו פאָלגן און אויספירן די באַשלוסן פון קאָנגרעס. די מאַטעריעלע פאַראינטערעסירטקייט האָט מער האַפט, ווי די מורא פאַרן פאַליציאַנט. ווי באַלד אַזוי, וועט דאָך דער קאָנגרעס טוען קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין פאַלעסטינע, אַן אַרבעט, וועלכע קאָן זיין אין די אינטערעסן אָדער קעגן די אינטערעסן פון די אַרבעטער. גיכער קעגן, דען ער איז דאָך „דער אינסטיטוט, וועלכער רעגולירט דעם איינוואַנדערונגס־פּראָצעס פון יידישן קאַפּיטאַל" און זוכט דעריבער צו פאַרטיידיקן אויך די אינטערעסן פון דעם קאַפּיטאַל. איז, בכן, קלאָר, אַז אויף וויפיל דער יידישער אַרבעטער קאָן קומען צום וואָרט אין אַזאַ אינסטיטוט און ווירקן דאָרט אין זיינע אינטערעסן, דאַרף ער עס טון.

אָבער כדי אויסצוואָרצלען באַ די חברים די מיינונג, אַז דער קאָנגרעס וועט שוין אַליין אַלץ טון, און אַז ס'איז גענוג צו גיין אויפן קאָנגרעס און דאָרטן ווירקן — שטרייכט די קאָנפערענץ אונטער, אַז דאָס גאַנצע אָנטייל נעמען אין קאָנגרעס האָט נאָר דאַן אַ באַדייטונג, ווען די אַרבעטער וועלן אַליין עפּעס ממשותדיקעס טון אין פאַלעסטינע, ס'הייסט, אַז די ווירקונג אויפן קאָנגרעס מוז זיך שטיצן אויף אַ רעאַלער מאַכט אין לעבן, אויף די פאַקטישע פּאָזיציעס פון די יידישע אַרבעטער אין פאַלעסטינע. דאָ האָבן מיר שוין דאָס קערנדל פון דעם שפּעטער רייף־געוואָרענעם געדאַנק, אַז דער קאַמף צווישן דעם יידישן אַרבעטער און יידישער בורזשואַזיע, וועגן השפּעה אין פאַלעסטינע דאַרף אַנטשידן ווערן נישט דורכן ווערטערטורניר אויפן קאָנגרעס און נישט דורך איבעררעדן די בורזשואַזיע, נאָר דורך די מאַכט־פּאָזיציעס, אין וועלכע די ביידע קלאַסן וועלן באַווייזן זיך איינצופעסטיקן אין פאַלעסטינע.

דער צווייטער טייל פון דער רעזאָלוציע רעדט וועגן דער פ אָ ר ם פ ו ן א ו נ ז ע ר אָ נ ט י י ל ־ נ ע מ ע ן:

„די קאָנפערענץ געפינט פאַר וואונשבאַר, עס זאָל געגרינדעט ווערן אַן אַל־וועלטלעכעס פועלי־ציוניסטישעס ביוראָ, וועלכעס זאָל רעגולירן אונזערע באַציוּנגען צו דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.״

ס׳וואַקסט שוין דער ווידערווילן צו געפינען זיך אין איין אָרגאַניזאַציע. מ׳וויל זיך איזאָלירן, אָפּגרענעצן, מאַכן שבת פאַר זיך. ס׳איז טאַקע נייטיק צו באַאיינפלוסן דעם קאָנגרעס, אָבער צוואָס זאָל מען אַריינציען אַלע חברים, די גאַנצע ברייטע אַר־בעטער־מאַסע אין דער קאַמפּאַניע פון שקלים־פאַרקויף, וואו ס׳איז נישטאָ קיין שום פּרינציפּיעלער פּאָליטישער וויכוח און קיין שום פּאָליטישע אַרבעט? ! ס׳זענען בנמצא צוויי באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע טרעפן זיך צונויף אין זייער אינטערעס צו דער פּאַלעסטינע־אַרבעט: די אָרגאַניזאַציע פון ב י ר ג ע ר ל ע כ ן ציוניזם און די אָרגאַניזאַציע פון פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ן ציוניזם. יעדע איינע אַרבעט פולשטענדיק אָפּ־געזונ7ערט און פאַר־זיך. אויף וויפל ס׳איז נייטיק, — זאָלן די שפּיצן, די אָנפירונ־גען פון די צוויי אָרגאַניזאַציעס זיך צונויפרעדן און רעגולירן די קעגנזייטיקע באַ־ציוּנגען.

און כדי נאָך בולטער אַרויסברענגען דעמדאָזיקן אָנגרייפנדיקן געדאַנק, קומט דער דריטער טייל פון דער רעזאָלוציע: א ו נ ז ע ר ע ב אַ צ י וּ נ ג ע ן צ ו ד י ל אַ נ ד ס מ אַ נ ש אַ פ ט ן (די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אויף די ערטער). „אַזוי ווי די לאַנדסמאַנשאַפטן קענען נישט פירן קיין זעלבסטשטענדיקע רעאַלע אַרבעט אין פּאַ־לעסטינע, געפינט נישט די קאָנפערענץ פאַר נייטיק אַריינצוגיין מיט זיי אין וועלכע עס איז שטענדיקע באַציוּנגען״.

פשוט און אָן דרייען זיך: קיין שום געמיינזאַמס מיט די אַלגעמיינע (בירגערלע־כע) ציוניסטן איז ביי די פועלי־ציון נישטאָ. זיי האָבן נאָר אַן אינטערעס אויסצונוצן דעם איינפלוס פון קאָנגרעס בנוגע דער פּאַלעסטינע־אַרבעט. דאַרף מען זיך באַשרענקען אויפן ק אָ נ ג ר ע ס. דאָ מאַכן דעם עיגול און ווייטער פון זיינע אָרגאַניזאַציאָנס־ראַ־מען נישט אַרויסגיין. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָבן פועלי־ציון אין אַנדערע לענדער, בפרט אין אַמעריקע זיך נאָך געחברט מיט די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אויף די ערטער און געווען צוזאַמען פאַרטרעטן אין די שטאָטישע ציוניסטישע ראַטן. באַ די רוסלענדישע פועלי־ציון זעען מיר שוין אויף דער גראָדנער קאָנפערענץ אין 1906 אַ גאַנץ בולטע טענדענץ איבערצורייסן די אָרגאַניזאַציאָנס־באַציוּנגען מיטן ביר־גערלעכן ציוניזם. ביז וואָס ווען זוכט מען לפחות צו באַגרענעצן זיך מיטן אומפּאַר־מיידלעכן מינימום. זאָל כאָטש זיין בלויז דער קאָנגרעס — איז עס דאָך נייטיק פאַר דער פּאַלעסטינע־אַרבעט; אָבער נישט מער. וועט פון צייט צו צייט אויפשווימען אַ פראַגע, ווען עס וועט נויטיק זיין זיך צו פאַרשטענדיקן מיט אונדזערע אָרגאַניזאַציעס

און אפשר אויך מיט דער ציוניסט־ישער — וועט מען דאַן באַשליסן. ש ט ע נ ד י ק ע באַציונגען — בפירוש נישט!

די גראָדנער קאָנפערענץ האָט אויפגעטון זייער אַ סך דערמיט, וואָס זי האָט געגעבן קלאָרע פּאָליטישע ריכט־ליניעס פאַר דער לויפנדער פּאַרטיי־פּראָ אַגאַנדע און אַגיטאַציע. די אַלגעמיינע פּרינציפּיעלע הנחות, וועלכע עס האָט אויסגעאַרבעט בשעתּה די טעאָרעטישע קאָנפערענץ און וועלכע האָבן באַקומען זייער אויספירלעכע באַגרינדונג און פאַרטייטשונג אין „אונזער פּלאַטפאָרם״, זענען איצט קריסטאַליזירט געוואָרן ווי פּאָליטישע לאָזונגען און קאָנקרעטע פּאַרטיי־דירעקטיוון.

דערמיט האָט זיך אויסגעשעפּט די אַרבעט פון דער קאָנפערענץ. זי האָט נאָך געהאַט פאַר זיך אַ שלל אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט. מען איז זיך צונויפגעקומען כמעט פון אַלע עקן לאַנד, די אַקטיווסטע פּאַרטיי־טוער. די קאָנפערענץ האָט טאַקע געהאַט נישט מער, ווי אַ באַראַטנדן כאַראַקטער און אַלע אירע באַשלוסן האָבן נאָך געדאַרפט קריגן די סאַנקציע פון צענטראַל־קאָמיטעט. דאָס איז אָבער געווען די פאָרמעלע זייט. פּאַקטיש האָט מען געוווסט, אַז די באַשלוסן וועלן זיין גילטיק אויך פאַרן צ. ק. אַ פשיטא, ווען צוויי פון די אָנגעוועזנסטע צ. ק.־מיטגלידער (באַראַכאָוו און אבנר) זענען אין דעם מאָמענט געווען אַרעסטירט. און כמעט אַלע איבעריקע האָבן זיך פּערזענלעך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ.

אין סך הכל האָבן זיך אין דער גראָדנער קאָנפערענץ באַטייליקט 2 פאָרשטייער פון צ. ק., 2 פון פּוילישן פאַרבאַנד, 1 פון קרימער פאַרבאַנד, 1 פון וואַרשעווער ר.ק., 1 פון לאָדזער ר.ק., 1 פון פּאָלטאַווער ר.ק., 1 פון ביאַלאָסטאָקער ר.ק., 1 פון ווילנע־מינסקער ר.ק., 1 פון קיעווער ר.ק., 1 פון ר.ק. פון די צענטראַלע גובערניעס און 3 חברים איינגעלאַדענע דורכן צ. ק. נישט געקומען זענען דער פאָרשטייער פון דרום מערבדיקן ר.ק. און נאָך אַ פּאָר איינגעלאַדענע דורכן צ. ק.

דורך די באַריכטן פון די אַלע פאָרגעשטעלטע פּונקטן האָט די קאָנפערענץ באַקומען אַ גענויע קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דער אַרבעט פון דער פּאַרטיי אין גאַנצן לאַנד. ס׳איז געווען צו פאַרצייכענען אַן אומגעהייערן וווּקס. ס׳וואַקסט די צאָל אָרגאַניזאַציעס, ס׳קומען צו נייע חברים און — דאָס וויכטיקסטע — ס׳וואַקסט די השפּעה און אָנזען פון דער פּאַרטיי. מען רעכנט זיך מיט איר. דער בעסטער באַווייז זענען די רדיפות מצד דער מאַכט. שרעקלעכע פּאָליציי־ישע רעפּרעסיעס פילט מען אומעטום מיט יעדן טאָג אַלץ מער. ס׳ווערן אַרויסגעריסן פון די רייען די אַקטיווסטע און דערפאַרנסטע טוער. אַ סך פון זיי זענען פאַרפּאַקט אין די תּפיסות. אַ סך זענען פאַרשיקט אין די ווייטע צפון־גובערניעס. אַנדערע ווידער מוזן עוקר זיין און אַריבערטראָגן זיך אין נייע ערטער, וווּ מען מוז זיך ערשט צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען פון אַרבעט. פאַר דער קאָנפערענץ איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן מאַנגל אין אינטעליגענטע קרעפטן. די קעגנערישע פּאַרטייען האָבן באַוויזן צוצוגרייטן אַ רעזערוו־אַרמיי פון טוער. איז איינער פון די פירער אַרויסגעריסן געוואָרן — האָבן זיך גלייך געמאָלדן עטלע-

כע אַנדערע אויף זיין אָרט. אונזער פּאַרטיי, דאָס מוזיניקל, האָט נאָך נישט באַוויזן אויפצושטעלן אַזאַ קאַדר פון פּאַרטיי־אַרבעטער. די קאָנפערענץ האָט דעריבער אָנגעצייכנט די נויטיקייט צו פּאַרגרעסערן די אויפקלערונגס־אַרבעט, אויסברייטערן די פּראָפּאַגאַנדע. דערצו איז נויטיק ליטעראַטור. ביז איצט איז דאָסדאָזיקע געביט געווען בא אונז איינגאַנצן אָפּגעלאָזן. מען האָט זיך באַגנוגנט מיט תורה שבעל פּה. די דערשינענע ליטעראַטור איז געווען אין רוסיש, סיי „יעווריעיסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ" און סיי „מאָלאָט". זי האָט אמת זייער פּיל אויפגעטון צווישן דער דאָרטיקער אינטעליגענץ. אָבער אין די יידישע מאַסן־צענטרען, בא די יידישע אַרבעטער איז איר ווירקונג דאָך געווען באַדייטנד קלענער. איז ווידער אַרויסגעשווומען די פראַגע וועגן צואיילן זיך מיטן אַרויסגעבן דעם צענטראַל־אָרגאַן אין יידיש. די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען דעם ענדגילטיקן באַשלוס, און די צ. ק.־מיטגלידער אין ווילנע האָבן אים געדאַרפט רעאַליזירן.

אין צווישן האָט זיך באַקומען אַ ידיעה פון פּאָלטאַווע, אַז מ'קאָן באָראָכאָוון אַרויסנעמען אויף ערבות פון 1000 רובל. ס'האָט געמוזט זיין אַן אויסערגעווייכלעכע אָנשטרענגונג, כדי צונויפצוברענגען אַזאַ סומע. באָראָכאָוו אַליין איז געווען קעגן דעם, די פּאַרטיי זאָל אַריינבראָקן 1000 רובל. מען האָט דאָך לכתחילה געוווסט, אַז צום פּראָצעס וועט ער זיך נישט שטעלן, ווייל די אויסזיכטן אויפן אויסגאַנג פון פּראָצעס זענען געווען זייער און זייער שלעכטע. אָבער טאַקע דערפאַר האָט דער צ. ק. באַשלאָסן אומבאַדינגט אַרויסנעמען באָראָכאָוון אויף ערבות, כדי בא דער ערשטער געלעגנהייט אים אַריבערטראַנספּאָרטירן קיין אויסלאַנד. מיר האָבן איינגעטיילט צווישן זיך די וויכטיקסטע פּאַרטיי־צענטרען און אַוועקגעלאָזט זיך נאָך געלט. געווען אַ געדריקטע צייט, אָבער די חברים האָבן געוווסט, אין וואָס עס גייט און זיך אָפּגערופן ווי געהעריק. איך האָב באַזוכט ר י ג ע, און נישט געקוקט אויף די שווערע פּאָליציייִשע באַדינגונגען, וועלכע האָבן דאַן דאָרט געהערשט, האָט זיך מיר איינגעגעבן אַרויסצוקריגן אַ גאַנץ פיינע אַפּותיקע. אויך אַנדערע חברים האָבן געשאַפן געלט און אויף דאָס רעשט האָבן מיר געמאַכט אַ הלוואה. די קויציע־סומע איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין פּאָלטאַווע און אינגיכן איז באָראָכאָוו אַרויס אויף דער פריי.

## דער ווילנער פעריאָד.

די גראָדנער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען סוף אָקטאָבער 1906 און דעם 17־טן יאַנואַר 1907 איז דערשינען דער ערשטער נומער פונם ערשטן צענטראַל־אָרגאַן פון די רוסלענדישע פּועלי־ציון אין י י ד י ש, „דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק". באָראָכאָוו איז געווען פריי. אין דער אָרטיקער פּאַרטיי־אַרבעט אין פּאָלטאַווע האָט ער זיך נישט געקענט באַטייליקן, ווייל ער איז געווען אונטער פּאָליציי־השגחה. דערפאַר אָבער איז

ער פונדערוווייטנס גלייך געוואָרן דער נאָנטסטער מיטאַרבעטער פון דעם צענטראַלן אָרגאַן. צום ערשטן נומער שרייבט ער דאָס פּאָליטישע לייט-אַרטיקל אונטערן פסעוודאָנים בר=דרומא. ס'איז נישט קיין געלעגנהייטס-אַרטיקל אָבער אַן אַקטועלע פּאָליטישע פראַגע. ס'איז אַן ערנסטע מאַרקסיסטישע שטודיע פון דער פּאָליטישער סיטואַציע, ווו ס'ווערט דורכגעפירט אַ גרינדלעכער אַנאַליז פון אַלעווירקנדע כּוחות, וועלכע טרעפן זיך צונויף אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד און ס'ווערן אָנגעמערקט די טענדענצן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער נאָנטסטער צוקונפט.

באָראָכאָוו האָט אויך פאַר די ווייטערדיקע נומערן געשריבן פּאָליטישע אַרטיקלען אונטערן זעלבן פסעוודאָנים, ווי אויך אונטער די פסעוודאָנימען גערשענזאָן, Ž, מ. וויטש. און ווער ס'וויל האָבן אַ ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן באָראָכאָוון דעם פּאָליטישן טוער און טאַקטיקער, מוז דורכויס שטודירן יענע פּאָליטישע מאמרים באָראָכאָווס אין דער פּאַרטיי-פּרעסע פון ווילנער פּעריאָד.

באָראָכאָוו האָט געזאָלט צושיקן אויך דאָס פּראָגראַם-אַרטיקל, וועלכעס זאָל פאָרשטעלן די פּאַרטיי פאַר דער נייער יידישער אַרבעטער-אוידיטאָריע. אָבער דאָס אַרטיקל איז געקומען שפּעט און עס איז דערנאָך דערשינען אַלס באַזונדערע בראָשור אונטערן נאָמען „דאָנין: וואָס ווילן די פּועלי-ציון." דער ערשטער נום. „פּראָלעט. געדאַנק" איז צוליב דעם אַרויס אָן אַ פּאַרטיי-פּאָליטישן אַרייגפיר-אַרטיקל. דעם פּאַרטייישן וויסנשאַפטלעכן שטאָף האָט צוגעשטעלט אבנר. ער האָט אָנגעשריבן אַ גרויסע אַרבעט „די יידישע אימוואַנדערונגען". ס'איז אַן ערנסטער און אָריגינעלער פּרוּוו צו אויספאָרשן די דערשיינונג פון ייד. אימוואַנדערונגען, באַנוצנדיק דערצו דעם היסטאָריש-מאַטעריאַליסטישן מעטאָד. געשריבן האָט אבנר רוסיש. ס'איז אָבער אויסגעקומען נישט בלויז איבערצוזעצן דעם כּתב-יד אויף יידיש, נאָר אויך גאַנץ שטאַרק צו רעדאַגירן דעם גרויסן חיבור, וועלכן אבנר האָט געהאַט אָנגעהויבן נאָך מיט אַ צייט צוריק און געדאַרפט אויספאַרטיקן צום דרוק אונטערוועגנס. מ'האָט געמוזט שניידן, לאַטען און איבערניטשעווען.

די אַרבעט אבנרס האָט צו יענער צייט געמאַכט אַ רושם. ס'האָט זיך אויך געמאַכט אונטער דער האַנט אַן אַרטיקל פון ח' ירמיה (חיים איינשטיין), וועלכער איז נאָר וואָס געקומען פון פּאַריז; ער האָט שוין פאַרמאָגט אַ פיינעם זאַפטיקן יידיש. ער האָט זיך אַפילו באַשעפטיקט אויך מיט שיינער ליטעראַטור און מיר האָבן אַרויסגעגעבן זיינס אַ דערציילונג „איוואַן וואַסיליעוויטש" אין אונזער פאַרלאַג. אויך די ח'טע גאָלדע האָט געפּרוּווט אירע ליטעראַרישע כּוחות. זי פלעגט גאַנץ אָפט אַרויסטרעטן מיט רעפעראַטן און געהאַט אַ באַדייטנדן דערפאָלג. פאַר זיך האָט זי שוין לאַנג געשריבן. איצט האָט מען זי אַרויסגעפירט אין דער ליטעראַרישער וועלט. דאָן האָבן מיר איר אויך געגעבן אַ פסעוודאָנים רחל גאָלדין, וועלכן זי האָט געטראָגן אַ גאַנץ לאַנגע צייט. אויך זי האָט געשריבן רוסיש; אַ רגילות אַזאַ. פּרנסה האָט זי געהאַט פון פּריוואַטע העברעישע לעקציעס, ווייל זי האָט נישט געוואָלט בשום אופן ווערן אַ פאַר=

טיי־אָנגעשטעלטע. ס׳איז בײַ איר אויסגעקומען ווי אַ פֿאַרשווערונג פֿון דעם אידעאַל: טוּ ן פּאַרטיי־אַרבעט, זייענדיק אָנגעשטעלט בײַ דער פּאַרטיי און באַקומענדיק באַצאָלט. (אַגב, די פֿינאַנציעלע לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע. פֿלעגן מיר גיין עסן אין אַ ביליקער קיך און בשותפות באַשטעלן אַ קאָטלעט, אָדער אַ טעלער זופּ מיט צוויי סערוויזן.) .

אין ווילנע האָט יעדער אָרגאַן געמוזט פֿאַרמאָגן אויך אַ ליטעראַרישע אָפּטיילונג. מיר האָבן צוגעצויגן צו באַנעמער מיטאַרבעטערשאַפֿט א י ז י ד אָ ר ל אַ ז אַ ר (י. אַ. לייזעראָוויטש) און איינגעשאַפֿט פֿאַר זיך בײַ דעם יונגן פּ ר ץ ה י ר ש ב י י ן זיין בעסטע דראַמע „דעמערונג". (בכלל איז הירשביין געווען נאָנט מיט אונדז און אָן אָפּטער אַריינגעגייער אין רעדאַקציע, ווו ער פֿלעגט אַגב אַלעמען פֿאַרווונדערן מיט זיינע עקספּערימענטן פֿון ביגן אייזערנע שטאַנגען). אַפֿילו לידער האָבן נישט געפֿעלט און אין ערשטן נומער איז געווען אַ ליד פֿון א ל י ה ו א י ז ג ו ר, וועלכער איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן מיט זיין ליטעראַרישער אַרבעט אויף ו ו י י ס ר ו ס י ש. דער נומער איז אויפֿגענומען געוואָרן זייער וואַרעם פֿון די חברים אין לאַנד און אין אויסלאַנד. פֿאַר די ווייטערדיקע נומערן האָבן מיר שוין באַקומען צוגעשיקט אַזש פֿון ניו־יאָרק „לאָזגרוסן פֿון אַמעריקאַ" פֿון א. ו ו אַ ה ל י נ ע ר, וועלכע האָבן שטאַרק אויסגענומען באַם עולם און לידער, ספּעציעל פֿאַר אונדז, פֿון דעם חבר־פּאָעט ה. ר ו י ז ע נ ב ל אַ ט.

אין דער ביבליאָגראַפֿישער אָפּטיילונג נעמט אָנטייל דער באַקאַנטער העברעישער שריפֿטשטעלער ב ע ר ש אַ ד ס ק י אונטערן פּסעוודאָנים י. ד אָ מ אַ ש (לויט זיין אייגנטלעכן פֿאַמיליען־נאָמען. י. דאָמאַשעוויצקי). אַ סברא, אַז אינעם רעדאַקציע־פּאָרטפֿעל זענען פֿאַרבליבן עטלעכע נאָטיצן זיינע, נאָך אין ערגעץ נישט פֿאַרעפֿנטלעכטע ביז אויפֿן היינטיקן טאָג.

אינעם פּובליציסטישן טייל ווערט לעבעדיקער. עס הייבט אָן שרייבן ב אָ ר ו כ ס אָ ן. אונטער די פּסעוודאָנימען ה. כאַשין, אַלכּסנדר און צבי פֿאַרעפֿנטלעכט ער פּאָליטישע און פּאָלעמישע אַרטיקלען און פֿעליעטאָנען, שאַרפֿע און בייסיקע. ער האָט געשריבן אַליין י י ד י ש, נאָר פֿון דקדוק האָט ער נישט געהאַלטן און בכלל נישט צופֿיל מקפּיד געווען אויף דעם בוי פֿון זאַץ. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ פֿאַרביקע, יאָדערדיקע און פֿאָלקסטימלעכע שפּראַך, וועלכע ס׳איז נאָר אויסגעקומען צו שלייפֿן און פּוצן. ס׳האָט זיך אָבער געלוינט.

בערך אין דער צייט פֿאָרט אַריבער קיין ווילנע ז אַ ר. ס׳איז אים אָבער שווער אַריינצוציען אין דער אַרבעט. ס׳איז אַ מענטש מיט אַמביציעס און אַ סך פּרעטענזיעס, ער וויל שפּילן די ערשטע פֿידל, ער איז נישט געוואוינט צו חברשע, איינפֿאַכע באַציונגען און קוים מיט צרות פּועלט מען בײַ אים אַרויסצופֿאָרן ערגעץ ווו אויף אַ רעפֿעראַט.

אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע געשעעניש:

נאָך לאַנגע דיסקוסיעס און אינגערלעכע קאַמפּן האָט דער צ. ק. פון „בונד" באַשלאָסן צוריק אַריינטרעטן אין דער רוסלענדישער סאָצ. דעמ. אַרב.-פּאַרטיי אויף די תּנאים, וועלכע זי האָט אויסגעאַרבעט. מיר באַשליסן תּיכף צו רעאַגירן אויף דעם מיט אַ ספּעציעלער בראָשור, כּדי אויפצוקלערן פאַר די ברייטע יידישע אַרבעטער-מאַסן די קאַפּיטולאַציע פון בונד צוליב זיין פּראָגראַמלאָזיקייט אין די פראַגן פון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. זאַר שרייבט אָן אין רוסיש די בראָשור „דאָס אַריינטרעטן פון בונד אין די ר. ס. ד. אַ. פּ." און זי דערשיינט גלייכצייטיק אין יידיש (פאַרלאַג „דער האַמער") און אין רוסיש (פאַרלאַג „פּערעוואַל", אין מאָסקווע).

באָראָכאָוו פאָרט אַריבער אינקאָגניטאָ קיין מינסק, ווו ער באַזעצט זיך אויף אַ לענגערער צייט. גאַנץ אָפט פאָרן מיר זיך דורך צום ח׳ „מ ש ה", כּדי צו מיישב זיין זיך וועגן פאַרשידענע רעדאַקציע-ענינים און פּאַרטיי-פראַגן. איצט ווערט זיין מיטאַרבעטערשאַפט נאָך מער רעגולער און פאַרשידנאַרטיק. אָבער דער עיקר — באָראָכאָוו נעמט זיך איצט ענדיקן דאָס ווערק זיינס „אונזער פּלאַטפאָרם" און ער פאַרעפנטלעכט דעם סוף אין „פּראָלעטאַרישן געדאַנק" נומ. 3 און אין „פּאָרוועטס" נומ. 1 אונטערן טיטל „די ראָל פון אַרבעטער-קלאַס אין דער רעאַליזירונג פונם טעריטאָריאַליזם".

אין אָט דעם פּעריאָד פון זיין שריפטשטעלערישער טעטיקייט איז באָראָכאָוו אויך אַריבער צו דער יידישער שפּראַך. ביז צו יענער צייט האָט ער כּסדר געשריבן רוסיש. איצט, זיצנדיק אין מינסק, אין אַ סביבה, וואו די יידישע שפּראַך איז נאַטירלעך און קלינגט כּסדר אומעטום, אין שטוב און אין גאַס, ווערן פאַר באָראָכאָוון פאַרשטענדלעכער, היימישער און אייגענער די טענער פון יידיש; ער איז איצט געצוווּנגען זיך מער אָפּצוגעבן מיט יידישער פּרעסע און פּובליציסטיק, נאָכפאָלגן די יידישע צייטשריפטן און ליטעראַטור פון די קעגנערישע פּאַרטייען, און ביסלעכווייז, אומבאַמערקטערהייט און אַזוי ווי אומגערן הייבט זיך באָראָכאָוו אָן צו אינטערעסירן מיט יידיש. ער לערנט זיך — דער עיקר — אויף די איבערזעצונגען פון זיינע אייגענע אַרטיקלען. ער שרייבט שוין אָפט צו אין אָריגינאַל, אַז דעם און דעם זאַץ דאַרף מען אין יידיש איבערגעבן אַזוי און אַזוי. לסוף פּרובירט ער אפילו אַליין צו שרייבן דירעקט אין יידיש. זיין ערשט אַרטיקל אין יידיש „אַ נייע פּשרות-פּראָגראַם" (וועגן די סיימיסטן) מיט דעם אונטערשריפט דאָבין איז געדרוקט אין „פּאָרוועטס" נומ. 2 און 3. גלייכצייטיק שרייבט ער בזיך אין רוסיש דעם „פּראָיעקט-פּראָגראַם" פון דער פּאַרטיי און אָן אָנהייב פון אַ גרעסערער אַרבעט „די טעאָרעטישע יסודות פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע".

דער שרייבער פון די שורות האָט אויך אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן אַרטיקלען צום ערשטן מאָל אין „פּראָלעטאַרישן געדאַנק" און דערנאָך אין „פּאָרוועטס". אַ חוץ ריין רעדאַקציאָנעלע אַרבעט האָב איך דאָרט אָפּגעדרוקט עטלעכע אַרטיקלען איבער ליטעראַרישע און פּאַרטיי-פּאָליטישע פראַגן.

אונזער ליטעראַריש־פּאָליטישע אַרבעט אין ווילנע איז נישט געגאַנגען גלאַטיק, גלייך נאָכן ערשטן נום. איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר אַרעסטירט געוואָרן. דער צווייטער נום. „פּראָלעט. געדאַנק" איז קאָנפיסקירט געוואָרן. דעם 1־טן פּעברואַר איז פאָרגעקומען אַ רעוויזיע אין פאַרלאַג „דער האַמער" אויף זאַוואַלנע גאַס. בשעת מעשה זענען דאָרט געווען עטלעכע חברים און חברטעס: דער אַדמיניסטראַטאָר שמואל נעגער, זלמן רובאַשאָוו, ח׳טע גאָלדע, ח׳טע גרוניע און איך. מיר פּלעגן אפילו אויסמיידן צו באַזוכן דעם פאַרלאַג און די רעדאַקציע, אָבער גראָד דאָס מאָל האָבן מיר זיך צופעליק צונויפגעטראָפן עטלעכע אינזערע און מ׳האָט אונז אַלע פאַרהאַלטן. מ׳האָט דורכגעפירט אַ שטרענגע רעוויזיע אין אַלע צימערן, טיש־קעסטלעך און צווישן די פּעק ביכער, פּונקט אַזוי אויך אַ פּערזענלעכע רעוויזיע באַ אַלע אָנוועזנדיקע. באַ מיר האָט מען צוגענומען די גאַנצע פּאַרטייִשע קאָרעספּאָנדענץ, אָבער ח׳ שמואל האָט זי דערנאָך געשיקטערהייט צונויפגעמישט מיט דער קאָרעספּאָנדענץ פון פאַרלאַג, ווייל ער האָט זיך אויפן שטעל אָריענטירט, אַז ס׳איז נישט כדאַי, דערדאָזיקער מטמון זאָל פאַרשריבן ווערן אויף מיין חשבון, בפרט, אַז צוליבן פּריזיוו זענען מיינע פּאַפּירן נישט איינגאַנצן געווען אין אָרדנונג. מיר האָבן אפילו געמאַכט דעם אָנשטעל און זיך געוויצלט די גאַנצע צייט בשעת דער רעוויזיע, פונדעסטוועגן האָט מען אונז אַלע פאַרנומען און געגעבן אַן עצה, מיר זאָלן זיך באַזאָרגן מיט בעטגעוואַנט, ווייל ס׳קען נאָך אויסקומען איבערצונעכטיקן אַ פּאָר נעכט אין דער פרעמד. אַזאַ פּערספּעקטיוו איז אונז נישט געווען צום האַרצן, דער עיקר, ווייל אַ פּאָר פון אונז זענען כלל נישט געווען איינגעמאָלדן, וועט מען זיי, הייסט עס, סתם אַזוי פאַרהאַלטן.

מען האָט אונז אָפּגעפירט אין „אויטשאַסטאָק" אויף פּאָליציי־גאַס, געלאָזן וואַרטן אין פאָדער־צימער און אַליין זיך פאַרשטענדיקט מיט דער „אָכראַנע" וועגן די רעזולטאַטן פון דער הויז־זוכונג. צו אונזער גרעסטער פאַרוואונדערונג, האָט מען אונז אין אַ פערטל שעה אַרום דערקלערט, אַז מ׳וועט אַלעמען באַפרייען; מ׳דאַרף נאָר זען, צי אַלע זענען איינגעמאָלדן. מען וועט מיטגיין מיט יעדן איינעם צו אים אַ היים און אַ קוק טון אין די הויז־ביכער, צי איז ער דאָרט איינגעשריבן. איז אונדז ווידער פינסטער געוואָרן אין די אויגן. פון איין צרה אַרויס און אין דער צווייטער אַריין, האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אַ פּאָר פון אונז זענען גראָד געמאָלדן אין זעלבן פּאָליציי־צירקל, וואו מען האָט אונז געבראַכט. האָט מען עס גלייך פעסטגעשטעלט און דערלויבט אונז אַוועקצוגיין. זענען מיר שוין געוואָרן באַ זיך תקיף און גענומען איינטענהן מיטן פּריסטאַוו, ער זאָל די איבעריקע, וועלכע געהערן צו אונזערע צירקלען, אַרויסלאָזן אויף „אונזער אחריות". נאָך אַ לאַנגן משא ומתן האָט דער פּריסטאַוו זיך פאַרלאָזט אויף „יושר" און מיר אַלע זענען אַוועק אַהיים.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ׳האָט באַ אונז געזוכט ספּעציעל געווער. ממילא האָבן זיי זיך נישט אינטערעסירט מיט פּאַפּירן און בריוו, און אין עטלעכע

וואָכן אַרום האָט מען דעם פאַרלאַג אומגעקערט דאָס גאַנצע פעקל קאָרעספּאָנדענץ, נישט געריירט.

פונדעסטוועגן זענען דעם 15־טן פעברואַר ווידער פאָרגעקומען רעוויזיעס אין רעדאַקציע און אין אַדמיניסטראַציע. מ׳האָט געמאַכט אַ רעוויזיע אַפילו אין דער דרוקעריי פון דער „אַלמנה און ברידער ראָם”, וווּ אונזער צייטונג האָט זיך געדרוקט. אַ וואָך שפּעטער האָט מען געמאַכט אַ רעוויזיע באַם איינבינדער, געפּאַקט באַ אים אַ גרויסע צאָל עקזעמפּלאַרן פון דעם קאָנפיסקירטן נומ. 2 „פאָרווערטס” און אַרעסטירט אויף עטלעכע טעג דעם איינבינדער און איינעם אַן אַרבעטער.

מ׳האָט אונז אַ שטיקל צייט געלאָזט צו רו. ח׳ שלמה איז שוין אַרויס פון תפיסה, וווּ ער איז אָפּגעזעסן אַ חודש צייט אַדמיניסטראַטיוו, און ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות. אין מערץ ווערט „דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק” איינגאַנצן אָפּגעשטעלט און אין מאַי דערשיינט שוין אָנשטאָט אים אַ נייַ וואָכנבלאַט „פאָרווערטס”. ”דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק” איז דערשינען סך־הכל 3 נומערן. הייבט מען אָן באַ אונז שפּאַסן, אַז דער ציפער 3 איז פאַר אונז אַ פאַטאַלער. „יעוור. ראַב. כראָניקאַ” דערשינען 3 נומ., „מאָלאָט” פאַרמאַכט באַם 3־טן נומ. דאָס גלייכן דער אָרגאַן פון פּוילישן פאַרבאַנד „דאָס יידישע אַרבעטער־וואָרט”. דער שפּאַס האָט באַ אַ סך חברים באַקומען אַ ביטערן בייגעשמאַק שפּעטער, ווען אויך דער „פאָרווערטס” איז פאַרמאַכט געוואָרן נאָכן 3־טן נומער.

די צייט איז געווען אַ צערודערטע, די געזעלשאַפט איז געווען איינגאַנצן דעזאָריענטירט. אָט ערשט זענען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער דומע. די מאַסן האָבן אַרויסגעוויזן אַקטיוויטעט און נישט געקוקט אויף אַלע וואַל־מאַכינאַציעס און קונצשטיק פון דער אַדמיניסטראַציע זענען אין דער דומע אריין אַ סך לינקע, אויסגעשפּראָכענע רעוואָלוציאָנערן און קעמפער. די 6־מיליאָניקע יידישע באַפעלקערונג האָט בסך הכל אַדורכגעפירט 3 דעפּוטאַטן. פון די יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען איז קיינער נישט אַדורך, דאָס איז געווען הייפּטזעכלעך צו פאַרדאַנקען דעם בונד, וועלכער האָט זיך דאַמאָלס קונה שם געווען מיט דער באַרימטער וואַל־אינסטרוקציע, אַז די קאַנדידאַטור פון אַ ציוניסט־סאָציאַליסט מעגן בונדיסטן אונטערהאַלטן נ אָ ר אין פאַל, ווען עס דראָט אַ בפירושע סכנה, עס זאָל אַדורכגיין אַ ש װ אַ ר צ מ א ה נ י ק. אָבער צווישן אַ קאַדעט און אַ ציוניסט־סאָציאַליסט, דאַרף אַ בונדאָוויעץ אויסקלויבן דווקא... דעם קאַדעט. דידאָזיקע בונדישע טאַקטיק איז נאַטירלעך דיקטירט געוואָרן נישט פון די אינטערעסן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, נאָר פון ענגן קרעמל־שטאַנדפּונקט. אין רעזולטאַט האָט זיך אָבער באַקומען, אַז אויך אין דער צווייטער דומע האָט די יידישע אַרבעטערשאַפט נישט אַריינגעשיקט אירס אַ פאָרשטייער, הגם די אַלגעמיינע שטימונג פון דער גאַס איז געווען אַ לינקע.

אונזער פּרעסע האָט דעם אויסגאַנג פון די וואַלן ברייט אָפּגעשאַצט און געפּרווט אין עטלעכע אַרטיקלען פון ב ר ־ ד ר ו מ א און כ אַ ש י ן אָנצייכענען די אויפ־

גאַבן פֿון דער נייער „רעוואָלוציאָנערער“ דומע. מ'איז געווען זיכער, אַז זי וועט קאָ=
נען ווערן אַן „אָרגאַניזירנדער צענטר“ פֿון די רעוואָלוציאָנערע פֿאָלקס=כּוחות, אַז זי
וועט נישט גיין אין די דרכים פֿון דער ערשטער דומע, וועלכע האָט אפֿילו געוואַגט
אַרויסצוגעבן אַ ווידערשפּעניקדיקן „וויבאָרגער אויפֿרוף“, אָבער אַליין גלייך פֿאַרקראָכן
אין די לעכער. . . מ'איז געווען זיכער, אַז אין דער צווייטער דומע וועלן די לינקע
זיין פֿעיק צו אַנדערע, מער דרייסטע מעשׂים. מען האָט אָבער נישט געוואָלט שפּייזן
דאָס פֿאָלק מיט אילוזיעס. ס'זענען אַדורכגעגאַנגען בלויז אַ פּאָר חדשים. ווי ס'איז
שוין אויסגעקומען אונטערצופֿירן טרויעריקע סך=הכּלען וועגן דעם, אַז „די דומע האָט
דעם לאַנד גאָרנישט געגעבן“, „ווייל דאָס לאַנד האָט נאָך דער דומע גאָרנישט גע=
געבן“. ס'ווערט אונטערגעשטראָכן און אַרויסגעבראַכט אַלץ בולטער דער געדאַנק, אַז
די דומע, „ווי יעדער פּאַרלאַמענט, איז נאָר אַ טעכניש געצייג פֿונם פֿאָלקס רצון“. דאָס
פֿאָלק אָבער דרעמלט, זיין געזעלשאַפֿטלעכער אינטערעס האָט זיך אויסגעשעפּט
גלייך נאָך די וואַלן. „וואָס דאַרפֿן מיר טון, די פֿאָרשטייער פֿון דעם באַוווּסטזיניקן
אַוואַנגאַרד פֿונם אַרבעטער=קלאַס ?“ אָרגאַניזירן, אַגיטירן ? „ס'איז אָבער אוממעגלעך און
אַ שטות צו אָרגאַניזירן די מאַסן נאָר לשם דעם פּראָצעס גופֿא פֿון אָרגאַניזירן“. „אָר-
גאַניזירן די מאַסן קען מען נאָר צוליב אַ באַלדיקער און דירעקטער זעלבסטעטיקייט
און נאָר אין דעם פּראָצעס פֿון דער וואַקסנדער זעלבסטעטיקייט פֿון די מאַסן, וואַקסט
אויס זייער אָרגאַניזאַציע“. ס'קומט אויס, אַז מען דאַרף זיך ווענדן צו דער „ס ט י =
כ י ע , אויסגעפֿינען איר ווענדונג און אין ד ע ר ריכטונג, אויף א י ר יסוד אַנטוויק=
לען די זעלבסטעטיקייט. „נישט אין אונזער רשות איז צו רעגירן איבער די געשעע=
נישן, צווינגען די סטיכיע באַכצוגיין נאָך אונזער רצון — און ס'איז פֿאַר אונז גענוג,
אויב מיר וועלן זיך קאָנען אַוועקשטעלן אין דעם פֿאָדערשטן שטראָם פֿון דער סטי=
כיע, נישט שלעפּנדיק זיך הינטער איר“. קעגן דער שטימונג פֿון פֿאָלק „צו היטן די
דומע מיט אַלע מעגלעכקייטן“, דערקלערן מיר : „ס'איז נישט נייטיק צו היטן די דו=
מע, מען דאַרף זיך נישט שטעלן אַזאַ אויפֿגאַבע, וועלכע פֿאַרפֿענטעט די לינקע דעפּו=
טאַטן, אַוועקגעבנדיק די העגעמאָניע צו די בעלי=פּשרות, די קאַדעטן“. וואָס שייך דער
צוגרייטונג פֿון די מאַסן, ווערט אָנגעוויזן, אַז „איצט ליגט אינגאַנצן די קראַפֿט און די
גאַנצע גאַראַנטיע פֿון דעם קינפֿטיקן ניצחון — אין די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פֿונם
פּראָלעטאַריאַט“. מ'דאַרף די גאַנצע אַרבעט, בכן, קאָנצענטרירן אין די פּראָפֿעסיאָנעלע
פֿאַריינען.

ס'דויערט נישט לאַנג און ס'קומט דער גירוש פֿון דער 2=טער דומע. דאָס „פֿאָלק“
איז געבליבן גלייכגילטיק, שטום, און אפֿילו די עקסט=לינקע דעפּוטאַטן זענען זיך צע=
פֿאָרן אַהיים, פּונקט ווי ס'וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. כאַראַקטעריסטיש, ווי אומגעלומפּערט
און אומפֿאַרשטענדלעך ס'איז געווען די צייט, אַז גראָד ערב דעם גירוש איז פֿאָרגע=
קומען דער לאָנדאָנער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער רוסלענדישער ס.ד.צ. דעמאָקראַטיע און
אים איז כּלל נישט איינגעפֿאַלן אָנצונעמען אַ וועלכן ס'איז באַשלוס אויפֿן פֿאַל, ט אָ =

מ ע ר טרייבט מען פונאַנדער די דומע.

שטייט מען ווידער בײַ דער צעבראָכענער מילטער. מיר ווייזן אָן, אַז איצט זײַנען שוין אויסגעוועבט אַלע אילוזיעס. מ׳ווייס, אַז די דומע איז גאָרנישט, ווייל הינטער איר און אַרום איר איז גאָרנישט נישטאָ. מ׳דאַרף זיך אָבער גרייטן צו דער נייער, צו דער ד ר י ט ע ר דומע. הויבט זיך אָן דער וויכוח: גיין, צי נישט גיין. אייניקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן באַשלאָסן גיין צו די וואַלן. אין אונזערע רייען האָט זיך ערשט איצט רעכט פאַרשטאַרקט די באָיקאָט־שטימונג.

## דער צווייטער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קראָקע

## דער ־טער אָרדנטלעכער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קראָקע.

אבנר איז באַפרייט געוואָרן פון אַרעסט און געמוזט אָפּפאָרן; איז ער אַוועק קיין פּאַלעסטינע. דאָרט האָט זיך מיט זיין אָנקום אַנטוויקלט אַ ברייטע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט און ס׳איז געגרינדעט געוואָרן די י. ס. ד. א. פּ. אין פּאַלעסטינע (פּועלי ציון). מיר זענען שוין געשטאַנען אין ענגע פאַרבינדונגען און רעגולערער קאָרעספּאָנדענץ מיט די פּאַרטייען אין עסטרייך, אַמעריקע און ענגלאַנד און מיר האָבן זיך צונויפגערעדט וועגן מאַכן ערנסטע שריט אין דער פראַגע מכח דעם אָנשלוס אָן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. נאָך אַ לענגערן מיינונגס־אויסטויש האָט מען אויסגעאַרבעט אַ געמיינזאַמען מעמאָראַנדום און אָפּגעשיקט אים צום אינט. סאָציאַליסט. ביוראָ אין בריסל אין נאָמען פון די פאַרייניקטע פּועלי־ציוניסטישע פעדעראַציעס פון רוסלאַנד, עסטרייך און אַמעריקע, פאַררופנדיק זיך אויך אויף די פּאַרטייען אין ענגלאַנד און פּאַלעסטינע.

ס׳איז געווען אַ שוואַכע אויסזיכט אויף אַ גינסטיקער תשובה. דער „בונד״ איז געווען פאַרטראָטן אינם אינטערנאַציאָנאַל ווי אַ טייל פון דער רוסלענדישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. זיין הויפּט־אַרגומענט קעגן פּראָלעטאַרישן ציוניזם, קעגן פּועלי־ציון, ס. ס. און סיימיסטן איז געווען דאָס, וואָס ער איז „אַ נ ע ר ק ע נ ט״ פונם אינטערנאַציאָנאַל און האָט, הייסט עס, די חזקה אויף סאָציאַליזם אין דער יידישער גאַס. בײַ די מאַסן האָט אַזאַ אַרגומענט געהאַט האַפט. ער האָט אימפּאָנירט. פּועלי ציון האָבן געהאַלטן, אַז אין סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל דאַרף זיין אָן אָרט פאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַזעלכן, און נישט פאַר דער אָדער יענער פּאַרטיי זיינער. דאָס איז געווען די וויטע פּערספּעקטיוו — די פאָדערונג פון אַ יידישער סעקציע אינם סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל. דערצו איז גייטיק געווען אַ געמיינזאַמער אויפטריט פון אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. טיילווייז איז אַזאַ שריט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געמאַכט געוואָרן. אָבער אין מאַי 1907 האָט מען געמאַכט די התחלה, זיך פאָרגעשטעלט פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער וועלט, פאָרמולירט פאַר איר אונזערע פּראָגראַם־פּרינציפּן. אויך דידאָזיקע התחלה איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען צוליב די

חילוקי דעות, וועלכע האָבן עקזיסטירט אין די רייען פֿון די פּועלי־ציון־פּאַרטייען גופֿא, דערויף האָבן מיר שוין דאַן אויפֿן אָרט אויפֿמערקזאַם געמאַכט אין „פֿאָרווערטס" נומ. 2, „אַז דער מעמאָראַנדום איז אַ פּראָדוקט פֿון אַ געוויסן קאָמפּראָמיס צווישן די עקסט־לינקע, אָרטאָדאָקסאַל־מאַרקסיסטישע אָנשויונגען פֿון די רוסישע פּועלי־ציון און אַ ביסל רעוויזיאָניסטישע און ביז אַ געוויסער מדרגה אידעאָלאָגישע מיינונגען פֿון די עסטרייכישע און אַמעריקאַנישע פּועלי־ציון".

אָבער שוין אין יענעם מעמאָראַנדום, ווו דער טראָפּ ווערט געשטעלט אויף די פּראָבלעמען פֿון רעגולירן די עמיגראַציע און דער „טעריטאָריאַלער לעזונג פֿון דער יידנפֿראַגע דורך שאַפֿן אַ יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע", ווערט גלייכצייטיק אונטער־געשטראָכן, אַז „אין יענע לענדער, ווו עס לעבט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, קעמפֿט אונזער פּאַרטיי האַנט בײַ האַנט מיט די באַוווסטזיניקע פּראָלעטאַריער פֿון אַלע שפּראַכן אויף די באַריקאַדן אין רוסלאַנד פֿאַר דער באַפֿרייונג פֿון די קייטן פֿונם קאַפּיטאַליזם, אין עסטרייך פֿאַר דעם אַלגעמיינעם וואַל־רעכט און קעגן דער פּאָליטיק צו אונטער־דריקן די פּוילישע באַפֿעלקערונג, אין אַמעריקע פֿאַר די אַנטוויקלונגען פֿון דעם סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין".

דאָס אינט. סאָצ. ביוראָ האָט איבערגעשיקט די פֿאָדערונג פֿון די ציוניסטן־סאָציאַליסטן (ס. ס., און פּוע"צ) דער רוסלענדישער סעקציע צו באַטראַכטן. דערויף רעאַגירן מיר אין אונזער אָרגאַן אָנווייזנדיק, אַז „די רוסלענדישע סעקציע (ר. ס. ד., צוחשבונדיק אַהער אויך דעם בונד און ס. ר.) איז לחלוטין נישט קאָמפּעטענט אין די פֿראַגן, וועלכע זענען נוגע דעם אַלטוועלטלעכן יידישן פּראָלעטאַריאַט". דער אַרטיקל־שרייבער, מ. — וויטש (ב. באָראָכאָוו) פֿאַרענדיקט דערמיט, וואָס אַזעלכע „אומגעלומ־פּערטע טעותן זענען אומפֿאַרמיידלעך אומעטום, ווו ס'זענען פֿאַראַן אָפּאָרטוניזם און האַלבקייט", אַזוינס האָבן מיר געזען אין דער באַציִונג פֿון דעם אינט. סאָצ. ביוראָ צו דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, בפֿרט אין זיין אויפֿפֿאַסן די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פֿונם פּראָלעטאַריאַט פֿון די אונטערדריקטע נאַציעס.

ס'האָט זיך אונטערגערוקט די צייט פֿון VIII־טן ציוניסטן־קאָנגרעס. די פּאַרטיי באַמיט זיך צו זיין אויף אים פֿאַרטרעטן וואָס שטאַרקער. פֿאָדערט דער צ. ק. אין אַ ספּעציעלן צירקוליאַר, די חברים זאָלן ענערגיש פֿאַרשפּרייטן די שקלים. דער צירקו־ליאַר רעדט אָבער אויך וועגן דעם עצם אָנטייל אין קאָנגרעס. אמת טאַקע, דאָ נישט לאַנג האָט די גראָדנער פּאַרטיי־קאָנפֿערענץ באַטראַכט די פֿראַגע און אָנגענומען אַ קלאָרע דירעקטיוו. און דאָך איז נישט אַלץ אין אָרדנונג. עפּעס עגבערן דעם מוח ספֿקות און מען מוז נאָכאַמאָל באַגרינדן די נויטיקייט פֿונם אָנטייל און גלייכצייטיק שטעלן אַ גדר, אַ גרענעץ, פֿאַר אָט דעם אָנטייל, איבער וועלכער מען טאָר נישט אַריבערטרעטן.

אין זיין צירקוליאַר נומ. 9 פֿון 1907 קלערט אויף דער צ. ק., אַז אונזער אָנ־טייל אינם קאָנגרעס דאַרף „דעמאָקראַטיזירן דעם קאָנגרעס אין זיין אַרבעט", צווייטנס,

ווירקן, אַז „די ציוניסטישע אַרבעט אין פּאַלעסטינאַ זאָל טראָגן אַ רעאַליסטישן און קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער, און בשום אופן נישט קיין אוטאָפּיסטיש-דיפּלאָמאַטישן אָדער פילאַנטראָפּישן". עס ווערט בפירוש אונטערגעשטראָכן, אַז „דער קלאַסן-קאַמף אין פּאַלעסטינע און אין די גלות-לענדער געפינט זיך אויסער דער קאָמפּעטענץ פון קאָנגרעס", און אַז „אויפן טאַגעס-אָרדנונג פון קאָנגרעס וועט געשטעלט ווערן אַזאַ פאָרשלאַג, וועלכער באַרירט אונזער קלאַסן-טאַקטיק, מוזן מיר לכתחילה פּראָטעסטירן קעגן דעם, וואָס אַזאַ מין פאָרשלאַג זאָל פיגורירן אויפן טאַגעס-אָרדנונג און מיר טאָרן נישט נעמען קיין אָנטייל נישט אין דער באַהאַנדלונג און נישט אין דער אָפּשטימונג פון אַזאַ פאָרשלאַג."

און נאָך שאַרפער און קאַטעגאָרישער ווערט געזאָגט: „מיר שאַפן נישט און ווילן נישט שאַפן קיין פעדעראַציע פון דעם אַלוועלטלעכן ציוניזם, מיר בלייבן גאָר אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט צו טון נאָר מיטן קאָנגרעס. די דירעקטיוון פון די אַקציאָנס-קאָמיטעטן, פון די לאַנדעס-קאָמיטעטן גייען אונז לחלוטין נישט אָן".

און ווי כדי צו באַרויקן עמעצן, מאַכט דער צירקולאַר אויפמערקזאַם גלייך דערויף: „דאָס אַלץ וועלן מיר דערקלערן דעם VIII-טן קאָנגרעס נאָך אויף די ערשטע זיצונגען, און ס'פאַרשטייט זיך, אַז מיר וועלן קאָנען בלייבן אין קאָנגרעס נאָר אויף די אויבן אָנגעוויזענע באַדינגונגען".

אין זעלבן צירקולאַר טרעט דער צ. ק. אַרויס קעגן דעם אינסטיטוט פון שקלים, וועלכער איז „אַנטידעמאָקראַטיש, ווייל אין אים איז דאָס וואַל-רעכט פאַרבונדן מיט אַ ביודזשעט-פאָרם", און אויך, ווייל ער „שטעלט אַ פינאַנציעלן קריטעריום פון דער אָנגעהעריקייט צו דער אָרגאַניזאַציע".

מען האָט, בכן, דעם אָנטייל אין קאָנגרעס געמאַכט אָפּהענגיק פון באַשטימטע באַדינגונגען און וויבאַלד אַזוי, געמוזט נאָך אַמאָל דורכלופטערן די פראַגע.

אַקטועל ביז גאָר איז געווען די פראַגע וועגן פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג. אין עיקר איז דאָ געגאַנגען וועגן דעם וויכוח: פּאַרטיייִשע אָדער אומפּאַרטיייִשע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אין צענדליקער שטעט האָבן די חברים גענומען אַ גאָר אַקטיוון אָנטייל אין דער פּראָפ.-באַוועגונג און אין אַ סך ערטער זענען פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן מיטן בונד, וועלכער האָט געבויט די פאַריינען אויף דעם פּ אַ ר ט י י י ש ן פּרינציפּ. באַזונדערס שאַרף איז געווען דער קאַמף אין פּוילן, ספּעציעל אין וואַרשע און אין לאָדזש.

דידאָזיקע אַלע פּראַגן און נאָך אַ רײ אַנדערע פון פּראָגראַמאַטישן און אָרגאַניזאַציאָנעלן כאַראַקטער האָבן דיקטירט דעם צ. ק. ער זאָל צונויפרופן דעם אָרדענטלעכן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר; ס'איז געווען ערב דעם VIII-טן ציוניסטישן קאָנגרעס און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס אויף אים וועלן זיך צונויפקומען פּועלי-ציון דעלעגאַטן פון פאַרשידענע לענדער, האָט מען זיך צונויפגעשריבן מיט די אויסלענדישע חברים

וועגן אַ פאַרייניקטער קאָנפערענץ פון די פועלי־ציון אין גאַר דער וועלט. איז נאָך דריננענדער געוואָרן די נויטיקייט פריער אָפּצוהאַלטן דעם אייגענעם פאַרטיי־צוזאַמענפאָר, כּדי צו קומען סיי אויף דער וועלט־קאָנפערענץ און סיי אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס מיט אַן אויטאָריטעטער מיינונג פון דער העכסטער אינסטאַנץ פון דער פאַרטיי.

די גאַנצע אַרבעט פון צ. ק. ווערט איצט קאָנצענטרירט אויף צוגרייטן דעם צוזאַמענפאָר. אין נום. 2 „פאָרווערטס" ווערן פאַרעפנטלעכט דער פּראָיעקט פון אָרגאַניזאַציאָנס־סטאַטוט און דער פּ ר אָ י ע ק ט ־ פּ ר אָ ג ר אַ ם געשריבן דורך באָראָכאָוון, נאָכדעם, ווי ער איז ברייט דיסקוטירט געוואָרן אויף זיצונגען פון צ. ק., צו וועלכע עס איז געקומען פון קיעוו אויך דער ח' ניסן (זבולון). ס'איז דאָ כּדאַי פאַרנאָטירן די שטעל אינם פּראָיעקט־פּראָגראַם, וועלכער רעדט וועגן דעם, אַז די יידישע נאַציאָנאַלע מינדערהייט, וועט דורך נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע קריגן די מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין די אַרומיקע ספערן פון די „פּראָדוקציאָנס־באַדינגונגען" און אַזוי וועט זי איבערגיין צו אַסימילאַציע.

דער 3־טער נום. „פאָרווערטס" איז אינגאַנצן געווידמעט דעם פאַרטיי־צוזאַמענפאָר. אַזוי האָבן מיר דאָרט דעם אָנהויב פון ב אָ ר אָ כ אָ ו ו ס רעפעראַט די „טעאָרעטישע יסודות פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע", וואו ער האָט געהאַט בדעה ווייטער צו אַנטוויקלען די געדאַנקען, וועלכע ער האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פאָרמולירט אין די „קלאַסן־אינטערעסן". ז אַ ר שרייבט „צו דער קאָנגרעס־פראַגע", כ אַ ש י ן וועגן די „טאַקטיק־פראַגן" אין שייכות מיטן פּאָליטישן מאָמענט, ר ח ל ג אָ ל ד י ן — „צו דער באַפאָרשטייענדער אַלוועלטלעכער פועלי־ציון־קאָנפערענץ" און ז ר ב ב ל — „צום באַפאָרשטייענדן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר".

דער סדר היום פון צוזאַמענפאָר איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט 3 חדשים פריער. אין אַלע אָרגאַניזאַציעס און אויך אויף ספּעציעלע ראַיאָן־צוזאַמענפאָרן זענען באַהאַנדלט געוואָרן די פּונקטן פון סדר־היום און געווײלט דעלעגאַטן.

דער צוזאַמענפאָר איז גערופן געוואָרן קיין ק ר אָ ק ע, וואו די עסטרייכישע חברים האָבן זיך אונטערגענומען צו באַזאָרגן פאַר אונז די גאַנצע טעכנישע איינאָרדנונג. מיט עטלעכע וואָכן פריער איז אָפּגעפאָרן קיין קראָקע ח' באָראָכאָוו, אויפן וועג האָט ער געהאַט רעפעראַטן אין וואַרשע און אין לאָדזש. האָבן זיך אָנגעהויבן ציען קיין אויסלאַנד דעלעגאַטן פון אַלע עקן רוסלאַנד. אַ חוץ אַ צוויי־דריי האָבן אַלע געמוזט „שוואַרצן" די גרענעץ, איך בין דורך אין הערבי באַ טשענסטאָכאָוו. איך האָב געהאַט אַ „פּולפּאַסעק" פון אַ טשענסטאָכאָווער איינוווינער, מרדכי מאַרכעוו. ס'איז געווען געוואַגט, ווייל לויטן פּאַס בין איך עלטער געווען מיט גאַנצע 17 יאָר. איך בין אָבער אַדורך בשלום, דער זשאַנדאַרם האָט מיך נור אַ פרעג געגעבן, וואו איך וווין אין טשענסטאָכאָוו. איך בין דאָרט געווען בלויז פאַרבייפאָרנדיק, ערגעץ נישט געגאַנגען. אָבער טראַכטן איז נישט געווען קיין צייט, האָט זיך מיר אַרויסגעגליטשט די פראַ־

זע „קעגן מאַגיסטראַט״. הפּנים, די תשובה איז געווען אַ געלונגענע. האָב איך געקריגן מיין פּאַס און אַוועקגעשפּאַנט אין דייטשן הערבי. אָבער דאָרט בין איך נישט געפעלן געוואָרן דעם דייטשישן אַגענט און ער האָט מיך פאַרהאַלטן אונטערן חשד, אַז איך עמיגריר קיין אַמעריקע און בכן דאַרף איך זיך מטריח זיין אין באָד אַריין. מיר האָט זיך כּלל נישט געוואָלט גיין אין דער דייטשישער עמיגראַנטן=באָד, האָב איך געטענהט אַ גאַנצן טאָג מיטן דייטש, אים באַוויזן, אַז איך האָב אַדרעסן נאָר קיין קראָקע. געווירקט האָט אויף אים מיין לעצטער און שטאַרקסטער אַרגומענט, וואָס איך האָב מיט זיך גאָר ווינציק געלט, אַרום און אַרום אַ פּאָר רובל. ער האָט מיך אָפּגעלאָזט, און אין עטלעכע שעה שפּעטער בין איך דורך קאַטאָוויץ געקומען קיין קראָקע, וואו די ח״ח האָבן זיך שוין שטאַרק געקימערט פאַר מיין גורל, ווייל די ח׳טע גאָלדע, וועלכע איז געפאָרן מיט אַן אויסלענדישן פּאַס, האָט מיך איבערגעלאָזט אין טשענסטאָכאָוו און לויט אַלע חשבונות האָב איך שוין פון לאַנג געדאַרפט זיין אין קראָקע.

צום צוזאַמענפאָר זענען געקומען 3 פאָרשטייער פון צ. ק. 2 דעלעגאַטן פון וואַרשע, 2 — פון לאָדז, 1 — פון טשענסטאָכאָווער=וולאָצלאַווקער ראַיאָן, 1 — פון בענדין, 1 — פון פּלאָצק, 3 — פון ווילנע=מינסקער ראַיאָן, 3 — פון ביאַליסטאָקער ראַיאָן, 3 — פון דרום-מעריבדיקן ראַיאָן, 1 — פון קרימער פאַרבאַנד, 1 — פון צענטראַל=רוסלאַנד, 1 — פון קיעוו=פּאָלטאַווער ר. ק., 1 — פון לאָדזער ר. ק. געסט זענען געווען פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי און ח׳ א ב נ ר פון פּאַלעסטינאַ.

אָנגעהויבן האָט זיך דער צוזאַמענפאָר די לעצטע טעג פון חודש יולי און געדויערט גאַנצע 10 טעג. ער האָט באַוויזן צו באַטראַכטן פאָלגנדע פּונקטן פון סדר היום : 1) באַריכט פון צ. ק. 2) אָרגאַניזאַציאָנס=סטאַטוט, פאַרטיילונג פון ראַיאָנען, ביודזשעט, ליטעראַטור, אַגיטאַציע, 3) פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, 4) פּאָליטישער מאָמענט, 5) אינטערנאַצ. סאָציאַליסטישער קאָנגרעס, 6) א. די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינאַ, ב. די ראָל פון אַרבעטער=קלאַס אין דער רעאַליזירונג פונם ציוניזם, 7) די יידישע אַרבעטער פראַגע אין פּאַלעסטינאַ, 8) אונזער שטעלונג צו דער אַלוועלטלעכער קאָנפערענץ פון פּועלי=ציון און צום 8=טן ציוניסטן=קאָנגרעס, 9) פּראָיעקט=פּראָגראַם. חוץ דעם אַ גאַנצע ריי באַזונדערע קלענערע פּונקטן.

געעפנט דעם צוזאַמענפאָר האָט ח׳ באָראָכאָוו. דעם באַריכט פון צ. ק. האָט אָפּגעגעבן דער שרייבער פון די שורות. פון באַריכט און פון די דעבאַטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאַרטיי איז זינט דעם צוזאַמענפאָר געוואַקסן, ס׳האָבן זיך אָרגאַניזירט כמעט אַלע ראַיאָנען, ס׳פעלן אָבער אינטעליגענטע כּוחות און געלט. ס׳איז גראָד געווען די צייט פון אָפּפאַלנדער כוואַליע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. האָט מען באַשלאָסן קאָנצענטרירן די אַרבעט אין עטלעכע גרעסערע יידישע אַרבעטער=פּונקטן און אַהין צונויפברענגען די בעסערע קרעפטן. באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אויך ווייטער דעם יידישן צווייוועכנטלעכן אָרגאַן און אָננעמען מיטלען, כּדי אַרויסגעבן אויך אַ זשורנאַל און וויסנשאַפטלעכע זאַמלביכער אין רוסיש, אויסגערעכנט דער עיקר, אויף צו

פאַראינטערעסירן די פּונווייטנס שטייענדיקע אינטעליגענץ און דערציען אַן אייגענע פּועלי־ציוניסטישע אינטעליגענץ. ס'איז אַרויסגעלייגט געוואָרן אַ ספּעציעלער איינמאָלי־קער שטייער אויף אַלע אָרגאַניזאַציעס, גרופּן און קאָמיטעטן, ווי אויך אַ שטענדיקער וועכנטלעכער מיטגליד־אָפּצאָל פּאַרן צ. ק.

בנוגע דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יעדער פּאַרטיי־מיט־גליד מוז אַריינטרעטן אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון זיין פאַך. אין נישט קיין קאַמפּס־פאַריינען (אַזעלכע, וואָס זאָגן זיך אָפּ פּרינציפּיעל צו פירן שטרייקן) טאָרן די פּאַרטיי־מיטגלידער נישט אַריינטרעטן. די חברים דאַרפן אַגיטירן פאַר א ו נ ט ע ר פּ אַ ר ט י י י ש ע ס אָ צ י אַ ל ־ ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע פאַריינען. אין די פאַריינען דאַרפן זיי שאַפן אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָען פאַר עמיגראַנטן, צו געבן די עמיגרירנדע אַרבע־טער די נייטיקע ידיעות וועגן פאַרשידענע לענדער און וועגן פּאַלעסטינע בפרט.

דער צוז. האָט באַשלאָסן מיט אַ גרויסער מערהייט צו באָיקאָטירן די וואַלן צו דער דריטער דומע, וועלכע איז נאָר א שעדלעך געצייג אין די הענט פון דער רע־גירונג. די וואַל־קאַמפּאַניע דאַרף אויסגענוצט ווערן צו דער פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער אידעע פון אַן „אמתער פאָלקס־גרינדונגס־פאַרזאַמלונג."

די פראַגע וועגן סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל האָט נישט אַרויסגערופן קיין חלוקי־דעות. מ'האָט באַשלאָסן צו פּראָטעסטירן דורך דער פאַרשטייערדער וועלט־קאָנפערענץ קעגן באַשלוס פון אינט. סאָצ. ביוראָ בנוגע דער פאַרטרעטונג פון פּועלי־ציון און אויך געגעבן אַ דירעקטיוו דעם נייעם צ. ק., ער זאָל פאַרעפנטלעכן אַן ענטפער אויף דעם באַשלוס פון דער רוסלענדישער ס. ד. וועגן די פּוע"צ און ס. ס. און דעם סאָצ. אינ־טערנאַציאָנאַל. דעם רעפעראַט וועגן דער ראָל פון אַרב. קלאַס אין דער רעאַליזירונג פונם ציוניזם האָט געהאַלטן כ אַ ש י ן. דאָ האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט דער וויכוח צווישן די „פּרינציפּיעלע" און „פּראָגמאַטישע" פּאַלעסטינצעס. די דעבאַטן זענען גע־ווען הייסע, ליידנשאַפטלעכע. ס'איז אַ פּאָר מאָל געקומען אפילו צו גאָר פיינלעכע אינ־צידענטן צווישן די דעלעגאַטן. די „פּרינציפּיעלע" זענען אָבער געווען אַ גאַנץ קליינע מינדערהייט, אַ פּאָר חברים פון פּוילן, און זיי זענען באַזיגט געוואָרן, בפרט, ווען זיי האָבן נישט באַוויזן אויפצוווייזן אין באַפעסטיקן ווי געהעריק זייער „פּרינציפּיעלן" בנין. אַ סך האָט מיטגעהאָלפן צו באַרויקן די געמיטער און צו פאַרשטאַרקן די פּאָ־זיציע פון די פּראָגמאַ־פּאַלעסטינצעס דער רעפעראַט פון ה' א ב נ ר, וועלכער האָט מיט ציפערן און פאַקטן דעמאָנסטרירט די ריכטיקייט פון אונזער פּראָגנאָז וועגן דער דינאַמיק פון דער יידישער ווירקלעכקייט.

ס'האָט זיך דערוועקט אַ דיסקוסיע וועגן ציוניסטן־קאָנגרעס און ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ ריין־פּראַקטישער באַשלוס וועגן אָנטייל נעמען קאָנקרעט אין 8־טן ציוניס־טישן קאָנגרעס. דערמיט האָט מען געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז די פּרינציפּיעלע פראַ־גע וועגן קאָנגרעס בכלל איז נאָך נישט געלעזט און מ'וועט זיך נאָך צו איר אומ־קערן. דעם רעפעראַט וועגן דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינע האָט

געלייענט באַראָכאָוו און אויך די באַגרינדונג פונם פּראָיעקט=פּראָגראַם. די הויפּט=פּונקטן פונם פּראָגראַם זענען אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק, די איבעריקע — מיט אַ גרויסער מערהייט.

ס'איז דורך מיר און אַנדערע דעלעגאַטן דערוועקט געוואָרן די פראַגע וועגן ענדערן דעם נאָמען פון דער פּאַרטיי און אַראָפּנעמען די ווערטער פּועלי=ציון, ווייל זיי אַנטשפּרעכן נישט לויט זייער טייטש דעם אינהאַלט פון אונזער קאַמף. די מערהייט האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן צוליב באַראָכאָווס מאָטיוון, אַז אמת טאַקע, דער פּשוטער טייטש פון די ווערטער אַנטשפּרעכט אונז נישט און מער געפּאַסט וואָלט דער נאָמען ייד. סאָצ. דעמאָקראַטיע. אָבער היינט צו טאָג האָט שוין דער נאָמען פּועלי=ציון אַן אַנדער באַדייטונג אַ דאַנק אונזער אַרבעט און מ'ווייס בפירוש, אַז דאָס מיינט מען די רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבעטערשאַפט און נישט סתם „אַרבעטער פון ציון". דורך אַראָפּנעמען די ווערטער וואָלט מען נאָר אַריינגעבראַכט אַ בלבול המוחות אין די אַרבעטער=רייען און געגעבן אַ מעגלעכקייט אונזערע קעגנער אָנצובינדן אונז פאַרשידענע שלעכטע פּניות. דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעוויילט אַ דעלעגאַציע צום קאָנגרעס און צו דער וועלט=קאָנפערענץ די ח"ח באַראָכאָוו, באָרוכסאָן, בערלינרויט און ניר. געפאָרן אַהין איז אויך זאַר, וועלכער איז דורך די אַמעריקאַנער חברים איינגעלאַדן געוואָרן צו רעדאַגירן דעם „יידישן קעמפער". אבנר איז געווען דעלעגאַט פון פּאַלעסטינע. כתריאל, וועלכע האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער פּאַרטיי און אויך אויפן צוזאַמענפאָר, איז איינגעלאַדן געוואָרן דורך די עסטרייכישע חברים צו רעדאַגירן דעם „יידישן אַרבעטער". באַראָכאָוו, האָבן מיר באַשלאָסן, זאָל זיך שוין אין רוסלאַנד צוריק נישט אומקערן. דער סך הכּל איז געווען, אַז ווען מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט צום סוף פון צוזאַמענפאָר, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ סך פון די בעסטע און אָנגעזעענע חברים בלייבן אין אויסלאַנד. די פראַגע פון אָנפירנדע אינטעליגענטע כּוחות איז געוואָרן נאָך שאַרפער און ס'האָט זיך נישט געזען קיין אויסגאַנג.

אין אַן ערנסטער שטימונג, אָן געזאַנג, איז געשלאָסן געוואָרן דער קראָקעווער צוזאַמענפאָר. אָבער די קראָקעווער חברים האָבן אונז צוגעגרייט אַ הערלעכן באַנקעט, וואו מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ ברייטערן חברישן עולם און וואו מיר האָבן אויסגעצייכנט פאַרבראַכט. אגב, פּונקט אין צייט פון צוזאַמענפאָר איז געקומען די ידיעה וועגן דעם טויט פון מאָריס ראָזענפעלד. אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלן צו מאַכן אים די אזכּרה, וועלכע דער גאַנצער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעהערט שטייענדיקערהייט אין אַ שווערער שטימונג. בשעתן באַנקעט איז אָבער געקומען די הכחשה אין נאָמען פון מאָריס ראָזענפעלדן און מיר האָבן מיט אמתן נחת-רוח געטרונקען פאַר זיין געזונט.

איך קער זיך צוריק אום קיין ווילנע. קיין צייטונג געלינגט שוין נישט אַרויסצוגעבן. די רעפּרעסיעס אויף דער אַרבעטער=באַוועגונג האָבן זיך פאַרשטאַרקט. אין גאַנצן

לאַנד. ס׳קומען כסדר אָן ידיעות וועגן אַרעסטן און פּראָוואָקאַציעס. מ׳הייבט זיך אָן ביסלעכווייז אָפּרוקן פון דער אַרבעט. אין די מאַסן האָט זיך שוין אַריינגעכאַפּט די אַפּאַטיע און ס׳וואַקסט דער ווידערווילן צו „פּאָליטיק". כאַשין האָט זיך פאַרשטעקט אין זיין היים־שטעטל הינטער באָבּרויסק און מ׳קען אים בשום אופן נישט אַריבערקריגן קיין ווילנע צו דער צענטראַלער אַרבעט. דאָ איז נאָך שמואל ג ע ג ע ר אַרעסטירט געוואָרן. באַ גאָלדען זענען געווען עטלעכע רעוויזיעס און מיר האָבן זיך קוים אַרויסגעדרייט פון די זשאַנדאַרמסקע הענט. מ׳שפּירט־נאָך אומאויפהערלעך און מען טשאַטעוועט יעדן שריט אונזערן.

ווי שטענדיק אין אַזעלכע צייטן פון אָפּפאַלנדער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, וואַקסט פּלוצים אויף דער אינטערעס צו ליטעראַטור און קונסט. די ענערגיע זוכט אַן אויסוועג און ס׳הייבן זיך אָן בילדן ליטעראַטור־צענטרען און דראַמאַטישע קרייזלעך. אין די הייסע טעג פון פּאָליטישן קאַמף האָט מען זיך מיט די אַלע „קונסט"־ענינים קנאַפּ־וואָס אָפּגעגעבן. איצט זעט מען זיך פּלוצים אַרום, אַז אויך די „שיינע ליטעראַטור" האָט אַ ווערט און אַז קולטור איז אַפילו אַ ענין פאַר זיך און דאַרף כלל נישט זיין קיין צוטשעפּעניש צו פּאָליטיק און עקאָנאָמיק. דער ליטעראַרישער קרייז איז, אַגב, דערווייל דער איינציקער מקום־מקלט, ווו מען קען זיך צונויפקומען, צונויפטרעפן מיט אייגענע און נאָנטע מענטשן, און ווו דער זשאַנדאַרם איז נישט אַזאַ אָפטער גאַסט.

אין ווילנע ווערן אָפט איינגעאָרדנט ענגערע ליטעראַרישע אָוונטן, אַמאָל באַ ש. טשערנאָוויטש, אַמאָל באַ נאָמבערגן; ס׳קומט אַמאָל אַש, ס׳באַווייזט זיך־אַ ויך דער יונגער ווייסנבערג. מ׳זינגט האַרציקע יידישע ניגונים, ס׳זענען ערשט אַריין אין דער מאָדע פאָלקס־לידער, בפרט געמען־אויס מ. וואַרשאַווסקיס לידער. ס׳פירן זיך צייטנווייז וויכוחים איבער פאַרשידענע פראַגן פון ליטעראַטור און קולטור. דאָ טרעפן זיך צונויף אויף איין ברעט מענטשן פון פאַרשידענע פּאַרטייען, אָבער מען מיידט אויס מיט אַ כיוון פּאָליטישע דיסקוסיעס. אין אָט די קרייזן הייבט זיך אָן אויסצופּיקן די נייע קולטור־שטרעמונג, וועלכע האָט שפּעטער געקריגן איר בולטן אויסדרוק פון יידיש־רענעסאַנס אין די „ליטעראַרישע מאָנאַטס־העפטן".

ווי דער ערשטער אָנזאָג פון דער נייער שטימונג איז געווען אַ סעריע ליטעראַרישע זאַמל־העפטן אונטער נאָמבערגס רעדאַקציע. אין ערשטן „חנוכּה־בלאַט" גייען אַריין אַרטיקלען פון ש. ניגער, ב. וולאַדעק און דעם שרייבער פון די שורות. פּרץ הירשביין שיקט צו מיר פון פּעטערבורג זיין „שהחינו" אויף דעם „דריי־געשפּאַן" פון מענטשן, וועלכע געהערן צו דריי פּאַרטייען (ס. ס., בונד און פּועלי־ציון). באַלד דערנאָך קומען די „ליטעראַרישע מאָנאַטס־העפטן" אונטער דער רעדאַקציע פון ש. גאָרעליק (ציוניסט), אַ. ווייטער (בונדיסט) און ש. ניגער (ס. ס.). דער ברייטער עולם וואַרפט זיך אַרויף מיטן גאַנצן אימפּעט אויף ליטעראַטור...

ס׳ווערט קלאָר, אַז ריין פּובליציסטישע אויסגאַבן וועלן איצט נישט האָבן קיין אָפּגאַנג. מען מוז געבן ליטעראַטור, און די יוצרות מוזן זיך בייטן. אויב פריער האָט

דעם אויבן־אָן פאַרנומען די פּאַרטיי־פּובליציסטיק, און די ליטעראַטור איז געווען פון יוצא וועגן, — מוז איצט דער ליטעראַטור אָפּגעגעבן ווערן דאָס בכבודיקסטע אָרט, און נאָר אין א י ר זכות וועט מען כאַפּן אַ קוק אויך אין דער פּאָליטיש־טעאָרעטישער אָפּטיילונג.

איך שרייב דאַן רעגלמעסיק קריטישע אַרטיקלען אין דער וואַרשעווער „ראַמאַנציייטונג", שטיי אין נאָענטע פריינטשאַפטלעכע באַציִונגען מיט אַ גאַנצער ריי שרייבער, בפרט מיט די יונגע, און כ׳באַשליס אַרויסצוגעבן אַ פּאַרטייאישן זאַמלבוך. מען טאָר דאָך פאָרט נישט איבעררייסן דעם פאָדעם און אָפּלאָזן אינגאַנצן דעם קאָנטאַקט מיט די חברים. זאָל לכל הפחות דער פאַרלאַג איצט אַנטוויקלען אַ ברייטערע טעטיקייט. — וועט מען וויסן, אַז מיר עקזיסטירן.

ווענד איך זיך קודם־כל צו די פּאַרטיי־שרייבער וועגן פּובליציסטישן־שטאָף. ס׳רופן זיך אָפּ בלויז געציילטע. באָראָכאָוו שיקט־צו פון ליעזש אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין בעלגיען, וועגן דעם קאַמף צווישן די וואַלאָנער און די פלעמער; ער שטעלט אויך צו אַן אַרטיקל וועגן אינטערנאַצ. סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין שטוטגאַרט און דער יידנפראַגע. א ב נ ר שיקט צו פּאַלעסטינע־בריוו, און כּתריאל — אַ גרעסערן מאמר: „די וועלט־ווירטשאַפטלעכע גרונדזעצן פון ציוניזם".

אגב אין שייכות מיטן לעצטן אַרטיקל האָב איך געהאַט אַביסל אומאָנגענעמלעכקייט. הייִנו, ח׳ כּתריאל האָט אַ טייל פון דער אַרבעט געהאַט אָפּגעדרוקט אינם „ייד. אַרבעטער". ער האָט אים מיר צוגעשיקט אין אַן איבערגעאַרבעטער און פאַרגרעסערטער פאָרם. מיר איז די שפּראַך נישט געפעלן געוואָרן צוליב די דייטשמערישקייטן סיי אין די אויסדרוקן, סיי אינם בוי פון זאַץ. האָב איך דעם אַרטיקל שטאַרק רעדאַגירט, איבערגעשטעלט און צוגעשליפן זאַצן און ווערטער. איך האָב וועגן דעם מודיע געווען דעם מחבר, ווען דאָס בוך איז שוין געווען אין דרוק. כּתריאל האָט מיר אָפּגעענטפערט מיט אַ „ירגזון"־בריוול, וואו ער האָט מיר „אויפגעקלערט", אַז ס׳איז נישטאָ קיין אייגנטלעכער יידישער סטיל, נאָר אין רוסלאַנד ווערט דער בוי פונם יידישן זאַץ באַאיינפלוסט דורך רוסיש, אין דייטשלאַנד פּונקט אַזוי — פון דייטש. על כּן איז ער דורכויס און קאַטעגאָריש קעגן רעדאַגירן זיין סטיל. איך האָב געהאַט שטאַרק חשק מותּר צו זיין אויפן אַרטיקל. ס׳איז אָבער געווען צו שפּעט. דערפאַר האָט מיך אמת דערפרייט, ווען כּתריאל האָט מיר צוגעשיקט אַ וואַרעמען דאַנק און אָנערקענונגס־בריוול גלייך, ווי ער האָט דערהאַלטן דעם זאַמלבוך, ספּעציעל — פאַר דער רעדאַגירונג פון זיין אַרטיקל.

די ליטעראַרישע אָפּטיילונג פון דעם זאַמלבוך „יוגענד־שטימע" איז איצט געגאַנגען פון פאָרנט. דאָ איז מיר געלונגען צו קריגן אַלס מיטאַרבעטער די אָנגעזעענסטע יונגע שריפטשטעלער, ווי דוד איינהאָרן, ב. לאַפּין, יצחק קאַצענעלזאָן און משה זילבורג. מנחם, וועלכער האָט אָקאָרשט געהאַט פאַרעפנטלעכט זיין „קדיש", וואָס האָט דעמאָלט געמאַכט אַ רושם, האָט מיר צוגעשיקט פראַגמענטן פון אַ גרעסערער פּאָעמע „אין פאַר־




1-טער צוזאַמענפאַר פון י. ס. ד. א. פ. פועלי ציון איז פוילן, דעצעמבער 1918

צאַפּלטן לאַנד", באַ ווייסנבערגן האָב איך גענומען אַ שטימונג־פולן אייגאַקטער: "אין ערוואַרטונג" און אַליין אַריינגעגעבן אַ גרעסערן קריטיש־ליטעראַרישן אַרטיקל.

די "יוגענד־שטימע" האָט זיך זייער גוט פאַרשפּרייט און גלייך נאָך דעם האָב איך אַרויסגעגעבן אַ קלענערע, ריין־ליטעראַרישע אויסגאַבע, "פּסח־בלאַט", ווו אַ חוץ די פריערדיקע, האָבן זיך באַטייליקט פּרץ הירשביין, יונה ראָזנפעלד, יעקב שטיינבערג און י. קרני. אויך דידאָזיקע אויסגאַבע האָט געהאַט אַ גוטן אָפּגאַנג, בפרט האָט אויס־גענומען ווייסנבערגס הערלעכע דערציילונג "בערל און שמערל".

דער פאַרלאַג האָט אויפגעלעבט, זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט צענדליקער פונקטן אין לאַנד און אין אויסלאַנד. מיר קריגן באַ הירשביינען אַ נייע דראַמע "ערד". מיר האָבן בדעה אַרויסצוגעבן די זאַמלביכער פּעריאָדיש און אַוועקשטעלן גוט דעם פּובליציסטישן טייל.

איך טראָג זיך אַרום מיט נייע פּלענער. אָבער די רעפּרעסיעס ווערן שטאַרקער, פון קיעוו קומט אָן די ידיעה וועגן אַרעסט פון דאָרטיקן צ. ק.־מיטגליד פּאַוועל פּאַ־לעסטינעץ, און גלייך נאָכדעם, אָנהויב 1908, ווער איך אַרעסטירט אין מיטן גאַס. איך זיץ אָפּ אַ חודש אין פּאָליציי־אַרעסט, דערנאָך פירט מען מיך אַריבער אין דער לו־קישקער טורמע, פונוואַנען איך גיי אַרויס ערשט מיט 18 חדשים שפּעטער לויטן באַ־פרייונגס־אורטייל פון געריכט.

מיט מיין אַרעסט ווערט פאַרענדיקט דער "ווילנער פּעריאָד" פון דער פּאַרטיי.

**זרבבל**

# דער אָנהייב אין פּוילן

נאָכן זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין יאָר 1903 אין באַזעל, וואו די גאַנצע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך, צוליב דער אוגאַנדאַ־פּראַגע, צעטיילט אויף ציון־זאָגער און יאָ־זאָגער, איז אין די ציוניסטיש־דעמאָקראַטישע קרייזן אין וואַרשע אויפגעהויבן געוואָרן אַ דיסקוסיע מכּוח פּאַלעסטינע גופא. צו יענער צייט זענען אין וואַרשע געווען אַ פּאָר ציוניסטישע קרייזלעך, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן באַם פּראָגראַם פון דער אַזויגערופענער „דעמאָקראַטישער פראַקציע" פון פינפטן קאָנגרעס, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך לעאָן מאָצקין, חיים ווייצמאַן און אַבערסאָן. די קרייזלעך אין וואַרשע זענען באַשטאַנען פון פאַרשידענע עלעמענטן: די סטודענטישע „קדימה", דער פרויען־קרייז „דבורה", אַרבעטער־קרייז „התחיה", יוגנט־קרייז „מתתיהו" און נאָך אַנדערע קלענערע. דער יוגנט־קרייז „מתתיהו" האָט, אייגנטלעך, נישט געשפּילט קיין ראָלע, פון אים זענען אָבער אַרויס אַ פּאָר שפּעטערדיקע טוער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי יצחק טאַבענקין, פירער פון „אחדות העבודה" אין פּאַלעסטינע און אַנד.

סוף 1903 זענען אויף באַוואָליפּקי 24 פאָרגעקומען פאַרביסענע דיסקוסיעס צווישן די מיטגלידער פון די דריי ציוניסטיש־דעמאָקראַטישע קרייזן. ווי איך דערמאָן מיך, האָבן אין די ויכּוחים אָנטייל גענומען: יצחק גרינבוים, אַלשוואַנגער (ביידע ברידער), האַרט־גלאַס, זיידענמאַן און אַנדערע פון „קדימה", אייניקע מיטגלידער פון „דבורה", די ברידער לעשטשינסקיס (יעקב, יוסף און, דאַכט זיך, נאָך אַ יוסף), שלמקע זוסמאַן, (דעמאָלט נאָך אַ חסידישער יונגערמאַנטשיק אין אַ קאַפּאָטע) שפּרינצאַק פון „התחיה" (איצט פירער פון הפועל הצעיר אין פּאַלעסטינע) און אַנדערע.

די דיסקוסיעס האָבן זיך געצויגן גענוג לאַנג און צו קיינע רעזולטאַטן נישט געבראַכט. יעדערער איז געבליבן בײַ דאָס זייניקע. די גרופּן אַלס גאַנצע זענען גע־בליבן פּאַלעסטיניש, נאָר אייניקע מיטגלידער זענען אַוועק און האָבן מיטגעהאָלפן שאַפן די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, הגם זיי האָבן זיך נאָך אַ צייט לאַנג זיך גערופן פּועלי־ציון, נישט געקוקט אויף זייער טעריטאָריאַליזם.

אין „קדימה", צו וועלכער איך האָב געהערט, האָט מען זיך אָנגעהויבן פאַר־אינטערעסירן מיט די פּאַלעסטינער פּועלי־ציון. אין וואַרשע גופא זענען נאָך אַזעלכע

נישט געווען בנמצא. קיין ליטעראַטור איז אויך נישט געווען, און ווען מיר איז, סוף 1904, אויסגעקומען צו רעפערירן אין „קדימה" וועגן פועלי־ציון, האָב איך זיך געמוזט באַגנוגענען נאָר מיט תורה שבעל פה.

אין רוסלאַנד האָט זיך דאַמאָלס אָנגעהויבן די עפּאָכע פונם אַזויגערופענעם פרילינג, ווען מיניסטער פון אינערן איז געוואָרן סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי. אין אַלע קרייזן איז געשטיגן דער אינטערעס צו דער אַלגעמיין־רוסלענדער פּאָליטיק, און די יאַנואַר־טעג (דער 9־טער יאַנואַר פון 1905) האָבן זיך אָפּגערופן אין אַלע גרעסערע שטעט מיט אַ ריי סטודענטישע אַרויסטרעטונגען און אַרבעטער־שטרייקן.

מיר, וואַרשעווער סטודענטן, האָבן, פאַרשטייט זיך, אויך געשטרייקט נאָך אַ סכאָדקע דעם 15־טן יאַנואַר אין אוניווערזיטעט, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָדערן „צוויי קאָנסטיטואַנטעס" — אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין פּעטערבורג און אין וואַרשע. דעם אוניווערזיטעט האָט מען פאַרמאַכט און די סטודענטן האָבן זיך פאַרנומען... נאָך מער מיט פּאָליטיק.

די געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג פון יענע טעג האָט אויך פאַרן ציוניזם בולטער געמאַכט די נויטווענדיקייט זיך מערער אָפּצוגעבן מיט אָרטיקער פּאָליטיק; יעדנפאַלס פאַרבינדן מער דעם פּאַלעסטינישן אידעאַל מיט דער „געגנוואַרט־אַרבעט".

צו יענער צייט האָט מען עפּעס אָנגעהויבן צו רעדן אין אונדזערע קרייזן וועגן אַ גרופּע פועלי ציון, וואָס איז אַנטשטאַנען אין „התחיה". די גרופּע איז אָבער עפנטלעך אַרויסגעטרעטן ערשט אין אַפּריל־מאַי 1905, ווען זי האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן אָפיציעל פון „התחיה" און אַליין פאַר זיך געוויילט אַ דעלעגאַט (בן־ציון ראַסקין) צום 7־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. די גרופּע איז באַשטאַנען פון אַן ערך 70 מאַן, דורכויס אַרבעטער מיט אַ פּאָר אינטעליגענטן בראָש: בן־ציון (ראַסקין), יצחק ט. (טאַבענקין) און אַלטער גאַטליב (דער איצטיקער גאָטליב פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס").

בן־ציון ראַסקין, דער עלטסטער צווישן זיי, אַ מענטש פון אַ יאָר 30, אַ לערער, מיט געוויסע ליטעראַרישע פעיקייטן (ער האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן איבערגעזעצט אין יידיש „היפּאַטיאַ" פון לאָנגפעלאָ) און אַ ביסל וויסנשאַפט. ער פלעגט אַמאָל אַרויסזאָגן אַ גאַנץ טיפן געדאַנק; דאָס פלעגט אָבער פּאַסירן גאַנץ זעלטן — ס'רוב פלעגט ער אַרויסווייזן נישט קיין שנעלע אָריענטאַציע. דערצו האָט ער פאַרמאָגט אַ פאַרביסענע אַמביציע. ווי מיר דאַכט זיך, האָט זיין אויטאָריטעט דעמאָלט באַזירט נישט אַזוי אויף זיינע אייגענע מעלות, ווי אויף דעם, וואָס יצחק טאַבענקין האָט אין אים געגלויבט.

יצחק איז געווען אַ יונגל פון אַ יאָר 19. ער האָט זיך געקענט טיף אַריינגריבלען אין יעדער זאַך. אַ גלענצנדער אַגיטאַטאָר מיט אַ גרויסער איבערצייגונגס־קראַפט. די לעצטע איז געלעגן מער אין זיין טיפן באַגייסטערטן גלויבן, אין זיין פעיקייט צו באַגייסטערן אַנדערע, ווי אין דער לאָגיק פון דענקען. מיט זיינע פייערדיקע עקזאַלטירטע אויגן און גליענדיקן טעמפּעראַמענט איז ער געוואָרן דער ליבלינג פון אַלע חברים און זייער פירער.

אַט די צוויי מענטשן זענען עס געשטאַנען בראש פֿון דער פּועלי־ציון־גרופּע, וואָס האָט זיך דאַמאָלס אַ נאָמען געגעבן „די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע „פּועלי־ציון“ אין וואַרשע“.

די וויכטיקסטע פֿראַגע, וואָס מען האָט געדאַרפֿט באַשליסן אויפֿן 7־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, איז געווען: פּאַלעסטינע אָדער אַ טעריטאָריע בכלל. אוגאַנדאַ, אַלס אַזעלכע, איז שוין אַראָפּ פֿון סדר־היום, הגם אויפֿן קאָנגרעס האָט מען נאָך געדאַרפֿט אויסהערן דעם באַריכט פֿון דער קאָמיסיע. אָבער די ציוניסטישע אומשולד איז שוין אָנגערירט געוואָרן דורך אוגאַנדאַ און עס איז אַנטשטאַנען די טעריטאָריאַליסטישע טעאָריע, סיי אין די בירגערלעכע, סיי אין די פּראָלעטאַרישע קרייזן. האָבן זיך, בכן, ביידע צדדים, דער פּאַלעסטינישער און דער טעריטאָריאַליסטישער, געגרייט צום לעצטן אַנטשיידענעם קאַמף, האָט יעדער צד געזוכט אַריינצוקריגן וואָס מער אָרגאַניזאַציעס און דורך זיי מאַנדאַטן.

אין וואַרשע איז דאַמאָלס געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט פֿון די פּאַלעסטינצעס, די אַזויגערופֿענע „ציוני־ציון“. אַלע „ציוני־ציון“ זענען זיך צונויפֿגעקומען אויף אַ קאָנפֿערענץ אין פֿרייבורג (באַדען), וואו איך בין אויך געווען אַלס דעלעגאַט (אין 1905 בין איך אָפּגעפֿאָרן קיין ציריך, און דער קאָמיטעט „ציוני־ציון“ האָט מיר פֿאַרשאַפֿט אַ מאַנדאַט פֿון מאַריאַמפּאָל. דער מאַנדאַט איז געווען אַן אימפּעראַטיווער בנוגע דער פֿראַגע וועגן פּאַלעסטינע).

עס דערמאַנט זיך מיר, אַז ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל אַריין אין דעם זאַל פֿון דער פֿאָר־קאָנפֿערענץ אין פֿרייבורג, איז צו מיר ממש צוגעלאָפֿן אַ מיידל פֿון אַ יאָר 20—21, מיטעלן וואוקס, אין פּענסנע, רחל גאָלדין—ינאית (איצט אין פּאַלעסטינע אין „אַחדות העבודה“) און מיך אויף רוסיש אַ פֿרעג געטון, צי איך בין אַ פּועלי־ציון. צוגעגאַנגען דווקא צו מיר איז זי, וואַרשיינלעך דערפֿאַר, וואָס איך בין געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער רוסישער בלוזע.

איך האָב זיך אין דעם מאָמענט געפֿונען אין אַ פֿאַרלעגנהייט. עס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט צושטיין צו דער פֿראַקציע פּועלי־ציון; איך האָב אָבער נישט געקאָנט פֿאַרדייען דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און זיך געהאַלטן פֿאַר אַן אויסגעשפּראָכענעם אָנהענגער פֿון דואַליזם. ווי נאָר איך האָב איר געענטפֿערט, אַז איך בין נישט קיין היסטאָרישער מאַטעריאַליסט, איז זי גלייך נעלם געוואָרן.

צווישן די פּועלי־ציון־דעלעגאַטן געדענק איך באָראָכאָוון, וועלכן איך האָב שוין געזען אין וואַרשע אין פֿרילינג 1904, ווען ער איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ גלענצנדן רעפֿעראַט, אָבער נישט אַלס פּועלי־ציון (באָראָכאָוו האָט זיך צו יענער צייט דערווייטערט פֿון די פּועלי־ציון אין דרום־רוסלאַנד צוליב פּרינציפּיעלע טעמים, וועגן וועלכע ער שרייבט אין זיין בראָשור וועגן דער „עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿון ייִדישן פֿאָלק“), אַ חוץ באָראָכאָוון געדענק איך כאַשינען (דעמאָלט באָרוכסאָן), קווינען, זאַקהיימען, מאַטעס לעווקאָווסקי, דוד ראַפּאָפּאָרטן, סאָפֿיע גרינבערג, כעלמערן (שוין געשטאָרבן) און אַנדערע.

דער וואַרשעווער דעלעגאַט בן־ציון האָט זיך אויך געהאַלטן פון ווייטן פון דער גרופּע „פּועלי־ציון“ צוליב גאָר אַן אַנדערן מאָטיוו. אין דער גרופּע האָט געהערשט דער אַזויגערופענער „פּראַקטישער פּאַלעסטיניזם“: זיי האָבן אָנערקענט פּאַלעסטינע צוליב *פּראַקטישע* טעמים. אין וואַרשע אָבער איז די גרופּע באַשטאַנען פון אַזוי־גערופענע *פּרינציפּיעלע* פּאַלעסטינצעס, פאַר וועלכע פּאַלעסטינע האָט געשפּילט אַ ראָל אַ סך מער צוליב ריין־אידעאָלאָגישע מאָמענטן, וועלכע זיי האָבן זיך באַמיט צו באַגרינדן ריין מאַרקסיסטיש. דאָס איז געווען די סיבה, פאַרוואָס דאַמאָלס בן־ציון און שפּעטער די פּוילישע פּועלי־ציון בכלל האָבן זיך פאַרהאַלטן זייער קאַלט און פאַרזיכטיק צו די רוסישע פּועלי־ציון.

דער אונטערשיד צווישן דעם פּראַקטישן און פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם איז באַשטאַנען אין פאָלגנדעס: די רוסישע פּועלי־ציון זענען געווען פּרינציפּיעלע טעריטאָריאַליסטן. אין אַנאַליז פון דער ייִדישערווירקלעכקייט זענען זיי דערגאַנגען ביז דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט פון אַ קאָנצענטרירטער עמיגראַציע אויף אַ טעריטאָריע. און פון אַלע אַנדערע טעריטאָריעס האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף פּאַלעסטינע, אַלס דאָס פּאַסיקסטע און געאייגנטסטע לאַנד פאַר דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע. פּאַלעסטינע איז אין פּראָגראַם פון די פּראַקטישע פּאַלעסטינצעס געקומען נישט אַזויפיל פון די אינערלעכע באַדינגונגען, פון דער אינערלעכער נויטווענדיקייט פון ייִדישן לעבן, וויפיל פון דער אויסערלעכער מעגלעכקייט — ווייל באַדינגונגען, וואָס ליגן אויסער דעם ייִדישן לעבן, מאַכן פּאַלעסטינע גינסטיקער. די פּרינציפּיעלע פּאַלעסטינצעס האָבן אַריינגענומען פּאַלעסטינע אַלס אינגרעדיענט פון ייִדישן לעבן. הגם זיי זענען געווען אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטן, נישט ערגער ווי די פּראַקטישע, האָבן זיי דאָך אָנערקענט, אַז דער אידעאָלאָגישער מאָמענט — דער צובינד פון פאָלק צום לאַנד — קאָן און מוז שפּילן אַ גרויסע ראָל בײַ דער קאָלאָניזאַציע. זיי האָבן געטענהט, אַז דערדאָזיקער מאָמענט האָט, אמת, אונטער זיך נישט קיין פּאָזיטיוון עקאָנאָמישן הינטערגרונט אין ייִדישן לעבן, ער האָט אָבער אַ נעגאַטיוון עקאָנאָמישן יסוד — דאָס נישט־צופּאַסן זיך, דאָס נישט־אַריינדרינגען פון אַלע שיכטן פון ייִדישן פאָלק אין די געהעריקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון די אַרומיקע פעלקער.

אַלס אַ געוויסע פּשרה צווישן דעם פּראַקטישן און פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם איז געקומען דער דאַמאָלסדיקער, אַזויגערופענער „פּראָגנאָסטישער פּאַלעסטיניזם“ באָראָכאָווס (אין „אונזער פּלאַטפאָרם“), וועלכער האָט זייער נישט באַפרידיקט די פּרינציפּיעלע פּאַלעסטינצעס. דער קאַמף צווישן די פאַרשידענע באַגרינדונגען פון פּאַלעסטיניזם, וואָס האָט לכתחילה שיער נישט געפירט צו אַ שפּאַלטונג, איז געווען פאַרשטענדלעך אין אָנהייב בײַ די ערשטע טריט פון דער באַוועגונג. מיט דער צייט, ווען די באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן סיי אידעאָלאָגיש, סיי פאַקטיש, האָט דערדאָזיקער קאַמף פולשטענדיק פאַרלוירן זיינע שאַרפע פאָרמען, און הגם די אָפיציעלע שטעלונג פון דער פּאַרטיי איז אַ „פּראָגנאָסטישע“, אָבער דאָס שטערט נישט צו זיין אין דער

באַוועגונג פיל חברים, וואָס טראַכטן וועגן דעם אַנדערש. פּאַלעסטינע איז שוין אַרויס פון געביט פון טעאָריעס און איז געוואָרן אַ רעאַלער פאַקטאָר.

די פראַקציע פּועלי־ציון האָט סיי אין פרייבורג, סיי אויפן קאָנגרעס גופא אין באַזעל נישט געשפּילט קיין וויכטיקע ראָל. ווי די חברים האָבן מיר שפּעטער איבער־געגעבן, איז נאָכן קאָנגרעס פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די פּועלי־ציון אין דער שווייץ און באַלד נאָכדעם האָט זיך די פירנדיקע גרופּע אָנגעשטעקט מיטן סיימיזם. עס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן דער ברודער־קאַמף אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, ווען אַלטע פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס, ווי אין יעקאַטערינאָסלאַוו, וויטעבסק און אַנדערע שטעט, זענען אַריבער צו די סיימיסטן.

די טריי־געבליבענע פּאַלעסטינצעס האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פּריוואַטע באַראַטונג אין בערלין (אין אויגוסט 1905). דאָ האָט עס מיך באָראָכאָוו צוגעצויגן צו דער אַרבעט. אונטער זיין השפּעה בין איך אין משך פון אַ קורצער צייט געוואָרן אַ „היסטאָרישער מאַטעריאַליסט".

באָראָכאָוו האָט צוגעצויגן אַלעמען מיט זיינע פּערזענלעכע אייגנשאַפטן. עס האָט זיך געשפּילט באַ אים די „ליבע צום נאָענטן", וואָס איז אַזוי זעלטן אפילו באַ אַ סך פון די, וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט דער „ליבע צום ווייטן" — צו דער גאַנצער מענטשהייט. באָראָכאָוו פלעגט אַריינגיין אין אַלע קליינע ליידן פון יעדן פון אונז און באַמיִען זיך אונז צו העלפן, מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. ער האָט שוין דעמאָלט געמאַכט אויף מיר אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק מיט זיין ענציקלאָפּעדישער בילדונג און באַהאַוונטקייט אין אַ סך געביטן, דערצו האָט ער געווירקט אויף אונז מיט זיין אומדערמידלעכער אַרבעטספעיִקייט. די פּאָר וואָכן אין בערלין זענען מיר אַלע געזעסן לעבן אים אין דער גרויסער, שיינער, קייזערלעכער ביבליאָטעק אין בערלין און יעדער האָט זיך פאַרנומען מיט זיין זאַך, אין אָוונט פלעגט אונז באָראָכאָוו דערציילן זיינע פאָלקסטימלעכע מעשיות און זינגען יידיש־אוקראַיִנישע לידער.

מען האָט באַשלאָסן, אַלע זאָלן תיכּף צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד, צוגרייטן דעם ערשטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. איך בין אָפּגעפאָרן דער ערשטער קיין וואַרשע, וואו איך האָב געדאַרפט וואַרטן אויף ווייטערדיקע דירעקטיוון. עס איז אַריבער אַ וואָך נאָך אַ וואָך און איך האָב קיין שום ידיעות נישט באַקומען. אין סעפּטעמבער—דעצעמבער 1905 האָט זיך צעפלאַקערט דער קאַמף צווישן די פּועלי־ציון און סיימיסטן אין רוסלאַנד, האָט מען אָן פּוילן פאַרגעסן.

איך האָב זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו די וואַרשעווער פּועלי־ציון, צו וועלכע איך בין געווען אויך גייסטיק נענטער, הגם שוין אַ ביסל אָנגעשטעקט מיטן פּראַקטישן פּאַלעסטיניזם.

דער צענטער פון די וואַרשעווער פּועלי־ציון איז דעמאָלט געווען די דירה פון יצחקס מוטער, נאַלעווקיס 27, וואו מיר פלעגן זיך אַלע צונויפקומען. דער קאָמיטעט איז, פאַרשטייט זיך, געווען קאָנספּיראַטיוו, אָבער די נענטערע חברים האָבן גע־

וואָוסט, אַז אין קאָמיטעט גייען אַריין יצחק, בן־ציון און שמעון פייגעלע (פּרושיצקי).

אַרום דעם צענטער האָט זיך גרופּירט אַ קרייזל פון אַ 15—20 אַרבעטער, תמיד באַוואָפנטע, וואָס זענען געווען כּסדר גרייט אויסצופירן פאַרשידענע פאַראָרדענונגען און שליחותן פון קאָמיטעט. די באַציונג צווישן דער גרופּע און דעם קאָמיטעט איז געווען אַ ריין חברשע, האַרציקע. מ'האָט זיך באמת ליב געהאַט ווי ברידער. פון אָט דער גרופּע געדענק איך: שמואל אייזנבינדער, יצחק זייגערמאַכער (איצט קאָלאָניסט אין מתולה), אברהם שניידער — אַ שוואַרצער בחור מיט פייערדיקע אויגן, יוסף־דוד און זיין שוועסטער־קינד — שמואל דוד, (איצט אין אַרגענטינע), חייקע — אַ טיכטיקע פּראָפעסיאָנעלע טוערין — אַ מיטגליד פון דער באַיוווקע, מרדכי גאָלדשמיד (אוסאָנאָוויטש — אַרבעט איצט אין „בצלאל" אין ירושלים), אלקנה (אַרבעט איצט אין דער קבוצה „אילת השחר"), יוסף זאַלצמאַן — אַ לעבעדיק ריירעוודיק חסידל אין אַ קאַפּאָטע, — אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער פון גענשע גאַס — געהרגעט פון אַראַבער אין כּנרת, און אהרון, אהרון חביב, דער שטילער, געלאַסענער, ליבער „פעטער לאָזער" (פינקלשטיין); ער איז געווען עלטער פאַר אונז אַלעמען, און ער פלעגט אונז באַרויקן, ווען מיר פלעגן זיין אויפגערעגט — (ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין בן־שמן און געשטאָרבן אין ירושלים).

יענע צייט געדענקט זיך מיר, ווי דער אָנהויב פון דעם אויפבוי פון פּועלי־ציון אין וואַרשע. עס איז געווען באַלד נאָך דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט, ווען מען האָט אויף אַ פּאָר טעג פריי אָפּגעאָטעמט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע דעמאָנסטראַציעס. מיר זענען געווען מיט אַ דעמאָנסטראַציע אויף מאַזאָוויעצקאַ גאַס. אַ קליינע גרופּע פון אַ מאַן 20 און אינמיטן אַ מיידל מיט עפּעס אַ רויט טיכל במקום אַ פאָן האָט געשריגן: נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! (אויף פּויליש). מיר האָבן זי אַרומגערינגלט און געגאַנגען צו מאַרשאַלקאָווסקע. דער המון איז געוואָרן אַלץ גרעסער. אויף מאַרשאַלקאָווסקע איז אויף אונז אַרויסגעריטן אַ גרופּע קאָזאַקן און האָט אונז פאַרשפּאַרט אין אַ טויער. מיר האָבן זיך אַרויסגעקריגן, און ווידער איז געוואָרן דער המון גרויס. נאָענט באַם ווינער וואָקזאַל האָבן מיר דערזען אַ מחנה רייטער. מיר זענען געגאַנגען פאָרויס, די רייטער האָבן זיך צו אונז דערנענטערט און פּאַמעלעך, פאָרזיכטיק אַריין אין אונזערע רייען און קיינעם נישט געטשעפּעט. מיר זענען געווען דערשטוינט. עס איז באַלד באַוווסט געוואָרן דער אינהאַלט פון מאַניפעסט (דאָס איז געווען דעם 18־טן אָקטאָבער), מיר האָבן דערפילט עפּעס אַ פרייען גייסט, און איבער די גאַסן פון וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן ציען אַ גרויסער המון. די פּאָליציי האָט זיך באַהאַלטן. אַ גרופּע מענטשן האָט געכאַפּט דעם באַרימטן פּריסטאַוו פון אַכטן צירקל, קאָנסטאַנטינאָוו, דאַכט זיך אויף פּאַנסקע גאַס, אַריינגעשלעפּט אים אין אַ טויער, גענומען זידלען. מ'האָט איס אַראָפּגעריסן די שליפּעס. ער האָט זיך פּרובירט אויסטענהן. מ'האָט אים געוואָלט אַוועקלייגן אויפן אָרט. מען האָט זיך אָבער באַגנוגנט דערמיט, וואָס מען האָט אים אין פּנים אָנגעשפּיגן און מיט אַראָפּגעריסענע שליפּעס אָפּגעלאָזן.

איך געדענק נישט, צי איז דאָס געווען פאַר דער דעמאָנסטראַציע אויף מאַרשאַלקאָווסקע, צי נאָך דעם: זענען מיר געווען אַ גרויסער המון אויפן באַנק־פּלאַץ און עפּעס אַ גימנאַזיסט האָט זיך געשטעלט רעדן לעבן דעם לאַמטערן אַקעגן זשאַביע. באַלד האָבן מיר דערהערט אַ שיסערײַ, און דער גימנאַזיסט איז אַראָפּגעפאַלן. דעמאָלט איז אויך געהרגעט געוואָרן זייער אַ גוטער באַקאַנטער סטודענט יעלען.

אין אָוונט זענען די גאַסן געווען פול. אַ סצענע, וואָס איך קאָן נישט פאַרגעסן: עפּעס אַ פּאָליאַק פון אַ יאָר 40, אַ הויכער, אַ דאַרער, איז געגאַנגען מיט אַ מיידעלע פון יאָר 10 אויף מאַרשאַלקאָווסקע און גערעדט: געדענק דעם טאָג, דו ביסט נאָך קליין, דו פאַרשטייסט נאָך גאָרנישט, אָבער אַז דו וועסט אַ גרויסע ווערן, זאָלסטו געדענקען דעם טאָג, ווען מיר האָבן פרײַ אָפּגעאָטעמט.

באַ אַלע עקן גאַס זענען געווען אימפּראָוויזירטע מיטינגען: אין איין אָרט איז געשטאַנען אַ גרויסער ענדעקישער עולם און געשריגן: „נידער מיט די ייִדן“. רעדנער האָבן גערעדט, איינער האָט געפּייפט; אַ צווייטער האָט זיך פאַרן עולם פאַרענטענטפערט...

באַנאַכט איז דער המון געווען באַם ראַטהויז אויפן טעאַטער־פּלאַץ און באַם פּאַוויאַק און האָט געפאָדערט צו באַפרײַען די אַרעסטירטע. באַם פּאַוויאַק האָט מען פאַרזיכערט דעם עולם, אַז מען וועט אַלעמען באַפרײַען און דער המון איז זיך צעגאַנגען. אויפן טעאַטער־פּלאַץ האָט זיך אָנגעהויבן די שחיטה.

באַלד אויף מאָרגן האָט מען געשאָסן אין אַלע גאַסן, הונדערטער פאַרוואונדעטע, געהרגעטע.

עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען שוידערהאַפטע ידיעות וועגן די פּאָגראָמען אויף דער אינטעליגענץ און דערהויפּט אויף ייִדן. די ייִדישע באַפעלקערונג אין וואַרשע האָט אין משך פון עטלעכע וואָכן איבערגעלעבט די סכנה פון אַ פּאָגראָם.

מיר האָבן מיטגעהאָלפן אָרגאַניזירן די זעלבסטשוץ אין די הייזער. אַלע מענער זענען באַנאַכט געווען אויף. צוויי האָבן געהיטן אין טויער. אַ חוץ דעם האָבן מיר אָרגאַניזירט אַן אייגענע זעלבסטשוץ. מיר האָבן געהאַט אַ 50—60 רעוואָלווערן און אָרגאַניזירט אַ זעקס־זיבן גרופּן צו צען מענטשן. אַלע גרופּן זענען געזעסן אין פאַרשידענע טיילן פון ייִדישן קוואַרטאַל (אויף מילע, דזשיקע, נאַלעווקיס, גענשע א. אז. וו.).

איין נאַכט זענען מיר געזעסן באַם פעטער לאַזער, עק גענשע און דזשיקע אין דער וווינונג פון אַ מעכאַניקער טייטלבוים — אַן ס. ס־אָוויעץ, וועלכער האָט מיט אונז גאַנץ גוט געלעבט. יעדע צוויי שעה האָבן מיר אַרויסגעשיקט אַ פּאַטרול. ביז איין פּאַטרול איז נישט צוריקגעקומען: מען האָט אים אַרעסטירט.

אין דערזעלבער צייט האָבן מיר אָנגעהויבן אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די אַרבעטער. מיר האָבן געגרינדעט אַ רייע גרופּן, וואו מ׳האָט געלערנט פּאָליטישע עקאָנאָמיע און זיך באַשעפטיקט מיט די פּראָבלעמען פון דער ייִדישער אַר־

בעטערשאַפט. דער זאַמלפּונקט פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע איז געווען די קאַוויאַרניע באַ הללן אויף גענשע 29, וואו עס פלעגט זיך צונויפקומען אַ 150—200 מאַן. דאָרט האָט מען אויך געהאַלטן פאַרלעזונגען אין די צוויי קליינע צימערלעך הינטער דער קאַוויאַרניע.

אויף דערזעלבער גענשע און דזשיקע איז געווען אונזער בערזע, וואו מ׳פלעגט דערליידיקן אַלע פּאַרטיי־ענינים. שפּעטער האָט מען די בערזע איבערגעטראָגן אויף נאַוואָליפּקי, צווישן דזשיקע און קאַרמעליצקע אַקעגן דער צווייטער גימנאַזיע. לעצטנס פלעגט די פּאָליציי זייער אָפט פונאַנדעריאָגן די בערזע. ספּעציעל האָט זיך אויסגעצייכנט אין דעם אַ גראָבער נידעריקער רעוויראָווע, און עס איז אפילו געווען אַ געדאַנק אים „אַוועקצולייגן״.

צו יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע אַנטוויקלונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. פאַר אונז, פּועלי־ציון, איז עס געווען אַ שווערע אַרבעט. אונז איז אויסגעקומען צו פירן אַ שווערן קאַמף מיטן בונד און די ס. ס., וועלכע זענען שוין דאַמאָלס געווען פאַרהעלטניסמעסיק גענוג שטאַרק. דער בונד איז געשטאַנען מיט אַ פעסטן פוס אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אַלס די עלטסטע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, און ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט דערלאָזן די ס. ס. און פּועלי־ציון אַריינכאַפּן זיך אין דער באַוועגונג. דער בונד איז געשטאַנען פאַר פּאַרטייִשע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. מיר און די ס. ס. זענען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אומפּאַרטייִשע.

דער קאַמף פאַר פּאַרטייִשע אָדער אומפּאַרטייִשע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָט זיך געפירט אויף דער יידישער גאַס זייער שאַרף; כלי־זיין צום קאַמף האָבן ביידע צדדים געשעפּט פון דייטשן אַרסענאַל. אין דייטשלאַנד איז דער קאַמף געווען שוין אַן אַלטער, און דאָרט איז שוין געווען וועגן דער פראַגע אַ גענוג גרויסע ליטעראַטור. בעבעל, קאַוטסקי און אַנדערע האָבן אַרויסגערוקט זייער אויטאָריטעט וואָרט אין דער פראַגע. דעם אמת געזאָגט, איז די פראַגע באַ אונז געשטאַנען גאָר אויף אַן אַנדערן שטח. אין דייטשלאַנד האָט זיך געפירט דער קאַמף צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַריינען און די קריסטלעכע. די פּאַרטיידיקער פון די פּאַרטייִשע פאַריינען זענען געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז די פּאָליטיק פון דער פּראָפ. באַוועגונג מוז זיין אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע; די פּאַרטיידיקער פון די אומפּאַרטייִשע זענען אַרויסגעגאַנגען פון דעם, אַז דער פאַריין מוז אַרומנעמען אַלע אַרבעטער פון געגעבענעם פאַך אָן אונטערשיד פון איבערצייגונג. באַ אונז ווידער איז נישט געווען קיין סכסוך, צי זאָל די פּאָליטיק פון פאַריין זיין אַ ס.־ד.־שע. דאָ איז דאָך פאָרגעקומען אַ קאַמף אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גופא. און עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער ה ע ג ע מ אָ נ י ע פון דער אָדער יענער סאָציאַליסטישער פּ אַ ר ט ײ. דערפאַר האָט מען נישט געקאָנט אַריבערטראָגן צו אונז די טענות פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָן ענדערונגען. כאַראַקטעריסטיש איז דערביי, אַז די פּ. פּ. ס., דעמאָלט די שטאַרקסטע פּאַרטיי

צווישן די פוילישע אַרב. און מיט אַ גרויסער השפעה אפילו צווישן די יידישע אַרבע־טער (יידישע פּ. פּ. ס.), האָט פּאַרטיידיקט אומפּאַרטייישע פּראָפ. פאַריינען, בשעת די זייער דעמאָלט שוואַכע פּ. ס. ד. איז דווקא געשטאַנען פאַר פּאַרטייִשע פּראָפּ־פאַריינען — דורכפירנדיק אַ סטרייק אין אַ פאַך, האָט די פּ. ס. ד. באַלד דעם גאַנצן פאַך פאַרשריבן פאַר אירע מיטגלידער (זיי האָבן טאַקע געצאָלט פּאַרטיי־שטייער).

אין דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג ליגט די סיבה פון איר צעשפליטערונג ביז דער לעצטער צייט.

בשעת אין מערב־איירָאפּע האָט זיך די פּאָליטישע פּאַרטיי אויסגעבילדעט אויפן גרונט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, איז אין פוילן געווען פאַרקערט. די פּראָפּ. פאַריינען זענען געשאַפן געוואָרן פון די פּאָליטישע פּאַרטייען; דער קאַמף פאַר השפעה האָט זיך אין די פאַריינען געפירט פון ערשטן טאָג אָן, און דאָס האָט געבראַכט און ברענגט צו צעשפליטערונג. אין דעם איז אָבער געווען אַ גוטע זייט אויך. די אַר־בעטער־באַוועגונג האָט נישט געליטן אַזוי שטאַרק, ליידט כמעט איצט אויך נישט (אַ חוץ די ענפּעערישע און כאַדעקישע פאַריינען), פון דעם ריינעם עקאָנאָמיזם פון די ענגלישעט רייד־יוניאָניסטן.

צו יענער צייט האָבן מיר שוין געהאַט אַ פּאָר דורך אונז אָרגאַניזירטע פאַריי־נען. דער ערשטער און דער עלטסטער פון זיי איז געווען דער פאַריין פון די קעלנערס, ווייטער די מעלערס (די פּורמאַנעס פון מעל), די טאַנדעט־נייטאָרינס און נאָך אַ פּאָר קלענערע פאַריינען. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן געמוזט אָרגאַניזירן קודם־כל די פאַכן, וואָס זענען באַכנישט געווען אָרגאַניזירט דורכן בונד. מיר האָבן זיי געמוזט „פאַר־כאַפּן". דער בונד האָט אָבער געהאַט קעגן זיי די מעלה, וואָס ער האָט שוין געהאַט די דערפאַרונג און, אגב, דעם נאָמען, די אַלטע פירמע פון איינציקן פאַרשטייער. זיינע פּראָפעסיאָנאַליסטן זענען געווען געניטער פון אונזערע. דעם אמת געזאָגט, זענען מיר נישט געווען שטאַרק באַהאַוונט אויך אין דער טעאָריע פון דער פּראָפּ. באַווע־גונג.

אונזער קאָמיטעט האָט מיך אַמאָל געשיקט פאַרטיידיקן דעם שטאַנדפּונקט פון אומפּאַרטייישע פאַריינען. איך האָב זיך געוואָלט אָפּזאָגן, ווייל איך האָב באמת ווייניק געוואוסט אין דעם גאַנצן ענין, האָט מען מיר געגעבן אַ פּאָר בראָשורן (איך געדענק בעבעלס און קאַוטסקיס און נאָך עפּעס אַ צוויי) און מיך געהייסן ביז מאָרגן ווערן אַ דערפאַרענער פּראָפּעסיאָנאַליסט.

די ערשטע שריט זענען זייער שווער געווען, אָבער אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן אין די פאַריינען האָבן אונז געלערנט די אַרבעטער, וועלכע האָבן אָן טעאָריעס, פאַר־שטאַנען דעם ענין בעסער פאַר אונז אינטעליגענטן. דאָס זענען געווען דערהויפּט יצחק זייגערמאַכער, שמואל איינבינדער, חייקע, יששכר פאַסקעמאַכער (באָנטשיק, אין אַמע־ריקע) און אַנדערע.

די אַלע אַרבעטן האָבן געפאָדערט פינאַנציעלע מיטלען. פונוואַנען האָט

מען זיי געגומען? אַ פּאָר חברים זענען שוין געווען פּראָפֿעסיאָנאַלן און געקריגן 3—4 רובל אַ וואָך. קיין מיטגליד־אָפּצאָלונגען געדענק איך נישט; אָבער דערפֿאַר געדענק איך, אַז איך פֿלעג מיט צוויי אַרבעטער אַרומגיין איבער דער שטאָט צו די בורזשויעס און פֿאַרלאַנגען קאַטעגאָריש די סומע, וואָס דער קאָמיטעט האָט פֿאַר זיי באַשטימט.

די בורזשואַזיע האָט צו יענער צייט פֿון איין זייט געהאַט פֿאַר אונדז דרך־ארץ, ווייל זי האָט אין אונדז געזען די קעמפֿער פֿאַר דער דעמאָקראַטישער פֿרייהייט, וועלכע האָט אויך איר געשמייכלט, און פֿון דער אַנדערער זייט האָט זי אַ ביסל מורא געהאַט פֿאַר די באַוואָפֿנטע אַרבעטער. אויף אַזאַ אופֿן האָט מען געהאַט מיט וואָס צו דעקן די לויפֿנדיקע הוצאות.

דער קאַמף מיט די סיימיסטן האָט אונדז קנאַפּ באַשעפֿטיקט. מיר האָבן נאָר געהערט וועגן דער שפּאַלטונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען דאָרט ווייט, ערגעץ אין ליטע און אין דרום־רוסלאַנד. צו אונדז אין די אָרגאַניזאַציעס האָבן זיי זיך, כ'ווייס נישט פֿאַרוואָס, נישט גערוקט.

חוץ איין איינצל־פֿאַל. כ'דערמאַן מיך, אַמאָל האָט מען מיך גערופֿן אין קאָמיטעט. אינעם הינטערשטן צימער אויף נאַלעווקעס האָב איך געטראָפֿן בן־ציונען, יצחקן, שמעונען, יאַניען, יאַשען טראַכטענבערג (אַ סטודענט אין פּאָליטעכניקום, איך האָב אים שפּעטער געטראָפֿן אין רוסלאַנד, אַלס אינזשעניער אין דער אַרמיי; ער האָט דאָרטן פֿאַרנומען אַ וויכטיקן פּאָסטן אין ראַט און זיך געקליבן פֿאָרן קיין פּאַלעסטינע), דוד בלאָך (אפֿרים בלומענפֿעלד, דער פֿירער פֿון „פּאַלעסטינע־אַרבעטער פֿאָנד“, אין משך פֿון לאַנגע יאָרן אין פּאַלעסטינע, איצט אין אחדות העבודה) און לסוף ירמיהון (חיים איינשטיין — אַ פֿעיִקער רעדנער און פּובליציסט, איצט אַ גוטער סוחר).

באַם טיש איז געזעסן נאָך עמעץ, עפּעס אַן אומבאַקאַנטער בחור פֿון אַ יאָר 23. אַ קליינער, אַ דיקער אין ברילן. מ'האָט מיר אים פֿאָרגעשטעלט אַלס חבר גור־אריה. מיר איז גלייך אויפֿגעפֿאַלן דער באַקאַנטער סיימיסטישער נאָמען.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס מיטן חבר גור־אַריה, פֿונוואַנען איז ער, וואָס וויל ער באַ אונדז? ער האָט עפּעס געשטאַמלט און ס'איז געווען שווער אַרויסקריגן באַ אים קלאָרע דבורים. מיר האָבן אָבער אין דערזעלבער צייט זיך פֿאָרגעשטעלט די סכּנה, וועלכע דראָט אונדז טאַקע מצד אָט דעם בחור; מיר האָבן זיך גענוג אָנגעהערט וועגן די סיימיסטן, ווי זיי רייסן זיך אַריין אין אָרגאַניזאַציעס אַלס פּועלי־ציון און מאַכן אַ תּל פֿון זיי. האָבן מיר זיך נישט לאַנג מיישב געווען, גענומען צוויי פֿון אונדזערע גוטע בחורים, זיי זאָלן דעם חבר גור־אריה באַגלייטן צום באַן, קויפֿן אַ בילעט אין טיף־רוסלאַנד, מטריח זיין זיך און אַריינזעצן אים אין וואַגאָן און נישט אָפּטרעטן, ביז דער צוג וועט אַוועקגיין. אַזוי האָבן מיר אַרויסגעפּטרט דעם „סיים“ פֿון פּוילן. מער האָבן מיר שוין קיינמאָל נישט געהאַט צו טון מיט די סיימיסטן, אויסער איין פֿאַל, וועגן וועלכן איך וועל שפּעטער דערציילן.

די אָרגאַניזאַציע האָט זיך שוין געהאַט פונאַנדערגעוואַקסן. מיר האָבן געציילט עטלעכע הונדערט מיטגלידער. דער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן קלערן וועגן פאַרבינדן זיך מיט דער פּראָווינץ און באַשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע אין גאַנץ פּוילן. מיט לאָדזש, וואו עס האָבן געאַרבעט די חברים אריה (וויקטאָר) און מוליע, מיט וולאָצלאַוועק, וואו עס האָט געאַרבעט קינאָ דער עלטערער, און מיט קעליץ, וואו עס האָט געאַרבעט קינאָ דער ייִנגערער (פעליקס) — זענען מיר שוין געשטאַנען אין פאַרבינדונג. דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעשיקט אַ פּאָר חברים אין דער פּראָווינץ. צווישן זיי: מיך אין וולאָצלאַוועק, יאַרבלומען אין לובלין און אַנדערע שטעט. אין לובלין איז אַריבער צו אונז איינער פון די וויכטיקסטע אַרבעטער פון „בונד“, דער חבר ראָזענטאַל — מאַרקס׳ס אייניקל — ווי מען האָט אים דעמאָלט גערופן.

נאָך אַזאַ צוגרייטנדיקער אַרבעט איז אויף דעצעמבער צונויפגערופן געוואָרן אין וואַרשע דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון פּוילן. אויף וויפיל איך קען זיך דערמאָנען, זענען געווען פאָרגעשטעלט: וואַרשע (בן-ציון, יצחק, שמעון, איך אַלס גאַסט) לאָדזש (מוליע, וויקטאָר), קעליץ (פעליקס), לובלין, וולאָצלאַוועק (קאָוואַלסקי), טשענסטאָכאָוו (רוזשע פּרישיצקאַ), קאַליש (אברהם קאַלישער — א. וויעוויאָרקע), פּלאָנסק (דוד גרין — בן-גריון, אָנגעזעענער פירער פון אחדות העבודה) און נאָך אייניקע שטעט. דאָן איז אָפיציעל געשאַפן געוואָרן „דער ייִדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פאַרבאַנד „פועלי-ציון“ אין פּוילן“. אין ערשטן פאַרבאַנדס-קאָמיטעט זענען אַריין בן-ציון, שמעון, אריה (וויקטאָר).

צו יענער צייט איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד אונזער חבר אַלטער גאָטליב, וועלכער האָט באַוויזן אין רוסלאַנד מגולגל צו ווערן אין אַ סיימאָוויעץ. אויף אַ פּאָר פאַרזאַמלונגען האָט ער געפּרוּווט אויפקלערן די חברים דעם „נייעם אמת“, אָבער אָן ערפאָלג. דאָך האָט גאָטליב געפונען פאַר זיך אַ גינסטיקן באָדן אין דער ריין אָרגאַניזאַציאָנעלער אָפּאָזיציע, וועלכע איז, צו יענער צייט, אַנטשטאַנען אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע. דער קאָמיטעט איז דעמאָלט געווען געקליבן בלויז דורך אַ קליינער גרופּע חברים. מיטן וווּקס פון דער אָרגאַניזאַציע האָט מען אויפן קאָמיטעט אָנגעהויבן קוקן, ווי אויף „סאַמאָזוואַנצעס“ און אייניקע האָבן געוואָרפן דעם לאָזונג „דעמאָקראַטיזאַציע“. דער קאָמיטעט זאָל געוויילט ווערן פון דער גאַנצער מאַסע. אגב איז מען געווען אומצופרידן מיט אַ סך איינצלנע מעשים פון קאָמיטעט. אַ סך חברים האָבן זיך געווענדט צו מיר, זיכער, אַז איך (אַ סטודענט) בין אוודאי אין קאָמיטעט. ווען איך האָב באמת נישט געקענט ענטפערן, האָט מען מיך חושד געווען, אַז איך שפּיל זיך אין „קאָנספּיראַציע“.

די „אָפּאָזיציע“ האָט אָנגעפירט ישראל וועשער (וועלכער איז נישט לאַנג אַריבער צו אונז פון בונד) און אליהו עסטרין. גאָטליב איז צוגעשטאַנען צו דער אָפּאָזיציע, מיט דער כוונה זי אויסצונוצן און שפּאַלטן די אָרגאַניזאַציע.

דאָס אַלץ האָט געצווונגען דעם קאָמיטעט צונויפרופן סוף־כּל־סוף אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג דעם 5־טן יאַנואַר 1906 אין הללס קאַוויאַרניע. געקומען זענען אַ 150 חברים.

עס איז שווער צו זאָגן, מיט וואָס דער גאַנצער ענין וואָלט זיך אויסגעלאָזן, ווען עס מישט זיך נישט אַריין פּאָליציי. גלייך באַם אָנהייב פון דער פאַרזאַמלונג זענען אַראָפּגעקומען אַ 25 וואָלינצעס מיט אַ פּריסטאַוו פון V צירקל בראש.

די זעלנער, בכלל, האָבן זיך באַצויגן צו דער גאַנצער באַפעלקערונג זייער שלעכט. די גאַנצע שטאָט איז בײַ זיי באַשטאַנען פון „בונטאָווששיקעס־אַגיטאַטאָרן", ווײַל סיי די פּאָליאַקן, סיי די ייִדן זענען געווען „פּרעמדע". צווישן די זעלנער האָבן זיך בפרט אויסגעצייכנט די וואָלינצעס (זייערע קאַזאַרמעס זענען געווען אויפן פּשע־יאַזד). זיי האָבן געווילדעוועט, ווי אמתע רוצחים. אָט דידאָזיקע וואָלינצעס זענען עס אַראָפּגעקומען צו אונז.

מען האָט אַלעמען אָנגעהויבן צו באַזוכן. אַ מיידל לעבן מיר האָט געקריגן היסטעריקע. האָב איך געבעטן אַ זעלנער, ער זאָל איר ברענגען וואַסער. ער האָט נישט געענטפערט. ווען איך האָב זיך געווענדט מיט דער זעלבער בקשה צום פּריסטאַוו, האָט ער דעם זעלנער געהייסן געבן מיר מיטן באַגנעט. דערזעענדיק, אַז דאָס ווײַנט דאָס מיידל, האָט ער געהייסן געבן איר מיטן באַגנעט. דער זעלנער האָט צופעליק נישט געפאָלגט, אָבער אויפן מיידל האָט עס געווירקט בעסער ווי וואַסער: זי איז תיכף אַנטשוויגן געוואָרן.

איינעם אונזער אַ דווינסקער חבר (איצט רעדאַקטאָר פון „לאָדזשער פאָלקס־בלאַט" — ל. קאַהאַן) האָט דער פּריסטאַוו מבבד געווען מיט צוויי פּעטש. ס'איז דער־גאַנגען צו מיר: „דו, געלער אַגיטאַטאָר, דיך קען איך שוין פון לאַנג". איך האָב נאַיִו געענטפערט, דאָס איך זע אים צום ערשטן מאָל, האָט ער מיר שוין דערלאַנגט צוויי פּעטש: „דו וועסט נאָך מיר דאָ דברן".

מ'האָט אונז אַלעמען באַזוכט און אָפּגעשיקט אין צירקל. מ'האָט ברייט געעפנט דאָס טויער און דער פּריסטאַוו האָט אַ קאָמאַנדעווע געטון:

„אַ טיעפּער, בראַטצי, נאַדדאַיטיע אים ניעמנאָגאָ"

די זעלנער האָבן זיך אויסגעשטעלט אין טויער פון ביידע זייטן, און האַלטנדיק די ביקסן פאַר די שטיקעס, אָנגעהויבן קלאַפּן דעם עולם, וואָס האָט געמוזט דורכגיין. מרדכי אויסענאָוויטשן האָט מען צעלעכערט דעם קאָפּ.

אַריינקומענדיק אינם קליינעם קייליכדיקן הויף האָט זיך אונזער חברה, וואָס איז שוין, משמעות, געווען באַהאַוונט אין דער טאָפּאָגראַפיע פון צירקל, אַ לאָז געטון צום צימער פון דעזשורני. איך און אַנדערע, וואָס זענען דאָ צום ערשטן מאָל געווען, האָבן נישט געוואוסט, וואו זיך אַהינצוטון, די זעלנער פון הינטן שטופּן. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן הויף, איז צו מיר מיטאַמאָל צוגעלאָפן אַ זעלנער און צווי

מאָל נאָכאַנאַנד מיר אַ האַק געגעבן איבער די פּלייצעס מיטן באַגנעט. איך האָב געשוויגן און ער האָט זיך באַרויקט.

די, וואָס זענען אַריין אינעם דזשורנעם צימער, האָט מען רעגיסטרירט. מיר זענען געבליבן אויפן הויף אַרומגערינגלט מיט זעלנער.

אין אַ 10 מינוט אַרום איז אַרויס אין הויף דער פּריסטאַוו מיט אַ טענה: ווו איז דאָ דער געלער אַגיטאַטאָר? איך האָב זיך געשלאָגן מיט דער דעה: אַרויסגיין אָדער נישט. אויב גיין, וועט ער טענהן, אַז איך בין זיך דערמיט אַליין מודה, דאָס איך בין עס דער געלער אַגיטאַטאָר. זאָל איך נישט אַרויסגיין, וועט ער מיך שלאָגן דערפאַר, וואָס איך האָב זיך נישט אָפּגערופן. איך בין אַרויס און געזאָגט, אַז אויב ער זוכט מיך, בין איך דאָ.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אינעם דזשורנעם צימער און געהייסן מיך פאַרשרייבן „אויסער דער ריי". איך האָב זיך פאַרשריבן נישט אַלס סטודענט, נאָר „בּאַ די עלטערן" — איז ווידער שלעכט. „אַ ליידיקגייער", האָט געליאַרעמט דער פּריסטאַוו, „טוט גאָרנישט און פאַרנעמט זיך מיט אַגיטאַציע". ער האָט מיר געהייסן בלייבן אין צימער, בשעת אַלעמען האָט מען נאָכן פאַרשרייבן געפירט ערגעץ ווייטער, אַז מען וועט ענדיקן, האָט ער געזאָגט, וועל איך זיך מיט דיר אָפּרעכענען.

צו יעדער צייט האָט מען דערציילט, אַז אין די צירקלען ווערן פאַרפאַלן מענטשן. ס'איז געווען די ערגסטע צייט פון דער רעאַקציע, ווען די כוליגאַנעס האָבן זיך נוקם געווען פאַר די פּאָר טעג „פרייהייט". איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיט מיר קאָן זיין נישט גוט. איך בין געזעסן און געוואַרט. דער רעוויראָווי, וואָס האָט פאַרשריבן, פלעגט אין מיטן דעריגען פון העלער הויט וואַרפן ציניש ווערטער. די מיידלען זענען רויט און בלאַס געוואָרן און דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ סך הנאה. מ'האָט שוין דערווייל כמעט אַלעמען פאַרשריבן, אין צימער זענען נאָך פאַרבליבן אַ מאַן 5—6. בין איך צוגעגאַנגען צו איין אַנדערן רעוויראָווי, נאָכן אויסזען אַ פּאָליאַק, און אויף פּויליש געבעטן אים, ער זאָל גיין צום פּריסטאַוו אַליין, נישט צום געהילף, פרעגן, לויט וועמעס פאַראָרדנונג האָט מען מיך דאָ איבערגעלאָזט. צי איז דעם פּאָליאַק געפעלן געוואָרן, וואָס איך רעד מיט אים פּויליש (איך האָב אויף דעם אויסגערעכנט), צי צוליב אַן אַנדערער סיבה, אָבער ער איז אַוועק און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז געקומען דער געהילפס-פּריסטאַוו און האָט מיך אַוועקגעפירט צו אַלע חברים אין צווייטן צימער.

עס האָט געמוזט זיין צווישן אונדז אַ פּראָוואָקאַטאָר, וואָרים פון די 150 אַרעסטירטע האָט די פּאָליציי אויסגעקליבן בלויז אַ 40 מאַן, די בעסטע און אַקטיווסטע חברים, און זיי פאַרהאַלטן. די איבעריקע האָט מען פון די צירקלען אויפן מאָרגן אַרויסגעלאָזט. אונדזערע 40 האָט מען אָפּגעפירט אויף מאָרגן אין ראַטהויז. צווישן אונדז געדענק איך דעם באַרימטן איצט אין אַמעריקע מאָדזשעוויעצקי — אַ גרויסער געזונטער בחור, אַ ביסל אַן אומנאָרמאַלער, אָבער אַן איבערגעגעבענער חבר.

אין ראָטהויז איז געווען אויסערגעוויינטלעך שמוציק, זענען מיר אָפּגעזעסן אַ נאַכט אויף די בענקלעך, וועלכע מ'האָט שוין כמעט יעדן צוגעשיקט פון דער היים. די צווייטע נאַכט האָבן מיר זיך אַ ביסל איינגעאָרדנט און געלייגט שלאָפן. אָבער נאָכנישט באַוויזן צו פאַרמאַכן די אויגן, האָט מען אונדז געהייסן זיך אָנטון; אַראָפּגעפירט ערגעץ אין אַ קעלער אויף היי און מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן. פון די פענסטער אויבן אונטערן סופיט האָט געריגנט און דאָס היי איז געווען נאַס.

אַ זייגער דריי באַנאַכט האָט מען אונדז ווידער אויפגעוועקט און זיך ווידער געהייסן אָנטון. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען וועט אונדז פירן אין ציטאַדעל. אין שטאָט האָט מען שטאַרק גערעדט דערפון (נאָך פאַר אונדזער אַרעסט), אַז באַנאַכט, ווען מען פירט די אַרעסטירטע אין ציטאַדעל, שלאָגט מען זיי. מען האָט שוין אַ פּאָר מענטשן געהרגעט. מיר האָבן גענומען רעדן מיטן נאַטשאַלניק פון ראָטהויז — אַ דיקן אָפיציר — קאָלענדאָ — ער איז דעמאָלט געווען באַרימט אין וואַרשע — אַז מיר האָבן מורא, מ'וועט אונדז הרגענען אויפן וועג. ער האָט אונדז געגעבן זיין ערן־אָפיציר־וואָרט, אַז מען וועט אונדז נישט אָנרירן.

מ'האָט אונדז אויסגעשטעלט צו פיר אין דער ריי, אַן ערך הונדערט רייען, און געפירט האָבן אונדז ווידער וואָלינצעס. לאָזנדיק זיך אין וועג אַריין האָט דער אָפיציר געהאַלטן אַ דרשה צו די זעלנער און אויפגעפאָדערט, אַז באַם ערשטן סימן פון ווידערשטאַנד, נישט פאָלגן, אָדער נישט גיין אין די רייען, זאָלן זיי שיסן. מ'האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

פּל־זמן מיר זענען געגאַנגען איבער דער שטאָט איז געווען נישקשה. אָבער ווי נאָר מיר זענען אַרויס הינטער דער שטאָט, אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן צו הערן געשרייען פון אַלע רייען. איין מאָל האָט זיך דער אָפיציר אויסגעדרייט און געפרעגט, וואָס איז דאָרט? האָט אים דער זעלנער געענטפערט „שיכור, וואַשע וויסאָקאָראָדיע". די צאָל פון אַזעלכע „שיכורים" איז כסדר געוואַקסן. די זעלנער האָבן זיך אָנגעהויבן צו טשעפּען, פאַרוואָס מ'האָט אַ פּעקל, פאַרוואָס מ'גייט אין ברילן וכדומה. אַ פּיראָוויקער נגיטאַטאָר! האָבן זיי אויף מיר און אַנדערע באַפאַלטע געשריגן און געגעבן קלעפּ מיט דער האַנט איבערן קאָפּ, איבערן פּנים, מיט דער ביקס איבער די פּלייצעס, מיטן פוס און קני פון הינטן און נאָך אויף פאַרשידענע אופנים.

אויסגעמאַטערטע, צעהרגעטע, קוים אויף די פיס זענען מיר געקומען אין ציטאַדעל. די גליקלעכע פון אונדז זענען געהאַלטן געוואָרן און אַריין אין פּאַרט נר' 3. דאָרט זיך, אונדזער גאַנצע חברה האָט זיך געמוזט שלעפּן נאָך אַ האַלבע שעה ביזן פּאַרט נר' 4 און ווידער געקריגן קלעפּ.

ווען מיר זענען אַ זייגער 7 אינדערפרי אַריין אין פּאַרט און דערצו נאָך געטראָפן אַ פּאָר חברים, פריער אַרעסטירטע, האָבן מיר זיך געפילט גליקלעך. איך האָב

דעם דרוק פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, נאָר צוליב אייגענע אינטערעסן, כּדי צו באַקומען אַ הלוואה אין אויסלאַנד. דערפאַר, האָבן מיר געטענהט, שטימט ניט די קאָנסטיטוציע מיט „די רעאַלע פאַרהעלטענישן פון די געזעלשאַפטלעכע כּוחות." דער פּראָלעטאַריאַט איז צו שוואַך און ניט נאָר, וואָס ער וועט ניט קענען אונטערהאַלטן זיינע פאָרשטייער אין דומע, ער וועט זיי אפילו ניט קענען פאַרטיידיקן, בשעת מען וועט זיי פירן אין געפענגעניש. איז דעריבער, ווי נאָר די זעלבסטהערשונג וועט אויספירן איר כּוונה — דורכפירן די הלוואה דורך דער דומע, — וועט זי די דומע פונאַנדערטרייבן, ווי זי האָט עס דאָס ערשטע מאָל געטון, און די דעפּוטאַטן וועלן סוף כּל סוף מוזן „אַרונטערגיין פון דער פאָלקס-טריבונע און אפשר אַריינגיין אין די פאָלקס-טורמעס".

דערדאָזיקער מאָמענט איז אינטערעסאַנט דערפאַר, וואָס די דומע איז אינגיכן פאַנאַנדערגעטריבן געוואָרן און פון דער דומע האָט מען די ס. ד. דעפּוטאַטן אין פאַר-מאַכטע קאַרעטעס אָפּגעפירט אין טורמע. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן, אַז אויף דעם פּויערטום איז ניטאָ וואָס צו רעכענען. דאָס פּויערטום וועט זיכער ניט אַרויסטרעטן צו פאַרטיידיקן די דומע, הגם „סוף כּל סוף וועט פּלאַצן דאָס געדולד פון פּויערטום, אָבער רעכענענדיק זיך מיט דער פּאַסיווקייט און אינערטקייט פון דעם פּויערטום — מוז מען קלערן, דאָס עס וועט נאָך אַ סך אויסקומען צו וואַרטן אויף דעם, לכל הפּחות ביז דער פינפטער דומע" (צופעליק, כּידוע, איז די רעוואָלוציע פון יאָר 1907 טאַקע פאָרגעקומען ערב אַ פינפטער דומע).

מיר האָבן אויך אָנגעוויזן אויף די ספּעציפישע באַדינגונגען פון פּוילן, וואו דער רעגירונגס-טעראָר האָט אין יענער צייט געווילדעוועט ביז דער העכסטער מדרגה — די רעגירונג האָט זיך שטאַרק געגרייט צו „אָרגאַניזירן" די וואַלן; דעריבער איז טאַ-קע דעמאָלט אין פּוילן געווען אַ שטאַרקע באָיקאָטיסטישע שטימונג. דער קאַמף איז געגאַנגען צווישן די פּ. פּ. ס., וועלכע זענען געשטאַנען פאַר אַקטיוון באָיקאָט, און די ס. ד. ק. פּ. ל., קעגנער פון באָיקאָט. אָבער אפילו די לעצטע האָבן פאַרטיידיקט דעם אָנטייל, ניט ווייל זיי האָבן געזען אין דער דומע אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג: „די דו-מע איז ניט קיין נויטיקער עטאַפּ אין דער רוסלענדער רעוואָלוציע, די רעוואָלוציע וועט גיין פאַרביי דער דומע מיט דעם וועג פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד (אין יאָר 1917 האָט זיך עס באַשטעטיקט — ב.), און די דומע וועט נאָר זיין אַ שטערונג אויף דעם דאָזיקן וועג. און וואָס מער ליבעראַלן עס וועלן זיין אין דער דומע אַלץ אַ גרעסע-רע שטערונג פאַר דער רעוואָלוציע וועט זי זיין" (פאָלקסצייטונג נ. 230, אין אַרטיקל: דער „בונד" און פּ. ס. ד. וועגן וואַל-אָפּמאַכן אין פּוילן): „דאָס אָנטיילנעמען אין דער דומע איז נאָר אַן אייגנאַרטיקע פאָרם פון באָיקאָט". דער בונד האָט יאָ געזען אין דער דומע עפּעס ממשותדיקס און אים האָט זיך דווקא געוואָלט, עס זאָל דורכגיין אַן ס. ד. זיי האָבן אפילו געשריבן, בײַ וועלכע באַדינגונגען עס קען דורכגיין אַן ס. ד. עס איז געווען קלאָר, אַז נאָר אין לאָדזש און אין וואַרשע קאָן זיין אַ רייד פון אַן

אַרבעטער-דעפּוטאַט און „נאָר באַ אַן אָפּמאַך אויף דער ערשטער סטאַדיע צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען מיט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון דער וואַרשעווער פּוילישער און יידישער באַפעלקערונג מיט די „פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטן" (פּ. ד.) מיט דעם „יידישן קאָמיטעט" קאָן פון וואַרשע לייכט דורכגיין אין דומע איין ס. ד. און איין בורזשואַזער פּראָגרעסיסט" (פאָלקסצייטונג נ. 230, דער אויבנדערמאָנטער אַרטיקל).
דער פּראָגראַם האָט זיך באַשטעטיקט באַ די וואַלן פון יאַגעללאָ צו דער 4-טער דומע. דער אונטערשיד אין צוגאַנג צו דער זאַך האָט נישט געשטערט דעמאָלט דער באָלשעוויסטישער ס. ד. ק. פּ. ל. צו גיין צוזאַמען מיטן מענשעוויסטיש-געשטימטן בונד, געזיגט אָבער האָט די שטעלונג פון די ס. ד. ק. פּ. ל., ווייל אויף דער קאָנפערענץ פון בונד מיט פּ. ס. ד. איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדע רעזאָלוציע: „קיינע אָפּמאַכן מיט וועלכע נישט איז אָפּאָזיציאָנעלע בורזשואַזע פּאַרטייען אין וואַרשע טאָרן נישט פאָרקומען". דערמיט איז געשטעלט געוואָרן דער טראָפּ אויף דעם וואַל-קאַמף, נישט אויף זיינע רעזולטאַטן. נאָר אפילו די ר. ס. ד. א. פּ. — באָלשעוויקעס, גע-מענדיק אָנטייל אין די וואַלן, זענען געגאַנגען נישט זיכער („אַזוי ווי מיר זענען זיכער, דאָס די טאַקטיק פון באָיקאָט צו דער ערשטער דומע איז געווען אַ ריכטיקע, זענען מיר נישט זיכער, צי די טאַקטיק פון נישט-באָיקאָט צו דער צווייטער דומע, איצט, איז נישט קיין טעות" — וויעסטניק זשיזני נ. 13), באַ אַזאַ לאַגע האָבן די שרעקלעכע רעפּרעסיעס ספּעציעל אויף יידישע אַרבעטער געווירקט אויף אונז, אַז מיר זענען כמעט אומעטום אין פּוילן געווען פאַרן באָיקאָט — און מיר האָבן טאַקע נישט גענומען קיין אָנטייל אין די וואַלן.

צו דער צייט האָט מען זיך אָנגעהויבן גרייטן צום ]]-טן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי, וואָס איז ענדלעך פאָרגעקומען זומער-צייט אין קראָקע (יולי 1907). די וואַלן צום צוזאַמענפאָר זענען געווען דירעקטע: אין אַלע פאַכן-גרופּן דורך ספּעציעלע סעקרעטניקעס, וואָס זענען פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן דורכן וואַרש. קאָמיטעט. איך געדענק גענוי, אַז אין וואַרשע האָט די גרעסטע צאָל שטימען באַקומען יצחק טאַבענקין, ווער איז געווען דער צווייטער געדענק איך נישט, אָבער געוויילט זענען געוואָרן צוויי דעלעגאַטן און צוויי קאַנדידאַטן: יצחק ט. בן-ציון, ישעיהו (אפרים בלומענפעלד) און איך — צוויי פון אונז האָבן באַקומען מאַנדאַטן פון אַנדערע שטעט — זענען מיר אַלע פיר געווען אין ק ר אָ ק ע.

דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען ביי זייער אַ געהויבענער שטימונג — ווייל די עסטרייכער חברים האָבן אונז אויפגענומען מיט גרויס פּאָמפּע. אויך האָבן מיר זיך געפילט זייער גוט — דאָס ערשטע מאָל, וואָס מיר זענען געווען זיכער, אַז מיר וועלן דערפירן די אַרבעט ביז צום סוף.

אויפן צוזאַמענפאָר זענען אַרומגערעדט געוואָרן אַ סך טעאָרעטישע פראַגן — צווישן זיי אויך די באַגרינדונג פון פּאַלעסטיניזם. דאָ איז פאָרגעקומען די ענדגילטיקע שלאַכט צווישן די פּרינציפּיעלע און פּראַקטישע פּאַלעסטינצעס, דעם רעפּעראַט וועגן

פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם האָבן די פּוילישע חברים איבערגעגעבן מיר — נאָך מיר איז אַרויס ב אָ ר אָ כ אָ ו און האָט, פאַרשטייט זיך, מיט זיין גרויסער ערודיציע געמאַכט פון אונזער באַגרינדונג אַש און בלאָטע — ער האָט עס אָבער געמאַכט אויף אַ וויסנשאַפטלעכן שטייגער — און הגם אונז האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, אָבער מיר האָבן געשוויגן. (דאָס האָט, אגב, נישט געשטערט באָראָכאָוון אויפן דריטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער פּאַרטיי מיט 10 יאָר שפּעטער, ווען ער איז געקומען פון אַמעריקע (אין אויגוסט 1917 אין קיעוו) צו פאַרטיידיקן דווקא דעם אידעאָלאָגישן מאָמענט אין פּאַלעסטיניזם און כמעט זיך דערנענטערן צו אונזער אַלטער שטעלונג). נאָך באָראָכאָוון איז אַרויסגעטרעטן דער ח׳ כאַשין, וועלכער האָט שוין אָפּערירט מיט אַ סך ווייניקער טעאָרעטישע אַרגומענטן אָבער מיט אַ סך פּאָלעמישן גלאַנץ. און זיין שאַרפער פּאָלעמישער טאָן האָט אונז אַזוי אויפגערעגט, אַז אַלס צייכן פון פּראָטעסט האָבן מיר באַשלאָסן זיך נישט צו באַטייליקן ווייטער אין דער דיסקוסיע.

ס׳איז געווען ערב דעם VIII-טן ציוניסטישן-קאָנגרעס אין האַאַג. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַ פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע. געדאַרפט בלויז אָפּצאָלן פאַר אַ געוויסן סכום שקלים, און לויט דעם חשבון פון די איינגעצאָלטע שקלים געהאַט אַ באַשטימטע צאָל דעלעגאַטן צום קאָנגרעס. היות ווי דער צ. ק. האָט דעמאָלט אָפּגעצאָלט פאַר 800 שקלים, האָבן מיר געדאַרפט שיקן פיר דעלעגאַטן. אויסגעקליבן זענען געוואָרן: באָראָכאָוו, כאַשין, בערלינרויט (ארסקי) און איך. צום קאָנגרעס איז געפאָרן אַלס גאַסט אויך דער ח׳ י. זאַר, מיט וועלכן מיר, די פּוילישע, האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַקענט אויף אונזער פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר. מיר האָבן שוין דעם ח׳ זאַר געקענט פון זיינע אַרטיקלען אין „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן", וועלכע האָבן געמאַכט אויף אונז זייער אַ גוטן איינדרוק מיט דער גרויסער ערודיציע און אָפּט גאַנץ טיפע געדאַנקען.

ער איז דאַן איינגעלאַדן געוואָרן פון די אַמעריקאַנער חברים צו רעדאַגירן דעם באַנייטן „יידישן קעמפער", פון דעמאָלט אָן אין ער געבליבן אין אַמעריקע, וואו ער איז עד היום ביי די רעכטע.

דער VIII-טער ציוניסטן-קאָנגרעס איז אייגנטלעך געווען דער ערשטער, אויף וועלכן די פּועלי-ציון פון רוסלאַנד זענען געקומען אָרגאַניזירט אַלס פּאַרטיי, דאָס איז אָבער אויך געווען דער לעצטער קאָנגרעס, אין וועלכן די פּועלי-ציון פון רוסלאַנד האָבן אָנטייל גענומען. צום קאָנגרעס זענען אויך געקומען פּועלי-ציון פון אַנדערע לענדער. פון פּאַלעסטינע די חברים: אבנר (בן-צבי) און ישראל שוחט — דעמאָלט נאָך גאָר אַ יונגער בחור מיט אַ הייסן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, וועלכן ער האָט נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלוירן ביז היינט, ווען ער איז אין די רייען פון אחדות-העבודה, וואו ער בילדעט אַ שטילע אָפּאָזיציע. פון אַמעריקע די חברים: ד"ר קאָפּעלאָוויטש, אַפּעלבוים, יאַקאָבסאָן און, דאַכט זיך, נאָך צוויי חברים, — פון עסטרייך: קאָפּלאַנסקי, שוסהיים, (אַנדערע געדענק איך נישט). געווען אויך חברים פון רומעניען—

דאַכט זיך ד״ר גאָלדהאַמער, און, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אויך פון בולגאַריען, וואו ס׳איז אַ ביסל שפּעטער רעגלמעסיק אַרויסגעגאַנגען אַ פּ. צ.=אָרגאַן — „פּראַבודאַ״.

אונזער ראָלע אויף דעם קאָנגרעס איז געווען באמת אַ קלעגלעכע. אונזערע אומגליקן האָבן זיך אָנגעהויבן דערפון, וואָס מיר האָבן באַקומען די ערגסטע פּלעצער — אין גרויסן לאַנגן זאַל האָבן מיר באַקומען כמעט די לעצטע פּלעצער — מיר האָבן פּאַקטיש גאָרנישט נישט געזען און גאָרנישט נישט געהערט, ווען מען בעמט נאָך אין אַכט, אַז אויף די ערשטע קאָנגרעסן האָט מען זייער פיל גערעדט ענגליש, פראַנצויזיש — וועגן דייטש שוין אָפּגערעדט — (אויף יידיש און העברעיש האָט מען גערעדט גאַנץ זעלטן) און מיר האָבן דווקא די ערשטע צוויי שפּראַכן גאָרנישט נישט געקענט און דייטש ווי אַלע יידן — איז פאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן אייגנטלעך נישט געוואוסט, אויף וואָסער וועלט מיר זענען.

והשנית, אַז ס׳איז געקומען צום באַריכט פון אַקציאָנס=קאָמיטעט, וועלכן מען האָט צעטיילט אַלע דעלעגאַטן, האָבן מיר געמוזט אַרויסשטעלן אַ רעדנער, דער גורל איז געפאַלן אויף כאַשינען. דאָס אומגליק איז אָבער געווען, וואָס אַרבעטנדיק די גאַנצע צייט בײַ אומלעגאַלע באַדינגונגען אין רוסלאַנד, זענען מיר אַבסאָלוט נישט געווען געוווינט צו עפנטלעכע „פּאַרלאַמענטאַרישע״ אַרויסטרעטונגען און דעריבער נישט איינמאָל אַרייגעפאַלן ווי אַ יון אין אַ סוכּה. כאַשין האָט זיך געבעטן מען זאָל אים באַפרייען פון דער רעדע, ווייל, האָט ער געטענהט, ער ווייסט נישט וואָס צו זאָגן. מיר האָבן זיך אויך אייגנטלעך זייער שוואַך אָריענטירט אין דער טעטיקייט פון אַקציאָנס=קאָמיטעט, און האָבן נאָר אַלס משל אָנגעוויזן כאַשינען, אַז אָט האָט דער אַקציאָנס=קאָמיטעט אויף אַ מצבה פאַרן ד״ר קאָקעש (אַ מיטגליד פון אַקצ. קאָם.) אויסגעגעבן דריי טויזנט פראַנק, בשעת פאַר דער אַרבעט אין פּאַלעסטינע כמעט נאָר די העלפט. כאַשין האָט זיך דערפרייט מיט דעם דאָזיקן מאַטעריאַל, ער האָט אָבער אָט די שטעל אין זיין רעדע געמאַכט גאַנץ אומגעלונגען און ס׳איז אויסגעקומען, אַז ער האָט טענות, הלמאי מען האָט געשטעלט אַ מצבה עפּעס אַ קאָקעשן, וועגן וועלכן מיר האָבן באמת גאַנץ ווייניק געוואוסט. דאָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ אויפרעגונג אין ציוניסטישן עולם, אַז מען האָט שוין כאַשינען נישט געלאָזט מער רעדן.

און סך=הכּל האָבן מיר כמעט אַלע אָנגעהויבן פילן, אַז מיר זענען דאָ אויף אַ פרעמדער חתונה, און בײַ יעדן פון אונז האָט אָנגעהויבן גריבלען דער געדאַנק, אַז מיר מוזן רעווידירן אונזער שטעלונג צום ציוניסטישן קאָנגרעס: מיר האָבן באַשיינפּערלעך זיך איבערצייגט, אַז נישט נאָר צוליב אונזער קליינער צאָל האָבן מיר נישט געהאַט קיין שאַנסן צו האָבן אַ השפּעה אויפן קאָנגרעס. פון דער באַציונג צו אונז האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז מען דאַרף אונז אויפן קאָנגרעס נאָר אַלס דעקאָראַציע, ווייל דער גאַנצער קאָנגרעס איז געווען מער נישט, ווי אַ שיינע דעמאָנסטראַציע, אַלץ פלעגט אָפּגעטון ווערן הינטער די קוליסן נאָך פאַרן קאָנגרעס, און, פאַרשטייט זיך, אַז צוליב אַזאַ דעקאָראַציע, ווי מיר זענען געווען, וועט דאָס ציוניסטישע בירגערטום קיין סך

נישט מקריב זיין. פאָרנדיק צוריק האָבן מיר שוין צווישן זיך גערעדט, אַז אויפן קינפטיקן צוזאַמענפאָר אָדער קאָנפערענץ וועט מען מוזן ענדערן די שטעלונג צום קאָנגרעס (כידוע האָט די רוסלענדער פאַרטיי אויף דער נאָנטסטער קאָנפערענץ אין קראָקע 1909 טאַקע באַשלאָסן מער נישט צו נעמען קיין אָנטייל אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן).

איין קאָמישער עפּיזאָד איז מיר געבליבן אין זכרון: אונזערע פּאַלעסטינע־דע־לעגאַטן — די חברים בן־צבי און שוחט — זענען געקומען צום קאָנגרעס מיט די לעצטע גראָשנס און נישט געהאַט מיט וואָס אַוועקצופאָרן. מיר האָבן מיט דער הילף פון אונזערע אויסלענדישע חברים געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו געפינען פאַר זיי די נייטיקע מיטלען. אָבער באַ זיי ביידן איז אַנטשטאַנען אַ געניאַלער געדאַנק, אַז זיי קאָנען נאָך דערפון מאַכן אַ גוט געשעפט. אָנשטאָט אויסצוגעבן די פאַר הונדערט פראַנק אויף שיפסקאַרטן און באַן־געלט, וועלן זיי בעסער קויפן צוויי וועלאָסיפּעדן, אויף וועלכע זיי וועלן אַוועקפאָרן מיט דער יבשה דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל און קליין־אַזיען גלייך קיין פּאַלעסטינע. אַזוי אַרום וועלן זיי קומען צוריק אַהיים און דערביי בלייבן באַ די וועלאָסיפּעדן. אונזערע „פּראַקטישע" חברים איז גאָר אין קאָפּ נישט איינגעפאַלן, אַז פאַר דער צייט פון דער נסיעה וועלן זיי דאַרפן אויפעסן אַ סך מער, ווי די וועלאָסיפּעדן וואָלטן געקאָסט. זיי האָבן אָבער גאַנץ ערנסט פאַרטיידיקט זייער פּלאַן און זענען געוועזן באַליידיקט אויף אונז, וואָס מיר האָבן זיך נישט גע־קאָנט איינהאַלטן פון לאַכן, הערנדיק זייערע פּלענער.

אויב דער VIII־טער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט נעגאַטיוו געבראַכט דער באַ־וועגונג אַ גרויסן נוצן דערמיט, וואָס די רוסישע פאַרטיי האָט פון אים זיך אָפּגעזאָגט אָנטיילצונעמען אין די קאָנגרעסן, האָט דערזעלבער קאָנגרעס אומדירעקט געבראַכט אויך אַ גרויסן פּאָזיטיוון נוצן דער באַוועגונג: דאָרטן אין האַאַג זענען זיך צונויפגע־קומען די פּועלי־ציון פון אַ סך לענדער און ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס דאָרטן איז אין דער צייט פון קאָנגרעס און תיכף נאָך אים פאַרגעקומען די 1־טע אַלוועלט־לעכע קאָנפערענץ פון פּועלי־ציון, וועלכע האָט פּראָקלאַמירט דעם פאַרבאַנד און געשאַפן דאָס ערשטע פאַרבאַנדס־ביוראָ אין ווין.

דאָס איז אָבער אַ וויכטיקער ענין פאַר זיך, וועגן וועלכן מען דאַרף שרייבן באַזונדער.

נ. ר.

# וואָס האָט געבראַכט צו דער אַנטשטייונג פונם וועלט-פאַרבאַנד פּועלי-ציון.

## 1. דער גלייכצייטיקער אָנהויב.

פּונקט ווי דער פּועלי-ציוניזם אַלס טעאָריע איז נישט באַשאַפן געוואָרן אין עמעצנס געניאַלן מוח, נאָר אויפגעקומען אין גייסטיקע חבלי-לידה פון יידישן פּראָלעטאַריאַט און איז היינט דער רעזולטאַט פון דורכגעמאַכטע אַנטוויקלונגס-פּראָצעסן — פּונקט אַזוי איז די פּועלי-ציוניסטישע באַוועגונג אין אירע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען נישט אַנטשטאַנען אין אירע ששת ימי בראשית, נאָר במשך פון יאָרן געבויעט און פאַרפעסטיקט געוואָרן, דורכמאַכנדיק אַ וועג פון זוכענישן, ביז זי האָט געפונען איר תיקון אין דער פאָרם פון וועלט-פאַרבאַנד, וועלכער פאַראייניקט אין זיך די יידישע אַרבעטער-מאַסן פון דער גאָרער וועלט.

די דירעקטע סיבות, וועלכע האָבן אָביעקטיוו געשאַפן דעם באָדן פאַר דער ערשטער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, ווערן פאַר אונדז קלאָר, ווען מיר באַקענען זיך מיט דער וויגעלע-עפּאָכע פון פּועלי-ציוניזם, מיט זיין אַנטשטייונגס-תקופה אין די יאָרן 1902-3.

די אָפיציעלע עקזיסטענץ פון די פּועלי-ציון-פּאַרטייען אין די פאַרשידענע לענדער דאַטירט זיך ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן. אַזוי, למשל, אין עסטרייך — יוני 1904 (דער ערשטער פּאַרטיי-טאָג אין קראָקע); אין אַמעריקע — דעצעמבער 1905 (די ערשטע קאָנווענשאָן אין באַלטימאָר); אין רוסלאַנד — מערץ 1906 (דער פּאָלטאַווער צוזאַמענפאָר); אין ענגלאַנד — דעצעמבער 1906 (די גרינדונגס-קאָנפערענץ אין ליווערפּול); אין פּאַלעסטינע —

יאַנואַר 1907 (דער ערשטער דעלעגאַטן־צוזאַמענפאָר אין יפו). אָבער די פ אַ ק ט י ש ע עקזיסטענץ פון פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס און גרופן דאַטירט זיך שוין פון די יאָרן 1902־3 און אפילו אין 1901 זענען שוין געווען אין רוסלאַנד „ציוניסטישע אַרבעטער־גרופן" און אין עסטרייך „יידיש־נאַציאָנאַלע האַנדלס־אָנגעשטעלטע און אַרבעטער־פאַריינען", פון וועלכע ס'האָבן זיך דאַן אַנטוויקלט די פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס.

די יאָרן 1902־3־4 זענען געווען די תקופה פון אידעישן כאַאָס און אָרגאַניזאַציאָנעלן תוהו־ובוהו. ערשט אין 1905 איז לפי־ערך פאַרענדיקט געוואָרן דער דיפע־רענצירונגס־פּראָצעס. פועלי־ציון הייבן דאַן אָן אין אַלע לענדער אַרויסצוטרעטן אַלס אַ זעלבשטענדיקער כּוח. באַפרייט פון דער בירגערלעך־ציוניסטישער אפּוטרופּסות; אָפּגעטרייסלט פון זיך די ס. ס.ישע עלעמענטן; זיך אָפּגעגרעצט פון דער סיימיסטישער ליקווידאַציע און זיך געשטעלט מיטביידע פיס אויפן באָדן פון קלאַסנקאַמף — אַנטשטייט ג ל י י כ צ י י ט י ק אין יעדן לאַנד די נויטווענדיקייט זיך צו פאַרייניקן מיט די פועלי־ציון פון אַנדערע לענדער, כּדי מיט בשותּפותדיקע כּוחות:

א) צו פאַרטיידיקן אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן די אינטערעסן פון דער יידישער אַרבעטער־עמיגראַציע.

ב) צו פירן אַ זעלבסטשטענדיקע רעאַלע אַרבעט אין פּאַלעסטינע.

ג) אָנצופירן דעם קאַמף פאַר אַ יידישער סעקציע אינם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

דאָס זענען געווען די דריי וויכטיקסטע מאָמענטן, וואָס האָבן געפירט אָרגאַניזאַציאָנעל צו דער אַנטשטייונג פונם וועלט־פאַרבאַנד פועלי־ציון.

ס'איז זייער אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש ביז גאָר, אַז דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס אין זייַנע הויפּט־ליניען איז אומעטום פאָרגעקומען זעלבסשטענדיק, כּמעט אָן דער השפּעה פון איין לאַנדס־פּאַרטיי אויף דער צווייטער. אין פאַרשידענע לענדער איז צו איינער און דערזעלבער צייט רייף געוואָרן דער געדאַנק, אַז ס'איז נ י י ט י ק זיך צו פאַרייניקן מיט די פועלי־ציון פון די איבעריקע לענדער און ס'זענען אפילו אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס צ ו ל י ב ־ וו אָ ס די פאַרייניקונג איז נייטיק — הגם איינע האָבן נישט געוואוסט פון די אַנדערע. אַז דאָס איז פאַקטיש אַזוי פאָרגעקומען, באַווייזן די פאָלגענדיקע מאַטעריאַלן.

## 2. די פ ר אַ ג ע פ ו ן צ י ו נ י ס ט י ש ן ק אָ נ ג ר ע ס א ו י ף ד ע ר ט אָ ג ־ אָ ר ד נ ו נ ג פ ו ן ד י פ ו ע ל י ־ צ י ו ן ־ פ אַ ר ט י י ע ן א י ן ד י פ אַ ר ש י ד ע נ ע ל ע נ ד ע ר.

דעם 11, 12 און 13־טן אָקטאָבער 1906, איז אין לעמבערג פאָרגעקומען דער 3־ט ע ר פ אַ ר ט י י ־ ט אָ ג (לאַנדעס־צוזאַמענפאָר) פון דער עסטרייכישער פועלי־

ציון-פּאַרטיי. אויף דעמדאָזיקן פּאַרטיי-טאָג איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז מ׳רייסט איבער די באַציונגען מיט דער ציוניסטישער לאַנד-אָרגאַניזאַציע; אַז די פּועלי-ציוניסטישע סטודענטן (אַקאַדעמיקער) מוזן אַרויסטרעטן פון די ציוניסטישע סטו-דענטישע פאַראיינען און אַז די פּועלי-ציון-דעלעגאַטן צום 8-טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַאַג, דאַרפן קעמפן פאַר אָפּענהיימערס פּראָ-יעקט וועגן קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע אין פּאַ-לעסטינע.

צו דער זעלבער צייט, אויך אין אָקטאָבער 1906, איז אין רוסלאַנד פאָרגעקומען אַ פּאַרטיי-קאָנפערענץ (אין גראָדנע), אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט — אַ חוץ די פאָרשטייער פון צ. ק. — 8 פאַרטרעטער פון די ראַיאָן-קאָמיטעטן און 2 פאָרשטייער פון פּוילישן פאַרבאַנד און דידאָזיקע קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן:

„אַנערקענענדיק. . . אַז דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז די אינסטיטוציע, וועל-כע רעגולירט דעם אייניוואַנדערונס-פּראָצעס פון יידישן קאַפּיטאַל, אַז זיין איינפלוס אַלס אָרגאַניזאַטאָר פון ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון די יידן אין פּאַלעסטינע, פאַרגרעסערט זיך אַלץ מער מיטן וואוקס פון דער יידישער עמיגראַציע אַהין — גע-פינט די קאָנפערענץ פאַר נויטיק צו נעמען אַן אָנטייל אין קאָנגרעס, כדי אויסצונוצן זיין איינפלוס אין די אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער. (אונזער קורסיוו). די קאָנפערענץ שטרייכט אָבער אונטער, אַז דער אָנטייל אין קאָנגרעס האָט אַ באַדייטונג נאָר דאַן, ווען מיר וועלן זיך אַליין פאַרנעמען מיט זעלבסטשטענדיקער רעאַלער אַרבעט אין פּאַלעסטינע".

דעם לעצטן זאַץ האָבן מיר בכיוון אונטערגעשטראָכן, כדי ס׳זאָל בולטער אַרויס-קומען דער געדאַנק, אַז שוין דעמאָלט, מיט 20 יאָר צוריק, האָבן די רוסישע פּועלי-ציון געהאַלטן פון זעלבסטשטענדיקער אַרבעט פאַר און אין פּאַלע-סטינע — בשעת די עסטרייכישע פּועלי-ציון האָבן דעמאָלט געהאַלטן, אַז די גאַנצע פּאַלעסטינער אַרבעט דאַרף געטון ווערן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פּועלי-ציון דאַרף אויף די קאָנגרעסן „קעמפן" פאַר די סאָציאַליטישע לאָזונ-גען.

די זעלבע קאָנפערענץ האָט אויך אָנגענומען דעם באַשלוס, אַז זי „געפינט פאַר וואונשבאַר, עס זאָל געגרינדעט ווערן אַן אַלוועלטלעכע פּועלי-ציוניסטישע ביוראָ, וועל-כע זאָל רעגולירן אונזערע באַציונגען צו דער אַלגעמיין-ציוניסטישער אָרגאַני-זאַציע". —

אין דעצעמבער 1906 איז אין באָסטאָן פאָרגעקומען די 2-טע קאָנווענשאָן פון די אַמעריקאַנער פּועלי-ציון און הגם זיי האָבן מיט 40 קעגן 7 שטימען באַשטעטיקט

זייער פּראָגראַמאַטישע רעזאָלוציע פון 1=טן צוזאַמענפאָר (1905), אַז זיי שטייען אויפן יסוד פון באַזעלער פּראָגראַם, האָבן זיי פונדעסטוועגן באַשלאָסן צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין פּאַלעסטינע, וועלכע זאָל דאָרט גרינדן אַ יידיש אַרבעטס=ביוראָ; אָרגאַנירן די דאָרטיקע יידישע אַרבעטער אין די רייען פון פּועלי=ציון; אויספאָרשן די פּאַלעסטינער אַרבעטס=באַדינגונגען און אינפאָרמירן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע איבער אַלע וויכטיקע פּאַסירונגען אין פּאַלעסטינע. די זעלבע קאָנפערענץ האָט אויך באַשלאָסן, אַז אַ חבר פון אַ פּועלי=ציון=אָרגאַניזאַציע טאָר נישט זיין גלייכצייטיק אַ מיטגליד פון אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אין די זעלבע טעג — פון 23 ביזן 25=טן דעצעמבער 1906 — איז ווידער גלייכצייטיק אין ליווערפּול אָפּגעהאַלטן געוואָרן די גרינדונגס=קאָנפערענץ פון די ענגלישע פּועלי=ציון, אויף וועלכער ס'איז ברייט באַהאַנדלט געוואָרן די שטעלונג צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און צו אירע אינסטיטוציעס און הגם די אָנגענומענע החלטות האָבן אויסגעדריקט אַ התלהבותדיקע פּאָזיטיווע באַציונג צו זיי — איז אָבער גלייכצייטיק אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וועלכע שטרייכט אונטער די נויטווענדיקייט פון אַ „פּאַרייניקונג מיט די פּוע״צ פון אַנדערע לענדער".

### 3. די פראַגע פון בשותפותדיקער טעטיקייט אין און פאַר פּאַלעסטינע.

פון די ביז איצט דערמאַנטע באַשלוסן זעען מיר שוין בפירושע סימנים, אַז דער לייט=מאָטיוו פון אַזויגערופענעם איינהייטלעכן פראָנט אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן איז אייגנטלעך געווען די שטרעבונג צו קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון די באַזונדערע לאַנדס=פּאַרטייען אויפן געביט פון קאָנקרעטער פּאַלעסטינע=אַרבעט.

אָבער אַקטועל און בולט איז געוואָרן דאָס פּראָבלעם, ערשט דעמאָלט, ווען אין פּאַלעסטינע איז אַנטשטאַנען אַ פּועלי=ציון=באַוועגונג.

די י. ס. ד. א. פּ. פּ. צ. אין פּאַלעסטינע האָט זיך באַוויזן אין דער סוכות=וואָך פון יאָר 1906. אינם יאַנואַר=חודש פון 1907 איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענקום פון דעלעגאַטן. מיט איר דערשיינען אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע פונם נייעם פּאַלעסטינער ישוב, האָט זי אויך זיך געצויגן דעם גרימצאָרן פון דער גאַנצער ציוניסטישער וועלט. דעם 1=טן מאַי 1907 האָט פּאַלעסטינע צום ערשטן מאָל דערזען אַ רויטע פאָן און דערהערט זינגען דעם אינטערנאַציאָנאַל. אין יוני האָט זיך באַוויזן דער פּאַרטיי=אָרגאַן אין יידיש — „דער אָנפאַנג". שטרייקן זענען געוואָרן אַן אָפטערע דערשיינונג, און פאַר די פּוע״צ פון דער גאַנצער וועלט — דערווייל זענען אַנטשטאַנען נייע אָרגאַניזאַציעס אין אַרגענטינע, רומעניע און כמעט אין אַלע מע[illegible]=אייראָפּעישע צענטרן — איז קלאָר געוואָרן, אַז זיי מוזן דער פּאַלעסטינער אַרבעטער=

שאַפט אַנטקייגנקומען מיט מאָראַלישער און מאַטעריעלער הילף, אַז זיי מוזן אונטער־נעמען אַ זעלבשטענדיקע פּאַלעסטינע־אַרבעט, כּדי צו זיכערן דעם קיום און וואוקס פון דער קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פון פּאַלעסטינער פּראָלעטאַריאַט און דאָס איז מעג־לעך נאָר דורך געמיינזאַמע כּוחות פון די פּ.צ. אין דער גאַנצער וועלט — ד. ה. דורך אַלוועלטלעכן פּועלי־ציון־פאַרבאַנד.

אָט וואָס ס'זאָגן אונז וועגן דערדאָזיקער פראַגע די געשיכטלעכע מאַטעריאַלן אין דער פאָרם פון באַריכטן, פּראָטאָקאָלן און רעזאָלוציעס פון קאָנפערענצן און צו־זאַמענפאָרן.

אויף דעם אויבנדערמאָנטן דריטן פּאַרטיי־טאָג פון דער עסטרייכישער פּ. צ. פּאַרטיי (11, 12 און 13־טן אָקטאָבער 1906) האָט דער דעמאָלטיקער פּאַרטיי־סעקרע־טאַר ח' דר. מרגליות אָפּגעגעבן דעם דין־וחשבון, אין וועלכן ס'געפינען זיך די פאָלגנ־דיקע שורות*):

„באַלד נאָך דעם צווייטן פּאַרטיי־טאָג (שבועות 1905) האָבן מיר געמאַכט די פּראָבע צו דערנענטערן צו זיך די צעשפּרייטע פּועלי־ציוניסטישע גרופּן אין די פאַר־שידענע לענדער. דערצו האָט אונז דער 7־טער ציוניסטן־קאָנגרעס אין באַזעל געגעבן די בעסטע געלעגנהייט. אויף דער פּועלי־ציוניסטישער פאָרקאָנפערענץ אין באַזעל, וועלכע איז צוזאַמענגערופן געוואָרן דורך אונזערע דעלעגאַטן, איז אַרומגערעדט גע־וואָרן אונזער טאַקטיק אויפן קאָנגרעס, אונזער שטעלונג צו אַלע פראַגן, וועלכע האָבן באַדאַרפט באַהאַנדלט ווערן אויף דיזן קאָנגרעס. עס איז אונז געגאַנגען צו פאַר־אייניקן אַלע פּועלי־ציוניסטישע דעלעגאַטן אַלס אַ ליבקן פליגל פון קאָנגרעס און צו גרינדן אַן אינטערטעריטאָ־ריאַלן (אַלוועלטלעכן) פּועלי־ציוניסטישן ביוראָ (אונזער קורסיוו).

צוליב די באַמיונגען פון ח' קאַפּלאַנסקי, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט די עסט־רייכישע פּוע"צ האָט מען אָנגענומען כּמעט אַלע רעזאָלוציעס בנוגע צום קאָנגרעס, וועלכע זענען באַשלאָסן געוואָרן אויף אונזער II־טן פּאַרטיי־טאָג. לײדער האָט מען נאָך נישט געקענט טראַכטן וועגן פאַראייניקן די כּוחות צוליב פּראָגראַמאַטישע חילוקים (וואָר־שיינלעך דאַרף זיין: חילוקי דעות. י. ק.) און דורך דעם אויפפלאַקערן פון דער רע־וואָלוציע אין רוסלאַנד. פון דעם ערשטן מאָמענט אָן האָבן זיך אונזערע חברים אין רוסלאַנד געוואָרפן אין פייער פוןדער רעוואָלוציע און ווען די בלוטיקע צאַרישע רעגירונג, ווילנדיק לעשן דאָס פייער פון דער רעוואָלוציע אין טייכן פון יידיש בלוט, האָט אָר־גאַניזירט די שענדלעכע פּאָגראָמען, זענען ווידער אונזערע ח"ח געווען די ערשטע,

*) די שפּראַך און סטיל גיבן מיר איבער לויטן אָריגינאַל, באַנוצנדיק זיך בלויז מיט דער היינטיקער אָרטאָגראַפיע.

װעלכע האָבן געשאַפֿן די זעלבסטשוץ. אין דיזן שווערן מאָמענט האָבן מיר אין עסטרייך נישט געטאָרט זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט, און מיר זענען געקומען אונזערע ברידער צו הילף מאַראַליש און מאַטעריעל. מיר האָבן אומעטום געזאַמלט פֿאַר דער זעלבסטשוץ, אַ חוץ דעם האָט די פּאַרטיי־עקזעקוטיווע, סיי אַליין, סיי מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן, פֿאַראַנשטאַלטעט אַ גאַנצע רייע פּראָטעסט־פֿאַרזאַמלונגען, פֿון װעלכע עס פֿאַרדינען אונטערגעשטראָכן צו װערן די פֿאַרזאַמלונגען אין װין און אין קראָקע, װאו אין דער דעמאָנסטראַציע האָבן זיך באַטייליקט טויזנטער מענטשן.

טראָץ דער רעװאָלוציע און זעלבסשוץ, װעלכע האָבן כמעט אײַנגאַנצן פֿאַרנומען די כוחות פֿון אונזערע חברים אין רוסלאַנד און טראָץ די גרויסע רעפּרעסיעס פֿון דער רוסישער רעגירונג, װי למשל, די קאָנפֿיסקאַציע און אָפּשטעלונג פֿון דער „ייד. אַרב. כראָניק" און די אַרעסטירונג פֿון אונזער מוטיקן חבר באָראָכאָװ, האָט דאָך די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט פֿון אונזערע חברים אין רוסלאַנד און פּוילן געמאַכט גרויסע פֿאָרשריט, אַזוי, אַז דאָ נישט לאַנג איז געשאַפֿן געװאָרן אַ צ. ק. פֿאַר רוסלאַנד און פּוילן און די פֿאַרהאַנדלונגען, װעלכע װערן געפֿירט פֿון אונז מיט די רוסישע און אַמעריקאַנישע ח"ח װעגן אײַנבאַרופֿן אַן אַלװעלטלעכן פּוע"צ־צוזאַמענפֿאָר, נעמט שוין אָן אַ רעאַלע געשטאַלט". („ייד. אַרבעטער" נר. 35—36, III־טער יאָרגאַנג. — 19 אָקטאָבער 1906).

אויף דעם זעלבן פּאַרטיי־טאָג איז אויך געװען דער ח׳ כאַשין אַלס פֿאָרשטייער פֿון דער י. ס. ד. א. פּ. (פּוע"צ.) אין רוסלאַנד, װעלכער האָט זײַן באַגריסונג־רעדע, באַלד בײַ דער דערעפֿענונג פֿונם צוזאַמענפֿאָר, פֿאַרענדיקט מיט די פֿאָלגנדיקע װערטער:

„די רוסישע חברים קוקן מיט האָפֿנונג אויף דעם איצטיקן פּאַרטיי־טאָג און דערװאַרטן פֿון אים די שטאַרקונג פֿונם פּוע"צ־געדאַנק אין עסטרייך, דען נאָר דאָס װעט אונז דערלייכטערן אונזער פֿאַרייניקונג אין אַן אַלטװעלטלעכן פּוע"צ־פֿאַרבאַנד."

די שריפֿטלעכע באַגריסונג פֿון די אַמעריקאַנער פּוע"צ, האָט זיך דאָסגלייכן פֿאַרענדיקט מיטן װאונטש, אַז די עסטרייכישע פּאַרטיי װעט זיך באַשעפֿטיקן מיט דער פֿראַגע װעגן אַן אַלטװעלטלעכן פּו"עצ. ביוראָ.

אין סוף פֿון חודש אָקטאָבער אין דעם זעלבן יאָר, פֿון װאָס עס איז צו זען, אַז ס׳איז געשען זעלבסטשטענדיק, אָן װעלכער ס׳איז השפּעה מצד עסטרייך, אָדער רוסלאַנד, האָט זיך אין גאַליציע דערהאַלטן די ידיעה, אַז אין אַרגענטינע האָט זיך קאָנסטיטואירט אַ „ייד. סאָצ. אַרב. פּאַרטיי פּועלי־ציון" און דער בוענאָס־איירעסער צ. ק. האָט אונז צוגעשיקט אַ פּראָקלאַמאַציע, װעלכע ער האָט — צוליב דער גרינדונג פֿון דער פּאַרטיי — אַרויסגעלאָזט צו דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט אין אַרגענטינע. אין דערדאָזיקער פּראָקלאַמאַציע װערט איבערגעגעבן דאָס פּראָגראַם פֿון די

אַרגענטינער פּוע״צ און צום סוף זאָגט זיך דאָרט אָן די בשורה, אַז „פּועלי־ציון אָר־גאַניזאַציעס וואַקסן אין אַלע עקן פון דער וועלט. אויף זייער פאָן איז אָנגעשריבן „ערד און פרייהייט". און די אַרגענטינער פּוע״צ. וועלן זיך באַשטרעבן צו פאַרייניקן מיט די פּוע״צ, פון דער גאַנצער וועלט".

אַ חוץ דער אויבנגעבראַכטער רעזאָלוציע, פון די רוסלענדישע י. ס. ד. א. פּ. (פּוע״צ.) אויף דער גראָדנער פּאַרטיי קאָנפערענץ, איז דיזאָזיקע פראַגע באַהאַנדלט געוואָרן דורך זיי אין זייער פּאַרטיי־פּרעסע („פּאָרווערטס" נר. 3, פון 17־טן (אַלטער סטיל) 1907) און אויפן סדר־היום פון ערשטן אָרדענטלעכן צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָר־געקומען אין אויגוסט 1907, האָט זיך געפונען אַ באַזונדערער פּונקט: „אונדזער פאַר־העלטעניש צו די אַלוועלטלעכע פּועלי־ציון".

דאָס דאַמאָלס יינגסטע קינד אין דער פּועלי־ציון-משפּחה, די פּאַלעסטינער פּאַר־טיי — האָט אויף איר 1־טן דעלעגאַטן־צוזאַמענפאָר פון יאַנואַר 1907 אויסגעדריקט איר שטעלונג צו דער פראַגע וועגן דער פאַראייניקונג פון די באַזונדערע פּועלי־ציוניס־טישע לאַנדס־פּאַרטייען, אין דער פאָלגנדיקער רעזאָלוציע:

„אָנערקענענדיק, אַז די יידישע ווירקלעכקייט אין די גלות־לענדער פירט צו דער עמיגראַציע פון די יידישע אַרבעטער קיין פּאַלעסטינע — פאַרייניקט זיך די פּאַרטיי מיט די אַלוועלטלעכע פּוע״צ אין אַלע פראַגן, וועלכע באַרירן אונדזערע גע־מיינזאַמע אינטערעסן".

### 4. די פראַגע פון אָנשלוס אינם אינטערנאַציאָנאַל.

די פראַגע פון אָנשלוס אינם אינטערנאַציאָנאַל איז אין די פּועלי־ציון־רייען געוואָרן אַקטועל באַלד באַם אָנהייב פון דער באַוועגונג. די שוועריקייטן, וואָס די באַ־זונדערע לאַנדס־פּאַרטייען האָבן באַגעגנט אויפן וועג צו דער דערנעענטערונג מיט אַרומיקן פּראָלעטאַריאַט — און גאַנץ באַזונדערס באַ דער קאָנקרעטער אַקציע וועגן שאַפן אַ יידישע סעקציע באַם אינטערנאַציאָנאַל — האָבן, לכתּחילה, געשטויסן די פּועלי־ציון־פּאַרטייען פון פאַרשידענע לענדער, צו קאָאָרדינירן זייער טעטיקייט אויפן דאָ־זיקן געביט, און לסוף האָט דידאָזיקע פראַגע געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל באַ דער אַנטשטייונג פון וועלט־פאַרבאַנד אַלס אַזעלכן.

כּדי פאַרן איצטיקן פּועלי־ציוניסטישן דור קלאָר צו מאַכן, וואָס פאַר אַ ראָל די פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַל האָט דעמאָלט בכלל געשפּילט אין דער באַ־וועגונג, ווי ווייט דערדאָזיקער מאָמענט האָט מיטגעווירקט צו דער אַנטשטייונג פון פאַרבאַנד און באַזונדערס כּדי צו פאַרשטיין די סתּירות, וועלכע געפינען זיך אינם

ערשטן מעמאָראַנדום*) פון פּועלי-ציון צום אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ, איז קודם-כל נייטיק אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון דער עסטרייכישער פּוע"צ-פּאַרטיי, וועלכע איז געווען דער הויפּט-מחבר פונם דערמאַנטן מעמאָראַנדום.

ביז צום 3-טן פּאַרטיי-טאָג (אָקטאָבער 1906), איז די עסטרייכישע פּאַרטיי אָפיציעל געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פונם אַזויגערופענעם „באַזעלער פּראָגראַם“. אידעיש האָט די פּאַרטיי מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מיש-מאַש פון וכל-מאמינים... ס'זענען אין איר געווען אַ היפּשע צאָל אינטעליגענטן, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען דעם פּוע"צ-יוניזם ווי אַ ציוניסטישע עקספּאָזיטור אויף דער אַרבעטער-גאַס און ווען די פּאַרטיי האָט זיך אָפיציעל געשטעלט אויפן באָדן פון סאָציאַליזם, האָבן זיי אונז תיכף פאַרלאָזט און זענען צוריק אַריבער אין בירגערלעך-ציוניסטישן לאַגער. אַנדערע ווידער האָבן געזען אין פּועלי-ציוניזם די פאַרקערפּערונג פון אַ מין ספּעציעלן פ אָ ל ק ס-סאָציאַליזם און האָבן זיך געהאַלטן אין דער פּאַרטיי ביז מ'האָט זיי אויסגעשלאָסן. אַ סך פון די דעמאָלטיקע ח"ח האָבן אַזוי צו זאָגן מיטגעהאַלטן שריט מיט דער באַוועגונג און האָבן זיך קוים דערשלעפּט ביז צום ר ע כ ט ן פּועלי-ציוניזם און אַ באַדייטנדע צאָל ח"ח — באַזונדערס דער אַרבעטער-עלעמענט — זענען שוין דעמאָלט פּראָגראַמאַטיש געווען נאָענט צו דער רוסלענדישער פּאַרטיי.

באַ אַ ז ע ל כ ע אומשטענדן דערשיינט ווי זעלבספאַרשטענדלעך דאָס, וואָס מיר ווילן איצט איבערגעבן.

אויפן דערמאַנטן דריטן פּאַרטיי-טאָג, איז געווען אַ רעפעראַט וועגן „טאַקטיק“. דער רעפעראַט און די פאָרגעלייגטע רעזאָלוציעס האָבן זיך באַמיט צו באַגרינדן, אַז היות דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין עסטרייך איז צו שוואַך, כדי צו פירן אַ זעלבסשטענדיקע קלאַסן-פּאָליטיק און אַזוי ווי די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אַנדערע נאַציעס האָבן בישט קיין פאַרשטענדעניש צו פאַרטיידיקן אונזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן — לכן דאַרף מען באַ טיים אָדער פּאַרלאַמענטס-וואַלן שטיצן די ציוניסטישע דעמאָקראַטיע.

אַרום דערדאָזיקער פראַגע האָט זיך געפירט אַ ליידנשאַפטלעכע און שעהן-לאַנגע דעבאַטע. די טאַקטיק-דעבאַטע איז געווען גענוג כאַאָטיש און אַ היפּשן פּלאַץ האָט אויך פאַרנומען די פראַגע: צי מעגן די אַקאַדעמיקער (סטודענטן) פּועלי-ציון גלייכצייטיק געהערן צו די אַקאַדעמיש-ציוניסטישע פאַריינען.

וועלנדיק אָפּציען די איבערגעשפּאַנטע אויפמערקזאַמקייט פון די דערמאַנטע צוויי פראַגן און בכלל דערמאַנען, אַז ס'עקזיסטירט פאַר אונז נאָך אַ פּ ר אַ ג ע, האָט דער שרייבער פון דידאָזיקע שורות — נאָך אַ קורצער באַגרינדונג, אין דער דיסקו-

*) דער פולער טעקסט פונם מעמאָראַנדום ווערט געבראַכט אין איצטיקן „פּנקס“ אין דער רובריק „מאַטעריאַלן“. רעד.

סיע וועגן טאַקטיק, אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע וועגן אונזער שייכות צו דער אינ-טערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג און וועגן אונזער באַטייליקונג אין די קאָנגרעסן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

מען מוז אָבער מודה-זיין, אַז בכלל האָט די פראַגע אַרויסגערופן אַ קנאַפּן אינ-טערעס און די רעזאָלוציע איז שפּעטער אָנגענומען געוואָרן — מ'קען זאָגן — בײַ אַ קאָלאָסאַלער. . . גלייכגילטיקייט. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז נאָכן אַריינטראָגן דידאָזי-קע רעזאָלוציע האָבן אין דער ווייטערדיקער דיסקוסיע גערעדט נאָך 10 דיסקוטאַנטן און קיין איינציקער — אַחוץ קאַפּלאַנסקין — האָבן צו דער פראַגע בכלל און צו דער רעזאָלוציע בפרט קיין שום שטעלונג נישט גענומען. ס'איז נישט אויסגע-שלאָסן, אַז די רעזאָלוציע וואָלט געווען געהאַט נאָך אַן ערגערן סוף, ווען נישט דאָס, וואָס זי האָט אומדירעקט געקריגן אַ הכשר דורך די פאָלגנדיקע ווערטער פון ח' קאַפּ-לאַנסקי:

„מיר וועלן גיין צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטער, מיר וועלן זיך סטאַרען שיקן אונדזערע פאַרטרעטער אויפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָצ. קאָנגרעס, וועלכער וועט אַצינד זיין צוזאַמענגעזעצט אויפן נאַציאָנאַלן באַזיס. אַלע סאָציאַליסטן אַחוץ די יידישע פּי-רער וועלן אַוודאי אָנערקענען אונדזערע רעכט*).

נאָך אַזאַ האַלב-דירעקטער רעקאָמענדאַציע פונם ערשטן מאַן אין דער פּאַרטיי, ווי ס'איז דאַמאָלט געווען ח' קאַפּלאַנסקי, האָבן אַפילו די עקסטרעמסטע דעלעגאַטן — און אַזעלכע זענען געווען אַ היפּשע גרופּע, אונטער דער אָנפירונג פון די העברעאישע לערער — אויך נישט געוואַגט צו שטימען קעגן. אָבער, אַז קיין גרויסן „צימעס" האָט מען פון דעם אָנגענומענעם באַשלוס נישט געמאַכט, איז צו זען דערפון, וואָס בשעת די „קאַזיאָנע" און לאַנגווייליקע דיסקוסיע וועגן באַריכט איז דערנאָך אינם פּאַרטיי-אָרגאַן איבערגעגעבן געוואָרן ווערטלעך, כמעט סטענאָגראַפיש, איז דערגעגן דער באַשלוס צום סוף פון באַריכט בלויז דערמאַנט מיט די פאָלגנ-דיקע ווערטער:

„רעזאָלוציאָן פון חבר קענער.

די פּאַרטיי-לייטונג זאָל זיך סטאַרען שיקן פאַרטרעטער פון די פּוע"צ צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטן-קאָנגרעס".

---

*) כיר ברענגען דעמדאָזיקן ציטאַט אין דעזעלבער שפּראַך און סטיל, לויט ער איז געדרוקט אַ נבם באַריכטס-נומער פון „יידישן ארבעטער". פאַרשטיין דאַרף מען דעם זאַץ אין דעם זין, אַז דער קאָנגרעס וועט באַשטיין פון דעלעגאַציעס לויטן נאַציאָנאַליטעטן-פּרינציפּ און אַז אַלע סאָצ. פּאַרטייען, אַחוץ די אַסימילירטע יידן, וועלכע זײַנען פּירער בײַ די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די אומות-העולם, וועלן אָנערקענען אונזער רעכט.

נאָכן פּאַרטיי־טאָג, זענען אַלע באַהאַנדלטע פראַגן ב ר י י ט אַרומגערעדט געוואָרן אינעם פּאַרטיי־אָרגאַן, נאָר די פראַגע וועגן אונזער באַטייליקן זיך אינעם אינטערנאַציאָנאַל, איז מיט קיין שום וואָרט נישט דערמאָנט געוואָרן. ערשט אינעם חודש יוני 1907, ווען ס'האָט שוין געהאַלטן נאָנט פאַרן זעקסטן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין שטוטגאַרט, ווען דאָס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ אין בריסעל האָט שוין געהאַט געגעבן א נעגאַטיוון ענטפער אויפן בשותפותדיקן מעמאָראַנדום פון די רוסישע, עסטרייכישע און אַמעריקאַנער פּוע"צ־פּאַרטייען, וועגן וועלכן מיר וועלן נאָך שפּעטער רעדן — ע ר ש ט  ד ע מ אָ ל ט האָט מען אָנגעהויבן די פראַגע צו באַהאַנדלען אויף די שפּאַלטן פונם „יידישן אַרבעטער". אינעם נר. 26 IV יאָרגאַנג, פון 28 יוני 1907, ווידמעט דער פראַגע ח' קאַפּלאַנסקי אַ לייטאַרטיקל, וועלכער הייבט זיך אָן מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

„אַ גוטע בשורה ברענגען מיר היינט אַלע יידישע אַרבעטער. אונדזער פרייד — דערין זענען מיר איבערצייגט — טיילן מיט אונדז אַוודאי אויך די יידישע פּראָלעטאַריער, וואָס שטייען נאָך נישט אין אונדזערע שורות, וואָס זענען דורך פאַלשע פאָרשטעלונגען און קעגנערישע רכילות אָפּגעהאַלטן געוואָרן צוצושטיין צו דער ייד. סאָצ. אַרב. פּאַרטיי פּועלי־ציון. עס איז געווען אַלטער וואונש פון אַלע חברים, צו פאַרלאַנגען פאַרן יידישן קלאַסנבאַוווסטן פּראָלעטאַריאַט אַ פאַרטרעטונג אינעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ. דער דריטער לעמבערגער פּאַרטיי־טאָג פון די פּועלי־ציון עסטרייכס, האָט אָנגענומען אויך אין דעם זין אַ רעזאָלוציע פונם חבר קענער. אונדזער פּאַרטיי־לייטונג, אויספירנדיק דעם באַשלוס, האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט די צענטראַל־קאָמיטעטן פון די שטאַרקסטע פּועלי־ציוניסטישע פעדעראַציעס (פון רוסלאַנד און אַמעריקע) און האָט אָנגעמעלדעט אין מערץ (פון דעם יאָר) דעם אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ דעם בייטריט פון דער ייד. סאָצ. אַרב. פּ. פּועלי־ציון צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אַ סאָציאַציאָן. צו דערזעלבער צייט פאַרלאַנגט אונדזער פּאַרטיי אַ פאַרטרעטונג אינעם ביוראָ. פון די יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען האָבן פאַרלאַנגט אַ פאַרטרעטונג אויך די טעריטאָריאַליסטישע סאָציאַליסטן — די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (ס. ס.). — דאָס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ אין בריסל, האָט אין זיין לעצטער זיצונג באַטראַכט די פאָדערונג פון די „ציוניסטישע סאָציאַליסטן" — ווי מען רופט אָן אינעם אָפיציעלן זיצונגס־באַריכט די פּועלי־ציון און ס. ס. — ווי אויך די גלייכע פאָדערונגען פון די רוטענישע, קראָאַטישע און סלאָוואַקישע סאָציאַליסטן. דאָס ביוראָ האָט באַשלאָסן איבערצוגעבן די פאָדערונגען פון די „קליינע" פעלקער די איינצעלנע סעקציעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלע, וואָס דאַרפן שפּעטער אַרויסזאָגן זייער מיינונג: די פאָדערונג פון די רוטענישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן איז איבערגעגעבן געוואָרן דער עסטרייכישער, פון די קראָאַטישע און סלאָוואַקישע — דער אונגאַרישער און פון די יידישע סאָצ. פּאַרטייען — דער רוסישער סעקציע".

די „גוטע בשורה" איז אַלזוי, ווי מיר זעען, באַשטאַנען אין דעם, וואָס מ'האָט אונז אָפּגעשיקט צו דער רוסישער סעקציע...

דער ווייטערדיקער טייל פונם אַרטיקל רעדט אַרום די נישט ריכטיקע פאַרענטפערונג פון דער פראַגע דורך דעם אינט. סאָצ. ביוראָ און ווייזט אָן דערויף, אַז דאָס יידישע אַרבעטער=פראָבלעם איז אַ ל ו ו ע ל ט ל ע ך. די פּוע"צ ווילן נישט אַריינדרינגען אינעם אינטערנאַציאָנאַל דורך אַן הינטער=טיר — אַלס אַ טייל פון וועלכער ס'איז לאַנדעס=סעקציע, נאָר זיי פאָדערן די אָנערקענונג פון ד ע ר י י ד י ש ע ר אַציע און אַ שאַפונג פון אַ י י ד י ש ע ר ס ע ק צ י ע.

אין דער עסטרייכישער פּוע"צ=פּאַרטיי האָט דידאָזיקע פראַגע נאָך געפונען אַן אָפּקלאַנג אינעם „יידישן אַרבעטער" נר. 32 (IV=טער יאָרגאַנג — 9=טער אויגוסט 1907), וואו ס'געפינט זיך אַ רעדאַקציאָנעלער לייט=אַרטיקל, פון קיינעם נישט אונטערגעשריבן, (איצט נאָך 20 יאָר מעג מען דאָך שוין מגלה=סוד=זיין, אַז דער מחבר פון יענעם אַרטיקל איז ח' א. ל. שוסהיים) וועלכער פאַרענדיקט זיך מיט די פאָלגנדיקע שורות:

„און ווען מיר ווערן איצט נישט צוגעלאָזן אין שטוטגאַרט, קוקן מיר דאָך מיט פאַראינטערעסירונג אויף די דאָרטיקע באַראַטונגען און אויף די החלטות, וועלכע וועלן דאָרט אָנגענומען ווערן. אייניקע טעג פאַר דער ערעפנונג פון דיזן קאָנגרעס*) וועלן זיך פאַרזאַמלען אונזערע פאָרשטייער פון פאַרשידענע לענדער און וועלן אויסדריקן אונזער פּראָטעסט קעגן דער ענגהאַרציקער אויפפאַסונג פון די אונז געגנערישע קרייזן אין דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע."

די פראַגע וועגן אָנשלוס צום אינטערנאַציאָנאַל האָט אויך אין דער רוסלענדישער פּאַרטיי פאַרנומען אַ געהעריקן פּלאַץ. אויפן ערשטן אָרדענטלעכן פּאַרטיי=צוזאַמענפאָר, וועלכער איז פאָרגעקומען אין דער ערשטער העלפט פון אויגוסט 1907 אין קראָקע, האָט זיך געפונען אויף דער טאָג=אָרדנונג אַ באַזונדערער פונקט: „דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס". דאָרט איז די פראַגע נישט באַרירט געוואָרן „צופעליק", נאָר ס'איז געווען אַ ספּעציעלער פונקט מיט אַן אַלזייטיקער גרינטלעכער דיסקוסיע און געהעריקע רעזאָלוציעס.

אין דעם דעמאָלטיקן לעגאַלן פּאַרטיי=אָרגאַן „פאָרווערטס", וואָס איז דערשינען אין ווילנע, איז די פראַגע באַהאַנדלט געוואָרן אין עטלעכע אַרטיקלען. אין נר. 2 פון 1-טן יולי 1907, שרייבט ח' ב. באָראָכאָוו, (אונטער דעם פּסעוודאָנים — מ—וויטש) אַ לענגערן אַרטיקל: „פון דער סאָציאַליסטישער וועלט". דאָס אַרטיקל, אין וועלכן דער

---

*) דאַ רעדט זיך פון 6=טן קאָנגרעס פון 2=טן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער איז פאָרגעקומען אין אויגוסט פון יאָר 1907 אין שטוטגאַרט און מיט עטלעכע טעג פריער איז פאָרגעקומען, אין האאג די ערשטע אַלוועלטלעכע פּועלי=ציון קאָנפערענץ. י. ק.

מהבר רעדט אַרום באריכות דעם פּרינציפּיעלן פּעלער, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַל איז ביז דעמאָלט געווען צוזאַמענגעשטעלט לויט „מלוכות" און נישט לויט „נאַציעס", אַנטהאַלט אויך אַן אָפּשאַצונג וועגן נישט־ריכטיקן באַשלוס פון ביוראָ, די ווענדונגען פון די אוקראַאינישע, סלאָוואַקישע, קראָאַטישע און יידישע ס. ד. פּאַרטייען, איבערצוגעבן צו די הערשנדע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די באַטרעפנדע לענדער, אין וועלכע ס'עקזיסטירן די ס. ד. פּאַרטייען פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, און ווערט פאַרענדיקט מיט די פאָלגנדיקע אויספירונגען:

„אַט דאָ ווייזט זיך בולט אַרויס די פולע נישט באַקאַנטשאַפט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ מיט דער יידן־פראַגע. באמת, אין מעמאָראַנדום (פון פּועלי־ציון י. ק.) איז דאָך קלאָר אָנגעוויזן, אַז פּועלי־ציון איז אַ ן אַ ל וועלטלעכע אָרגאַניזאַציע פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט; אינטערן מעמאָראַנדום זענען געווען אונטערגעשריבן נישט נאָר די רוסלענדישע, נאָר אויך די עסטרייכישע און אַמעריקאַנישע פּוע"צ, הייסט עס, אַז די רוסלענדישע סעקציע וועט אָננעמען אַ באַשלוס וועגן דער פאַרשטייערשאַפט פון די אַמעריקאַנישע פּוע"צ. . . אוודאי איז די רוסלענדישע סעקציע (ר. ס. ד., צוחשבונענדיק אַהער אויך דעם בונד און די ס. ר.) לחלוטין נישט קאָמפּעטענט אין די פראַגן, וועלכע זענען נוגע דעם אַלוועלטלעכן יידישן פּראָלעטאַריאַט. פּונקט אַזוי איז אויך כמעט אומגעלומפּערט די רעזאָלוציע וועגן די אוקראַאינישע ס. ד. וועלכע וואוינען דאָך נישט נאָר אין עסטרייך, נאָר אויך אין דער רוסלענדישער מלוכה, און וועגן די קראָאַטן, וועלכע וואוינען נישט נאָר אין אונגאַרן, נאָר אויך אין עסטרייך. דיזע וויכטיקע פּעלערן שטאַמען פון דעם, וואָס די מיטגלידער פונם אינט. סאָצ. ביוראָ זענען שלעכט באַקאַנט מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע. זיי דערוועגן זיך שוין גישט לגמרי צו פאַרוואַרפן די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פונם פּראָלעטאַריאַט פון די אונטערדריקטע נאַציעס, נאָר זיי וואַגן נאָך נישט מסכים צו זיין לגמרי מיט דיזע שטרעבונגען, און אומגעלומפּערטע טעותן זענען אומפאַרמיידלעך אומעטום, וואו ס'זענען פאַראַן אָפּאָרטוניזם און האַלבקייט.

די פּאַלעסטינער פּוע"צ־פּאַרטיי האָט אויסגעדריקט איר באַציונג צו דערדאָזיקער פראַגע, דערמיט וואָס זי האָט אויף איר ערשטן דעלעגאַטן־צוזאַמענקום אין יאַנואַר 1907, אָנגענומען די פאָלגנדיקע קורצע רעזאָלוציע:

„אַנערקענענדיק, אַז די אינטערעסן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע זענען סאָלידאַריש מיט די אינטערעסן פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט — באַטייליקט זיך די פּאַרטיי אינם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס.

וואָס פאַר אַ פלאַץ דידאָזיקע פראַגע האָט פאַרנומען אין דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי, קענען מיר נישט אָפּשאַצן, ווייל ס'פעלן אונז לגמרי וועלכע ס'איז מאַטעריאַלן. אָבער איינס איז זיכער, אַז אויך דאָרט איז די פראַגע געשטאַנען אויפן סדר־היום. דאָס איז צו זען דערפון, וואָס די אַמעריקאַנער פּאַרטיי האָט זיך דעמאָלט באַטייליקט

אין דער אָנשלוס=אַקציע און זיך אויך אונטערגעשריבן אונטער דעם, שוין עטלעכע מאָל דערמאַנטן, מעמאָראַנדום.

בנוגע דעם מעמאָראַנדום גופא, איז דאָ, אויף דעם אָרט, כדאי אויפמערקזאַם צו מאַכן בלויז אויף די שטעלן, וועלכע זענען זיך אין פּרינציפּ סותר און זיי שטאַמען פון אַ קאָמפּראָמיס צווישן די רוסישע פּועל־צ פון איין זייט און די עסטרייך=אַמעריקאַנישע פון דער אַנדערער זייט.

דער מעמאָראַנדום איז לכתחילה אויסגעאַרבעט געוואָרן פון ח׳ קאַפּלאַנסקין, אַלס פאָרשטייער פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי, איז דאַן איבערגעשיקט געוואָרן צו די צענטראַל=קאָמיטעטן אין רוסלאַנד און אַמעריקע. זיי האָבן געמאַכט זייערע „אויסבעסערונגען" און „הוספות". ס׳איז פאָרגעקומען אַ לענגערע שריפטלעכע שקלא=וטריא, ביז מען איז ענדלעך מושווה=געוואָרן אויף איין טעקסט, וועלכער האָט סוף כל סוף אַנטהאַלטן דעם פּאָליטישן אני=מאמין, אַז פּועל־צ אָנערקענט די נויטוועגדיקייט פון דער „עראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורך דעם פּראָלעטאַריאַט", וואָס מען האָט בנוגע דער עסטרייכישער און אַמעריקאַנישער פּאַרטיי, נישט געקענט זאָגן... און פון דער אַנדערער זייט איז אין מעמאָראַנדום אַריינגעקומען אַ פּאַס׳ס, אַז „פּאַלעסטינע איז די היסטאָרישע היימאַט פון יידישן פאָלק", אין וואָס מ׳האָט די רוסישע פּאַרטיי אַבסאָלוט נישט געקענט חושד זיין, אַז זי האַלט דערפון...

דידאָזיקע סתירה דערקלערט זיך נאָר דערמיט, וואָס נישט קוקנדיק אויף די טעאָרעטישע חילוקי=דעות, וועלכע האָבן דעמאָלט געהערשט, מער=ווייניקער אויף דער ליניע פון לאַנד=פּאַרטייען, האָט מען דאָך געמוזט בשותפות אַרויסטרעטן, נאָך איידער ס׳איז געקומען צו וועלכער ס׳איז פאַרשטענדיקונג צווישן זיך גופא, כדי צו דערגרייכן באַם אינטערנאַציאָנאַל אַ פאַרטרעטונג פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

ווי מיר זעען אַלזאָ, זענען די אויבן=דערמאַנטע 3 פראַגן, געווען די טרייבקראַפט, וועלכע האָט אַרויסגערופן די נויטווענדיקייט און טאַקע געפירט צו דער קאָנקרעטער פאַרייניקונג פון די פּועל־צ=פּאַרטייען. זיי זענען יאָרן=לאַנג געווען דער יסוד, אויף וועלכן ס׳האָט באַזירט דער אַמאָל איינהייטלעכער וועלט=פאַרבאַנד פון יאָר 1907 ביזן יאָר 1920 און דיזעלבע פראַגן: ציוניסטישער קאָנגרעס, פּראָלעטאַרישער פּאַלעסטיניזם און אינטערנאַציאָנאַל — האָבן אין יאָר 1920 געבראַכט צו דער שפּאַלטונג, אָבער שוין נישט לויט די לענדער, נאָר לויט פּאָליטישער אָריענטאַציע. די קאָנגרעסיסטן און פּשרה=סאָציאַליסטן זענען אַוועק און אין וועלטפאַרבאַנד זענען געבליבן די מאַסן, וואָס אָנערקענען און פירן דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַסנקאַמף.

יעקב קענער.

# די ערשטע וועלט־קאָנפערענץ

הגם די ערשטע וועלט־קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 14־טן ביזן 20־סטן אויגוסט 1907 אין האַאג (האָלאַנד), איז געווען אַ צופעליקע — האָט זי פונדעסטוועגן געשפילט אַ באַדייטנדע ראָל אין דער געשיכטע פון דער אַל־וועלטלעכער פועלי־ציון־באַוועגונג. אַ צ ו פ ע ל י ק ע איז זי געווען דערפאַר, ווייל זי איז צונויפגערופן געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיטן 8־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, און איר ב אַ ד י י ט ו נ ג באַשטייט דערין, וואָס זי איז דאָך געווען דער פונדאַמענט פאַר דער איינהייטלעכער באַוועגונג. דער חותם פון צופעליקייט איז אויף איר אויפגעדרוקט דער־מיט, וואָס אין איר האָבן זיך באַטייליקט בלויז דעלעגאַטן (און אויך אייניקע געסט) צום ציוניסטישן קאָנגרעס, און די ראָל אין אונזער באַוועגונג האָט זי געשפילט, ווייל אויף איר איז געגרינדעט געוואָרן — דער וועלט־פאַרבאַנד.

צונויפרופנדיק דידאָזיקע קאָנפערענץ, האָבן זיך אירע איניציאַטאָרן כמעט נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון, וואָס פאַר אַ באַדייטונג זי וועט האָבן. והא־ראיה: מען האָט זי לכתחילה גערופן „פאַרייניקונגס־קאָנפערענץ פון די פועלי־ציון", אָדער „קאָנ־פערענץ פון די פאַרייניקטע פועלי־ציון"; מען האָט זי באַשטימט אויף ערב דעם ציוניסטישן קאָנגרעס און, ווייל די רוסישע דעלעגאַציע איז אַרויסגעפאָרן פון קראָקע מיט אַ געוויינלעכן צוג (און נישט מיטן שנעל־צוג, אַזוי ווי ס'זענען געפאָרן די עסט־רייכישע דעלעגאַטן), האָט זיך די קאָנפערענץ פ אַ ק ט י ש אָנגעהויבן שוין בעת דעם

קאָנגרעס גופא. זי איז דערפאַר פאַרגעקומען לרוב אין די פרייע שעהן, ווען דער פלענום פון קאָנגרעס האָט נישט געהאַט קיין זיצונגען.

די קאָנפערענץ איז געווען צעטיילט אויף לאַנד־דעלעגאַציעס, פונקט ווי דער קאָנגרעס אויף „לאַנדסמאַנשאַפטן" און יעדע לאַנד־דעלעגאַציע האָט באַטראַכט אַן אַנ־דערע פראַגע פאַר דעם „טשוואָק" פון דער קאָנפערענץ. בשעת די עסטרייכישע דעלעגאַציע האָט פאַר זיך געזען בלויז איין ציל: אויסצוקעמפן פון קאָנגרעס, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זאָל קאָלאָניזירן ארץ־ישראל אויף קאָאָפעראַטיווע (אָדער ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן: גענאָסענשאַפטלעכע) יסודות לויט פראָפ. אָפּענהיימערס פּראָיעקט — האָט די רוסלענדישע דעלעגאַציע געזען די עיקרדיקע אויפגאַבע פון דער קאָנפערענץ אין דער גרינדונג פון וועלט־פאַרבאַנד, און די פּאַלעסטינער דעלעגאַטן ווידער האָבן פאַרלאַנגט, אַז אין צענטער פון די באַראַטונגען זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן די פראַגע פון בשותפותדיקער טעטיקייט פון אַלע פועלי־ציון־פאַרטייען פאַר פּאַלעסטינע.

נישט קוקנדיק אָבער דערויף, וואָס צו דער דאָזיקער קאָנפערענץ זענען געקו־מען די לאַנד־דעלעגאַציעס מיט טיפע חילוקי־דעות און אָרגאַניזאַטאָריש־טעכניש איז זי כמעט נישט געווען צוגעגרייט, האָט זי דאָך באַוויזן עפּעס ממשותדיקס אויפצו־טון.

ווי מיר זאָלן נישט קוקן היינט אויף דער פראַגע פון אָנטייל אינם ציוניסטישן קאָנגרעס, מוז מען אָבער צוגעבן, אַז בשעת מען איז יאָ געגאַנגען, איז בייטיק געווען אַן איינהייטלעך אַרויסטרעטן, און דאָס איז אויפן 8־טן קאָנגרעס, אַ דאַנק דער ערשטער וועלט־קאָנפערענץ (לייען: פאַרייניקונגס־קאָנפערענץ), פולשטענדיק דערגרייכט גע־וואָרן. און דווקא דידאָזיקע דערגרייכונג האָט בולט באַוויזן, אַז אפילו מיט אַן איינ־הייטלעכן פראָנט פון אַלע פועלי־ציון קען מען אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן נישט דערגרייכן מער, ווי אַ באַשיידענע דעמאָנסטראַציע. . . אויף אַזאַ אופן איז די ערשטע וועלט־קאָנפערענץ געווען דער סטימול צום אַנטי־קאָנגרעסיסטישן געדאַנק, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אויפן אַכטן ציוניסטישן קאָנגרעס גופא.

הגם די טעאָרעטישע חילוקי־דעות זענען אויף דער קאָנפערענץ נישט באַזייטיקט געוואָרן, איז אָבער דאָרט געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פאַר די שפּעטערדיקע פּראָלעטאַרישע פּאַלעסטינע־אינסטיטוציעס, ווי פּאַלעסטינע־אַרבעטער־פאָנד, אַרבעטס־פאַרמיטלונגס־ביוראָ א. ד. גל. ס'איז געשאַפן געוואָרן דער באָדן פאַר געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען לגבי דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער וועלט און ס'האָט זיך דאַמאָלס קאָנסטיטואירט — אמת, לכתחילה מיט באַשיידענע אויפגאַבן — דער אַלוועלט־לעכער פועלי־ציון־פאַרבאַנד.

*

*

אויף דער קאָנפערענץ זענען געווען פאַרטרעטן 6 לענדער: ר ו ס ל אַ נ ד, ע ס ט ר י י ך, פּ אַ ל ע ס ט י נ ע, אַ מ ע ר י ק ע, ע נ ג ל אַ נ ד און ר ו מ ע נ־

יען. די רוסישע דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון די ח"ח: באַראָכאָוו, ניר, כאַשין, ל. בערליגרויט און זאַר. די ערשטע 4 זענען גלייכצייטיק געווען דעלעגאַטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס, בשעת זאַר איז געווען דעלעגאַט בלויז צו דער קאָנפערענץ. די עסטרייכישע דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון די ח"ח: ש. קאַפּלאַנסקי, נ. גראָס*), דר. מאַקס ראָזענפעלד**) א. ל. שוסהיים, י. קענער, ש. ראָזענפעלד***), ל. שוצמאַן, און נאָך צוויי חברים****). פון אַמעריקע זענען געקומען די ח"ח: דר. קאַפּע-לאָוויטש און אַפּעלבוים. די פּאַלעסטינער דעלעגאַציע איז באַשטאַ-נען פון די ח"ח: בן-צבי (אבנר) און י. שוחט. פון ענגלאַנד איז געקומען ח' ק. מאַרמאָר (איצט אַ מיטאַרבעטער פון דער ניו-יאָרקער „פרייהייט") און ח' גאָלדהאַמער, אַליין אַ סטודענט פון רומעניע, וואָס האָט שטודירט אין ווין, האָט פאַרטרעטן די רומענישע פּאַרטיי. צוזאַמען זענען אַלזאָ געווען 21 דעלע-גאַטן, פון וועלכע 19 זענען גלייכצייטיק געווען קאָנגרעס-דעלעגאַטן. אַ חוץ זיי זענען צו דער קאָנפערענץ צוגעלאָזט געוואָרן מיט באַראַטונגס-רעכט פאָרשטייער פון די פּועלי-ציון גרופּן אין בעלגיען, שווייץ און פראַנקרייך.

צו איינע פון אונזערע זיצונגען איז אויך צוגעלאָזן געוואָרן אַן ענגלישער דע-לעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער איז אָבער גלייכצייטיק געווען אַן אַקטיווער טוער אין דער ענגלישער „לייבאָר-פּאַרטיי". נאָר אַזוי ווי ער האָט נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט, ווייל די קאָנפערענץ איז געפירט געוואָרן אויסשליסלעך אין יידיש, איז ער צו דער צווייטער זיצונג מער נישט געקומען. די איבעריקע קאָנפערענץ-דעלע-גאַטן, פון זייער זייט, זענען ווידער געווען אַזוי טרוד מיטן קאָנגרעס, מיט אונזער קאָנפערענץ און מיטן לויפן פון איין זיצונג צו דער צווייטער, אַז מ'האָט אָן אים איג-

---

*) אין יאָר 1902 ארויסגעטרעטן פון דער דייטשער ס. ד. פּאַרטיי אין עסטרייך און געוואָרן אַן אַקטיווער טוער אין דער ייד. סאָצ. ה"אַ-באַוועגונג. שפּעטער געווען במשך פון יאָרן אַ צ. ק. מיטגליד פון דער עסטרייכישער פּו"צ. פּאַרטיי און רעדאַקציע-מיטגליד פון „יידישן אַרבעטער". פאַר דער מלחמה אַוועק פון דער פּוע"צ.-באַוועגונג און געבליבן אַ באַאַמטער פון נאַציאָנאַל-פאָנד. מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן.

**) זע די נאָטיץ אין „אונזערע פּאַנטעאָן" (3-טע אָפּטיילונג).

***) דער פאָטער פון ח' ד"ר מ. ראָזענפעלד. דעמאָלט געווען אַ חבר, שפּעטער געוואָרן אַ „התאחדותניק". נאָכן טויט פון זון געשטאָרבן פאַר עגמת נפש.

****) די איבעריקע צוויי דעלעגאַטן קען איך זיך איצט נישט דערמאָנען אויף זיכער, ווער זיי זענען געווען. מיר דוכט זיך, אַז דאָס זענען געווען די ח"ח: צבי לאָריע פון אַנטווערפּן (בעלגיע), וועלכער האָט געהאַט אַ מאַנדאַט פון עסטרייך און מעגלעך אויך דר. קאַרל האַן פון ווין.

גאַנצן פאַרגעסן און אַזוי אַרום אַדורכגעלאָזט אַ גלענצענדע געלעגנהייט דעמאָלט אָנ־צוקניפּן באַציִונגען מיט דער ענגלישער אַרבעטס־פּאַרטיי.

* * *

דער סדר־היום פון דער קאָנפערענץ איז געווען אַ רחבותדיקער. ער האָט אַרומ־גענומען אַלע פראַגן, וואָס זענען דעמאָלט געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדנונג פון דער יונ־גער פּועלי־ציון־באַוועגונג, אָבער נישט אַלץ איז געוואָרן דערליידיקט. אַזוי ווי כמעט אַלע זיצונגען זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן בהפזון, האָט מען באַוויזן צו באַטראַכטן בלויז אַ טייל פון סדר־היום און די איבעריקע פראַגן האָט מען איבערגעגעבן צו דערליידיקן דעם „אייראָפּעישן פּוע״צ ביוראָ״, וואָס איז דעמאָלט געוויילט געוואָרן און פון וועלכן ס'האָט זיך דאַן אַנטוויקלט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ.

די פראַגן, וואָס זענען יאָ באַהאַנדלט געוואָרן, זענען אויך נישט באַטראַכט געוואָרן לויט אַ געוויסן סדר. אדרבה, זייער סדר איז געווען אַ כאַאָטישער, ווייל מ'האָט שטענדיק, באַם אַרויסנעמען פון דעם טאָג־אָרדנונג אַ וועלכן ס'איז פּונקט צו באַטראַכטן, זיך געמוזט רעכענען מיט דער צייט, ד. ה., וויפיל שעה ס'וועט דויערן די קאָנגרעס־הפסקה.

די קאָנפערענץ האָט זיך געצויגן כמעט אַ גאַנצע וואָך.

געעפנט די ערשטע זיצונג האָט ח' קאַפּלאַנסקי אינם נאָמען פון דער עסטרייכי־שער פּאַרטיי. — דאָס פּרעזידיום איז באַשטאַנען פון די ח״ח: ש ו ס ה י י ם (עסט־רייך), אַ פּ ע ל ב ו י ם (אַמעריקע), ב אַ ר אָ כ אָ ו ו (רוסלאַנד), א ב נ ב ר (פּאַלעסטי־נע) און ג אָ ל ד ה אַ מ ע ר (רומעניע) אַלס סעקרעטאַר. — די איבעריקע צייט פון דער גאַנצער ערשטער זיצונג, וועלכע האָט געדויערט היפּשע עטלעכע שעה, האָט מען זיך פאַרנומען מיט דער פראַגע וועגן אַן איינהייטלעכער טאַקטיק אויפן 8־טן ציוניס־טישן קאָנגרעס. די ווייטערדיקע זיצונגען האָבן באַטראַכט די פראַגע: „רעאַלע אַרבעט אין פּאַלעסטינע״. רעפערירט וועגן דערדאָזיקער פראַגע האָט ח' ש ו ח ט (פּאַלעסטינע). אין ערשטן טייל פון רעפעראַט האָט ער געשילדערט די לאַגע פון דער יידישער אַר־בעטערשאַפט אין פּאַלעסטינע; די אינדוסטרי־צווייגן, אין וועלכע זיי זענען באַשעפ־טיקט; די לוין־פאַרהעלטנישן און דעם אַרבעטסמאַרק. דער צווייטער טייל פון רעפע־ראַט איז געווען געווידמעט דער פּאָליטיש־רעכטלעכער לאַגע פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אין פּאַלעסטינע און דער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די ציוניסטישע אינ־סטיטוציעס. אינם זין פון זיינע אויספירונגען האָט ער פאָרגעלייגט, אַז די פאַרייניקטע פּועלי־ציון־פראַקציע זאָל פאָדערן פון קאָנגרעס: ס'זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן די איינ־וואַנדערונגס־שוועריקייטן; ס'זאָל געשאַפן ווערן אַן אינפאָרמאַציע־ביוראָ פאַר אַרבעט; די יידישע קאָלאָניאַל־באַנק זאָל געבן קרעדיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די ציוני־סטישע אָרגאַניזאַציע זאָל שאַפן אַ שטענדיקן פּאַלעסטינע־אַמט, אין וועלכן ס'זאָל אויך ייִנגיין אַ פאָרשטייער פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט.

אַלס קאָר־רעפערענט אין דער פּאַלעסטינע־פראַגע איז אַרויסגעטראָטן דער ח׳ נתן גראָס (ווין). דער ציל פון זיין רעפעראַט איז געווען צו באַווייזן, אַז די יידישע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע קען זיך אַנטוויקלען נאָר, אויב זי וועט געפירט ווערן אויף גענאָסנשאַפטלעכע (קאָאָפּעראַטיווע) יסודות. כדי דעמדאָזיקן ציל צו דערגרייכן, האָט ער צוערשט געגעבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון פּאָליטישן (הערצליאַנישן) ציוניזם, בעגעגבן דעפיניציעס פון די באַגריפן „עפנטלעך־רעכטלעך" און „פּריוואַט־רעכטלעך". דערפון איז ער געקומען צום אויספיר, אַז דער ציוניזם איז אַ חוץ דעם אויך אַ סאָציאַל פּראָבלעם און כדי דער סאָציאַליזם זאָל זיין ביכולת צו פאַרענטפערן די סאָציאַלע פראַגע פון די יידישע מאַסן, איז נייטיק צו שאַפן אַ יידישן פויערים־קלאַס אין ארץ־ישראל. דער בעסטער מעטאָד, לויט וועלכן ס׳קען געשאַפן ווערן אַ יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע, איז אָפּנעהיימערס פּראָיעקט פון קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע.

ח׳ בן־צבי (פּאַלעסטינע) האָט נאָך געהאַלטן אַ דערגאַנצונגס־רעפעראַט בנוגע דער פּאַלעסטינע־פראַגע. ער האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע אויפגאַבן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין פּאַלעסטינע און האָט אָנגעוויזן, אַז דורכפירן דידאָזיקע אויפגאַבן וועט די א״י־דיקע אַרבעטערשאַפט זיין אימשטאַנד נאָר מיט דער מיטהילף פון די פועלי־ציון־פּאַרטייען אין דער גאָרער וועלט.

נאָך דער דיסקוסיע, וועלכע איז געפירט געוואָרן איבער אַלע 3 רעפעראַטן צוזאַמען, זענען אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציעס, מער־ווייניקער אין דעמזעלבן זין, ווי ס׳האָט זיי פריער פאָרגעלייגט דער ח׳ שוחט.

די דיסקוסיע אַרום דער פראַגע פון אָפּענהיימערס פּראָיעקט פאַר גענאָסנשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע האָט מאַמענטנווייז פאַרגרעסערט דעם טעאָרעטישן תהום צווישן די רוסישע און עסטרייכישע דעלעגאַטן. אָבער סוף־כל־סוף האָט מען זיך באַרויקט, נאָכדעם ווי באָראָכאָוו האָט צום סוף פון דער דיסקוסיע געגעבן אַן אויפקלערונג, אין וועלכער ער האָט געזאָגט: „מיר זענען נישט קעגן אָפּענהיימערס פּראָיעקט, אָבער מיר קענען דאָס נישט באַטראַכטן אַלס אונזער אויפגאַבע" — און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן דעם קאָנגרעס פאָרצולייגן אַ זעלבשטענדיקע רעזאָלוציע.

אַזאַ רעזאָלוציע איז טאַקע אויסגעאַרבעט געוואָרן און פאָרגעלייגט געוואָרן פאַרן קאָנגרעס. אונזער עסטרייכישע דעלעגאַציע, ד. ה. אירע וואָרטפירער, זענען שוין אָבער דעמאָלט געווען גלענצנדע אָפּאָרטוניסטן. אַזוי ווי דער פּאַלעסטינע־אויסשוס פון קאָנגרעס האָט פון זיין זייט פאָרגעלייגט אַ רעזאָלוציע, אַז ביז אין אַ יאָר אַרום דאַרף אויסגעאַרבעט ווערן דער בודזשעט־פּראָיעקט און דער פּלאַן פון אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער קבוצה אויף גענאָסנשאַפטלעכע יסודות און דער

גרויסער אַקציאָנס־קאָמיטעט, אָדער די ציוניסטישע יאָר־קאָנפערענץ, וועט דעמאָלט דעם בודזשעט באַטראַכטן — איז די זעלבשטענדיקע רעזאָלוציע צוריקגעצויגן געוואָרן (פאַרשטייט זיך, כדי נישט צו שטערן דעם שלום־בית אויפן קאָנגרעס) און ש. קאַפּ־לאַנסקי האָט אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז. . . „מיר פּועלי־ציון פּ א ר ש ט י י ע ן דעם באַשלוס אַזוי, אַז דער אַקציאָנס־קאָמיטעט וועט אויך דאַרפן פינאַנסירן און דורכפירן דעם פּלאַן”.

פון קאָנגרעס־פּרעזידיום האָט מען אַפּלאָדירט פאַר אַזאַ פאַרוואָער דערקלערונג און אונזערע דיפּלאָמאַטן האָבן זיך געגרויסט, אַז מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן פּראַקטישן נצחון. . .

אַ גאַנץ באַזונדערע זיצונג איז געווען געווידמעט דער פראַגע וועגן „מצב פון פּועלי־ציון־באַוועגונג אין די פאַרשידענע לענדער”. פון רוסלאַנד האָט אָפּגעגעבן דין־וחשבון דער ח' ב אָ ר אָ כ אָ ו : דער אידעישער קאַמף מיט ס. ס., סיימיסטן און מינ־טשוקעס איז שוין פאַרענדיקט. די פּאַרטיי ציילט 8000 אָרגאַניזירטע ח"ח, פאַרמאָגט אַן אייגענעם פאַרלאַג, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן אַן אַנטשפּרעכנדע ליטעראַטור אויף יידיש און רוסיש. די פּאַרטיי פירט אָן מיט דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן.

ח' ש ו ס ה יי ם האָט רעפערירט וועגן מצב פון דער פּאַרטיי אין עסטרייך, וועל־כע האָט צו פירן אַ קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ אויף 2 פראָנטן : פון איין זייט מיט דער בירגערלעך־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון דער אַנדערער זייט — מיט דער זש. פּ. ס. (גאַליציישער „בונד”) און מיט דער יידישער סעקציע פון דער פּ. פּ. ס. — ער דערמאָנט דעם אָנטייל פון פּועלי־ציון אינם קאַמף פאַרן אַלגעמיינעם וואַל־רעכט און שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אויף דער ראָל פון דער פּאַרטיי אינם קאַמף פאַרן פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־רעכט. (כידוע זענען די פּ. פּ. ס. מיט דער זש. פּ. ס געווען קעגן פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־רעכט, ווייל דאָס וואָלט געהייסן צוריקפירן די יידישע מאַסן אין געטאָ אַריין). . .

ח' ק ע נ ע ר האָט דערגאַנצט דעם עסטרייכישן באַריכט מיט אַן איבערבליק איבער דער „יוגנט”־באַוועגונג אין גאַליציע און בוקאָווינע. ס'זענען פאַראַן 17 „יוגנט־פאַריינען” מיט 2000 מיטגלידער אינם עלטער פון 14—18 יאָר. דער סאָציאַלער באַ־שטאַנד פון די מיטגלידער איז אויסשליסלעך האַנטווערקער־לערנייִנגלעך און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן. די פאַריינען פירן אַן אַלזייטיקע דערציערישע און פּראָפעסיאָנעלע טע־טיקייט. זיי פאַרמאָגן אַן אייגענעם חודש־אָרגאַן „די יידישע אַרבעטער־יוגנט” און גרייטן זיך צו זייער ערשטער „יוגנט”־קאָנפערענץ, כדי צו גרינדן אַ זעלבשטענדיקן יוגנט־פאַרבאַנד.

וועגן צושטאַנד פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט גערעדט ח' אַפּעלבוים. די פּאַרטיי ציילט איבער 2000 ח"ח, פאַרמאָגט אַן אייגענעם אָרגאַן „דער יידישער קעמפער”, זי פירט אַ ברייטע פּאַלעסטינע־פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער דאָרטיקער יידישער

אַרבעטערשאַפט און עס אָרגאַניזירן זיך פּיאָנערן=גרופּן, וועלכע ווילן עמיגרירן קיין פּאַלעסטינע.

ח׳ ב ן = צ ב י גיט צו א דין=וחשבון וועגן דער לאַגע פון דער פּאַרטיי אין פּאַלעסטינע: היי=יאָר (1907) איז אין ארץ=ישראל צום ערשטן מאָל געפייערט געוואָרן דער 1=טער מאַי אַלס אַן אַרבעטער=יום=טוב. די ארץ=ישראלדיקע פּאַרטיי האָט אויך אָרגאַניזירט די יידישע אַרבעטער אין עגיפּטן. סיי אין פּאַלעסטינע, סיי אין עגיפּטן, אָרגאַניזירט זי אויך די תימנים און ספרדים. די פּאַרטיי גיט אַרויס אַ יידישן אָרגאַן „דער אָנפאַנג“, פון וועלכן ס׳זענען שוין דערשינען 2 נומערן און וועלכער איז שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די דאָרטיקע יידישע אַרבעטער.

ח׳ ג אָ ל ד ה אַ מ ע ר גיט איבער, אַז אין רומעניע עקזיסטירן 6 פּועלי=ציון=פאַריינען מיט 500 ח״ח און זייער הייסטער ווונטש איז — זיך צו פאַרייניקן מיט די פּועלי=ציון פון דער גאַנצער וועלט.

ח׳ ק. מ אַ ר מ אָ ר רעפּערירט וועגן דעם מצב פון דער פּאַרטיי אין ענגלאַנד. ער שילדערט, ווי שווער ס׳איז צו קומען צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ענגלאַנד מיט פּרינציפּן און סאָציאַליסטישע אידעען צוליב דעם, ווייל די גאַנצע דאָרטיקע אַרבעטערשאַפט איז „טרייד=יוניאָניזירט“. —

די לעצטע זיצונגען האָבן אויסגעהערט רעפּעראַטן פון די ח״ח ב ן = צ ב י וועגן דער „בשותפותדיקער טעטיקייט פון אַלע פּועלי=ציון פאַר פּאַלעסטינע“ און ז אַ ר וועגן דער „גרינדונג פון אַן אַלוועלטלעכן פּועלי=ציון=פאַרבאַנד“. אין דער דיסקוסיע איבער די דאָזיקע 2 רעפּעראַטן האָבן זיך אַרויסקריסטאַליזירט 2 מיינונגען: איינע, אַז ס׳זאָל געשאַפן ווערן בלויז אַ בשותפותדיק ביוראָ אין פּאַלעסטינע, וועלכעס זאָל קאָאָרדינירן די פּאַלעסטינע=טעטיקייט פון די פּועלי=ציון פון די פאַרשידענע לענדער. אַ צווייטע, אַז אַ חוץ דעם פּאַלעסטינע=ביוראָ זאָל אויך געשאַפן ווערן אַן אייראָפּעיש ביוראָ, אין וועלכן ס׳זאָלן אַריינגיין צו איינציקע פאָרשטייער פון יעדער פּועלי=ציוניסטישער לאַנד=אָרגאַניזאַציע. די פּאַרטיידיקער פון דער ערשטער שטעלונג האָבן געטענהט, אַז דאָס איינציקע, וואָס פאַרייניקט די פּועלי=ציון, איז פּאַלעסטינע און דערפאַר איז גענוג אַ פּאַלעסטינע=ביוראָ; דערקעגן אין אַלע אַנדערע פראַגן זאָל זיך יעדער פּאַרטיי גיין אין איר אייגענעם וועג. די אָנהענגער פון צווייטן צד האָבן זייער שטעלונג מאָטיווירט פון שטאַנדפּונקט, אַז היות דער ציל און צוועק פון אַלע פּועלי=ציון=פּאַרטייען איז איינער און דערזעלבער; היות דער יידישער פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט לעבט אומעטום אין די זעלבע עקאָנאָמישע באַדינגונגען — איז נייטיק צו גרינדן אַן אַלגעמיינעם פּועלי=ציון=פאַרבאַנד, וועלכער וועט דאַרפן אָנפירן מיטן קאַמף פאַר אונזער אָנערקענונג מצד דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און וועט דאַרפן פאַראייניטלעכן די ליניע פון טאַקטיק און פּאָליטישן קאַמף פון די פּועלי=ציון אין די פאַרשידנסטע לענדער.

געזיגט האָט דער צווייטער שטאַנדפּונקט און אויף דער לעצטער זיצונג, אויף

וועלכער ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן דעם וועלט־פאַרבאַנד, איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן דאָס ביוראָ, אין וועלכן ס׳זענען אַריין די ח״ח ב אָ ר אָ כ אָ ו ו און ק אַ פּ ל אַ נ ס ק י. דעם ביוראָ איז איבערגעגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו קאָאָפּטירן צו זיך — בהסכם מיט די צענטראַל־קאָמיטעטן פון די לאַנד־פּאַרטייען — נאָך חברים דאָס ביוראָ איז אויך פאַרפליכטעט געוואָרן צו שאַפן דאָס פּאַלעסטינע־ביוראָ און בכלל אָנצופירן מיט דער גאַנצער פּועלי־ציון־באַוועגונג.

דעם 20־טן אויגוסט 1907 איז די ערשטע קאָנפערענץ אין האַאַג געשלאָסן געוואָרן און פון יענעם טאָג אָן דאַטירט זיך די אָפיציעלע עקזיסטענץ פון „וועלט־פאַרבאַנד פּועלי־ציון“.

**ב. פעלדמאַן.**

# די ווינער פּאַרטיי-קאָנפערענץ

## [illegible]ון דער י. ס. ד. א. פּ. (פּועלי-ציון) אין סעפּטעמבער 1909.

### [illegible]ר י י נ פ י ר

די ווייטערדיקע בלעטער שטעלן מיט זיך פאָר אַן אויספּירלעכן, גענויען, כמעט סטענאָגראַפישן באַריכט פון דער פּאַרטיי-קאָנפערענץ פון די רוסלענדישע פּועלי-ציון, וועלכע איז פאָרגעקומען אין יאָר 1909 אין ווין און האָט געשפּילט אַן אַנטשיידנדע ראָל אין דער טעאָרעטישער אויסקריסטאַליזירונג און אָרגאַניזאַציאָנעלער אַנטוויקלונג פון דער פּאַרטיי. ווי ס'איז צו זען פון די וויכּוחים, האָבן זיך שוין אויף יענער קאָנפערענץ אָנגעצייכנט די הויפּט-פּונקטן, וועלכע האָבן שפּעטער געבילדעט דעם סלע המחלוקת צווישן פאַרשידענע טיילן פון דער אַלוועלטלעכער פּועלי-ציון-באַוועגונג און וועלכע האָבן מיט דער צייט אויך געבראַכט נאַטירלעכערהייט צו דער שפּאַלטונג אין יאָר 1920. עס האָבן זיך שוין דאַן צוזאַמענגעשטויסן די פּראָלעטאַרישע קלאַסן-אידעאָלאָגיע פון דער מערהייט רוסלענדישע חברים מיט באָראָכאָוון בראש און די אָפּאָרטוניסטישע אידעאָלאָגיע פון די עסטרייכישע פּועלי-ציון מיט קאַפּלאַנסקין בראש, וועלכע האָבן פון תמיד אָן געבויט אַלע זייערע פּאָליטישע-אויסזיכטן אויף דער צוזאַמענאַרבעט מיטן בירגערלעכן ציוניזם.

די הויפּט-אויפמערקזאַמקייט פון דער קאָנפערענץ איז געווען קאָנצענטרירט אויף די פּונקטן וועגן פאַרייניקונג פון די ייד. סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און וועגן דעם אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס.

די פאַרייניקונגס-פראַגע איז צו יענער צייט געווען אַקטועל. ערשט וואָס האָט די יידישע אַרבעטער גאַס געהאַט דורכגעמאַכט אַ פּעריאָד פון צעפּאַלונג און צעברעק-

לונג, ווען צוליבן חורבן פון די רעוואָלוציאָנערע אילוזיעס זענען די גרויסע מאַסן
אַריינגעפאַלן אין אַפּאַטיע און אָפּהענטיקייט און די אינטעליגענץ איז זיך צעלאָפן. אין
1909 האָט זיך אָנגעהויבן אָנמערקן דער איבערבראָך, און די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי
האָט געאײַלט אויפצושטעלן די אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיין מסוגל אויפצונעמען אין
זיך די ברייטע מאַסן, בײַ וועלכע עס האָט ווידער אויפגעוואַכט דער אינטערעס צום
פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף. האָט מען געזוכט דעם מקור פון די פריערדיקע דורכ=
פאַלן און געוואָלט אַרויסציען דעם בייטיקן מוסר=השכל פון דער גאָר נאָנטער פאַר=
גאַנגענהייט. אין שייכות דערמיט זענען אויפגעשווומען פאָרשלאַגן וועגן רעווידירן
פּראָגראַמען און פּראָיעקטן וועגן פאַרייניקונג פון פּאַרטייען. צוערשט אין אַמעריקאַ,
דערנאָך אויך אין רוסלאַנד.

צו דער ווינער קאָנפערענץ פון פּועלי=ציון זענען געקומען געסט פון אַנדערע
פּאַרטייען, מיט וועלכע עס האָבן זיך געפירט די אונטערהאַנדלונגען: ה׳ באָריסאָוו
אַלס פאָרשטייער פון דער ייד. סאָצ. אַרבעטער=פּאַרטיי (י. ס. אָדער סיימיסטן, צי
סערפּ) און ה׳ בערטאָלדי (וו. לאַצקי), דער פאָרשטייער פון דער ציונ. סאָצ.
אַרבעטער=פּאַרטיי (ס. ס). צו איין זיצונג, ווען ס׳איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע
וועגן פאַרייניקונג, איז צוגעלאָזן געוואָרן אויך ה׳ יוסף (דר. יוסף קרוק) פון ס. ס.
מיט באַראַטונגס=רעכט. אַלס פאָרשטייער פון די עסטרייכישע פּועלי=ציון און פאַרבאַנדס=
ביוראָ פון אַלוועלטלעכן ייד. סאָצ. אַרבעטער=פאַרבאַנד פּועלי=ציון איז אויף דער קאָנ=
פערענץ געווען ה׳ קאַפּלאַנסקי. די אַלע געסט האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די
דעבאַטן איבער די וויכטיקסטע אַקטועלע פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק, וועלכע
זענען געשטאַנען פאַר דער קאָנפערענץ.

די דיסקוסיע וועגן אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס איז פאַר דער פּועלי=ציון=
באַוועגונג געווען פון נאָך גרעסערער באַדייטונג. אין שייכות מיט דער אָנגענומענער נע=
גאַטיווער שטעלונג צום קאָנגרעס האָט זיך שפּעטער אַ לאַנגע צייט געפירט אַ לײדנ=
שאַפטלעכע פאַרביסענע פּאָלעמיק אויף די שפּאַלטן פון „ייד. אַרבעטער", אָרגאַן פון די
עסטרייכישע פּועלי=ציון, וועלכער איז דאַן רעדאַגירט געווען פון ה׳ זרבבל און
פּאַקטיש געגאָלטן אַלס צענטראַל=אָרגאַן פון דער גאַנצער פּועלי=ציון=באַוועגונג. די פּאָ=
לעמיק צווישן די ח״ח אבנר, קאַפּלאַנסקי און באָראָכאָוו (דאָנין) האָט
פאַרשאַפן אַ סך בייז בלוט און האָט אפילו געבראַכט צו דעם אָפּזאָג פון רעדאַקטאָר,
ווייל די פּאַרטיי=לייטונג האָט נישט געקענט מוחל זיין דאָס, וואָס אויף די שפּאַלטן פון
איר אָרגאַן האָט מען אַזוי שאַרף אָנגעגריפן איר „אָבמאַן" (קאַפּלאַנסקין).

די וועלט=קאָנפערענץ האָט אויך רעאַגירט אויפן באַשלוס פון דער ווינער פּאַר=
טיי=קאָנפערענץ מכּח דעם ציונ. קאָנגרעס. אויסשליסן די רוסלענדישע פּאַרטיי האָט מען
נישט געוואַגט, ווייל דאָס וואָלט דאָך געהייסן שפּאַלטן די באַוועגונג. פון דער אַנדערער
זייט האָט מען אָבער נישט געקאָנט אַריבערגיין צו דער טאָג=אָרדנונג איבער אַזאַ סע=
פּאַראַטער האַנדלונג פון איין פּאַרטיי אין אַן אַקציע, וועלכע איז נוגע דעם גאַנצן

פאַרבאַנד. האָט מען געפֿונען אַזאַ אויסוועג: מ׳האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע שטעלט פעסט די פּאָזיטיווע באַציִונג פון דער וועלט-קאָנפערענץ צו דעם אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס און דערצו צוגעגעבן אַן אָנמערקונג וועגן דעם, אַז די פראַגע וועגן דער רוסלענדישער פּאַרטיי און איר שטעלונג צום ציוניסטישן קאָנגרעס וועט באַטראַכט ווערן אויף דער קומענדיקער קאָנפערענץ און ביז צו יענער צייט מוז זיך צונויפקומען אַ רוסלענדישער פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר, וועלכער זאָל איבעראַנייס באַהאַנדלען די קאָנ-גרעס-פראַגע.

די פּראָטאָקאָלן פון דער קאָנפערענץ זענען באַצייטנס באַאַרבעט און צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק דורכן ח׳ ב. באָראָכאָוו. נאָר זיין אומגעוויינטלעכער אַר-בעטסזאַמקייט האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס די אויסערסט-אינטערעסאַנטע און ווערטפולע מאַטעריאַלן פון יענער וויענער פּאַרטיי-קאָנפערענץ זענען נישט געגאַנגען לאיבוד, נאָר זענען אויפגעהיט געוואָרן פאַר דער פּאַרטיי-געשיכטע.

גלייך נאָך דער קאָנפערענץ איז דערשינען אַלס ביילאַגע צום „ייד. אַרבעטער״ אַ קורצער אינפאָרמאַטיווער באַריכט פון דער קאָנפערענץ און די אָנגענומענע רעזאָ-לוציעס. שפּעטער איז אַ טייל פון באַריכט, נעמלעך: דער פּאָליטישער רעפעראַט, די דעבאַטן וועגן עמיגראַציע-אַרבעט און פּאַרייניקונגס-פראַגע, פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „דאָס פרייע וואָרט״ (נומ. 1 און 2), אומלעגאַלער אָרגאַן פון דער י. ס. ד. א. פּ. (פּועלי-ציון), וועלכער איז דערשינען אין ווין, אין אַפּריל און יוני 1910 (געדרוקט אין לעמבערג), און איז איצט אַ יקר-המציאות. דער גאַנצער אויספירלעכער באַריכט איז, הפּנים מחמת דוחק אין געלט, ערגעץ נישט דערשינען ביז אויף הייַנטיקן טאָג. ער איז איצט געפֿונען געוואָרן צווישן די כּתבים פון פאַרשטאָרבענעם ח׳ באָראָכאָוו און אַזוי, ווי ער איז פון זיין האַנט אויפגעשריבן און רעדאַגירט בשעתו דורך ח׳ זרובבל, גיבן מיר אים דאָ צום ערשטן מאָל, וואָרט אין וואָרט, אָן שום ענדערונגען, השמטות אָדער הוספות.

דער באַריכט האָט דעמאָלט געזאָלט דערשיינען, ווי אַן אומלעגאַלע אויסגאַבע און דעריבער זענען די נעמען פון אַלע אָנטיילנעמער אין דער קאָנפערענץ פאַרקאָנספּי-רירט. מיר דאָ האָבן צו טון נאָר מיט פּאַרטיי-פּסעוודאָנימען. איצט, נאָך 18 יאָר, באַ אַנדערע פּאָליטישע פאַרהעלטעניש, האַלטן מיר פאַר מעגלעך אַביסל אויפהייבן דעם שלייער. אונטערן נאָמען ש ט ע נ ד י ק ע ר איז דאַן אויפגעטרעטן ח׳ ב אָ ר אָ כ אָ וו. אויף אַזאַ אופן באַקומען מיר אינם באַריכט אַ נייעם רייכן מאַטעריאַל וועגן דער שטע-לונג פון ח׳ באָראָכאָוו צו אַ גאַנצער ריי וויכטיקע פּראָבלעמען פון יידישער אַרבעטער-פּאָליטיק, צו די הויפּט-פּרינציפּן פון דעם פּועלי-ציוניסטישן פּראָגראַם און טאַקטיק און צו די אַלגעמיינע אַקטועלע פּאָליטישע פראַגן פון יענער צייט. אַלס ב א ר י ס אָ וו איז אויפגעטרעטן ח׳ מ. ב. ר אַ ט נ ע ר, דער באַקאַנטער טעאָרעטיקער פון די סיימיסטן. ח׳ ש ל ו ם איז ש. גאָלדעלמאַן, אַ אָנגעזעענער טוער באַ די פּועלי-ציון אין אוקראַינע; נאָך דער מלחמה אויסגעשלאָסן פון דער באַוועגונג צוליב זיינע עקסטרעם-רעכטע אָנ-

שוויגען און מיטאַרבעט מיט אוקראַיִנישע סאָציאַל-אַפּאַרטוניסטישע און נאַצ. שאָוויניסטישע עלעמענטן. ח׳ ש ל י מ אָ ו י ט ש איז דער איצט באַקאַנטער פּוע״צ טוער און שריפטשטעלער א. ר ע ו ו צ ק י. י צ ח ק ט. איז י צ ח ק ט אַ ב ע נ ק י ן, איינער פון די איצטיקע פירער פון „אחדות העבודה" אין פּאַלעסטינע, וועלכער איז שוין דאַן געווען שטאַרק מחולק מיט דער באָראָכאָוויסטישער אויפפאַסונג פונם פּועלי-ציוניזם. כדאי נאָך צו פאַרצייכענען, אַז ב ל ו מ ע נ פ ע ל ד, וועלכער איז דאַן אין אַלע פראַגן געגאַנגען האַנט בא האַנט מיט באָראָכאָוון, איז דערזעלבער ב ל ו מ ע נ-פ ע ל ד - ב ל א ך, מיטגליד פון אחדות-העבודה און געוו. פּרעזידענט פון תל-אביבער שטאָטראַט, אין וועמענס אויפטריטן און האַנדלונגען עס איז בשום אופן נישט צו דערקענען דעם אַמאָליקן רעוואָלוציאָנער מאַסן-טוער. און נאָך אַ קלייניקייט: דער פאָרשטייער פון צ. ק., וועלכער איז דאַן געווען אין רוסלאַנד און האָט, לויט די ווערטער פון וואַרשעווער, טשענסטאָכאָווער און לאָדזשער דעלעגאַטן, נישט נאָר נישט אָנגעפירט קיין אַרבעט, נאָר מיט זיין סקעפּטיציזם און אַפּאַטיע אַפילו אָפּגעשוואַכט די שטימונג פון די חברים, איז געווען אַ ל כ ס נ ד ר כ אַ ש י ן.

הן צוליב די געגוי-פּראָטאָקאָלירטע ויכוחים איבער די קאַרדינאַלע פראַגן פון ייד. אַרבעטער-פּאָליטיק, און הן צוליב די כאַראַקטעריסטישע אויפטריטן פון די באַטייליקטע דעלעגאַטן און געסט, וועלכע האָבן שפּעטער פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, האָט דער באַריכט פון דער ווינער פּאַרטיי-קאָנפערענץ נישט אָנגעוווירן זיין ווערט און אפילו אַקטועלקייט אויך היינט צו טאָג. מיר זענען איבערצייגט, אַז די ווייטערדיקע בלעטער וועלן געלייענט ווערן מיטן גרעסטן אינטערעס פון יעדן איינעם, וואָס וויל זיך באַקענען פון ערשטן מקור מיט די אידעען און שטימונגען, וועלכע האָבן געווירקט אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג מיט 18 יאָר צוריק, אין יענער תקופה פון אויסגעלעבטן קריזיס נאָך דער דורכגעפאַלענער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע.

# באַריכט פון די זיצונגען*

## 1-טע זיצונג

### צושטאַנד פון דער פּאַרטיי

באַריכט פון ח׳ בלומענפעלד:

נאָך דעם קראָקעווער צוזאַמענפאָר האָט זיך דער נייער צ. ק. ענערגיש גענומען צו זיין אַרבעט. אָבער שוין גלייך אין אָנפאַנג פון זיין טעטיקייט זענען בא אונז פאָרגעקומען גרויסע אַרעסטן. די מערהייט מיטגלידער פון צ. ק. זענען געוואָרן איינגעשפּאַרט אין די טורמעס אָדער פאַרשיקט. די פריי געבליבענע חברים פון צ. ק. האָבן אויך נישט געקענט געפינען קיין מקום מנוחה און פלעגן מוזן לויפן פון איין שטאָט אין דער צווייטער. די אַרבעט פון צ. ק. איז איבערגעריסן געוואָרן. מיט גרויס מי איז געלונגען צונויפצורופן דעם פּאַרטיי-ראָט אין ביאַליסטאָק. עס זענען קאָאָפּטירט געוואָרן אייניקע נייע מיטגלידער צום צ. ק. און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ פּלאַנמעסיקע ענערגישע אַרבעט. אָבער אויך ד ע ר צ. ק. „פאַלט דורך“ אין אַ קורצער צייט אַרום, און ס׳רוב פון זיינע מיטגלידער ווערן אַרעסטירט. די פריי געבליבענע חברים פון צ.ק. פּרובירן אַליין צו פירן די אַרבעט. די באַדינגונגען זענען געווען די שרעקלעכסטע און זיי איז אויך קיין שום פאַל נישט געלונגען צו פירן זייער פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. צוליב דער אומגעהויער גרויסער צאָל דורכפאַלן אויף די ערטער, ווערט דער רוסישער טייל פון צ. ק. לחלוטין אָפּגעריסן פון די אָרגאַניזאַציעס און חברים און פאַרלירט מיט זיי יעדע פאַרבינדונג. צונויפשרייבן זיך מיט די חברים פון צ. ק., וועלכע זענען געווען אין אויסלאַנד, איז אויך געווען אוממעגלעך. אין אַט דער אַטמאָספערע פון יאוש און אַפּאַטיע, אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער פּעריפעריע, האָבן די פריי געבליבענע חברים פון צ. ק. אין רוסלאַנד נישט געזען פאַר זיך די מעגלעכקייט ווייטער צו אַרבעטן און

האָבן פון זיך אַראָפּגענומען זייערע התחיבותן. די לאַגע פון דער פּאַרטיי איז געווען טרייסטלאָז. אין אַזאַ מאָמענט איז די פירונג פון דער פּאַרטיי איבערגענומען געוואָרן דורך דעם רוסישן פאַרטרעטער פון דעם אַלטוועלטלעכן ייד. סאָצ. אַרב. פאַרבאַנד פּועלי-ציון. דעריבער קאָן איך אייגנטלעך דאָ געבן אַ דין-וחשבון נאָר פאַר דער צייט, זינט איך האָב איבערגענומען די פירונג, ד. ה. פון דעצעמבער 1908.

איך וויל נישט האַלטן קיין הספדים, באַקלאָגן דאָס, וואָס מיר האָבן געהאַט און פאַרלוירן; איך וועל בעסער אָנווייזן אויף דעם, וואָס מיר האָבן, אויף דעם, וואָס איז אונז געלונגען אָפּצוראַטעווען פון דעם גרויסן פּאָגראָם אויף אַלע רוסלענדישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. אונזערע רייען זענען שטאַרק שיטערער געוואָרן. מיר ציילן איצט נישט קיין טויזנטער. אין אַזאַ שווערער צייט, ווי איצט, מוז מען זיך צופרידנשטעלן מיט הונדערטער און צענטליקער. און דאָס האָבן מיר. ס'איז אויך נישטאָ קיין שום סיבות צו פאַרצווייפלען. ביז איצט איז מיר אַ דאַנק דעם „אינפאָרמאַציאָנס-בלעטל“, וועלכעס דערשיינט רעגלמעסיק יעדע 2 וואָכן, געלונגען אָנצוקניפּן ענגע, רעגולערע באַציונגען מיט 23 פּונקטן און גרופּעס (וואַרשע, לאָדזש, בענדין, טשענסטאָכאָוו, ביאַליסטאָק, קישענעוו, קאַלאַראַש, אַקערמאַן, אָדעס, סאָראָקי, טולטשין, פּאָלטאַווע, מירגאָראָד, פּינסק, פּעטערבורג, וואָלאָגדע, און אייניקע אַנדערע).

דער צושטאַנד פון די אַלע פּונקטן איז בקיצור פאָלגנדער: איבעראַל עקזיסטירן גרופּעס חברים, אָרגאַניזירטע פון 5—60. אַ חוץ דעם געפינט זיך אין אַלע כמעט שטעט אַ גרויסע צאָל סימפּאַטיקער. די אָרטיקע אַרבעט ווערט געפירט דורך אָרטיקע קאָמיטעטן אָדער קאָמיסיעס. פאַר אַ חבר ווערט גערעכנט יעדער פּוע"צ, וואָס נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אָרגאַניזאַציאָנס-אַרבעט. אַלע וויכטיקע טעאָרעטישע און פּראַקטישע פראַגן ווערן צומייניסט באַטראַכט אויף אַ „סכאָדקע“ פון אַלע חברים. אין אַלע איבעריקע פאַלן באַשליסט דער קאָמיטעט אָדער, ווי אין לאָדזש, דער קאָמיטעט און די אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיסיע. יעדער חבר צאָלט רעגולער פּאַרטיי-שטייער. עס ווערן אויך געמאַכט עקסטרע זאַמלונגען פאַרן „אינפאָרמ.-בלעטל“ (פּרעסע-פאָנד) און פאַרן פּאַלעסטינע-פאַרלאַג „אחדות“. אין די גרעסערע שטעט ווערט געקליבן געלט בײַ סימפּאַטיקער, מען מאַכט לאָטערייען, ספּעקטאַקלען א. ז. וו. אין דעם גרעסטן טייל פּונקטן ווערט נישט געפירט קיין שום סיסטעמאַטישע אַרבעט. דאָך פלעגן זיך ווינטער יעדע וואָך צונויפקומען קלענערע פאַרזאַמלונגען, ווו מען פלעגט לעזן דאָס „א. ב.“ און באַטראַכטן די אָרטיקע און אַלגעמיין פּאַרטייאישע ענינים. אין אייניקע ערטער, צ.ב.ש. אין אָדעס, לאָדזש, פּינסק, אַקערמאַן פירט זיך יאָ אַ סיסטעמאַטישע רעגלמעסיקע אַרבעט.

די פּראָפּעס. אַרבעט פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס איז כמעט ווי אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. דאָך, ווו ס'איז נאָר מעגלעך, נעמען אונזערע חברים אַ טיכטיקן אָנטייל אין די לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַרײנען. עס זענען נאָך דאָ אין אייניקע ערטער אומלע-

גאַלע פראָפעס. פאַרייבען, וועלכע שטייען אונטער אונזער ווירקונג (אין דרום-מערבדיקן ראַיאָן), בכלל פאַרשטייען אונזערע חברים די נויטווענדיקייט פון פראָפעסיאָנעלער אַרבעט. אין אַ סך ערטער ווערט געפירט די קולטורעלע אַרבעט. ס'עקזיסטירן פאַרטייאישע ביבליאָטעקן און ס'ווערט געלעזן, אַ חוץ דער פאַרטייאישער, אויך די אַלגעמיינע יידישע און וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור. אין אַ סך ערטער זענען די ביבליאָטעקן אַרעסטירט געוואָרן און די חברים גריינדן איצט נייע. ווו ס'איז דאָ אַ שטאָטישע ביבליאָטעק, נוצן זי אונזערע חברים אויס. רעגלמעסיקע פאַרבינדונגען מיט אַ ראַיאָן-קאָמיטעט האָבן נאָר די פונקטן פון דרום-מערבדיקן ראַיאָן. די אַלע איבעריקע ראַיאָנען פונקציאָנירן שוואַך אָדער כמעט גאָרנישט, און דעריבער שרייבן זיך אַלע פונקטן צונויף דירעקט מיטן פאַרטרעטער אין פאַרב.-ביוראָ. דער ד. מ. ר. ק. שיקט רעגלמעסיק פונאַנדער העקטאָגראַפירטע צירקולאַרן. דעם 1-טן מאַי האָבן דער פוילישער פאַרבאַנדס-קאָמיטעט און דער דרום-מערבדיקער ראַיאָן-קאָמיטעט אַרויסגעלאָזט יידישע אויפרופן. די קאַמעניעץ-פאָדאָלסקער חברים האָבן אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפירט רוסיש מאַי-בלעטל. די פאָלטאַווער חברים האָבן אַרויסגעלאָזט אַ רוסיש מאַי-בלעטל.

די גרופּעס באַשטייען כמעט אויסשליסלעך פון אַרבעטער. די אינטעליגענץ איז כמעט איבעראַל פאַרשוווּנדן. אין די מייסטע שטעט ווערט אונזער גאַנצע פאַרטיי-אַרבעט געפירט דורך אַרבעטער. די שטימונג איז כמעט איבעראַל אַ געהויבענע, ס'ווערט געאַרבעט מיט חשק און גלויבן, מ'לייגט אַרויף גרויסע האָפענונגען אויף דער איצטיקער קאָנפערענץ. מען דערוואַרט פון איר קודם-כל, אַז זי וועט צוריק אויפבויען אונזערע צענטראַלע איינריכטונגען, פעסטשטעלן אונזער פאַרטייאישע טאַקטיק און שאַפן פאַרטיי-ליטעראַטור.

ביז אַהער זענען דערשינען 17 נומערן „אינפאָרם.-בלעטל", העקטאָגראַפירט אינם געוויינלעכן פאָרמאַט, צו פערטל בויגן, צו 3—6 זייטן יעדער נומער.

די שפּאַנישע און שוועדישע געשעענישן האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקע באַגייסטערונג בײַ די חברים. אין איייניקע גרעסערע פונקטן האָט מען אויף מאַסוּוקעס גערעדט וועגן דער באַדייטונג פונם שוועדישן אַלגעמיינעם שטרייק. די אויפרופן צום ערשטן מאַי האָבן אומעטום געמאַכט אַ גוטן איינדרוק; אין פוילן האָט מען זיי פאַרשפרייט אויך צווישן אַרבעטער פון אַנדערע פאַרטייען. אָבער קיין שטרייקן האָט זיך נישט איינגעגעבן דורכצופירן דעם טאָג.

## די טעטיקייט אין פאַרב. ביוראָ.

ווען ח' שטענדיקער איז אַרויס פון פאַרב.-ביוראָ, האָט דער צ. ק. מיך בּ[illegible] פולמעכטיקט צו זיין דער פאַרטרעטער פון אונזער פאַרטיי אין פאַרבאַנדס-ביוראָ. מ[illegible] לאַגע אין פ. ב. איז פון אָנפאַנג געווען זייער אַ שווערע. איך האָב געדאַרפט אויס-דריקן די מיינונגען פון די רוסישע חברים, — כ'האָב אָבער מיט זיי נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונגען. דער צ. ק. האָט מיר נישט געענטפערט אויף מיינע בריוו און נישט צוגעשיקט קיין דירעקטיוון, און כ'האָב אַלץ געמוזט רעדן און טון אויף איי-

גענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אויך אין פּראַקטישע פּאַרטייען, אויך אין פאַרבאַנדס־ביוראָ רעכנט מען זיך מיט די רעאַלע קרעפטן־פאַרהעלטעניסן, און דעריבער זענען פאָרגעקומען פאַלן, ווען ח׳ קאַפּלאַנסקי פלעגט גאָר פאַרגעסן, אז ס׳עקזיסטירט אַ חבר בלומענפעלד אויף דער וועלט. אויף דעם באָדן זענען בא אונז פאָרגעקומען אייניקע צוזאַמענשטויסן. מיין לאַגע האָט זיך געבעסערט, מיין אָנזען אין פאַרבאַנדס־ביוראָ איז געשטיגן מיט יעדן נייעם נומער פון „אינפּ־בל.״, און ח׳ קאַפּלאַנסקי וועט דאָס נישט אָפּלייקענען. איך האַלט אָבער פאַר מיין חוב צו דערקלערן, אז נישט קוקנדיק אויף די אַלע איגערלעכע שוועריקייטן, האָט דאָס פאַרב.־ב. געאַרבעט. עס זענען דאָ צווישן מיר און ח׳ קאַפּלאַנסקי מיינונגס־פאַרשידנקייטן, אָבער זיי האָבן אונז קיינמאָל נישט געשטערט אין דער אַרבעט. מיר האָבן געזוכט און שטענדיק געפונען אַ פרידלעכן אויסוועג.

### פינאַנציעלער באַריכט פון קאַסיר לייב
### פון 30 דעצעמבער 1908—1 סעפּטעמבער 1909

| הכנסה | France cent |
|---|---|
| מיטגלידס ביטראַגן | 13.70 |
| אַלגעמיינער ביטראַג צום בלעטל | 290.31 |
| ספּעציעלער פאָנד פאַרן | 56.25 |
| פּרעסע־פאָנד | 115.57 |
| ביטראַג צום איינאָרדנען די קאָנפערענץ | 136.36 |
| פּאָליטישע קאַסע | 53.55 |
| פּראָצענטער פון שקלים | 21.75 |
| צופעליקע הכנסות | 47.41 |
| סך־הכל | 734.90 |

| הוצאות | France cent |
|---|---|
| פּאָסט־הוצאות | 180.18 |
| קאַנצעלאַריע־הוצאות | 23.61 |
| טעכניק | 75.16 |
| פאַרשידענע | 50.88 |
| ספּעציעלע הוצאות | 142.37 |
| איינאָרדנען די קאָנפערענץ | 124.80 |
| סך־הכל | 597.00 |
| געבליבן אין קאַסע | 137.90 |
| בילאַנס | 734.90 |

## באַריכט פון ח׳ שטענדיגער (פאָרשטייער פון צ. ק.)

דער קראָקעווער צוזאַמענפאָר האָט איינגעטיילט דעם צ. ק. אויף 2 חלקים מיט טיילוויז פאַרשידענער קאָמפּעטענץ און מיט געמיינזאַמער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אָבער אונזער קראָקעווער פּאַרטיי־טאָג האָט זיך אַרויסגעוויזן פונקט אַזוי קורצזיכטיק, ווי דער לאָנדאָנער פּאַרטיי־טאָג פון דער רוס׳. ס. ד., וועלכער איז כמעט גלייכצייטיק פאָרגעקומען. קיינער האָט דאַמאָלס נאָך נישט געשפּירט, אַז די רעוואָלוציאָנערע אויפלעבונג איז געקומען צו ענדע. מיר האָבן געבויט אונזער אָרגאַניזאַציע אויף דער השערה, אַז דער אַנטשיידענער שטורם קעגן דער זעלבסטהערשונג איז זייער נאָנט. ס׳איז אָבער געקומען דער שרעקלעכער שטילשטאַנד, די טיפע אַפּאַטיע אין די אַרבעטער־רייען, די אַפּאָליטישע שטימונג אין דער אינטעליגענץ און דער צ. ק. האָט נישט געקענט דערפילן זיינע פליכטן. אַ חוץ אָט די אומשטענדן, וועלכע זענען ענלעך באַ אַלע פּאַרטייען, האָבן מיר, פּוע״צ, נאָך געהאַט באַזונדערע, אונזערע צרות. מיר האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין בירגערלעכע עלעמענטן אין אונזערע רייען, און ס׳איז נישט געווען באַ אונז, ווי באַ אַנדערע פּאַרטייען, קיין „רייכע מומע״ צווישן די בירגערלעכע פּאַרטייען, וועלכע זאָל אונז אונטערשטיצן. אַלס יינגסטע פּאַרטיי, האָבן מיר נישט געהאַט קיין פאַרגאַנגענהייט, וועלכע זאָל אונז מאַכן סימפּאַטיש אין די אויגן פון דער פּראָגרעסיווער בורזשואַזיע. אונזער פּראָגראַם וואַרפט אַ בליק צו וויט פון דער קעגנוואַרט און פון גלות, — האָבן אונזערע געדאַנקען נישט געקענט אויפוועקן קיין האָפנונגען אין די איינפלוסרייכע בירגערלעכע קרייזן.

מער פון אַלע יידישע פּאַרטייען האָבן מיר שטענדיק געליטן פון דעם דוחק אין אינטעליגענטע קרעפטן און — נאָך מער — פונם פינאַנציעלן דלות, אין וועלכן מיר האָבן זיך געקוועלט פונם אָנפאַנג אָן פון אונזער אָרגאַניזירטער פּאַרטיי־עקזיסטענץ. מיר זענען שטענדיק געווען אַ פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע פּאַרטיי, אין דעם פּשוטן, איינפאַכסטן זין פון וואָרט; אונזער פּאַרטיי־ביודזשעט האָט זיך געשעפּט אויסשליסלעך פון די אַרבעטער, דעריבער האָט באַ אונז גאָרנישט געדאַרפט זיין קיין ליקווידאַטאָרישע שטימונג — מאַנגל אין פּשוטע עקזיסטענץ־מיטלען האָט אונזערע טוער שטענדיק געצוואונגען צו רעדן וועגן ליקווידירן. נישט ליקווידירן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, נישט ליקווידירן אַ מעכטיקע פּאַרטיי מיט קאַמפּס־דערפאַרונג, נאָר ליקווידירן אונזער אָרימען פּאַרטיי־אַפּאַראַט, וואָס באַשטייט פון בלויז פּראָלעטאַריער און האָט נישט אויף דער חיונה — וועגן דעם האָט מען באַ אונז גערעדט גלייך נאָכן ערשטן צוזאַמענפאָר, אין אויפן קראָקעווער פּאַרטיי־טאָג, און אין דער לעצטער צייט. דער נאָמען „פּאַרטיי״ האָט פון אונז געפאָדערט דאָס, וואָס מיר האָבן בשום אופן נישט געקענט לייסטן לויט אונזערע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן און דעריבער האָט זיך טאַקע דער שטילשטאַנד אויף אונז אָפּגערופן נישט אַזוי שווער, ווי אויף אַנדערע פּאַרטייען. זיי זענען פון שטאַרקע און רייכע פּאַרטייען געוואָרן אויס פּאַרטייען. פון מעכטיקע, איינפלוסרייכע

מחנות זענען געבליבן צעברעקלטע הייפעלעך אַרבעטער; באַ אונדז אָבער האָט זיך ווייניק וואָס געביטן. באַ אונדז איז ווייניק געווען אינטעליגענץ און זי איז כמעט ווי פאַרבליבן. בשעת אַנדערע פּאַרטייען האָבן גאָרנישט געקענט באַגרייפן דעם נייעם אומדערוואַרטעטן צושטאַנד, איז דאָס פאַר אונדז נישט געווען קיין נייעס. מיר האָבן קיינמאָל נישט געפירט קיין ברייט פּאַרטיי־לעבן, און דערפאַר נישט געפעלט, אַז עס קומט אויס צו קירצן אונדזערע באַדערפענישן און זיך אָפּזאָגן פון געוווינהייטן.

באַ אונדז איז נישטאָ קיין ליקווידאַטאָרישע שטימונג, ווי אין אַנדערע פּאַרטייען, באַ אונדז יאָגט זיך קיינער נישט נאָך דער פיקציע צו לעגאַליזירן די גאַנצע טעטיקייט, עס געפינען זיך נישט באַ אונדז קיין מענשן, וואָס זאָלן רעדן מכח אַ „פּאָלקס־סאָציאַליזם", וועלכער האָט אַרומצוכאַפּן דאָס גאַנצע קליינע בירגערטום און די באַלעבאַטימלעך און די קרעמערלעך צוזאַמען מיטן פּראָלעטאַריאַט. באַ אונדז איז אוממעגלעך אַ בעל־תשובה, וואָס זאָל אַרויסלויפן אין גאַס מיט אַ געשריי און געפילדער קעגן די טעאָריעס און פּראָגראַמען, זאָל זיך צוזאַמען מיט דעם אַרבעטער־געדאַנק באַשפּייען און באַשיטן מיט שמוץ פאַרן גאַנצן עולם. עס איז יאָ דאָ אין אונדזערע רייען אַן אייגנאַרטיקע ליקווידאַטאָרישע שטימונג, — מען וויל ליקווידירן אונדזער פּאַרטיי, כדי צו גרינדן אַן אַלגעמיינע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס וואָלט אַרומנעמען אַלע איצטיקע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די חברים, וואָס שטרעבן דערצו, געפינען, אַז טעריטאָריאַליסטישע טעטיקייט איז באַ אונדז סיי ווי אוממעגלעך, אַז אַ פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי קען האָבן נאָר אַ טעריטאָריאַליסטישן קוק, אַ פּראָגנאָז, אַ טעאָריע, אָבער די פּראַקטיק אירע איז פּאָליטישער אָדער עקאָנאָמישער קאַמף אויף די ערטער; זיי ווילן, די ניי־געשאַפענע אַלגעמיינע פּאַרטיי זאָל צולאָזן אַ פרייע טעריטאָריאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין אירע רייען, כדי די אַרבעטער־באַוועגונג זאָל זיך נישט צעשפּליטערן צוליב ריין טעאָרעטישע סכסוכים.

איצט פילט זיך אַ שטאַרקע אויפלעבונג באַ אונדזערע חברים: די צוויי סיבות דערצו זענען: די רעוואָלוציע אין טערקיי, וואָס האָט פאַר דער גאַנצער וועלט געוויזן, אַז טערקיי און פּאַלעסטינע זענען אויך פעיק צו אַ נייעם לעבן, אַז מיר זענען נישט באַגאַנגען קיין לעכערלעכן פעלער, ווען מיר האָבן זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס דאָרט טוט זיך. און צווייטנס, דאָס, וואָס אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוקלייטערן די ניי־געשאַפענע געזעלשאַפטלעכע סיטואַציע. דער אַרבעטער הויבט זיך אָן אַרומצוקוקן און פאַרשטיין זיינע נייע אויפגאַבן. אויב אויפן קראָקעווער צוזאַמענפאָר האָט זיך געלאָזט פילן אַ יאוש און אַ מין פאַרלירן זיך, איז די איצטיקע קאָנפערענץ אַ סימן, אַז נישט נאָר מיר, פּוע"צ, נאָר אויך די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט און דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד גייען אַרויס אויף דעם ברייטן וועג פון קלאָרן, זעלבסטבאַוווסטן קאַמף. אויב די אַרבעטער פלעגן אַוועקגיין פון אונדזערע רייען, איז דאָס געווען נישט דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך מיאש געווען אינם סאָציאַליזם, אָדער ספּעציעל אין אונדזער געדאַנק בנוגע דער לעזונג פון דער יידנפראַגע אין פּאַ־

לעסטיגע. ניין, איינפאַך דערפאַר, וואָס עס איז נישט געווען וואָס צו טון אין דער פאַרטיי. די קאָנפערענץ דאַרף ווייזן די חברים, אַז מיר האָבן וואָס צו טון, און דאַרף אָנצייכענען די וועגן פון דער אַרבעט. די קאָנפערענץ וועט נישט אומווערטן אונזערע פראָגראַם-ווערטן אין די גרונט-ליניען פון אונזער פּראָלעטאַרישער קאַמפּס-טאַקטיק; זי וועט נאָר, דער עיקר, דערגאַנצן אונזערע טעאָרעטישע פּרינציפּן מיט פּראַקטישע דירעקטיוון.

**יצחק (לאָדזש):**

אין לאָדזש איז דאָ העכער 60 אָרגאַניזירטע חברים, אָבער פון דער פריערדיקער אָרגאַניזאַציע זענען פאַרבליבן נאָך באַ 400 חברים, וועלכע פאַרהאַלטן זיך נאָך גאַנץ סימפּאַטיש צו דער אָרגאַניזאַציע, האָבן געזוכט די מאַי-בלעטלעך און געלייענט זיי, און וואָלטן מיט דער צייט צושטיין, ווען די אָרגאַניזאַציע וואָלט זיי געבן דאָס בייטיקע. עס איז געוויס פאַראַן אַ פּראָוואָקאַציע, וועלכע ברענגט צו אָפטע דורכפאַלן, און דאָס גיט נישט די מעגלעכקייט ברייט אַוועקצושטעלן די אַרבעט. דאָך זענען באַ דער אַרבעט פאַרבליבן די אַלטע טוער, וואָס האָבן זיך איר געווידמעט אין די בעסערע צייטן. די אַרבעט האָט זיך אין לאָדזש אויף קיין מאָמענט נישט אָפּגעשטעלט אינגאַנצן. און עס איז געקומען דערצו, דאָס די פּוע"צ זענען געבליבן די איינציקע גרופּע, וועלכע האָט נאָך עטוואָס געטון צווישן די יידישע אַרבעטער. דער בונד האָט אפילו יאָ עקזיסטירט אין לאָדזש די גאַנצע צייט, אָבער ער האָט ערשט גאָר נישט לאַנג אָנגעהויבן זיך לאָזן הערן. עס פילט זיך אַ שטאַרקע שטרעבונג צוזאַמען צו אַרבעטן באַ די טוער פון אַלע געוועזענע פּאַרטייען: דער בונד האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט פון פּאַרטייאישע פּראָפּ. פאַריינען, און איצט איז דאָ אַ מעגלעכקייט געמיינזאַם צו פירן דעם עקאָנאָמישן קאַמף. אין די נאָך עקזיסטירנדע פּראָפּ. פאַריינען, ווי אויך אין די קולטורעלע קינסטלערישע פאַריינען נעמען מיר אַן אַקטיוון אָנטייל. באַ אונזערע אַרבעטער ווערט לעבעדיק דיסקוטירט די פראַגע וועגן נאַציאָנאַלער סעקציע אין די פּראָפּ. פאַריינען, ווו מיר אַרבעטן צוזאַמען מיט דער פּ. פּ. ס. די לאַגע פון די אַרבעטער איז איצט זייער שלעכט, אויסער די לאָקאַוטן איז איבערהויפּט די באַציונג פון די באַלעבאַטים געוואָרן מוראדיק. זיי שרעקן זיך נישט אָפּ פאַר דער שענדלעכסטער באַהאַנדלונג, און באַ די אַרבעטער איז נאָך נישטאָ קיין מוט זיך זיי אַנטקעגנצושטעלן. די לאָדזשער חברים האָפן, אַז די קאָנפערענץ וועט מיטווירקן צו פונאַנדערטרייבן די אַפּאַטיע באַ די אַרבעטער און וועט ווייזן, אַז ס'זענען דאָ מיטלען צו הייבן די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, די אַרבעטער זאָלן זיך נישט לאָזן טרעטן מיט די פיס.

**אידאַ (וואַרשע):**

פון ענדע 1907 ביז סוף זומער 1908 איז די אַרבעט אין וואַרשע געגאַנגען זייער שוואַך, אָבער זי האָט זיך אויף קיין רגע נישט אָפּגעשטעלט אינגאַנצן. די הויפּט-סיבה פון דעם צושטאַנד זענען די שרעקלעכע פּאָליציייִשע פאַרפאָלגונגען, דער קריגס-צושטאַנד, אומענדלעכע דורכפאַלן און אַדמיניסטראַטיווע פאַרשיקונגען, ווי אויך מילי-

טער-געריכט, וועלכער האָט צוועקגעשיקט אויף קאַטאָרגע עטלעכע טיכטיקע חברים. ס'זענען אפילו געווען טויט-אורטיילן פאַר אָנגעהערן צו אונזער פאַרטיי און זאַמלען געלט פאַר איר. די פּאָליציי האָט פאַרמאַכט פיל פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועלכע זענען פריער געשטאַנען אונטער אונזער פירונג, און אַנדערע האָבן זיך אַליין פאַרמאַכט מחמת פחד פאַר די פאַרפאָלגונגען. מיר האָבן פונדעסטוועגן אָנגעפירט געוויסע קולטורעלע אונטערנעמונגען, אונזערע חברים האָבן פיל געאַרבעט אין דער אָוונט-שול און אין דער אַרבעטער-ביבליאָטעק. פון דער צווייטער העלפט 1908 באַמערקט זיך אויך באַ אונז אַן אויפלעבונג, הגם די דורכפאַלן גייען מיט זייער שטייגער, ווי פריער. די אַרבעט פירט זיך הויפּטזעכלעך פּראָפּאַגאַנדיסטיש, מען זאַמלט אויך געלט פאַר דער פאַרטיי, פאַר דעם פּאַלעסטינער אַרבעטער-פאַרלאַג „אחדות“, אָבער עס שטערט דער מאַנגל אין קוואַרטירן (דעריבער קען מען נישט פאַראַנשטאַלטן קיין צאָלרייכע פאַרזאַמלונגען). עס עקזיסטירט אַן אינטערפאַרטייאישע פּראָפעסיאָנעלע קאָמיסיע און עס פונקציאָנירט אַ ליטעראַרישע געזעלשאַפט, וווּ די חברים נעמען אַ גאַנץ ענערגישן אָנטייל.

באַ אונז איז אויך געווען אַ צייט — אַן ערך אַ האַלב יאָר, ווען מיר זענען געווען אין שטאָט די איינציקע יידישע אַרבעטער-פאַרטיי, וואָס האָט געטון וועלכע נישט איז אַרבעט. וועלנדיק אַנטדעקן אונזער אָרגאַניזאַציע, האָט זיך די „אָכראַנע“ גענומען אַרעסטירן אָן אונטערשיד מענטשן, וועלכע האָבן קיינמאָל צו אונז נישט געהערט, אויך פון קעגנערישע פאַרטייען, און זיי אַלעמען באַשולדיקט, אַז זיי געהערן צו דער י. ס. ד. אַ. פּ. פּוע"צ. דערמיט אָבער האָט זיך גאָרנישט איינגעגעבן צו אַנטדעקן. באַ אונז איז עטלעכע מאָל דורכגעפאַלן דאָס „אינפאָרמאַציאָנס-בלעטל“. אין וואַרשע זענען דאָ חברים, וואָס זענען געזעסן אין תפיסה צו 5—7 מאָל, און דאָך ווירקט אויף זיי נישט די אַלגעמיינע אַפּאַטיע, און זיי פאַרבלייבן באַ דער אַרבעט. באַ אונזערע שרעקלעכע באַדינגונגען איז קיין וואונדער, וואָס באַ אונז גייט די אַרבעט נישט אַזוי לעבעדיק, ווי עס וואָלט געפּאַסט פאַר אַזאַ גרויסער אָרגאַניזאַציע, ווי וואַרשע איז פריער געווען. איצט איז באַ אונז דאָ 60 אָרגאַניזירטע חברים און עטלעכע הונדערט סימפּאַטיקער, וואָס וואָלטן געוויס זיך אומקערן צו אונז באַ בעסערע באַדינגונגען; אַן אַנדערש מאָל געלינגט אויך איצט צו באַקומען אַזוינע געוועזענע מיטגלידער אויף אַ פאַרזאַמלונג.

מ אַ ק ס (טשענסטאָכאָוו):

באַ אונז זענען פון דער אַמאָליקער אָרגאַניזאַציע געבליבן נאָר 10—12 חברים, וועלכע זענען אָבער זייער איבערגעגעבן. בשעת דעם שווערסטן פּעריאָד איז אונזער אָרגאַניזאַציע ווי אָפּגעשטאָרבן. לעבן אונז איז דאָ אַ גרויסער ראַיאָן, וווּ אין 1905 און 1906 האָט געקאָכט די אַרבעט. איצט איז שטיל, און נאָר די פּראָפ. באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו האָט וועלכע נישט איז באַדייטונג. באַ די חברים, וואָס נעמען אָנטייל

אין די פֿאַריינען צוזאַמען מיט פּ.פּ.טישע אַרבעטער, ווערט לעבעדיק דיסקוטירט די פֿראַגע מכּוח יידישע סעקציעס.

י ו ס ף (דרום־מערבדיקער ראַיאָן).

נישט קוקנדיק אויף טאָלמאַטשאָווס רעזשים, איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו פֿירן פֿינאַנציעלע און פּראָפּאַגאַנדיסטישע פּאַרטיי־טעטיקייט. אָבער דערצו מוזן די פֿאַרזאַמלונגען שטאַרק צעשפּליטערט ווערן; מער ווי 5—6 מענטשן קענען זיך נישט צונויפֿזאַמלען. אַ דאַנק די שוואַרץ־מאהשע סטרוזשן מוז גלייך קומען צו אַ דורכפֿאַל. דאָס זעלבע איז אויך אין קישעניעוו, אַקערמאַן און אייניקע קלענערע פּונקטן. דאָך צום סוף פֿון פֿאָריקן יאָר האָבן זיך די אָדעסער חברים געפֿילט גענוג פֿעסט, כּדי אונטערצונעמען די פֿאַרייניקונג פֿונם אַמאָליקן ראַיאָן. פֿונם פֿריערדיקן ראַיאָן־קאָמיטעט האָט זיך דאַן געגרינדעט אַ צייטווייליק ביוראָ, וועלכעס האָט זיך גלייך געשטעלט אין פֿאַרבינדונג מיט דעם „אינפֿאָרמאַציע־בלעטל" און זיך צונויפֿגעשריבן מיט די פֿריערדיקע פּונקטן. אַרומצופֿאָרן דעם ראַיאָן — דערצו איז נישט געווען קיין געלט־מיטלען, האָט מען געמוזט שריפֿטלעך פֿאַרהאַנדלען. דערביי האָט דאָס ביוראָ אַרויסגעוויזן פֿיל פֿעסטקייט און איינגעשפּאַרטקייט אין דער אַרבעט. עס איז אויסגעקומען פֿונאַנדערצושיקן צוויי מאָל מער בריוו, ווי באַקומען תּשובֿות. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשוואַכט אונזער ענערגיע. און איצט קענען מיר זיך שוין פֿרייען מיט די פֿרוכטן. צוערשט איז דער אָנבאָט פֿון אָרגאַניזירנדער אַרבעט געווען גרעסער, איידער די נאָכפֿראַגע אויף איר; איצט איז שוין, אומגעקערט, די נאָכפֿראַגע איבערגעשטיגן דאָס, וואָס מיר קאָנען געבן. אַלע פּונקטן פֿאָדערן אַרבעט. מיר האָבן דערגרייכט פֿיל מער, איידער מיר האָבן דערוואַרט. אַזוי זענען אין אַקערמאַן דאָ אומלעגאַלע פֿראַפּ. פֿאַריינען פֿון מאָדיסטקעס, שניידער א. אַנד. אין אַ קלענערן פּונקט איז דאָ אַן אַלגעמיינע אומלעגאַלע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע, וואָס באַשטייט פֿון 70 אַרבעטער פֿון פֿאַרשידענע פֿאַכן; אונזערע חברים פֿירן אָן די אָרגאַניזאַציע, הגם זי רעכנט זיך פֿאַר אומפּאַרטייאיש. אין דעמזעלבן פּונקט רעכענען זיך סך־הכּל 12 אָרגאַניזירטע חברים — אַ באַווייז, אַז אונזער פֿאַקטישע ווירקונג צווישן די אַרבעטער איז פֿיל ברייטער, איידער די אָפֿיציעלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. מיר זענען איבערהויפּט אין גאַנץ דרום־מערב די איינציקע פּאַרטיי, וועלכע אַרבעט צווישן יידישן פּראָלעטאַריאַט. בײַ אונז פֿילט זיך אָבער אַ מאַנגל אין ליטעראַטור. די חברים פֿאָדערן דורכויס אַן אומלעגאַלן אָרגאַן. כּל־זמן מיר האָבן אים נישט, קענען מיר אויף קיין סך נישט האָפֿן. אונזער ראַיאָן האָט זיך געפֿונען בכּוח צו שיקן 4 חברים צו דער קאָנפֿערענץ; אָבער צוליב צופֿעליקע סיבות מוזן די איבעריקע 2 דעלעגאַטן פֿאַרשפּעטיקן, און איינער קען גאָרנישט קומען.

שלמה (קאַפּלאַנסקי) גיט אַ באַריכט איבער דעם צושטאַנד פון דער באַוועגונג אין פאַרשידענע לענדער און וועגן דער טעטיקייט פונם אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד.

די ערשטע צייט איז די אַרבעט פון ביוראָ געגאַנגען זייער שוואַך, ווייל דאָס ביוראָ איז אויסגעוויילט געווען גאָר צייטוויייליק, כדי אויסצואַרבעטן אַ פּראָיעקט וועגן גרינדן אַן אַלוועלטלעך ביוראָ אין פּאַלעסטינע. אַזאַ פּראָיעקט איז אויסגעאַרבעט געוואָרן, אָבער עס איז אים נאָך נישט געלונגען דורכצופירן אין לעבן, ווען ס׳איז געקומען די רעוואָלוציע אין טערקיי, וועלכע האָט געשאַפן נייע באַדינגונגען. באַלד נאָך דער דערקלערונג פון דער קאָנסטיטוציע, איז אין פּאַלעסטינע געגרינדעט געוואָרן אַ דעמאָקראַטישער פאַרלאַג „אחדות". דאָרט איז נאָך נישטאָ קיין גענוגנדער באָדן, אַ פאַרלאַג זאָל קענען עקזיסטירן אונטער דער דייטלעך סאָציאַליסטישער פאָן. דאָסזעלבע אויך אין סמירנאַ, ווו אַן אַרבעטער-בלאַט („ערגאָטיס" ד. ה. „אַרבעטער") מוז זיך אָנרופן איינפאַך דעמאָקראַטיש אָבער נאָך נישט סאָציאַליסטיש, הגם באַ דעם אָרגאַן, ווי אויך באַ דעם „אחדות" אַרבעטן באַוואוסטזיניקע סאָציאַליסטן. דער „אחדות" האָט ביז אַהער אַ קאַפּיטאַל פון 1500 פראַנק, פון וועלכע 500 פראַנק האָבן צוגעשיקט אַרבעטער פון רוסלאַנד. אין פּאַלעסטינע ווערט געפירט אַ געווערקשאַפטלעכע אַרבעט, עס זענען פאַראַן פיל פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין די גרעסערע שטעט. אין ירושלים האָט עטלעכע וואָכן געדויערט דער לאָקאַוט פון די בוכדרוקער, פון וועלכע די באַלעבאַטים האָבן געפאָדערט, זיי זאָלן צעשטערן זייער פּראָפ. פאַריין, וועלכער עקזיסטירט נאָך פון לאַנג פאַר דער רעוואָלוציע (שוין זייט 4 יאָר).

כל-זמן עס האָט געקלעקט דאָס געלט פון דער שטרייק-קאַסע, האָבן זיך די אַרבעטער שטאַרק געהאַלטן, אָבוואָל קעגן זיי האָבן זיך פאַרייניקט אַלע שיכטן פון דער ירושלימער בורזשואַזיע, אי די רבנים, אי די ציוניסטן, אי די ברענענדע קאָנסטיטוציאָנאַליסטן-פּראָגרעסיסטן. מחמת מאַנגל אין געלט-מיטלען האָבן די אַרבעטער זיך געמוזט אונטערגעבן. ווען דער פּאַרלאַמענט האָט באַטראַכט די פראַגע מכוח שטרייקן, האָבן די פּאַלעסטינער חברים געזאַמלט מאַטעריאַלן וועגן דעם ענין, כדי צוצושטעלן זיי אין דער פּאַרלאַמענטס-קאָמיסיע. אין סאַלאָניק איז דאָ אַ שיינע סאָציאַליסטישע און פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, איבערהויפּט אין מאַקעדאָניען הערן נישט אויף די שטרייקן, עס עקזיסטירן צאָלרייכע סאָציאַליסטישע קלובן, בילדונגס-פאַריינען, עס איז אויך געעפנט אין סאַלאָניק אַן „אַרבעטער-היים". עס דערשיינט אין סאַלאָניק אַ סאָציאַליסטישע וואָכנשריפט אין פיר שפּראַכן: בולגאַריש, יידיש-שפּאַניאָליש, גריכיש און טערקיש. דער אָרגאַן געפינט פאַר מעגלעך זיך אָפן צו באַקענען צו סאָציאַליזם. ער רופט זיך אָן אַרבעטער-צייטונג, „אָרגאַן פון דער סאַלאָניקער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע". וועגן באַשלוס פון טערקישן פּאַרלאַמענט קעגן קאָאַליציאָנס-רעכט איז אין סאַלאָניק פאָרגעקומען אַ קאָלאָסאַלע פּראָטעסט-דעמאָנסטראַציע פון פאַרשידענע אַרב.-אָרגאַניזאַציעס.

פון די איבעריקע לענדער איז עסטרייך און די פאַרייניקטע שטאַטן געווען באַוווּסט דורך זייער ליטעראַטור. אינטערעסאַנט איז די טעטיקייט פון אונזערע חברים אין אַרגענטינע. זיי האָבן אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו צו באַקעמפן די יידישע פרויען־הענדלער, וועלכע שפּילן אַ דאַנק זייער רייכטום אַ גרויסע ראָלע אין דער יידישער געמיינדע. באַ די לעצטע געמיינדע־וואַלן האָט אין בוענאָס־איירעס דער כאַץ. דעמ. פאַריין פּוע״צ אויפגעהויבן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע קעגן דערדאָזיקער שענדלעכער דערשיינונג און געפאָדערט מען זאָל איינע פון די פּערזענלעכקייטן אַרויסשטויסן פון דער געמיינדע; אָבער די פרויען־הענדלער ווערן שטאַרק אונטערגעשטיצט פון דער רעגירונג, וועלכע טוט אָפּ די ערגסטע שענדלעכקייטן אונטער דעם מאַנטל פון רעפּובליקאַנישע פרייהייטן. מיט דעם קאַמף האָבן זיך אונזערע חברים דערוואָרבן גרויסע פּאָפּולאַריטעט באַ די יידישע מאַסן און אויך אין דרויסן. איצט דאַרף אָנהייבן צו דערשיינען אין בוענאָס־איירעס אַ בלאַט אין יידיש „ברויט און ערע״, וועלכעס וועט שטיין אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט די פּוע״צ. עס ווערן געפירט פאַרהאַנדלונגען וועגן דעם אַריינטריט פון די פּוע״צ אין דער אַרגענטינישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אין ענגלאַנד גייט די אַרבעט שוואַך, אָבוואָל די אָרגאַניזאַציעס פון אייניקע שטעט האָבן זיך פאַרייניקט און געגרינדעט אַ צ. ק. (לאָנדאָן, לידז, מאַנטשעסטער, ליווערפּול, גלאַזגאָ א. אַנד.) — עס זענען דאָ איינצעלנע אָרגאַניזאַציעס אין אָפּנבאַך (דייטשלאַנד), קאָפּנהאַגן, נאַנסי, ציריך, פּאַריז, אַנטווערפּן, אַמסטערדאַם און ראָטערדאַם. די גרעסטע פון זיי איז די אַנטווערפּענער גרופּע, וועלכע ציילט באַ 100 מיטגלידער. זי האָט געזאָלט איינאָרדענען אין אַנטווערפּן אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע „נאָרד־וועסט־אייראָפּעישע גרופּן״, כדי צו גרינדן אַ נאָרד־וועסט־פעדעראַציע (אין יאַנואַר 1909), עס האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן.

דער אַלוועלטלעכער־פאַרבאַנד האָט זיך אין הערבסט 1908 געווענדט צו דער אָקטאָבער־זיצונג פונם אינטערנ. סאָצ. ביוראָ מיט אַ מעמאָראַנדום, וואו ער האָט פּראָטעסטירט קעגן דער צווייזונג פון די פּוע״צ. אין אַלע לענדער צו דעם באַשלוס פון איין איינצעלנער רוסלענדישער סעקציע, און פאַרלאַנגט צו גרינדן אַ באַזונדער יידישע סעקציע אינם סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל. דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ איז געשטאַנען אין באַציונג מיט דעם ציונ. אַקציאָנס־קאָמיטעט מכח שקלים א. ד. גל. דאָ נישט לאַנג האָט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ געגרינדעט דעם „פּאַל. אַרב. פאָנד״, וועלכער איז אומעטום באַגעגנט געוואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג. בשעת די פאַרייניקונגס אונטערהאַנדלונגען אין אַמעריקע האָט דאָס פאַרב.־ביוראָ געגעבן די אַמעריקאַנער חברים די עצה צו מעסיקן זייערע צו שטרענגע פאָדערונגען צו די זיך פאַרייניגנדע פּאַרטייען.

## 11=טע זיצונג.

אידא (וואַרשע):

פּראָטעסטירט זייער ענערגיש קעגן דעם פאַרהאַלטן זיך פונם וואַרשעווער פאַרטרעטער פון צ. ק. ער האָט נישט נאָר נישט אָנגעפירט קיין אַרבעט, נאָר מיט זיין סקעפּטיציזם און אַפּאַטיע האָט ער אפילו אָפּגעשוואַכט די שטימונג פון די חברים. אָנווייזנדיק אויף אייניקע שעדלעכע טריט זיינע, לייגט זי פאָר, די קאָנפערענץ זאָל אַרויסטראָגן אַ שאַרפע פאַראורטיילונג דעם רוסלענדער טייל פון צ. ק.

יצחק (לאָדזש):

שטימט איין מיט דער ח' אידאַ און טיילט מיט נאָך וועגן אייניקע פעלערן פונם רוסל. טייל פון צ. ק. מאַקס (טשענסטאָכאָוו) ווייזט אויך אָן אויף די חסרונות אין דער פירונג פונם רוסל. טייל פון צ. ק.

יצחק ט.

דער צ. ק. האָט אין זיין באַריכט געפּרווט שילדערן די פּאַקטישע לאַגע פון דער פּאַרטיי, האָט אָבער גאָרנישט געצויגן קיין קאָנסעקווענצן און נישט געמאַכט קיין אויספירן פון דער שווערער דערפאַרונג. ער האָט אונז נישט געלאָזן זיין צוואה, נישט אָנגעוויזן, וואָס מען האָט צו טון אויף ווייטער, און ווי אַוועקצושטעלן די אַרבעט. עס איז נישט ריכטיק, דאָס בּאַ אונז איז נישטאָ קיין ליקווידאַטאָרישע שטרעבונגען: מיט זיין האַנדלען האָט זיך דער רוסלענדישער טייל פון צ. ק. אַליין געשטעלט אויף אַ ליקווידאַטאָרישן שטאַנדפּונקט. אונזער אומגליק איז דאָס, וואָס מיר האָבן זיך פּריציזיק קאָנסטרוירט אין אַ פּאַרטיי. מיר האָבן געשטרעבט צו שפּילן אַ ראָלע, ווי אַלע איבעריקע פּאַרטייען, און מיר האָבן דאָס קיינמאָל נישט געקענט פועלן, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט די נייטיקע קרעפטן. אויפן קראָקעווער פּאַרטיי=טאָג האָט זיך פּאַקטיש געלאָזט פילן, אַז די אַרבעט ווערט ליקווידירט. און בּאַ דער איצטיקער אויפלעבונג דאַרפן מיר אָנערקענען די גרונט=פעלערן פון אונזער ביז=אַהעריקער טעטיקייט. אַליין דאָס גרינגדן פון אונזער פּאַרטיי איז געווען אַ פעלער; אַליין די צעבּרעקלונג פון דער יידישער אַרבּעטער=באַוועגונג, אַליין די עקזיסטענץ פון די טעריטאָריאַליסטיש=סאָציאַליסטישע פּאַרטייען איז געווען אַ פעלער. ליטעראַרישע גרופּן זענען דאָס געווען, וועלכע האָבן פאַר זיך אָרגאַניזירט זייערע אַרבעטער=אוידיטאָריעס. זיי האָבן גערופן די אַרבעטער צו אַ ווייטן צוועק און צו פאַרשידענע טעאָריעס, נישט זייענדיק בכוח אָנצווייזן, ווי די טעאָריעס זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן, ווי ס'זאָל צונויפגעבונדן ווערן די פּראַקטיק, דאָס לעבן מיט די געדאַנקען. בּאַ אונז, פּועלי=ציון, איז דאָס צומבּולטסטן פאָרגעקומען. אינזערע מאַסן האָבן געזאָלט וואַרטן ביז עס וועט אָנקומען דער סטיכיישער פּראָצעס פון דער איינוואַנדערונג נאָך פּאַלעסטינע. אויף דערוואַרטונגען,

אויף שטימונגען בויט מען נישט קיין פּאַרטייען. מיר האָבן נישט אָנגעפירט מיט די מאַסן. מיר האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך דער סטיכיע פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַפילו די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע קען נישט דינען אַלס יסוד פאַר אַ פּאָליטישער טעטיקייט. די שולד פאַר דער צעברעקלונג פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט ליגט אויף יענער ליטעראַטן-גרופּע, וועלכע האָט פון זיך געבילדעט דעם צ. ק. פון בונד. זי האָט אויסגעשלאָסן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אַלע איבעריקע אַנדערש דענקענדע סאָציאַליסטישע קרייזן, זי האָט זיי געצוווּנגען שאַפן צוליב זיך ביידע באַזונדערע פּאַרטייען. דער צ. ק. פון בונד האָט אַריינגעפירט אין דער יידישער גאַס די מידה פון שאַפן פּאַרטייען צוליב יעדן פּאַרטייאישן סכסוך. אין די מאַסן דערוועקט זיך איצט אַ שטאַרקער ווילן צו פאַרייניקן זיך; לאָזן די טעאָרעטיקער פריי בויען זייערע טעאָרעטישע שלעסער, נאָר אין לעבן זאָל דער פּראָלעטאַריאַט בילדן אַן איינהייטלעכע געשלאָסענע מחנה. זאָל בא אונז זיין איין קעמפענדע פּאַרטיי, און נישט פיל ליטעראַרישע גרופּן, וואָס רייסן זיך צווישן זיך און ווערן צו דעם צוועק אינטערעסירט פון גאַנצע אַרבעטער-מאַסן. אויפן קראָקעווער צוזאַמענפאָר האָב איך אָנגעוויזן, אַז מיר זענען נאָר אַ ליטעראַרישע גרופּע, וואָס האָט קיין רעכט נישט אַרויסצוטרעטן אַלס פּאַרטיי; איך האָב געטענהט, דאָס אונזער עקזיסטענץ אַלס באַזונדערע פּאַרטיי איז אַ טעות; איצט איז די צייט צו פאַרריכטן דעמדאָזיקן טעות.

שטענדיגער:

נישט דער צ. ק. פון בונד איז שולדיק אין דער צעברעקלונג פון דער יידישער אַרב.-באַוועגונג. דאָ איז שולדיק אַליין דער ייד. פּראָלעטאַריאַט, ריכטיקער — די באַדינגונגען פון זיין לעבן און קאַמף. אויב ס'איז אַפילו ריכטיק, דאָס די צ. ק. פון אַלע טעריטאָריאַליסטיש-סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זענען געווען נאָר ליטעראַרישע גרופּן, איז דאָס שוין בשום אופן נישט ריכטיק בנוגע דעם צ. ק. פון בונד. ער האָט זיך לגמרי נישט באַשעפטיקט מיט טעאָריעס און האָט זיי איינגאַנצן איבערגעלאָזט פאַר די ייִנגערע קליינע פּאַרטייען. די גאַנצע ליטעראַטור פון בונד איז באַשטאַנען פון איבערזעצונגען און פּאָפּולאַריזירונגען, אַפילו דער בונדישער געדאַנק וועגן נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע איז געווען אַ שלעכטע איבערזעצונג פון אַן עסטרייכישער טעאָריע. דאָס אומגליק איז, וואָס דער געדאַנק פונם יידישן אַרבעטער האָט זיך געמוזט אָפּשיידן פון זיין טאַט, זיין טעאָריע האָט געמוזט נעמען אַ פיינטלעכע שטעלונג צו זיין פּראַקטיק.

דער בונד, אַלס ערשטע אַרב.-אָרגאַניזאַציע אויף דער יידישער גאַס, האָט דער ערשטער פאַרכאַפּט אין זיינע הענט דעם עקאָנאָמישן קאַמף פון די יידישע אַרבעטער. און אַזוי ווי דער עקאָנאָמישער קאַמף האָט, מחמת פיל טעמים, געהאַט אַן אומגעהייערן דערפאָלג, איז ממילא דער בונד געוואָרן די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציע. די אַרבעטער פלעגן די זאַך פאַרשטיין גאַנץ איינפאַך: די פּוע"צ קענען נישט מיט דערפאָלג דורכפירן דעם שטרייק, היוצא מזה — דער טעריטאָריאַליזם איז אַ שלעכטער פּראָגראַם,

און פּאַלעסטינע טויג נישט. ווען, פאַרקערט, אונז פלעגט געלינגען אַ שטרייק, וועלכער האָט זיך נישט איינגעגעבן באַ די בונדאָווצעס, — איז פון דאַנען געווען געדרונגען, אַז מסתמא איז פּאַלעסטינע אַ גוטע טעריטאָריע. אַזוי איז געקומען דערצו, דאָס דער שטרייט פון טעאָריעס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאָנקורענץ צווישן פּאַרטייאישע שטרייק־קאָמיסיעס, און דאָס האָט דעמאָראַליזירט די אַרב.־באַוועגונג. און דאָס האָט גורם געווען, אַז די טעאָריע און די פּראַקטיק זאָלן פאַרבלייבן ווייט און פרעמד איינע דער צווייטער. אונזער הויפּט אויפגאַבע איז צו פאַרייניקן דעם געדאַנק מיט דער טאַט, וועלכע האָבן זיך ביז אַהער אַנטוויקלט אין פאַרשידענע ריכטונגען, מאַכן שלום צווישן דער טעאָריע און פּראַקטיק. דערגרייכן אַזאַ פאַרייניקונג פון די ייד. אַרבעטער־מאַסן, וועלכע זאָל זיי פאַרשאַפן די גרעסטע פעליזייטיקייט און פּראָדוקטיוויטעט אין אַלע הינזיכטן. מיר דאַרפן צוגיין צום אוממיטלבאַרן עקאָנ. קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט, און די פאַרייניקונג פון צעבראָקלטע פּאַרטייען דאַרף זיין נישט קיין פאַרשמעלצונג, נאָר אַ קעגנזייטיקע דערגאַנצונג.

יצחק ט.

עס וועט זיין נאָך לעכערלעכער און שעדלעכער, ווען מיר וועלן איצט צעברעקלען דעם עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטער, שטרעבנדיק אַריינצוטראָגן אין אים די טעאָרעטישע רייסענישן.

שמשון:

באַ אונז איז שטענדיק געווען אַן אָפּגרונט צווישן דער טעאָריע און דער פּראַקטיק. ס׳וואָלט געווען אַ טעות דערפון צו דרינגען, אַז מיר זענען געווען נישט עקזיסטענץ באַרעכטיקט. אויב ס׳האָט עקזיסטירט אַ ליטעראַרישע גרופּע און די מאַסע האָט זי אונטערגעשטיצט, הייסט דאָס, אַז די מאַסע האָט זיך געניטיקט אין דער אַרט ליטעראַרישער טעטיקייט און פּראָפּאַגאַנדע. אונזער פעלער איז געווען, וואָס מיר האָבן נישט לערך פונאַנדערגעבלאָזן די קרעפטן, וועלכע זענען באַ אונז ד אָ ך געווען. אַן אומגליק איז געווען די פאַרביסענע פּאַרטיי־קאָנקורענץ, וואָס מען האָט געטריבן אין דעם יידישן וועלטל. אויב די אַרבעטער לויפן די לעצטע צייטן פון די פּאַרטייען, איז דאָס דערפאַר, ווייל פאַר זייערע אויגן פאַרשווינדט אַלץ מער דער צוזאַמענהאַנג צווישן דערווירקלעכקייט מיט דעם פּראָגראַם. די טעאָריעס, וואָס זענען אַנטשטאַנען אויפן יסוד פון ווירקלעכע לעבנס־באַדערפענישן, האָבן זיך שפּעטער אַוועקגעלאָזט אין דעם עולם־הדמיון, איגנאָרירנדיק די ווירקלעכקייט. ווען מען רעדט איצט פון פאַרייניקן די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וויל מען נישט די שטיקלעך און ברעקלעך צונויפבינדן. דאָס וואָלט געווען אַן אומזיסטע אַרבעט. פיל באַזונדערע ברעקלעך איינעם בילדן נישט קיין גאַנצעס. עס דאַרפן זיך דערנענטערן די אָרגאַנישע טיילן פון איין און דעם זעלבן אָרגאַניזם, וועלכן מ׳האָט ביז אַהער נישט אָנערקענט. דער אָרגאַניזם — דאָס איז די יידישע אַרבעטער־גאַס. אין דער ווירקלעכקייט האָבן מיר נאָך אויף דער יידישער גאַס נישט געאַרבעט. מיר קענען זי נישט. מיר זענען געווען ווייט

פון איר. עס קומט פאַר אַ טיפע ענדערונג אין דער יידישער אַרבעטער-גאַס, אַ דער-וואַכונג און אויפלעבונג פון די נאַציאָנאַלע קרעפטן. דער קבלת פנים פאַר מענדעלע מוכר ספרים מצד די יידישע אַרבעטער האָט קלאָר באַוויזן, ווי שטאַרק ס'איז גע-שטיגן די נאַציאָנאַלע שטימונג בײַ די אַרבעטער. אין די שטעט לאָזט זיך פילן די אויפלעבונג. נאָך מער אין די שטעטלעך. ווייל די שטעט זענען מער נידערגעשלאָגן פון דער רעאַקציע און אַפּאַטיש נאָך דער אומגעהייערער אָנשטרענגונג בשעת דעם רע-וואָלוציאָנערן שטורם-און דראַנג-פּעריאָד.

דאָס זענען נאָך דערווייל אַלץ שטימונגען, זיי האָבן זיך נאָך נישט אויסגעדריקט אין קיין באַשטימטע מעשים. אָבער מיט שטימונגען מוז מען זיך רעכענען. דאָס זענען די אָנזאָגער פון דעם געדאַנק, וועלכער וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ טאַט. מיר דאַרפן זיך צוהערן צו דער באַוועגונג, צו יעדן אָפּקלאַנג אירן — מיר זענען איצט געבליבן אַ קליינע אָרגאַניזאַציע. אמת. מיר דאַרפן אָבער נישט פאַרגעסן, אַז אָט די ווייניקע עטלעכע הונדערט אַרבעטער זענען דאָך דער בעסטער, דער באַוווּסטזיניקסטער און אַקטיווסטער אַוואַנגאַרד פון דעם אַרבעטער-קלאַס, דער, וועלכער וויל און וועט אַרבעטן. בײַ אונז איז שטענדיק געווען פּאַלעסטינע-אַרבעט, מיר האָבן זי אָבער נישט געטון. די צרה איז געווען נישט אין דעם, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעט, נאָר וואָס מיר האָבן די אַרבעט נישט געטון. מיר זענען געווען באַשעפטיקט מיט אַנדערער אַרבעט, און ליידער האָט, אויסער דער אמת רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, בײַ אונז פאַר-נומען פיל אָרט די פּאַרטיי-קאָנקורענץ. מיר האָבן שטענדיק נאָכגעטאַנצט נאָך אַנדערע. איצט פאָדערן אָבער די חברים, מיר זאָלן זיי געבן אַ מעגלעכקייט אונזער אייגענע אַרבעט אָנצופירן — זיי ווילן אַרבעטן. דער „פּאַלעסט. אַרב.-פאָנד" האָט אומעטום געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק, מען וויל פון אונז דירעקטיוון, און די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער קאָנפערענץ איז — אָנצווייזן, ווי אַזוי די אַרבעט זאָל געפירט ווערן.

**ח'טע א י ד א**

פאָדערט ווידער, מען זאָל פאַראורטיילן די האַלטונג פון רוסלענדישן טייל פון צ. ק.; טרעט ענערגיש אַרויס קעגן די אינטעליגענטן, וועלכע זענען זיך צעלאָפן, אי-בערלאָזנדיק די אַרבעט אויף די אַרבעטער.

**ח' י ו ס ף (דרום-מערב)**

געפינט עס פאַר אוממעגלעך, ווייל דער באַשולדיקטער איז אָפּוועזנד און קען זיך נישט פאַרטיידיקן. האַלט עס אויך פאַר אומלאָגיש, ווייל נישט איינצעלנע פערזאָנען זענען שולדיק, נאָר די גאַנצע לאַגע.

**מ אַ ק ס (טשענסטאָכאָוו)**

געפינט, אַז מען דאַרף זיין ענערגיש געמען צו פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע,

און רעכנט פאַר אַ גינסטיקע באַדינגונג דאָס, וואָס דער בונד האַלט איצט אויך פאַר אינטערפאַרטייאישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען: אויף אַזאַ אופן וועט מען אויסמיידן די צעברעקלונג פונם עקאָנאָמישן קאַמף.

בלומענפעלד

ענטפערט אויף אייניקע קריטישע באַמערקונגען, ווייזט אָן, אַז ס'איז דאָ אַ ברייטער פעלד פאַר אַרבעט, און אין זיין באַריכט האָט ער מער נישט ווי פאַרזוכט צו ווייזן, מיט וועלכן כמותדיקן און איכותדיקן מאַטעריאַל מיר האָבן איצט צו טון. מיר דאַרפן מאַכן אַ סוף צו דער אַנאַרכיע, שאַפן אַ צענטראַלע איינריכטונג, וועלכע זאָל זיך קענען צוהערן צום לעבן און צו די פאָדערונגען פון די מאַסן.

עס ווערט באַשלאָסן, נישט אַרויסצוזאָגן קיין מיינונג וועגן דעם רוסלענדישן טייל פון צ. ק. (איינשטימונג)

ס'ווערט אָנגענומען פאָלגנדע רעזאָלוציע (יצחק לאָדזש):

אויסהערנדיק דעם באַריכט פון דעם פאַרטרעטער אין דעם אַלוועלטלעכן פאַרבאַנדס-ביוראָ, און נעמענדיק אין באַטראַכט די שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע זיין טעטיקייט איז געפירט געוואָרן, דריקט אויס די קאָנפערענץ איר צופרידנהייט מיט זיין זעלבסטלאָזער און ענערגישער אַרבעט, וועלכע האָט דורכן „אינפאָרמאַציאָנס-בלעטל" געבראַכט צו דער אויפלעבונג פון דער פאַרטיי.

צום סוף פון דער זיצונג פאַרלאַנגט ח' שלמה, די קאָנפערענץ זאָל זיך אַרויסזאָגן, ווו עס זאָל פאָרקומען די אַלוועלטלעכע קאָנפערענץ פון פועלי-ציון. נאָך אַ קורצער דעבאַטע איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן, די אַלוועלטלעכע קאָנפערענץ זאָל פאָרקומען אין גאַליציע.

# די פּאָליטישע סיטואַציע אין רוסלאַנד*).

## רעפעראַט פון חבר שטענדיגער

## די סיבות פון דער רעאַקציע.

### I.

די געוויינלעכע תשובות אויף דער פראַגע: וואָס האָט גורם געווען די מפּלה פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע — זענען אויבערפלעכלעך. די איינפאַכסטע און שטאַרק פאַרשפּרייטע מיינונג איז, אַז שולדיק אין דעם איז דער מאַנגל פון באַוואוסטזיין בא די ברייטע מאַסן, וואָס האָבן נאָך נישט קלאָר פאַרשטאַנען זייערע אינטערעסן און זיך נישט געקענט אָריענטירן אין די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן. — די, וואָס גלייבן דערין, פאַרגעסן נאָר איינס — אַז אין פיל זיגרייכע רעוואָלוציעס (פראַנקרייך, טערקיי, פּערסיען) איז דאָס באַוואוסטזיין געווען נאָך פיל טונקעלער און שוואַכער, ווי אין רוסלאַנד. די סיבות ליגן אינם זיין, אָבער נישט אינם באַוואוסטזיין. אַ מין פלעכאַנאָוון, וואָס האָט אַזוי האָלט צו רעדן מכוח מאַנגל פון באַוואוסטזיין און האַלט זיך פאַר דעם באַוואוסטזיניקסטן מענטשן אין דער וועלט, וואָלט נישט שאַדן צו געדענקען דעם אָנגעוויזענעם מאַרקסיסטישן גרונט-זאַץ. אויב שוין רעדן וועגן באַוואוסטזיין, וואָלט, פאַרקערט, געווען פיל ריכטיקער צו זאָגן, אַז די סיבה פון דער מפּלה איז געלעגן אין צו-פיל באַוואוסטזיין. פיללייכט איז גאָר פאַר אַ בירגערלעכער רעוואָלוציע געווען אין רוסלאַנד צו פיל פאַרשטענדעניש, צו פיל קלאָרקייט; ס'איז גאָר אַ סברא, אַז די פאַרשידענע קלאַסן זענען געווען צו פיל אָנגעלערנט פון די מערב-אייראָפּעישע דערפאַרונגען, האָבן געמוזט קוקן מיט חשד איינער אויף דעם צווייטן; דער פּראָלעטאַריאַט האָט געוואוסט, אַז די בורזשואַזיע וועט אים זיין רעכט באַרויבן גלייך נאָך דעם נצחון, און די בורזשואַזיע האָט זיך אויך געקענט שטאַרק ריכטן דערויף, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך נישט אַזוי לייכט לאָזן שערן בא די דעמאָקראַטישע באַדינגונגען, ווי עס פלעגט פּאַסירן אין די צייטן פון זיגרייכע רעוואָלוציעס. ס'איז דאָ אַ סברא, הייסט עס, אַז דאָס צופיל באַוואוסטזיין האָט אָפּגעשוואַכט די געמיינזאַמקייט בא דעם אָנדראַנג קעגן דער זעלבסטהערשונג און האָט נאָר צעבראָקלט די כוחות.

*) דער אינהאַלט פון רעפעראַט איז דורכן רעפערענט אַליין דערנאָך פאַרן דרוק שטאַרק געקירצט געוואָרן, און די פאָרם — פּאָפּולאַריזירט. רעד.

בּאַ פיל באָלשעוויקעס האָט לאַנג געהערשט אַן אַנדער מיינונג, נעמלעך, אַז דאָס אומגליק איז אין דעם מאַנגל פון אָרגאַניזירונג: די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען זענען בּאַ פאַרשידענע קלאַסן און גרופּן, בּאַם פּראָלעטאַריאַט און בּאַם פּויערטום, אין דער אַרמיי און אין פלאָט, נישט געווען גלייכצייטיק, עס האָט געפעלט פּלאַנמעסיקייט און קאָאָרדינירונג... בּאַ אַזאַ איבּערצייגונג איז דעם באָלשעוויק עטוואָס לייכטער אויפן האַרצן: לאָמיר זיך בּעסער אָרגאַניזירן, גרינטלעכער צוגויפּרעדן, און דער בּאָנטער זיג איז גאַנץ געזיכערט. דיזע צווייטע טענה איז נישט פיל קליגער פון דער ערשטער, ווייל עס בּלייבּט פאָרט די קשיה, פאַרוואָס זענען בּאַ די פריערדיקע בּירגערלעכע רעוואָלוציעס די רעגירונגען געווען אַזוי שוואַך און דעזאָרגאַניזירט, פאַרוואָס האָט די רוסישע רעגירונג געקענט אַזוי שנעל צוגויפזאַמלען אירע קרעפטן? די מעכטיקע אָרגאַניזירונגס-מיטלען פון דער בּייער צייט, די פּאָסט, די אייזנבּאַנען און די טעלעגראַפן, האָבּן דאָך אין רוסלאַנד מיט איין שלאָג, בּאַ אַן אַלגעמיינעם שטרייק, געקענט אַריינפאַלן אין די הענט פון די רעוואָלוציאָנערן. און בּאמת, אין אָקטאָבּער און נאָוועמבּער האָט דאָס כּמעט ווי פּאַסירט. מסתּמא מוז מען זוכן די אורזאַכן עטוואָס טיפער פון דער אָרגאַניזאַציאָנס-פראַגע.

מען זאָגט, די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן האָבּן געגעבּן דער זעלבּסטהערשונג די נייטיקע מיטלען צו דערשטיקן די רעוואָלוציע, צו אונטערהאַלטן דעם רעגירונגס-מעכאַניזם, די אַרמיי און פּאָליציי. אָבּער די הלוואה איז דאָך געקומען ערשט נאָכדעם, ווי די רעגירונג האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, נאָך דעם דעצעמבּער-אויפשטאַנד. ווער-זשע האָט איר געהאָלפן צו זיך קומען? און דער עיקר, — ס'איז דאָך קלאָר, אַז ווען די רוסישע בּורזשואַזיע וואָלט הויך דערקלערן, אַז זי וויל נישט אינטערשטיצן דעם צאַריזם, אַז זי גאַראַנטירט נישט די הלוואה, וואָלטן די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן נישט געוואַגט און אפילו נישט געוואָלט אונטערהאַלטן די פאַלנדע זעלבּסטהערשונג. וואָס האָט אָבּער געטון די רוסישע בּורזשואַזיע? זי האָט דורך אינלענדישער סובּסקריפּציע געדעקט אַ בּאַדייטנדן טייל פון דער אַפּריל-הלוואה; דערבּיי פלעגן די קאַדעטישע בּאַנק-דירעקטאָרן צווינגען צו אונטערשרייבּן זיך זייערע אָנגעשטעלטע. ווען אין פּאַריז האָט געזאָלט בּאַשלאָסן ווערן דער גורל פון דיזער הלוואה, צי מען זאָל זי בּאַוויליקן אָדער נישט, ווען די פראַנצויזישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג האָט געוואָלט וויסן, וואָס זאָגן צו דער הלוואה די רוסישע בּירגער, — אין דעם אַנטשיידנדן מאָמענט האָט מיליוקאָוו, דער פירער פון דער בּירגערלעכער אָפּאָזיציע, דערקלערט פאַר אומפּאַטריאָטיש יעדן פאַרזוך צו שטערן דער הלוואה. אָט אַזוי האָט די רוסישע בּורזשואַזיע דירעקט און אומדירעקט אַגיטירט, אַז אויסלאַנד זאָל אונטערשטיצן די זעלבּסטהערשונג. — וואָס זשע האָט גורם געווען דערצו, אַז די זעלבּע בּורזשואַזיע, וועלכע איז פאַר די אָקטאָבּער-טעג אַזוי נתפּעל געווען פון דער דעמאָקראַטישער רעכטס-אָרדנונג, און האָט פּשוט געחלשט די פרייהייט פון פּרעסע, פאַרזאַמלונגען און פאַריינען, די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון מיניסטאָרן, — אַז זי זאָל נאָך דעם נאָוועמבּער-שטרייק

אַריבערלויפן אין דעם לאַגער פון קאָנטער-רעוואָלוציע ? ס'איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז די לעזונג פון דעם רעטעניש ליגט אין דעם, וואָס דער אינדוסטריעלער קריזיס פאַר אין בשעת דער מלחמה מיט יאַפּאַן האָט געבראַכט די בורזשואַזיע צו אָפּאָזיציע, און די עקאָנאָמישע אויפלעבונג, וועלכע איז דערנאָך באַלד אָנגעקומען, האָט געצוואונגען די בורזשואַזיע צו זוכן רו און פעסטע מלוכה-אָרדנונג. דעם געדאַנק האָט מען פיל קאָמענטירט, און דערביי האָבן די „אָפּאָרטוניסטן“ געשטרעבט צו דערווייזן, אַז רוסלאַנד געפינט זיך איצט טאַקי אין אַן אינדוסטריעלער אויפלעבונג, אַלזאָ, מוז די רעוואָלוציע אָפּגעלייגט ווערן, און די לינקע, די רעוואָלוציאָנערן, האָבן דווקא געטענהט, אַז דער קריזיס דויערט נאָך און דעריבער מוז מען זיך גרייטן צו אַ פאָרטזעצונג פון דער רעוואָלוציע. אָבער הגם מאַרקס און ענגעלס האָבן מיט ענלעכע געדאַנקען געפרוווט צו ערקלערן די מפּלה פון דער רעוואָלוציע אין 1848-1850, דאָך זענען ביידע צדדים נישט גערעכט. ערשטנס, דויערט אין רוסלאַנד די לעצטע יאָרן אַזאַ אינדוסטריעלע לאַגע, וועלכע איז העכסטנס אומבאַשטימט און מען קען זי נישט אָנרופן נישט קריזיס און נישט אויפלעבונג; דאָס איז אַ כראָנישע דעפּרעסיע מיט קורצע אָדער טיילווייזע פאַרבעסערונגען פון צייט צו צייט; בײַ אַזאַ עקאָנאָמישן צושטאַנד איז אוממעגלעך סיי אַ רעוואָלוציע, סיי אַ געזיכערט רויִק פּאָליטיש לעבן. צווייטנס, נישט בײַ יעדער קריזיס מוז אומבאַדינגט קומען צו אַ רעוואָלוציע; רעוואָלוציעס ברעכן אויס נאָר בײַ אַזוינע קריזיסן, וועלכע שטאַמען דירעקט פון דעם צוזאַמענשטויס צווישן דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן מיט די אָפּגעשטאַנענע און אָפּגעלעבטע פאָרמען פון די פּראָדוקציאָנס-פאַרהעלטענישן. אָבער אַזאַ קריזיס קען זיך נישט פאַרענדיקן פריער, איידער דורך זיין אייגענער אַנטוויקלונג וועט זיך נישט איינשטעלן דער אַנטאַגאָניזם צווישן די פּראָדוקטיוו-קרעפטן מיט די פּראָדוקציאָנס-פאַרהעלטענישן: ד. ה. פריער דאַרפן באַפרידיקט ווערן די היסטאָרישע באַדערפענישן, וואָס האָבן אַרויסגערופן די רעוואָלוציע, איידער די רעוואָלוציע וועט זיך ענדיקן.

אַלזאָ, אויב די בירגערלעכע רעוואָלוציע האָט זיך געענדיקט אין רוסלאַנד, הייסט דאָס נישט נאָר, אַז עס האָט זיך געענדיקט דער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס האָט זי אַרויסגערופן, נאָר אויך, אַז די היסטאָרישע באַדערפענישן, וועלכע האָבן געטריבן צו איר, זענען שוין באַפרידיקט געוואָרן, אָדער זיי געפינען זיך שוין אויף דעם ריכטיקן וועג צו באַפרידיקט ווערן. מיט אַנדערע ווערטער, — אויב די רעוואָלוציע האָט זיך געענדיקט, הייסט דאָס, אַז עס זענען שוין געלעזט אָדער עס גייען דירעקט צו זייער לעזונג די אָביעקטיווע אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע. און פאַרקערט, אויב יענע אָביעקטיווע אויפגאַבן, וואָס די רעוואָלוציע האָט זיך געשטעלט, זענען געלעזט, אָדער זיי האָבן שוין געפונען אַן אָפענעם וועג צו דער לעזונג, — הייסט דאָס, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך געענדיקט, און וועט אויפלעבן פון דאָס ניי נישט פריער, ווי ווען עס וועלן אָנרייפן גאָר נייע אָביעקטיווע היסטאָרישע אויפגאַבן.

## II.

אָט דעם פּונקט וועגן די אָביעקטיווע אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע נעמט מען קיינמאָל נישט אין באַטראַכט, ווען מען רעדט איבער די סיבות פון דער מפּלה. יאָ, אמת, מען רעדט פיל און זאָגאַר צו פיל וועגן די אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע, און אַלע שרייען אין איין קול, אַז די רוסישע רעוואָלוציע האָט נאָך גאָרנישט געלעזט אירע אויפגאַבן. אַנדערע זאָגן דאָ אַפילו „אָביעקטיווע" אויפגאַבן, און טענהן, אַז די רעוואָלוציע מוז זיך גאָר איינגיכן, במהרה בימינו, פונאַנדערפלאַקערן פון דאָס ניי, ווייל זי האָט אַפילו אויף קיין האָר נישט געלעזן אירע אָביעקטיווע אויפגאַבן. נעמט אָבער, פרעגט באַ אַזאַ שטייגער טיפן דענקער, וואָס ער פאַרשטייט אונטער די „אָביעקטיווע" אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע, וועט ער אייך אויסרעכענען אַ לאַנגע סדרה פון פאָדערונגען פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן; ער וועט זאָגן: קאָנסטיטואירנדע פאַרזאַמלונג, דעמאָקראַטישע רעפּובליק, פרייהייטן, געזעצלעכער אַרבעטער-שוץ, אומענטגעלטלעכע עקספּראָפּריאַציע פון דעם באָדן — אַז דאָס אַלץ זענען אָביעקטיווע אויפגאַבן. מיט איין וואָרט, אַנשטאָט ווירקלעך אָביעקטיווע אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע, וועט ער אייך אויסרעכענען נאָר די סוביעקטיווע פאָדערונגען פון די אָדער יענע רעוואָלוציאָנערע קלאַסן, זייערע סוביעקטיווע אויפגאַבן, אָבער גאָרנישט יענע אָביעקטיווע אויפגאַבן, וועלכע זענען מיט נויטווענדיקייט אַנטשטאַנען אַליין פון דער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע, און וואָס זייער לעזונג איז דירעקט באַשטימט דורך די קרעפטן-פאַרהעלטנישן בשעת דער רעוואָלוציע.

לאָמיר אונז פונאַנדערקלייבן אין די ווירקלעך אָביעקטיווע אויפגאַבן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דיזע פראַגע האָט מען אייגנטלעך ריכטיק געשטעלט, ווען מען האָט געוואָלט אויספאָרשן, צי איז דאָס אַן איינפאַכע בירגערלעכע רעוואָלוציע, אָדער אַן אַנדערע, ווי אַן ערך אַ סאָציאַליסטישע, אָדער אַ פויעריש-פּראָלעטאַרישע א.ד.גל. דאָ האָבן גראָד די מענשעוויקעס געזאָגט דעם אמת. זיי האָבן נעמלעך פאַרשטאַנען די טאַטזאַך, אַז די רעוואָלוציע טראָגט אָביעקטיוו דעם כאַראַקטער נישט פון יענע קלאַסן, וועלכע קעמפן אין איר צוממיינסטן, נאָר פון די קלאַסן, וועלכע זענען בכוח צו זיגן אין דער רעוואָלוציע. ד. ה. אויב די סיטואַציע איז געווען לכתחילה אַזוי באַשטימט, אַז די בורזשואַזיע זאָל קענען זיגרייך אַרויסגיין פון דער רעוואָלוציע, איז די לעצטע נאָר אַ בירגערלעכע און נישט קיין אַנדערע. אָבער פון דעם קלאָרן כלל האָבן די מענשעוויקעס געצויגן פאַלשע און אָפּאָרטוניסטישע פועל-יוצאס. אַלזאָ, פרעגן מיר: פון וועמען, פון וועלכן קלאַס האָט געדאַרפט אָפּהענגען דער גורל פון דער רוסישער רעוואָלוציע?

דא מישט זיך אַריין די העכסט אומקלאָרע אידעע וועגן דער העגעמאָניע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער רוסישער רעוואָלוציע. סוביעקטיוו איז דיזע אידעע גאַנץ ריכטיק, ד. ה., אין אמתן טאַקע האָט זיך דער פּראָלעטאַריאַט נישט נאָכגעשלעפּט נאָך קיין אַנדערן קלאַס, ער איז געגאַנגען די גאַנצע צייט זעלבשטענדיק. ער האָט אויך דער ערשטער אָנגעהויבן דעם קאַמף, אַנדערע האָבן זיך אַ לאָז געטון ערשט נאָך אים, און זיין סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע האָט טאַקע די ערשטע צייט געוויסערמאַסן, טיילווייז, געהערשט איבער די מוחות פון די אָפּאָזיציאָנעלע בירגער און פון דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ. צי דען אָבער איז דאָס באמת ה ע ג ע מ אָ נ י ע? כּדי צו האָבן די פּאָליטישע העגעמאָניע, האָט דער פּראָלעטאַריאַט געזאָלט באַזיצן די עקאָנאָמישע איבערמאַכט. ער וואָלט דאַרפן זיין שוין גלייך פעיק צו דער סאָציאַלער דיקטאַטור. די מאַרקסיסטישע באָלשעוויקעס האָבן בשעת דער רעוואָלוציע אינגאַנצן פאַרגעסן אָן די קלאָרסטע און דייטלעכסטע פּרינציפּן פון מאַרקסיזם, געשאַפן זיך ווערטער, וואָס האָבן קיין שום וויסנשאַפטלעכן און קיין רעאַלן זין נישט, און מיט די ווערטער געזוכט צו באַרויקן זייער מאַרקסיסטיש געוויסן. וואָס באַדייט העגעמאָניע פון פּראָלעטאַריאַט, אויב דאָס איז נישט זיין דיקטאַטור? און וואָס באַדייט די דיקטאַטור, אויב נישט די פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם? די מאַקסימאַליסטן זענען שוין דאָ געווען פיל מער לאָגיש, ווי די באָלשעוויקעס.

דאָ ליגט טאַקע דאָס טיפסטע רעטעניש פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס זי איז געווען אַ בירגערלעכע, וואָס פון דער בורזשואַזיע איז אָפּגעהאַנגען דער שיקזאַל, דער דערפאָלג אָדער די מפּלה פון דער רעוואָלוציע, און אין דערזעלבער צייט איז דער פּראָלעטאַריאַט געשטאַנען אינעם אוואַנגאַרד. זיין אין אוואַנגאַרד און באַזיצן די העגעמאָניע זענען גאָר און גאָר פאַרשידענע זאַכן. ליידער אָבער מישט מען זיי צונויף, ווען מען רעדט וועגן העגעמאָניע פון פּראָלעטאַריאַט און וועגן דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פויערטום. אָט איז דאָך דער יידישער פּראָלעטאַריאַט שוין געוויס געשטאַנען אינעם אוואַנגאַרד פונעם קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשונג — זאָלן מיר אַלזאָ דערפון שליסן, אַז ער האָט אויך געהאַט די העגעמאָניע בשעת די אָקטאָבער-פּאָגראָמען?

מיר האָבן שוין געזען, אַז די רוסישע בורזשואַזיע האָט געראַטעוועט דעם צאַריזם, און אַז אין דיזער פיינער „רעטונגס-אַקציאָן" האָבן זיך באַטייליקט די אָפּאָזיציאָנעלע קאַדעטן צוזאַמען מיט דער שוואַרצער מאה, נאָר, אויף אַן אַנדערן אופן. דערפון איז שוין קלאָר, אַז די בורזשואַזיע איז געווען בכּוח צו אַנטשיידן דעם שיקזאַל פון דער רעוואָלוציע, אַז די אמתע מאַכט איז די גאַנצע צייט געלעגן אין די הענט פון דער בורזשואַזיע. ווען די בורזשואַזיע האָט אין יאַנואַר-אָקטאָבער אָנגעפירט אַן עקסטרעמע טאַקטיק, זיך באַנוצט מיט דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמפס-מיטל פון פּראָלעטאַריאַט, מיטן אַלגעמיינעם שטרייק, האָט טאַקי די רעוואָלוציע באַלד געזיגט, און אין אָקטאָבער-נאָוועמבער האָט שוין די מאַכט אָנגעהויבן אַריבערצוגיין צום פאָלק (די

פרייהייטס־טעג, די ראַטן פון די אַרבעטער־דעפוטאַטן א. ד. גל.); און גלייך, ווי די בורזשואַזיע איז אַריבער אויף דער זייט פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע, האָט געזיגט די לעצטע. קלאָר, — אַז די רעוואָלוציע איז געווען אַבירגערלעכע, אַז זי האָט געקענט לעזן נאָר אַזוינע אויפגאַבן, וואָס האָבן געשטימט מיט די אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטן, אַז קיין אַנדערע אָביעקטיווע אויפגאַבן האָט זי נישט געהאַט. און דערפון איז גאַנץ לאָגיש אויך דער שלוס, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך געענדיקט, ווייל זי האָט געלעזט אירע אָביעקטיווע אויפגאַבן. און דאָס, וואָס מען פאַררעכנט פאַר איר אויפגאַבע די דעמאָקראַטישע מלוכה־אָרדנונג, די ווייטגייענדסטע סאָציאַלע רעפאָרמען (אַרבייטס־געזעצגעבונג, 8־שעהדיקער אַרבייטס־טאָג,) די פאַרשידענע פרייהייטן, די אַגראַרע עקספּראָפּריאַציע — דאָס אַלץ איז גאָרנישט געווען די אָביעקטיווע אויפגאַבע פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

## III.

מיר וועלן זיך אין דעם לייכט איבערצייגן, אַז מיר וועלן דורכקוקן די סוביעקטיווע פאָדערונגען פון דער רעוואָלוציע און אירע קאַמפּס־מיטלען. וואָס איז שייך די סוביעקטיווע פאָדערונגען אירע, איז פון ערשטן בליק קלאָר, אַז זיי זענען פון דער ערשטער ביז דער לעצטער געשטאַנען אין שאַרפסטן קעגנזאַץ צו די טיפסטע לעבנס־אינטערעסן פון דער גרויס־און מיטעלער בורזשואַזיע. נעמט די פּאָליטישע פאָדערונגען — דעמאָקראַטיע און פרייהייטן. אַמאָל, אין די זיגרייכע בירגערלעכע רעוואָלוציעס, האָבן זיי באַדייט די פאַרשפּרייטונג פון דער מאַכט פון די קאַפּיטאַליסטן; אין דער רוסישער רעוואָלוציע האָבן זיי אָבער באַדייט, פאַרקערט, די באַשרענקונג פון דער מאַכט פון דעם קאַפּיטאַל און די פאַרברייטערונג פון דער קראַפט פון די פּראָלעטאַריער. אונזערע שאַרפזיניקע און „טאַקטפולע“ מענשעוויקעס האָבן געוואָלט נישט אַנדערש, נאָר איינשמועסן דער בורזשואַזיע, אַז זי דאַרף גאָרנישט מורא האָבן פאַר דידאָזיקע פרייהייטן, און איצט האַלטן זיי אין איין קלאָגן זיך, אַז די „טאַקטלאָזיקייט“ פון... וועמען? ... (פון וועמען, איז שוין זייער „סאָציאַל־דעמאָקראַטישער“ סוד) — אַז דיזע „טאַקטלאָזיקייט“ האָט גלאַט אומזיסט אָנגעשראָקן די בורזשואַזיע און געטריבן זי צו דער רעאַקציע.

קלוגע „פּאָליטיקער“ און נאַריש־פחדנישע בורזשואַזיע... די לעצטע האָט זיך אָבער נאָך אין 1848 יאָר איבערגעשראָקן פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט אַזוי שטאַרק, אַז פון יענער צייט קען מען באַ איר עטוואָס פועלן נישט אַנדערש, ווי מיט נאָך מער פחד אָנווייען

אויף איר... כאָטש אין 1848 יאָר איז דער אייראָפּעיִשער פּראָלעטאַריאַט נאָך נישט אַרויס פון די קינדער־שיך, דאָך קוים האָט ער באַוויזן זײַנע ייִנגע „ציין“, ווי די רעוואָלוציִעס האָבן גלײַך געמוזט פּלאַצן. און די טאַקטפולע פּאָליטיקער אונזערע האָבן גאָר פאַרגעסן, אויף וויפל דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט איז געווען באַוווסטזיניקער, און די רוסישע בורזשואַזיע מער אָנגעלערנט, ווי אין אייראָפּע אין 1848 יאָר. אַמאָל האָט דאָס וואַל־רעכט, די פרײַהייט פון וואָרט, די פאַרזאַמלונגס־פרײַהייט געזאָלט דינען אַלס מיטל פאַר דעם סאָציאַלן פרידן, ד. ה. פאַר די רויִקע און פרידלעכע עקס־פּלאָאַטאַציע פון די אַרבעטער דורך די קאַפּיטאַליסטן. איצט אָבער האָבן די אַרבעטער געפאָדערט פאַרזאַמלונגס־פאַרייִנס־שטרייקן־פרײַהייט — אַלס מעכטיקער קאַמפס־מיטל קעגן דער בורזשואַזיע!

דאָס, וואָס די מענשעוויקעס האָבן נישט געקענט באַגרײַפן און געהאַלטן פאַר טאַקטלאָזיקייט, האָט אָבער גוט פאַרשטאַנען די בורזשואַזיע מיט איר געזונטן קלאַסן־אינסטינקט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז במזיד צי בשוגג, וויסנדיק צי נישט־וויסנדיק, וויל דער פּראָלעטאַריאַט פאַרכאַפּן די מאַכט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער קלאַס, וועלכער שטייט אין אַוואַנגאַרד פון דעם קאַמף קעגן דער זעלבסט־הערשונג און וועלכער האָט דערבײַ געבראַכט די גרעסטע קרבנות, וועט באַם זיג זיך נישט באַפרידיקן מיט קלייניקייטן און וועט זיך נישט לאָזן באַהערשן. אינדערזאַמתן איז די לאַגע געווען די, דאָס נישט די אַרבעטער האָבן געוואָלט, די בורזשואַזיע זאָל זיי באַוויליקן געוויסע רעכט, נאָר, פאַרקערט, דער זיגנ־דער פּראָלעטאַריאַט האָט געזאָלט באַוויליקן דער בורזשואַזיע אַ געוויסע באַטייליקונג אין דער דעראָבערטער מאַכט. און עס האָט זיך גאָרנישט געפאָדערט צו פיל שכל, זי זאָל זען, אַז צו אַזאַ גוטמוטיקייט און גרויסהאַרציקייט פון פּראָלעטאַריאַט וועט זי נישט דערלעבן...

דאָס זעלבע ווײַזט זיך אַרויס אין דער אַגראַר־פראַגע. ס'איז אמת, אַז די כראָ־נישע רויִנירונג פון די פויערן־מאַסן פאַרשמעלערט דעם רוסישן אינערלעכן מאַרק און שטערט דעם וווּקס פונם רוסישן קאַפּיטאַליזם. איז טאַקע גאַנץ ריכטיק, אַז די בורזשו־אַזיע איז אויף אַ געוויסן אופן שוין פאַראינטערעסירט אין דער לעזונג פון דער אַג־ראַר־פראַגע. דערפון פאָלגט אָבער בשום אופן נישט, אַז די קאַפּיטאַליסטן האָבן שוין גאָר קיין ברירה נישט, אויב די פויערן זענען נישט קויפס־פעיִק. דער קאַפּיטאַל קען זיך נאָך לאַנג און זייער לאַנג האַלטן דורך אַנדערע מיטלען. ערשטנס, קומט דאָ אין באַטראַכט די אויסערלעכע האַנדלס־און קאָלאָניאַל־פּאָליטיק. דער וועג איז טאַקע זייער שמאָל, אומזיכער און אפילו געפערלעך באַ דער איצטיקער אָרדנונג אין רוסלאַנד. אָבער דאָך גיט ער וועלכע נישט איז, זאָל זײַן גאָר קנאַפּע, אויסזיכטן. צווייטנס, קענען דורך די מלוכה־פּראָטעזשירונג גאַראַנטירט ווערן הויכע מאָנאָפּאָל־פּרײַזן פון די סחורות, און דיזן וועג האָט זיך די רוסישע בורזשואַזיע שוין פון לאַנג געלערנט אויסנוצן. דריטנס, קומט אין באַטראַכט די מלוכה מיט אירע אייגענע באַשטעלונגען, דאָן — די

פאַרשטאַרקטע עקספּלאָאַטאַציע פון די „אָקראַינעו'ס" מיט זייער באַפעלקערונג א. ד. גל. מען זאָגט, און טאַקע טיילווייז מיט רעכט, אַז אַזאַ מין באַלעבאַטעווען רויִנירט די פּראָדוקטיוו-קרעפטן פון לאַנד. ס'איז אָבער אויך נישט אין גאַנצן ריכטיק.

אָט האָט דאָך די רוסישע בורזשואַזיע פאַר זיך דעם נאָענטן ביישפּיל פון עסט-רייך-אונגאַרן, וווּ אַזאַ פּאָליטיק האָט געדויערט פיל צענדליקער יאָרן, און דאָך האָט זיך מיט דער צייט אויסגעבילדעט אַן אינדוסטריע, און דאָך זענען פּאַמעלעך געוואַקסן די פּראָדוקטיוו-קרעפטן, און די אַגראַר-פראַגע איז דאָך געוויסערמאַסן איינגעאָרדנט אויפן בירגערלעכן שטייגער. די באַפעלקערונג קרעכצט טאַקע פונם יקרות און פון דער אומפאַרשעמטער עקספּלאָאַטאַציע, אָבער וואָס קימערט דאָס דעם קאַפּיטאַליסט? — איז אָט צו דעמזעלבן קאַפּיטאַליסט, וועלכער האָט אַזוי פיל וועגן צו זיכערן זיך דעם פּראָפיט — און וואָס ווינטשט מער זיין אייד'לע נשמה? — קימט מען און מען וויל אים איינשמועסן, אַז דאָס בעסטע וועט זיין פאַר אים, ווען די פּויערן וועלן אומזיסט, אָן אַנטשעדיקונג עקספּראָפּריאירן די ערד. מען קימט צום קאַפּיטאַליסט, צום מיטעלן און צום גרויסן, מיט אַ פאָדערונג, ער זאָל געבן זיין הסכמה אָפּצושאַפן אַ גרויסן טייל פון דעם הייליקן רעכט פון אייגנטום... ווידער, ברויכט ער גאָרנישט קיין איבערמענטשלעכן שכל צו פאַרשטיין, אַז אויב מען וויל „נאַציאָנאַליזירן" אָדער „מוניציפּאַליזירן" אָדער „סאָציאַליזירן" די באָדן-רענטע, וועט מען זיך נישט קענען באַשרענקען מיט די דאָרפישע ערדן. מען וועט מוזן עקספּראָפּריאירן אויך די גרונטבאַזיצער און די הויז-אייגנטימער פון שטאָט. דער בורזשואַ האָט קלאָר פאַרשטאַנען, אַז די רעוואָלוציע, וועלכע וועט דערפירט ווערן ביזן סוף, וועט זיך נישט אָפּשטעלן פאַר אַזאַ שריט.

מיר זעען, אַז די סאָציאַלע און פּאָליטישע סוביעקטיווע פאָדערונגען פון דער רעוואָלוציע זענען געגאַנגען פיל ווייטער, איידער דאָס האָבן געקענט צולאָזן די אינ-טערעסן פון דעם קאַפּיטאַל. און דאָס האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזן באַלד, ווי נאָר די מאַכט האָט אָנגעהויבן אַריבערצוגיין צום פאָלק. דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זיך דער-קעמפט געוויסע פרייהייטן, האָט זיך נישט געקענט אָפּשטעלן און געמוזט גיין ווייטער, ביז ער וואָלט געקומען צום פאַרזוך דורכצופירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. דער ראַט פון די אַרבעטער-דעפּוטאַטן איז געצוווּנגען געווען פּרווון דורכצופירן מיט געוואַלט אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן דעם 8 שעהדיקן אַרבעטס-טאָג; אויב דאָס וואָלט געלונגען, איז אומפאַרמיידלעך געווען אַריבערצוגיין צום עקספּראָפּריאירן די פּראָדוקציאָנס-מיטלען.*)

אָפּאָרטוניסטן שרייען, אַז דאָס איז געווען אַ טאַקטישער פעלער; ניין, עס קען נישט זיין אַ פעלער דאָס, וואָס פאָלגט אומפאַרמיידלעך פון די סאָציאַלע פאַרהעלטע-

*) כ'וועל זאָ נאָר דערמאָנען די מאַקסימאַליסטישע האַנדלונגען פון טראָצקי — אַ געוועזענעם מענשעוויק, וועלכער איז געוואָרן אַ מיטגליד פון פעטערבורגער ראַט פון אַרב. דעפּוטאַטן.

נישן. אָבער כּדי דורכצופירן זיינע זעלבשטענדיקע פאָדערונגען, מוז דער פּראָלעטאַריאַט דורכמאַכן אַ לאַנגן פּראָצעס פון אייגענער אָרגאַניזירונג, זיך קריסטאַליזירן אין אַ פעסט געשלאָסענעם קלאַס. ער מוז זיך פאַרהאַרטעווען אין דעם אַלטעגלעכן קאַמף, מוז אין זיין סאָציאַלער פּאָזיציע ווערן גאַנץ זעלבשטשטענדיק. ער האָט שוין געזען, וואָס אים איז נייטיק, ער האָט שוין פאַרשטאַנען די נויטיקייט צוליב זיך אַליין פאַרכאַפּן די מאַכט; ער האָט אָבער נאָך נישט פאַרמאָגט די קרעפטן פאַר ברייטע סאָציאַלע דעראָבערונגען, און זיינע סוביעקטיווע אויפגאַבן זענען נאָך געווען פאַראורטיילט צו אַ מפּלה.

נאָך בולטער ווייזט זיך אַרויס די אומרייפקייט פון די סוביעקטיווע פאָדערונגען אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אין רוסלאַנד זענען די פאָניעס (וויעליקאָרוסן) פון תמיד געווען דאָס איינציקע מלוכה־בויענדע פאָלק, און יעדע שטרעבונג צווישן די אונטערדריקטע נאַציעס אָנטייל צו נעמען אין דעם פּאָליטישן לעבן און אין דעם אויפבויען פון דעם שטאַט, האָט געפירט צו אַסימילאַציאָניזם: למשל, דער „גענעראַלן־פּעריאָד“ פון דער גרוזינישער געשיכטע, די אַסימילאַציע בײַ די אוקראַאינער, דער משכּיליזם און אַסימילאַציע בײַ די יידישע אינטעליגענטן, ליבעראַלן, ס.ד׳ען ס.ר׳ען א. ד. גל. אין רוסלאַנד איז נאָך גאָרנישט געווען קיין באָדן פאַר דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין מאָדערנעם זין פון וואָרט, דאָס הייסט פאַר דעם קאַמף צווישן די נאַציעס פאַר דעם נאַציאָנאַלן איינפלוס אויף דער מלוכה. פון פיל צענדליקער פעלקער, וואָס באַווינען רוסלאַנד, האָבן נאָר די פּאָליאַקן געפירט אַ פּאָליטישן נאַציאָנאַלן קאַמף; אויך זיי האָבן אָבער געשטרעבט נישט צו באַאיינפלוסן די רוסלענדישע מלוכה, נאָר פאַרקערט, אַרויסרייסן זיך פון איר און נעמען זיך צו אַן אומאָפּהענגיקער שטאַטס־אויפבויונג. און אָט אין דיזער אַלטפרענקישער סביבה האָט מען אַריינגעבראַכט די בייעסטע און די מאָדערנסטע נאַציאָנאַלע פּראָגראַמען, — די פאָדערונגען פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע — וועלכע מען האָט דירעקט און איינפאַך איבערגעשריבן פון די פאָרטגעשריטנסטע פּראָגראַמען פון עסטרייך, וואו די נאַציאָנאַלע פראַגע האָט אָנגערייפט פיל צענדליקער יאָרן.

די קלאַסן און נאַציעס, וואָס האָבן געשטרעבט צו באַפרייונג, זענען נאָך געווען נישט זעלבשטענדיק אין זייער אינערלעכן לעבן, עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אָפּהענגיק פון דער בורזשואַזיע, הויפּטזאַכלעך פון דער גרויסרוסישער בורזשואַזיע. די סוביעקטיווע אויפגאַבן פון דער רוסישער רעוואָלוציע זענען אין אַלע הינזיכטן געווען פּריצייטיקע, און אפילו די געשיכטע פון דיזע פאָדערונגען איז העכסט אייגנאַרטיק. בשעת די אויפגאַבן פון די זיגרייכע בירגערלעכע רעוואָלוציעס, ווי אויך די אויפגאַבן פון דער צוקונפטיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע זענען געווען פּראָפּאַגאַנדירט, דערקלערט, קאָמענטירט אויף דעם גרינדלעכסטן אופן דורות־לאַנג נאָך פאַר די רעוואָלוציעס, — זענען די וויכטיקסטע פאָדערונגען פון דער רוסישער רעוואָלוציע (קאָנסטיטוירנדע פאַרזאַמלונג, באָדן־עקספּראָפּריאַציע, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע) אויפגעשוואומען קורץ פאַר דעם אַנט-

שיידנדן קאַמף אָדער גאָר בשעת דער רעוואָלוציע גופא. דאָ האָבן זיי ערשט געזאָלט באַקאַנט און אָנערקענט ווערן. דאָס באַווייזט קלאָר, ווי ווייניק באָדן האָבן נאָך געהאַט אינם לעבן דיזע ייִנגע פאָדערונגען*).

געוויס, דיזע פאָדערונגען זעגען היסטאָריש באַרעכטיקט. נאָר ערשט אין אַ ווייטער צוקונפט. געוויס, אין רוסלאַנד מוז זיך אַמאָל איינשטעלן אַ דעמאָקראַטישע אָרדנונג, אָבער ערשט ווען עס וועט טיף דורכגיין די קלאַסן-קריסטאַליזירונג און עס וועט זיך פאַרפעסטיקן אין אומאויפהערלעכן אַלזייטיקן קאַמף די זעלבשטענדיקע און אַלזייטיקע אָרגאַניזאַציע פון דעם אַרבעטער-קלאַס. געוויס, אין רוסלאַנד וועט אויך מוזן קומען צום נאַציאָנאַליזירן דעם באָדן, און נאָך אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. אין דער גאַנצער אַלטער וועלט (אין אייראָפּע) פאַרשאַרפט זיך אַלץ מער און מער דער כראָנישער לאַנדווירטשאַפטלעכער קריזיס; ער וועט אומבאַדינגט ברייטן נישט נאָר די ברייטע פאָלקס-מאַסן, וואָס ליידן פון דעם שרעקלעכן יקרות אויף דירות און אויף לעבנס-מיטלען און פון דער קאָלאָניאַל-פּאָליטיק, נאָר אויך אַליין די קאַפּיטאַליסטן און אַפילו די גרויסע גרונטבאַזיצער זיך צו נעמען פאַר אַ גרינדלעכער באָדן-רעפאָרם. מיר זעען טאַקע, ווי עס הייבט זיך אָן אָט דער פּראָצעס אין ענגלאַנד און אונטער דער מאַסקע פון שאָוויניסטישער פּוילן-פאַרפאָלגונג אין פּרייסן — אין די אַלע לענדער, וואָס ליידן מער ווי אַלע פון דעם אַלוועלטלעכן אַגראַר-קריזיס. רוסלאַנד איז אָבער דערווייל נאָך זייער ווייט פון דער מדרגה, און זי דאַרף דורכגיין אַ לאַנגן מהלך פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, ביז אין איר וועט דער אַגראַר-קריזיס אָננעמען די מאָדערנע פאָרמען. — אויך גאַנץ באַרעכטיקט איז די פאָדערונג פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און גלייכבאַרעכטיקונג; ווידער טאַקע מוזן נאָך אין רוסלאַנד זיך ערשט אויסבילדן פעסט געשלאָסענע, באַוווסטזיניקע נאַציעס, עס מוז קריסטאַליזירט ווערן די נאַציאָנאַלע סטרוקטור פון דער באַפעלקערונג, ס'מוזן זיך שטאַרק פאַרשאַרפן די נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען.

## IV.

### די רעוואָלוציע האָט געשטעלט אַזוינע פאָדערונגען, וואָס די בורזשואַזיע האָט נאָך גאָר נישט געקענט

*) מען קאָן איינוועגדן, אַז איינציקע לאַזונגען (ווי דער „זעמסקי סאָבאָר“, „ערד און פרייהייט“) האָבן שוין פאַר זיך ביי־האַט אַ לאַנגע געשיכטע. אָבער יעדער מאַרקסיסטיש-דענקענדער וועט לייכט איינזען, אַז אין די 70-ער יאָרן איז דער אינהאַלט און דער זין פון אָט די פאָדערונגען געווען אַן אַנדערער, ווי אין אָנפאַנג 20-סטן יאָרהונדערט.

אויף זיי מסכּים זיין. אַלזאָ, אויב די רעוואָלוציע, ווי עס מיינען פיל רעוואָלוציאָנערן, קען דאָך דערפילן דיזע פאָדערונגען, — הייסט דאָס, אַז דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום בייטיקן זיך גאָרנישט אין דער הילף פון דער בורזשואַזיע, אַז זיי קענען אויסקומען מיט זייערע אייגענע מיטלען. ווי פאַלש ס'איז אַזאַ האָפנונג, וועלן מיר לייכט זען פון אַ קורצן אַנאַליז פון די רעוואָלוציאָנערע קאַמפּס-מיטלען. אַלס דאָס וויכטיקסטע קאַמפּס-מיטל האָט אין דער רוסישער רעוואָלוציע געקענט דינען נאָר דער אַלגעמיינער פּאָליטישער שטרייק. אָבער כּדי זעלבשטענדיק דורכצופירן אַזאַ שטרייק, בייטיקן זיך די אַרבעטער אין פעסטע, ברייט פונאַנדערגעצווייגטע און דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאַציעס פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע און קאָאָפּעראַטיווע. איך פאַרשפּאָר דאָ צו אָנווייזן, ווי ווייט עס האָבן אין רוסלאַנד געפעלט אָט די אַלע פאָרויסזעצונגען, און ווי שטאַרק דער דערפאָלג פון דיזע שטרייקן איז אָפּהענגיק געווען פון דעם רצון פון דער בורזשואַזיע און פון אירע אינטערעסן. בשעת דעם שטרייק מוזן דאָך אַרבעטער עקזיסטירן, און די נייטיקע פינאַנציעלע מיטלען דערצו האָבן זיי נישט געהאַט און געמוזט אָנקומען צו דער „געזעלשאַפט". —

די סאָציאַלע זייט פון די באַוואָפנטע אויפשטאַנדן איז פיל פאַרוויקלטער, דאָך איז קלאָר, אַז באַ דעם מאָדערנעם צושטאַנד פון קריגס-טעכניק קען דער זיג פון פאָלק געזיכערט ווערן נאָר דורך דעם, וואָס דאָס מיליטער, אָדער אַ באַדייטנדער טייל פון מיליטער זאָל אַריבערגיין אויף דער זייט פונם פאָלק. דאָס באַדייט אָבער אַ מיליטער-שטרייק, אַז די אַרמיי זאָגט זיך אָפּ צו דערפילן איר געוויינלעכע פונקציע. די סאָלדאַטן געפינען זיך אין אוממיטלבאַרער עקאָנאָמישער אָפּהענגיקייט פון דער רעגירונג און פון זייער נאַטשאַלסטווע (אָפיצירן). פּרוון נאָר די סאָלדאַטן שטרייקן, גלייך פאַרלירן זיי די חיונה, וואָס געפינט זיך אינם רשות פון דער נאַטשאַלסטווע, און עס קומט זיי גלייך אויס צו פּלינדערן די אינטענדאַנטסטווע, און שפּעטער אויך די שטאָטישע און פּריוואַטע זאַפּאַסן און סקלאַדן פון לעבנס-מיטלען. ווידער איז קלאָר, אַז דאָס אַלץ הענגט אָפּ פון דער בורזשואַזיע, וועלכע באַזיצט אַלע זאַפּאַסן און סקלאַדן. מען קען, נאַטירלעך, ברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די באַזיצער אין איינצעלנע ערטער און אויף אַ קורצער צייט, אָבער דורכפירן אַ געוואַלטיקע עקספּראָפּריאַציע אין גאַנץ רוסלאַנד וואָלט מען קענען נאָר דאַן, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט שוין זיין פעיק דורכצומאַכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

עטוואָס ענלעכס איז אויך אין דער לאַנדווירטשאַפט. אַ פּויערישער אויפשטאַנד האָט געקענט זיין זיגרייך אין אייניקע גרענעץ-געגנטן: אין באַלטישן קאַנט, וואו די נאַטוראַלע באַציונגען צווישן פּויער און פּריץ זענען שוין לאַנג פאַרשוואונדן, אָדער אין גריען, וואו די אוראַלטע נאַטוראַלע באַציונגען האָבן נאָך קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרוואַנדלען זיך אין אָפּהענגיקייט; אין צענטראַל-רוסלאַנד אָבער זענען נאָך די פּויערן דירעקט אָפּהענגיק פון די פּריצים. די אויפגעשטאַנענע פּויערן האָבן געקענט פאַרברענען די פּריצישע אימעניע אָדער דעם „קולאַקס" גוט, אָבער גלייך צום נעכסטן זיי-

ען האָבן זיי ווידער געמוזט אָנקומען צום זעלבן פּריז אָדער „קולאַק“, ווידער לאָזן פון זיך שינדן די הויט.

מיט איין וואָרט, די רעוואָלוציע האָט זיך אומעטום אָנגעשטויסן אויף די אינטערעסן פון די באַזיצנדע קלאַסן, און קעגן זייער ווילן איז אוממעגלעך געווען דורכצופירן וועלכע נישט איז רעוואָלוציאָנערע פאָדערונג. דער טראַגיזם פון דער רוסל. רעוואָלוציע איז טאַקע באַשטאַנען אין דעם, וואָס די קלאַסן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט האָבן זיך געבילדעט פריער, איידער עס זענען נאָך געלייגט געוואָרן די יסודות פאַר אַ בירגערלעכער רעכטס-אָרדנונג. דער אַרבעטער-קלאַס איז כּמותדיק אויסגעוואַקסן נאָך אונטערן אַבסאָלוטיזם, ווען מען האָט נאָך גאָרנישט געקענט רעדן מכּח דער געזעצלעכער, יורידישער געשטאַלטונג פון דער פּאָליטישער מאַכט פון קאַפּיטאַל, ווען די בורזשואַזיע איז נאָך געווען אינגאַנצן אונטערגעוואָרפן דעם צאַריזם, איר פון גאָט געזאַלבטן אַפּוטרופּוס. ווען די לעקציעס פון דעם יאַפּאַנישן קריג האָבן אַנטפּלעקט די צעפּאַלונג און צעפּוילטקייט פון דער זעלבסטהערשונג, האָט אין דעם רוסישן בירגער זיך אָנגעהויבן צו לאָזן הערן דער באַלעבאַטישער אינסטינקט; ער האָט דערשפּירט אין זיך אַרומגעזען, אַז מען באַלעבאַטעוועט שלעכט, און האָט אָנגעהויבן צו פאָדערן פאַר זיך דעם קאָנטראָל איבער דער פאַרוואַלטונג, דעם אָנטייל אין דעם באַלעבאַטעווען. דעמאָלט איז ער גרייט געווען זיך אונטערצוזתּמען אויך אונטער אַ האַלב-סאָציאַליסטישער פראַזע, אַבי נאָר זי זאָל אים מבטיח-זיין די הערשאַפט איבערן לאַנד און די גוטסקייט און ווילקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

די געשיכטע האָט אַריינגעטריבן די רעוואָלוציע אין אַ טעמפּן ווינקל, אַוועקשטעלנדיק אין איר אַוואַנגאַרד דעם אַרבעטער-קלאַס, וועלכער האָט געזאָלט מיט זיין קלאַסן-באַוווסטן קאַמף דעראָבערן די מאַכט — נישט פאַר זיך, נאָר פאַר זיינע אייגענע דירעקטע אונטערדריקער. די רעוואָלוציע איז געגאַנגען גלייכצייטיק אונטער דער פאָן פון די קלאַסאָווע, ווי אויך פון די אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע (אַלרוסישע) שטרעבונגען; אידעאָלאָגיש אָבער האָט געהערשט די אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע אויפגאַבע — צו שטירצן די זעלבסטהערשונג. דערפון שטאַמט די נישט-אויסגעהאַלטנקייט פון איינצעלנע גרופּן, וואָס האָבן אַנטייל גענומען אין דעם געמיינזאַמען דראַנג קעגן דעם צאַריזם. דערפון שטאַמען אויך אַלע שוואַנקונגען אין די רייען פון דעם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט — אָנהייבנדיק מיטן אָפּאָרטוניזם פון די מענשעוויקעס, וועלכע האָבן אָנגעבונדן דעם פּראָלעטאַריאַט די ראָל פון אַן אומזיסטער ביילאַגע צו דער בירגערלעכער אָפּאָזיציע, ביז דעם אוטאָפּיזם פון די מאַקסימאַליסטן, וואָס האָבן גערופן צו עקספּראָפּריאירן די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. און וויבאַלד דער פּראָלעטאַריאַט איז דייטלעך אַרויסגעטרעטן אַלס קלאַס, וועלכער וועט זיך בשום אופן נישט אָפּזאָגן פון זיין רעוואָלוציאָנערן סאָציאַלן מהות און וועט קיינמאָל נישט שלעפּן זיך נאָך דעם ווילן פון דער בורזשואַזיע, איז איר פאַרראַט געוואָרן אוממפאַרמיידלעך, און צוזאַמען מיט דעם פאַרראַט אויך די מפּלה פון דער רעוואָלוציע.

געטריבן דורך אירע אינטערעסן האָט די בורזשואַזיע געהאַט אויסצוּווײלן צווישן דער אָרגאַניזאַציע פֿון צאַריזם און דער אָרגאַניזאַציע פֿון פּראָלעטאַריאַט. נאַטירלעך, האָט זי אויסגעוויילט די ערשטע און האָט איר מקריב געווען צוערשט די ראַטן פֿון אַרבעטער-דעפּוטאַטן און דערנאָך די פּאַרטייען מיט די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַרייגען. דער אינערלעכער ווידערשפּרוך פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע (דער קלאַסן-באַוווסטער פּראָלעטאַריאַט אַלס קעמפֿער פֿאַר דער בירגערלעכער רעכטס-אָרדנונג) האָט גורם געווען דערצו, אַז די בורזשואַזיע האָט זיך געמוזט באַפֿרידיקן מיט קנאַפּע דעראָבערונגען, וועלכע געניגן נאָר אויף אַזוי פֿיל, אַז זי זאָל קאָנען נאָך מער פֿאַרשטאַרקן די סאָציאַלע פֿאַרשקלאַפֿונג אין שטאָט און אין דאָרף און די נאַציאָנאַלע רעכטלאָזיקייט, און אין דער זעלבער צייט ביסלעכווייז זיך צוריקן צו דער פּאָליטישער מאַכט.

## אויף וועלכער וועלט זענען מיר?

## V.

אַלזאָ, די מפּלה פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע איז געקומען דערפֿון, וואָס אין דער דאָזיקער רעוואָלוציע האָט געשטעקט אַן אינערלעכער ווידערשפּרוך; דער באַוווּסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט האָט געמוזט קעמפֿן פֿאַר דער בירגערלעכער אָרדנונג, וואָס ער אַליין איז איר באַוווּסטזיניקער טויט-פֿיינט. אָט דער ווידערשפּרוך קען געלעזט ווערן ענדגילטיק נאָר אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ווען דער אַרבעטער-קלאַס וועט קעמפֿן פֿאַר זיין אייגענער זאַך, פֿאַר זיין אייגענער מאַכט. די בירגערלעכע רעוואָלוציע איז אָבער נישט בכּוח צו לעזן דיזען ווידערשפּרוך, און דער ווייטערדיקער גאַנג פֿון דער בירגערלעכער אַנטוויקלונג קען ערשט ביסלעכווייז און טיילווייז באַפֿרידיקן יענע געזעלשאַפֿטלעכע באַדערפֿענישן, וואָס זענען דערווייל פֿאַרבליבן אָן אַן ענטפֿער. די רוסישע רעוואָלוציע האָט פֿאַרשפּעטיקט אַלס בירגערלעכע און אויסגעפֿאַלן פֿריצייטיק אַלס פּראָלעטאַרישע: אַלס ריין-בירגערלעכע האָט זי שוין נישט געקענט זיין זיגרייך; אַלס פּראָלעטאַרישע האָט זי נאָך נישט געהאַט קיינע אויסזיכטן. נאָר די ווייטערדיקע אָרגאַניזירונג פֿונם פּראָלעטאַריאַט, זיין פֿאַרפֿעסטיקונג אין אַלע היניזיכטן דורך אומאויפֿהערלעכן קאַמף קען מיט דער צייט נאָר ביסלעכווייז און נאָר טיילווייז אַרויספֿירן דאָס לאַנד פֿון דיזע ווידערשפּרוכן און צופֿירן צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אַ צווייטע זיגרייכע בירגערלעכע רעוואָלוציע איז שוין ווייטער אין רוסלאַנד אוממעגלעך, פּונקט אַזוי, ווי עס איז געווען לכתחילה אויסגעשלאָסן דער נצחון פֿון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך

נישט לאַנג פֿאַרענדיקט. אין רוסלאַנד איז מעגלעך און נויטווענדיק אַ נייע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, פֿילייכט נאָך עטלעכע שטורמען נאָכאַנאַנד, אָבער דערפֿאָלגרייך וועלן זיי נישט זיין, ווייל יעדעס מאָל וועט אויפֿשווימען דערזעלבער ווידערשפּרוך, וועלכער האָט קאַליע געמאַכט די ביז־אַהעריקע רעוואָלוציע. און דאָך וועט יעדער נייער שטורם ברענגען טיילווייזע דערפֿאָלגן, פּונקט אַזוי, ווי אויך די ביז־אַהעריקע שטורמען האָבן דאָך געבראַכט וועלכע נישט איז דעראָבערונגען.

עס וואָלט געווען דער גרעסטער טעות צו זאָגן, אַז נאָך דער רעוואָלוציע איז אַלץ פֿאַרבליבן, ווי פֿריער, אַז די סיטואַציע האָט זיך גאָרנישט געענדערט; עס איז די גרעסטע קורצזיכטיקייט צו מיינען, אַז אַזאַ טיפֿע דערשיטערונג און צערודערונג, ווי די רוסישע רעוואָלוציע איז געווען, האָט געקאָנט פֿאַרבייגיין אָן אַ שום פּועל־יוצא. אַלע סאָציאַלע פֿאַרהעלטענישן אין רוסלאַנד בייטן זיך דורך און דורך, עס פֿאַרשווינדט דער פּאַטריאַרכאַלער בוי, דער באַלעבאָס איז אויס פֿאָטער פֿאַרן אַרבעטער, אויס בעל־טובה, דער אַרבעטער איז שוין איין מאָל געשטאַנען אין קלאַסן־קאַמף, דער פּראָסטער נידערגעשלאָגענער בשר־ודם איז שוין איין מאָל געווען אַ שטאַטס־בירגער. יענע אומדייטלעכקייט פֿון דער קלאַסן־סטרוקטור, ווען דאָס וועלטל איז געווען אַ פּיצינקע און דאָס נשמהלע אַ דאַרינקס, איז אינגאַנצן פֿאַרשווונדן בײַ דעם העלן פֿלאַקער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער שׂרפֿה.

דאָס באַמערקט זיך אויך אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער פּאָליטישער פּרעסע אין רוסלאַנד: די רעוואָלוציע האָט אויסגעלערנט די באַפֿעלקערונג צו דענקען פּאָליטיש, זיך צו אינטערעסירן מיט דעם ברייטן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און קיינע רדיפֿות אויף דער פּרעסע וועלן זי נישט קענען פֿאַרניכטן און אויסראָטן דעם דערוואַכטן אינטערעס צו „פּאָליטיק", צו די מלוכה־ענינים, צו קלאַסן־קאַמף. די געזעלשאַפֿטלעכע אידעאָלאָגיע לעבט איבער אַן אַנטשיידענדן ברוך, זי שאָקלט זיך אָפּ פֿון אַלטפֿרענקישע מדות און נעמט אָן, ווי אין אירע דעמאָראַליזירטע פֿאָרמען, אַזוי אויך אין די דערהאַבענע פּראָגרעסיווע טענדענצן, אַ דייטלעכערן „אייראָפּעיִשן" פּרצוף. רוסלאַנד „אייראָפּעאיזירט" זיך. אויך אין דער נאַציאָנאַלער היגזיכט באַמערקן זיך סמנים פֿון נייע פֿאַרהעלטענישן. די פּאָנישע (גרויס־רוסישע) בורזשואַזיע גייט צו נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג, איר אינטעליגענץ איילט שוין צו פֿאַרקינדיקן, אַ ביסל צו פֿרי, אָבער היסטאָריש ריכטיק, איר נטיה צו דער „נאַציאָנאַלער מלוכה־איד־ע", זי אַנטפּלעקט איר „נאַציאָנאַלן פּנים". דאָסזעלבע, אין עטוואָס אַנדערע פֿאָרמען, לאָזט זיך פֿילן בײַ די אונטערדריקטע נאַציעס.

אָבער די טיפֿסטע פֿאַרענדערונג האָט די רעוואָלוציע אַרויסגערופֿן אין די אַגראַרע צושטאַנדן. געטריבן דורך דער ברייטער אַגראַר־באַוועגונג, האָט די הערשנדע קליקע זיך גענומען נעמען פֿאַר אַגראַרע רעפֿאָרמען. מיט אַ גאַנצער ריי פֿאַראָרדנונגען און הויפּטזאַכלעך מיטן געזעץ פֿון 9־טן נאָוועמבער שטרעבט די רעגירונג צו שפּאַלטן די פּויערישע „אָבשטשינע" (געמיינדע), אַרויסטיילן פֿון איר די זעלבשטענדיקע פּויערן־

באַלעבאַטים, פאַרפעסטיקן זייער אייגנטומס-רעכט אויפן באָדן, שאַפן אַ פעסטן „לאַנדווירט" און איבערציען אים דאַדורך אויף דער זייט פון דער רעאַקציע. סטאָליפינס געזעצגעבונג שטרעבט צו שטילן מיט אַ געוויסן טייל פון פריצישע אין מלוכה-ערדן דעם ערד-הונגער פון אַ געוויסער שיכט מער פאַרמעגלעכע פויערן און העלפט זיי צו באַראַבעווען די גרויסע מאַסע אָרימע דאָרף-לייט. עס איז שוין אַ פּאָר יאָר קלאָר פאַר יעדן ערנסטן באַאָבאַכטער, אַז דיזע געזעצגעבונג דערגרייכט איר צוועק, ווי בעסער קען גאָר נישט זיין, פאַר די הערשנדע קלאַסן. אויף די רואינען פון דער געמיינדע, אויף די חורבות פון טויזנטער און מיליאָנען צעשמעטערטע פויערישע עקזיסטענצן ווערן פיבערהאַפט ליקווידירט די נאַטוראַלע באַציונגען, עס ווערט אויפגעבויט אַ דאָרפישע בורזשואַזיע און די פריצים ווען זיך אויך מוזן ביסלעכווייז קאַפּיטאַליזירן, פאַרוואַנדלען אין מאָדערנע לאַנדווירטן אויפן שטייגער פון די פרייסישע יונקערס, פאַרלויפיק אָבער — פון די אונגאַרישע, איטאַליענישע און אַנדערע אַגראַריער.

דאָס פויערטום, וואָס איז איצט אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ פון פאַרפלאָנטערטע קאָליזיעס, מוז זיך אָפּזאָגן פון די נישט געלונגענע רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן און צעשפּאַלטן זיך אַלץ טיפער אויף צוויי קלאַסן. די זעלבע פּראָצעסן זענען אויך פאָרגעקומען אין דאָרף נאָך פאַר דער רעוואָלוציע, אָבער די לעצטע צוזאַמען מיט דער נייער אַגראַרער געזעצגעבונג האָבן געגעבן אַ מעכטיקן שטויס אָט דיזער אַנטוויקלונג. דערדאָזיקער פּראָצעס קומט פאָר, אַ דאַנק דעם באַלעבאַטעווען פון דער רעאַקציע, מיט פיל פיין און שמערץ, ער ברענגט צו אַ שרעקלעכער אַנטאַרטונג אין די ברייטע פאָלקסשיכטן, יאָגט אָן יאוש און אָנמאַכטס-געפילן אויף די פויערן. ביז וואַנען ער וועט זיך נישט פאַרענדיקן, ביז עס וועט זיך נישט איינשטעלן אַ רויקער לעבן אין דאָרף, איז נישטאָ וואָס צו טראַכטן וועגן אַ נייער אויפלעבונג פון דער אַגראַר-באַוועגונג. און אַז זי וועט שוין יאָ דערוואַכן אין אַ צייט אַרום, וועט זי מוזן אָננעמען גאָר נייע פאָרמען און שטעלן זיך גאָר אַנדערע אויפגאַבן.

דערווייל אָבער איז אָט דיזע אומבאַשטימטקייט פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער לאַגע, די טיפע צערודערונג פון דער שאַרפער איבערגאַנגס-עפּאָכע גורם דערצו, אַז אין רוסלאַנד זאָל זיך ציען אַן אומבאַשטימטקייט אויך אין דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער לאַגע. די אינדוסטריע איז שטאַרק אָפּהענגיק פון דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון די פויערישע מאַסן, מיט אים איז פאַרבונדן אי דער פּראָפיט פון די קאַפּיטאַליסטן, אי דער אַרבעטס-לוין פון די אינדוסטריעלע פּראָלעטאַריער. אָט פאַרוואָס אין רוסלאַנד הערשט אַן אומבאַשטימטע, דויערנדע און וועקסלענדע אינדוסטריעלע דעפּרעסיע, וואָס מען קען זי נישט אָנרופן נישט קריזיס און נישט אויפלעבונג, און באַ וועלכער עס איז אוממעגלעך סיי אַ רעוואָלוציע, סיי אַ פרידלעכע אַנטוויקלונג פון דער מלוכה-אָרדנונג. אָט אַזוי ווערט דורכגעפירט די „פריצישע רעוואָלוציע", וועלכע בויט אויף סטיכייאיש אַ קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג אויפן חשבון פון די לעבעדיקע זאַפטן פון דער אַגראַר-באַפעלקערונג.

# VI.

דער דאָפּלטער נצחון פֿון דעם גרויס־רוסישן קאַפּיטאַליזם — אין דער סאָציאַלער, ווי אויך אין דער נאַציאָנאַלער הינזיכט — עפֿנט נייע אַנטוויקלונגס־פּערספּעקטיוון פֿאַר דער רוסלענדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט. אין דעם לאַגער פֿון די זיגער לויפֿט אַריבער די בורזשואַזיע פֿון די אונטערדריקטע נאַציעס, פֿאַרגעסנדיק אויף אַ צייט איערע נאַציאָנאַלע פֿאַראיבלען, כּדי אויסצונוצן דעם דרוק, וואָס הענגט איבער דעם אַרבעטער־קלאַס. דייטלעכער ווערט די קלאַסן־קריסטאַליזירונג פֿון דער געזעלשאַפֿט, און דאַדורך פֿאַרשווינדן די אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע אַלרוסישע פֿאָדערונגען פֿאַר אַלע קלאַסן, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך געמוזט שטעלן בעת דער רעוואָלוציע; עס איז קלאָר, אַז אַזעלכע לאָזונגען, ווי „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג" אָדער אַ „קאָנסטיטוירנדע פֿאַרזאַמלונג" פֿאַרלירן זייער זין און לעבן אָפּ זייער צייט; קוים ווערט זיך נאָך עמעצן רירן די צונג אויסצושרייען אַזעלכע לאָזונגען — זיי קען מען נאָך אָנשרייבן, אָבער קוים פֿאַר זיי אַגיטירן.

גלייך ווי מאַרקס און ענגעלס אין ענדע 1850, מוזן מיר אויך איצט האָבן דעם מוט אָפֿן צו דערקלערן, אַז די „רעאַקציע ווייסט אַ ל י י ן נישט, ווי בירגערלעך איז געוואָרן די איצטיקע אָרדנונג נאָך דער רעוואָלוציע".*) צוזאַמען מיט לאַסאַלן מוזן מיר דרייסט פֿאַרקינדיקן „דאָס, וואָס עס א י ז", דאָס, וואָס עקזיסטירט, ווייל דאָס קלאָרע באַוווסטזיין פֿון דער ווירקלעכער זאַך־לאַגע איז, „דאָס מעכטיקסטע פּאָליטישע מיטל", און נאָר „פּאָליטישע קליינמוטיקייט און נישטיקייט באַשטייט אין פֿאַרמאַכן די אויגן אויף דאָס, וואָס עס א י ז".**) פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון פּערזענלעכע ווערטן, און נאָך מער פֿון די אוממיטלבאַרע אינטערעסן פֿונעם פּראָלעטאַריאַט, לעבן מיר איבער אַ שרעקלעכע, אַ מיאוסע צייט. אָבער די אָביעקטיווע אונטערזוכונג מוז זיך באַפֿרייען פֿון די דריקנדע מפּלה־שטימונגען, פֿון דעם עמפּערנדן, אויפֿרעגנדן שוישפּיל, וואָס מיר זעען אין דעם הוליעווען פֿון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, און קען הינטער דעם רעאַקציאָנערן חושך דאָך דערבליקן די קאָנטורן פֿון אַ נייער סיטואַציע, און פֿאָרמולירן נייע אויפֿגאַבן. די פּאָליטישע דעראָבערונגען טאָר מען נישט שעצן לויטן שטאַנדפּונקט פֿון די נישט געלונגענע סוביעקטיווע אויפֿגאַבן, וועלכע האָבן געליטן די מפּלה. עס איז לייכט צו זען, אַז די זעלבסטהערשונג פֿון גאָטס חסד פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ זעלבסטהערשונג

*) דאָס איז איינער פֿון די געדאַנקען, וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבן אַרויסגעזאָגט אין נאָוועמבער 1850 ליקווידירנדיק זייער אָרגאַן, „רעוויו דער נייען ריינישן צייטונג".

**) לאַסאַל: „וואָס נון?"

פֿון דעם קאַפּיטאַלס חסד, אַז ווילנדיק־נישט־ווילנדיק, שטאַרק איינשפּאַרנדיק און ברעקלענדיק זיך, טראָגט זי דאָך אַריבער איר שווערפּונקט אויף דעם בירגערלעכן קלאַס. דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער בלאָק פֿון די פּריצים מיט די פֿאַבריקאַנטן פֿאַרטונקלט דעם ווירקלעכן תּוך פֿון דער מהפּכה, וואָס איר פּרוכט איז דיזע אומגעלומפּערטע און דאָך רעאַלע — קאָנסטיטוציאָנעלע זעלבסטהערשונג.

די מלוכה־דומע איז אַ פֿעסטע דעראָבערונג פֿון דער בורזשואַזיע, זי וועט דינען פֿאַר אַ צענטראַלן מאַרק, פֿאַר אַ בירזשע צוליב פּאָליטישע אָפּמאַכן צווישן די הערשנדע קלאַסן. אָפּאָרטוניסטן לייגן אַרויף גרויסע האָפֿנונגען אויף די „אויסלינקונג פֿון דער בורזשואַזיע”, וועלכע בייטיקט זיך אין אַ געדרימיקן אינערלעכן מאַרק און קען אויף לאַנג נישט פֿאַרטראָגן די רוינירונג פֿון דעם פּויערטום. אָבער איך האָב שוין אָנגעוויזן, אַז דער קאַפּיטאַל האָט נאָך אַ גרויסע ברירה און קען לאַנג אויסקומען מיט אַ גאַנצער ריי מיטלען, ביזוואַנען עס וועט זיך מיט דער צייט פֿאַרבעסערן אויך דער אינערלעכער מאַרק. עס איז אוממעגלעך צו האָפֿן, אַז די בורזשואַזיע זאָל קומען אין אַ אַנטשיידענער אָפּאָזיציע צום צאַריזם איצט, נאָך די לעקציעס פֿון דער רעוואָלוציע, נאָכדעם, ווי די קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך איבערצייגט, אַז יעדע הנחה פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט רופֿט אַרויס צום לעבן די סאָציאַלע געפֿאַר. די בורזשואַזיע שטרעבט איצט נאָר זיך צוריקן צו דער פּאָליטישער מאַכט דורך אַ לאַנגער סדרה קאָמפּראָמיסן מיט די אַגראַריער און מיטן צאַריזם; און ווען עס וועט קומען דערצו, אַז די קאַפּיטאַליסטן זאָלן זיך שוין טאַקע שטאַרק צוקריגן מיט דער רעגירונג (דאָס מוז, נאַטירלעך, קומען), הייסט דאָס נאָך גאָר נישט, אַז זיי וועלן שוין ליבער גיין מיט דער דעמאָקראַטיע, איידער ווי נישט איז אויסצוקומען מיט די פּריצים, וועלכע וועלן זיך פֿון זייער זייט דאָך אויך אַלץ מער קאַפּיטאַליזירן. עס איז שוין מער צו האָפֿן אויף דאָס קליינבירגערטום אין שטאָט און דאָרף. ווידער אָבער, איז דיזער קלאַס אומפֿעיק צו רעוואָלוציאָנערער איניציאַטיוו, ער וועט נאָר פֿון צייט צו צייט אונטערשטיצן די אַרויסטרעטונגען פֿון פּראָלעטאַריאַט און אויף דיזער שטיצע קען מען נישט בויען ווייטגייענדע היסטאָרישע אויסזיכטן.

דער אַרבעטער־קלאַס מוז זיך פֿאַרלאָזן נאָר אויף זיינע אייגענע קרעפֿטן; נאָר דורכן אומאויפֿהערלעכן דראַנג פֿון זיינע אָרגאַניזאַציעס, נאָר דורך אַ ריי סאָלידאַרע אַרויסטרעטונגען וועט ער קענען אַרויסרייסן בײַ די הערשנדע קלאַסן וועלכע נישט איז הנחות. און דער אַרבעטער־קלאַס פֿאַרבלייבט טאַקע פֿון איצט דער איינציקער קעמפֿער פֿאַר דער דעמאָקראַטיזירונג פֿון רוסלאַנד. ביז דער רעוואָלוציע האָט ער געזוכט מיטקעמפֿער צוליב דער געמיינזאַמער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער אויפֿגאַבע, צוליב שטירצן די זעלבסטהערשונג. דערביי האָט די אָפּאָרטוניסטישע שטרעמונג געזוכט אָט די מיטקעמפֿער אין שטאָט, און די רעוואָלוציאָנערע — אין דאָרף. איצט אָבער, אָנשטאָט צו זוכן פֿאַר זיך מיטקעמפֿער, קען ער נאָר פֿון צייט צו צייט אויסנוצן מיטלויפֿער און אויפֿן גרונד פֿון צייטווייליקע אינטערעסן־קאָמבינאַציעס איז מעגלעך צופֿעליקע קאָ־

אָרדינירונג פֿון די קרעפֿטן מיט אַנדערע שיכטן, ד. ה. מיט דעם קליינבירגערטום. וועגן דער גרויס־בורזשואַזיע איז שוין נישטאָ וואָס צו רעדן, ווייל אַ דאַנק דער רע־וואָלוציע איז זי, אין תּוך אַריין גענומען, שוין געוואָרן דער הערשנדער קלאַס. און מיט זיינע צייטווייליקע מיטלויפֿער קען דער אַרבעטער־קלאַס איצט גיין צוזאַמען נישט צו די היסטאָרישע און רעוואָלוציאָנערע אויפֿגאַבן, נאָר צו מאָמענטאַלע און רעפֿאָר־מיסטישע. די רעוואָלוציאָנערע אויפֿגאַבן אָבער זענען איצט נישט מער אַלגעמיין־נאַ־ציאָנאַלע, נאָר ריין־פּראָלעטאַרישע, ריין־סאָציאַליסטישע.

אויף אַזאַ אופֿן ווערט די סיטואַציע פֿיל איינפֿאַכער, ווי זי איז געווען בשעת דער רעוואָלוציע. שרייטנדיק צו דער קינפֿטיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע, האָט די אַר־בעטערשאַפֿט פֿאַר זיך נישט קיין זייטיקע בירגערלעך־רעוואָלוציאָנערע אויפֿגאַבן. די סי־טואַציע ווערט איינפֿאַכער און די פֿריערדיקע שוואַנקונגען ווערן אוממעגלעך. איצט זע־נען שוין נאָר מעגלעך שוואַנקונגען אין דעם אויפֿפֿאַסן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, אָבער נישט אינעם אויפֿפֿאַסן די בירגערלעכע — ווייל די לעצטע איז אַראָפּ פֿון טאָג־אָרדנונג. דער אַרבעטער־קלאַס האָט זיך ביז אַהער אין רוסלאַנד געשפּאָלטן אויפֿן גרונד פֿון פֿאַרשידענע טענדענצן אינעם באַגרייפֿן די בירגערלעכע רעוואָלוציע און אירע אַלגעמיי־נע נאַציאָנאַלע אויפֿגאַבן. אַזאַ שפּאַלטונג האָט אָנגעווירן איר זין, און איצט איז גע־קומען די צייט, ווען די אַרבעטער זאָלן זיך פֿאַרייניקן. פֿאַרגעסנדיק די אַמאָליקע, די ביז־איצטיקע פֿראַקציאָנס־אונטערשידן. מיט דער צייט קענען אַנטשטיין נייע פֿראַקציעס, נייע טיילונגען, אָבער גאָר אויף אַן אַנדער גרונד און מיט אַן אַנדער סאָציאַלן אינ־האַלט. ד. ה. די ערשטע און נאָנטסטע אויפֿגאַבן פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז איצט — ווידער אויפֿבויען די צעשמעטערטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, פֿאַרייניקן דעם אַרבעטער־קלאַס אָן אונטערשיד פֿון אַמאָליקע פֿראַקציעס און פּאַרטיי־גרופּירונגען, און אָנפֿילן די טעטיקייט פֿון אָט דער אָרגאַניזאַציע מיט אַ נייעם סאָציאַלן אינ־האַלט.

דערזעלבער שינוי קומט פֿאָר אין די באַציונגען פֿון די פֿאַרשידענע סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען בײַ די אונטערדריקטע נאַציעס אין רוסלאַנד. די חילוקי־דעות צווישן פּ. ס. ד. און פּ. פּ. ס. בײַ די פּאָליאַקן אָדער צווישן די יידישע פֿיר סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן זיך באַצויגן נישט נאָר אויף דער שטעלונג צו די ווייטע נאַציאָנאַלע פּערספּעקטיוון, נאָר אויך, — פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש, אין תּוך גענומען — פֿיל מער צו די האָפֿנונגען, וועלכע יעדע פֿון זיי האָט פֿאַרבונדן מיט דער רוסלענדישער רעוואָלו־ציע. אַזוי למשל, האָבן די פּ. פּ. ס. אין נאַציאָנאַלער הינזיכט גאָרנישט דערוואַרט פֿון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע. פֿון די יידישע פּאַרטייען האָט זיך דער בונד פּסיכאָ־לאָגיש אינגאַנצן פֿאַרלאָזן אויף דער גלײַכבאַרעכטיקונג נאָך דער בירגערלעכער רעוואָ־לוציע, די סיימאָוצעס האָבן אויך פֿיל געבויט אויף איר, די פּועלי־ציון ווייניק, און די ס. ס. גאָרנישט. איצט אָבער, ווען די סיטואַציע איז איינפֿאַכער געוואָרן, פֿאַרשווינדט

דערדאָזיקער פּסיכאָלאָגישער גרונט צו דער שפּאַלטונג און עס בלייבן נאָך נישט מער, ווי טעאָרעטישע חילוקי-דעות, וועלכע ס'איז פיל לייכטער אויסצוגלייכן.

אין זיין ווייטערדיקן קאַמף קען דער פּראָלעטאַריאַט אויך אויסנוצן די מלוכה דומע, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר די צענטראַלע פון די הערשנדע קלאַסן. אויף דיזער בינע ווערן זיי צוליב דעם פּחד פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אַנטערן דראַנג פונם קאַמף אויף דער גאַס, שטופּן איינער דעם אַנדערן צו טיילווייזע הנחות לטובת דער דעמאָקראַטיע. דער אָנטייל פון די אַרבעטער-פּאַרטרעטער אין דער דומע קען, ערשטנס, קלאָרער מאַכן פאַר דער באַפעלקערונג די אמתע פּאָזיציע פון די הערשנדע קלאַסן, און צווייטנס, דערלייכטערן פאַרן אַרבעטער-קלאַס דעם קאַמף, קאָנצענטרירן און רעגולירן זיינע אַרויסטרעטונגען.

* * *

איך האָב דאָ געגעבן דעם אַלגעמיינעם סך-הכל פון די ווירקנדע קרעפטן און פון זייערע באַציונגען; פיל פּרטים, מער אָדער ווייניקער וויכטיקע, ווערן אַריינטראָגן אין אָט דער פּערספּעקטיוו אַ ריי פאַרענדערונגען. אָבער ווי וואוזנטלעך אָט די פאַרענדערונגען זאָלן נישט זיין, דאָך וועלן זיי נישט קענען אָפּשוואַכן דעם פאַקט, אַז קעגן דעם אַרבעטער-קלאַס שטייט איצט נישט בלויז די אַמאָליקע פאַנשטשיזנע-זעלבסטהערשונג, נאָר נאָך מער דער מאָדערנער קאַפּיטאַל, וועלכער האַלט באַם פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט און ווענדט זי שוין איצט אָן קעגן יעדן אָרגאַניזירונגס-פאַרזוך מצד די אַרבעטער.

היות, ס'האַלטן באַם פאַרשווינדן די אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע — בלייבן פאַרן פּראָלעטאַריאַט נאָר די סאָציאַלע אויפגאַבן און ער מוז זיך דעריבער גרייטן צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, גלייך ווי דאָס איז די אויפגאַבע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין פּרייסן און עסטרייך, ווו די בירגערלעכע רעוואָלוציע האָט דאָך אויך געבראַכט צו קנאַפּע רעזולטאַטן. איצט מוז מען אויפקלערן די געשאַפענע סיטואַציע אין פונאַנדערויאָגן די אילוזיעס, וואָס זענען איבערגעבליבן נאָך פון דער פאַר-רעוואָלוציאָנערער אידעאָלאָגיע.

פאַרטיידיקנדיק זיינע קלאַסן-אינטערעסן אויף אַלע געביטן, אויפן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן, בלייבט דער פּראָלעטאַריאַט אינגאַנצן זעלבשטענדיק אין זיין קאַמף, וועלכער באַזיצט, נאַטירלעך, אויך ווייטער אַן אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע באַדייטונג, אָבער שטעלט זיך שוין נישט מער קיין אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע צילן. אַלע ווייטערדיקע דעראָבערונגען פונם אַרבעטער-קלאַס — די דעמאָקראַטיזירונג פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט, די לעגאַליזאַציע פון דער אַרבעטער באַוועגונג, די פאַרשידענע פרייהייטן (פון פּרעסע, פאַרזאַמלונגען, קאָאַליציעס), די סאָציאַלע געזעצ-

געבונג און די אַגראַרע רעפאָרמען, די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע — דאָס אַלץ מוז באַ־טראַכט ווערן ווי אַ סדרה פאָרבאַרייטונגס־עטאַפּן צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און צו דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

(דער רעפערענט לייגט פאָר אַ רעזאָלוציע)

**שלמה ק.**

ווייזט אָן, דאָס שטענדיגערס פאָרטראָג באַטראַכט די העכסט־וויכטיקע פראַגע פון אַ גאָר נייעם, נאָך נישט דיסקוטירטן שטאַנדפּונקט, געפינט פאַר אוממעגלעך צו דיסקוטירן די פראַגע אויף אַ קאָנפערענץ פריער, איידער זי וועט ווערן געניג באַלויכטן אין דער ליטעראַטור. אויסערדעם איז שטענדיגערס רעזאָלוציע נישט מער, ווי אַ קלינגענדע דעקלאַראַציע, פון וועלכער ס׳איז אוממעגלעך צו ציען פּראַקטישע דירעק־טיוון.

**יצחק ט.**

רעכנט, אַז ס׳איז אוממעגלעך אַריבערצוגיין צו פּראַקטישע פראַגן, ווי די באַ־ציונג צו דער דומע און צו דער ס. ד. פראַקציע, אויב מיר וועלן נישט דורכפירן קיין באַשטימטן אַנאַליז פון דער אַלגעמיינער פּאָליטישער לאַגע. ער איז גאָרנישט מסכים מיט דעם רעפערענט און געפינט אַ דיסקוסיע פאַר דורכויס נייטיק.

**יצחק** (לאָדזש):

אין לאָדזש איז די פראַגע פיל דיסקוטירט געוואָרן, און אין אַלגעמיין קומען די חברים צו די זעלבע אויספירן, וועלכע זענען פאָרמולירט אינם פאָרטראָג. אויך אין לאָדזש באַטראַכט מען די בירגערלעכע רעוואָלוציע פאַר פאַרענדיקט. אויף אַלע אונ־זערע מאַסוווקעס און גרופּן־פאַרזאַמלונגען האָט מען אויסגעדריקט די איבערצייגונג, דאָס די בורזשואַזיע איז איצט אויפן דירעקטן וועג צו אויסנוצן די מאַכט, וועלכע זי האָט יורידיש באַקומען אַ דאַנק דער רעוואָלוציע; באַ אונז דענקט מען, אַז דער פּראָ־לעטאַריאַט איז איצט געבליבן דער איינציקער רעוואָלוציאָנערער קלאַס, וואָס האָט שוין גאָר קיינע שטענדיקע מיטקעמפער אין שטאָט און דאָרף, און אַז באַ דער אומגעביטע־נער לאַגע אַנטשטייען פאַר די אַרבעטער גאָר נייע אויפגאַבן. ער זאָגט זיך אַרויס פאַר אָננעמען שטענדיגערס רעזאָלוציע.

**יוסף** (דרום־מערב)

באַדויערט, וואָס די קאָנפערענץ איז צוגויפגערופן פריער, איידער ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ פּאַרטיי־ליטעראַטור און עס זענען דיסקוטירט געוואָרן די וויכטיקסטע פראַגן, פון וועלכע ס׳הענגט אָפּ די גאַנצע ווייטערדיקע טעטיקייט. אַזאַ גרונט־פראַגע איז נעמ־לעך די, וועגן דער אַלגעמיינער פּאָליטישער לאַגע.

**אידאַ** (וואַרשע)

געפינט פאַר נייטיק אַ פּאָליטישע רעזאָלוציע, נאָר די קאָנפערענץ איז נישט אים־שטאַנד זי אַרויסצוטראָגן.

יצחק ט. און שמשון
ווייזן אָן, אַז אין שטענדיגערס רעזאָלוציע ווי אויך אינם פּאָרטראַג זענען גאָר־נישט אָנגעוויזן די ספּעציעלע לאַגע און אויפגאַבן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוס־לאַנד באַם איצטיקן מאָמענט.

נאָך אַ לאַנגער געשעפטס־אָרדנונגס־דעבאַטע (יצחק (לאָדזש), יצחק ט., אידאַ, שלמה, בלומענפעלד, באָריסאָוו, שטענדיגער, שמשון, יוסף) ווערט באַשלאָסן מיט 10 שטימען: צו לאָזן די פראַגע אויף דיס־קוסיע אין פּאַרטיי און ליטעראַטור און רעקאָמענדירן די חברים צו באַטראַכטן די געדאַנקען, וואָס זענען אַרויסגע־זאָגט אין שטענדיגערס רעזאָלוציע.

## III־טע זיצונג.

## פינאַנצן און ליטעראַטור.

### רעפעראַט פון יוסף (דרום־מערב)
### וועגן פינאַנצן, פּראָפּאַגאַנדע און ליטעראַטור.

אָפּגעזעען פון יענע פינאַנץ־מיטלען, וועלכע קענען קומען דירעקט פון פּראָפּאַ־גאַנדע (ווי אַן ערך די הכנסות פון ליטעראַטור), זענען וויכטיק פאָלגנדע קוועלן:
1) אָרגאַניזירן די אויסלענדישע גרופּן, עס דאַרף געגרינדעט ווערן אַן אויסלענדישע ליגע, איר קאָמיטעט זאָל זיצן אין איין אָרט און שטיין אין באַציונ־גען מיטן צ. ק. — מיטלען: רעפעראַטן, לאָטעריען, אָוונטן א. ד. ג. 2) די זעלבע מיטלען אויך אין רוסלאַנד — דאָס איז די אויפגאַבע נישט פון דער פּאַרטיי אַלס אַזעלכער, נאָר פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס; 3) זאַמלען געלט צווישן סימפּאַטיזירנדע; אַזוי, אַן ערך, דעם דעלעגאַטן־פאָנד אין אָדעס האָבן מיר כמעט איינגאַנצן אויפגעזאַמלט באַ סימפּאַטיקער. 4) אָבליגאַטאָרישער מיטגלידס־בייטראַג — עס דאַרף פעסטגע־שטעלט ווערן, וועלכן פּראָצענט פון בודזשעט באַקומט דער אָרטיקער ק., וועלכן דער ר. ק. און דער צ. ק.

מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע קען איצט האָבן נאָר גאָר אַ קליינע באַדייטונג, און דאָך איז זי מעגלעך, און זי קען פון זיך אַליין שאַפן די מיטלען, וועלכע זענען פאַר איר נייטיק. הויפּטזאַכלעך קומען דאָ אין באַטראַכט מאַסן־וועקס און טעאָרעטישע גרופּן. עס זענען נייטיק אַרומפאָרנדע פּראָפּעסיאָנאַלן, און דער צ. ק. מוז אויסאַר־

בעטן פראָגראַמען פאַר דעם אױנטערריכט אין די גרופּן; פיל מער מעגלעכקייטן זענען דאָ פאַר שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע. ערשטנס, אין דער אַלגעמיינער לעגאַלער און בירגערלעכער פּרעסע, ווייל די בירגערלעכע פּרעסע איז איצט די איינציקע, וועלכע ווערט געלעזן אינעם ברייטן פּובליקום. צווייטנס, מוזן מיר אַרויסגעבן לעגאַלע זאַמל-ביכער; דריטנס, אומלעגאַלע פּאַרטיי-ליטעראַטור, — אויסער פּראָקלאַמאַציעס, וואָס האָבן איצט גאָר אַ קליינע באַדייטונג, איז איבערהויפּט אונזער וויכטיקסטע אויפגאַבע, אַן וועלכער די פּאַרטיי קען ווייטער נישט עקזיסטירן אָדער וואַקסן — אַן אומלעגאַלער אָרגאַן.

נאָך אַ לאַנגער ריין-פּראַקטישער דעבאַטע, וועלכע האָט פאַרנומען די IV-טע און V-טע זיצונגען, און אין וועלכע עס האָבן אָנטייל גענומען אַלע דעלעגאַטן פון דער קאָנפערענץ, זענען אָנגענומען אַ ריי רעזאָלוציעס.

## VI-טע זיצונג

## אָרגאַניזאַציאָנס-פראַגע

(די אָנפירנדע פּאַרטיי-אינסטיטוטן)

די גאַנצע זיצונג איז געווען געווידמעט דער פראַגע. עס זענען אויסגעהערט געוואָרן צוויי אויספירלעכע רעפעראַטן פון ח׳ שמשון (רעפערענט) און ח׳ יוסף (קאָר-רעפערענט). די דעבאַטע איז געווען זייער אַ לעבהאַפטע. ענדערונגען אינעם עקזיס-טירנדיקן אָרגאַניזאַציאָנס-סטאַטוט האָט די קאָנפערענץ נישט אַריינגעטראָגן; זי האָט נאָר באַטראַכט, ווי איינצואָרדנען די צענטראַלע איינריכטונגען ביז צום נעכסטן פּאַר-טיי-טאָג. צוליב קאָנספּיראַציע גיבן מיר דאָ נישט איבער דעם אינהאַלט פון די דע-באַטן און אויך נישט די רעזאָלוציעס.

## „אונזער נאַציאָנאַל-קולטורעלע, עקאָנאָמישע און געמיינדע-טעטיקייט און די עמיגראַציע-אַרבעט".

דאָ גיבן מיר איבער נאָר דעם טייל פון ח׳ שמשונס רעפעראַט און פון די דעבאַטן, וועלכער האָט אַ שייכות צו דער

## רעגולירונג פון דער יידישער עמיגראַציע*

דערדאָזיקער פונקט האָט אַרויסגערופן אַ באַזונדערן אינטערעס בײַ דער גאַנצער קאָנפערענץ.

ש ט ש ו ן:

... די לעצטע צײַט ווערט באַזונדערס אַרויסגערוקט די פראַגע פון רעגולירן די עמיגראַציע און עס ווערט צוגעגרייט אַן אַלוועלטלעכער יידישער עמיגראַציאָנס קאָנגרעס, וועלכער וועט געוויס מיט זיך פאָרשטעלן אַ וויכטיקע געשעעניש אין דער יידישער וועלט. מיר אַנערקענען, אַז דער הויפט צענטער פונם יידישן לעבן ווערט דורך דער אַנטוויקלונג פונם עמיגראַציאָנס שטראָם אַריבערגעטראָגן אין פאַלעסטינע, אַז דאָרט וועט טאַקי גרינדלעך געלעזט ווערן די יידנפראַגע בכלל און די עמיגראַציאָנס פראַגע בפרט. אָבער כּל־זמן די עמיגראַציע צעשטרייט זיך און די יידישע וואַנדערער וואַנדערן אין אַנדערע לענדער, און אין פאַלעסטינע, ווידער, לאָזט זיך קאָנצענטרירן נאָר אַן אומבאַדייטנדער טייל פון דער יידישער וואַנדערונג, — מוז די עמיגראַציע רעגולירט ווערן כאָטש אויף אַ פאַליאַטיוון אופן, און מיר דאַרפן ווירקן אויף יענע געזעלשאַפטלעכע איינריכטונגען, וועלכע זענען געווידמעט דעם צוועק. דערבײַ דאַרפן מיר שטרעבן צו דעמאָקראַטיזירן זייער טעטיקייט, זי זאָל טראָגן אַ ראַציאָנעלן און נישט קיין פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער. זאָלן מיר נישט אַרויפלייגן אויפן עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס קיין איבערטריבענע האָפנונגען, ווייל די באַדייטנדסטע מערהייט זיינע וועלן דאָך בילדן די פאַרטרעטער פון פילאַנטראָפּישע עמיגראַציאָנס, קאָלאָניזאַציאָנס און צדקה געזעלשאַפטן. בײַ זיי זענען די בייטיקע קאַפּיטאַלן, און זיי וועלן נישט דערלאָזן, די אַרבעט זאָל געהעריק דעמאָקראַטיזירט ווערן. אויסערדעם, אַלס טעריטאָריאַליסטן, דאַרפן מיר נישט פאַרגעסן, אַז די רעגולירונג פון דער וואַנדערונג ברענגט צו צעשטרייען זי, אָבער כּלל נישט צו קאָנצענטרירן. עס טאָר, בכן, נישט אָנגעווענדעט ווערן די גאַנצע נאַציאָנאַלע ענערגיע בלויז אויף רעגולירן די עמיגראַציע.

ש ט ע נ ד י ג ע ר:

אינם מאָמענט פון אַלזייטיקער קריסטאַליזירונג פון אַלע געזעלשאַפטלעכע באַציונגען האָבן אויך דעקלאַראַציעס אַ געוויסע באַדייטונג, ווייל זיי באַלייכטן די פראָצעסן, וואָס קומען פאָר אינם לעבן. אַזוי צ. ב. ש. אויפן עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס איז אוממעגלעך פאָרויס אָנצווייזן, וועלכע קאָנקרעטע פּאָזיציע מיר זאָלן פאַרנעמען אין דער אָדער יענער פראַגע פונם טאָג־אָרדנונג — אָבער געוויס קענען מיר פיל אויפטון, ווען מיר וועלן קומען אין קאָנגרעס כּדי צו ווייזן, ווי זיינע אויפגאַבן ווערן באַטראַכט פון סאָציאַליסטישן און טעריטאָריאַליסטישן שטאַנדפונקט. דעמאָלט וועט אונזער שטימע נישט בלייבן איינזאַם, צו איר וועלן זיך צוהערן ברייטע מאַסן ; מיר וועלן זיי העלפן

אָריענטירן זיך אין דעם, צו וואָס דער קאָנגרעס איז פעיק און וואָס ער טוט ווירקלעך.

**ב ל ו מ ע נ פ ע ל ד:**

אין דער קהילה דאַרפן מיר זען ווירקן, אירע צדקה-איינריכטונגען זאָלן זיין צוגעפאַסט צו די רעאַלע באַדערפענישן פון דער מאַסע, קודם-כל צו אירע עמיגראַציאָנס-באַדערפענישן. דאָס יידישע וואַנדערונגס-פּראָבלעם שטייט איצט פאַר אַ שווערן קריזיס. די ביז-אַהעריקע איינוואַנדערונגס-לענדער ווערן אַלץ מער פאַרמאַכט, און ס'איז שוין אַ גרויסער ספק, צי ווען די יידן קענען נאָך אַ לענגערע צייט אַהין עמיגרירן. אַנדערע, מער אָפּגעשטאַנענע לענדער, זענען אָבער פאַרן ייד געשלאָסן פשוט צוליב זיין מאַנגל אין פּראָפעסיאָנעלער פאָרבאַרייטונג. אַלזאָ מוזן די קהילות מער אויפמערקזאַמקייט ווענדן אויף דער פּראָפעסיאָנעלער בילדונג און בכלל זיך מער באַשעפטיקן מיט דער עמיגראַציע. . . וואָס אָנבאַלאַנגט דעם עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס, איז אונזער אויפגאַבע נישט לאָזן פאַרבלענדן די מאַסן מיט איבערטריבענע האָפנונגען, וואָס אייניקע פּובליציסטן לייגן אַרויף אויף אים. מיר דאַרפן אַריינטראָגן אין קאָנגרעס דאָס ליכט פון דעם סאָציאַליסטישן און נאַציאָנאַלן געדאַנק.

**י צ ח ק (לאָדזש):**

איך געפין דאָס וואַנדערונגס-פּראָבלעם פאַר אַ זייער וויכטיקס, און אונזער אָנטייל אין עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס פאַר נייטיק. ווייל די רעגולירונג פון דער וואַנדערונג איז איינע פון די וויכטיקסטע פראַגן לגבי דער אַרבעטער-באַוועגונג. ליידער אָבער איז שווער אַרויסצוטראָגן אַ פעסטן באַשלוס מכוח דעם עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס, ווייל נישט זיין צוזאַמענשטעלונג, נישט זיין פּנים, און אפילו נישט זיין טאָג-אָרדנונג זענען אונז קלאָר. . .

**ב ע ר ט אָ ל ד י (ס. ס.):**

די נישט לאַנג פאָרגעקומענע קאָנפערענץ פון ס. ס. האָט אויך אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן פּוע"צ; די רעזאָלוציע געפינט פאַר מעגלעך קאָאָרדינירן די קרעפטן, באַזונדערס אינעם געביט פון רעגולירן די יידישע וואַנדערונג. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס, וועט ער נישט טראָגן קיין פילאַנטראָפּישן און גבירישן (פּלוטאָקראַטישן) כאַראַקטער. אַ גאַנצע ריי דעמאָקראַטישע געזעלשאַפטן וועלן אָנטייל נעמען אינעם עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס. דאָס פאַרדינסט פון איניציאַטיוו געהערט אין דעם ענין דער פּאַרטיי ס. ס. דאָס איז די איניציאַטיוו פון איבערגאַנג צו אַ דעמאָקראַטישער פּאָליטיק אין דער עמיגראַציע. און נישט ווי ביז אַהער, אין איינצעלנע לענדער, נאָר אויפן אינטערטעריטאָריאַלן אַלוועלטלעכן באָדן. מען האָט אויך פריער פאַרזוכט צו דעמאָקראַטיזירן פאַרשידענע עמיגראַציאָנס-און קאָלאָניזאַציאָנס-חברות. אָבער מען האָט דאָס געטון קאָמיש: מען פלעגט קריטיקירן די חברות, אָבער אַליין קיין אָנטייל נישט גענומען, אַליין נישט געפרווט אָפּצונעמען בא זיי די מאַכט איבער די עמיגראַציאָנס-אָנגעלעגנהייטן. דער פאָרשטייענדער קאָנגרעס איז אַן עקספּערימענט, אַן ערשטער פאַר-

זיך פון עמיגראַציאָנס־פּאָליטיק, און נעמלעך, פון פּאָליטיק, וועלכע שטרעבט אַרויסצורייסן די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע פון די הענט פון פילאַנטראָפּישע חברות.

איר, פּוע״צ, אַלס פּראָלעטאַרישע און טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטיי, טאָרט זיך נישט פּלאַטאָניש באַציען צו אַזאַ דרייסטן פּאַרזוך פון עמיגראַציאָנס־פּאָליטיק. ווען איר וואָלט זיך אָפּזאָגן פון אָנטייל נעמען אין קאָנגרעס, וואָלט איר נישט דערפילט אייער איינפאַך דעמאָקראַטישן חוב. נאָר די לאַגע פאַרפליכטעט צו עטוואָס גרעסערס: נישט נאָר אָנטיילנעמען, נאָר מען מוז אויך אַגיטירן און טון, כדי וואָס ברייטער אַוועקצושטעלן דעם איינפלוס פון די דעמאָקראַטישע שיכטן אויפן קאָנגרעס. דער בלויזער קאַמף קעגן פילאַנטראָפּישע איינריכטונגען וועט צו גאָרנישט ברענגען און האָט ביז איצט קיין נוצן נישט געבראַכט. ווייל בשעת מיר פלעגן קריטיקירן, האָבן זיי אונז, ווי מען זאָגט דאָס, געהערט אין פּיאַטע, און האָבן זיך פאָרטגעזעצט זייער אַרבעט. מיר, די דריי טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטייען פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן אונז אַמאָל צעטיילט, זיך פונאַנדערגעגאַנגען. צי איז דאָס אַ ברכה, אָדער אַ קללה — אַלנפאַלס איז שוין אונז מסתמא באַשערט ווידער זיך צו דערנענטערן און צונויפגיין, פאַרייניקט און גלייכגעזינט, אָן הינטערגעדאַנקען און אָן קעגנזייטיקע הינטערפּיסלעך צוטרעטן צו דער עמיגראַציאָנס־פּאָליטיק. און דער ערשטער טריט דערצו וועט זיין אַ געמיינזאַמע אַרויסטרעטונג אויפן עמיגראַציאָנס־געביט.

יצחק ט.

דאָ רעדט מען וועגן רעגולירן די עמיגראַציע, אויך וועגן דעמאָקראַטיזירן די דאָזיקע רעגולירונג — איך וואָלט זייער וועלן, מען זאָל דאָס מיר דערקלערן, וואָס דאָס הייסט, און וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס צום טעריטאָריאַליזם?

באָריסאָוו (סיימיסט):

איך האָב גענומען אַן אוממיטלבאַרן אָנטייל אין די פאַרהאַנדלונגען צו דער פאָרבאַרייטונג פונם עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס. יאָ, עס איז געוויס זייער ווינשענסווערט, די פּאַרטיי פּוע״צ זאָל אין אים אָנטיילנעמען. מען דאַרף אָבער נישט איבערטרייבן זיין באַדייטונג. די אויסערונגען פון ח׳ בערטאָלדי זענען צופיל אָפּטימיסטיש. מען דאַרף גאָר נישט זיין קיין גרויסער נביא, אום פאָרויסצוזען, דאָס די פילאַנטראָפּישע חברות, וועלכע האַלטן איצט אין זייערע הענט אַלע עמיגראַציאָנס־ענינים, וועלן גובר זיין די דעמאָקראַטישע טענדענצן. עס איז גאָרנישט קיין צופעליקייט, וואָס גראָד די פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן האָבן דעם מאָנאָפּאָל פון רעגולירן די עמיגראַציע, און עס איז גאָר אוממעגלעך אַרויסצורייסן אינגאַנצן די זאַך פון זייערע הענט. אונזער פליכט איז יאָ אָנטיילצונעמען, שטרעבן צו דעמאָקראַטיזירן די אַרבעט פון די געזעלשאַפטלעכע איינריכטונגען. אָבער מיר דאַרפן זיך נישט איינרעדן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט מיט זיינע אָרגאַניזאַציעס וועט דאָ קענען פיל ווירקן. די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע קען קיינמאָל נישט ווערן די זאַך פון פּראָלעטאַריאַט; קיין ווירקלעך פּראָלעטאַרישע

טעטיקייט וועט דערפון קיינמאָל נישט ווערן, ווייל דערצו זענען דערפאָדערלעך אומגעזייערטע פינאַנציעלע מיטלען, וואָס וועלן שטענדיק געפונען ווערן בײַ דער בורזשואַזיע, און זי איז אַלזאָ דער נאַטירלעכער פאַרוואַלטער איבער דעם ענין.

שטענדיגער:

יאָ, די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע וועט קיינמאָל נישט ווערן אין דער קאַפיטאַליסטישער געזעלשאַפט קיין ריין פראָלעטאַרישער, נאָך מער — קיין ריין דעמאָקראַטישער ענין. דעמאָקראַטיש איז נאָר דאָס, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך די פאַרינטערעסירטע גופא. אָבער אין דעם רעגולירן די עמיגראַציע זענען צום אומיטלבאַרסטן פאַרינטערעסירט די עמיגראַנטן, און זיי אַלס אַזעלכע, זענען בשעת דער עמיגראַציע איבערהויפט אומפעיק צו וועלכער נישט אָרגאַניזאַטאָרישער איניציאַטיוו. די עמיגראַנטן קענען אַלזאָ וועגן זיך נישט זאָרגן, זיי מוזן אַנדערע, נישט עמיגראַנטן באַזאָרגן — אַלזאָ איז דאָ די פילאַנטראָפיע אומפאַרמיידלעך. עס האָט אפילו איינמאָל געלונגען אונזערע חברים דורכצופירן אַ יידישן עמיגראַנטן-שטרייק אין אַנטווערפן (אין יאַנואַר 1905), אָבער דער שטרייק וואָלט געוויס נישט געלונגען, ווען די דאַמפשיף-קאָמפּאַניע וואָלט נישט געווען אַ ביסל אָנגעשראָקן און וואָלט נישט געמאַכט קיין קליינע הנחות.

אויף דער זעלבסטטעטיקייט פון די עמיגראַנטן וועט קיינער נישט האָפן, און ווו עס איז נישטאָ קיין זעלבסטטעטיקייט, איז מעגלעך נאָר פילאַנטראָפיע. ווי דעמאָקראַטיש עס זאָלן אַפילו נישט זיין די עמיגראַציאָנס-איינריכטונגען, דאָך וועט שטענדיק דער עמיגראַנט קומען אַהין מיט זיין פסיכאָלאָגיע פון אָפּהענגיקייט און הילפסלאָזיקייט, און די בעסטע טוער וועלן מיט דער צייט זיך צוגעוויינען צו באַהאַנדלען די עמיגראַנטן אויפן פילאַנטראָפישן שטייגער. דער מינימום פון פילאַנטראָפישער געזינונג קען אין דעם ענין דערגרייכט ווערן נאָר דאַן, ווען פאַר אים זאָל זיך נעמען אַ דעמאָקראַטישע מלוכה-איינריכטונג, ד. ה. אַ יידישע נאַציאָנאַל-פאָליטישע אויטאָנאָמע אינסטיטוציע, דער זאָגענאַנטער „סיים". דאָס וועט אין דער צוקונפט זיין מעגלעך, ווייל דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איז פאַרינטערעסירט, דירעקט אָדער אומדירעקט, אינם איינאָרדנען די עמיגראַציע. ערשט ווען דער עמיגראַנט וועט באַטראַכטן זיך אַליין און וועט באַטראַכט ווערן פון די עמיגראַציאָנס-באַאַמטע אַלס פרייער, גלייכבאַרעכטיקטער בירגער פון אַ נאַציאָנאַל-אויטאָנאָמען קערפער, וועט מען מעגן רעדן וועגן אַ דעמאָקראַטישן רעגולירן. אַלזאָ, איז דאָ אויך די בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע עמאַנציפאַציע פונם יידישן פאָלק אַ וויכטיקער תנאי פאַר דער ראַציאָנעלער לעזונג פונם פראָבלעם. דערווייל אָבער קען מען נאָר געוויסערמאַסן מילדערן (מעסיקן) דעם גראַד פלוטאָקראַטישע פאָרמען, וואָס הערשן איצט אין די גבירישע עמיגראַציאָנס-חברות. דאָס איז דער מאַקסימום, וועלכן מיר קענען דערוואַרטן פונם עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס; די האָפנונגען פון ה' בערטאָלדי זענען דעריבער העכסט איבערגעטריבן.

בערטאָלדי:

אַליין די צוזאַמענזעצונג פונם קאָנגרעס גאַראַנטירט אונז פאַר די באַפירכטונגען,

װעלכע זענען דאָ אַרויסגעזאָגט געװאָרן: עס װערט אין אויסזיכט גענומען, װי מיר איז באַװוּסט, אַ דעמאָקראַטישער װאַל־מאָדוס צום קאָנגרעס. מיר זאָגן נישט — אינגאַנצן אַרויסרייסן דעם ענין פֿון די בירגערלעכע הענט! דאָס װאָלט זאָגאַר געװען שעדלעך פֿאַר דער עמיגראַציע. די טריפֿע אַסימילאַטאָרישע בורזשואַזיע איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך — מען מעג אין געװיסע הינזיכטן גיין מיט איר האַנט באַ האַנט. עס איז נייטיק צו שאַפֿן אַן אָרגאַניזירטן צוזאַמענהאַנג צװישן דער דעמאָקראַטיע מיט דער בורזשואַזיע. ביז אַהער זענען די עמיגראַציאָנס־אָרגאַניזאַציעס אָפּגעטײלט געװען פֿון די מאַסן דורך אַ גאַנצן לײטער פֿון כּלל־ישׂראל־אַגענטן און באַאַמטע — אָנשטאָט דעם װילן מיר גרינדן אַ דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע; דאָס הייסט, באַװאָפֿנטער פֿרידן; צוזאַמען אָרגאַניזירן די פֿילאַנטראָפּיע מיט דער דעמאָקראַטיע, אַװעקשטעלן די פֿילאַנטראָפּיע אונטער דער קאָנטראָל פֿון דער דעמאָקראַטיע. אין דעם זין קענען מיר גיין צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע, זען, אַז די כּלל־ישׂראל־אַגענטן זאָלן נישט האָבן קיין צוטריט צו די מאַסן. ביז אַהער איז געװען אָרגאַניזירט בלויז די פֿילאַנטראָפּיע. די יידישע דעמאָקראַטיע האָט אָבער אינגאַנצן איגנאָרירט דאָס װאַנדערונגס־פּראָבלעם. די עמיגראַנטן־מאַסע שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ װאַנדערנדן געלט־שטראָם, װעלכער קען ראַציאָנעל אויסגענוצט װערן פֿון אַ דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע. עס מוז געגרינדעט װערן אַן עמיגראַציאָנס־באַנק, װאָס זיין צװעק איז צו דערלייכטערן די װאַנדערונג. פֿאַרזאָרגן שיפֿס־קאַרטן, געפּעק, אַריינגיין אין באַציונגען מיט די שיפֿס־קאָמפּאַניעס א. ד. גל. לאָמיר נאָר אָרגאַניזירן די דעמאָקראַטיע, װעט זי אפֿילו אין פֿינאַנציעלער הינזיכט גאָר נישט זיין אַזוי שטאַרק אָפּהענגיק פֿון די קאַפּיטאַליסטישע פֿילאַנטראָפּן. לאָמיר נאָר אָרגאַניזירן דעם װאַנדערנדן געלט־שטראָם, װעט שוין זיין געלט. מען דאַרף נישט זיין צופֿיל אָפּטימיסטיש, אָבער צופֿיל פּעסימיזם טויג אויך נישט; מען דאַרף זיך ענערגיש נעמען פֿאַר אויסנוצן דעם קאָנגרעס.

ה' יצחק פֿרעגט מיט אַ כּיוון — װאָס הייסט רעגולירן די עמיגראַציע? דאָס הייסט: פֿירן אַ װײטזיכטיקע עמיגראַציאָנס־פּאָליטיק, קינסטלעך איינאָרדנען זי אויף אַזאַ אופֿן, עס זאָלן געשאַפֿן װערן נייע יידישע געמיינדן. בשעת דעם קריזיס אין אַמעריקע האָט פּאַסירט, דאָס עס זענען געבליבן פֿיל ליידיקע אַרבעטס־קרעפֿטן אין ניו־יאָרק, און גלייכצייטיק האָט מען אין די פֿאַרייניקטע־שטאַטן גופֿא געברויכט אַרבעטס־הענט, נאָר אין אַנדערע ערטער. דערביי האָבן די ניו־יאָרקער יידן נישט געװאוּסט, װאָס עס טוט זיך נעבן זיי. איין געמיינדע האָט נישט געװאוּסט פֿון דער צװייטער. אַזוינע כאַאָטישע צושטאַנדן דאַרפֿן אויסגעמיטן װערן דורך דער פּלאַנמעסיקער און באַװוּסטזיניקער רעגולירונג. רעגולירן די עמיגראַציע הייסט, נישט לאָזן זי אומזיניק צו אָנהויפֿן אין אַ קליינער צאָל שטעט, נאָר ראַציאָנעל פֿאַרטײלן די עמיגראַציע אויף מערערע ערטער. די לעזונג פֿון דער פֿראַגע באַשטייט נישט נאָר אין א י י ן טעריטאָריע. קאָלאָניעס מעגן א ו מ ע ט ו ם געגרינדעט װערן.

ה׳ יצחק ט.:

יאָ, איך האָב טאַקע מיט אַ כּיוון געשטעלט די פראַגע: וואָס הייסט רעגולירן די עמיגראַציע, און ה׳ בערטאָלדי האָט טאַקע געגעבן דעם געהעריקן ענטפער. וואָס הייסט דאָס — איינטיילן די עמיגראַציע, שאַפן קאָלאָניעס — אגב, נאָך פריער, איידער מיר האָבן די טעריטאָריע? קאַרג איז דאָ „קאָלאָניעס" אין גלות? דאָס הייסט פשוט גערעדט — צעשטרייען די עמיגראַציע, שאַפן נייע לאַנגדויערנדע גלותן; אַנשטאָט צו אָפּשאַפן דעם גלות, הייסט דאָס צעשפליטערן און פאַרטיפן אים. איצט קענען מיר שוין פאַרשטיין, ווי צו באַציען זיך צום קאָנגרעס. יאָ, מיר דאַרפן אַהין גיין, אָבער אונזערע פאַרטרעטער מוזן פאָדערן, אַז אַנשטאָט צו צעשטרייען, זאָל די עמיגראַציע קאָנצענטרירט ווערן אין פאַלעסטינע. מיר דאַרפן זוכן, אַלנפאַלס, אָפּצולענקן די עמיגראַציע נאָך די לענדער פון נאָענטן מזרח. מיר דאַרפן אויסנוצן דעם קאָנגרעס צוליב ציוניסטישע צוועקן. עס וואָלט געדאַרפט אויך באַטראַכט ווערן די פראַגע, ווי אַזוי זאָלן זיך אונזערע פאַרטרעטער האַלטן, אויב אויפן קאָנגרעס וועלן די ציוניסטן אַרויסשטעלן די פאָדערונג — אָפּצולענקען די עמיגראַציע נאָך פאַלעסטינע אָדער בכלל אין טערקיי.

באָריסאָוו:

עס איז פילייכט אַ צייכן פון דער צייט און אַ גליקלעכער אָנזאָג פון דער דערנענטערונג, וואָס אויף אייער קאָנפערענץ רעדן פאַרטרעטער פון אַנדערע פאַרטייען. איך וועל מיר אַלזאָ דערלויבן אָנצואווייזן אַ פעלער, וועלכער שטעקט אין די אויסערונגען פון אייערע רעדנער... ה. שטענדיגער קוקט אַזוי, אַז די גאַנצע רעגולירונג פון דער עמיגראַציע איז אַ בורזשואַזע באַשעפטיקונג, צו וועלכער די פּראָלעטאַריער מעגן צוליגן זייער האַנט נאָר מיט גרויס פאָרזיכט. דאָס איז אָבער אויך איבערגעטריבן, און נישט דאָס האָב איך געמיינט, זאָגנדיק, אַז די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע וועט קיינמאָל נישט ווערן קיין ריין־פּראָלעטאַרישע זאַך. די טעריטאָריאַליסטישע אידעע טאָר מען נישט אַריינטראָגן אין די עמיגראַציאָנס־ענינים, פאַרוועקסלענדיק דעם טעריטאָריאַליזם מיט די אויפגאַבן פון דער לויפנדער עמיגראַציאָנס־פּאָליטיק. די עמיגראַציאָנס־פּאָליטיק איז אַ זאַך פון מאָמענט, און דער טעריטאָריאַליזם איז אַ נאַציאָנאַלער אידעאַל. ביידע באַגריפן טאָרן נישט פאַרוועקסלט ווערן, ווי ס׳ליגט פאַר ה׳ יצחק. זיין פאָרשלאַג איז דירעקט שעדלעך פאַר דער עמיגראַציע, און קאָן דעם טעריטאָריאַליזם אויך קיין נוצן נישט ברענגען.

שטענדיגער:

דערקלערנדיק, וואָס הייסט רעגולירן די עמיגראַציע, האָט ה׳ בערטאָלדי אויפגעוויזן דעם כאַאָס, די אַנאַרכיע, וועלכע הערשט אין איר. אָבער די וואַנדערונגס־אַנאַרכיע איז נישט מער ווי אַ פּרט פון דער אַלגעמיינער אַנאַרכיע פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. די עמיגראַציע איז אַ צווייטע זייט פון יענער דערשיינונג, וועלכע הייסט אַרבעטסלאָזיקייט. אָבער מכח ראַדיקאַלער לעזונג פון דעם אַרבעטסלאָזי-

קייט=פּראָבלעם, ווי אויך פונם עמיגראַציאָנס=פּראָבלעם איז נישטאָ וואָס צו רעדן אין
דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. דאָ זענען נאָר מעגלעך פּאַליאַטיוון; דער בעסטער פון
זיי איז די קאָנצענטרירטע קאָלאָניזאַציע, וועלכע האָט אַ רעוואָלוציאָנערע באַדייטונג —
אויב דאָס איז טאַקע קאָלאָניזאַציע, ווי צ. ב. עס איז געווען אין אַמעריקע, אין
דרום=אַפריקע און אויסטראַליען, אָבער נישט קאָלאָניאַל=פּאָליטיק, ווי זי ווערט גע=
טריבן פון די מאָדערנע מלוכות. די עמיגראַציע אַליין איז אַ כאַאָטישער פּראָצעס, און
קינסטלעך רעגולירן זי, הייסט נאָר זי צו צעשטרייען; קיין היסטאָרישע, רעוואָלוציאָ=
נערע פּאָלגן וועלן געוויס נישט אַרויסקומען פונם רעגולירן.

באַ אונז איז דאָס עמיגראַציאָנס=פּראָבלעם ענג פאַרבונדן מיטן טעריטאָריאַליזם,
און מיר קענען נישט צעטיילן די ביידע באַגריפן, ווי דאָס וויל ח׳ באַריסאָוו. אויך
אויפן עמיגראַציאָנס=קאָנגרעס דאַרפן מיר האָבן אין אַכט אונזער היסטאָרישן פּראָגראַם.
דער עמיגראַציאָנס=קאָנגרעס דינט טאַקע פאַר דער לויפנדער פּאָליטיק פונם מאָמענט,
אָבער אונזער טעטיקייט אינם מאָמענט דאַרף נישט ווידערשפּרעכן אונזערע צוקונפטס=
אידעען. — די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דאַרפן פאָדערן אויפן קאָנגרעס, אַז צום אָנ=
טייל און צו דער קאָנטראָל אין די עמיגראַציאָנס=איינריכטונגען זאָלן צוגעלאָזט ווערן
פאַרטרעטער פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. — די פראַגע וועגן עמי=
גראַציאָנס=באַנק איז זייער אַ וויכטיקע, אָבער צו די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען האָט זי
גאָר קיין שייכות נישט; די אַרבעטער און די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען קענען דאָ גאָר=
נישט לייסטן, אין בעסטן פאַל קענען נאָר איינצעלנע פּערזאָנען געבן דער בורזשואַזיע
גוטע עצות, ווי איינצואָרדנען אַזאַ באַנק, אויב עס איז איבערהויפּט מעגלעך. אונזערע
פאַרטרעטער אויפן קאָנגרעס דאַרפן דאָרט אַרויסזאָגן אונזער קוק אויף דער עמיגראַ=
ציע, דאַרפן נישט שטערן דער פּאַליאַטיווער אַרבעט און מוזן זעען זי דעמאָקראַטיזירן.
אָבער מיר מוזן אויך קלאָר זאָגן, אַז דאָס בעסטע מיטל צו רעגולירן די אויסוואַנדערונג
באַשטייט אין רעגולירן די איינוואַנדערונג — דהיינו אין קאָלאָניזאַציע אויף אַ באַשטימ=
טער טעריטאָריע, ווו עס ווערט דורך דער קאָלאָניזאַציע געשאַפן אַן אָנציונגס=פּונקט
פאַר די עמיגראַנטן און דורך דעם ווערט שוין ממילא רעגולירט אויך די אויסוואַנדע=
רונג.

באַריסאָוו*

אין דער גאַנצער פּראַגע בלייבט אומבאַלויכטן אַ פראַגע, וועלכע מוז פאַרענט=
פערט ווערן דורך די ס״ס און פּועלי=ציון. ווי וועלן די צעשטרייטע איינצעלנע יידישע
קאָלאָניעס פון דער גאַנצער וועלט פאָרשטעלן מיט זיך אַן אויסגעצייכנטן מאַטעריאַל
פאַר דער קינפטיקער קאָנצענטרירטער קאָלאָניזאַציע — לאָמיר זאָגן אין פּאַלעסטינע?
אויב ס׳וועט שוין זיין מעגלעך איבערציען די יידן פון רוסלאַנד נאָך פּאַלעסטינע —
איז דען אָבער מעגלעך, קיין פּאַלעסטינע זאָל עמיגרירן אַ יידישער קאָלאָניסט, וועל=
כער האָט זיך שוין באַזעצט און איינגעאָרדנט אין אַמעריקע? מיר שיינט, אַז צווישן

אייער טעריטאָריאַליזם און רעגולירן די עמיגראַציע עקזיסטירט אויף אַזאַ אופן אַ ווידערשפרוך.

ש מ ש ו ן (אַלס פאָרזיצער):

די פראַגע פון ה׳ באָריסאָוו איז אפילו אַ ריין טעאָרעטישע און האָט נישט קיין שייכות צו אונזער פּראַקטישער דיסקוסיע, דאָך האָב איך אים נישט אָפּגעשטעלט. איך קען אָפּשיקן דעם ה׳ באָריסאָוו צו אונזער ליטעראַטור, וואו די פראַגע איז פאַרענטפערט און איך וועל בעטן די פאָלגנדע רעדנער נישט צו באַרירן אַזוינע פראַגן, ווייל אונזער קאָנפערענץ זעצט נאַטירלעך פאָרויס, דאָס די אַלגעמיינע פּראָגראַם-פּרינציפּן זענען שוין פעסטגעשטעלט און ווערן נישט קיין צווייפל בײַ די דעלעגאַטן (אַלגעמיינע צושטימונג).

ש ל מ ה ק.:

דאָס פאַרבאַנדס-ביוראָ האָט בשעת די אַמעריקאַנישע פאַרייניקונגס-פאַרהאַנדלונגען פאָרגעלייגט פאַר די אַמעריקאַנער חברים אַ פאַרייניקונגס-פּלאַטפאָרם, אין וועלכער ס׳איז אויך אַריין דער פונקט פון רעגולירן די אויסוואַנדערונג. אָבער דאָס ביוראָ האָט געמיינט די רעגולירונג גאָרנישט אין דעם זין, אין וועלכן עס האָבן דערפון גערעדט שטענדיגער און יצחק ט. פאַרשטייט זיך, אין היסטאָרישן זין הייסט רעגולירן די עמיגראַציע — קאָנצענטרירן זי, דהיינו — פירן אַ טעריטאָריאַליסטישע פּאָליטיק. אָבער אוממיטלבאַר, אינם זין פון לויפנדער פּאָליטיק, באַדייט די רעגולירונג — עקאָנאָמיזירן די קרעפטן אין דער צעשטרייטער עמיגראַציע, אין איר פליסן נאָך די לענדער, וווהין זי גייט פון זיך זעלבסט. אויסער דעם קען דאָס אויך באַדייטן — אָפּלענקען די עמיגראַציע אין די שכנישע לענדער צו פּאַלעסטינע; דען די איינוואַנדערונג אין די שכנישע לענדער איז נישט נאָר אַ טעאָרעטישע, נאָר אויך אַ פּראַקטישע בריק צו דער טעריטאָריאַליסטישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע גופא.

מיר דאַרפן יאָ אָנטיילנעמען אינם עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס, ער זאָל נישט זיין קיין בלויזע צוזאַמענקונפט פון פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן, פון י. ק. א., פון דער אַליאַנץ, פון דער עסטר. אוניאָן א. ד. גל., וועלכע וועלן שטרעבן אַרויסצושטעלן די יידישע עמיגראַציע פאַר אַ קלייניקייט און נעבן-זאַך, צו באַהאַנדלען די פראַגע אַלס זומבאַדייטנדע דערשיינונג אין יידישן לעבן. מיר דאַרפן אָנטיילנעמען, אויב צום קאָנגרעס וועלן צוגעלאָזט ווערן נישט נאָר די רייכע, נאָר אויך די אָרגאַניזירטע גרופּן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט — בכלל, אויב דער קאָנגרעס וועט זיין נישט קיין פאַרבלענדעניש פאַר די מאַסן, נאָר טאַקע אַווירקלעכע לעבנס-דערשיינונג, וואָס קען אויסגענוצט ווערן אין די אינטערעסן פון דער דעמאָקראַטיע. אָבער גיין אַהין דאַרפן מיר גאָרנישט צוליב דעם, צו האַלטן קלינגענדע פּרינציפּן-דעקלאַראַציעס, ווי אַ קאַטאָנס „Ceterum censeo" אָדער די טשעכיש נאַציאָנאַלע Statsrechtliche verwaltung, וועלכע ווערט פון די טשעכישע דעפּוטאַטן פאָרגעלעזן אין רייכסראַט בײַ יעדער סעסיע. קומען צום קאָנגרעס, כדי צו דערקלערן: רעגולירן הייסט צעשטרייען,

און צעשטרייען איז אומזין, און אייערע באַמיונגען וועלן צו גאָרנישט פירן, און אויסער טעריטאָריאַליזם איז דאָס אַלץ בלאָטע. —

אַזאַ פראַזן־פּאָליטיק וועט נישט האָבן קיין שום זין. מיר דאַרפן זיך דערמיט רעכענען, דאָס דער גרעסטער טייל פונם וואַנדערונגס־שטראָם גייט דערווייל און וועט נאָך לאַנג גיין נישט אין פּאַלעסטינע. אָבער מיר ווייסן אויך, אַז די איצטיקע איינוואַנדערונגס־לענדער, וווּהין די יידן עמיגרירן — אַמעריקע הויפּטזעכלעך — וועלן מיט דער צייט ווערן אויסוואַנדערונגס לענדער און וועלן טאַקע אויך געבן גענוג מאַטעריאַל צום קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע. אַלזאָ, איז דאָ גאָר נישטאָ יענער ווידערשפּרוך, וועלכן ה. באָריסאָוו זעט איין אין דער טעאָריע פון פועלי־ציון. אויסער דעם וועט איבערהויפּט די טעריטאָריאַליסטישע קאָלאָניזאַציע קיינמאָל נישט אימשטאַנד זיין אַרומצונעמען דעם גאַנצן יידישן עמיגראַציאָנס־שטראָם — אַלזאָ, פאַרבלייבט דאָס רעגולירונגס־פּראָבלעם געוויסערמאַסן אומאָפּהענגיק, אַ חוץ דעם טעריטאָריאַליזם. — מיר דאַרפן, זאָג איך, געדענקען, אַז קוים גייען מיר אין עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס, מוזן מיר דאָרט אַרבעטן.

רעפערענט ש מ ש ו ן

רעזומירט קורץ די געדאַנקען פון זיין רעפעראַט און איז אויך מסכים, דאָס אונזער אָנטייל אינם עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס דאַרף זיך אויסדריקן אין מעשים און נישט אין בלויזער דעקלאַמאַציע.

ער לייגט פאָר אַ רעזאָלוציע וועגן עמיגראַציאָנס־פראַגן, וועלכע ווערט איינשטימיק אָנגענומען.

## VII = ט ע ז י צ ו נ ג

## די פאַרייניקונגס־פראַגע פון די ייד. סאָצ. פּאַרטייען.

(אויף דער זיצונג איז ספּעציעל צוגעלאָזט געוואָרן מיט באַראַטונגס־רעכט ח׳ יוסף (דר. קרוק) פון דער ציוג. סאָצ. אַרב. פּאַרטיי)

ב ל ו מ ע נ פ ע ל ד (באַריכט וועגן די פאַרהאַנדלונגען מיט פאַרשידענע פּאַרטייען).

גלייך, ווי ס׳זענען געקומען די ערשטע ידיעות וועגן די פאַרהאַנדלונגען אין אַמעריקע, האָט דאָס אַלוועלטלעכע־ביוראָ, איינזעענדיק, אַז די פראַגע האָט אַן אַלגעמיינע, נישט נאָר ריין אָרטיקע באַדייטונג, באַשלאָסן אַריינמישן זיך, און האָט פאָרגעלייגט די אַמעריקאַנער חברים אַ געוויסע פּלאַטפאָרם, וועלכע האָט טאַקע געהאַט די געווינשטע ווירקונג. — עס איז געווען קלאָר, אַז די פראַגע וועט געפינען אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג אין רוסלאַנד. און ווירקלעך: די רעדאַקציע פון „איגפּאָרם.־בלעטל" האָט גלייך

אָנגעהויבן צו באַקומען פון די ערטער אין רוסלאַנד פאַרשידענע אָנפראַגן וועגן די אַמעריקאַנער פאַרהאַנדלונגען און אויך — וועגן דעם, ווי אַזוי זאָל מען זיך דערצו באַציען אין רוסלאַנד; עס זענען אויך געווען פאָרשלאַגן מכּח פאַרייניקן די יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען אין רוסלאַנד, אָדער קאָאָרדינירן זייער טעטיקייט. דערזעלבער אינטערעס האָט זיך מסתּמא דערוועקט אויך באַ די די אַנדערע פאַרטייען. אַלנפאַלס, האָט איינער פון די ציונ.-סאָציאַל. טוער, ח׳ דאַ—וויטש, דורכפאָרנדיק דורך דער שטאָט, וואו עס געפינט זיך אונזער פאַרבאַנדס-ביוראָ (ווין), זיך געווענדעט צום ביוראָ מיט אַן אָנפראַגע, ווי פאַרהאַלטן זיך די רוסישע פּועלי-ציון צו דער פאַרייניקונגס-פראַגע. אונזער מיינונג איז געווען, אַז וועגן אַ פאַרייניקונג איז נאָך פיל צו פרי צו רעדן; ס׳איז אָבער מעגלעך אַ קאָאָרדינאַציע, צו וועלכער דער „בונד" זאָל אויך צוגעצויגן ווערן.

אונזער אויסלענדישע פאַרטרעטונג האָט זיך מיטן הסכּם פון צ. ק. פון דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער אַרבעטער פאַרטיי און פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פאַרטיי (סערפּ) געווענדעט מיט אַ פאָרשלאַג וועגן צונויפרופן אַן אינטערפאַרטייאישע קאָנפערענץ פון די צ. ק.-ען, כּדי אויסצואַרבעטן אַ געמיינזאַמע קאָאָרדינירונגס פּלאַטפאָרם אין די פאָלגנדע געביטן: 1) רעגולירונג פון דער יידישער עמיגראַציע; 2) דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד; 3) קולטורעלע טעטיקייט צווישן די יידישע אַרבעטער; 4) דער קאַמף פאַר דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער יידישער קהילה; 5) דער ווייטערדיקער רעוואָלוציאָנערער קאַמף פאַר דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער פּאָליטישער אָרדנונג אין רוסלאַנד (האַנט באַ האַנט מיט דעם גאַנצן רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט); 6) דאָס אַריינטרעטן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אַלס אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע סעקציע. — די ס״סישע קאָנפערענץ האָט אונזער פאָרשלאַג אָנגענומען. די י. ס. האָט אין פּרינציפּ אויך מסכּים געווען צו אַ קאָאָרדינירונגס קאָנפערענץ. דאַן האָט זיך אונזער צ. ק. אַ צוויי וואָכן פאַר דער פּאַרטיי-קאָנפערענץ, געווענדעט מיטן זעלבן פאָרשלאַג צום בונד. איצט דאַרף די קאָנפערענץ צעטשיידן, צי האָט די אויסלענדישע פאַרטרעטונג ריכטיק געהאַנדלט און צי דאַרף דער צ. ק. פאָרזעצן די דאָזיקע טריט.

די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג ליידט אין אַלע הינזיכטן פון דער צעבּרעקלונג אויף פיל פּאַרטייען, און די קאָאָרדינאַציע פון די קרעפטן וואָלט זיין דער ערשטער שריט צו פאַרניכטן די שעדלעכע צעבּרעקלונג. מיר מוזן אָבער אָפן מודה זיין, אַז באַ אונז זענען דאָ צוויי אַנטקעגנגעזעצטע שטרעמונגען. אייניקע חברים שטרעבן שוין באַלד צו פאַרשמעלצן אַלע פיר פּאַרטייען אין איין פּאַרטיי. ס׳זענען אָבער אויך דאָ פיל אַנדערע, וועלכע ווילן גאָרנישט הערן וועגן וועלכע נישט איז דערנענטערונגען. אַזוי האָט די רעדאַקציע פונם „אינפאָרמ.-בלעטל" שוין באַקומען פּראָטעסטן פון אייניקע פּונקטן קעגן אירע שריט בנוגע צו די איבעריקע פּאַרטייען.

שטענדיגער: יאָ, וועגן פֿאַרייניקונג קען איצט נישט זיין קיין רייד. אויב פֿאַרייניקן זיך, וועט דאָך יעדע פּאַרטיי פֿאָדערן, אַלע איבעריקע זאָלן אָננעמען איר פּראָגראַם און אָפּזאָגן זיך פֿון די אייגענע פּרינציפּן צום גונסטן פֿון דער פּאַרטיי, מיט וועלכער מען פֿאַרייניקט זיך. פֿאַרייניקן זיך, הייסט פּאַרטייאיש זיך אַסימילירן; אויב אַזוי, זאָלן זיי אָננעמען אונזער פּראָגראַם. די אַמעריקאַנישע חברים זענען געווען פֿולקאָם גערעכט, ווען זיי האָבן געפֿאָדערט די פֿאַרייניקונג זאָל פֿאָרקומען אויפֿן גרונט פֿון זייער פּוע״צישן פּראָגראַם; גאָר אַנדערש איז בנאַ קאָאָרדינאַציע — דאָ דאַרף זיך קיינער נישט אָפּזאָגן פֿון זיינע אייגנטימלעכקייטן, די דערגרענטערונג קומט פֿאָר נאָר אויף יענעם באָדן, וועלכער איז סיי ווי סיי בנאַ אַלעמען געמיינזאַם. — אויב יאָ קאָאָרדינירן די קרעפֿטן, דאַרפֿן מיר שטרעבן, אַז אין דער דערנענטערונג זאָלן אָנטיילנעמען אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פֿונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, ווי ווייט זיי זאָלן נישט שטיין איינע פֿון דער אַנדערער; דער בונד מוז אויך אַריינגעצויגן ווערן. די דערנענטערונג פֿון די דריי פּאַרטייען, אויסער דעם בונד, איז נישט שווער — זיי שטייען אויף אַ געמיינזאַמען באָדן, אויף וויפֿיל זיי זעען די צוקונפֿט פֿונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אויסער די ראַמען פֿון גלות; בנאַ אונז אַלעמען, פּוע״צ, ס״ס און י. ס. איז אַ געמיינזאַמער טעריטאָריאַליסטישער קוק. בנאַ אַלע פֿאַרשידנהייטן — וואָס די ס. ס. לייגן דעם שווערפּונקט אויף דער טעריטאָריע און פֿאַרצווייפֿלען אין אַלע גלות-מעגלעכקייטן, די י. ס. לייגן פֿיל מער געוויכט אויף דער אויטאָנאָמיע דאָ, אין די גלות-לענדער, און בנאַ אונז פּוע״צ, זענען ביידע זייטן פֿונם פּראָגראַם אין אַ גלייכגעוויכט — בנאַ דעם אונטערשיד איז גאָר נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פֿון קעגנזייטיקער פֿאַרשטענדיקונג.

גאָר אַנדערש איז עס מיטן בונד, וועלכער וויל נישט הערן פֿון פּערספּעקטיוון אויסערהאַלב דעם גלות; ער שטייט טאַקע מיט ביידע פֿיס, אויב נישט אין רוסלאַנד, איז אַלנפֿאַלס אין גלות. אָט אַרום דעם פּונקט גרופּירן זיך די שווערסטע פּראָבלעמען פֿון דעם יידישן סאָציאַליזם, אָט אויף דער ליניע צעשפּאַלט זיך צומטיפֿסטן די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג. און אויב איצט וועט דער בונד פֿאַרבלייבן פֿונדערווייטן, וועט מען בשום אופֿן נישט קענען רעכענען די דערנענטערונג פֿאַר אַ פֿולקאָמע. אַלזאָ, מוזן מיר אין אונזער רעזאָלוציע אַריינטראָגן אויך דעם בונד. געוויס, עס איז אומוואָרשיינלעך, דער בונד זאָל מסכּים זיין אויף אַזאַ קאָאָרדינאַציע. ווי מען זעט פֿון זיינע אויסערונגען אין אַ פּאָר אַרטיקלען, געווידמעט דער פֿאַרייניקונגס-פֿראַגע (אין „אָטקליקי בונדאַ” נר. 2 און די „נייע צייט” נר. 7), פֿאַרהאַלטן זיך די בונדאָווצעס פֿיינטלעך און שפּאָטיש צו דער גאַנצער פֿראַגע. דאָס האָט אָבער נישט געווירקט אויף אונזערע צענטראַלע איינריכטונגען — און באַלד נאָכן דערשיינען פֿון די אַרטיקלען, האָבן זיי זיך דאָך געווענדעט צום בונד מיט זייערע פֿאָרשלאָגן. מיר דאַרפֿן דאָ האַנדלען לויט אונזער פּרינציפּ, וועלכער זעט איין אַ גרויסן שאָדן אין דער צעבראָקלונג פֿונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, נישט קוקנדיק אויף דער באַציונג פֿון בונד. ווען דער בונד וועט

זיך אָפּקערן פון די איבערבעטונגס-פאָרשלאָגן, ווען די איבעריקע 3 פּאַרטייען וועלן זיך דערנענטערן צווישן זיך און וועלן אַרויסטרעטן געמיינזאַם פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועט דער בונד זיך אַליין איבערצייגן, ווי שעדלעך ס'איז פאַר אים זיין פרייוויליקע איזאָלאַציע. די אַרבעטער וועלן קלאָר איינזען, אויף וועמען עס ליגט די שולד און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער צעשפליטערונג, ווער פירט מיט זיין גאווה און האַרטנעקיקער הערש-זוכט צו שעדיקן די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער און פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג בכלל.

מיר דאַרפן דייטלעך זאָגן דעם יידישן אַרבעטער, אַז מיר שטרעבן צו קענגזייטיקער פאַרשטענדיקונג, אַז אפילו דאָס שפּאָט-געלעכטער פון די פאַרבלענדעטע פאַרטיי-ליטעראַטן וועט אונז נישט אָפּהאַלטן פון אונזער שטרעבונג צו פאַרייניקן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין איין געשלאָסענער גאַנצקייט.

שטענדיגער לעזט פאַר אַ רעפעראַט פון חבר שלום קישענעווער:

## איבער דער „פאַרייניקונגס-פראַגע".

די פאַרייניקונגס-פראַגע איז די פראַגע מכוח אַזאַ פּלאַטפאָרם, אויף וועלכער עס זאָלן זיך קאָנען צונויפגיין אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, און וועלכע זאָל קענען דינען ווי אַ יסוד פאַר אַ קינפטיקער יידישער אַרבעטער-פּאַרטיי. עס איז גאָר איבעריק צו דערווייזן, ווי שעדלעך עס איז פאַר דער גאַנצער אַרבעטער-באַוועגונג, ווען דער באַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט פון אַ געוויס פאָלק איז צעטיילט אויף פּאַרטייען, וועלכע שווענדן אַ גרויסן טייל פון זייער ענערגיע אויף קעגנזייטיקע רייסעניש, און ווו די רייסערייען דרינגען אַריין אין די פּראָפעס-פאַנעלע און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס פון דעם אַרבעטער-קלאַס און ווערן דער אייגנטלעכער צוועק, צוליב וועלכן ס'עקזיסטירן אָט די פּאַרטייען. די שטאַרקונג פון פּראָלעטאַריאַט פאַרוואַנדלט זיך אין זיין קעגנזאַץ. דאָ קען גאָרנישט העלפן די קאָאָרדינאַציע, וועגן וועלכער מען רעדט די לעצטע צייט; כל-זמן די פּאַרטייען פאַרבלייבן מיט זייער גאַנצן אַפּאַראַט, וועט באַ דער געמיינזאַמער אַרבעט דער פּרינציפּיעלער שטרייט זיך נאָך מער פאַרשאַרפן, ווייל יעדע פּאַרטיי מוז דאָך שטרעבן צו פאַרכאַפּן נייע מיטגלידער, און דערצו וועט נאָר העלפן דאָס, וואָס די פּאַרטייען מיט זייערע מיטגלידער וועלן זיין נעענטער ווי פריער, איינער צו דער צווייטער. ניין, דער איינציקער וועג איז די פולשטענדיקע פאַרייניקונג.

וואָס האָט אָבער אייגנטלעך ביז אַהער געפירט צו דער שפּאַלטונג? דאָס איז דער טעריטאָריאַליזם. בשעת דער בונד לייקנט אָפּ אינגאַנצן דעם טעריטאָריאַליזם, גייען זיך פונאַנדער די איבעריקע 3 פּאַרטייען (פּוע"צ., ס"ס. און י. ס.) הויפּטזאַכלעך אין די מעטאָדן, ווי אַזוי דעם טעריטאָריאַליזם צו פאַרווירקלעכן. די עסטרייכישע און

אַמעריקאַנישע פּועלי-ציון צייכענען זיך אויס מיט אַ באַדייטנדער באַגריפן-פאַרווירונג אינם טעריטאָריאַליזם. זיי טראָגן זיך אַרום שוין עטלעכע יאָר מיט אָפּנהיימערס קאָלאָניזאַציאָנס-פּראָיעקט, הגם עס איז דאָך קלאָר, אַז קיין ערנסטע אַרבעטער-פּאַרטיי קען זיך נישט באַשעפטיקן מיט וועלכע נישט איז קאָלאָניזאַציאָנס-פּלאַנען. זיי מיינען בפירוש אַז אונזער אויפגאַבע איז קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע, און זיי רעכענען, אַז אָפּנהיימערס פּלאַן איז גראָד אַ סאָציאַליסטישער. רעדנדיק וועגן פּאַרייניקונג, האָבן זיי געפאָדערט, די איבעריקע פּאַרטייען זאָלן אויך מיט זיי אַריין אין ציוניסטישן קאָנגרעס, כדי דאָרט דורכצופירן אַזאַ קאָלאָניזאַציע. ס'איז אָבער קלאָר, אַז כל-זמן מיר בלייבן אַ שוואַכע מינדערהייט אויפן קאָנגרעס, וועט ער נאָר דאַן אָננעמען די פּלאַנען, וואָס מיר פאַרטיידיקן, ווען זיי שטימען איינגאַנצן מיט די בורזשואַזע אינטערעסן און פּסיכאָלאָגיע פון די ציוניסטן. וואָס-זשע האָט דאָס צו טון מיט אַ פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ר פאַרטיי? יעדנפאַלס, וואָלטן אין די קאָאָפּעראַציעס פון אָפּנהיימער זיך קענען באַטייליקן נאָר אַרבעטער, וואָס וואוינען שוין אין פּאַלעסטינע, אָדער עמיגרירן אַהין, און וואָס נישט די עסטרייכישע פּועלי-ציון זענען זייער פּאַרטיי, — ווייל פּאַלעסטינע האָט דאָך איר אייגענע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

וואָס אָנבאַלאַנגט די סיימיסטן איז גאָרנישטאָ וואָס צו רעדן מכח זייער טעריטאָריאַליזם, וועלכער „וועט זיך פאַרווירקלעכן דאָרט און דאַן, וואו און ווען עס וועלן דערצו זיין די נויטיקע באַדינגונגען"... פיל פאַרוויקלטער שטעלן זיך די פראַגע די ס. ס. — דאָ ברענגט דער רעפעראַט אַ ריי ציטאַטן, אין וועלכע די ס. ס. לייגן אויך אָפּ אויף אַ ווייטע צוקונפט די פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַליזם, רעדן וועגן דעם, אַז דערווייל דאַרף מען ערשט באַהערשן די עמיגראַציע, טרוימען, אַז די עמיגראַציאָנס-כוואַליעס וועלן ווערן אין זייערע הענט כחומר ביד היוצר, האָבן אויך זייער האַלט קאָלאָניזאַציאָנס פּלאַנען און ווילן דורכפירן דעם טעריטאָריאַליזם גייענדיק האַנט בײַ האַנט מיט דער בורזשואַזיע; און אַליין דעם געדאַנק, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט נישט קיין אַנדערע וועגן, ווי נאָר קלאַסן-קאַמף, האַלטן זיי גאָר פאַר לעכערלעך.

נאָר מיר, די רוסישע (און פּאַלעסטינעזישע) פּועלי-ציון האָבן פאַרשטאַנען צו שטעלן זיך אויף אַ קלאָרן פּראָלעטאַרישן, סאָציאַל-דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט פון קלאַסן-קאַמף אין דער רעאַליזירונגס-פראַגע פון טעריטאָריאַליזם. און דעריבער טאַקע איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס בײַ אונז, אין אונזער פּראַקטיק, האָט זיך מיט גאָר און גאָר נישט אַרויסגעוויזן דער זעלבער טעריטאָריאַליזם, וועלכער פאַרנעמט אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ אין אונזער טעאָריע. צי דען איז אין דער טעטיקייט פון אַלע טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטייען בכלל און פון די פּועלי-ציון בפרט געווען עטוואָס טעריטאָריאַליסטישעס, וואָס זאָל האָבן אַ דירעקטע שייכות צו דער פאַרווירקלעכונג פון טעריטאָריאַליזם? מיט וואָס האָט זיך אונזער פּראַקטיק אונטערשיידט פון דער בונדיסטישער? גאָר מיט דעם, וואָס זי איז געווען אָן אַן ערך שוואַכער, אַלזאָ אַ ריין כמותדיקער אונטערשיד, אָבער נישט קיין איכותדיקער. נישט אין דעם כאַראַקטער פון דער אַרבעט און נישט

אין אירע נאָגסטע צוועקן. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס מיר עקזיסטירן, האָבן מיר גאָרנישט געטון אויפן וועג פון דער פאַרווירקלעכונג פון דעם ציוניזם. און אַנדערש האָט עס טאַקע נישט געקענט זיין, ווייל מיר, אַלס פאַרטיי פון יידישע אַרבעטער, וואָס ווינען אין רוסלאַנד, קענען גאָרנישט טון פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דעם טעריטאָריאַליזם אין פאַלעסטינע. די רעאַליזאַציע פונם טעריטאָריאַליזם איז אַ לאַנגער היסטאָרישער פּראָצעס; זיין שעפערישע עקאָנאָמישע זייט, די קאָלאָניזאַציע, מיט אַלעם, וואָס איז פאַר איר נייטיק, די שאַפונג פון דיווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען, וואָס דערלייכטערן די סטיכישע איינוואַנדערונג נאָך פאַלעסטינע, — דאָס איז די זאַך פון קאַפּיטאַל, פון דער בירגערלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און אַן אַרבעטער פאַרטיי האָט דאָ גאָרנישט וואָס צו טון.

דאָס האָט אונזער פאַרטיי קלאָר פאַרשטאַנען און פאָרמולירט גלייך אין אָנפאַנג פון איר עקזיסטענץ. מיר האָבן אויך אָפן געזאָגט, אַז דער איינציקער וועג פון פּראָלעטאַריאַט איז קלאַסן-קאַמף. און, אַז דורך קלאַסן-קאַמף ווערט פאַרווירקלעכט די פּאָליטישע, די באַפרייענדע זייט פון טעריטאָריאַליזם, אַז דורכן קלאַסן-קאַמף פון פּאַלעסטינעזישן פּראָלעטאַריאַט וועט דערגרייכט ווערן די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינע. אָבער דעם קלאַסן-קאַמף קענען דאָך אָנפירן נאָר די אַרבעטער, וואָס ווינען אין פּאַלעסטינע גופא, אָבער נישט אַרבעטער פון אַנדערע לענדער! עס איז דאָך צופיל קלאָר, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט און זיין פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס אַרבעטן נאָר אין די גרענעצן פון רוסלאַנד, קען בשום אופן נישט קעמפן פאַר דער אויטאָנאָמיע פון אַ לאַנד, וואָס געפינט זיך אין אַן אַנדערער מלוכה; אייניקע ציטאַטן פון „נאַשאַ פּלאַטפאָרמאַ" ווייזן, אַז אויך איר מחבר שטייט אויפן זעלבן שטאַנדפּונקט. דאָסזעלבע איז אויך געזאָגט געוואָרן אין אונזער פּראָגראַם. אָבער דאָרט ווערט אויך גערעדט וועגן דעם, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער נעמט אַריין אין זיין פּראָגראַם די פאָדערונג פון דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינע.

דאָס איז שוין גאָרנישט לאָגיש. ווען דער מחבר פון „נאַשאַ פּלאַטפאָרמאַ" פרעגט בײַ די ס. ס.: „ווו איז דער זין פון אייער באַזונדערער עקזיסטענץ אַלס פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי", קען מען זיך מיט דערזעלבער פראַגע ווענדן אויך צו אונז. אויב אַזוי, איז דען נישט די ריכטיקע צייט אין איצטיקן וויכטיקן איבערגאַנגס-מאָמענט פון דער פּאָליטישער באַוועגונג פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד, מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דעם טעריטאָריאַליזם אַלס פּראָגראַמאַטישן פּונקט פון אונזער פּאַרטיי אין רוסלאַנד, גאַליציען און אַנדערע גלות-לענדער, און לאָזן די פאָדערונג פון דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע נאָר אינם פּראָגראַם פון דער פּאַלעסטינעזישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע? די גאַנצע שפּאַלטונג פון די ייד. סאָצ. פּאַרטייען אין רוסלאַנד איז אַ מיספאַרשטענדניש, וואָס מען מישט צונויף טעריטאָריאַליזם אין טעאָריע מיט דעם אוממעגלעכן טעריטאָריאַליזם אין דער פּראַקטיק.

אָבער מיר זענען דאָך טעריטאָריאַליסטן, מיר זענען איבערצייגט אין דער היס-

טאָרישער נויטווענדיקייט פון דער רעאַליזירונג פון ציוניזם. צי איז דאָ פון אָט דעם שטאַנדפונקט וועלכער רעאַלער, אַקטיווער צוזאַמענהאַנג צווישן די יידישע סאָצ.-דעמאָקראַטן אין גלות און דער פּאַלעסטינעזישער סאָצ.-דעמאָקראַטיע? מיר ווייסן, אַז אומפאַרמיידלעך וועט זיך די יידישע עמיגראַציע אַלץ מער און מער אָפּווענדן נאָך פּאַלעסטינע, און דאָרט וועט זיך אַנטוויקלען אַן עקאָנאָמיש-אויטאָנאָמער יידישער ישוב. עס וועט אַנטשטיין, אויסער די אַלטע יידישע צענטרען פון רוסלאַנד, גאַליציען, אַמעריקע, אַ נייער צענטר אין פּאַלעסטינע און וועט האָבן די אייגנטימלעכקייט, וואָס ער וועט זיין עקאָנאָמיש נאָרמאַל, ער וועט טראָגן דעם כאַראַקטער נישט פון גלות, נאָר פון אַ מעטראָפּאָליע. צו דעם צענטר וועט זיך ציען אַלץ, וואָס איז לעבעדיק און אַנטוויקלונגס-פעיק פונעם גלות. ער וועט וואַקסן און וואַקסן, ביז עס וועט זיך פאַרווירקלעכן דער גרויסער אידעאַל פון אַן אויטאָנאָמער יידישער געזעלשאַפט אין פּאַלעסטינע. אין דעם פּראָצעס וועט זיך פּאַלעסטינע אַלץ ענגער פאַרבינדן מיט די יידן פון די גלות-לענדער, עס וועט זיך איינשטעלן אַ לעבעדיק פאַרהעלטעניש צווישן די גלות-צענטרען מיטן פּאַלעסטינעזישן: אין אָט דעם וואוקס פון דעם יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע וועט אַ גרויסן אָנטייל נעמען אויך דער אָרגאַניזירטער ייד. פּראָלעטאַריאַט פון די גלות-לענדער.

דורך זיינע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס וועט ער זיך פאַרבינדן מיט די פּראָפּ. פאַריינען אין פּאַלעסטינע, כדי צו רעגולירן די איינוואַנדערונג פון די יידישע אַרבעטער. נאַטירלעך, לכתחילה וועט ער רעגולירן די אַרבעטער-איינוואַנדערונג נאָך יענע לענדער, וווהין עס גייט איצט די יידישע עמיגראַציע, נאָך די פאַראייניקטע שטאַטן, אַרגענטינע א. ד. גל. ווייל אין דער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט קען זיך דער אַרבעטער-קלאַס נישט שטעלן קיין שום טעריטאָריאַלע צוועקן, און האָט אין זינען נאָר איינס: צו הייבן די לאַגע פון דעם אַרבעטער דאָרט, וווהין דער שיקזאַל פאַרוואַרפט אים. וואָס מער דער סטיכישער היסטאָרישער שיקזאַל וועט פירן דעם יידישן אַרבעטער-עמיגראַנט נאָך פּאַלעסטינע, אַלץ מער וועלן אַהין געווענדט ווערן די בליקן און די טעטיקייט פון יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס. די רעגולירונג פון דער אַרבעטער-עמיגראַציע נאָך פּאַלעסטינע וועט ווערן איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס אין גלות. אין דעם וועט אַרבעטן אויך זיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

עס בלייבט נאָך די ריין פּערזענלעכע, — שוין נישט די פּאַרטייאישע פראַגע — וואָס קענען מיר, איינצעלנע טעריטאָריאַליסטן, מיטגלידער פון דער ייד. סאָצ. דעמ. אין רוסלאַנד, איצט טון צוליב דעם טעריטאָריאַליזם? דאָ זענען פאַראַן אַ סך וועגן צו העלפן דעם שנעלן וואוקס פון די פּאַלעסטינעזישע פּאָזיציעס, ווייל ווען עס האַנדלט זיך מכח פּריוואַט-פּערזאָנען, פאַלט אָפּ דער מאָמענט פון קלאַסן-קאַמף. מיר קענען זיך באַטייליקן פּריוואַט אין יענע ציוניסטישע איינריכטונגען, וועלכע טראָגן נישט קיין שאַרף אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער פון קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען; אין קאָנגרעס,

אין די אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָס, א. ד. גל. אין קאָנגרעס איז דאָך נישטאָ קיין רייד וועגן פּאָליטישע פּאַרטייען ; דאָ קענען מיר זיך צוליב דעם אָדער יענעם צוועק פאַראייניקן אין צייטווייליקע גרופּירונגען מיט אַנדערע ציוניסטן, כדי צו באַאיינפלוסן דעם קאָנגרעס אין דער אָדער יענער היגזיכט (אַזוי אַן ערך די עסטר. פּוע"צ — צוליב אָפּענהיימער־קאָאָפּעראַציע) ; הויפּטזאַכלעך קענען מיר אונטערשטיצן פינאַנציעל און מאָראַליש די פּראָלעטאַרישע און בפרט סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אין פּאַלעסטינע ; צולעצט בלייבט נאָך אָפן דער דירעקטער וועג צו טעריטאָריאַליסטישער אַרבעט, דאָס פּריוואַטע אַריבערפאָרן קיין פּאַלעסטינע, כדי צו נעמען אַן אוממיטלבאַרן אָנטייל אין דעם לעבן און קאַמף פון דעם פּאַלעסטינעזישן פּראָלעטאַריאַט.

רעזיומע : 1) מען מוז שטרעבן צו שאַפן אין רוסלאַנד אַן איינהייטלעכע ייד. סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דורך פאַרשמעלצונג פון אַלע עקזיסטירנדע (דאָסזעלבע אין גאַליציע א. א. וו.) ; 2) דער איינציקער וויכטיקער שטרייט־פּונקט — דער טעריטאָריאַליזם — מוז באַזייטיקט ווערן פון דעם פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי; 3) אין אַלע איבעריקע פּונקטן, וווּ מען גייט זיך פונאַנדער, איז אינגאַנצן מעגלעך צו דערגרייכן אַ פאַרשטענדיקונג, אויב נאָר מען וועט ערנסט שטרעבן צו פאַראייניקן זיך, נישט צו אַרייננשלינגען אין זיך די איבעריקע פּאַרטייען ; 4) פאַראייניקונגס־פּלאַטפאָרם : א) פאַרטיידיקן די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד (דאָס זעלבע אין גאַליציע א. א. וו.) ; ב) רעגולירונג פון דער יידישער אַרבעטער־עמיגראַציע.

יצחק (לאָדזש) :

דער פאָרטראַג פון ח. שלום איז פאַר מיר געווען אומדערוואַרטעט; ער לייגט פאָר, פּראָסט גערעדט, די פּאַרטיי זאָל באַגיין אַ זעלבסטמאָרד. בּאַ אונז אין לאָדזש האָט מען דערוואַרטעט נאָר אַ פּראַקטישע אַנטשיידונג וועגן קאָאָרדינאַציע, און נישט קיין טעאָרעטישע דיסקוסיע מכח פאַראייניקונג. באַ אונדז האָט מען גאָרנישט גערעדט וועגן פאַראייניקונג, נאָר וועגן קאָאָרדינאַציע צווישן אונז, ס"ס און בונד, אָבוואָל נאָך נישט קיין פולקאָמע. די ס. ס. האָבן אונז פאָרגעלייגט צו אַרבעטן צוזאַמען אין דער פּראָפעסיאָנעלער און קולטורעלער באַוועגונג, דערנאָך זענען צו דעם צוגעשטאַנען אויך די אָרטיקע בונדאָווצעס ; און דיזע געמיינשאַפטלעכע אַרבעט שטערט נישט אין קיין שום ריכטונג. באַ אונז האָט מען אויך באַטראַכט די איינצעלנע פּרטים פון די וונשבאַרע קאָאָרדינאַציאָנס־געביטן. צומיינסטן איז איצט נייטיק אַ געמיינזאַמע פּראָפעסיאָנעלע און קולטורעלע אַרבעט ; אויך זענען שוין אַצינד מעגלעך געמיינזאַמע שריט בנוגע דער געמיינדע. העכסט וויכטיק איז אַ קאָאָרדינירטע אַקציע בנוגע דעם סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל צו דערשלאָגן זיך פון אים די אָנערקענונג פון דער עקסטעריטאָריאַלער יידישער נאַציע, אומאָפּהענגיק פון די פאַרשידענע מלוכה־גרענעצן.

נאָר מכוח דער רעגולירונג פון דער עמיגראַציע האָט מען מיר נישט געגעבן קיין באַשטימטע דירעקטיוון, ווייל מען האָט נישט באַוויזן צו באַטראַכטן די פראַגע־

דאָך געפֿין איך דעם ענין פֿאַר זייער ווינטשנסווערט, ווייל אין דער פֿראַגע גייען זיך צומייסטן פֿונאַנדער די פּאַרטייען, און מען דאַרף באַווייזן דעם יידישן אַרבעטער, אַז אפילו דאָ קענען מיר גיין צוזאַמען — אָט די אַלע פֿראַגן זאָלן דאָ באַלויכטן ווערן אויף דער קאָנפֿערענץ. אָבער אַלע טעאָרעטישע מיינונגען דאַרפֿן אפילו נישט באַרירט ווערן — בפֿרט גאָר, ווען זיי זענען, ווי בײַ ח׳ שלום, דורכגעדרונגען פֿון סוביעקטיוון, ריין פּערזענלעכן פּעסימיזם.

ש ט ע נ ד י ג ע ר :

ח׳ שלום לייגט פֿאָר אייגנטלעך, מיר זאָלן אַרייַנטרעטן אין בונד — און נישט אַלס פּאַרטיי, ד. ה. אויף וועלכע ס׳איז באַדינגונגען, אויפֿן גרונט פֿון ווייטגייענדע קעגנזייטיקע הנחות, נאָר אַלס איינצעלנע פּערזאָנען, אָן, אָדער כּמעט ווי אָן שום באַדינגונגען. די איינצעלנע באַדינגונג איז, דער בונד זאָל צולאָזן אַ פֿרייע טעריטאָריאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. ח׳ שלומס פֿאָרשלאַג האָט אפילו גאָרנישט קיין שייכות צו פּאַרטייען־פֿאַרייניקונג, דאָס איז גאָר פּשוטע ליקווידאַציע פֿון דער פּאַרטיי, אַלס אַזעלכע. נאַטירלעך, אַזוינע פֿראַגן קענען אפילו נישט אַרויפֿקומען אויף דער טאָג־אָרדנונג פֿון אַ פּאַרטרעטער־קאָנפֿערענץ. אַזאַ אַגיטאַציע, ווי דעם ח׳ שלומס, האָט אַ זין אויף אַ פּריוואַטן אופֿן. איינצעלנע חברים האָבן די פֿולקאָמע מעגלעכקייט אַריבערגיין פֿון איין פּאַרטיי אין דער צווייטער. דאָס קענען אפילו פּריוואַט אַלע מיטגלידער פֿון דער פּאַרטיי, אַזוי, אַז אין איר זאָל קיינער נישט פֿאַרבלייבן. אָבער ס׳האָט נישט קיין שום זין קומען מיט אַזאַ מין פֿאָרשלאַג צו אַ פּאַרטיי־קאָנפֿערענץ. איך שטיץ אונטער ח׳ יצחקס פֿאָרשלאַג, די פֿראַגע אין אַזאַ שטעלונג זאָל גאָרנישט דיסקוטירט ווערן.

דאָך געפֿין איך פֿאַר מעגלעך צו באַטראַכטן אייניקע פֿראַגן, וועלכע זענען נאָך ביז אַהער נישט גאַנץ קלאָר, און וואָס אויף זיי שטיצט זיך ח׳ שלום. דאָס איז הויפּטזעכלעך די פֿראַגע: „וואָס גיט אונז דעם גרונט צו אונזער עקזיסטענץ אַלס זעלבשטענדיקע פּאַרטיי“? ווען אפילו דער איינציקער אונטערשיד פֿון די יידישע ס״ד. פּאַרטייען וואָלט באַשטאַנען נאָר אין זייער פּ ר אָ ג נ אָ ז, וואָס דער בונד זעט פֿאָרויס די לעזונג פֿון דער יידן־פֿראַגע נאָר אין גלות און מיר — אין פּאַלעסטינע, וואָלט דאָס זיכער נישט גענוגן צו רעכט־פֿאַרטיקן די צעשפּאַלטונג. אָבער אויך דעמאָלט וועגדעט זיך די פֿראַגע נישט קעגן אונז — צוליב וואָס עקזיסטירן די פּוע״צ אַלס באַזונדערע פּאַרטיי, נאָר אויך, און אפילו נאָך מער קעגן דעם בונד — צוליב וואָס עקזיסטירט דער בונד אַלס באַזונדערע פּאַרטיי, ד. ה. צוליב וואָס האָט דער בונד אויף זיין IV־טן צוזאַמענפֿאָר אויסגעשלאָסן די ציוניסטן פֿון זיינע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס און דערמיט געצוווּנגען אַלע ציוניסטיש־דענקענדע צו שאַפֿן באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס? אַנדערש גערעדט, אויב אפילו מיר האָבן שוין גאָר קיין אַנדערן אונטערשיד נישט, ווי דעם פּראָגנאָז, איז אויך דאַן זענען נישט מיר מחויב אַרייַנטרעטן אין בונד, נאָר דער בונד איז מחויב מיט אונז זיך פֿאַרייניקן, אָדער אונז אַרייַנעמען אין זיין אָרגאַניזאַציע. אָבער מיר האָבן אַזוינע טיפֿע וואָרצלען צו דער עקזיסטענץ, וועלכע

ועגען אַליין פיל שטאַרקער פון יעדער פּראָגנאָז. לײַדער איז נאָך עד־היום נישט גע־
לונגען אָנצופילן דעם אַלגעמיינעם גרונט מיט אַזאַ קלאָרן קאָנקרעטן אינהאַלט, וועל־
כער זאָל אַן עק מאַכן צו אַלע ספקות.

ווען דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם איז אַרויסגעטרעטן צום ערשטן מאָל
אויף דער סצענע, האָט ער זיך נאָך נישט געקענט גענוג דײַטלעך אָריענטירן אין זײַנע
אויפגאַבן: די קאָנקרעטע פאָדערונגען און לאָזונגען, וועלכע זענען אַרויסגעשטעלט אין
קאָמוניסטישן מאַניפעסט, זענען מײַנסטנטיילס גאָר נישט געלונגען. אָבער איין לאָזונג
האָט זיך גלײַך דערוואָרבן אַן אַלגעמיינע צושטימונג, און איז אויף דורי־דורות גע־
וואָרן דער קאַמפּס־רוף פונם דערוואַכנדן פּראָלעטאַריאַט; דאָס איז געווען דער רוף:
פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אײַך! אין דערמיט האָט זיך דער וויסנ־
שאַפטלעכער סאָציאַליזם גלײַך און שאַרף אָפּגעגרענעצט פון זײַנע פאָרגענגער. דאָס
זעלבע איז בײַ אונדז. אונדזערע ערשטע טריט זענען פיללײַכט גאָר נישט געלונגען. אָבער
איין לאָזונג, איין געדאַנק איז בײַ אונדז פאַרהאַן, וועלכער הענגט נישט אָפּ פון מאָמענ־
טאַנע היסטאָרישע קאָמבינאַציעס; דאָס איז אונדזער רוף: יידישע פּראָלעטאַריער פון
אַלע לענדער פאַראייניקט אײַך אין איין אַלוועלטלעכן נאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן פאַר־
באַנד! דער געדאַנק וועגן אַן אַלוועלטלעכער יידישער נאַציע, וועגן אירע איינהייטלע־
כע שיקזאַלן און איינהייטלעכער צוקונפט האָט זיך מיטאַמאָל און סטיכיש דערוואָרבן
די סימפּאַטיעס בײַ אַלע פּוע״צ ער שיידט אונדז שאַרף אָפּ פון דעם בונד. דאָס איז
נישט נאָר אַ ריין טעאָרעטישע פאָרמול; דאָס איז אַ גאַנץ פּראָגראַם. דאָס וועט זיך
מיט דער צײַט אַנטוויקלען אין אַ דיפערענצירטן סיסטעם פון אייגנאַרטיקער טעטיקייט.
דער געדאַנק איז פיל ברייטער פאַרשפּרייט, איידער עס רייכט אויס די אָרגאַניזאַציע פון
אונדזער אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד. די ציוניסטן־סאָציאַליסטן און די סיימאָווצעס, און אויסער
זיי נאָך פיל בונדאָווצעס און אַ גאַנצע מענגע נישט אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער, פילן
טיף און ערנסט די גרויסע וואָרהייט, וועלכע ליגט אין אונדזער לאָזונג. דאָס איז דער
טיפסטער גרונט פאַר אונדזער זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ.

פאַלש איז די מיינונג, אַז אַ פּאַרטיי איז נאָר אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, אַז זי האָט
צו טון מיט דער אָדער יענער מלוכה. יאָ, דער פּאָליטישער קאַמף איז די וויכטיקסטע
אויסערלעכע זייט פון דער פּאַרטיי־טעטיקייט. אָבער עס עקזיסטירט נאָך אַ ברייט
פעלד פון אַרבעט, וואָס קען איבערשטייגן די גרענעצן פון מלוכות. אונדזער אומ־
גליק איז, וואָס עד־היום בלײַבט נאָך זייער שוואַך די יידישע איינוואַנדערונג נאָך פּאַ־
לעסטינע, און דעריבער בלײַבט נאָך דערווײַל די ספּעציעלע אייגנאַרטיקע זייט פונעם
יידישן אַרבעטער־לעבן, וועלכע געהערט צו אונדזער פּראַקטיק, צו אָרים און בלאַס, כּדי
מען זאָל שוין קענען בולטער קאָנקרעטיזירן די פּראַקטיק פון אונדזער אַלוועלטלעכן
פאַרבאַנד. ווען אפילו צוליב דער אָרימקייט אין פּראַקטישן אינהאַלט זאָל אויף אַ צײַט
אײַנגאַנצן צעפאַלן ווערן דער פאַרבאַנד — דאָך וועט ער מוזן שפּעטער ווידער אויפ־
לעבן צו אַ נײַער, רײַכער, פּרוכטבאַרער אַרבעט, ווײַל דער גרונט־געדאַנק זײַנער איז

דער ווירקלעכער אמת פון יידישן לעבן; גלייך אזוי, ווי אמאל איז צעפאלן געווארן דער אינטערנאציאנאל און ערשט אין 15 יאר ארום דערוואכט צו א ניי לעבן.

ח׳ שלום געפינט, אז די טעריטאריאליסטישע אויפגאבן פון דער יידישער אר־בעטערשאפט ווערן איינגאנצן דערשעפט דורך דעם קאמף פון דעם פראלעטאריאט אין פאלעסטינע גופא. דאך אנערקענט ער אויך, אז מיר זענען דא אין גלות גאר אויף א באזונדער, ספעציפישן ארט פארינטערעסירט אין דעם גאנג פון דעם קאמף, וועלכער דארף דארט פארקומען; אבער ער מיינט, אז אט דעם אינטערעס קען יעדער פון אונז באפרידיקן אויף א פערזענלעך-פריוואטן אופן. ער באגרייפט נישט, אז יעדער אינטערעס פון ברייטע געזעלשאפטלעכע שיכטן הערט שוין אויף צו זיין א פריוואט־זאך, אז ער מוז זיך זוכן געזעלשאפטלעכע, ארגאניזאטארישע פארמען. זאל אונז ח׳ שלום דערוויזן, אז מיר, וועלכע וווינען דא, האבן קיין שום לעבעדיקן אינטערעס נישט אין פאלעסטינע — ד א ן א ו ן ג א ר ד א ן דארפן מיר פונאנדערלאזן די פאר־טיי און אריינגיין אין בונד. אויב ס׳עקזיסטירט אזא אינטערעס, און אויב ער איז לעבנספעיק, אויב מיט דער צייט וועט ער זיך אלץ מער דיפערענצירן, קאנקרעטיזירן און פארדייטלעכן — אויב אזוי, און דאס אנערקענט דאך יעדער פועלי־ציוניסט, — דאן מוז אויך עקזיסטירן א פארטיי פועלי־ציון! מיר דארפן זיך איצט דערנענטערן מיטן בונד, נישט כדי ער זאל אונז פארשלינגען, נאר פארקערט, כדי צו דערלייכ־טערן פאר אים דעם איבערגאנג אויף אונזער שטאנדפונקט, וועלכער איז היסטאריש בארעכטיקט און וועט זיגן.

פארשטייט זיך, די קאארדינאציע, בא וועלכער עס פארבלייבן דאך זעלבשטענ־דיקע פארטייען, קען נישט אויסווארצלען איינגאנצן פארטייאישע קנאה און שטרייט — דע־רין איז ח׳ שלום גערעכט; אבער דאך וועלן דאן די פארטיי־קאנפליקטן אננעמען א פיל פיינערן כאראקטער, עס וועלן ווערן אוממעגלעך יענע שענדלעכע פארמען פון יאגן זיך נאך דער מאסע, וועלכע האבן געהערשט אויף דער יידישער גאס.

ב ע ר ט א ל ד י (ס. ס.):

געערטע חברים! איך וועל זיך דא פאר אייך האלטן נישט אפיציעל, און פי־לייכט וועט דאס קלינגען גאר נישט דיפלאמאטיש, ווען איך וועל ספעציעל באטאנען אזא פונקט, וועלכן מען האט, ווארשיינלעך אויס דיפלאמאטישע גרונדן, דא גארנישט באריירט. דאס איז דער פונקט פון טעריטאריאליזם, וועלכן ח׳ בלומענפעלד האט ארויס־געלאזן פון דער קאארדינירונגס־פלאטפארם און ח׳ שלום וויל איינגאנצן ארויסווארפן פון פראגראם. ווירקלעך, דערווייל קענען מיר אונז דערנענטערן נאר אין קלענערע פראגן, נאר אין וויכטיקער וויכטיקע היינזיכטן און נאטירלעך קען אצינד זיין די רעדע נאר וועגן קאארדינאציע. אבער מיט דער צייט, ווען פאר אונז וועלן זיך אנטדעקן ברייטערע האריזאנטן פון טעטיקייט פארן יידישן פראלעטאריאט, און עס וועלן פארשווינדן די רייסענישן, וועלן מיר אונז צונויפגיין און פארייניקן זיך אויף די וויכטיקערע פראגן. דער רוח־הקודש פון אונזער דערנענטערונג איז פיליכט נישט די קולטורעלע פאריי־

נען, נישט אַ מין „הזומיר", נאָר דאָס, וועגן וואָס מיר שווייגן דאָ דיפּלאָמאַטיש, — די אומגעהייער גרויסע אויפגאַבע פונעם טעריטאָריאַליזם. נעמלעך, דער מעסאָפּאָטאַמי־שער פּראָיעקט האָט אונז אַלעמען דערנענטערט, ער האָט דערמאָנט די ציוניסטן די אַמאָליקע צייטן, ווען מען האָט גערעדט וועגן „גרויס־פּאַלעסטינע" מיט די „נאָכבאַר־לענדער!" אונז קומט אָפּט אויס צו רעווידירן אונזער לאַנד־פּראַגע — און איר, פּועלי־ציון, דאַרפט זיך אויך נישט אָוועקשטעלן דאָגמאַטיש אויפן שטאַנדפּונקט — דווקא פּאַ־לעסטינע; אויך די וועגן און מיטלען צום טעריטאָריאַליזם — איז אַ פּראַגע, וועלכע מוז אויף כמה וכמה אופנים געלעזט און איבערגעלעזט ווערן. און מען קען נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט, ווי מען טוט דאָס באַ די רוסישע פּועלי־ציון, פּראַנק אָפּענהיימערס קאָלאָניזאַציאָנס־פּלאַן; דער פּלאַן קאָן דינען פּאַר אַ וויכטיקן יסוד צו דער לעזונג פון דער יידישער אַגראַר־פּראַגע, און איבערהויפּט פון דער אַרבעטס־פּראַ־גע. דער וועזנטלעכער געביט פּאַר דער קאָאָרדינירונג איז די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע.

איך בין דאָ באַ אייך אויף אַ העלפּט אַן אייגענער, ווײַל איך מיר דערלויבן צו זאָגן, אַז עס איז געוועזן אומטאַקטיש, וואָס אייערע צענטראַלע איינריכטונגען האָבן זיך געווענדט צום בונד. צוערשט דאַרפן מ י ר זיך צונויפרעדן — די דריי טעריטאָ־ריאַליסטישע פּאַרטייען, און אַז מיר וועלן זיין איינשטימיק, קענען מיר אין דרייען איינשליגען דעם בונד. נישט אומזיסט האָט דער בונד אָנגעהויבן צו רעדן וועגן רע־גולירן די עמיגראַציע — דאָס באַדייט דאָך אַ גאַנצע איגנערלעכע איבערקערעניש אין בונדיסטישע באַגריפן. די אורזאַכע איז, וואָס דער איינפלוס פון בונד איז שטאַרק גע־פאַלן מחמת דעם, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג איגנאָרירט די וואַנדערונגס־פּראַגע. צו דער פּאָדערונג וועגן רעגולירן די עמיגראַציע האָט אונז געלונגען צוציען אין אַמע־ריקע די גאַנצע יידישע מאַסע, און דער בונד הייבט אָן צו פילן, אַז ער פאַרלירט דעם באָדן. די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע איז דער איינציקער פּונקט, וועלכער קען אַלעמע פאַרייניקן אויפן נאַציאָנאַלן באָדן, און דיזער פּונקט, אַלס וויכטיקסטער, מוז באַזונדערס אויסגעטיילט און באַמאָנט ווערן. אין דער פּלאַטפאָרם, וואָס ח' בלוי־מענפעלד לייגט פאָר, איז אָבער דער פּונקט אַריינגעשטעלט אין איין ריי מיט אַלע איבעריקע פּונקטן, וועלכע זענען אַלע צוזאַמען פיל ווייניקער באַדייטנד פאַר דער קאָ־אָרדינאַציע, איידער ער אַליין. דאָס איז אַ גרויסער פעלער.

**ב ל ו מ ע נ פ ע ל ד:**

איך בין זייער צופרידן, הערנדיק ח' בערטאָלדיס רעדע: זי באַווייזט, אַז דאָס באַדערפעניש אין דערנענטערונג לאָזט זיך פילן אויך באַ אַנדערע פּאַרטייען. ווען מיר רעדן וועגן קאָאָרדינאַציע, שטייט פאַר אונז שטענדיק דער ליכטיקער אידעאַל פון אַ געאייניקטער, פעסט געשלאָסענער יידישער פּראָלעטאַרישער אַרמיי. טאַקע נישט צופע־ליק האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן פאַרייניקונג, אָבער די סיבה ליגט נישט אין דעם מעסאָפּאָטאַמישן פּלאַן. דערדאָזיקער פּלאַן אַליין איז מעגלעך געוואָרן אַ דאַנק דער

רעוואָלוציע אין טערקיי. אונז האָט מען אַמאָל אין שפּאַס גערופן „טערקישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן" — די געשעעענישן האָבן אָבער באַוויזן, אַז אונזערע האָפנונגען אויף אַ קולטורעלן לעבן אין טערקיי זענען היסטאָריש באַגרינדעט. עס איז באַ אונזערע קעגנער פאַרשווונדן דער קוק אויף פּאַלעסטינע, ווי אויף „רחלס קבר". נישט צופעליק האָט איט"א אַנטדעקט מעסאָפּאָטאַמיען. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ געאָגראַפישע דערנענטערונג פונם טעריטאָריאַליזם צום ציוניזם.

פאַרייניקן זיך קענען מיר נאָר אויפן גרונט פון די אַלטעגלעכע אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן. אויף דיזע אינטערעסן גייען מיר זיך שוין איצט צונויף. נאָר מיר דאַרפן אָט אָ די טאַטזאַכלעכע נאָנטקייט פאָרמולירן אין אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען. ח' שלום מאָטיווירט, אַז בעת דער קאָאָרדינירונג גופא וועלן זיך די פּאַרטייען רייסן ווי פריער, זיי וועלן ציען צו זיך מיטגלידער איינע באַ דער צווייטער. ניין, די קאָאָרדינאַציע וועט ברענגען דערצו, דאָס אין יעדער פּונקט זאָל געגרינדעט ווערן אַן אַלגעמיינע, אינטערפּאַרטייאישע קאָאַליציאָנס־אָרגאַניזאַציע. דאָס איז דער ערשטער ערנסטער טריט צו פאַרייניקונג, און געבענטשט וועט זיין דער טאָג פון קאָאָרדינאַציע. דער בונד וועט מסתמא נישט צוטרעטן צו די איבעריקע דריי פּאַרטייען, אָבער פריער אָדער שפּעטער וועט ער געצווונגען זיין צו אונז קומען. שוין נישט יענע צייטן — און דער בונד רעדט שוין גאָר וועגן „נאַציאָנאַלער פּערזאָן" א. ד. גל., ער נאַציאָנאַליזירט זיך אַלץ מער און מער. מיר דאַרפן גאָרנישט שטרעבן איינצושלינגען דעם בונד — ער וועט זיך אַליין צו אונז דערנענטערן.

שמשון:

דער יסוד פון דער פאַרייניקונג איז נישט אַזוי די נייע טערקיי, נישט אַזוי מעסאָפּאָטאַמיען, ווי די שטאַרקע נאַציאָנאַליזירונגס־פּראָצעסן אויף דער יידישער גאַס. די מאַסן ליידן פון דער אומגעהייערער צעפּאַלונג פון די פריערדיקע מעכטיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און אויס די טיפענישן פון די אַרבעטער־מאַסן וואַקסט דער דראַנג צו פאַראייניקונג. אָבער מיר דאַרפן קיין איין רגע נישט פאַרלירן אונזערע פּרינציפּן. מיר לעבן נאָך; נאָך איז נישט געקומען די צייט צו ליקווידירן אונזער פּראָגראַם און פּראַקטיק. די פּעסימיסטישע שטימונג באַם ח' שלום דערקלערט זיך דערמיט, וואָס ער זעט נישט, וואָס מיר האָבן צו טון אַלס באַזונדערע פּאַרטיי. באמת, האָבן מיר שטענדיק געהאַט, וואָס צו טון אינם טעריטאָריאַליזם, מיר האָבן אָבער נישט געטון; באַ די עסטרייכישע חברים, למשל, איז קיינמאָל גאָרנישט אַנטשטאַנען קיין ליקווידירונגס־פראַגע, ווייל זיי האָבן געטון אינם טעריטאָריאַליזם. צי איז ריכטיק זייער אַרבעט, דאָס איז ווידער אַ באַזונדערע פראַגע; אַלנפאַלס קומט דער פּעסימיזם פון דעם, וואָס מען אַרבעט נישט.

קיינער פון אונז וועט זיך נישט שטעלן אויפן שטאַנדפּונקט פון ח' זשיטלאָווסקי, אַז אַ בונדיסט זאָל מגולגל ווערן דורך אַ טעאָרעטישן שפּרונג אין אַ סיימאָוויעץ, אין אַן ס. ס.־אָוויעץ און זיי אַלע דריי אין אַ פּועלי־ציוניסט. טעאָרעטיש איז גאַנץ אוממעגלעך אַ פאַרייניקונג. צוזאַמנאָנטסטן געפינען מיר זיך, אין דער ערשטער ריי, נישט

צום בונד, נאָר צו ס. ס. און די סיימאָוצעס. דידאָזיקע פּאַרטייען באַזיצן, פּיליכט נישט דעם פּאָליטישן איינפלוס אינם יידישן לעבן, ווי דער בונד, דערפאַר אָבער איז פיל גרעסער און טיפער זייער ווירקונג אויף די שטימונגען פון דער יידישער גאַס: דער טעריטאָריאַליזם איז אַ מעכטיקע גייסטיקע קראַפט אינם יידישן פּראָלעטאַריאַט. פריער פלעגן מיר פאַרשווענדן אונזערע קרעפטן אויף קעגנזייטיקע מחלוקת. איצט, וואָס מער מיר, די 3 טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטייען, וועלן אונז דערנענטערן, אַלץ מער וועלן מיר צווינגען דעם בונד זיך רעכענען מיט אונזערע שטרעבונגען. די צעטיילונג פון די טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטייען האָט שטאַרק געשטיצט דעם בונד און זיין פּאָזיציע. און דאָך, נישט קוקנדיק דערויף, האָבן מיר שטענדיק געווירקט אויפן בונד און ביסלעכווייז געשטופּט אים אַלץ מער און מער צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

איך קען נישט צוגעבן דעם רעגולירן פון דער עמיגראַציע אַזאַ וועזנטלעכע באַדייטונג, ווי ח' בערטאָלדי; אונז וועט אויך נישט אויסקומען איבערצוזען אונזער לאַנדפראַגע און שטענדיק איבערבלעטערן דעם געאָגראַפישן אַטלאַס, ווייל בא אונז איז דאָ אַ באַשטימט לאַנד, וווּ מיר דאַרפן אַרבעטן. נישט ווייניקער וויכטיק און דרינגענד פאַר דער עמיגראַציאָנס-פראַגע איז דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד, זייער קולטורעלע אַנטוויקלונג און די אָנערקענונג פון אַ באַזונדערער יידישער סעקציע אינם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

באָריסאָוו (סיימיסט):

חברים! הערנדיק דאָ די רייד וועגן פאַרייניקן די דריי קרובישע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, לעב איך איבער ווייטע פערזענלעכע דערינערונגען. אויף דער קאָנפערענץ פון „וואָזראָזשדעניע" אין 1904 יאָר האָט מען זיך געשטעלט אויך די אויפגאַבע צו פאַרייניקן די דאַמאָלסדיקע פאַרשידענע שטרעמונגען אין איין יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי קעגן דעם בונד. איך בין געווען דער פּאָרזיצנדער פון יענער קאָנפערענץ, ח' בערטאָלדי האָט געפירט די פּראָטאָקאָלן. און איצט האָבן מיר זיך פונאַנדערגעשיידט, איך בין געוואָרן אַ י. ס.-אָוויעץ, ח' בערטאָלדי — אַן ס"ס. צונויפגייענדיק זיך דאָ אויף אייער קאָנפערענץ, קענען מיר האָפן, אַז די דריי פּאַרטייען וועלן זיך צוריק פאַרייניקן, ווייל צעטיילט האָבן זיי זיך הויפּטזאַכלעך אַ דאַנק מער אָדער ווייניקער צופעליקע אומשטענדן. דער פעלער, וועלכן מען איז באַגאַנגען אין אַמעריקע, בשעת די פאַרייניקונגס-פאַרהאַנדלונגען, איז דאָס, וואָס מען האָט זיך גענומען צום פאַרייניקן נישט פון יענעם עק. מען האָט אָנגעפאַנגען פון טעריטאָריאַליזם, פון מעסאָפּאָטאַמיען אָדער פּאַלעסטינע, בשעת מען וואָלט גאָר מוזן אַרויסגיין פון די אַלטעגלעכע נויטן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט. נאַטירלעך, שטייט איצט פאַר אונז נישט די פאַרייניקונג, נאָר די קאָאָרדינירונג און, נעמלעך, אין יענער טעטיקייט, וועלכע איז אונז אַלעמען געמיינזאַם און טראָגט אַן אַלטעגלעכן כאַראַקטער.

מיין פּאַרטייאישע פליכט איז דאָ צו דערקלערן, אַז דער טעריטאָריאַליזם וועט קיינמאָל נישט אימשטאַנד זיין אַרומצונעמען די גרויסע מערהייט פון יידישן פאָלק און

פאַרענטפערן אַלע זיינע באַדערפענישן. די מיינונג, אַז דער גלות האָט און וועט האָבן זיינע זעלבשטענדיקע נויטן, פאַרפעסטיקט זיך אויך בײַ די עסטרייכישע ציוניסטן און בײַ די פּועלי־ציון. בײַ די ס.ס. באַמערקט זיך אַ טענדענץ, וועלכע איך קען בשום אופן נישט באַגריסן; זיי שטעלן זיך פאָר, אַז דאָס גאַנצע יידישע לעבן הייבט זיך אָן און ענדיקט זיך בײַ דער עמיגראַציע; איז נישטאָ קיין פּאָטענציעס אין די גלות־לענדער· זיי פירן דורך אַ שטריך — אָט דאָ איז די גלות־אַרבעט, און אָט דאָרט איז דאָס רעגולירן די עמיגראַציע; און דערמיט שליסן זיי אין דעם קרייז פון אונזער טעטיקייט. ס'איז אַ נחמה, וואָס די פּועלי־ציון זענען פריי פון אַזאַ מין שעדלעכן פּעסימיזם און ס'איז וויכטיק, די פאַרייניקונג זאָל אָנפאַנגען פון די אַלטעגלעכע מאַסן־אינטערעסן, און דאָס הייסט — די פאַרייניקונג זאָל זיך שטיצן אויפן באָדן פון אַכטונג און הויכשעצונג פון די פּאָטענציעס אין גלות גופא. ח' בלומענפעלד האָט אין זיינע 6 פּונקטן אויסגערעכנט אַלעס נויטיקע און אויף זיי קענען און דאַרפן זיך צונויפגיין אַלע 3 פאַרטייען.

אין דער פּלאַטפאָרם איז נישט דערמאָנט דער טעריטאָריאַליזם — און טאַקע גאַנץ לאָגיש. ווייל דאָס איז דאָך גראָד דער פּונקט, צוליב וועלכן מיר גייען זיך פונאַנדער; מיט דער צייט וועלן מיר זיך דערנעענטערן אויך אין דעם פּרט. — וואָס אָנבאַלאַנגט דעם בונד, איז פּרינציפּיעל אויך מיט אים ווינשנסווערט אַ קאָאָרדינאַציע, און זי וועט אין דער צוקונפט זיין מעגלעך, ווייל ער שטייט דאָך אויך נישט אויף איין אָרט; נאָר דערווייל שיידעט אונז גרינגלעך דער קוק אויף די יסודות פון דער יידישער ווירקלעכקייט און דעריבער וועט זיין אין טאַקטישן זין אומגעלומפּערט גלייך פון אָנפאַנג מאַכן שריט צו דערנעענטערן זיך מיטן בונד. דערווייל דאַרפן זיך קאָאָרדינירן די 3 פּאַרטייען, דערנאָך וועלן מיר שוין אַלע צוזאַמען ווירקן אויפן בונד.

ש ל מ ה ק:

איך וועל מיר דערלויבן זאָגן אייך דעם אמת, פאַרוואָס ח' שלום איז געקומען צום געדאַנק, דערקלערן דעם טעריטאָריאַליזם פאַר אַ פּריוואַט־זאַך. איך האָב אַליין אַ שייכות צו רוסלאַנד, און די עסטרייכישע פּוע"צ האָבן אויסגעבילדעט זייער פּראָגראַם אונטער דער ווירקונג פון די רוסלענדישע חברים. בכלל האָט די אַנטוויקלונג פונם רוסלענדישן סאָציאַליזם שטאַרק געווירקט אויף דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אין עסטרייך. צומבולטסטן האָט זיך דידאָזיקע השפעה אַרויסגעוויזן אין דעם היסטאָרישן יאָר 1905. מיר, עסטרייכישע פּועלי־ציון, האָבן שטענדיק געשעפּט דאָס געזונטע פון אייער פּראָגראַם. דאָך מוז איך זאָגן, אַז אַזוינע געדאַנקען, ווי ח' שלומס, זענען מעגלעך נאָר דערפאַר, וואָס איר אַלע, פּוע"צ, ס. ס. און סיימיסטן, האָט יאָרן לאַנג אַנטוויקלט די אומזיניקע אידעע וועגן דער שעפערישער ראָלע פון דער בורזשואַזיע אינם טעריטאָריאַליזם. איר האָט דערצויגן די מאַסן מיט דעם געדאַנק, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיך נאָכשלעפּן נאָך דער בורזשואַזיע אינם ציוניזם, אָדער גאָר — וואָס

ס'איז נאָר די צווייטע זייט פֿונם זעלבן טעות, — אַז קעמפֿנדיק דאָ, קעמפֿן מיר די־רעקט פֿאַרן טעריטאָריאַליזם, אַז דער איינציקער וועג צום טעריטאָריאַליזם איז דער קלאַסן־קאַמף וכדומה. איר האָט אַלזאָ נישט איבערגעלאָזן פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט קיין שום זעלבשטענדיקע טעטיקייט אין דעם טעריטאָריאַליזם, ווי אַזעלכן. אָט פּאַרוואָס ח' שלום קומט גאַנץ לאָגיש צום אויספֿיר, אַז דעם טעריטאָריאַליזם מוז מען גאָר אויסמעקן פֿונם סאָציאַליסטישן פּראָגראַם. דער טעריטאָריאַליזם איז אָבער אַן עקאָנאָמישע איבערקע־רעניש, וועלכע פֿאַרווירקלעכט זיך דורך פּאָזיטיווער עקאָנאָמישער אַרבעט. דאָס איז נישט קיין פּאָליטישער פּראָצעס, נאָר אַ פּראָצעס פֿון אַריינוואַקסן פֿון די יידישע מאַסן אינעם לאַנד.

וואָס אָנבאַלאַנגט אייגנטלעך די פֿאַרייניקונגס־פֿראַגע, איז ד"ר זשיטלאָווסקיס גערדאַנק גאַנץ געזונט און פֿולקאָם צוגעפּאַסט צו די אַמעריקאַנישע באַדינגונגען, ווו די פּאַרטייען שטייען טאַקע זייער נאָענט איינע צו דער צווייטער; אין רוסלאַנד אָבער, וואו מען איז געוואַקסן אין אַן אַטמאָספֿער פֿון פֿאַרביסענעם פּאַרטייען־שטרייט, קאָן דער ערשטער שריט פֿון דער פֿאַרייניקונג דערווייל באַשטיין נאָר אין קאָאָרדינירונג אויף דעם יסוד, וועלכן ס'לייגט פֿאָר ח. בלומענפֿעלד. מען דאַרף אויסווייכן אין דער פּלאַטפֿאָרם יעדן שפּור פֿון צו ווייטגייענדיקע השערות, יעדע צוקונפֿטס־מוזיק. אַזוי רעדט ח' בערטאָלדי דערפֿון, אַז די פֿאַרייניקטע 3 פּאַרטייען וועלן איינשלינגען דעם בונד. ווי ס'וועט זיין אין דער צוקונפֿט, ווייס איך נישט, דערווייל אָבער, האָב איך מורא, קענט איר, איינשלינגענדיק דעם בונד, זיך נאָר קאַליע מאַכן דעם מאָגן.

**יוסף** (דרום־מערב):

דאָ האָט מען, ליידער, כמעט נישט באַטראַכט די וויכטיקע פֿראַגן, וואָס ח' שלום האָט דערוועקט. ח' שטענדיקער האָט זיי אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרענטפֿערט, אָבער נאָך נישט גענוגנדיק.

**יוסף** (ס.ס):

אין דער גאַנצער דיסקוסיע זענען נישט קלאָר די מאָטיוון, וועלכע פֿירן צו דער פֿאַרייניקונג. ח. באָריסאָוו זעט איין די מאָטיוון אין די אַלטעגלעכע באַדערפֿענישן, ח' בערטאָלדי — זעט זיי הויפּטזעכלעך אין דער עמיגראַציע. דעריבער לייג איך פֿאָר, אַז אין דער רעזאָלוציע זאָל פֿעסטגעשטעלט ווערן די מאָטיווירונג פֿון דער פֿאַריי־ניקונגס־פֿראַגע. פֿון די מאָטיוון וועט שוין אָפּהענגען די באַציונג צום בונד. דער גרעס־טער אונטערשיד צווישן אונז און דעם בונד באַשטייט אין אונזער אַנטי־גלותיזם, בשעת דער בונד איז אַן אויסגעשפּראָכענע גלות־פּאַרטיי. אין דער הינזיכט, וואָס מער מיר וועלן זיך דערנענטערן איינע צו דער צווייטער, אַלץ טיפֿער ווערט דער אָפּגרונט צווישן אונז און דעם בונד. אונזער דערנענטערונג אַליין באַטאָנט צום קלאָרסטן, ווי ווייט מיר אַלע זענען פֿון אים. אויך בײַ אונז זענען דאָ אונטערשיידן און שאַטירונגען אין דערדאָזיקער הינזיכט. אַזוי, אַן ערך, ווען די פּועלי־ציון רעדן וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין גלות, קען זיך אין פּלוג אויסווייזן, אַז זיי שטייען זייער נאָענט צו די

סיימיסטן; אין דער ווירקלעכקייט אָבער זענען די פּוע"צ פיל נענטער צום ס.-סישן קוק אויף דער פראַגע, ווייל די האָפנונגען, וועלכע זיי לייגן אַרויף אויף די פּאָטענציעס אין גלות, שטייען אין ענגסטער פאַרבינדונג מיטן טעריטאָריאַליזם.

אין דער רעזאָלוציע דאַרף באַטאָנט ווערן אונזער נעגאַטיווע באַציונג צום גלות, אויף וויפיל זי איז באַ אונז געמיינזאַם. אַלס פּאָזיטיוון מאָטיוו צו דער פאַרייניקונג באַטראַכט איך די וואַקסנדע באַדערפעניש פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. אירע נויטן וועלן נישט קענען באַפרידיקט ווערן פון אַזויגע פּאַרטייען, וועלכע וועלן פאַרקלענערן, צעברעקלען זייערע כוחות אין קעגנזייטיקן קאַמף. מיר דאַרפן זיך, אמת, נישט יאָגן נאָכן כמותדיקן איינפלוס פונם בונד, פאַר אונז איז אָבער וויכטיק דער איכותדיקער איינפלוס, וועלכן מיר קענען דערגרייכן נאָר בלייבנדיק געטריי דעם געמיינזאַמען באָדן פון גלות-פאַרניינונג.

מ אַ ק ס (טשענסטאָכאָוו):

דער וויכטיקסטער גרונט און מאָטיוו צו דער פאַרייניקונג איז דער, וואָס די אַרבעטער-מאַסן ליידן אין אַלע הינזיכטן פון דער צעברעקלונג — ח' מאַקס דערציילט געגנוי, ווי טשענסטאָכאָווער חברים פאַרהאַלטן זיך צו דער פראַגע (זיי פאָדערן קאָאָרדינאַציע, די פאַרייניקונג זאָל אָבער בלייבן אַ דיסקוסיע-פראַגע) און צו די איינצעלנע פּרטים פון דער קאָאָרדינאַציע.

ש ט ע נ ד י ג ע ר:

מיר דאַרפן פעסטשטעלן, פון וועלכן שטאַנדפּונקט מיר טרעטן צו צו דער פראַגע. פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט איז נייטיק די פאַרייניקונג, ווייל דאָס יידישע פאָלק ליידט פון דער פאַרטיי-צעברעקלונג. פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט — ווייל דער יידישער פּראָלעטאַריאַט און די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-באַוועגונג ליידט פון דער צעטיילונג פון די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די אַמעריקאַנער האָבן זיך געשטעלט אויפן נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, און בשעת זייערע פאַרייניקונגס-אונטערהאַנדלונגען האָט מען גערעדט וועגן אַלעם אין דער וועלט, וועגן מעסאָפּאָטאַמיען און פּאַלעסטינע, און וועגן ציוניסטן-קאָנגרעס. נאָר אָן איין זאַך האָבן פאַרגעסן אַלע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט, נאָר וועגן איין קלייניקייט האָבן נישט גערעדט די געטרייע סאָציאַליסטן: אָן דעם סאָציאַליזם, אָן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט האָבן זיי פאַרגעסן.

אונזער פאַרייניקונגס-פּלאַטפאָרם דאַרף אָבער זיין נישט פּאַלעסטינע און נישט מעסאָפּאָטאַמיע, נאָר דער יידישער אַרבעטער. און פון דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט זענען דאָ פיל שוועריקייטן. די הויפּט-זאַך ליגט אַצינד אפשר נישט אין דעם אַנטי-גלותיזם. אויב אַמאָל האָט דער בונד פאַרהערלעכט דעם גלות, פילט זיך שוין איצט באַ אים אַ געוויסער אומצוטרוי צום גלות; און אויב מיר האָבן אַמאָל פאַראָפּשויט דאָס גלות-לעבן און זיינע פּאָטענציעס, האָבן מיר זיך אויסגעלערנט אים העכער צו שעצן. דער האַס צום גלות און זיין פאַרגעטערונג — דידאָזיקעביידע עקסטרעמען גלייכן זיך אויס

…ױך דערנענטערן זיך אַ דאַנק די היסטאָרישע דערפאַרונגען. עס קומט פאָר אַ טאָפּלטע דערנענטערונג צװישן דעם בונד און די סאָצ.־טעריט. פּאַרטייען: אויסער דעם באַציִען זיך צום גלות באַמערקן מיר, װי בשעת דער רעװאָלוציע האָט זיך דער בונד אַלץ מער און מער נאַציאָנאַליזירט, איך װעל אפילו זאָגן, שוין צופיל נאַציאָנאַליזירט. אין זײנע לעצטע רייד און האַנדלונגען שמעקן מיר אומאָנגענעמלעכן שאָװיניזם. אָבער עס איז צו האָפן, אַז די נאַציאָנאַליסטישע איבערטרייבונגען באַם בונד זענען נאָר אַ צייטװײליקע דערשיינונג. מיר אָבער האָבן זיך בשעת דער רעװאָלוציע אַלץ מער און מער סאָציאַליזירט.

צוליב װאָס שטרעבן מיר צו דער פאַרייניקונג? נישט כדי צו שטאַרקן דעם טעריטאָריאַליזם, נאָר כדי צו פאַרפעסטיקן און פאַרייניקן דעם סאָציאַליזם אויף דער יידישער גאַס. באַ אונז איז דער טעריטאָריאַליזם אונטערגעאָרדנט דעם פּראָלעטאַרישן געדאַנק — צום גליק אָבער זענען ביידע געדאַנקען האַרמאָניש פאַרבונדן, כל־זמן דער טעריטאָריאַליזם בלייבט אַן אונטערגעאָרדנטע אויפגאַבע. און פון סאָציאַליסטישן פּרינציפּ איז די פאַרייניקונג נישט קיין פאַרייניקונג, אויב אַן אַ זייט בלייבט דער בונד. נישט װייל ער איז די שטאַרקסטע און די עלטסטע פאַרטיי, — זיין מאַכט װאָלטן מיר אין דרייען געקאָנט בײקומען, װען מיר זאָלן גיין געשלאָסן און אייניק. ניין, דער בונד איז דער ריינער טרעגער פונם סאָציאַליזם אויף דער יידישער גאַס, ער איז דער דערציִער פון די אַרבעטער־מאַסן, ער האָט געשאַפן די קאַמפּס־פּאָעזיע, אין אים האָט זיך קאָנצענטרירט די דערװאַכטע רעװאָלוציאָנערע ענערגיע פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט. מיר דאַרפן פונאַנדערשיידן דעם בונדס העראָישן און דערהויבענעם היסטאָרישן מהות פון זיין אומסימפּאַטישער, הערש־זיכטיקער, קורצזיכטיקער און קליינמוטיקער צייטװייליקער דערשיינונג. קעגן דער צװייטער שטייען מיר גרייט צום קאַמף; די ערשטע פאַרערן מיר, װי דעם טיפן אויסדרוק פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַװעגונג. שפּאָטן װעט פון אונז דער מאָמענטאַלער בונד אין דער געשטאַלט פון זיינע פּראָפּעסיאָנאַלן און ליטעראַטן, װעלכע קענען נישט באַגרייפן דעם אמת פון דער פאַרייניקונגס אידעע; אָבער דעם געלעכטער פאַראַכטן מיר, װייל אונז איז טייער די אייניקייט פונם יידישן סאָציאַליזם.

צום בונד און זיין היסטאָרישער מיסיע שטייען מיר, רוסישע פוע״צ, אפשר נענטער, װי צו די איצטיקע פוע״צ פון עסטרייך און אַמעריקע. טאַקע אין דער עקזיסטענץ פונם אַלװעלטלעכן פועלי־ציון־פאַרבאַנד ליגט די היסטאָרישע באַרעכטיקונג פון אונזער באַזונדערער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד. דאָך האָבן זיך אונזערע אויסלענדישע חברים נאָך װייט נישט אַנטװיקלט צו דער ריינקייט פון דער סאָציאַליסטישער אויפפאַסונג. און אויב דער טעריטאָריאַליזם איז אונז געמיינזאַם מיטדי ס. ס. און סיימאָװצעס, בלייבן מיר דאָך װייט אין פיל װיכטיקערע ענינים, װאָס קענען אין פלוג, פאַר אַ נישט געלייטערטן סאָציאַליסטישן קוק אויסװייזן, װי גאָר קלייניקייטן: בשעת מיר װילן נישט װיסן פון קיין שום אויפגאַבן, װאָס ליגן אויסער דער ספערע פון

פּראָלעטאַרישער זעלבשטענדיקייט און פּראָלעטאַרישן קלאַסן-קאַמף, בשעת מיר האָבן איינגאַנצן אויסגערוימט אַלע מאָמענטן, וואָס האָבן נישט צו טון מיט קלאַסן-קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם, באַמערקן מיר בא אַנדערע טעריטאָריאַליסטישע פאַר-טייען א נייגונג צו קאָלאָניזאַציע-פּלענער, ווי אָן ערך אָפּענהיימערס פּלאַן, צו דער צו-זאַמענאַרבעט מיט בירגערלעכע פּאַרטייען, אויך בלייבט א געוויסע שווערקייט, כּל-זמן מיר, מאַרקסיסטן און סאָציאַל-דעמאָקראַטן, דאַרפן זיך צונויפגיין מיט די סיימיסטן, וועלכע פאַרטרעטן די פּרינציפּן פון די נאַראָדניקעס. — דאָך איז בלי ספק, אַז איינ-האַלטנדיק דעם סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט אויף דער פאַראייניקונגס-פראַגע, וועט אונז אַלעמען, אָן פּאַרטיי-אונטערשיד, געלינגען דידאָזיקע שוועריקייטן צו פאַרמיידן.

---

עס ווערן פאָרגעלייענט רעזאָלוציעס וועגן פאַראייניקונג, אָנגענומענע אין א קעגער-מאַנער און אין פּינסקער אָרגאַניזאַציעס — זיי זאָגן זיך בײדע אַרויס פאַר קאָאָרדינירונג. צו בלומענפעלדס רעזאָלוציע לייגט שטענדיגער פאָר אַן אַלגע-מיינע מאָטיווירונג און יצחקט. לייגט פאַר אַריינצוטראָגן אין דער פּלאַטפאָרם א פּונקט ווערן בירגערלעכער און נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און אויטאָנאָמיע. שלמהק. און שמשון טראָגן אַריין אַנדערע מאָטיווירונגען, ווי שטענדיגערס. דערנאָך ווערן פאַראייניקט אַלע פאָרשלאָגן און מיט די אַלע הוספות ווערט איינשטימיק אָנגענומען די רעזאָלוציע וועגן פאַראייניקונג.

## VII-טע זיצונג (סוף)

## די פראַגע וועגן אָנטייל אינם ציוניסטישן קאָנגרעס.

רעפעראַט פון שטענדיגער:

אונזער שטעלונג צום ציוניסטן-קאָנגרעס

באַנוצנדיק ד״ר סירקינס אויסדרוק, קען מען זאָגן, אַז אַלע אַרגומענטן, מיט וועלכע מיר פּלעגן באַגרינדן אונזער אָנטייל אין ציונ.-קאָנגרעס, זענען געווען „אומ-ערלעכע טעאָריעס". בשעת די הויפּט-פּרינציפּן פון אונזער פּראָגראַם זענען בא אונז אַלעמען געווען פעסטגעשטעלט און אָפּיציעל אָנערקענט גלייך פון אַלע חברים, זענען די מאָטיוון פון אָנטיילנעמען אין קאָנגרעס קיינמאָל נישט געווען אפילו גענוי דיסקוטירט, און יעדער אָנהענגער פון קאָנגרעס-אַרבעט פּלעגט די זאַך באַגרינדן אויף זיין שטייגער. אין דער פראַגע איז בא אונז געווען נישט איין טעאָריע, נאָר א סך טעאָ-ריעס, אַלע קליינינקע און שוואַכע און שוואַנקענדע, אַלע אָן טיפער און ערנסטער אי-נערלעכער איבערצייגונג. דער אָנטייל אין קאָנגרעס איז געווען א זאַך פון א מין טראַ-דיציע, ס'איז געווען אַ מין פּעקל, וועלכן מען שלעפּט, ווייל מען איז צו אים צוגע-

הייבט געוואָרן, און מען ווייסט נישט, ווי פון אים פטור צו ווערן, און עס סטאַיעט נישט קיין מוט אים אַראָפּצושליידערן. בשעת מיר האָבן אימער געזוכט די געלעגנהייט אַרויסצוטרעטן מיט אונזערע אַלגעמיינע פּראָגראַם-פּרינציפּן און שטענדיק באַרייט געווען אָנצופאַלן אויף די קעגנער — האָבן מיר אויסגעמיטן צו רעדן וועגן קאָנגרעס; און גערעדט וועגן אים האָבן מיר נאָר דאַן, ווען אויסערלעכע אומשטענדן האָבן אונז גענייט דערצו. אַלזאָ, איז גאָר נישטאָ צוליב וואָס זיך פונאַנדערצוקלייבן אין דידאַקטישע טעאָריעס; דערפאַר איז אָבער וויכטיק צו פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר האָבן זיך דאָך אַרומגעשלעפּט מיט דעם פּעקל.

ווען מיר זענען צום אָנפאַנג געגאַנגען אין קאָנגרעס, איז נאָך געווען נישט אַנטוויקלט אונזער סאָציאַליסטישער באַוווסטזיין, מיר האָבן נאָך נישט איינגעזען דעם גאַנצן פאַרנעם און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אונזערע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. דעמאָלט, אין 1901—1903 יאָר, זענען מיר, פּוע"צ, נאָך נישט געווען דיפערענצירט און צעטיילט אויף די איצטיקע 3 פּאַרטייען (ס. ס., י. ס. און פּוע"צ), עס האָט זיך נאָך נישט איינגעשטעלט די אָנגעפאַנגענע אינערלעכע גערונג, און צום ציוניזם האָט אונז געצויגן יענער ראָמאַנטישער באַפרייונגס-אָרעאָל, וועלכער האָט אַזוי העל געבלישטשעט אויף דעם שטערן פון די ציוניסטישע פירער און פּראָפעטן. דערדאָזיקער אָרעאָל האָט אינגאַנצן פאַרטונקלט באַם ציוניזם די אָרימקייט און שמאָלקייט פון זיין פּאָליטישן האָריזאָנט, זיינע בירגערלעכע יסודות; אונז האָט פאַרכישופט דער דרייסטער פּראָטעסט קעגן רעכטלאָזיקייט, פון איין זייט, און נאַציאָנאַלער זעלבסט-פאַרלייקענונג פון דער אַסימילאַציע, פון דער אַנדערער זייט.

נישט נאָר מ י ר זענען געווען אונטערן צויבער פון די דערהאַבענע אילוזיעס; זיי האָבן געוועקט סימפּאַטיעס באַ פיל עמפּינדלעכע, צו פרייהייט-שטרעבנדע גייסטער ווי אין דעם יידנטום, אַזוי אויך אויסערהאַלב פון אים. אויך מאַקסים גאָרקי, יעווגעני טשיריקאָוו, אָדער סעמיאָן יושקעוויטש האָבן געשפּירט עטוואָס פלאַם-פייערדיקעס און דערהאַבענעס אינם ציוניזם. אויב ס'איז ריכטיק, אַז נאָכן טויט פונם קעמפער גערשוני האָט מען אין זיינע פּאַפּירן געפונען אַקציעס פון קאָלאָניאַל-באַנק — און אויב אין דעם אַלעם האָט געשטעקט פילייכט פערזענלעכע באַגייסטערונג, אָבער אַלנפאַלס האָט פולקאָם געפעלט היסטאָרישע פאַרשטענדניש פונם סאָציאַלן וועזן פון ציוניזם. — גלייך אַזוי ריין-פערזענלעך, ענטוזיאַסטיש און וויט פון יעטוועדער היסטאָרישער באַדייטונג איז געווען אונזער צוזאַמענהאַנג מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג.

שפּעטער האָבן מיר אָנגעהויבן איינצוזען די אומפולשטענדיקייט פון דעם צוזאַמענהאַנג, און האָבן פאַרזוכט צו באַרעכטיקן אונזער אָנטייל אין קאָנגרעס דורך דעם, וואָס מיר וועלן דאָרט כלומרשט שפּילן אַ דעמאָקראַטיזירנדע ראָלע און דורך אַנדערע אַרגומענטן פון זעלבן מין. אָבער שוין אויפן 7-טן קאָנגרעס האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן די פאַלשקייט און אַפילו שעדלעכקייט פון אונזער פּאָזיציע. די ציוני-ציון האָבן אַפּעלירט צו די היסטאָרישע טראַדיציעס פון פאָלק ישראל; דאַקעגן די טעריטאָריאַ-

ליסטן און אוגאַנדיסטן האָבן אָנגעוויזן אויף דאָס לעבנדע און ליידנדע פאָלק, אויף די
רעאַלע באַדערפעניששן פון די ברייטע מאַסן. דערמיט האָבן זיי בלי=ספק פאַרנומען אָן
אויסגעשפּראָכענע דעמאָקראַטישע פּאָזיציע. וואָס אָנבאַלאַנגט אונז, פּוע״צ, איז אונזער
באַציִונג צו פּאַלעסטינע געווען ניט ווייניקער דעמאָקראַטיש, און אויך צווישן די ביר=
גערלעכע ציוניסטן זענען געווען פיל, וועלכע האָבן געקוקט אויף פּאַלעסטינע מער היס=
טאָריש, ווי אויף דאָס רעאַלע לאַנד פון קינפטיקער פאָלקס=פרייהייט. אָבער אין דער
שפּיץ פון די ציוני=ציון זענען געשטאַנען די קנאִים פון דער פאַרגאַנגענהייטס=טראַדי=
ציע און פרעדיקער פון קליינע מעשים, בשעת אין דעם אַוואַנגאַרד פון די טעריטאָר=
יאַליסטן האָבן געמוזט דערשיינען די צום מיינסטן דעמאָקראַטישע עלעמענטן — די
ציוניסטן=סאָציאַליסטן, וועלכע זענען שוין צו יענער צייט געווען פּאַרטייאיש אָרגאַניזירט
און זענען אַרויסגעטרעטן באַגייסטערט און געשלאָסענערהייט. די ס. ס. האָבן געלייס=
טעט אויפן 7=טן קאָנגרעס אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע טאַט, און מיר, פּוע״צ, וועלכע
זענען געווען, אַ דאַנק צופעליקע סיבות, פיל צאָלרייכער פאַרטרעטן (40 פּוע״צ קעגן
25 ס. ס.) האָבן זיך געפילט זייער שוואַך און ניט אויפן געאייגענטן פּלאַץ, און האָבן
אונז נאָכגעשלעפּט נאָך די פירער פון אָפיציעלן ציוניזם און נאָך די חובבי=ציון. אונ=
זערע פאַרטרעטער איז אפילו ניט געלונגען ווי געהעריק צו דערקלערן אונזער
שטאַנדפּונקט פון דער קאָנגרעס=טריבונע. אמת, אינגיכן נאָך דעם האָט זיך דער גאַנ=
צער טעריטאָריאַליסטישער דעמאָקראַטיזם אויסגעוועבט אין זאַנגווילס וואַנדערונגען אי=
בער די שוועלן פון מיניסטאָרן, דיפּלאָמאַטן, און גלאַט יידישע גבירים, און די ס. ס.
זענען אַריין אין אַ ווייניק וואָס דערהאַבענער קאַמעראַדשאַפט מיט דער י. ט. א.

דאָס האָט אָבער ניט געקענט אויסמעקן בא אונזערע מאַסן דאָס ביטערע באַ=
וואוסטזיין, אַז אויפן 7=טן קאָנגרעס האָבן מיר געשפּילט אַ פאַלשע און אומווירדיקע
ראָלע. אונזערע גרעסטע און בעסטע אָרגאַניזאַציעס האָבן מיט גרויס פאַרביטערונג דער=
פאַרן וועגן אונזער האַלטונג אויפן קאָנגרעס, און אויפן גרונט פון דער אומצופרידנ=
הייט איז אַנטשטאַנען די צעשפּאַלטונג, וועלכע האָט אַרויסגערופן צום לעבן צוויי פאַר=
טייען : „סערפּ" און פּוע״צ. אויף דער קיעווער פאַרטיי קאָנפערענץ, וועלכע איז
פאָרגעקומען אוממיטלבאַר פאַרן קאָנגרעס, האָט נאָך קיינער ניט געצווייפלט אין דער
צוועקמעסיקייט פון אונזער אָנטייל אין קאָנגרעס ; אָבער שוין גלייך נאָכן קאָנגרעס,
אויף דער ציריכער קאָנפערענץ, וואו עס האָט זיך קאָנסטרויִרט די פאַרטיי און ס'איז
פעסטגעשטעלט געוואָרן איר נאָמען („יידישע סאָציאַל=דעמאָקראַטישע אַרבעטער פאַרטיי
פּועלי=ציון") — איז אַרויסגעטרעטן איינער פון די יעקאַטערינאָסלאַווער פאַרטרעטער
מיט דער פראַגע : צי האָבן מיר ניט, אַלס סאָציאַליסטישע פאַרטיי, אונזערע זעלב=
שטענדיקע אויפגאַבן און וועגן אינם טעריטאָריאַליזם, און צי איז אויף אַזאַ אופן גאָר
איבערהויפּט באַרעכטיקט אונזער אַרבעט אינם ציוניסטישן קאָנגרעס? די קאָנפערענץ
האָט אָבער די פראַגע אָפּגעפּטרט, און באַשלאָסן יאָ אָנטיילצונעמען אין קאָנגרעס. אין
עטלעכע חדשים נאָך דעם איז די גאַנצע יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע — העכער

1500 מאַן, — אַריבער צו די סיימאָווצעס און מיט זיך נאָכגעשלעפּט צו זיי אויף דעם גאַנצן ראַיאָן. — בשעת דעם שטרייט מיט די סיימיסטן, האָבן זיי קעגנאיבער דעם קאָנגרעס געשטעלט דעם סיים, און דאָס האָט אונז געצוווּנגען מער געוויכט לייגן אויף דעם קאָנגרעס.

אויף דעם ערשטן קאָנסטיטואירנדן פּאַרטיי-טאָג, אין פעברואַר 1906, איז נישט געקומען צו דער פראַגע, ווייל נאָך אַ 3 וואָכעדיקער טאָגונג איז דער צוזאַמענפאָר צופעליק דורכגעפאַלן. דער צ. ק. האָט אָבער נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע אַריינגעטראָגן אין זיין פּראָגראַם-פּראָיעקט אַ פּונקט וועגן אָנטיילנעמען אין קאָנגרעס, אָבוואָל די פראַגע איז גאָרנישט קלאָר געווען. דאָס האָט פּאַסירט, רעכן איך, נאָר דערפאַר, ווייל בשעת דעם שטרייט מיט די סיימאָווצעס האָבן מיר זיך געוויסערמאַסן דערנענטערט מיט די בירגערלעכע ציוניסטן, וועלכע זענען געווען נאַטירלעך פּאַרינטערעסירט דערין, אַז די סיימיסטישע פּראָפּאַגאַנדע קעגן רעאַלער אַרבעט אין פּאַלעסטינע זאָל נישט האָבן קיין דערפאָלג. אַלנפאַלס איז די קורצווייליקע דערנענטערונג מיט די בירגערלעכע ציוניסטן געווען זייער שוואַך, די שטיצע זייערע איז געווען כמעט נאָר ליטעראַריש, און פינאַנציעל האָבן זיי, מחמת דעם אַנטשטאַנענעם ווירוואַר, גאַנץ צופעליק געשטיצט פיל מער זייערע קעגנער, די סיימאָווצעס, איידער אונז. און בשעת-מעשה האָט זיך אַלץ קלאָרער אַרויסגעוויזן, אַז מיר גייען אַפּ פּאַקטיש אַלץ ווייטער און ווייטער פון ציוניזם מיט זיינע איינריכטונגען. קיינמאָל זענען מיר אייגנטלעך נישט געווען קיין דיסציפּלינירטע מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; מיר האָבן שטענדיק איגנאָרירט דעם שקל, דעם קאָלאָניאַלן באַנק און נאַציאָנאַל-פאָנד, צוגלייך געפירט קעגן זיי אַ העפטיקע אַגיטאַציע. די באַשלוסן פון די קאָנגרעסן האָבן מיר תמיד געהערט אין טראָק. נאָכמער האָט זיך געמוזט אַרויסווייזן אונזער אינערלעכע פרעמדקייט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווען מיר האָבן אין פּראָגראַם, בשעת דער טעאָרעטישער קאָנפערענץ, גלייך נאָך דעם קאָנסטיטואירנדן פּאַרטיי-טאָג, פעסטגעשטעלט, אַז אונזער איינציק מיטל צו אַלע אונזערע צוועקן איז נאָר דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן-קאַמף.

פיל חברים האָבן אָנגעהויבן איינצוזען, אַז דער אָנטייל אינם קאָנגרעס שאַדט אונזער אַרבעט אין אַלע הינזיכטן. עס האָט זיך דערוועקט אַ גאַנץ שטאַרקע שטרעמונג קעגן קאָנגרעס. און אויפן 2-טן (אָרדנטלעכן) פּאַרטיי-טאָג, וועלכער איז פּאָרגעקומען גלייך פאַר דעם 8-טן קאָנגרעס, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע אַנטי-קאָנגרעסיסטישע שטימונג; אַזוי־ווי אָבער די פראַגע איז באַטראַכט געוואָרן צום סוף, ווען עס איז געבליבן צו ווייניק צייט, האָט מען באַשלאָסן אַרויסצוטראָגן אַזאַ באַשלוס, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ צייטווייליקן קאָמפּראָמיס. נעמלעך, מען האָט באַשלאָסן אָנטייל צו נעמען אין 8-טן קאָנגרעס; אַזוי ווי מען איז זיכער געווען, אַז איבעראַיאָר וועט מען, נאָך אַ גרינטלעכער ליטעראַרישער דיסקוסיע, דערליידיקן אין אַלגעמיין די פראַגע אויף אַן אָרדנטלעכן פּאַרטיי-טאָג. דער 8-טער קאָנגרעס האָט אידער

קלאָר באַוויזן, ווי איבערלעך פרעמד מיר זענען דעם ציוניזם. עס האָט זיך געפילט, אַז מיר האָבן דאָרט גאָרנישט וואָס צו טון, און די פאַרטרעטער אונזערע זענען געווען צעטומלט, דעזאָרגאַניזירט, אַפּהענגיק אין דער לאַגע, צו וועלכער זיי זענען גאָר־נישט געווען געאייגנט. אונזער האַלטונג האָט געמאַכט דעם ערגסטן רושם אויף אַלע חברים.

איצט, דערוואַכנדיק נאָכן שטילשטאַנד און אַפּאַטיע פון דעם שרעקלעכסטן יאָר פון קאָנטר־רעוואָלוציע, שטייען מיר אויף דער קאָנפערענץ פאַר דערזעלבער פראַגע. זאָלן מיר מער נישט ווידערהאָלן די שווערע דערפאַרונגען, זאָלן מיר ציען די קאָנ־סעקווענץ פון אונזער פאַרטיי־געשיכטע; לאָמיר דערקלערן, אַז עס איז נישטאָ קיין געמיינזאַמע אָרגאַניזירטע אַרבעט בײַ אונז מיט דעם בירגערלעכן ציוניזם, אַז מיר האָבן זיך פון אים אויף אַזוי פיל דערווייטערט, דאָס עס איז שוין צייט אינגאַנצן צו רייסן יענע פאַקטיש שוין לאַנג נישט עקזיסטירנדע אָרגאַניזאַציאָנס־באַציונגען, וועלכע מיר האָבן אָפיציעל אָנערקענט. מיר זענען אַ זעלבשטענדיקע פאַרטיי און נישט קיין פראַקציע אין ציוניזם; מיר האָבן אונזערע אייגנריכטונגען, וועלכע האָבן גאָרנישט צו טון מיטן ציוניסטישן קאָנגרעס. מיר דאַרפן קלאָר מודה זיין, אַז אונזער אָנטייל איז געווען אַ פעלער און אַ מיספאַרשטענדעניש.

יוליוס (בענדין):

מיר זענען אַ סאָציאַליסטישע פאַרטיי, אָבער מיט וואָס אונטערשיידן מיר אונז פון אַנדערע סאָציאַליסטישע פאַרטייען? נאָר דורך אונזער טעריטאָריאַליזם. און אויב מיר וועלן אַרויס פון ציוניסטישן קאָנגרעס, פאַרלירן מיר יעדע פראַקטישע שייכות צום טעריטאָריאַליזם. מיר דאַרפן זיך נישט נאַרן: אויסער דעם קאָנגרעס האָבן מיר נישט קיין ציוניסטישע אַרבעט. מיר וועלן באַגיין אַ פּאָליטישן זעלבסטמאָרד, אויב מיר וועלן אַרויסטרעטן פון קאָנגרעס. מיר דאַרפן אָנטייל נעמען אין דער נאַציאָנאַלער באַפריי־אונגס־באַוועגונג. מיר דאַרפן און מעגן דאָ אַרבעטן צוזאַמען מיט אַנדערע קלאַסן. דאָ ליגט נישט קיין שום געפאַר פאַר דעם קלאַסן־באַוווסטזיין פון די יידישע אַרבעטער, ווען מיר שטרעבן אויסצונוצן דעם קאָנגרעס. נישט אַוועקגיין דאַרפן מיר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָר ווירקן אויף איר, זי דעמאָקראַטיזירן, זי צופּאַסן צו די אינטערעסן פון די אַרבעטער־מאַסן. דער ציוניזם טראָגט דעם כאַראַקטער פון דער יידישער פאָלקס־באַפרייונג, די ציוניסטישע באַוועגונג האָט אַרומגעכאַפּט אַ באַדייטנדן טייל פון דעם יידישן פאָלק, זי האָט אָנגעזאַמלט גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע און פינאַנציע־לע מיטלען צוליב אירע באַפרייאונגס־צוועקן. מיר דאַרפן נישט אויפפּאַסן דעם ציוניזם אויף דעם בונדיסטישן שטייגער, אַלס ריין בורזשואַזע זאַך. דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אַ פרייע פאָלקס־טריבונע פאַר דעם יידישן פאָלק, וווּ אַלע קלאַסן און שיכטן פונם פאָלק קענען קומען צום וואָרט און אָפּן אַרויסזאָגן זייערע שטרעבונגען.

אַלע סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון דער וועלט נעמען אָנטייל אין זייערע נאַציאָנאַלע איינריכטונגען, אין פּאַרלאַמענטן, לאַנדטאַגן א. ד. גל, נאָר מיר דאַרפן זיין אַ יוצא מן

הכּלל — נאָר דערפאַר, וואָס מיר האָבן מורא, וואָס וועט מען וועגן אונז זאָגן, מה יאמרו הגוים והגדולים בישראל. מיר דאַרפן אין קאָנגרעס אַרבעטן, קאָנטראָלירן, קריטיקירן. ווי אומעטום דאַרפן מיר דורכפירן אונזערע אינטערעסן, אַזוי אויך אין קאָנגרעס, בלייבנדיק דערביי שטייענדיק פעסט אויף אונזער סאָציאַליסטישער גרונט-לאַגע. אויב ס'איז מעגלעך סאָציאַליסטישע טעטיקייט פון פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען אין פּאַרלאַמענט קעגנאיבער דער בירגערלעכער מערהייט, איז אויך מעגלעך אַזאַ טעטיקייט אין ציוניסטישן קאָנגרעס פון אונזער זייט, אַלס פּראָלעטאַרישע סאָציאַליסטישע פראַקציע. אונזער אָנטייל אין קאָנגרעס האָט אונז, אַלס אַזעלכע, קיינמאָל נישט געשאַדט; געשאַדט האָט אומגעלונגענע, נישט אויסגעהאַלטענע האַלטונג; און אויב מיר ווילן פאַרבעסערן אונזערע פעלערן, איז נאָר פאַרבלייבנדיק אין קאָנגרעס, און נישט אַרויסגייענדיק פון אים; ה' שטענדיגערס פאָרשלאַג איז דירעקט שעדלעך פאַר דער פּאַרטיי, ווייל אַליין, אָן מיטווירקונג מיט די בירגערלעכע עלעמענטן, קענען מיר אין און פאַר דעם ציוניזם גאָרנישט אויפטאָן.

**א י ד אַ:**

עס פרייט מיך זייער, וואָס דער ח. שטענדיקער האָט אַזוי אַנטשידן געשטעלט די פראַגע. עס מוז אַן ענדע געמאַכט ווערן צו אונזער שעדלעכן אַרומטרייבן מיטן קאָנגרעס און שקלים. דער אָנטייל אין קאָנגרעס האָט אויף יעדער שריט און טריט געשטערט אונזער אַנטוויקלונג. עס האָט געהערשט אַ שרעקלעכער מיש-מאַש אין די באַגריפן פון די חברים, מיר האָבן אַ דאַנק דעם אומגליקלעכן קאָנגרעס-ווירוואַר נישט געקענט קלאָר פעסטשטעלן, וואָס זענען מיר דאָך סוף כּל סוף: ציוניסטן אָדער סאָציאַליסטן? מיר האָבן זיך קיינמאָל נישט באַצויגן ערנסט צום קאָנגרעס, נאָר דאָס האָט אימער זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ מענגע נאַרישקייטן און קליינקייטן — מיט די שקלים און מיט די וואַלן צום קאָנגרעס, וואָס איז געווען ווי אַ מין אָנטשעפעניש, פון וועלכע מען דאַרף וואָס גיכער פּטור ווערן. מיר זענען קיינמאָל נישט קלאָר געווען די מאָטיוון, צוליב וואָס מיר נעמען אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט דאָס צו טון מיט סאָציאַליזם און קלאַסן-קאַמף? דעם קאָנגרעס פלעגט מען פאַרגלייכן מיט אַ פּאַרלאַמענט און נאָך אַזוינע לעכערלעכע פּלפּוליסטיק; עס זענען געווען למדנים, וועלכע האָבן געטענהט, אַז מסתמא וועט שוין דער ציוניסטן-קאָנגרעס שטופּן די יידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע. נישט נאָר טראַדיציע, נאָר טאַקע פּשוט קליינקייטן און צופעליקייטן האָבן געבראַכט דערצו, אַז מיר האָבן נאָך עד-היום נישט אָפּגעריסן אינגאַנצן מיטן קאָנגרעס. מיר האָבן זיך דאָ אימער אָנגעשטויסן אויף קליינבירגערלעכע טענדענצן, און איצט מוז מען זיי שוין ענדלעך אויסראָטן. עס פילט זיך שטאַרק די בויטוועדיקייט. ווען דאָ נישט לאַנג איז פון דעם „אינפאָרמ.-בלעטל" אָנגעקומען די דירעקטיוו, נעמען שקלים צום 9-טן קאָנגרעס, האָט דאָס אַרויסגערופן גרויסע אומצופרידנהייט און רייבונגען אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע.

י צ ח ק (לאָדזש):

די פראַגע איז זייער וויכטיק און נאָך נישט דיסקוטירט געוואָרן אין דער פרעסע; די קאָנפערענץ אַלס אַזעלכע האָט אויך איבערהויפט צו ווייניק אויטאָריטעט צו באַשליסן אַזוינע וויכטיקע פראַגן. די לאָדזשער חברים האָבן באַשלאָסן, אַז די קאָנפערענץ האָט נישט דאָס רעכט צו אַנטשיידן דידאָזיקע פראַגע. איך לייג אַלזאָ פאָר, לאָזן די פראַגע אָפן ביזן קומענדיקן פאַרטיי־טאָג, און דערווייל יאָ אָנטייל נעמען אינם 9־טן קאָנגרעס.

ב ל ו מ ע נ פ ע ל ד:

מיר דאַרפן פריער וויסן, אין וואָס באַשטייט א ו נ ז ע ר אַרבעט אין פאַלעסטינע, און אויב דער קאָנגרעס פירט אָט די אונזער אַרבעט אין פאַלעסטינע, דאַרפן מיר אין קאָנגרעס גיין. מיר זענען אַן אַרבעטער־פאַרטיי. אויב דער קאָנגרעס אָרגאַניזירט דעם אַרבעטער פּאָליטיש און עקאָנאָמיש, דאַרפן מיר אין קאָנגרעס גיין; ווען נישט, דאַרף מען נישט גיין. קיין אַקציעס האָט סיי־ווי־סיי קיין אַרבעטער נישט די מעגלעכקייט צו נעמען. און דאַן איז אונזער אָנטייל גאַנץ איבעריק. אונזער פאַלעסטינע־אַרבעט איז די אָרגאַניזירונג פון יידישן פראָלעטאַריאַט, און מיט דעם, וואָס מיר טרעטן אַרויס פון קאָנגרעס, זאָגן מיר זיך נישט אָפּ פון פאַלעסטינע אַרבעט, נאָר מיר ווילן פירן זעלבשטענדיקע אַרבעט אין פאַלעסטינע. דער קאָנגרעס וועט קיינמאָל נישט וועלן און קענען טון דאָס, וואָס מיר ווילן; מיר קענען קיינמאָל נישט דורכפירן באַשלוסן דירעקט פאַר אונזער נוצן. דעריבער מוזן מיר פירן אַן אייגענע זעלבשטענדיקע אַרבעט פאַר דעם יידישן פראָלעטאַריאַט. וועגן נאַציאָנאַל־פאָנד זאָגט מען, אַז עס איז נאַציאָנאַל געלט און אַ דעמאָקראַטישער אינסטיטוט. — איז דורך אונז באַשאַפן געוואָרן אַן אַרב. פאַלעסטינע־פאָנד, וועלכער איז אַ סך מער דעמאָקראַטישער, ווי דער נאַציאָנאַל־פאָנד. דער נאַציאָנאַל־פאָנד באַציט זיך צום יידישן אַרבעטער גאָרנישט דעמאָקראַטיש.

מען הייסט אונז גיין אין קאָנגרעס, כדי צו ווירקן אויף די בירגערלעכע ציוניסטן און זיי אונטערצושטופּן. דורך דעם אַליין טוען מיר נאָך גאָרנישט און דעמאָקראַטיזירן נאָך גאָרנישט דאָס יידישע פאָלק, ווייל דאָס י י ד י ש ע פ אָ ל ק נעמט נאָך לעת־עתה נישט קיין אָנטייל אינם קאָנגרעס. מיר זענען קודם־כל אַ פאַרטיי פון אַרבעט און נישט פון שטופּן. דער קאָנגרעס וועט דאַן ערשט האָבן פאַר אונז אַ פּאָזיטיוון ווערט, ווען ער וועט שטיין אונטערן דירעקטן איינפלוס פון די פאַלעסטינער מאַסן. איצט מוזן מיר אַרבעטן און שטאַרקן די פּאָזיציע פון יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל. דער וועג דערצו ליגט נישט דורכן קאָנגרעס. מיר האָבן איצט אַ ברייטע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע אַרבעט פאַר און אין פאַלעסטינע, און די אַרבעט מוז און קען נ אָ ר פ ו ן א ו נ ז ג ע ט ו ן ו ו ע ר ן. אויב מיר זענען קעגן אָנטייל נעמען אין קאָנגרעס, הייסט עס נאָך נישט, אַז מיר זענען בכלל קעגן געמיינזאַמער ציוניסטישער אַרבעט. אַלס גאַנץ באַזונדערע פאַרטייען קאָנען מיר באַ געוויסע פראַגן אַרבעטן

צוזאַמען. אין קאָנגרעס האָבן מיר נישט וואָס צו גיין. אונזער אָנטייל אין קאָנגרעס האָט אַ גרויסע דעמאָראַליזירנדע ווירקונג, סיי אויפן קאָנגרעס, סיי אויף דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

ב נ י מ י ן (דרום־מערב):

פאַר מיר איז נישט קלאָר די פראַגע וועגן דעם, צי די קאָנפערענץ איז קאָמפּע־טענט צו אָנטשיידן דעם ענין. פון איין זייט קען די קאָנפערענץ נישט נעמען אויף זיך אַ באַשלוס איבער אַזאַ זאַך, וועלכע קען דערליידיקט ווערן נאָר דורך אַ פּאַרטיי־טאָג; פון דער אַנדערער זייט אָבער איז דער 9־טער קאָנגרעס נאָענט. קיין פעסטן באַשלוס מכח דעם קאָנגרעס האָט אונזער לעצטער פּאַרטיי־טאָג נישט אָנגענומען. אין אונזער ראַיאָן זענען דאָ שריפטלעכע פּראָטאָקאָלן פון אייניקע דעלעגאַטן פון פּאַרטיי־טאָג. שטייט אָבער אין דעמדאָזיקן פּראָטאָקאָל, אַז מען נעמט אָנטייל אין 8־טן קאָנג־רעס — און אויף ווייטער איז נישטאָ קיין באַשלוס. איך בין פאַר דעם, אַז די פראַגע זאָל בלייבן אָפן און זאָל דיסקוטירט ווערן ביז דעם נעכסטן פּאַרטיי־טאָג.

ש מ ש ו ן:

מיר האָבן אין דערדאָזיקער פראַגע אַ פּרינציפּיעלע און פּראַקטישע זייט. דער קאָנגרעס, ווי ער ווערט איצט צונויפגעשטעלט, איז אײנדעראמתן אַ פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע קומט זיך צונויף כדי צו באַטראַכטן אירע ריין־פּאַרטייאישע ענינים. ווײל מען אָנטייל נעמען אין קאָנגרעס, מוז מען דערצו ווערן ציוניסטישע פּאַרטיי־מיטגלידער. דער שקל גיט נישט נאָר אַ רעכט צו וויילן דעלעגאַטן צום קאָנגרעס. דורכן שקל ווערט איר אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ס'איז קלאָר, אַז מיר דאַרפן נישט און קענען נישט אָנטייל נעמען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און ממילא אויך נישט אינם ציונ. קאָנגרעס. אַלע באַ־שלוסן פון קאָנגרעס וועלן דורכפירן נאָר די ציוניסטן און נישט עמעץ אַן אַנדערער. מיר זענען אַ זעלבשטענדיקע פּאַרטיי און אונזערע חברים קענען נישט גלייכצייטיק זיין מיטגלידער פון אַן אַנדערער פּאַרטיי, — קענען מיר, הייסט עס, אויף זיך אויך נישט נעמען קיין התחייבות אויסצופילן די באַשלוסן פון קאָנגרעס.

מיר האָבן נעכטן אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס, וועלכער האָט צו רעגולירן די עמיגראַציע. קאָן מען דאָך פרעגן: היתכן? פאַרוואָס אין איין קאָנגרעס, וועלכער רעגולירט די עמיגראַציע סתם, נעמט איר יאָ אָנטייל, און אין ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער רעגולירט די עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע, ווילט איר נישט נעמען קיין אָנטייל? דער תירוץ איז אָבער אויבן אויף: אין עמיגראַציאָנס־קאָנ־גרעס נעמען אָנטייל אַלע גלייכבאַרעכטיקטע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס; ס'איז אַ צווישן־פּאַרטייאישע צוזאַמענקונפט צוליב איין געמיינזאַמער אַרבעט. דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אָבער אַ פּ אַ ר ט י י אַ י ש ע ר, פון איין אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַר־מאָגט איר אייגענעם, באַזונדערן, פּ אָ ל י ט י ש ן אני־מאמין. פאַרשטייט זיך, אַז אין

אַזאַ פּאַרטייאישן קאָנגרעס פון אַ פרעמדער אָרגאַניזאַציע קאָנען מיר זיך נישט באַ־טייליקן.

אונזער אַרבעט אין פּאַלעסטינע פּאַסן מיר אויף אַנדערש, ווי די ציוניסטן און דאַרפן זי פירן אויף אַ גאָר באַזונדערן אופן און גאַנץ זעלבשטענדיק. אין דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע זענען פאַראַן אַזעלכע אינסטיטוציעס, אין וועלכע מיר קאָנען סיי־ווי נישט נעמען קיין אָנטייל, צוליב אונזער סאָציאַלער לאַגע. אונזער אַרבעט האָט אין אויג נאָר די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע. דער בעסטער וועג און די בעסטע מיטלען צו פאַרזיכערן די לאַגע פון די אַרבעטער אין פּאַלעסטי־נע, איז טאַקע די אַרבעט און דער קאַמף אין פּאַלעסטינע גופא. מיר דאַרפן דער־בער זען, אַז אין פּאַלעסטינע זאָלן אונזערע חברים אַריין אין אַלע דאָרטיקע אַנ־שטאַלטן.

אָבער דאָ קאָנען מיר, אַלס פּאַרטיי, אין בעסטן פאַל, נעמען אָנטייל אין צוזאַמענפאָר נאָר דאַן, ווען אין אים איז פאַראַן דער יסוד פון גלייכער פּאַרטייאישער פּאַרטרעטערשאַפט. אונזער פאַרבאַנד קאָן זיך צונויפקומען אויף אַ צו־זאַמענפאָר מיט דער ציוניסטישער און אַנדערע ענלעכע אָרגאַניזאַציעס צוליב אַ גע־ויסן צוועק, אין וועלכן מיר אַלע זענען פאַרינטערעסירט. כל־זמן דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אַ פּ א ר ט י י א י ש ע ר צוזאַמענפאָר, קאָנען מיר אין אים זיך נישט באַטייליקן.

**דוד** (ביאַליסטאָק):

מיר האָבן נישט געקענט צונויפרופן דעם צוזאַמענפאָר, מוזן מיר זיך באַגנוגע־נען מיט אַ קאָנפערענץ — דערין זענען אָבער שולדיק די באַדינגונגען פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע, און באַ אַזוינע באַדינגונגען קען און דאַרף די קאָנפערענץ געוויסערמאַסן פאַרטרעטן אַ פּאַרטיי־טאָג. מיר האָבן דאָס פולקאָמע רעכט צו אַנטשיידן דאָ די פראַ־גע וועגן קאָנגרעס. דאָס איז נישט קיין פּראָגראַמאַטישע פראַגע, נאָר אַ טאַקטישע; באַ אונז אין פּראָגראַם שטייט נישט, אַז מיר דאַרפן אָנטיילנעמען אין ציוניסטישן קאָנ־גרעס.

מיר זענען זיך איצט צוזאַמענגעקומען נישט נאָר פּראָסט אָנצוצייכענען דעם ווייַ־טערדיקן גאַנג פון אונזער אַרבעט, נאָר אויך אויסצומיידן דאָס אַלץ, וואָס האָט ביז אַהער געשטערט אונזער אַנטוויקלונג. נאָך אַ לאַנגן ש ט י ל ש ט אַ נ ד האָבן מיר זיך דאָ פאַרזאַמלט.

און די קאָנגרעס־פראַגע איז שטענדיק געווען אַ גרויסע שטערונג פאַר אונזער פּאַרטיי, זי האָט געהעמט אונזער אַרבעט און אַנטוויקלונג. מיר דאַרפן דאָ פון איר פּטור ווערן איינמאָל פאַר אַלע מאָל. דער קאָנגרעס, מיט די שקלים, מיטן נאַציאָנאַל־פאָנד, מיטן „בצלאל" און איך און וויס מיט וואָס נאָך, האָט געשטערט די חברים זיך קלאָר צו מאַכן אונזער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט. מיר זענען סאָציאַל־דעמאָקראַטן און האָבן אין אַלע הינזיכטן אונזער באַזונדערע פּראָלעטאַרישע אַרבעט, אויך אין דעם

טעריטאָריאַליזם. מיר האָבן נישט וואָס צו טון אינם ציוניסטישן קאָנגרעס און דאַרפֿן נישט מער גיין אַהין.

מ אַ ק ס (טשענסטאָכאָוו):

די אַרבעטער האָבן קיינמאָל נישט געקענט קלאָר פֿאַרשטיין, צוליב וואָס מיר נעמען אָנטייל אין קאָנגרעס. וואַרטן מיט דער פֿראַגע זאָלן מיר נישט, ווייל דאָס הייסט, אַז מיר וועלן נאָך מוזן גיין אין נייגטן קאָנגרעס. דאָס האָט קיין זין נישט; איך בין אַנטשיידן פֿאַר דעם, אַז די קאָנפֿערענץ זאָל באַשליסן די פֿראַגע, און זי זאָל אָננעמען שטענדיגערס רעזאָלוציע.

ש ל מ ה ק.:

שטענדיגער שפּילט צו לייכט מיט דער אייניקייט פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט פֿון אַלע לענדער. אים איז לייכט צו דערקלערן פֿאַר דער גאַנצער וועלט, אַז דער אָנטייל אין קאָנגרעס ווידערשפּרעכט די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן, ד. ה., אַז די עסטרייכישע און אַמעריקאַנישע פּוע״צ זענען אומפֿאַרייגבאַר מיטן סאָציאַליזם. שטענדיגער וויל דורכפֿירן אויף אַ קאָנפֿערענץ אַן איבערקערעניש, וועלכע וועט דירעקט ווידערשפּרעכן דעם באַשלוס פֿון קראָקעווער פֿאַרטיי־טאָג. שט. באַהויפּטעט, אַז דער פֿאַרטיי־טאָג האָט נישט אָנגענומען קיין אַלגעמיינע רעזאָלוציע וועגן קאָנגרעס. באַטירלעך, מיר האָבן נישט קיין אָפּיציעלע פּראָטאָקאָלן פֿון פֿאַרטיי־טאָג; אָבער די אויפֿפֿירונג פֿון די רוסישע פּוע״צ־דעלעגאַטן אויפֿן VIII קאָנגרעס באַווייזט, אַז די פֿאַרטיי האָט גערעכנט אויך אויף שפּעטער צו פֿאַרבלייבן אין קאָנגרעס. זיי האָבן דאָך צוזאַמען מיט די איבעריקע פּוע״צ געפּאָדערט, פּוע״צ זאָלן צום קאָנגרעס צוגעלאָזט ווערן אויף פֿעדעראַטיווע יסודות. ד. ה. מענטשן פֿאַרזאָרגן אַפֿילו די פֿאָרמען פֿון זייער ווייטערדיקן אָנטיילנעמען אין קאָנגרעס, — און איצט קומען זיי צו אונז געוואויר צו מאַכן, אַז זיי האָבן דערביי גאָרנישט גערעכנט דאָרט צו פֿאַרבלייבן! אַלזאָ, האָט איר געפּאָדערט פֿעדעראַציע אויף קאַטאָוועס? מיר זעען, אַז גלייך נאָכן קראָקעווער פֿאַרטיי־טאָג האָבן אייערע דעלעגאַטן זיך אַזוי געהאַלטן, ווי ווען עס וואָלט געווען באַשלאָסן, מען זאָל אין קאָנגרעס שטענדיק אָנטיילנעמען.

שטענדיגער האָט אין זיין גאַנצער רעדע געפֿירט נאָר צו דעם, אַז די רוסישע פּוע״צ זענען געווען פּאָליטישע קינדער; אַזוי גייט בא אים אַ פּאָליטישע פּאַרטיי אין קאָנגרעס נאָר צוליב דר. הערצלס שיינע אויגן, אויפֿן VII־טן קאָנגרעס האַלטן זיי זיך אַנטידעמאָקראַטיש, בשעת די ס. ס. האָבן כּלומרשט געפֿירט אַ דעמאָקראַטישע טאַקטיק. יאָ, אין דער הינזיכט איז טאַקע שטענדיגער אַ ביסל גערעכט; מיר, די עסטרייכישע פּוע״צ האָבן אפֿילו געזאָגט לעווקאָוויסקין, וועלכער האָט אָנגעפֿירט אויפֿן VII־טן קאָנגר. די רוסישע פּוע״צ־פֿראַקציע: אונז געפֿעלט שטאַרק נישט אייער ענגער צוזאַמענהאַנג מיט אוסישקינען. — אויב אייערע פֿאַרטרעטער האָבן זיך שלעכט געהאַלטן אויף די קאָנגרעסן, הייסט דאָס גאָרנישט, אַז די קאָנגרעסן זענען שלעכט און מיר קענען דאָרט גאָרנישט פּועלן; גראָד פֿאַרקערט, אויפֿן VIII־טן קאָנגרעס האָבן מיר געפּועלט אַלץ,

וואָס מיר האָבן געפאָדערט: אי אַ פעדעראַציע האָט מען אונז אָן ווידערשטאַנד געגעבן, אי אָפּענהיימערס קאָלאָניזאַציאָנס-פּלאַן, וועלכן די עסטרייכישע און אַמעריקאַנישע פּוע"צ האָבן געפאָדערט, האָט מען אויך אָנערקענט אין פּרינציפּ. כּדי צו פאַרבעסערן אייער טאַקטיק, דאַרפט איר אַליין בעסער פאַרשטיין, וואָס און ווי איר האָט צו טוּן. אָבער נישט אַרויסגיין פון קאָנגרעס. דאָס איז אַ סימן פון שוואַכקייט. שטענדיגער וויל נאָכטאַנצן נאָכן בונד. דער בונד האַלט פאַר מעגלעך צו גיין אין עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס, איז דעריבער יענער קאָנגרעס כּשר; דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אָבער מיט אַמאָל געוואָרן טריף. איך בין מסכּים, אַז אייער אַמאָליקע מאָטיווירונג פון אייער אָנטייל אין קאָנגרעס איז געווען שוואַך. נאָר צי דען איז איצט שטאַרק די פּאָזיציע פון די, וואָס פאָדערן אַרויסצוגיין פון ציוניסטישן קאָנגרעס?

עס איז שרעקלעך אומלאָגיש: פון דעם ציונ. קאָנגרעס, וועלכער וויל ראַדיקאַל לעזן דאָס יידישע עמיגראַציאָנס-פּראָבלעם, ווילט איר אַרויסגיין, און אין עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס, וואָס קען געבן נאָר שוואַכע פּאַליאַטיוון, ווילט איר אָנטיילנעמען. שטעלט זיך איצט פאָר, אַז דער עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס הייבט ביסלעכווייז אָן צו ענדערן זיין טאַקטיק, און ווערט אַלץ ראַדיקאַלער — דאַן, אַז ער וועט שוין קומען, און נישט אָן אייער הילף, (ווייל איר וועט דאָך געוויס אַגיטירן פאַר טעריטאָריאַליסטישער טאַקטיק) צום טעריטאָריאַליזם, דאַן מוזט איר אים, לאָגיש גערעדט, גלייך פאַרלאָזן. איר וועט פּליכט איינווענדן, אַז אין עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס קענט איר אָנפירן אַ ריינע קלאַסן-טאַקטיק? אָבער דאָסזעלבע איז נאָך מער מעגלעך אין ציוניסטישן קאָנגרעס.

באַ די רוסל. פּוע"צ איז נישט די טעאָריע וועגן קאָנגרעס פאַלש, נאָר די גאַנצע טעאָריע, די גאַנצע עקסט-מאַרקסיסטישע באַגרינדונג פונם ציוניזם, די אַלע לעבערלעבכע געדאַנקען וועגן קלאַסן-קאַמף אַלס וועג צום טעריטאָריאַליזם און וועגן סטיכישן פּראָצעס און אַז דער ציוניזם איז פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט כּלומרשט אַ פּאָליטישע אויפגאַבע, נישט קיין עקאָנאָמישע א. ד. גל. פאַר אונז, עסטרייכישע פּוע"צ, איז קלאָר, אַז מיר קענען זיך נישט פאַרלאָזן אויף דעם גאַנג פון דער געשיכטע, וועלכער זאָל פאַר אונז און אָן אונז אַרבעטן. מיר ווייסן, אַז אָן דער ענערגישער אַריינמישונג פון דעם אָרגאַניזירטן געזעלשאַפטלעכן רצון וועט זיך דער ציוניזם פון זיך אַליין „סטיכיש" נישט פאַרווירקלעכן. אויב מיר בלייבן אָבער אויסער דעם קאָנגרעס — די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרווירקלעכט דעם ציוניזם דורך אירע איינריכטונגען — וועלן מיר גאָרנישט אויפטוּן פאַרן ציוניזם. שטענדיקער וויל אייגנטלעך נישט מער און נישט ווייניקער, איר זאָלט זיך אָפּזאָגן פון ציוניזם. — דער רעדנער ווייזט אָן אויף אָפּענהיימערס קאָלאָניזאַציאָנס-פּלאַן און מיינט, אַז כּדי אים דורכצופירן אין לעבן, מוזן מיר בלייבן אין קאָנגרעס.

## VIII=טע זיצונג

(המשך פון דער דיסקוסיע איבער דעם ציונ. קאָנגרעס)

**יצחק ט.:**

די פראַגע וועגן אָנטייל אין קאָנגרעס וואָלט איך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער פראַגע וועגן פאַרייניקונג מיט אַנדערע סאָצ. פאַרטייען. עס איז מעגלעך גאָר אַנדערש, ווי ח׳ שטענדיגער, צו דערקלערן פּסיכאָלאָגיש דעם פאַקט, פאַרוואָס, אַז מען האָט אָנגענומען די טעאָריע פון „אונזער־פּלאַטפאָרם" און קיין אַרבעט אין פּאַלעסטינע איז פאַר אונז נישט געווען, האָבן מיר יאָ אָנטייל גענומען אין קאָנגרעס, און איצט, ווען אַרבעט אין פּאַלעסטינע איז פאַראַן, ווילן מיר אַרויס פון קאָנגרעס; פאַרוואָס האָט מען דעמאָלט, לויט ח׳ שטענדיגערס און ד״ר סירקינס אויסדרוק, געבויט „אומרעלעכע טעאָריען" און איצט וויל מען זיי אָפּשאַפן. ח׳ שט. האָט דאָ נאָר אויפגעשטעלט אַ נייעם אַרט „אומרעלעכע טעאָריע". ביידע אומרעלעכע טעאָריען ווערן דאַן געשאַפן, ווען עס פילט זיך נישט מער קיין קאָנטאַקט מיט די אינטערעסן פון די מאַסן, מיט זייערע שטרעבונגען און לעבן. ווען מיר האָבן געלעבט און געקעמפט צוזאַמען מיט די מאַסן, זענען מיר געגאַנגען אין קאָנגרעס, ווייל די מאַסן האָבן דאָס געוואָלט, און דאַן האָבן אונזערע אַרגומענטן פאַרן אָנטייל פאַר קיינעם פון אונז נישט אויסגעזען אומרעלעך.

איך בין שטענדיק אַרויסגעטרעטן קעגן דעם „פּראָגנאָסטישן" פּאַלעסטיניזם פון „אונזער פּלאַטפאָרם" און דער פוילישער פאַרבאַנד האָט איבערהויפּט נישט געטיילט ח׳ שטענד. טעאָריען; וועגן דעם זענען פאָרגעקומען רייבונגען צווישן דעם „פּראָגנאָסטישן" צ. ק. מיטן פוילישן פאַרבאַנד אי גלייך נאָך דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָר, אי אויפן קראָקעווער פאַרטיי־טאָג. מיר אין פוילן האָבן שטענדיק געפונען פאַר נישט קאָנסעקווענט די אַרגומענטן, מיט וועלכע די חברים פון דרום האָבן באַגרינדעט אונזער אָנטייל אין קאָנגרעס. פון זייער ריין פאַטאַליסטישן שטאַנדפּונקט, אַז די עמיגראַציע נאָך פּאַלעסטינע איז אַ סטיכישער פּראָצעס, וועלכער וועט סיי ווי סיי פון זיך אַליין פאָרקומען, זענען די טעריטאָריאַליסטישע אַרבעטער־מאַסן איבערהויפּט פאַראורטיילט געווען צו אומטעטיקייט. רופן די אַרבעטער צו ענערגישן אָנטייל אין דער ציוניסטישער, ריין עקאָנאָמישער אַרבעט, צו דער קאָנטראָל איבער דער טעטיקייט פון ציונ. קאָנגרעס, בשעת די טעאָריע האָט באַהויפּטעט, אַז דער ציוניזם איז פאַר אונז, אַרבעטער, נישט קיין עקאָנאָמישע, נאָר אַ ריין פּאָליטישע אויפגאַבע — דאָס איז געווען אַן אָפענער ווידערשפּרוך. איר האָט טאַטזאַכלעך געלייקנט יעדע באַוואוסטזיניקע ראָלע פונם פּראָלעטאַריאַט אינעם סטיכישן פּראָצעס. אויב מיר זענען, לויט אייער מיינונג, אַ ריין פּאָליטישע פאַרטיי, טאָרן מיר אויך קיין אָנטייל נישט נעמען אין אַן עמיגראַציאָנס־

קאָנגרעס; און דאָ ליגט ווידער דער גרונט־ווידערשפּרוך פון דער „פּראַגמאַטישער“ טעאָריע.

איך בין גאָרנישט מסכים מיט די עסטרייכישע חברים, וואָס זיי לייגן אַזוי פיל געוויכט אויף אָפּנהיימערס קאָלאָנ.־פּלאַן. דאָס איז דאָך נאָר אַ פראַגע פון קאָלאָניזאַציאָנס־צוועקמעסיקייט; עס איז דאָך אויך מעגלעך, דאָס מער ראַציאָנאַל וועט גאָר זיין אַ גענאָסנשאַפטלעכע קאָלאָניזאַצ.־מעטאָדע אויפן קאַפּיטאַליסטישן שטייגער. אָבער די עסטרייכישע חברים, צי גוט, צי שלעכט, ווייסן אַלנפאַלס, וואָס זיי האָבן צו טון אויפן קאָנגרעס. דעריבער צווייפלען זיי טאַקע נישט וועגן דעם אָנטייל. מיר האָבן אָבער נישט געוווּסט, וואָס צו טון אויפן קאָנגרעס. אין דער אמתן איז אָבער דאָ פיל באַריר ונגס־פּונקטן צווישן די פּראָלעטאַריער מיט דער בורזשואַזיע, מיטן ברייטן קליינבירגערלעכן המון, אין דער ספּערע פון ציוניסטישער אַרבעט. זאָלן זיך דאָ די „פּראַגמאַטיקער“ אַרויסדרייען, ווי זיי ווען נאָר קענען, — אַ פאַקט בלייבט דאָס, אַז פון איין זייט קען אַן אַרבעטער־פּאַרטיי נאָר אָנפירן מיטן קלאַסן־קאַמף, און פון דער צווייטער זייט זענען אָפט אַרבעטער פּאַרינטערעסירט דערין, אין וואָס אויך אַ טייל פון אַנדערע קלאַסן. מיר האָבן דערפאַר אויך גוט געוווּסט דאָס, וואָס מיר זאָלן נישט טון אויפן קאָנגרעס, און טאַקע גאָרנישט לאָגיש געסטאַרעט זיך פאַרוואַנדלען אים אין אַ צוזאַמענזעצונג פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַטאָריש־אָפּגעגרענעצטע פּאַרטייען. אַן אָרגאַניזאַציע פון קעגנערישע אָרגאַניזאַציעס — דאָס איז ווידער געווען אַ ווידערשפּרוכפולער געדאַנק, מיט וועלכן די פּראַגמאַטיקער האָבן אויפגעפּאַסט דעם קאָנגרעס.

מען האָט געזאָגט: אָנטייל נעמען אין קאָנגרעס, אָבער נישט אין זיינע אויספירונגס־איינריכטונגען. וואָס קען זיין לעכערלעכער פון אַזאַ געדאַנק? ווען מיר וועלן איצט, לויט אונזער באַשלוס אָנטייל נעמען אין עמיגראַצ.־קאָנגרעס, אָבער נישט אויף קאַטאָוועס, נאָר מיטן פולן ערנסט, מוזן מיר דאָך אויך אַריינגיין אין יענע איינריכטונגען, וועלכע דער עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס וועט שאַפן. פון די אַלע ווידערשפּרוכן איז נאָר איין אויסגאַנג: אַלס ציוניסטן, וואָס פאַרשטייען די נויטיקייט פון פּלאַנמעסיקער, קאָלאָניזירנדער אַרבעט אין פּאַלעסטינע, מוזן מיר אַריינגיין אין ציוניסטישן קאָנגרעס, און גלייכצייטיק אַלס סאָציאַל־דעמאָקראַטן פאַרייניקן זיך אין איין פּאַרטיי פונם גאַנצן יידישן פּראָלעטאַריאַט. מיר דאַרפן נישט עקזיסטירן אַלס באַזונדערע פּאַרטיי, נישט אין ציוניזם און נישט אין סאָציאַליזם. אי אין ציוניסטישן קאָנגרעס, אי אין בּוּנד דאַרפן מיר אויפטרעטן אַלס איינצעלנע פּערזאָנען: אין ציוניזם פירן אַ דעמאָקראַטישע פּראָפּאַגאַנדע און אין בּוּנד — אַ טעריטאָריאַליסטישע.

מיר האָבן קיינמאָל נישט געשטרעבט צו פאַרוואַנדלען דעם ציוניזם אין אַ פאָלקס־באַוועגונג, זיינע איינריכטונגען אין אַ פאָלקס־אָרגאַניזאַציע, ווו עס זאָלן זיין פאַרטרעטן אַלע שיכטן, פּאַרטייען און שטרעמונגען אינעם יידישן פאָלק; דאָס איז אָבער אונזער אויפגאַבע בנוגע דעם קאָנגרעס. אויך די ס. ס. דאַרפן פאַרבלייבן אין י.ט.א., און גלייכצייטיק צוזאַמען מיט אונז פאַרייניקן זיך מיטן בּוּנד. ווען די פינסקער ס. ס. האָבן

דאָ צו אונזער קאָנפערענץ אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז פּועלי-ציון זאָלן אָנטיילנעמען אין ציונ. קאָנגרעס און פון דאָרט נישט אַרויסטרעטן, ווייל מיר קענען דאָרט טון אַ וויכטיקע אַרבעט פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן זיי נאָר אין אַ נאַיווער פאָרם אויסגעדריקט אַ טיפן אמת, פון וועלכן איך האַלט און וועלכן עס מיינט אויך ח' שלום אין זיין פאָרטראַג (וועגן פאַריייניקונגס-פּראַגע).

ח' שלום איז גערעכט — נ אָ ר אין פּאַלעסטינע זענען מיר, ציוניסטישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַ גאַנץ זעלבשטענדיקע פּאַרטיי; דאָ, אין די גלות-לענדער, האָט אונזער פּאַרטיי-עקזיסטענץ קיין שום גרונט. דאָס, וואָס ח' שלום פאָדערט, איז גאָרנישט ליקווידאַציע; פאַרקערט, דאָס איז דער איינציקער וועג ווירקלעך צו טון דאָס, וואָס מיר שטרעבן אַלס ציוניסטן און אַלס סאָציאַל-דעמאָקראַטן. צונויפגיין זיך מיטן בונד, מיטן גאַנצן יידישן פּראָלעטאַריאַט אין איין פּאַרטיי — דאָס זאָל הייסן ליקווידאַציע?! ליקווידירן אונזער ציוניסטישע טעטיקייט — דאָס פאָדערט ח' שטענדיגער; ער, נעמלעך, וויל, מיר זאָלן זיך ליקווידירן אַלס פּועלי-ציון.

איך קאָן מיך נישט אָפּהאַלטן פון פּראָטעסט, ווען איך הער, ווי ח' שט. לויבט די האַלטונג פון ס. ס. אויפן 7-טן קאָנגרעס; די ס. ס. האָבן דאָרט אָנגעפירט אַ גלות-פּאָליטיק, זיי האָבן דאָרט צעזייט און צעשפּרייט אונז איבער טעריטאָריעס, זיי האָבן געטריבן אַנטי-נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, זיי האָבן דעם טעריטאָריאַליזם אָפּגעריסן פון די מאַסן. זיי האָבן געשטרעבט אויסצוואָרצלען דעם פּאַלעסטינע-געדאַנק, דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט פון ציוניזם, בשעת מיר האָבן אויפן זעלבן קאָנגרעס פאַרטרעטן דעם מאַסן-שטאַנדפּונקט. איצט אָבער איז געפאַלן די שטימונג פון די מאַסן, זייער דראַנג צו טעטיקייט, צו אַקטיוון איינפלוס אויף די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, און איר ווילט זיך אונטערגעבן דערדאָזיקער מאָמענט-שטימונג. איר זענט שטענדיק געווען מאָמענטאַליסטן און דערפאַר, נאָר דערפאַר זענט איר איצט קעגן קאָנגרעס.

י ו ל י ו ס (בענדין):

אייגנטלעך קען איך נישט באַגרייפן, צי איז דער ח' יצחק ט. פאַר אָדער קעגן דעם אָנטייל אין קאָנגרעס. די לעצטע צייט דערנענטערן זיך די ס. ס. אַלץ מער מיט ג. ט. א., און איך וואָלט גערעכנט, אַז עס זענען דאָ אָביעקטיווע באַדינגונגען אויף אונזער דערנענטערונג מיט דעם ציוניזם. ווייל איצט קומט פאָר אַ טיפער נאַציאָנאַליזירונגס-פּראָצעס אויף דער יידישער גאַס. מיר זענען דאָך נישט נאָר סאָציאַליסטן, נישט נאָר מיר פירן אָן אַ קלאַסן-קאַמף, נאָר מיר זענען אויך י י ד י ש ע סאָציאַליסטן, מיר לעבן אין די ספּעציפישע באַדינגונגען פונם יידישן פאָלק. מיר זענען טעריטאָריאַליסטן: וואָס אָבער טוען מיר, וואָס אונטערנעמען מיר פאַרן טעריטאָריאַליזם? אין וואָס באַשטייט אונזער רעאַלע אַרבעט פאַר און אין פּאַלעסטינע? דער קאָנגרעס איז גאָר נישט קיין קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונג: פאַרקערט, ער איז די וויכטיקסטע, זאָגאַר די איינציקע פאָלקס-אָרגאַניזאַציע אינעם יידנטום. אַלס אַרבעטער זענען מיר סאָציאַליסטן, אַלס יידן — ציוניסטן; אַנדערש, אויב מיר זאָגן זיך אָפּ פונם איינציקן

ציוניסטישן טעטיקייטס־געביט, וועלכן מיר האָבן אין דער געשטאַלט פֿון קאָנגרעס, צוואָס איז אונזער זעלבשטענדיקע פּאַרטיי־עקזיסטענץ? צוליב אַרויסגעבן יידישע פּראָקלאַמאַציעס איז גענוג דער בונד. נאָר ווייל מיר שעמען זיך צו אַרבעטן צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע, ווייל מיר שעמען זיך פֿאַרן בונד, פֿאַר די גדולי־ישראל, ווילן מיר איצט אַרויסטרעטן פֿון ציוניסטישן קאָנגרעס; און גלייכצייטיק שעמען מיר זיך נישט אָנטיילצונעמען אין עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס נאָר דערפֿאַר, ווייל דער בונד איז אויך געצייגט אַהין אַריינצוגיין.

אידאַ:

איך מוז ענערגיש פּראָטעסטירן קעגן די לעצטע ווערטער פֿון ח' יוליוס. קיין פּאָליטישע פּאַרטיי האַנדלט נישט מיט אַזעלכע געפֿילן, אין וועלכע ער איז אונז חושד. ווען מיר האָבן געפֿונען פֿאַר צוועקמעסיק אונזער אָנטייל אין קאָנגרעס, זענען מיר אַהין געגאַנגען. מיט אַזאַ מין חשד דערנידעריקט דער חבר זיך אַליין אין זיינע אויגן. איצט איז גאָר נישטאָ, פֿאַר וועמען אונז צו שעמען; דער בונד איז שוין גאָר נישט קיין גדול בישראל, דער ציוניזם איז איצט פֿיל שטאַרקער אין דער יידישער ווירקלעכקייט. די מיינונגען פֿון בונד זענען איבערהויפּט קיינמאָל נישט געווען טיף גענוג, מיר זאָלן פֿאַר זיי אָפּשיי האָבן; ס'איז דאָ אַ גרויסער חילוק צווישן ציוניסטישן און עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס. דער אָנטייל אין דעם צווייטן איז אַ ריין פּראַקטישער באַשלוס, און וועגן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס איז אַ פּרינציפּיעלע פֿראַגע. דער קאָנגרעס איז אַ ריין באַלעבאַטישע איינריכטונג, טאָ וואָס האָבן מיר געמיינזאַמעס מיט איר? גאָרנישט! מען זאָגט, דער קאָנגרעס איז אַ יידישער פּאַרלאַמענט. זאָל ער זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ פּאַרלאַמענט, אין אַן אָפֿענער טריבונע פֿאַרן גאַנצן יידישן פֿאָלק, וועלן מיר זיך צו אים אומקערן.

שלמה ק.:

אויב אַפֿילו דער קראָקעווער באַשלוס וואָלט זיין אַ קאָמפּראָמיס צווישן קאָנגרעסיסטן און אַנטיקאָנגרעסיסטן, דאָך באַווייזט ער, אַז די מערהייט פֿון קראָקעווער פּאַרטיי־טאָג איז געווען פֿאַר אָנטיילנעמען אין קאָנגרעס. דעריבער האָט די איצטיקע קאָנפֿערענץ נישט קיין רעכט צו באַשליסן אַנדערש. — אויב איר גייט אַרויס פֿון קאָנגרעס, וועלן מיר אייך, נאַטירלעך, דערפֿאַר נישט אויסשליסן פֿונם וועלט־פֿאַרבאַנד. אָבער איר שליסט זיך אַליין אויס מאָראַליש. מיט אייער רעזאָלוציע גיט איר אַ געווער אין די הענט פֿון אונזערע פֿיינט; אַז מיר וועלן פֿאַרלאַנגען דעם צוטריט צום סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל, וועט דער בונד קענען זאָגן: זעט איר, אַפֿילו די רוסישע פּוע"צ., זייערע אייגענע חברים געפֿינען, אַז דער אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס ווידערשפּרעכט די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. אייער רעזאָלוציע שוואַכט אָפּ אונזער פּאָזיציע בנוגע דער אויסערלעכער סאָציאַליסטישער וועלט.

פֿאַר אונז, עסטרייכישע פּוע"צ, איז דער אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס נישט קיין פּרינציפּיעלע, נאָר אַ ריין־פּראַקטישע צוועקמעסיקייטס־פֿראַגע: צי קענען מיר אויפֿן

קאָנגרעס פּאַרטיידיקן די קלאַסן־אינטערעסן פון די יידישע פּראָלעטאַריער ? און מיר געפינען, אז יאָ. די יידישע גרויס־בורזשואַזיע איז גאַרבישט פּאַרינטערעסירט אין ציוניזם און באַטייליקט זיך אין אים כמעט נישט. דאָ גייען אַריין נאָר די יידישע פּאָלקס־מאַסן, די קליין־בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט ; אַלזאָ איז אַ טעות, ווען מען זאָגט, דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אַ בירגערלעכע איינריכטונג. אין ציוניסטישן קאָנגרעס קען מען, נאַטירלעך, נישט פירן קיין קלאַסן־קאַמף אין פּשוטן זין פון וואָרט; אָבער צום באַגריף קלאַסן־קאַמף געהערט דאָס אַלעס, וואָס באַדייטעט די פּאַרטיידיקונג פון די קלאַסן־אינטערעסן, און אין דעם זין האָט אין ציוג. קאָנגרעס אַ קלאַסן־קאַמף פיל מער פּלאַץ, ווי אַן ערך אין אַן עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס. דער בעסטער באַווייז דערפאַר איז דער לעצטער אויפרוף פון די פּאַלעסטינער חברים, ווי זיי פאַרלאַנגען, די פּוע"צ פון חוץ־לארץ זאָלן זיך באַטייליקן אין קאָנגרעס און ענערגיש ווירקן אויף אים, כדי צו באַקעמפן די ביז־אַהעריקע קאָלאָניזאַציאָנס־פּאָליטיק פון דער ציוניסטישער און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס אין פּאַלעסטינע. דידאָזיקע פּאָליטיק פירט צו דער עקס־פּראָפּריאירונג פון די פעלאַכן, שאַפט אַ נאַציאָנאַלן און קלאַסן־קעגנזאַץ צווישן דער יידישער און אַראַבישער באַפעלקערונג און דורך דעם אַלעם שאַדט זי דירעקט די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אומדעמאָקראַטישער פאַרוואַלטונג איבערן נאַציאָנאַל־פאָנד און דעם מאַנגל אין קאָנטראָל איבער זיינע געל־טער, שטעלט דאָס אַלץ פאַר אַ געפאַר פאַר דער גאַנצער צוקונפט פונם יידישן פאָלק. די פּאַלעסטינער חברים פילן אוממיטלבאַר אויף זיך די ווירקונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און דעריבער באַטייליקן זיי זיך אין קאָנגרעס. זייער מיינונג איז דאָ די מאַסגעבנדסטע, ווייל זיי ווייסן בעסער, ווי מיר דאָ, וואָס עס טוט זיך אין לאַנד ; און אויב די פּאַלעסטינער חברים געפינען פאַר שעדלעך דאָס אַרויסטרעטן פון קאָנגרעס, הייסט דאָס, אַז מיר האָבן דאָרט יאָ וואָס צו טון.

**יוסף** (דרום־מערב) :

עס דערוועקן זיך דאָ, אייגנטלעך, צוויי פאָרמעלע פראַגן, וועלכע מיר דאַרפן באַזונדער באַטראַכטן און אָפּשטימען : 1) צי האָט די קאָנפערענץ דאָס רעכט צו אַנט־שיידן די פראַגע וועגן ציוניזם און קאָנגרעס ? 2) אויב יאָ, צי זענען די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ אָבליגאַטאָריש פאַר די חברים, און אין וועלכער פאָרם אָבליגאַטאָ־ריש ?

**יצחק ־ ט.**

אונטערשטיצט די פראַגע־שטעלונג. ס'איז קלאָר, די מערהייט איז קעגן קאָנגרעס. מיט דעם אַנטשפּרעכנדן באַשלוס וועט איר זיך צווינגען שרייטן ווייטער, און גלייך ווי דער בונד אין 1901, וועט איר מוזן אויסשליסן אַלע ציוניסטיש־דענקענדע פון דער פּאַרטיי, אַלע די, וועלכע וועלן וועלן אָנטיילנעמען אין ציוניסטישן קאָנגרעס. ד. ה. איר וועט מוזן אויסשליסן פון דער פּאַרטיי די אַלע, וועלכע זענען טריי געבליבן דעם ציוניזם, דעם פּועלי־ציוניזם.

שמשון:

אויב אונזער קאָנפערענץ האָט געהאַט דאָס רעכט אויסצווויילן אַ נייעם צ. ק. און געבן אים טאַקטישע דירעקטיוון, הייסט דאָס שוין ממילא, אַז מיר האָבן דאָ דאָז רעכט און די פליכט צו אַנטשיידן די טאַקטישע פראַגן, וועלכע זענען שייך דער ווייטערדיקער טעטיקייט פון דער פאַרטיי. דער אָנטייל אין קאָנגרעס איז דאָך נישט קיין פראָגראַם-פראַגע, נאָר אַ טאַקטישע; זי איז טאַקע פרינציפּיעל, ד. ה. זי רירט אָן דירעקט די פרינציפּן פון אונזער טאַקטיק, אָבער דאָך איז דאָס נישט קיין פראָגראַם-פראַגע. דערצו איז דאָס גאָרנישט קיין נייע פראַגע, זי שטייט שוין עטלעכע יאָר אויף אונזער טאָג-אָרדנונג און איז שוין פיל דיסקוטירט געוואָרן צווישן די חברים. אונזער פּראָגראַם איז נישט דואַליסטיש, ווי עס שטעלט זיך פאָר ח' יוליוס: ציוניזם און סאָציאַליזם; ס'איז איין פּראָגראַם: **דער יידישער סאָציאַליזם**. גאָרנישט דער אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס האָט אונז אָפּגעשיידט פון אַנדערע פאַרטייען; אינגאַנצן דאָס נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פּראָגראַם פון בונד איז אין גרונט פאַרשידן פון אונזער פּראָגראַם. ציוניזם און ציוניסטישער קאָנגרעס זענען לחלוטין נישט איינס און דאָס זעלבע; ח' יוליוס און יצחק ט. מישן צונויף די ביידע גרונט-פאַרשידענע זאַכן. מען זאָגט, מיר האָבן מורא דערפאַר, מה יאמרו הגוים באינטערנציאָנאַל הסוציאַליסטי, און דעריבער ווילן מיר אַרויסגיין פון קאָנגרעס. אָבער איר זעט, מיר האָבן נישט מורא גלייכצייטיק אַרויסצושטעלן די פאָדערונג פון אַ באַזונדערער יידישער סעקציע אין אינטערנאַציאָנאַל, וואָס וועט פאַר די סאָציאַליסטן געוויס זיין אַ סך ווייניקער אָננעמבאַר, איידער אונזער אָנטייל אין ציונ. קאָנגרעס.

פאַרוואָס בין איך מסכים אָנטיילצונעמען אין עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס, און אין ציונ. קאָנגרעס — נישט? דער אונטערשיד באַשטייט אָט אין וואָס: דער עמיגראַציאָנס-קאָנגרעס וועט זיין אַ צוזאַמענפאָר פון **פאַרשידענע** פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס אין זייערע פּראָגראַמען און באַשטרעבונגען איז נישטאָ גאָרנישט געמיינזאַמעס; דאָרט קענען זיך צונויפקומען אַסימילאַנטן און ציוניסטן, טעריטאָריאַליסטן און גלות-אָנהענגער, סאָציאַליסטן און בורזשויען. (שלמה: אָבער דער עמיגר.קאָנגרעס וועט דאָך שאַפן אַן איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע!) ניין, דאָס וועט זיין און פאַרבלייבן אַ קאָנגלאָמעראַט פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס. דער ציוניזם איז אָבער אַן איינהייטלעכע פאַרטיי, און זיין קאָנגרעס איז אַ פאַרטיי-איינריכטונג. ווען דער ציוניזם וואָלט אויך זיין אַ קאָנגלאָמעראַט, אַ קאָאַליציע פון פאַרשידענע פאַרטייען, וואָלט מען קענען פון ריין פראַקטישן שטאַנדפונקט באַטראַכטן די פראַגע — פיליכט איז אויך פאַר אונזער פאַרטיי צוועקמעסיק אָנטייל צו נעמען אין דער קאָאַליציע פון פאַרשידענע פאַרטייען.

עס איז אומלאָגיש אַריינגיין אין די געזעצגעבנדע איינריכטונגען פון בירגערלעכן ציוניזם און קאָנגרעס, און גלייכצייטיק זיך אָפּזאָגן אָנטיילצונעמען אין זיינע אויספירונגס-אָרגאַנען. גייען מיר שוין אַריין אין קאָנגרעס, ווערן מיר דורכדעם איינפאַכע מיט-

גלידער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיר זענען דאַן מאָראַליש פאַרפליכטעט אונז אונטערצוגעבן אַלע באַשלוסן פון קאָנגרעס, נעמען אויף זיך פולקאָם זיין פאַרטיי־דיסציפּלין, איינגאַנצן פאַרלירן אונזער אייגענעם קלאַסן־פּרצוף. און עס איז ווידער געווען אומקאָנסעקווענט פון אונזער זייט, ווען, אַרייגגייענדיק אין קאָנגרעס, האָבן מיר דאָך שטענדיק געפאָלגט אין פיאַטע זייגע דירעקטיוון, איינגאַנצן איגנאָרירט דעם שקל, דאָס באַציאָנאַל־פאָנד, דאָס אַקציאָנס־קאָמיטע, און צווישן די קאָנגרעסן אונז גאָרנישט געקימערט, וואָס עס טוט זיך אינם בירגערלעכן ציוניזם.

עס זענען פאַראַן פאַרשידענע סאָציאַלע באַפרייונגס־באַוועגונגען. דער ציוניזם טאָר נישט אידענטיפיצירט ווערן מיט דעם יידישן פאָלק, ער איז נישט מער ווי איינע פון די פּאַרטייען, וואָס זענען דאָ אינם פאָלק. מיר האָבן טאַקע קיינמאָל נישט געוווּסט, וואָס מיר האָבן צו טון אין קאָנגרעס, אין דאָך געגאַנגען אַהין; דאָס איז געווען אַ פעלער, אַן אומקאָנסעקווענץ. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז מיר זענען מחויב פאַרצווזעצן אונזער פעלער. מיר האָבן תמיד דערוואַרט פונם קאָנגרעס, ער זאָל אונז אָנצייכענען די פּרטים פון דער פּאַלעסטינע־אַרבעט, און דאָס איז געווען דער פּסיכאָלאָגישער מאָטיוו פון אונזער גיין, און נישט דער קאָנטאַקט מיט די מאַסן, אַלס אַזעלכער, האָט אונז געטריבן אין קאָנגרעס. איצט אָבער ווייסן מיר קלאָר, וואָס מיר האָבן צו טון אין פּאַלעסטינע. — בלייבט שוין אפילו קיין פּסיכאָלאָגישער גרונד נישט פאַרן קאָנגרעס. די אַמעריקאַנישע און עסטרייכישע חברים זענען גאַנץ קאָנסעקווענט און ערלעך, ווען זיי גייען אין קאָנגרעס, ווייל זיי שטרעבן דאָרט דורכצופירן זייערע פאָדערונגען פון אָפּנהיימערס קאָלאָניזאַציע. מיר אָבער טיילן נישט זייערע אָנשויונגען. אונזער אַרויסטרעטן פון קאָנגרעס קען אין גאָרנישט שאָדן דער איינקייט פון אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד פּועלי־ציון, ווייל דער פאַרבאַנד עקזיסטירט נישט צוליבן געמיינזאַמען איינפלוס אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס, נאָר צוליב געמיינשאַפטלעכער אַרבעט אין פּאַלעסטינע. — ווען אָבער איינצעלנע חברים פון אונז ווילן אַלס פּריוואַטע פערזאָנען אַריינגיין אין קאָנגרעס, נעמען שקלים א. ד. גל., טאָרן מיר זיי דערין נישט שטערן, ווייל יעדער חבר האָט דאָס פולע רעכט נישט צו טיילן די אָנשויונגען פון קאָנפערענץ אויף דער אָדער יענער טאַקטישער פראַגע, און ווערט נאָך נישט דערמיט אויס חבר

ו ס ף (דרום־מערב):

פאָרמעל האָט די קאָנפערענץ נישט דאָס רעכט אָפּצושאַפן אַ באַשלוס פון פאַרטיי־טאָג, נאָר מיר מוזן זיך רעכענען מיט די באַדינגונגען פון דער צייט. ווען מיר וואָלטן האָפן איינגיכן צונויפרופן אַ פאַרטיי־טאָג, וואָלטן מיר דאַרפן אָפּוואַרטן מיט דער פראַגע. אונזער אָנטייל אין קאָנגרעס האָט אונז שוין גענוג שאָדן געבראַכט, בשעת פונם שטאַנדפּונקט פון אַ באַזונדערער פּאָליטישער פאַרטיי האָבן מיר גאָרנישט, צוליב וואָס מיר זאָלן גיין אַהין. אונזער באַשלוס דאַרף האָבן אַן אימפּעראַטיווע קראַפט; נישט נאָר אָפיציעל, אַלס פאַרטיי, נאָר אויך אַלס פּריוואַטע פערזאָנען זאָלן אונזערע

חברים נישט נעמען קיין אָנטייל אין די ציוניסטישע איינריכטונגען. די קאָנפערענץ דאַרף פאַרווערן די חברים צו קויפן אָדער פאַרשפרייטן שקלים.

שטענדיגער:

וואָס אָנבאַלאַנגט דער קאָמפעטענץ פון אונזער קאָנפערענץ, איז 1) דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר און דער קראָקעווער פאַרטיי־טאָג האָבן באַשטימט, אַז עקסטראַ צוזאַמענפאָרן טאָרן נישט אַנטשיידן קיין פראָגראַמאַטישע פראַגן; מיר שטייען אָבער פאַר אַ טאַקטישער פראַגע, און באַ דער איצטיקער לאַגע אין רוסלאַנד קענען מיר פריי באַטראַכטן אונזער קאָנפערענץ אַלס אַן עקסטראַ־צוזאַמענפאָר. 2) דער קראָקעווער פאַרטיי־טאָג האָט בשום אופן נישט באַשלאָסן, מיר זאָלן אויף אייביק אַריין אין קאָנגרעס. זיין באַשלוס באַציט זיך נאָר אויפן VIII־קאָנגרעס. עס איז קלאָר באַשטימט, אַז מיר זאָלן גיין אין VIII־טן קאָנגרעס. אַלזאָ, אָבוואָל די מערהייט פון קראָקעווער פאַרטיי־טאָג האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַרן קאָנגרעס, דאָך באַווייזט אַליין די פאָרם פון באַשלוס, אַז דיזעלבע מערהייט האָט נישט געהאַט קיין מוט צו אַנטשיידן די פראַגע ענדגילטיק און האָט דערמיט אָנערקענט די מעגלעכקייט פון אונזער שפעטערדיקן אַרויסטריט פון קאָנגרעס; ד. ה. אונזער באַשלוס וועט בשום אופן נישט ווידערשפרעכן דער קראָקעווער רעזאָלוציע; 3) צוליב דער וויכטיקייט פון דער פראַגע וואָלט טאַקע בייטיק געווען אָפּצוואַרטן ביז אַ פאַרטיי־טאָג, ווו די פאַרטיי וועט זיין ברייטער און ריכטיקער פאַרטרעטן. אָבער באַ אונז אין רוסלאַנד איז דאָך נישט ווי אין עסטרייך, ווו מען קען רויק אָפּהיטן די יורידישע פאָרמאַליטעטן און געלאַסן אָפּוואַרטן ביז אַ רעכטמעסיקער לעזונג. באַ אונז איז אַ מלחמה, און בשעת מלחמה גילטן מלחמה־מנהגים. דאָ גילטן נישט קיין פאָרמאַליטעטן — מיר זענען נישט דער בונד, און וועלן נישט אויסשליסן די חברים, וועלכע ווילן ווייטער נעמען שקלים א. ד. גל. זיי טוען דאָך נאָר ווייטער דאָסזעלבע, וואָס מיר האָבן אַלע ביז אַהער געטון.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אונטערשיד צווישן ציוניסטישן און עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס, זענען איינגאַנצן אַנטשיידנד די אויספירונגען פון ה' שמשון, וועלכע איך וואָלט וועלן נאָר אַנדערש פאָרמולירן. מען דאַרף פונאַנדערשיידן אַזוינע אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטרעבן צו באַפרידיקן די פליסנדע, מאָמענטאַלע באַדערפענישן פון ברייטע מאַסן, און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שטרעבן צו ווייטע היסטאָרישע צוועקן און אידעאַלן: ד. ה. צייטווייליקע און היסטאָרישע פאַרייניקונגען, אָדער אַנדערש, אינטערעסן־ און אידעען־פאַרבאַנד. צו די ערשטע געהערן די פאַרשידנאַרטיקסטע צוזאַמענקונפטן, ווי דער פאַרלאַמענט פון איין זייט, פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, קאָאָפעראַטיוון, אויך פאַרשידענע קאָנגרעסן, ווי וועגן אַרבעטער־שוץ, אַלקאָהאָליזם, דערציונג א. ד. גל. אַהער געהערט אויך דער עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס; ער דינט נאָר אַלטעגלעכע באַדערפענישן, שטעלט זיך נישט קיין היסטאָריש־ווייטגייענדע צוועקן, האָט קיין שום פראָגראַם נישט. אין אַזאַ צייטווייליקער אָרגאַניזאַציע איז דאָ אַ טאַגעס־אָרדנונג, אָבער נישט קיין פראָגראַם, באַשלוסן, אָבער נישט קיין מאָראַ־

לישע דיסציפלין. און דעריבער איז אויך נישטאָ קיין פּרינציפּיעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די פּאַרטייען, וואָס נעמען דאָ אָנטייל. אין אַזוינע אָרגאַניזאַציעס איז מעגלעך דער אָנטייל פון פאַרשידנסטע פאַרטייען. און בכלל איז דאָ די פראַגע וועגן אָנטיילנעמען אַ ריין פּראַקטישע, אַ צוועקמעסיקייט־פראַגע. מיר האָבן געפונען פאַר צוועקמעסיק אונזער אַריינגיין אין עמיגראַציאָנס־קאָנגרעס. וועט אָבער ס׳וועט זיך אַרויסווייזן פאַר נישט צוועקמעסיק, וועלן מיר אַהין מיר נישט גיין.

פּרינציפּיעל אַנדערש שטייט די פראַגע וועגן ציוניסטישן קאָנגרעס. דער ציוניזם איז אַ היסטאָרישע באַוועגונג, אַ פּאַרטיי. אַז מיר טרעטן אַהין אַריין, הייסט דאָס, אַז מיר נעמען אָן דאָס באַזעלער־פּראָגראַם, אַז מיר וואַרפן זיך אונטער דער דיסציפּלין פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; זענען פאַר אונז בינדענד די באַשלוסן פון קאָנגרעס, און מיר טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַלע זייערע שריט, ווי אַן ערך פאַר זייערע אונטערטעניקייטס־טעלעגראַמען צום סולטאַן, פאַר דער רייזע פון וואָלפסאָנען צו סטאָליפּינען. דאַן זענען מיר איינע צווישן די פראַקציעס פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי.

אָבער פון דער פּרינציפּיעלער זייט איז אַבסאָלוט נישט דערלאָזבאַר, אַ פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע זאָל פאַרשטעלן גאָר אַ פראַקציע פון אַ נישט־פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי. מיר זענען אַ גאַנץ זעלבשטענדיקע פּאַרטיי, אונזער פּראָגראַם איז דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט פון מארקס און ענגעלס, און נישט די באַזעלער דעקלאַראַציע פון ד״ר הערצל. מיר האָבן גאַנץ זעלבשטענדיקע אינסטיטוטן. דאָס איז אַזוי קלאָר, און דער פּרינציפּיעלער אונטערשיד צווישן ציונ. קאָנגרעס און, אַ שטייגער, דעם עמיגר. קאָנגרעס איז אַזוי דייטלעך, דאָס אַפילו די חברים, וואָס האָבן גערעדט פאַרן אָנטייל אין ציונ. קאָנגרעס, האָבן דאָס געוויסערמאַסן איינגעזען; זיי פילן, אַז אין אַ בירגערלעכער פּאַרטיי־איינריכטונג האָבן מיר נישט קיין שום גרונט צו גיין, און דעריבער טענהן זיי, אַז דער ציוניזם איז גאָרנישט קיין פּאַרטיי.

ה׳ יוליוס זאָגט, דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אַ פאָלקס־טריבונע. אויב אַזוי, פאַרוואָס ווערן אַהין צוגעלאָזט נאָר די, וואָס אָנערקענען דאָס באַזעלער פּראָגראַם? צי דען אָנערקענט אים דאָס גאַנצע יידישע פאָלק? פאַרוואָס האָט מען פון דער „פרייער טריבונע" פאַריאָגט די טעריטאָריאַליסטן? ה׳ יצחק ט. מיינט, אונזער אויפגאַבע איז צו פאַרוואַנדלען דעם קאָנגרעס אין אַ פרייער פאָלקס־אָרגאַניזאַציע; אָבער זיין קאָנסעקווענץ פאַרשטיי איך נישט. — אויב אַזוי, צוליב וואָס זאָלן מיר אַריינטרעטן אין בונד? — לאָמיר בעסער אַריינשלעפּן דעם בונד אין corpore אין קאָנגרעס.

ה׳ שלמה באַטראַכט די פראַגע נישט ווי אַ פּרינציפּיעלע; ער זאָגט, פאַר זיין עסטרייכישער אָרגאַניזאַציע איז דאָס נאָר אַ צוועקמעסיקייט־פראַגע. פון אַזאַ שטאַנדפּונקט איז אָבער גאָרנישט נייטיק אונז אויף שטענדיק צו פאַרבינדן מיט די ציוניסטן. דאָרטן, וואו אונזערע אינטערעסן קרייצן זיך, קענען מיר אַריינגיין מיט די ציוניסטן

אין צייטווייליקע אונטערהאַנדלונגען און קאָאַליציעס. קעגן דעם וואָלט איך גאָר גישט האָבן. איך בין מסכים, אַז אונז איז וויכטיק אויסצואיבן אַן איינפלוס אויף דער טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; אָבער, ווען מיר וועלן זיין שטאַרק און איינפלוסרייך גענוג, קענען מיר דעמזעלבן איינפלוס אויסאיבן פון דרויסן. און אויב מיר זענען שוואַך, איז אויך פון אינעווייניק וועלן מיר גאָר נישט דערגרייכן; מען וועט זיך מיט אונז נישט רעכענען, אָדער נאָר אויך אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָס וועט פאַסן און וועט זיך לוינען פאַר די בירגערלעכע ציוניסטן אַליין.

אַלנפאַלס פרייט מיך, וואָס די עסטרייכער באַטראַכטן שוין די פראַגע פראַקטיש. דאָס איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע אַנטוויקלונג. פון אָנפאַנג איז די פראַגע געווען פּרינציפיעל, נעמלעך פּאָזיטיוו. — ווייל מיר זענען ציוניסטן, מוזן מיר בלי ספק גיין אין קאָנגרעס; שפּעטער ווערט די פראַגע פּראַקטיש, און דאָ איז שוין מעגלעך אַ נעגאַטיווע תשובה. דידאָזיקע אַנטוויקלונג האָבן מיר אַדורכגעמאַכט אויך אין רוסלאַנד — און איצט קומען מיר צו אַ פּרינציפּיעלער פאַרניינענדער פראַגע-שטעלונג. אויב פאַר די עסטרייכער איז דאָס שוין נאָר אַ פּראַקטישע פראַגע — איז דאָ שטאַרק צו האָפן, אַז זיי וועלן מיטמאַכן אינגאַנצן אונזער אַנטוויקלונג. אונזער איצטיקער באַשלוס — איך רעכן, מיר וועלן אַרויסטרעטן פון קאָנגרעס — וועט אויך מיטווירקן אין דעם פּראָצעס; און נאָך אונז וועלן פריער אָדער שפּעטער אויך די עסטרייכישע פּוע"צ אַרויסגיין פון ציוניסטישן קאָנגרעס.

ש ל מ ה ק.

מאַכט פּאַקטישע באַמערקונגען, אגב, אַז אין דער אומגעלונגענער האַלטונג פון די רוסישע פּוע"צ אויפן 8 קאָנגרעס זענען זייערע דעלעגאַטן אַליין שולדיק; זיי האָבן בעהאַט די פולע מעגלעכקייט אַרויסצוזאָגן זייער שטאַנדפּונקט און האָבן דאָס נישט געטון.

ש ט ע נ ד י ג ע ר

ענטפערט, אַז אויפן קאָנגרעס האָבן זיי זיך קיינמאָל נישט געקענט צונויפרעדן מיט די עסטר. און אַמעריק. חברים און אַז דעריבער איז אייגנטלעך אויפן קאָנגרעס גאָרנישט געווען קיין איינהייטלעכע פּוע"צ-פראַקציע. פון איין זייט מיר מיט די פּאַלעסטינעזישע חברים; פון דער אַנדערער זייט — די עסטר. מיט די אַמעריקאַנער. זאָגאַר אויפן קאָנגרעס זענען ביידע טיילן, מחמת אומפאַרשטענדלעכע סיבות, געזעסן באַזונדער און קיינמאָל נישט געקענט געמיינזאַם אַרויסטרעטן.

ווייטער באַמערקט ח' ש ל מ ה ק., אַז שטענדיגער האָט אַ קורצן זכרון און געדענקט גאָרנישט, וואָס און אין וועלכער ריי דער קאָנגרעס האָט באַטראַכט.

ענטפערט ש ט ע נ ד י ג ע ר, אַז די רוסישע דעלעגאַטן האָבן זיך טאַקע ווינציק אינטערעסירט מיט די פאַרהאַנדלונגען פון קאָנגרעס און אין אונטערשיד פון די עסטרייכישע און אַמעריקאַנער פּוע"צ-דעלעגאַטן זיך געפילט זייער אומהיימלעך און פרעמד אויפן קאָנגרעס.

עס ווערט אָפּגעשטימט דער פאָרשלאַג פון ח׳ יצחק ט.: אָפּלייגן די אָפּשטימונג איבער דער קאָנגרעס־פראַגע ביז נאָך דער דערליידיקונג פון דער פראַגע איבער דער פאַלעסטינער אַרבעט.

פאַר דעם פאָרשלאַג שטימט 1, קעגן 6. 3 האַלטן זיך אָפּ און 2 שטימען איבער־הויפּט נישט. יצחק ט׳ס פאָרשלאַג פאַלט דורך.

עס ווערט געשטעלט די פראַגע, צי איז די קאָנפערענץ קאָמפּעטענט אָפּצושטימען איבער דער פראַגע וועגן אָנטיילנעמען אין קאָנגרעס.

נאָמענטלעכע אָפּשטימונג: לייב האַלט זיך אָפּ איבערהויפּט פון אַלע אָפּשטימונגען; יצחק (לאָדזש) און בנימין (דרום מערב) האַלטן זיך אָפּ (3 אָפּגעהאַלטן).

יצחק ט. דערקלערט, אַז אָבוואָל ער האָט פאַר 2 זיצונגען דערקלערט, אַז ער וועט שוין מער נישט באַנוצן זיין שטימרעכט, דאָך וועט ער פאַר דער פאָרמעלער פראַגע מאַכן אַן אויסנאַם און וועט שטימען.

קעגן דער קאָמפּעטענץ שטימען 2: יוליוס (בענדין) און יצחק ט. פאַר דער קאָמפּעטענץ שטימען 7: בלומענפעלד, שטענדיגער, יוסף, (דרום־מערב) שמשון (פּינסק), דוד (ביאַליסטאָק), אידאַ (וואַרשע), מאַקס (טשענסטאָכאָוו).

(דער דעלעגאַט שלימאָוויטש פון דרום־מערב, וועלכער איז אָנגעקומען אויפן אַנדערן טאָג, האָט צוגעגעבן זיין שטים פאַר דער קאָמפּעטענץ).

יצחק און בנימין לייגן פאָר לאָזן די קאָנגרעס־פראַגע אָפּן.

נאָמענטלעכע אָפּשטימונג:

פאַר 3: יצחק, בנימין, יוליוס; קעגן 7: בלומענפעלד, שטענדיגער, יוסף, שמשון, דוד, אידאַ, מאַקס. אָפּגעהאַלטן זיך 2: לייב און יצחק ט., ווייל זיי שטימען איבערהויפּט נישט. — דער פאָרשלאַג ווערט אָפּגעוואָרפן. עס ווערט פאָרגעלייגט פאָלגנדע רעזאָלוציע (שטענדיגער):

„די קאָנפערענץ אָנערקענט, אַז דער אָנטייל פונם פראָלעטאַריאַט אינם ציוניסטישן־קאָנגרעס און אין די איבעריקע ציוניסטישע איינריכטונגען איז אַבסאָלוט אומפּרוכטבאַר און נישט פאַרייניבאַר מיט די קלאַסן־פּרינציפּן פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטיע.

אין דער לעצטער צייט פון זיין אַנטוויקלונג האָט דער פּאָליטישער ציוניזם אַלץ מער און מער אַרויסגעוויזן זיין בירגערלעכן מהות און האָט זיך אַנטאַרטעט פון אַן ענטוזיאַסטישער באַוועגונג, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ העלן נאַציאָנאַלן באַפרייונגס־שיין, אין אַ ריין־בירגערלעכער באַוועגונג, וועלכער עס פעלט יעדער טיפער און ווייטער פּאָליטיש־היסטאָרישער בליק. די פּועלי־ציון אין דעם ערשטן פּעריאָד פון זייער

אַנטוויקלונג, ווען זיי זענען נאָך נישט געווען צעטיילט אין 3 פּאַרטייען, האָבן זיך נאָך נישט גענוג קלאָר געמאַכט די רעוואָלוציאָנערע טראַגווייטע און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די סאָציאַליסטישע און נאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם פאַלשן צויבער פון דער ציוניסטישער באַפרייונגס-אידעאָלאָגיע, האָבן גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין דעם ציוניסטישן קאָנגרעס און אונטערשטיצט די ציונ. איינריכטונגען און האָבן געהאָפּט צו ווירקן אויף זיי אין דער דעמאָקראַטישער ריכטונג. מיט דער אַנטוויקלונג פון דעם סאָציאַליסטישן קלאַסן-באַוואוסטזיין צווישן די יידישע אַרבעטער-מאַסן, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אויפן גרונט פון דעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פון פּועלי-ציון, האָבן זיי אַלץ קלאָרער איינגעזען דעם בורזשואַזן כאַראַקטער פון די ציוניסטישע איינריכטונגען און האָבן זיך פון די לעצטע אַלץ מער און מער דערווייטערט.

די קאָנפערענץ געפינט, אַז ס'איז געקומען די צייט פאַר דעם געשיכטלעך-אומפאַרמיידלעכן פולן ריס צווישן פּראָלעטאַרישן און בירגערלעכן ציוניזם, און דערקלערט, אַז די פּאַרטיי רייסט איבער פון איצט אָן אַלע אָרגאַניזאַציאָנס-באַציונגען מיטן בירגערלעכן ציוניזם".

די נאָמענטלעכע אָפּשטימונג ברענגט פאָלגנדן רעזולטאַט: פאַר שטענדיגערס רעזאָלוציע שטימען 7: בלומענפעלד, שטענדיגער, יוסף, דוד, אידאַ, מאַקס, שמשון. קעגן: 1 יוליוס (בענדין). אָפּגעהאַלטן זיך 2: יצחק, בנימין. 2 שטימען איבערהויפּט נישט: לייב און יצחק ט.

שלימאָוויטש פון דרום-מערב, וועלכער איז אָנגעקומען אויפן 2-טן טאָג, האָט צוגעגעבן זיין שטימע פאַר שטענדיגערס רעזאָלוציע (נישט אינגאַנצן מסכּים זייענדיק מיט דער מאָטיווירונג).

שטענדיגערס רעזאָלוציע איז אָנגענומען.

שלמה ק.

טראָגט אַריין אַ דערקלערונג, אַז די פּינסקער אָרגאַניזאַציע האָט צוגעשיקט אירע רעזאָלוציעס, אין וועלכע ס'ווערט דייטלעך אַרויסגעזאָגט, אַז די קאָנפערענץ זאָל באַשליסן אָנטיילנעמען אין קאָנגרעס; דעריבער, רעכנט ער, האָט שמשון נישט געהאַט דאָס רעכט צו שטימען קעגן אָנטיילנעמען.

שמשון

באַשטעטיקט, אַז די פּינסקער אָרגאַניזאַציע איז טאַקע פאַר דעם אָנטיילנעמען אין דעם קאָנגרעס; ער, פּערזענלעך, איז אָבער קעגן. —

דער פאָרזיצנדער דערקלערט, אַז דער אָרגאַניזאַציאָנס-סטאַטוט שליסט אויס אימפּעראַטיווע מאַנדאַטן, און יעדער דעלעגירטער האָט דאָס רעכט צו שטימען לויט זיין איבערצייגונג.

ס'ווערט באַשלאָסן, די רעדאַקציאָנס-קאָמיסיע זאָל סטיליסטיש באַאַרבעטן און לאָגיש איבערשטעלן די

מאָטיווירונג פון שטענדיגערס רעזאָלוציע (7 פאַר, די איבעריקע האַלטן זיך אָפּ).

ס'ווערט אָפּגעשטימט שמשונס פאָרשלאָג: די פראַגע וועגן די רעכט פון חברים, אַלס פּריוואַטע פּערזאָנען, אָנטיילצונעמען אין ציוניסטישן קאָנגרעס, ווערט געלאָזן אָפן.

באַמערקונג. פאַר — 7: בלומענפעלד, שטענדיגער, שמשון, יוסף, בנימין, אידא, יצחק; קעגן — 1: יוליוס (דאָ האָט ער געשטימט קעגן) צוויי זענען אָפּוועזנד: מאַקס און דוד, 2 שטימען בכלל נישט. דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען.

אויף דער IX-טער זיצונג האָט שטענדיגער פאָרגעלייגט, מען זאָל באַפולמעכטיקן די רעדאַקציאָנס-קאָמיסיע צו אָפּשוואַכן יענע געדאַנקען, וועלכע קענען אויסגעטייטשט ווערן פון די עסטרייכישע און אַמעריקאַנישע חברים, אַלס דירעקטער אָנגריף קעגן זייערע איבערצייגונגען אין דער קאָנגרעס-פראַגע.

מיט 8 שטימען באַ 2 אָפּגעהאַלטענע און 3 אָפּוועזנדע, איז אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאַג. לויט דעם באַשלוס האָט די רעדאַקציאָנס-קאָמיסיע אומגעאַרבעט די רעזאָלוציע, וועלכע האָט באַקומען פאָלגנדע ענדגילטיקע פאָרם.

„אין דעם אַנטשטייונגס-פעריאָד פון דער פוע"צ-באַוועגונג זענען די דעמאָלט נאָך נישט צעטיילטע (אויף 3 פּאַרטייען) פּועלי-ציון אַריין אין קאָנגרעס מיט דער האָפענונג, אַז זיי וועלן ווירקן אויף דעם גאַנג פון דער ציוניסטישער טעטיקייט אין פאַלעסטינע. מיט דער צייט אָבער האָט זיך אַלץ מער און מער אַרויסגעוויזן די גרונטלאָזיקייט פון אָט דער באַהויפּטונג און אַלץ בולטער האָבן מיר אײַנגעזען, אַז אונזער אָנטייל אין קאָנגרעס שטערט אין אַלע היגזיכטן אונזער אַרבעט.

וואָס מער ס'האָט זיך דיפערענצירט די פּועלי-ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס טיפער ס'איז געוואָרן דער סאָציאַליסטישער קלאַסן-באַוווסטזיין פון אונזערע חברים און וואָס קלאָרער מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט די ראָלע פון פּראָלעטאַריאַט אין דער רעאַליזירונג פונם טעריטאָריאַליזם — אַלץ מער און מער האָבן מיר זיך פאַקטיש דערווייטערט פון דעם בירגערלעכן ציוניזם און זיינע איינריכטונגען.

די קאָנפערענץ געפינט דאָס אָנטיילנעמען פון פּראָלעטאַריאַט אין דעם ציוניסטישן קאָנגרעס פאַר אַבסאָלוט אומפּראָדוקטיוו אין אַלע היגזיכטן און נישט פאַרייניבאַר מיט די פּרינציפּן פון אונזער פּאַרטיי-טאַקטיק.

דעריבער רעכנט די קאָנפערענץ, אַז ס'איז געקומען די צייט ענדגילטיק איבערצורייסן אַלע אָרגאַניזאַציאָנס-באַציונגען מיטן בירגערלעכן ציוניזם און אַלע זיינע איבעריקע איינריכטונגען.

די פראַגע וועגן דער, צי איינצעלנע חברים האָבן דאָס רעכט, אַלס פּריוואַטע פּערזאָנען, אָנטיילצונעמען אין די ציוניסטישע איינריכטונגען, בלייבט אָפן."

# פּאַלעסטינע-אַרבעט.

רעפעראַט פון ח' ש ל מ ה  ק.

## איבער דער יידישער אַגראַר-פראַגע אין פּאַלעסטינע.

די הויפּט-זאַך פון דער פראַגע איז, ווי אַזוי צו דערמעגלעכן דעם יידישן אַרבעטער דאָס אַריינדרינגען אין דער לאַנדווירטשאַפט פון פּאַלעסטינע. געניטע האַנד-ווערקער-אַרבעטער קענען זיך גאַנץ לייכט געפינען אַן אָרט אין די שטעט, און וואָס אָנבאַלאַנגט דער אינדוסטריאַליזירונג אין פּאַלעסטינע, וועט דאָ דער יידישער אַרבעטער שפּילן אַ גרויסע ראָלע. אָרגאַניזירנדיק דעם יידישן אַרבעטער, הייבנדיק זיין אַרבעטס-לוין, בעסערנדיק די אַרבעטס-באַדינגונגען אין לאַנד אַזוי, אַז פּאַלעסטינע זאָל קענען עקאָנאָמיש צוציען צו זיך יידישע אַרבעטער, פירן מיר אָן דירעקט אַ טעריטאָריאַליסטישע אַרבעט. אָבער דאָס באַהערשן די שטאָט-אינדוסטרי אין לאַנד גענוגט נאָך בשום-אופן נישט. אויב גלייכצייטיק וועלן זיך פּראָלעטאַריזירן די פעלאַכן, און אין שטאָט און אין דאָרף וועט אַנטשטיין אַ נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ פון די אַרבעט-זוכנדע, וועט דאָס שטאָטישע יידנטום באַזיגט ווערן פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג.

אונזער אויפגאַבע איז נישט בלויז איבערזידלונג, נאָר דאָס איבערבויען פון דער יידישער סאָציאַלער סטרוקטור. מיר דאַרפן שאַפן נישט נאָר בלויז יידישע שטעט און אינזלען צווישן אַ פיינטלעכער באַפעלקערונג, נאָר אַ קאָמפּאַקטן יידישן ישוב, און דעריבער דאַרפן מיר אַ יידישע אַגראַר-ווירטשאַפט. די טשעכן, ווען זיי זענען אויסגעוואַקסן פון זייערע דערפער, האָבן זיי ביסלעכווייז פאַרדרענגט די דייטשע אינדוסטריעלע שטאָט-באַפעלקערונג אין בעהמען און פאַרכאַפּט די דייטשע „שפּראַך-אינזלען". — נאָך 25-יעריקער קאָלאָניזאַציע האָבן מיר אין פּאַלעסטינע נאָר אַ הייפל יידישע ק אָ ל אָ נ י ס ט ן, אָבער נישט קיין יידישע ק אָ ל אָ נ י ע ס. אומעטום אַרבעטן אין זיי די פעלאַכן, און די יידישע קאָלאָניעס געהערן היסטאָריש נישט צו יידן, נאָר צו פעלאַכן, ווייל די ערד געהערט צו דעם, ווער עס באַאַרבעט זי. זאָלן זיך די פעלאַכן-אַרבעטער באַזעצן אין די קאָלאָניעס, ווערן דאָרטן די יידן גלייך אַ מינדערהייט, און דער קלאַסן-קאַמף ווערט דירעקט פאַרשאַרפט דורכן נאַציאָנאַלן קעגנזאַץ. דאָס איז אָבער דער שעדלעכסטער און געפערלעכסטער אַנטאַגאָניזם, וועלכער קען נאָר זיין, ווען פאַרשידענע קלאַסן זענען גלייכצייטיק אין פאַרשידענע נאַציעס. אין גליל פאַרערגערט זיך די לאַגע נאָך דאַדורך, וואָס די יידישע קאָלאָניסטן גיבן אָפּ זייער ערד אין אַרענדע צו די אַראַבער. אַלזאָ, האָבן מיר קליינע יידישע פּאָמיעשטשיקלעך און

אַ מאַסע אַראַבישע אַרבעטער; דאָס וועט אומבאַדינגט ברענגען צו אַ שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע. יידישע פּאָמיעשטשיקעס האָבן מיר שוין גענוג אין גאַליציע, בוקאָווינע, אונגאַרן און רומעניען.

פאַרן יידישן אַרבעטער איז אָבער העכסט שווער אַרייַנצודרינגען אין דער לאַנדווירטשאַפט, און די וואָס קומען שוין אַהין-צו, בלייבן נישט אויף לאַנג. אינגיכן פאַרלאָזן זיי די קאָלאָניעס און עמיגרירן אין די שטעט, אָדער פאַרלאָזן גאָר פּאַלעסטינע צוליב איירָאָפּע אָדער אַמעריקע. אָבוואָל די קאָלאָניסטן שעצן העכער דעם יידישן אַרבעטער (ווייל ער איז נישט קיין גנב ווי דער פעלאַך, ער איז מער אינטעליגענט און טראָגט נישט אַוועק זיין לוין אויסער דער קאָלאָניע נאָך אויסן, נאָר פאַרברויכט דאָס געלט אין דער קאָלאָניע גופא) — דאָך איז פאַר אים אַ גאַנצע ריי מניעות: 1) דער פעלאַך באַגנוגנט זיך מיט אַזאַ לוין, מיט וועלכן ס'איז אוממעגלעך צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פונם ייד. אַרבעטער, 2) אויך דעמדאָזיקן לוין באַקומט דער אַרבעטער נאָר זומער-סעזאָן, און דערנאָך מוז ער זיך זוכן אַנדערע הכנסות; 3) פּסיכאָלאָגיש שטרעבט דער לאַנד-אַרבעטער צו דערווערבן ערד און קען זיך נישט אַנטשיידן צו בלייבן אין גאַנצן לעבנסלאַנג אַ באַטראַק; 4) אין די יידישע קאָלאָניעס קען דער אַרבעטער בשום אופן נישט פירן קיין משפחה-לעבן. די אַלע הינדערנישן עקזיסטירן נישט פאַרן פעלאַך, וועלכער האָט זיין הויז אינם אַראַבישן דאָרף נישט ווייט פון דער קאָלאָניע, און האָט נאָך דערצו זיין שטיקל ערד אין זיין דאָרף.

צוליב פּאַליאַטיוון, וואָס מ'האָט ביז אַהער פּרובירט, האָבן נישט געהאָלפן דער לאַגע; דאָ דאַרף מען אָנווענדן גאָר אַ נייעם קאָלאָניזאַציאָנס-פּרינציפּ. דיזער פּרינציפּ דאַרף געבן דעם יידישן אַרבעטער די פעלנדע געלט-מיטלען, לאַנדווירטשאַפטלעכע קענטענישן, זעלבשטענדיקייט, אומאָפּהענגיקייט פון באַלעבאַטים, — דאָס הייסט מ'דאַרף אַסאָציאירן די קאָלאָניזאַציע, אָנפירן זי אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. נאָר אַ קאָאָפּעראַציע קען האָבן דעם נייטיקן קרעדיט, נאָר זי קען אויסבויען וואוינונגען פאַר אירע מיטגלידער, נאָר זי פאַרינטערעסירט דעם אַרבעטער אינם דערפאָלג פון דער ווירטשאַפט, ווייל זיי געניסן דירעקט פונם דערפאָלג, און זענען נישט געצוואונגען אָפּצוגעבן זייער פּרוכט אַ פרעמדן. נאָר די קאָאָפּעראַציע קען אויך אָנשטעלן אַגראָנאָמען און ד. גל., כדי צוצוגעווייגען דעם יידישן קאָלאָניסט צו דער אַרבעט. דאָס אַלגעמיינע געווינס וועט דאָ גיין אויף דעקן די הוצאות און אויסצאָלן דעם חוב, און דער רייַנער רווח קען פאַרווענדט ווערן אויף קולטורעלע און ד. גל. צוועקן.

דאָ בלייבט אָבער די שוועריקייט פון סעזאָן-אַרבעט. די אויפגאַבע, ווי צו געבן די מיטגלידער אַרבעט אויפן טויטן-סעזאָן, ווערט צום בעסטן געלעזט דורך ד ר. פראַנץ אָפּענהיימערס זידלונגס-גענאָסענשאַפטס-פּלאַן. דיזער פּלאַן שטעלט פאָר אַ קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע, וועלכע באַשעפטיקט זיך נישט נאָר מיט לאַנדווירטשאַפט, נאָר גלייכצייטיק אויך מיט אינדוסטריע, און אַ טייל מיטגלידער זענען אָפּוועקסלענד פאַרנומען, לויטן סעזאָן נאָך, אין דער אינדוסטריע און

אין דעם אַקערבוי, גערטגעריי א. ד. גל. אַזוי ווי דערמיט באַקומט אי די אינדוסטריע פון דער קאָלאָניע, אי איר לאַנדווירטשאַפט אַ קעגנזייטיקן מאַרק, ווייל אייגענע און די זעלבע מיטגלידער פאַרברויכן ווי די, אַזוי אויך יענע פּראָדוקטן, איז די קאָלאָניע ווייניק אָפּהענגיק פון דעם אויסערלעכן מאַרק, פון זיין קאָנקורענץ און פון זיינע ריזיקעס. נאָר אויף אַזאַ אופן וועלן די יידישע עמיגראַנטן אויסמיידן די קאָנקורענץ, פאַר זיי וועט זיין געזיכערט דער מאַרק און דערלייכטערט דער צוטריט צו די אַלע פּראָדוקציאָנס־צווייגן, וועלכע זענען ביז אַהער פאַר זיי געווען פאַרשלאָסן.

ש ט ע נ ד י ג ע ר :

די אויסזיכטן פון די ייד. אַרבעטער אויף דער לאַנדווירטשאַפט האָט ח' שלמה געשילדערט צו פּעסימיסטיש. ער האָט, אגב, שוין אַליין אָנגעוויזן אויף די דערשיינונגען, וועלכע שאַפן אַן אַנדערש מאָל פאַר דעם ייד. אַרבעטער זאָגאַר אַ מער גינסטיקן באָדן, ווי פאַרן פעלאַך. אַזוי עקזיסטירן גאַנצע — האַלב אַגראַרע און האַלב־אינדוסטריעלע צווייגן, וואו די יידישע אַרבעטער באַגעגענען נישט קיין אַראַבישע קאָנקורענץ. בכל אופן זייער אַ שוואַכע: דאָס איז די וויינגערטנעריי, די באַיאַרעס (פון פּאָמעראַנצן און ציטראָנען), איילבוים־ווירטשאַפט. ווידער איז די פּראָלעטאַריזירונג פון די פעלאַכן אַ פאַרבייגייענדע דערשיינונג, דאָס זעט מען שוין דערפון, וואָס די פעלאַכן זוכן זיך נישט ספּעציעל קיין אַרבעט, זיי עמיגרירן נישט פון זייערע דערפער. די אורזאַך, וואָס טרייבט זיי אין די יידישע קאָלאָניעס, ליגט אין דער אָפּגעשטאַנענקייט, אין דער העכסטער פּרימיטיוויטעט פון זייער טעכניק און אין דעם פאַרעלטערטן טערקישן באַשטייערונגס־סיסטעם. דער פעלאַך מוז אָפּגעבן די באַאַמטע אַלץ אָדער כמעט אַלץ, וואָס ער אַרבעט אויס: נאַטירלעך, האָט ער נישט קיין חשק צו באַאַרבעטן זיין ערד און נוצט אויס די געלעגנהייט, וועלכע די יידישע קאָלאָניע גיט אים: דאָ קען ער פשוט פאַרדינען און דערביי פּטור זיין פון שטייער. די קאַפּיטאַליסטישע און דעמאָקראַטיזירנדע אַנטוויקלונג פון טערקיי וועט אָפּשאַפן אָדער פאַרלינדערן דאָס שטייערן־סיסטעם און אויך הויבן די פויערישע טעכניק. ערד איז אָבער באַם פעלאַך נאָך גאַנץ בענוג, זאָגאַר אַ סך פאַר זיינע אוראַלטע טעכנישע מיטלען, און די אמתע פּראָלעטאַריזאַציע, וואָס שטאַמט פון ערד־מאַנגל, וועט קומען ערשט פיל שפּעטער.

אין פּאַלעסטינע פעלן אַלע יענע באַדינגונגען, וועלכע האָבן אַרויסגערופן די פּויערים־פּראָלעטאַריזירונג אין אייראָפּע; דאָרטן איז נישטאָ דער גרונט דערצו — דער צוזאַמענשטויס פון פעאָדאַליזם מיט קאַפּיטאַליזם, ווייל עס פעלן ווי דער צווייטער, אַזוי אויך דער ערשטער. זאָל זיך נאָר פּאַלעסטינע אָנהייבן קאַפּיטאַליסטיש אַנטוויקלען, וועט זיך דער אַרבעטער אומקערן אין זיין דאָרף, און עס וועט אַנטשטיין אַ וואַקסנדע נאָכפראַגע נאָך אַרבעטס־קראַפט פון חוץ לארץ. ביז וואַנען אין פאַרלויף פון עטלעכע דורות וועט ערשט קומען צו דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן קריזיס, וועלן נאָך ייד. אַרבעטער האָבן אַ ברייטן צוטריט צו דער לאַנדווירטשאַפט — אָבער קודם כל צו יענע האַלב־אַגראַרע צווייגן, וועלכע וועלן אין דער צוקונפט פון פּאַלעסטינע שפּילן אַ

פיל גרעסערע ראָלע, ווי דער אַקערבוי אין ענגן זין פון וואָרט. נאַטירלעך, די הינדערנישן, וואָס ה׳ שלמה האָט געשילדערט, וועלן פאַרשווערן דעם צוטריט. אָבער דאָך בלייבט פאַר אונז די באַהערשונג פון דער אינדוסטרי פיל וויכטיקער, ווי די לאַנדווירטשאַפט.

די לאַגע אין בעהמען שטעלט זיך דער ה׳ שלמה נישט גאָר ריכטיק פאָר: די דייטשישע שפּראַך-אינזלען ווערן פאַרדרענגט גראַדע נאָר דאָרט, וווּ די דייטשן בילדן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג; פאַרקערט, די דייטשישע אינדוסטרי האָט פולקאָם באַזיגט דעם נאַציאָנאַלן ווידערשטאַנד פון די אַרומיקע טשעכישע דערפער, און אין דיזע צענטרן וואַקסן נייע דייטשישע שפּראַך-אינזלען; זעלבסטפאַרשטענדלעך נאָר דאָרטן, וווּ אויך די אינדוסטריעלע אַרבעטער זענען דייטשן. דאָסזעלבע באַמערקט זיך דייטלעך אין בעלגיען, וווּ די מער אינדוסטריעלע וואַלאָנישע מינדערהייט באַקומט אויך די נאַציאָנאַלע קולטורעלע איבערהאַנט איבער די מער לאַנדווירטשאַפטלעכע פלעמער. די הויפטזאַך איז — די יידן זאָלן שאַפן די אינדוסטריע אין פּאַלעסטינע, און אויך די האַלב-אַגראַרע ווירטשאַפט-צווייגן.

קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניזאַציע איז טאַקע פאַר דער לאַנדווירטשאַפט די בעסטע, אָבער מען טאָר אויף איר נישט לייגן קיין איבערגעטריבענע האָפנונגען. דער אַלגעמיינער כּלל איז, אַז די קאָאָפּעראַציע געלינגט נאָר דאַן, ווען זי האָט אַן איינהייטלעכן קלאַסן-כאַראַקטער, און אַרבעטער-קאָאָפּעראַציעס, כּדי זיי זאָלן געדייען, ברויכן זיין ריינע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטיצן זיך אויך נאָר אויף די אייגענע קרעפטן און מיטלען פון די אַרבעטער. ה׳ שלמהס פאָרשלאַג זעצט אָבער פאָרויס אַזוינע גרויסע פינאַנציעלע מיטלען, וועלכע שטייגן שטאַרק אַריבער די לייסטונגס-פעיקייטן פון די אַרבעטער; מען וועט מוזן אָנקומען צו זייטיקער שטיצע. און ה׳ ש. רעכנט אַליין, אַז מ׳ברויכט דאָ גרויסע הלוואות. אַלזאָ, וועט איבער דעם גאַנצן ענין הערשן די בורזשואַזיע, און אָדער די קאָאָפּעראַציע וועט זיך מוזן אַליין פאַרוואַנדלען אין אַ קאָמפּאַניע פון בירגער, אָדער זי וועט באַנקראָטירן.

וואָס אָנבאַלאַנגט ספּעציעל אָפּענהיימערס פּלאַן, איז ער גאָר איטאָפּיסטיש. נאַיוו רעכנט ער, אַז זיין קאָלאָניע וועט זיך קענען אין שלימען פאַל באַשרענקען מיט איר אייגענעם אינערלעכן מאַרק, און אויף אַזאַ אופן אויסמיידן די נויטיקייט אַריינפירן בײַ זיך לוין-אַרבעט. ניין, זי וועט דאָך מוזן אויסצאָלן חובות און פּראָצענטער, דעקן די פאַרשידענע קאָסטן — אַלזאָ, אָן כּוח קען זי נישט עקזיסטירן. זי וועט מוזן פאַרקויפן נאָך אויסן אירע פּראָדוקטן — אַנדערש וועט זי פּלאַצן. און ד. ה. די וועט געצוואונגען זיין צו קאָנקורירן אויפן לאַנדווירטשאַפטלעכן וועלט-מאַרק. כּדי אויסצוהאַלטן די קאָנקורענץ פון רוסישן, אַרגענטינישן, אַמעריקאַנישן קאָרן, וועט אונזער קאָלאָניע מוזן אָנשטרענגען אַלע אירע קרעפטן, וואָס בײַ די הייניק צוגעפּאַסטע יידישע קאָלאָניסטן באַדייט עס אַ קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונג (דאָ וועלן דאָך אונזערע יידן מוזן קאָנקורירן מיט די גענייטע, לאַנג דערפאַרענע פּויערן-קאָלאָניסטן פון צפון-און-דרום-אַמע-

ריקע, וועלכע באַקומען נאָך פאַרשידענע שטיצע און לגאַטעס פון זייערע רעגירונגען).
די קאָלאָניע וועט מוזן אָדער שרעקלעך עקספּלאָאַטירן זיך אַליין, אירע אייגענע מיטגלידער, אָדער — וואָס איז צומנאַטירלעכסטן — זי וועט מוזן אַריבערגיין צו לוין-אַרבעט.
ווי איר זאָלט נישט דרייען, לוין-אַרבעט איז אומפאַרמיידלעך אויך אין דער לאַנדווירטשאַפט בא דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. דאָס זעען מיר צומקלאָרסטן אין דענעמאַרק, אין דיזן קלאַסישן לאַנד פון אַגראַרער קאָאָפּעראַציע: דאָרטן שטיצט זיך די גאַנצע לאַנדווירטשאַפט אויף לוין-אַרבעט.

די עסטרייכישע חברים, צוזאַמען מיט זייער פאַרטרעטער ח׳ שלמה, ווילן אַנטשיידן די יידישע אַגראַר-פראַגע, די פראַגע פון לוין-אַרבעט דאַדורך, וואָס זיי בילדן זיך איין, אַז מ׳קען גאָר פאַרניכטן די לוין-אַרבעט. ניין, זי בלייבט, און דאַן בלייבט דאָך ווידער דיזעלבע קשיה: צי זענען מיר זיכער, אַז אונזער זידעלונגס-געזעלשאַפט, היות זי וועט סיי-ווי אָן לוין-אַרבעט, וועט זיך נישט ווענדן צו די אַראַבער? אויב דער יידישער אַרבעטער קען נישט צוקומען צו דער לאַנדווירטשאַפט, וועט אים דאָ קיין זידעלונגס-געזעלשאַפט נישט העלפן. ס׳איז בלויזע אוטאָפּיע צו רעכענען, אַז דידאָזיקע געזעלשאַפט וועט זיך קענען מיט אַן אייזערנער וואַנט אָפּצוימען פון דער אַרומיקער וועלט און פון דער קאָנקורענץ, וואָס הערשט אין איר. אינערהאַלב דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג קען מען מיט קיין שום שכל נישט אויסמיידן דעם קאַפּיטאַליזם. דאָס קען טון נאָר די סאָציאַלע רעוואָלוציע. אָפּענהיימערס פּלאַן איז דורך און דורך אַנטי-סאָציאַליסטיש; ער האָט אים אפילו געשאַפן, כדי צו באַקעמפן דעם סאָציאַליזם, און אויך די גאַנצע באַגרינדונג זיינע, די טעאָריע פון „קויפער און פאַרקויפער“ איז נאָר אַ העכסט שאַרפזיניקע פאָרם פון דער עקאָנאָמישער ווערט-טעאָריע פון די עסטרייכישע פראָפעסאָרן און מיניסטאָרן — פון דער „גרענץ-נוצענס“ טעאָריע. דיזער גאַנצער געהירן-געשפּענסט איז געשאַפן, נאָר כדי צו דערווייזן, אַז עס איז נישטאָ קיין קאַפּיטאַליסטישע עקספּלאָאַטאַציע און אַז דער קאַפּיטאַליזם, אַלס אַזעלכער, איז נאָר גאָט די נשמה שולדיק. דורך דער זעלבער טעאָריע איז אַ שפּיצזיניקער עקאָנאָמיסט, געוועזענער עסטרייכישער מיניסטער, בעהם-באַווערק, געקומען צום שכל צו דערווייזן, אַז אין דער עקספּלאָאַטאַציע איז שולדיק — צייט, אַז דער אַרבעטער באַקומט דאָס, וואָס עס קומט אים, און נאָר דעם רבונו-של-עולמס אייביק-פליסנדע צייט שענקט דעם קאַפּיטאַליסט זיין רווח. — פאַר די עסטרייכער חברים וואָלט זיין פיל געזונטער, ווען זיי וואָלטן נישט האָבן קיין מגע-ומשא מיט אָפּענהיימערס טעאָריען און פּלענער.

מיר דאַרפן נישט קיין קאָלאָניזאַציאָנס-פּלענער, דאָס איז גאָרנישט די אויפגאַבע פון אַן אַרבעטער-פּאַרטיי. לאָמיר אָרגאַניזירן דעם יידישן אַרבעטער און אָנפירן זיין קלאַסן-קאַמף — דאָס וועט דעם טעריטאָריאַליזם גופא ברענגען מער נוצן, ווי די שענסטע פּלענער אין דער וועלט.

שמשון לעזט פאָר אַ צוגעשיקטן (פון פּאַלעסטינע) פאַרטראַג פון א ב נ ר.

**אונזער עקאָנאָמישע טעטיקייט אין פּאַלעסטינע.**

אונזערע אויפגאַבן בנוגע דער שטאָטישער אינדוסטריע אין פּאַלעסטינע זענען צווייצרטיקע: א) פאַרפעסטיקן און אָרגאַניזירן די טויזנטער יידישע אַרבעטער אין לאַנד, כדי זיי זאָלן נישט נאָר נישט אַרויסגעשטויסן ווערן דורך דער קאַפּיטאַליזירונג פון לאַנד, נאָר אויך קענען אַריינדרינגען אין די נייע העכערע פּראָדוקציאָנס-צווייגן; ב) פאַרגרעסערן אונזער צאָל דורך צוציען נייע מענטשן אין דער פּראָדוקציאָן פון א.י. דאָס צווייטע איז דירעקט אָפּהענגיק פון דעם ערשטן, ווייל וואָס בעסער עס זענען די אַרבעטס-באַדינגונגען אין דער יידישער ווירטשאַפט פון לאַנד, אַלץ מער צוציונגס-קראַפט באַזיצט זי פאַר די יידישע אַרבעטער-עמיגראַנטן.

דערצו איז נייטיק: 1) **גרינדן פּראָפעסיאָנעלע און געמישטע אַרבעטער-פאַריינען און פאַרפעסטיקן די שוין עקזיסטירנדע.** געמישטע פאַריינען מוז מען גרינדן פון די פאַכן, וואו די יידישע אַרבעטער זענען אַן אומבאַדייטנדער מיעוט צווישן נאָך אומבאַוואוסטזיניקע אַראַבישע אַרבעטער; נאַטירלעך, אַזוינע פאַריינען וועלן קוים קענען פירן אַ קאַמף געגן די ב"ב, און הויפּטזאַכלעך וועט זייער פונקציע זיין קעגנזייטיקע הילף. בכלל איז גאַנץ שווער די פראַגע מכח די אַראַבישע אַרבעטער; זיי זענען דערווייל נאָך גאָרנישט פעיק צו אָרגאַניזאַציע, אין גאַנץ פּאַלעסטינע איז דאָ נאָר איין אַראַבישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע — פון די ים-אַרבעטער אין יפו, טראָגט זי אויך נישט קיין קלאַסן כאַראַקטער. לאָזן זיי אין אַזאַ נישט אָרגאַניזירטן צושטאַנד הייסט, שוין אָפּגעזען פון אַלע סאָציאַליסטישע מאָטיוון, גאַנץ פּשוט לאָזן נעבן אונזערע פאַריינען אַ שטענדיקע שוואַרץ מאַהדיקע אַרמעע פון שטרייק-ברעכער. אָבער אָרגאַניזירן די אַראַבער איז גאָרנישט אין אונזער מאַכט, די אָרגאַניזאַציע דאַרף און וועט מיט דער צייט אַליין פון זיי אַנטשטיין; נאַטירלעך, מיר וועלן גיין האַנט בא האַנט מיט די אַראַבישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, ווען זיי וועלן עקזיסטירן.

אַנדערע האָבן מורא, דאָס ווען די אַראַבישע אַרבעטער וועלן זיך אָרגאַניזירן, וועלן זיי אַרויסטרעטן קעגן דער אַרבעטער-איינוואַנדערונג בכלל און פאַר יידישע בפרט. אָבער אַזאַ סכנה איז אין פּאַלעסטינע נישטאָ, און אין דעם איז טאַקע דער חילוק צווישן פּאַלעסטינע און אַנדערע יידישע איינוואַנדערונגס-לענדער: אומעטום, וווּהין דער יידישער עמיגראַנט קומט, איז ער אַ פאַרטרעטער פון אַ נידריקערן עקאָנאָמישן טיפּ. כדי צו געווינען פאַר זיך די עקזיסטענץ-מעגלעכקייט, מוז ער אַראָפּלאָזן זיין פּרייז, ער מוז גיין אין אַ שוויץ-שאָפּ ובדומה. דאָ אָבער פלאַנצט איין די יידישע איינוואַנדערונג נייע, אַנטוויקלטערע פּראָדוקציאָנס-פאָרמען, און די יידישע עמיגראַנטן קענען און דאַרפן דאָ נישט אַריינגיין אין די געביטן פון דער שוין עקזיסטירנדער ווירטשאַפט. דאָ איז דער ייד העכער פון דעם איינגעבוירענעם, נישט ער דאַרף, נישט ער קען אָנפירן אַ „שמוץ-קאָנקורענץ", ווי אין אַמעריקע און ענגלאַנד; ער קומט אין פּאַ-

לעסטינע אויס אַ דאַנק זיין בעסערער אַרבעט, גרעסערער פּראָדוקטיוויטעט, דורך מער דערלערנונג פון זיין פאַך. אַלזאָ, באַ דער שיטערקייט פון דער באַפעלקערונג אין א. י. און פון אירע פּראָדוקטיוו-קרעפטן, קען די יידישע איינוואַנדערונג נאָר גינסטיק ווירקן אויף די אַראַבישע אַרבעטער, נאָר העכערן זייער מצב.

2) פאַרבעסערן טעכניש די קראַפט פונם אַרבעטער דורך גרינדן קורסן פון צייכנען (אין געאָמעטריע פאַר סטאָלערס, שטיינשניצערס א. ד. גל.) שפּראַכן (העברעאיש, אַראַביש) א. ד. גל. דאָס דאַרפן נעמען אויף זיך די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס; אַזאַ פאַרזוך איז שוין געמאַכט געוואָרן אין יפו אין יאָר 1908, וואו 4 פאַכן האָבן זיך דאָרטן פאַראייניקט, אָבער די פאַראייניקונג איז זיך צעפאַלן און די אָוונט-קורסן זענען בטל געוואָרן.

3) גרינדן טעכנישע אָנפאַנגס-שולן און ראַציאָנאַליזירן דאָס דערלערנען פון טעכניק. דאָס וועלן די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס נישט אימשטאַנד זיין צו טון, נאָר זיי קענען דאָס פאָדערן און דערשלאָגן זיך מצד די ציוניסטישע איינריכטונגען. די טעכנישע שולן, וועלכע עקזיסטירן איצט, זענען ווייניק אין צאָל („אַליאַנס", „בית-ספר למלאכה" און „בצלאל" אין ירושלים און אָרטאָדאָקסאַלע „בית-מלאכה" אין יפו און ירושלים); זייער גרעסטער חסרון איז, וואָס זיי פאַרבאַרייטן נישט אַרבעטער פאַר פאַלעסטינאַ, נאָר אַרבעטער פון פאַלעסטינע. טאַקע פילייכט גוטע און געניטע אַרבעטער, וועלכע ווייסן אָבער נישט גראָד דאָס, וואָס איז נייטיק אין א. י., און דעריבער פאַרענדיקנדיק זייער בילדונג, פאָרן די אַרבעטער אַוועק נאָך אַמעריקע, דרום-אַפריקע א. ד. גל.

4) מיטהעלפן די שטאָט-אַרבעטער צו דערווערבן אייגענע וואוינונגען. איינע פון די וויכטיקסטע הוצאות פאַרן אַרבעטער איז געוויס די דירה-פראַגע; דער יקרות אין שטאָט איז גרויס, און מ'צאָלט דירה-געלט פאָרויס פאַר אַ יאָר אָדער 6 חדשים; דער באָדן איז אָבער נאָך אין א. י. גאַנץ ביליק. און ווען דער אַרבעטער זאָל באַקומען לייכטן קרעדיט, אויף 15-20 יאָר, וואָלט ער זיך קענען דערווערבן אַן אייגן הייזל.

5) גרינדן קאָאָפּעראַטיווע געברויכס-אַנשטאַלטן. קיין גרויסע האָפענונגען קען מען דערויף דערווייל נישט לייגן; אין די שטעטלעך מיט 50—100 אַרבעטער, אָדער אין ירושלים, ווו די אַרבעטערשאַפט איז פונאַנדערגעוואָרפן אין כמעט 100 „שטעטלעך" אויף אַ גאַנץ ברייטן שטח, קען מען נאָך וועגן קאָנסום-קראָמען נישט רעדן; זיי מוזן אויסגעהאַלטן ווערן הויפּזאַכלעך אָדער איינגאַנצן אויף די מיטלען פון די אַרבעטער גופא, אויב נישט, וועלן זיי טראָגן אַ פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער.

דאָס אַלץ איז צו פאַרפעסטיקן די לאַגע פון די יידישע אַרבעטער אין א. י. גופא; כדי אָבער צוציען יידישע אַרבעטער פון חוץ לארץ איז נייטיק:

6) אַוועקשטעלן אויף ראַציאָנעלע יסודות די אַרבעטס-אינפאָרמאַציע. די טעטיקייט פון די עקזיסטירנדע ציוניסטישע אינפאָרמאַציאָנס-ביוראָס

איז אין דיזער הינזיכט נישט נאָר אומנוצלעך, נאָר אפילו שעדלעך. און דעריין זענען שולדיק הויפטזאַכלעך אַליין די אַרבעטער מיט זייער אומטעטיקייט: מחמת דער נישט אָרגאַניזירטקייט פון די אַרבעטער, ווענדן זיך די ביוראָס נאָך ידיעות צו די באַלעבאַטים, וועלכע גיבן גאַנץ אָפט פאַלשע ידיעות. מיט דער אינפאָרמאַציע מוזן אָנפירן אַליין די אַרבעטער און זייערע פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע מ׳דאַרף פאַרבינדן מיט די אויסלענדישע פראָפעסיאָנעלע יידישע פאַריינען צוליב קעגנזייטיקער אינפאָרמאַציע. דיזע אויפגאַבע דאַרף אויף זיך נעמען דער אַלוועלטלעכער פאַרבאַנד. די אינערלעכע אינפאָרמאַציע אין לאַנד גופא זוכט נאָר אַרבעט צוליב די אַרבעטער, וואָס זענען שוין דאָ; אויסערלעכע אינפאָרמאַציע נאָך חוץ לארץ דאַרף געפינען אַרבעטער צוליב שוין עקזיסטירנדער אָדער אַנטשטייענדער אַרבעט. דאָ דאַרף באַזונדערס אויסגעוויילט ווערן דער מענטשלעכער מאַטעריאַל. אין דיזער הינזיכט איז העכסט וויכטיק צוצוציען אין פאַלעסטינע די יידישע אַרבעטער אויס אַנדערע טערקישע פראָווינצן, ווייל די אַרבעטער זענען צופּאַסיקסטן פאַר א. י.: אי זייערע פאַכן, אי די שפּראַך, דער קולטורעלער שטאַנד איז צומנאָנטסטן צו די פאַלעסטינעזישע באַדינגונגען. דערצו מוז מען אָבער:

7) אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער פון אַנדערע שטעט אין טערקיי. דאָס איז ווידער אַן אויפגאַבע פאַר דעם וועלט-פאַרבאַנד.

נאָך אַ דיסקוסיע, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט אַלע דעלעגירטע, זענען אָנגענומען געוואָרן די אַנטשפּרעכנדע רעזאָלוציעס (פאַרייניקט אבנרס רעזאָלוציע מיט די צוגעשיקטע פון דער אַקערמאַנער אָרגאַניזאַציע).

## X-טע זיצונג.

## פאַלעסטינע-אַרבעטער-פאָנד.

פון אויספירלעכן רעפעראַט האַלט ח׳ קאָהנבערגער, וועלכער לייגט פאָר אַ גענויעם סטאַטוס פון דעם פאָנד.

שלימאָוויטש:

איצט, ווען די יידישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבן פאַרלוירן דעם פינאַנציעלן פאַרטרויען פון דער באַפעלקערונג, וועט זיין שווער צו זאַמלען אין רוסלאַנד גרעסערע סומען מיט געוויינלעכע מיטלען, נאָר מ׳וועט מוזן כמעט אויסשליסלעך אָנווענדן די מאַרקעס. די מאַרקעס וועלן אַליין אויך האָבן אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישע באַדייטונג. ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז וואו נאָר די בירגערלעכע ציוניסטן האָבן זיך דערוואוסט וועגן אונזער נייעם פאָנד, פאַרהאַלטן זיי זיך צו אים זייער פיינדלעך און אַגיטירן

קעגן אים. — מ׳דאַרף אין רוסלאַנד גרינדן אייניקע ראַיאָן־פּאַרוואַלטונגען פונם פאָנד, וועלכע זאָלן, כדי צו דעקן זייערע הוצאות, באַקומען אַ געוויסן פּראָצענט פון דעם געזאַמלטן געלט.

בנימין (ד.־מ.)

איז קייגן דעם אַריינגעמען אין די סטאַטוטן פון פּאַלעסטינע־אַרבעטער־פאָנד דעם פּונקט וועגן דער אָרגאַניזירונג פון די נישט־יידישע אַרבעטער אין טערקיי. די געלט־מיטלען פון דעם פּ. אַ. פ. װעלן נישט גענוגן דערצו. אויב ס׳וועט זיך אַמאָל אַרויס־ווייזן די נויטיקייט העלפן די אָרגאַניזאַציע פון דעם נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט, זאָגט ער זיך אַרויס פאַר דעם, נאָר אין סטאַטוט דאַרף עס נישט זיין.

שמשון

מיינט אויך, אַז אַזאַ פּונקט אין די סטאַטוטן פון דעם פּ. אַ. פ. איז נישט נייטיק; ער קען עקזיסטירן נאָר אין אַ פּאַרטיי־פּראָגראַם, מ׳דאַרף פאַרבינדן די פּראָפּ. פאַריינען פון פּאַלעסטינע, און די פּראָפּ. פאַריינען פון דעם גלות, און דאָס וועט אַ סך העלפן דער רעגולירונג פון דער יידישער אַרבעטער־אימיגראַציע. די פּאַלעסטינער חברים דאַרפן זוכן אַרבעט פאַר אַרבעטער, מיר אָבער אַרבעטער צו דער אַרבעט.

יצחק (לאָדזש):

מיר זענען ווייניק קאָמפּעטענט אין דעם, וואָס עס זאָלן טון אונזערע פּאַל. חברים. — אין רוסלאַנד האָט די ידיעה וועגן דעם פּ. אַ. פ. אַרויסגערופן די שטאַרקסטע סימפּאַטיע פון אונזערע חברים.

שטענדיגער:

אַן אַלוועלטלעכער יידישער סאַצ. פאָנד פאַר פּאַלעסטינע איז ענג פאַרקניפּט מיט דער אידעע פון דעם אַלוועלטלעכן יידישן סאָצ. אַרב.־פאַרבאַנד, וועלכער איז כמעט גלייכצייטיק געוואָרן אַקטועל פאַר פאַרשידענע טיילן פון דעם צוקונפטיקן פאַרבאַנד; מיר זענען די איינציקע פּאַרטיי, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט אָט דעם פּרינציפּ „יידישע פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַרייניקט אייך". נאָר מיר אַליין קענען זיך שטעלן אַלוועלטלעכע יידישע סאָצ. צוועקן און אָרגאַניזירן אַנטשפּרעכנדע פאָנדן און איינריכטונגען. אַ סך פון דעם איז איצט אין פּאָטענץ, נאָר דאָס אַליין גיט אונז שוין דאָס רעכט אויף אַ זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ. עס איז אומבאַדינגט נייטיק אַ פּונקט וועגן דער אָרגאַניזאַציאָן פון די נישט יידישע אַרבעטער; די פּאַלעסטינער פּוע״צ מוזן פאַרטיידיקן אונזער גרונט־פּרינציפּ, לויט וועלכן מיר טרעטן אַרויס קעגן דעם שאָוויניזם אין זיינע פאַרשידענע פאָרמען.

שלימאָוויטש (ד־מ.):

דער פּ. אַ. פ. איז נישט נאָר אַ פאָנד, וועלכער וויל בלויז אונטערשטיצן די אַר־בעטער־באַוועגונג אין פּאַלעסטינע; ער וויל פאַרווירקלעכן אויך געוויסע טעריטאָריאַ־ליסטישע באַשטרעבונגען — די איינוואָרצלונג פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַלע ספערן פון דער פּאַלעסטינער פּראָדוקציאָן. דערפאַר איז דאָס אַ פּאָליטישער פאַקט,

ער איז פאַר די יידישע אַרבעטער אין גלות אַ מין זעלבסטפאַרזיכערונג, נישט אַ פילאַנטראָפּיע. די אינטערעסן פון דעם יידישן אַרבעטער אין רוסלאַנד זענען ענג פאַרקניפּט מיט דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין פּאַלעסטינע, און נאָר דאָס באַרעכטיקט אונז צו אַגיטירן פאַר דעם פאָנד אין רוסלאַנד. ווייל דער פאָנד איז אַ פּאָליטישער, מוזן אונטערגעשטראָכן ווערן זיינע י י ד י ש - פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע אויפגאַבן. מיר האָפן, אַז די אַראַבישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע וועלן זיך אין דער נאָענטער צ ו ק ו נ פ ט אַנהייבן אַליין אָרגאַניזירן; און דעמאָלט וועלן מיר זיי מסתמא העלפן, אָבער די הויפּט-אויפגאַבן פון דעם פאָנד זענען ספּעציפיש, יידיש-פּראָלעטאַריש. מיר דאַרפן נישט נאָר וואָרענען קעגן דעם שאָוויניזם, נאָר אויך אָנפירן אין פּאַלעסטינע אַ געוויסע נאַציאָנאַלע אַרבעט — פאַרשמעלצן די פאַרשידענע יידישע גרופּירונגען (אשכנזים, ספרדים, תימנים א. אַנד.) אין איין איינהייטלעכער יידישער נאַציע.

**ש מ ש ו ן:**

דער פּ. אַ. פ. איז נישט קיין פילאַנטראָפּיע. אין דעם פּראָצעס פון דער רעאַליזאַציע פונם ציוניזם האָבן מיך אויך אונזערע פּאָליטישע פאָדערונגען. און אָט די פאָדערונגען האָבן אַ שייכות נישט נאָר צום פּאַלעסטינער יידישן פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך צום יידישן פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער. דער פאָנד איז אויך נישט אַ זעלבסטפאַרזיכערונג, ער איז איינפאַך אַ לאָגישער אויספיר פון אונזער פּאָליטישן אידעאַל. מיר אונטערשיידן זיך פון אַנדערע נישט נאָר מיט אונזער לאָזונג: „יידישע פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַרייניקט אייך אונטער דער פאָן פון פּועלי-ציון", נאָר אויך מיט דעם, וואָס מיר זענען געווען באַשטרעבט צו פ אַ ר ווי ר ק ל ע כ ן אָט דעם לאָזונג, נישט נאָר פון טעאָרעטישע מאָטיוון, נאָר פאַר פּראַקטישע, קאָנקרעטע, פּאָליטישע אויפגאַבן אין פּאַלעסטינע. אונזערע פּאַלעסטינער חברים זענען יעדעס מאָל געווען טריי אונזערע אינטערנאַציאָנאַלע פּרינציפּן, און נאָר דאַן וואָלט נייטיק געווען, ווען זיי רופן צום קאַמף קעגן שאָוויניזם, ווען מיר וואָלטן געווען נישט צופרידן מיט זייער טעטיקייט

**א י ד אַ (וואַרשע):**

מיר דאַרפן אַריינטראָגן דאָס ליכט פון סאָציאַליזם אין אַלע שיכטן פון דער פּאַלעסטינער אַרבעטערשאַפט. מיר טאָרן זיך נישט אָפּגרענעצן פון אַנדערע, נישט יידישע אַרבעטער, מיר דאַרפן נישט אַגיטירן פאַר אַ באַזונדערער יידישער נאַציאָן, ווייל דאָס וואָלט געווען קעגן אונזערע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן.

**ש ט ע נ ד י ג ע ר:**

פון שטאַנדפּונקט פון קעגנוואַרט איז אונזער פאָנד אַ זעלבסטפאַרזיכערונג; פון פּראָגראַם-שטאַנדפּונקט — אַ פּאָליטישער שריט, און דאָך — געוויסע עלעמענטן פון פילאַנטראָפּיע, אין בעסערן זין פון וואָרט, קען מען דאָך נישט לייקענען אין די גרונדזאַצן פון פּ. אַ. פ., ווייל דאָ זאָרגן נישט די יידישע אַרבעטער פון פּאַלעסטינע וועגן זיך אַליין, נאָר אין פּרינציפּ ווערט אָנערקענט, אַז מכח זיי מוז מען גאַנץ שטאַרק

זאָרגן פון אויסן. מען דאַרף זיך היטן, אַז פון דעם קלײנעם שפּור פילאַנטראָפּיע זאָל נישט אַרויסקומען קײן געפאַר פאַר דער פּסיכאָלאָגיע פון אונזער באַוועגונג.

ש ל י מ אָ װ י ט ש:

מיר דאַרפן זיך נישט טוישן מיט אילוזיעס, װען מיר רעדן װעגן אונזער סאָציאַליסט. אַרבעט צװישן די אַראַבער. די סאָצ.-דעמאָקראַטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט נאָר דעמאָלט אַ גוטן דערפאָלג, װען זי װערט געפירט צװישן די אַרבעטער-מאַסן פון דעם אײגענעם פאָלק. אַלײן פאַר די אַראַבישע אַרבעטער װעט זײן בעסער, אויב זײ װעלן פון זיך-אַלײן קומען צו דער אָרגאַניזירונג. אונזערע פּאַלעסטינער חברים קענען אין דער הינזיכט אַ קלײנעם אײנפלוס האָבן, אַ פּשיטא שוין מיר, די פּוע"צ אין גלות. קעגן װאָס מיר דאַרפן ענערגיש אַרויסטרעטן, איז דער קלעריקאַליזם אין פּאַלעסטינע: דאָרט װערט דער קלעריקאַליזם באַװעגט דורך דעם קלעריקאַליזם אין גלות און מיט אונזער קאַמף אין גלות (צ. ב. קעגן חלוקה) קענען מיר זײער אַ סך אויפטון אין דער הינזיכט.

ק אָ ה נ ב ע ר ג ע ר:

דער סטאַטוט פון דעם פּ. אַ. פּ. דאַרף אַנטהאַלטן אַלע אַרבעטן, װאָס זענען מעגלעך פאַר אים. עס קען זיך אַרויסװײזן די נויטיקײט פון הילף מצד דעם פּ. א. פּ. פאַר דער אָרגאַניזירונג פון די נישט יידישע אַרבעטער; אַזאַ נויטיקײט קען באַשטײן נישט נאָר װעגן דעם סאָציאַליסטישן געפיל, נאָר אויך װעגן דער סאָציאַליסטישער און ספּעציעל יידיש-פּראָלעטאַרישער פּראַקטיק. אײגנטלעך װעט ערשט די אַלװעלטלעכע קאָנפערענץ אָננעמען אַ גענויעם און ענדגילטיקן סטאַטוט. ס'איז נישט װיכטיק, װי אַזוי װעלן מיר דעם פאַרבאַנד באַגרינדן, אַלס זעלבסטפאַרזיכערונג אָדער פּאָליטישע טעטיקײט, װײל אין דער טאַט איז עס דאָס זעלבע. דער פּ. א. פּ. איז ענג פאַרבונדן מיט אונזער גאַנצער װעלט-אָנשױונג און דערפאַר װעט ער האָבן אויך אַ גרויסע אַגיטאַציאָנס-באַדײטונג. דער קאַמף קעגן שאָװיניזם װעט נישט שטערן דער נאַציאָנאַלער אַרבעט; די קאָנפערענץ דאַרף אָננעמען מיטלען, כדי צו אָרגאַניזירן די זאַמלונגען פאַר דעם פאַרבאַנד אין רוסלאַנד.

עס װערן אײנשטימיק אָנגענומען די פאָלגנדע באַשלוסן:

1) די קאָנפערענץ באַגריסט די גרינדונג פונעם פּאַלעסטינע-אַרבעטער-פאַרבאַנד, פאַרפליכטעט די פּאַרטײ-אײנריכטונגען צו פאַרשפּרײטן זײנע מאַרקעס און בכלל מיט אַלע קרעפטן אים מיטצוװירקן;
געפינט פאַר נײטיק אַ ברײטע מינדלעכע און שריפטלעכע אַגיטאַציע פאַרן פאַרבאַנד, באַאויפטראַגט דעם צ. ק. צו עפענען אין דער פּרעסע אַ דיסקוסיע װעגן די תקנות פון דעם פאַרבאַנד און װעגן זײנע פונקציעס און אַרײנגײן אין אונטערהאַנדלונגען מיט דער צענטראַל-פאַרװאַלטונג פונעם פאַרבאַנד מכוח דער אָרגאַניזירונג אין רוסלאַנד.
די קאָנפערענץ דריקט אויס איר װאונטש, אַז די נאָענטסטע קאָנפערענץ

פון דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד פועלי-ציון זאָל אויסאַרבעטן די תקנות פונם פּאַלעסטינע-אַרבעטער-פאָנד, נעמענדיק אַלס גרונדלאַגע דעם פּלאַן פון ה׳ קאַהנבערגער און רעכנענדיק זיך אויך מיט יענע ענדערונגען, וואָס די חברים האָבן אַרייִנגעטראָגן בשעת דער דיסקוסיע.

2) די קאָנפערענץ געפינט פאַר נייטיק די רעגולירונג פון דער יידישע אַרבעטער-אייִנוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע דורך ברייטע און פּלאַנמעסיק-אָרגאַניזירטע אַרבעטס-נאָכווייז און אַרבעטס-פאַרמיטלונג.

3) די קאָנפערענץ רופט די פּאַלעסטינער חברים מיטהעלפן דער אָרגאַניזירונג פון די יידישע אַרבעטער אין גאַנץ טערקיי.

## XI-טע זיצונג

## סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פראַקציע

רעפערענט שטענדיגער:

מיר האָבן אויף דעם קראָקעווער פאַרטיי-טאָג באַשלאָסן באָיקאָטירן די III דומע. זענען מיר, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, געבליבן אַן איינצעלנע דערשיינונג צווישן אַנדערע רוסלענדישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען. אויסער די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, האָבן אַלע פאַרטייען באַשלאָסן אָנטיילנעמען אין די וואַלן צו דער III דומע. אפילו די „לעוויצע" פון פּ. פּ. ס., וואָס האָט באָיקאָטירט ביידע פריערדיקע דומעס, האָט פאַר די וואַלן צו דער III דומע זיך אָפּגעזאָגט פון איר פריערדיקער באָיקאָטיסטישער שטעלונג. אמת, די אָנהענגער פון דעם אָנטיילנעמען אין דער דומע האָבן דעמאָלט זייער ווייניק אַגיטירט פאַר זייערע מיינונגען און די אַרגומענטאַציע פון די באָיקאָטיסטן איז דעמאָלט געווען שטאַרקער. איצט האָט זיך די סיטואַציע פולקאָם געענדערט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די רוסל. אַרבעטער-מאַסן פאַרפאָלגן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט די טעטיקייט פון דער סאָצ. דעמ. פראַקציע אין דער III דומע, אַז אויך די יידישע אַרבעטער פאַרהאַלטן זיך צו איר מיט אַן אינטערעס. די פריער אויפגעטויכטע שטרעמונג פון די „אָטזאָוויסטן" וועלכע האָבן געפאָדערט די אָפּרופונג פון דער סאָצ. דעמ. פראַקציע פון דער דומע, איז אין אַ קורצער צייט פאַרשוואונדן. מיר קענען נישט בלייבן בײַ אונזער פריערדיקע באָיקאָטיסטישער שטעלונג, ווייל מיר וועלן זיין נישט נאָר פאַראייינצלט, ווי פריער, נאָר אויך אָן שום, פון דעם לעבן אַרויסגענומענער, מאָטיווירונג. די פראַקציע שפּילט איצט אַ גרויסע אידעאָלאָגישע ראָלע, און דערפאַר מוזן מיר זי אָנערקענען. מ׳קען באַמערקן, אַז מיט דער צייט מאַכט

שוין די פראַקציע אַליין ווייניקער פעלערן און זי צווינגט שוין די שוואַרץ־מאהשע עלעמענטן זי אויסהערן אפשר מיט דעם זעלבן האַס, נאָר מיט מער ערנסט. אין דער פראַגע וועגן באַשטימען פוילישע ריכטער אין פוילן האָט די פראַקציע געשטימט גאַנץ ריכטיק, אַזוי ווי עס האָט איר אונטערגעזאָגט דער געזונטער קלאַסן־אינסטינקט. מען דאַרף הויכשעצן דעם מוט פון דער פראַקציע, וועלכע פירט רויק אירע אַרבעטן בײַ דעם האַס פון דער גאַנצער דומע. צום באַדויערן איז נישט געווען גענוג ענערגיש דאָס אויפטרעטן פון דער פראַקציע בײַ דער באַשפּרעכונג פון נאַציאָנאַלע פראַגן און בפרט פון דער יידישער. דער רעדנער לייגט פאָר אַ רעזאָלוציע.

יוסף

פאַראורטיילט די רויקע באַציונג פון דער פראַקציע, ווען אירע מיטגלידער ווערן באַליידיקט פון די שוואַרצע־מאהניקעס, נאָך אַזוינע אינצידענטן, ווי מיט טשכעידזע, האָט די פראַקציע געדאַרפט דעמאָנסטראַטיוו פאַרלאָזן די זיצונג.

שלימאָוויטש

דערמאַנט די שווערע באַדינגונגען, בײַ וועלכע ס'אַרבעט די פראַקציע. ער פאַר־טיידיקט די פירונג פון דער פראַקציע און איר מוטיק, רויק פאַרהאַלטן זיך.

אידאַ:

אויב מען האָט געקענט האָפן, אַז די I אָדער II דומע וועלן קענען עפּעס מאַכן נוצלעכס, — קען מען דאָך קיין האָפנונגען נישט אַרויפלייגן אויף דער III דומע. מען דאַרף נישט יעדעס מאָל נאָכגיין אַנדערע פּאַרטייען אין אַלע רוסלענדישע פּאָליטישע פראַגן. די זעלבשטענדיקע שטעלונג, וואָס עס האָט פאַרנומען דער קראָקעווער פאַר־טיי־טאָג, איז איצט אויך ריכטיק. איך בין פּרינציפּיעל און פּראַקטיש פאַר דעם, אַז אונזער קראָקעווער באַשלוס זאָל נישט געענדערט ווערן.

ח' דוד:

בשעת סטאָליפּינס רעזשים האָט אפילו די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע פון דער II דומע נישט געקענט דערגרייכן ממשותדיקע נוצן, און נאָך ווייניקער איז דאָס מעגלעך אין דער III דומע. די באַדייטונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע אין דער III דומע איז דערפאַר נאָר אַ מאָראַלישע, אַן אַגיטאַטאָרישע, און די באַדײ־טונג מוז מען איצט שעצן. אין דעם זין איז די פראַקציע זייער וויכטיק. די פראַקציע דאַרף נישט צוריקווייכן פאַר באַליידיקונגען און מוז בלייבן. עס איז אָבער זייער שלעכט, וואָס די פראַקציע רעאַגירט כמעט נישט אויף באַליידיקונגען פון יידן אין דער דומע, און פאַרהאַלט זיך כמעט גלייכגילטיק צו די אינטערעסן פון יידישן פאָלק. אין דער פראַגע טאָר די פראַקציע נישט שווייגן. מיר מוזן ענערגיש אויפפאָדערן זי, אַז זי זאָל ענדערן איר באַציונג צו דער יידן־פראַגע און אַז זי זאָל זיך איבערהויפּט פאַרהאַלטן מער פּרינציפּיעל.

בלומענפעלד:

די פראַגע וועגן דער סאָצ. דעמאָקר. פראַקציע אין דער III דומע איז נישט

באַר אַ פּראַקטישע פראַגע, נאָר אויך אַ פּרינציפּיעלע. אונזער באַציונג צו דער דומע בכלל און צו דער סאָצ. דעמאָקר. פראַקציע בפרט מוז זיין אָפּהענגיק פון דער אַלגעמיינער פּאָליטישער לאַגע. ווי עס איז נישט שלעכט איצט אין רוסלאַנד, אָבער דאָך האָבן מיר דאָרט איצט נישט אַן איינפאַכע זעלבסטהערשונג, נאָר געוויסערמאַסן אַ קאָנסטיטוציאָנעלע. געוויס איז דער וואַל-מאָדוס ערגער, די קאָמפּעטענץ פון דער דומע איז קלענער, ווי אין אַנדערע קאָנסטיטוציאָנעלע מדינות, אָבער אַ קאָנסטיטוציע האָבן מיר דאָך. די קאָנסטיטוציאָנעלע פאָרמען האָבן די גרעסטע ווירקונג אויף די פאָלקסמוחות, און דערפאַר טאָר מען נישט דערלאָזן, אַז אין רוסלאַנד זאָלן עקזיסטירן וועלכע עס איז פּאַרלאַמענטאַרישע איינריכטונגען, ווי קלאָגלעך ס'זאָל נישט זיין זייער איינפלוס, אָן אַן אַרבעטער-פאַרטרעטונג. די טעטיקייט פון דער סאָצ. דעמאָקר. פראַקציע אין דומע האָט כמעט קיינע פּראַקטישע פאָלגן, אָבער זייער אַ גרויסע אַגיטאַטאָרישע באַדייטונג, ווייל צו יעדן רעדנער הערן זיך צו צענדליקער טויזנטער אַרבעטער. אַ סאָצ. דעמאָקר. גרופּע אין שוואַרץ-מאַהדיקן ים איז נישט לעכערלעך. נאָר טרויעריק איז געוועזן דאָס, וואָס די גרופּע האָט נישט געהאַט די גענוגנדע קענטעניש און פעיקייטן און וואָס זי האָט נישט באַקומען אין דער הינזיכט די קלענסטע הילף פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. מיר האָבן נישט אַ רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, אין איר הערשט פולקאָמע אַנאַרכיע. עס עקזיסטירט נישט אַ פּאַרטיי, עס עקזיסטירן נאָר פּאַרטייאישע קלייזלעך, פּאַראַלעל קעמפן מיטאַנאַנדער אָפיציעלע און נישט אָפיציעלע קאָמיטעטן. — דעם איינפלוס פון דער ס. ד.-פראַקציע שטערט, ווי ס'זאָל זיך נישט אויסווייזן קאָמיש, דאָס, וואָס אין איר זענען צופיל „אינאָראָדצעס“.

ש מ ש ו ן :

מען קען נישט באַהויפּטן, אַז צווישן די אַרבעטער איז נישטאָ קיין באָיקאָטיסטישע שטימונג. דער קראָקעווער באַשלוס איז געווען פאַר יענער צייט גאַנץ גענוג מאָטיווירט, און ער איז געווען צוגעפּאַסט צו יענע פאַרהעלטענישן. אויב די פאַרהעלטענישן האָבן זיך געענדערט, זענען מיר אין דעם נישט שולדיק. די טעטיקייט פון דער פראַקציע האָט באַוויזן, אַז זי האָט נישט קיין באַגריף פון די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער. נישט דאָס איז וויכטיק, וואָס די פראַקציע האָט נישט רעאַגירט אויף די יידן-פיינטלעכע ווערטלעך, נאָר דאָס, וואָס זי האָט נישט גענוג פאַרטיידיקט אונזערע לעבנס-אינטערעסן. ס'איז נייטיק אָנגעמען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכע ס'זאָלן גענוי אויפגעציילט און אָנגעוויזן ווערן די קאָנקרעטע פעלערן פון דער פראַקציע אין איינציקע פאַלן.

א י ד אַ :

די פאַרהעלטענישן האָבן זיך פון קראָקעווער פּאַרטיי-טאָג ביז איצט גאָר נישט געענדערט. מען דאַרף אין אַלע פּאָליטישע פראַגן פירן זיך פולקאָם זעלבשטענדיק. די קראָקעווער רעזאָלוציע דאַרף בלייבן. עס איז גאָרנישט דאָ וואָס צו טאָן אין דער

דומע, נאָר מען בלאַמירט זיך דאָרט און מען האַלט אונטער אילוזיעס באַ די אַרבעטער.

ש ט ע נ ד י ג ע ר :

אויף דעם קראָקעווער פאַרטיי-טאָג זענען מיר אין אָט דער פראַגע, געווען אינ-גאַנצן זעלבשטענדיק. ווייל נאָך פאַר אים האָט מען געוואוסט, אַז די שטימונג איז באַ אַלע אַנדערע פאַרטייען אַן אַנטי-באָיקאָטיסטישע. נאָר דעמאָלט איז טאַקע לאָגיש גע-ווען נישט צו נעמען קיין אָנטייל. נעמענדיק אָנטייל אין פאַרלאַמענט אין די ווירקלעך פאַרלאַמענטאַרישע לענדער, מיינען מיר גאָרנישט, אַז מיר ווילן בלויז פון דעם האָבן פראַקטישע נוצן; ווען מען וועט פאַרגלייכן די רעזולטאַטן פון דער פאַרלאַמענטאַרי-שער אַרבעט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע מיט די אָנשטרענגונגען, וועלכע מען פאַר-ווענדעט, כדי דאָרט פאַרטרעטן צו זיין, וועלן מיר אפשר גאָר דערהאַלטן אַ דעפיציט. אין פאַרלאַמענט נעמען מיר דערפאַר אָנטייל, ווייל דער פראָלעטאַריאַט מוז אַרויפלייגן זיין פיזיאָנאָמיע אויף אַלע פאָרמען פון דעם שטאַטס-לעבן; פאַר אונז האָט אויך אַ גרויסע באַדייטונג די פאַרלאַמענטאַרישע טריבונע. — דעם דערפאָלג פון דער סאָצ. דעמאָקראַטיע אין פאַרטרעטונגס-איינריכטונגען קען מען דאַן באַמערקן, ווען די אויפ-לעבונג אין לאַנד רופט דירעקט אַרויס אַן אויפלעבונג אין פאַרלאַמענט. — מיר קענען זיך פאַרהאַלטן באָיקאָטיסטיש נאָר דאַן, ווען אין לאַנד איז די רעוואָלוציע; אָבער איצט — מוזן מיר אָננעמען אַזאַ רעזאָלוציע, וועלכע זאָל אַנטשפּרעכן דעם איצטיקן מאָמענט. מען קען נישט איצט אויסרופן: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג". זי עקזיסטירט שוין נישט. — אונזער באַשלוס קען איצט האָבן אַ געוויסע מאָראַלישע באַדייטונג, האָבן אויך, צווישן אַנדערן, אַן אויפמונטערנדע באַדייטונג פאַר דער ס. ד.-פראַקציע.

מיט 5 שטימען קעגן 1 (באַ 2 אָפּגעהאַלטענע און 3 אָפּוועזנדע) ווערט באַשלאָסן, אַז די קאָנפערענץ האָט דאָס רעכט צו באַשליסן איבער דער פראַגע. דערנאָך ווערט אָנגענומען פאָלגנדע רעזאָלוציע:

1) ש ט ע נ ד י ג ע ר :

אָנערקענענדיק די טעטיקייט פון דער ס. ד.-פראַקציע אין דער III דומע פאַר אַ וויכטיקער דערשיינונג אין דעם לעבן פון דעם רוסל. אַרבעטער-קלאַס, און רעכע-נענדיק, אַז אפילו באַ די איצטיקע פּאָליטישע באַדינגונגען, קאָן זי האָבן אַ באַדייטנדע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דעם קלאַסן-באַוווסטזיין באַ דעם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט;

באַדויערנדיק די פילע פעלערן אין איר טעטיקייט, הויפּטזעכלעך די אומאַנט-שלאָסנהייט פון אירע אַרויסטרעטונגען און אויך דעם אומשטאַנד, וואָס די פראַקציע איז ווייניק באַקאַנט און אינטערעסירט זיך נישט ווי געהעריק מיט דער נאַציאָנאַלער און באַזונדערס מיט דער יידישער פראַגע;

באַמערקנדיק אָבער, דאָס די לחלוטין אומגעלונגענע אַרבעט פון דער פראַקציע אין דער I דומע-סעסיע האָט זיך אין געוויסע הינזיכן געענדערט אין דער II דומע-סעסיע צום בעסערן.

און האַפּנדיק, אַז בײַ דער פּלאַנמעסיקער צוזאַמענווירקונג פֿון דער אָרגאַניזיר־טיר אַרבעטערשאַפֿט פֿון אַלע רוסישע פֿעלקער — וועט די פּראַקציע באַקומען אַלץ אַ מער באַדייטנדע און פּרוכטבאַרע ראָלע אין דעם לעבן פֿון דעם רוסלענדישן פּראָ־לעטאַריאַט, —

באַגריסט די קאָנפֿערענץ אַלע יענע טריט, וואָס דערנענטערן די פּראַקציע מיט די ברייטע אַרבעטער־שיכטן און זייערע אָרגאַניזאַציעס און דריקט אויס דעם וואונטש, אַז די פּראַקציע זאָל זיך שטענדיק צוהערן צו די שטימען פֿון די לעצטע. (5 פֿאַר, 1 קעגן, 2 אָפּגעהאַלטן, 3 אָפּוועזנד.)

ג) שלימאַוויטש

די קאָנפֿערענץ פֿאַרלאַנגט פֿון דעם צענטראַל־קאָמיטעט, אַז ער זאָל אין דער פּאַרטיי־ליטעראַטור אָפּגעבן אַ גענויעריק אָרט דער אָפּשאַצונג פֿון דער דומע־טעטיקייט בכלל און הויפּטזעכלעך פֿון דער ס. ד. דומע־פּראַקציע. די קאָנפֿערענץ פֿאַרלאַנגט פֿון די חברים, זיי זאָלן ווענדן זייער אויפֿמערקזאַמקייט דעם אַלעם, וואָס קומט פֿאָר אין דער דומע, זיי זאָלן זיך צוהערן צו די אַרויסטרעטונגען פֿון דער פּראַקציע און זען באַקאַנט צו מאַכן דער פּראַקציע מיט זייערע באַדערפֿענישן און פֿאַרלאַנגען. (6 פֿאַר, 1 קעגן, 1 אָפּגעהאַלטן און 3 אָפּוועזנד).

בײַ דער אָפּשטימונג האָט ח' יוסף דערקלערט, אַז ער האַלט זיך אָפּ, ווייל עס איז נישט דיסקוטירט געוואָרן די אַלגעמיינע פֿראַגע, וועגן פּאָליטישן מאָמענט.

נאָך אַ דיסקוסיע ווערן אָנגענומען נאָך רעזאָלוציעס:

**וועגן דעם אַלוועלטלעכן פֿאַרבאַנד פֿון פּועלי־ציון:**

וועגן דער יידישער סעקציע אינם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס. אין די שלוס־רעדעס האָבן זיך באַטייליקט אַ סך פֿון די אָנוועזנדע דעלעגירטע און געסט.

# פועלי ציון אין עסטרייך

(פ ר אַ ג מ ע נ ט ן)

שווער צו שרייבן היינט וועגן יענע טעג, ווען ס'האָט זיך אין די פאַרחושכטע גאַליציאַנער יידישע שטעט און שטעטלעך אַריינגעריסן דער ליכטיקער שטראַל פון סאָציאַליזם, ווען ס'האָט זיך געפורעמט דאָס קלאַסן־באַוואוסטזיין פון דער עסטרייכישער — בעסער געזאָגט — גאַליציאַנער יידישער אַרבעטערשאַפט און דער שטורמווינט פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייונגס־באַוועגונג האָט מיך צוזאַמען מיט צענדליקער אַנדערע אינטעליגענטן, מיטל־שילער און אַקאַדעמיקער אַריינגעוואָרפן אין די רייען פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג.

שווער צו שרייבן וועגן יענע ווייטע, האַלב־פאַרגעסענע טעג. טיילט אונז דאָך אָפּ פון זיי דער שוואַרצער, שוידערלעכער קאָשמאַר פון דער וועלט־שחיטה, וואָס האָט טויזנטער יידישע אַרבעטער פון גאַליציע געטריבן קעגן זייער ווילן אויף דעם בלוטיקן פראָנט און האָט דאָרט, אין די שוץ־גרובן אַרויסגעריסן פון אונזער זכרון אַ סך בילדער און זכרונות וועגן יענע ליכטיקע, זוניקע טעג פון אונזער פאַרטיי־פאַרגאַנגענהייט און איבערגעלאָזט בלויז ביי אונז נאָר אַ האַס צו די, וואָס פאַר זיי איז אונזער בלוט פאַרגאָסן געוואָרן און אַ ווילן צו קעמפן נאָך האַרטער און אַנטשידענער פאַר דער סאָציאַליסטישער צוקונפט.

ס'ווילט זיך אָבער, אַז אין אונזער „יידישן אַרבעטער־פנקס" זאָל זיך געפינען כאָטש אַ באַשיידן בינטל זכרונות וועגן יענער פאַרטיי און יענעם טייל פון דער יוגנט־

באוועגונג, וואו איך און צענדליקער אַנדערע אינטעליגענטן האָבן זיך דערצויגן צום קאַמף אונטער די פאָנען פון פועלי-ציון.

לײדער װעלן עס זײן טאַקע נישט מער, װי פראַגמענטן, אָפּגעריסענע בלעטלעך.

*

אין װירטשאַפטלעכער אָפּגעשטאַנענקייט, פּאָליטישער קנעכטישקייט און גייסטיקער פינסטערקייט זענען געװען איינגעזונקען די יידישע מאַסן אין גאַליציע אין די 1890-ער און אין די ערשטע 1900-ער יאָרן.

אויב גאַנץ גאַליציע איז צו יענער צייט געווען אַן עקאָנאָמיש כמעט פולקאָם אָפּגעשטאַנען, פעאָדאַל לאַנד, ווו דער איבערוויגנדיקער רוב פון דער באַפעלקערונג איז געווען באַשעפטיקט אין דער לאַנדווירטשאַפט, ווו אַ גאַר גרויסער טייל פון דער פוילישער שטאָטישער באַפעלקערונג — בפרט אין מזרח-גאַליציע (דאָרט האָט דאָך געווינט דער באַדייטנד גרעסערער טייל פון יידן) — האָט געהערט צו דעם באַאמטןשיכט און ווו די פּאָליטישע דעה האָט כמעט אומבאַגרענעצט אויסגעאיבט די פוילישע גרויסגרונט-באַזיצנדיקע שליאַכטע, — איז אָבער די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע פון די יידישע מאַסן געווען נאָך אַ סך ערגער. זייער נויט איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט (אויב איך האָב נישט קיין טעות באַם סוף פון די 1900-ער יאָרן) געצוווּנגען דעם גאַליצישן סיים דורכצופירן אַ ספּעציעלע אַנקעטע וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די גאַליצישע יידן.

פּאָליטיש זענען די יידן געווען לאַנגע און לאַנגע יאָרן אַ בלינד ווערקצייג אין די הענט פון דער אַלמעכטיקער שליאַכטע, פון די סטאַראָסטעס און זייערע פּאָליטישע משרתים, די רביים און אַסימילאַטאָרישע דאָקטוירים. ס'איז לכתחילה געווען אויסגעשלאָסן יעדער ווידערשטאַנד מצד די יידן, ווייל ער איז דערשטיקט געוואָרן סיי דורכן סטאַראָסטע און זיין דראָונג אָפּצונעמען „קאָנצעסיעס" אויף שענקען, געוועלבער און וואַרשטאַטן, און סיי דורכן יידישן קלער, וועלכער איז אויפגעטראָטן אין נאָמען פון דער הייליקער תורה...

וועגן וועלכער נישט איז קולטורעלער אַרבעט האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. דער רב און דער רבי האָבן פלייסיק אָפּגעהיטן זייער מאַכט איבערן יידישן כלל; פונקט אַזוי האָט די ווינער רעגירונג און דער גאַליצישער סיים אונטערדריקט יעדן סימן פון זעלבשטענדיקער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פון די יידישע מאַסן. די יידן זענען נייטיק געווען, ווי „שטים-פיך" פאַר די פויליש-שליאַכצישע מאַכטהאָבער, בפרט אין זייער קאַמף קעגן די אוקראַינישע פויערים פון מזרח-גאַליציע. מ'האָט די יידן פשוט פאַררעכנט פאַר פּאָליאַקן. די יידישע שפּראַך איז נישט געווען אָנערקענט, מ'האָט זי

ניִשט געטאָרט אָנגעבן בײַ פֿאָלקס־ציילונגען. די מלוכהשע און אַנדערע שולן זענען דורכ־
אויס געווען מיט פּוילישער אונטעררריכט־שפּראַך. דידאָזיקע אַסימילירונגס־פּאָליטיק האָט
דערשטיקט די קולטורעלע שאַפונגס־קראַפט פֿון די יידישע מאַסן און זיי אַראָפּגעשטויסן
אין תהום פֿון אומוויסנקייט. זי האָט נאַטירלעכערהייט אויך דעמאָראַליזירט און קאָרומ־
פּירט די יידישע אינטעליגענץ, וועלכע איז געוואָרן אַ ווערקצייג פֿון דעם אַסימילאַטאָ־
רישן משרת און פֿון דער שליאַכצישער רעגירונג.



אין דערדאָזיקער סביבה פֿון דחקות און פֿינסטערקייט האָבן געלעבט די יידישע
אַרבעטער. געאַרבעט האָבן זיי כמעט אויסשליסלעך אין דעם סאַמע קליינעם וואַרשטאַט
אָדער געוועלב. קיין גרענעץ צו דער אַרבעטס־צייט און צו דער קלעגלעכקייט פֿון זיי־
ער לוין האָט כמעט ניִשט עקזיסטירט. די אומגעהייערע נויט פֿון די יידישע מאַסן צו־
זאַמען מיט דער הערשנדיקער קלעריקאַל־אַסימילאַטאָרישער כנופיא האָבן ביז גאָר
אַראָפּגעדריקט דעם גייסטיקן מצב פֿון די יידישע אַרבעטער.

האָט זיך טאַקע די באַוועגונג פֿון די יידישע אַרבעטער אָנגעהויבן אין דער
פֿאָרם פֿון עקאָנאָמישן קאַמף. עס איז געווען דער פּשוטער קאַמף פֿאַר מער מענטשלע־
כע אַרבעט און לעבנס־באַדינגונגען. קיין סימן פֿון שטרעבן צו אַ זעלבשטענדיקער
פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע האָבן די יידישע אַרבעטער אין די 1890־ער יאָרן כמעט ווי
ניִשט אַרויסגעוויזן.

דאָ האָט געווירקט נאָך איין ערנסטע סיבה. ס'האָט שוין דאַן עקזיסטירט די גאַ־
ליצישע ס. ד., וועלכע האָט זיך שפּעטער, נאָכן צעפֿאַלן פֿון דער איינהייטלעכער עסט־
רייכישער פּאַרטיי, פֿאַרוואַנדלט אין דער פּ. פּ. ס. ד. זי האָט דאָס אויך אָרגאַניזירט
די ערשטע יידישע פּראָפֿ. פֿאַריינען, די פּוילישע פֿירער פֿון דער גאַליצישער ס. ד.,
שפּעטער די פֿירער פֿון דער פּ. פּ. ס. ד. האָבן זיך קיינמאָל ניִשט פֿאַרנומען ערנסט
מיט די פּראָבלעמען פֿון די יידישע אַרבעטער. פּונקט, ווי לגבי דער פּוילישער שליאַכ־
טע, זענען די יידישע מאַסן געווען נאָר אַ ווערקצייג פֿאַר אירע מאַכט־שטרעבונגען, אַזוי
זענען די יידישע אַרבעטער געווען לגבי דער פּ. פּ. ס. ד. ניִשט מער, ווי אַ ווערק־
צייג פֿאַר אירע וואַל און מאַנדאַט־אויסרעכענונגען.

די פּ. פּ. ס. ד. איז געשטאַנען אויף אַן אויסגעשפּראָכענעם אַסימילאַטאָרישן שטאַנד־
פּונקט. דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט האָבן מיט אַלע כוחות אונטערגעהאַלטן די יידישע
סאָציאַליסטישע אינטעליגענטן, ווי דיאַמאַנד, דראָבנער, ליבערמאַן און אַנדערע. די
ענגע צונויפֿבינדונג פֿון די פּראָפֿ. פֿאַריינען מיט דער פּאָליטישער פּאַרטיי (קיין אויס־
געשפּראָכענע, באַזונדערע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע האָט די פּ. פּ. ס. ד. כמעט קיינ־
מאָל ניִשט פֿאַרמאָגט, זי האָט זיך אויפֿגעבויט אויף פּראָפֿ. פֿאַריינען, די מיטגלידער

פון פראפ. פארייגען האבן צוגלייך געמוזט צאלן דעם שטייער פון פ. פ. ס. ד.) האט דאס ביסל ארגאניזירטע יידישע ארבעטער נאך מער פארוואנדלט אין א פאסיוו צוטשעפעניש צו די פוילישע ארבעטער־ארגאניזאציעס, און זיי נאך מער זיך אפהענגיק געמאכט פון דער מאנדאט־פאליטיק פון די פוילישע און בפרט אסימילאטארישע פ. פ. ס. ד.־פירער.

באזעלכע באדינגונגען האט דאס אויפוואכן פון יידישע ארבעטער צו פאליטישער אקטיווקייט און קולטורעלער זעלבסטשטעטיקייט, זייער דראנג צו שאפנדיקער ארגאניזאטארישער ארבעט, געמוזט אנגעמען די פארם פון אן אויסגעשפראכענער אפאזיציע קעגן דער אסימילאטארישער געוואלט־פאליטיק פון דער שליאכטע. יידישע אסימילאטארן און פ. פ. ס. סישע פירער. די יידישע ארבעטער און אנגעשטעלטע האבן געמוזט אינסטינקטיוו זייער גאנצע ענערגיע פארווענדן אויפן קאמף קעגן דער צום מיינסטן דעמאראליזירנדיקער קראפט — קעגן דער אסימילאציע, און שטעלן דעם טראפ אויף דעם נאציאנאלן מאמענט אין דער יידישער ארבעטער־פראגע, אויף די נאציאנאלע באפרייונגס־שטרעבונגען.

אין א גאר גרויסער מאס האט דא אויך משפיע געווען דער ציוניזם, וועלכער האט זיך דאן גענומען אריינרייסן אין די יידישע שטעט און שטעטלעך, רופנדיק די יידישע מאסן צו פאליטיש־נאציאנאלער זעלבשטענדיקייט און זעלבסטשטעטיקייט, וואס דאס האט אין גאליציע געהייסן, מיט אנדערע ווערטער, צום קאמף קעגן דער אסימילאטארישער קארופציע.

באם אנהויב פון די 1900־ער יארן אנטשטייען סטיכיש, פון זיך אליין, אין פארשידענע שטעט פון גאליציע יידיש־נאציאנאלע פארייגען פון האנדלס־אנגעשטעלטע און ארבעטער. א סך יידישע ארבעטער, באזונדערס אנגעשטעלטע זענען ארגאניזירט אין די „אלגעמיינע" יידיש־נאציאנאלע און ציוניסטישע פארייגען. זיי פילן זיך דארט אבער נישט גוט, שפירן אינסטינקטיוו די נויטווענדיקייט צו קעמפן פאר זייערע באזונדערע עקאנאמישע קלאסן־אינטערעסן און בילדן דערמיט א גינסטיקן באדן פאר א באזונדערער פראלעטארישער ארגאניזאציע.

אין יאר 1903 ווערט געלייגט דער יסוד פאר דער „פועלי־ציון"־פארטיי אין עסטרייך. אין יענעם יאר קומט זיך צונויף אין קראקע דער צוזאמענפאר פון יידיש־נאציאנאלע האנדלס־אנגעשטעלטע, וועלכער שאפט אן איינהייטלעכע ארגאניזאציע מיטן צענטר אין קראקע, אומאפהענגיק דערפון דערשיינט אין ווין אין יאר 1903 צוערשט אין דייטש און דערנאך אויך מיט א יידישער ביילאגע „דער יידישער ארבעטער".

דער קראקעווער און ווינער צענטר פארשטענדיקן זיך. עס ווערט גערופן אין

יאָר 1904 אַ צוזאַמענפֿאָר קיין קראָקע. דאָרט ווערט געשאַפֿן דער „פּועלי־ציון־פֿאַרבאַנד״ פֿון עסטרייך. זיין אָרגאַן ווערט טאַקע „דער יידישער אַרבעטער״, וועלכער ווערט אַריבערגעטראָגן קיין קראָקע און דערשיינט שוין נאָר אין יידיש.

*

*

ווי געזאָגט, האָט די פּאַרטיי געמוזט אין די ערשטע יאָרן פֿון איר בויונג און קאַמף לייגן דאָס גרעסטע געוויכט אויף דעם קאַמף פֿאַר די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע רעכט פֿון די יידישע מאַסן. דאָס הייסט לגמרי נישט, אַז די פּאַרטיי האָט זיך נישט אינטערעסירט מיטן עקאָנאָמישן קאַמף. פֿאַרקערט, זי האָט געפֿירט אַ ריי פּראָפֿעסיאָנעלע אַקציעס און לוין־קאַמפֿן, בפֿרט פֿון די ה. אָנגעשטעלטע. זי האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט דער פֿראַגע וועגן דער פֿאָרם פֿון דער פּראָפֿ. אָרגאַניזאַציע. (איז זי דאָך פּאַקטיש געבוירן געוואָרן פֿון די פּראָפֿ. אָרגאַניזאַציעס פֿון יידישע ה. אָנגעשטעלטע.) אָבער איר הויפּט־אויפֿמערקזאַמקייט איז געווען געווענדט אויפֿן קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע.

צום באַדויערן קאָן איך נישט קיין סך איבערגעבן וועגן יענעם שטורם־און־דראַנג־פּעריאָד פֿון דער עסטרייכישער פּועלי־ציון. איך בין נאָך דאַן געווען אַ יונגער מיטל־שילער. פֿון דער היים שטאַרק אַסימילירט, האָב איך פּינקט, ווי אַ סך יידישע שול־חברים, — נישט געקענט רעדן קיין יידיש, צום „זשאַרגאָן״ זיך באַצויגן מיט ביטול, מיט התלהבות זיך באַטייליקט אין פּוילישע פּאַטריאָטישע מאַניפֿעסטאַציעס און געזונגען באַגייסטערט פּוילישע נאַציאָנאַלע לידער.

אָבער דער הייסער, פֿלאַמענדיקער קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע, וואָס איז דאַן אויסגעבראָכן אין יידישן גאַליציע, דער קאַמף פֿאַר רעכט און פּאָליטישער פֿרייהייט האָט געמוזט סוף כּל סוף מיטרייסן די שטודירנדיקע יוגנט.

זי באַפֿרייט זיך אַליין שטורמישער פֿון אַסימילאַטאָרישער אַפּוטרופּסות און שאַפֿט אַ שטאַרקע אומלעגאַלע (מיטל־שילער האָבן נישט געטאָרט געהערן צו קיין אָרגאַניזאַציעס און האָבן געמוזט טראָגן כּמעט מיליטערישע אוניפֿאָרמען) מיטל־שילער־אָרגאַניזאַציע „צעירי־ציון״, וועלכע ציילט הונדערטער מיטגלידער. אויך איך בין אויף אַ קורצער צייט געוואָרן אַ מיטגליד פֿון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע.

באַלד נאָכדעם, ווי איך בין דאָרט אַריינגעטרעטן, האָט זיך גראָד גענומען שטאַרק פֿאַרשפּרייטן די השפּעה פֿון „פּועלי־ציון״. דער אָרגאַן פֿון דער מיטל־שול־אָרגאַניזאַציע „מוריה״ (אויף פּויליש) האָט אָפּגעדרוקט אויף יידיש און פּויליש די פּועלי־ציון־„שבועה״ און זי איז באַלד געוואָרן איינס פֿון די פּאָפּולערסטע לידער בײַ די יידיש־נאַציאָנאַלע מיטל־שילער. אַ גרויסער טייל מיטגלידער פֿון די קרייזן פֿון „צעירי־ציון״ (נישט צו פֿאַרבייטן מיט דער הייַנטיקער „צעירי־ציון״־פּאַרטיי !) האָט זיך געהאַלטן פֿאַר „פּועלי־

ציון". אַ מאַסן-שטראָם פון ראַדיקאַל און נאַציאָנאַל-געשטימטע אינטעליגענטן-אַקאַדעמי-קער האָט זיך גענומען אַריינגיסן אין דער „פועלי-ציון" פּאַרטיי. דאָ האָט געוויס מיט-געווירקט דער ווינט פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905, דער אַטענטאַט פון אַ פועלי-ציוניסט, פּ נ ח ס ד אַ ש ע װ ס ק י, אויף דעם שוואַרץ-מאהניק קרושעוואַן. אָבער בעיקר איז די פועלי-ציון-שטימונג באַ דער ראַדיקאַל-נאַציאָנאַלער יוגנט געקו-מען, ווי אַ מעכטיקער אָפּקלאַנג פון דעם גלענצנדן, אָפּפרישנדיקן קאַמף קעגן דער אַסימילאַטאָריש-קלעריקאַל-פּ. ס. ד.-קישער קליקע, קעגן דער פאַרסמונג פון די יידישע מאַסן, וועלכן עס האָבן מיט אמתן „שטורם און דראַנג" געפירט די עסס-רייכישע „פועלי-ציון".

*

דער רוף צום קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעטיקונג, צו יידיש-פּראָלעטאַרי-שער זעלבסטעטיקייט האָבן די „פועלי-ציון" פאַרבונדן נישט נאָר, ווי איך האָב שוין געזאָגט, מיט דער אָנפירונג פון עקאָנאָמישע אַקציעס, נאָר אויך מיט אויסגעהאַלטענעם און שאַרפן קאַמף פאַר די פּאָליטישע רעכט פון דער אַרבעטערשאַפט בכלל.

גראָד אין די יאָרן 1905-1906 האָט זיך אין גאַנץ עסטרייך פונאַנדערגעוויקלט די מעכטיקע פאָלקס-באַוועגונג פאַרן אַלגעמיינעם וואַל-רעכט צום ווינער פּאַרלאַמענט. די „פועלי-ציון" האָבן די באַוועגונג אונטערגעכאַפּט און זי אַריבערגעטראָגן אין די יידישע שטעטלעך, וועקנדיק אַזוי אַרום די יידישע מאַסע צום פּאָליטישן דענקען און אַקטיוויטעט. די פּ. פּ. ס. ד. האָט דידאָזיקע אַרבעט אויף דער יידישער גאַס נישט געטון, זי איז צו די יידישע אַרבעטער געקומען נאָר ווען זי האָט זיך געבייטיקט אין וואַל-מאַכער און מאַנדאַטן. האָבן דידאָזיקע אויפטרייסלונגס-אַרבעט געלייסטעט בעיקר די „פועלי-ציון".

דעם אַלעמען איז צוגעקומען די ברייטע און פאַרצווייגטע קולטורעלע אַר-בעט. זי איז פון ערשטן מאָמענט אָן מיט גאָר זעלטענע אויסנאַמען געפירט געוואָרן כמעט אויסשליסלעך אויף יידיש. דערדאָזיקער פאַקט האָט גיך פאַרוואַנדלט די פאַר-שידענע „אחוה"-„פועלי-ציון"-און „יוגנט"-פאַריינען (די נעמען פון די דעמאָלטיקע פּוע"צ אָרגאַניזאַציעס) אין די א י י נ צ י ק ע צענטערן פון מאָדערנער יידישער קולטור-אַר-בעט. דאָרט, אין די אָרגאַניזאַציעס, זענען געפירט געוואָרן אַנאַלפאַבעט-און בילדונגס-קורסן, פון דאָרט האָט זיך פונאַנדערגעשטראַלט די קענטשאַפט פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, דאָרט זענען געפייערט געוואָרן די גרויסע, מאָדערנע יידישע שרייבער, פון דאָרט האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן דאָס ליכט פון סאָציאַליזם און זיינע לאָזונגען צווישן די יידישע מאַסן.

זייער פּילזייטיקע אַרבעט האָבן די „פועלי-ציון" צוגעפּאַסט צו די קאָנקרעטע

באַזונדערע באַדינגונגען פונם יידישן אַרבעטער-לעבן. יעדע טעטיקייט, יעדער לאָזונג, יעדער — אפילו אַלגעמיינער פּאָליטישער קאַמף — איז געקומען נישט ווי אַן אָנגעוואָרפענע זאַך פון דרויסן — ווי בײַ דעם ביסל יידישע אַרבעטער-פאַריינען פון דער פּ. פּ. ס. ד., נאָר אַרויסגעדרונגען פון די נויטן און באַדערפענישן פון יידישע אַרבעטער-מאַסן גופא.

דאָס האָט די פּאַרטיי און אירע לאָזונגען געמאַכט נאָענט און צום האַרצן פון די יידישע אַרבעטער. דאָס האָט איר השפּעה פונאַנדערגעטראָגן אין נייע צענדליקער פונקטן. דאָס האָט צום ערשטן מאָל פּ אַ ק ט י ש — אויב נישט פונקט אַזוי כראָנאָלאָגיש — דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק געמאַכט פּאָפּולער און פאַרשטענדלעך פאַר די אָרעמע און פאַרחושכטע יידישע אַרבעטער אין גאַליציע.

דאָס האָט אָבער געמוזט האָבן אַ געוואַלטיקן איינפלוס אויך אויף די יידישע פאַריינען פון דער פּ. פּ. ס. ד.

*

ס׳וואָלט געוויס נייטיק געווען זיך גאַנץ ברייטלעך אָפּצושטעלן אויפן קאַמף פון די „פּועלי-ציון" קעגן דער „רויט-שוואַרצער" אַסימילאַציע, קעגן דער פּ. פּ. ס. ד. און אירע „יידישע" פירער. האָט דאָך די פּ. פּ. ס. ד. געהאַט אַ פּשוט פאַרניכטנדיקע, דעמאָראַליזירנדיקע ווירקונג אויף אירע יידישע אַרבעטער-מיטגלידער און געהערט דאָך אָט דער קאַמף פון „פּועלי-ציון" צו די שענסטע בלעטער פון אונזער פּאַרטיי-געשיכטע.

צום באַדויערן זענען די נויטיקע מאַטעריאַלן צעשפּרייט און צעזייעט איבער אַלע עקן וועלט. מוז איך זיך דעריבער באַגרענעצן אויף אַ גאַנץ אַלגעמיינער אָפּשאַצונג פון דעמדאָזיקן קאַמף און זיינע רעזולטאַטן. דער קאַמף איז געווען אַ פאַרביטערטער און פאַרביסענער, ווי מען זאָגט עס געוויינטלעך, אויף טויט און אויף לעבן. אומבאַרחמנותדיק האָט די פּאַרטיי אויפגעדעקט די קאָרומפּירנדיקע און פאַרפינסטערנדיקע ווירקונג פון דער אַסימילאַציע אויך אונטערן רויטן דעקמאַנטל. דער שפּיץ פונם קאַמף איז געווען געווענדעט קעגן די יידישע פּ. פּ. ס. און קעגן זייער טרויעריקער ראָלע. ס׳איז דעמאַסקירט געוואָרן זייער מיטאַרבעט אין די בשותּפותדיקע אַסימילאַטאָרישע אָרגאַניזאַציעס מיט די עקסט-רעאַקציאָנערע, קלעריקאַלע אַסימילאַטאָרן פון די קהל-קליקעס ווי למשל: עמיל ביק, לעווענשטיין און אַנדערע. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, ווי אַזוי די פּ. פּ. ס. ד. פאַרוואַנדלט אירע יידישע מיטגלידער אין וואַל-היענעם, וואָס דאַרפן מיט טעראָר און שטימען-איינקויף העלפן דעם וואַל-זיג פון כלערליי דיאַמאַנדס און ליבערמאַנס.

אונטערן איינדרוק פון דערדאָזיקער שאַרפער קאַמפּאַניע, ווי אויך פון דער גאַנ-

צער שעפערישער אַרבעט פון „פועלי־ציון", איז באַדייטנד פאַרגיכערט געוואָרן יענע אַנטוויקלונג, וואָס וואָלט אין אַן אַנדערן פאַל געוויס געקומען מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, עס האָט זיך אָנגעהויבן דער בונט פון די יידישע מיטגלידער באַ דער פּ. פּ. ס. ד.

די פּ. פּ. ס. ד., בפרט אירע יידישע פירער, פילנדיק די סכנה, האָבן אָנגעהויבן אַ שאַרפן קאַמף קעגן די „פועלי־ציון". נישט זעלטן האָבן זיי אָרגאַניזירט אָנפאַלן און געשלעגן אויף די פאַרזאַמלונגען און מיטינגען פון פוע"צ. פאַר די פאַרהאַסטע פוע"צ האָט מען פאַרמאַכט די טירן פון די פראָפ.־אָפּטיילונגען פון ווינער צענטראַלעס. מ'האָט געפּרווט פאַרשרייען די פוע"צ אַלס נאַציאָנאַליסטן און שאָוויניסטן, אַלס געלע אַגענטן פון דער בורזשואַזיע א. אַ. וו. גלייכצייטיק האָט מען דערקלערט אַ מלחמה די „סעפּעראַטיסטישע" טענדענצן באַ די פּ. פּ. ס.־ישע יידישע אַרבעטער.

אָבער נישט אומזיסט האָבן די פוע"צ געלערנט די יידישע אַרבעטער צו באַטראַכטן אַלע פראַגן פונעם שטאַנדפּונקט פון זייערע רעאַלע באַדערפעניש, נישט אומזיסט איז געפירט געוואָרן דער קאַמף קעגן „רויטער" אַסימילאַציע. די יידישע אַרבעטער באַ דער פּ. פּ. ס. ד. האָבן אַלץ עקשנותדיקער געפאָדערט זייער „זעלבסטבאַשטימונג־רעכט", זייער רעכט אויף אַ זעלבשטענדיקע פּאַרטיי, וואָס זאָל זיין — ווי די פּ. פּ. ס. ד. — פעדעראַטיוו פאַרבונדן מיט דער עסטרייכישער ס. ד.־צענטראַלע. דער ווידערשטאַנד פון דער פּ. פּ. ס. ד. האָט געבראַכט צום אַרויסטריט (לויטן פּ. פּ. סישן דעפינירונג־שטייגער) פון די יידישע „סעפּעראַטיסטן" פון דער פּ. פּ. ס. ד. און צו דער שאַפונג פון דער י. ס. ד. פּ. (זש. פּ. ס.) (1905)



אין דעם שווערן קאַמף מיט אירע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע קעגנער האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט דער פּרצוף פון דער פּאַרטיי. זי איז פון ערשטן מאָמענט פון איר עקזיסטענץ געשטאַנען אויפן פּראָגראַמאַטישן שטאַנדפּונקט פון קלאַסן־קאַמף.

אָבער זי האָט נאָך נישט איינגאַנצן איבערגעריסן די אָרגאַניזאַטאָרישע פעדעם מיט די ציוניסטישע דיסטריקט (ראַיאָן)־ און לאַנד־קאָמיטעטן. זי האָט נאָך נישט געהאַט דורכגעפירט די שאַרפע שייד־ליניע צווישן זיי און דער „אַלגעמיינער" ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַניזאַציע.

ערשט אין פייער פון אידעישער און פּאָליטישער שלאַכט און ווען די אָרגאַניזאַציעס האָבן אַרומגענומען אַלץ מער אויסגעשפּראָכענע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, האָט זיך דער פאַרבאַנד „פועלי־ציון" אַדורכגעדרונגען מיטן גייסט פון אויסגעהאַלטענער פּראָלעטאַרישקייט. די שטרעבונג צו פולשטענדיקער קלאַסן־זעלבשטענדיקייט איז געוואָרן באַ די יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אַלץ שטאַרקער. דער III פּאַרטיי־

טאָג (1906) האָט אַ סוף געמאַכט צו דער אומקלאָרער לאַגע. ער האָט אויסגעאַרבעט דעם פּראָגראַם פון דער „יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון אין עסטרייך", איבערגעריסן אַלע פאַרבינדונגען מיט די ציוניסטישע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס (בלייבנדיק נאָר באַם אָנטייל אינם ציוניסטישן קאָנגרעס), און פאַרוועדט די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי צו געהערן צו אַנדערע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס.

דערדאָזיקער באַשלוס האָט אַרויסגעשטויסן פון דער פּאַרטיי צענדליקער און צענדליקער ראַדיקאַל־נאַציאָנאַלע אַקאַדעמיקער און דאָקטוירים, וואָס האָבן פריער, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, מאַסנווייז געשטראָמט צו דער פּאַרטיי. אַזוי האָבן דאַן פאַרלאָזט די פּאַרטיי דער היינטיקער ציוניסטישער דעפּוטאַט משה פּראָסטיג (וואָס האָט אפילו אָנגעשריבן אויף פּויליש אַ בראָשורע א. נ. „וואָס ווילן די פּועלי־ציון?") און אָנגעזעענער קראָקעווער ציוניסטישער טוער ד"ר פעלדבלום און אַנד.

דערדאָזיקער באַשלוס האָט אויך גורם געווען צו דערווייטערונג פון דער מיטלשילער־אָרגאַניזאַציע „צעירי־ציון", וועלכע איז בהדרגה געוואָרן אַ בירגערלעך־נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע.

* *

סוף יאָר 1907 בין איך אַוועק פון די ציוניסטישע קרייזן. קיין פּועלי־ציון בין איך אָבער נישט געוואָרן. מיך האָט אָפּגעשטויסן דער פאַקט, וואָס די פּוע"צ האָבן זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צו יידיש, מיר איז פולשטענדיק פרעמד געווען די יידיש־פּראָלעטאַרישע סביבה. איך האָב זיך אַלץ מער דערנעענטערט — בפרט אונטער דער השפּעה פון מיינעם אַשול־חבר פּ. — צו די פּויליש־סאָציאַליסטישע מיטל־שילער־קרייזן „פּראָמיען". ס'האָט מיך צוגעצויגן דער סאָציאַליזם, אָבער ס'האָט שוין אויף מיר איבערגעלאָזט אַ רושם מיין פריערדיקע צוגעהעריקייט צו אַ יידישער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע.

עס האָט מיר נישט אַנטשפּראָכן די אַסימילאַטאָרישע טענדענץ פון די פּ. פּ. ס'ישע שילער־קרייזן, און איך האָב געזוכט צו פאַרבינדן דעם סאָציאַליזם מיט דער פּאָזיטיווער באַציונג צום נאַציאָנאַלן קיום פון די יידישע מאַסן.

עס איז געקומען דאָס יאָר 1910. דאָסדאָזיקע יאָר איז אַ היסטאָרישע דאַטע אינם לעבן פון די יידישע מאַסן אין גאַליציע. אין דעם יאָר זענען די גאַליצישע יידישע מאַסן אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך דער מעכטיקער „פאָלקס־ציילונג"־באַוועגונג. עס איז געווען דער ערשטער גרויסער שטורם פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע קעגן דער גאַליציש־שליאַכצישער באַסטיליע פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, און אין די ערשטע שטורם־רייען האָבן מאַרשירט מיט אויפגעוויקלטע פאָנען די „פּועלי־ציון".

געהאַנדלט האָט זיך אין דעראָבערן דאָס סאַמע פּשוטע, עלעמענטאַרע רעכט:

צוגעבן אין די אַנקעטע־בויגנס צו דער פֿ.־ציילונג די יידישע שפּראַך, אַלס די אומגאַנג־שפּראַך פֿון די יידן. די עסטרייכישע רעגירונג האָט דאָס אָבער צוליב דער פּוילישער שליאַכטע שטרענג פֿאַרווערט. פֿאַר האַנדלען קעגן דעם פֿאַרבאָט האָט געדראָט געלט־שטראָף (40 קראָנען) אָדער אַרעסט (דוכט זיך 4 טאָג — מען מוז אָבער וויסן, אַז פּאָליטישע אַרעסטן זענען אין יענע יאָרן אין עסטרייך געווען זייער זעלטענע פֿאַלן און דעריבער האָט אפילו די קלענסטע אַרעסט־שטראָף געשפּילט אַ גאָר גרויסע ראָלע.) די רעגירונג האָט אָנגעווענדעט אַלע געוואַלט־מיטלען. די אַסימילאַטאָרן האָבן אינסצעניזירט אַ ריזיקע קאַמפּאַניע. ווי מיר דוכט זיך, האָט אפילו דער בעלזער רבי אַרויסגעלאָזט אַ „קול קורא" צו די יידן, זיי זאָלן אָנגעבן פּויליש, אַלס זייער אומגאַנגסשפּראַך!

עס האָט זיך דעריבער געהאַנדלט מיטצורייסן די יידישע מאַסן פֿון גאַליציע צום קאַמף קעגן דער נאַציאָנאַלער פֿאַרקנעכטונג, קעגן דער גאַנצער פֿאַרייניקטער רעאַקציע, דערוועקן אין זיי דעם גייסט פֿון אָפּאָזיציע און מרידה, צעברעכן די יאָרצענדליקלאַנגע טראַדיציע פֿון בייגן דעם קאָפּ פֿאַרן באַפֿעל פֿונם סטאַראָסטע.

אַלע 3 יידישע פּאַרטייען: פּועלי־ציון, זש. פּ. ס. און אויך ציוניסטן האָבן גערופֿן די מאַסן צו פֿאַרשרייבן יידיש אין די ציילונג־בויגנס. אָבער די שווערסטע לאַסט פֿונם קאַמף האָבן אַרויסגעטראָגן די גרעסטע מסירת־נפשדיקייט און קרבנות־גרייטקייט האָבן אַרויסגעוויזן נאָר און טאַקע נאָר די פּועלי־ציון. און, אַלס די איינציקע האָבן זיי אין זייער אויפֿרוף קלאָר געזאָגט, וועגן וואָס עס גייט אין תוך דער קאַמף: „ווערט אַ גרויסער טייל יידן זיך פֿאַרשרייבן יידיש, דאַן וועט מוזן דאָס יידישע לשון אָנערקענט ווערן, אַלס לאַנדעסאיבלעך אין עסטרייך, אַלס דריטע לאַנדעסאיבלעכע שפּראַך אין גאַליציען. דאַן וועט מען קענען רעדן מיט דער צייט אויף יידיש פֿאַרן געריכט, אין דער אַדמיניסטראַציע. דאַן וועלן יידישע דאָקומענטן מוזן באַטראַכט ווערן אַלס גילטיק. דאַן וועט מען אונז מוזן געבן יידישע פֿאָלקס־שולן. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע". „דורכן יידישן לשון צום פֿולן נאַציאָנאַלן זיך אויסלעבן" — איך ציטיר נאָר די פּאָר עיקרדיקע שורות פֿון דעם אויפֿרוף, וועלכער געפֿינט זיך צופֿעליק (צום באַדויערן אַ צעריסענער) אין מיינע הענט.

אַ געוואַלטיקע אַרבעט האָבן דאַן דורכגעפֿירט די פּועלי־ציון. אומצייליקע מיטינגען, פֿאַרזאַמלונגען, רעפֿעראַטן. צענדליקער אינפֿאָרמאַציע און שרייב־ביוראָען, הונדערטער הויז־אַגיטאַטאָרן אין אַלע שטעט און שטעטלעך.

דער טעראָר מצד דער מאַכט האָט נישט געהאָלפֿן. די יידישע מאַסן זענען אַרויף אויפֿן קאַמף־וועג. די גרויסע מערהייט פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג — בפרט אין מזרח־גאַליציע — האָט אָנגעגעבן יידיש, אַלס איר אומגאַנגס־שפּראַך (שפּעטער האָט

שוין די מאַכט געזאָרגט, אַז אין די אָפיציעלע רעזולטאַטן פון דער פאָלקס־ציילונג זאָל זיך דאָס נישט אָנזען).

אויך מיך האָט מיטגעריסן דידאַקטיק באַוועגונג. אויך מיך האָט טיף אויפגערעגט די שרייענדיקע אומגערעכטיקייט פון עסטרייכיש־גאַליצישע מאַכט־האָבער. נישט נאָר איך האָב באַוויזן מיינע עלטערן צו שרייבן יידיש אין דער געהעריקער רובריק, נאָר איך האָב אויך געהאָלפן בײַ די שרייב־און אינפאָרמאַציע־אַרבעטן.

אַזוי ווי די סאַמע אָנגעשטרענגטע אַרבעט האָבן אָנגעפירט די „פועלי־ציון", בין איך טאַקע געקומען אַרבעטן אין זייער „אחוה"־לאָקאַל (דאַכט זיך אויף קאַטלאַרסקע גאַס אין לעמבערג). דאָ האָב איך זיך באַקענט מיט אַ סך יידישע אַרבעטער, בפרט האָב איך זיך דערנענטערט צום דרוקער־אַרבעטער י. זיילער (נאָך דער מלחמה אַ גאָר ערנסטער טוער בײַ די גאַליצישע פוע"צ, שפּעטער געווען אַ קורצערע צייט בײַ די רעכטע). מיט אים און אַנדערע פלעג איך פירן הייסע דיסקוסיעס, וואָס האָבן זייער שטאַרק געווירקט אויף מיר. דאָ האָב איך דאָס ערשטע מאָל געזען דעם פוע"צ־אָרגאַן „דער יידישער אַרבעטער" און זיך אָנגעהויבן באַציען מיט דרך־ארץ צו יידיש און צו דער יידישער ליטעראַטור.

איך וועל אויך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי מיר האָבן עטלעכע וואָכן שפּעטער, צוזאַמען באַגלייט דעם חבר נתן גאָלדבערג צום אַרעסט פאַר פאַרשרייבן יידיש. ער האָט געזאָלט אָפּפאָרן קיין פּאַלעסטינע, האָט אָבער נישט געוואָלט שענקען דער עסטרייכישער רעגירונג די עטלעכע טעג אַרעסט, מיט וועלכע מ'האָט אים באַשטראָפט פאַר שרייבן דעם אמת אין דער רובריק: אומגאַנג־שפּראַך!

*

* *

אין די ערשטע וואָכן פון י. 1911 איז צו מיר (איך בין דאַן געווען אין דעם 8־טן גימנאַזיע־קלאַס) בשעת אַ הפסקה אויפן גימנאַזיע־הויף צוגעקומען אַ היכער גימנאַזיסט פון דעם 6־טן קלאַס און מיר פאָרגעלייגט איך זאָל קויפן דעם אָרגאַן פון דער פוע"צ. שטודירנדיקער יוגנט "Nasze Hasła„. איך האָב זיך שוין דאַן געהאַלטן פאַר אַ פועלי־ציוניסט. איך האָב געקויפט דעם אָרגאַן, געבעטן די פריערדיקע נומערן און זיך בענטער באַקאַנט מיט דעם ח' וואַל, וועלכער איז שפּעטער נאָך לאַנגע יאָרן געווען טעטיק בײַ די פוע"צ.

מיר האָבן צוזאַמען באַשלאָסן צו שאַפן אַ זעלבסט־בילדונגס־קרייז פון מיטל־שילער אויפן יסוד פון פועלי־ציוניזם.

גערעדט און געטון. במשך פון אַ קורצער צייט האָבן מיר צונויפגענומען 7 מיטל־שילער און געגרינדעט דעם „צירקל פון יידישער סאָציאַליסטישער שטודירנדיקער יוגנט פועלי־ציון" (צירקל־קרייז), צו אים האָבן געהערט ס"ה 7 מיטל־שילער, פון וועלכע

איך און ה׳ ד י ס ט ל ע ר (איצט אין פּאַלעסטינע) זענען עד היום געבליבן אין דער פּאַרטיי. און נאָך נאָר צוויי אַנדערע זענען געבליבן אין פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען: איינער בײַ די רויטע און איינער בײַם בונד.

מיר האָבן געפירט אַן ערנסטע זעלבסטבילדונגס־אַרבעט. מיר האָבן צוזאַמען געלערנט עקאָנאָמיע, שטודירט די פּראָבלעמען פון יידישער עקאָנאָמיק, די טעאָריע פון סאָציאַליזם און דעם פּראָגראַם פון פּועלי־ציון. אַ סך ענערגיע האָבן מיר אָפּגעגעבן אויף אויסלערנען זיך אין וואָרט און אין שריפט יידיש און בײַם סוף פון שול־יאָר האָבן מיר טאַקע באַשלאָסן, אַז די אַמטלעכע שפּראַך פון „צירקל" איז יידיש.

מיר האָבן אָנגעקניפּט באַציִונגען מיט דער אָרגאַניזאַציע פון יוגנטלעכע אַרבעטער „יוגנט", העלפנדיק זיי אין דער אַרבעט. צוזאַמען מיטן ה׳ זיילער, י. רייצער, י. נעכעלעס האָבן מיר געהאָלפן שאַפן דעם נייעם בילדונגס־פאַריין פון יידישע אַרבעטער אין לעמבערג „פּועלי־ציון". בײַ דעם חנוכת־הבית פון דעם פאַריין האָב איך געהאַלטן אַ באַגריסונגס־רעדע אין נאָמען פון „צירקל", מײַן ערשטע יידישע רעדע, אין אַ שרעקלעכן, צעהרגעטן יידיש, וואָס האָט אָפּטמאָל אַרויסגערופן איראָנישע שמייכלען בײַ די פאַרזאַמלטע אַרבעטער.

מיר האָבן זיך אויך פאַרבונדן מיטן צ. ק. פון „דער ייד. סאָצ. שטודירנדיקער יוגנט פּועלי־ציון" אין גאַליציע, וועלכער האָט דאַן געהאַט זײַן זיץ־אָרט אין פּשעמישל און איז געווען אָנגעפירט דורכן ה׳ י. קאַנדל.

זייער פייערלעך איז אויסגעפאַלן דער ערשטער מאַי־יום־טוב פון אונזער קרייז. מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט (אַ סך האָט דאָ מיטגעווירקט מײַן פערזענלעכע באַקאַנטשאַפט מיט אַ ריי פּ. פּ. ס׳ישע מיטל־שילער) מיט דעם פּ. פּ. ס׳ישן „פּראָמיען" און מיט די אוקראַאינישע סאָצ. מיטל־שילער. דעם 30־טן אַפּריל נ. מ. זענען מיר זיך אומלעגאַל צונויפגעקומען אינם לאָקאַל פון „פּועלי־ציון" (ער איז דאַן געווען אין סקאַרבעקס־הויז). עס זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס פון אַלע דריי אָרגאַניזאַציעס (אין אונזער נאָמען האָבן גערעדט פאַרדעס און איך) און דער פאַרזיצער, אַ מיטגליד פון „פּראָמיען" פּרוכניק האָט געשלאָסן די פאַרזאַמלונג מיטן רוף: „זאָל לעבן דאָס סאָציאַליסטישע פּוילן! זאָל לעבן די סאָציאַליסטישע אוקראַאינע! זאָל לעבן דאָס סאָציאַליסטישע פּאַלעסטינע!"

די פייערונג האָט געמאַכט אויף אונז אַלע אַ גאָר שטאַרקן רושם.

*

* *

די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער שטודירנדיקער יוגנט פּועלי־ציון איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1909.

דער פאַקט, וואָס נאָכן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט כמעט די גאַנצע אינטעליגענץ — נישט וועלנדיק איבעררייסן מיט די אַלגעמיינע יידיש־נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס — פאַרלאָזט די פועלי־ציון־פּאַרטיי, האָט געצוואונגען די לעצטע צו זוכן נייע אינטעליגענטע כוחות. די פּאַרטיי האָט אָנגעהויבן אַן אַרבעט צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט. פון דער אַנדערער זייט האָט דער כסדרדיקער מאַרש אויף רעכטס פון דער דערמאָנטער מיטל־שילער־אָרגאַניזאַציע „צעירי־ציון", וועלכע האָט שוין געהאַט פאַרגעסן איר קאַמף־שטימונג פונם יאָר 1906 (ווען זי האָט צוזאַמען מיט סאָציאַליסטישע און פּראָגרעסיווע מיטל־שילער־אָרגאַניזאַציעס פון פּאָליאַקן און אוקראַינער אָרגאַניזירט די מאַניפעסטאַציעס און אפילו שטרייקן פון די מיטל־שילער פאַר דער רעפאָרם פונם שול־און־לערן־פּראָגראַם, פאַר אָפּשאַפן די אוניפאָרמען א. ד. גל.), פאַרטריבן פון דאָרט אַלע מער ראַדיקאַלע עלעמענטן. עס האָבן זיך געבילדעט אין פאַרשידענע שטעט קרייזן פון „פועלי־ציון", מיטל־שילער און אַקאַדעמישע פוע"צ־פאַרייניגן „חירות", וועלכע האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אויסצובילדן אינטעליגענטן, מיטקעמפער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

דער 11 און 12 יולי 1909 איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די פוע"צ. מיטל־שילער. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציאָנס־סטאַטוט און אַ זעלבסט־בילדונגס־פּראָגראַם. דער צוזאַמענפאָר (האָט זיך גערופן אויף פויליש „וויעץ") האָט באַשלאָסן, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט נישט קיין שום באַציונגען צו דער „צעירי־ציון"־אָרגאַניזאַציע. די איז געווען אָרגאַניזאַטאָריש זעלבשטענדיק און נישט אָפּהענגיק פון דער פּאַרטיי. ענגע באַציונגען האָט זי אָנגעקניפּט מיטן פאַרבאַנד „יוגנט". באַשליסנדיק, אַז אירע מיטגלידער דאַרפן זיך אַקטיוו באַטייליקן באַ דער אָנפירונג מיט קורסן און זעלבסט־בילדונג־קרייזן פון דער אַרבעטער־יוגנט. צו דעם צוועק האָט מען אין אַלע מיטל־שילער־קרייזן געפירט קורסן פון יידיש און יידישער ליטעראַטור.

פונדעסטוועגן פלעגט זיך אין די ערשטע יאָרן די אַרבעט אין די שילער-קרייזן („צירקלען") פירן ס'רוב אויף פויליש און אויך דער שילער־אָרגאַן „נאַשע האַסלאָ" איז דערשינען אויף פויליש.

ביז צום סוף 1910 יאָר זענען פאָרגעקומען דער צווייטער און דריטער צוזאַמענפאָר פון דער שילער־אָרגאַניזאַציע. עס איז דאָרט ווייטער פאַרטיפט געוואָרן די פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטיי און „יוגנט" און ס'איז אויסגעבעסערט געוואָרן דאָס אַרבעטס־פּראָגראַם פאַר די קרייזן.

אַ גלענצנד בלאַט אין דער געשיכטע פון די עסטרייכישע פוע"צ. מיטל־שילער בילדעט זייער אָרגאַן. עס איז געווען אַן ערנסטער, טעאָרעטישער זשורנאַל, וואָס האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט ווייט מחוץ די קרייזן פון מיטל־שילער. ער איז געווען די טריבונע, וואו ס'איז געשמידט געוואָרן דאָס סאָציאַליסטישע באַוואוסטזיין פון דער גאַליצישער יידישער אינטעליגענץ און פון אַ סך אַרבעטער־טוער. די ערשטע רע־

דזיקזאָרן פון „נאַשע האַסלאַ“ זענען געווען דער פאַרשטאָרבענער ד ר. מ אַ ק ס ר אָ ז נ פ ע ל ד און ד ר. י ו ס ף מ ע ל ע ר.

*

*

אונזער לעמבערגער „צירקל“ האָט זיך גיך דערוואָרבן צוליב זיין ערנסטער אַרבעט, בישט געקוקט אויף זיין קליינער צאָל, אַן אָנגעזעען צווישן די יידישע מיטל־שילער. אונזער קאַמף פאַר פירן יידישע מיטל־שילער־פאַרזאַמלונגען אויף יידיש, אונזערע זאַכלעכע אַרויסטרעטונגען און אונזער קלאָרע שטעלונג צו אַלע פראַגן האָבן אונז גיך דערוואָרבן פאָפולערקייט און סימפאַטיע צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט. מיר האָבן באַם אָנהייב פונם נייעם שול־יאָר געקאָנט שאַפן אַ נייעם ווייט גרעסערן קרייז פון כמעט 20 מיטל־שילער.

דידאָזיקע אַרבעט האָט אויך געשטאַרקט אונזער פאָזיציע אין דער פועלי־ציוניסטישער מיטל־שילער־אָרגאַניזאַציע. דער פשעמישלער צ. ק. האָט אונז איבערגעגעבן צו מאַכן די טעכנישע הכנות צום IV־טן צוזאַמענפאָר, וואָס איז אין נאָוועמבער 1911 פאָרגעקומען אין לעמבערג.

מיר האָבן טאַקע זייער שיין דעקאָרירט דעם זאַל פון דער קאָנפערענץ, וועלכע איז אויסגעפאַלן הן אין כמות און הן אין איכות גאַנץ גוט, עס האָבן זיך באַטייליקט קרייזן פון לעמבערג, קראָקע, פשעמישל, טאַרנע, דראָהאָביטש, סאַנאָק, סאַמבאָר, סטריי, ניי־סאַנץ, מיטגלידער פון צ. ק., פאָרשטייער פון דער פאַרטיי „יוגנט“ און פונם אַקאַדעמישן פאַריין „חרות“. אין נאָמען פונם לעמבערגער קרייז האָב איך באַגריסט (שוין אין אַ נישקשהדיקן יידיש) די קאָנפערענץ.

חוץ אָרגאַניזאַטאָרישע פראַגן האָט ח׳ ב ל אָ ך (פון פשעמישל) געהאַלטן אַ גלענצענדן רעפעראַט וועגן אונזער אידעישער פלאַטפאָרם און מכח די וועגן פון אונזער זעלבסט־בילדונגס־אַרבעט.

צום סוף האָט די קאָנפערענץ אויסגעווײלט אַ נייעם צ. ק., וואו אויך איך בין אַריין. נעמענדיק אין אַכט דעם כוח פון דעם לעמבערגער קרייז און זיין ראָלע אין דער אָרגאַניזאַציע, ווי אויך דאָס אַריבערטראָגן זיך פון ח׳ קאַנדעל קיין לעמבערג, האָט די קאָנפערענץ באַשטימט פאַרן זיץ־אָרט פונם צ. ק. לעמבערג. די רעדאַקציע פון „נאַשע האַסלאַ“ האָט איבערגענומען דר. יצחק שיפער.

דער נייער צ. ק., אין וועלכן איך (איך בין שוין דאַן געווען אַן אַקאַדעמיקער) בין געוואָרן באַשטימט פאַרן סעקרעטאַר און ח׳ י. קאַנדעל פאַרן פאָרזיצער, האָט באַשלאָסן צו פאַרברייטערן די נעץ פון קרייזן און פאַרשטאַרקן די י י ד י ש ־ אַ ר ב ע ט אין זיי. צו דעם צוועק בין איך אַרויסגעפאָרן קיין סטרי און דראָהאָביטש, וואו מיר האָבן געהאַט אַ גוטן און זייער צאָלרייכן קרייז. און דערנאָך אויף אַ צענטאַגיקער

נסיעה פאַר דער מיטל־שילער־און אַרבעטער־יוגנט אין מערב־גאַליציע. כּדי די רייזע זאָל ווייניקער קאָסטן און מען זאָל נישט דאַרפן קיין האָטעלן (מיר האָבן געהאַט זייער ווייניק געלט), פלעג איך פאָרן בּאַנאַכט אָדער איינדרימלען אויף אַ פּאָר שעה אויף אַ באַן־הויף־באַנק. נאָך 6 מעת־לעתן פון אַזאַ נסיעה בין איך געווען אַזוי פאַרמאַטערט, אַז אין ניי־סאַנץ בין איך בשעת אַ דיסקוסיע נאָך אַ רעפעראַט בּאַ די מיטל־שילער אַנטשלאָפן געוואָרן. די נסיעה האָט זיך אָבער איינגעגעבן. עס זענען געשאַפן געוואָרן קרייזן אין עטלעכע נייע פונקטן.

כּדי צו פאַרשטאַרקן די זעלבסטבילדונגס־אַרבעט, האָבן מיר געשאַפן אַ קליינע וואַנדער־ביבליאָטעק. צוליב דער אָרגאַניזאַטאָרישער און בילדונגס־אַרבעט האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויסגעבן (צום ערשטן מאָל אויף יידיש) אַ העקטאָגראַפירטן ביולעטין „אונזער אַרבעט“.

די פּירות פון דער אַרבעט זענען איינגיכן געוואָרן אָנזעעוודיק.

די V־טע מיטל־שילער־קאָנפערענץ (זומער־פעריען 1912) האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן „נאַשע האַסלאָ“ אויף ווייטער אין יידיש. דאָס האָט באַדייט אַ שטאַרקן שריט פאָרויס אין דער דערנענטערונג פון די פּוע״צ־מיטל־שילער און אַקאַדעמיקער צו די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. מען טאָר אויך נישט פאַרגעסן, אַז דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן אין אַ לאַנד, ווי די יידישע אינטעליגענץ, אויך פון די ציוניסטן און זש. פּ. ס., איז דורכויס געווען אַסימילירט און פרעמד דער יידישער שפּראַך און קולטור.

די קאָנפערענץ איז געשטאַנען אויף אַ זעלטענער גייסטיקער הייך. מען האָט ענדגילטיק פאָרמולירט די אידעישע ריכט־ליניעס פון דער בילדונגס־טעטיקייט און אויסגעאַרבעט אַ גענויעם אַרבעטס־פּלאַן. מען האָט אויך פאָרמולירט די אויפגאַבן אויפן געביט פון פּאַלעסטינע און יוגנט־אַרבעט. צום סוף האָט די קאָנפערענץ אויסגעקליבן אַ נייעם צ. ק., וועלכער האָט מיך אויסגעוויילט פאַר זיין פאָרזיצער.

מיר זענען צוגעטרעטן רעאַליזירן דעם באַשלוס וועגן יידישן אָרגאַן. אינטער דער רעדאַקציע פון ב. לאָקער איז דערשינען „דער נייער דור“. צוליב מאַטעריעלער דחקות איז אָבער מער ווי 1 נומער נישט דערשינען.

די אַרבעט איז שפּעטער געוואָרן אָפּגעשוואַכט, די מיטגלידער פונם צ. ק., בפרט איך, זענען געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט אין פאַרשידענע פּאַרטיי־און יוגנט־אינסטאַנצן. די VI־טע קאָנפערענץ, (סוף 1913 אָדער אָנהויב 1914) האָט דעריבער באַשלאָסן אַריבערצוטראָגן דעם צ. ק. קיין דראָהאָביטש.

מיין אַרבעטס־געביט זינט יענער צייט איז שוין געווען כּמעט אויסשליסלעך די לעמבערגער פּ. אָרגאַניזאַציע און דער צ. ק. „יוגנט“.

* * *

ניַשט גרויס אין דער צאָל (קיינמאָל ניַשט מער ווי אַן ערך 200 מיטל־שילער אין גאַנץ גאַליציע), איז אָבער אונזער מיטל־שילער־אָרגאַניזאַציע געווען שטאַרק לויט איר איכות. זי האָט דורכגעפירט אַן ערנסטע און טיפע אידעישע צוגרייטונגס־אַרבעט. זי האָט דערנענטערט דעם אינטעליגענט צום אַרבעטער, צו זיין עקאָנאָמישער בויט און גייסטיקער סביבה. זי האָט אונז פאַרוואַנדלט פון אַסימילירטע סטודענטלעך, וועלכע זענען פרעמד דעם אַרבעטער־לעבן און קאַמף, אין סאָציאַליסטן, צונויפגע־קניפּט מיטן טאָג־טעגלעכן קאַמף פונם יידישן אַרבעטער. זי האָט אונז געלערנט ערנסט נאָכדענקען און פאָרשן אַלע פראַגן און פּראָבלעמען. זי האָט אונז אַריינגעפירט דורך אירע באַשלוסן אין דער דירעקטער אַרבעט פון די ייִנגערע און עלטערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און צוגעוואוינט אונז צו פאַרוואַנדלען ווערטער און איבערצייגונגען אין אַקטיווע האַנדלונגען און מעשים.

* * *

די ערנסטע און אינטענסיווע אַרבעט פון די מיטל־שילער־קרייזן האָט באַדייטנד פאַרגרעסערט די מיטגלידער־רייען און דעם אָנזען פון די אַקאַדעמישע פּוע״צ־פאַר־איינען „חירות“, וועלכע האָבן דאַן עקזיסטירט אין לעמבערג, פּשעמישל, סטאַניסלאַוו און, ווי מיר דאַכט זיך, אין טאַרנאָפּאָל. דידאַקטיקע פאַריינען זענען, אין קעגנזאַץ צו די אַקאַדעמישע פאַריינען פון אַנדערע ריכטונגען, געווען ניַשט זייער גרויס אין צאָל, דערפאַר אָבער האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט מיט ערנסטער, זאַכלעכער אַרבעט און מיט דער אָנשטרענגונג צו דערציען זייערע מיטגלידער ווי פאַראַנטוואָרטלעכע יידישע פּראָ־לעטאַרישע טוער.

דעם אויבן־אָן האָט צווישן די „חירות“־פאַריינען פאַרנומען דער לעמבערגער. בראָש פון אים איז געשטאַנען ז. געלמאַן.

אין די יאָרן 1905—1906 האָב איך זיך מיט אים באַגעגנט אין די ציוניסטי־שע מיטל־שילער־קרייזן („צעירי־ציון“), וואו ער האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט. ער איז דערנאָך אַריבער צו די פּועלי־ציון (נאָך דער מלחמה איז ער געווען איינער פון די פירנדיקע טוער אין די מערב־גאַליצישער פּוע״צ־פּאַרטיי, צום סוף באַ די רעכטע).

דער לעמבערגער „חירות“ האָט דורכגעפירט באַ די לעמבערגער יידישע אַקאַ־דעמיקער אַ שווערן קאַמף פאַר דער יידישער שפּראַך, פאַר האַלטן די פאַרזאַמלונגען

אויף יידיש. ס'איז געווען זיין אויפֿטו די קאַמפּאַניע פאַר שאַרף און קלאָר פאָרמולירן די פאָדערונגען פון דער יידישער יוגנט לגבי דעם אוניווערזיטעט=סענאַט. ער האָט אָן רחמנות באַקעמפט דעם אָפּאָרטוניזם פון די ציוניסטן און די אַסימילאַטאָרן. צו דער יידישער קולטור און צום יידישן אַרבעטער=פרעמדן און אָפטמאָל אפילו פיינטלעכן שטאַנדפּונקט פונם צווייטן סאָצ. אַקאַד. קרייז „זוויאָזעק", צו וועלכן ס'האָבן געהערט פּ. פּ. ס'ישע סעקציאָניסטן און זש. פּ. ס'ישע אַקאַדעמיקער. דערביי האָט דער „חירות" שטענדיק קלאָר פאָרמולירט זיין סאָציאַליסטישע באַציונג צו אַלע פראַגן פונם אַלגעמיינעם און יידישן פּאָליטישן לעבן.

זייער אָנגעזעען איז געווען די ראָלע פונם לעמבערגער „חירות" בשעת דעם קאָנפליקט צווישן די פּוילישע און יידישע אַקאַדעמיקער אין דער פראַגע פון צולאָזן די יידישע אַקאַדעמיקער פון קאָנגרעס=פּוילן צו דעם אוניווערזיטעט. די פּוילישע נאַציאָנאַליסטישע אַקאַדעמיקער (פון נ. ד. ביז פּ. פּ. ס.) האָבן געפאָדערט, אַז אַלע יידישע אַקאַדעמיקער פון פּוילן זאָלן זיך צושטעלן פאַר זייער געריכט, וועלכער זאָל פעסטשטעלן, ווי איז געווען זייער באַציונג צום באָיקאָט פון די רוסישע שולן אין פּוילן און אויפן גרונד פון דעם ערשט באַשליסן, צי מעג מען זיי אָננעמען אין אוניווערזיטעט.

די יידישע אַקאַדעמיקער האָבן באַשלאָסן — בפרט האָט דאָ געווירקט דער „חירות" — אַז אַזאַ געריכט מוז געשאַפן ווערן פון אַלע נאַציעס, אויב נישט, טאָרן זיך די יידישע אַקאַדעמיקער נישט צושטעלן פאַר דעם פּויליש=אַקאַד. געריכט. די פּוילישע אַקאַדעמיקער האָבן דערויף נישט מסכים געווען. זיי האָבן אָנגעהויבן די אַקאַדעמיקער, עמיגראַנטן פון רוסלאַנד, מיט כוח אַרויסוואַרפן פון די אוניווערזיטעט=זאַלן.

אין אַ גרויסער מאָס אונטער דער השפעה פונם „חירות" האָבן די יידישע אַקאַדעמיקער באַשלאָסן צו ענטפערן אויף דעם געוואַלט=אַקט מיט כוח. עס איז טאַקע געקומען צו 2=טאָגיקע בלוטיקע געשלעגן. דערביי איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין ערשטן טאָג פון די געשלעגן האָבן זיך צוגעשטעלט אינגאַנצן נאָר די „חירות"=מיטגלידער, דער ייד. ספּאָרט=קלוב „חשמונאי", אַ טייל פון „זוויאָזעק", פון די ציוניסטישע אַקאַדעמיקער האָבן זיך געשטעלט נאָר געציילטע. ערשט דעם צווייטן טאָג זענען אויך זיי געקומען צאָלרייך. באַ די געשלעגן זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן אייניקע פּוע"צ (צווישן זיי גאָליגער פון פּשעמישל און לאַנדוי פון לעמבערג). צוליב די געשלעגן איז פאַרמאַכט געוואָרן אויף אַ צייט דער אוניווערזיטעט (געווען איז עס — דאַכט מיר — אין יאָר 1912).

איך וויל נאָך דערמאַנען, אַז קעגן די נאַציאָנאַליסטישע אַקאַדעמישע פאַריינען איז אַרויסגעטרעטן נאָר דער ס. ד.=פאַריין „ספּוינאַ". כדי צו קאָאָרדינירן די אַרבעט פון די „חירות"=פאַריינען און פון אַלע פּוע"צ=אַקאַדעמיקער, האָט דער „חירות"=פאַריין אין לעמבערג אָרגאַניזירט אַן אַקאַדעמיקער=צוזאַמענפאָר אין יאָר 1913. דער צוזאַמענ=

פאַר האָט געשאַפן אין לעמבערג אַ צענטער פאַר אַקאַדעמישער אַרבעט און אָנגעצייכנט די וועגן פון בילדונגס־אַרבעט סיי צווישן אַקאַדעמיקער, סיי אין דער פּאַרטיי. דעם לע־בעדיקסטן אָנטייל האָבן גענומען אינם צוזאַמענפאָר די ח"ח זיגעלמאַן, י. קאַנדל, ב. לאָ־קער. אין נאָמען פונם מיטל־ביוראָ. ק. האָב איך געהאַלטן אַ באַגריסונגס־רעדע.

*

* *

נאָך עטלעכע מאָמענטן פונם לעבן פון דער עסטרייכישער פועלי־ציון־פּאַרטיי וויל איך באַרירן.

צוערשט וועגן דער פּראָפ. אַרבעט. די יידישע אַרבעטער פון גאַליציע האָבן בעיקר געאַרבעט אין צוויי צווייגן: שניידעריי און האַנדל. די שניידער זענען שוין פריער אָרגאַניזירט געווען אין די גרעסערע שטעט דורך דער פּ. פּ. ס. ד. און זענען בירושה אַריבער צו דער זש. פּ. ס. די האַנדלס־אָנגעשטעלטע זענען אָרגאַניזירט גע־וואָרן דורך די פועלי־ציון. צוליב דער נעגאַטיווער און אַסימילאַטאָרישער באַציונג פון די ווינער צענטראַלעס צו די פאָדערונגען פון די יידישע אַרבעטער האָבן די פּוע"צ אָרגאַניזירט צוערשט אַ באַזונדערן „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־פאַרבאַנד". ווען די אַרבעט איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן, בפרט באַ די ה. אָנגעשטעלטע, און ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט־פּאַסיק די פאָרם פון אַ פאַרשידנפאַרביקן־פאַרבאַנד, איז אָר־גאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1912 אַ באַזונדערער „פאַרבאַנד פון יידישע האַנדלס־אָנגע־שטעלטע און פּריוואַט־באַאַמטע" (ביוראַליסטן). דער פאַרבאַנד האָט געהאַט אָפּטיילונגען אין אַ סך פונקטן, געפירט אַ סך פּראָפ. אַקציעס און האָט אַרומגענומען דעם גרויסן רוב יידישע ה. אָנגעשטעלטע.

אַלע פּרוּוון פון דער ווינער צענטראַלע צו צעברעכן די השפעה פון פועלי־ציון באַ די האַנד. אָנגעשטעלטע זענען געווען אָן דערפאָלג. די האַנד.־אָנג. האָבן נישט געקענט מסכים זיין צו דער אַסימילאַטאָרישער און ריין־ביוראָקראַטישער אַרבעט פון די ווינער פירער און זייערע פּ. פּ. ס'ישע נאָכשלעפּער. ערשט אין די לעצטע חדשים פאַר דער מלחמה — זענענדיק דעם כסדרדיקן וואוקס פון דעם „יידישן האַנדלס־אָנגע־שטעלטן־פאַרבאַנד" — האָט די צענטראַלע אָפּגעדרוקט יידישע מיטגלידס־ביכלעך און אַ יידישן סטאַטוט. די אינטריגעס פון פּ. פּ. ס. און זש. פּ. ס. האָבן אָבער אויך דאָן געשטערט צו קומען צו אַ הסכם מיט דער ווינער צענטראַלע אויפן יסוד פון אָנערקע־נען די רעאַלע לאַגע און באַדערפענישן פון די יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

איך וויל נאָך דאָ דערמאַנען די גרויסע אַקציע פון אונזער פאַרבאַנד פאַר פאַר־מאַכן די געוועלבער זייגער 7. דידאָזיקע אַקציע צוזאַמען מיט פאַרשידענע לוין־אַק־ציעס האָט באַדייטנד פאַרשטאַרקט די פּאָפּולערקייט פונם פאַרבאַנד.

איך האָב שוין דערמאָנט, אַז דער „אַלג. ייד. אַרבעטער־פאַרבאַנד" איז געוואָרן

אויפגעלעזט. דאָס האָט נייטיק געמאַכט צו אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעל די אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן. און דאָ האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַן אומגעהייער שטאַרקן ווידער=שטאַנד מצד דער פּ. פּ. ס. ד. און זש. פּ. ס. ד. שוין אָפּגערעדט, וואָס זיי האָבן אין יענע פּראָפ. פאַריינען, וועלכע זענען געשטאַנען אונטער זייער השפּעה, געצוווּנגען אונזערע חברים צו צאָלן זייער פּאַרטיי=שטייער! זיי האָבן זיך משתדל געווען באַ די ווינער צענטראַלעס, מען זאָל אונז נישט עפענען קיין אָפּטיילונגען און צאָל=שטעלן. (דאָסזעלבע כּלי=זיין האָבן פריער אָנגעווענדט די פּ. פּ. ס. לגבי די זש. פּ. ס.) מיר זענען דעריבער געווען געצוווּנגען צו פירן אַ ריי לוין=קאַמפן אָן פּראָפּ. פאַריינען. אַזוי דערמאַן איך זיך למשל אין גרויסע שטרייקן פון יידישע אַרבעטער אין סאַסאָוו און זשולקעוו א. ד. גל. בהדרגה האָבן מיר אָבער באַוויזן אין די לעצטע 2—3 יאָרן פאַרן קריג דורכצוברעכן די וואַנט באַ די ווינער צענטראַלעס. פּאַמעלעך האָבן זיך די ווינער פירער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג איבערצייגט, אַז די טענות פון פּ. פּ. ס. און זש. פּ. ס. וועגן אונזער „נאַציאָנאַליזם", „געלקייט" א. ד. גל. זענען טענות פון ליגנערישע, אומערלעכע קאָנקורענטן. די ערשטע אָפּטיילונגען אונזערע פון די ווינער צענטראַלעס זענען געווען די יידישע קירזשנער=אָפּטיילונגען, וועלכע זענען געווען כּמעט אַלע אין אונזערע הענט. די גרעסטע אָפּטיילונג האָבן מיר געהאַט אין זשולקעוו. אין ניי=סאַנץ האָבן מיר געהאַט אַן אָפּטיילונג פון דער שניידער=צענטראַלע און — דאַכט זיך — אויך פונם מאָלער=און לאַקירער=פאַריין. דאָרט איז אונזער כּוח געווען אַזוי גרויס, אַז די פּ. פּ. ס. האָט איינגעאָרדנט צוזאַמען מיט אונז אַ מאַי=פייערונג. אויך אין אַנדערע פונקטן האָט זיך אָנגעהויבן ענדערן די באַציונג פון די ווינער צענטראַלעס צו אונז. אין לעמבערג גופא האָבן מיר געוווּנען אַ גרויסע השפּעה באַ די בעקער=אַרבעטער. די יידישע מיטגלידער פון די דרוקער=פאַריינען זענען אינם רוב שטענדיק געשטאַנען אונטער אונזער ווירקונג.

•

•

די בלעטלעך, וועלכע די זש. פּ. ס. האָט פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, געהערן געוויס נישט צו די בכּבודיקסטע, הגם אין יאָר 1906 האָט די זש. פּ. ס. אָנגענומען דעם לאָזונג פון נאַציאָנאַל=קולטורעלער אויטאָנאָמיע, האָט זי קיינמאָל נישט געפירט קיין ערנסטן קאַמף פאַר די נאַציאָנאַלע רעכט פון די יידישע מאַסן, זי האָט קיינמאָל נישט אויפגעקלערט די יידישע מאַסן מכּח דעם אינהאַלט פון איר נאַציאָנאַלן פּראָגראַם, זי האָט קיינמאָל נישט געפירט קיין ערנסטע פּאָליטישע און און אויפקלערונגס=אַרבעט. דורך און דורך אָפּאָרטוניסטיש, האָט זי געוואוסט נאָר פון איין אַרבעט: וואַלן. זי איז די גאַנצע צייט געבליבן אין תּוך אַ סעקציע פון דער פּ. פּ. ס. ד. אין יאָר 1907 האָט זי גענומען אויף זיך די טרויעריקע ראָל צוצושטעלן

וואַל=מאַכערס פאַרן פּ. פּ. ס=ישן קאַנדידאַט, דיאַמאַנד, וואָס האָט דורך קויפן שטימען און דעם אופן פון זיין וואַל=„אַגיטאַציע” פאַרסמט די יידישע גאַס.

זי האָט זיך געיאָגט נאָך אָנערקענונג מצד דער פּ. פּ. ס. ד. פאַר יעדן פּרייז. און ווען דיאַמאַנד און דאַשינסקי, מורא האָבנדיק פאַר דיאַמאַנדס מאַנדאַט באַ די פּאַרלאַמענט=וואַלן אין יאָר 1911, זענען מסכים געווען צו אָנערקענען די זש. פּ. ס. און אַריינצושיקן אין אירע רייען די לעצטע יידן פון דער יידישער סעקציע באַ דער פּ. פּ. ס., כדי פאַר דעם פּרייז צו געווינען די הילף פון דער זש. פּ. ס. באַ די וואַלן, האָט די זש. פּ. ס. גיך פאַרגעסן די בלוטיקע קלעפּ, וועלכע זי האָט געכאַפּט פון פּ. פּ. ס׳ישע שלעגער באַ אירע ערשטע מאַי=פייערונגען און אירע שפּעטערדיקע מיטינגען און אפילו איר אייגענעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם, זי האָט זיך — לויט דער פאָדערונג פון פּ. פּ. ס. ד. — אָפּגעזאָגט פונם לאָזונג פון נאַציאָנאַל=קולטורעלער אויטאָנאָמיע און האָט דערפאַר באַקומען דעם פּ. פּ. ס׳ישן הכשר, די אַסימילירטע סאַלאַמאַנדערס און בובערס אַלס מיטגלידער, און די טרויעריקע מיסיע — מיט טעראָר און שווינדל דורכצופירן דיאַמאַנדן.

די פּועלי=ציון האָבן די גאַנצע צייט שאַרף און אָן רחמנות דעמאַסקירט די האַלבקייט און פּוסטקייט פון דער זש. פּ. ס. זיי האָבן געוואָרנט די יידישע אַרבעטער פאַר דער אַסימילאַטאָריש=קנעכטישער מה=יפית=פּאָליטיק פון די זש. פּ. ס׳שע אינטעליגענטן=פירער. דער קאַמף האָט זיך אָבער פאַרשאַרפט נאָכן דערמאָנטן זש. פּ. ס׳ישן פאַראייניקונגס=קאָנגרעס פון 1911 און נאָכן זש. פּ. ס׳ישן פאַרראַט לגבי דעם אייגענעם פּראָגראַם. די פּוע”צ האָבן אָנגעוויזן, אַז די פּ. פּ. ס׳ישע אָנערקענונג איז נאָר אַ וואַל=מאַנעוור.

אַלס פּועל=יוצא פון דעם עקשנותדיקן קאַמף פון די פּועלי=ציון איז טאַקע געקומען אַ שפּאַלטונג באַ די זש. פּ. ס. די מער עולעבע אַרבעטער=עלעמענטן מיטן פאַרטאָ"בענעם שניידער-אַרבעטער ב. פויגלער און אַנדערע אַרבעטער בראש האָבן פאַרלאָזט די פּראָגראַמלאָזע פּאַרטיי און האָבן אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן (ווי מיר דאַכט זיך, א. נ. „פאָרווערטס”).

פון דער גאַנצער פאַראייניקונג מיט די בובערס און דער אָנערקענונגס=קאָמעדיע איז איבעריקנס שפּעטער גאָרנישט געוואָרן. גלייך, ווי דיאַמאַנד איז געוויילט געוואָרן, האָט זיך די פּ. פּ. ס. ד. אומגעקערט צו איר פריערדיקער קאַמף=און באָיקאָט=פּאָליטיק לגבי דער זש. פּ. ס. די סעקציאָניסטן פון בובערס שניט גייען צוריק צו דער פּ. פּ. ס. די זש. פּ. ס. הייבט זיך אָן ווידער צו דערמאָנען אין איר נאַציאָנאַלן פּראָגראַם. די שפּאַלטונג אין דער זש. פּ. ס. איז אַזוי אַרום געוואָרן ליקווידירט, אָבער די זש. פּ. ס. איז שוין קאָמפּראָמיטירט.

דער אויפריכטיקער און פּרינציפּן=געטרייער קאַמף פון „פּועלי=ציון” קעגן דער זש. פּ. ס. האָט בכן דורכגערייניקט די אַטמאָספער אויף דער יידישער אַרבעטער=גאַס

און האָט, בפרט אין די צוויי לעצטע פאַרמלחמה־יאָרן, פאַרוואַנדלט די „פועלי־ציון" אין אַן אָנגעזעענעם פּאָליטישן פאַקטאָר.

*

זי האָט אויסגעזען דאָס אינערלעכע לעבן, ווי איז געווען די אינערלעכע אַנט־ווייקלונג פון דער עסטרייכישער פאַרטיי?

זייער שטאַרק האָט אין די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס פולסירט די קולטור־און אויפקלערונגס־אַרבעט. קורסן, קרייזן, לעקציעס און פאָרלעזונגען און בעיקר דער „יידישער אַרבעטער", דער איינציקער ערנסטער יידישער אָרגאַן, מיט אַ באַציִונג צו דער שפּראַך און דעם אינהאַלט, האָבן יעדן פועלי־ציון־אַרבעטער דערצויגן צו אַ קלאַסנבאַוואוסטן אַרבעטער, וואָס איז פעיק געווען צו באַהאַנדלען אַלע פראַגן פון לעבן און קאַמף. דער ניוואָ פון דער פוע"צ־באַוועגונג איז געווען אַזוי הויך, אַז די זש. פּ. ס'ישע אַרבעטער, נישט געוואוינט צו וועלכער נישט איז ערנסטער קולטור־און אויפקלערונגס־אַרבעט צו־ערשט אין פּ. פּ. ס. און דערנאָך אין זייער פאַרטיי, האָבן אָפטמאָל געטענהט: בּאַ אייך איז עפּעס צו אינטעליגענטיש און געבילדעט! איר ברעכט זיך צופיל דעם קאָפּ איבער ביכער און פּראָגראַמען!

די אַנטשטייונג פון דער פאַרטיי, די ערשטע יאָרן פון איר אַרבעט און דער פאַקט, וואָס זי איז שטענדיק געשטאַנען אין פייער פון קאַמף קעגן אַסימילאַציע און וואָס צוליב דער שוואַכקייט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין גאַליציע האָט זי נישט געקענט גיין זעלבשטענדיק צו די פּאַרלאַמענט־וואַלן, האָבן שטאַרק משפּיע גע־ווען אויף דער אידעישער אַנטוויקלונג פון דער פאַרטיי.

איין איינציק מאָל האָבן די יידישע אַרבעטער געהאַט אַן אייגענע קאַנדידאַטור. דאָס איז געווען דאַן, ווען אין קאַמף קעגן לעווענשטיינען בּאַ די וואַלן צום גאַליציש־סיים האָט די זש. פּ. ס. אַרויסגעשטעלט אַן אייגענעם קאַנדידאַט, אַן אַרבעטער — דאַכט זיך — בירנבוים. די פועלי־ציון האָבן דערקלערט זייער גרייטקייט צו שטיצן דעם זש. פּ. ס.־קאַנדידאַט. אָבער די זש. פּ. ס. האָט זיך אַזוי אומערנסט באַצויגן צו איר קאַנדידאַט, אירע אַסימילירטע פירער האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט אַזאַ חוזק און געוויזן אַזוי ווייניק חשק צו קעמפן קעגן לעווענשטיינען, אַז דער זש. פּ. ס'ישער סיים־קאַנדידאַט האָט באַקומען אַזש... 18 שטימען. לעווענשטיין איז דאַן דורכגעפאַלן צו־ליב דעם עקל, מיט וועלכן ס'האָבן זיך צו אים שוין דאַמאָלס באַצויגן די יידישע מאַסן.

די פאַרטיי איז צוליב די אויבנדערמאַנטע סיבות די גאַנצע צייט פון איר עק־זיסטענץ געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אָנטייל אינם ציוניסטישן קאָנגרעס. זי האָט זיך אין די ערשטע יאָרן באַטייליקט אַקטיוו אין די זאַמלונגען פונם נאַציאָנאַל־פאָנד.

אַן איבערגעוויכט אין איר האָבן געהאַט די א.ג. רעוויזיאָניסטישע שטרעמונגען (פונם דייטשישן רעוויזיאָניסט עדוואַרד בערנשטיינס חדר). זי איז געווען נוטה אָנצונעמען דעם שטאַנדפּונקט פון קאָנסטרוקטיוון סאָציאַליזם אין פּאַלעסטינע און איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון פראַנץ אָפּנהיימערס טעאָריע וועגן „זידלונגס-גע-נאָסנשאַפטן“, איינגעאָרדנט אָפּנהיימערס פאַרלעזונגען, סעמינאַרן א. ד. גל.

בהדרגה האָט זיך אָבער דורכגעבראָכן אין דער פּאַרטיי אַן אַנדערע ליניע, די אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטישע. דאָ האָט זייער שטאַרק געווירקט די השפּעה פון דער רוסלענדישער פּועלי-ציון-פּאַרטיי. די חברים-עמיגראַנטן פון רוסלאַנד א. כ א ש י ן, זרבבל, כתריאל כ א ז א נ אָ וו י ט ש, א. ר ע וו י צ ק י (ש ל י מ אָ וו י ט ש), וועלכע האָבן געפירט אַ לעבעדיקע פּראָפּאַגאַנדע אין דער פּאַרטיי, בפרט כתריאל און זרבבל, וועלכע האָבן אַ לענגערע צייט רעדאַגירט „דעם יידישן אַרבעטער“ און באַזוכט אַלע ווינקעלעך פון גאַליציען, האָבן שטאַרק משפּיע געווען אויף דער מאַרקסיסטישער אַנטוויקלונג פון די גאַליצישע אָרגאַניזאַציעס, דערנענטערנדיק זי און בפרט דעם יונ-גערן עלעמענט, וועלכער האָט נישט געהאַט דורכגעמאַכט די צוגעהעריקייט צו די ציוניסטישע דיסטריקט און לאַנד-אָרגאַניזאַציעס צו דער רוסלענדישער, באָראָכאָוויסטי-שער אויפפאַסונג פונם פּועלי-ציוניזם.

אין דער פּאַרטיי האָט זיך אַלץ שאַרפער פונאַנדערגעפלאַקערט דער קאַמף פאַר און קעגן דעם ציוניסטן-קאָנגרעס. די „עקזעקוטיווע“ פון דער פּאַרטיי מיט ש. קאַפּ-לאַנסקי בראש איז געשטאַנען פ אַ ר באַטייליקן זיך אינם קאָנגרעס. דער איינציקער — ווי מיר שיינט — קעגנער פונם ציוניסטן-קאָנגרעס אין דער עקזעקוטיווע אין געווען י. ק אַ נ ד ל. פון אַנדערע מער אָנגעזעענע טוער איז געווען קעגן דעם קאָנגרעס ל. ש ט י י נ מ ע ץ (פון בוקאָווינע), י. ק ע נ ע ר, דער פירער פון דער „יוגנט“ און, אויב איך האָב נישט קיין טעות, ש. ס אָ ק אַ ל (אויך פון בוקאָווינע). ה׳ ב. ל אָ ק ע ר, וואָס איז דעמאָלט אין דער פראַגע פון א. ג. „גלות-אַרבעט“ געשטאַנען אויף דעם מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט, איז אויך דאַן געווען פאַרן ציוניסטישן קאָנגרעס (נאָך דער מלחמה האָט ער זיך א י נ ג אַ נ צ ן געשטעלט אויף אַן אויסגעשפּראָכענעם אַנטי-באָראָכאָוויסטישן שטאַנדפּונקט).

די פראַגע פון אָנטייל אינם ציוניסטן-קאָנגרעס איז געשטאַנען אויפן לעצטן (פאַר דער מלחמה) „פּאַרטיי-טאָג“ (צוזאַמענפאָר). די שטימונג קעגן קאָנגרעס איז שוין דאַן געווען אַזוי שטאַרק, אַז די אָנהענגער פונם קאָנגרעס — נישט געקוקט אויף אַלע באַ-מיונגען קאַפּלאַנסקיס — האָבן שוין געהאַט נאָר אַ ר ע ל אַ ט י וו ע מערהייט. קעגן דעם קאָנגרעס האָבן געשטימט אייניקע און צוואַנציק דעלעגאַטן. אַ גרויסע צאָל דעלע-גאַטן האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען. צו יענע, וואָס האָבן געשטימט קעגן דעם אָנטייל אינם קאָנגרעס, האָבן געהערט צווישן אַנדערע י. ז י י ל ע ר (דעלעגאַט פון לעמבערג) און איך (אַלס דעלעגאַט פון צ. ק. „יוגנט“).

איך געדענק נאָך איין מאָמענט פון דעם קאַמף אַרום דער פראַגע פון דער באַ-

ציונג צו דעם ציוניסטן-קאָנגרעס און זייַנע אינסטאַנצן. אין יאָר 1912 אָדער 1913 האָט זיך ש. קאַפּלאַנסקי אין נאָמען פון פּ. ב. באַטייליקט אין אַ זיצונג פונם ציונ. אַקציאָנס-קאָמיטעט. אין וואָס פאַר אַ כאַראַקטער, האָבן מיר דאַן נישט געוואוסט. אויף דער נאָענטסטער פּאַרטיי-פאַרזאַמלונג האָבן מיר געשטעלט די פראַגע און 5 מיטגלידער (י. זיילער, י. פּאַרדעס, י. רייזער, איך און נאָך איינער) האָבן פאָרגעלייגט צו פאַראורטיילן דעמדאָזיקן שריט פונם פּ.-ביוראָ. נאָך רעדעס קעגן פון ב. לאָקער און י. קאַנדל האָט די פאַרזאַמלונג אונזער פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן, באַשליסנדיק צו פאָדערן דורך דער עקזעקוטיווע (צ. ק.) באַם פּ. ב. אויפקלערונגען וועגן דעם שריט, וואָס האָט אין תוך אויך באַדייט אַן אָפּאָזיציע צו דער האַנדלונג. מיר זענען געווען אַזוי שטאַרק אויפגעבראַכט אויף דעם „ווייכן" באַשלוס, אַז מיר האָבן פאַרלאָזט דעם זאַל און זענען אַרויסגעטרעטן פון דער פּאַרטיי. מיר האָבן זעלבסטפאַרשטענדלעך באַלד נאָך דעמדאָזיקן זייער אומרייפן „יוגנטלעכן" שריט באַקומען חרטה און אין זייער אַ קורצער צייט האָבן מיר זיך אומגעקערט צו דער פּאַרטיי מיט אַן אַנטשולדיקונגס-דעקלאַראַציע פאַר אונזער שריט. דאָס פּ. ב. האָט שפּעטער צוגעשיקט אַן אויפקלערונג, אַז ח' קאַפּלאַנסקי האָט זיך באַטייליקט אין דער זיצונג פונם א. ק. נאָר צוליב ריין-אינפאָרמאַטיווע צוועקן.

איך האָב געהאַלטן, אַז דער ענטפער איז נישט זייער באַפרידיקנדיק, אָבער איך האָב (צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע חברים) מודה געווען, אַז אונזער אַרויסטרעטונג איז געווען זייער נישט געלונגען און נישט פאַראַנטוואָרטלעך.

די פּאַרטיי האָט געמוזט פאָרמולירן אויך די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, וועלכע די יידישע מאַסן האָבן געדאַרפט אויפשטעלן לגבי דער עסטרייכישער רעגירונג און דעם גאַליציישן סיים, און די שייכות פון איר קאַמף אויפן אָרט („גלות-אַרבעט", „געגנוואַרטס-אַרבעט") צום פּאַלעסטיניזם. עס איז אָנערקענט געוואָרן די גלייכווערטיקייט און אָרגאַנישע צונויפגעבונדנקייט פונם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע רעכט פון די יידישע מאַסן אין עסטרייך מיטן קאַמף פאַר דעם טעריטאָריאַלן צענטער אין פּאַלעסטינע. גרויסע פאַרדינסטן באַם אויסאַרבעטן דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם און באַם פאָרמולירן די באַציונג פון דער פּאַרטיי צום קאַמף אויפן אָרט האָבן געהאַט דער אומפאַרגעסלעכער דר. מאַקס ראָזנפעלד, (וואָס איז קורץ פאַר זיין טויט געוויילט געוואָרן אַלס דער ערשטער סיים-דעפּוטאַט פון פּועלי-ציון צום פּוילישן סיים) און ב. לאָקער (דער לאַנג-יאָריקער רעדאַקטאָר פונם „יידישן אַרבעטער" און מחבר פון צוויי פּאָליטישע בראָשורן פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי: „וואָס ווילן מיר פונם צווייטן פאָלקס-הויז" „די וואַל-רעפאָרם צום לאַנד-טאָג און די יידן").

אין דער פּוע"צ-וועלט-באַוועגונג איז די עסטרייכישע פּאַרטיי געשטאַנען צווישן דער אַמעריקאַנער און דער רוסישער פּאַרטיי, זייענדיק אָבער נענטער צוליב ש. קאַפּלאַנסקיס אָנפירונג צו דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי. דער לינקער באַראָכאָוויסטישער

פליגל איז פון תמיד אָן געווען שטאַרקער איבער מער־פּראָלעטאַרישן קאַנט, אין מזרח־גאַליציע. (פונדאַנען נעמט זיך טאַקע די שפּעטערדיקע דערשיינונג, וואָס די באַמיונגען פון די רעכטע נאָך דער V וועלט־קאָנפערענץ צו געווינען אַ באָדן אין פּוילן, האָבן געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג נאָר אין מערב־גאַליציע. פונדאַנען שטאַמט אויך אין אַ גרויסער מאָס דער פאַקט, וואָס די שפּעטערדיקע מ.־גאַליצישע פּאַרטיי איז שטענדיק געווען קעגן דעם אחדות־העבודה, אויפטו און איז נאָך לאַנגע וואַקלונגען ענדלעך אין איר גרויסער מערהייט אַריבער צו דעם באָראָכאָוויסטישן פּועלי־ציון פאַרבאַנד).



עס איז געקומען דאָס יאָר 1914.

איבער עסטרייך און גאַנץ אייראָפּע האָבן זיך אָנגעהויבן טראָגן אַלאַרם־גלאָקן. די מלחמה־סכנה איז געוואָרן אַלץ דראָענדיקער און בולטער.

די פּ. פּ. ס., באַהערשט דורך דעם סאָציאַל־נאַציאָנאַליסטישן גייסט, האָט אַקטיוו געשטיצט די מלחמה־שטימונגען קעגן רוסלאַנד. די עסטרייכישע רעגירונג איז געוואָרן אַלץ אַגרעסיווער און ברוטאַלער. עס איז געקומען דער אַטענטאַט אין סאַראַיעוואָ און דער טויט פון פּרינץ פערדינאַנד. די מלחמה־אַטמאָספער איז געוואָרן נאָך שטיקנדיקער.

די יידישע אַרבעטער זענען אונטער דער אָנפירונג פון די פּועלי־ציון געטריי געבליבן דעם רוף פון אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־סאָלידאַריטעט, די פּאַרטיי האָט גערופן פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען און מיטינגען, געקעמפט אין צייטונג.

די מלחמה איז אויסגעבראָכן! דעם 31 יולי 1914 איז דערשינען דער לעצטער פאַרמלחמהדיקער נומער פונם „יידישן אַרבעטער". גלייך דערנאָך זענען הונדערטער חברים מאָביליזירט געוואָרן, עס זענען געקומען די בלוטיקע טעג פון מלחמה און קריגס־צושטאַנד. צעריסן איז געוואָרן דער פּאַרטיי־אָרגאַניזם, אָפּגעהאַקט די פּאַרטיי־אַרבעט, צעבראָכן די פאַריינען, אַנטשוויגן דער אָרגאַן.

אָבער נאָר אויף אַ ווייל.

געלעבט האָט די פּאַרטיי אין די אַרבעטער־הערצער דאָרט ווייט אין די שוץ־גרובן, געלעבט האָט דער פּועלי־ציוניזם אין די נשמות פון די יידישע אַרבעטער אין די עמיגראַנטן־לאַגערס און מיליטערישע פאַבריקן.

געלעבט האָט אונזער אידעע אין דער פלאַמענדיקער באַגייסטערונג פון דער „יוגנט".

זי האָט דאָס אויפגעהויבן צוריק פון בלוטיקן שטויב די פּאַרטיי־פאָן, צוריק אויפגעבויט אין שווערסטן און שרעקלעכסטן מאָמענט די פּועלי־ציון־פּאַרטיי פון עסטרייך..

און ווען פלוצלינג אין יאָר 1917 האָט צו מיר אויף דעם איטאַליענישן פראָנט

פאַרבלאָנזשעט דער ערשטער נומער פונם באַקאַנטן „יידישן אַרבעטער“ (פון ווין) און מיט טרערן אין די אויגן האָב איך און אַנדערע יידישע זעלנער געלייענט דעמדאָזיקן רוף צו אַ נייעם און בעסערן לעבן, האָב איך זיך כלל נישט געוואונדערט, וואָס דער „יידישער אַרבעטער“ דערשיינט אויפסניי.

איך האָב געוואוסט דעמאָלט, ווי איך ווייס עס הייַנט: ווי לאַנג עס קלאַפּט אַ יידיש אַרבעטער־האַרץ אויף דער ערד, אַזוי לאַנג מוז און וועט לעבן דער קאַמף פאַרן סאָציאַליזם אויף דער יידישער גאַס, דער פועלי־ציוניזם!

## ג. בוקסבוים.

# דער ליטווישער ראַיאָן-קאָמיטעט

דער ליטווישער ראַיאָן-קאָמיטעט פון דער א. ס. ד. א. פּ. (פּועלי-ציון) האָט אין די יאָרן פון דער שוואַרצער צאַרישער רעאַקציע געשפּילט אַ גאַנץ וויכטיקע און אייגנאַרטיקע ראָלע אין לעבן פון אונזער פּאַרטיי; דערביי איז זיין געשיכטע ענג צוזאַמענגעבונדן מיט דער גאַנצער רוסלענדישער באַוועגונג פון יענע יאָרן.

אין 1908 האָבן מיר (ווי די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד) איבערגעלעבט דעם שווערסטן אָרגאַניזאַציאָנעלן קריזיס. קיין צענטר האָט כמעט ווי נישט עקזיסטירט.

די בעסטע טוער זענען שוין צו דער ערשטער העלפט פון 1908 געווען אין אויסלאַנד. אין ווילנע איז די גאַנצע אַרבעט געווען קאָנצענטרירט אין די הענט פון ח' זרבבל, וועלכער האָט צו יענער צייט אַרויסגעגעבן אַ זייער אינהאַלטס-רייכן זאַמל-בוך „די יוגענט-שטימע" און אַ „פּסח-בלאַט". ח' זרבבל ווערט אַרעסטירט. נאָך דעם שטאַרקן אויפרוף פון דער פּינסקער אָרגאַניזאַציע, ווערן געמאַכט ענערגישע געלט-זאַמלונגען, כדי אַרויסצוראַטעווען דעם ח' זרבבל. ס'רופן זיך אָפּ פּאָלטאַווע, אָדעס, ביאַליסטאָק וואַרשע, לאָדזש און אַנד. דאָס האָט אין אַ קורצער צייט פאַרשטאַרקט די פאַרבינדונג צווישן אַ ריי אָרגאַניזאַציעס.

צום סוף 1908 האָבן נאָך אייניקע אָרגאַניזאַציעס נישט אָפּגעשטעלט זייער טעטיקייט. אין דער שפּיץ פון די אַקטיווע איז געשטאַנען די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע. אין אַ ריי שטעט (וואַרשע, לאָדזש, פּינסק, א. א. ו.) נעמען מיר אַן אַקטיוון אָנטייל

אין אומלעגאלן רויטן־קרייז און באַשעפטיקן זיך מיט קולטור־רעלער און צוגרייטונגס־אַרבעט. אַזוי, צ. ב., האָט די פּינסקער אָרגאַניזאַציע צום סוף 1908 אָנגעפירט מיט 35 אומלעגאַלע אַרבעטער־גרופּן (צו 6—8 אין יעדער) פון שוועבל־און פּאַפּיר־פאַבריק, וועלכע האָבן אַ דאַנק אונז באַקומען די ערשטע עלעמענטאַרע בילדונג און האָבן זיך מיט אונז צוזאַמענגעלעבט אידעיש.

אין 1909 שאַפט זיך אונזער צענטער אין אויסלאַנד, אין ווין. מ'האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן פּעריאָדיש א.־ב. (אינפאָרמאַציאָנס־בלעטלעך) אונטערגעשריבן פון אפרים און מנשה (בלומענפעלד און שלימאָוויטש). אין די פּינסטערע טעג פון דער שוואַרצער רעאַקציע האָבן אָט די א. ב. געטראָגן ליבע און האָפנונג אין אונזער פּועלי־ציוניסטיש וועלטל.

אין 1909 האָבן שוין גאַנץ ענערגיש געאַרבעט כמעט אויף אַלע געביטן אַ ריי שטעט (אין ליטע: ביאַליסטאָק, פּינסק, ווילנע; אין פּוילן: וואַרשע, לאָדזש, טיילוויין טשענסטאָכאָוו און בענדין; אין דרום: קיעוו־דעמיעווקע, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק און אָדעס). אין די איבעריקע שטעט איז די אַרבעט געגאַנגען שוואַכער. אין יענער צייט האָט די ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן אַרויסווייזן זייער פיל אַקטיוויטעט, פאַרוואַנדלענדיק זיך כמעט אין אַ ראַיאָן־קאָמיטעט. נאָר אין אַ פּאָר חדשים אַרום קומט פאָר אַ דורכפאַל. כמעט די גאַנצע ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַציע ווערט אַרעסטירט און הערט אויף אויף אַ לענגערער צייט כמעט צו עקזיסטירן.

## 2

אין 1909 קומט פאָר די אַלוועלטלעכע קאָנפערענץ פון פּוע״צ. דירעקט פאַר איר קומט פאָר אונזער רוסישע קאָנפערענץ. צו דער לעצטער האָבן מיר זיך ענערגיש געגרייט. אַלע וויכטיקע פּונקטן זענען געווען פאָרגעשטעלט דורך ספּעציעלע דעלעגאַטן. דער פּעסימיסטישער פאָרשלאַג פון שלום קעשעניאָווער (גאָלדעלמאַן), מיר זאָלן זיך אַריינגיסן אין בונד און דעם לעצטן פאַרוואַנדלען אין פּוע״צ, געפינט נישט קיין אָפּקלאַנג. ס'ווערט געפירט אַ הייסער קאַמף פון די קאָנגרעסיסטן און אַנטיקאָנגרעסיסטן. ס'האָבן גובר געווען די לעצטע. דער קאַמף איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויף דער וועלט־קאָנפערענץ און אין פאַרבאַנד. גאַנץ ליטע, די וויכטיקסטע צענטערן פון פּוילן, האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אָנטיילנעמען אין ציונ. קאָנגרעס. די רעוואָלוציאָנערע שטעלונג פון ח׳ באָראָכאָוו האָט באַקומען די אַלגעמיינע צושטימונג.

אין יענער צייט האָט אָנגעהויבן וואַקסן דער ליטוויש־ווייסרוסלענדישער טייל פון דער פּאַרטיי. נישט קענענדיק באַדינען די גאַנצע פּאַרטיי, האָט דער צ. ק. איבערגעגעבן אייניקע שטעט דער פּינסקער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געדאַרפט שטיין מיט זיי אין אַ רעגולערער פאַרבינדונג. דאָס צעטל פון די שטעט האָט געהאַלטן אין איין פאַר־

גרעסערן זיך. ווילנע האָט געזאָלט באַדינען מיט ליטעראַטור. אַזוי איז באַטיילעכערהייט דער ליטווישער ר. ק. אַריבער קיין פינסק.

דער דרומדיקער ר. ק. איז נאָך אַ ריי דורכפאַלן אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן. דער פוילישער ראַיאָן איז געווען פיל ענערגישער מיט איניציאַטיוו, נאָר צוליב דער גרויסער פּראָוואָקאַציע און אָפטע דורכפאַלן, פלעגט ער פעריאָדיש אויף אַ גרעסערער צייט אויפהערן צו עקזיסטירן. — אין 1910 יאָר שטייט שוין דער ליטווישער ר. ק. אין פאַרבינדונגען מיט אַ ריי שטעט (חוץ פינסק) — גראָדנע, בריסק, ווילנע, ריגע, אָשמיאַנע, סמאָרגאָן (אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פון די ייד. גאַרבער), — מינסק, באָראָ־דיע, מיר, נעסוויזש, א. א. וו.

צו יענער צייט דערשיינט אין אויסלאַנד דער אומלעגאַלער זשורנאַל פון צ. ק. „דאָס פרייע וואָרט" נומ. 1 מיט אַ זייער רייכן אינהאַלט. דורך ספּעציעלע שליחים ווערט ער איבערן ראַיאָן פאַרשפּרייט; גלייכצייטיק ווערן פאַרשפּרייט די מאַי־אויפרופן פון צ. ק.

פון צייט צו צייט לאָזט דער ר. ק. אַרויס העקטאָגראַפישע צירקוליאַרן, דורך וועלכע ער גיט אָנווייזונגען, וועקט און מונטערט די חברים צו דער אַרבעט.

אַלס מיטגליד פון ליטווישן ר. ק. געדענק איך גוט, ווי מיר האָבן אַרבעטנדיק אין דרייען (שייקע ליעוו, — געשטאָרבן, רבקה נון — איצט אין ירושלים — און איך), נאָך אַן אָנגעשטרענגטער אַרבעט פון אַ טאָג און אַ גאַנצער נאַכט, פאַרשפּאַרט אויף אַ בוידעם, באַהאַלטן פון אַלע חברים, אַרויסגעלאָזט דעם ערשטן צירקולאַר אויף 8 זייטן. עטלעכע טעג האָבן מיר געמוזט באַהאַלטן די סימנים פון העקטאָגראַפישן טינט אויף די פינגער. דערנאָך איז שוין די אַרבעט געגאַנגען פיל פלינקער.

צו יענער צייט איז אונז אויסגעקומען צו שטיין אין פאַרבינדונג כמעט מיט אַלע גרעסערע פונקטן פונם תחום המושב, באַזונדערס אין 1911. חוץ מיט ליטע זענען מיר שטענ־דיק געווען גוט פאַרבונדן מיט קיעוו, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק און לאָדזש. מיט וואַרשע איז נישט געגאַנגען. דער שרעקלעכער שפּיאָנאַזש און אָפטע פּראָוואָקאַציעס פלעגן יעדן חודש איבעררייסן יעדע באַציונג מיט וואַרשע.

אונז איז אויסגעקומען אויסצושטיין גרויסע רדיפות מצד דער מאַכט און גרויסע צרות צוליבן שרעקלעכן שפּיאָנאַזש. אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע חברים האָט מען דאַן שטאַרק נאָכגעשפּירט. האָבן מיר שטאַרק געשלייפט אונזערע מוחות איבער די פאָרמען פון אַפּאַראַט ר. ק. ביסלעכווייז האָט זיך בּאַ אונז אויסגעאַרבעט אַן אידעאַלער אַפּאַ־ראַט. אין יענער צייט זענען מיר שוין געשטאַנען מיט עטלעכע צענדליגע שטעט אין פאַרבינדונג. יעדע שטאָט האָט געהאַט אונזערע 3 אַדרעסן — פאַר פּשוטע בריוו און 1 — פאַר רעקאָמענדירטע, דערביי האָט איין שטאָט נישט געטאָרט האָבן די זעלבע אַדרעסן, וואָס די צווייטע, ווייל אין קעגנפאַל האָבן מיר צוליב די אָפטע דורכפאַלן געקענט אַריינציען עטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין אומגליקן. די אַדרעסן פלעגן מיר מוזן אָפט בייטן צוליבן קלענסטן חשד. דאַן איז אונז איינגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק,

אויף דער פּאַפּיר־פֿאַבריק האָבן מיר געהאַט אונזערע באַוווּסטזיניקע און טרייע חברים. פֿלעגן מיר אויסטראַכטן אַדרעסן פֿון דער הפּטורה (איבער 60). און אונזערע חברטעס פֿלעגן שוין גוט אַכטונג געבן אויפֿן קעסטל און אָפּנעמען. נאָך אַ דורכפֿאַל פֿלעגן מיר אויסטראַכטן אַ נייעם אַדרעס.

צרות האָבן מיר נאָר געהאַט מיט בריוו, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן פּאָסט־רעקאָמענדירט. נאָר דאָ האָבן מיר אויך געהאַט אַן עצה. אַזוי, צ. ב., האָבן מיר איינגעפֿירט יעדן בריוו צו באַגלייטן דורך אַ קוויטל, וואו מיר בעטן אַנטשולדיקונג, וואָס מיר שיקן אייך אומבאַקאַנטערהייט און בעטן אייך, אויב איר קענט אַ פּוע״צ, איבערגעבן אונזערע בלעטלעך, צירקולאַרן א. א. וו. די בריוו זענען דערביי געווען אַזוי פֿאַרשטעלט, אַז גישט דערפֿאַרענע האָבן בשום אופֿן נישט געקענט אין זיי זיך פֿונאַנדערקלייבן.

אונזער פֿאָרזיכטיקייט האָט באַ אַן ענערגישער טעטיקייט פֿון ר. ק. זייער צעפֿלאָנטערט די מחות פֿון דער זשאַנדאַרמעריע און נייטראַליזירט יעדן צופֿעליקן דורכפֿאַל. אַ שווערער דורכפֿאַל איז באַ אונז געווען אין 1911, צוליב דער אומפֿאָרזיכטיקייט פֿון די ווילנער חברים. אַנשטאַט צו שיקן אונז אַ שאַפּיראָגראַף דורך אַ ספּעציעלן מענטש, האָבן זיי געשיקט דורך פּאָסט. ס'איז אָנגעקומען אויפֿן נאָמען פֿון אַן אַלטער פֿרוי, וועלכער מיר פֿלעגן צאָלן צו 5 קאָפּ. פֿאַר אַ בריוו. דער גרויסער פּאַקעט איז געווען פֿאַרדעכטיק. מען האָט אָפּגעוואַרט אונזערע, בשעת זיי האָבן געזאָלט אָפּנעמען. 10 חברים מיט פּעשקע טורקעוויטש אין דער שפּיץ זענען געוואָרן אַרעסטירט. די בייגעלייגטע בריוועלעך האָבן אָבער אַזוי צעפֿלאָנטערט די זשאַנדאַרמעריע, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום ווערן אונזערע חברים פֿריי. מיר האָבן גלייך פֿאַרשטאַנען, אַז אין דעם ליגט עפּעס אַ שפּיצל און אונזערע חברים האָבן אָפּגעצויגן קיין אויסלאַנד. און ווירקלעך, צומאָרגנס האָט זיך די פּאָליציי אומזיסט באַמיט זיי צו פֿאַרהאַלטן.

דער אָפּפֿאָר פֿון די אַקטיווע חברים האָט אונזער אַרבעט נישט אָפּגעשוואַכט. אַ דאַנק די באַמיונגען פֿון ר. ק., פֿלעגן אַלע אָרגאַניזאַציעס זיך אָפּרופֿן אויף אַלע אַקטועלע טאָג־פֿראַגן.

אין יענער צייט האָט די ווילנער אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן זיך פֿאַרוואַנדלען אין אונזער ליטעראַטור־צענטער. אומלעגאַלע ליטעראַטור האָבן מיר פֿאַרשפּרייט פֿון פּינסק (בלעטלעך, נום. 2 „פֿרייע וואָרט“, וואו באָראָכאָוו האָט אָנגעהויבן דרוקן אויסצוגן פֿון דער געשיכטע פֿון דער ייד. אַרבעטער־באַוועגונג). לעגאַלע ליטעראַטור האָבן אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן אונזערע ווילנער, באַזונדערס די חברים פֿון ש. סרעבערקס ביכער־פֿאַרלאַג. זיי פֿאַרשפּרייטן די ערשטע בראָשור וועגן פּאַלעסטינע־אַרבעטער־פֿאָנד פֿון ז—ל און של—וויטש, די עמיגראַציאָנס־פּאָליטיק פֿון ב. באָראָכאָוו, ל. כאַזאַנאָוויטשעס בוך „דער באַנקראָט פֿון אַרגענטינער קאָלאָניזאַציע“, זאַמלבוך „בילדונג“ אונזער וואָכנבלאַט פֿון פּאַלעסטינע „אחדות“ א. אַ. וו. פּינסק איז פֿאַרבליבן דער אומלעגאַלער אָרגאַניזירנדער צענטער. ווילנע — דער האַלב־לעגאַלער ליטעראַרישער צענטער. טיילווייז ווערט דאַן

אויסגעגוּצט דער זשורנאַל „לעבן און וויסנשאַפט" (רעד. פון אַ. ליטווין (ש. הורוויץ), וועלכער האָט זיך געדרוקט בײַ ש. סרעבערקן. די אַרבעט האָט געווירקט און געמוטיקט אונזערע חברים. דעם 1911 י. פאַרבערענגט ה׳ קיווין (דאַן עקיבה ירמיהו) אין פינסק. ס׳ווערט געפירט אַ גרויסע פּראָפּעסיאָנעלע, קולטורעלע און אויפקלערונגס-אַרבעט. אײַנערלעך ווערט געפירט אַ גרויסער קאַמף צווישן די אַנטיקאָנגרעסיסטן — אונטער מײַן אָנפירונג — און זײַערע קעגנער מיט דער אָנפירונג פון ה׳ קיווין. אויגוסט 1911 קומט פאָר אונזער קאָנפערענץ. פאַר דער דריטער אַלוועלטלעכער קאָנפערענץ איז גאַנץ ליטע און גאַנץ פוילן געווען קעגן אַנטײלנעמען אין ציונ. קאָנגרעס. דער קאַמף ווערט אַריבערגעטראָגן אין וועלט-פאַרבאַנד, וועלכער האָט געדראָט אויסשליסן די רוסישע פּאַרטײ פון פאַרבאַנד פאַר איר נאָר-וואָס אָנגענומענעם באַשלוס נישט אָנטײלצונעמען אין ציונ. קאָנגרעס. נאָר אונזער דרײַסטקייט און אַנטשלאָסנקייט האָט גובר געווען, ווײַנקסטנס מאָראַליש, אונזערע חברים פון אַנדערע לענדער. אונזער שטאַנדפּונקט האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן אַרײַנדרינגען אין גאַליציען.*)

אין 1911 יאָר קומט פאָר די צווייטע ליטווישע ראַיאָן-קאָנפערענץ, וועלכע קאָנסטאַטירט אַן אויפלעבונג אין אונזערע רייען, באַזונדערס נאָך די לענער געשעענישן. דער ר. ק. ווערט איבערגעטראָגן קיין ווילנע. אַ דאַנק די פּאַרלעגערישע דערפאַרונגען פון אונזערע ווילנער חברים גיבן מיר פאַר אַ קורצער צײַט אַרויס עטלעכע זאַמלביכער: „דער געדאַנק" (מיט דאַגינס באַרימטן אַרטיקל צו די דומע-וואַלן „אויף וועלכער ליניע") „די צײַט", „אונזער צײַט", „איצט"; אַ גרויסע פּראָפּ. און שטרייק-אַרבעט ווערט דורך אונז אָנגעפירט אין סמאָרגאָן. דאָרט האָט שטאַרק אויסגענומען דער ה׳ קיווין, וועלכער פלעגט אַרויסטרעטן אויף אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען פון 2—3 טויזנט גאַרבער (סמאָרגאָן — אַ צענטער פון גאַרבער). די סמאָרגאָנער אָרגאַניזאַציע האָט דאַן געציילט 80 אַקטיווע חברים, פיל פאַסיווע, און זייער אַ גרויסע פּעריפעריע. ס׳קומט פאָר אַ פאַרזאַמלונג קעגן לייב-שטראָפן אין תפיסה. ה׳ קיווינס רעפעראַט

*) אינטערעסאַנט איז, אַז דער אײַנציקסטער, וועלכער האָט זיך באַמיט אונז צו שלעפן אויף רעכטס אין זומפּ אַרײַן, איז געווען חבר כּאַשין. אין 1911 האָט ער אויף אונזערס אַ פּאַרטײַישער פאַרזאַמלונג אין וואַרשע אונז פּאָרגעלייגט אויפהערן צו פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן ווי קלאַסן-קאַמף, און זיך נעמען אָרגאַניזירן די יידישע האַנטווערקער, קרעמער א. אַ. וו. דאָס הייסט, גיין אין די וועגן פון עפראָן און בעל-דמיון (געוועזענע סיימיסטן, וועלכע האָבן פלוצלינג געגומען פריידיקן „פּאָלקס-סאָציאַליזם"). נאָר באַקומענדיק אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד באַזונדערס פון ה׳ ישראל, האָט ער צוריקגעצויגן זײַן פאָרשלאַג און איז אַריבערגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע.

מאַכט אַן אומגעוויינלעכן איינדרוק. ס'ווערט אָפּגעשיקט אַ רעזאָלוציע אין דומע מיט 600 אונטערשריפטן.

צום אומגליק האָט אין ר. ק. געאַרבעט דער ח' מ. גער. זיין אומגעלומפּערט־קייט האָט דערפירט צו אַ שרעקלעכן דורכפאַל. ער ווערט אַרעסטירט. בײַ אים גע־פינט מען פיל בריוו און אַדרעסן, אַרטיקלען פון 4־טן זאַמלבוך, אַ פאָטאָגראַפיש־קאָ־לעקטיוו בילד פון אַ 60 סמאָרגאָנער חברים א. א. וו. מיט איין קלאַפּ ווערן רואינירט אַ סך אָרגאַניזאַציעס. די ווילנער, באַזונדערס אונזער ליבלינג — די סמאָרגאָנער — ווערן אינגאַנצן רואינירט. דער ח' קיווין מוז אַנטלויפן קיין גראָדנע. אויף דער סטאַנ־ציע ווערט ער פאַרהאַלטן, אין אַ צייט אַרום באַפרייט, פאַרלאָזט ער אינגאַנצן רוס־לאַנד. אין 1912 ווערט די ר. ק.־אַרבעט אָפּגעשוואַכט. ח' קאָפּל פון פּינסק באַזוכט ווילנע און צוזאַמען מיט ח' יעקב ווייגטרויב קען ער אפילו קיין זיצונג נישט האָבן מיט חברים.

דער ר. ק. גייט צוריק אַריבער קיין פּינסק, וועלכער האָט נישט לאַנג איבער־געלעבט אַ דורכפאַל און אַרעסט פון די בעסטע חברים. צו יענער צייט קער איך זיך אום פון מיליטער־דינסט. מיר פאַלן בײַ זיך נישט אַראָפּ און אַרבעטן ענערגיש אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט וואַרשע און לאָדזש, וואו ס'ווערן ענערגיש דורכגעפירט גרוי־סע פּאַרטיי־פלענער. דאַן ווערן אַרויסגעגעבן אין וואַרשע אייניקע נומערן פון „האַנדלס־אָנגעשטעלטן" און מיר באַקומען אַ שטאַרקע ווירקונג אין גאַנצן תּחום המושב. מיר גיבן אַרויס דעם פּראָפעסיאָנעלן זאַמלהעפט „אַרבעט". מיר גרייטן זיך אַרויסצוגעבן דעם „האָלץ־אַרבעטער", נאָר דער גרויסער דורכפאַל צעשטערט די אַרבעט אין אַפּ־ריל 1913*).

דער ל. ר. ק. האָט דאַן נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין אַרבעט. חוץ צירקולאַרן און ביולעטינען (א. ב.) האָבן מיר אָנגעהויבן באַזוכן די פּונקטן. אַזוי האָב איך אין יענער צייט געמאַכט אַ גרויסן טור, באַזוכנדיק בריסק, ביאַליסטאָק, גראָדנע, ווילנאָ, סמאָרגאָן, מינסק, גאָראָדיע, נעסוויזש, מיר, באַראַנאָוויטש — וואָס האָט נאָך די שווערע דורכפאַלן שטאַרק געהויבן די שטימונג. אַ דאַנק אונזערע אָפטע באַזוכן, פאַרוואַנדלט זיך פּינסק אין אַ צענטער. די גרעסטע צופרידנהייט רופט אַרויס דער באַזוך פון ח' שלי־מאָוויטש. מיר גרייטן זיך שטאַרק צו דער רוסישער און 4־טער אַלוו. קאָנפערענץ אין קראָקע. איך געדענק גוט, ווי מיר פלעגן טעגליך באַקומען צענדליקער בריוו, אַ צייכן פון אַ שטייגנדער אויפלעבונג אין אונזער באַוועגונג.

---

*) שפּעטער ווערט די פאַרלעגערישע אַרבעט פאַרגעזעצט. די ווילנער גרופּע האָט אַריבערגעטראָגן איר אַרבעט אין ירושלים, וואו ס'גייען אַרויס פיר זאַמלביכער: „דאָס לאַנד" און ראובניס דערציילונג פון וועכטער־לעבן „אונטערן וואַנט". דאָס אַלץ ווערט דורך אונז ווי געהעריק אונטערגעשטיצט און פאַרשפּרייט.

שפּעטער ווערט די טעטיקייט פון צ. ק. אָפּגעשוואַכט, ווייל ס'האָט אים געפעלט די נויטיקע סעקרעטאַרישע אַרבעט. חדשימווייז פלעגן מיר נישט באַקומען קיין בריוו פון צ. ק. אויף אייניקע חדשים פאַרוואַנדלען מיר זיך אין אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן צענטער פון רוסלאַנד.

דער צ. ק. צוזאַמען מיט דער גאַנצער פּאַרטיי האָט דאַן געלעבט מיט איין האָפענונג: אַרויסגעבן אַ לעגאַל וואָכנבלאַט, כדי באַדינען די ריזיק-וואַקסנדע פּאַרטיי. דורך די גרעסטע אָנשטרענגונגען ווערן איבעראַל געמאַכט זאַמלונגען. דער בונד, באַקומענדיק שטיצע פון דער אַסימילירטער אינטעליגענץ, האָט דאַן אָנגעהויבן אַרויסגעבן „די צייט", דורך וועלכער ער האָט אונז וועכנטלעך באַגאָסן מיט שמוץ. מיר האָבן פון קיינעם קיין שטיצע נישט באַקומען. אָנגעוויזן דורכויס אויף די אייגענע אַרבעטער-גראָשנס — איז אונז אויסגעקומען פיל שווערער.

אין יענער צייט מאַך איך אַ רייזע קיין צפון (ריגע, פּעטערבורג, ווילנע). אין פּעטראָגראַד מאַך איך די ערשטע טעכנישע צוגרייטונג פאַר אונזער זשורנאַל און איך באַקום דאַן פאַר אַ רעדאַקטאָר אַ ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט. אין סוף 1913 גיט זיך מיר איין איינשטעלן די אַרבעט אין ווילנע. נאָר דאָ האָט זיך געטראָפן מיט אונז ווידער אַן אומגליק. צוליב דער פּראָוואָקאַציע פון אונזערס אַ „חבר" אַ טעכניקער — טאַטאַרסקי (ער איז דערנאָך געווען אין וואַרשע, אָדעס, ווין, פּאַלעסטינע — וואו ער איז אַהינגעקומען, איז נישט באַוואוסט) ווערט אַרעסטירט אַ גאַנצע פאַרזאַמלונג אינמיטן מיין פאַרטראַג. ס'קומט אויס איבערזיצן אַ לענגערע צייט. נאָר גרויסע פּראָטעקציעס אין פּעטראָגראַד האָבן אונז געראַטעוועט פון סיביר. דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויפן צ. ק., וועלכער האָט דאַן אַריינגעשיקט אייניקע אויפמונטערונגס-בריוו דעם ל. ק. ר. און האָט זיך גענומען ענערגישער צו דער אַרבעט.

ענדלעך פאַרווירקלעכט זיך דער פּאַרטיי-טרוים. ס'קומט אָן דער יום-טוב פון אונזער פּאַרטיי, ס'הייבט אָן דערשיינען אונזער בלאַט „דאָס וואָרט". דאָס זענען געווען די האָפּיק-טעג פון אונזער פּאַרטיי. טאָג-איין טאָג-אויס זענען געוואַקסן אונזערע אָרגאַניזאַציעס אין זייער גרויס און צאָל. דער ל. ר. ק. ציילט דאַן צענדליקער פּונקטן, פאַר יענער צייט זייער וויכטיקע.

דאָס לעגאַלע בלאַט האָט שטאַרק באַדינט דעם אומלעגאַלן פּאַרטיי-אַפּאַראַט און פאַרקערט. עס דרוקן זיך די באַרימטע באַראָכאָוס אַרטיקלען: „די שוועריקייטן פון פּועלי-ציוניזם" „די אַרבעטער-פראַגע אין פּאַלעסטינע" א. א. וו. — מיר הייבן אָן פאַרנעמען אונזער אָנגעזעען אָרט אין פּראָפ. באַוועגונג. אויפן האַלץ-אַרבעטער-צוזאַמענפאָר אין פּוילן האָבן מיר אַ מערהייט. די האַנדלס-אָנגעשטעלטע געפינען זיך אונטער אונזער השפּעה. פאַר אונז עפענען זיך גרויסע פּערספּעקטיוון.

אויף דער יידישער אַרבעטער-גאַס אַרבעטן מיר און דער בונד, וועלכער ווערט זייער פרעך אין זיין קאַמף מיט אונז, מורא האָבנדיק פאַר אונזער וואַקסנדער ווירקונג.

דאָ קומט אָן די מלחמה און אַלץ ווערט צעשטערט און אָפּגעשטעלט. דער ר. ק. שטעלט אָבער נישט אָפּ זיין אַרבעט, וועלכע ווערט באַדייטנד אָפּגעשוואַכט. הונדערטער אַקטיווע מיטגלידער ווערן פון אונדז צוגענומען דורך דער מאָביליזאַציע. דער ל. ר.ק. שאַפט אַ פּאַס־ביוראָ, פאַרזאָרגט אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע חברים מיט נייע דאָקומענטן און פאַרהיט דערמיט פיל טוער פאַר די אָרגאַניזאַציעס.

אויף אַ ריי פאַרזאַמלונגען, דורך בריוו און צירקולאַרן, מונטערן מיר די חברים, רופן צום קאַמף און וועקן דעם גלויבן אין דער מפּלה פון די אימפּעריאַליסטישע מלוכות און זייערע הערשער. מיט דעם געדאַנק זענען מיר אַלע געווען דורכגעדרונגען.

צום סוף 1914 הייבן מיר זיך אָן גרייטן צו אַן אַלרוסל. קאָנפערענץ, וועלכע האָט געדאַרפט אונטערפירן אַ סך הכל פון דער אַרבעט און פעסטשטעלן די טאַקטיק פון דער פאַרטיי. די קאָנפערענץ קומט זיך צונויף סוף מערץ אין פינסק בײַ דער אָנוועזנהייט פון דעלעגאַטן פון אַלע וויכטיקע צענטרען (אויך פוילן איז געווען פאַרטרעטן) ס'ווערט אָנגענומען (ריכטיקער — באַשטימט) די באַוווסטע צימערוואַלדער רעזאָלוציע. נאָך שווערע טעג אַרבעט פאַרענדיקט זיך די קאָנפערענץ, פול מיט בטחון אין אונזער ענדגילטיקן זיג. — אַ גאַנצע נאַכט אַרבעטן מיר אין אַ קליין צימער. איין טייל דרוקט אַלע רעזאָלוציעס אויף די העקטאָגראַפן. דער צווייטער גרייט צו די מאַי־פּראָקלאַמאַציעס, וועלכע ווערן אָפּגעדרוקט אין אַ וואַרשעווער דרוקעריי און איבעראַל מיט ספּעציעלע שליחים פונאַנדערגעשיקט.

דער א. ק. וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן (בנימין פון וואַרשע, א. טענענבוים און איך) האָט נישט געקענט פאָרזעצן ווי געהעריק די אַרבעט, ווייל די סטראַטעגישע לאַגע צעגלידערט די פאַרטיי אויף שטיקער. מיר פאַרבינדן אונזער גורל מיט פוילן — ווו ס'געפינען זיך די צענטרען פון דער ייד. אַרב.־באַוועגונג. אונזער פאַרטיי וואַקסט דאָרט ריזיק.

א. גערשענזאָן.

# די פּאַרטיי=באַראַטונג אין פּינסק

(1915)

א.

ביזן סוף 1912 האָט מיט דער גאַנצער אַרבעט פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי אָנגעפירט פּאַקטיש דער אַזויגערופענער צענטראַלער אָרגאַניזיר=קאָמיטעט (דער רוס=לענדישער טייל פון צ. ק.), וואָס האָט געהאַט זיין זיץ אין וואַרשע און איז לעצטנס באַשטאַנען פון די ח"ח שלימאָוויטש (רעוואוצקי), וועשער (ישראל רייכמאַן) און ל. אַלטמאַן (פּ. טענענבוים). דער צ. ק. האָט רעדאַגירט די פּאַרטיי=אויסגאַבן, געגעבן די פּאָליטישע ליניע דער פּאַרטיי און אָנגעפירט מיט דער אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבעט. צוליב אָבער די מאַסן=אַרעסטן אין וואַרשע, פּינסק, סמאָרגאָן א. אַנד. האָט דער צ. ק. געמוזט אויפהערן צו אַרבעטן. שלימאָוויטש האָט נאָך ביז סוף 1912 געמוזט אַוועק קיין אויסלאַנד און איז אַריבער קיין ווין, וואו ס'האָט זיך געפונען דער צענטראַל=קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. אין אָנהויב 1913 האָט אויך אַלטמאַן געמוזט אַריבער קיין ווין. די גאַנצע צענטראַלע פּאַרטייאישע אַרבעט האָט זיך בכן געמוזט קאָנצענטרירן אין אויסלאַנד.

דערדאָזיקער מצב האָט געדויערט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה. ס'זענען, אמת, געמאַכט געוואָרן פּרוון צו באַנייען די אַרבעט אין צ. ק. אָנהויב 1914 איז ל. אַלטמאַן אַריבער קיין פּעטערבורג און דאָרט אַוועקגעשטעלט דאָס אַרויסגעבן פון אונזער לעגאַלער וואָכן=צייטונג „דאָס וואָרט". דידאָזיקע אַרבעט האָט אים אָבער איינגאַנצן פאַרשלונגען. אין יוני 1914 איז שלימאָוויטש אַרויסגעפאָרן קיין רוסלאַנד, כדי צו באַנייען דעם צ. ק., וואו ס'האָבן געזאָלט אַריינגיין שלימאָוויטש, וועשער און

אַ חבר פון לאָדזש פּנחס (מוליע) אָדער אריה (וויקטאָר). שלימאָוויטש איז צומערשט געפאָרן קיין בעסאַראַביע און אָדעס, וואו ער האָט געהאַט צו דערליידיקן פּאַרטייאישע און אויך זיינע פּערזענלעכע ענינים. אָבער איידער ער האָט באַוויזן זיך דערמיט אָפּצופּאַרטיקן, איז אויסגעבראָכן די מלחמה און דער פּלאַן איז צוניכשט געוואָרן.

אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז דער אויסברוך פון מלחמה האָט צוגענומען בײַ דער פּאַרטיי דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן צענטער. צווישן צ. ק., וואָס איז געזעסן אין ווין, און די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס זענען איבערגעריסן געוואָרן אַלע באַציונגען. די אָרגאַניזאַציעס זענען אין אַלע הינזיכטן — אין פּאָליטישער און אָרגאַניזאַטאָרישער — געבליבן הפקר. יעדע אָרגאַניזאַציע האָט געדאַרפט אַליין פאַר זיך לעזן אַלע פּראָבלעמען.

און פּראָבלעמען זענען טאַקע געווען גאָר, גאָר וויכטיקע, וואָס האָבן נישט געלאָזט רוען. ס'זענען אַנטשטאַנען פראַגן, וואָס האָבן גוט געעגבערט אין מח. די חברים, וואָס די מאָביליזאַציע האָט זיי נישט אַרויסגעריסן פון אונזערע רייען, האָבן זיך געמאַטערט און געזוכט די תשובה אין פראַגן, וועלכע זענען פאַר אונז פריער געווען אַזוי קלאָר און זעלבסטפאַרשטענדלעך.

די ערשטע און וויכטיקסטע פראַגע איז געווען, פאַרשטענדלעך, די פראַגע פון מלחמה. איך געדענק, ווי ס'האָט זיך מיר אין די אויגן געוואָרפן, אַז קומענדיק קיין אָדעס, האָט חבר שלימאָוויטש, מיט וועמען איך האָב פאַרבראַכט צוזאַמען אַ וואָך צייט אויף מיין נסיעה פון איטאַליע קיין וואַרשע, באַרירט געגוי די זעלבע פראַגן, וועגן וועלכע מיר האָבן אַזוי פיל גערעדט אין די לעצטע טעג פון אונזער זיין אין ווין און שפּעטער אפילו אין מילאַן מיט חבר באָראָכאָוון און אַנדערע חברים דאָרט (אַנטלויפנדיק 10 מאַן קיין מילאַן האָבן מיר אויך דאָרט, אין איטאַליע, געטראָפן אַ קליינע פּועלי־ציוניסטישע קאָלאָניע, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן זייער פיל חברישן געפיל און איבערגעגעבנקייט). דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אין וואַרשע. די מלחמה איז געווען פאַר אונז די קאַרדינאַלסטע פראַגע; זי האָט אונז פולשטענדיק באַהערשט און אָפּגערוקט אַלץ מיטאַנאַנדער אויפן ווייטערדיקן פּלאַן.

דער צוזאַמענברוך אין אינטערנאַציאָנאַל, זיין הילפלאָזיקייט, דער פאַקט, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַל און קיין איינע פון זיינע פּאַרטייען, בפרט די דייטשע סאָצ. דעמ., וואָס האָט געגאָלטן פאַר אַ מוסטערהאַפטער סאָצ. פּאַרטיי, האָבן אפילו נישט געפּרוווט צו אָרגאַניזירן וועלכע נישט איז אַקציע קעגן דער מלחמה — דאָס אַלץ האָט אַריינגעבראַכט אַ צערודערונג און יאוש. פיל חברים האָבן זיך אונטערגעגעבן דידאָזיקע שטימונגען און האָבן דערין שיעור נישט געזען דעם צוזאַמענברוך פון סאָציאַליזם בכלל, דעם באַנקראָט פון אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט.

פון דער צווייטער זייט איז בײַ אַזאַ לאַגע, ווען מיר זענען געווען פולשטענדיק אָפּגעריסן פון דער וועלט, אויך נישט לייכט געווען צו געפינען דעם ריכטיקן וועג אין דער אָפּשאַצונג פון די אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט בנוגע דעם וועלט־קריג. די סו־

ביעקטיווע סימפאַטיעס זענען געווען אויף דער זייט פון יענע, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן רוסלאַנד. מיטן גאַנצן האַרצן, מיטן גאַנצן פייער פון אונזער נשמה, מיט אונזער גאַנצן וועזן האָבן מיר פיינט געהאַט דאָס צאַרישע רוסלאַנד, בפרט ווען מיטן אויסברוך פון דער מלחמה האָבן די שאַנדטאַטן פון צאַריזם בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג דערגרייכט צו אַן אומדערהערטער מדרגה. מיר האָבן זיך אינערלעך געפרייט מיט יעדער מפּלה פון צאַרישן מיליטער. אין אונז האָט אָבער אויך נאָך נישט געלעבט דער גלויבן אין גרויסן ווערט פון דער דעמאָקראַטיע און דאָס ווידער האָט געשאַפן געוויסע סימפּאַטיעס אויך אין באַצוג צו ענגלאַנד און פראַנקרייך — די צוויי שטאַרקסטע דעמאָקראַטישסטע מלוכות פאַר דער מלחמה. דערצו דאַרף מען נעמען אין אַכט די פולשטענדיקע אומוויסנקייט מכח דער אַרבעטערשאַפט אין דער איבעריקער וועלט, די פאַנטאַסטישסטע קלאַנגען, וואָס פלעגן פאַרשפּרייט ווערן.

יעדע איינציקע אָרגאַניזאַציע, יעדע איינציקע פאַרטייאישע גרופּע האָט אויף איר אייגענער האַנט געפאָרשט און געטראַכט, געזוכט דעם אויסוועג פון פּלאָנטער. זענען די ידיעות וועגן צימערוואַלד געקומען ווי אַ שטראַל אין דער פינסטערניש. צימערוואַלד האָט פאַרמולירט דאָס, וואָס פיל פון אונז האָבן געטראַכט. כמעט אַלע אונזערע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך טאַקע געשטעלט אויף דעם צימערוואַלדער שטאַנדפּונקט.

דאָס איז געווען די הויפּט-פראַגע; נישט ווייניקער וויכטיק איז אויך געווען די פראַגע וועגן צוריק שאַפן אַ פּאַרטייאישן צענטער. צו דעם צוועק זענען געפירט געוואָרן אונטערהאַנדלונגען צווישן פוילישן פאַרבאַנד-קאָמיטעט, ליטווישן צ. ק., דער מאָסקווער גרופּע (וואו ס'האָט געאַרבעט דאַן דער אויבנדערמאָנטער ל. אַלטמאַן, בארוּ, בערלינראָוויט א. א.). דער קיעווער אָרגאַניזאַציע און דעם פאָרשטייער פון צ. ק. ח' שלימאָוויטש און סוף כל סוף איז אויף די צווייטע טעג פסח (אַפּריל) 1915 צונויפגערופן געוואָרן קיין פינסק אַ פּאַרטיי-באַראַטונג.

## II

צו דער פּאַרטיי-באַראַטונג זענען געקומען: בנימין (פון פוילישן פאַרבאַנד-קאָמיטעט, די ח"ח בן-ציון (משהל פון בריסק), גור-אריה (דער פאַרשטאָרבענער שייקע לעוו), גערשענזאָן (איצט אַן אַקטיווער חבר אין דער רוסלענדישער פועלי-ציון-פּאַרטיי), שלום, אברהם מאַכטיי און גרשון (אַ גאַרבער, איצט אַ חבר אין ביאַליסטאָק) — פון ליטווישן צ. ק., ל. אַלטמאַן (איצט אין דער ר. ק. פּ.) פון דער מאָסקווער גרופּע, און אויך איין פאַרשטייער פון דער קיעווער אָרגאַניזאַציע. נישט געקומען זענען צוליב פערזענלעכע טעמים ח' שלימאָוויטש פון אָדעס און ח' אַבראַמאָוויטש (איצט אין פּאַלעסטינע) פון קרימער קאַנט. ח' שלימאָוויטש האָט צוגעשיקט אַ באַגריסונג-בריוו און

ח' אַבראַמאָוויטש האָט צוגעשיקט דעם גענויען אינהאַלט און די טעזן פון דעם רעפּעראַט, וועלכן ער האָט געוואָלט האַלטן וועגן דער וועלט=מלחמה און די אויסזיכטן פון אַרבעטער=קלאַס.

אַלס יסוד פאַר דער דיסקוסיע איז טאַקע אָנגענומען געוואָרן דער רעפעראַט פון חבר אַבראַמאָוויטש, וועלכער איז געווען נאָנט צו דעם שטאַנדפּונקט פון צימערוואַלד. דערדאָזיקער רעפעראַט האָט אַרויסגערופן גאָר לאַנגע וויכּוחים. אַלע אָן אויסנאַם אָנטיילנעמער אין דער קאָנפערענץ האָבן גענומען אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע און כּמעט אַלע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר זיינע הויפּט=טעזן. געווען בלויז איינער אַ וואַקלענדיקער — אַ ל ט מ אַ ן, און דער צווייטער, שוין אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון צימערוואַלד, אַן אָנהענגער פון נצחון פון די מערב=מלוכות — אַברהם מאַכטיי, זענען זיי טאַקע אויסגעשטאַנען די אַטאַקעס פון אַלע אָנטיילנעמער. סוף=כּל=סוף איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק באַ איין אָפּגעהאַלטענעם אַ רעזאָלוציע אין גייסט פון צימערוואַלד. דערמיט האָט זיך די פּאַרטיי=באַראַטונג אָפיציעל געשטעלט אויף דער אויסגעהאַלטענער פּאָליטישער ליניע, אויפן וועג פון קאַמף בשותּפות מיט די פּראָלעטאַריער פון אַנדערע לענדער קעגן דער מלחמה, קעגן וועלט=אימפּעריאַליזם, קעגן דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע.

מיר זענען געווען די איינציקע יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אָן פאַרבאַהאַלטן געשטעלט אויפן צימערוואַלדער שטאַנדפּונקט. אין דערזעלבער צייט איז דער בונד געבליבן אָן אַן אָריענטאַציע אין דערדאָזיקער קאַרדינאַלסטער פראַגע און דאָס האָט זיך טאַקע אָפּגעשפּיגלט אין זיין האַנדלונג סיי אין פּוילן, סיי אין רוסלאַנד, וואו זיינע פירער האָבן זיך אָפן געשטעלט אויף דער זייט פון „אָבאָראָנטשעסטוואָ".

אין אונזער גאַנצער טאַקטיק שפּעטער אין פּוילן האָבן מיר זיך אָריענטירט אויף צימערוואַלד. מיר האָבן אויך אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע פאָרגעזעצט אונזער רעוואָלוציאָנערן קאַמף, מיר האָבן פאַרנומען אַן אויסגעשפּראָכן קעגנערישע שטעלונג צו דער צוזאַמענאַרבעט מיטן אָקופּאַנט און אַפילו מיט דער אויפשטייענדיקער פּוילישער בורזשואַזיע, ווי אין דער פראַגע פון דער בירגער=וואַך, געריכט=אַסעסאָרן א. אַ. וו.

לויטן פאָרשלאַג פון פּוילישן פאַרבאַנדס=קאָמיטעט, זענען אויך באַטראַכט געוואָרן צוויי אַנדערע פראַגן — די פראַגע פון ה י ל פ ס = אַ ר ב ע ט און די פּ ו י ל י ש ע פ ר אַ ג ע. די הילפס=אַרבעט אין פאַר אונז אין פּוילן געווען אַ ברענענדע פראַגע. גרויסע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג זענען פולשטענדיק פאַראָרימט געוואָרן צוליב די שלאַכטן פון איין זייט, באַזונדערס אָבער צוליב דער באַרבאַרישער באַציִונג פון די צאַרישע גענעראַלן און באַאַמטע צו דער יידישער באַפעלקערונג. די העצע קעגן יידן האָט געהאַט אין רעזולטאַט פערמאַנענטע פּאָגראָם=עקסצעסן. צענדליקער טויזנטער יידן זענען מיט זייערע קליינע קינדער, נישט אויסגעשלאָסן די שווער קראַנקע און געווינערינס, פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע וווינערטער — פיל פון זיי זענען אומגעקו=

מען אויף די וועגן, אַלע האָבן זיי געמוזט לאָזן זייער האָב און גוטס אויף הפקר. פּיזיש און גייסטיק קראַנקע און צעבראָכענע האָבן זיי פאַרפּלייצט די גאַסן פון וואַרשע אָן אַ פּיצל ברויט, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ — לעבעדיקע עדות פון די צאַרישע שאַנדטאַטן.

מיר האָבן געהאַלטן פאַר אונזער חוב צו העלפן די אומגליקלעכע לויט אונזערע מעגלעכקייטן. פון וואַרשע, למשל, האָבן מיר מיט אייגענע כוחות, אָן וועמענס נישט איז מיטהילף, געשאַפן אַן אַרבעטער-קיך, וואו מ'פלעגט אַרויסגעבן העכער הונדערט מיטאָגן טעגלעך. אַ סך פון אונזערע חברים פלעגן זיך באַטייליקן אין דער הילפס-אַקציע פאַר די אַזוי גערופענע היימלאָזע. איז אַרויפגעשוואומען די פראַגע וועגן די פאָרמען פון דער אַרבעט, וועגן דער צוזאַמענאַרבעט מיט אַנדערע עלעמענטן. די באַראַטונג האָט זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז אויך בײַ דער אַרבעט מוזן מיר אָפּהיטן אונזער קלאַסן-ליניע, די באַראַטונג האָט רעקאָמענדירט צו שאַפן געמיינזאַמע הילפס-אָרגאַניזאַציעס מיט אַנדערע פּראָלעטאַרישע ריכטונגען, אָבער דורכאויס זיך קעגנגעשטעלט דער צוזאַמענאַרבעט מיט בירגערלעכע עלעמענטן.

דידאָזיקע פראַגע האָט נישט אַרויסגערופן קיין גרויסע חילוקי-דעות; דאַקעגן האָט שוין אָבער אַרויסגערופן אַ גאָר שאַרפע דיסקוסיע די פּוילישע פראַגע. דער פאָרשטייער פון פּוילישן פאַרבאַנד-קאָמיטעט, דער רעפערענט פון דער פראַגע, האָט זיך קלאָר געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון פּוילישער אומאָפּהענגיקייט.

דאָס איז געווען איבעריקנס דער שטאַנדפּונקט פון די פּוילישע פּועלי-ציון זייט זייער גרינדונג. צוליב דעם אייגנטלעך זענען זיי דווקא באַשטאַנען דערויף, אַז דער פּוילישער טייל פון דער רוסלענדישער פּוע"צ-פאַרטיי זאָל האָבן אַ גאָר ברייטע אויטאָנאָמיע, אַ פּיל ברייטערע, ווי אַ ראַיאָן-קאָמיטעט. אין הסכם דערמיט האָבן זיך טאַקע די פּוילישע פּוע"צ אָרגאַניזירט אינערהאַלב דער פאַרטיי אַלס אַ באַזונדערער פאַרבאַנד מיט אַ פאַרבאַנדס-קאָמיטעט אין דער שפּיץ, ווען בײַ די איבעריקע יידישע אַרבעטער-פאַרטייען (בונד, ס. ס.) איז אין פּוילן געשאַפן געוואָרן בלויז אַ ראַיאָן-אָרגאַניזאַציע מיט שלעכטע אָרגאַניזאַטאָרישע אויפגאַבן.

דער פאָרשטייער פון פּוילישן פאַרבאַנד-קאָמיטעט איז אָבער אויך שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן די מיליטאַריסטישע, אַנטי-פּראָלעטאַרישע מיטלען — די לעגיאָנען — וועלכע די רעכטע פּ. ס. וועגדן אָן אין קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט. דער רעפערענט האָט אָנגעוויזן דערויף, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז פאַרינטערעסירט אין דער נאַציאָנאַלער פרייהייט פאַר די אונטערדריקטע פעלקער, ווייל נאָר דערדאָזיקער וועג איז מסוגל אָפּצושוואַכן דעם נאַציאָנאַליזם. די באַפרייונג פון פּוילן וועט בכן קומען אַלס רעזולטאַט פון פּראָלעטאַרישן קאַמף און פּוילן וועט באַקומען איר אומאָפּהענגיקייט אַ דאַנק דער רעוואָלוציאָניזירונג פון די פעלקער, וואָס פאַרשקלאַפן איצט פּוילן. אַ היפּש ביסל חברים זענען טאַקע אַרויסגעטרעטן קעגן דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט; זיי האָבן געטענהט, אַז דאָס וועט ברענגען שאָדן, ווייל ס'וועט גורם זיין צום צעברעקלען דעם

קאַמף פון רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט. סוף כל סוף האָט אָבער גובר געווען דער שטאַנד־פּונקט פון רעפּערענט און זיין רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ מערהייט שטימען.

אַ היפּשער פּלאַץ איז אָפּגעגעבן געוואָרן די אָרגאַניזאַטאָרישע ענינים. ס'איז געוויילט געוואָרן אַ צענטראַלער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון דריי חברים — בנימין פון פּוילישן פאַרבאַנד־קאָמיטעט, גערשענזאָן פון ליטווישן ר. ק. און ל. אַלטמאַן פון מאָס־קווע. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ פּרווו אַרויסצוגעבן אַ לעגאַלן אָרגאַן אין מאָס־קווע, מחמת אין די איבעריקע ערטער זענען די צענזור־פאַרהעלטענישן געווען פיל שווערער. די מיטגלידער פון א. ק. האָבן בסוד נאָך דער באַראַטונג צוזאַמענגעשטעלט דעם טעקסט פון אויפרוף צום גאָנצן 1־טן מאַי, אויסגעאַרבעט דעם טעכנישן פּלאַן פון דער מאַי־פּייערונג, רעדאַגירט די אָנגענומענע רעזאָלוציעס, באַזאָרגט, אַז זיי זאָלן אומעטום אָנקומען און איינגעשטעלט די פאַרבינדונג צווישן די פּונקטן. דער אויפרוף, שאַרף און קלאָר אין זיין אַנטימיליטאַריסטישער שטעלונג, רעוואָלוציאָנער אין זיין אינהאַלט, דורכגעדרונגען מיט פלאַמענדיקן פּראָטעסט קעגן די צאַרישע אכזריותן, איז גע־דרוקט געוואָרן אין וואַרשע און עקספּעדירט געוואָרן אין אַלע אונזערע פּונקטן.

די פּינסקער באַראַטונג איז אַ וויכטיקע דאַטע אין לעבן פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי. אין דער שווערסטער צייט האָט זי אָנגעצייכנט די ריכטיקע פּראָלעטאַרישע ליניע פאַר אונזער אַרבעט, און לויט דערדאָזיקער ליניע האָבן זיך געריכטעט אונזע־רע פּאַרטייען אין פּוילן און רוסלאַנד, ווי אויך אין די איבעריקע לענדער, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אויפן שטח פון דער אַמאָליקער רוסישער אימפּעריע.

י. לעוו.

# די פּועלי=ציון=באַוועגונג אין אוקראַינע
## אין די יאָרן 1916—1914

1914—1912 זענען געווען די אויפשוואונג=יאָרן פון דער אַרבעטער=באַוועגונג אין רוסלאַנד. דאָס דערשיינען פון דער לעגאַלער סאָציאַליסטישער פּרעסע („זוויעזדאַ“, „לוטש“, „פּראַוודאַ“), די אויפלעבונג פון די פּראָפ. פאַריינען, די פאַרשטאַרקונג פון דעם פּאָליטישן קאַמף פון די אַרבעטער=מאַסן. . . אויך אין דער יידישער אַרבעטער=באַוועגונג איז דאָס געווען די צייט פון אויפלעבונג. די אָרגאַניזאַציעס הייבן אָן צו וואַקסן. אין וואַרשע הייבט אָן צו דערשיינען די יידישע פּראָפעסיאָנעלע צייטונג — „דער האַנדלס=אָנגעשטעלטער“. אין פּעטערבורג טרעט מען צו אַרויסצוגעבן דעם פּאָליטישן וואָכנבלאַט פון דער פּועלי=ציון=פּאַרטיי — „דאָס וואָרט“.

די מלחמה האָט איבערגעריסן דידאָזיקע אַנטוויקלונג. „דאָס וואָרט“ האָט געמוזט אויפהערן צו דערשיינען. „דעם האַנדלס=אָנגעשטעלטן“ האָט די רעגירונג נאָך פריער פאַרמאַכט. די פּלוצלינג געקומענע מאָביליזאַציע האָט אַרויסגעריסן אַ ריי אַקטיווע פּאַרטיי=חברים. אַ סך גרופּן האָבן צוליב דער מאָביליזאַציע פאַרלוירן זייערע סעקרעטאַרן, וועלכע האָבן אַפילו נישט געהאַט קיין צייט איבערצוגעבן די ענינים און אַזוי אַרום זענען די גרופּן געבליבן אָן אַדרעסן — איזאָלירט און אָפּגעריסן פון דער איבעריקער פּאַרטיי. דערצו נאָך זענען אונזערע גרעסטע אָרגאַניזאַציעס — ווי די לאָדזשער — באַלד אַריין אין דער פראָנט=ספערע און דאָס האָט ביז גאָר דערשוועוט די פירונג פון דער פּאַרטייאישער אַרבעט. . .

די באַוועגונג אין אוקראַינע האָט זיך געפונען אין אַ באַזונדער שווערער לאַגע.

פוילן און טיילווייז ליטע האָבן געהאַט אַ פעסט־איינגעאָרדנטן פּאַרטיי־אַפּאַראַט, וועל־כער האָט געקענט אויסשטיין די בייזע נסיונות.

אוקראַינע אָבער האָט אין 1914 יאָר ערשט אָנגעהויבן זיך צו אָרגאַניזירן. נאָר אין קיעוו און טשערניגאָוו זענען געווען עלטערע אָרגאַניזאַציעס און דערצו נאָך פאַר־בונדענע מיט דעם ליטווישן ר. ק. (אין פּינסק) און מיט דעם צ. ק. אין פּאָלטאַווע אָבער, יעקאַטערינאָסלאַוו, ניעזשין, מאַריופּאָל זענען ערשט געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּרוּוון צו אויפשטעלן די אָרגאַניזאַציעס. און דאָ האָט זיך די מלחמה אָפּגערופן פאַטאַל אויף דער אַרבעט. ס׳איז דורכגעגאַנגען כמעט 2 יאָר, ביז אין דידאָזיקע שטעט האָט מען געקענט ווידער באַנייען די אָרגאַניזירונגס־פּרוּוון.

נאָר אין מאַריופּאָל האָט זיך איינגעגעבן שוין אין 1914 שאַפן אַ שילער־גרופּע מיט די אויפגאַבן פון דעם אַזוי גערופענעם אין יענע צייטן „זעלבסטאַנטוויקלונגס־קרייז" אונטער דער אָנפירונג פון אונזערע חברים. די אַרבעט פון דידאָזיקע קרייזן האָט זיך אַנטוויקלט. אַ חוץ דעם ערשטן האָט זיך איינגיכן געגרינדעט אַ צווייטער, דער־נאָך אַ דריטער — אַלע דריי לויט דעמזעלבן פּראָגראַם און אונטער דער אָנפירונג פון די זעלבע צוויי אונזערע חברים. דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז אָבער געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער פּאַרטיי און נישט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט די אַרבעטער אויפן אָרט.

די חברים, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט די ענגע קרייזן, האָבן די גאַנצע צייט געזוכט צו שאַפן פאַרבינדונגען און ערשט נאָך עטלעכע חדשים האָט זיך זיי איינגע־געבן צו פאַרבינדן זיך מיט אַ פּאָר אַרבעטער — וועשער און שניידער. יעדער פּרוּוו־אָבער צו אַנטוויקלען מיט זייער הילף אַ ברייטערע אַרבעט האָט זיך אָנגעשטויסן אויף גרעסערע שוועריקייטן, ווייל דידאָזיקע אַרבעטער — געוועזענע בונדאָווצעס — האָבן זיך באַמיט בשום אופן נישט צו געבן די פּועלי־ציוניקעס אין די הענט קיין ווייטערע פאַרבינדונגען מיט אומפּאַרטייאישע אַרבעטער. אַזוי אַרום איז אונזער פּאַרטייאישע גרו־פּע באַשטאַנען פון דריי חברים, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דריי שילער־קרייזן און גלייכצייטיק אונטערגעהאַלטן באַציונגען מיט די דערמאָנטע אַרבעטער — געוועזענע בונדאָווצעס, פּרובירנדיק אויסברייטערן ווייטער די אַרבעט.

ערשט אין דעצעמבער 1914 איז דער גרופּע געלונגען צו פאַרבינדן זיך מיט דער קיעווער אָרגאַניזאַציע און דורך איר מיט דער פּאַרטיי. אויך די קיעווער אָרגאַ־ניזאַציע האָט אין אַ געוויסער מאָס געליטן פון דער מאָביליזאַציע. זי האָט אָבער פאַר־געזעצט איר אַרבעט, אין איר נייער פאָרמאַציע האָט זי עקזיסטירט נאָך פון 1911־טן יאָר, געגרינדעט מיט דער הילף פון ח׳ אווערבוך (איצט אייגער פון די פירערס פון דער אַזוי גערופענער „אַרבעטער־פּראַקציע" אין א״י). צו דער צייט פון דער מלחמה איז זי באַשטאַנען פון אַ גרופּע 15—20 אַרבעטער פון דעמיעווקע (אַ פאָרשטאָט פון קיעוו). פאַרשלאָסן אין אירע ענגע ד׳ אמות צוליבן פולשטענדיקן מאַנגל פון אינטעלי־

געגנטע כּחות, האָט מען די גרופּע אין דער אויסערלעכער גאַס אינגאַנצן נישט געפילט. די גרופּע איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דעם ליטווישן ראַיאָן־קאָמיטעט.

אויסער דער קיעווער, האָט די פּאַרטיי צו יענער צייט געציילט אין אוקראַינע בלויז נאָך איין אָרגאַניזאַציע — די טשערניגאָווער. געגרינדעט מיט אַ צוויי יאָר פאַר דער מלחמה, איז זי פריער באַשטאַנען פון דער אָרטיקער שילער־יוגנט, שפּעטער צו־געצויגן אויך עטלעכע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, און ערשט טאַקע צום אָנהויב פון דער מלחמה אָנגעהויבן צו קריגן אַ ווירקונג אויף צווישן געוויסע אַרבעטער־עלעמענטן. אין אונטערשיד פון די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, איז די טשערניגאָווער גרופּע געשטאַנען אין אַ פריינטלעכן קאָנטאַקט מיט דער אָרטיקער גרופּע פון דער רוסלענדישער ס. ד. פּאַרטיי (באָלשעוויקעס), וועלכע איז אויך אַגב באַשטאַנען דערהויפּט פון דער יידישער שילער־יוגנט מיטן צוגאָב פון אַ פּאָר רוסן־שילער און אינ־טעליגענטן.

אָנהויב 1915־טן יאָר האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף פון די דייטשן אויף דעם רוסישן פראָנט. פריער פּוילן און דערנאָך אויך ליטע זענען דורך זיי אָקופּירט געוואָרן און אָפּגעריסן פון דעם איבעריקן רוסלאַנד. גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן די כוואַליע פון גירושים פון דער יידישער באַפעלקערונג פון די ראַנד־גובערניעס.

די אוקראַאינישע שטעט זענען פאַרפלייצט געוואָרן מיט מאַסן היימלאָזע פון די־דאָזיקע גובערניעס. גראָד דאָס אָבער האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפלעבונג אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ ברייטע הילפס־אַקציע. די הילפס־קאָמיטעטן, די אַרבעטס־ביוראָען, די קיכן האָבן זיך געשאַפן כמעט אין יעדער שטאָט און שטעטל. מיט ענטוזיאַזם און איבערגעבנקייט האָט זיך די יידישע יוגנט אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון העלפן די רואינירטע און אויסגעמאַטערטע קרבנות פון דעם רעגירונגס־אַנטיסעמיטיזם. די פּועלי־ציוניסטישע יוגנט און אַרבעטער האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צוזאַמען מיט די אַנדערע. ס'איז אָבער גאַנץ קלאָר, אַז די אינדיווידועלע באַטייליקונג האָט נישט געקענט זיין די ליניע פון די פּאַרטייאיש־אָרגאַניזירטע חברים. האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן אַ געוויסן איינהייטלעכן פּאַר־טייאישן צוגאַנג און פּלאַנמעסיקער אַרבעט. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז עס זענען געוויסע חילוקי־דעות.

אינגאַנצן פּאָזיטיוו איז געווען די שטעלונג פון די מאָסקווער חברים — באַרו, טענענבוים, בערלינרויט, קיווין, קיטאַיעוויטש — האַלטנדיק, אַז אָט די אַלע געזעל־שאַפטן — די „יעקאָפּאָ“ (הילפס־קאָמיטעט פאַר די פּאָגראָם־געליטענע), די „אָפּע“ (געז. פאַר פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די יידן), „אָרט“ (געז. פאַר פאַרשפּרייטן מלאכה און לאַנד־אַרבעט צווישן די יידן) א. א. שטעלן מיט זיך פאַר באַ געגעבענע פּאָליטי־שע באַדינגונגען די איינציקע מעגלעכע אַרענע פון ברייטער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און ווירקונג, האָבן זיי זיך מיט דער גאַנצער ענערגיע אַריינגעוואָרפן אין אָט דער אַרבעט, באַטייליקט זיך אין די אַלע געזעלשאַפטן, פירנדיק דאָרט דעם קאַמף פאַר דער

אַזוי גערופענער „דעמאָקראַטישער" ליניע. ברייטע געזעלשאַפטלעכע קאָנטראָל, הילף דורך אַרבעט מיטן אָנטייל פון די געוויילטע אַרבעטער-פאַרטרעטער אין דער אָרגאַניזירונג פון דערדאָזיקער הילף, פינאַנץ-אַפּאַראַט אויפן יסוד פון דער אָבליגאַטאָרישער פּראָגרעסיווער באַשטייערונג, וועלטלעכע שול מיט דער יידישער אונטעריכטס-שפּראַך.

אַנדערש איז געווען די שטעלונג פון די אוקראַאינישע חברים. פאַר די קיעווער חברים איז די פראַגע פּאַקטיש נישט געשטאַנען: אַ קליינע גרופּע, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט בלויז אין דעמיעווקע, אָן השפּעה און אָן פאַרבינדונג — האָט זי פּשוט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט נעמען אָדער נישט נעמען אַן אָנטייל אין דער אַרבעט. די פראַגע האָט יאָ אַרויסגערופן הייסע דעבאַטן צווישן די מאַריופּאָלער חברים. די שטעלונג, וועלכע עס האָט פאַרטיידיקט דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, איז געווען פאָלגנדע: די אַלע הילפס-אָרגאַניזאַציעס זענען אייגנטלעך סוראָגאַטן פון געזעלשאַפטלעכקייט. זיי לינדערן טאַקע די נויט פון אַ סך היימלאָזע. פאַר דער פּאַרטיי שטייט אָבער אַן אַנדערע הויפּט-אויפגאַבע — דאָס איז די צוגרייטונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן אויסברוך. די פּאַרטיי קען זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס צו פאַרשווענדן אירע אויך אָן דעם קליינע כוחות אויף אַזאַ הילפס-אַרבעט. די לעגאַלע געזעלשאַפטן דאַרפן באַטראַכט ווערן נאָר פון שטאַנדפּונקט פון אונזער אומלעגאַלער פּאַרטייִשער אַרבעט — אויף וויפל דער אָנטייל אין זיי קען אונדז דערלייכטערן דעם צוטריט צו די ברייטערע אַרבעטער-קרייזן און די פּאָליטישע אָרגאַניזירונגס-אַרבעט. אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט האָב איך, און מיט מיר דער גרעסטער טייל פון די אוקראַאינישע חברים, געהאַלטן פאַר נייטיק צו באַטייליקן זיך אין די אַרבעטס-ביוראָען אַלס אָרגאַנען, וועלכע קומען אין באַרירונג מיט פאַרשידענע אַרבעטס-פלעצער, און גיבן די מעגלעכקייט אַריינדרינגען טיפער צווישן די אַרבעטער. מיר זענען אָבער געווען קעגן דעם סיסטעמאַטישן אָנטייל אין פאַרשידענע אַנדערע געזעלשאַפטן. בפרט האָבן מיר געמאַכט ביטערע פאָרווורפן די מאָסקווער חברים. אויף דער פּאַרטיי-קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען אין מערץ 1915 אין פּינסק (עס האָבן זיך באַטייליקט אין איר די פּוילישע און ליטווישע אָרגאַניזאַציעס, מאָסקווע און קיעוו) איז געווען אויסגעקליבן אַ צענטראַל-ביוראָ מיטן צענטער אין מאָסקווע. אָפּגעבנדיק זיך אָבער דער אַרבעט אין די לעגאַלע געזעלשאַפטן, האָבן די מאָסקווער חברים טיילווייז פאַרנאַכלעסיקט זייערע אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפגאַבן, אַלס צ. ב., און די פאַרבינדונג מיט דער פּראָווינץ איז געווען אַ שוואַכע.

די אוקראַאינישע חברים *דאַקעגן*, האָט זיך איינגעגעבן, קאָנצענטרירנדיק זייערע כוחות אינגאַנצן אויף די אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטישע אויפגאַבן, דאָך אויסנוצן די אַרבעטס-ביוראָען צוליב דער פאַרשטאַרקונג פון דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע.

אין טשערניגאָוו און אין מאַריופּאָל האָט זיך איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער אַרום דעם קאַמף פאַר שיקן געוויילטע אַרבעטער-פאָרשטייער אין די פאַרוואַל-

טונגען פון די אַרבעטס־ביוראָען — אין מאַריופּאָל צ.ב. די זעלבע געוועזענע בונדאָווצעס, וועלכע האָבן נישט געוואָלט געבן קיין שום פאַרבינדונגען, כּל־זמן עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּאָליטיש־קולטורעלע קרייזלעך, האָבן אָבער מסכּים געווען מיט אונזער גרופּע, ווען מיר האָבן פאַר זיי אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן דעם אַרבעטס־ביוראָ. הונדערטער היימלאָזע האָבן געדריקט אויף דעם אַרבעטס־מאַרק און געדראָט צו ווערן לוין־דריקער, ווערק־געצייג אין די הענט פון בורזשואַזער אַרבעטס־פאַרמיטלונג. — דער מאָמענט האָט געווירקט, און אין אַ קורצער צייט האָט זיך איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן אַ גרופּע פון 25 אַרבעטער, וועלכע האָבן אויסגעקליבן 2 פאָרשטייער, פאָדערנדיק פאַר זיי אַן אָרט מיט שטים־רעכט אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם אַרבעטס־ביוראָ. די פאַרוואַלטונג האָט אָנגענומען דידאָזיקע פאָדערונג. לויט דעם פאָרשלאַג פון אונזער חבר, האָט מען באַשלאָסן אויך איינצואָרדענען פון צייט צו צייט די פאַרזאַמלונגען פון דער גאַנצער גרופּע, כּדי אויסצוהערן און באַטראַכטן די באַריכטן פון די אויסגעוויילטע פאָרשטייער. דערנאָך האָט זיך איינגעגעבן אַריינציען די אַלע אַרבעטער (אַ טייל — געוועזענע בונדאָווצעס, אַ טייל — אומפּאַרטייִשע) אין פּאָליטישע בילדונגס־קרייזן, און די מער אַקטיווערע פון זיי — אין דער פּאַרטייִשער גרופּע. מיט דער ווייטערער פאַרברייטערונג פון דער אַרבעט האָט זיך איינגעגעבן צו גרינדן אויך אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון שניידער־אַרבעטער (אַן אומלעגאַלן), אונטער דער פירונג פון אונזערע חברים. — דער פאַריין האָט עקזיסטירט די גאַנצע צייט ביז דער רעוואָלוציע און האָט זומער 1916 דורכגעפירט מיט דערפאָלג אַן עקאָנאָמישן שטרייק, וועלכער האָט באַדייטנד פאַרבעסערט די אַרבעטס־באַדינגונגען.

די ברייטע בילדונגס־קרייזן האָבן אָבער עקזיסטירט אַ קורצערע צייט און צעפאַלן זיך אין אָנהייב 1916 יאָר. די בונדאָווצעס, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין די קרייזן, דערשפירנדיק די פאַרשטאַרקונג פון דער ווירקונג פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין די קרייזן, האָבן אָנגעהויבן אַ „קעגן־אַקציע"; געשראָקן די חברים מיט דעם „פּאַרטייִשן גייסט", וועלכן עס טראָגן אַריין די פּועלי־ציון, און אפילו אויסגענוצט די קאָנספּיראַציע פון דער פּאַרטייִשער גרופּע, כּדי צו ווירקן אויף די אַמביציע־געפילן פון די חברים: „איר זעט, זיי האָבן צו אייך נישט קיין צוטרוי, זיי באַהאַלטן זיך פון אייך" א. א. וו. צום סוף איז די אַטמאָספערע געוואָרן אַזוי פאַרסמט, אַז ס'איז געוואָרן אוממעגלעך ווייטער פאָרטצוזעצן די געמיינזאַמע אַרבעט און די קרייזן האָבן זיך געשפּאָלטן. אַ טייל מיט די בונדאָווצעס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן און די איבערגעבליבענע האָבן פאָרטגעזעצט די אַרבעט אַלס פּועלי־ציוניסטישע גרופּע. נאָר אין דעם פאַריין האָט זיך פאָרטגעזעצט די געמיינזאַמע אַרבעט — און טאַקע אונטער דער הערשנדער השפּעה פון פּועלי־ציון.

אין טשערניגאָוו איז די אָרגאַניזאַציע זייער אויסגעוואַקסן. אין 1916 יאָר האָט שוין די צאָל פון אירע חברים דערגרייכט 60 מאַן, די גרעסטע מערהייט — אַרבעטער

פון פאַרשידענע פאַכן. די אַרבעט האָט זיך אויך דאָ אויסגעדריקט הויפּטזעכלעך אין דער פּאָליטישער אַגיטאַציע און פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג.

די כוואַליע פון די הײמלאָזע האָט אָבער געבראַכט מיט זיך נישט נאָר נײַע אַרבעטס-געביטן, נאָר אויך נײַע חברים פון די עוואַקוירטע געגנטן. אַזוי האָט אַ חבר פון די עוואַקוירטע — בן-דור, אַ לערער, זיך באַזעצט אין דעם שטעטל באָבראָוויצי (אין 1919 יאָר איז ער געהרגעט געוואָרן דורך די „ווײַסע״), דער ח׳ יהודה גער מיט נאָך אַ פּאָר חברים אין קרעמענטשוג, אַ פּאָר חברים אין פּאָלטאַווע — און אַרום זיי האָבן זיך אָנגעהויבן גרופּירן אין די אַלע ערטער נײַע גרופּן און אָרגאַניזאַציעס.

גלײַכצײַטיק מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער אַרבעט אויף אוקראַינע איז אָבער געקומען די אָפּגעריסנקייט פון ליטע, פון פּינסק, וועלכע האָט אין אָרגאַניזאַציאָנעלן זין געדינט פיל מער אַלס פּאַרטיי-צענטער, ווי דאָס צ. ב. אין מאָסקווע. פאַר דעם אָבער, ווי די דיאָזיקע געגנטן זענען געוואָרן אָקופּירט דורך די דײַטשן, האָט דער פּינסקער ראַיאָן-קאָמיטעט איבערגעגעבן זײַנע פולמאַכטן און פאַרבינדונגען דער קיעווער אָרגאַניזאַציע. דער קיעווער קאָמיטעט האָט גענומען אויף זיך צונויפצורופן די ראַיאָן-קאָנפערענץ. די בריוולעכע פאַרבינדונגען אַ דאַנק דער מיליטערישער צענזור זענען געווען צו שוואַך — די אַרבעט האָט אָנגעהויבן זיך פונאַנדערוואַקסן, ס׳איז געווען נויטיק אַ צוזאַמענטרעפן זיך.

די ראַיאָן-קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען ענדע 1915 (אין אָקטאָבער, אויב איך האָב קיין טעות נישט.), אין קיעוו. אויסער די קיעווער חברים זענען געקומען דער ח׳ בן-דור פון באָבראָוויצי, איך פון מאַריופּאָל; קרעמענטשוג איז נישט געווען פאַרטרעטן, ווײַל די דאָרטיקע גרופּע האָט ערשט געהאַלטן אין אָרגאַניזירן זיך. דאַכט זיך, אַז אויך טשערניגאָוו האָט נישט צוגעשיקט קיין דעלעגאַט. עס האָט געדאַרפט קומען דער ח׳ אַלטמאַן (טענענבוים) פון דעם צ. ב. ער איז אָבער אויך נישט געקומען. די הויפּט-פראַגע פון דער קאָנפערענץ איז, נאַטירלעך, געוואָרן די פּאָליטישע און די באַציונג צו דער מלחמה. די צווייטע גרויסע פראַגע פון דער יידישער ווירקלעכקייט פון יענער צײַט — די אַרבעט אין די לעגאַלע געזעלשאַפטן, ספּעציעל די הילפס-אַרבעט, האָט צווישן די אוקראַינישע חברים נישט אַרויסגערופן קיין גרויסע חלוקי-דעות. די אויבן-אָנגעוויזענע שטעלונג איז געווען פאַר זיי אַ געמיינזאַמע.

די פּאָליטישע פראַגע האָט אַרויסגערופן חלוקי-דעות.

איך האָב אויסגעדריקט די מיינונג, אַז די מלחמה פאָדערט מצד דעם אַרבעטער-קלאַס אַ קעגן-אַקציע; דיזאָזיקע קעגן-אַקציע וועט אָבער מוזן געווענדעט זײַן נישט נאָר קעגן אויסגעשפּראָכן-רעאַקציאָנערע שיכטן, נאָר קעגן דער גאַנצער בורזשואַזיע. פאָלגלעך קען זי נישט זײַן קיין אַנדערע, ווי אַ רעוואָלוציאָנערער אויפשטאַנד פון דעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג — די סאָציאַלע רעוואָלוציע. עקאָנאָמיש איז די קאַפּיטאַליסטישע וועלט שוין רײַף פאַר דעם סאָציאַליזם, פּראַקטיש און

פּאָליטיש שטעלט אַוועק די מלחמה די פראַגע פון דער איבערקערעניש. אין רוסלאַנד, אמת, זענען די עקאָנאָמישע באַציונגען נאָך נישט גענוג רייף, (די הערשאַפט פון דעם דאָרף, די קליין־פויערישע ווירטשאַפט) און דער פּראָלעטאַריאַט נישט גענוג שטאַרק. אָבער די רעוואָלוציע, אַלס רעזולטאַט פון דער וועלט־מלחמה, מוז אויך אָננעמען אַן אַלוועלטלעכן כאַראַקטער, ווייל די רוסישע רעוואָלוציע וועט זיין נאָר איין גליד. זי וועט זיין נישט קיין פּראָלעטאַרישע, נאָר אַ פויעריש־פּראָלעטאַרישע. זי וועט נישט פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם אין דעם לאַנד פון קליינער ווירטשאַפט, זי וועט אָבער ברענגען צו דער מאַכט די רעוואָלוציאָנערע פויערים און אַרבעטער־רעגירונג מיט דער העגעמאָניע פון די אַרבעטער ספּעציעל אין די שטעט.

אַזאַ פּאָליטישע לאַגע וואָלט יזוף כל סוף געמוזט נאָר באַגינסטיקן די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג און אָפּטרעטן איר אָרט פאַר דער בורזשואַזער רעגירונג, ווען נישט די אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און רעוואָלוציע אין אייראָפּע. דער נצחון פון דעם סאָציאַליזם אין אייראָפּע וועט אָבער אָריענטירן אויך די אַרבעטער־פויערים־מאַכט פון רוסלאַנד אויף דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג. אַזוי אַרום דאַרף אונזער קאַמף זיין — פאַר אַ רעוואָלוציע קעגן דער בורזשואַזיע, פאַר דער פאַרבינדונג פון דער רעוואָלוציע מיט דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין אַנדערע לענדער, פאַר דער שאַפונג פון אַ פּאָליטישער מאַכט פון די אַרבעטער און פּאָלקס־מאַסן, וועלכע זאָל עפענען דעם וועג פאַר דער סאָציאַליסטישער איבערבויונג אין דער צוקונפט.

באַלד ווי עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, אין יולי 1914, האָב איך אויסגעדריקט אָט דעם שטאַנדפּונקט אין אַן אַרטיקל, וואָס איך האָב געשיקט אין „דאָס וואָרט”. די צייטונג האָט זיך אָבער אָפּגעשטעלט און מער נישט דערשינען. ווען עס האָט זיך אונז אין מאַריופּאָל איינגעגעבן צו פאַרבינדן זיך ווידער מיט קיעוו, האָב איך אַריבערגעשיקט אַ געשריבענעם רעפעראַט „די מלחמה און די אויפגאַבן פון די סאָציאַליסטן” צו די קיעווער חברים. דער רעפעראַט איז געווען איבערגעלייענט אויף דער פאַרזאַמלונג און דורכגעדיסקוטירט. די קיעווער אָרגאַניזאַציע האָט דאַן אַרויסגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער זי זאָגט זיך אַרויס קעגן דער מלחמה און דעם בורג־פרידן, האַלט פאַר דער אויפגאַבע פון דעם אַרבעטער־קלאַס פאָרטצוזעצן זיין רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, געפינט אָבער, אַז די פאָרשטייענדע רעוואָלוציע קען זיין נאָר אַ בירגערלעך־דעמאָקראַטישע. ווען אין מערץ 1915 איז פאָרגעקומען די דערמאָנטע פּאַרטיי־באַראַטונג אין פּינסק, האָבן די קיעווער חברים איבערגעגעבן דאָרט אויך מיין רעפעראַט, וועלכן מען האָט אויסגעהערט און אַרומגערעדט.

די אָנגענומענע רעזאָלוציע האָט זיך אויך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ קאַמף קעגן דער מלחמה, אָבער קעגן דער מעגלעכקייט פון אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע (איך און בכלל די מאַריופּאָלער גרופּע האָבן באַקומען צו דער צייט די איינלאַדונג צו דער פּינסקער קאָנפערענץ, אָבער נישט געקענט קומען).

אויף דער קיעווער קאָנפערענץ אין אָקטאָבער 1915 יאָר איז מיר צום ערשטן מאָל אויסגעקומען צו טרעפן זיך אין אַ מינדלעכער דיסקוסיע מיט די חברים וועגן דער פראַגע — און זיי איבערצייגן. די קיעווער חברים האָבן אַ לאַנגע צייט פאַר־טיידיקט זייער שטאַנדפונקט (די פערספעקטיוו פון בלויז בירגערלעך־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע). זייער הויפט־אַרגומענט איז געווען — די עקאָנאָמישע אָפּגעשטאַנענקייט פון רוסלאַנד. זיי האָט זיך געדאַכט, אַז מיין שטאַנדפונקט פירט צו דער אָנערקענונג, אַז אויף מאָרגן נאָך דער רעוואָלוציע מוז שוין איינגעפירט ווערן אַ 100־פראָצענטי־קער קאָמוניזם. צום סוף אָבער האָט מען זיך געאייניקט אויף איין רעזאָלוציע, נאָר דער ח׳ בן־דור פון באָבראָוויץ האָט געשטימט קעגן איר: זיין מיינונג איז געווען, אַז די הויפט־פראַגע פון מאָמענט איז די מפלה פון דעם רוסישן צאַריזם, און פאָלגלעך איז דער אַרבעטער־קלאַס פאַראינטערעסירט אין דייטשלאַנדס נצחונות איבער רוס־לאַנד.

די אָנגענומענע רעזאָלוציע זאָגט זיך אַרויס קעגן יעטוועדער אָריענטירונג אויף דעם נצחון פון דעם אָדער יענעם; זי שטעלט פעסט, אַז די מלחמה האָט געעפנט די פערספעקטיוו פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, און אַז די הויפט־אויפגאַבע פון דעם אַרבעטער־קלאַס איז — דידאָזיקע פערספעקטיוון און מעגלעכ־קייטן אויסצונוצן. די רעזאָלוציע האַלט פאַר דער וויכטיקסטער אויפגאַבע אונזערער — ווענדן דעם אַרבעטער־קלאַס צו דעמדאָזיקן רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין, קעמפן פאַר דער אויפשטעלונג פון אַ רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַל און דערביי אויך דורכדרינגען די נישט־יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג מיט דער פאַרשטענדע־ניש פון אונזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. אונזער פאַרטיי דאַרף נישט באַגרענעצן זיך בלויז מיט דער אָרגאַניזירונג פון יידישע אַרבעטער, נאָר אויך העלפן איבעראַל דער אָרגאַניזירונג און רעוואָלוציאָניזירונג פון רוסישן אַרבעטער.

בנוגע דעם לעצטן פונקט פון דער רעזאָלוציע דאַרף מען זאָגן, אַז סיי אין טשערניגאָוו, סיי אין מאַריופּאָל האָבן אונזערע חברים אַקטיוו געאַרבעט אויף דעמדאָ־זיקן געביט.

נעבן מאַריופּאָל (7 ווערסט ווייט פון דער שטאָט) האָבן זיך געפונען צוויי גרוי־סע מעטאַלורגישע זאַוואָדן — „פּראָווידענס“ מיט 3000 אַרבעטער און „ניקאָפּאָל מאַריו־פּאָלסקי“ מיט אַ 6—7 טויזנט אַרבעטער. זיי האָבן געאַרבעט אויף דער אַרמיי (בראָניע א. א.). אין 1905 איז דאָ געווען אַ באַדייטנדע אָרגאַניזאַציע פון דער רוסישער סאָ־ציאַל דעמ. פאַרטיי (מענשעוויקעס), נאָר דערנאָך איז זי זיך צעפאַלן. איצט, אין 1915, האָט זיך אונז איינגעגעבן צו באַקענען זיך מיט עטלעכע פון די יינגערע אַרבעטער פון „ניקאָפּאָל“, וועלכע האָבן געטראַכט וועגן אויפשטעלן די ס. ד.־אָרגאַניזאַציע. עס האָט זיי אָבער געפעלט דער אָרגאַניזאַטאָר און רעדנער. נאָך עטלעכע געשפּרעכן און באַטראַכטונגען האָט זיך אונז איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן אַ גרופּע — מיט אַן אויסגע־שפּראָכענער באָלשעוויסטישער טענדענץ. דער גרופּע, וועלכע איז באַשטאַנען פון יוגנט,

האָט אָבער געפעלט דער אויטאָריטעט, די השפּעה אויף ברייטערע קרייזן. מען האָט געמוזט צוציִען עלטערע און מער איינפלוסרייכע אַרבעטער פון דער געוועזענער אָר־גאַניזאַציע. יענע אָבער, נישט נאָר וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט אַליין גיין, נאָר האָבן אויך בכלל באַקעמפט אונזערע אָרגאַניזאַציאָנס־פּרווון אויף דעם סמך, וואָס „ס'איז עווין צריבער די צייט פון אומלעגאַלער טעטיקייט, מען דאַרף אַרבעטן דורך לעגאַלע אינסטיטוציעס" . . .

אין אַ פּאָר דיסקוסיעס מיט זיי האָט זיך מיר איינגעגעבן אַ ביסל זיי אַראָפּצו־שלאָגן פון זייער פּאָזיציע. און ווען מיר זענען צוגעטרעטן צו דער אַרבעט, אַדורכ־געפירט אַ פּאָר „מאַסאָווקעס" (באַזוכט פון אַ 100 אַרבעטער), אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די קרייזן, האָט זייער האַרץ פון אַלטע פּאַרטיי־אַרבעטער דאָך נישט אויסגעהאַלטן, און זיי זענען צוגעטרעטן צו דער אָרגאַניזאַציע. אפילו די אַקטיווערע עס־עראָווסקע אַר־בעטער האָט זיך אונז אויך איינגעגעבן אַרייבצוציִען, און אַזוי אַרום האָט אונזער אָר־גאַניזאַציע פאַרייניקט אַלע אַקטיוו־סאָציאַליסטישע אַרבעטער פון די זאַוואָדן, בלייבנ־דיק אָבער אַליין אַן אָרגאַניזאַציע פון דער רוסישער סאָצ.־דעמ. פּאַרטיי — און גראָד פון אַ באָלשעוויסטישער ריכטונג.

ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן דער „קאָלעקטיוו" און מ'האָט אָפּגערעדט, דאָס צווישן דער ר. ס. ד.־אָרגאַניזאַציע און דער פּוע"צ־אָרגאַניזאַציע ווערט געשאַפן אַ פעדעראַציע, און אין קאָמיטעט פון פּועלי־ציון גייט אַריין אַ פאָרשטייער פון די ר. ס. ד. מיט אַ באַראַטונגס־שטימע, און אין קאָמיטעט פון ר. ס. ד. גייט אַריין אַ פאָרשטייער פון פּועלי־ציון מיט אַ באַראַטונגס־שטימע. ר. ס. ד. האָבן זייער רעכט נישט אויס־גענוצט; איך האָב זיך אָבער, פאַרשטייט זיך, באַטייליקט אין אַלע אַרבעטן פון דער ר. ס. ד. און אין אַלע זייערע זיצונגען. איך האָב געפירט זייער אַגיטאַטאָרן־גרופּע, און די צוהערער פון דערדאָזיקער גרופּע האָבן פון זייער זייט געפירט די פּאָליטישע קרייזן פון דער אָרגאַניזאַציע.

מיר האָבן אַרויסגעלאָזן צוזאַמען אַ העקטאָגראַפיש בלעטל קעגן דער מלחמה, דערנאָך אַ בלעטל צום 9־טן יאַנואַר, אַ בלעטל צום 18־טן מערץ — דער יאָר־טאָג פון דער פּאַריזער קאָמונע. אין אָנהויב פון 1916־טן יאָר איז צו אונז דערגאַנגען דער צי־מערוואַלדער מאַניפעסט, וועלכן מיר האָבן אָפּגעדרוקט און פאַרשפּרייט. די פאַרשפּריי־טונג איז געגאַנגען גאַנץ ברייט — אויףביידע זאַוואָדן, אין דער שטאָט און אפילו אין די אַרומיקע דערפער. אונזער „קאָלעקטיוו" האָט אויך אָנגעפירט אַן עקאָנאָמישע אַקציע (איך געדענק נישט גענוי די אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען) און דורך ענערגישע פאָדערונגען און דער דראָונג מיט אַ שטרייק אַרויסגעריסן פון דער אַדמיניסטראַציע באַ־דייטנדע פאַרבעסערונגען פון די אַרבעטס־באַדינגונגען. דאָס האָט נאַטירלעך נאָך מער פאַרשטאַרקט די ווירקונג פון דער אָרגאַניזאַציע. אין אַפּריל־מאַי 1916 האָט אונזער אָרגאַניזאַציע זיך פאַרבונדן מיט די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס פון דער ר. ס. אַ. ד. פּ. אין דעם דאָנעצקן ראַיאָן (ראָסטאָוו א. ד.) און מען האָט אָנגעהויבן צו גרייטן אַ ראַיאָן־

צוזאַמענפֿאַר (אויסער מאַריופּאָל האָבן זיך באַדאַרפֿט באַטייליקן אין אים יוזאָווקע, ראָסטאָוו און אַ פּאָר אַנדערע שאַכטן־אָרגאַניזאַציעס, אַלע מענשעוויסטישע, אויסער אונזערע און אויסער מאַקייעווקע, וואו עס זענען געווען צווײ באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס — אַ גרעסערע אַ מענשעוויסטישע און אַ קלענערע אַ באָלשעוויסטישע). דערבײ האָט די מאַריופּאָלער אָרגאַניזאַציע קאַטעגאָריש געפֿאָדערט, אַז אויך די מאַריופּאָלער פּועלי־ציון זאָלן זײַן אײַנגעלאַדן צום צוזאַמענפֿאָר.

אינמיטן פֿון די צוגרייטונגען האָט אָבער סוף־כּל־סוף אויסגעבראָכן אויף „ניקאָ־פּאָל" אַ שטרייק צוליב דעם, וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט צוריקגענומען די אַלע פֿריער געמאַכטע פֿאַרבעסערונגען. די אַדמיניסטראַציע האָט זיך געהאַלטן פּראָוואָקאַ־טאָריש און מען האָט געמוזט אָננעמען דעם אָפֿענעם קאַמף. דער שטרייק האָט געדוי־ערט אַ וואָך אָדער צוויי. דער אַרעסט פֿון אַלע אַקטיווע חברים — צווישן זיי כּמעט פֿון דעם גאַנצן פּאַרטייאישן קאָלעקטיוו — האָט אים אָבער צום סוף צעבראָכן. היות דער זאַוואָד האָט געאַרבעט אויף דער אַרמיי, ד. ה., געווען אַ מאָביליזירטער, זענען אַלע אַרעסטירטע חברים פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. דאָס, און אויך אַנדערע סיבות האָבן צעשטערט די קאָנפֿערענץ־צוגרייטונג און זי איז בכּלל נישט פֿאָרגעקומען...

די אַרעסטן האָבן זיך באַגרענעצט בלויז מיט דעם זאַוואָד. אין דער שטאָט זענען קיין אַרעסטן נישט פֿאָרגעקומען, און אונזער גרופּע האָט פֿאָרטגעזעצט איר אַרבעט, אויך דער דורך אונדז געגרינדעטער פּראָפֿעסיאָנעלער שניידער־פֿאַריין האָט ווײַ־טער זיך אַנטוויקלט. אויף דעם זאַוואָד האָט אונזער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אונטער־געהאַלטן די פֿאַרבינדונג מיט די אײַנצעלנע איבערגעבליבענע חברים, מען האָט זיך קעגנזײַטיק געהאָלפֿן מיט ליטעראַטור א. ד. גל. אײַנע אַ חברטע פֿון דער רוס. ס. ד. אָר־גאַניזאַציע, וועלכע האָט געוואוינט אין שטאָט, האָט אויך געהאָלפֿן אונזער גרופּע פֿון צייט צו צייט מיט פֿאַרלעזונגען אויף „נייטראַלע" טעמעס א. א. איך פּערזענלעך האָב אָבער געמוזט אין פֿאַרבינדונג מיט די אַרעסטן פֿאַרלאָזן די שטאָט. אגב, אויך דער צ. ק. האָט געפֿאָדערט, איך זאָל אַריבערפֿאָרן קיין מאָסקווע.

ס'איז אפֿשר כּדאַי אונטערצושטרייכן, דאָס די אָפּגעשפּאָלטענע בונדישע גרופּע האָט אויך פּרובירט זיך פֿאַרבינדן מיט דער ר. ס. ד. ס'איז אָבער געווען אוממעגלעך אַנדערש, ווי אַרײַנגייענדיק אין דער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע — און זי איז געבליבן אָן פֿאַרבינדונג.

אַ שריט פֿאָרויס אין אונזער אַרבעט איז געווען די מאָסקווער פּאַרטיי־באַראַטונג אין מאַי 1916. די אַרבעט פֿון דער מאָסקווער גרופּע, פֿון דער פּעטראָגראַדער אָרגאַ־ניזאַציע א. א. איז געגאַנגען אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פֿון אונזערע אוקראַינישע אָרגאַ־ניזאַציעס. מען האָט געמוזט זיך צונויפֿרעדן און דאָס צ. ב. האָט צונויפֿגערופֿן אַ באַ־ראַטונג. עס האָבן זיך באַטייליקט די מאָסקווער חברים, דער ח' ניר — (געקומען פֿון פּעטראָגראַד), דער ח' רעוואוצקי (פֿון אָדעס) און די פֿאַרטרעטער פֿון דער פּעטראָ־גראַדער, קיעווער און מאַריופּאָלער אָרגאַניזאַציעס. דער טאָג־סדר האָט אַרומגענומען

אַ גאַנצע ריי פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן. די מלחמה, די אַרבעט אין די לעגאַלע געזעלשאַפטן, די קהילה. די פּעטראָגראַדער חברים האָבן ספּעציעל געפאָדערט צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן דעם יידישן קאָנגרעס: די אַמעריקאַנער קאָנגרעס־באַוועגונג האָט דאַן אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס און צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט אויך אין אַנדערע לענדער. ס'איז אויפגעשוואוּמען דער לאָזונג פון דעם אַלוועלטלעכן יידישן קאָנגרעס און אויך אין רוסלאַנד האָט מען אָנגעהויבן זיך צו אינטערעסירן מיט דער פראַגע.

צוויי גרופּן האָבן זיך גאַנץ בולט אָנגעמערקט אויף דער קאָנפערענץ. פון איין זייט — די מערהייט פון דער באַראַטונג, דערהויפּט כמעט אַלע מאָסקווער חברים; פון דער צווייטער זייט דער שרייבער פון דידאָזיקע שורות, געשטיצט דורך דעם קיעווער דעלעגאַט ח' בנציון גאָלוביצקי. ח' יעקב־משה פון פּעטראָגראַד איז געגאַנגען מיט די „מאָסקווער", אָבער אַ פּאָר מאָל האָט ער געשטיצט די „אוקראַינער". אַ „צענטראַלע" פּאָזיציע האָט פאַרנומען דער ח' טענענבוים (אַלטמאַן), וועלכער האָט גאַנץ אָפט געשטיצט אונז אין די דעבאַטן, אפילו זיך מערסטנטייל סאָלידאַריזירט מיט אונז, אָבער בײַ די אָפּשטימונגען דאָך כמעט די גאַנצע צייט געשטימט מיט דער מערהייט.

אַ גאַנץ שאַרפע דעבאַטע האָט זיך אַנטוויקלט אַרום דער פראַגע וועגן דער מלחמה. איך האָב אַרײַנגעטראָגן די זעלבע רעזאָלוציע, וועלכע עס האָט אָנגענומען מיט אַ האַלב יאָר פריער די קיעווער קאָנפערענץ. די רעזאָלוציע האָט אָבער באַקומען בלויז 2 שטימען; דער איבעריקער טייל פון די דעלעגאַטן איז געשטאַנען אויף אַ פּאַציפיסטיש־אינטערנאַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט. די אָנגענומענע רעזאָלוציע האָט באַגריסט די איניציאַטיוו פון די צימערוואַלדער, אָפּגעוואָרפן דעם „בורג־פרידן" און געפאָדערט אַ קאַמף קעגן דער מלחמה און פאַרן „שלום אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס". מען האָט אָבער אָפּגעוואָרפן אַלס פאַלש די מיינונג אונזערע, אַז די מלחמה האָט אַוועקגעשטעלט שוין די פראַגע וועגן דער עקזיסטענץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, און דער פּראָלעטאַרישער ענטפער אויף דער מלחמה דאַרף זיין אין קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם און נישט סתם קעגן דער מלחמה. אַ ביסל אַ באַזונדערע פּאָזיציע האָט פאַרנומען דער ח' רעוואוצקי: ער האָט געהאַלטן, אַז דער לאָזונג „שלום אָן אַנעקסיעס" איז אייגנטלעך אַ באַגרענעצונג פון אונזער קאַמף קעגן דער מלחמה. אונזער לאָזונג קען נישט פאַרבינדן די פאָדערונג פון שלום־שליסן מיט וועלכע נישט איז באַדינגונגען — אַ באַלדיקער שלום פאַר יעדן פּרייז, דאָס דאַרף זיין דער ריכטיקער לאָזונג. דאָך איז סוף כל סוף די מערהייטס־רעזאָלוציע אָנגענומען געוואָרן מיט אַלע שטימען קעגן 2.

חילוקי־דעות האָט אַרויסגערופן אויך די פראַגע פון דעם יידישן קאָנגרעס. אין דער צייט, ווען אַ טייל דעלעגאַטן האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק, מיר זאָלן אויפהייבן דעם לאָזונג און אַגיטירן פאַר אַזאַ קאָנגרעס, האָט אַן אַנדערער טייל געהאַלטן, אַז ווען

דער קאָנגרעס זאָל צוזאַמענגערופן ווערן, דאַרפן מיר זיך באַטייליקן אין אים, כּדי אויסצונוצן אַלע מעגלעכקייטן פון דער אַגיטאַציע. מיר דאַרפן אָבער נישט קעמפן איצט דערפאַר, אַז מען זאָל אים צוזאַמענרופן.

די חילוקי־דעות אין דער פראַגע פון די לעגאַלע געזעלשאַפטן האָב איך שוין אויבן געשילדערט און האָב צו דעם נישט וואָס צוצוגעבן. אין דערדאָזיקער פראַגע האָט זיך אַרויסגערוקט זייער אַ שאַרפע דעבאַטע, און די מאָסקווער גרופּע האָט געהאַט די מערהייט אויף דער באַראַטונג. מען דאַרף זאָגן: אין אָנהויב האָבן מיר געוואַרט נאָך שאַרפערע חילוקי־דעות. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז בּאַ זייער גרויסע טאַקטישע אונטערשידן האָט מען געקענט געפינען אַ געוויסע געמיינזאַמע פּראַקטישע ליניע. דאָס האָט דערלויבט דעם ח' רעוואוצקי אין אַ שלוס־רעדע צו דערקלערן: „מיר זענען פיל יאָרן געווען כּמעט אָפּגעריסן איינער פון דעם צווייטן. יעדער האָט זעלבשטענדיק איבערגעלעבט און אָפּגעשאַצט די געשעענישן פון די לעצטע יאָרן. ס'וואָלט נישט געווען קיין וואונדער, ווען אונזערע מיינונגען וואָלטן זיך גאָר שאַרף פונאַנדערגעגאַנגען. און אָט זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען, באַטראַכט אַלע פראַגן, וואָס שטייען אויפן טאָג־סדר — און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זעלבשטענדיק איז יעדער פון אונז געקומען צו די זעלבע ענטפערס, יעדער באַזונדער — האָבן מיר אָבער אויסגעאַרבעט די זעלבע „טאַקטיק“... א. אַז. וו.

פון די אָרגאַניזאַציאָנעלע באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ דאַרף מען דערמאָנען — די וואַלן פון צ. ק. אין מאָסקווע, דעם באַשלוס אַרויסצוגעבן אַ זאַמלבוך „נאַפּערעוואַליע“ (דער זאַמלבוך איז נישט דערשינען. די איינצעלנע אַרטיקלען, וואָס זענען געווען פאַר אים אָנגעשריבן — ווי ח' בערלינרויטס „דער קריזיס פון אינטערנאַציאָנאַל“, ח' קיווינס — „אין קאַמף פאַר דער יידישער פאָלקס־שול“, זענען דערשינען אַלס איינצעלנע בראָשורן שוין נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע) און דעם באַשלוס אויסנוצן אויף דעם זומער, אַריבערפירנדיק אין רשות פון צ. ק., די דריי חברים — מיך, דעם ח' ברייטער (דאַן האָט ער געהערט צו דער פּעטראָגראַדער אָרגאַניזאַציע) און דעם ח' צבי פרידלאַנד (איצט אין ר. ק. פּ.). דער לעצטער באַשלוס איז געווען אויסגעפירט מיט אַ צוויי מאָנאַטן שפּעטער. פון די דריי חברים זענען צוויי געווען געשיקט אין אוקראַינע — צבי אין כאַרקאָוו און איך אין קיעוו. דער אוקראַינישער ראַיאָן־קאָמיטעט האָט געדאַרפט בלייבן אין קיעוו מיט מיין אָנטייל.

דער זומער 1916 איז געווען פאַר אונזער פּאַרטיי־אַרבעט אין אוקראַינע די צייט פון באַדייטנדער אַנטוויקלונג. די קרעמענטשוגער אָרגאַניזאַציע האָט זיך ענדגילטיק געשטעלט אויף די פיס און אַנטוויקלט אַ סימפּאַטישע אַרבעט. אמת, זי האָט אַ שטיקל צייט „געטריבן אָפּאָזיציע“ און אפילו נישט געוואָלט אָנערקענען דעם קיעווער ר. ק. צוליב זיין באָלשעוויזם. בפרט האָט „געפירט אָפּאָזיציע“ ח' שלום שאַפּיראָ, וועלכער האָט דאַן קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז אַ פּועלי־ציון קאָן נישט זיין קיין באָלשעוויק און מיט די באָלשעוויקעס צוזאַמען קאָן קיין פּוע"צ־ישע אָרגאַניזאַציע נישט אַרבעטן.

דער ה׳ שאַפּיראָ איז נאָך דער רעוואָלוציע געווען איינער פון די גרינדער פון י. ק. פּ צום סוף איז ער דאָך געקומען, נאָר פון דער צווייטער זייט, צום געדאַנק פון זיינע יונגע יאָרן — און אָפּגעטרייסלט זיך פון פועלי־ציוניזם. . .

דער רודף שלום־עלעמענט איז געווען ה׳ יהודיה גער. ער האָט, זייענדיק אַליין אויך מענשעוויסטיש געשטימט, דאָך אָפּגעקילט דעם ברען פון ה׳ שלום און געבראַכט די קרעמענטשוגער אָרגאַניזאַציע צו דיסציפּלין, און זי האָט גאַנץ גוט פאַרשפּרייט די בלעטלעך פון ר. ק., איינגעאָרדנט מיינע פאָרלעזונגען א. א. וו. זייער גוט האָט זיך אַנטוויקלט די טשערניגאָווער אָרגאַניזאַציע. לויט דער איניציאַטיוו פון אונזער קיעווער ר. ק. איז אין טשערניגאָוו באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן איינאָרדנען די פעדע־ראַטיווע פאַרבינדונגען צווישן אונדז און דער אָרטיקער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע (ר. ס. ד.), לויט דעם זעלבן שטייגער ווי עס איז געווען דורכגעפירט אין מאַריופּאָל. די ר. ס. ד. האָבן אָבער צום סוף זיך אָפּגעזאָגט פון אַזאַ פעדעראַציע, דערקלערנדיק, אַז אויף וויפיל ס׳וועט זיין די נייטיקייט פאַר געמיינזאַמע אַקציעס, וועלן דיביידע אָרגאַניזאַציעס זיך שטענדיק קענען צונויפרעדן, און אויסער דעם איז קיין פעדעראַטיווע פאַרבינדונג נישט נייטיק.

במשך פון דעם זומער האָט זיך דעם ר. ק. איינגעגעבן אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען אויך מיט יעקאַטערינאָסלאַוו און אַפּאָר אַנדערע פּונקטן. ספּעציעל האָט זיך אָבער אונ־זער אַרבעט אַנטוויקלט אין כאַרקאָוו, קיעוו און פּאָלטאַווע.

אין כאַרקאָוו האָט זיך אונז איינגעגעבן נאָך אין אָנהויב 1916 אָנצוקניפּן פאַר־בינדונגען מיט אַ פּאָר חברים סטודענטן און האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אויפן וועג פון דער מאָסקווער באַראַטונג צוריק קיין מאַריופּאָל האָב איך פאַר זיי אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דער באַראַטונג. קיין פּאַרטייאישע אַרבעט האָט זיך אָבער נישט געפירט. דאַקעגן אָבער די אַרבעט פון בונד האָט זיך אין דער צייט דווקא שטאַרק אַנטוויקלט ; די כוואַליע פון די היימלאָזע און אַרויסגעשיקטע פון די ליטווישע גובערניעס איז געקו־מען אויך אין כאַרקאָוו אין 1915 יאָר. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויפבליען פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אין דער שטאָט האָט זיך באַשאַפן אַ טעטיק אַר־בעטס־ביוראָ. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אַרבעטער־קיך. צווישן די אָנגעקומענע איז אָבער געווען דער גרעסטער טייל פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע פון בונד, און אויך נישט ווייניק בונדאָוצעס פון אַנדערע שטעט. אַזוי איז כאַרקאָוו געוואָרן דער גרעס־טער צענטער פון „בונד״ אין גאַנץ רוסלאַנד. דער כאַרקאָווער „בונד״ האָט געציילט באַ 200 חברים. די אַרבעטער־קיך איז אינגאַנצן אַריין אין זייערע הענט; אויך אין דעם אַרבעטס־ביוראָ האָבן זיי געהאַט אַ ווירקונג.

מיט צביס אָנקומען האָט די לאַגע אָנגעהויבן זיך בייטן. סיי אין די סטודענטן־קרייזן, סיי אין די אַרבעטער־קרייזן האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטוויקלען אַ ברייטערע אַרבעט. לעקציעס און שמועסן אין די קרייזלעך. מאַסוווקעס. . . אַ גלענצנדער און

גרויסער רעדנער, האָט צבי געהאט אַ גרויסן דערפאָלג. אונזער אָרגאַניזאַציע איז מיט־אַמאָל אויסגעוואַקסן ביז דער צאָל פון אַן 80 חברים. איר ווירקונג האָט זיך באַדייטנד פאַרגרעסערט. אונז האָט זיך איינגעגעבן צו צעברעכן דעם „מאָנאָפּאָל" פון „בונד" אין דער קיך א. א. ערשט דעם 13־טן סעפּטעמבער מיטן אָפּפאָרן פון צבי קיין פּעט־ראָגראַד איז די אַרבעט געוואָרן שוואַכער. די אָרגאַניזאַציע האָט אָבער עקזיס־טירט.

אויך אין פּאָלטאַווע האָט די היימלאָזע־כוואַליע אַרייגעבראַכט אַן אויפלעבונג אינם יידישן לעבן, אַהערצו האָט זיך איבערגעטראָגן די גאַנצע זאָקן־אינדוסטרי פון די ליטווישע גובערניעס. די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט זיך דאָ קאָנצענטרירט אין „אָרט", באַ וועלכן עס האָט עקזיסטירט דאָס אַרבעטס־ביוראָ. די געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג האָט צוגעצויגן ווידער צו דער אַרבעט אַ פּאָר אַלטע פּועלי־ציוניסטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פּאָלטאַווע. זיי האָבן אויפגעשטעלט די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און פאַרבונדן זיך מיט דעם קיעווער ר. ק.

אַ דאַנק זייער ענערגישער אַרבעט האָט זיך זיי איינגעגעבן צו קריגן אַ גרויסע השפּעה צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין דער שטאָט. דאָס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן באַ די וואַלן פון דער פאַרוואַלטונג פון „אָרט", וואו אונזערע קאַנדידאַטן האָבן באַקומען איבער 100 שטימען, כמעט אַזויפיל, וויפיל אַלע אַנדערע ריכטונגען צוזאַמען. אונזערע חברים זענען אַריין אין די פאַרוואַלטונגען פון „אָרט" און דעם אַרבעטס־ביוראָ. זיי האָבן אויך אָנגעהויבן צו אַרבעטן אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט. און אויך ווי די כאַרקאָווער און קרעמענטשוגער, האָבן זיי גאַנץ ענערגיש פאַרשפּרייט די אויסגאַבן פון ר. ק.

דער ר. ק. איז אויך צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. צום 1־טן מאַי האָט ער אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, וועלכער איז געווען פאַרשפּרייט אויך אין דער פּראָווינץ. במשך פון דעם זומער האָב איך אין נאָמען פון ר. ק. באַזוכט צו 1—2 מאָל טשער־ניגאָוו, קרעמענטשוג, באָבראָוויץ, פּאָלטאַווע. נאָכן אָוועקשטעלן די אַרבעט אין קיעוו גופא האָט דער ר. ק. אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ העקטאָגראַפישן אָרגאַן — „דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ביולעטין". סך הכל זענען דערשינען פאַר דעם זומער 2 נומערן פון ביולעטין. — אויסער דער כראָניק און קאָרעספּאָנדענצן פון פּראָווינציאָנעלע אָרגאַני־זאַציעס האָט ער פאַרמאָגט פּאָליטישע אַרטיקלען, געווידמעט דערהויפּט דער מלחמה. אַ גרויסן איינדרוק האָבן געמאַכט די שאַרפע אָנגריפן פון „ביולעטין" אויף די „אָבאָראָנ־צעס" (די פּאַרטיידיקער פון דער מלחמה) בכלל און אויף דעם בונד בפרט און אויף זיין אָפּאָרטוניסטישער טאַקטיק. דער ביולעטין איז געווען פונאַנדערגעשיקט אין אַלע אָרגאַניזאַציעס פון אוקראַינע און אויך אין מאָסקווע.

אין קיעוו גופא האָט אויך די אַרבעט און השפּעה פון פּועלי־ציון אָנגעהויבן צו וואַקסן. אַ קליינע גרופּע פון יונגע דעמיעווקער אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, אַפילו קיינעם נישט באַקאַנט אויסער דעמיעווקע, איז די גרופּע במשך פון אַ פּאָר חדשים

שטאַרק אויסגעוואַקסן. עס האָבן זיך געשאַפן עטלעכע פּאָליטישע אַרבעטער־קרייזן — סיי אויף דעמיעווקע, סיי אויף אין דער שטאָט, און איין סטודענטן־קרייז. די צאָל חברים האָט דערגרייכט 50—80 מאַן; אונזערע „מאַסאָווקעס" (אומלעגאַלע מיטינגען), וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן דורכצופירן יעדע וואָך אין דעם דעמיעווקער וואַלד, וועלכע פלעגן אין אָנהויב צוציען אַן עולם פון אַ 20—30 מאַן, האָבן אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום שוין געהאַט אַ געזיכערטן באַזוך פון אַ 100—120 מאַן. ס'איז באַדייטנד אויסגעוואַקסן אונזער ווירקונג אין די עקזיסטירנדע לעגאַלע פּראָפ. פאַריינען (דרוקער, סטאָלער, מעטאַליסטן־טיילווייז שניידער).

אונזער אָרגאַניזאַציע האָט אויך גענומען די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פאַריין. העקטאָגראַפישע בלעטלעך צו יעדער געשעעניש אין קיעווער אַרבעטער־לעבן (צום דרוקער־שטרייק א. א.) און די צוויי נומערן פון „סאָצ. דעמ. ביו־לעטין" האָבן נישט ווייניק מיטגעווירקט צום וואוקס פון דער פאַרטיי־השפּעה אויף דער קיעווער אַרבעטערשאַפט.

אידעיש האָט אונזער אָרגאַניזאַציע געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. אין די פאַרטייאי־שע קרייזן פון קיעוו האָט מען געקאָנט געפינען „אַבאָראָנצעס" (דערהויפּט — די בונ־דאָווצעס), אַ פּאָר אינטערנאַציאָנאַליסטן פון מאַרטאָווס שניט, און דער הויפּט־קערן פון דער ר. ס. ד. אָרגאַניזאַציע — די באָלשעוויקעס. זייער שטעלונג איז אָבער גע־ווען אין קיעוו — „קריג דעם קריג", באַלדיקער שלום פאַר יעדן פּרייז, ד. ה., אייגנ־טלעך, אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַציפיזם. דער שטאַנדפּונקט פון זייער צ. ק. איז זיי ביז יענער צייט געבליבן אומבאַקאַנט און פרעמד, ווי פּאַר אַ סך פּראָווינציאָנעלע באָל־שעוויסטישע אָרגאַניזאַציעס. אונזער אַרויסטרעטונג מיט דער פּלאַטפאָרם פון קאַמף אונטער די לאָזונגען פון סאָציאַלער רעוואָלוציע האָט זיי פריער איבערראַשט, דערנאָך האָט די מערהייט פון זיי אָנגענומען דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט. דער פאַקט בלייבט אָבער, אַז די פּוע"צ־אָרגאַניזאַציע איז געווען די ערשטע, וועלכע האָט דעמדאָזיקן געדאַנק פּאָרזייעט צווישן די קיעווער אַרבעטער.

שטיצנדיק זיך אויף דערדאָזיקער השפּעה, האָט אונזער אָרגאַניזאַציע גענומען אַרויסגיין אויף אַ ברייטערער גאַס. אַן אַקטיווע ראָלע האָבן אונזערע חברים געשפּילט שוין בײַ דער אָרגאַניזירונג פון דער סאָצ. באַוועגונג צווישן די קיעווער סטודענטן. 1916 יאָר איז געווען דאָס יאָר פון אַ שטאַרקער אויפלעבונג פונם קיעווער אַק־־עמישן לעבן. די לער־אַנשטאַלטן, וועלכע זענען מיט אַ יאָר פריער עוואַקוירט געוואָרן אונטער דער דראָונג פונם דייטשן אָנגריף, האָבן זיך איצט אומגעקערט צוריק קיין קיעוו. טויזנטער סטודענטן האָבן זיך קאָנצענטרירט אין שטאָט און די אויפגאַבע פון אַריינ־ציען זיי אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט זיך געשטעלט אַלץ ערנסטער. די קליינע צאָל סטודענטן אין די קיעווער סאָצ. אָרגאַניזאַציעס האָט געבראַכט צו דעם, אַז אַלע סאָצ. פאַרטייען האָבן געשאַפן צווישן זיך אַ געאייניקטן פראָנט — אַן אַקאַ־דעמישן סאָציאַליסטישן צענטר — צוליב דערדאָזיקער אַרבעט. דער אויספיר־קאָמיטעט

פון דעם סאָציאַליסטישן צענטער איז באַשטאַנען פון 6 חברים — 3 „גאַראַדניקעס" (ס.ר.) און 3 מאַרקסיסטן, צווישן די לעצטע 2 ר. ס. ד. און דער דריטער — אַ פּועל־ציון. דער „אַקאַד. סאָצ. צענטער" האָט אַנטוויקלט אַ גאַנץ ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט צווישן דער שטודירנדער יוגנט.

אַ וויכטיקערער שריט איז געווען — די אויפשטעלונג פון דעם צ. ב. פון די קיעווער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. אַזאַ „צ. ב." האָט שוין עקזיסטירט מיט אַ יאָר פריער און דערנאָך צעפאַלן זיך. דאַן האָבן זיך באַטייליקט אין אים די פּראָפ. פאַריינען, די ר. ס. ד.־פּאַרטיי און דער בונד. די אויפלעבונג פון דער סאָצ.־באַוועגונג האָט איצט אין סעפּטעמבער 1916 געבראַכט ווידער צום געדאַנק פון אַזאַ צענטראַל־ביוראָ (אַן אומלעגאַלן פאַרשטייט זיך), וועלכעס זאָל פאַרייניקן די פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס און די פּראָפ. פאַריינען, קאָאָרדינירן זייער אַרבעט, רעגולירן זי און אַריינברענגען די אָר־גאַניזירונג אין די ברייטע שיכטן פון דער אַרבעטערשאַפט. די איניציאַטיוו האָט דאָס מאָל גענומען אויף זיך דער סטאָליער־פאַריין. אויף דער ערשטער גרינדונגס־פאַרזאַמ־לונג זענען געקומען די פאַרשטייער פון דעם סטאָליער־פאַריין, דרוקער־פאַריין, מעטאַ־ליסטן־פאַריין, שניידער־פאַריין, בונד און פּועלי־ציון. ס׳איז געוואָרן איינשטימיק באַ־שלאָסן צו גרינדן דעם צ. ב. . . . דער בונד האָט אָבער געפאָדערט פעסטצושטעלן, וועלכע אָרגאַניזאַציעס וועלן אין אים צוגעלאָזן ווערן. די פראַגע וועגן פּראָפ. פאַריינען, וועגן דער ר. ס. ד. אַ. פּ. און וועגן דעם בונד האָט נישט אַרויסגערופן קיין דעבאַטן. דער בונד אָבער און אויך דער פאַרטרעטער פון דעם שניידער־פאַריין, וואָס האָט גע־הערט צו דער ר. ס. ד., האָבן זיך שטאַרק אַנטקעגנגעשטעלט דער איינלאַדונג פון פּועלי־ציון און ס. ס. מיט דריי שטימען (פּוע״צ, דרוקער, סטאָליער) קעגן 2 (בונד און שניידער) באַ איין (1) אָפּגעהאַלטענעם (מעטאַליסט) איז באַשלאָסן געוואָרן זיי איינצו־לאַדן.

דערדאָזיקער נצחון אונזערער האָט אָבער אַוועקגעשטעלט אויף די פיס די ר. ס. ד. מיט דעם בונד. זיי האָבן באַשלאָסן ווידער אַוועקצושטעלן די פראַגע אויף דער ערשטער אָרדנטלעכער זיצונג פון צ. ב. און דערוויַיל — צוגרייטן דעם באָדן. אין די פאַריינען האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע קאַמפּאַניע קעגן פּועלי־ציון און קעגן די דע־לעגאַטן פון די פאַראייניגן, וועלכע האָבן געשטימט פאַר פּועלי־ציון. לויט דעם באַשלוס פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָבן די פאַריין־פאַרוואַלטונגען געדאַרפט אויסקלייבן צו 2 פאָרשטייער אין צ. ב. (די פּאַרטייען — צו איינעם). ס׳זענען אָנגעוווענדעט גע־וואָרן אַלע מיטלען, כדי דאָס מאָל זאָלן די פאַריינען שיקן מענטשן, וואָס וועלן שטי־מען קעגן פּועלי־ציון. ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. די סטאָליערס האָבן געשיקט איין פּוע״צ און איינעם אַן אומפּאַרטייאישן רוסישן אַרבעטער, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער השפעה פון פּועלי־ציון. דערזעלבער רעזולטאַט איז אויך געווען באַ די דרוקער. די מעטאַליסטן האָבן געשיקט 1 פּועלי־ציוניסט און 1 אַן ר. ס. ד., וועלכער האָט אָבער אַלס „אָבאָראָניעץ" נישט געהערט צו דער קיעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע (אַ באָלשעוויס־

טיש־אינטערנאַציאָנאַליסטישע[1]) און אויס קעגנערשאַפט צו דער אָפּיציעלער פּאַרטיי־אָר־גאַניזאַציע — ניט געשטיצט איר פּאָדערונג. נאָר די שניידער — די פעסטונג פון די ר. ס. ד. — האָבן געשיקט 2 ר. ס. ד. חברים.

פון די פּאַרטייען זענען געקומען די פּאַרטרעטער פון ר. ס. ד., בונד און פּועלי־ציון. די פראַגע וועגן דעם אָנטייל פון פּועלי־ציון איז אולטימאַטיוו געשטעלט געוואָרן פון דער ר. ס. ד. און בונד. מיט דער מערהייט שטימען איז זייער פּאָדערונג אָבער אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דאַן האָבן זיי דערקלערט וועגן זייער אַרויסטריט פון צ. ב. די איבערגעבליבענע 3 פּאַריינען און די פּוע"צ האָבן זיך אָבער קאָנסטיטוירט אַלס צ. ב. און ענערגיש צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. מ'האָט אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע, וועל־כע האָט געמעלדעט וועגן דער גרינדונג פון דעם צ. ב. און גערופן אַלע אַרבעטער צו אָרגאַניזירן זיך אַרום אים.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז די „טעכניק" איז געווען צוגעשטעלט דעם צ. ב. דורך אונזער אָרגאַניזאַציע. דער אויפרוף איז געווען ברייט פאַרשפּרייט צווישן אַלע פּאַריינען און אויף די זאַוואָדן און פאַבריקן פון קיעוו. די שטימונג איז געווען אַזאַ, אַז אויך פיל חברים פון דער ר. ס. ד. — ניט געקוקט אויף דעם באַשלוס פון זיי־ער קאָמיטעט, האָבן זיך באַטייליקט אין דער פאַרשפּרייטונג פון דער פּראָקלאַמאַציע. דאָס צ. ב. האָט פאַרגעזעצט זיין אַרבעט, געזוכט אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיט די זאַ־וואָדן, אַריינציִען ברייטע אַרבעטער־מאַסן אין די אָרגאַניזאַציעס.

אין דער ר. ס. ד. אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערלעכע שפּאַלטונג. אַזוי האָט די פּראָפּאַגאַנדיסטן־קאָלעגיע אַרויסגעטראָגן אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן דער שטעלונג פון פּאַרטיי־קאָמיטעט און געפּאָדערט אָנצושליסן זיך אָן דעם צ. ב. פּראָטעסט־שטימען קעגן דעם אַרויסטריט פון צ. ב. זענען געוואָרן אַלץ צאָלרייכער. דער אויטאָריטעט פון צ. ב. איז געוואַקסן. אין דער צייט זענען פאָרגעקומען די ביי־וואַלן צו דער פּאַרוואַלטונג פון דעם שניידער־פאַריין. דער פאַריין איז געווען דער שטאַרקסטער פון די קיעווער פּאַריינען, געציילט באַ 300 מיטגלידער און געווען איינ־גאַנצן אין די הענט פון די ר. ס. ד. מיר האָבן גערעכנט צו שאַפן אַ בלאָק מיט די ס. ס. זיי האָבן אָבער באַשלאָסן — ווייזט אויס, צוליב כשרן זיך — שטימען קעגן אונז פאַר די קאַנדידאַטן פון דעם בלאָק ר. ס. ד.־בונד. אונזער לאַגע איז געווען שווערער, ווייל אויך פּערסאָנעל זענען די קאַנדידאַטן פון בלאָק געווען עלטערע און אָנגעזעענע אַרבעטער, פּראָפעסיאָנעלע טוער, מערסטנטייל מיטגלידער פון דער פרי־ערדיקער פּאַרוואַלטונג; אונזערע קאַנדידאַטן זענען געווען אָבער להלוטין אומבאַקאַנט דער ברייטער מאַסע און ניט אימפּאָנירט דעם אומפּאַרטייאישן אַרבעטער.

מיר האָבן אָבער אַנטוויקלט אַן אַנטשיידענעם, פּרינציפּיעלן קאַמף אויף דער פּלאַטפאָרם, וועלכע האָט געהאַט אַלס אירע 2 הויפּט־פּאָדערונגען — דעם אָנשלוס אין צ. ב. און די גלייכבארעכטיקונג פון דער יידישער שפּראַך אין דעם פאַריין. און ניט קוקנדיק אויף די אומגינסטיקע באַדינגונגען און אויף דעם איינהייטלעכן אַנטי־פּועלי־

ציוניסטישן פראָנט פון ר. ס. ד.-בונד-ס. ס., האָט זיך אונז איינגעגעבן דורכצופירן אין דער נייער פאַרוואַלטונג איינעם אונזערן אַ חבר. מען דאַרף דערביי באַמערקן, אַז די וואַלן זענען געווען נישט קיין פּראָפּאָרציאָנעלע, נאָר מאַזשאָריטאַרע. אַנדערש וואָלטן די רעזולטאַטן געווען פיל גינסטיקער פאַר אונז, ווייל די קאַנדידאַטן פון דער אַלטער פאַרוואַלטונג, געשטיצט דורך דעם גאַנצן דריי-פּאַרטייאישן בלאָק, האָבן באַקומען בלויז מיט אייניקע שטימען מער פון אונזערע קאַנדידאַטן; און די אייניקע שטימען זענען געווען אויך נישט גאַנץ זיכערע — דער פּרעזידיום האָט איבערגעשטימט 5 מאָל, ביז עס האָט זיך אים איינגעגעבן פעסטצושטעלן אָט די עטלעכע מערהייטס-שטימען. באַ 200 באַטייליקטע אין די וואַלן האָבן אונזערע קאַנדידאַטן געהאַט אומגעפער צו 90 שטימען...

די אַנטוויקלונג פון אונזער אַרבעט און אויך די אַרבעט פון דעם צ. ב. זענען איבערגעריסן געוואָרן דורך אַרעסטן. דער פּאָליצײַ האָט זיך איינגעגעבן צו אַרעסטירן — אין נאָוועמבער — כמעט אַלע אַקטיווע חברים פון אונזער פּאַרטיי, צווישן זיי דעם גאַנצן קאָמיטעט. די אַרעסטן האָבן נישט צעבראָכן אונזער אָרגאַניזאַציע — די איבערגעבליבענע חברים האָבן פאָרגעזעצט זייער אַרבעט; זעלבסטפאַרשטענדלעך, איז זי צוליב די אַרעסטן באַדייטנד אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

די ברען-שטאָפן האָבן אָבער צו דער צייט שוין אַלץ מער און מער זיך אָנגעזאַמלט אין רוסלאַנד, די אַטמאָספערע איז געוואָרן אַלץ מער און מער אָנגעגליט. די רעפּרעסיעס זענען געווען שוין די לעצטע גסיסה-כאָרכלען פון דעם טויטלעך-פאַרוואונדעטן, ענדגילטיק קאָמפּראָמיטירטן צאַרישן רעזשים. אין פּעטראָגראַד און מאָסקווע איז אויסגעבראָכן די פעברואַר-רעוואָלוציע. אין עטלעכע טעג האָט זי אַרומגעכאַפּט גאַנץ רוסלאַנד. און צוזאַמען מיט אַלע געפאַנגענע דורך דעם צאַריזם האָט די רעוואָלוציע אַרויסגעפירט אויף דער פריי אויך אונזערע חברים...

צו דער נייער עפּאָכע איז די פּאַרטיי געקומען מיט דעם אומלעגאַלן אַפּאַראַט פון אַ 12—15 גרופּן און אָרגאַניזאַציעס און 300—400 אָרגאַניזירטע חברים. דער דאָזיקער אַפּאַראַט האָט געדינט אַלס סקעלעט, אַלס קאַדר פאַר דעם נייעם פּאַרטיי-באַשטאַנד. די פרייע באַדינגונגען, די לעגאַלע אָפענע אַרבעט נאָך דער רעוואָלוציע האָט געפאָדערט אַן אַנדערן פאַרנעם, אַן אַנדערן אַפּאַראַט. ווי באַ אַלע פּאַרטייען, האָט זיך באַ „פּועלי-ציון“ אָנגעהויבן אַ שנעלער וואוקס. שוין זעקס וואָכן נאָך דער רעוואָלוציע, צו דער אַפּריל-קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי אין מאָסקווע, זענען די רייען אויסגעוואַקסן און געציילט 4,000 חברים. ס'איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציעס פון דעם לעגאַלן פּעריאָד זענען געווען דווקא אין די ערטער, וואו די פּאַרטיי האָט געירשנט די אָרגאַניזירטע קערנדלעך פון דעם אומלעגאַלן פּעריאָד: קיעוו, טשערניגאָוו, האָמעל, מאַריופּאָל...

*ז. אַבראַמאָוויטש*

# דער „פּעטראָגראַדער טאָלק“

(זכרונות פון אַ מיטגליד פון דער פּעטראָגראַדער גרופּע אין די יאָרן 17—1915)

די ערשטע פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע, האָט געהאַט דעם ציל צונויפזאַמלען די צעברעקלטע פּועלי־ציון־כוחות, וועלכע זענען טעטיק געווען אין פאַרשידענע ערטער אָן אַ שום צוזאַמענבונד צווישן זיך. זיי זענען געווען צעוואָרפן איבער פאַרשידענע שטעט און געגנטן און האָבן דעריבער ממילא צוגעפּאַסט זייער טעטיקייט צו די אָרטיקע באַדינגונגען, אַמאָל אויך צום פּערזענלעכן צוזאַמענשטעל פון די אָרטיקע פירנדיקע טוער.

בײַ דעם ערשטן מיינונגס־אויסטויש אויף דער קאָנפערענץ אין אַפּריל 1917, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין אַלגעמיין טיילן זיך די דעלעגאַטן אין דריי הויפּט־ריכטונגען, וועלכע, הגם זיי שיידן זיך נישט אונטער אין עיקרדיקע פראַגן און אָנ־שוינגען, פּאַסן זיי אָבער דאָך פאַרשידן אויף די מעטאָדן פון אַרבעט און קאַמף; אויב די אויפפאַסונג פון „פּועלי־ציוניזם“ איז בײַ אַלע געווען אַ מאַניסטישע און אַ באָראָכאָוויסטישע, זענען זיי זיך אָבער אין פראַגן פון טאַקטיק און אַגיטאַציע פונאַנ־דערגעגאַנגען. די דריי ריכטונגען זענען געקרויזנט געוואָרן מיט די נעמען פון די ערטער, וואו די דאָזיקע ריכטונגען זענען אויסגעוואַקסן: „מאָסקווער“, פּעטראָגראַדער“ און „דרום“־גרופּן. די רעשט דעלעגאַטן זענען מער אָדער ווייניקער געווען נאָענט צו איינער פון די דריי.

די ערשטע גרופּע דעלעגאַטן, די מאָסקווער, האָט זיך רעקרוטירט פון חברים מיט אַ לאַנגיעריקן סטאַזש פון אַרבעט אין די געזעלשאַפטן: „עוואָפּאָ“, „אָרט“, „אָפּע“.

דאָס האָט אַרויפֿגעלייגט דעם שטעמפּל פֿון פּראַקטישקייט אויך אויף זייער פּאַרטיי־אַר־
בעט. דאָס האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן פֿון זייער ריין־פּראַקטישן צוגאַנג צו אַלע יידי־
שע געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן. די דרום־דעלעגאַטן — דאָס זענען געווען פֿאַרטרעטער
פֿון געדיכטע יידישע אַרבעטער־פּונקטן, מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט פֿאַרלוירן
דעם קאָנטאַקט מיט די יידישע אַרבעטער־מאַסן, אפֿילו בעת דעם מוראדיקן מלחמה־
רעזשים. זיי האָבן מייסטנס געאַרבעט אין אומלעגאַלע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַרייניגן און
קראַנקן־קאַסעס. אויף זייערע אייגענע פּלייצעס, אָן דער מיטהילף און עצה פֿון צענטר,
האָבן זיי אַליין אויסגעטראָגן און אויסגעפֿירט די אַרבעט אין אַ ריי ערטער, ווי קיעוו,
מאַריופּאָל, קרעמענטשוג א. א.. די פּעטראָגראַדער גרופּע, ווידער, איז באַשטאַנען על פּי
רוב פֿון סטודענטן, וואָס האָבן זייער רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע זיך דערוואָרבן נישט
צווישן יידישע אַרבעטער. נאָך ווייניקער אין אוממיטלבאַרער אַרבעט אויף דעם יידישן
געזעלשאַפֿטלעכן פֿעלד, נאָר אין אַרבעט און אַגיטאַציע צווישן דער סטודענטנשאַפֿט
און טיילמאָל אויך צווישן רוסישע אַרבעטער פֿון פּעטראָגראַד.

ווער פֿון די פּאַרטיי־חברים, וואָס איז נאָר עטוואָס באַקאַנט מיט דער טעטיקייט
פֿון די פּועלי־ציון אין רוסלאַנד אין 1916־17, געדענקט נישט דעם באַגריף „פּעטראָ־
גראַדער טאָלק”, מיט וועלכן ס'איז באַצייכנט געוואָרן די פּעטראָגראַדער גרופּע פּועלי־
ציון און איר טעטיקייט די ערשטע צייט נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע אין פּעטראָ־
גראַד און אין אַנדערע ערטער און געגנטן ? די פּעטראָגראַדער גרופּע האָט זיך אויסגע־
צייכנט מיט איר שאַרפֿן קעמפֿנדיקן טאָן, מיט איר אויסגעהאַלטענער קלאַסן־ליניע אין
באַצוג צום קאַפּיטאַליזם, מיט איר פֿולשטענדיקן סינטעז צווישן אַלגעמיינע פּאָליטישע
און ספּעציעל יידישע פֿראַגן, און, ועל כולם, מיט איר רעוואָלוציאָנערער, טעמפּעראַ־
מענטפֿולער אַגיטאַציע און קאַמף. די גרופּע האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט איר אַק־
טיוויטעט און האָט שוין דערפֿאַר אַליין אין דער פּאַרטיי פֿאַרנומען אַ בכבודיק אָרט.
דערצו איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס בשעת די פּאַרטיי איז אין איר גאַנצן פֿאַרנעם
געווען אַ פּראָווינציעלע, האָט זיך די פּעטראָגראַדער גרופּע געפֿונען אין סאַמע צענטר
פֿון פּאָליטישן לעבן אין רוסלאַנד.

אָפֿיציעל איז די פּעטראָגראַדער אָרגאַניזאַציע אַנטשטאַנען אין סעפּטעמבער 1915
דורך דער איניציאַטיוו פֿונם „דריילינג” (ז. ברייטער, מ. מענדעליעוו און ז. קאָזאָלאַ־
פּאָוו). שפּעטער האָבן זיי צוגעצויגן די חברים ב. י ר און צבי פֿרידלאַנד. דערביי איז
כאַראַקטעריסטיש צו דערמאָנען, אַז צו פֿרידלאַנדן האָט מען זיך שוין דעמאָלט באַ־
צויגן מיט אַ געוויסער צוריקגעהאַלטנקייט און אומצוטרוי. די סיבה דערפֿון איז געווען,
וואָס פֿרידלאַנד איז אַמאָל אַרויסגעטרעטן קעגן אַנסקין פֿאַר זיינעם אַ רעפֿעראַט וועגן
שיצן די יידישע קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע, וועלכע ווערן צעשטערט דורך דער מלחמה
אין ארץ ישראל.

די אַרבעט פֿונם דריילינג האָט שטאַרק געליטן דערפֿון, וואָס אין דער אָרגאַני־
זאַציע זענען נישט געווען קיין זוברים תושבים פֿון פּעטראָגראַד. דערצו איז נישט גע־

ווען קיין שום קאָנטאַקט מיט דער פּראָווינץ. שפּעטער איז מען צופעליק געוואויר געוואָרן דעם אַדרעס פון ה׳ אַלטמאַן אין מאָסקווע.

מיר האָבן זיך גלאָזט אויפזוכן די רעדאַקציע פון אונזער אַמאָליקן זשורנאַל „דאָס וואָרט“, אָבער דאָרט האָבן מיר שוין אפילו קיין זכר נישט געפונען; אפילו דער פיקטיווער רעדאַקטאָר, דער אויסגעדינטער ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט, פון וועמען מיר האָבן געהאָפט צו באַקומען ידיעות וועגן חברים, איז אויך ווי אין וואַסער אַריין. נאָכן ה׳ ראַפּאַלקעס האָבן מיר זיך געיאָגט אַ שטיק צייט, וועלנדיק אים אַריינציען אין אונזערע רייען, און האָבן אפילו נישט חושד געווען, אַז ר׳איז דערזעלבער ה׳ נ י ר, וועמענס אַרטיקלען מיר האָבן אַנומעלט געלעזן אין אומלעגאַלן וואַרשעווער און טשענסטאָכאָווער „יידישן אַרבעטער וואָרט“ און אין ווילנער „פּראָלעטאַרישן געדאַנק“.

אין הערבסט 1915 האָבן מיר, די גרופּע פון 5 חברים, גענומען אַרויסטרעטן, אַלס קאָלעקטיוו מיט אַ ברייט פונאַנדערגעוויקלטן פּראָגראַם. דאָס איז אין יענער צייט באַ דעם דעמאָלטיקן קריגס־רעזשים געווען אַ זייער געוואַגטער שריט. צוליב דעם אָבער, וואָס אין פּעטראָגראַד זענען דעמאָלט קיין קאָמפּאַקטע יידישע אַרבעטער־מאַסן נישט געווען, האָבן מיר געמוזט, כדי צו געפינען אַן אָביעקט פאַר אונזער אַגיטאַציע און ווערבירונג פון מיטגלידער, ווענדן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף 2 צענטרען פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן: אויף די אָוונט־קורסן פאַר שילער און אַרבעטער (עק 8־ען ראָזשדעסטווענסקי און סוואָראָווסקי געס ל) און אויף דער יידישער סטודענטשאַפט, וואָס איז צום מיינסטן געווען קאָנצענטרירט אין פּסיכאָ־נעוראָלאָגישן אינסטיטוט און געוואוינט אין דער געגנט פון פּסקאָוו, וואו פאַר 3—5 רובל אַ חודש האָט מען באַם סטרוזש פון הויז געקענט באַקומען וואוין־רעכט. אין יענער צייט איז דער פּסיכאָ־נעוראָלאָגישער אינסטיטוט געווען דער אייגנציקער ליכטיקער פּונקט, וווּ ס׳האָבן געפונען אַ מקום מקלט אַלטע וועטעראַנען פון סאָציאַליזם, בשעת אין אַנדערע היכשולן און בכלל אין גאַנץ פּעטראָגראַד האָט גערוישט דער טשאַד פון פּאַטריאָטיזם און שאָוויניזם, און בעת די אַרבעטער האָבן אַליין געשיקט דעלעגאַטן אין קריגס־אינדוסטריע־קאָמיטעטן; בעת דער סאָציאַליזם האָט בכלל דעמאָלט ווייניק באַהערשט די מוחות פון פּעטראָגראַדער אַרבעטער. אין דעם פּסיכאָ־נעוראָלאָגישן אינסטיטוט זענען פאַרבליבן כמעט אַלע פרייהייטן, וואָס די אַקאַדעמישע יוגנט האָט זיך געהאַט דערוואָרבן. די סטודענטנשאַפט האָט געהאַט די פרייהייט פון זעלבסט־אָרגאַניזירונג און זעלבסטפאַרוואַלטונג, וואָס פלעגט טאַקע אויסגענוצט ווערן צו רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און גרופּן־אָרגאַניזירונג. אַזוי, למשל, האָט עקזיסטירט אַ כלומרשטער פילאָזאָפיש־עקאָנאָמישער קרייז אונטער דער אָנפירונג פון פּראָפעסאָר טשערנישעוו, וועלכער איז אינדערעמתן געווען דער פאַרמאַסקירטער קאָמיטעט פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער ר. ס. ד. א. פּ.

אין די רייען פון דער דעמאָלטיקער יידישער סטודענטנשאַפט, קינדער פון קליינבירגערלעכע עלטערן פונם תחום, וואָס האָבן נישט דורכגעלעבט די רעוואָלוציע פון

1905—7 און זענען אויסגעוואַקסן אין די יאָרן פֿון פּינסטערער רעאַקציע, האָט געהערשט דער העסלעכסטער שאָוויניזם, אַ דאַנק וואָס ס'האָט זיך צעבליט דער בירגערלעכער ציוניזם, דער העברעיזם, „החבר" „המזרח" און ד. ג. דעם אויבן־אָן האָבן פֿאַרנומען די בירגערלעך־נאַציאָנאַליסטישע סטודענטישע קאָאָפּעראַציעס, וואָס האָבן פֿון אָנהייב מלחמה אָן אויסגענוצט דעם פֿאַרשטאַרקטן נאַציאָנאַליזם אין רוסלאַנד בכלל און צווישן יידן בפרט און פֿאַרשפּרייט שנאה צו אַלץ, וואָס וויל איבעראַנדערשן דאָס יידישע לעבן אויף אַנדערע יסודות, צו אַלץ וואָס איז רעוואָלוציאָנער און בונטאַריש. . . אין אַזאַ דומפּיקער אַטמאָספֿערע איז אונז אויסגעקומען פֿונאַנדערצוויקלען אונזערע פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, אונזער קלאַסן־אידעאָלאָגיע. אין אונזער פֿערזאָן האָבן די ציוניסטן געזען די פֿאַרביסנסטע שונאים. מיר האָבן דעריבער, כּדי דורכצושלאָגן זיך אַ וועג צו די מוחות פֿון דער יידישער סטודענטנשאַפֿט, געמוזט אויף יעדן טריט און שריט קודם־כּל דעמאַ[...]קירן דעם אמתן פּרצוף פֿון דער בירגערלעכער „כּלל־ישראל"־פּאָליטיק.

אינם קאַמף מיט דער בירגערלעך־ציוניסטישער אידעאָלאָגיע און אין דעמאַסקירן דעם בירגערלעך־שאָוויניסטישן כאַראַקטער פֿון די אַלגעמיינע ציוניסטן, אויך אין דער אַרבעט צו רעוואָלוציאָניזירן די מאַסן, האָבן מיר געהאַט אַלס שותּף דעם בונד. פֿאַר די ציוניסטן, וואָס זענען געווויינט געווען צו זען אין אונז שטענדיקע קעגנער פֿונם בונד און האָבן געדענקט אונזער אָנטיילנעמען אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן, איז אונזער טאַקטיק געווען אַן איבערראַשונג און זיי האָבן אונז געקרויינט מיטן נאָמען „פּעטראָגראַדער טאָלק", ווילנדיק דערמיט זאָגן, אַז זיי באַטראַכטן אונז, פּעטראָגראַדער, נישט אַלס פּועלי־ציוניסטן, נאָר אַלס באַזונדערע ריכטונג. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז די ציוניסטישע קרייזלעך פֿון „החבר" און „צעירי ציון" האָבן פֿונאַנדערגעשיקט צירקולאַרן וועגן אָנהייבן אַ שטאַרקן קאַמף מיטן „פּעטראָגראַדער טאָלק". אין צירקולאַר האָט מען אויך געעצהט צו פֿאַרשפּרייטן צווישן די אַרבעטער דעם ציוניסטיש־פֿרייטלעכן פּועלי־ציוניזם, כּדי אַזוי אַרום צו פּאַראַליזירן די השפּעה פֿון „פּעטראָגראַדער טאָלק".

פֿון דער צווייטער זייט אָבער האָט דער בונד, וועלכער האָט זיך תּמיד באַטראַכט פֿאַרן „איינציקן פֿאָרשטייער" אויף דער יידישער פּראָלעטאַרישער גאַס, זיך ערנסט דערשראָקן פֿאַר אונזער ווירקונג. דער קאָמיטעט פֿון בונד, אין די פּערזאָנען פֿון ה. ערליך, זאַסלאַווסקי, ראַפּעס, קאַנטאָראָוויטש, עפּשטיין און אַנדערע האָט דעריבער געפֿונען פֿאַר נייטיק אַרויסצוגעבן די געהעריקע פֿאָרזיכטס־מיטלען צו היטן זיך פֿאַר אונז און אונז צו באַקעמפֿן. אין דעצעמבער 1916 איז דורך אַלע הויכשולן אָרגאַניזירט געוואָרן אין גרויסן מאָסשטאַב אַ טאָג לטובת דער אַרבעטער־פּרעסע. אויף אַ מיטינג פֿון 2000 מענטשן, געמיינזאַם אָרגאַניזירט, האָבן געזאָלט אַרויסטרעטן פֿאָרשטייער פֿון פּועלי־ציון און בונד. אָבער אין דער לעצטער מינוט פֿאַרן עפֿענען דעם מיטינג האָט דער פֿאָרשטייער פֿון בונד דערקלערט, אַז ער זאָגט זיך אָפּ אַרויסצוטרעטן צוזאַמען

מיט אונז. מיר האָבן דאַן באַשלאָסן אַליין צו עפענען דעם מיטינג און פירן אים אָן דער באַטייליקונג פון בונד. די פאָרשטייער פון בונד האָבן זיך דערשראָקן צו בלייבן אָן אַן אוידיטאָריע און האָבן מסכּים געווען אַרויסצוטרעטן אויפן מיטינג, אָבער בתּנאַי, אַז זיי זאָלן רעדן די ערשטע.

די מורא פון בונד איז געווען אַ באַגרינדעטע. בונד האָט געשאַפן אין פּעטראָגראַד אויף די פּיעסקעס אָוונט-קורסן, וואָס האָבן געטראָגן אַ ריין-בונדישן כאַראַקטער. זעגען מיר געקומען און אומגעוואַנדלט די אָוונט-קורסן אין אַ פּועלי-ציוניסטישער אויִדיטאָריע. אונטערן דרוק פון אונזער אַגיטאַציע האָבן די שילער געצוואונגען איינצופירן די לימודים פון יידישער עקאָנאָמיע, עמיגראַציע און אַנדערע ענלעכע לימודים, וואָס זענען געווען אַ כּפירה אין בונד. און גראָד איז עס אויסגעפאַלן אין אַ מאָמענט, ווען אין די רייען פון בונד זעלבסט האָט זיך געטומלט. די מאַסן האָבן רעוואָלטירט און געפאָדערט צו פאַרברייטערן די ראַמען פון די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. אונזער קריטיק האָט דעריבער געפונען גוטע אויערן צווישן די חברים פון בונד.

דאָס צוזאַמענסטן כאַראַקטעריסטישע אין אונזער גרופּע איז אָבער געווען איר קאַמפּס-טאָן און רעוואָלוציאָנערע קרבנות-גרייטקייט. די באַציונג אונזערע צום מיליטאַריזם איז געווען אַ קלאָרע און נישט קיין צווײדייטיקע, ווי באַם בונד און די רוסישע ס. ד., וועלכע האָבן געפּרעדיקט די אידעע פון „פאַרטיידיקונג" און ממילא אַזוי אַרום געשטיצט דעם אימפּעריאַליזם און מיליטאַריזם. אונזער שטעלונג איז געווען אַן אויסגעשפּראָכן אַנטי-מיליטאַריסטישע. מיר האָבן אָפן גערופן דעם פּראָלעטאַריאַט צו לייגן דאָס געווער און אַרויסרופן אַ רעוואָלוציע. ס'איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז צווישן אונז איז נישט געווען קיין איין אָנהענגער פון דער אַזוי גערופענער „פאַרטיידיקונג" (אָבאָראָנטשעסטוואָ) און אַז אַ חבר, שיינאָוו, האָט אַמאָל געפּרובירט פאַרטיידיקן דעמדאָזיקן לאָזונג, האָט זיך בײַ אונז דערוועקט די פראַגע, צי קאָן ער ווייטער בלייבן אין אונזערע רייען.

שפּעטער, ווען ס'האָט אַ בלאָז געטון אַן אַנדער ווינטל און די ליבעראַלע אָפּאָזיציע האָט זיך דערלויבט אויפצוהייבן איר שטים קעגן דער פינסטערער רעאַקציאָנערער אָרדנונג (אין פרילינג 1916), איז אונזער גרופּע, וואָס האָט דעמאָלט געציילט בסך-הכּל 15 חברים, אומעטום געווען פון די וואָרט-פירער אויף אַלע מיטינגען וועגן שטרייקן, אַרעסטן, מלחמה א. ד. גל. אויב מיר האָבן אויסגענוצט דעם הערבסט פון 1915 אויף צו דערוועבן זיך אַ פּאָזיציע צווישן דער יידישער סטודענטנשאַפט, — האָבן מיר דעם פרילינג פון 1916 אויסגענוצט צו דערווערבן זיך אַ פּאָזיציע צווישן דער אַלגעמיינער סטודענטנשאַפט און אין אירע אָרגאַניזאַציעס. אַזוי, למשל, האָבן מיר אין ראַט פון אויפזעער, פון 7 מענטשן דורכגעפירט 2 חברים. דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל פאַר 7 יאָר עקזיסטענץ פונם אינסטיטוט, ווען נישט קיין ריין 100 פּראָצענטיקע חברים פון ר. ס. ד. אַ. פּ. זאָלן אויסגעוויילט ווערן אין דעם ראַט.

אין פרילינג 1916 האָבן מיר זיך שוין ווייניקער באַשעפטיקט מיט ווערבירן מיט-

גלידער און מער זיך אָפּגעגעבן מיט שריפטלעכער און מינדלעכער אַגיטאַציע. מיר האָבן אַרויסגעגעבן פלוג-בלעטלעך, ביולעטינען. מיר האָבן אויך געשטעלט אַ געוויסע צאָל חברים אין רשות פון צווישן-ראַיאָן-קאָמיטעט פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ., אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט סיי מענשעוויקעס, סיי באָלשעוויקעס, כדי צו פירן אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטער אין די פאַבריקן. מיר זענען אויך אַרויסגעטרעטן אין נאָמען פון אונזער אָרגאַניזאַציע אויף אַלע מיטינגען, וואָס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די יידישע שטאָטישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. גראָד איז עס געווען די צייט, ווען די אידעע וועגן אַ „יידישן קאָנגרעס", וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע, האָט אויך דערגרייכט צו די רוסישע יידן און האָט באַ זיי אַרויסגערופן אַ גרויסן אינ-טערעס.

אָבער נישט קוקנדיק, וואָס אין צענטער פון אונזער אַרבעט איז געשטאַנען די אַלגעמיינע פּאָליטיק, זענען מיר דאָך געווען גענוג ניכטער אינם אָפּשאַצן די כוחות און אוממיטלבאַרע ווירקונג פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין יענער מינוט. ס'איז מיר פאַרבליבן אין זכרון אַ פּלענאַר-זיצונג פון אונזער קאָמיטעט וועגן אַרויסטרעטן מיט אַ מאַניפעסטאַציע לכבוד דער דערעפנונג פון דער מלוכה-דומע אין 10 פעברואַר 1917. אַזאַ מאַניפעסטאַציע פון אַרבעטער און סטודענטן האָט דעמאָלט פאָרגעשלאָגן דער קאָ-מיטעט פון די קריגס-אַרבעטער, וועלכע זענען באַשעפטיקט געווען אין דער מלחמה-אינדוסטריע. איינשטימיק האָבן מיר אָנגענומען אַ נעגאַטיוון באַשלוס, מאָטיווירנדיק, אַז אַזעלכע מאַניפעסטאַציעס וועלן פון איין זייט שאַפן באַם אַרבעטער פאַלשע אילוזיעס, אַז ר'קען עפּעס ממשותדיקס דערוואַרטן פון דער דומע, און פון דער צווייטער זייט, וועט עס געבן אַ געלעגנהייט דעם צאַרס משרתים צו מאַכן אַ בלוט-באָד קעגן די מאַ-ניפעסטירנדיקע אַרבעטער.

איז אָבער אויפגעשוואומען אַן אַנדערע פראַגע, — היות ווי די אַנטימיליטאַריס-טישע שטימונג צווישן די אַרבעטער וואַקסט זייער שנעל, איז דעריבער מעגלעך, אַז די אַרבעטער זאָלן סטיכיש אינם טאָג פון דער דומע-עפענונג מאַכן מאַניפעסטאַציעס קעגן דער מלחמה. ווי זאָלן מיר זיך דאַן דערצו באַציען? אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פראַגע איז ממילא אַרויפגעשוואומען אַ דיסקוסיע איבער די כוחות און ווירקונג פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין פאַל פון אַ רעוואָלוציע. אייניקע פון אונזערע חברים, וואָס האָבן בשעת טעאָרעטישע שמועסן וועגן רעוואָלוציע תמיד געחלומט וועגן די אומבאַ-גרענעצטע כוחות פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן פּלוצלינג, בשעת ס'איז געקומען צו רעאַליזירן די רעוואָלוציע, דערזעען דעם נאַקעטן אמת, אַז מיר זענען אַלס אויס-פירער פון אַט דער רעוואָלוציע, צוליב אונזערער ספּעציפישער עקסטעריטאָריאַלער און עקאָנאָמישער לאַגע, זייער שוואַך. פאַר אַט די נייע, נאָך נישט דורכגעזאַפּטע מיט דער פּועלי-ציוניסטישער לערע, חברים, איז עס געווען אַן אַנטוישונג און עטלעכע חברים, ווי בוכבינדער, איטקין און אַנדערע האָבן זיך אין גיכן טאַקע איבערגעטראָגן אינם לאַגער פון דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דערפאַר אָבער האָט די

מערהייט פון דער דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע געגעבן זיך אַ הייסע שבועה, נישט צו דעזערטירן, נאָר שטאַרקער צונויפּבינדן דעם אייגענעם גורל מיטן פּועלי-ציוניזם און יידישן אַרבעטער און אָנשטרענגען דעם מאַקסימום כּוחות, כּדי צו פאַרשטאַרקן די פּאַר- טיי פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

אונזער גאַנצע גרופּע האָט אין פּוילן קאָמפּלעט אָנטייל גענומען אין די אַרויס- טרעטונגען פון 24—25 פעברואַר אויף די גאַסן פון פּעטראָגראַד, הער אַלס אָראַטאָר, אַגיטאַטאָר און ווער — אַלס סאַניטאַר.

זייענדיק פאַרהאַרטעוועט פון 2 יאָר אומדערמידלעכער אונטערערדישער אַרבעט, האָט אונזער אָרגאַניזאַציע אין דער נאַכט פון 24-טן אויפן 25-טן פעברואַר, אין רע- וואָלוציאָנערן עקסטאַז, דורכגעפירט אַ ברייטע דיסקוסיע אויף דער טעמע וואָס לערנען אונדז די ביזאַהעריקע רעוואָלוציעס, כּדי פון זייערע מעטאָדן אַרויסצודרינגען, וואָס מיר האָבן איצט צו טון. פאַרטאָג דעם 25-טן פעברואַר 1917 האָבן מיר לויטן באַשלוס פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן-ראַט אַרויסמאַרשירט צו די באַריקאַדן אויף קאַזאַנער פּלאַץ, וואו אונטער אַ האָגל פון קוילן האָבן מיר געטון די הייליקע זאַך פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט געדויערט ביזן 27-טן פעברואַר.

מיר האָבן דעריבער זיך כשר פאַרדינט דעם בכבודיקן פּלאַץ, וואָס מיר האָבן גלייך נאָכן נצחון פון דער רעוואָלוציע פאַרנומען אין אַרבעטער-דעפּוטאַטן-ראַט. דער ח׳ ברייטער איז אַריין אַלס פאַרשטייער פון דער רעוואָלוציאָנערער סטודענטנשאַפט; דער ח׳ ניר — פון צ. ק. און ח׳ צבי — פון דער פּעטראָגראַדער אָרגאַניזאַציע.

מיר האָבן אָבער אין יענער מינוט פון געוואַלטיקער אָנשטרענגונג פאַרן מאָמענ- טאַלן פּאָליטישן קאַמף דאָך נישט פאַרגעסן אונזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. אינם אַרבעטער-דעפּוטאַטן-ראַט האָבן מיר אויף דער זיצונג פונם 1-טן אַפּריל, בשעתן באַ- טראַכטן די ווייטערדיקע פּאָליטיק פון דער צייטווייליקער רעגירונג, צוזאַמען מיט די פאַרשטייער פון אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון זעלבסט- באַשטימונגס-רעכט פאַר אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס איז אויך דעמאָלט אָנגע- נומען געוואָרן קעגן די שטימען פון בונד (ה. ערליך, קאַנטאָראָוויטש און, דאַכט זיך, אויך ראַפעס).

**י. סוראַזשער**

# די פועלי-ציון-דעלעגאַציע באַם האָלענדיש-סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט.

דעם 26-טן יולי 1917 איז אַ דעלעגאַציע פונם אַלוועטלעכן יידישן סאָציאַליס-טישן אַרבעטער-פאַרבאַנד „פועלי-ציון" אָנגענומען געוואָרן דורך די פאָרשטייער פונם האָלענדיש-סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט אין שטאָקהאָלם. דערדאָזיקער קאָמיטעט איז לכתחילה צונויפגעשטעלט געוואָרן דורך די סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון עטלעכע נייטראַלע לענדער, וועלכע זענען אַליין נישט געווען אַרייננעצויגן אין דער וועלט-מלחמה, און האָבן דעריבער צו יענער צייט גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צונויפצוברענגען אַלע סאָציאַליסטן, בפרט פון די קעמפנדע צדדים, אויף אַן איסנטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליס-טישער שלום-קאָנפערענץ. ס'איז דערצו נייטיק געווען אויצוהערן פריער די מיינונגען פון פאַרשידענע סאָציאַליסטישע פאַרטייען וועגן דעם, ווי אַזוי עס דאַרף אויסזען דער קומענדיקער שלום און וועלכע באַזונדערע פאָדערונגען דער פראָלעטאַריאַט פון יעדן לאַנד און פאָלק וויל אַריינשטעלן אין דער פלאַטפאָרם פונם ווידער-אויפגעבויטן סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל. צענדליקער דעלעגאַציעס פון אַלע עקן וועלט זענען אויפגענומען גע-וואָרן דורך דעם האָל.-סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט און יעדע איינע פון זיי האָט אים צו-געשטעלט אויספירלעכע מעמאָראַנדומס וועגן דער פלאַטפאָרם פאַר דער קומענדיקער סאָציאַליסטישער שלום-קאָנפערענץ..

אויך דער אַלוו. ייד. סאָצ. אַרב. פאַרבאַנד „פועלי-ציון" איז איינגעלאַדן געוואָרן צו דער קאָנפערענץ. נאָך לאַנגע פריוואַטע געשפרעכן מיט איינצעלנע מיטגלידער איז די דעלעגאַציע פונם פאַרב.-ביוראָ אויפגענומען געוואָרן אָפיציעל און אָפגעהאַלטן אַ לענגערע באַראַטונג מיט די פאָרשטייער פון קאָמיטעט.

אין דער דעלעגאַציע האָבן זיך באַטייליקט די חברים באָראָכאָוו, כאַזאַנאָוויטש און זרובבל. מצד דעם ה.-ס. קאָמיטעט האָבן אין דער באַראַטונג אָנטייל גענומען: קאַמיל הויסמאַנס, דער סעקרעטאַר פונם אינטערנאַצ. סאָצ. ביוראָ, פּעטער טראָעלסטראַ, דער פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע פון דער האָלענדישער סאָצ.-דעמ., און היאַלמער בראַנטינג, פירער פון דער שוועדישער סאָצ.-דעמ.; סעקרעטאַר איז געווען אַ שוועדישער חבר.

ח׳ טראָעלסטראַ, אַלס פאָרזיצער פון דער זיצונג, האָט באַגריסט די דעלעגאַציע און אַרויסגעזאָגט דעם פאַרלאַנג, זי זאָל זיך קודם-כל און אין עיקר אָפּשטעלן אויף די ספּעציעלע יידישע פאָדערונגען און ערשט נאָכדעם אויך אויף די אַלגעמיינע.

ח׳ כאַזאַנאָוויטש האָט אין אַ לענגערער רעדע פונאַנדערגעוויקלט דעם שטאַנדפּונקט פון פועלי-ציון, אַז די יידישע פראַגע איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע פראַגע, וואָס איר לעזונג ליגט דורכויס אויף דער ליניע פונם מענטשלעכן פאָרשריט און וואוקס פון דער דעמאָקראַטיע. דאָס יידישע פאָלק באַגריסט יעדן פאָרזוך פון שלום, ווייל נאָר אין שלום קאָן עס עקזיסטירן, און ווייל בשעת דער מלחמה האָט עס זיינע משכנות בא אַלע קעמפנדע צדדים. ער שטעלט זיך אָפּ אויף די באַזונדערהייטן פון דער יידישער לאַגע אין פאַרשידענע לענדער, איצט ספּעציעל אין רומעניען, פוילן, עסטרייך, כאַראַקטעריזירט די פּאָליטיק פון צוואַנגס-אַסימילאַציע, וועלכע ווערט געפירט קעגן די יידן זאָגאַר מצד די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין די דערמאָנטע לענדער. ער רעדט וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט עמאַנציפּירט מענטשלעך אַ גרויסן טייל יידן, האָט אָבער דורכדעם נאָך שאַרפער אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן דער פאַקטישער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, וועלכע וועט זיך מוזן אין אַ פרייען רוסלאַנד פון פרייע זעלבשטענדיקע פעלקער שטיצן אויף נאַציאָנאַלע רעכט; אויף אַזאַ אופן שטרייכט ער אונטער די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, אַרייַנגערעכנט די יידן. די נאַציאָנאַל-טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע אין מלוכות מיט אַ געמישטער באַפעלקערונג איז עלול צו פאַרשאַרפן מער די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן, אויב ס׳ווערן נישט לכתחילה באַוואָרנט די אינטערעסן און רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

דאָ ציט ער די אויפמערקזאַמקייט פון דעם קאָמיטעט אויף דער יידישער לאַגע אין פוילן, וועלכע קאָן בפירוש ווערן אַ קבר פאַרן יידישן פאָלק, אויב צוגלייך מיט איר זעלבשטענדיקייט זאָלן נישט אינטערנאַציאָנאַל גאַראַנטירט ווערן די נאַציאָנאַלע רעכט פון די יידן און אַנדערע מינדערהייטן דאָרט. די נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע וועט באַשטימט אַ סך באַדייטן פאַר די באַזונדערע טיילן פון יידישן פאָלק. זי קאָן אָבער נישט לעזן די גאַנצע יידנפראַגע, וואָס איר מקור איז די עקסטעריטאָריאַליטעט, די באָדנלאָזיקייט. פון דאַנען שטאַמט די אייגנאַרטיקייט פון דער יידישערווירטשאַפטלעכער סטרוקטור, די פּאָליטישע און קולטורעלע שוואַכקייט, אייביקע וואַנדערונגען און קאָלאָניזאַציאָנס-פּראָבעס איבעראַל.

ער מיינט, אַז די מלחמה האָט געוויזן, וואָס פאַר אַ באַדייטונג די לאַנדווירטשאַפט האָט פאַר דער עקזיסטענץ־פעיִקייט פון יעדן פאָלק, אפילו פאַר אַזעלכע, ווי דייטשלאַנד און ענגלאַנד. ס'איז קיין ספק, אַז נאָך דער מלחמה וועט איבעראַל אַנטשטיין דאָס פּראָבלעם פון צוריקקער צום באָדן. ס'איז נאַטירלעך, אַז די אָפּגעריסנקייט פון באָדן, פון לאַנדווירטשאַפט, האָט צעקריפּלט דעם יידישן ווירטשאַפטלעכן אָרגאַניזם. די אָרגאַנישע פאַרבינדונג מיט ארץ־ישראל, די טויזנטיעריקע בענקשאַפט נאָך דער היימאַטס־ערד, האָט געשאַפן אַ גרויסע פאָלקס־באַוועגונג, וועלכע האָט פון איין זייט געבראַכט פּראַקטישע אויפטואונגען אין ארץ־ישראל — דעם נייעם ישוב, און פון דער אַנדערער זייט געוועקט די נאַציאָנאַלע כּוחות פונם יידישן פאָלק איבעראַל, אין דער דיאַספּאָראַ. דאָ באַרירט ער די שוועריקייטן פון דער קאָלאָניזאַציע אין טערקיי, די נויטיקייט איינצופירן דאָרט אַ נייע רעכטס־אָרדנונג, פרייע איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, אַדמיניסטראַטיווע זעלבשטענדיקייט און איינהייטלעכקייט פון פּאַלעסטינע, אַלץ אונטער אינטערנאַציאָנאַלער גאַראַנטיע און שוץ, וואָס דאָס וועט פירן צו אַן אייגענער היים פאַרן יידישן פאָלק.

ער מאַכט נאָך די באַמערקונג וועגן דעם אונטערשיד צווישן קאָלאָניאַל־פּאָליטיק און קאָלאָניזאַציאָנס־פּאָליטיק. קעגן דער ערשטער איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע; דאָס הייסט אָבער נישט, אַז די מענשהייט דאַרף זיך נישט אינטערעסירן מיט די קאָלאָניעס, דאַרף זיי איבערלאָזן הפקר באַ זייער צוריקגעשטאַנענער היימישער באַפעלקערונג. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאַרף אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער מענשהייט אַריינמישן זיך אינם קאָלאָניזאַציאָנס־פּראָצעס און רעגולירן די וועלט־פּראָדוקציע. פון דעמאָזיקן שטאַנדפּונקט איז די דעמאָקראַטיע פאַרינטערעסירט מיטצוהעלפן די יידן אין זייער קאָלאָניזירן ארץ־ישראל.

ח' הויסמאַנס שטעלט אַ פאָר פראַגן. דערביי באַמערקט ער, אַז ער טוט עס נאָר בכדי אויפצוקלערן דעם ענין און נישט כדי צו דיסקוטירן. צוערשט וועגן נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. ווי ער פאַרשטייט, ווילן מיר נישט בלויז נאַצ. קולטורעלע אויטאָנאָמיע, צו וועלכער עס שטימט אויך צו דער בונד, נאָר מער. דהיינו: דער סיים זאָל האָבן דאָס רעכט פון באַשטייערן און אַז. וו. וועט עס נישט הייסן די גרינדונג פון אַ שטאַט אינם שטאַט? ווידער מוז מען דאָך זען, אַז די פאָדערונג זאָל קומען פון אַלע יידישע פאָרשטייער, און נישט בלויז פון איין פּאַרטיי. בנוגע ארץ־ישראל פרעגט ער, צי מיינען מיר, אַז די קאָנפערענץ וועט זיך קענען דערויף אָפּשטעלן? די קאָנפערענץ וועט דאָך האָבן צו טון מיט שוין פאַראַנענע אָרגאַניזמען; אין ארץ־ישראל דאַרף מען אים ערשט שאַפן. מיטן קריג דירעקט האָט עס נישט צו טון. די נאַצ. אויטאָנאָמיע פאַר מינדערהייטן איז אַן אַלגעמיין־דעמאָקראַטישע פאָדערונג, וועלכע איז חל אויף די יידן. די ארץ־ישראל־פאָדערונג איז אַ באַזונדערע, ספּעציפישע. די מערהייט יידן־סאָציאַליסטן, וואָס וועלן זיך באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ, וועלן זיין קעגן אי־

ה׳ כ אַ ז אַ נ אָ ו י ט ש ענטפערט, אַז אונז שרעקט נישט, אויב די נאַצ. אויטאָנאָמיע פירט צו אַ שטאַט אינם שטאַט, ווייל בכלל שטעלן מיר זיך פאָר די מענטשהייט אין דער צוקונפט אַלס בונד פון פעלקער און נישט בלויז פון שטאַטן; דער עיקר אָבער, וואָס מיר ווילן איצט נישט אויסטייטשן די קאָמפּעטענץ פון דער אויטאָנאָמיע. וועגן דעם וועלן מיר דיסקוטירן מיטן בונד צווישן זיך אויף יידישע פאַרזאַמלונגען. פון דער אויסערלעכער וועלט פאַרלאַנגען מיר בלויז די הסכמה אויף נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין אַלגעמיינער פאָרם. נאַטירלעך, האָבנדיק אין זינען זי זאָל נישט שטערן די פרייע אַנטוויקלונג פונם גאַנצן שטאַטלעכן אָרגאַניזם, אין וואָס אַלע פעלקער, וועלכע באַוווינען אים, זענען פאַרינטערעסירט. די פראַגע פון פאַלעסטינע ליגט אויך אויף דער ליניע פון אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע פאָדערונגען. מיר פאַרלאַנגען דאָך נישט, עמעצער זאָל אונז שאַפן דידאָזיקע היים, נאָר מען זאָל צונעמען די מניעות, איינפירן רעכטס-אָרדנונג און ד. גל. ס׳איז אויך אַן אַלגעמיין-דעמאָקראַטישע פאָדערונג פון פרייער איינוואַנדערונג.

ה׳ ט ר אָ ע ל ס ט ר אַ מאַכט אַ ריי באַמערקונגען, פון צייט צו צייט ציטירט ער די שריפטן פון פאַרבאַנד*). מ׳דאַרף, אויך לויט זיין מיינונג, נישט קומען מיט ספּעציפיש-יידישע פאָדערונגען. די קאָנפערענץ וועט דויערן בערך אַ צוויי וואָכן. פאַראַן בלוטיק-וויכטיקע פראַגן פון בעלגיען, עלזאַס-לאָטרינגען, דאַן די שולד-פראַגע א. אַז. וו. ווער וועט עס דערלאָזן אויף דער טאָג-אָרדנונג אַ נייע פראַגע, וועלכע וועט אַרויסרופן אַ סך דעבאַטן? זאָלן בעסער אייערע פאָדערונגען קומען אַלס רעזולטאַט פון אַלגעמיינע פאָדערונגען וועגן פרייהייט פון פאַרקער און האַנדל. אָבער אויך דאָ איז די זאַך נישט אַזוי פּשוט. איר שטעלט אַרויס די פאָדערונג פון פרייער איינוואַנדערונג בכלל. איך וועל אייך דערמאָנען, אַז די אימיגראַציאָנס-פראַגע איז שוין פיל מאָל געשטאַנען פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן, און מיר האָבן קיינמאָל נישט אָנגענומען אַזאַ צווינגענדע רעזאָלוציע. אין שטוטגאַרט האָבן מיר אָנגענומען אַ באַשלוס, וועלכער ר ע ק אָ מ ע נ ד י ר ט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די באַטרעפנדע איינוואַנדערונגס-לענדער, מיטצוהעלפן דער איינוואַנדערונג. וועגן צווינגען קאָן דאָ קיין רייד נישט זיין. מיר האָבן אַרויסגעשטעלט דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג. אייער פאָדערונג וועגן איינוואַנדערונג איז אים סותר, אונטערדריקט אים. ווי קאָנען מיר פאָדערן פונם פאָלק, עס זאָל אַריינלאָזן נייע איינוואַנדערער, אויב עס געפינט, אַז זיי שטערן זיין זעלבסטבאַשטימונג?

---

*) ד י י י ד ן א י ן ק ר י ג , דאָס בארימטע „רויט-בוך" פון פּועלי-ציוניסטישן פאַרבאַנדס-ביוראָ, אַ מעמאָראַנדום מיט דאָקומענטן איבער דער לאַגע פון די יידן אין די מלחמה-לענדער און די פאָדערונגען פון ייד. פּראָלעטאַריאַט בנוגע דעם קומענדיקן שלום-אָפּמאַך. דעמדאָזיקן מעמאָראַנדום האָט דאָס פאַרבאַנדס-ביוראָ צוגעשטעלט אין יאָר 1915 דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ.

ספּעציעל וועגן פּאַלעסטינע. די טערקישע דעלעגאַציע האָט אויף אונזער פראַגע, וועגן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, געענטפערט, אַז פאַר זיי עקזיסטירט גאָרנישט אַזאַ פראַגע. די יידן, אַלס בירגער פון טערקיי, זענען דאָרט גלייכבאַרעכטיקט מיט אַלע אַנדערע בירגער. בנוגע נישט-בירגער האָט טערקיי קיין פאַרפליכטונג נישט. און פאַרוואָס עפּעס זאָלט איר פאָדערן פון טערקיי אַזעלכע פּריווילעגיעס? איר אַליין זאָגט דאָך אין מעמאָראַנדום, אַז אין טערקיי איז קיין יידישע מאַסןקאָלאָניזאַציע נישטאָ. די מערהייט-באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע זענען אַראַבער. פאַרוואָס פאָדערט איר אַ רעכטס-אָרדנונג אין טערקיי? זאָל מען צוליב יידן גיין דאָרט מאַכן אַ נייע געזעצגעבונג? ווייטער. בנוגע דער קאָלאָניזאַציע. זי וועט זיך נייטיקן אין קאַפּיטאַלן. פונוואַנען וועלן זיי קומען? פון ענגלאַנד, אַמעריקע א. ד. גל. נמצא, אַז איר ציט אַריין אין טערקיי אַ נייע אינטערעסן-ספערע. ווי-אַזוי קען מען פאָדערן פון אַ שטאַט, ער זאָל דאָס באַ זיך צולאָזן? ס'באַרירט דאָך די סוּווערעניטעט פון טערקיי. זעט איר, דער פאָרשטייער פון די „ס. ט.“, דאַווידאָוויטש, האָט גערעדט אין אַלגעמיין וועגן אַ טעריטאָריע. דאָס קען מען שוין לייכטער פאַרשטיין. אָבער נישט דירעקט שטעלן פאָדערונגען צו איין שטאַט. איך דערמאָן אויך, אַז אין דעם פּונקט זענען די יידישע פּאַרטייען אַליין צווישן זיך נישט אייניק. איר וואָלט אפשר אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר מינדערהייטן אויך אין איר אַלגעמיינער פאָרם בלויז. אלא וואָס, דאַן וועט איר זיך נייטיקן אין דער פּראָקלאַמירונג פון דער יידישער נאַציע, כדי דער פּרינציפּ זאָל חל זיין אויך אויף יידן. מען דאַרף אָבער נישט פאַרשאַרפן די יידן-פראַגע.

ח׳ באָראָכאָוו ענטפערט בנוגע די פּאַלעסטינע-פאָדערונגען, אַז דאָ האַנדלט זיך אַבסאָלוט וועגן די פּרינציפּן, אויף וועלכע די וועלט בכלל דאַרף געבויט ווערן; ער ווייזט אָן בולטער דעם אונטערשייד צווישן קאָלאָניזאַציע און קאָלאָניאַל-פּאָליטיק און שטעלט זיך אָפּ ווידער דירעקט אויף דעם. וואָס בנוגע פּאַלעסטינע פאָדערן מיר נישט קיין ספּעציעלע פּריווילעגיעס, נאָר ס'איז בלויז די פראַגע וועגן איינפירן נייע דעמאָקראַטישע באַדינגונגען פאַר דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון לאַנד. פאַר אונז איז עס דער עיקר. קיינער דאַרף פאַר אונז גאָרנישט טון. מען דאַרף אָבער גאַראַנטירן די פרייהייט פון אונזער אַרבעט. די יידן האָבן אַליין געשאַפן און וועלן שאַפן אינסטיטוציעס, ס'פאָדערן זיך אָבער אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר דער מעגלעכקייט און פרייהייט פון אָט דערדאָזיקער אַרבעט זייערער. די פּאַלעסטינע-פאָדערונג איז נישט קיין פּאַרטיי-פראַגע. די איבערוועגנדע מאַיאָריטעט פון דער יידישער דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד, אַמעריקע, אונטערשטיצט די פאָדערונגען. זאָגאַר די ערשטע נאַציאָנאַלע אַרבעטער-קאָנפערענץ אין אַמעריקע, וועלכע האָט פאַרטרעטן די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט, האָט אָנגענומען אונזערע פאָדערונגען, און דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל מוז זיך רעכענען מיט דער אַזוי קלאָר אַרויסגעזאָגטער פאָדערונג.

ח׳ כאַזאַנאָוויטש גיט צו, אַז בנוגע קאַפּיטאַלן זוכט אויך די ציוניסטי-

שע באַוועגונג צו שטיצן זיך נישט אַזוי אויף פּריוואַטע קאַפּיטאַלן, ווי דווקא אויף פאָלקס־קאַפּיטאַלן. ער ברענגט אַלס ביישפּיל דעם נאַציאָנאַל־פאָנד, וועלכער ווערט געשאַפן דורך די ברייטע פאָלקס־מאַסן. וואָס איז שייך אַ פּרעמדער אינטערעסן־ספערע, איז דאָס יידישע פאָלק נישט גענייגט צו לאָזן זיך פירן פון פרעמדער פּאָליטיק. דעם בולטסטן ביישפּיל געפינען מיר אין דער שטעלונג פון די יידן צו דער היינטיקער מלחמה.

ח׳ ה ו י ס מ אַ נ ס באַמערקט אויך, אַז די פאָדערונג פון אַ רעכטס־אָרדנונג אין טערקיי איז אַ ריכטיקע און צייטמעסיקע, ווען אפילו ס׳זאָל אַהין נישט גיין קיין יידישע איינוואַנדערונג. בכלל געפינט ער, אַז אין דער ציוניסטישער טעאָריע איז פאַראַן עפּעס פאַרלאָקנדעס, אַנציענדעס. אין משך פון יאָר־הונדערטער ציט זיך אַ בענקשאַפט פון פאָלק צום באָדן, מ׳פּרוווט זיך איבעראַל קאָלאָניזירן און מ׳פאַלט נישט אַריין אין יאוש פון דעם, וואָס עס גיט זיך נישט איין. „דערפאַר זו דאַרף טאַקע אַ פּראַקטישע פאָרמולע, אויף וואָס פאַר אַן אופן צו קריגן די מאָראַלישע שטיצע פון דער קאָנפערענץ פאַר אייער אידעע, וועלכע וועט באַ פיל אויסקומען פאַנטאַסטיש, ווי אַלע יענע נישט געלונגענע קאָלאָניזאַציאָנס־פּלענער, מיט וועלכע די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך באַשעפטיקט אינם 19־טן יאָרהונדערט.“

ח׳ ז ר ב ב ל (יידיש) מיינט, אַז די יידן־פראַגע דאַרף געשטעלט ווערן קלאָר און אָפן פאַר זיך און נישט פאַרטושט אָדער פאַררוקט ווערן דורך אַנדערע אַלגעמיינע פראַגן. ס׳איז געווען דער פעלער פון אינטערנאַציאָנאַל, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געשטעלט די יידן־פראַגע און בכלל נישט געשענקט גענוג אויפמערקזאַמקייט דער נאַציאָנאַלער פראַגע. די יידן־פראַגע איז נישט אַנטשטאַנען דורכן איצטיקן קריג, אָבער דער קריג האָט זי שאַרפער געמאַכט און טראַגישער. נישט מיר שפּיצן זי צו, נאָר דאָס לעבן אַליין. ווילן מיר עס נישט פאַרלייקענען און קענען זיך נישט באַגנוגענען מיט אַלגעמיינע פאָדערונגען.

ח׳ טראָעלסטראַ האָט אַ טעות, אויב ער מיינט, אַז די פאָדערונג פון פרייער איינוואַנדערונג אונטערדריקט דעם פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונג פון פעלקער. דאָס וואָלט געווען ריכטיק, ווען עס האַנדלט זיך וועגן לענדער אַנטוויקלטע, געדיכט־באַפעלקערטע. אַנדערש איז עס אָבער בנוגע לענדער, וועלכע זענען וויסט און פאַרלאָזן און פאַרמאָגן אַן אַבסאָלוט־שיטערע באַפעלקערונג. מיר רעדן וועגן זעלבסטבאַשטימונג פון פ ע ל ק ע ר און נישט פון ל ע נ ד ע ר. נישטאָ קיין באַלעבאָס אויף נישט באַאַרבעטע לענדער. אַ פשיטא, ווען ער איז זיי אַליין נישט בכוח צו באַאַרבעטן. ס׳איז אפשר קעגן דעם ביזאיצטיקן אינטערנאַציאָנאַלן רעכט, אַריינצומישן זיך אין די „אינערלעכע“ אָנגעלעגנהייטן פונם שטאַט; ס׳איז אָבער אַבסאָלוט אין הסכם מיט דער נייער אָרדנונג, אויב מיר ווילן באמת, אַז דער שלום זאָל זיין אַ דויערנדער. פון דעם שטאַנדפּונקט טאָרן מיר נישט לאָזן דעם „סטאַטוס־קוואָ“ פון פאַר דער מלחמה, ווייל דאַן וועלן דאָך בלייבן די זעלבע סיבות, וועלכע האָבן ארויסגערופן די היינטיקע ברידער־שלאַכט און מיר קאָנען זיך

ריכטן אין יעדן מאָמענט אויף נייע און נייע מלחמות. ס'מוז אָפּגעשאַפט ווערן די הערשאַפט פונם שטאַט סתם, און דער אייציקער באַזיס דאַרף זיין די ווירקלעכע אינטערעסן פון די פעלקער און פונם אַלגעמיינעם פאָרשריט.

די טערקישע דעלעגאַציע פרעגט זיך: פאַרוואָס דווקא תביעות צו טערקיי? נישט בלויז וויל פּאַלעסטינע איז געווען די יידישע היים, נאָר ווייל איצט האָבן די יידן אַרויסגעוויזן די פעיקייט צו שאַפן דאָרט אַ ניי לעבן. מ'קען נישט רעדן וועגן אַ מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע, ווען דאָס לאַנד איז בכלל פאַרוויסט. ס'לאַנד, וועלכעס פאַרמאָגט בערך 80.000 קוואַדראַט-קילאָמ., האָט איצט אַ באַפעלקערונג בלויז פון אַ דריי פערטל מיליאָן. אין דער שכנותדיקער מצרים, וועלכע איז איינס ווירטשאַפטלעכן זין שטאַרק ענלעך צו ארץ-ישראל, טרעפן מיר ביז 31 מענטשן אויף 1 קוו. קיל., אין ארץ-ישראל — דורכשניטלעך 9. און אויך די פאַראַנענע באַפעלקערונג אַרבעט מיט די פּרימיטיוווסטע געצייג. די יידישע קאָלאָניזאַציע בּאַ די שווערע באַדינגונגען האָט שוין איצט אַ גרויסן ווערט פון שטאַנדפּונקט פון קולטור, ציוויליזאַציע און הייבונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן פון לאַנד. דאָס באַשטעטיקן פאַרשידענע פאָרשער און אָפיציעלע פאַרטרעטער פון פאַרשידענע רעגירונגען. דער רעדנער שטרייכט אונטער דעם אַרבעטס-כאַראַקטער פונם נייעם ישוב, ווי אויך דעם אויסגעשפּראָכענעם אייגענעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, וועלכער שליסט אויס אין עצם יעדע פרעמדע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק. ער ברענגט ביישפּילן פון פּאַלעסטינע-לעבן. מ'קאָן נישט רעדן וועגן נישט-בירגער פון טערקיי. אַ פריי נישט-באַאַרבעט און נישט-באַזעצט לאַנד קאָן נישט פאַרשלאָסן ווערן פאַר איר הערשנדער מאַכט, בעת מיליאָנען מענטשן וואַנדערן און זוכן פאַר זיך אַן אָרט פאַר אַרבעט, אַ שטיקל ערד.

צי מעג מען זיך מישן אין די „אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן" פון טערקיי? געוויס, ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז ס'איז נישט קיין צופעליקע שטעלונג בלויז צו די יידן, נאָר אַ גאַנץ סיסטעם. ס'איז גענוג צו באַקענען זיך מיט די מייגונגען פון דזשעמאַל פּאַשאַ דעם הערשער פון פּאַלעסטינע און סיריען, איינער פון די טאָן-געבער פון דער טערקישער רעגירונג. ס'איז די שיטה פון צענטראַליזאַציע, פון דענאַציאָנאַליזאַציע, וועלכע זוכט מיט געוואַלט צו „באַזייטיקן" די „נאַציאָנאַליסטן" פון אַרמענער, אַראַבער און יידן. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קען נישט געבן איר צושטימונג צו דידאָזיקע פאַרניכטונגס-פּלענער פון דזשעמאַל פּאַשאַ. די ארץ-ישראל-פאָדערונג, די פּאָזיטיווע, ווערט איצט געשטעלט נישט בלויז פון אונז. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די פּאַרטיי ס. ט., אין וועמענס נאָמען דאַווידאָוויטש איז דאָ אויפגעטרעטן, האָט ערשט נישט לאַנג געהאַט אַן עקסטראַ-צוזאַמענפאָר, ווו ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושטעלן קלאָר און דייטלעך די פּאַלעסטינע-פאָדערונג. דאָסזעלבע האָט באַשלאָסן אַ ספּעציעלע נאַצ. סאָצ. קאָנווענשן אין ניו-יאָרק.

דער רעדנער מיינט, אַז די אינטערנאַצ. סאָצ. קאָנפערענץ דאַרף ספּעציעל זיך פאַראינטערעסירן מיט דער יידנפראַגע. דער פרידן, וועלכער זוכט צו רעסטאַווירן די

פעלקער, וואָס זענען באַרירט פון דער מלחמה, ווי בעלגיען, סערביען — ער מוז אויך העלפן דעם יידישן פאָלק, וועלכעס האָט נישט בלויז משכנות געלאָזן, נאָר בלוטיקט אויף אַלע שלאַכטפעלדער, העלפן און אונטערשטיצן אים אין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג אויף דער ליניע פון אַלמענטשלעכן פאָרשריט.

צום סוף האָט ח׳ ט ר אָ ע ל ס ט ר אַ באַמערקט, אַז זיי האָבן מיט אַ כיוון געבראַכט די מעגלעכע קעגן־אַרגומענטן, כדי די דעלעגאַציע זאָל אויף אַזאַ אופן מער אויפקלערן אונזערע פאָדערונגען. ער האָט אויסגעדריקט זיין טיפע צופרידנהייט מיט דעם שמועס און באַדאַנקט די דעלעגאַציע. ח׳ ב אָ ר אָ כ אָ וו האָט אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע נאָך אַמאָל באַגריסט דעם קאָמיטעט צו זיין אַרבעט און געדאַנקט פאַר דער מעגלעכקייט פאָרצוברענגען אונזערע פאָדערונגען צו דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

נאָך גלייך באַם אָנפאַנג האָט דער פאָרזיצער פאַרצייכנט, פון וועלכע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס דער פועלי־ציוניסטישער וועלט־פאַרבאַנד באַשטייט, און די דעלעגאַטן האָבן איינגעשריבן זייערע נעמען אין אַ ספּעציעלן דעלעגאַטן־בוך. די באַראַטונג האָט געדויערט בערך צוויי שעה און געטראָגן אַ זייער חברישן פריינטלעכן כאַראַקטער.

דער ערשטער דירעקטער שריט איז געמאַכט געוואָרן. גלייך דערויף איז צוגעשטעלט געוואָרן אונזער מעמאָראַנדום, געחתמעט אויך פון די צוויי שפּעטער צוגעקומענע דעלעגאַטן, די ח״ח ק אַ פּ ל אַ נ ס ק י און ל אָ ק ע ר. דער מעמאָראַנדום רעדט שוין אַרום נישט בלויז די יידישע פאָדערונגען. און דאָן איז געבליבן צו וואַרטן, וואָס פאַר אַ שטעלונג וועט די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע וועלט נעמען צו די קלאָר פאָרמולירטע פאָדערונגען פונם יידישן סאָציאַליזם.

אין אָקטאָבער איז דערשינען דער שלום־מאַניפעסט פון האָל. סקאַנד. קאָמיטעט, וואו ס׳זענען אויפגענומען געוואָרן די לאָזונגען פון אונזער דעלעגאַציע.

יעקב וויטקין.

# פועלי־ציון אין ליטע

## א קאפיטל געשיכטע
(1916—1920)

פאַר דער מלחמה האָט נישט עקזיסטירט קיין זעלבשטענדיקע ליטווישע פועלי־ציון פּאַרטיי, די צעשפּרייטע אָרגאַניזאַציעס און גרופּן פון ווילנער, קאָוונער און סובאַלקער גובערניעס זענען געווען אָרגאַניש אָנגעשלאָסן אָן דער י. ס. ד. אַ. פּ. (פּוע״צ) אין רוסלאַנד.

שפּעטער האָט די דייטשישע אָקופּאַציע — איינע פון די פינסטערסטע בלעטלעך אין דער געשיכטע פון דער ערב. באַוועגונג אין ליטע — דערשטיקט די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג בכלל — און בפרט די יידישע. גירושים, צוואַנגס־אַרבעט, שווערע רדיפות מצד דער מיליטערישער זשאַנדאַרמעריע, הונגער און קעלט. ס׳איז דערשטיקט געוואָרן יעדע לעבעדיקע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג און יעדעס לעבעדיק וואָרט, — אַלץ האָט געטראָגן דעם מיליטערישן חותם, און פאַרן מינדסטן פאַרדאַכט האָט מען הונדערטער פון די אַרבעטער און פון דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ פאַרשיקט אין די ריזיקע דיסציפּלינאַרע באַטאַליאָן־לאַגערן פון פּאָדבראָדזש (הינטער ווילנע) און פּלאָטשיצנע (הינטער סובאַלק) אָדער אין די תפיסות און געפאַנגען־לאַגערן פון דייטשלאַנד.

דער גאַנצער אָקופּירטער געביט פון ליטע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מיליטערישן לאַגער — דער אינטערעס פון דער פאַרבליבענער באַפעלקערונג (הונדערטער טויזנטער יידן, ליטווינער, דייטשן, פּאָליאַקן זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע היימען, הן דורך די רוסן און הן דורך די דייטשן) איז געווען קאָנצענטרירט אויף דער פראַגע, ווי צו קריגן ערגעץ אַן איבעריקע ברויט־קאַרטע, אַן איבעריקן אָנבייסן;

וואו נישט וואו האָט געזשיפּעט אַ שאָטן פֿון געזעלשאַפֿטלעכער אָרגאַניזאַציע;
אויפֿן ערשטן פּלאַן די הילפֿס־קאָמיטעטן — דאָס איבערבלייבעכץ פֿון די יידישע קהלות,
און אין אייניקע שטעט, ווי אין ווילנע און סוואַלק, עפּעס אַ יוגנט־פֿאַריין, וואָס זיין
עובדא איז געווען אַן אָוונטל, אַ פֿאַרווייַלונג — לטובת דער נויטבאַדערפֿטיקער באַ־
פֿעלקערונג. וואו נישט וואו איז דעם „בונד" געלונגען אויפֿצוהאַלטן זיין „קונסט־פֿאַריין"
(אָדער „קונסט־קרעמל", ווי די ליטווישע אַרבעטער פֿלעגן עס גוטמוטיק אָנרופֿן), און
ס'איז נישט קיין וואונדער, וואָס די איינציקע ווינקעלעך פֿון דער דערשטיקטער אַרב.
באַוועגונג פֿלעגן צוציען צו זיך די ברייטסטע אויסגעהונגערטע און פֿאַרוואָגלטע אַר־
בעטער־מאַסן, וועלכע דער דייטשישער זשאַנדאַרם האָט נישט באַוויזן צו פֿאַרשיקן אין
לאַגער.

די היינטיקע הויפּט־שטאָט פֿון ליטע, קאָוונע, איז צו יענער צייט געווען — אַן
אמתער בית־עולם, ווייל דער לעבעדיקסטער עלעמענט — די 40־טויזנדיקע
יידישע באַפֿעלקערונג — איז אינגאַנצן פֿאַרטריבן געוואָרן אין די
ווייטסטע גובערניעס פֿון רוסלאַנד. אין 1916 האָט מען אין קאָוונע בכלל זעלטן־ווען
געזען אַ ציווילן מענטש. דעמזעלבן גורל האָט דורכגעמאַכט שאַוועל, וועלכע איז נאָך
דערצו רויִנירט געוואָרן ביזן גרונט. פֿון די איבעריקע שטעט, ווי פּאָנעוועזש, קיידאַן,
ווילקאָווישקי, מאַריאַמפּאָל און די גובערניע סוואַלק — האָבן די רוסן אין אימפּעט פֿון
אַנטלויפֿן נישט באַוויזן מיטצונעמען די יידישע „שפּיאָנען" (גראָדנע איז בכלל ביז דער
רעוואָלוציע געווען אָפּגעריסן פֿון דער ליטע, אַזוי, אַז כ'ווייס כמעט גאָרנישט פֿון דעם
געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין גראָדנע. אין אונזער לאַגער פֿלעגן מיר נאָר קריגן די מי־
ליטערישע צייטונג פֿון גראָדנע אין דריי שפּראַכן, אין פּויליש, יידיש און דייטש).

די שטעט זענען אינגאַנצן אָפּגעריסן געווען איינע פֿון דער צווייטער, די באַן
האָט געדינט פֿאַרן מיליטער; פֿאַרלאָזן אַ שטאָט האָט מען געקענט נאָר מיט אַ באַזונ־
דערער דערלויבעניש. צייטונגען זענען דעמאָלט דערשינען אין קאָוונע, ווילנע און סו־
וואַלק אין דריי שפּראַכן: אין יידיש, דייטש און פּויליש. די רעדאַקטאָרן אין סוואַלק
און גראָדנע זענען געווען דייטשישע יונקערס, און די צייטונגען זענען געווען געוויד־
מעט דער דייטשישער „העלדישקייט", אָנגעפּיקעוועט מיט סטראַשונקעס דער באַפֿעלקע־
רונג א. אַז. וו.

בקיצור, אַלץ איז געווען דערשטיקט און פֿאַרשקלאַפֿט דעם דייטשישן יונקער.
הונגער, קעלט, מגפֿות. תּפֿיסות און קאָנטריבוציעס — דאָס זענען די הויפּט שטריכן
פֿון דעמאָלטיקן לעבן אין דער אָקופּירטער ליטע.

צוויי אַרבעטער־צענטרען פֿון יענער צייט האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אין
דער אַנטשטייונג פֿון דער ליטווישער פּועלי־ציון פּאַרטיי: פֿריער סוואַלק, און שפּע־
טער ווילנע.

ווען אין רוסלאַנד איז אָנגעקומען דער רויטער פֿרילינג פֿון 1917, האָט זיך די
דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט עפּעס ווי איינגעבראָכן; די דונערן פֿון דער רוסישער רע־

וואָלוציע האָבן אַ טרייסל געטון דעם פראָנט, און די באַפרייונגס-ווינטן האָבן גענומען ווייען אויף דער פאַרפייניקטער, איזאָלירטער, אויסגעהונגערטער ליטע, און אַריינגעדרונגען אין דער כמעט פאַריאושטער אַרבעטער-מאַסע הן אויף דער „פריי" — הן אין די לאַגערן און תפיסות.

קודם מערקט מען אַ ברייטע אויפלעבונג אין דעם ווילנער „קונסט-פאַריין" — די אַרבעטער זיצן גרופנווייז און פירן הייסע וויכוחים איבער פּאָליטישע פראַגן, די מאַסע דיפערענצירט זיך און ס'טיילן זיך אויס גרופן פועלי-ציון, וואָס זייער טעטיקייט, פונקט ווי די טעטיקייט פון די איבעריקע פּאַרטייען, דריקט זיך דערווייל אויס נאָר אין ענגע קרייזל-פאַרזאַמלונגען*).

אין האַרבסט 1918 דערטראָגן זיך צו אונז אין די לאַגערן ידיעות וועגן די דייטשישע מפּלות אין מערב, ס'פילן זיך די חבלי-לידה פון דער דייטשישער רעוואָלוציע, מאַכנווייז נעמט מען לויפן און פאַרלאָזן די געפאַנגען-לאַגערן, מען קערט צוריק אין די חרובע היימען. דער דייטשישער אָקופּאַציע-רעזשים ווערט אָפּגעשוואַכט, די ווילנער אַרבעטער ווערן דרייסטער, ס'לעבט אויף די געזעלשאַפטלעכקייט פון דער גרויסער יידישער ווילנע, ס'הייבן זיך אָן די הכנות צו די וואַלן אין דער ערשטער דעמאָקראַטישער ווילנער קהלה.

די קליינע פועלי-ציון-גרופּע טרעט אַרויס פון איר ד' אמותדיקער קרייזל-אַרבעט און וויקלט פונאַנדער אַ לעבעדיקע טעטיקייט, די פועלי-ציון אָרדנען איין מיטינגען, עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, פאָרלעזונגען, וואו ס'ווערן ברייט פּראָקלאַמירט די גרונט-געדאַנקען פון פועלי-ציוניזם און פאָרמולירט די שטעלונג צו אַלע פראַגן פון אַרבעטער-לעבן און קאַמף. די פועלי-ציון-געדאַנקען געפינען אַן אָפּקלאַנג אין דעם בונדישן ווילנע, און די וואַל-ליסטע פון דער קליינער באַנייטער פּוע"צ-אָרגאַניזאַציע צו דער ווילנער קהלה קריגט דעמאָלט 600 שטימען און פירט דורך דריי פאָרשטייער.

ס'ברעכט אויס די דייטשישע רעוואָלוציע. דער אַרבעטער אין ליטע ווערט באַפרייט. ווילנער אַרבעטער גרייטן זיך איבערצונעמען די מאַכט. די אַרבעטערשאַפט יובלט. פועלי-ציון וואַקסן פון טאָג, דער שיינער קלוב איז תמיד איבערפולט, ס'פירן זיך הייסע וויכוחים איבער די פראַגן פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, אַרבעטער-ראַט, אַרבעטנדן ארץ-ישראל און אַנד. די לאָזונגען הייבן אָן צו קריגן בלוט און פלייש — הכנות צו וויילן אַן אַרבעטער-ראַט. פועלי-ציון זענען אומעטום פול און גרייטן זיך אויך צו די וואַלן.

די ווילנער אַרבעטער האָבן אָבער נישט באַוויזן צו פאַרפעסטיקן דעם אַרבעטער-ראַט, און פוילישע באַוואָפנטע מזנות פאַרנעמען די שטאָט. שרעקלעכע טעג לעבן אי-

---

*) „פועלי-ציון אין ווילנע" זע אַרבעטער-צייטונג נומ. 12 פון קאָוונע, 1922.

בער די ווילנער אַרבעטער, אין די הונדערטער ווערן זיי געקייט און פאַרשפּאַרט אין תּפיסה, צענדליקער ווערן אָן משפּט דערשאָסן.

אין צענטער פון ליטע, אין קאָוונער גובערניע, איז נאָך אַלץ טויט. ס׳קומען איינצעלנע פאַרוואָגלטע ס. ר.׳ן. ס׳נעמט זיך אָרגאַניזירן די ליטווישע אַרמיי, אויף דער יידישער אַרבעטער גאַס באַווייזן זיך די „קונסט־פאַריינען״.

די דייטשע אַרמייען פאַלן זיך פונאַנדער. ס׳שאַפן זיך סאָלדאַטן־ראַטן, מיט די אַרבעטער ווילן זיי אָבער קיין מגע־ומשא נישט האָבן. די באַפעלקערונג אָטעמט לייכטער אָפּ.

---

אין סוואַלק האָט זיך די יידישע אַרבעטערשאַפט גענומען אָרגאַניזירן נאָך בשעת דער אָקופּאַציע. איינצעלנע פאַרבליבענע פון דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ שאַפן דעמאָלט דאָס ערשטע קעמערל פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע — די קראַנקן־קאַסע (סוף 1919). די קראַנקן־קאַסע האָט אויסגעפירט גאַנץ אומשולדיקע אַרבעט: געקליבן מיטגליד־אָפּצאָל און דערמיט אויסגעהאַלטן די נויטבאַדערפטיקע אַרבעטער. די מעלהאירע איז געווען — די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון מיטגלידער, וואו אומדירעקט זענען צענדליקער אַרבעטער פון פאַרשידענע אַרבעטס־פלעצער און פאַבריקן געקומען אין נאָענטער באַרירונג איינע מיט די אַנדערע.

אין סוואַלק האָט צו יענער צייט עקזיסטירט אַ „דראַמאַטישער פאַריין״, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַרן אַרבעטער קלאַס — דאָס איז געווען די ליטעראַרישע סעקציע, מיט אירע רעפעראַטן אויף געזעלשאַפטלעכע טעמעס, וועלכע פלעגן אַרויסרופן ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס און פאַרנעמען גאַנצע שבתים בײַ פיל פון די מער אויפגעקלערטע אַרבעטער.

דורך דער איניציאַטיוו פון אַ פּאָר מאַסקירטע בונדיסטן איז אינצווישן געשאַפן געוואָרן אַן אומפּאַרטייאישער אומלעגאַלער אַרבעטערקולטור־קרייז, וואו ס׳האָבן אָנטייל גענומען אַ פּאָר צענדליק מער אויפגעקלערטע אַרבעטער און אינטעליגענטן. בעת מען האָט אונדז באַפרייט פון לאַגער, אָנהויב 1917, זענען מיר, אַ גרופּע פּועלי־ציון פון 5—6 מאַן, אויך אַריין פריער אין דער ליטעראַרישער סעקציע פון דעם דראַמאַטישן פאַריין, דערנאָך אין אַרבעטער קרייז, און גענומען דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין די אומלעגאַלע דיסקוסיעס, ערגעץ אויף אַ בוידעם, אין אַ קלויז, אָדער אין אַ פּריוואַט צימערל. בײַ יעדן פון אונדז געפינט זיך עפּעס אַ באַהאַלטן בראָשורל — שאַפן מיר דאָס ערשטע אַרבעטער ביבליאָטעקל, וואָס געפינט זיך אין דער שטרענגסטער פאַרבאָרגעניש, ביז די קראַנקן־קאַסע ווערט איבגאַנצן איבערגענומען פון דיזן קרייז, און שפּעטער אויך די ליטעראַרישע סעקציע פון דראַמאַטישן פאַריין.

אַזוי פירן מיר אַ גאַנץ יאָר 1917 אַ פאַרזיכטיקע אויפקלערונגס־אַרבעט אין דער טיף. פון יעדן אַרבעטס־פּלאַץ געפינען זיך „דעלעגאַטן״ אין אונזער קרייז, און די דעלעגאַטן טראָגן אַריבער אַלע וויכּוחים אויף די אַרבעטס־פּלעצער ביז מען האָט זיך אין

שטאָט דערוואוסט פון דער „קראַמאָלע" און מיר האָבן געמוזט זיך נאָך מער פאַר־קלייבן אונטער דער ערד. —

דער דלות און די נויט דערגייען צו דער העכסטער מדרגה, ס'קומען אָן מעל און אייל פון אַמעריקע; מיר, די פאַרשטייער פון קראַנקן־קאַסע, דערקלערן אָן אָפענע מלחמה דעם „קאָמיטעט", דער גמינע, און רייסן איבערגוואַלט אַרויס טיילן פון פּראָוויאַנט און עפענען די ערשטע אַרבעטער־קיך אין סוואַלק. ס'קומט די דייטשישע רע־וואָלוציע, די קראַנקן־קאַסע וואַרפט אַראָפּ איר מאַסקע און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ מעכ־טיקער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. דאָס „קרייזל" און די „ליטעראַרישע סעקציע" פאַר־שווינדן, ביז אין אָן אָווגט, ווען מען קלויבט דעם דייטשישן סאָלדאַטן־ראַט, קומט פאָר אַ פאַרברייטערטע זיצונג פון קרייזל (אין דער דירה פון נגיד ראָזנצווייג) און די מאַסקירטע בונדיסטן דערקלערן, אַז דאָס קרייזל איז די אָפּטיילונג פון „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער בונד". די קלייניע גרופּע פּועלי־ציון טרעט־אויף שאַרף קעגן דעם און נאָך אַ שטיקל סקאַנדאַל פאַרלאָזן מיר דעמאָנסטראַטיוו דאָס קרייזל, אויפקלערנ־דיק דערביי פאַר די חברים פון קרייזל די כוונות פון „בונד" מיט זיין אומפאַרטייאיש־קייט.

אין אָנהייב זענען צו אונז צוגעשטאַנען אַ 14 מאַן. מיר האָבן תיכף געדונגען אַ צימערל אויף אַ קלוב און זיך פיבערהאַפט געוואָרפן אין קעסל פון דער אויפוואַכנדער אַרבעטער־באַוועגונג. אונזער אָרגאַניזאַציע איז אין משך פון עטלעכע וואָכן אויסגע־וואַקסן און געציילט קרוב 120 חברים; מיר נעמען אָנטייל אין דער ערשטער קהילה, וואו ס'שפּילט זיך אָפּ צווישן אונז און „בונד" אַ פאַרביסענער קאַמף. מיר דינגען אַ גרויסן לאָקאַל און עפענען־אויף דעם פאָלקס־אוניווערזיטעט אויפן נאָמען פונם נאָר־וואָס פאַרשטאָרבענעם חבר בער באָראָכאָוו.

אַרום סוואַלק קומען פאָר שטאַרקע קאַמפן צווישן ליטווישע, פּוילישע און דיי־טשישע סאָלדאַטן, די רויטע אַרמייען מאַרשירן פאָרויס. פּוע"צ ווענדן אָן זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף צו שאַפן אַן אַרבעטער־ראַט, ס'געלינגט אָבער פאַר קיין פאַל נישט, ווייל דער דייטשישער ס אָ ל ד אַ ט ן ־ ר אַ ט ש ט ע ר ט.

אָנהויב 1919 טרעטן פּוע"צ צום ערשטן מאָל אַרויס מיט אַן אַלגעמיינער אַקציע; זיי רייסן אַראָפּ די קוריאַלע וואַלן פון שטאָט־ראַט, וואו פּ. פּ. ס. און „בונד" נעמען שיער נישט קיין אָנטייל.

פּוע"צ טרעטן אַריין א י ן ז ע ל ב ס ט ש ו ץ און קריגן בשתיקה געווער.

דערווייל וואַקסט אונזער השפּעה מיט יעדן טאָג, מיר וואַרפן זיך מיט באַגייסטע־רונג אין דער פּאָליטישער און פּראָפ. באַוועגונג. מיר שאַפן צוזאַמען מיט די פּ. פּ. ס. און „בונד" דעם פּראָפ. „פאַכן־פאַריין", וואו פון 7 מאַן אין פאַרוואַלטונג האָט פּועלי־ציון 3; פּורים 1919 ווערט צום ערשטן מאָל פּראָקלאַמירט דער 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, אויף וואָס אַלע באַלעבאַטים האָבן געמוזט חתמנען.

די רעוואָלוציע גייט פאָרויס, די פראָנטן צעפאַלן זיך און ס'שטראָמען אַריין נייע

קרעפטן, נייע חברים פון די תפיסות, פון די לאַגערן, פון די פאַרשיקונגס-ערטער אין דייטשלאַנד און רוסלאַנד. אין פאַרטיי גופא נעמען זיך אויסקריסטאַליזירן מיינונגען, מיר שטייען אין גאַנצן אויף דעם פאַרבינדונג מיטן מינסקער צ. ק., און „קעמפן" אין דער פאַרטיי דורכויס פאַר מינסק און נישט פאַר וואַרשע. . . אין מאַי 1919 זענען מיר צום ערשטן מאָל מיט אונזערע פאָנען אַרויס אין גאַס. א פחד איז אָנגעפאַלן אפילו אויפן סאָלדאַטן-ראַט און מיטן „אקאַמפּאַנימענט" פון פּולעמיאָטן האָט זיך די דעמאָנ-סטראַציע פאַרענדיקט. . . מיר שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט די אַרומיקע שטעט און שיקן חברים אין ווילקאָווישקי, וואו ס'ווערט געשאַפן די ערשטע פּוע"צ-אָרגאַניזאַציע אין קאָוונער ליטע.

פסח 1919 רופט סוואַלק אַ ברייטע ראַיאָן-קאָנפערענץ, וואו ס'נעמען אָנטייל חברים-דעלעגאַטן פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך, צוגלייך פון ווילקאָווישקי, פון גראָדנע, פון ביאַליסטאָק, פון אויגוסטאָוו, סייני, ראַצק א. א. וו. אויף דער קאָנפערענץ קומען מיט מאַנדאַטן פון מינסקער צ. ק. די חברים נתן און יודל — און דער גרעסטער טייל פון די דעלעגאַטן זענען באַגייסטערט דווקא מיט מינסק. פון פּוילן זענען דעמאָלט אָנוועזנד געווען די ח"ח ברוך און אייזיק, וועלכע מיר, „מינסקער", האָבן נישט זייער לייכט פאַרטראָגן; דאָך האָט זיך די קאָנ-פערענץ געענדיקט אָן באַזונדערע מחלוקתן.

ס'האָט גענומען אָנקומען פּוע"צ-פּרעסע פון גאַליציען און פון וואַרשע, בעת פון מינסק האָבן מיר אפילו זעלטן ווען באַקומען אַ בריוו. מיר שטעלן זיך „בעל כרחך" אין פאַרבינדונג מיט וואַרשע — ביז אַרום שבועות 1919 ברעכן באַ אונז אויס גרויסע פּרינציפּיעלע חלוקי דעות; עס קריסטאַליזירט זיך אויס אַ לינקע פראַקציע אין דער סוואַלקער אָרגאַניזאַציע. די „רעכטע" פאַרכאַפּן די שטעמפּלען און פאָנען, ס'האַלט באַ שפּאַלטונג. די פּוילישע לעגיאָנען מאַכן אַ סוף צו אונזער ממשלה — קוים מיטן לעבן ראַטעווען מיר זיך צענדליקער חברים דורך די וועלדער אין די נאָענטסטע ליטווישע שטעטלעך.

אין דער ליטע איז צו יענער צייט געווען איין מעכטיקע אָרגאַניזאַציע מיט אַ ריזיקער השפעה — אין ווילקאָווישקי, און קלענערע גרופּן אין מאַריאַמפּאָל, קיידאַן, שאַוול. אין קאָוונע איז זיך דאַן צונויפגעקומען אַ גרופּע פון אַ 10 חברים מיטן ח' שלמה ש. בראש (אויף אַ באַנק אין קאָוונער שטאָט-גאָרטן) און באַשלאָסן צו שאַפן די קאָוונער אָרגאַניזאַציע, ווייל אויף שריט און טריט האָבן אַרבעטער כסדר דעבאַטירט וועגן די גרונט-פּרינציפּן פון דער פּוע"צ אידעאָלאָגיע. צו יענער צייט איז שוין אין קאָוונע געווען איינגעפעסטיקט אַ שטאַרקער „קונסט-פאַריין" (פון „בונד") מיט אָפּטיי-לונגען אין פיל פּראָווינציעלע פונקטן. דער „בונד" האָט באַקומען אַ סך קרעפטן פון פּוילן, רוסלאַנד און ווילנע, און געפירט אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידישע אַרבעטער, ספּעציעל אין ווילקאָווישקי (צענטער פון בערשטער), קאָוונע און שאַוול, בעת

פוע"צ זענען געווען געציילטע אַרבעטער־גרופּן, אָפּגעריסענע איינע פון די אַנדערע, אָן שום אָנפירונג אָדער ליטונג.

---

געג. זשעליגאָווסקי פאַרנעמט ווילנע. מאַסן אַרבעטער ווערן אַריינגעזעצט אין תּפיסה, אַנדערע — פאַרשיקט אין טיף פּוילן. די ווילנער אָרגאַניזאַציע איז אַוועק „אונטער דער ערד" גלייך מיט אַלע איבעריקע אַרב.־פּאַרטייען און פיל פון די ווילנער חברים זענען אַריבער צו אונז, אין ליטע.

בשעת דער טעראָר האָט זיך איינגעשטילט, האָבן די פּועלי־ציון ווידער גענומען קומען צו זיך, באַנייט די דיסקוסיעס און פאַרזאַמלונגען אויף בוידעמער, אין פעלד און אין וואַלד. מען אָרגאַניזירט אַן אַרבעטער־קיך א. נ. פון באָראָכאָוו, דאָס איינציקע אָרט וווּ אונזערע חברים קענען זיך צונויפקומען; גיך אָבער ווערט די קיך חשוד בײַ דער מאַכט און נאָך אַן איבערפאַל און מאַסן־אַרעסטן פאַרמאַכט מען זי. אונזער צעשמעטערטע אָרגאַניזאַציע וואַרפט זיך צו דער קולטור־אַרבעט, גרינדעט אַן אָוונט־שול א. נ. פון באָראָכאָוו פאַר 120 אַרבעטער און אַ קינדערהיים א. נ. פון באָראָכאָוו. גלייכצייטיק מיט די שנויים אויפן פראָנט, ווערט אָפּגעשוואַכט דער טעראָר, ס'באַנייען זיך די מאַסווו־קעס, וווּ ס'ווערן ברייט אַרומגערעדט די פראַגן פון „אָנשלוס" (צו יענער צייט — די קאַרדינאַלסטע). ס'קומט פאָר אַ „רייניקונג", און נאָך לאַנגע הייסע דיסקוסיעס שטעלן זיך די ווילנער חברים אויף דער פּלאַטפאָרם פון אויסגעהאַלטענעם מאַרקסיזם. אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, וועלכע ציט זיך אַ גאַנצע נאַכט — ווערט עס פּראָקלאַמירט. קעגן דעם איז אַ קליינע מינדערהייט, זי וואַרפט זיך אָבער אונטער דער מערהייט און די ווילנער אָרגאַניזאַציע בלייבט גאַנץ, נישט געשפּאָלטן.

---

גרויסע כוואַליעס אַרבעטער פון ווילנע, סוּוואַלק און אַנדערע שטעט, וואָס זענען פאַרנומען דורך פּוילן, האָבן אָנגעהויבן אַריינשטראָמען אין דער קאָוונער ליטע; יעדער שטראָם איינוואַנדערער האָט אַריבערגעפירט אויסגעפּרוווטע קאַמפס־חברים פאַר אַלע פּאַרטייען, און זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט זייער דערפאַרונג און באַגייסטערונג פאַר דער אַרבעט. טויזנטערווייז האָבן זיך גענומען צוריקקערן די פאַרטריבענע ליטווי־שע יידן אין זייערע היימען, צוזאַמען מיט זיי — די יידישע אַרבעטערשאַפט. אין צענ־דליקער שטעט און שטעטלעך האָבן זיך סטיכיש, פון זיך אַליין, גענומען שאַפן פּוע"צ אָרגאַניזאַציעס און גרופּן — ביז אין אויגוסט 1919 קומט זיך צונויף אין קאָוונע די ערשטע גרינדונגס־קאָנפערענץ פון דער ליטווישער פּאַרטיי.

צו דער גרינדונגס־קאָנפערענץ זענען געקומען דעלעגאַטן פון די שטאַרקערע אָרגאַניזאַציעס אין מאַריאַמפּאָל, ווילקאָווישקי, קאָוונע, שאַוול, ניישטאָט, קאַלוואַריע, און חוץ דעם זיינען אָנגעקומען דעלעגאַטן פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און ג ר ו פּ ן

פון ליטע און לעטלאַנד. אויף דער קאָנפערענץ ווערט געלייגט דער גרונטשטיין פון דער ליטוויש-לעטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך אין משך פון דעם יאָר פונאַנדערגעוואַקסן אין אַ משפחה פון העכער 2000 דיסציפּלינירטע קאַמפּסלוסטיקע חברים. אויף דער דאָזיקער היסטאָרישער קאָנפערענץ איז נאָך ליידנשאַפטלעכע וויכוחים אָנגענומען געוואָרן די היסטאָרישע רעזאָלוציע וועגן „פּאַראייניקן אַלע פּוע״צ-גרופּן און פּאַרטייען, וואָס שטייען אויפן באָדן פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסן-קאַמף... אויפן סמך פון דער רעזאָלוציע האָט שפּעטער דער ליטווישער צ. ק. גענומען דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין שאַפן דעם אַ. ב. אין ווין.

דער נייער צ. ק. טרעט צו צו אַ פיבערהאַפטער אַרבעט. דער ח׳ ש. ברענגט פון וואַרשע די ערשטע קאַסטנס שריפט און ס׳ווערט אָרגאַניזירט די פּאַרטיי-זעצעריי (שפּעטער אַן אָפּטיילונג פון גרויסן פּראָדוקציר-קאָאָפּעראַטיוו „האַמער״). דער צ. ק. טרעט צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער-יוגנט, און די פּוע״צ האָבן די ערשטע אין ליטע אָרגאַניזירט אַ מעכטיקע אַרב.-יוגנט-באַוועגונג. דער צ. ק. שטעלט זיך אין נאָנטסטער באַציונג מיט די ליטווישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. די גאַנצע פּאַרטיי וואַרפט זיך מיטן גרעסטן ברען אין דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, און צוזאַמען מיט די איבעריקע פּאַרטייען העלפט פּוע״צ מיט דער ווידעראויפשטעלונג פון דער נישט לאַנג צעשמעטערטער פּראָפ. באַוועגונג. פּוע״צ נעמען דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין דער שאַפונג פון דער פּראָלעטאַרישער קולטור-ליגע מיט איר ברייטער שול-נעץ און אין אויפשטעלן די גרויסע פּראָדוקציר-קאָאָפּעראַציע.

**ל. חיין**

# די ערשטע שריט פון לאָדזשער אָרגאַניזאַציע.

נאָך אין די יאָרן 1902-3 האָט זיך צווישן אַ געוויסן טייל אַרבעטער און אינטעליגענטער ציוניסטיש-געשטימטער יוגנט אָנגעהויבן אַ גערונג; עס האָט זיי נישט געקענט באַפרידיקן דער באַלעבאַטישער, אפילו דעמאָקראַטישער (צו יענער צייט „דעמאָקראַטישע פראַקציע") ציוניזם. עס האָט זיי אויך נישט געצויגן צו אַנדערע ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע שטרעמונגען, ווי בונד, פּ. ס. ד., פּ. פּ. ס., וועלכע האָבן דאַן אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף דער יידישער גאַס. די גרופּע האָט צו יענער צייט געפירט אַ גאַנץ אינטענסיווע טעטיקייט אויף דעם געביט פון אויפקלערונג. עס פלעגן גאַנץ אָפט, כמעט יעדן פרייטיק צו נאַכטס אָדער שבת, פאָרקומען פאַרזאַמלונגען פון אייניקע צענדליק פּערזאָן און עס פלעגן דיסקוטירט ווערן פאַרשידענע טעאָרעטישע און פּרינציפּיעלע פראַגן. עס פלעגן אויך איינגעלאַדן ווערן פאַרטרעטער פון פאַרשידענע ריכטונגען און אַזוי אַרום געשטעלט ווערן צום וויכוח זייער פּראָגראַם און טאַקטיק. נישט פאַרמאָגנדיק גענוג אייגענע אָרטיקע כוחות, פלעגט די גרופּע איינלאַדן פּרעלעגענטן אויך פון וואַרשע. גאַנץ אָפט זענען געקומען י צ ח ק  ג ר י נ ב ו י ם (דער הייניטיקער פירער פון ראַדיקאַל-נאַציאָנאַלן ציוניסטישן פליגל), נ ח  פּ ר י ל ו צ ק י (צו יענער צייט דעמאָקראַטישער ציוניסט, היינט פירער פון דער פאָלקס-פּאַרטיי), דער פאַרשטאָרבענער י אַ ן  ק י ר ש ר אָ ט א. אַ. די פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען נאַטירלעך אומלעגאַל אין פּריוואַטע וואוינונגען. אָבער נישט קוקנדיק דערויף, זענען זיי גאַנץ שטאַרק באַזוכט געוואָרן, נישט זעלטן זיך פאַרצויגן אויף נעכט, טאָקע ביז 6 אין דער פרי,

און געטראָגן אַ שטורמישן כאַראַקטער. די צוהערער פון אַזעלכע אָוונטן זענען באַשטאַנען פון עלעמענטן ז ו כ נ ד ע.

די אַלע פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס האָבן אָבער קיין שום פּאָזיטיווע רעזולטאַטן נישט געבראַכט. עס האָט זיך נישט איינגעגעבן צוצופירן צו אַ קאָנקרעטן, ממשותדיקן, פּרינציפּיעלן אויספיר, וועלכער זאָל פאַרפיקסירט ווערן אין אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער פאָרם. באַ דער קאָנסטיטוירונג פון די ציוניסטן-סאָציאַליסטן (ס. ס.) איז אַ גאַנץ קליינער טייל פון דער גרופּע צו זיי צוגעשטאַנען; אָבער דער גרעסטער טייל, כאָטש ער האָט געהאַט געוויסע סימפּאַטיעס פאַר די ס. ס., האָט ער זיך דאָך געהאַלטן אין רעזערוו. איניקע האָבן אפילו פון צייט צו צייט זיי מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט, אָבער צוטרעטן צו דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיי נישט געקענט, מחמת דאָס פּראָגראַם פון ס. ס. האָט זיי נישט באַפרידיקט. צוגעצויגן האָט זיי די באַגרינדונג פון דער נישט-פּראָלעטאַריזאַציע; נישט באַפרידיקט האָט זיי דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, דער לאָזונג פון פרייע שול-פאַרבאַנדן, דאָס לייקענען אין דער פּאָזיטיווער אַנטוויקלונג פון יידישן לעבן אין די גלות-לענדער. נאָך גרעסער איז געוואָרן די אומצופרידנקייט מיט די ס. ס., ווען יענע האָבן אויפגענומען דעם אַבסטראַקטן טעריטאָריאַליזם און צוגלייך אַ פיינטלעכע שטעלונג צו פּאַלעסטינע. פונדעסטוועגן האָבן זיך די דערמאָנטע עלעמענטן פון דער גרופּע דאָך געהאַלטן נאָענט צו די ציוניסטן-סאָציאַליסטן.

אַן ענדערונג קומט פאָר אין די שטימונגען און באַלאַנגדזשעניש פון דער גרופּע נאָך דעם באַזוך פון ב. ב אָ ר אָ כ אָ װ אין לאָדזש. ווען באָראָכאָוו קומט קיין וואַרשע אין פרילינג 1905, ווערט ער גלייך איינגעלאַדן צו דער גרופּע קיין לאָדזש, ווו ער האַלט אַ גאַנצע ריי רעפעראַטן מ י ט און אָ ן דיסקוסיעס.

אַ שטאַרקן רושם האָט געמאַכט אַ דיסקוסיאָנס-פאַרזאַמלונג, וועלכע איז דאַן פאָרגעקומען צווישן אים און דעם פאַרשטאָרבענעם בונדישן טוער ב ר אָ נ י ס ל אַ װ ו ג ר אָ ס ע ר וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. פאָרגעקומען איז זי אין זאַל פון קאָמיפאַריין, דלוגע 45. עס איז אפילו געקומען צו אַ געשלעג מיט די בונדאָווצעס. באָראָכאָוו, צו יענער צייט נאָך נישט קיין פּועלי-ציוניסט, האָט שוין אָבער דאַן אַרויסגעזאָגט די געדאַנקען און פּרינציפּן, וועלכע זענען שפּעטער אַריין אין דער טעאָריע פון פּועלי-ציוניזם. ער האָט שוין דאַן אַנטוויקלט די געדאַנקען, וועלכע ער האָט דערנאָך פאָרמולירט אַזוי גלענצנד אין זיין בראָשור „די קלאַסן מאָמענטן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע".

די אָריגינעלע טיפע געדאַנקען האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די זוכנדע גייסטער. זיי האָבן דאָ דערשפּירט, אַז זיי האָבן אַן אינהאַלט, וואָס קען אויספילן דעם חלל, וועלכער בלייבט באַם בונד, אַז דידאָזיקע נייע פּרינציפּן וועלן דערגאַנצן דאָס, וואָס עס איז נישטאָ באַ די ס. ס. און אַז נאָר אויף ד ע ם וועג קומט דער סינטעז צווישן ציוניזם און דעם סאָציאַליזם.

כאָטש די גרופּע איז נישט געווען אָרגאַניזירט, און כאָטש באָראָכאָוו איז גע-

ווען נישט מער ווי אַ גאַסט אויף אַ קלייגער צייט און איז אַוועקגעפאָרן, נישט איבערלאָזנדיק קיין שום אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג, אפילו קיין אַדרעס נישט, האָט זיך אָבער דאָך אין דער לופט געפילט, אַז עס איז געפונען געוואָרן דער ציל, צו וועלכן מען האָט אַזוי לאַנג געשטרעבט, וואָס מען האָט אַזוי לאַנג געזוכט; מען האָט געפילט, אַז מען איז שוין נישט אַזוי איינזאַם, אַז ס'איז דאָ דער איינער, פון וועלכן מען קען דערוואַרטן, אַז ער וועט ברענגען צום ציל.

נאָך באָראָכאָװוס אָפּפאָר הייבט זיך אָן די גרופּע צו קאָנסאָלידירן. מען זעט, דאָס נישט אַלע פון די, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט אינם קרייז, וועלן קענען מיטגיין; אייניקע וועלן נישט אַרויסקריכן פון בירגערלעכן ציוניסטישן לאַגער, אייניקע וועלן גלאַט נישט זיין בכוח מיטצוגיין אויף אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן וועג, ווי דער, וואָס איז אָנגעצייכנט. עס איז פּלוצלינג קלאָר געוואָרן, אַז עס האָט זיך געענדיקט דער פּעריאָד פון זוכעניש, פון חקרנען זיך, און מען מוז זיך צוגרייטן צו מעשים, צו אַ גאַנץ אַנדערער אַרבעט, ווי ביז אַהער. און דאָ דאַרף מען מענטשן, אויף וועלכע מען קען זיך פאַרלאָזן, מענטשן, וועלכע וועלן זיך נישט אָפּשטעלן אינמיטן וועג. פון דעם קרייז ווערט אויסגעקליבן אַן ענגע גרופּע, וועלכע האָט די אויפגאַבע קלאָר צו פאָרמולירן, וואָס מען וויל און צו וואָס מען שטרעבט. דאָס איז נאָך אַלץ נישט קיין אָנהייב פון אַן אָרגאַניזאַציע, דאָס איז אַלץ נאָך אַ גרופּע פון פאָרשן און פּרוּװן, אָבער זי האָט שוין גאָר אַן אַנדער פּנים.

און מערקווירדיק, די גרופּע קריגט מיטאַמאָל אַן אַנדער אויסזען. מען קוקט זיך אַרום, אַז דער גרעסטער טייל פון דער גרופּע זענען אַרבעטער, און אונזערע פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען טראָגן זיך אַריבער פון די צימערן פון דער אַזוי גערופענער באַלעבאַטישער ביישטאָט אויף די ביידעמער און אין די קעלערס פון אַרבעטער־פערטל, אַלט־שטאָט (באַלוט). אין דער לופט טראָגט זיך שוין דער לאָזונג: מיר ווערן פּועלי־ציוניסטן. אַנדערע פּרובירן נאָך אייַנטענהן: אפשר „התחיה" (וועלכע איז דאַן אין פּוילן געווען פּאָפּולער)? אָבער עס געפינט נישט קיין אָפּקלאַנג.

דערווייל הייבן זיך אָן די רעוואָלוציאָנערע טעג פון 1905. עס קומען אָן די באַרימטע יולי־טעג אין לאָדזש מיט די ריזיקע דעמאָנסטראַציעס, מיט די גאַסן־באַריקאַדן. מיר זענען נאָך נישט אָרגאַניזירט, מיר בלאָנקען זיך אַרום ווי שעפּעלעך, מיר טוליען זיך צו די, וועלכע מיר באַטראַכטן צו אונז צום נאָנטסטן, — צו די ס. ס.. אויף די דעמאָנסטראַציעס גרופּירן מיר זיך אַרום זייער פאָן, און אויף די באַריקאַדן קעמפן מיר אין זייערע רייען. מיר ברענגען שוין אויך אייגענע קרבנות. עס פאַלט איינער פון אונזערע ערשטע, דוד פּינסקי. און עס רייסט זיך פון האַרץ דער פאַרלאַנג: ווען וועלן מיר שוין האָבן אונזער אייגענע פאָן, ווען וועלן מיר שוין קעמפן אין די אייגענע געשלאָסענע רייען? עס ווערט קלאָר, אַז לאַנג קען אַזאַ לאַגע נישט דויערן, מיר מוזן ווערן אַן אָרגאַניזירטער כּוח, מיר מוזן אָנהייבן זאַמלען אונזערע כּוחות, עס מוז געשאַפן ווערן אַן אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש.

אין אַ קורצע צייט נאָך דעם ווערט אויסגעבילדעט דער ערשטער לאָדזשער קאָמיטעט פון פועלי־ציון, וועלכער איז באַשטאַנען פון דריי פּערזאָן: פּונם שרייבער פון די שורות, ח׳ אריה און ח׳ שולמאַן (היינט אין רוסלאַנד, אַרבעט אין דער מאָסקווער אָרגאַניזאַציע פון פּוע״צ). זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער קאָמיטעט באַ יענע אימלעגאַלע צייטן, איז געווען אַ „סאַמאָזוואַנער״, וואָס האָט זיך אַליין באַשטימט, און אַ שטרענג קאָנספּיראַטיווער. די ערשטע צייט איז די אַרבעט געווען מער אַן איבערלעבע. מיר האָבן זיך נאָך געפילט צו שוואַך אַרויסצוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט, מיר האָבן דערווייל געזוכט, ווי צו פאַרשטאַרקן אונזערע רייען. גלייך טאַקע טרעטן צו אונז צו אַרבעטער־גרופּן, וועלכע זענען פריער געווען אָרגאַניזירט באַ די ציוניסטן, אונטער דער אָנפירונג פון ח׳ פ י ש ל (אַ קאָמאַשן־שטעפּער) און י אָ ס ע ל ק צ ב. אַ צווייטע גרופּע, אונטער דער אָנפירונג פון י ו ד ע ל ל ע ק ע ך ־ ב ע ק ע ר און ש ט א נ ד א ר ע ק (אויך אַ לעקעך־בעקער). אַ סך שפּעטער קומט צו אונז שמעון פייגעלע (פּרושיצקי) פון טשענסטאָכאָוו (היינט אין רוסלאַנד, באַ די קאָמוניסטן). מיר האָבן נאָך קיין שום באַציונגען מיט אַנדערע שטעט נישט געהאַט, כאָטש מיר האָבן געוואוסט, אַז אין פיל שטעט זענען פאַראַן גרופּן פועלי־ציון.

ערשט סוכּות־צייט איז צו אונז געקומען בּ ן צ י ו ן ר א ס ק י ן פון וואַרשע, וועלכער איז געווען אַ דעלעגאַט אויף דעם 7־טן ציוניסטן־קאָנגרעס, און ער האָט אונז איבערגעגעבן די ידיעה, אַז אויף דעם קאָנגרעס האָט זיך געבילדעט אַ פראַקציע פועלי־ציון, און נאָך דעם קאָנגרעס איז אויף אַ באַראַטונג, וועלכע איז פאָרגעקומען פון די אָנהענגער פון פועלי־ציון, געבילדעט געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיסיע מיט דער אויפגאַבע צונויפצורופן אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע פועלי־ציון אין רוסלאַנד. די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיסיע איז זיך שפּעטער צעפאַלן צוליב דער שפּאַלטונג פון די סיימאָוויצעס. דערדאָזיקער באַזוך איז אָבער אויך געווען נישט מער ווי אַן א י נ פ אָ ר מ אַ ט י וו ע ר. קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג איז נישט איינגעשטעלט געוואָרן; אָבער דאָך איז פון דאַן אָן איינגעשטעלט געווען אַ קאָנטאַקט צווישן לאָדזש און וואַרשע.

עס האָבן זיך אָנגעהייבן ביסלעכוויינ צו קלייבן די פּוע״צ גרופּן פון פאַרשידענע שטעט אין פּוילן און אַ ביסל שפּעטער איז געבוירן געוואָרן דער פּלאַן וועגן אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע פועלי־ציון אין פּוילן און וועגן שאַפן אַן איינהייטלעכע געגנט־אָרגאַניזאַציע. דער פּלאַן איז אינגיכן אויסגעפירט געוואָרן, דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, אין דעצעמבער 1905, און עס איז געגרינדעט געוואָרן דער ייד. סאָצ. דעמאָקראַט. אַרב.־פאַרבאַנד פועלי־ציון אין פּוילן. דער פאַרבאַנד איז געבליבן עקזיסטירן אפילו שפּעטער, ווען עס איז געבילדעט געוואָרן די אַלרוסישע ייד. סאָצ. דעמ. פּאַרטיי פועלי־ציון, אין וועלכער עס זענען אַריין אויך די חברים פון פּוילן. זיי זענען אָבער אַריין אַלס גאַנצע קערפּערשאַפט, ווייל די פועלי־ציון איז שוין דאַן געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דער זעלבשטענדיקייט פון פּוילן און דעריבער איז פאַר

פוילן געשאַפן געוואָרן אַן אייגנהייטלעכע, אין אָרגאַניזאַציאָנעלן זין, אויטאָנאָמע אָר־גאַניזאַציע.

ווי אויבן געזאָגט, איז די אַרבעט אין לאָדזש נאָך געווען אַן אינערלעכע, אַ מער אָרגאַניזאַציאָנעלע; ערשט ווען עס איז אויסגעבראָכן די אָקטאָבער רעוואָלוציע, זענען מיר אין לאָדזש אַרויס אין דער עפנטלעכקייט. די ערשטע פּראָקלאַמאַציע, וועלכע דער לאָדזשער קאָמיטעט האָט אַרויסגעלאָזן, איז געווען וועגן דעם מאַניפעסט פון 17־טן אָקטאָבער. אין דער פּראָקלאַמאַציע איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף דעם כאַראַקטער פון מאַניפעסט, ווי די צאַרישע באַנדע האָט זיך דערשראָקן און געוואָרפן אַ ביינדל, אַז מער טאָר בישט טרויען דעם גראַף וויטע — און גערופן ווייטער פאָרטצוזעצן דעם קאַמף. אין די גרויסע אָקטאָבער־דעמאָנסטראַציעס האָבן מיר שוין דעמאָנסטרירט אונטער אונזער אייגענער פאָן, אונטער דער פאָן פון דער לאָדזשער ייד. סאָצ. דעמ. אָרגאַניזאַציע, פּועלי־ציון. מיר האָבן גלייך געבראַכט אונזער בייטראַג פאַר די צאַרישע תפיסות, און ווען עס האָט זיך באַלד אָנגעהייבן די קאָנטער־רעוואָלוציע מיט די פּאָגראָמען, האָבן מיר שוין געהאַט אַ גוטע אָרגאַניזירטע באַוואָפנטע זעלבסט־שוץ.

דאָס זענען געווען די ערשטע שריט פון דער לאָדזשער ייד. סאָצ. דעמ. אָרגאַניזאַציע פּועלי־ציון, וועלכע האָט ערשט געפייערט איר 20־יאָריקן יובילייַ, וועלכע האָט די גאַנצע צייט, אפילו די ערגסטע צייט פון רעאַקציע, פון קריג און אָקופּאַציע נישט אויפגעהערט צו פירן דעם קאַמף פאַר די אינטערעסן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס, פאַר די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער.

דניאל בערנפעלד.

# פראַגמענטן פון זכרונות

## I

## דאָס קערנדל פון פועלי־ציוניזם אין לעמבערג.

דאָס איז געווען אין די זומער־חדשים פון יאָר 1902. אינם הויז נר. 12 פונם לעמבערגער רינגפּלאַץ האָבן זיך געפונען די גרויסע, אָבער פוסטע, לאָקאַלן פונם „ציון"־פאַריין. דידאָזיקע לאָקאַלן האָב איך דערקענט נאָך מיט אַ ווינטער פריער, בעת אַ פאָרלעזונג פון שלמה שילער, און זינט דעמאָלט בין איך אַהינגעקומען מדי־שבת־בשבת, כדי אין איינזאַמער שטילקייט דורכצובלעטערן די יידישע אויסגאַבע פון ציוניס־טישן וואָכנבלאַט „די וועלט", וואָס איז בשעתו דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון אשר ברוידעס (געשטאָרבן אינם יאָר 1902), און דעם „יוד", וואָס האָט זיך דאָרט געוואַלגערט הויפנווייז.

אינם דאָזיקן „ציון"־פאַריין האָבן זיך אויך פון צייט צו צייט אַרומגעדרייט אַ מנין יונגעלייט, וועלכע זענען, ווי איך בין שפּעטער געוווּיר געוואָרן, געווען די שארית־הפּליטה פונם יידיש־נאַציאָנאַלן האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פאַריין „עברי", וואָס האָט עקזיס־טירט אין לעמבערג אין די יאָרן 1898—1901. צו דערדאָזיקער גרופּע האָב איך געפילט עפּעס אַ שייכות, אַ מין נאָענטקייט, ווייל נאָך זייענדיק אין אַ פּראָווינץ־שטעטל, האָב איך אַבאָנירט דאָס צוויי־וואָכנבלאַט „העברי", וואָס טאַקע דערזעלבער פאַריין „עברי" האָט אַרויסגעגעבן אין די יאָרן 1898—9, אונטער דער רעדאַקציע פון שמואל שאָר (געשטאָרבן אין יאָר 1903 פון שווינדזוכט).

צוליב מיין דערנענטערונג צו דערדאָזיקער גרופּע, בין איך דערגאַנגען, אַז שבת וועט זיין אַ „ספּראַוואָזדאַניע" (באַריכט) פונם ביעליצער ציוניסטן־טאָג און מ'האָט מיך

טאַקע איינגעלאַדן צו קומען. אינם באַשטימטן שבת נאָכמיטאָג האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום לאַנגן צייטונגס=טיש אַ 14—15 יונגע און גאָר=יונגע מענטשן, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען: זלמן הערץ (ביז פאַר דער מלחמה געשפּילט די ראָלע פון אַ פירער אין דער גאַליצישער פּוע״צ=באַוועגונג), שמואל שאָר, א. לעוו (געבליבן אַ גוטער, איבערגעגעבענער און באַוואוסטזיניקער חבר מיט אַ מאַרקסיסטישן בליק אויפן לעבן ביז פאַר דער מלחמה, ווען ער איז געשטאָרבן אַן אויסגעמוטשעטער פון אַ גייסטיקער קראַנקהייט), שמואל קרעץ (געווען גאָר אַקטיוו אַן ערך פון 10 יאָר, דאַן געוואָרן אַ סוחר און מיטאַמאָל איינגאַנצן אַוועק פון דער באַוועגונג), האַלבער, קורצער, בלויער, קלאַפּער, טשאָרטקאָווער, בעלף, מאַלץ, שנורגאַסט (ביז היינט אַ חבר אין לעמבערג) און איך. סאַמועל בילבעל (גיך אַוועק פון דער באַוועגונג און זיך געעפנט אין לעמבערג אויף דער סיקסטוסקע=גאַס אַן ערשט=קלאַסיקן שניידער=סאַלאָן) האָט אויף דייטש אָפּגעגעבן אַ דין=וחשבון פונם ביעליצער ציוניסטישן פּאַרטיי=טאָג.

פון דער דעמאָלטיקער אַסיפה געדענק איך נאָר אַזויפיל, אַז ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, יעדן אָוונט זיך צוזאַמענצוקומען און מ׳וועט גרינדן אַ נייעם פאַריין מיטן נאָמען „אחוה״. די גרינדונגס=וואָכן זענען אַוועק אין מחלוקתן לשם=שמים... ד. ה. ווער ס׳זאָל ווערן „פּרעזעס״... ריוואַליזירט האָבן צווישן זיך: הערץ=שאָר — קעגן בילבעל=האַלבער. הערץ מיט שאָרן האָבן רעפּרעזענטירט דעם פּראָלעטאַרישן פליגל, בעת בילבעל מיט האַלבערן האָבן פאַרטרעטן די אַזויגערופענע „שטייקראַגן=פּראָלעטאַריער״... די לעצטע האָבן אפילו געפּרוווט אונטערשטעלן הערצן אַ פיסל דערמיט, וואָס זיי האָבן בעמאַכט שטימונג, אַז מ׳דאַרף איינלאַדן דעם דר. לעאָן רייך, ער זאָל אַזוי פּריינטלעך זיין און איבערנעמען די פּרעזעסור. דערדאָזיקער פּלאַן האָט אָבער אַרויסגערופן אַ גרויסן שטורם מצד דער מאַסע, וועלכע האָט שוין דעמאָלט אַרויסגעוויזן אַ געזונטן פּראָלעטאַרישן אינסטינקט — הגם ס׳האָט איר נאָך געפעלט דאָס באַוואוסטזיין. דער מאַנעוור האָט אָבער געווירקט, ווייל אָנשטאָט דעם דר. רייך האָבן שוין אַלע ליבער מסכים געווען אויף בילבעלן.

קורץ פאַר דער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט דער „פּראָוויזאָרישער אויסשוס״ (גרינדונגס=קאָמיטעט) איינגעאָרדנט מיינע אַ פאָרלעזונג א. ד. ט.: „פאַרוואָס דאַרפן זיך די יידישע אַרבעטער און האַנדלס=אָנגעשטעלטע אָרגאַניזירן אויף אַ נאַציאָנאַלן באַזיס?״ היות דאָס איז בכלל געווען מיין ערשטע פאָרלעזונג, האָב איך זי פריער איינגאַנצן אויפגעשריבן, אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק און געהאָפט, אַז ס׳וועט גיין ווי אַ מזמור... דערווייל איז אָבער געקומען אַ גרויסער עולם און איך בין אינמיטן רעדן געוואָרן צעטומלט... ס׳האָבן זיך געפונען לצים, וואָס האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. אָבער דווקא דאָס געלעכטער האָט מיך אַרויסגעפירט פון דער פאַרלעגנהייט. איך האָב אַוועקגעוואָרפן די צעטלעך פּאַפּיר און אָנגעהויבן צו רעדן פאַר פייער און וואַסער... דער תמצית פון מיין רעפעראַט איז געווען: אויב די פּ. פּ. ס. איז

נאציאָנאַל און שטרעבט צו פולנס אומאָפּהענגיקייט — מעגן מיר אוודאי. . . אָבער נישט קענענדיק זיין מיט אונזערע באַלעבאַטים אין איינע און דיזעלבע פאַריינען, מוזן מיר שאַפן באַזונדערע יידיש=נאַציאָנאַלע, ד. ה. ציוניסטישע אַרבעטער און האַנדלס=אָנגעשטעלטע=פאַריינען.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג גופא איז פאָרגעקומען אין אַ שבת=צו=נאַכטס נאָך סוכּות. זי איז צונויפגערופן געוואָרן אַלס אַן „עפנטלעכע גענעראַל-פאַרזאַמלונג" מיט אַגיטאַציע=רעדעס און מיט דיסקוסיעס. נאָך פאַר דער באַשטימטער צייט איז דער גרויסער זאַל געוואָרן איבערפולט, ווייל אַ חוץ די אייגענע קנאַפע 200 מיטגלידער, וואָס דער פאַריין האָט דעמאָלט שוין פאַרמאָגט, זענען אויך געקומען „אין קאָרפּאָראָ" אַלע יידישע פּ. פּ. ס'אָווצעס. אונטער דער אָנפירונג פון מ. ב ל י נ ד (שפּעטער געווען אַ גרינדונגס=מיטגליד פון דער זש. פּ. ס. — גאַליצישער בונד"), אָ ר נ ש ט יי ן (דער שפּעטערדיקער וויץ=קאַנדידאַט פון דער ענדעקישער ראַדאַ=נאַראָדאָוואַ אין לעמבערגער יידישן קוואַרטאַל בעת די פּאַרלאַמענט=וואַלן, כּדי אָפּצוציען די שטימען פון די יידישע אַרבעטער און קליינהענדלער. . .) און אַ געוויסער ט ע וו ע ל — אַ בעקערמייסטער.

פון אונזער זייט האָבן גערעדט: שאָר, בילבעל, הערץ און — ווי מיר דאַכט זיך — אויך דר. רייך. פון זייער זייט האָבן גערעדט אָרנשטיין און טעוועל. וו אָ ס די רעדנער האָבן גערעדט, האָט מען בשום אופן נישט געקענט הערן, ווייל בעת אונזערע האָבן גערעדט — האָבן זיי געליאַרמט, געפיפן און געשריגן. . . דאָסזעלבע האָבן מיר ווידער געטון — בשעת זייערע רעדנער זענען געקומען צום וואָרט. געענדיקט האָט זיך די פאַרזאַמלונג מיט אַ געשלעג און די „פּ. פּ. ס.'אָווצעס וויזנאַניאַ מאָיזשעשאָוועגאָ" האָבן פאַרלאָזט דעם לאָקאַל זינגענדיק „טשערוואָני שטאַנדאַר", בעת מיר האָבן געזונגען „התקווה", „דאָרט וואו די צעדער" (די „שבועה" איז נאָך דעמאָלט נישט געווען).

ווען ס'איז געוואָרן גאַנץ שטיל, זענען ערשט דורכגעפירט געוואָרן די וואַלן פון אַ נייער פאַרוואַלטונג און פון יענעם שבת=צו=נאַכטס האָט זיך אָנגעהויבן די אָפיציעלע עקזיסטענץ פון דער לעמבערגער „אחוה", וועלכע האָט אפילו דעמאָלט — לויט דעם צוזאַמענשטעל פון אירע מיטגלידער און לויט דעם אָפיציעלן גייסט, וואָס האָט אין איר געהערשט — גאָר ווינציק געהאַט אין זיך פון אונזער איצטיקער וועלט=אָנשויונג און אויפפאַסונג פון יידיש=פּראָלעטאַרישן פּראָבלעם. אָבער מיט דער צייט האָט דער דאָזיקער פאַריין אָנגעהויבן צו שפּילן אַ באַדייטנדע ראָלע אין אונזער גאַליצישער באַוועגונג, ווייל שוין דעמאָלט האָט ער אין זיך אַנטהאַלטן דאָס קערנדל פון פּועלי=ציוניזם.

II

## דער ערשטער פאַריין מיטן נאָמען „פועלי=ציון“.

אין יאָר 1903 איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון די יידיש=נאַציאָנאַלע האַנדלס=אָנגעשטעלטע פאַריינען אין גאַליציע*), אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון קראָקע, לעמבערג, סטאַניסלאַוו, טאַרנאָפּאָל און יאַראָסלאַוו. דערדאָזיקער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן, אַז אין אַלע ציוניסטישע פאַריינען זאָלן געגרינדעט ווערן „סעקציעס“ פון האַנדלס=אָנגעשטעלטע און אַרבעטער. די פאַריינען וואָס האָבן צו יענער צייט שוין עקזיסטירט און זענען געווען פאַרטרעטן אויפן דערמאָנטן צוזאַמענפאָר, האָבן זיך קאָנסטיטואירט אַלס אַ גאַליציישער פאַרבאַנד. די הויפּט=פאַרוואַלטונג פון פאַרבאַנד איז פאַרבליבן אין קראָקע, ווו ס'האָט דעמאָלט גוט פונקציאָנירט דער „אחדות“, און טאַקע דיזעלבע פאַרוואַלטונג פון גאַליצישן „פאַרבאַנד“ האָט שפּעטער בהסכם מיט דער ווינער רעדאַקציע פון דער דייטשער אויסגאַבע „דער יודישער אַרבעטער“ (שלמה קאַפּלאַנסקי, נתן גראָס און שמואל אינזליכט) צונויפגערופן אונזער ערשטן פאַרטיי=טאָג, וועלכער האָט נאָך דעמאָלט געהייסן „פאַרבאַנדס=טאָג“ און האָט זיך שבועות 1904 קאָנסטיטואירט אַלס פאַרבאַנד „פועלי=ציון“ און באַשלאָסן דעם „יודישן אַרבעטער“ אַרויסצוגעבן ב ל ו י ז א י ן י י ד י ש — אַנשטאָט ווי ער איז ביז דעמאָלט דערשינען אין ווין אין דייטש מיט אַ יידישער ביילאַגע.

לויטן באַשלוס פונם אויבנדערמאָנטן צוזאַמענפאָר פון די ה"אָ=פאַריינען, האָבן מיר אין טאַרנע (וואו איך האָב דעמאָלט געאַרבעט אין לערהויפּטס דרוקעריי) געגרינדעט אין דער ציוניסטער „התחיה“ אַ „סעקציע“ פאַר אַרבעטער און ה"אָ, וועלכע האָט אַ פּאָר חדשים גוט פונקציאָנירט. דער רוב=מנין ורוב=בנין פון דער סעקציע זענען געווען ביורא=און האַנדלס=אָנגעשטעלטע. אַ ר ב ע ט ע ר זענען מיר געווען בלויז דריי: זישע פ ע ב י כ ע ל — אַ דרוקער, יצחק ב ו ט ע ר פ אַ ס — אַ היטל=מאַכער און איך. דער פאַקט פון אונזער ס אָ צ י אַ ל ע ר נאָענטקייט האָט אונז אויך פ ס י כ אָ ל אָ ג י ש דערנענטערט און זייענדיק צווישן זיך באַפריינדעט, האָבן מיר שטענדיק גערעדט דערפון, ווי אַזוי צוציען צו אונזער „סעקציע“ נאָך אַרבעטער. באַ אונזער בעסטן ווילן און גרעסטער אָנשטרענגונג איז עס אונז אָבער בשום אופן נישט געלונגען

---

*) לוידער געדענק איך אבסאָלוט נישט, וואו דער דאָזיקער צוזאמענפאָר איז פאָרגעקומען און קיין מאַטעריאַלן זענען אויך נישט פאַראַן.

און דאָס האָט אונז געגעבן דעם שטויס נאָכצודענקען איבער אונזער שייכות צו דער „התחיה".

נאָך עטלעכע אַזעלכע שמועסן צווישן זיך, האָבן מיר איינמאָל — אַהיים־גייענדיק פון פאַריין אין דרייען — אויף דער גאַס באַשלאָסן צוצוטרעטן צו דער גרינדונג פון א באַזונדערן אַרבעטער־פאַריין. די ווייטערדיקע באַראַטונגען האָבן אונז געבראַכט צו דער החלטה, אַז אַזוי ווי מיר אַלע דריי זענען אַליין נאָך גענוג יונג, מיר האָבן נישט קיין קענטשאַפט און נישט קיין השפעה צווישן עלטערע אַרבעטער, דערפאַר זאָלן מיר דערווייל אונזער פאַריין גרינדן בלויז פאַר לערן־ייִנגלעך און פּראַקטיקאַנטן.

נעמען, ווי אַזוי אָנצורופן דעם פאַריין, זענען אין באַטראַכט געקומען פאַרשידענע; „צעירי־ציון", „פּרחי־ציון", „צעירי־ישראל" א. ד. גל. אָבער מיר האָבן נישט געקענט קומען צו אַן איינשטימיקן באַשלוס. היות, פון אַלע דריי בין איך (משטייגס־געזאָגט...) געווען דער בעסטער העברעער — האָב איך פאָרגעלייגט, אַז אונזער פאַריין זאָל הייסן „פּועלי־ציון". מיין פאָרשלאָג האָב איך מאָטיווירט דערמיט, אַז אַזוי ווי דער פאַריין וועט דאָך סיי־ווי האָבן אַ קלאַסן־כאַראַקטער און וועט באַשטיין בלויז פון אַרבעטער, דערפאַר איז דאָס דער אַנטשפּרעכנדסטער נאָמען. די אַנדערע צוויי חברים האָבן דערצו מסכים געווען און מיר זענען באַלד אַרויסגעגאַנגען צו אַן אַדוואָקאַטן־שרייבער, ה' לעאָן ש ט י ר ע ר, וועלכער איז געווען אין אָפּאָזיציע צו דער פאַרוואַלטונג פון „התחיה", און ער האָט אונז אויסגעאַרבעט דעם סטאַטוט פאַר דער מאַכט אַזוי, אַז פּורים 1904 האָבן מיר שוין אָפּגעהאַלטן אונזער ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אָדער ווי מ'האָט דאָס דעמאָלט גערופן — די קאָנסטיטויִרנדע גענעראַל־פאַרזאַמלונג.

ווי גרויס איז געווען אונזער שמחה, ווען מיט 2 וואָכן שפּעטער האָבן מיר דערהאַלטן פון ווין אַ פּעקל דייטשע צייטונגען — „דער יידישער אַרבעטער". אין יעדער צייטונג האָבן מיר אויך געפונען אַ באַריכט פון אונזער גענעראַל־פאַרזאַמלונג, וועלכן די רעדאַקציע האָט — ווי מיר זענען שפּעטער געוואויר געוואָרן — איבערגעדרוקט פונעם „יידישן וואָכנבלאַט"*), וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין סטאַניסלאַוו, אונטער דער רעדאַקציע פון לייבל טויביש.

*) דער אויבנדערמאָנטער צוזאַמענפאָר פון די ה"אָ־פאַריינען האָט באַשלאָסן, אַז אַלע פאַריינען און די „סעקציעס" וואָס זענען אָנגעשלאָסן אינם פאַרבאַנד, זאָלן פאַרעפנטלעכן זייערע באַריכטן און קאָמוניקאַטן אין לעמבערגער „ווסכוד" (פּויליש), אין דער בריגער היקלס „פאָלקס־שטימע" (ייטש) און אין סטאַניסלאַווער „יידישן וואָכנבלאַט" (יידיש). זיך רעכענענדיק מיטן דאָזיקן באַשלוס, האָבן מיר אַה נגעשיקט אַ קאָרעספּאָנדענציע פון אונזער גענעראַל־פאַרזאַמלונג.

מיר האָבן תּיכּף געמעלדעט אונזער בייטריט צום קראָקעווער ציוניסטישן דיסטריקט־קאָמיטעט און צום גאַליצישן „פאַרבאַנד פון די יידיש־נאַציאָנאַלע האַנדלס־אָנגעשטעלטע" אין קראָקע. גלייכצייטיק האָבן מיר אָנגעקניפּט באַציונגען מיט דער ווינער רעדאַקציע און באַשטעלט 60 עקז. פון דער דייטשער אויסגאַבע פון „יידישן אַרבעטער".

מען דאַרף דאָ דערמאָנען, אַז צו דער גרינדונג פון פאַריין האָבן אונז אַ סך מיטגעהאָלפן די עלטערן פונם ח' בוטערפאַס — אַן אַלט פּאָר פאָלק, וואָס האָט זיך דערנערט פון בייען פויערישע היטלען. אַן ערך פון 4—5 וואָכן האָבן זיי אונז דערלויבט אין זייער דירה אָפּצוהאַלטן זיצונגען, פאַרזאַמלונגען און אפילו קורסן. ערשט נאָך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, ווען די צאָל מיטגלידער האָט זיך באַדייטנד פאַרגרעסערט, האָבן מיר געפונען בא אַ חסידישן ייד, אַ געוויסער ה' וועלט — אַ חזן, אָדער אַ שמש — און ער האָט אונז גאַנץ אומזיסט דערלויבט אויף יעדן אָוונט דאָס בית־המדרש, פון וועלכן ער האָט געהאַט די שליסלען. דאָס האָט אָבער געדויערט נאָר אַזוי לאַנג, ביז די גבאים האָבן זיך דערפון דערוואוסט און זיי האָבן אים געגעבן אַ באַפעל אונז דאָס בית־המדרש צו פאַרבאָטן. פון דאָרט זענען מיר אָבער שוין אַרויס אין אַן אייגענער דירה, וועלכע מיר האָבן אָפּגעדונגען בא אַן אַלטיטשקען שניידער אויפן האָלץ־פּלאַץ, אין דאַווידס הויז.

דער אָפיציעלער נאָמען פון אונזער פאַריין איז געווען: „יידישער יוגנטלעכער אַרבעטער און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן בילדונגס־פאַריין פּועלי־ציון". שוין דער פאַקט אַליין, וואָס יוגנטלעכע האָבן געקענט ווערן מיטגלידער, האָט געווירקט ווי אַן עלעקטרישער שטראָם. מחנות־ווייז זענען זיי געקומען! מיט דער צייט זענען אויך אַלע יינגערע עלעמענטן פון דער „סעקציע" אַריבערגעגאַנגען צו אונז, אַזוי אַז דער פאַריין האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אַ באַדייטנדע ראָלע אינם לעבן פון דער טאַרנער אַרבעטער־יוגנט.

נאָך אין דעמזעלבן יאָר בין איך געפאָרן קיין קראָקע, אַלס דעלעגאַט צו דער ציוניסטישער דיסטריקט־(געגנט)־קאָנפערענץ און שפּעטער (שבועות 1904) צו אונזער ערשטן פאַרבאַנדס־טאָג. מיר האָבן געצאָלט שקלים, געזאַמלט פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד, געצאָלט אין אונזער פאַרבאַנד דעם מיטגלידס־אָפּצאָל און בכלל זיך באַטייליקט אין אַלע פּאָליטישע אַקציעס פון יענער צייט, כאָטש דער פאַריין איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פון יוגנטלעכע אינם עלטער פון 14 ביז 18 יאָר. דער פּאָליטישער כאַראַקטער פון פאַריין איז געווען אַזוי בולט, אַז אין די יאָרן 1905־1906, ווען קיין גאַליציע איז פון רוסלאַנד פאַרשלעפּט געוואָרן דער ס. ס'־יזם, האָבן די ס. ס. געהאַט אין טאָרנע די שטאַרקסטע גרופּע.

צוביסלעך האָט אָבער דער פאַריין פאַרלוירן זיין אייגנטלעכן כאַראַקטער אַלס יוגנט־פאַריין און איז געוואָרן אַלץ מער אַן אָרגאַניזאַציע פאַר עלטערע. צו־

זאַמען מיטן „אונטערוואַקסן" פון די מיטגלידער, איז דער פאַריין בכלל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עלטערער פועלי-ציון-אָרגאַניזאַציע, אַזוי אַז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט מען דאָרט געמוזט גרינדן אַ באַזונדערע יוגנט-אָרגאַניזאַציע, שוין אונטערן נאָמען „יוגנט". ס'בלייבט אָבער אַ געשיכטלעכער פאַקט, אַז דער ערשטער פאַריין אין עסטרייך מיטן נאָמען „פועלי-ציון" איז געווען די טאַרנאָווער יוגנט-אָרגאַניזאַציע.

י. ק.

# די גרינדונגס־צייט אין קרעמענטשוג.

דאָס איז געווען אין יאָר 1904. צו יענער צייט האָט בא אונז אין קרעמענטשוג, א שטאָט מיט א גרויסן יידישן פּראָלעטאַריאַט, שוין עקזיסטירט אן אָרגאַניזאַציע פון ס. ד. אָדער „איסקראָוועצעס", ווי מ'האָט זיי דאַן גערופן צוליב זייער צענטראַל־אָרגאַן „איסקרא" (א פונק), פון בונד און פּועלי־ציון. ס'האָבן עקזיסטירט א גאַנצע ריי אַלגעמיי־נע ציוניסטישע קרייזלעך און קרייזלעך פון שילער און סטודירנדע. צו אַזא קרייזל פון די שילער און סטודירנדע האָט געהערט אויך דער שרייבער פון די שורות. זומער 1904 האָט אונזער שטאָט באַזוכט דר' באָגראַטשאָוו און אונז אָרגאַניזירט אין נאָמען פון די „נעאָ־בילויצעס". בא 40 פון אונז האָבן זיך פאַרפליכטעט אויפן ערשטן רוף אַרי־בערצופאָרן קיין א"י. באָגראַטשאָוו איז אַוועקגעפאָרן קיין א"י, און פא אונז האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דאָס זוכעניש. די אָפטע דיסקוסיעס, וואָס האָבן זיך געפירט צווישן אונז מיט די פּוע"צ פון איין זייט און מיט די „איסקראָוועצעס" און בונד פון דער אַנ־דערער זייט, האָבן אַרויסגערוקט א סך פראַגן, וועלכע האָבן געפאָדערט א תשובה צוגלייך מיט דער פראַגע, וואָס איז דאַן צומייסטן דעבאַטירט געוואָרן — פּאַלעסטינע אָדער אוגאַנדע.

איינס איז געווען קלאָר, אַז ס'איז נישט פאַר אונז צו גיין צוזאַמען מיט די באַלעבאַטישע ציוניסטן. ליטעראַטור איז דאַן געווען גאַנץ ווייניק. מער — „תורה שבעל פה" און יעדע גרעסערע שטאָט האָט געשאַפן איר „טאָלק". מיר האָבן אָנגעקניפּט פאַרבינדונגען מיט דער „דעמאָקראַטישער פראַקציע", מיט די „מינטשוקעס" (אַרבעטער־

ציוניסטן, וואָס האָבן נישט אָנערקענט דעם פּאָליטישן קאַמף) און אָנגעהויבן זיך אַלץ מער דערנענטערן צום פּועלי־ציוניזם, הגם ס'איז נאָך נישט געווען צווישן אונז קיין איין פּועלי־ציוניסט. אייניקע פון די אַקטיווע ... אייגנציקווייז האָבן אונזערע אָנגעהויבן פאַרלאָזן דעם קרייז, וועלכער האָט שוין געציילט אַ 150 מיטגלידער, און אַריינצוטרעטן צו די פּועלי־ציון. עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז אָט־אָט שליסן מיר זיך איינגאַנצן אָן אָן דער פּוע"צ־אָרגאַניזאַציע. ווען מיטאַמאָל איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז פּוע"צ זענען אַלע געוואָרן „אוגאַנדיסטן". אַזוי האָט דערקלערט דער צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן ס. ס. (ציוניסטן־סאָציאַליסטן).

דאָס פעלן פון אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן צוזאַמענבונד צווישן די פאַרשידענע איינצלנע גרופּעס האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן אָרגאַניזאַציאָנעל און טעאָרעטיש. און די פרייד פון די שוין אָנגעשלאָסענע אין דער באַוועגונג איז געווען אומגעהייער גרויס, ווען מ'האָט זיך דערוואוסט, אַז ס'איז שוין ענדלעך געשאַפן געוואָרן אַ פאַרייניקטע פּאַרטיי מיט אַן אייגענעם צענטראַל־קאָמיטעט. דער אָרגאַניזאַציאָנעלער מאָמענט האָט אינם יו"ט שטאַרק געווירקט, ווייניקסטנס אין אונזער שטאָט. אויף אַ גרויסער פייערלעכער מאַסן־פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אויף אַ דניעפּער־אינזל הינטער דער שטאָט, ווען אַ „צעקיסט" האָט איבערגעגעבן די באַשלוסן פונם צוזאַמענפאָר, האָבן זיך נישט געפונען קיין פּראָטעסטאַנטן; אַלע האָבן אָנגענומען די באַשלוסן פונם צוזאַמענפאָר רעכט און ס'איז דערקלערט געוואָרן די עקזיסטענץ פון דער נייער סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישער פּאַרטיי. פּאַלעסטינע איז אַ קלייניגקייט-... אַ קליינבירגערלעכע אויסטראַכטעניש און איז דעריבער פּסול.

אין אונזער קרייז, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין חקרנען און פירן דיסקוסיעס, איז די ידיעה אויפגענומען געוואָרן נישט אַזוי קריטיקלאָז. מ'האָט נאָך געקעמפט. ס'האָבן זיך אויסגעבילדעט גרופּן. אונזער קרייז, וועלכער איז געווען נאָענט צו דער דעמאָלט זייער פאַרשפּרייטער אויף דרום־רוסלאַנד „מאָלאָדאַיאַ יודעאַ", האָט צווישן אַנדערע באַזוכט אַ טוער פון דער „מאָלאָדאַיאַ יודעאַ" (יונג־יהודה), סיוניאַ קאַלוזשסקי (איצט אין א"י — אינזש. י. קאַלוזשסקי). ער האָט שטודירט אין פּאָלטאַווע און ווען ער פלעגט צו אונז קומען אויף די פעריען, פלעגט ער האַלטן באַ אונז אָפטע פאָרלעזונגען. אין פּאָלטאַווע איז ער שוין אָנגעשטעקט געוואָרן מיטן מאַרקסיסטישן פּועלי־ציוניזם.

ווי דערמאָנט, האָבן זיך באַ אונז אַ ל ע פּוע"צ דערקלערט אַלס טעריטאָריאַליסטן. איינער נאָר, אַן אַרבעטער, י ש ר א ל כ ר אָ נ אָ וו י ט ש, אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער סכאָדקע (דער לייטנדער אָרגאַן פון דער אָרגאַניזאַציע — עפּעס ענלעכס צו די איצטיקע קאָלעקטיוון) האָט זיך אָן דער נייער פּאַרטיי נישט אָנגעשלאָסן און איז אַרויסגעטרעטן. אַלע האָבן געזוכט מיט אים זיך צוזאַמענטרעפן, רעדן, באַקומען אויפקלערונגען; ער האָט אָבער נישט באַוויזן צו באַפרידיקן קיינעם.

די פּאָלטאַווער האָבן אָבער הפּנים „דערשמעקט", וואָס באַ אונז קומט פאָר, און

אין אונזער קרייז, וואָס האָט איינשטימיק זיך אָפּגעזאָגט פון די מינטשוקעס, אַלס קעגנער פון פּ אָ ל י ט י ש ן קאַמף, האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן „פּועלי־ציוניסטן־פּאַלעסטינצעס“. אָט איז אַמאָל פאַרבייפאָרנדיק אויפגעטרעטן מיט אַ רעפעראַט ע ו ב ד י ה (בן־צבי), אַ פּאָר מאָל איז געקומען מיט רעפעראַטן ז י אַ מ אַ אָ ס ט ר אָ װ ס ק י, אַ בוכבינדער פון מירגאָראָד, וועלכער איז געוואָרן פּאָפּולער צוליב זיין „בונט“ קעגן דעם דעמאָלטיקן ציוניסטישן מורשה (באַפולמעכטיקטן) פון יעליסאַוועטגראַדער ראַיאָן — אינזש. וול. טיאָמקין. די רעפעראַטן פון ז. אָסטראָװסקי האָבן געמאַכט בײַ אונז אַ שטאַרקן רושם אין אַלע סאָציאַליסטישע קרייזן.

צו יענער צייט האָט דער ריינער מאַרקסיזם שוין באַהערשט די גאַנצע שטודירנדע און אַרבעטער־יוגנט. מ'האָט געדאַרפט האָבן פיל דרייסטקייט און בירגערלעכן מוט, כּדי עפנטלעך אויפצוטרעטן נישט אַלס מאַרקסיסט. די ס. ר. זענען שוין געווען אָפּגעשטעמפּלט אַלס קליינבירגער און מיט דערדאָזיקער מאַרקע האָבן זיי שוין אין די שטעט און צווישן דער יידישער שטודירנדער יוגנט קיין גרויסן דערפאָלג נישט געקענט דערגרייכן. די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע גרופּן זענען געווען נאָך טרפה'ער ווי די ס. ר; שאָוויניסטן, סעפּאַראַטיסטן, און מי יודע וואָס... און מיטאַמאָל קומט אַ „רעוואָלוציאָנער“ און וואַגט אַרויסצוטרעטן מיט רעפעראַטן, אין וועלכע ער פּראָפּאַגירט פּאַר... פּאַלעסטיניזם, שטעלט אַוועק אַ גאַנצע ריי פראַגן, וואָס זענען פאַר אַלע מאַרקסיסטן אַזוי „קלאָר“, אונטער אַ פראַגע־צייכן, פירט אויס, לויט וואַנדערוועלדן, וועגן די אידעאַליסטישע מאָמענטן אינם מאַרקסיזם, אָקאָרשט וואָס ער דערעדט זיך נישט צום „מאַרקסיסטישן“ דואַליזם. זיינע רעפעראַטן האָבן אונז געמאַכט פּאָפּולער, די גדולים פון די „איסקראָוועצעס“ האָבן דערפילט אַ געפאַר פאַרן עצם מאַרקסיזם און האָבן אַרויסגעשטעלט זייער אַרטילעריע.

סעניאַ מאירסאָן, וועלכער איז אַ קורצע צייט פאַר דעם געווען אַ ס. ס., לייבקע אומאַנסקי, וויקטאָר זעלעוסקי, י. זשיטאָמירסקי און אַ גאַנצע ריי אַנדערע זענען אַרויסגעטרעטן אויפן 1־טן רעפעראַט גופא און האָבן אָנגעהויבן קומען אויף די פאַרזאַמלונגען פון אונזערע קרייזלעך, וואו די אָנגערירטע פראַגן פלעגן דעבאַטירט ווערן. דער פּאַלעסטינע־מאָמענט איז אָבער נישט פאַרשוווּנדן פון די דיסקוסיעס. צו דעם האָט מיטגעווירקט דאָס, וואָס קיין קרעמ. איז געקומען באָריס ריאַבטשינסקי (דער „קליינער באָריאַ“ ווי מ'פלעגט אים רופן כּדי נישט צו פאַרמישן מיטן גרויסן באָריאַ — באָראָכאָוו). דאָס איז געווען זייער אַ פעיקער יונגער מענטש, מיט פיל וויסן און אַן אויסערגעוויינטלעכן זכּרון, מיט אַן אָריגינעלן אַרט דענקען. ער איז געווען איינער פון באָראָכאָווס נאָענטסטע תּלמידים און האָט די ערשטע צייט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער באַוועגונג. אַלס סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע „יעווריעיסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ“ איז ער געווען פאַרמישט אינם גרויסן פּאָלטאַווער פּראָצעס, ווען ס'איז אין די הענט פון דער פּאָליציי אַריינגעפאַלן אַ גרויסער טייל פונם צ. ק.־אַרכיוו און פון דער קאָרעספּאָנדענץ. ס'איז געלונגען אים אַרויסצוקריגן אויף קויציע און אַריבערטראַנספּאָרטירן קיין אויס־

לאַנד. דערביי איז ער באַגאַנגען אַ דיסציפּלין-בּרוך און פון דעמאָלט אָן אויפגעהערט צו אַרבעטן אין דער פּאַרטיי. איצט איז ער ד״ר פּילאָזאָפיע (וואוינט אין האָלאַנד).

באָריאַ האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די לאַגע און פאַרשטאַנען אויסצונוצן דעם אינטערעס אַרום די רעפעראַטן פון ז. אָסטראָווסקי פאַרן פּועלי-ציוניזם. די דיסקוסיעס אַרום דעם מאַרקסיזם זענען נישט געוואָרן איזאָלירט פונעם פּאַלעסטיניזם און ס'האָט זיך ביסלעכווייז געגומען דורכשלאָגן דורך די מוחות דער סינטעז פון מאַרקסיזם און פּאַלעסטיניזם. דער פירער פון אונזער קרייז, סטודענט ש. לאַנדקאָוו (שפּעטער אַ צאָן-אַרצט אין כאַרקאָוו, אינגאַנצן אַראָפּ פון דער פּאַרטייאישער און געזעלשאַפטלעכער אַרענע), האָט קאַפּיטולירט. זיין אָרט האָבן ביסלעכווייז פאַרנומען ז. שאַכנאָווסקי, יעקב גאָליאַק (אין די קריגס-יאָרן אַ פירנדער טוער באַ די צ. ס. אין רוסלאַנד) און ל. סירקין, אַ העברעאישער לערער. ישראל כראָנאָוויטש איז געוואָרן אונזערער אָן אָפּטער באַזוכער און האָט, ווי ס'שיינט, געפונען ענדלעך זיין תקון. דער באָדן פאַר שאַפן אַ פּוע״צ אָרגאַניזאַציע איז געווען פאָרגעבּרייט סיי פּסיכאָלאָגיש, סיי אָרגאַניזאַציאָנעל. מיר האָבן געהאַט אַ ביסל האַלב-אינטעליגענץ. פון דאָ און דאָרט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות, אַז נישט אַלע פּוע״צ זענען געוואָרן טעריטאָריאַליסטן, אַז יעקאַטערינאָסלאַוו, וואו ס'איז געווען די גרעסטע אָרגאַניזאַציע פון פּוע״צ, האָט זיך אין די ס. ס. נישט אָנגעשלאָסן א. אז. וו.

אין אַ שיינעם העלן טאָג זענען צו באָריאַן געקומען ישראל כראָנאָוויטש מיט באָריאַס אַ שול-חבר, צו יענער צייט שוין אַ פּאָרזיצער פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, און דערקלערט זיך פאַר אַ פּועלי-ציון. ער האָט אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון אייניקע און דרייסיק חברים, אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, און וויל זיי איצט אָנשליסן אָן דער פּוע״צ-אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען ק ל מ ן (קלמן אַרנעלי, איצט אַ צאָן-אַרצט אין א״י). קיין פּוע״צ אָרגאַניזאַציע האָט נאָך אפילו נישט עקזיסטירט, אָבער באָריאַ האָט „געהאַלטן פּאַסאָן״. ער האָט זיי אויסגעהערט, פאַרלאַנגט צו טרעפן זיך מיט דער גרופּע און נאָכדעם, ווי ער וועט זיך מיט די חברים באַקענען, וועט מען זיי צולאָזן אויף אַ „מאַסוווקע״. דערווייל האָט באָריאַ אָנגעהויבן פאָרצובערייטן אַן איבערקערעניש אין אונזער קרייז.

די איבערקערעניש האָט געזאָלט פאָרקומען אויף אַ „רעוואָלוציאָנערן״ אופן. דער קאָמיטעט, צו וועלכן ס'האָבן געהערט ז. שאַכנאָווסקי, לאַנדקאָוו, גאָליאַק, דער שרייבער פון די שורות און ש. שולמאַן, אַ ברודער פון קלמנען, האָבן געזאָלט דערקלערן דעם קרייז פאַר אַ פּוע״צ און איבערגעבן זיין פאַרמעגן, אַ ביסל געלט, אַ רייכע ביבליאָטעק א. א. וו. דער פּוע״צ אָרגאַניזאַציע. די, וואָס וועלן נישט זיין מסכּים, זאָלן אַרויסטרעטן פונעם קרייז. שאַכנאָווסקי האָט באַלד מסכּים געווען צו דעם פּלאַן. שפּעטער אַ ביסל — גאָליאַק. ווייטער אָבער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. דער שרייבער פון די שורות, באַ וועמען ס'איז געווען די רייכע ביבליאָטעק פון 700—800 ביכער, האָט זי נישט געוואָלט אַרויסגעבן. שולמאַן האָט נישט געגעבן די קאַסע.

ס'איז געקומען צו אינערלעכע קאַמפן, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן אַ פּאָר וואָכן. גאָר בשעת די יאָ=זאָגער האָבן געהאַט אַ ציל פאַר זיך און אַ אידעע, האָבן די ניין=זאָגער נישט געהאַט פאַר וואָס צו קעמפן און זיי האָבן דעם קאַמף געמוזט אויפגעבן. די „רעוואָלוציאָנערן" האָבן געזיגט און אָט האָט זיך קלמן דערוואוּסט, אַז ער קען שוין „לעגאַל" קומען אויף אונזער „קוואַרטיר".

די מעשה מיט דער קוואַרטיר איז ווערט דערמאָנט צו ווערן. די קוואַרטיר איז געווען אויפן נאָמען פון קלמנס ברודער, ד. ה. ער האָט פיגורירט אַלס קוואַרטיראַנט פון דער וואוינונג. די באַלעבאָסטע פון דער דירה פלעגט נישט קענען אונטערשיידן צווישן אים און קלמנען, וועלכע זענען געווען זייער ענלעך צו זיך לויטן אויסזען, און ווען ער פלעגט זיך דערוויסן, אַז דאָס צימער איז פריי און מיר וועלן זיך נישט צונויפקומען, פלעגט ער קומען און איינאָרדנען דאָרט זיינס אַ פאַרזאַמלונג. אַז מ'האָט פאַרגעוואָרפן דער באַלעבאָסטע, הלמאי זי לאָזט אַריין „פרעמדע", פלעגט זי אויסשטעלן גרויסע אויגן — „כ'וואָלט שווערן, אַז דאָס זענט איר געווען".

אַלזאָ, דער קאָמיטעט פונם קרייז האָט זיך דערקלערט פאַר פּוע"צ. מ'האָט באַלד צוזאַמענגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונם קרייז און ס'האָט זיך אָנגעהויבן... קיין אייגנטלעכע „קעגנער", אין פולן זין פון וואָרט, האָבן מיר נישט געהאַט, אַ חוץ לאַנדקאָוון, וועלכער האָט זיך נאָך געטראָגן מיט פלענער וועגן אַ צוזאַמענפאָר פון דער „דעמאָקראַטישער פראַקציע". ס'איז אָבער געווען אַ גאַנץ באַדייטנדע צאָל אַזעלכע, וואָס זענען נאָך נישט געווען דעצידירט און ס'איז אונדז שטאַרק געלעגן, זיי נישט צו פאַרלירן. דידאָזיקע אַרבעט האָט אויף זיך גענומען באַריאַ און ער האָט זי גלענצנד אַדורכגעפירט. ס'האָט געדויערט אַ פּאָר וואָכן, און לאַנדקאָוו האָט זיך אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג דערקלערט פאַר אַ פּוע"צ. דאָס איז געווען דער לעצטער פון די אָנפירער, און נאָך זיין דעקלאַראַציע האָט שוין דער ערשטער קאָמיטעט (נאָך נישט קיין געוויילטער) באַשלאָסן אַרויסצולאָזן אַ ביולעטין וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ פּוע"צ־אָרגאַניזאַציע אין קרעמענטשוג.

צו דעם האָט אונדז צוגעהאָלפן אַ צופאַל. צו יענער צייט פלעגן פאָרקומען אָפטע מיטינגען און פאַרזאַמלונגען אויף די שול=הויפן. די מיטינגען פלעגן די נאַציאָנאַל=סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אויסנוצן פאַר פראָפּאַגאַנדירן די יידישע זעלבסט=שוץ, אַ לאָזונג, וואָס איז געוואָרן זייער פּאָפּולער אין די יידישע קרייזן, און וואָס קעגן אים האָט מען שטאַרק אָנגעהויבן אַרויסטרעטן אין די קרייזן פון „איסק"אַ" און בונד. איינמאָל, אויף אַזאַ גרויסן מיטינג פון אייניקע טויזנט מאַן האָט באַקומען דאָס וואָרט באַריאַ. אין דרום=רוסלאַנד איז די אינטעליגענץ פון אַלע פּאַרטייאישע גרופּן געווען שטאַרק אַסימילירט, האָט מען גערעדט רוסיש, הגם די יידישע אַרבעטער האָבן נאַטירלעך בעסער פאַרשטאַנען יידיש, און אַנדערע האָבן קיין רוסיש גאָר נישט פאַרשטאַנען. מיר זענען געווען אין דער גליקלעכער לאַגע, וואָס באַריאַ האָט גוט געקענט יידיש און ער האָט דאָס אויסגענוצט. ער איז גלייך אַריבער אויף יידיש, דערקלערנדיק, אַז ער רעדט אין נאָמען

פון פוע״צ אָרגאַניזאַציע. דער ברייטער עולם האָט אים זייער וואַרים אויפגענומען, דאַ־קעגן די פירער פונם מיטינג האָט עס נישט געשמעקט צוליב 2 טעמים: ס׳רעדט אַ פוע״צ, וועלכער נוצט אויס אַזאַ גרויסן מיטינג צו פּראָקלאַמירן אַ נייע אָרגאַניזאַציע און דערצו רעדט ער נאָך י י ד י ש. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ טומל און די איסקראָווצעס מיט די בונדאָווצעס האָבן אים נישט געלאָזט רעדן. מ׳האָט דעם רעדנער אַראָפּגע־שטויסן פון פענסטער פונם צווייטן שטאָק, וואו ער האָט גערעדט, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. אַלע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע און אומפּאַרטייאישע האָבן געהאַלטן פאַר אים און ער, באָריאַ, אַ פלאַמענדיקער רעדנער, האָט באַהערשט דעם עולם. און ווען די איינאָרדנער האָבן, נישט קענענדיק אים בייקומען, געפּרוּווט שפּאַלטן דעם מיטינג אויפן שול־הויף, איז בײַ אונז געבליבן דער גרעסטער ט י י ל. מיר האָבן געפייערט דעם ערשטן זיג.

באַלד נאָכדעם, אין מאַי 1905, איז דערשינען דער ערשטער ביולעטין פון דער קרעמענטשוגער אָרגאַניזאַציע פון די פוע״צ, וואו ס׳איז שטאַרק געטאַדלט געוואָרן דער „בונד״ פאַר זיין האַלטונג לגבי יידיש אויפן מיטינג. אויף דער „בערזע״ פון די פּועלי־ציון איז געוואָרן לעבעדיק, דער שאַרפער טאָן פונם ביולעטין איז געווען אַ נייעס. מ׳האָט נאָך נישט גערעדט בײַ אונז אַזוי און דער טאָן האָט אַרויסגערופן פיל בייז בלוט. אויף דער בערזע האָט געקאָכט.

מ׳האָט אָנגעהויבן די אייגנטלעכע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט. ס׳זענען פעסטגע־שטעלט געוואָרן גרופּן, ס׳איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ „טעאָרעטישע״ גרופּע, וואָס פון אירע מיטגלידער האָט יעדערער אָנגעפירט מיט אַ קרייזל, און ס׳איז איינגעשטעלט גע־וואָרן דער אַפּאַראַט. צו דער ערשטער טעאָרעטישער גרופּע, וועלכע האָט שפּעטער פיל געלייסטעט פאַרן ראַיאָן, האָבן געהערט: שמואל לאַנדקאָוו, ס. קאַלושסקי, י. רעזני־קאָוו, קלמן, ש. שולמאַן, חיים האַלבערשטאַט, ל. קאָרפּעל, מ. וואָלוואָווסקי, ז. שאַכנאָוו־סקי, י. גאָליאַק, ניוסיאַ ראָזענבערג, זשעניאַ טשוקינאַ (ביידע גימנאַזיסטקעס) און דער שרייבער פון די שורות. צו יענער צייט האָט בײַ אונז אין שטאָט זיך אָרגאַניזירט אַ טורן־און ספּאָרט־גרופּע. איינער פון די פירער פון דערדאָזיקער גרופּע ל. קאָרפּעל איז צוגעצויגן געוואָרן צום זעלבסטשוץ־קאָמיטעט, וועלכן ס׳האָט אָרגאַניזירט ד״ר טאַ־באָריסקי (דעמאָלט מיט שטאַרקע סימפּאַטיעס פאַרן בונד, איצט אין א״י), וועלכער האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין שטאָט און פיל מיטגעהאָלפן דעם בונד קעגן אונז. דורך קאָרפּעלן, וועלכן מ׳האָט אינם קאָמיטעט פאַר קיין פוע״צ נישט געקענט, איז אויפגעהויבן געוואָרן די פראַגע וועגן צוציען אונז צו דער אָרגאַניזאַציע. און הגם די ס. ס. זענען געווען קעגן דעם, איז באַשלאָסן געוואָרן אונז איינצולאַדן.

אַלס ערשטע אָרגאַניזאַציאָנס־אויפגאַבע האָבן מיר זיך געשטעלט אַרייננדרינגען אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אַזעלכע זענען געווען בײַ אונז זייער ווייניק, אָבער מ׳האָט שוין געהאַלטן אין אָרגאַניזירן נייע. אַ גרויסער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין איז בײַ אונז געווען פון טאַבאַק־אַרבעטער. דאָ האָבן געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס די „איסקראָווי־

צעס" און ס'האָבן אָנגעהויבן באַקומען אַן איינפלוס די ס. ס. ס'האָבן זיך שוין געהאַט אָרגאַניזירט די שניידער און די אָנגעשטעלטע און אין קיין איינעם פון די האָבן מיר קיין צוטריט נישט געהאַט. אַ גרויסן פראָפ. פאַריין פון אָנגעשטעלטע-געהילפער האָט אָרגאַניזירט קלמן נאָך אין יענע צייטן, ווען ער האָט געשוועבט צווישן „איסקראַ" און פּאַלעסטינע. די איסקראָווצעס האָבן גערעכנט, אַז זיי האָבן אַ שטאַרקן איינפלוס אויף קלמנען, האָבן זיי אים מיטגעהאָלפן צו אָרגאַניזירן דעם פאַריין און אָפּגעהיט, אַז קיין „געפערלעכע" זאָלן אַהין נישט אַריין. קלמן איז געווען פאָרזיצער און צו זיין קאָמפּעטענץ האָט געהערט איינצולאַדן פּערזאָנען „וואָס זענען באַקענט מיט די אויפגאַבן פון די פּראָפ. געזעלשאַפטן". אַ פּאָר פון אונזערע חברים זענען פון עקסטערנען געוואָרן אָנגעשטעלטע-געהילפער און דער „באַהאַוונטער אין פּראָפעסיאָנעלע ענינים" איז שוין אָנשטאָט אַן איסקראָוויעץ געווערן אַ פּוע"צ. מיט דער צייט זענען אייניקע פּאַרוואַלטונגס-מיטגלידער געוואָרן פּוע"צ און דער פאַריין איז געוואָרן אונזערע אַ פעסטונג.

די אָנגעשטעלטע זענען אָבער געשטאַנען אונטער אַ פראַגע-צייכן בנוגע זייער „פּראָלעטאַרישקייט". האָט מען געדאַרפט באַקומען „אמתע פּראָלעטאַריער". אַזוי ווי מיר האָבן געהאַט אַ פּאָר פּאַרמאַצעווטן, האָבן מיר זיך פאַרלייגט צו גרינדן אַ פאַרמאַצעווטן-פאַריין. דאָס איז אונז געלונגען אַזוי ווייט, אַז אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָבן מיר אין אונזער האַנט געהאַט די קרייז-פאַרוואַלטונג פון פּאָלטאַווע-כאַרקאָווער ראַיאָן, פון 5 מיטגלידער זענען 3 געווען פּועלי-ציון: דער שרייבער פון די שורות, לעוו סרעדניקאָוו און לעוו (דאַכט זיך, אַוּוערבוך),ביידע פון פּאָלטאַווע. מיר האָבן זיך שוין אפילו אָנגעהויבן פאַרמעסטן אויף דער צענטראַלע, אָבער דאָ איז אַוּוערבוך אַוועקגעפאָרן קיין א"י, איך בין געוואָרן אַרעסטירט, דער צענטראַלער פאַריין איז געשלאָסן געוואָרן דורך דער מאַכט און אונזער קאָנצענטרירטער אָנגריף האָט געפּלאַצט. מיר קערן זיך אום צו קרעמענטשוג. דער פאַריין איז געגרינדעט געוואָרן און אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג איז נישט אַריין קיין פּוע"צ. ס'האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און אין דער פאַרוואַלטונג זענען פון 5 געווען 3 פּוע"צ און 2 אומפּאַרטייאישע. אינגאַנצן האָבן מיר אין פאַריין געהאַט אַ 8—7 חברים, אָבער די רעפּרעזענטאַנץ אויף אויסן איז פעסט געלעגן אין אונזערע הענט. אַ טיכטיקע מיטהילף האָבן מיר באַקומען פונם נעאָפיט הענריק הובערמאַן, (שפּעטער געהאַט אין כאַרקאָוו אַ שול פאָרצוברייטן פאַרמאַצעווטן צום אוניווערזיטעט-עקזאַמען).

די צייט איז געוואָרן שטורמישער, פון דאָ און דאָרט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן פּויערן-אומרוען, דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געוואָרן ברויזנדער, די „בערזעס" זענען געוואָרן אַלץ לעבעדיקער און פולער. מיר זענען שוין פאַררעכנט צווישן די אָנערקענטע אָרגאַניזאַציעס. מ'האָט זיך גענומען גרייטן צו דער ערשטער קאָנפערענץ פון פּאָלטאַווער ראַיאָן. ס'איז געוואָרן לעבעדיק אין די אַרומיקע שטעטלעך, וואו עס זענען געווען אָרגאַניזאַציעס און גרופּן, מיט וועלכע מיר זענען געשטאַנען אין אַ קאָנטאַקט. אין פּרילוקי איז די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט מיטן פּראָ-

פעסיאָנעלן פאַריין פון די טאַבאַק־אַרבעטער געווען אונטער אונזער איינפלוס. אין מיר־גאָראָד, דער „מלוכה“ פון זיאַמאַ אָסטראָווסקי איז אויסגעוואַקסן אַ פּועלי־ציון־אָרגאַני־זאַציע, וואָס האָט אָבער איינגעזאַפּט טיילווייז זיאַמעס „אפּיקורסות“, אין כאָראָל, קאָנס־טאַנטינאָגראַד, פּיריאַטין, קאָבעליאַקי זענען אויסגעוואַקסן אָרגאַניזאַציעס און מ׳האָט שוין דערציילט מעשיות וועגן פאַרשידענע פירער אונזערע. פלטיאל (גרינשפּאָן), אַ לע־רער, אַ שוואַכער רעדנער, נאָר אַ מענטש מיט זייער פיל וויסן, האָט באַ זיך אין שטעטל די גאַנצע אינטעליגענץ און צווישן זיי פיל „איסקראָוויצעס“ מגייר געווען אויף פּוע״צ. ראַפאל (ש. קעפּאַל יאַנסקי, איצט אַ העברעישער לערער אין לאָדזשער העבר. גימנאַזיום), אַ לערער אין קאָנסטאַנטינאָגראַד, אַ פלאַמענדיקער רעדנער, וואָס קען רעדן יידיש, פאָרט אַרום מיט רעפעראַטן און האָט אַ שטורמישן דערפאָלג. אין פּאָלטאַווע גופא האָט זיך אויסגעבילדעט אַ קרייז פאַרטיי־טוער, וועגן וועלכע מ׳האָט פיל גערעדט, נאָר מ׳האָט זיי נאָך באַ אונז נישט געהערט און געזען: ע ו ב ד י ה, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט שוין געענדיקט גימנאַזיע. ד נ י א ל (נ. אַסאַרקאַן, איצט אַן אָנגעזעענער טוער באַ די רוסישע פּועלי־ציון), ז ר ב ב ל. אונזער אייגענער עולם איז שוין אַ ביסל אונטערגעוואַקסן און אָנגעהויבן אַרויספאָרן אין די נאָענטע שטעט־לעך „אויף וואַיאַזש“. הקצור, סיי אָרגאַניזאַציאָנעל, סיי טעאָרעטיש איז ברייטיק אַ קאָנ־פערענץ, און צו דערדאָזיקער קאָנפערענץ, אויף וועלכער ס׳וועט וואַרשיינלעך אויך אָנ־וועזנד זיין באָראָכאָוו, האָט מען זיך אָנגעהייבן גרייטן. געוואוסט וועגן איר האָט, נאַ־טירלעך, נאָר אַן ענגער קרייז: דער קאָמיטעט (צו יענער צייט שוין געוויילט דורך דער צענטראַלער סכאָדקע, וועלכע איז באַשטאַנען פון די גרופּן־פאַרטרעטער) און די „טעאָרעטישע“ גרופּע.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען, אָבער די רעזאָלוציעס האָבן מיר באַלד נישט באַקומען. ס׳איז אויסגעבראָכן דער גרויסער אייזנבאַן־שטרייק, און מיר זענען אָפּגע־שניטן געוואָרן פון אונזער צענטער — אָן די דירעקטיוון און אָן דעם פירער, וועלכער איז פאַרבליבן אין פּאָלטאַווע. אָבער מיר האָבן זיך נישט פאַרלוירן און געפירט אונזער אַרבעט ווייטער און מיט דער צייט אויסגעוואַקסן צו איינער פון די באַדייטנסטע אָר־גאַניזאַציעס אין דער פּאַרטיי, וועלכע האָט נישט איבערגעריסן איר טעטיקייט אין די צייטן פון דער שווערסטער צאַרישער רעאַקציע, בעת ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ איז אויף יאָרן לאַנג פאַרלוירן.

---

נאָך אַ פּאָר שטריכן פון יענער אומרויקער צייט... וועגן פּאָגראָמען און זעלבסט־שוץ.

ס׳איז געקומען דער 17 אָקטאָבער מיטן מאַניפעסט וועגן די פרייהייטן. אין אָוונט איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ מיטינג אין זאַל פון דער ערשט אויסגעבויטער שטאָטישער „אוידיטאָריע“ אויפן נאָמען פונם דיכטער פּושקין. צו דעם מיטינג האָט מען

אונז נישט איינגעלאַדן, אָבער פאַר אונזער פּאַרטיי־פּרעסטיזש איז עס געווען וויכטיק, אַז אונזערער אַ חבר זאָל דאָרט אויפטרעטן. אַ שעה פאַרן אָנהייב פונעם מיטינג זענען שוין אַלע טירן געווען געשלאָסן און אַ המון פון טויזנטער מענטשן האָט באַלאַגערט דעם פּלאַץ אַרום דער „אודיטאָריע". דער מיטינג איז אָבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שחיטה.

באַלד ווי דער פּאָרזיצער האָט געעפנט דעם מיטינג און געגעבן דאָס וואָרט דעם ערשטן רעדנער, זענען אין זאַל אַריינגעקומען דער פּאָליצמייסטער א י וו אַ נ אָ וו און דער „באַקאַנטער" מ אַ ק ס י מ אָ וו (אַ גאָראָדאָוואָי, וואָס האָט אויסגעפירט פונקציעס אויך פון אַ געהיים־אַגענט און וואָס פאַר אים האָבן אַלע געציטערט), ביידע מיט רעוואָלווערן אין די הענט און הינטער זיי אַ גרופּע פּאָליציאַנטן מיט קאָזאַקן. דער פּאָליצמייסטער האָט אויפגעפּאָדערט זיך פונאַנדערצוגיין. מ'האָט אים נאַטירלעך נישט בעהערט און דער רעדנער האָט גערעדט ווייטער. דאַן האָט איוואַנאָוו געגעבן דעם ערשטן שאָס, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן... די פרידלעכע באַפעלקערונג, וועלכע האָט אין איר נאַיוויטעט געגלייבט, אַז ס'איז שוין — „קאָנסטיטוציע" אין רוסלאַנד, איז דערשראָקן און צעטומלט געוואָרן. די ווילדע קאָזאַקן האָבן זיך אַ לאָז געטון מיט די רעוואָלווערן און שווערדן אויף די שוצלאָזע. ס'איז אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע מהומה, מענטשן זענען געשפּרונגען פון 2 שטאָק אויף דער גאַס אַרויס און דאָרט האָבן פּאָליציאַנטן און קאָזאַקן געשלאָגן מיט נאַהאַיקעס. דער מיטינג איז פונאַנדערגעטריבן געוואָרן און ס'זענען אין זאַל געבליבן 2 געהרגעטע. די פאַרוואונדעטע האָט מען צוגענומען, כדי זיי נישט איבערלאָזן אין די הענט פון דער פּאָליציי. צווישן די פאַרוואונדעטע איז געווען אויך אונזער ביוסיאַ ראָזענבערג. זי מיט נאָך 2 חברים האָבן אונטערהאַנדלט מיטן פּרעזידיום פונעם מיטינג וועגן צולאָזן אונזערס אַ רעדנער און אַזוי איז זי מיט אַ קאָזאַצקער שווערד פאַרוואונדעט געוואָרן אין קאָפּ. אַ פאַרחלשטע, באַגאָסן מיט בלוט, האָט מען זי אַרויסגעטראָגן און אָפּגעפירט אין „יידישן שפּיטאָל" אויף דער יידישער (פּאַוולאָווסקאַיאַ) גאַס.

אונזער „צענטראַלע סכאָדקע" האָט זיך נאָך אינם זעלבן אָוונט צוזאַמענגעקליבן אויף אַ באַראַטונג. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן שטעלן אויף די פיס די „סאַמאָאָבאָראָנע" (זעלבסט־שוץ), ווייל ס'איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז נאָך אַזאַ נאַכט אין דער אודיטאָריע וועט די פּאָליציי אָרגאַניזירן אַ פּאָגראָם. מ'האָט אָבער נישט גערעכנט, אַז ס'וועט פאָרקומען אַזוי שנעל...

די זיצונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אינם דיזשור־צימער פון אַ פאַרמאַצעווט, אונזערס אַ חבר. ווען מיר זענען אַרויס אין גאַס, שוין אַרום 11 אַ זייגער, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ סצענקע, ווי אַ גרופּע יידישע יונגעלייט מיט שטעקנס אין די הענט האָבן פאַריאָגט אַ פּאַטרול פון אַ צוויי צענדליק קאָזאַקן. ראַובטשיק באַרטנאָווסקי (אַ זעלטן העלדישער און אומדערשראָקענער יונגערמאַן פון אַ יאָר 20, מיט אַ צייט שפּעטער געכאַפּט בײַ אַן אַנאַרכיסטישן אָנפאַל אין אָדעס, פאַרמשפּט צו טויט־שטראָף

און איז געהאַנגען געוואָרן) האָט געשריגן: „סקאָרעי, באָמבו פּאָדאַוואַי סיודאַ“ (שנעלער, דערלאַנג אַהער די באָמבע!) און די קאָזאַקן אויף די קירגיזער פערדלעך זענען געפלויגן מיט אַ גאַלאָפּ, אַז פונקען האָבן זיך געוויזן פון אונטער די פערדישע קאָפּיטעס.

מיר זענען געוואָרן רויקער. אויב מ׳קען קאָזאַקן פאַרטרייבן נאָר מיט אַ געשריי „דערלאַנג אַהער די באָמבע“, איז נאָך נישט אַזוי שלעכט. מ׳דאַרף אָבער זען צו שאַפן פאַר אונז אַ פּאָר ווירקלעכע באָמבעס. און ס׳איז בײַ אונז געבליבן, אַז מיטן נאָענטסטן „קאָנקורענץ־פּאַראַכאָד“ פאָרט אַרויס אונזערס אַ שליח קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, כּדי צו ברענגען פאַר אונז געווער און באָמבעס.

צווישן קיעוו און יעקאַטערינאָסלאַוו גייט איבערן דניעפּר אַ שטענדיקע לעבהאַפטע קאָמוניקאַציע אויף דאַמף־שיפן — פּאַראַכאָדן. די פּאַראַכאָדן זענען געווען פּריוואַטע און האָבן געהערט צו עטלעכע געזעלשאַפטן אָדער אפילו פּריוואַט־פּערזאָנען. צוויי מאָל אין וואָך פלעגן פון קרעמענטשוג, וואָס ליגט אויפן מיטן וועג פון קיעוו און יעקאַטערינאָסלאַוו, אָפּגיין פּאַראָכאָדן, וועלכע פלעגן אָננעמען 3־טע און 4־טע קלאַס־פּאַסאַזשירן צו קאָנקורענץ־פּרייזן: אָנשטאָט 1 רובל מיט 20 קאָפּ. פלעגט מען נעמען פון אַ פּאַסאַזשיר 20, 15 און אַמאָל אפילו 10 קאָפּ. נאַטירלעך, אַז דערפאַר פלעגט מען אָנקאַפּן 5, 6 און אפשר 10 מאָל מער מענטשן, ווי די שיף האָט דאָס געטון בײַ נאָרמאַלע פּרייזן. די רייזע, וועלכע דויערט פון קרעמענטשוג ביז יעקאַטערינאָסלאַוו אַן ערך 18־20 שעה, איז געווען אַן אָפּקומעניש; אָבער די ביליקייט און די נויטיקייט אין קאָמוניקאַציע האָט געטון אירס, און דידאָזיקע פּאַראַכאָדן פלעגן שטענדיק זיין איבערפולט.

מיט אַזאַ פּאַראַכאָד, האָבן מיר באַשלאָסן, דאַרף פאָרן אונזער שליח, כּדי נישט ציען אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט און בעסער קענען אַדורכפירן דעם „טראַנספּאָרט“. אָבער מיר האָבן זיך פאַררעכנט; מיר האָבן גאָר נישט געקענט פּאָרויסזען, אַז דער פּאָגראָם וועט אויסברעכן אַזוי שנעל און וועט זיין אַזוי גרויזאַם.

דעם 18־טן אינדערפרי האָט זיך אָנטקעגן דער שטאָט־דומע געזאַמלט אַ המון פאַרדעכטיקע פּאַרשוינען, דער המון האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און די שטימונג בײַ דער יידישער באַפעלקערונג איז געוואָרן אַלץ געדריקטער. מ׳האָט געזען ווי מישטשענקאָס וויין־געשעפט קעגנאיבער דער דומע איז געוואָרן דער צענטער־שטאַב פונם המון. מישטשענקאָ, אַ גוי, וואָס אויף יידישן פּסח פלעגט ער עפענען אַ קעלער און האַלטן אַ ספּעציעלן יידישן אָנגעשטעלטן צו פאַרקויפן יי״ש פאַר יידן, אָט דערזעלבער מישטשענקאָ צוזאַמען מיט נאָך אייניקע אַלטע רויקע תּושבים פון שטאָט זענען געוואָרן די אָנפירער פונם יידישן פּאָגראָם.

דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן לויטן באַשטימטן נוסח. פון דער שטאָט־דומע האָט מען אַרויסגעטראָגן דעם צאַרס פּאָרטרעט און דער המון האָט זיך געלאָזט גיין אין אַ מאַניפעסטאַציע. אין אַ פּאָר מינוט איז שוין געווען פון פאָרנט דער מאַניפעסטאַציע

דער אָרקעסטער פֿון די קאַזאַקן, וועלכער האָט געשפּילט „באָזשע צאַריאַ כראַני”. אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט דער זעלבער אָרקעסטער געשפּילט אַ „האָפּאַק” און הינטער אים האָט מען שוין צעקלאַפּט אַ יובעליר־געשעפֿט אויף יעקאַטערינינסקאַ (די הויפּט־גאַס) און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די וואַקכאַנאַליע. . . די זעלבסטשוץ האָט געאַרבעט. זי האָט דעם המון אויף דער פּאָוואָלאָווסקאַיאַ (די יידישע גאַס) נישט אַריינגעלאָזט און ער איז אַוועק אין אַן אַנדערער ריכטונג. דער פּאָגראָם האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. דער המון האָט זיך צעטיילט אויף 2 הויפּט־גרופּן, מורא האָבנדיק פֿאַר אַ ווידערשטאַנד.

דעם זעלבן טאָג איז קלמן אַוועקגעפֿאָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו נאָכן „טראַנספּאָרט”. מיר האָבן אָבער געהאַט אַ טעות. ער איז נישט אַוועקגעפֿאָרן. ווען ער איז באַנאַכט געקומען צו דער „פּריסטאַן” (האַפֿן), האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ פּאַראַכאָד וועט ערשט זיין אינדערפֿרי. נישט וועלנדיק זיך וואַרפֿן אין די אויגן, איז ער אַוועק אין „יידישן שפּיטאָל” צו דער פֿאַרוואַונדעטער ניוסיאַ. אינדערפֿרי האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער פּאָגראָם אין קרעמענטשוג, איז נישט דער איינציקער, אַז אַזעלכע פּאָגראָמען קומען פֿאָר אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, און אויך אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אַ סטאַציע פֿאַר קריסטלעכע פּאַסאַזשירן אָנגעהויבן אַריינצוואַרפֿן די יידן אין וואַסער, און נאָר אַ דאַנק דעם ענערגישן אַרויסטריט פֿון דער שיף־באַדינונג איז געלונגען „אַרויסצוזעצן” די יידישע פּאַסאַזשירן אויפֿן ברעג. דער פּאַראַכאָד, וואָס איז אָנגעקומען קיין קרעמענטשוג, וועט דערווייל ווייטער נישט קורסירן.

קלמן האָט זיך אומגעקערט צוריק אין שטאָט. דאָ האָט דער פּאָגראָם געבושעוועט. די זעלבסטשוץ, אַ גאַנץ שוואַכע, האָט פֿונדעסטוועגן געוויזן וווּנדער. די פּאָגראָמשיקעס האָבן מורא געהאַט צו גיין אין קליינע גרופּעס. אויסערגעוויינטלעכע העלדישקייט און פֿאַרביסנקייט האָט אַרויסגעוויזן ראובטשיק באַרטנאָווסקי מיט זיין גרופּע. ער האָט געהאַט צו פֿאַרטיידיקן די „קראַסנאַיאַ פּלאָשטשאַד” און האָט אויסגעקליבן פֿאַר זיין שטאַב גאַליצקיס הויז קעגנאיבער לובאַראָווסקיס מיל, מיט איינגאַנגען פֿון 2 גאַסן און פֿון „פּלאָשטשאַד”. זיין „צענטל” האָט געהאַט אין רשות 2 נאַגאַנען, עטלעכע ווערכנאָבאָיקעס (רעוואָלווערן פֿון אַ פֿאַרעלטערטן סיסטעם) און. . . עטלעכע נאַהאַיקעס. און מיט דעם געווער האָט ער באַוויזן אָפּצושלאָגן באַ די פּאָגראָמשטיקעס פֿאַר טויזנטער און טויזנטער אָנגעראַבעוועטע זאַכן כמעט אויף די אויגן פֿון דער קאָזאַצקער קאַזאַרמע אויף ראָג ניקאָלאַיעווער און כערסאָנער גאַסן אין דער געביידע פֿון דער געוועזענער מיל ביעלי־קירנעס. אַליין אָדער נאָך מיט איינעם פֿון זיין צענטל, געוויינטלעך איז עס געווען מאיר בורעל (אין 1907 יאָר פֿאַר אַן אַנאַרכיסטישן אָנפֿאַל פֿאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע), פֿלעגט ער אַרויסגיין אויפֿן פּלאָשטשאַד „אָבסערווירן”. דערזעענדיק, אַז אַ פּאָגראָמשטשיק טראָגט עפּעס, פֿלעגט ער אים אָפּשטעלן און אָן ווערטער צונעמען די אָנגעראַבעוועטע זאַכן. זיין זיכערקייט פֿלעגט אַזוי ווירקן, אַז יענע פֿלעגן געוויינטלעך נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד און אָפּגעבן די זאַכן. איינמאָל,

װען אַ שטאָטישער קריסט האָט אים געשטעלט אַ װידערשטאַנד, האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ גרױסע שוסטער־פּײל און זי אַרײנגערוקט יענעם אין זײט. דער קריסט איז געפאַלן, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. ראובטשיק האָט רויק צוגענומען די זאַכן און אַװעקגעטראָגן זײ אין אונזער „שטאַב". פאַר דער געשיכטע האָבן מיר אָבער באַצאָלט מיטן לעבן פון אונזערס אַ חבר.

מ'האָט װעגן דעם פאַל מיטגעטײלט די קאָזאַקן. אײנער פון זײ איז צוגעפאָרן צום טויער „דורכשמועסן" זיך. ס'פאַרשטײט זיך, אַז טיר און טויער זענען באַלד פאַרהאַקט געװאָרן. אײן ראובטשיק איז אַרויפגעקראָכן אויפן טויער אונטערצוהאַנדלען מיטן קאָזאַק און בעתן שמועס, װען יענער האָט זיך אומפאָרזיכטיקערהײט צופיל דערנענטערט צום טויער, האָט ער געכאַפּט אַזאַ טשמעל, אַז ער איז אַראָפּגעפאַלן פון פערד... אין אַ פערטל שעה אַרום האָבן זיך פאַרן הויז אויסגעשטעלט אַ פאָר צענדליק קאָזאַקן און אָנגעהויבן צו באַשיסן דאָס הויז פון דער זײט פון „גאָראָדאָװאַיאַ" גאַס. אַ צופעליקע קויל האָט געטראָפן אײנעם פון אונזער צענטל און ער איז געבליבן ליגן אויפן אָרט. — — — — — — — —

י א נ י א.

# פון אייגענער דערפאַרונג.

## איינדריקן־איבערלעבונגען פון 1905—1912 יאָר

## I.

געווען זענען מיר אַ גרופּע פון פיר חברים. מיט עפּעס האָט אונזער גרופּע זיך געוואָרפן שטאַרק אין די אויגן פון ז׳טע קאַהאַנע. אַ געבוירענע אין שערפּץ האָט ח׳טע קאַהאַנע שטודירט אין וואַרשע. געקומען איז זי פון וואַרשע צוריק אין אונזער שטעטל, שערפּץ, שוין מיט אַ שליחות פון אַ העכערער אינסטאַנץ, ווי מיר האָבן דערנאָך פעסטגעשטעלט, צו אָרגאַניזירן אַ פּ. ס. ד.׳ק׳שע אָרגאַניזאַציע. פון דער גאַנצער שערפּצער יוגנט האָט זי געשאָנקען מער אויפמערקזאַמקייט אונזער גרופּע, געשיקט נאָך איינעם פון די פיר, נאָך דעם ח׳ ק. און מיט אים געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, באַ דער גרעסטער קאָנספּיראַציע. איינזעענדיק, אַז זי האָט פאַר זיך אַ גוטן מאַטעריאַל, האָט זי אים פאָרגעלייגט, ער זאָל זיך מיט די איבעריקע דריי פאַרשטענדיקן און איר מודיע זיין וועגן אונזער איינשטימיקייט.

חבר ק. האָט מיט זיך באַלד מיטגעבראַכט 2 בראָשורקעס — פון ליבקנעכט „שפּינען און פליגן”.

מיר האָבן זיך אין אַ באַזונדערן חדר אַוועקגעזעצט און ממש געשלונגען די ווערטער. דערנאָך האָט אונז ח׳ ק., אַלס פאַרמיטלער, איבערגעגעבן, דאָס די ח־טע ק. האָט צו אים גערעדט נאָך שענער אין האַרציקער, ווי די בראָשורקעס. מיר האָבן זיך שוין גישט געקענט דערוואַרטן אויף דער שעה, וואָס אונזער פאַרמיטלער האָט באַשטימט, מיר זאָלן זיך טרעפן אין אַ געהיים אָרט מיט ח׳טע קאַהאַנע. אונזער ח׳ ק. איז אין פאַרלויף פון די אייניקע טעג געוואָרן אַזוי קאָנספּיראַטיוו, אַז ווען מיר האָבן

גייענדיק צו דעם געהיימען אָרט, אים געפרעגט, ווו וועלן מיר זיך דאָס טרעפן, האָט ער אונז געענטפערט, אַז מען טאָר נישט זאָגן אפילו פאַר אייגענע, ווו מיר זענען, ביז מיר וועלן נישט קומען צום געהעריקן אָרט. אַזאַ דירעקטיוו האָט ער געקריגן פון ח'טע ק. און דאָס מוז זיין הייליק. גייענדיק דורך בערגער און טאָלן זענען מיר צוגעקומען צו אַ באַוואַקסן שטיקל אָרט, וואָס מען רופט עס „דאָלינעס".

ווען מיר זענען פאַרקראָכן טיפער צווישן די קוסטעס, האָט זיך פאַר אונז באַוויזן דאָס שלאַנקע באַקאַנטע געשטאַלט פון ח'טע ק. מיט אירע גוטמוטיקע פאַרחלומטע בלויע אויגן. מיר זענען געבליבן שטיין אַ ביסל דערשראָקן און אָן לשון. אָבער זי האָט שנעל געענדערט די סיטואַציע מיט איר גוטמוטיקן שמייכעלע און באַגריסט אונז. נישט איבעררייסנדיק, האָט זי מיט איר אָנגענעם שטימעלע און שיינעם דיאַלעקט גענומען מאָלן פאַר אונז איין בילד נאָכן צווייטן: די גרויזאַמע ליידן פון דעם פּראָלעטאַריאַט און אָנגעוויזן, אַז איצט, נאָך דער יאַפּאַנישער קריג האָט געשלאָגן די שעה, דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך קענען באַפרייען פונם רוסישן יאָך. נאָך אַ שעהדיקער אויפקלערונג האָט זי מיט איר אַגיטאַציע אונז געפאַנגען. זי האָט דאָס דערקענט אין אונזערע פּנימער און באַ אַ שטרענגער קאָנספּיראַטיווקייט האָט זי אונז אויפגעגעבן אַ פּלאַן פאַר ווייטערדיקער אַרבעט, וועגן שאַפן גרופּן, אָנגעזאָגט, יעדער פון די פיר זאָל אָרגאַניזירן 10 מאַן און פון צייט צו צייט ברענגען איר באַריכטן.

מיר האָבן זיך גענומען פעסט צו דער אַרבעט. אין פאַרלויף פון פיר וואָכן האָבן מיר געציילט אָן אָרגאַניזאַציע פון איבער 60 חברים. באַקומענדיק אַ באַריכט, דאָס מיר האָבן שוין אַ פעסטע אָרגאַניזאַציע מיט שטרענגער קאָנספּיראַטיווער האַלטונג, האָט די ח'טע ק. געפאָדערט מען זאָל צונויפרופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. באַלד אויף צומאָרגנס האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג און באַאַרבעט פּלענער, ווי אַזוי די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג דורכצופירן.

אָבער ס'איז „אַ י ר" נישט באַשערט געווען צו זען די פרוכטן פון איר אַרבעט. קומט פּונקט צו פאָרן קיין שערפּץ אַ סטודענט בעניק. נ. אַ פאַרכאַפּטער פון „פּועלי־ציון". דערשמעקנדיק די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין שערפּץ, האָט ער זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג צו דער גרופּע פון די פיר און אַרויסגעקריגן פון אונדז אויף אַ זייער דיפּלאָמאַטישן אופן אונזער אָנגעהעריקייט צו דער פּ. ס. ד.'עקישער אַרבעט. ווען דער ח' בעניק האָט פעסטגעשטעלט, דאָס מיר האָבן הינטער זיך אַ פעסטע אָרגאַניזאַציע און זיך דערוווּסט וועגן דעם פּלאַן פון אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, וואָס מיר האָבן בדעה אין די נאָנסטע צייט צו אָרגאַניזירן. האָט ער זיך אַ וואָרף געגעבן אויף אונדז מיט אַזאַ ברען, אַז דאָס פּנים האָט אים געפלאַמט, און אויסגענוצט זיין גאַנצע רעדנער־קראַפט, צעקלאַפּנדיק יעדע איינציקע פראַגע אונדזערע, און שוין דאַן אונדז אויפגעוויזן אין אַ געוויסער מאָס די ספּעציפישע אייגנאַרטיקייטן פון יידישן לעבן. און כאָטש מיר האָבן נאָך אַ קנאַפּן באַגריף געהאַט אין פּראָגראַמאַטישע פראַגן בכלל, און

ס'איז געווען די ערשטע לערע, איז אונדז דאָך מער צום האַרץ געווען די פּועלי־ציוניסטישע אויספירונגען פון ח' בעניק, ווי פון דער ח'טע ק.

דער סוף איז געווען, דאָס מיר האָבן געמוזט איינשטימען צום פּראָגראַם פון פּוע"צ, ווי ס'האָט אים אַרויסגעבראַכט דער ח' בעניק, און נישט ווילנדיק זענען מיר געבליבן בוגדים לגבי דער ח'טע ק. דערמיט דאָס זיך געענדיקט די תקופה פון ח'טע ק. און עס פאַנגט זיך אָן די תקופה פון פּועלי־ציון.

## II.

מיר זענען שוין נישט געקומען אַזוי אָפט צו דער ח'טע ק. מיר האָבן אויפגעהערט איר אָפּצוגעבן באַריכטן. דאָס איז איר געווען אויפפאַלענד, איז זי געקומען צו אונדז און געפאָדערט אַ דערקלערונג וועגן אונדזער שטיל־שווייגן. מיר האָבן דערוואַרטעט אַזאַ באַזוך און האָבן זיך צוגעגרייט פון פריער אַן ענטפער, דאָס מיר האַלטן באַם דורכפירן די געפּלאַנטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אָבער שוין אין דער פאָרם פון אַ דיסקוסיאָנס פאַרזאַמלונג, ווו ס'וועט זיך באַטייליקן דער ח. בעניק. דאָס האָט אויף איר געמאַכט אַ דערשיטערנדן איינדרוק. זי האָט שוין געזען, מיט וואָס דאָס שמעקט. אָבער ווען מען רופט צו אַ דיסקוסיע, מוז מען גיין. די פאַרזאַמלונג איז אין איינער טעג פאָרגעקומען אין אַ געהיימען אָרט און דער ח' בעניק האָט אָפּגעהאַלטן אַ פולקאָמען זיג. די ח'טע ק. האָט אונטער די קלאַנגען פון פאַרשידענע אַרבעטער־לידער פאַרלאָזן מיט גרויס צעבראָכנקייט דעם קאַמפס־פּלאַץ אַלס אַ באַזיגטע. דאַן האָט זיך קאָנסטיטואירט אונזער אָרגאַניזאַציע אונטער דעם קעפּל „פּועלי־ציון".

אָבער אויך דאָ איז נישט לאַנג באַשערט געווען צו פירן אונזער אַרבעט. דער ח' בעניק איז צוריקגעפאָרן צו זיין שטודיום קיין פּלאָצק, און דורך אים האָבן מיר באַשטעלט אַ פּאַרטיי־שטעמפּל. אויף סוכות האָבן מיר אים דערוואַרט צוזאַמען מיט דעם שטעמפּל. דער ח' בעניק איז געקומען צוריק מיט זיינס אַ ייִנגערן ברודער, אויך אַ פייערדיקער פּוע"צ. האָבן מיר איינגעאָרדנט אויף דעם 1־טן טאָג סוכות אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון איבער 80 חברים אַרבעטער. ווי דערשטוינט זענען מיר געבליבן, ווען דער ח' בעניק האָט אונז געוויזן אַ שטעמפּל פון ס"ס און אָנגעהויבן געבן דערקלערונגען, דאָס די איינציקע באַרעכטיקטע פּאַרטיי באַם הייַנטיקן טאָג איז די ס"ס.

די מאַסע איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, אַרויסגעשטאַרט די אויגן אויף אונז, וואָס מיר, די אָנפירנדע וועלן זאָגן. מיר זענען אויך אַ ווייל געשטאַנען ווי צעמישט, און נישט געקאָנט זיך אַזוי שנעל אָריענטירן אין דעם געשעענעם. דאָ איז אונז געקומען צו הילף בעניקס ייִנגערער ברודער, ס.

— חברים! — האָט ער אויסגעשריגן — נידער מיט אַזעלכע פאַררעטער, עס לעבע דער פועלי־ציוניזם!

מיר זענען צו זיך געקומען, און גלייך אונטערגעכאַפּט: עס לעבע! און די גאַנצע מאַסע גלייך נאָך אונז. אונטער די קלאַנגען פון דער „שבועה" און אַנדערע אַרבעטער־לידער זענען מיר דעמאָנסטראַטיוו אַוועק פון פּלאַץ, צוזאָגנדיק די חברים, דאָס די אַנדערע טעג סוכּות וועלן מיר האָבן אַ דיסקוסיאָנס־פאַרזאַמלונג.

באַלד איז ח' ס. אַוועק און אָפּגעשיקט אַ דרינגענדע טעלעגראַמע נאָך וולאָצי־לאַוועק צום ח' י ע ק ב ק אָ ו ו אַ ל ס ק י, און אויף די אַנדערע טעג סכּות איז ח' קאָוואַלסקי שוין געווען בײַ אונז. מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ דיסקוסיאָנס־פאַרזאַמלונג אין אַ וועלדל, ווו ס'האָבן זיך באַטייליקט אַלס אָפּאָנענטן ח' בעניק און די ח'טע ק. אָבער דער י ע ק ב האָט זיי אַלע צעקלאַפּט און מיר זענען אַוועק פלאַמענדיקע און באַגייסטערטע מיט אונזער זיג.

פון דאַן הייבט זיך אָן די תקופה פון דער פאַרצווייגטער אַרבעט, עס ווערט אַלץ געטון מיט אַ סדר: די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אַרבעט פונאַנדערגעטיילט. מיר פירן אָן פאַרשידענע אַקציעס בײַ שניידער און שיסטער און עס פאָדערט זיך אַ ברייטערע אויפקלערונג. צו דעם צוועק האָבן מיר אַראָפּגעברענגט פון וואַרשע צוויי פּראָפּעסיאָנאַלן אויף אונזער אייגענעם חשבון דעם ח' איש־עברי (ש. לאַנדינסקי) און די ח'טע פערלע.

## III.

זיי האָבן זיך פאַרנומען בלויז מיט קולטור־אַרבעט. פאַרשטייט זיך, אַז ס'רוב האָט מען זיך אָפּגעגעבן מיט פּראָגראַמאַטישע און פּאַרטיייִשע פראַגן. דער קאָמיטעט פון די פיר האָט אָנגעפירט סיסטעמאַטיש דעם עקאָנאָמישן קלאַסן־קאַמף. גאַנצע טעג זענען מיר געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט און אַלץ אויף אַ שטרענג־אומלעגאַלן אופן.

אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־קראַפט און טעטיקייט האָט זיך געלאָזט אַזוי שטאַרק פילן, אַז די אַרומיקע שכנותדיקע שטעטלעך, ווי ראַציאָנזש, זשוראָמין, ביעזשין א. א. וו. האָבן זיך אַלע אָנגעשלאָסן אין אונזער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן צו זיי געשיקט אונ־זערע חברים, פון צייט צו צייט אויך אונזערע פּראָפּעסיאָנאַלן און אויפגעשטעלט אין די אַלע שטעטלעך פעסטע פועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. הגם ס'איז שוין געווען אַ ראַיאָן־קאָמיטעט אין וולאָצלאַוועק, וואו מיר זענען אָפיציעל געווען אָנגעשלאָסן, האָט אונז אָבער וולאָצלאַוועק נישט געקאָנט באַפרידיקן, און מיר האָבן אָנגעפירט אונזער פּאַרטיי־אַרבעט גאַנץ זעלבסטשטענדיק. מיר האָבן אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיטן פּוילישן פאַרבאַנד.

די אַרומיקע שטעטלעך האָבן אונז פשוט פאַרמאַטערט מיט אַרבעט. נישט שטענדיק פלעגט זי דורך גלאַטיק. אָט האָט מען אָנגעפירט אין ר אַ צ י אָ נ ז ש מיט די לעדער־בייגערס — האָבן די פאַבריקאַנטן דערקלערט אַ לאָקאַוט; איז דאָס נאָך ווייניק געווען — האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט און געדונגען פויערישע כוליגאַנעס און פרייטיק צו נאַכטס געמאַכט איבער די אַרבעטער אַן איבערפאַל מיט אייזנס און שטעקנס און שטאַרק פאַרוואונדעט אַ גרויסן טייל אַרבעטער. דער אָנפירנדער קאָמיטעט־מיטגליד איז קוים אַ לעבעדיקער אַנטלאָפן און אין אַ שווערן צושטאַנד זיך דערשלעפּט ביז צו דעם נאָענטן שטעטל ד. און זיך געלאָזט באַ אַ פעלדשער פאַרבאַנדאַזשירן. קראַנקערהייט האָט ער זיך באַנאַכט דערשלעפּט צו אונז קיין שערפּץ. אויסהערנדיק פון אים דעם באַריכט, האָבן מיר נישט געפונען קיין אַנדערן אויסוועג, ווי צו שיקן אַ שטראָף־עקספּעדיציע פון אונזער ב. א. אין דעם שטעטל. זענען אַוועק דריי באָיאָוצעס מיט דער פאַרוווּנדעטן חבר ב., ער זאָל זיי צופירן צו דעם באַשטימטן אָרט.

דער אָנפירער פון לאָקאַוט איז געווען אַ חסידישער פאַבריקאַנט מיט זין, טעכטער און איידעמס — דערפאַר האָט מען באַשטימט די עקזעקוציע דווקא אויף פרייטיק צונאַכטס, בשעת מען האָט געפּראַוועט דעם טיש מיט די בעסטע מאכלים. אונדזער פאַרוואונדעטער חבר האָט דער ערשטער געעפנט די טיר און די דריי חברים האָבן זיך אַ שטעל אויס געגעבן, איינער באַ דער טיר, צוויי זענען צו אויסרופנדיק: נישט גערירט זיך, די הענט אינדערהייך! דער חבר האָט אָנגעוויזן. דאָס זענען זיי! דערויף זענען געגעבן געוואָרן אַ ריי שאָסן אין דער לופט אַ גרויסער שפּיגל איז צעהאַקט געוואָרן פון אַ שאָס, די קויל איז אָפּגעשפּרונגען פון גלאָז און אַריין אין פוס פונעם פאַבריקאַנטס זון.

דאָס איז געווען אַ צופאַל, ווייל אינם אורטייל איז באַשלאָסן געוואָרן קיין קרבנות נישט צו ברענגען, נאָר שיסן בלויז לשם דעמאָנסטראַציע. די שטראָף־עקספּעדיציע איז אַוועק און איבערגעלאָזט אַ באַפעל נישט אַרויסצוגיין פון שטוב פריער, ווי אין צוויי שעה אַרום און אָנגעזאָגט, אַז אַ געלט־שטראָף וועלן זיי קריגן צוגעשיקט. פאַרלאָזנדיק די שטוב, האָבן די חברים גאַנץ רויק מאַרשירט אין דער שיינער זומערנאַכט אַהיים.

שבת פרי האָט מען אונדז שוין אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דער שטראָף עקספּעדיציע, און מיר זענען געבליבן צופרידן. קודם־כל האָבן זיך זונטיק די אַלע אַרבעטער געשטעלט צו דער אַרבעט — מען האָט זיי נאָכגעגעבן אַלע פאָדערונגען. אויך אונדז איז מען נאָכגעקומען די געלט־שטראָף און דערמיט געשאַפן גרויסע מעגלעכקייטן פאַר אַ געזונטער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע.

די בונדישע פּרעסע האָט אָבער פונאַנדערגעפלאַקערט דעם ענין: ס'טייטש ווי איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ י. ס. ד. אָרגאַניזאַציע פּוע"צ. זאָל באַגיין אַ טעראָריסטישן אַקט. גלייך האָט זי געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך דעם צ. ק. פאַר די טאַטן

פון דער שערפּצער אָרגאַניזאַציע. דער צ. ק. ווידער האָט בּישט געקענט געבּן פאַר דער עפנטלעכקייט קיין שום אויפקלערונג, איידער ער וועט געגוי פעסטשטעלן דעם ענין. צו דעם צוועק האָט דער צ. ק. צוגעשיקט די ח"ח שמואל וואַרשע־ווער און בּן־גוריון פון פלאָנסק זיי זאָלן צונויפזאַמלען אויפן אָרט די אַלע נייטיקע מאַטעריאַלן.

## IV.

פרייטיק פרי קומט צו מיר ח' בן גוריון און שטעלט מיר פאָר דעם ח' ש. וואַרשאַווער און ווייזט מיר אָן אַ באַפולמעכטיקונג פון צ. ק., דאָס זיי זענען באַאויפטראַגט צוזאַמען מיט צוויי אונזערע חברים תיכף ומיד אַריבערצופאָרן אין ראַציאָנזש און אויספאָרשן גענוי דעם גאַנצן ענין. אין פאַרלויף פון 20 מינוט איז שוין געווען אַן עקסטרא־בריטשקע, איך און דער חבר איטשע, אונזער שטענדיקער סעקרעטאַר, און די צוויי דעלעגירטע האָבן זיך הינטער דער שטאָט אויפגעזעצט און געלאָזט פריי די פערד. אַ הייסער זומער־טאָג איז דאָס געווען. אַרום 2 נ'מ זענען מיר שוין געשטאַנען אויפן באַשטימטן אָרט אינם גרויסן פאַרצוימטן הויף פון דעם העלדישן פאַבריקאַנט. דער אַנומלט פאַרוואונדעטער חבר איז אַרויס פון פאַבריק און אונז מקבל פנים געווען אין זיינע אַרבעטס־קליידער. אויף אונזער באַפעל איז ער צוריק אַריין אין פאַבריק. דער פאַבריקאַנט מיט זיינע מקורבים האָבן אויסגעשטעלט צעשראָקענע אויגן, מיינענדיק, דאָס זיי האָבן זיך ווידער מיט עפּעס פאַרשולדיקט. מיר האָבן זיי גלייך באַריקט און פאָרגעלייגט איבערצוגיין אין אַ באַזונדער צימער, באשר מיר דאַרפן זיך דורכרעדן וועגן אייניקע וויכטיקע פראַגן, וואָס האָבן אַן אומגעהייערע באַדייטונג פאַר אונזער פאַרטיי. אונזער סעקרעטאַר ח' איטשע האָט פונאַנדערגעלייגט דאָס שרייבגעצייג און אָנגעהויבן פּראָטאָקאָלירן יעדע אויסגעפאָרשטע פראַגע. די פּראָטאָקאָלן, רעזאָלוציעס און די גאַנצע אויספאָרשונג האָט פאַרנומען איבער 4 שעה.

בשעת מיר האָבן זיך געוואָלט צוריק אויפזעצן אויף דער בריטשקע, זענען נעבן אונז אויסגעוואַקסן ווי פון דער ערד צוויי פּאָליציאַנטן. זיי האָבן בּאַ אונז געפרעגט אויף פּעסער. פאַרשטייט זיך, דאָס מיר האָבן זיך לעגיטימירט. דער ח' שמואל, אָנשטאָט זיך צו לעגיטימירן, האָט זיך געכאַפּט צום רעוואָלווער, אָבער איך האָב אים פריצייטיק די האַנט פאַרהאַלטן, דערקלערנדיק, דאָס מען קאָן דעם ענין דערלעדיקן אויף אַ גינסטיקן אופן. תיכף האָבן מיר געגעבן אַן אולטימאַטיווע אויפפאָדערונג דעם פאַבריקאַנט, ער זאָל זען פאַר יעדן פּרייז די אַלע פּעסער אונז שוין צוריקשטעלן און מאַכן פאַר אונז מעגלעך דעם פרייען אָפּפאָר. אין פאַרקערטן פאַל מאַכן מיר אים פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדע געשעעניש. דערשרעקנדיק זיך פאַרן ערנסטן מאָמענט, האָט דער פאַבריקאַנט גלייך פאַרבעטן די פּאָליציי אין אַ חדר מיוחד. . . אין

10 מינוט אַרום האָבן מיר באַקומען אונזערע פּעסער און גאַנץ געמיטלעך פאַרלאָזט דאָס שטעטל, אָפּפאָרנדיק דירעקט קיין פּלאָנסק.

אַרום 10 באַנאַכט זענען מיר געקומען אין שטאָט, אָפּגעשטיגן בײַ אַ חבר, האָבן מיר ערשט אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט, זייענדיק שטאַרק מיד פון אַזאַ לאַנגער תּנועה: אין איין טאָג פון שערפּץ ביז פּלאָנסק און דערצו אַזאַ ערנסט שטיקל אַרבעט אין ראַציאָנזש. האָבן מיר אַלע, שטאַרק פאַרהונגערטע, עפּעס געגעסן און געוואָלט זיך אַ ביסל אויסרוען און אַוועקלייגן דאָס פּעקל בײַנער. זאָגט מען אונדז, דאָס דער חבר יצחק פאַריזער, אַ סטודענט, איז נעקומען צו אַ דיסקוסיאָנס-אָוונט און גלײַכצײַטיק קומט אויך צופעליק צו פאָרן דער ח' סאַלאָמאָן (מ. יאַרבלום). נו, שטעלט אײַך פאָר אונזער פרייד! מיר האָבן שוין צוזאַמען פאַרבראַכט ביזן גרויען טאָג אַרײַן. דערשעפּט פון די כּוחות, זענען מיר מידע אַ ביסל אײַנגעשלאָפן. מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט פריש, מונטער, פול מיט לעבן און מיר שטייען שוין ווייטער צו דינסט פון אונדזער פּאַרטיי. אַלס צוגעפאָרענע געסט נעמען מיר גלײַך איבער די אָרדנונג פון דעם מאַסן-מיטינג, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף שבת 2 נ. מ. אין בית-המדרש. די גרויסע צאָל צוגעפאָרענע פרעמדע האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער שטאָט. די פּאָליציייִשע אויפזיכט איז אינגאַנצן פאַרשווּנדן.

צוליב אָט דער פרייהייט איז די פאַרזאַמלונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזן מיטינג בײַ אָפענע טירן.

אַרום דעם בית-המדרש האָבן זיך גרופּירט נישט נאָר אַרבעטער, נאָר אפילו אַלטע ייִדן. דער מנין בונדאָווצעס, וואָס פּלאָנסק האָט פאַרמאָגט, האָט נישט געקאָנט פאַרגינען די פּוע"צ דעם אימפּאָזאַנטן פרייען מיטינג מיט דער שאַרפער אָנגרייפונג פון די קעגנערישע פּאַרטייען, הויפּטזעכלעך דעם „בונד", וואָס האָט פאַרשאַפן אַלע צוהערער דאָס גרעסטע פאַרגעניגן. דאָס הייפעלע בונדאָווצעס האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן און פאַר גרויס עגמת-נפש פּראָוואָצירט דעם מיטינג, אויסשרײַענדיק פּלוצלינג: פּאָליציי גייט! עס איז אַנטשטאַנען אַ מהומה, אָבער ווי געניטע אָרדנערס האָבן מיר זיך בליץ-שנעל אַרומגעזען, אַז דאָס איז פּראָוואָקאַציע. בײַ דער אָנשטרענגונג פון אַלע אונזערע קרעפטן האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן אײַנצושטעלן די אָרדנונג און באַזײַטיקן די בונדישע שטערער. דער מיטינג האָט זיך געענדיקט בײַ אַ זייער געהויבענער שטימונג אונטער די קלאַנגען פון דער „שבועה".

ערשט באַנאַכט, ווען די פּאָליציי האָט זיך דערוואוסט פון אונזער אָפּפאָר, האָט זי זיך באַוויזן מיט איר ברייטקייט אין שטאָט און געמאַכט זיך מכּלומרשט זוכן די סאָציאַליסטן. נישט געפונענדיק קיין פרעמדע, איז זי אַוועק. ח' בן-גריון איז געבליבן אין דער היים, איך בין אַוועק צוריק נאָר שערפּץ. בלויז דער סעקרעטאַר ח' איטשע מיטן ח' שמואל וואַרשעווער זענען געפאָרן קיין וואַרשע (מיטפירנדיק דעם אויספאָרשונגס-מאַטעריאַל פון ראַציאָנזש) אין דער ריכטונג איבער וולאָצלאַוועק. בײַם אָנקום אין שטאָט זענען זיי אַלס פאַרדעכטיקע פאַרהאַלטן געוואָרן דורך געהיים-אַגענטן. נאָך

אַ שטרענגער רעוויזיע האָט מען בײַ זיי געטוענען די אַלע פּאַפּירן. ח׳ איטשע איז גלייך באַפרייט געוואָרן, ווייל ער האָט געהאַט אַ פּאַס און נישט אויסגעגעבן, אַז ער קען זיך מיטן ח׳ שמואל. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער צ. ק האָט געשיקט אַ ח׳טע קיין וולאָצלאַוועק און איר האָט זיך איינגעגעבן דורך אַן אינטערווענץ בײַם פּאָליצמייסטער אַרויסצובאַקומען דעם ח׳ שמואל צוזאַמען מיטן געזאַמלטן מאַטעריאַל. ס׳איז געווען די ח׳טע סאַבינע ראַפּאַלקעס.

מיר האָבן פרייער אָפּגעטעמט. אויב איך האָב קיין טעות נישט, האָט דער פּאַרבאַנדס־קאָמיטעט דערנאָך אַרויסגעלאָזט אַ בלעטל, וואו ער האָט געענטפערט אויף די בונדישע ווײַ־געשרייען וועגן דעם טעראָריסטישן אָנפאַל פון די שערפּצער פּוע״צ אינעם שטעטל ראַציאָנזש.

V.

דער פּאַרבאַנדס־קאָמיטעט איז מיט אונז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין קאָנטאַקט. ס׳איז אַפילו אויפגעשוואומען די פראַגע וועגן איבערטראָגן דעם ר. ק. פון וולאָצלאַוועק קיין שערפּץ. צוליב צוויי סיבות האָט דאָס אָבער נישט געקענט פאַרווירקלעכט ווערן. ערשטנס, איז שערפּץ נישט געווען דער פּאַסיקער מיטל־פּונקט; צווייטנס, איז אין שערפּץ נישט געווען קיין גענוגנדע צאָל אָרטיקע אינטעליגענטע קרעפטן, ווי ס׳האָט זיך געפאָדערט פאַר אַ ר. ק. איין זאַך איז מען אונז יאָ נאָכגעקומען און מען האָט אַריבערגעשיקט אַלס שטענדיקן פּראָפעסיאָנאַל צום ר. ק. אין וולאָצלאַוועק דעם ח׳ סאַלאָמאָן (מ. יאַרבלום).

ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אין וולאָצלאַוועק אַ וואָכן־בלאַט אונטער דער רעדאַקציע פון ח׳ סאַלאָמאָן. און ס׳איז געווען אַ יום טוב בײַ אונז און אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך דאָס דערשיינען פון „אַרבעטער־וואָרט“. די אַרבעטער־צייטונג האָט אָבער נישט געהאַט קיין אריכת־ימים. נאָך אַ פּאָר נומערן האָט זי אויפגעהערט צו דערשיינען.

מיר זענען נישט אָפּגעשטאַנען אויף קיין איין מינוט פון אונזערע ברייטע אויפגאַבן. אונזערע אָרטיקע פּראָפעסיאָנאַלן ח׳ איש־עברי און ח־טע פּערלע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך אויף רעפעראַטן און בײַ אונז פלעגט אַלס אָפטער גאַסט רעפערירן ח׳ סאַלאָמאָן. איין כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד וועל איך דאָ איבערגעבן.

אין דער רעוואָלוציאָנערער צייט איז געווען פּשוט אַ הייליקע טראַדיציע, אַז ווען איין פּאַרטיי האָט גערופן די קעגנערישע פּאַרטיי צו אַ דיסקוסיאָנס־פאַרזאַמלונג, האָט זיך יענע נישט געטאָרט אָפּזאָגן.

איינמאָל קומט דער „בונד“ און לייגט אונז פאָר אַ דיסקוסיע, הגם דער „בונד“

האָט נישט פאַרמאָגט צומאָל קיין מנין מענטשן און אונזער פּאַרטיי האָט געציילט איבער 150 חברים און ח'טעס, נאָר צוליב דער הייליקער טראַדיציע האָבן מיר קיין מאָל זיך נישט אָפּגעזאָגט פון דיסקוסיעס און אויך דאָס מאָל אָנגענומען די איינלאַדונג. דאָס האַרץ האָט בײַ אונז אפילו געטיקאָכקעט, ווייל די זיגער פלעגן בײַלד צו[illegible]ען מערערע חברים אין זייערע רייען, דאַדורך האָט מען געמוזט אָנשטרענגען אַלע מיטלען, אום צו קענען זיין די זיגער, נישט די באַזיגטע. צו דעם צוועק האָבן מיר יעדעס מאָל געפאָדערט פונם פאַרבאַנדס־קאָמיטעט פאַראַנטוואָרטלעכע רעפערענטן. דאָס מאָל גראַדע האָבן מיר זיך דערוואוסט אַז עס קומט צו אונז אַ בונדישער גדול, אונטער דעם פסעוודאָנים לאַסאַל דער צווייטער. אַ פּחד איז אויף אונז אָנגעפאַלן, ווייל די בונדאָווצעס האָבן געזוכט אַלע מיטלען צו קענען וואַרפן אין אונזער לאַגער אַזאַ באָמבע, אַז די פּאַרטיי זאָל אויפגעריסן ווערן.

וויסנדיק, אַז ח' סאַלאַמאָן האָט אין קוטנא, פּלאָצק און וולאָצלאַוועק, אָפּגעהאַלטן אַן אויסערגעוויינטלעכן זיג איבערן זעלבן גדול, האָבן מיר זיך געווענדעט צום פאַרבאַנד, און ער האָט גענומען אין אַכט אונדזער פאָדערונג און תיכּף אונדז מודיע געווען, דאָס ח' סאַלאַמאָן קומט צו אונדז אויף דעם באַשטימטן טערמין. די גאַנצע שווערע לאַסט איז מיטאַמאָל פון אונדז אַראָפּגעפאַלן. מיר האָבן די מיטטיילונג געהאַלטן אין דער גרעסטער קאָנספּיראַציע.

ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן דעם בונדישן גדול דערעסן די קלעפּ, וואָס ער האָט אין זיין טורנעע באַקומען הויפּטזעכלעך אין פּלאָצק, וואו ער איז צעמזיקט געוואָרן פון אַלע זייטן, אַמשטאַרקסטן פון פּועלי־צ. און ס. ס. נאָך אַזאַ לעקציע האָט זיך אים שוין נישט געלוינט צו קומען קיין שערפּץ.

געפאַלן איז דער בונד אויף אַן אַנדער שפּיצל און צו דער באַשטימטער צייט האָט ער געשיקט אַ שוואַכערן רעפערענט, כּדי דערנאָך צו האָבן דעם אויסרייד, אַז ח' סאַלאָמאָן איז צופיל „גדול" לגבי זייער רעפערענט.

מיר האָבן איינגעאָרדנט דעם דיסקוסיאָנס־מיטינג אין אַ פּריוואַטער וווינונג. ס'זענען געקומען איבער 90 חברים. די רעשט זענען געווען פאַרנומען.

די פאַרזאַמלונג איז געעפנט, און דאָס ערשטע וואָרט קריגט דער בונדישער רעפערענט. ווי ער זאָגט נאָר אַרויס די ערשטע פּאָר ווערטער וועגן מאַרקסיזם, קומט אַריין דער ח' סאַלאָמאָן. דער בונדישער רעפערענט איז געבליבן שטיין אָן לשון, שטאַרק פאַרוויטלט און פאַרשעמט. אויף דער מאַסע האָט דאָס געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק. נאָך אייניקע געדריקטע מינוט האָט ער ווייטער גענומען שטאַמלען און פּאָרטזעצן, וואָס איז דאָס אַזוינס מאַרקסיזם און נישט געקענט אַרויסקריכן. נאָך אַ 15־מינוטיקער רעדע דערקלערט ער, אַז ער האָט געענדיקט דעם ווייסנשאַפטלעכן טייל וועגן מאַרקסיזם און איצט קאָן מען זיך פאַרשרייבן צו דיסקוסיעס, ס'איז פּאַקטיש נישט געווען וואָס צו אָפּאָנירן אויסער ווי געבן אים זיין פאַרדינטן שכר פאַר זיין לעכערלעך מאַכן זיך. ער האָט אָט די לעקציע כּשר פאַרדינט, און דווקא פון אונ־

זערע קלענערע חברים. ווייל ס׳וואָלט געווען אונטער אונזער כבוד, אז דער ח׳ סאַלאָמאָן זאָל אים ענטפערן. צום סוף האָט ח׳ סאַלאָמאָן געבעטן אַ וואָרט צו אַ פאַקטישער פעסטשטעלונג, וואו ער האָט דערוויזן די גרויסע עם־הארצות פון דעם בונדישן רעפערענט. באַ ענטוזיאַסטישע אויסרופן פון דעם גאַנצן עולם „עס לעבע די פוע״צ״ איז די פאַרזאַמלונג פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן.

אַ צווייטער כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד. ס׳קומט אָן דער יום־טוב פסח און עס קומען צו פאָרן אַהיים אויף די יום־טוב־פעריען אַ פּאָר בונדישע סטודענטלעך. אום צו כאַפּן אַ פּאָר נשמות, פּרובירט מען אָפּצורייסן פון אונזערע רייען אין געהיים עטלעכע חברים; מען פּרובירט עס טון דורך הינטערוועגלעך, פאַרבאַהאַלטן. אויף אַ געוויסן טייל האָבן זיי געהאַט אַ ווירקונג, ווייל יענע האָבן זיך געשעמט פאַר די סטודענטן־היטלעך און מעשענע קנעפּ. באַזונדער זענען דאָס געווען די שוואַכסטע, וואָס האָבן אַליין נישט געקענט געבן קיין ענטפער אויף דער קלענסטער פראַגע אפילו. אונזערע חברים זענען געשטאַנען אויף דער וואַך און אָט האָבן זיי מיר אַלס פאַרמיטלער פון קאָמיטעט מיטגעטיילט, אַז דער בונד האָט מיט פאַרשידענע מאַכינאַציעס פאַרנאַרט אַ געוויסן טייל פון אונזערע חברים און באַ פאַרמאַכטע טירן האַלטן זיי אָפּ אַ פאַרזאַמלונג. די בעסערע חברים אונזערע, וואָס האָבן געהאַט די דרייסטקייט צו אָפּקלאַפּן די בונדישע טענות האָט מען דאָרט נישט אַריינגעלאָזט. איך האָב זיך באַראַטן, ווי מיר זאָלן דערויף רעאַגירן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן צוויי פון אונזער קאָמיטעט אונטער דער באַגלייטונג פון אונזער ב. א. און פאָדערן מען זאָל אונז צולאָזן זיך באַטייליקן אין דער דיסקוסיע און נישט דערשטיקן דאָס פרייע וואָרט באַ פאַרשלאָסענע טירן, אין קעגנפאַל וועלן מיר זיין געצוואונגען די פאַרזאַמלונג אויפצורייסן. אַזאַ דערקלערונג האָבן מיר געגעבן אויפן אָרט, וואו מיר זענען געקומען. מען האָט אונז געענטפערט דורך דער טיר מיט אַן אָפּזאָג. האָט אונזער באַיוווקע אין פאַרלויף פון איניקע סעקונדן אָפּגעריסן די טירן, זיי געגצליך אַרויסגענומען און די צוויי דעלעגירטע חברים זענען זיך לאַנגזאַם אַריין און אָפּגעגעבן פאַר די פאַרזאַמלטע אַ דערקלערונג וועגן דער נישט טאַקטישער האַלטונג פון די בונדישע סטודענטן, זייער פאַרנאַרן חברים אין פינסטערע געסלעך אויף אַגיטאַציע, וועגן אָפּהאַלטן פאַרזאַמלונגען באַ פאַרמאַכטע טירן און דווקא אַזעלכע חברים, וואָס זענען שוואַך אַליין אָן ענטפער צו געבן. מיר האָבן אַן עפנטלעכע בערזע יעדן פאַרנאַכט צו אַגיטאַציע און דיסקוסיעס אין דער פולער פרייהייט פון וואָרט. דאָרט האָבן זיי קיין שליטה נישט, ווייל די מער באַוווסטזיניקע חברים דערהאַלטן דאָרט אייביק די פּאָזיציע. אַזוי אַרום האָבן מיר באַפרייט די פאַרנאַרטע חברים פון געפאַנגענשאַפט, און די פאַרזאַמלונג איז אויפגעלעזט געוואָרן צום שאָדן פאַרן בונד!

ס׳ווילט זיך אָבער די בונדישע סטודענטלעך פאָרט עפּעס אויפטון אין די פרייע פעריען־טעג פון פסח. און מען פאָדערט אונז אויף צו אַ דיסקוסיע. מיר בעמען אָן די איינלאַדונג און באַלד ווערט באַ אונז באַשלאָסן מיטצוטיילן דעם פ. ק. אונז צו שיקן

אַ גוטן רעפערענט אויף די 2=טע טעג פסח. מען שיקט אונז טאַקע אַ קליין יונג חברל פון 16 יאָר מיטן נאָמען „אַ ב ו ש". אָנפאַנגס האָבן מיר זיך געשראָקן פאַר אַ דורכפאַל. מיר האָבן זיך געטראַכט: עס וואָלט שוין בעסער געווען מיט אונזערע אייגענע קרעפטן מיט דער מיטהילף פון „איש=עברי". אָפּהאַלטנדיק אָבער אַ פאַרזאַמלונג פאַרן ענגערן קרייז פון אונזערע חברים, האָבן מיר ערשט געזען, אַז דאָס איז פייער. זיין רעדן איז אַזוי טעמפּעראַמענטפול און אינהאַלטס-רייך, אַז פעלזן האָבן געקאָנט אונטער זיין מויל צעריבן ווערן. פאַר פרייד האָבן מיר אים אויף די הענט געטראָגן און געשפּייזט גאַנץ פסח מיט לעקעך און גוטן וויין, זעענדיק שוין פון פאָרויס אַ זיג.

דעם 1=טן טאָג פון די צווייטע טעג פסח פונקט 2 נ. מ. זענען שוין געווען פאַרזאַמלט אין וועלדל הינטער דער שטאָט אויף אַ אומלעגאַלן אופן איבער 80 חברים און חברטעס. צו דער באַשטימטער שעה קומט דער רעפערענט ח' אַבוש אין דער באַגלייטונג פון אונדזער פאַרמיטלער ח' „פּ" דורך גאָר אַ זייטיקן וועג. באַלד קומט אויך אָן די פאַרוואַלטונג. לעבן אַ בוים ווערט באַשטימט די טריבונע, פון איין זייט שטעלן זיך אַוועק די קעגנערישע אָפּאָנענטן. פון דער צווייטער זייט פאַרנעמט דעם פּלאַץ אונדזער גאַנצע סוויטע. ח' „פּ" גיט אַ סיגנאַל און מאָמענטאַל קאָנצענטרירן זיך אַלע פאַרזאַמלטע און בילדן איין שטיק מאַסע. דער ח' „פּ" דערקלערט די פאַרזאַמלונג פאַר געעפנט און דערטיילט דעם ח' „אַבוש" דאָס ערשטע וואָרט. עס ווערט שטיל. עס הערט זיך בלויז דאָס פּישטשען פון די פייגל. ח' „אַבוש" פאַנגט אָן זיין רעפעראַט. אַלע, ווי איינער, אַפילו די קעגנער זענען באַגייסטערט געוואָרן פון זיין רעדנער=טאַלאַנט, בפרט פון זיין אינהאַלטס-רייכער רעדע. ער האָט די אַלע קעגנערישע אָפּאָנענטן, וואָס האָבן זיך געגרייט צו אָפּאָנירן, אַזוי פאַרכּישופט, דאָס זיי האָבן קיין דרייסטקייט נישט געהאַט צו בעטן אַ וואָרט. זיי האָבן אָבער אונטערגעשטעלט פון דער מאַסע אַ יונגטלעכן אַ דרייסט חברל, אַ געוויסן „ש. ב.", ער זאָל פרעגן, וואָס וועט מען טון מיט די פּאַלעסטינער זומפּן און זשאַבעס, וועלכע ברענגען מיט זיך דעם געלן פיבער? ח' „אַבוש" האָט געגעבן אַ זייער טרעפלעכן ענטפער. און אַלץ איז געבליבן שטיל און צופרידן.

נאָך דעם מיטינג האָבן מיר רייענווייז אונטער די קלאַנגען פון דער „שבועה" און אַרבעטער=לידער מאַרשירט ביז צו דער שטאָט, און צופרידענע אַלס זיגער דורך פאַרשידענע געסלעך זיך צעגאַנגען. פון דעם מאָמענט האָט דער בונד ליידנדיק איין קלאַפּ נאָכן אַנדערן אויפגעהערט צו רופן די פּועלי=ציון אויף דיסקוסיעס, און נאָך די אַלע געמאַכטע פּרוּוון רעזיגנירט פון צו קענען אונזער לאַגער אויפרייסן. זיי האָבן מיט באַדויערן געמוזט אָנערקענען, דאָס אין דער שטאָט „שערפּץ איז פּועלי=ציון די איינציקע באַרופענע פּאַרטיי, וואָס פירט אָן דעם קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אויפן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן געביט, און האַלט הויך די פאָן פון דעם יידישן אַרבעטער".

# IV.

פון דעם מאָמענט האָט מען אונז געהאַלט אויפן אויג. ס'קומען שוין פּאָר אָפּ־טע רעוויזיעס. ווי זאָגט מען — אַז מען האַקט האָלץ, פאַלן שפּענער. מיר האָבן אָבער בא יעדן צופאַל און געפאַר אויף אַ זייער קונציקן אופן זיך אַרויסגעדרייט. איין מאָל אפילו אין געפאַר געשטעלט דעם פּוילישן פאַרבאַנדס־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין לאָדזש. מען האָט בא אונז פאַרכאַפּט די גאַנצע קאָ־רעספּאָנדענץ, אָבער פאַר 2 גאָלדענע פינפערלעך האָבן מיר זי באַם נאַטשאַלניק אַרויס־באַקומען.

די אַרבעט איז אונז געוואָרן שטאַרק באַשווערט. מיר האָבן אין דעם שטעטל ב י ע ז ש ו ן געדאַרפט עפּעס דורכפירן. האָבן מיר צוליב דער נאָנטקייט (אינגאַנצן אַ 15 קילאָמעטער פון אונזער שטאָט) זיך געלאָזט אויף אַ שפּאַציר אין דעם שיינעם זו־מער־טאָג. אין שפּאַציר האָבן זיך באַטייליקט דער קאָמיטעט פון 4 חברים, דער 5־טער ח' גראָס אַ מיליטער־שניידער און די 2 פּראָפעסיאָנאַלן „איש עברי" און „פּערלע" צוזאַמען זענען מיר געווען אַ גרופּע פון 7 חברים. פרייטיק אַרום 5 פאַרטאָג זענען מיר אַרויסגעפאָרן אויף אַ וואָלאַנט, מיטנעמענדיק 2 שפּייערס. פאַר זיבן זענען מיר אָנגעקומען קיין ביעזשון.

אַ זייגער עלף זענען מיר געווען פאַרטיק מיט אונזער אַרבעט און פאַרנומען זיך צו פאָרן אַהיים. צופעליק האָט זיך אין שטעטל געפונען די זשאַנדאַרמעריע פון שערפּץ. צוליב אונזער געוואוינהייט צו באַגאַטעליזירן אַזעלכע קלייניקייטן, האָבן מיר קיין אַכט דערויף נישט געלייגט. די זשאַנדאַרמעריע האָט אָבער געטון פונקט פאַר־קערט, ווי מיר האָבן געטראַכט. ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, האָבן זיי טע־לעפאָניש מיטגעטיילט דער שערפּצער מאַכט, דאָס די גאַנצע סאָציאַליסטישע קראַמאָלע פון שערפּץ געפינט זיך אויפן וועג צווישן ביעזשון און שערפּץ.

מיר לאָזן זיך אין וועג און פאָרן אָפּ אַזוי ביז נאַדאָלניק, אַ דערפל, וואָס איז שטאַרק זאַמדיק. פון ביידע זייטן ציט זיך אויף אַ געוויסער שטרעקע אַ שיינער סאָס־נע־וואַלד, די זון מיט אירע ברענענדע שטראַלן האָט אונז גוט דורכגעברענט. פּלוצ־לינג באַמערקן מיר פונדערווייטנס אַ שטאַרקן שטויב, וואָס דערנענטערט זיך צו אונז. מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ פּאָר־פּאָסט, און איידער מיר האָבן באַ־וויזן זיך דורכצושמועסן, שטייט שוין לעבן אונזער וואָלאַנט אַ רייטער־סאָלדאַט און באַלד קומט אונטער אַ גאַנצע אָפּטיילונג מיליטער אויסגעמישט מיט פּאָליציי. מיר ווערן אַרומגערינגלט דורכן מיליטער. די זעלנער האַלטן אויסגעשטרעקט קעגן אונז דאָס געווער און וואַרטן בלויז אויף אַ באַפעל פון עלטסטן פּאָליציי־קאָמיסאַר. עס דערנענ־טערט זיך דער פּאָליציי־קאָמיסאַר. דאָס מיליטער עפנט די „קייט". ער קומט צו צו

אונזער פירל און דערקלערט אונז אין א זייער העפלעכן טאן, אז אין נאמען פון דער העכערער מאכט איז ער געשיקט געווארן צו מאכן בא אונז א רעוויזיע. ער בעט דעם ערשטן אראפּ דעם ח' איש עברי (ש. לאנדינסקי). מען האט בא אים צוגענומען 2 רוסישע לערן-ביכער. גלייכצייטיק האט א סאלדאט דורכגענישטערט דאס שטרוי פון פון דעם וועגעלע און געפונען די 2 שפּייערס מיט א ביסל געשריבן מאטעריאל. ח' גראס האט דאס אלץ פון דעם סאלדאט שנעל ארויסגענומען, און אלס באקאנטער אים צוגעזאגט אויפצונייען א פּאר זעלנערישע הויזן, אבי ער זאל מאכן א שוויג. ח' גראס האט סימולירט בויך-ווייטיק און געבעטן, דערזעלבער סאלדאט זאל מיט אים מיטגיין צום וועלדל. אוועקזעצנדיק זיך אונטער דער שמירה פונם סאלדאט, האט זיך אים איינגעגעבן צו באגראבן אין זאמד די 2 שפּייערס מיט דעם געשריבענעם מאטעריאל. אזוי ארום האט די רעוויזיע נישט געבראכט פאר דער פּאליציי קיין גינסטיקע רעזולטאטן.

צוזאמען מיט דער גאנצער אפּטיילונג האט מען אונז געפירט איבער דער שטאט ביז צום מאגיסטראט. און די גאנצע שטאט איז אויפגערודערט געווארן. גוטע פריינט האבן אונז באדויערט, און, פארקערט, די, מיט וועמען אונז איז אויסגעקומען צו פירן דעם טאג-טעגלעכן קאמף פאר א בעסער לעבן פארן ארבעטער, האבן פאר פרייד אונטערגעשפּרונגען אין מיטן דער גאס, וואס זיי זענען שוין איינמאל פאר אלע מאל באפרייט געווארן פון די אנפירנדע שטרייקערס, וועלכער האבן אזוי פארדארבן די גאנצע שטאט ארבעטער. זיי זענען דאך געווען שטארק צו לאסט „די פּוסט און פּאסטניקעס". אמאל האט מען געארבעט פון 6 פרי ביז 10 באנאכט, און הייַנט פון 8 פרי ביז 6 אוונט. נו, איז דען א וואונדער ? אז מען דרייט זיך ארום אזוי פיל שעהן ליידיק טעגלעך, מוז מען דאך פּשוט משוגע ווערן. איצט וועלן זיי שוין נישט אויפשטיין קיין תחיית-המתים.

דאס געשפּרעך איז געגאנגען בקול רם, אז מיר זיצנדיק אויפן וועגעלע זאלן דאס אלץ הערן. דער קאמיסאר איז אריין אין קאנצעלאריע. דארט האט געווארט די העכערע מאכט. אויסהערנדיק דעם רעזולטאט פון דער רעוויזיע און נישט האבנדיק קיין גרונט אונדז צו פארהאלטן — האט אונדז די מאכט תיכף באפרייט. זי האט בלויז געגעבן אן אולטימאטיווע התראה, דאס ח' איש עברי זאל פארלאזן גוטוויליק די שטאט. דאס מיליטער האט אונדז אפן געמאכט דעם וועג און מיר ווערן פריי. דאס ביסל מייסטערלעך, וואס האבן זיך אזוי געמיטלעך געפּאליטיקעוועט און זאגאר זיך שוין אין דער פאנטאזיע געמאלן פלענער, ווי אזוי צו ענדערן די ארבעטס-שעהן און די פרייזן, זענען איצט, דערזעענדיק אונדז אויף דער פריי, געבליבן ווי צוגעשמידט אויפן ארט. א בייזער פּחד האט זיי ארומגענומען און זייערע פאנטאזיעס זענען צעגאנגען ווי זייפן-בלאזן.

## VII.

אָבער די פּינסטערע כמאַרעס האָבן זיך פאַרצויגן איבער אונז און צוזאַמען מיט דעם הערבסט האָט אָנגעהויבן צו ווערן טריב אין אונזערע הערצער, דערהאַלטנדיק פון צייט צו צייט טרויעריקע ידיעות, ווי דאָ און דאָרט זענען דערשטיקט געוואָרן די רעוואָלוציאָנערע אונטערנעמונגען אַ דאַנק די שוואַרצע כמאַרעס פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס האָבן זיך דאַן אָנגעזעצט אויף דער אַרבעטער-באַוועגונג אין צאַרישן רוסלאַנד און אין פּוילן. די בעסטע אָנפירער האָט מען אויפגעהאָנגען אָדער אויף אייביקע תפיסה קיין סיביר פאַרשיקט, און אַזוי אַרום האָט אָנגעהויבן צאַנקען דאָס ליכט פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. דער לעצטער טויט-קלאַפּ פאַר דער פּוילישער אַרבעטער-באַוועגונג איז געווען די צאַרישע פּראָוואָקאַציע, וואָס האָט פּראָקלאַמירט די פרייע קאָנסטיטוציע פאַר פּוילן. טויזנט אַרבעטער פאַרזאַמלטע אויפן טעאַטער-פּלאַץ און דער אָנפאַל פון די קאָזאַקן אויף די פרידלעכע אַרבעטער און סתם בירגער. די שענדלעכע שחיטה, ווען מענטשן-בלוט איז גערונען ווי וואַסער איבער די וואַרשעווער גאַסן, די מוראדיקע רעאַקציע האָט גענומען בושעווען, טורמעס זענען איבערפולט געוואָרן. פאַרן קלענסטן חטא — קאַטאָרגע אָדער תליה. פון אַזאַ סיטואַציע איז אויך אונזער טעטיקייט פּאַראַליזירט געוואָרן. אונזערע פּראָפּעסיאָנאַלן, דער ח׳ איש עברי און פּערלע פאַרלאָזן אונז. ס׳קומען פאָר פיל אַרעסטן אין וואַרשע, לאָדזש און אין אַנדערע שטעט. באַזונדערס קרענקט אונז דער אַרעסט פון ח׳ ס אַ ל אָ מ אָ ן (מ. יאַרבלום), וועלכער האָט טאַקע געקריגן אייביקע יאָר, נאָר צופעליק זיך אַרויסבאַקומען קיין פּאַריז. אין אָט דער שטילער און שרעקעוודיקער צייט האָט די גרעסטע טייל פון אונזער מאַסע גענומען ווערן פרומע קינדער, געגאַנגען יעדן טאָג אין בית-המדרש דאַווענען מיט די תפילין. צו אונז זענען דערגאַנגען קלאַנגען, אַז אַ געוויסע טייל חברים וועלכע האָבן אַמאָל אויסגעפירט בלינדערהייט און הייליק יעדן באַפעל פון אונזער קאָמיטעט גרייטן זיך צו נעמען נקמה פון די חברים וואָס האָבן זיי אַמאָל „פאַרפירט" און מיט דעם מכפר זיין זייערע זינד פאַרן אייבערשטן. מיר האָבן זיך אַ געוויסע צייט געמוזט אויסהיטן און נישט וואַרפן זיך צופיל אין די אויגן. ביז ענדלעך איז די זאַך אינגאַנצן איינגעשלאָפן און אַלע פעדעם פון פאַרטיישקייט זענען מיטאַמאָל איבערגעריסן געוואָרן. פון די 4 צוזאַמענגעבונדענע חברים זענען 2 אַוועק קיין פּאַלעסטינע, איינער קיין אַמעריקע און איך בין געבליבן איינער.

זייענדיק איינזאַם אַ לענגערע צייט, זענען מיר זיך אין יאָר 1910 צונויפגעקומען 3 פּערזאָן פון 3 ריכטונגען: אַ פּועל״צ, אַ בונדאָוויעץ און אַן ס. ס.אָוויעץ. מיר האָבן גענומען טראַכטן, אַזוי ווי ס׳איז נישטאָ איצט קיין ברייט פעלד פאַר פּאַרטיי-אַרבעט, זאָלן מיר באַשאַפן אַ קולטור-צענטר און באַשלאָסן צוזוטרעטן צו גרינדן אַ

ביבליאָטעק אין שערפּץ. באַלד האָבן מיר באַקלערט פּלענער, ווי אַרום אַרויסצוקריגן באַ דער מאַכט די געהעריקע דערלויבעניש. דאָס האָט זיך אונז איינגעגעבן. דורך עט־לעכע אָוונטן האָט מען צונויפגעבראַכט גרעסערע סומען געלט, געדונגען אַ לאָקאַל, געקויפט ביכער. איך האָב זיך אונטערגענומען איינצואָרדנען פאַרשידענע פאַרווייליונ־גען און אָוונטן א. ד. ג. און אַזוי אַרום געשאַפן דעם פינאַנציעלן יסוד פאַר אונזער גייער אונטערנעמונג. מיט דער צייט האָב איך איבערגענומען כמעט די גאַנצע ליי־טונג איבער דער ביבליאָטעק און ביז 1912 איז די ביבליאָטעק אַוועקגעשטעלט גע־וואָרן אויף אַזאַ מדרגה, אַז זי האָט שוין געהאַט אַ קאָלאָסאַלע צאָל יידישע ביכער, אַ געוויסן טייל פוילישע א. א., מיט אַ שיין איינגעאָרדנטן לעזע־זאַל און פראַכטפולן אינווענטאַר. דאָס איז געווען די שענסטע אינסטיטוציע באַ דער יידישער געזעלשאַפט אין שערפּץ. אין 1912 האָב איך צוליב פּריוואַטע סיבות פאַרלאָזט שערפּץ און אָפּגע־געפאָרן קיין אַמעריקע.

ח. ל. פוקאַטש

# דער ערשטער נומער „אַרבעטער־צײַטונג" אין וואַרשע.

**(1918)**

געווען איז דאָס אין נאָוועמבער 1918. אין קיעל (דייטשלאַנד) איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד, דאָס דייטשע פאָלק האָט דערזען, אַז יאָרן לאַנג איז עס גענאַרט און באַשווינדלט געוואָרן. דער דייטשער מיליטאַריזם, וואָס האָט די גאַנצע וועלט אָנגעשטעקט מיט בלוט־דורשט און נקמה־געפילן, איז געבראָכן געוואָרן. די האָהענצאָלערישע דינאַסטיע איז אָפּגעטראָטן, דייטשלאַנד איז אַ רעפּובליק, אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

די ידיעות זענען אָנגעקומען צו אונז קיין פּוילן, וועלכע איז עטלעכע יאָר געטרעטן געוואָרן מיטן שטיוול פון דייטשן אָקופּאַנט. די מאַסן אין לאַנד האָבן אויפגעציטערט און אויפגעבריזט; גענוג מיט דער אָקופּאַציע! פּוילן מוז פריי ווערן!

נישטאָ דער צאַריזם, געפאַלן דער פּרייסישער יונקער, דער אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן מוז ווייטער שפּינען דעם רויטן פאָדעם פון דער רעוואָלוציע.

אונזער פּאַרטיי, די פּועלי־ציון איז, פּונקט ווי אַלע אַנדערע אַרבעטער־פּאַרטייען, אָפּגעשוואַכט צוליב די רעפּרעסיעס מצדן אָקופּאַנט, די אַרעסטירטע חברים־פירער וואַלגערן זיך נאָך אין די געפאַנגען־לאַגערס. קיין אייגענער אָרגאַן דערשיינט נישט, ווייל דער אָקופּאַנט האָט בשום אופן נישט געוואָלט געבן קיין דערלויבעניש.

דער פאַרבאַנדס־קאָמיטעט באַשליסט פאַר יעדן פּרייז אַרויסצוגעבן אַ צייטונג; איצט, אין אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן מאָמענט מוז מען קומען צו די יידישע אַרבעטער מיט אונזער וואָרט.

אָבער אַלע דרוקערײ־אײגנטימער װילן די אַרבעט נישט אָננעמען. זײ האָבן מורא, טאָמער זענען די ידיעות נישט ריכטיקע, און בעזעלער װעט װײטער װײזן, װאָס ער קען, װײל מען נישט אײנשטעלן, זאָגט מען זיך אָפּ צו דרוקן.

דער פאַרבאַנדס־קאָמיטעט איז אין אַ שװערער לאַגע. מען ישובט זיך װידער אַמאָל און מ׳בלײבט װידער באַם באַשלוס: פאַר יעדן פּרײַז, די װאָך מוז זײַן אַ נומער!

דער באַשלוס װערט געמאָלדן אונז, אַ גרופּע װאַרשעװער חברים און אַ פאָר־שטײער פון װאַרשעװער קאָמיטעט.

אײן שעה שפעטער קומט פאַר אַ באַראַטונג פון עטלעכע חברים, און עס בלײבט צו מאַכן אַ „באַזוך" אין אײנער פון די ײדישע רעדאַקציעס, װעלכע געפינט זיך אויף נאַלעװקעס און איז אונטערגעשטיצט געװאָרן פון די דײטשע יאַהודים, און צװינגען די אַדמיניסטראַציע און דרוקערײ פאַרטיק צו מאַכן אונזער נומער.

אַדורכצופירן דעם פּלאַן און באַשטימען חברים צו דער אַרבעט איז איבערגע־געבן געװאָרן דעם ח׳ י צ ח ק ר. (איצט אין לעטלאַנד), ש נ י י ע ר ס אָ ן (איצט אין מאָסקװע) און אַ דריטן חבר, מ ש ה (איצט אין פּױלן). אַלס רעדאַקטאָר האָט מען באַ־שטימט דעם חבר ז ע ל י ק.

אין דער נאַכט פון דעם 13־טן נאָװעמבער זענען 25 חברים פּלוצלינג אַרײַנגע־קומען אין דער אַדמיניסטראַציע פון „ײדישן װאָרט" און מיט אַ פרײַנטלעכן „גוטן אָװנט" און ברױנינגס אין די הענט באַגריסט זיך מיט דעם נאַכט־פּערסאָנאַל פון דער אַדמיניסטראַציע. בליץ־שנעל זענען פאַרנומען געװאָרן די 2 טעלעפאָנען, באַ אַלע פענסטער און טירן זענען פונאַנדערגעשטעלט געװאָרן װאַכן, און חבר י צ ח ק האָט זיך געװענדט צו די אָנגעשטעלטע מיט פאָלגנדע װערטער: חברים, דער װאַרשעװער קאָמיטעט פון דער פּועלי־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט אונז געשיקט דאָ אַהער אָפּ־צודריקן אַ צײַטונג. מיר פאַרלאַנגען פון אײַך, איר זאָלט אויספירן אַלע אָנװײַזונגען און פאַראָרדנונגען, װאָס מיר װעלן אײַך געבן. קײן אײנער פון אײַך װעט דעם לאָקאַל נישט פאַרלאָזן ביז מיר װעלן אונזער אַרבעט נישט פאַרענדיקן. מיר זענען זיכער, אַז איר, חברים, װעט אונז נישט צװינגען, מיר זאָלן דאַרפן קעגן אײַך אָנװענדן מיטלען, װאָס װעלן אײַך װײ טון.

אײנער פון די מיטאַרבעטער האָט אפילו געפּרוּװט זיך אַנטקעגנשטעלן און אָנ־הײבן טומלען. אָבער די ענערגישע שריט פון ח׳ משה האָבן אים גלײַך שטיל געמאַכט.

אַ רײ קלײנע אינצידענטן זענען נאָך פאָרגעקומען מיט אַ טײל פונם זעצער־פּער־סאָנאַל, הױפּטזעכלעך מיט די באַװאוסטזיניקע, װעלכע האָבן זיך באַמיט צו צעשטערן אונזער פּלאַן. אַזױ האָט אײנער, אַ בונדאָװיעץ, זיך אָפּגעזאָגט צו זעצן „פּעצעקישע" ליטעראַטור. ער איז איזאָלירט געװאָרן אין אַן אַרעסט־צימער, װאו צװײ חברים האָבן אים געהיטן אין משך פון עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד, מען האָט אים נישט דערלויבט צו

פארלאָזן דאָס אָרט, הגם ער האָט גרייליך זיך אין דעם שטאַרק געניטיקט, סוף כּל סוף האָט ער צו זיך געבעטן רופן דעם חבר קאָמענדאַנט און דערקלערט: „איך וועל שוין אַרבעטן, איב לאָזט מיך אַרויס פון דעם אַרעסט".

די אַרבעט איז שוין ווייטער געגאַנגען אין אַ נאָרמאַלן טעמפּאָ. די זעצער האָבן זיך אפילו צוגעוווינט, ווי שטענדיק בשעת דער אַרבעט. דאָס געווער, וואָס האָט זיך געפונען בּאַ די חברים, איז אָוועקגעשיקט געוואָרן און מען האָט געבּרענגט ברויט און וואורשט און ביר, וואָס די חברים, צוזאַמען מיט די אַרבעטער, האָבן גאַנץ לעבעדיק אויפגעריימט. נאָך אַ ווײַלע, און ס'איז נישט געווען צו דערקענען, אַז אָט די רעדאַקציע און דרוקערײַ זענען גאָר אָקופּירט געוואָרן מיט געוואַלט פון נישט געוואונשענע געסט.

מיר האָבן נישט גוט באַרעכנט צום גרויסן פאַרנעם פון דער אָרטאָדאָקסישער צײַטונג, און עס האָט אונז אויסגעפעלט מאַטעריאַל אויף אַ גאַנצער זײַט. קיין צײַט צו שרײַבן נײַע אַרטיקלען איז נישט געווען און וואו צו לקחנען אַרטיקלען פון אייגענע איז אויך נישט געווען. בלית ברירה האָבן מיר די גאַנצע זײַט אויסגעפילט מיט רע- וואָלוציאָנערע לאָזונגען, און 6 אַ זייגער אינדערפרי האָט אונזער חברה פאַרלאָזט די רעדאַקציע מיט 15,000 עקזעמפּליאַרן „אַ ר ב ע ט ע ר - צ ײַ ט ו נ ג". 1,500 עקזעמ- פּליאַרן האָבן מיר איבערגעלאָזט פאַר דער אַדמיניסטראַציע אַ מתנה צום פאַרקויפן די צײַטונגס-פאַרשפּרייטער.

נאָכן איבערגעבן אַ קוויטונג פון וואַרשעווער קאָמיטעט, אַז מיר האָבן דערהאַלטן אַזוי פיל עקזעמפּלאַרן צײַטונג, האָט דער לעצטער חבר אונזערער פאַרלאָזט דעם לאָ- קאַל פון דער רעדאַקציע.

די דרײַ באַשטימטע חברים האָבן 7 אַזייגער אינדערפרי איבערגעגעבן צו דער דיספּאָזיציע פון פאַרבאַנדס-קאָמיטעט די צײַטונגען מיט אַ געהעריקן ראַפּאָרט.

בּאַ אַזעלכע באַדינגונגען איז געשאַפן געוואָרן דער 1-טער נומער אונזער „אַר- בעטער-צײַטונג".

אויף מאָרגן האָט זיך באַוויזן אַ ידיעה אין „יידישן וואָרט", אַז צוליב דעם, וואָס אין דער נאַכט פון מיטוואָך אויף דאָנערשטיק איז די רעדאַקציע באַפאַלן געוואָרן פון אַ באַנדע באַוואָפנטע אַרבעטער, וועלכע האָבן געצוואונגען אָפּצודריקן אַ צײַטונג מיט גע- וואַלט, איז דאָס „יידישע-וואָרט" נישט דערשינען.

פּלייכצײַטיק האָט די רעדאַקציע געפאָדערט פון אונז, מיר זאָלן צוריקשיקן די „געגנבעטע 2 פּאַלטנס", וואָס מיר האָבן כּלומרשט צוגענומען.

**זווירער.**

## מאַי־אויפרוף פון יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט פועלי־ציון אין 1905.

פראָלעטאַריער פון אַלע נאַציעס, פאַראייניקט אייך!
יידישע פראָלעטאַריער, פאַראייניקט אייך אונטער דער
פאָן פון „פועלי־ציון"!

1-טער מאַי.

### צו אַלע יידישע אַרבעטער!

חברים!

ס'איז אָנגעקומען דער 1־טער מאַי, אונזער הייליקער פראָלעטאַרישער יום־טוב. כמעט צוויי צענדליק יאָר פייערט דער אַלוועלטלעכער פראָלעטאַריאַט דעמדאָזיקן טאָג און מיט יעדן יאָר פאַרגרעסערט זיך כסדר די צאָל פון די, וואָס פייערן, וואַקסט און ווערט מונטערער די אַלוועלטלעכע אַרבעטער־משפחה, וואַקסט און שטייגט זייער כוח, צום אומגליק פון אונזער אַלגעמיינעם שונא — דעם קאַפּיטאַליזם, צום גליק פון דער גאַנצער מענטשהייט.

נישט לייכט איז געווען דער וועג, אויף וועלכן ס'איז געגאַנגען די אַרבעטער־באַוועגונג. יעדער טריט אויף דעמדאָזיקן וועג האָט געקאָסט בלוט, טרערן און יסורים. די שונאים פונם אַרבעטער־קלאַס האָבן נישט געשפּאָרט קיין קלעפּ, נישט געקאַרגט קיין פּיין און תליות. נאָך גאָר נישט לאַנג האָט מען אין מערב־איראָפּע געהאַלטן די פּייערונג פון ערשטן מאַי פאַר אַ פאַרברעך. און בא אונז אין רוסלאַנד באַגעגנט אויך נאָך איצט די רעגירונג, וועלכע שטייט אויף דער וואַך פון די אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטן, מיט באַגנעטן און נאַהייקעס די אַרבעטער, וואָס פייערן דורך אַ פרידלעכער מאַניפעסטאַציע זייער יום־טוב פון אַרבעט.

אָבער צי איז עס אַ יום־טוב?

שווער איז נאָך אונזער לעבן. אָן אַ שטראַל ליכט איז אונזער קיום. שטיקנד און

דומפיק אין די אטמאספער, אין וועלכער מיר לעבן און וואו מיר שלעפן טאג־אייך טאג אויס די ליאמקע, זוכנדיק א שטיקל ברויט. דאס הארץ ווערט צעריסן, די אויגן ווערן בלינד, מיט שווייס און מיט בלוט ווערט באגאסן דער ארבעטער אין זיין שווערער פראצע, פארמשפט דורך דעם אייזערנעם געזעץ אויף א האלב־הונגעריקער עקזיסטענץ. און ווען ס׳וועט זיך אונטעררוקן די עלטער, וועט דער גיריקער קאפיטאליסט, האבנדיק אויסגעזויגן בא דעם ארבעטער־קלאס אלע זאפטן, ארויסשליידערן אים, ווי אן אומבייטיקע אויסגעקוועטשטע לימענע אויפן ברוק פון גאס.

און אזוי לאנג, ווי עס עקזיסטירן אזעלכע באדינגונגען, כל־זמן ס׳איז מעגלעך די אומגעהייערע עשירות פון איינע און די מוראדיקע ארעמקייט פון אנדערע, די זאטע פוסט־ און־פאסטקייט פון קארגע טויזנטער און די אומאויפהערלעכע, שווערע הארעוואניע, וואס הרגעט אוועק די נשמה און דעם גוף פון מיליאנען, אזוי לאנג איז דער 1־טער מאי נישט קיין טאג פון יום־טוב, נאר א טאג פון קאמף.

אין דעמדאזיקן טאג דערקלערן אנטשלאסן און מעכטיק די דעמאנסטראציעס פון פיל טויזנטער ארבעטער אין אלע ווינקעלעך פון דער ערד דער זאטער און אויסגעלאסענער וועלט פון עקספלואטאטארן, אז די וועלט פון הונגעריקע, די וועלט פון האררעפאשניקעס איז אויפגעשטאנען פאר אירע רעכט און שפאנט אומגעבויגן און שטורמיש פארווערטס צו איר באפרייונג, שפאנט פארווערטס און העכער.

אין טאג פון 1־טן מאי מאכט דער פראלעטאריאט פון דער וועלט דעם סך הכל פון זיינע כוחות: ער פילט דאן זיין קראפט און מאכט, זיין באדייטונג. עס פילן זיין מאכט אויך זיינע שונאים, די קאפיטאליסטן און אלע הערשער און בעלעבאטים.

זיי האבן מורא פאר זיין דערוואכן. ווארים זיי פילן, אז ס׳וועט קימען א טאג, ווען דאס ארבעטער־פאלק, נאכגיביק, ציטריק און שטום אין משך פון טויזנטער יארן, וועט פלוצלינג זיך אויפכאפן און פון זיי, די דורכגענומענע מיט שרעק, א פאדער טון באלדיקן חשבון.

שטאלץ פלאטערט די רויטע ארבעטער־פאן אין טאג פון 1־טן מאי. פון די פארחושכטע קווארטאלן, פון די ארעמע וואוינונגען, פון די פארקאפטשעטע, דושנע ווארשטאטן ציען זיך אין לאנגע שורות די ארבעטער. זיי האבן זיך צוזאמענגעקליבן אינאיינעם האנט־בא־האנט, מיט ליכטיקע פנימער, מיט גלאנציקע אויגן, געקומען פון חושך צום ליכט, באגריסן די זון און די אנקומענדיקע פרייהייט. און אויבן, אינדערהייך, איבער די קעפ, פלאטערט די רויטע ארבעטער־פאן.

און מיט טויזנטער שטימען שרייט דער ארבעטער־המון: פראלעטארייער פון אלע נאציעס פאראייניקט אייך! עס לעבע די סאציאלע רעוואלוציע!

און אונטער דעם איינמוטיקן דרוק פון דעם אינטערנאציאנאלן פראלעטאריאט קנאקט און טרייסלט זיך דער אלטער, מיט שווייס און בלוט אנגעזאפטער, בנין פון קאפיטאליזם. און ווען ער וועט איינפאלן, און אויף זיינע חורבות וועט דער אלוועלטלעכער פראלעטאריאט אויפבויען א נייע וועלט, א וועלט פון פרייהייט, גלייכהייט און

ברידערלעכקייט; ווען די די רייכטימער, אָנגעזאַמלטע דורך דער פּראַצע פון אַרבעטער, וועלן איבערגיין אין זייער רשות, ווען ס'וועט אָנקומען דער ס אָ צ י אַ ל י ז ם, — דעמאָלט וועט דער ערשטער מאַי זיין אונזער אמתער אַרבעטער־יום טוב.

חברים, יידישע אַרבעטער!

אין טאָג פון ערשטן מאַי, אין טאָג, ווען ס'ווערן געציילט און מאָביליזירט די כוחות פון פּראָלעטאַריאַט פון אַלע נאַציעס, ווען די אַרבעטער פון אַלע לענדער זאַמלען זיך צונויף און פּראָקלאַמירן פאַר די קאַפּיטאַליסטן און בורזשואַזע רעגירונגען זייערע רעכט און פאָדערונגען, און אויסשטרעקנדיק ברידערלעך אייגע די אַנדערע די הענט, רופן זיי צום קאַמף קעגן דעם אַלגעמיינעם שונא — דעם קאַפּיטאַליזם, — אין דעמדאָזיקן טאָג וועלן אויך מיר וואַרפן די אַרבעט, פאַרלאָזן די דושנע וואַרשטאַטן און נאַסע קעלערס, וואוהין ס'האָט אונז פאַרטריבן די נויט, וועלן זיך פאַרייניקן אונטער אונזער יידישער אַרבעטער־פאָן און צוזאַמען מיט דער אויפגעוואַכטער נאַטור מעלדן דער וועלט וועגן אונזער אויפוואַכונג.

אין דער אַלגעמיינער גרויסער משפחה פון אַרבעטער פון אַלע נאַציעס זענען מיר, יידישע אַרבעטער, צומערסטן אונטערדריקט, צומערסטן עקספּלואַטירט, מיר — די צומערסטן רעכטלאָזע צווישן די רעכטלאָזע. מער פון אַלע אַנדערע אונטערדריקט אונז די צאַרישע רעגירונג. זי מאַכט אויף אונז פּאָגראָמען, זי שטיקט אונז אין דעם ענגן תחום־המושב. אויך דער קאַפּיטאַל דריקט אונז שטאַרקער, ווי זיי אַנדערש. בעת די אַרבעטער פון אַנדערע נאַציעס אַרבעטן אין פאַבריקן און זאַוואָדן, מאַטערן מיר זיך אין נאַסע, פינצטערע, קאַלטע, פאַרחושכטע קעלערס, בייגן אונזערע פּלייצעס, מאַכן זיך קאַליע די אויגן אין קלאָגעדיקן קליינעם וואַרשטאַט. און היינט, דעם ערשטן מאַי וועלן מיר, ווי אַלע אונזערע חברים, וואַרפן אונזער אַרבעט, איבערלאָזן אונזערע וואַרשטאַטן און גלייך מיט אַלע אַרבעטער אַרויסגיין אויף דער גאַס און דערקלערן פאַר דער גאַנצער וועלט אונזערע רעכט און פאָדערונגען.

זאָל שטאָלץ פלאַטערן אונזער יידישע אַרבעטער־פאָן, די פאָן פון פּועלי־ציון! זאָל העכער און מעכטיקער שאַלן אונזער רוף:

נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! נידער מיט דער מלחמה! עס. לעבע די פּאָליטישע פרייהייט! עס לעבע דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם! עס לעבע דער סאָציאַליזם! עס לעבע די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי.

יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט „פּועלי־ציון".

נאָכן איבערלייענען, גיב איבער דעם חבר!

דרוקעריי פון יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט.

געדר. 10.000 עקז.

# די נאַציאָנאַלע און קלאַסן־מאָמענטן אינם פּראָגראַם פון פּועל"צ.

(רעזאָלוציע פון דער ערשטער פּאָלטאַווער ראַיאָן־קאָנפערענץ, דעצעמבער 1905)

## I

די מענשהייט איז צעטיילט אויף געזעלשאַפטן (פעלקער און נאַציעס); די לעצטע — אויף קלאַסן. די פעלקער שיידן זיך אונטער איינער פון צווייטן צוליב דעם, וואָס זיי זענען אַנטשטאַנען און האָבן זיך אַנטוויקלט אין פאַרשידענע קאָמפּלעקסן פּראָדוקציאָנס־באַדינגונגען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן; די קלאַסן, ווידער, טיילן זיך אויס לויט דעם אַנטייל, וואָס זיי נעמען אין דעם עצם אופן פון דער פּראָדוקציע.

פון דעם סכום באַדינגונגען פון פּראָדוקציאָנס־לעבן זענען תחילת צום מערסטן משפיע די גישט־געזעלשאַפטלעכע (פיזיק־קלימאַטישע, געאָגראַפישע, ראַסע); מיט דער צייט אָבער באַקומען אַלץ אַ גרעסערן איינפלוס די אינערלעכע און אויסערלעכע געזעלשאַפטלעכע היסטאָרישע באַדינגונגען; צו זיי געהערט דער צושטאַנד פון די פּראָדוקציאָנס־פאַרהעלטענישן אין געגעבענעם מאָמענט און די לאַגע פון דעם באַשטימטן געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם צווישן די אַרומיקע געזעלשאַפטן.

ביזן אויפקום פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט איז דער קאַמף צווישן די קלאַסן פון דער געזעלשאַפט נישט אַרויס מחוץ די ראַמען פון פאָלק. מיטן אָנקום אָבער פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט ווערט דער קלאַסן־קאַמף אָפּגעפאַרבט אין אַ דאָפּלטער פאַרב: אין אינטערנאַציאָנאַלער, אויף וויפיל דער קאַפּיטאַליזם נעמט אַרום און פאַרייניקט אַלע געזעלשאַפטן פון דער הייגטיקער וועלט, אומאָפּהענגיק פון די באַדינגונגען פון זייער פּראָדוקציאָנס־לעבן; אין נאַציאָנאַלער, אויף וויפיל עס עקזיסטירן פונדעסטוועגן פאַרשידענע קאָמפּלעקסן פּראָדוקציאָנס־באַדינגונגען פאַר פאַרשידענע נאַציעס.

סאָציאַלע פראַגן אַנטשטייען דאָרט, וואו ס'קומט פאַר אַ קאָנפליקט צווישן דער

אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוציר־קרעפֿטן און דעם מצב פֿון די פּראָדוקציאָנס־באַ צ י ו נ ג ע ן; נאַציאָנאַלע פֿראַגן אַנטשטייען דאָרט, וואו ס'קומט פֿאַר אַ קאָנפֿליקט צווישן דער אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוציר־קרעפֿטן און דעם מצב פֿון די פּראָדוקציאָנס־באַ ד י נ ג ו נ ג ע ן (הויפּטזעכלעך, די אויסערלעכע, געזעלשאַפֿטלעכע).

די טעריטאָריע איז אין זיך כּולל אַלע פּראָדוקציאָנס־באַדינגונגען. די פֿאָרמען פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און די סאָציאַלע אינטערעסן פֿאַרמאָגן אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער נאָר אויף וויפֿיל זיי האָבן אַ וועלכע עס איז, פּאָזיטיווע אָדער נעגאַטיווע, דירעקטע אָדער אומדירעקטע, נאָענטע אָדער ווייטע, שייכות צו דער טעריטאָריע.

היות ווי די שייכות פֿון באַזונדערע קלאַסן אין דער נאַציע צו דער טעריטאָריע איז אַ פֿאַרשידענע און ס'זענען פֿאַרשידן די קלאַסן־אינטערעסן, וועלכע זענען צונויפֿגעבונדן מיט דער טעריטאָריע, — זענען בכן אויך די נאַציאָנאַלע אינטערעסן אַנדערע בײַ פֿאַרשידענע קלאַסן פֿון דער נאַציע, און נאָר זעלטן טרעפֿט, אַז דער אינהאַלט פֿון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, אַ דאַנק באַזונדערע באַדינגונגען, פֿאַלט־צונויף בײַ אַלע אָדער בײַ עטלעכע קלאַסן אין דער נאַציע.

פֿאַר די גרויס־אַגראַריער גילט די טעריטאָריע, ווי אַ שטיק־פּונקט פֿון פּאָליטישער מאַכט און מקור פֿון ערד־רענטע; די גרענעצן פֿון פּאָליטישער מאַכט פֿאַלן־צונויף מיט די גרענעצן פֿון דער מלוכה־שפּראַך און דער שליטה פֿון די „פּאַטערלענדישע יסודות".

פֿאַר דער קליין־בורזשואַזיע דינט די טעריטאָריע ווי אַן אינערלעכער, געברויכס־מאַרק; אויך ער איז באַשרענקט מיט דער גרענעץ, ווי ווייט עס איז פֿאַרשפּרייט די שפּראַך; דעריבער איז בײַ אָט די ביידע קלאַסן דער נאַציאָנאַליזם פֿון איין מין. ער פֿאַרמאָגט אַ שאָוויניסטישן, אָדער מער פֿרידלעכן, ד. ה. קולטוריסטישן כאַראַקטער.

פֿאַרן גרויסן קאַפּיטאַל האָט גישט די טעריטאָריע און אירע גרענעצן קיין אַנדער באַדייטונג, ווי אַן אָנשפּאַר־באַזע פֿאַר פֿאַרכאַפּן דעם וועלט־מאַרק; דעריבער איז די גרויס־בורזשואַזיע נישט נאַציאָנאַליסטיש, נאָר אימפּעריאַליסטיש, שטרעבט צו וועלט־הערשאַפֿט.

פֿאַר די מאַסן, וואָס פּראָלעטאַריזירן זיך, גילט די טעריטאָריע ווי אַן אַרבעטס־פּלאַץ; דעריבער איז די נאַציאָנאַלע פֿראַגע בײַ זיי אַן עמיגראַציע־פֿראַגע, אַ פֿראַגע פֿון זוכן אַן אַרבעטס־פּלאַץ.

פֿאַרן קעמפֿנדיקן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט שוין פֿאַרנומען אַן אָרט אין דער פּראָדוקציע, באַקומט דער אַרבעטס־פּלאַץ אַ נייע באַדייטונג — פֿון אַ סטראַטעגישער באַזע אין זיין אָרגאַניזירטן קאַמף מיטן קאַפּיטאַל. פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט, אַלס קלאַס, איז די טעריטאָריע אַ סטראַטעגישע באַזע.

דער נאַציאָנאַלער קאַמף ווערט תּמיד געפֿירט צוליב די מאַטעריעלע באַדינגונגען פֿונם פּראָדוקציאָנס־לעבן פֿון דער נאַציע, אַנדערש גערעדט, פֿאַר איר מאַטעריעלן פֿאַרמעג. דער נאַציאָנאַלער קאַמף באַקומט זיין אויסדרוק אין די דערשיינונגען פֿון נאַ־

ציאָנאַלער קאָנקורענץ. אָבער דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס קלאַס, פירט נישט קיין קאָנקורענץ און דעריבער פירט ער נישט קיין נאַציאָנאַלן קאַמף. נאָר זיין קאַמף קעגן קאַפּיטאַל ווערט אָפּגעפאַרבט אין נאַציאָנאַלער פאַרב.

דער נאַציאָנאַלער דרוק לייגט זיך מיט דער גאַנצער משא אויף דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער אונטערדריקטער נאַציע, שטערט און פאַרהאַלט דעם גאַנג פון זיין אַנטוויקלונג און מאַכט זיין סטראַטעגישע באַזע פאַר קנאַפּ-צוגעפּאַסט. דעדאָזיקער אומשטאַנד שאַפט אַן אייגנאַרטיקע באַפאַרבונג פון דעם נאַציאָנאַלן קלאַסן-קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט פון דער אונטערדריקטער נאַציע — נעמלעך, טראָגט אַריין אין זיין פּראָגראַם נאַציאָנאַלע אינטערעסן, וואָס זענען אויסן איבערצואַנדערשן די סטראַטעגישע באַזע אין דער ריכטונג, וואָס זאָל זיין מער גינציק פאַר זיין קלאַסן-קאַמף.

דער קלאַסן-קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט פון אונטערדריקטע נאַציעס פירט מיט היסטאָרישער נויטווענדיקייט דערצו, אַז אין זיין פּראָגראַם זאָלן אַריינגעבראַכט ווערן פונקטן, וואָס זענען נוגע דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג, ד. ה. אין לעצטן סך-הכל דער פאַרבעסערונג פון זיין סטראַטעגישער באַזע.

דאָס פּראָגראַם-מאַקסימום פון יעדן באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט איז די סאָציאַליזירונג פון די פּראָדוציר-מיטלען און די איבערבויונג פון דער געזעלשאַפט אויף סאָציאַליסטישע יסודות; אין דעם פּראָגראַם-מינימום, ווידער, פון יעדער פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע צווישן אונטערדריקטע נאַציעס דאַרף אַריינקומען די פולע באַפרייונג פון נאַציאָנאַלן דרוק, ווייל אָן אָט דער באַפרייונג איז אומדענקבאַר די ריכטיקע אויסנוצונג פון דער סטראַטעגישער באַזע פאַר די צילן פון קאַמף קעגן קאַפּיטאַל.

## II.

די יידישע קליין-בורזשואַזיע ווערט אַרויסגעשטופּט פון איין זייט דורך דער אַלגעמיינער סיבה — דורך דער ווירקונג פונם קאַפּיטאַליזם בכלל; פון דער אַנדערער זייט, דורך דער אייגענער, ספּעציעל-יידישער נאַציאָנאַלער סיבה — די נישט-צוגעפּאַסטקייט צו אויסהאַלטן די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ. פונדאַנען נעמט זיך בא איר אַן אָביעקטיווע (נישט סוביעקטיווע) שטרעבונג צו פּראָלעטאַריזירונג.

שטרעבנדיק צו פּראָלעטאַריזירן זיך, גייט די יידישע מאַסע אַרויס אויפן אַרבעטסמאַרק און באַגעגנט די קאָנקורענץ מצד די (נישט-יידישע) זיך פּראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן; דערביי טרעפט זי אַלע צווייגן פון דער פּראָדוקציע, וועלכע זענען די נאָענטסטע צו די עיקרדיקעווירטשאַפטס-פּראָצעסן שוין פאַרנומענע דורכן אָרטיקן פּראָלעטאַריאַט; די יידן פאַרנעמען יענע צווייגן, וואָס זענען נעענטער צו די ענד-פונקטן פון דעם אויסטויש-פּראָצעס און דעם געברויך.

אַרום אָט די עיקרדיקע ווירטשאַפטלעכע סיבות גרופּירן זיך אייניקע זייטיקע

פאַקטאָרן: די פיזישע שוואַכקייט, דאָס פעלן פון טעכנישע קענטענישן, אַזוי אויך אייניקע צייטווייליקע מניעות (שבת, יחסנישע טראַדיציעס וכדומה). דידאָזיקע פאַקטאָרן פאַרהאַלטן נאָך מער דעם אַריינטריט פון יידן אין העכערע ווירטשאַפטס-צווייגן; בשעת מעשה ווערן אָבער די אָרטיקע זיך פּראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן (שוין צוליבן מאַסן-געזעץ) אַלץ מער אַריינגעצויגן אין די מער פאָרגעשריטענע ווירטשאַפטס-צווייגן.

אויף אַזאַ אופן איז די יידישע אַרבעט איינגאַנצן אַרויסגעשטויסן פון דער פּראָדוקציע פון פּראָדוקציאָנס-מיטלען, מאַשינען, פּראָדוקציע-מאַטעריאַלן, פאַרקערס-וועגן און מיטלען; און אפילו אין דער פּראָדוקציע פון געברויכס-אַרטיקלען איז די יידישע אַרבעט אַרויסגעשטויסן פון דער מאַשין-פּראָדוקציע און איז איינגאַנצן אַריינגעצויגן אין דער קליין-און מאַנופאַקטור-פּראָדוקציע, אָדער אין יענע פאָרמען פון מאַשין-אַרבעט, וואָס זענען צום שעדלעכסטן פאַרן געזונט.

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט וואַקסט דער שטענדיקער (קאָנסטאַנטער) קאַפּיטאַל אויפן חשבון פון דעם פאַרענדערלעכן (וואַריאַבלען) קאַפּיטאַל; די פּראָדוקציע פון פּראָדוציר-מיטלען וואַקסט אויפן חשבון פון דער פּראָדוקציע פון געברויכס-אַרטיקלען.

אין צוזאַמענהאַנג מיט אָט דעם אַלגעמיינעם געזעץ און מחמת די באַזונדערע אייגנטימלעכקייטן פון די יידישע זיך פּראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן, בלייבן איבער פאַר דער יידישער אַרבעט די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע ווירטשאַפטס-צווייגן, וועלכע ווערן אינטענסיוו אַרויסגעשטופּט.

דער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז אויף אַזאַ אופן באַזייטיקט פון אַלע פּראָדוקציע-נערוון אין לאַנד און קאָן דעריבער נישט פירן קיין ריכטיקן און דערפאָלגרייכן קאַמף קעגן קאַפּיטאַל.

אַ דאַנק דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, וועלכע ווערט נאָך קאָמפּליצירט דורך אַ ריי זייטיקע און צייטווייליקע פאַקטאָרן, ווערן די ברייטע יידישע מאַסן אַרויסגעשטויסן פון אַלע צווייגן פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט; זייערע באַדערפענישן (פון דער יידישער מיטעלער בורזשואַזיע — *אין אַן אָפּזאַץ-מאַרק פאַר סחורות*; פון די יידישע זיך פּראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן — *אין אַן אַרבעטס-פּלאַץ*; פון יידישן פּראָלעטאַריאַט — *אין אַ סטראַטעגישער באַזע*) באַקומען נישט קיין גענוגנדע באַפרידיקונג הן אין כמות, הן אין איכות.

דאָס רופט זיך אָפּ שווער אויף דער לאַגע פון די יידישע פאָלקס-מאַסן. דאָס וואָס עס פעלן אין די יידישע הענט וועלכע עס איז און וויפיל עס איז וויכטיקע נערוון פון ווירטשאַפטלעכן לעבן שטעלט אַרויס די יידישע מאַסן אָפּן פאַר אָנפאַלן פון אַלע זייטן און מאַכטלאָז באַם פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן.

אויף אַזאַ אויפן ווערט אַלץ מער און שטאַרקער אָנגעריפט אין דער יידישערווירקלעכקייט דער קאָנפליקט צווישן דער באַדערפעניש און אוממעגלעכקייט; דערדאָזיקער קאָנפליקט ווערט צוגעגרייט דורך דעם, וואָס די יידישע מאַסן, דער פּראָלעטאַר-

יאַט און די, וואָס זענען נאָנט צום פּראָלעטאַריאַט, באַמיען זיך צו באַפרידיקן זייערע באַדערפעניש אין באַדינגונגען, אין וועלכע זיי זענען אַנטשטאַנען, וואָס עס באַקומט אַן אויסדרוק אין די אַסימילאַטאָרישע און האַלב-אַסימילאַטאָרישע שטרעמונגען. אָבער מיטן וואוקס פון קאָנפליקט, פילן אַלץ שטאַרקער די מאַסן די באַדערפעניש אַריבערצוטראָגן דעם אַרבעטס-פּלאַץ און די סטראַטעגישע באַזע (די בורזשואַזיע — דעם מאַרק) אין נייע ערטער, אין נייע קאָמפּלעקסן פון באַדינגונגען.

און וואָס מער די יידישע פאָלקס-מאַסן ווערן אינטענסיוו און אַלזייטיק אַרויסגעשטויסן אויף אַלץ אַ גרעסערן שטח פונם ערד-קוגל, רייפט באַ זיי אָן די טענדענץ צו שאַפן נאָרמאַלע באַדינגונגען פאַר פרייער אַנטוויקלונג אויף אַן אייגענער טעריטאָריע, וועלכע דאַרף גילטן פאַר דער בורזשואַזיע — ווי אַ מאַרק, פאַר די זיך פּראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן — ווי אַן אַרבעטס-פּלאַץ, און פאַרן פּראָלעטאַריאַט — ווי אַ פּלאַץ, אַ סטראַטעגישער.

די יידנפראַגע פאַרלירט כסדור איר צעבראָקלטקייט איבער פאַרשידענע לענדער און ווערט קאָנסאָלידירט אין איין אַלוועלטלעכער יידנפראַגע. דידאָזיקע פּראָצעסן אַנטשפּרעכט אַ דאָפּלטע טענדענץ: פון איין זייט דריקט זי זיך אויס אינם וווּקס פון דער נאַציאָנאַל-באַפרייענדער באַוועגונג; באַ די ברייטע יידישע מאַסן נעמט אָן אָט די באַוועגונג אַ פּרינציפּיעל-טעריטאָריאַליסטישן כאַראַקטער. פון דער אַנדערער זייט באַמיט זיך די גאַנצע אַרומיקע וועלט מיט אַלע מיטלען צו באַזייטיקן די שעדלעכע פאַר איר פאָלגן פון דער יידישער אַרויסשטויסונג און אַנטאַרטונג (ווי אַ שטייגער, בעטלעריי, דעמאָראַליזאַציע, עמיגראַציע, אימיגראַציע, אַנאַרכיזם און ד. גל.). מיט דער צייט הייבט זי אויך אָן צו פילן דעם קאָנפליקט צווישן דער באַדערפעניש און דער אוממעגלעכקייט. דאָ איז דער קאָנפליקט נישט דער ערך אַ ווייניקער קרענקלעכער און שווערער, ווי לגבי די יידן; פונדעסטוועגן ווערט ער אויך אַרויסגערופן אַ דאַנק דער פאַראינטערעסירטקייט פון די אַרומיקע גרויס-בורזשואַזע און פּראָלעטאַרישע עלעמענטן אין דער ראַדיקאַלער לעזונג פון דער יידנפראַגע. די יידנפראַגע ווערט אַלץ מער אַן אַלוועלטלעכע הן לגבי די יידן און פונקט אַזוי לגבי די אַרומיקע פעלקער; די יידישע נאַציאָנאַלע באַפרייונגס-באַוועגונג פאַרשפּרייט זיך אַלץ מער צווישן די יידן פון גאַנצן ערד-קוגל און געווינט אַלץ מער די סימפּאַטיעס פון די אַרומיקע פעלקער.

אין אַוואַנגאַרד פון אָט דער באַפרייונגס-באַוועגונג שטעלט זיך דער באַוואוסטזיניקער און אָרגאַניזירטער יידישער פּראָלעטאַריאַט אונטער דער אָנפירונג פון י. ס. ד. אַ. פּ. „פּועלי-ציון“, און נאָך אים ציען זיך אַנדערע פאַראינטערעסירטע מאַסן פון יידישן פאָלק. און די באַוועגונג ווערט פאַרווירקלעכט באַ דער מיטהילף פון אַלע באַוואוסטזיניקע עלעמענטן פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, פון דער בורזשואַזיע, אַזוי אויך באַזונדערס פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון די אַרומיקע פעלקער. אין די אינטערעסן פון זיין באַפרייונג, נוצט אויס דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, לויט מעגלעכקייט, אויך די כוחות און אינטערעסן, וועלכע רייפן אָן באַ אַנדערע קלאַסן און גרופּן סיי פון איי-

געגעם פאָלק, אַזוי אויך אַ חוץ די יידן, אויף וויפל דידאָזיקע כּוחות און אינטערעסן העלפן־מיט צו אַריבערטראָגן די פּראָלעטאַרישע יידישע סטראַטעגישע באַזע אויף אַ באַזונדערע טעריטאָריע מיט אַן אויטאָנאָמען יידישן יישוב.

## III.

אָנמערקונג. 1) בנוגע דער פראַגע וועגן דער „קולטורקייט" און בערכדיקן „ניוואָ פון באַדערפעגישן" פון דער יידישער באַפעלקערונג, זענען זיך די מיינונגען פונאַנדערגעגאַנגען. אייניקע מיטגלידער פון צוזאַמענפאָר האַלטן דידאָזיקע סיבות פאַר שטענדיקע, אַנדערע — פאַר צייטווייליקע.

2) וועגן דעם בערך גרעסערן רעוואָלוציאָנערן זעלבסט־באַוואוסטזיין פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, ווי אויך פון די יידישע זיך־פּראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן האָבן זיך די מיינונגען פון די אָנטיילנעמער אין צוזאַמענפאָר צעטיילט: אייניקע האַלטן, אַז דער דאָזיקער פאַקט איז דורכויס אַ צייטווייליקער, אַנדערע באַטראַכטן אים פאַר אַ שטענדיקן. און נאָך אַנדערע, ווידער, מיינען, אַז ער איז אַ רעזולטאַט פון אייניקע שטענדיקע, ווי אויך פון אייניקע צייטווייליקע סיבות.

3) איינער פון די חברים־דעלעגאַטן איז געבליבן בּאַ אַ באַזונדער מיינונג בנוגע דער אַלוועלטלעכקייט פון דער יידן־פראַגע. ער האַלט זי פאַר אַן אַלוועלטלעכע פראַגע נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפיל עס האָבן זי פאַר אַזאַ געמאַכט די איינוואַנדערונג און דורכוואַנדערונג אין באַשטימטע, אָדער דורך באַשטימטע לענדער. זעלבשטענדיק איז די יידן־פראַגע, לויט דער מיינונג פון דעם חבר, אַנטשטאַנען נאָר אין די מזרח־לענדער (רוסלאַנד, רומעניע, גאַליציע און מאַראָקאָ), אַ דאַנק דעם אייגנאַרטיקן אָוועקשטעלן די אַגראַר־פראַגע אין אָט די לענדער.

# מעלדונג וועגן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר

## פון דער ייד. סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרב. פּאַרטיי (פּועלי-ציון)

חברים!

אַ דורכגייענדיק קאָנסעקווענט פאַרשידענע שטאַפּלען פון זיין אַנטוויקלונג, האָט דער געדאַנק פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד און פּוילן לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט, זוכנדיק אַזעלכע פּראָגראַם- און אָרגאַניזיר-פאָרמען, וועלכע זאָלן אויסדריקן אַלע זיינע אידעאַלן, אַרומנעמען און לעזן די אויפגאַבן, וואָס ווערן דורכן לעבן אַרויסגערוקט.

צוגויפגעדריקט אין די צוואַנגען פון אַכזריותדיקער עקספּלואַטאַציע, האָט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט שוין לאַנג גענומען זיך אָרגאַניזירן צום קאַמף קעגן דעם אַלעם, וואָס איז פאַרבונדן מיט די פאַרהאַסטע פאָרמען פון קאַפּי. טאַלס הערשאַפט, שוין לאַנג זיך דורכגעדרונגען מיט קלאַסן-זעלבסטבאַוווסטזיין און טיף אויפגענומען און אין זיך איינגעזאַפּט דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל.

אינם אָנגעשטרענגטן קאַמף קעגן די עקספּלואַטאַטאָרן האָט ער אָנגעטראָפן דעם סטיכישן ווידערשטאַנד מצד דער פאַרגליווערטער זעלבסטהערשאַפט וועלכע איז שוין געווען נאָנט צו איר גסיסה. דער יידישער אַרבעטער האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף דער דאָזיקער פאַרצווימונג מיטן גאַנצן ברען פון זיין קאַמפּס-צאָרן און איז אַריינגעטרעטן אין די רייען פון די קעמפנדיקע פּראָלעטאַריער-ברידער פון גאַנצן לאַנד.

פאַרמאָגנדיק זיינע באַזונדערע קולטור-נויטן, אויסגעוואַקסן אין אַ אייגנאַרטיקער נאַציאָנאַלער סביבה, האָט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, אַריינקומענדיק אין די פאָדערשטע רייען פון רוסלענדישן רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד, זיך אָרגאַניזירט באַזונדער פון די פּראָלעטאַריער פון אַנדערע נאַציעס און געווען גרייט זיך צו באַנוגנען מיט אָט די אָרגאַניזאַציאָנעלע יסודות. אָט די אַנטוויקלונגס-מדרגה פון יידישן פּראָלעטאַריאַט האָט באַקומען איר אויסדרוק אינם בונד.

אָבער אין גיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די באַזונדערע אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט האָט אַ פּיל טיפערן יסוד, ווי די פּשוטע נויטיקייט זיך צוצופּאַסן צו די גייסטיקע קולטור-באַדינגונגען פון זיין לעבן; עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין די פּראָצעסן פון קלאַסן-קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם און זעלבסטהערשאַפט איז די פּאָזיציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אַרומגעשטעלט מיט אייגנאַרטיקע, אויסערסט קרענקלעכע אָפּנויגונגען, אַז די סטראַטעגישע באַזע, אויף וועלכער ער פירט זיין קאַמף, נויטיקט זיך אין אַ ראַדיקאַלער פאַרבע-סערונג, אום ער זאָל קאָנען פריי זיך אַנטוויקלען און קעמפן מיט דערפאָלג פאַר זיינע אוממיטלבאַרע אינטערעסן און פאַרן ליכטיקן שטראַלנדן אידעאַל.

אין דער זעלבער מאָס, ווי עס האָבן זיך קלאָרער אָנגעצייכנט די דער-שיינונגען, וואָס זאָגן עדות אויף דער אומנאָרמאַלקייט פון דער סטראַטעגישער באַזע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, אַלץ טיפער און ברייטער האָט זיך פאַרשפּרייט דאָס באַוווסטזיין וועגן דער נויטיקייט אַריבערצופירן זי אין אַנדערע בעסערע באַדינגונגען, רעוואָלוציאָניזירן דאָס גאַנצע יידישע לעבן, ביזן סאַמע וואָרצל. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז אים וועט אויסקומען אַריבערטראָגן זיין קלאַסן-קאַמף אין אַ נייער סביבה, אויף אַ נייער טעריטאָריע, ווו ס'וועלן אַוועקגעלעגט ווערן וועגן פאַר דער פרייער אַנט-וויקלונג פון דער יידישער פּראָדוקציע, ווו ס'אַנטשטייט אַ זעלבשטענדיקע יידישע נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט.

דאָס טעריטאָריאַליסטישע באַוווסטזיין איז דורכגעדרונגען אין די ברייטע מאַסן פון רעוואָלוציאָנערן יידישן פּראָלעטאַריאַט, די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָ-מיע איז געוואָרן אַן אומטייַלבאַרער און וועזנטלעכסטער מאָמענט פון זיין פּראָגראַם. כל זמן די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע, און אפילו די טעריטאָריע גופא זענען פאַרבליבן נישט מער, ווי אַ פאַרלאַנג, אַ סוביעקטיווע באַדערפעניש פון די יידישע מאַסן, כל זמן די אָביעקטיווע טענדענצן פון לעבן אַליין, אומאָפּהענגיק פון יעדן פּאַרטייאישן איינפלוס, האָבן נישט אָנגעהויבן צו שאַפן אַ רעאַלן באָדן פאַרן באַוווסטזיניקן אַריינמישן זיך פון דער פּאַרטיי אינם סטיכישן פּראָצעס, — ביז דאַן איז געבליבן אָפן די פראַגע וועגן דער דערגרייכונג פון דעם וויכטיקסטן פּראָגראַם-פונקט, און די באַוועגונג האָט געטראָגן אַן אוטאָפּישן כאַראַקטער.

אין דער צייט זענען אויפגעקומען פּילצאָליקע גרופּן פּועלי-ציון אין תחום און אויסערן תחום; זיי זענען אַנטשטאַנען אָן וועמענס עס איז הילף און אַרויסגעוואַקסן פון די לעבנס-באַדערפענישן פון קעמפנדן יידישן פּראָלעטאַ-ריאַט, זענען זיי אַרויסגעקוועטשט געוואָרן פון אונטערן שווערן פּרעס פון יענעם ווילדן נאַציאָנאַלן דרוק, וואָס אונטער אים האָט זיך פייַנלעך געקאָרטשעט דאָס גאַנצע יידנטום פון מזרח-אייראָפּע.

אונטער דער ווירקונג פון אַ גאַנצער ריי אומשטענדן, הויפּזעכליך צוליב דער בערכדיקער איינפאַכקייט און נישט-קאָמפּליצירטקייט פון זייער פּראָגראַם האָבן באוויזן געגוג שנעל צו אָרגאַניזירן זיך די „ציוניסטן-סאָציאַליסטן", וועלכע זע- נען אין דער אַנטוויקלונג פון זייער געדאַנק צוגעקומען ביז דער נויטווענדיקייט פון אַ טעריטאָריע און פאַרגליווערט געוואָרן אויף אַט דעם אַבסטראַקטן אויס- פיר. פאַרן פּרייז פון זייער אָפּזאָג פון דער רעאַליזירונג, פונם קאָנקרעטן פּראָג- נאָז פון זייער ווייטערן גורל, האָבן די „ציוניסטן סאָציאַליסטן" זיך איינגעקויפט פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע און מנוחה פאַר דער נשמה.

אָבער דער פּראָגרעסיווער יידישער פּראָלעטאַרישער געדאַנק, דער געדאַנק פון פּועלי־ציון האָט זיך דערויף נישט געקאָנט בארויקן; ער האָט שוין לאַנג באשטימט, אַז דער טעריטאָריאַלער פּרינציפּ ווערט צוליב היסטאָרישער נויט- ווענדיקייט קאָנקרעטיזירט דורך פּאַלעסטינע, נאָר ס'איז נאָך אַלץ נישט געווען קלאָר דער פּונקט וועגן רעאַליזירונג און ס'איז נישט דענקבאַר געווען צו שאַפן אַ פּאַרטיי פון פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך נישט צונויפגערעדט מכּח דעם דאָזיקן וויכטיקסטן טייל פון זייער פּראָגראַם. די ציוניסטן סאָציאַ- ליסטן, וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין אָביעקט פאַר רעאַליזירונג, קיין קאָנקרעטע טעריטאָריע, האָבן זיך געקאָנט אָרגאַניזירן אָן צו אָנמערקן פאַר זיך וועגן פאַר דער רעאַליזירונג; אָבער נישט געקאָנט האָבן עס פּועלי-ציון, די דאָזיקע אמתע אַקושערן פון דעם אַלעם, וואָס עס ווערט געבוירן און רייפט אָן אינם שויס פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, אַט די טרעגער פון אַלע זייַנע ליידן און בלאָנ־ דזשענישן, די אָנזאָגער פון זייַנע האָפענונגען, די אויסטייטשער פון זיין אומ- פאַרמיידלעכן גורל.

אַ קלאַסן-פּראָגראַם און אַ פּראָגראַם אַ נאַציאָנאַלע, אַ סינטעז צווישן ביידע, אַ סינטעז אַ שלאַנקער, אַ סינטעז אַ פּראָלעטאַרישער, די באַזייטיקונג פון יעדן תּהום צווישן די ברענענדע פראַגן פון קעגנוואַרט און דעם פּרעכטיקן ציל פון ווייטער צוקונפט, אַ בריק פון קלאַסן־קאַמף צווישן „דאָ און דאָרט"— אַט וואָס עס האָט אַזוי ליידנשאַפטלעך געזוכט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, אַט פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי צעבערעקלט אויף פּאַרטייען, אַזוי פיבערדיק גע- טוישט איין פּראָגראַם אויף אַ צווייטער, אַ מער גאַנצער און מער סינטע- טישער.

פּונקט אַזוי ווי אין אָנהויב 80 יאָרן האָבן די פּאָגראָמען געעפנט די קלאַפּע פאַר דער פון לאַנג אָנגרייטעטער באַדערפעניש ביי די יידן צו עמי־ גרירן אין הויך־קאַפּיטאַליסטישע לענדער, האָבן אויך די אָקטאָבער־פּאָגראָמען אין צוזאַמענהאַנג מיט די זיך פאַרשטאַרקנדע רדיפות און גזירות בנוגע עמי־ גראַנטן אין די לענדער פון אַנטוויקלטן קאַפּיטאַל געעפנט די קלאַפּע פאַר

דער שוין לאַנג אָנגערייפטער באַדערפעניש אין דער עמיגראַציע פון יידן אין האַלב-אַגראַרע לענדער.

עס האָט אַ פּלייץ געטון אַן אומגעצוימטע כוואַליע פון יידישע איבער-וואַנדערער קיין פּאַלעסטינע, טראָגנדיק אין לאַנד זייערע קליינע קאַפּיטאַלן אָדער אַרבעטס-קראַפט, עס האָט זיך אָנגעהויבן יענער סטיכישער פּראָצעס פון יידישער מאַסן-עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע, אויף וואָס עס דאַרף זיך אָנשפּאַרן די ציוניסטישע טעטיקייט. דורכן דאָזיקן סטיכישן פּראָצעס ווערט אָפּגעהאַקט אַ גרענעץ-ליניע צווישן פאַרגאַנגנהייט און צוקונפט — יענער ווענד-פּונקט אין דער אַנטוויקלונג פונם יידישן לעבן, ווען דער טעריטאָריאַליזם ווערט פון אַ אידעע — אַ ווירקלעכקייט, ווען נישט היינט-מאָרגן דאַרף אונזער פּראָגראַם אַרויסגיין פון די ראַמען פון טעאָרעטישע וויכוחים און ווערן בלוט און פליייש פון לעבן. מער וואָרטן איז שוין אוממעגלעך געוועזן, דער אידעישער תהו ובהו קאָן נישק ווייטער אָנהאַלטן. ס'האָט אָנגערייפט די דרינגנדע נויטווענ-דיקייט צו אָרגאַניזירן אַלע צעוואָרפענע גרופּן פּועלי-ציון, פאַרייניקן זיך אין אַן איינהייטלעכער פּאַרטיי, און ווירדיק זיך צוגרייטן צו יענע גרויסע אי-בערקערענישן, וועלכע עס זאָגט אונז צו די נאָנטע צוקונפט.

צו אָט דעם עיקרדיקן מאָטיוו איז צוגעקומען נאָך איין זייטיקער אומשטאַנד.

די אומקלאָרקייט פון דעם פּונקט וועגן רעאַליזירונג פון ציוניזם און די אומאָרגאַניזירטקייט פון אונזערע חברים האָבן געשאַפן אַ רייכן באָדן פאַר דעם אַרויסוווקס פון ווילד פּרעמדע ריכטונגען, וואָס זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן פון דרויסן און האָבן גאָרנישט געמיינזאַמעס מיטן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַרישן געדאַנק.

אין אייניקע קרייזן פון דער פּועלי-ציוניסטישער אינטעליגענץ, וועלכע האָבן אויפגעהערט צו גלויבן אין דער מעגלעכקייט צו געפינען אַ גלייכן איבערגאַנג פון דער קעגנוואַרט צו דער צוקונפט, פאָרמולירן די היסטאָרישע וועגן און מיטלען צו דער רעאַליזירונג פון ציוניזם, האָט זיך שנעל אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אַ לערע, וועלכע האָט אונטערן פאָן פון סיים איינגעוויגט דאָס פּראָגראַם-געוויסן פון אונזערע חברים, געצוויגט זיי אָפּצולייגן אין דער לאַנגער באַנק די פּיינלעכע פּראָבלעמען פון רעאַליזירונג. פאַרן פרייז פון אָפּלעגן די אויפגאַבן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, פאַרן פרייז פון פאַרטונקלען דעם פּראָלעטאַרישן געדאַנק מיט דער הילף פון אַן עפעקטועלער און קאָנקרעדיקער אַגיטאַציע, פאַרשטעלנדיק די פאָדערונגען פון צוקונפט דורך איבערטריבענע האָפנונגען אויף דער קעגנוואַרט, קויפן זיך איין די וואָזראָזשדענצעס-סיימיסטן פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס און מנוחה פאַר דער נשמה.

די פּועלי-ציון, די אַוואַנגאַרד-קעמפער פאַר דער צוקונפט פון יידישן

פּראָלעטאַריאַט האָבן נישט געקאָנט דורך קיינע קונצנשטיק אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם עול און פֿליכט פֿון זיין היסטאָרישן באַרוף — און אין דעם איצטיקן פֿאַראַנטוואָרטלעכן מאָמענט האָבן זיי זיך געמוזט שאַרף אָפּגרענעצן פֿון די כּלערליי אָנפֿירער פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט, אונטער וואָס פֿאַר נעמען זיי זאָלן נישט פֿיגורירן.

די אַלע דערשיינונגען זענען צונויפֿגעפֿאַלן מיט דער סאַמע פֿינסטער־סטער עפּאָכע פֿון דער פּאָליציייאישער רעאַקציע אין רוסלאַנד. אין דער תּקופֿה פֿונעם ווילדסטן פֿונאַנדערהוליען זיך פֿון די בלוטדורשטיקע אינסטינקטן פֿון דער רעגירנדער כּנופֿיא, אין דער צייט פֿון אומבאַשרענקטער ממשלה פֿון תּליות און קוילנוואַרפֿערס, ווען דער שטורמישער אָניאָג פֿון רשעותדיקער רעפּרעסיע האָט צובעזימט און דערשטיקט די בעסטע רעוואָלוציאָנערע כּחות פֿון לאַנד, אין דעם מאָמענט, ווען די אַלרוסלענדישע בורזשואַזיע, אָן אונ־טערשייד פֿון נאַציאָנאַליטעט און גלויבן, האָט שכל געהאַט צו פֿאַרגעסן אירע נעכטיקע פֿייערלעכע פֿאַרזיכערונגען און מיטגעפֿיל דעם פּראָלעטאַריאַט, ווענ־דעט אירע כּחות אין דער פּראָוואָקאַטאָרישער מלוכה־דומע, אין דער צייט, ווען זי קלייבט זיך פֿאַרעטעריש צואייגנען זיך אַלע פּירות פֿון די העלדישע קרבנות און נצחונות פֿון פּראָלעטאַריאַט, אין רירנדער אייניקייט מיט דער צאַרישער רעגירונג עקספּלואַטירן און אונטערדריקן אים נאָך מגושמדיקער און אומברחמנותדיקער, ווי ביז איצט. אין דער צייט ווען דער פּחד און חושך, וואָס האָבן איינגעוויקלט און אָפּגעסמט דאָס לעבן אין לאַנד, ווערן נאָך געדיכטער איבערן קאָפּ פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט, צוזאָגנדיק אים אַלץ נייע, נאָך מער חיהשע פֿאַרגוואַלדיקונג און פּאָגראָמען — אין אַזאַ מאָמענט טרעט אַרויס אויף דער געשיכטלעכער סצענע די פֿאַראייניקטע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי „פּועלי־ציון". אויפֿן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפֿאָר, ווו ס'האָט זיך געגרינדעט די פּאַרטיי, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציאָנס סטאַטוט, אויסגעוויילט אַ צענטראַל־קאָמיטעט און אָנגעצייכנט פֿירנדיקע פּראָ־גראַם־פּרינציפּן. דער צוזאַמענפֿאָר האָט באַשלאָסן אַחוץ דעם רעוואָלוציאָנער, קלאַסן־קאַמף און נאַציאָנאַלער אַרבעט אין רוסלאַנד פֿירן אויך רעאַלע פּראָ־לעטאַרישע אַרבעט אין פּאַלעסטינע און אָנווענדן אַלע כּחות צו פֿאַראייניק זיך מיט די חברים פֿון אַנדער'ע לענדער אין אַן אַלוועלטלעכן יידישן סאָצ־דעמאָקראַטישן פֿאַרבאַנד „פּועלי־ציון".

אויף דער פֿאַרקירצטער טעאָרעטישער קאָנפֿערענץ, וועלכע איז פֿאָרגע־קומען נאָך דעם, זענען אויספֿירלעך אויסגעאַרבעט געוואָרן די פּרינציפּן פֿון דער פּראָלעטאַריש־ציוניסטישער טעאָריע און באַשלאָסן צוצוטרעטן צו דער אַרויסגעבונג פֿון בראָשורן און פּעריאָדישער ליטעראַטור.

מעלדנדיק די חברים וועגן דער פֿאָרגעקומענער פֿאַראייניקונג פֿון דער

י. ס. ד. אַ. פּ. „פּועלי-ציון" דריקט אויס דער צענטראַל-קאָמיטעט זיין טיפע איבערצייגונג, אַז פון איצט אָן וועט דער אָרגאַניזירטער יידישער פּראָלעטאַ-ריאַט, קלאָר באַנעמענדיק זיינע אויפגאַבן, אויפהערן זיינע בלאָנדזשענישן און מיט פעסטע פיס וועט ער ווענדן זיינע טריט צו דער הערלעכער שטראַלנדער צוקונפט, צו יענער צוקונפט, וווהין עס ציט אים זיין היסטאָרישע נויט-ווענדיקייט.

דורכן קלאַסן-קאַמף אין גלות וועט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אַנט-וויקלען און פאַרמערן זיינע כחות צום קאַמף פאַר זיין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער צוקונפט, דורכן קלאַסן-קאַמף אין גלות וועט ער מיטהעלפן דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער געזעלשאַפט — דעם אומבאַדינגטן תנאי פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זיינע צילן; דורכן קלאַסן-קאַמף אין פּאַלעסטינע וועט ער זיך דערשלאָגן די טעריטאָריאַל-פּאָליטישע אויטאָנאָמיע און דערנאָך, ווען פון זיינע פלייצעס וועט אַראָפּפאַלן דער ווילדער נאַציאָנאַלער דרוק, ווען דער יידישער פּראָלעטאַריאַט וועט אַרויספירן דאָס גאַנצע פאָלק פון דער קאָשמאַרער גלות-נאַכט אויף דער פרישער רחבות פון נאַציאָנאַלער פרייהייט, דאַן וועט ער דורכן קלאַסן-קאַמף דערוווערבן דעם סאָציאַליזם.

צענטראַל קאָמיטעט
פון דער יידישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער
אַרבעטער-פּאַרטיי „פּועלי-ציון".

# פראָגראַם־פּראָיעקט פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון אין עסטרייך

(אָנגענומען דורכן דריטן פּאַרטיי־טאָג אין לעמבערג, אָקטאָבער 1906)

## קאַפּיטאַליזם און יידנפראַגע.

די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון די יידן אין דער איצטיקער צייט העננט אָפּ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג פון יענע לענדער, אין וועלכע די יידן געפינען זיך אין אַ באַדייטנדער צאָל. דער זיך אַנטוויקלענדער קאַפּיטאַליזם שטויסט זיך אָן אין יידישן לעבן אויף דערשיינונגען, וואָס מאַכן אויס אין זייער סך הכל דעם עצם פון דער יידן־פראַגע, וועלכע צייכנט זיך אויס דורך ווירטשאַפטלעכער צעקאַליעטשעטקייט, פּאָליטישער מאַכטלאָזיקייט און דורך דאָס אָפּשטאַרבן פון אַלע קולטורעלע פאַרבינדונגען פון דער יידישער נאַציע.

## עקאָנאָמישע סטרוקטור און דאָס פעלן פון אַ נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט.

די ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג פון די יידן, וואָס זענען אַ פאָלק אָן אַ לאַנד, האָט קיין שום זעלבשטענדיקייט בישט און העננט אָפּ פון דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־כחות פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן. דערפון נעמט זיך די בישט־נאָרמאַלע עקאָנאָמישע דיפערענצירונג און פונאַנדערטיילונג פונם יידישן פאָלק, דאָס פעלן פון אַ פויערן־קלאַס, די אויפגעהאַלטענע אַנטוויקלונג פון גאַנצע פאָלקס־קלאַסן און דאָס, וואָס דאָס רוב פונם יידישן פאָלק געהערט צו די אונטערגייענדע קלאַסן פון קליין־האַנדל און קליין־האַנדווערק, וועלכע ליידן זייער פון קאַפּיטאַליזם און פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ.

## דאָס יידישע פּראָלעטאַריאַט.

דאָס אַנטשטיין פון אַ יידישער גרויס-בורזשואַזיע רופט כּלל נישט אַרויס אָן איך גלייך-באַדייטנדן יידישן אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט. דער גרעסטער טייל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט איז קאָנצענטרירט אין אַ קליינער צאָל נישט פּראָגרעסיווע פּראָדוקציאָנס-צווייגן, וועלכע טראָגן דעם כאַראַקטער פון קליין-האַנדווערק און פון הויז-אינדוסטרי, אין דער צייט ווען דער איבערגאַנג צום גרויס-באַטריב פירט צום אונטערגאַנג פון די דאָזיקע נישט אַנטוויקלונגס-פעיקע קליין-באַטריבן און דורך דעם צו פּאַראַרימטקייט און פּאַרעלנטקייט פון די ברייטע מאַסן פונם יידישן פאָלק. אין דער זעלבער צייט ווערן אַריינגעצויגן אין דער מאָדערנער פּראָדוקציאָן די היימישע פּראָלעטאַריזירטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג, וואָס ווערן אָפּגעריסן פונם באָדן און האַלטן פעסט די דערגרייכטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

## די ראָלע פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דער פּראָדוקציאָן און די גרענעצן פון זיין קלאַסן-קאַמף.

דורך דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, וועלכע ווערט נאָך פאַרשטאַרקט דורך רעאַקציאָנערע פאָראורטיילן קעגן די יידן, ווערט עס פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט כמעט אינגאַנצן אוממעגלעך אַריינצודרינגען אין דער מאָדערנער גרויס-אינדוסטרי. דאָס יידישע פּראָלעטאַריאַט ווערט דערווייטערט פון די אַלע אויף אַ העכערער עקאָנאָמישער מדרגה שטייענדיקע פּראָדוקציאָנס-צווייגן, וועלכע מאַכן דאָך דאָס פּראָלעטאַריאַט צום יסוד פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן און וועלכע גיבן אים אין די הענט די וויכטיקסטע פעדים פון דעם נאַציאָנאַלןווירטשאַפטס-און פּאַרקערס-לעבן. דורך דער נישט נאָרמאַלער עקאָנאָמישער דיפערענצירונג פונם יידישן פאָלק, ווי אויך דורך דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ ווערן געשטעלט גרענעצן דעם קלאַסן-קאַמף פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, דעם קלאַסן-קאַמף, וועלכער מאַכט גיכער דעם אונטערגאַנג פון די יידישע מיטל-קלאַסן, טראָגט אָבער נישט אין זיך דעם שעפערישן כאַראַקטער פון געזעלשאַפטלעכער ניי-געשטאַלטונג.

## די אויפגאַבן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

דאָס יידישע פּראָלעטאַריאַט, וועלכעס איז צוגעבונדן צו די פון דער גרויס אינדוסטריע צוריקגעשטופּטע קליין-באַטריבן און וואָס ווערט דערפאַר מער פון אַנדערע

עקספּלואַטירט, קומט צום באַוווסטזיין פון זיין לאַגע און אויפגאַבע, וועלכע באַשטייט אין דעם, צו געפינען אַ וועג פאַר דער פרייער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-כּוחות פונעם יידישן פאָלק דורך אַ ראַדיקאַלער איבערענדערונג פון זיינע לעבנסבאַדינ-גונגען.

## דער אַנטוויקלונגס-גאַנג צום יידנשטאַט.

די טענדענצן פון דערדאָזיקער איבערענדערונג פון די יידישע לעבנס-באַדינגונ-גען ווייזן זיך אַרויס דורך אַלע פאַקטן פונעם יידישן לעבן, באַזונדערס שאַרף אָבער דורך דער געוואַלטיקער, צו אַ היסטאָרישער דערשיינונג געוואָרענער אויסוואַנדערונג, וועלכע שליידערט אַריבער אין יענער זייט ים מיליאָנען פאַראָרעמטע באַזיצלאָזע און אַרבעטסלאָזע יידישע פּראָלעטאַריער. די דאָזיקע עמיגראַציאָן פון די מזרח-אייראָפּעאישע געטאָס נאָך לענדער מיט אַ העכערער קולטור טראָגט ניש אין זיך אין איר איצטיקער פאָרם קיין כּוחות, וואָס פירן צו אַ העכערער אַנטוויקלונג. פאַרקערט, די איינוואַנדערער פאַלן אַריין אין דעם אוממענטשלעכן שוויץ-סיסטעם און זיי רייצן אויף קעגן זיך די היימישע אַרבעטער-באַפעלקערונג, וועלכע זוכט זיך צו שיצן, למשל, דורך איינוואַנדע-רונגס-פאַרבאָטן.

## טעריטאָריאַלע פאַרענטפערונג פון דער יידנפראַגע

נאָר דורך דעם, וואָס דער עמיגראַציאָנס-שטראָם וועט באַקומען אַ וועג אין אַ נישט-אַנטוויקלט לאַנד, דורך דער קאָנצענטראַציע און אָרגאַניזירונג פון יידישער אַר-בעט און דורך דאָס אַריינגעמען פון אַלע וויכטיקסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין דעם דאָזיקן לאַנד אין די הענט פון די יידישע אַרבעטנדע מאַסן, קאָן באַשאַפן ווערן דער פונדאַמענט פאַר אַ יידישערווירטשאַפטס-איינהייט, עס קאָן געזיכערט ווערן די נישט געשטערטע אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-כּוחות און פון דער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַלי-טעט פונעם יידישן פאָלק און די ביז איצט געקנעכטעטע יידישע נאַציע קאָן זיך אויפ-הייבן צו דער מדרגה פון אַ פאָלק, וואָס באַשטימט פריי זיין אייגענע געשיכטע.

אין זיין שטרעבן טעריטאָריאַל צו פאַרענטפערן די יידנפראַגע באַגעגנט זיך דאָס יידישע פּראָלעטאַריאַט מיט אַנדערע קלאַסן פונעם יידישן פאָלק, וועלכע זענען אויך פאַראינטערעסירט אין דערדאָזיקער פאַרענטפערונג, און אַרבעט מיט זיי צוזאַמען פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער נאַציאָנאַלער אויפגאַבע, פאַרגעסט אָבער נישט דערביי די פאַרשידנקייט פון די מאָטיוון און אינטערעסן פון די איינצעלנע פאָלקס-קלאַסן, בפרט זיינע אייגענע קלאַסן-אינטערעסן.

## די ריכטונג פֿון דער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציאָן —
## פּאַלעסטינאַ.

די נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציאָן איז נישט אַ קאַפּיטאַליסטישע קאָלאָניאַלע אונטערנעמונג, וועלכע באַצוועקט צו עקספּלאָאַטירן אַ לאַנד, כּדי צו באַשאַפֿן דאָרט נייע מערק, זי איז אויך נישט אַ פֿילאַנטראָפּישער קאָלאָניזאַציאָנס־פּראָיעקט. די נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציאָן איז אַ היסטאָרישער פּראָצעס, וואָס זיין וועג איז באַשטימט דורך דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פֿון די פֿאָלקס־מאַסן, וועלכע מען וויל קאָלאָניזירן, און דורך דער געשיכטע פֿון דער יידישער נאַציאָן.

ווייל די ברייטע יידישע מאַסן זענען שוין זייט יאָרהונדערטער שטאָט־איינוואוינער, איז פֿאַר זיי דער איבערגאַנג צו ערד־אַרבעט זייער שווער — דערפֿאַר קאָן אַ קאָלאָניזאַציאָן פֿון דידאָזיקע מאַסן אויף נישט קולטיווירטע טעריטאָריען אָדער אויף אַזעלכע, וועלכע וועלן אַ לאַנגע צייט טויגן בלויז פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿטלעכער קאָלאָניזאַציאָן, נישט פֿירן צום צוועק פֿון דער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציאָן. דער יידישער עמיגראַציאָנס־שטראָם מוז ווערן געפֿירט אין אַזאַ לאַנד, וועמענס געאָגראַפֿישע אוןווירטשאַפֿטלעכע לאַגע קאָן מעגלעך מאַכן אַ גרויס־געפּלאַנטע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע קאָלאָניזאַציאָן, אַ לאַנד, וועלכעס האָט די צוציִונגס־קראַפֿט צוצובינדן די יידישע מאַסן צום באָדן און וואָס קען בייקומען דורך דעם די שוועריקייט צו באַשאַפֿן אַ לאַנדווירטשאַפֿטלעכן פֿונדאַמענט פֿאַר דער יידישער געזעלשאַפֿט.

דידאָזיקע פֿאַר באַדינגונגען זענען פֿאַראַן נאָר בײַ דעם היסטאָרישן פֿאָטערלאַנד פֿון די יידן — פּאַלעסטינע, וואָס איז אַ טייל פֿון אַ מדינה, וועלכע געפֿינט זיך נאָך אין דער נאַטוראַל־ווירטשאַפֿט, וואָס ליגט צווישן גרויסע האַנדלס־וועגן און אין דער נאָנט פֿון אַנטוויקלונגס־פֿעיקע מערק און וועלכע איז דערצו אין משך פֿון טויזנטער יאָרן געבליבן אין דעם באַוווסטזיין פֿונם יידישן פֿאָלק דאָס איינציקע לאַנד פֿון זיין צוקונפֿט און זיין פֿרייהייט.

## קלאַסן־קאַמף און סאָציאַליזם.

קענענדיק די נישט נאָרמאַלע לאַגע, אין וועלכער עס געפֿינט זיך צוליב דעם גלות, זעט איין דאָס יידישע פּראָלעטאַריאַט נישט בלויז די נייטיקייט פֿונם קאַמף פֿאַרן אויסבעסערן די לאַגע פֿונם אַרבעטער־קלאַס בײַ די איצטיקע פּראָדוקציאָנס־פֿאַרהעלטענישן, נאָר אויך די נייטיקייט פֿון דעם גענצלעכן אָפּשאַפֿן פֿון דער דריקנדער עקספּלאָאַטאַציע, וועלכע איז אַ רעזולטאַט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿטס־אָרדנונג,

דורך דאָס צוזאַמענגיין מיטן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט אין זיין ווירטשאַפטלעכן און פּאָליטישן קלאַסן־קאַמף.

כדי צו דערגרייכן דאָסדאָזיקע ציל באַדינט זיך דאָס יידישע פּראָלעטאַריאַט אין די גלות־לענדער, ווי אויך אינם יידישן לאַנד, מיט אַלע מאַכט־מיטלען פונם קלאַסן־קאַמף. דערביי קענען דידאָזיקע מאַכט־מיטלען אין פּאַלעסטינע נאָך פאַרמערט ווערן דורך דער מעגלעכקייט, די נייע באַשאַפענע ווירטשאַפטס־איינהייט נענטער צו ברענגען צו דער פאַרווירקלעכונג פונם סאָציאַליזם דורך געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציאָנען, באַזונדערס אין אַגראַרישער באַציונג.

אַרויסגייענדיק פון דידאָזיקע פּרינציפּן, דערקלערט די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי פּועלי־ציון עסטרייכס:

I. מיר שטייען אויפן יסוד פונם סאָציאַליזם און שטרעבן צו דער פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פון אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און צום איבערבייטן פון דער סחורה־פּראָדוקציאָן אין סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן, וואָס ווערט אויסגעפירט פאַר און דורך דער געזעלשאַפט;

II. דער וויכטיקסטער פּונקט פון דעם פּראָגראַם־מינימום פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון, וואָס איז מסכים אין אַלע אַנדערע פאָדערונגען מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי־פּראָגראַמען, איז — טעריטאָריאַלע לעזונג פון דער יידן־פראַגע אין פּאַלעסטינע.

III. ביז צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעמדאָזיקן פּראָגראַם־פּונקט ערשטרעבט די פּאַרטיי אין די נאַציאָנאַליטעטן־שטאַטן די פולע גלייכבאַרעכטיקונג פונם יידישן פאָלק אויפן יסוד פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, נישט באַטראַכטנדיק דערביי די דערגרייכונג פון נאַציאָנאַלע סיימען (וואָס זענען אויטאָנאָם אין ווירטשאַפטלעכע, פּאָליטישע און קולטורעלע פראַגן) פאַר די אין די גלות לענדער לעבנדיקע טיילן פונם יידישן פאָלק פאַר אַ לעזונג, אָדער אויך נאָר פאַר אַ פאַרבאַדינגונג צו דער טעריטאָריאַלער לעזונג פון דער יידן־פראַגע.

# פלאַטפאָרם.

אויסגעאַרבעט אויף דער טעאָרעטישער קאָנפערענץ פון דער י. ס. ד. אַ. פּ. אין פּאַלעסטינע (פועלי־ציון), אין ראַמלע, 1907.

## I.

די געשיכטע פון דער מענטשהייט באַשטייט פון נאַציאָנאַלן־און קלאַסן־קאַמף.

דער אופן, דורך וועלכן די מענטשן שאַפן די פּראָדוקטן, וועלכע זענען נייטיק פאַר זייער עקזיסטענץ, און די נאַטירלעכע און היסטאָרישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס קומט פאָר דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס — צעטיילן די מענטשהייט אויף געזעלשאַפטן און קלאַסן.

אַ באַשטימטער פּראָדוקציאָנס־אופן באַשאַפט געוויסע פּריווילעגיעס פאַר די הערשנדע קלאַסן, אַ דאַנק וואָס ס'קומט פאָר אַ קלאַסן־קאַמף צווישן די הערשנדע און אונטערדריקטע. די ערשטע ווילן פאַרשטאַרקן זייערע פּריווילעגירטע פּאָזיציעס, די צווייטע — זיי פאַרניכטן.

אַ באַשטימטער צושטאַנד פון די פּראָדוקציאָנס־באַדינגונגען, ווערנדיק צו־ענג פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן פון אַ געזעלשאַפט — שטופּט זי צו פאַרכאַפן אַ פרעמדן סאָציאַל־עקאָנאָמישן באַזיס — טעריטאָריע — און דאָס רופט אַרויס אַ ווידערשטאַנד פון דער צווייטער געזעלשאַפט, און אַזוי אַנטשטייט דער נאַציאָנאַלער קאַמף.

## II.

די באַטראַכטונג פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן אין פּאַלעסטינע באַווייזט אונז, אַז אין איר הערשט די פעאָדאַלע אָרדנונג. איינצייטיק באַמערקן מיר דאָ שפּראָצונגען פון קאַפּיטאַליזם, וועלכער אַנטוויקלט זיך פון די אימיגרירנדע פּראָדוקטיוו־קרעפטן און רעוואָלוציאָנירט די הערשנדע אָרדנונג. אין דעם פּראָצעס פון

רעוואָלוציאָניזירונג שפּילן דאָ אַ וויכטיקע ראָלע די אַריינגעוואַנדערטע יידישע פּראָדוקטיוו־קרעפטן.

די שפּראָצונגען פון קאַפּיטאַליזם באַמערקט מען צוממערסטן אין דער אַגראַרערווירטשאַפט, וואו ס'ווערט אָנגעווענדט הויפּטזאַכלעך דער מיטלער קאַפּיטאַל. אויף וויפיל ס'איז מעגלעך פאָרויסצוזען די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג, וועט דער מיטלער קאַפּיטאַל אין דער אַגראַרער ווירטשאַפט נאָך געצוג לאַנג הערשן.

(וואָס פאַר אַ קאַפּיטאַל וועט זיך צומערשט אַנטוויקלען אין דער אינדוסטריע — איז געבליבן אַן אָפענע, דיסקוסיאָנס־פראַגע).

## III.

דער קאַפּיטאַליזם, וועלכער אַנטוויקלט זיך אין פּאַלעסטינע, ניייטיקט זיך אין אינטענסיווע אינטעליגענטע אַרבעטער, און אַזוי ווי דער היגער אַרבעטער שטייט נאָך אויף זייער אַ נידעריקער שטופע, איז די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג אין פּאַלעסטינע אָפּהענגיק פון דער עמיגראַציע פון אויסלענדישע, מער אַנטוויקלטע אַרבעטער.

דער קאַפּיטאַליזם, רעוואָלוציאָניזירנדיק די פעאָדאַלע אָרדנונג, פּראָלעטאַריזירט ביסלעכווייז דאָס פויערטום, וועלכעס געפינט אַ צולייגונג פון זיין אַרבעטס־קראַפט נאָר דאָ, וואו די אינטענסיוויטעט שפּילט נישט קיין וויכטיקע ראָלע.

## IV.

די אורזאַכן פון דער אימיגראַציע אין פּאַלעסטינע פון דעם גרויס־קאַפּיטאַל ליגן אין דער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַל זעלבסט, וועלכער פירט צו אַן איבערפלוס אין די הויך־אַנטוויקלטע לענדער און באַוועגט אים צו זוכן נייע פעלצער פון צולייגונג אין די נישט קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

די אורזאַכן פון דער אימיגראַציע פון מיטלען קאַפּיטאַל ליגט אין דעם, וואָס דער יידישער קאַפּיטאַל אין אַלגעמיין און באַזונדערס דער מיטלער ווערט דורך דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ אַרויסגעשטויסן פון די גלות־לענדער.

די פאַקטאָרן, וועלכע באַאורזאַכן, דאָס אַ טייל פון דער אַלוועלטלעכער עמיגראַציע זאָל גיין אין פּאַלעסטינע, שטאַמען דערפון, וואָס די יידישע ברייטע מאַסן ווערן אַרויסגעשטופּט פון אַלע ספערן פונם פּראָדוקציאָנס־לעבן און מוזן עמיגרירן. די יידישע עמיגראַציע, וועלכע וואַקסט פּראָפּאָרציאָנעל דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, וועט זיך מוזן קאָנצענטרירן אין פּאַלעסטינע, ווייל אין די הויך־אַנטוויקלטע לענדער שטויסט זי זיך אָן אויף אַלץ מער שטערונגען.

## פראָיעקט-פּראָגראַם.

אויסגעאַרבעט אויף דעם ערשטן דעלעגאַטן-צוזאַמענפאָר פון דער י. ס. ד. אַ. פּ. אין פּאַלעסטינאַ (פּועלי-ציון) אין יפו, 1907.

1. פּראָגראַם-מאַקסימום.

די יידישע סאָצ. דעמ. אַרבעטער-פּאַרטיי אין פּאַלעסטינע (פּועלי-ציון) שטרעבט צו דער פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען און איבערבויונג פון דער געזעלשאַפט אויף סאָציאַליסטישע יסודות.

דאָס איינציקע מיטל, וואָס די פּאַרטיי אָנערקענט, איז דער קלאַסן-קאַמף, די פאָרמען פון וועלכן עס זענען אָפּהענגיק פון צייטיקע און אָרטיקע באַדינגונגען.

2. נאַציאָנאַל-פראַגע (מאַקסימאַלע פאָרמולע).

בנוגע דער יידן-פראַגע שטרעבט די פּאַרטיי צו אַ פּאָליטישער אויטאָנאָמיע פאַר דעם יידישן פאָלק דאָ אין לאַנד.

3. אימיגראַציאָנס-פראַגן.

אָנערקענענדיק, דאָס די אַנטוויקלונג פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע איז אָפּהענגיק פון די אימיגרירנדע פּראָדוקטיוו-קרעפטן — קעמפט די פּאַרטיי קעגן אַלע שטערונגען, וועלכע שטייען אויפן וועג פון דער יידישער עמיגראַציע אין פּאַלעסטינע און פאָדערט פון די יידיש-געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן (ווי יק"אַ, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע) שאַפן אין פּאַלעסטינע די נויטיקע אינסטיטוטן צו רעגולירן די אימיגראַציע.

4. ציוניסטישער קאָנגרעס.

צוליב דער אַרבעט אין און פאַר פּאַלעסטינע באַטייליקט זיך די פּאַרטיי אין דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, אויף וועלכן זי שיקט אירע פאָרשטייער באַזונדער פון אַנדערע פּאַלעסטינער אָרגאַניזאַציעס.

5. יידיש-פּראָלעטאַרישע באַוועגונגען אין גלות.

אָנערקענענדיק, דאָס די יידישעווירקלעכקייט אין די גלות-לענדער פירט צו דער עמיגראַציע פון די יידישע אַרבעטער-מאַסן אין פּאַלעסטינע, און דאָס די פּאַלעס-

טיגער ווירקלעכקייט פירט צו דער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס אין פּאַלעסטינע, — און אַזוי ווי דעם היסטאָרישן פּראָצעס האָבן פון אַלע יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען אין גלות ריכטיק פאַרשטאַנען נאָר די אַלוועלטלעכע פּועלי-ציון, — פאַראייניקט זיך די פּאַרטיי מיט די לעצטע אין אַלע פראַגן, וועלכע באַרירן אונזערע געמיינזאַמע אינטערעסן.

6. **אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס.**

אָנערקענענדיק, דאָס די אינטערעסן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע זענען סאָלידאַריש מיט די אינטערעסן פון דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט — באַטייליקט זיך די פּאַרטיי אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס.

7. **אונזערע נאָענטסטע פאָדערונגען.**

א. אַלגעמיינע וואַלרעכט אין אַלע יידישע, שטאָטישע און קאָלאָניאַלע זעלבסט-פאַרוואַלטונגען.

ב. דעמאָקראַטישע קאָנטראָל איבער אַלע אינסטיטוטן אין פּאַלעסטינע, וועלכע זענען געשאַפן דורך יידישע געזעלשאַפטלעכע מיטלען.

8. **פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.**

געפינענדיק, דאָס פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרבעטער קאָנען צום בעסטן אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פאַראייניקן וואָס מער אַרבעטער — אָנערקענט די פּאַרטיי די נויטווענדיקייט צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע אין אומפּאַרטייאישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

9. **פילאַנטראָפּיע.**

די פּאַרטיי קעמפט קעגן פילאַנטראָפּיע, אויף וויפיל זי דעמאָראַליזירט די יידישע באַפעלקערונג און פאַרהאַלט די אַנטוויקלונג פון אירע פּראָדוקטיוו-קרעפטן.

# קעגן „עקסן" אין פּאַלעסטינע.

## אויפרוף פון צ. ק. פון דער י. ס. ד אַ. פּ. אין פּאַלעסטינע (פּועלי-ציון) אין 1907

חברים אַרבעטער!

אין דער לעצטער צייט איז אין ירושלים פּאַסירט אַ טרויעריקער צופאַל, וועלכער דראָט מיט שרעקלעכע רעזולטאַטן און דערום טאָר מען אים בשום אופן נישט פאַרשווייגן. אַ פאַרשמוצט בלעטל האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם ליכטיקן בוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע און איז פאַרפלויגן מעבר לים אַהערצו.

די מעשה באַשטייט אין דעם, וואָס עטלעכע יונגעלייט זענען אַריין אין אַן אָרט און, דראָענדיק מיט רעוואָלווערן און מעסערס, געפאָדערט געלט. די גענויע פּרטים פון דעם צופאַל אינטערעסירן אונז נישט איצט. פאַר אונז איז וויכטיק דער בלויזער פאַקט פון אַ באַוואָפנטן אָנפאַל מצד יונגעלייט, דערצו, ווי מען באַהויפּטעט, עמיגראַנטן. דען אַזאַ געשעעניש איז מסוגל אַרויפצוואַרפן שמוץ אויף די יונגע לעבעדיקע עלעמענטן, און פריער ווי אויף אַלע, פאַרשטענדלעך אויף אַרבעטער.

ווען אין אַ צייט פון אַ רעוואָלוציע דערלויבט זיך אַ פּאַרטיי צו באַנוצן זיך מיט אַזעלכע מיטלען, ווי קאָנפיסקירן רעגירונגס-געלט, אויך דאַן קאָן מען נישט מסכּים זיין צו עקספּראָפּריאירן פּריוואַט-אייגנטום; אויך אין אַזאַ צייט איז דער אַנאַרכיזם איינער פון געשווירן, וואָס וואַקסן אויס אויפן קראַנקן פאָלקס-קערפּער, פאַרגיפטן דאָס בלוט פון זיין אָרגאַניזם און פאַרקירצן זיינע יאָרן.

הייַנט בפרט אין אַזאַ יונגען לאַנד, וואו די וואָרצלען פון אונזערווירטשאַפט זענען נאָך נישט גענוג אַריינגעדרונגען אין דעם באָדן — דאָ איז דער אַנאַרכיזם אַ סם-המוות, וועלכער קאָן אין אַ קורצער צייט דערשטיקן דאָס, וואָס מיר האָבן אויפגעלעבט, און אויף אַ לאַנגער צייט צוריקשטויסן אונזער אַרבעט.

חברים! דער איינציקער מיטל, מיט וועלכן מיר וועלן דערגרייכן אונזער הויכן אידעאַל, איז דער אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט ע ר קאַמף, דער אַנאַרכיזם איז אונזער שאַרפס־טער קעגנער, דען ער צעשטערט און צעשמעטערט יעדן פּרינציפּ פון אָרגאַניזאַציע און מאַכט אוממעגלעך יעדע אַרבעט פון אונזער זייט.

חברים! אונזער אויפגאַבע אַלס סאָציאַל־דעמאָקראַטן און ציוניסטן, איז צו קעמפן מיט אַלע מיטלען קעגן יעדער קרענק, וועלכע איז צופעליק אַריינגעטראָגן געוואָרן צו אונז מיט די רוישנדע וועלן פון דעם מיטללענדישן ים. מיר קאָנען דאָך דערמיט, וואָס מיר וועלן אומעטום פּראָטעסטירן קעגן אַזעלכע טעראָריסטישע טאַטן, סיי מיט׳ן וואָרט און סיי מיטן טאַט, אַרויפלייגן אַ שטעמפּל פון פאַראַכטונג אויף יענע, וועלכע וועלן זיך דערוועגן צו באַנוצן מיט דיזן שענדלעכן מיטל און באַטראַכטן זיי אַלס פּראָוואָקאַטאָרן פון דעם יידישן אַרבעטער אין פּאַלעסטינע און פון זיין אָרגאַניזירונג בפרט.

## צום 1־טן מאַי 1907.

### אויסצוג פון מאַי־אויפרוף פון צ. ק. י. ס. ד. אַ. פּ. אין פּאַלעסטינאַ (פּועלי־ציון)

באַזונדערס וויכטיק איז די באַדייטונג פון דיזן יום־טוב פאַר דעם יידישן אַרבע־טער, איבערהויפּט אין דער נייער לאַנד, אין ארץ־ישראל.

די אומגעהייער גרויזאַמע באַדינגונגען פון דער אַלט־נייער לאַנד, אין וועלכער דער קאַפּיטאַליזם האָט ערשט אָנגעהויבן אַריינדרינגען, און וועלכער עס הערשט נאָך ביז איצט די פעאָדאַלע אָרדנונג, האָבן זיך געמוזט אָפּרופן אויף דער לאַגע פון דעם אַרבעטער אין פּאַלעסטינאַ.

און באמת, זיין לאַגע איז געווען מוראַדיק, די מאַטעריעלע באַדינגונגען זיינע זענען געווען שרעקלעך, זיין גייסטיקער און מאָראַלער צושטאַנד — נאָך ערגער.

דער יידישער אַרבעטער, וועלכער איז אַריינגעדרונגען אין לאַנד מיט דעם שטראָם פון דער אימיגראַציע, טראָגט אַריין אַ רעוואָלוציע אין דעם באַוווסטזיין פון דעם פּאַ־לעסטינער אַרבעטער. דער פאַרשטייער פון די אינטערעסן פון דיזן באַוווסטזיניקן אַרבעטער, דער פּועלי־ציון, האָט דער ערשטער אָנגעצונדן די זון פון סאָציאַליזם אין דער שרעקלעכער פינסטערניש פון מערב־אַזיען און האָט דער ערשטער אויפגעהויבן די פרייע רויטע פאָן צו די בלויע הימלען פון פּאַלעסטינאַ. ער האָט דער ערשטער אָנגע־וויזן דעם היגן אַרבעטער אויף זיינע אַלגעמיינע אינטערעסן און אויף דער אחדות פון דעם פּראָלעטאַריאַט".

# מעמאָראַנדום פון די פאַראייניקטע פּועלי-ציון-פּאַרטייען אין רוסלאַנד, עסטרייך און אַמעריקע צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ אין בריוסל

(מערץ 1907).

„די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי פּועלי-ציון האָט באַפולמעכטיקט די אונטערגעחתמעטע קאָמיטעטן פון אירע פעדעראַציעס אין רוסלאַנד, עסטרייך און אַמעריקע צו בעטן אַריינצונעמען זי אינם אַרבעטער-אינטערנאַציאָנאַל.

די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פּאַרטיי פּועלי-ציון שטיצט זיך אויף די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן, שטעלט זיך פאַר אַ ציל די פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען און באַטראַכט אַלס אַ מיטל פאַר דער לגמרידיקער פאַרניכטונג פונם קאַפּיטאַליסטישן רעזשים און פאַר דער קלאַסן-הערשאַפט פון דעם פּראָלעטאַריאַט — דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קלאַסן-קאַמף און די דערווערבונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט.

די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פּאַרטיי פּועלי-ציון איז די אַלוועלטלעכע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און האָט אירע פעדעראַציעס אין אַלע לענדער, ווו עס איז קאָנצענטרירט אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער — קודם-כל אין רוסלאַנד (י. ס. ד. אַ. פּ. פּועלי-ציון), אין עסטרייך, אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע, נאָכהער אין קאַנאַדע, אין ענגלאַנד און אין פּאַלעסטינע. אונזער אָרגאַניזאַציע איז נישט באַגרענעצט מיט קיין מלוכה-ראַמען; זי נעמט אַרום אַלע פּראָלעטאַריער, וועלכע געהערן צו דעם יידישן פאָלק.

דאָס יידישע פאָלק, נישט נאָר וואָס עס וואוינט אין פאַרשידענע מלוכות, אונטער פאַרשידענע רעגירונגען, נאָר עס איז דערצו אויך טעריטאָריאַל צעזייעט און צעשפּרייט, זייענדיק פונדעסטוועגן פאַראייניקט נאַציאָנאַל, אַ דאַנק די ענלעכע אַנטוויקלונגס-באַדינגונגען פונם פּראָדוקציאָנס-לעבן, דער געשיכטע, עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, מנהגים, קולטור. אונטער דער השפּעה פון דידאָזיקע באַדינגונגען האָט זיך אויסגעבילדעט

דער יידישער אַרבעטער-קלאַס, וועלכער האָט אומעטום געמיינזאַמע אויפגאַבן, מחמת דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלאָאַטאַציע און דער יידן-פּראַגע.

עס עקזיסטירט ווירקלעך אַ יידן-פּראַגע פאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט — אַ פּועל-יוצא פון דער מאַטעריעלער אָפּהענגיקייט און עקאָנאָמישער שוואַכקייט פונם יידישן פאָלק. די אומנאָרמאַלע קלאַסן-סטרוקטור פונם יידישן פאָלק, דאָס, וואָס בײַ אים פעלט אַ גרויס-אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט, די צו-גרויסע צאָל פון קליין-אינדוסטריע, האַנדל און האַנדווערק, און, לסוף, די קאָנצענטרירונג פונם יידישן אַרבעטער-קלאַס אויסשליסלעך אין דער קליינער יידישער אינדוסטריע — דאָס אַלץ רופט אַרויס ספּעציפישע סאָציאַלע אַנאָמאַליען בײַם יידישן פאָלק, און שוין דאָס אַליין וואָלט גענוג געווען צו באַרעכטיקן די פאַרייניקונג פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַ באַזונדערער אַרבעטער-פּאַרטיי. נאָר די לאַגע פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער, וואו ער געפינט זיך בײַ אַלערליי פּאָליטישע באַדינגונגען, ווײַזט אַרויס נאָך אַ סך מער אַנטשיידענע באַזונדערקייטן. מיר וועלן זיי דאָ אין קורצן אויסרעכענען, כדי קלאָר צו מאַכן אונזער שטאַנדפּונקט.

די פאַרשמעלצונג פונם יידישן האַנדלס-קאַפּיטאַל אינם אינטערנאַציאָנאַלן אינטערנעמער-קאַפּיטאַל און די אַנטשטייונג פון דער יידישער גרויס-בורזשואַזיע, וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן, — האָט נישט געשאַפן קיין אַנטשפּרעכנדן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

דער יידישער אַרבעטער-קלאַס איז קאָנצענטרירט אין די ווייניקע און טעכניש אָפּגעשטאַנענע פּראָדוקציאָנס-צווייגן, וועלכע טראָגן דעם כאַראַקטער פון קליין-אינדוסטריע, האַנדווערקערײַ און הויז-פּראָדוקציע. בעת די קליין-אינדוסטריע מוז אומפאַרמיידלעך אונטערגיין אין איר האָפענונגסלאָזן קאַמף קעגן דער אַנטוויקלונג פון דער גרויס-אינדוסטריע; אין דער זעלבער צייט, ווען די פון באָדן אָפּגעריסענע, זיך-פּראָלעטאַריזירנדע פּויערישע מאַסן ווערן פון ס׳נײַ אַרײַנגעצויגן אין דעם זיגרייכן גאַנג פונם קאַפּיטאַליזם, ווען זיי שטעלן צו אַ מחנה לוין-שקלאַפן, — זענען די יידישע האַנדווערק-פּראָלעטאַריער, וועלכע האָבן נישט קיין אייגנטום און נישט קיין אַרבעט, דערווײַטערט פון דער מאָדערנער גרויס-אינדוסטריע, און ממילא אויך פון יענע פּראָדוקציאָנס-צווייגן, וועלכע גיבן דעם פּראָלעטאַריאַט אין די הענט אַרײַן די צום מערסטן וויכטיקע פעדעם פון עקאָנאָמישן לעבן.

דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד, עסטרייך, אַמעריקע און ענגלאַנד האָט נישט קיין צוטריט צו דער אויסאַרבעטונג פון די רויע מאַטעריאַלן, צו דער אויסאַרבעטונג פון די מיטלען פון פּראָדוקציע און פאַרקער — בכלל, צו אַלע יענע פּראָדוקציאָנס-געביטן, וועלכע שטייען אויף אַ העכערער מדרגה פון עקאָנאָמישער און טעכנישער אַנטוויקלונג. אַ דאַנק דער אומנאָרמאַלער עקאָנאָמישער דיפערענצירונג פון יידישן פאָלק, דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ מצד די נישט-יידישע זיך-פּראָלעטאַריזירנדע מאַסן, בײַ וועמען עס גילטן דעסגלייכן די רעאַקציאָנערע איבערגלויבונגען, צוזאַמען מיט דער אומבאַדײַטנדער און לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג פונם פּראָלעטאַריאַט און מיט דער דעקלאַ-

סירוג פון די ברייטע שיכטן פונם יידישן פאָלק, אַנטשטייען פאַרשידענע מניעות פאַרן קלאַסן־קאַמף פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע שוואַכן אָפּ באַדייטנד זיין סטראַטעגישע באַזע.

דער יידישער אַרבעטער־קלאַס, וועלכער איז צוגעשמידט צו די אָפּגעשטאַנענע פּראָדוקציאָנס־געביטן און מוז אויסשטיין די סאַמע גרענעצלאָזע עקספּלאָאַטאַציע, הייבט אָן צו אָנערקענען, דאָס ס'איז נייטיק אַ סוף צו מאַכן צו דיזער לאַגע, וועלכע אונטערדריקט אים און וועלכע קאָן באַטראַכט ווערן אַלס די יידן־פראַגע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. דער באַוואוסטזיניקער יידישער פּראָלעטאַריאַט שטרעבט ראַדיקאַל אומצואַנדערשן די לעבנס־באַדינגונגען פון יידישן פאָלק.

די אָביעקטיווע טענדענצן פון דעמדאָזיקן שינוי ווייזן זיך אַרויס אין אַלע לעבנס־דערשיינונגען פונם יידישן פאָלק, הויפּטזאַכלעך אין דער יידישער מאַסן־אויסוואַנדערונג. אין משך פון די לעצטע 25 יאָר האָבן בערך אַ מיליאָן מיט 600 טויזנט יידן, מערסטנטייל, בעלי־מלאכות, פאַרלאָזט דאָס געטאָ פון רוסלאַנד, עסטרייך (גאַליציע) און רומעניע, זוכנדיק אַרבעט אויף יענער זייט לאַ מאַנש און אָקעאַן.

דיזער מוראדיקער עמיגראַציע האָבן מיטגעהאָלפן אין רוסלאַנד לפני די פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען, נאָר באמת איז זי אַ ריין־עקאָנאָמישע דערשיינונג, וואָס עס ווערט באַשטעטיקט דורך דעם פאַקט, וואָס די יידישע אויסוואַנדערונג פון די עסטרייכישע פּראָווינצן, גאַליציע און בוקאָווינע איז פאַרהעלטנישמעסיק גרעסער, איידער די אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד און, נאָך דורך דעם, וואָס דיזע אויסוואַנדערונג, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ס'פעלן געזעצלעכע באַגרענעצונגען, ווערט אָנגעווענדט נישט אין די נאָנטע פּראָווינצן פון בעהמען אָדער מעהרען, נאָר אין דעם ווייטן ניו־יאָרק.

די עקזיסטירנדע יידישע עמיגראַציע לעזט די יידן־פראַגע, זי פירט נישט צו דער העכערער אַנטוויקלונג. די יידישע אייַנוואַנדערער ווערן גאַנץ אָפט אין די נייע לענדער קרבנות פון דער שוויץ־סיסטעם און וועקן־אויף אַ שנאה צו זיך מצד דער ענגלישער און אַמעריקאַנישער אַרבעטער־באַפעלקערונג, וועלכער עס דראָען סכנות פון דיזער אָנשיקונג. די עמיגראַציע פון יידן אין די לענדער מיט אַ העכערער קולטור און מיט אַן אַנטוויקלטער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, וועלכע ווערט אַלץ מער באַשרענקט דורך די געזעצן וועגן די אויסלענדער (למשל אין ענגלאַנד), בייט אום איר ריכטונג און ווענדט זיך אין די לענדער מיט אַ ווייניקער אַנטוויקלטער קולטור. די קאָלאָניזירונג פון אַ ווייניק אַנטוויקלט לאַנד, דאָס באַהערשן דורך די יידישע אַרבעטער־מאַסן אַלע וויכטיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און די שאַפונג פון אַ יידישערווירטשאַפט־איינהייט — נאָר דאָס קען גאַראַנטירן די אומגעשטערטע אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווכוחות פונם יידישן פאָלק.

די יידישע עמיגראַציע קאָן זיך נישט ריכטן, ווי די עמיגראַציע פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע פעלקער אין די לענדער מיט אַ מער אַנטוויקלטער אַגראַר־קאָלאָניזאַציע. איר ריכטונג ווערט באַשטימט דורך דער ספּעציפישער עקאָנאָמישער סטרוקטור

פון די צוקונפטיקע יידישע קאָלאָניסטן, וועלכע זענען אין משך פון הונדערטער יאָרן
געוועזן אויסשליסלעך שטאָטישע איינוואוינער. די יידישע עמיגראַציע הייבט זיך אָן צו
ווענדן אין אַזאַ לאַנד, וואָס איר געאָגראַפישע און עקאָנאָמישע לאַגע דערמעגלעכט די
קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע קאָלאָניזאַציע אין אַ גרויסן מאַסשטאַב, און פאַרלייכ=
טערט די שוועריקייט איבערצוגיין פון אַ שטאָטישער צו לאַנדווירטשאַפט דורך צופירן
זיי צו די אינטענסיווע קולטורן, וועלכע זענען צום מערסטן צוגעפּאַסט צו די שטאָ=
טישע איינוואוינער, — אַזאַ לאַנד פאַרמאָגט אַ צוציִונגס=קראַפט, בכדי צוצובינדן די
יידישע מאַסן צום באָדן.

אָט דאָס לאַנד איז פּאַלעסטינע, די היסטאָרישע היימאַט פונם יידישן פאָלק. די
יידישע עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע וואַקסט זיך פונאַנדער אַלץ מער. אין דעמדאָזיקן
לאַנד זענען שוין אַנטשטאַנען אַ לאַנד=אָרגאַניזאַציע פון דער י. ס. ד. אַ. פּ. פּועלי=
ציון און אויך אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטער פון דיזן לאַנד.

די יידישע סאָציאַליסטן, וועלכע זענען אָרגאַניזירט אין דער פּאַרטיי פּועלי=ציון,
זעען אין די איינציקע מעגלעכע און נויטווענדיקע תשובה אויף דאָס יידן=פּראָבלעם
אין דער טעריטאָריאַלער לעזונג פון דער יידן=פראַגע, אינם שאַפן אַ יידישן ישוב (גע=
מיין=וועזן) אין פּאַלעסטינע. אָט די שטרעבונג איז דער וויכטיקסטער פּונקט אין דעם
מינימום=פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי פּועלי=ציון. אין יענע לענדער, וואו עס לעבט דער
יידישער פּראָלעטאַריאַט, קעמפט אונזער פּאַרטיי האַנט=באַ=האַנט מיט די באַוואוסטזיניקע
פּראָלעטאַריער פון אַלע שפּראַכן, אויף די באַריקאַדן אין רוסלאַנר פאַר דער באַפרייונג
פון די קייטן פונם קאַפּיטאַליזם, אין עסטרייך פאַר דעם אַלגעמיינעם וואַל=רעכט און
קעגן דער פּאָליטיק אונטערצודריקן די פּוילישע באַפעלקערונג, אין אַמעריקע פאַר דער
אַנטוויקלונג פון דעם סאָציאַליסטישן באַוואוסטזיין.

לויט דער לעצטער רעזאָלוציע פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן
ביוראָ, ווערט די פאַרשטייערשאַפט אין דיזן ביוראָ פון איצט אָן רעגולירט, נישט לויט
די מלוכות, נאָר לויט די נאַציעס. די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער=פּאַרטיי פּועלי=
ציון, וועלכע ציילט מער ווי 19,000 אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד, עסט=
רייך, אַמעריקע, ענגלאַנד און פּאַלעסטינע, פאַרלאַנגט פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַ=
ליסטישן ביוראָ, עס זאָל איר, אַלס אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון די פּראָלעטאַריער
פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט, געבן אַ פאַרטרעטונג אינם אינטערנאַציאָנאַלן סאָ=
ציאַליסטישן ביוראָ.

אין נאָמען פון צ. ק. פון דער י. ס. ד. אַ. פּ. פּועלי=ציון אין רוסלאַנד — סע=
קרעטאַר ד. ש.

אין נאָמען פון דעם עקזעקוטיוון קאָמיטעט אין עסטרייך — סעקרעטאַר ד״ר יוסף
מרגליות.

אין נאָמען פונם צענטראַל=קאָמיטעט פון אַמעריקע און קאַנאַדע — סעקרעטאַר
ראָזאָווסקי.

# פּראָיעקט=פּראָגראַם

## פון צ. ק. פון י. ס. ד. אַ. פּ. „פּועלי=ציון“ אין רוסלאַנד.

(פאָרגעלייגט דעם קראָקעווער פּאַרטיי=צוזאַמענפאָר, 1907).

## די אַלגעמיינע פאָרמולן פון דער פּאַרטיי.

1) דאָס פּראָגראַם=מאַקסימום פון דער פּאַרטיי איז — די פאַרגעזעלשאַפטלעבונג פון די פּראָדוקציאָנס=מיטלען און די איבערבויונג פון דער געזעלשאַפט אויף סאָציאַליסטישע יסודות; דער איינציקער וועג, וועלכן די פּאַרטיי אָנערקענט — איז דער פּאָליטישער קלאַסן=קאַמף פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין די רייען פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע.

2) דער וויכטיקסטער פּונקט פון דעם פּראָגראַם=מינימום פון דער פּאַרטיי, וועלכער אונטערשיידט זי פון אַנדערע סאָציאַל=דעמאָקראַטישע פּאַרטייען — איז די פאָדערונג פון אַ טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע אויף דעמאָקראַטישע יסודות פאַרן יידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע.

3) דיזן פּונקט פון זיין פּראָגראַם=מינימום, צוגלייך ווי אויך זיינע אַלע אַנדערע פאָדערונגען, פאַרווירקלעכט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט דורכן קלאַסן=קאַמף.

4) צווישן דעם קלאַסן=קאַמף און דער פּאָליטישער דערציונג פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין גלות פון איין זייט, און זיין קלאַסן=קאַמף אין פּאַלעסטינע פון דער אַנדערער זייט — עקזיסטירט אַ דירעקטער, זיך נישט איבעררייסנדער סטיכישער צוזאַמענהאַנג, וועלכער שטיצט זיך אויף דער סטיכיש זיך קאָנצענטרירנדער איינוואַנדערונג פון יידן קיין פּאַלעסטינע.

# מבוא.

דער הויפּט-באַוועגנדער נערוו פון דער געשיכטע — די אַנטוויקלונג פון די פּראָ-דוקטיוו-קרעפטן פון דער געזעלשאַפט, שטויסט זיך אָן אין איר גאַנג אויף פאַרשידנ-אַרטיקע מכשולים, אָפטמאָל אויף אַליין זיי אַרויסרופנדיק, און מיט דער צייט צע-שטערט זי דיזע מכשולים. דער קרענקלעכער צוזאַמענשטויס מיט אַזעלכע מכשולים באַשאַפט גלייכצייטיק אויף קרענקלעכע געזעלשאַפטלעכע פראַגן און רופט אַרויס ברייטע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, וואָס האָבן בדעה זיי צו לעזן; אין אונזער צייט שטעלן זיך אַוועק בראש פון אַזעלכע באַוועגונגען — פּאָליטישע פּאַרטייען און געזעלשאַפט-לעכע אָרגאַניזאַציעס, אַלס די אויסדריקער פון דעם אָרגאַניזירטן געזעלשאַפטלעכן רצון. די י. ס. ד. אַ. פּ., וועלכע אָרגאַניזירט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, שטרעבט צו געבן אַן ענטפער אויף אַלע ברענענדע פראַגן פון אונזער צייט; די וועגן און שטרעבונגען פון דער פּאַרטיי געפינען זיך אין דער ריכטונג פון דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן פון דער מאָדערנער און קינפטיקער מענטשהייט. אין איר טעטיקייט רעכנט זיך די פּאַרטיי מיט די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט — דעם קלאַס פון לוין-אַרבעטער, אַרויסגייענדיק פון דער איבערציי-גונג, דאָס דער פּראָלעטאַריאַט איז דער איינציקער קלאַס, וועמענס אינטערעסן עס זע-נען אינגאַנצן בהסכם מיט דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן פון דער גע-זעלשאַפט, דאָס נאָר ער איז בכוח ראַדיקאַל צו לעזן אַלע קרענקלעכע פראַגן פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, גובר צו זיין אַלע מכשולים, וועלכע שטערן דער אָנזאַמלונג און דעם וווקס פון דעם מענטשנס הערשאַפט איבער דער נאַטור און געשיכטע.

## די סאָציאַלע פראַגע פון אונזער צייט.

אַלע פראַגן פון אונזער צייט האָבן זייער שורש אין אינערלעכע ווידערשפּרוכן פון דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציאָנס-אופן. דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן באַדייט, פון איין זייט, אַ הויכע מדרגה פון פּראָדוקטיוויטעט פון דער געזעלשאַפטלע-כער אַרבעט, אַ שנעלן וואוקס פון דעם מענטשנס הערשאַפט איבער דער נאַטור און אַ קאָלאָסאַלע עקאָנאָמיזירונג פון דער מענטשלעכער ענערגיע; דיזער פּראָצעס דריקט זיך אויס אין דער אַלץ שטייגנדער קאָנצענטרירונג און סאָציאַליזירונג פון דער פּראָ-דוקציע. פון דער אַנדערער זייט, שטיצט זיך דער קאַפּיטאַליזם, אַלס דער סחורותדי-קער פּראָדוקציאָנס-אופן, אויף דעם פּערזענלעכן אייגנטום פון די מיטלען פון פּראָדוק-ציאָן און פאַרקער — אויף דיזן יורידישן אויסדרוק פון יענע פּראָדוקציאָנס-פאַרהעלטע-

נישן, וועלכע זענען אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון די פריערדיקע, נישט=קאָנצענטרירטע פראָדוקציאָנס=אופנים. דאָס פּערזענלעכע אייגנטום אויף די מיטלען פון דער פראָדוקציע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלץ וואַקסנדער סאָציאַליזירונג אירער — באַשאַפט די עקספּלואַטירונג פון דער אַרבעטס=קראַפט: ד. ה. די אייגנטימער פון די מיטלען פון דער פראָדוקציע און פאַרקער — די קאַפּיטאַליסטן פאַררעכענען אין זייער טובה יענעם מערוווערט, וועלכן עס שאַפן די אַרבעטער, וואָס זענען אָפּגעריסן פון די פראָדוקציאָנס=מיטלען. דאָס פּערזענלעכע אייגנטום אויף די פראָדוקציאָנס=מיטלען, וואָס עס כאַראַקטעריזירט די קאַפּיטאַליסטישע פראָדוקציאָנס=באַציונגען — אַנטשפּרעכט נישט די קאָנצענטרירנדע טענדענצן פון דער אַנטוויקלונג פון די פראָדוקטיוו=קרעפטן, ווערט אַלץ אַ גרעסערע מניעה פאַר זיי און פירט צו דער אַנאַרכיע פון דער פראָדוקציע, צו איר נישט פּלאַנמעסיקייט. דיזער קאָנפליקט צווישן דער אַנטוויקלונג פון די פראָדוקטיוו=קרעפטן און דעם צושטאַנד פון די פראָדוקציאָנס=באַציונגען, דאָס וואָס עס ווערט פאַרשווענדט איבעריקע מענטשלעכע ענערגיע און דער מענטש איז סטיכיש פאַרשקלאַפט דעם אַנטאַגאָניסטישן שטראָם פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן — דאָס ברענגט אַרויס אויף דער וועלט די אַלגעמיינע סאָציאַלע פראַגע פון אונזער צייט.

די פראָדוקציאָנס=באַציונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, באַרוענד אויף עקספּלאָאַטאַציע און קאָנקורענץ, אַריינטראָגנדיק צעפּאַלונג און אַנאַרכיע אין אַלע ספערן פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן, צעשפּאַלטן זי אומעטום דורך אַ גרינטלעכן אינערלעכן ווידערשפּרוך צווישן די רעאַקציאָנערע און אָפּלעבנדע פאָרמען פון פראָדוקציע פון אינדיווידועלעס און די אָנוואַקסנדע, רעוואָלוציאָנערע פאָרמען פון קאָנצענטרירונג און סאָציאַליזירונג. דיזער אינערלעכער אַנטאַגאָניזם באַשטימט די סאָציאַלע סטרוקטור פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, צעטיילנדיק זי אויף קלאַסן מיט קעגנזעצלעכע אינטערעסן און פיינטלעכע אידעאָלאָגיעס.

פון איין זייט איז דער טרעגער פון אַלעס אינדיווידועלעס, אַנאַרכישעס, פּריוואַט=אייגנטימלעכס — דער רעאַקציאָנערער קלאַס פון דער בורזשואַזיע און גרויסע ערד=אייגנטימער, וועלכע נעמען אָן אַלץ אַ מער דייטלעכן קאַפּיטאַליסטישן אָנבליק; פון דער אַנדערער זייט, איז דער טרעגער פון אַלעם קאָלעקטיוויסטישן, קאָנצענטרירטן, סאָציאַליסטישן — דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס פון לוין=אַרבעטער; צווישן זיי — פאַרשידנאַרטיקע איבערבלייבונגען פון די פאַרגאַנגענע סאָציאַלע פאָרמאַציעס און דעקלאַסירטע אָפּשיכטן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט — די שטאָטישע און דאָרפישע קליין=בורזשואַזיע, די זיך=פּראָלעטאַריזירנדע מאַסן, דער לומפּנפּראָלעטאַריאַט — קלאַסן מיט אַ נישט וויכטיקער סאָציאַלער ווירקונג און מיט אַ נישט שטאַנדהאַפטיקער, געזעלשאַפטלעכער פיזיאָנאָמיע: אָט אַן אינדיווידואַליסטישע, אָט אַ סאָציאַליסטישע, אָט אַ רעאַקציאָנערע, אָט אַ רעוואָלוציאָנערע.

דער קאַמף צווישן דיזע קלאַסן אין אַלע זייערע קאָמבינאַציעס פאַרשאַרפט זיך אַלץ מיט דער אַנטוויקלונג פון די פראָדוקטיוו=קרעפטן פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט.

די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע קומט-פאָר דורך דער אומבארחמנותדיקער אינדיווידועלער קאָנקורענץ, וועלכע שטויסט אַרויס די קליין-בורזשואַזיע — די שטאָטישע און די דאָרפישע — פון אירע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און פירט צו דער פּראָלעטאַריזירונג פון די ברייטע פאָלקס-מאַסן. מיטן גאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע געפינט די אינדיווידועלע קאָנקורענץ זיך אַ קאָרעקטיוו אין אַלע מעגלעכע פאָרמען פון גרופּן-קאָנקורענץ, וועלכע נישט נאָר וואָס באַזייטיקט נישט די אַנאַרכיע פון דער פּראָדוקציע, נאָר, להיפוך, פאַרשטאַרקט עס נאָך.

די אַלגעמיינע באַזונדערקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג — די אומאויפהערלעכע פאַרהעלטענישמעסיקע פאַרמערונג פון דעם שטענדיקן טייל פון קאַפּיטאַל, וועלכער רעאַליזירט זיך אין די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, אויפן חשבון פון דעם בייטענדן טייל, וועלכער ווערט רעאַליזירט אין דער מענטשלעכער אַרבעטס-קראַפט — וואָס ס'איז גינסטיק אַ דאַנק דעם כמות מענטשלעכער ענערגיע, וואָס זי פאַרהיט, ווייזט אַרויס אויך איר שלעכטע זייט אין דעם, וואָס די באַדערפעניש פון דעם קאַפּיטאַל אין אַרבעטס-קראַפט שטייט-אָפּ פון דעם רואינירונגס-פּראָצעס פון קליינע אייגנטימער.

אַהער קומט-צו אויך דאָס, וואָס די מער הויכע אַנטוויקלונגס-מדרגה פון דער טעכניק שאַפט אַ ברייט פעלד פאַר דער קינדער-און פרויען-אַרבעט. אויף אַזאַ אופן דערשיטערט דער קאַפּיטאַליזם די משפחה און דאָס קליינע אייגנטום, און צוזאַמען מיט דעם ברענגט ער אַרבעטסלאָזיקייט, פאַרגרעסערט די רעזערוו-אַרמיי און שטעלט אַוועק ברייטע מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט און פון די צווישנשטייענדע קלאַסן אין אַן אַלץ מער שווערער אָפּהענגיקייט פון דעם קאַפּיטאַל. דיזע אָפּהענגיקייט פאַרשאַרפט זיך נאָך מער אַ דאַנק די קריזיסן, וועלכע שפּילן זיך פונאַנדער פון צייט צו צייט, וואָס זייער שורש ליגט אין דער אַנאַרכיע פון דער פּראָדוקציע, וועלכע באַזייטיקט יעדע מעגלעכקייט פון אַ הסכם צווישן דער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע און קאָנסום. די קריזיסן — דיזע אומפאַרמיידלעכע באַגלייטער פון דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציאָנס-אופן, פאַרגרעסערן די קאַדרען פון אַרבעטסלאָזע ביז קאָלאָסאַלע מאַסשטאַבן און מאַכן העכסט אומזיכער דעם קיום אפילו פון יענע אַרבעטער, וועלכע פאַרנעמען נאָך, מער אָדער ווייניקער, פעסטע פּאָזיציעס בעתן רויקן פליסן פון דעם עקאָנאָמישן לעבן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט אַלע אָנגעוויזענע אומשטענדן ווערט טיפער און ברייטער דער תהום צווישן די עקספּלאָאַטאַטאָרן און די עקספּלאָאַטירטע, וואַקסט דער סאָציאַלער מהלך צווישן די פאַרמעגנדע און נישט פאַרמעגנדע. זענענדיק אויסגעגראָבן דורך די אינערלעכע ווידערשפּרוכן פון דעם פּראָדוקציאָנס-אופן, אַנטוויקלט זיך דיזער מרחק אין צוויי קעגנזעצלעכע ריכטונגען: פון איין זייט, דאָס אומאויפהערלעכע פאַרהעלטנישמעסיקע (און אין דער צייט פון קריזיסן אויך אַבסאָלוטע) פאַלן פון דעם וואוילשטאַנד פון פּראָלעטאַריאַט, די שטייגנדע נישט פאַרזיכערטקייט זייגע און די לאַסט פון דער אָפּהענגיקייט פון קאַפּיטאַל — דאָס אַלץ וועקט זיין אומצופרידנקייט מיט דער עקזיסטירנדער זאַך-לאַגע; און פון דער אַנדערער זייט, דער אומאויפהערלע-

כער אַבסאָלוטער וואוקס פֿון דער צאָל און געשלאָסנקייט פֿון פּראָלעטאַריאַט, און וואָס עס דריקט זיך אויס דאָס אומאויפֿהערלעכע שטייגן פֿון דער באַדייטונג פֿונעם פּראָלעטאַריאַט אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס גופֿא אָנשטאָט דער בורזשואַזיע, וועלכע פֿאַרלירט אַלץ מער אירע אָרגאַניזירנדע פֿונקציעס, פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ פּאַראַזיט פֿון דער געזעלשאַפֿט, ווערנדיק צעריסן דורך דער אינערלעכער אומאויפֿהערלעכער קאָנקורענץ, — דאָס גיט דעם פּראָלעטאַריאַט כּוח צוליבן קאַמף מיט דעם עקזיסטירנדן סדר און די ערבֿות פֿאַר זיין ענדלעכן נצחון.

די עקאָנאָמישע יסודות פֿון דער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפֿט געפֿינען פֿאַר זיך אַן אַנטשפּרעכנדן אויסדרוק אין דעם בוי פֿון דעם מאָדערנעם שטאַאַט: ער שטעלט מיט זיך פֿאָר די אָרגאַניזאַציע פֿון דער קלאַסן־הערשאַפֿט פֿון דער בורזשואַזיע. נאָר דאָס פּאָליטישע לעבן פֿון אונזער צייט טראָגט אויף זיך פֿיל סמנים פֿון יענעם פּעריאָד, בשעת די בורזשואַזיע האָט נאָך געקעמפֿט פֿאַר דער מאַכט קעגן דעם פֿעאָדאַליזם. די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע, אַלס די העכערע מדרגה פֿון דער אַנטאַגאָניסטישער אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוקטיוו־קרעפֿטן, איז געצוווּנגען אין איר פֿליסן גובֿר צו זיין קודם־כּל דעם ווידערשטאַנד פֿון די פֿריערדיקע סאָציאַלע פֿאָרמען; כּל זמן עס נעמט אויף זיך דיזע אויפֿגאַבע דער קלאַס פֿון דער בורזשואַזיע, פֿילט ער אויס אַ רעוואָלוציאָנערע ראָלע, פֿאַרניכטנדיק די פֿעאָדאַלע פּאָליטישע אָרדנונגען און איינפֿירנדיק אָנשטאָט זיי דעם דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענטאַריזם און די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון דער אויספֿירנדער (עקזעקוטיווער) מאַכט פֿאַרן פֿאָלק.

פֿון דעם מאָמענט אָבער, ווען אויף דער סצענע טרעט אַרויס אַ נייער רעוואָלוציאָנערער קלאַס — דער פּראָלעטאַריאַט, ווערט די בורזשואַזע שטאַטלעכקייט רעאַקציאָנער, און דעם אַרבעטער־קלאַס קומט אויס צו קעמפֿן פֿאַר דער פֿאַרווירקלעכונג, נאָך אין די ראַמען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, פֿון דעם צום מערסטן פֿולן אַרויסבאַווייזן זיך פֿון דער דעמאָקראַטיע, פֿאַרן איבערגעבן דעם פֿאָלק די גאַנצע געזעצגעבנדע, אויספֿירנדע און געריכטלעכע מאַכט, און פֿאַר דער פֿאַרניכטונג פֿון אַלע פֿאָרמען פֿון דרוק און פּריווילעגיעס. דער פּראָלעטאַריאַט נעמט אויף זיך אַלע באַפֿרייענדע אויפֿגאַבן, וועלכע זענען נישט געלעזן דורך דער בורזשואַזיע און פֿאַרווירקלעכט זיי דורך זיין קאַמף. דערביי גייט אַרויס דער אַרבעטער־קלאַס פֿון זיינע נייטיקסטע און נאָענטסטע אינטערעסן און שטרעבט אויפֿצוהייבן זיין ווױלשטאַנד שוין באַם היינטיקן טאָג, און נאָר אין דער אַנטוויקלונג פֿון זיין קאַמף וויקלען זיך פֿאַר אים פֿונאַנדער אַלץ מער ברייטערע באַפֿרייונגס־פּערספּעקטיוון.

טראָגנדיק לכתּחילה אַ ריין עקאָנאָמישן כאַראַקטער, ווענדעט זיך מיט דער צייט דער קלאַסן־קאַמף פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט אויך קעגן דעם עקזיסטירנדן פּאָליטישן סדר און באַקומט אויך אַליין אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. אין דעם סך הכּל ווערט דיזער קאַמף פֿאַר דער מאַכט געלעזט דורך דעם דירעקטן ווירקן פֿון דעם אַרבעטער־קלאַס אויף דער הערשנדער בורזשואַזיע דורך שטרייקן און אויפֿשטאַנדן; נאָר שטרעבנדיק צו פֿאַ־

ראַליזירן די בורזשואַזיע, נוצט אויס דער פּראָלעטאַריאַט צוליב זיין קלאַסן־קאַמף גלייכ־צייטיק אויך יענע כּלי־זיין פון מאַכט, וועלכע זענען געשאַפן דורך דער בורזשואַזיע: דעם פּאַרלאַמענטאַריזם און אַנדערע דעמאָקראַטישע איינריכטונגען. דורך זיין קלאַסן־קאַמף רעגולירט דער אַרבעטער־קלאַס דעם סטיכישן באַפרייונגס־פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט־דעמאָקראַטיזירונג, וועלכע איז אַן אומפאַרמיידלעכער פועל־יוצא פון דער אומאויפהערלעכער קאָנצענטרירונג און סאָציאַליזירונג פון דער פּראָדוקציע. אין זיין פּאָליטישן קאַמף דערוואַרבט דער אַרבעטער־קלאַס פּאָליטישע דערפאַרונג און פאַרפעס־טיקט זיין דיסציפּלין, וועלכע וועט דינען אַלס דער מעכטיקער קאַמפס־מיטל בעתן קוי־מענדן פאַרכאַפּן די מאַכט דורך דעם פּראָלעטאַריאַט. דער קאָנפליקט צווישן דער אַנט־וויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן און דעם צושטאַנד פון די פּראָדוקציאָנס־באַציונגען, טראָגט אין זיך גופא די טענדענצן, וואָס פירן צו זיין לעזונג.

די סאָציאַלע פראַגע וועט פריער אָדער שפּעטער געלעזט ווערן דורך דעם, וואָס די קאָנצענטרירנדע טענדענצן וועלן לגמרי מנצח זיין די אַנאַרכישע און אינדיווידו־עלע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען; מיט אַ היסטאָרישער אומפאַרמיידלעכקייט דערנענטערט זיך דער מאָמענט פון דעם פולן קראַך פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. אין דיזן מאָמענט וועט דער אַרבעטער־קלאַס, דערגרייכנדיק דעם קולמינאַציאָנס־פּונקט פון זיין אַנטוויקלונג, פאַרכאַפּן די מאַכט אין זיינע הענט און, אויסנוצנדיק זיין דיקטאַטור, וועט ער פאַרניכטן די קלאַסן־סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט און דאָס פּערזענלעכע אייגנטום אויף די מיטלען פון פּראָדוקציע און פאַרקער, וועט באַזייטיקן יעדע מעג־לעכקייט פון עקספּלאָאַטאַציע און אינדיווידועלער קאָנקורענץ.

אין דיזן מאָמענט וועלן פאַלן די צאַמען און מכשולים, וועלכע שטערן און פאַר־האַלטן די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן פון דער געזעלשאַפט; די שליטה איבער דער פּראָדוקציע וועט איבערגיין צו דעם באַוואוסטזיניקן און אָרגאַניזירטן גע־זעלשאַפטלעכן רצון. דאָס אָרט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג וועט פאַרנעמען די סאָציאַליסטישע.

## אינטערנאַציאָנאַליזם און נאַציאָנאַליזם פון פּראָלעטאַר־יאַט.

אין דער שויס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג רייפן־אָן אומאויפהערלעך טעכנישע, עקאָנאָמישע, און פאָלגלעך אויך אידעאָלאָגישע פאָרבאַדינגונגען פאַר אַט דער מהפכה. פאַרכאַפּנדיק אַלץ אַ גרעסערן שטח פון דעם ערד־קוגל, פאַראייניקנדיק די ביז איצט צעוואָרפענע געזעלשאַפטן, ווירטשאַפטן און מערק אין איין וועלט־ווירטשאַפט און וועלט־מאַרק, שטעלט אַוועק דער קאַפּיטאַליזם דעם אַרבעטער־קלאַס פון אַלע לענדער און פעלקער אין איינאַרטיקע באַדינגונגען פון עקאָנאָמישן קיום און דערמיט גופא פירט

ער גלייך צו דעם, אַז די אַרבעטער-באַוועגונג זאָל אָננעמען אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אָנערקענענדיק דיזע אומפֿאַרמיידלעכע אַנטוויקלונגס-טענדענץ, האָבן די אַרבעטער-פּאַרטייען פֿון אַלע לענדער און נאַציעס שוין לאַנג אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פֿון אינטערנאַציאָנאַלער ברודערשאַפֿט פֿון פּראָלעטאַריאַט. דאָך שטעלט מיט זיך נישט פֿאָר דער וועג פֿון אַנטוויקלונג פֿונם אַרבעטער-קלאַס צום פֿולן אומבאַגרענעצטן אינטערנאַציאָנאַליזם קיין גראַדע, אויסגעהאַלטענע ליניע, נאָר זי קערט זיך אָפּט אָפּ אין פֿאַרשידענע זייטן, בייקומענדיק דעם אינערלעכן ווידערשטאַנד פֿון קאָנקורענץ צווישן די אַרבעטער גופֿא. דאָס אויסקריסטאַליזירונג פֿון דעם קלאַסן-באַוואוסטזיין פֿון פּראָלעטאַריאַט איז אַ קרענקלעכער, און פֿול מיט אַן אינערלעכן קאַמף, פּראָצעס, וועלכער פֿאַרוויקלט זיך העכסט און דיפֿערענצירט זיך דורך יענע באַזונדערע באַדינגונגען, אין וועלכע יעדער באַזונדער פֿאָלק איז געשטעלט געוואָרן אין דעם גאַנג פֿון זיין געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופֿן, קומענדיק צו פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון די פֿריערדיקע אָדער אָפּגעשטאַנענע אופֿנים, האָט געפֿונען די מענטשהייט נישט אַן אייניקע, נאָר אַ צעטיילטע אויף פֿעלקער; די פֿאַרשידנקייטן און באַזונדערקייטן פֿון די פֿעלקער זענען אַרויסגעוואַקסן פֿון די פֿאַרשידנקייטן אין יענע קבוצים פּראָדוקציאָנס-באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך צונויפֿגעלייגט און אַנטוויקלט די באַזונדערע פֿעלקער.

פֿונס סכום באַדינגונגען פֿון דעם פּראָדוקציאָנס-לעבן זענען לכתחילה געווען צום מערסטן ווירקענד די נאַטירלעכע (פֿיזיש-קלימאַטישע, געאָגראַפֿישע, ראַסאָווע) באַדינגונגען; מיט דעם צייט, וואָס מער עס וואַקסט די טעכניק, אַלץ אַ גרעסערע ווירקונג באַקומען די געזעלשאַפֿטלעכע באַדינגונגען, די אינערלעכע און אויסערלעכע, צו וועלכע עס ווערט אויך פֿאַרחשבונט דער צושטאַנד פֿון די פּראָדוקציאָנס-באַציונגען, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט צו דעם איצטיקן מאָמענט אין דעם געגעבענעם געזעלשאַפֿטלעכן גאַנצן גופֿא, ווי אויך די לאַגע, וואָס דיזעס געזעלשאַפֿטלעכע גאַנצע פֿאַרנעמט צווישן די אַרומיקע געזעלשאַפֿטלעכע גאַנצע. דער אַלגעמיינער רעזערוואַר פֿון אַלע פּראָדוקציאָנס-באַדינגונגען איז די טעריטאָריע; די פֿאָרמען פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און די סאָציאַלע אינטערעסן טראָגן אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער אויף אַזויפֿיל, אויף וויפֿיל זיי האָבן אַ וועלכע עס איז פּאָזיטיווע אָדער נעגאַטיווע, דירעקטע אָדער אומדירעקטע, נאָענטע אָדער ווייטע שייכות צו דער טעריטאָריע. צופּאַסנדיק זיך צו דיזע טעריטאָריאַלע פּראָדוקציאָנס-באַדינגונגען, דיפֿערענצירט דער קאַפּיטאַליזם זיינע פֿאָרמען לויט די נאַציאָנאַליטעטן, און גלייכצייטיק מיט דער בהדרגהדיקער אויסבילדונג פֿון אַ וועלט-מאַרק און אַ וועלט-ווירטשאַפֿט, בילדן זיך אויס אונטער זיי טעריטאָריאַל-נאַציאָנאַלע ווירטשאַפֿטן, וואָס דורך זייער צונויפֿשמעלצונגס-פּראָצעס וועט פֿאָרקומען די אַנטוויקלונג פֿון דעם וועלט-קאַפּיטאַל. צוזאַמען מיט דעם רוקט אַרויס די אַנטוויקלונג פֿון דעם קאַפּיטאַליזם די נאַציאָנאַלע פֿראַגן פֿון אונזער צייט, וועלכע אַנטשטייען יעדעס מאָל, בעת עס קומט פֿאָר אַ קאָנפֿליקט צווישן דער אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוקטיוו-קרעפֿטן און דעם צושטאַנד פֿון די אויסערלעכע געזעלשאַפֿטלעכע פּראָדוקציאָנס-באַדינגונגען.

אין דעם יסוד פֿון דיזן קאָנפֿליקט ליגט די נישט-גענוגקייט פֿון דער קאָנצענטרירונג פֿון דער פּראָדוקציע, וועלכע איז דערגרייכט בײַ דער היינטיקער אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוקטיוו-קרעפֿטן ; עס זענען נאָך נישט קאָנצענטרירט די פּראָדוקציאָנס-מיטלען און נאָך ווייניקער זענען קאָנצענטרירט אירע באַדינגונגען. אין דעם רעכטלעכן געביט דריקט זיך אויס דיזע הנחה אינם סעפּאַראַטן אייגנטום : סעפּאַראַטער פּערזענלעכער אייגנטום איז דער יסוד פֿון די קלאַסן-אַנטאַגאָניזמען, און סעפּאַראַטע קאָלעקטיווע, דאָס נאַציאָנאַלע פֿאַרמעגן פֿון אַ טעריטאָריע, אַלס אַ רעזערוואואַר פֿון די פּראָדוקציאָנס-באַדינגונגען — איז דער יסוד פֿון די נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען. — אַזוי ווי די באַציונג פֿון פֿאַרשידענע קלאַסן פֿון דער נאַציע צו דער טעריטאָריע איז פֿאַרשידן, און פֿאַרשידן זענען די קלאַסן-אינטערעסן, וואָס זענען צוזאַמענגעבונדן מיט דער טעריטאָריע, זענען דעריבער אויך די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פֿאַרשידן בײַ פֿאַרשידענע קלאַסן פֿון דער נאַציע, אַ דאַנק וואָס די נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען קאָנען נישט פֿאַרשטאַנען ווערן אַנדערש, ווי אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פֿאַרשידנקייט און קאַמף פֿון די קלאַסן-אינטערעסן. די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט ווערן באַשטימט דורך דעם, וואָס די טעריטאָריע דינט אים פֿאַר אַן אַרבעטס-פּלאַץ און מיט דער אַנטוויקלונג פֿון די קלאַסן-אַנטאַגאָניזמען קריגט זי פֿאַר דעם פּראָלעטאַריאַט אַ נייע באַדייטונג פֿון אַ סטראַטעגישער באַזע אין זיין אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן קאַפּיטאַל.

דער נאַציאָנאַלער קאַמף ווערט תמיד געפֿירט צוליב די מאַטעריעלע באַדינגונגען פֿון דעם פּראָדוקציאָנס-לעבן פֿון דער נאַציע, אַנדערש גערעדט, צוליב איר מאַטעריעלן באַזיץ. דער נאַציאָנאַלער קאַמף דריקט זיך אויס אין סך-הכּל אין די דערשיינונגען פֿון נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, וועלכע באַדינגט די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג פֿון אונזער צייט. דער נאַציאָנאַלער דרוק העננט שווער איבער דעם פּראָלעטאַריאַט פֿון אַן אונטערדריקטער נאַציע, פֿאַרהאַלט דעם גאַנג פֿון זיין אַנטוויקלונג און פֿאַרקירצט זיין אַרבעטס-פּלאַץ און סטראַטעגישע באַזע. מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפֿט ווערט דער קלאַסן-קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט אָפּגעפֿאַרבט גלייכצייטיק אין אַ צווייענדיקער פֿאַרב : אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער אויף אַזויפֿיל, אויף וויפֿיל דער קאַפּיטאַליזם כאַפּט אַרום און פֿאַרייניקט אַלע געזעלשאַפֿטן פֿון דער מאָדערנער וועלט, אומאָפּהענגיק פֿון די באַדינגונגען פֿון זייער פּראָדוקציאָנס-לעבן ; אין אַ נאַציאָנאַלער אויף אַזויפֿיל, אויף וויפֿיל עס עקזיסטירן פֿאָרט פֿאַרשידענע קבוצים פֿון פּראָדוקציאָנס-באַדינגונגען בײַ פֿאַרשידענע נאַציעס.

דער קלאַסן-קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט פֿון אונטערדריקטע נאַציעס פֿירט מיט אַ היסטאָרישער נויטווענדיקייט דערצו, אַז אין זיין פּראָגראַם זאָלן אַריינגעטראָגן ווערן פּונקטן, וועלכע זענען נוגע דער נאַציאָנאַלער באַפֿרייונג, ד. ה. אין סך-הכּל דאָס אומענדערן פֿון זיין סטראַטעגישער באַזע אין יענער ריכטונג, וואָס איז מער גינסטיק פֿאַר זיין קלאַסן-קאַמף.

דאָס פּראָגראַם-מאַקסימום פֿון יעדן באַוווסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט איז די סאָציאַ

ליזירונג פון די פראָדוקציאָנס-מיטלען און די איבערבויונג פון דער געזעלשאַפט אויף סאָציאַליסטישע יסודות; דאָס פראָגראַם-מאַקסימום איז אינטערנאַציאָנאַל. אין דעם פראָגראַם-מינימום אָבער פון די פראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס צווישן די אונטערדריקטע נאַציעס גייט אַריין, אין איין שורה מיט די אַלגעמיינע אינטערנאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון דער אַרבעטער-דעמאָקראַטיע, אויך די באַפרייונג פון אונטער דעם נאַציאָנאַלן דרוק, אויף וויפיל דאָס איז בכלל מעגלעך אין די ראַמען פון דער קאַפיטאַליסטישער ווירטשאַפט.

## די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון פראָלעטאַריאַט.

די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון פראָלעטאַריאַט ווערן דורך אים פאַרווירקלעכט, גלייך ווי זיינע אַלע אַנדערע פאָדערונגען, אין פראָצעס פון זיין קלאַסן-קאַמף; אויך זיי טראָגן אַ ריין פאָליטישן כאַראַקטער, דען דער מאָדערנער שטאַאַט דינט אַלס דער אַלגעמיינער און וויכטיקסטער דורכפירער פון דעם נאַציאָנאַלן דרוק. די פאָליטישע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון פראָלעטאַריאַט פאַסן זיך צו צו די טענדענצן פון אַנטוויקלונג פון די פראָדוקטיוו-קרעפטן פון דער מענטשהייט.

דערזעלבער קאַפיטאַליסטישער פראָדוקציאָנס-אופן, וואָס האָט געבוירן די נאַציאָנאַלע פראַגע, צונויפשטויסנדיק די זיך פאַרברייטערנדע און קאָנצענטרירטע פראָדוקטיוו-קרעפטן מיט דער פאַרשידנקייט פון די פראָדוקציאָנס-באַדינגונגען און מיט דער שמאָלקייט פון זייער ספערע — פירט דעסגלייכן צו דער אויסבילדונג פון געדיכטע איינאַרטיקע נאַציאָנאַל-טעריטאָריאַלע ווירטשאַפטן און מלוכות אָדער געגנטן, אין וועלכע עס וועלן באַזייטיקט ווערן יעדע נאַציאָנאַלע חלוקים און ס'וועלן פאַרשווינדן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן צי דורך אַסימילאַציע, צי דורך אַ לגמרידיקער אַלזייטיקער אַרויסשטויסונג און עמיגראַציע. די ווייטערדיקע קאָנצענטרירונג פון דער פראָדוקציע וועט ברענגען אויך צו דער פאַרייניקונג פון די באַזונדערע טעריטאָריאַלע ווירטשאַפטן אין איין סטיכיש-אָרגאַניזירטער אַלוועלטלעכער פראָדוקציאָנס-גאַנצקייט. דיזע אומבויגזאַמע טענדענצן ווערן אָבער אָפגעהאַלטן דורך די דערשיינונגען פון נאַציאָנאַלן דרוק, וועלכער פאַרהיט מיט געוואַלט דעם קיום פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, איזאָלירנדיק זיי פון דער אַרומיקער ספערע פראָדוקציאָנס-באַדינגונגען; נאָר די אַנטוויקלונג פון די פראָדוקטיוו-קרעפטן וועט פריער אָדער שפעטער בייקומען דיזע מכשולים. די אָנרייפונג פון נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן, אַריינברענגענדיק אין אַ כראָנישער רואינירונג דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אַ מלוכה מיט אַן איבערגעמישטן נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג, באַשאַפט די נויטווענדיקייט פון אַן עפנטלעך-רעכטלעכער פונאַנדערגרענעצונג פון די ספערן פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, און די שטייגנדע געזעלשאַפטס-דעמאָקראַטיזירונג גיט אַ מעגלעכקייט פאַר אַזאַ אַרט פונאַנדערגרענעצונג. די פרייהייט

פון נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג וועט עפענען אַ ברייטן וועג די ניוועלירנדע און טעריטאָריאַליזירנדע טענדענצן פון דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן.

דער פּראָצעס פון איינשליגנען אָדער אַרויסשטויסן די נאַציאָנאַלע מלוכות אָדער געגנטן וועט דורכגיין דורך די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיעס פאַר אַלע פעלקער, וועלכע וואוינען אין די איצטיקע מלוכות און געגנטן מיט אַן איבערגעמישטער נאַציאָנאַלער באַפעלקערונג. צו דיזן אַרט מלוכות געהערן אין דער ערשטער ריי עסטרייך און רוסלאַנד, וואו די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן וועט טאַקע ברענגען מיט אַ היסטאָרישער נויטווענדיקייט צו דער פונאַנדערגרענעצונג פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן אין דער פאָרם פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע.

אַזוי ווי אָט די זייט אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן באַווייזט זיך אַרויס העלער ווי אַלץ אויף די אינטערעסן פון פּראָלעטאַריאַט פון אונטערדריקטע נאַציעס, דעריבער רוקט ער דער ערשטער אַרויס אין זיין פּראָגראַם־מינימום קלאָרע פאָדערונגען פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע; נאָר שפּעטער שטייט־צו צו דיזע פאָדערונגען אויך דער פּראָלעטאַריאַט פון די הערשנדע נאַציעס, ווייל נאָר די באַפרידיקונג פון דידאָזיקע פאָדערונגען באַפרייט די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן פון יענע מכשולים, וועלכע אַנטשטייען מחמת דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

## די יידן־פראַגע.

די אַנגעוויזענע טענדענצן באַקומען אַן אייגנאַרטיקע פאָרם אין דער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן פאָלק, וועלכעס שטעלט מיט זיך פאָר אומעטום, אַ דאַנק זיין עקסטעריטאָריאַליטעט, אַ מאַכטלאָזע נאַציאָנאַלע מינדערהייט; בעת זיין שטרעבונג אַריינצודרינגען און באַזעצן זיך אין דער ספערע פון פּראָדוקציאָנס־באַדינגונגען פון די אַרומיקע פעלקער, קען זיך דאָס יידישע פאָלק ערגעץ נישט באַגלייך ווי אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן שטיצן אויף דער הילף פון אַ געבורידערלעכע נאַציאָנאַל־מערהייט, וואָס פאַרנעמט אַ וועלכע ס'איז טעריטאָריע. דיזער אומשטאַנד לייגט אַרויף די חתימה פון אַ באַזונדערער אַנאָמאַליע אויף דער גאַנצער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק אין גלות, און די ווידערשפּרוכן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג האָבן אויך געמוזט געבוירן באַזונדערע ספּעציפישע אַנאָמאַליעס אין דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דעם מאָדערנעם יידנטום.

די יידישע קליין־בורזשואַזיע ווערט אַרויסגעשטויסן, פון איין זייט, דורך דער אַלגעמיינער סיבה — דורך דער ווירקונג פון דעם קאַפּיטאַליזם בכלל, פון דער אַנדערער זייט, דורך איר ספּעציעל יידישער נאַציאָנאַלער סיבה, וואָס איר מקור איז די עקסטע־

ריטאריאליטעט פונם יידישן פאלק — דורך דער נישט צוגעפאסטקייט אויסצוהאלטן די נאציאנאלע קאנקורענץ.

ווערנדיק רויִנירט אין דעם פּרוכטלאזן קאמף קעגן דער גרויס-אינדוסטריע, גייען ארויס די יידישע מאסן אויף דעם ארבעטס-מארק, וווּ זיי באגעגענען א קאנקורענץ מצד די זיך פּראלעטאריזירנדע מאסן פון אנדערע נאציאנאליטעטן און דערצו געפינען זיי שוין פארנומענע דורך דעם ארטיקן פּראלעטאריאט יענע ארטן פּראדוקציאנס-צווייגן, וואס זענען צוממערסטן נאנט צו גרינטלעכע ווירטשאפטלעכע פּראצעסן.

די יידן פארנעמען אבער צווייגן, צוממערסטן נאנטע צו די ענדלעכע פּונקטן פון די פארקערס-פּראצעסן און צו קאנסומען.

ארום דיזע גרינטלעכע ווירטשאפטלעכע סיבות גרופּירן זיך אייניקע בייזייטיקע פאקטארן: פיזישע שוואכקייט, דאס פעלן פון טעכנישע ידיעות, ווי אויך צייטווייליקע מניעות (שבת, ביעלארוטשנע טראדיציעס וכדומה). את דיזע פאקטארן פארהאלטן נאך מער דאס אריינטרעטן פון יידן אין דידאזיקע מער פאדערשטע צווייגן; אין דערזעלבער צייט ציען זיך ארײַן די ארטיקע זיך פּראלעטאריזירנדע עלעמענטן, שוין מחמת אליין דער געוווינהייט (לויט דעם מאסן-געזעץ), אלץ מער אין די פאדערשטע צווייגן.

אויף אזא אופן איז די יידישע ארבעט לגמרי ארויסגעשטויסן פון דער אויסארבעטונג פון פּראדוקציאנס-מיטלען (געוועבר און מאטעריאלן פון פּראדוקציע, וועגן און מיטלען פון פארקער); און אפילו אין דער פּראדוקציע פון קאנסום-מיטלען איז די יידישע ארבעט ארויסגעשטויסן פון דער מאשין-פּראדוקציע און איז אינגאנצן אריינגעטריבן אין דער קלײנער און מאנופאקטור-פּראדוקציע.

א דאנק יענעם אלגעמיינעם געזעץ פון דער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג, וואס דער שטענדיקער קאפּיטאל וואקסט פארהעלטנישמעסיק אויפן חשבון פון דעם בייטנדן קאפּיטאל — וואקסט פארהעלטנישמעסיק די אויסארבעטונג פון פּראדוקציאנס-מיטלען אויפן חשבון פון דער פּראדוקציע פון קאנסום-פּראדוקטן.

אין צוזאמענהאנג מיט דיזן אלגעמיינעם געזעץ, מחמת די ספּעציעלע באזונדערקייטן פון די יידישע זיך פּראלעטאריזירנדע מאסן, בלייבן איבער פאר דער יידישער ארבעט די סאמע אפּגעשטאנענע ווירטשאפטלעכע צווייגן, וואס ווערן אינטענסיוו ארויסגעשטויסן.

דער יידישער פּראלעטאריאט איז אויף אזא אופן דערווייטערט פון די וויכטיקסטע פּראדוקציאנס-נערוון אין לאנד און קען דעריבער נישט פירן קיין ריכטיקן און דערפאלגרייכן קאמף קעגן קאפּיטאל.

א דאנק דער נאציאנאלער קאנקורענץ, וועלכע ווערט פארוויקלט דורך א ריי אנדערע בייזייטיקע און צייטווייליקע פאקטארן, קריגן נישט די באדערפענישן פון די יידישע ברייטע מאסן קיין גענוגנדע באפרידיקונג הן אין כמות און הן אין איכות. דאס רופט זיך אפ העכסט קרענקלעך אויף די באדינגונגען פון דער עקאנאמישער אנטוויקלונג און דעם קלאסן-קאמף פונם יידישן פּראלעטריאט, באשאפנדיק אן עקסטע אומצו-

פרידנקייט פון זיין אַרבעטס=פּלאַץ און פאַרשמעלנדיק זיין סטראַטעגישע באַזע אין עקאָנאָמישער און פּאָליטישער הינזיכט.

אויף אַזאַ אופן רייפּט=אָן בײַ אַלע קלאַסן פון דעם יידישן פאָלק אַלץ מער און מער אַ דויערנדער און קרענקלעכער קאָנפליקט צווישן דער באַדערפעניש און דער מעגלעכקייט, וועלכער געפינט זיין אויסדרוק און אויסגאַנג אין דער וואַקסנדער יידישער עמיגראַציע, וואָס ווענדעט זיך לכתחילה אין די לענדער פון דעם גרויס=אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל. אין דיזער ריכטונג אירער לעזט נישט די יידישע עמיגראַציע דאָס יידישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעם און טראָגט זי נאָר איבער אין נייע ערטער, וואו עס אַנטשטייען אינגיכן די שטענדיקע באַגלייטער פון דער יידישער אַנאָמאַליע: נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ, איזאָלאַציע און דאָס עמיגראַציאָנס=פּראָבלעם.

גלייכצייטיק מיט דעם, ווי די יידישע פאָלקס=מאַסן פאַלן=אונטער אויף אַן אַלץ גרעסערן שטח פון דעם ערד=קוגל דער אַלץ מער אינטענסיווערער און אַלזייטיקער אַרויסשטויסונג, פאַרלירט די יידן=פראַגע כסדר איר צעוואָרפנקייט איבער פאַרשידענע לענדער און קאָנסאָלידירט זיך אין איין אַלוועלטלעכער יידן=פראַגע.

## טעריטאָריאַליזם.

די זעלבע עמיגראַציע, וואָס קאָנסאָלידירט די אַלוועלטלעכע יידן=פראַגע, אַנטהאַלט אין זיך אויך די טענדעצן פון איר לעזונג. דער עמיגראַציאָנס=שטראָם, וועלכער האָט זיך ביז דער לעצטער צייט צונויפגעמען מיט דער אַלוועלטלעכער עמיגראַציאָנס=כוואַליע, וואָס איז געבוירן דורך דעם געזעץ פון באַפעלקערונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, געווענדעט אין די לענדער פון דער גרויס-אינדוסטריע, הייבט זיך אָן שפּעטער, צוזאַמען מיט דיזער אַלגעמיינער כוואַליע, אָפּצוקערן אין די לענדער פון דער זיך ברייט אַנטוויקלענדער לאַנדווירטשאַפט. נאָר די יידן, אַלס שטענדיקע שטאָט=איינוואוינער, וואָס זענען נישט מסוגל אַריבערצוגיין דירעקט צו דער לאַנדווירטשאַפט, ווערן דאָ גלייך אַרויסגעשטויסן אַ דאַנק דער קאָנקורענץ אויף דעם אַלוועלטלעכן ברויט=מאַרק — און דאָס איינציקע לאַנד, וואוהין עס קאָן גיין די ברייטע יידישע אימיגראַציע, בלייבט פּאַלעסטינע, וואו די יידן וועלן כסדר דורכמאַכן דעם אַריבערגאַנג פון די געוויינלעכע פאַר זיי ענדלעכע שטאַפּלען פון פּראָדוקציע צו די גרינטלעכע און ערשטע — צו דער אויסאַרבעטונג פון די מיטלען און מאַטעריאַלן פון פּראָדוקציע. אַ דאַנק דעם מעמד פון פּאַלעסטינע אויפן וועלט=מאַרק, און דעסגלייכן דער ווירטשאַפטלעכער און קולטורעלער סטרוקטור פון איר אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלן די יידישע ישובים אין פּאַלעסטינע זיין עקאָנאָמיש אומאָפּהענגיק פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. צוליב דיזע אומשטענדן ווערט פּאַלעסטינע דער צענטער פון דער זיך סטיכיש קאָנצענטרירנדער יידישער עמיגראַציע, וואָס אין איר רעזולטאַט וועט זיך אין דיזן לאַנד צונויפלייגן אַן עקאָנאָ=

מיש-אויטאָנאָמער יידישער ישוב. אַזוי פאַרווירקלעכט זיך סטיכיש דער טעריטאָריאַ-ליזם אַלס אַן עקאָנאָמישע מהפכה אינם יידישן לעבן. דיזן פראָצעס וועט באַגלייטן דער קלאַסן-קאַמף צווישן דער יידישער אַרבעט און קאַפּיטאַל אין פּאַלעסטינע, וועל-כער וועט ברענגען די באַפרייונג פון פּאַלעסטינע פון אונטער דער טערקישער ממשלה אויף די יסודות פון טעריטאָריאַל-פּאָליטישער אויטאָנאָמיע. אַזוי וועט דורך דעם קלאַסן-קאַמף פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט פאַרווירקלעכט ווערן דער טעריטאָ-ריאַליזם, אַלס אַ פּאָליטישע מהפכה אינם יידישן לעבן.

רעכענענדיק זיך מיט דיזע טענדענצן פון דער יידישער עמיגראַציע, נעמט אַריין דער יידישער פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער דעם טעריטאָריאַליזם אין זיין פּראָגראַם-מינימום, פאַרשטייענדיק דעם טעריטאָריאַליזם טאַקע אַלס אַ פּאָליטישע פאָדערונג פון טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע פאַר דעם יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע. אַזוי בילדעט זיך אויס דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם אַלס די באַפרייענדע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער פון אַלע לענדער, וועלכע שטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע, ניִשט קריגן אַ טעריטאָריע, און ניִשט איר קינסטלעכע קאָלאָניזירונג, נאָר פּלאַנמעסיק צו רעגולירן די באַפרייענדע פּראָצעסן, וועלכע פאַרגרינגערן די סטיכישע קאָנצענטרירונג פון דער יידישער עמיגראַציע אין פּאַלעסטינע.

מיט דער פאַרברייטערונג און פאַרפעסטיקונג פון דער נייער טעריטאָריאַל-נאַציאָנאַלער יידישערווירטשאַפט אין פּאַלעסטינע, וועט די יידישע באַפעלקערונג פון די גלות-לענדער אַלץ מער אָנווערן דעם כאַראַקטער פון אַ הילפסלאָזער עקסטעריטאָר-יאַלער נאַציע, וועלכע איז מאַכטלאָז קעגן דער נאַציאָנאַלער איזאָלאַציע, און וועט זיך אַלץ שטאַרקער דערנענטערן צו דעם טיפּ פון געוויינטלעכע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. גלייך ווי אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וועלכע שטיצן זיך אויף זייערע געבורט-טעריטאָריאַלע מערהייטן, וועט דער טייל פון דעם יידישן פאָלק, וואָס בלייבט אין גלות, קריגן די מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין די אַרומיקע ספערן פון די פּראָדוקצ-יאָנס-באַדינגונגען און דורך נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אויטאָנאָמיע וועט ער איבערגיין צו אַסימילאַציע*).

*) אָנערקענענדיק איינשטימיק, דאָס די אָנרייפונג פון די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן און די געז-זעלשאַפטס-דעמאָקראַטיזירונג פירן אומפאַרמיידלעך צו דעם, עס זאָלן עפנטלעך-רעכטלעך פונאַנדערגע-גרענעצט ווערן די ספערן פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן אין דער פאָרם פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטי-קונג און נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אויטאָנאָמיע, איז זיך פונדעסטוועגן דער צ. ק. פונאַנדערגעגאַנגען אין די מיינונגען בנוגע דער פראַגע 1) צי די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע פירט אומפאַרמיידלעך צו דער אויסבילדונג פון איינאַרטיקע נאַציאָנאַלע מלוכות, און 2) צי די נאַצ. פּאָליטישע אויטאָנאָמיע פירט צו דער אַסימילירונג פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן בכלל און פון דער יידישער, וואָס בלייבט אין גלות, בפרט.

פאָרויס־דערקענענדיק אַלע אויבנאָנגעוויזענע טענדענצן פון דער געזעלשאַפטלע־כער אַנטוויקלונג פון די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פראַגן, די ראָלע און אָנטייל פון דעם פּראָלעטאַריאַט אינם רעגולירן פון דיזע טענדענצן, אויפקלערנדיק זיך דעם אַנטוויק־לונגס־גאַנג פון די אינטערעסן פון די יידישע פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער און פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע נאַציעס, שטעלט די י. ס. ד. אַ. פּ. פאַר איר אויפ־גאַבע, אָרגאַניזירנדיק דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און אָנפירנדיק מיט זיין קאַמף אין די רייען פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אָנווייזנדיק אים די גאַנצע ברייטקייט פון זיינע קלאָרע פּערספּעקטיוון — פאַרגרינגערן די יידישע אַרבעטער זייערע פאַרוויקלטע און פאַרפּלאָנטערטע היסטאָרישע וועגן.

אין איר קאַמף פאַר די נאָנטסטע און וויטסטע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע, סאָ־ציאַלע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט וועט די י. ס. ד. אַ. פּ. שטענדיק שאַרף אונטערשטרייכן די זעלבשטענדיקייט פון זיינע אינטערעסן, קעגנ־שטעלנדיק זיי דער גאַנצער בורזשואַזער וועלט בכלל און דער יידישער בורזשואַזיע בפרט. אונטערהאַלטנדיק אַלע באַפרייענדע באַוועגונגען פון דער בורזשואַזיע, הן סאָציאַ־לע און הן נאַציאָנאַלע, וועט אָבער די י. ס. ד. אַ. פּ. נאָך אירע כוחות נאָך, אויפקלערן דעם פּראָלעטאַריאַט די האַלבקייט און דעם פאַררעטערישן כאַראַקטער פון דער בורזשו־אַזער דעמאָקראַטיע אין אַלע אירע פאָרמען, און וועט דערציען דעם יידישן פּראָלע־טאַריאַט אין דער ריכטונג פון קלאָרן קלאַסן־זעלבסט־באַוואוסטזיין און זעלבשטענדיקער קלאַסן־אַקטיוויטעט.

# וועגן VIII=טן ציוניסטישן קאָנגרעס.

(אויסצוג פון צירקוליאַר נר. 9 פון צ. ק. י. ס. ד. אַ. פּ. (פּועלי-ציון) אין רוסלאַנד 1907.)

דער VIII-טער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער קאָנגרעס איז באַשטימט אויף דעם 1=טן אויגוסט (לויט דעם נייעם סטיל 13 אויגוסט). די זאַמלונג פון שקלים מוז פאַרענדיקט ווערן דעם 15 יוני לויט אונזערע דאַטן. די וואַלן צום קאָנגרעס דאַרפן פאַרענדיקט ווערן ביזן 18 יוני.

מיר גלויבן, דאָס ווייל דער קאָנגרעס וועט מיט דער צייט באַקומען אַלץ אַ גרעסערע ווירקונג אויף די איינוואַנדערונג פון קאַפּיטאַלן, און דערמיט אויך פון אַרבעט נאָך פּאַלעסטינע, דעריבער מוזן מיר דערווערבן וואָס אַ גרעסערע באַדייטונג אין קאָנגרעס גופא.

אונזער אָנטייל אין קאָנגרעס שטעלט זיך פאָלגענדע צוועקן; ערשטנס, דעמאָקראַטיזירן דעם קאָנגרעס און זיין אַרבעט; און צווייטנס, שטרעבן דערצו, די רעאַלע ציוניסטישע אַרבעט אין פּאַלעסטינע זאָל טראָגן אַ רעאַליסטישן און קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער, און בשום אופן נישט קיין אויטאָפּיסטיש=דיפּלאָמאַטישן אָדער פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער.

נאָר אונזער אָנטייל אין קאָנגרעס איז צונויפגעבונדן מיט איניקע באַדינגונגען. ווי איר ווייסט, חברים, אום צו קומען צום קאָנגרעס, מוז מען נעמען שקלים; דיזן שקל=אינסטיטוט האַלטן מיר פאַר אַנטידעמאָקראַטיש, ווייל אין אים איז דאָס וואַל=רעכט פאַרבונדן מיט אַ בודזשעט=פאָרם, ווייל אַ שקל באַדייט אַ צענז אויף וואַל=רעכט. לויט אונזערע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן דאַרף אין אַ פּאַרטיי און אין יעדער אָרגאַניזאַציע דאָס וואַל=רעכט זיין אַן אַלגעמיינס, אַלע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע זאָלן באַזיצן וואַל=רעכט, אומאָפּהענגיק פון דעם, וויפיל זיי צאָלן איין אין אָרגאַניזאַציע.

ווייטער איז דער שקל אַנטידעמאָקראַטיש נאָך אין דער הינזיכט, וואָס דער שקל שטעלט אַ פינאַנציעלן קריטעריום פון דער אָנגעהעריקייט צו דער אָרגאַניזאַציע. בײַ די פורזשואַזע ציוניסטן רעכנט זיך פאַר אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע נאָר דער, וועלכער האָט איינגעצאָלט 40 קאָפּ., בשעת אין דער דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע ווערט פאַררעכנט פאַר אַ מיטגליד נאָר דער, ווער, אָנערקענענדיק דאָס פּראָגראַם פון פּאַרטיי, אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון אירע אינסטיטוטן אָדער העלפט איר איבערהויפּט מיט דורך זיין אַרבעט.

אָבער ביז דער קאָנגרעס וועט נישט אומבייטן זיינע ביודזשעט-און וואַל-פאָרמען, מוזן מיר נעמען שקלים, אויב מיר ווילן אינם קאָנגרעס אָנטייל נעמען.

דאָ מוזן מיר איבערהויפּט אָנווייזן, אַז אַריינגייענדיק אין קאָנגרעס, דאַרפן מיר שוין במילא אונטערגעבן זיך זיינע באַשלוסן — אויף וויפיל זיי רירן נישט אָן אונזער קלאַסן-טאַקטיק, ד. ה. אויף וויפיל אויף אונז פאַלט נישט קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דיזע באַשלוסן; דאָס באַדייט, ערשטנס, דאָס לויט אונזער מיינונג געפינט זיך דער קלאַסן-קאַמף אין פּאַלעסטינע און אין די גלות-לענדער אויסער דער קאָמפּעטענץ פון קאָנגרעס. צווייטנס, דאָס אויב אויפן טאָג-אָרדנונג פון קאָנגרעס וועט געשטעלט ווערן אַזאַ פאָרשלאַג, וועלכער באַרירט אונזער קלאַסן-טאַקטיק, מוזן מיר לכתחילה פּראָטעס-טירן קעגן דעם, דאָס אַזאַ מין פאָרשלאַג זאָל פיגורירן אויפן טאָג-אָרדנונג, און מיר טאָרן נישט נעמען קיין אָנטייל נישט אין דער באַהאַנדלונג און נישט אין דער אָפּשטי-מונג פון אַזאַ פאָרשלאַג. אויב מיר נעמען אָבער יאָ אַן אָנטייל אין דער אָפּשטימונג אָדער אפילו נאָר אין דער באַהאַנדלונג פון וועלכן עס איז פאָרשלאַג, דאַן הייסט דאָס, ועלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דיזער פאָרשלאַג גייט יאָ אַריין, לויט אונזער מיינונג, אין דער קאָמפּעטענץ פון קאָנגרעס, — און מיר מוזן זיך שוין אונטערגעבן זיין באַשלוס, הגם מיר וועלן אפילו בלייבן אין דער מינדערהייט.

ס'פאַרשטייט זיך אויך, אַז אונז בלייבט די פולקאָמע פרייהייט צו קריטיקירן אַפילו אַזעלכע באַשלוסן פון קאָנגרעס, וועלכע מיר גיבן זיך אונטער. קאָנקרעט גערעדט — הייסט דאָס: אַזוי ווי מיר וועלן קיין אָנטייל נישט נעמען אין די אויספירונגס-אָרגאַנען פון קאָנגרעס, קענען פאַר אונז זיין אָבליגאַטאָריש נאָר יענע באַשלוסן פון קאָנגרעס, וועלכע באַרירן דאָס וואַל-רעכט צום קאָנגרעס און דעם ביודזשעט, ד. ה. די איינצאָ-לונגען, וועלכע דער קאָנגרעס וועט באַשליסן צו נעמען פון אַלע מיטגלידער לטובת זיינע איינריכטונגען. אָט צו דיזע באַשלוסן וועלן מיר זיך דאַרפן אונטערגעבן.

מיר שאַפן נישט און וועלן נישט שאַפן קיין פעדעראַציע פון דעם אַלוועלטלעכן ציוניזם: מיר בלייבן גאָר אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט צו טון נאָר מיטן קאָנגרעס. די דירעקטיוון פון די אַקציאָנס-קאָמיטעטן, פון די לאַנדעס-קאָמיטעטן א.א.וו. גייען אונז לחלוטין נישט אָן. דער קאָנגרעס וועט באַשטימען, וועלן מיר צאָלן דיזע אינסטיטוטן; אויף וויפיל די טעטיקייט פון די אַלגעמיין-ציוניסטישע אינסטיטוטן

ווען שטימען מיט אונזערע צוועקן, וועלן מיר זי אַפילו אונטערשטיצן, נאָר דאָך אַלס אַ גאַנץ זייטיקע אָרגאַניזאַציע.

דאָס אַלץ וועלן מיר דערקלערן דעם VIII קאָנגרעס נאָך אויף די ערשטע זי־צונגען, און ס'פאַרשטייט זיך, אַז מיר וועלן קענען בלייבן אין קאָנגרעס נאָר אויף די אויבן־אָנגעוויזענע באַדינגונגען. און אַזוי ווי עס איז אייגנטלעך איבערהויפּט כמעט נישטאָ אַזעלכע באַשלוסן פון קאָנגרעס, וועגן וועלכע עס זאָל קענען זיין אַ פראַגע פון אונטערגעבן, חוץ די באַשלוסן וועגן וואַל־רעכט און ביודזשעט, וועלן געוויס דיזע פאָ־דערונגען אונזערע נישט זיין אומאָנגעמלעך פאַרן קאָנגרעס.

איצט מוזט איר, חברים, זאָפאָרט נעמען שקלים — אַלע אָן אויסנאַם, ווייל מיר דאַרפן זיין פאַרטרעטן אינם קאָנגרעס וואָס בעסער.

## אָרגאַניזאַציאָנס־סטאַטוט

פאַרגעלייגט דעם צווייטן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון י. ס. ד. אַ. פּ. „פּועלי־ציון" אין רוסלאַנד, קראָקע, 1907.

§ 1. דער נאָמען פון דער פאַרטיי איז י. ס. ד. אַ פּ.

§ 2. פאַר אַ מיטגליד פון פאַרטיי רעכנט זיך יעדערער, וואָס נעמט אָן די הויפּט־פּונקטן פון איר פּראָגראַם און העלפט־מיט איר אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון וועלכן עס איז פון אירע אינסטיטוטן.

§ 3. די פאַרטיי באַשטייט פון גרופּן, וועלכע רופן זיך אָן איינפאַך ג ר ו פּ ן, בעת זיי ציילן אין זיך נישט מער, ווי 50 מיטגלידער; אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע ס, בעת זיי ציילן אין זיך פון 50 ביז 100 מיטגלידער; און ק אָ מ י ט ע ט ן, בעת זיי ציילן אין זיך העכער 100 מיטגלידער.

§ 4. חוץ דיזע גרופּן גייען אַריין אין פאַרטיי אויך איינצעלנע פערזאָנען און באַזונדערע קאָלעגיעס, וואָס אַרבעטן אונטער דער אָנפירונג פון די פאַרטיי־אינס־טיטוטן.

§ 5. דער אויבערשטער געזעצגעבערישער אינסטיטוט פון פאַרטיי איז דער אַל־

דיוסישער צוזאַמענפאָר, וועלכער ווערט צונויפגערופן אָדער פּעריאָדיש, יעדער יאָר, אָדער אין עקסטרא־צופאַלן.

§ 6. אויף די אָרדנטלעכע פּארטיי־צוזאַמענפאָרן ווערן אָנגענומען החלטות בנוגע אַלע פראַגן, ווי פון פּארטיי־פּראָגראַם, אַזוי אויך פון דער פּארטיי־טאַקטיק און אָרגאַניזאַציע. יעדער אָרדנטלעכער צוזאַמענפאָר האָט דאָס רעכט אומצוענדערן, אָדער גאָר פאַרניכטן די החלטות פון פריערדיקע צוזאַמענפאָרן און אויך אָננעמען נייע.

אָנמערקונג: אומענדערן די הויפּט־פּונקטן פון פּראָגראַם האָט דאָס רעכט נאָר אַזאַ אָרדנטלעכער צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן עס זענען פאַרטרעטן נישט ווייניקער ווי דריי פערטל פון אַלע קאָמיטעטן און דערצו נישט אַנדערש, ווי מיט אַ קוואַליפיצירטער מערהייט, ווי צוויי דריטל פון אַלע שטימען.

§ 7. עקסטרא־צוזאַמענפאָרן האָבן נישט דאָס רעכט אומצוענדערן וועלכע עס איז פּונקטן פון פּארטיי־פּראָגראַם.

§ 8. דער העכסטער אויספירנדער אָרגאַן פון דער פּארטיי איז דער צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכער ווערט אויסגעקליבן אויף דעם אַלרוסישן צוזאַמענפאָר און וועלכער האָט דאָס רעכט פון איינשטימיקער קאָאָפּטאַציע; דער צ. ק. האָט דאָס רעכט צו קאָאָפּטירן נאָר מיטגלידער פון דער פּארטיי.

אָנמערקונג: די צאָל פון די אויסגעוויילטע און קאָאָפּטירטע ווערט באַשטימט פון צוזאַמענפאָר.

§ 9. דער צ. ק. האָט דאָס רעכט איינשטימיק אויסצושליסן פון זיך ווי די קאָאָפּטירטע, אַזוי אויך די אויסגעוויילטע מיטגלידער.

אָנמערקונג: דער אויסגעשלאָסענער חבר האָט דאָס רעכט צו פאָדערן אַן עפנטלעכע דערקלערונג אין צענטראַל־אָרגאַן און אים מוז געגעבן ווערן די מעגלעכקייט פון עפנטלעכער רעאַביליטאַציע אין צ. אָ. אָדער אין צענט.־ליטעראַטור, אויף וויפיל דאָס שאַדט נישט דער קאָנספּיראַציע. ד. ה. עס זאָלן נישט אָנגעוויזן ווערן קיין קאָנספּיראַטיווע נעמען, ערטער און געשעענישן.

§ 10. דער צ. ק. פירט דורך אין לעבן אַלע החלטות פון די צוזאַמענפאָרן און נעמט אָן זעלבשטענדיקע החלטות איבער נייע פראַגן, וואָס זענען נישט באַטראַכט געוואָרן אויף דעם צוזאַמענפאָר. דערביי אָבער מוז זיך דער צ. ק. צופּאַסן און רעכענען מיט די דירעקטיוון פון צוזאַמענפאָר.

דער צ. ק. האָט די אויבערמאַכט אין מינדלעכער און שריפטלעכער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע.

§ 11. דער צ. ק. באַשטימט און שאַפט אַליין די אַלע אינסטיטוטן, וועלכע זעאים נייטיק בכדי דורכצופירן אין לעבן זיינע החלטות.

§ 12. אַלס דער איינציקער אָרגאַן, דורך וועלכן דער צ. ק. האָט פאַרבינדונגען מיט דער פּארטיי, זענען די ראַיאָן־קאָמיטעטן, אויסער די פּונקטן, וועלכע זענען נאָך נישט פאַרייניקט אין אַ ראַיאָן. דער צ. ק. האָט דאָס רעכט פונאַנדערצוטיילן די ראַ־

יאָנען, צופּאַסנדיק זיך צו די באַדערפעניישן פון דער באַוועגונג. גרינדנדיק אַ נייעם ראַיאָן האָט דער צ. ק. דאָס רעכט צו באַשטימען אַ צייטווייליקן ר. ק., וועלכער פונקציאָנירט ביזן גרינדונגס-צוזאַמענפאָר פון ראַיאָן, וועלכער מוז צונויפגערופן ווערן נישט שפּעטער ווי אין צוויי חדשים נאָך דעם אַנטשטיין פון ראַיאָן.

§ 13. אויפן גרינדונגס-ראַיאָן-צוזאַמענפאָר זענען פאַרגעשטעלט: איין פאָרשטייער פונם צייטווייליקן ר. ק. מיט באַשליסנדער שטים-רעכט. איין פאָרשטייער פון צ. ק. מיט באַראַטונגס-שטים. גרופּן, וועלכע באַשטייען פון 50 מיטגלידער, באַקומען נישט קיין פאַרטרעטונג אויפן ראַיאָן-גרינדונגס-צוזאַמענפאָר; די אָרגאַניזאַציעס באַקומען צו איין פאָרשטייער און די קאָמיטעטן צו איין פאָרשטייער אויף יעדע הונדערט מיטגלידער; דערביי רעכנט זיך יעדע רעשט איבער 50 מיטגלידער פאַר גאַנצע הונדערט. גרופּן, וועלכע האָבן נישט קיין פאָרשטייער, מעגן זיך פאַרייניקן, בכדי צו שיקן געמיינזאַם אַ פאָרשטייער, דערביי מוז אָבער די צאָל מיטגלידער פון די פאַרייניקטע גרופּן זיין נישט ווייניקער ווי 100.

§ 14. אין די אינערלעכע אָרדנטלעכע ענינים זענען די ראַיאָנס-צוזאַמענפאָרן לגמרי אויטאָנאָם און זייער קאָמפּעטענץ, ווי אויך די קאָמפּעטענץ פון ר. ק. איז באַגרענעצט מיט די פראַגן, וועלכע טראָגן אַ ריין אָרטיקן כאַראַקטער. דער ר. ק. האָט נישט קיין רעכט צו טון אַזעלכעס, וואָס ווידערשפּרעכט דער אַלגעמיין-פּאַרטייאישער טעטיקייט.

אָנמערקונג: באַשטימען, צי די טעטיקייט פון ר. ק. ווידערשפּרעכט די אַלגעמיין-פּאַרטייאישע צוועקן אָדער נישט — האָט דאָס רעכט דער צ. ק.

§ 15. אין יעדע פאַלן, ווען ס'איז נייטיק אָנצונעמען עקסטרע-החלטות מכוח פראַגן, וואָס האָבן אַן אַלגעמיין-פּאַרטייאישע וויכטיקייט — אין די גרענעצן פון דעם געגעבענעם ראַיאָן, איז דער ר. ק. נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע החלטות, אויב ער האָט פאַר דעם נישט באַקומען פון צ. ק. קיינע דירעקטיוון.

§ 16. לויטן אָפּמאַך מיט די ר. ק. באַקומט דער צ. ק. פון זיי אין זיין רשות מענטשן, געלט און טעכנישע מיטלען, כדי צו באַפרידיקן די פּאַרטיי-באַדערפעניש.

§ 17. ווען עס קומט פאָר אַ סכסוך צווישן צ. ק. און איינעם פון די ר. ק., ווערט באַשטימט אַ חברים-געריכט פון צוויי מיטגלידער, לויט דער אָנווייזונג פון די פאַראינטערעסירטע צדדים, און אַ דריטן, אַ פאָרשטייער פון אַן אַנדערן ר. ק.

§ 18. ווען עס קומט פאָר אַ סכסוך צווישן צוויי ר. ק. ווערט באַשטימט אַ שידס-געריכט פון צוויי פאָרשטייער פון די ר. ק. און אַ דריטן, אַ פאָרשטייער פון צ. ק.

§ 19. ווען עס קומט פאָר אַ סכסוך צווישן ר. ק. און אָ. ק., ווערט באַשטימט אַ שידס-געריכט פון צוויי פאָרשטייער פוןביידע פאַראינטערעסירטע צדדים, און אַ דריטן, אַ פאָרשטייער פון אַ וועלכן נישט איז ראַיאָן, לויט דער הסכמה פון ביידע צדדים.

§ 20. אָן דער דערלויבעניש פון צ. ק. ווערן נישט צוגעלאָזט צו דער פּאַרטיי-אַרבעט אין אַ וועלכן ס'איז ראַיאָן די טוערס פון אַן אַנדערן ראַיאָן; אָן דער דערלוי-

בעניש פון ר. ק. ווערן נישט צוגעלאָזט אין אַ וועלכן ס'איז פּונקט אין ראַיאָן טוערס פון אַן אַנדערן פּונקט.

§ 21. דער צ. ק. שיקט פונאַנדער אין אַלע ר. ק. אַ געניויען באַריכט פון זיין טעטיקייט אַלע פיר חדשים; דער ר. ק. מוז אין דער זעלבער צייט צושיקן אויך זיינע באַריכטן דעם צ. ק.

§ 22. די ר. ק. שיקן פונאַנדער אין אַלע אָ. ק. (פון זייער ראַיאָן) אַ גע־נויען באַריכט וועגן זייער טעטיקייט אַלע צוויי חדשים; די אָ. ק. מוזן אין דער זעל־בער צייט צושטעלן זייער באַריכט אין ר. ק.

§ 23. אין יעדן ר. ק. מוז זיין אַ פאַרשטייער פון צ. ק. מיט אַ באַשליסנדער שטים־רעכט; ער האָט אויך דאָס רעכט פון פולקאָמען קאָנטראָל. די פאַרשטייער פון צ. ק. אין די ר. ק. מוזן קענען איינער דעם אַנדערן און וויסן די קאַנדידאַטן אין צ. ק.

§ 24. אויף די אָרדנטלעכע פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן נעמען אָנטייל פאַרשטייער פון די אַקטיווע פּאַרטיי־מיטגלידער צו 1 פאַרשטייער אויף יעדע 200 חברים; חוץ דעם נעמען אָנטייל צו 1 פאַרשטייער פון יעדן ר. ק. און דריי פאַרשטייער פון צ. ק. מיט באַשליסנדע שטים־רעכט.

§ 25. אויף די עקסטראַ־צוזאַמענפאָרן שיקן צו איין פאַרשטייער יעדע 500 מיט־גלידער. אויב אין ראַיאָן זענען ווייניקער פון 500 און מער פון 300 מיטגלידער, שיקט ער נאָר איין פאַרשטייער פון ר. ק. אויב אין ראַיאָן איז מער פון 800 חברים, שיקט ער 2 פאַרשטייער, איינעם פון ר. ק. און איינעם אויסגעווילט פון דעם גרעסטן קאָמי־טעט אין ראַיאָן.

§ 26. דיזע וואַל־סיסטעם מוז אומגעביטן ווערן, ווען אין רוסלאַנד וועט דער־וערבט ווערן אַ ריכטיקע פאַרזאַמלונגס־פרייהייט.

§ 27. דער צ. ק. איז מחוייב פונאַנדערצושיקן צו די ר. ק. אַ גענויע און אויס־פירלעכע מעלדונג וועגן פאַרשטייענדיקן צוזאַמענפאָר, וועגן זיין טאָג־אָרדנונג, וועגן די פאַרשידענע פאָרשלאַגן פון צ. ק. — נישט שפּעטער ווי 6 וואָכן פאַר אַן אָרדנטלעכן צוזאַמענפאָר און נישט שפּעטער ווי צוויי וואָכן פאַר אַן עקסטראַ־צוזאַמענפאָר; דער צ. ק. האָט נישט דאָס רעכט עטוואָס אומצוענדערן אין דיזע פאַרעפנטלעכטע טאָג־אָרד־נונג און פאָרשלאַגן אָן דער דערלויבעניש פון דעם צוזאַמענפאָר גופא.

# דער קראָקעווער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר (1907) וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

(אויסצוגן פון דער רעזאָלוציע)

1.) די פּאַרטיי־איינריכטונגען מוזן מיט אַלע מעגלעכקייטן מיטהעלפן דער אָרגאַניזירונג פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און יעדער איינצעלנער פּאַרטיי־מיטגליד איז מחויב אַריינצוטרעטן אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, וועלכער אַנטשפּרעכט זיין באַשעפטיקונג און נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין זיין גאַנצער טעטיקייט.

די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי זענען פאַרפליכטעט צו שטרעבן, אַז אין די צענטראַלע איינריכטונגען פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג זאָלן אָנטייל נעמען מיט באַראַטונגס־רעכט פאָרשטייער פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס אָנערקענען דעם פּרינציפּ פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף און, אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זאָלן פייערן דעם 1 מאַי.

עס איז אָבער להלוטין פאַרבאָטן דער אָנטייל פון פּאַרטיי־מיטגלידער אין אַזוינע פרידלעכע פאַריינען, וועלכע זענען קעגן דעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף.

## 2. די אומפּאַרטייאישקייט פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

אַזוי ווי די צעבראָקלונג פונם פּראָלעטאַריאַט אין פאַרשידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין דער ספערע פון זיינע אַלטעגלעכע עקאָנאָמישע אינטערעסן דעזאָרגאַניזירט און דעמאָראַליזירט אים, דיסקרעדיטירט אים אין די אויגן פון די

בריטע אַרבעטער־מאַסן און דערמיט ברענגט זי אַ גרויסן שאָדן סיי דעם עקאָנאָמישן דערפאָלג און סיי דער קלאַסן־דערציונג פון דעם פּאָליטישן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט; היות ווי די דערציונג פון אַרבעטער־קלאַס אין סאָציאַל־דעמאָקראַטישן גייסט איז מעגלעך נאָר אַלס פועל יוצא פון אַ פרייער אָרגאַנישער אַנטוויקלונג פון ביידע גלייכוויכטיקע זייטן פונעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף, דער עקאָנאָמישער און דער פּאָליטישער זייט;

היות ווי צום דערפאָלגרייכסטן אַנטוויקלען זיך דיזע ביידע זייטן נאָר אין דעם פאַל, ווען בא פרייער פּאַרטיי־אַגיטאַציע און דיסקוסיע אינערהאַלב די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, בלייבט דאָך זייער אָרגאַניזאַציאָנס־אַפּאַראַט אינגאַנצן פריי פונעם איינפלוס פון די פּאַרטיי־רייסערייען, — זאָגט זיך דער צוזאַמענפאָר אַרויס פאַר אומפּאַרטייאישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען מיט פרייער פּאַרטיי־אַגיטאַציע אינערהאַלב זיי און טרעט ענערגיש אַרויס קעגן יעדן פאַרזוך מצד וועלכע נישט איז פּאַרטייען צו פאַרכאַפּן דעם אָרגאַניזאַציאָנס־אַפּאַראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

### 3. די ידן־פראַגע און די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

אַזוי ווי די מאַטעריעלע לאַגע פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז קאָנצענטרירט אין די אָפּגעשטאַנענע פּראָדוקציאָנס־צווייגן (די אומבאַדייטנדע קאָנצענטראַציע און דער קליינער אומפאַנג פון די יידישע אונטערנעמונגען, דער סעזאָן־כאַראַקטער פון דער אַרבעט, די עקספּלואַטאַציע מצד די פאַרמיטלער א. ד. גל.), אונטערשיידעט זיך פון דער לאַגע פון אַנדערע אַרבעטער, אַזוי ווי דיזער אומשטאַנד לייגט אַוועק אַ באַזונדערן שטעמפּל, ווי אויף דער אידעאָלאָגיע, אַזוי אויך אויף די קולטורעלע באַדערפעניש פון די יידישע אַרבעטער, אַזוי ווי צווישן די יידישע אַרבעטער איז באַזונדערס שטאַרק די עמיגראַציע נאָך אויסלאַנד, וועלכע מאַכט אַ גינסטיקן רושם אויף דעם צושטאַנד פונעם יידישן אַרבעטס־מאַרק, הייבנדיק דעם אַרבעטס־לוין פון די עמיגראַנטן און דערנידריקנדיק דעם אָנבאָט פון אַרבעטס־הענט צווישן די, וואָס בלייבן אויפן אָרט; אַזוי ווי, פון דער אַנדערער זייט, זענען די אַלטעגלעכע אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער ענג פאַרבונדן מיט די אינטערעסן פון די אַרבעטער פון אַנדערע פעלקער, וועלכע זענען פאַרנומען אין דיזעלבע אונטערנעמונגען אָדער אין דיזעלבע פּראָדוקציאָנס־צווייגן, — געפינט דער צוזאַמענפאָר פאַר נויטווענדיק:

די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זאָלן פאַרטיידיקן די פולקאָמע גלייכבאַרעכטיקונג פון דער שבת־און זונטיק־רו; אין אַלע איינריכטונגען פון דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציאָן זאָלן זיין פאַרטרעטן די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער, עס זאָלן געגרינדעט ווערן זעלבשטענדיקע יידישע אַגיטאַציאָנס־קאָמיסיעס, וואָס זייער ביודזשעט זאָל פּראָפּאָרציאָנעל אָפּגערעכנט ווערן פון יענע פאַריינס־סומען, וועלכע זענען באַשטימט

צוליב קולטורעלע און אַגיטאַציאָנס-צוועקן. אויפֿן חשבון פֿון די יידישע אַרבעטער זאָלן געגרינדעט ווערן באַזונדערע עמיגראַציאָנס-ביוראָס, וועלכע זאָלן אָנפֿירן עמיגראַציאָנס-סטאַטיסטיק און דערפֿאָרשן דעם צושטאַנד פֿון דעם אַרבעטס-מאַרק אין די עמיגראַציאָנס-לענדער און ספּעציעל אויך אין פּאַלעסטינע דורך רעגולערע פֿאַרבינדונגען מיט די דאָרטיקע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען און אינפֿאָרמאַציאָנס-ביוראָס און אונטערשטיצן דורך אינפֿאָרמאַציע און מאַטעריעלער הילף די יידישע אַרבעטער-עמיגראַנטן.

דער צוזאַמענפֿאָר באַשטימט אויסער דעם, בײַ דעם צענטראַל-קאָמיטעט זאָל געגרינדעט ווערן אַ באַזונדערע פּראָפֿעסיאָנעלע קאָמיסיע, וואָס איינע פֿון אירע אויפֿגאַבן זאָל זיין די אויספֿאָרשונג און באַנאַכריכטונג איבערן צושטאַנד פֿונם אַרבעטס-מאַרק אין פּאַלעסטינע.

# פּ ר אָ ג ר אַ ם
## פֿון דער יידישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי („פּועלי-ציון") אין רוסלאַנד.

אויסגעאַרבעט אויף דער טעאָרעטישער קאָנפֿערענץ אין פֿעברואַר 1906 נאָך דעם גרינדונגס-צוזאַמענפֿאָר פֿון דער פּאַרטיי און אָנגענומען נאָך דעבאַטן אויף דעם צווייטן צוזאַמענפֿאָר אין קראָקע אין אויגוסט 1907.

### I.

דער וואָרצל פֿון אַלע היינטיקע געזעלשאַפֿטלעכע פּראַגן ליגט אין די אינעווייניקסטע סתירות פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. אומעטום, אין איטלעכן לאַנד, וואו דער קאַפּיטאַליזם איז אַריינגעדרונגען, האָט ער געמאַכט אַ פֿולשטענדיקע איבערקערעניש אין ווירטשאַפֿטלעכן לעבן. די אַנטוויקלונג פֿון דער טעכניק און דער נאַטורוויסנשאַפֿט פֿאַרגרעסערט די שליטה פֿונם מענטש איבער דער נאַטור. אַ דאַנק דער אָנווענדונג פֿון מאַשינען אין דער אַרבעטס-צעטיילונג ווערט איינגעשפּאָרט אַ סך מענטשלעכע ענערגיע און די געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט ווערט אומגעהויער פּראָדוקטיוו, עס וואַקסט דער סכום מאַטעריעלע גיטער, דאָס רייכטום פֿון לאַנד.

די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע איז אָבער נישט-אָרגאַניזירט, אַנאַרכיש. נישט צו דער געזעלשאַפט, נישט צו די צאָלרייכע אַרבעטס-לייט, וואָס שאַפן אַלע רייכטימער, געהערן די פּראָדוקציאָנס-און קאָמוניקאַציאָנס-מיטלען. זיי זענען דאָס פּריוואַט-אייגנטום פון אַ בערך קליינער צאָל מענטשן. דעם מערוווערט, וואָס די אַרבעטער שאַפן בציבור, קאָלעקטיוו, נוצן אויס די קאַפּיטאַליסטן ביחידות, אינדיווידועל.

וואָס מער די פּראָדוקציע קאָנצענטרירט זיך, אַלץ קאַטעגאָרישער ווערט די נויטווענדיקייט פון איר פּלאַנמעסיקער רעגולירונג; דאָס פּריוואַט-אייגנטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען מאַכט עס אָבער אוממעגלעך.

די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט איז אַ קלאַסן-געזעלשאַפט. די אינטערעסן פון איין קלאַס גייען להיפוך צו די אינטערעסן פון צווייטן, די אידעאָלאָגיע פון איין קלאַס איז פיינטלעך דער אידעאָלאָגיע פונם אַנדערן קלאַס. אויף איין זייט שטייט די בורזשואַזיע, דער אייגנטימער-קלאַס, די טרעגערין און די פאַרטיידיקערין פון אַלץ, וואָס איז אינדיווידואַליסטיש, אַנאַרכיש, עגאָיסטיש; פון דער אַנדערער זייט — דער פּראָלעטאַריאַט, דער טרעגער פון אַלץ, וואָס איז קאָלעקטיוויסטיש, אָרגאַניזירט, סאָציאַליסטיש — הן אין דער פּראָדוקציע, הן אין דעם גאַנצן געבוי פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

צווישן די ביידע קלאַסן געפינען זיך פאַרשידענע צווישן-גרופּן, — טיילווייז זענען עס רעשטלעך פון דער פאַר-קאַפּיטאַליסטישער תקופה, טיילווייז אָפּצווייגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט גופא: די פּריצים, — די באַזיצער פון די גרויסע מאַיאָנטקעס, וואָס דערנענטערן זיך אַלץ מער און מער צו דער גרויס-בורזשואַזיע, — דאָס שטאָטישע און דאָרפישע קליין-בירגערטום (די קליינע מענטשעלעך), די מאַסן, וואָס פּראָלעטאַריזירן זיך, דער לומפּן-פּראָלעטאַריאַט (די פאַרברעכער, „באָסיאַקעס" א.א.וו.) — דאָס זענען אַלץ אַזעלכע גרופּן, וואָס זייער געזעלשאַפטלעכער כאַראַקטער איז אומבאַשטימט און זייער ווירקונג וואַקלדיק.

וואָס מער דער קאַפּיטאַליזם אַנטוויקלט זיך, אַלץ מער ווייזן זיך אַרויס זיינע אינערלעכע סתירות. דער קלאַסן-קאַמף ווערט שאַרפער. די קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע און די פאַרביטערטע קאָנקורענץ שטויסן אַרויס דאָס קליין-בירגערטום פון זיינע פּאָזיציעס און זענען גורם דערצו, אַז די ברייטע פאָלקס-מאַסן ווערן פאַראָרימט און זיי פּראָלעטאַריזירן זיך. עס וואַקסט די צאָל פון די, וואָס ווערן אַריינגעצויגן אין פּראָצעס פון דער פּראָדוקציע. עס שטייגט אָבער אויך די צאָל פון די, וואָס זייער ווירטשאַפטלעכע לאַגע איז הרוב געוואָרן און זיי קענען נישט ווערן קיין לוין-אַרבעטער מחמת דעם, וואָס דער קאַפּיטאַל נויטיקט זיך נישט אין זייער אַרבעטס-קראַפט. אויף אַזאַ אופן אַנטשטייט די אַרבעטסלאָזיקייט און די רעזערוו-אַרמיי אין דער אינדוסטריע. אַלץ גרעסערע און גרעסערע טיילן פון די פאָלקס-מאַסן ווערן אָפּהענגיק פון קאַפּיטאַליזם, און די שווערע אָפּהענגיקייט ווערט נאָך שאַרפער צוליב די קריזיסן, וואָס ברעכן אויס פון צייט צו צייט.

דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס=פּראָצעס רופט אַרויס אומפאַרמיידלעך קריזיסן. זיי נעמען זיך דערפון, וואָס די ווירטשאַפטלעכע אַנאַרכיע לאָזט נישט קאָאָרדינירן די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקציע און דעם געזעלשאַפטלעכן געברויך. די קריזיסן פאַרגרעסערן די אַרבעטסלאָזיקייט אין אַ געוואַלטיקער מאָס, און די עקזיסטענץ פון די אַרבעטער=מאַסן ווערט מחמת דעם אומזיכער. עס ווערט ברייטער און טיפער דער מהלך צווישן די אייגנטימער און די באַזיצלאָזע, דער תהום צווישן די עקספּלאָאַטאַטאָרן און עקספּלאָאַטירטע. *די אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקטיוו=קרעפטן שטויסט זיך אָן אויף די עקזיסטירנדע פּראָדוקציאָנס=באַציונגען.* דאָס פּריוואַט=אייגנטום אויף די פּראָדוקציאָנס=מיטלען דראָט צו פאַרהאַלטן דעם ווייטערדיקן פאָרשריט פון דער מענטשהייט.

דער איינציקער קלאַס, וואָס זיינע אינטערעסן געפינען זיך אין אַ פולקאָמען הסכם מיטן וואוקס פון די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקטיוו=קרעפטן, איז דער פּראָלעטאַריאַט, דער קלאַס פון לוין=אַרבעטער. אין די ריזיקע וואַרשטאַטן און פאַבריקן פון די איצטיקע שטעט קאָנצענטרירן זיך גרויסע אַרבעטער=מאַסן. דער תוהו ובהו, וואָס הערשט אין דער פּראָדוקציע, די עקספּלאָאַטאַציע, דער שטייגנדער יקרות און די אַלגעמיינע אומזיכערקייט פון דער עקזיסטענץ רופן אַרויס די אומצופרידנקייט פונם אַרבעטער=קלאַס מיט דער איצטיקער אָרדנונג. דער יאָך פון קאַפּיטאַל פאַרמירט דעם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק פון פּראָלעטאַריאַט. די אַלגעמיינע ליידן פון די אַרבעטער שאַפן דעם איינהייטלעכן ווילן, די שטרעבונג צום קאַמף פאַר זייער ענדגילטיקער באַפרייונג. תחילת האָט דער אַרבעטער=קלאַס אין זינען בלויז די סאַמע עלעמענטאַרסטע טאָג=טעגלעכע אינטערעסן. זיין קלאַסן=קאַמף פאַרפאָלגט ריין=עקאָנאָמישע אויפגאַבן, ער שטרעבט צו העכערן דעם אַרבעטס=לוין, צו פאַרבעסערן די אַרבעטס=באַדינגונגען — כדי צו פאַרגרעסערן דעם וואוילשטאַנד פון די אַרבעטס=לייט אין די גרענעצן פון דער איצטיקער אָרדנונג. מיט דער צייט אָבער עפענען זיך פאַרן פּראָלעטאַריאַט ברייטערע באַפרייונגס=פּערספּעקטיוון. דער קאַמף פונם אַרבעטער=קלאַס ווענדט זיך אויך קעגן דער הערשנדער פּאָליטישער אָרדנונג, ער באַקומט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער און ווערט אָנגעפירט פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע.

אַמאָל, אין איר יוגנט, האָט די בורזשואַזיע געשפּילט אַ רעוואָלוציאָנערע ראָלע. זי האָט פאַרניכטעט די פעאָדאַלע אָרדנונג און האָט איינגעפירט אָנשטאָט דעם קייזער, וואָס קעניגט „מיט גאָטס גענאָד“, די קאָנסטיטוציע און דעם פּאַרלאַמענט. אָבער ווי נאָר דער פּראָלעטאַריאַט איז אַרויסגעטרעטן אויף דער פּאָליטישער אַרענע, איז די בורזשואַזיע געוואָרן רעאַקציאָנער, און בראש פון די באַפרייונגס=שטרעבונגען פון די פאָלקס=מאַסן שטעלט זיך דער אַרבעטער=קלאַס.

דער פּראָלעטאַריאַט פאַרלאַנגט פון דער מלוכה, נישט נאָר זי זאָל פאַרטיידיקן זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסן; ער פאָדערט אויך, אַז די געזעלשאַפט זאָל אינגאַנצן

דעמאָקראַטיזירט ווערן, עס זאָל קומען אַ סוף צו איטלעכער אונטערדריקונג, עס זאָלן
בטל ווערן די פּלערליי באַזונדערע זכיות און פּריווילעגיעס, די גאַנצע געזעצגעבערישע,
געריכטס-און אויספירונגס-מאַכט זאָל איבערגיין צום פאָלק, ועל-כּולם — עס זאָל פאַרניכטעט
ווערן דער מיליטאַריזם, דאָס מעכטיקסטע כּלי-זיין, מיט וועלכן די בורזשואַזיע האַלט-
איין איר קלאַסן-הערשאַפט.

אין זיין קאַמף פאַר דער מאַכט קומט אָן דער אַרבעטער-קלאַס נישט נאָר צו
טיילווייזע און אַלגעמיינע שטרייקן, מאַסן-דעמאָנסטראַציעס, אויפשטאַנדן א. ד. גל.;
ער נוצט אויך אויס די אינסטיטוציעס, וואָס די בורזשואַזיע האָט געשאַפן פאַר אירע
צוועקן: דעם פאַרלאַמענט און די אָרטיקע זעלבסט-פאַרוואַלטונג. אַ דאַנק זיין אַלזייטיקן
קאַמף פאַרפעסטיקט דער פּראָלעטאַריאַט זיין אָרגאַניזאַציע און זיין דיסציפּלין, ער גע-
וואוינט זיך צו אויסצונוצן אַלע מעגלעכקייטן, וואָס זענען גינסטיק צו פאַרבעסערן זיין
לאַגע; ער ווערט פּאָליטיש דערפאַרן און קולטורעל אַנטוויקלט, עס פאַרשטאַרקט
זיך זיין גלויבן אין זיין ענדגילטיקן נצחון, עס שטייגט זיין ווירקונג אויף דער פּראָ-
דוקציע און אויפן גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן. די בורזשואַזיע פאַרלירט אירע אָרגאַ-
ניזאַטאָרישע פונקציעס, זי ווערט איזאָלירט און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ געזעלשאַפט-
לעכן פּאַראַזיט.

אין דעם מאָמענט, ווען דער אַרבעטער-קלאַס וועט דערגרייכן די העכסטע מדרגה
פון זיין אַנטוויקלונג, וועט ער דעראָבערן די מאַכט און וועט אויסנוצן זיין דיקטאַטור,
כּדי צו פאַרניכטן די קלאַסן-געזעלשאַפט, דאָס פּריוואַט-אייגנטום אויף די פּראָדוקציאָנס-
און קאָמוניקאַציאָנס-מיטלען, די אַנאַרכיע אין דער ווירטשאַפט און די עקספּלאָאַטאַציע
פון די פאָלקס-מאַסן. די הערשאַפט איבער דער פּראָדוקציע וועט איבערגיין צום באַ-
וואוסטזיניקן, אָרגאַניזירטן געזעלשאַפטלעכן ווילן. אויף די חורבות פון דער קאַפּי-
טאַליסטישער אָרדנונג וועט אויפגעבויט ווערן די סאָציאַליסטישע.

## II.

„דורך דער עקספּלאָאַטאַציע פונם אַלוועלטלעכן מאַרק האָט די בורזשואַזיע אי-
בערגעאַנדערשט אין קאָסמאָפּאָליטישן גייסט די פּראָדוקציע און דעם געברויך פון אַלע
לענדער"*).

דער קאַפּיטאַליזם דרינגט אַריין אין די סאַמע אָפּגעשטאַנענע לענדער און ציט
זיי אַריין אין קעסל-גרוב פון דער וועלט-ווירטשאַפט. מחמת דעם ווערט דער אַרבעטער-
קלאַס פון אַלע לענדער אַוועקגעשטעלט אין איינהייטלעכע עקזיסטענץ-באַדינגונגען,
און די אַרבעטער-באַוועגונג, די אידעאָלאָגיע און די פּאָליטיק פונם אַרבעטער-קלאַס,

*) ק. מאַרקס און פר. ענגעלס: דער קאָמוניסט. מאַניפעסט.

נעמען אָן אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. די אַנטוויקלונג פונם וועלט-מאַרק רופט אַרויס די לאָזונגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-סאָלידאַריטעט, פון געמיינזאַמען קאַמף קעגן דעם מיליטאַריזם און די רויבערישע קאָלאָניאַל-פּאָליטיק פון די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות. אָבער די קריסטאַליזירונג פונם אַרבעטער-באַוווסטזיין איז אַ קרענקלעכער פּראָצעס, פול מיט אינערלעכן קאַמף, וואָס ווערט נאָך פאַרוויקלט און מאָדיפיצירט צוליב די באַזונדערע באַדינגונגען, וואָס ווירקן אויף דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון איטלעכער נאַציאָן.

צו דער צייט, ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט פאַרביטן די פריערדיקע אָפּגעלעבטע פּראָדוקציאָנס-אופנים, איז די מענטשהייט געווען נישט איין גוס, נאָר צעטיילט אויף פעלקער. די פּראָדוקציאָנס-באַדינגונגען פון לאַנד, — די קלימאַטיש-געאָגראַפישע, אינערלעכע און אויסערלעכע געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקציאָנס-באַדינגונגען, האָבן געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון די פעלקער און האָבן אַרויסגערופן זייערע נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייטן.

דער קאַפּיטאַליזם שטרעבט אונטערטעניק צו מאַכן פאַר זיך די גאַנצע וועלט, אָבער דיזאָזיקע שטרעבונג גייט אַרויס גלייכצייטיק פון אַ סך צענטרען. די בורזשואַזיע פון איטלעכן לאַנד באַמיט זיך צו קאָנצענטרירן אַלע פעדעם פון דער וועלט-ווירטשאַפט אין איר לאַנד, כדי די הערשאַפט איבער דער גאַנצער וועלט זאָל אַריבער אין אירע הענט. אַזוי אַנטשטייט די אימפּעריאַליסטישע קאָלאָניאַל-פּאָליטיק פון די גרויסע מלוכות. די קליינע מלוכות, ווידער באַמיען, זיך צו באַשיצן זייער עקאָנאָמישע זעלבשטענדיקייט. אין איין און דערזעלבער צייט מיטן וועלט-מאַרק און דער וועלט-ווירטשאַפט דערשיינען אויך טעריטאָריאַלע לאַנדס-ווירטשאַפטן און אינערלעכע „נאַציאָנאַלע" מערק. די טעריטאָריאַלע גרענעצן שטערן דער קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע. די הערשנדע קלאַסן פון איטלעכער נאַציאָן באַטראַכטן דאָס לאַנד און דעם אינערלעכן מאַרק פאַר זייער נאַציאָנאַל אייגנטום.

אין די לענדער מיט אַ געמישטער באַפעלקערונג (אין די Nationalitäten Staaten ווי מ'רופט זיי אָן) איז די לאַגע נאָך ערגער: דאָרט באַמיט זיך איטלעכער טייל פון דער פילשפּראַכיקער באַפעלקערונג צו פאַרזיכערן זיך די ווירקונג אויפן מאַרק און אויף דער גאַנצער ווירטשאַפט פון לאַנד. דאָס רופט אַרויס דעם קאַמף פאַר די רעכט פון דער שפּראַך און פאַר דער מאַכט אין דער פאַרוואַלטונג.

אָט דער נאַציאָנאַלער קאַמף באַשאַפט מניעות, וועלכע עס איז שווער גובר צו זיין, פאַר דער פרייער אַנטוויקלונג און דעם נאָרמאַלן גאַנג פון געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן. די נאַציאָנאַלע פראַגע פאַרפלאָנטערט די אַלגעמיינע ווידערשפּרוכן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג מיט אַ גאַנצער ריי סעפּאַראַטע פראַגן פון קלענערער וויכטיקייט, זי פאַרשאַרפט די אַזוי אויך גרויסע אַנאַרכיע פון דער פּראָדוקציע און ברענגט צו אַ געוואַלטיקער פאַרשווענדונג פון דער מענטשלעכער ענערגיע.

אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע ווייזט זיך באַשיינפערלעך אַרויס דער קלאַסן=געבוי פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט. די פאַרשידענע קלאַסן פון איין און דערזעלבער נאַציאָן האָבן גאַנץ פאַרשידענע און אָפטמאָל קעגנזעצלעכע נאַציאָנאַלע אינטערעסן.

פאַר דער בורזשואַזיע איז די טעריטאָריע אַ מאַרק, און די לאַנד=ווירטשאַפט — דער יסוד פון איר ווירקונג אויפן וועלט=מאַרק. פאַרן אַרבעטער=קלאַס איז די טעריטאָריע אַן אַרבעטס=און קאַמפּס=פּלאַץ.

די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג פאַרענגט דעם אַרבעטס=פּלאַץ פאַר די פּראָלעטאַריער פון די אונטערדריקטע פעלקער און באַגרענעצט די אַרענע פון זייער עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קלאַסן=קאַמף.

דער קלאַסן=קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט בײַ די אונטערדריקטע פעלקער באַקומט במילא אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

און צו דער שטרעבונג פון פּראָלעטאַריאַט צו באַזיגן דורכן געמיינזאַמען קאַמף פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטערשאַפט די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג קומט-נאָך=צו די שטרעבונג צו באַפרייען זיך פון דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. די נאַציאָנאַלע סכסוכים רופן אַרויס די נויטווענדיקייט צו באַגרענעצן אין געזעצגעבערישער אָרדנונג דעם ווירקונגס=קרייז פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן אינערהאַלב פון דער מדינה, אויף ווי ווייט דאָס דערלאָזט די שטייגנדע דעמאָקראַטיזירונג פון דער געזעלשאַפט. בהסכם מיט דעם שטעלט=אַרויס די באַוואוסטזיניקע אַרבעטערשאַפט פון די אונטערדריקטע פעלקער די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס אין איר קאָמפּעטענץ זאָלן אַרייַנגיין די אינערלעכע קולטורעלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן פון איטלעכער נאַציאָן.

אַלס פאָרבאַדינג פון אַזאַ אויטאָנאָמיע פאַרלאַנגט די אַרבעטערשאַפט די פרייהייט פון נאַציאָנאַלער דערציונג, די גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע אומגאַנג=שפּראַכן און די פּראָפּאָרציאָנעלע פאָרשטייערשאַפט אין אַלע געזעצגעברישע און אַדמיניסטראַטיווע אינסטיטוציעס.

זיינע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פאַרווירקלעכט דער פּראָלעטאַריאַט אויך דורך זיין קלאַסן=קאַמף. זיי האָבן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער און זענען געווענדט צו דער איצטיקער מלוכה, וואָס דינט פאַר אַ געווער פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, וואָס די אַרבעטערשאַפט פון די אונטערדריקטע פעלקער שטעלט אַרויס, ווערן דערנאָך אונטערגעהאַלטן מצד דעם פּראָלעטאַריאַט פון די הערשנדע פעלקער, ווייל נאָר די פרייהייט פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג, נאָר די נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג און אויטאָנאָמיע מאַכט מעגלעך דאָס פרידלעכע צוזאַמענלעבן פון פאַרשידענע פעלקער און דעם אומגעשטערטן פאָרשריט פונם פּאָליטישן לעבן אין לאַנד.

II.

צוליב זיין לאַנדלאָזיקייט בילדעט דאָס יידישע פאָלק אומעטום אַ מאַכטלאָזע נאַציאָנאַלע מינדערהייט. דערפאַר זענען די יידישע פאָלקס-מאַסן אַזוי מאַכטלאָז קעגן דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, און די סתירות פון דער קאַפיטאַליסטישער אָרדנונג רופן ארויס אייגנאַרטיקע קרענקלעכע דערשיינונגען אינם ווירטשאַפטלעכן לעבן פונם יידישן פאָלק.

דאָס יידישע קלייןבירגערטום ווערט חרוב אינטענסיווער, ווי דאָס נישט-יידישע, און וואו די יידישע מאַסן טרעטן אַרויס אויפן אַרבעטס-מאַרק, באַגעגענען זיי די קאָנקורענץ פון די נישט-יידישע מאַסן, וואָס פראָלעטאַריזירן זיך, און זיי געפינען די וויכטיקסטע פראָדוקציאָנס-צווייגן פאַרנומען דורך דער אַרבעטערשאַפט פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג.

באַ דער קאַפיטאַליסטישער ווירטשאַפט וואַקסט דאָס שאַפן פון פראָדוקציאָנס-מיטלען אויפן חשבון פון דער פראָדוקציע פון געברויכס-אַרטיקלען. צוליב דעם זענען די וויכטיקסטע און אַנטוויקלטסטע פראָדוקציאָנס-צווייגן די, וואָס קומען אין אַ דירעקטער באַרירונג מיט דער נאַטור און זענען ענג פאַרבונדן מיטן מאַשינען-בוי.

די ווירטשאַפטלעכע שוואַכקייט פון די יידישע מאַסן לאָזט זיי נישט אַריינדרינגען אין דידאָזיקע וויכטיקסטע און סאַמע אומאָפהענגיקע פראָדוקציאָנס-צווייגן, און די יידישע אַרבעט גרופירט זיך אין די אָפגעשטאַנענע ווירטשאַפטס-פאָרמען, באַ דער אויסאַרבעטונג פון געברויכס-אַרטיקלען און אין האַנדל. דער יידישער פראָלעטאַריאַט שטייט אָן אַ זייט פון די לעבנס-נערוון פון דער ווירטשאַפט, און דערפאַר האָט זיין קאַמף אַ באַגרענעצטן כאַראַקטער, נישט קוקנדיק אויף דער גרעסטער קראַפט-פאַרשווענדונג. ווי שטאַרק עס זאָל נישט זיין זיין אָרגאַניזירטקייט, ווי טיף אים זאָל נישט דורכדרינגען דאָס רעוואָלוציאָנערע באַוואוסטזיין, — דאָס אַלץ איז נאָך נישט גענוג, כדי צו דערגרייכן אַ געהעריקע ווירקונג אויפן פּאָליטישן לעבן פון לאַנד.

כל זמן דאָס יידישע פאָלק פאַרבלייבט אַ מאַכטלאָזע עקסטעריטאָריאַלע מינדערהייט, כל זמן עס פאַרמאָגט נישט אַ וועלכן עס איז טעריטאָריאַלן צענטר, וואו דאָס יידנטום, וואָס איז צעזייעט און צעשפּרייט אין די גלות-לענדער, וואָלט קאָנען געפינען אַ שטיצע אין דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, וועט קיין פולקאָמע יורידישע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג און די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע נישט אַרויסרופן קיין גרינטלעכע ראַדיקאַלע ענדערונג אין זיין ווירטשאַפטלעכן לעבן.

די ווירטשאַפטלעכע איזאָלירונג פון די יידן, וואָס שטייגט מיט איטלעכן יאָר און דריקט זיך אויס אינם אַנטיסעמיטיזם מיט אַלע דערשיינונגען, וואָס באַגלייטן אים (דער עקאָנאָמישער באָיקאָט, די יורידישע אָדער פאַקטישע רעכטלאָזיקייט פון די יידישע

מאַסן אַפילו אין די קאָנסטיטוציאָנעלע מדינות, די פּאָגראָמען, פון וועלכע די יידן זענען
נישט זיכער אַפילו אין די סאַמע פּראָגרעסיווע לענדער), רופט אַרויס אַן אינטענסיווע
עמיגראַציאָנס-באַוועגונג אין אַלע שיכטן פון יידישן פאָלק.

תחילת גייט די עמיגראַציע אין די לענדער, וואו דער קאַפּיטאַליזם האָט דער-
גרייכט אַ הויכע שטופע פון זיין אַנטוויקלונג (די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון אַמערי-
קע, ענגלאַנד). אָבער אין דערדאָזיקער ריכטונג פאַרענטפערט נישט די עמיגראַציע
די יידן-פראַגע, זי טראָגט זי נאָר אַריבער אין נייע לענדער; אין די נייע לענ-
דער, וואו די יידן באַזעצן זיך, דרינגען די יידן אויך נישט אַריין אין די וויכטיק-
סטע פּראָדוקציאָנס-צווייגן: דאָרטן שטויסן זיי זיך אָן אויף איזאָלירונג און אויף דעם
אַנטיסעמיטיזם. די נייע לענדער ווערן איבערפולט מיט יידישע עמיגראַנטן, און די נייע
איינוואַנדערער באַקומען שוין צו שטאַרק צו פילן אויף זיך די באַגרענעצונגען פאַרן
אַריינפאָר.

די איינוואַנדערונגס-לענדער ווערן בנוגע צו יידן אויסוואַנדערונגס-לענדער. די
עמיגראַציע רופט אַרויס די יידן-פראַגע דאָרט, וואו מען האָט פריער פון איר נישט גע-
וואוסט. די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פונם יידישן לעבן ווערן אומעטום בעצם גלייך. די
יידן-פראַגע ווערט אַן אַלוועלטלעכע פראַגע. די יידישע עמיגראַציע קען זיך נישט ווענדן
אין נייע לענדער מיט אַ ברייטער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע, ווייל די יידן
זענען אין משך פון הונדערטער יאָרן געוואָרן שטאָט-לייט און זענען נישט מסוגל אַרי-
בערצוגיין מאַסנווייז דירעקט צו לאַנדווירטשאַפט. די כוואַליע פון גרויסען יידישן עמי-
גראַציאָנס-שטראָם, וועלכער עס איז באַשערט צו ענדערן די עצם-יסודות פונם יידישן
ווירטשאַפטלעכן לעבן, נייגט זיך אָפּ אַלץ מער אין דאָס האַלב-אַגראַרע לאַנד, וואָס
איז צוגעפּאַסט צו דער יידישער קליין-קאַפּיטאַליסטישער קאָלאָניזאַציע — קיין פּאַ-
לעסטינע.

די לאַגע, וואָס פּאַלעסטינע פאַרנעמט אויפן וועלט-מאַרק, דער עקאָנאָמישער און
קולטורעלער צושטאַנד פון איר באַפעלקערונג זענען גורם דערצו, אַז די יידישע איינ-
וואַנדערונג אין פּאַלעסטינע איז פון אָנהייב-אָן נישט אָפּהענגיק פון דער אָרטיקער
ווירטשאַפט אין איז ענג פאַרבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פונם אַלוועלטלעכן מאַרק.

אין די אַנדערע אינדוסטריעל-אַנטוויקלטע לענדער איז דער יידישער עמיגראַנט
אַ פאַרשטייער פון אַ מער נידעריקער ווירטשאַפטס-שטופע, — אין פּאַלעסטינע, פאַר-
קערט, פירט ער איין נייע, העכערע, פּראָגרעסיוורע פּראָדוקציאָנס-אופנים. אין אַנדע-
רע לענדער קומט אויס דעם יידישן איינוואַנדערער אַריינצודרינגען אין די שוין עק-
זיסטירנדע פּראָדוקציאָנס-צווייגן, קאָנקורירנדיק מיט דער אָרטיקער אַרבעטערשאַפט,
אָדער שאַפן נייע נידעריקע פּראָדוקציאָנס-צווייגן (ווי צ. ב.: די שניידער-אינדוסטריע
אין אַמעריקע און ענגלאַנד); אין פּאַלעסטינע פאַרנעמט ער די נייע אַנטוויקלטע פּראָ-
דוקציאָנס-צווייגן, וועלכע ער פירט אַליין איין און וועלכע זענען דירעקט פאַרבונדן
מיטן וועלט-מאַרק. אין פּאַלעסטינע פירט-איין דער יידישער אַרבעטער אַ העכערן לוין

און העכערע קולטורעלע באַדערפעגישן. דערמיט פאַרגרייגגערט ער די קלאַסן-דיפערענ־צירונג און העלפט מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער אַרטיקער אַרבעטערשאַפט.

אַ גרויסער טייל פון דער יידישער עמיגראַציע קאָנצענטרירט זיך סטיכיש אין פּאַלעסטינע, פאַרגרעסערט זיך דאָרטן און שאַפט אַן עקאָנאָמיש-אויטאָנאָמישן יידישן ישוב. די וואַקסנדע עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקייט פון דער יידישער פּאַלעסטינישער באַפעלקערונג, צוזאַמען מיט דער דעמאָקראַטיזירונג פון טערקיי, וועט ברענגען דערצו, אַז פּאַלעסטינע וועט ווערן פּאָליטיש-אויטאָנאָם.

דער ציוניזם ווערט, בכן, פאַרווירקלעכט דורכן קלאַסן-קאַמף פונם יידישן פּראָלע־טאַריאַט, אַלס אַ סטיכישע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע רעוואָלוציע אין יידישן לעבן.

ס׳אַנטשטייט און אַנטוויקלט זיך די אַלוועלטלעכע ציוניסטישע אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס שטרעבט צו פאַרענטפערן די יידישע פראַגע דורך דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינע.

---

די יידישע ס. ד. אַ. פּ. (פּועלי-ציון) שטעלט זיך די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און פירן אים אין די רייען פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צום קאַמף פאַר דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייונג, פאַר דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער פּאָליטישער אָרדנונג, פאַר דער בירגערלעכער און נאַציאָ־נאַלער גלייכבארעכטיקונג, פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אָנווייזנדיק דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אַלע זיינע היסטאָרישע פּערספּעקטיוון, באַמיט זיך די פּאַרטיי צו פאַרגרינגערן אים זיין היסטאָרישן וועג. אין איר קאַמף פאַר די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע אינטערעסן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועט די י. ס. ד. א. פּ. (פּועלי-ציון) תמיד שאַרף אונטערשטרייכן די זעלבשטענדיקייט פון זיינע אינטערעסן און וועט זיי קעגנשטעלן דער גאַנצער וועלט. אונטערשטיצנדיק אַלע באַפרייונגס-באַוועגונגען פון דער בורזשואַזיע וועט די פּאַרטיי קעמפן מיטן פשרות-גייסט און מיטן אָפּאָרטוניזם פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע אין אַלע אירע שאַטירונגען, און וועט דערציען דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין גייסט פון קלאָרן קלאַסן-באַוואוסט־זיין און זעלבשטענדיקער קלאַסן-אַקטיוויטעט.

צירקוליאַר נר. 1.

# פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פונם אַרבעטער־פּאַלעסטינע־פאָנד.

חברים! יידישע אַרבעטער!

נייע פּערספּעקטיוון האָבן זיך געעפנט פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די נייע אָרדנונג אין טערקיי האָט אונז געגעבן בעסערע באַדינגונגען פאַר דער עקאָנאָמישער דעראָבערונג פון פּאַלעסטינע. די יידישע באַפעלקערונג האָט דאָרט געקריגן אַ שטאַרקן פונדאַמענט פאַר איר עקזיסטענץ, און מיר קענען איצט מיט מער ענערגיע און בעסערן דערפאָלג ווייטער פירן אונזער היסטאָרישע אַרבעט.

פאַר אונז אַלע איז שוין לאַנג קלאָר, אַז די הויפּט־באַדינגונג פאַר דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן לעבן אין פּאַלעסטינע איז אַ שטאַרקע יידישע אַרבעטער־באַפעלקערונג. און מיר קענען מיט פרייד זאָגן, אַז פאַר די לעצטע יאָרן האָט זיך אין פּאַלעסטינע אַנטוויקלט דער יידישער אַרבעטער, וועלכער איז נאָך, אמת, נישט גרויס מיט זיין צאָל, נאָר שטאַרק מיט זיין צוקונפט. פון דעם כוח און פון דער גרויס פון דער יידישער אַרבעטער־באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע, פון איר אָרגאַניזאַציע, אחדות און סאָלידאַריטעט, פון איר פעיקייט זיך צוצופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען, אָט פון דעם הענגט אָפּ די צוקונפט פון די יידן און פון אונזער פּאַרטיי.

גלייכצייטיק מיט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע וואַקסט־אויף דער אָטאָמאַנישער פּראָלעטאַריאַט אין דעם גאַנצן ברייטן טערקישן רייך. אַלץ מער הייבט ער אָן צו פאַרשטיין זיינע באַזונדערע קלאַסן־אינטערעסן און צווישן אים הייבן זיך אָן צו אַנטוויקלען סאָציאַליסטישע שטרעמונגען. מיר דאַרפן אונטערשטיצן אָט דעם נאַטיר־

לעכן פּראָצעס, און אין דער ערשטער שורה מוזן מיר אָנשטרענגען אַלע אונזערע כּוחות, כּדי צו אָרגאַניזירן די י י ד י ש ע אַרבעטער־מאַסן אין די גרויסע שטעט פון טערקיי. נישט נאָר דאָס געפיל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־סאָלידאַריטעט, נישט נאָר אונזער סאָציאַליסטישע באַגייסטערונג, — אונזערע נאָענטסטע לעבנס־אינטע־רעסן הייסן אונז פירן דיזע גרויסע אַרבעט.

מיר, אַלס יענע יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס האָט מיט ניכטערע אויגן אַ קוק געטון אויף אונזער לאַגע, און פאַרשטאַנען דעם היסטאָרישן אַנטוויקלונגס־גאַנג, מוזן אין אונזערע הענט נעמען די רעגולירונג פון דער יידישער אַרבעטער־עמיגראַציע אין פּאַלעסטינע.

מיר מוזן גרינדן א י י ג ע נ ע אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָס אין די וויכטיקסטע שטעט פון פּאַלעסטינע און טערקיי, כּדי יענע יידישע אַרבעטער, וואָס ווילן און קענען אימיגרירן נאָך פּאַלעסטינע, זאָלן האָבן אַ קלאָרן באַגריף פון דעם אַרבעטער־מאַרק אין פּאַלעסטי־נע. דיזן חוב טאָרן מיר נישט איבערלאָזן דער ציוניסטישער בורזשואַזיע, וועלכע איז נישט אימשטאַנד צו פאַרשטיין די אַרבעטער־לאַגע און קען נישט האָבן דעם צוטרוי פון די באַוואוסטזיניקע יידישע אַרבעטער. מיר מוזן ענערגיש אונטערשטיצן אַלע אונ־טערנעמונגען פון די יידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע, וועלכע קענען פאַרבעסערן זייער לאַגע און מער זיי צופּאַסן צום לאַנד, ווי צ. ב. אַרבעטער־קיכן, קאָאָפּעראַטיווע דירות, פאַרזיכערונגס־קאַסעס פאַר אַרבעטסלאָזיקייט א. אַ. וו. ווי אויך יענע, וועלכע קענען הייבן זייער קולטורעלן און גייסטיקן שטאַנד און וועקן די אַרבעטער־סאָלידאַרי־טעט — ביבליאָטעקן, לעזע־זאַלן, אָוונט־שולן, טורן־פאַריינען א. אַ. וו. מיר מוזן זיי ענערגיש אונטערשטיצן אין יעדער געמיינזאַמער אַרבעט, וועלכע קען פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לאַגע פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, מיר מוזן געבן דער פּועלי־ציוניסטישער ברודער־פּאַרטיי אין פּאַלעסטינע די מאַטעריעלע מעגלעכקייט צו באַקומען אַן איינפלוס אויף די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין גאַנץ טערקיי דורך אַרויסגעבן צײַ־טונגען און בראָשורן, דורך פונאַנדערשיקן אַגיטאַטאָרן א. אַ. וו.

פון דיזן קורצן איבערבליק קענט איר שוין זען, וואָס פאַר אַ גרויסע טעטיקייט מיר מוזן אַנטוויקלען און ווי גרויס איז אונזער אחריות. אַלץ וואָס מיר האָבן דאָ דער־מאָנט מוז אומבאַדינגט פאַרווירקלעכט ווערן.

* * *

דאָס ווינער ביזראָ פונם אַלוועלטלעכן יידיש־סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד פּועלי־ציון האָט געגרינדעט אַ ספּעציעלן אַרבעטער־פּאַלעסטינע־פאָנד. די צענטראַלע פאַרוואַלטונג פונם אַרבעטער־פּאַלעסטינע־פאָנד האָט זיך שוין קאָנסטיטויִרט און טרעט צו צו דער אַרבעט. אַלע געלט־רעכנונגען פונם פאָנד ווערן קוויטירט נאָר דורך ספּעציעלע מאַרקן,

מעלכע ווערן אינגיכן ארויסגעגעבן. איבער די פארווענדונג פון די סומען פונם ארבע־
טער־פאלעסטינע־פאנד באשליסט די אלוועלטלעכע קאנפערענץ פון פועלי־ציון. די בא־
שלוסן פון דער קאנפערענץ וועגן דעם פאנד ווערן אויסגעפירט דורך דעם צענטראל־
קאמיטעט פון דער יידישער סאציאל־דעמאקראטישער ארבעטער־פארטיי אין פאלעסטי־
נע. די אדמיניסטראציע פונם פאנד געפינט זיך אצינד אין ווין און באשטייט פון א
ספעציעלן דרייגלידעריקן קאמיטעט.

* *

*

חברים, דער ניי־ארגאניזירטער פאנד טרעט שוין צו צו דער ארבעט. מיר פאר־
שטייען דעם גרויסן חוב, וואס ליגט אויף אונז און אויף אייך.
אגיטירט אומעטום, אויף אלע ארבעטער־פארזאמלונגען און צווישן אלע ארבע־
טער קרייזן פאר דער ניי־געשאפענעם פאנד.

מיט פארטיי־גרוס
די צענטראלע פארוואלטונג פונם
ארבעטער־פאלעסטינע־פאנד.

ווין, דעם 15־טן אפריל, 1909.

**צום ערשטן מאַי 1909.**

## אַלוועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרבאַנד פועלי־ציון.

פראָלעטאַריער פון אַלע פעלקער, פאַרייניקט אייך !
יידישע פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַרייניקט אייך אונטערן פאָן פון פועלי־ציון !

### דער ערשטער מאַי.

ח ב ר י ם י י ד י ש ע אַ ר ב ע ט ע ר ! אַ יאָר פון שווערן קאַמף און האַרטער אַרבעט איז אַריבער פאַרן פראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט. אין אַלע לענדער, אומעטום, וואו די אַרבעטנדע מענטשהייט ראַנגלט זיך מיט דער ענגשאַפט און דחקות פונם לעבן, שמידט דער אַרבעטער־קלאַס, דער אַוואַנגאַרד פון דער קעמפנדער מענטשהייט, נייע וואָפן, שטעלט־אויף קריגס־פאָלקן און גרייט זיך צום שטורם אויף די פעסטונגען פון אַלטער הערשאַפט און אייביקן אומרעכט.

נאָך איז דער לאַנגער שטרייט נישט דורכגעקעמפט, ווייט איז נאָך דער גליקלעכער זיג־טאָג, מחנות פון שטורמער און שטרייטער ווערן צוריקגעוואָרפן, פאַלן אין געדיכטע שורות, בייגן זיך אונטער דעם דערנידעריקנדן יאָך. דאָך פון אַנדערע שלאַכטפעלדער הערט מען זיג־רופן, דאָס קול פון פרייהייט, עס פאַלן באַסטיליעס און באַגראָבן אונטער זייערע חורבות קנעכטשאַפט און קנעכטער. אין ד ע ם ע ר ש ט ן מ אַ י קען דער אַרבעטער־קלאַס פון דער גאַנצער וועלט, אָפּגעבנדיק זיך דין־וחשבון איבער דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, מיט באַפרידיקונג זען, אַז די אַרבעטנדע און ליידנדע מענטשהייט האָט זיך דערקעמפט מער לופט, מער ליכט, מער זונענשיין, פרייהייט און זעלבסטכבוד.

פאַרן יידישן אַרבעטער־קלאַס איז עס געווען אַ שווער יאָר. אין ר ו ס ל אַ נ ד

טרייבט די רעאַקציע דאָס אויסגעמאַטערטע לאַנד צום כראָניִשן הונגער. אונטער דער בלייערנער רוט פון פאַרלאַמענטאַריש-פאַרשלייערטן אַבסאָלוטיזם, אונטער דעם בלוטיקן אָטעם פון פּאָליציייאישער זעלבסטהערשונג, וועלקן און וויאַנען אַלע פרייהייטס-בליטן, די פּראָדוקטיוו-קוועלן פונם לאַנד ווערן פאַרשטאָפּט און פאַרניכטעט. שווער דריקן די יידן אין רוסלאַנד, באַזונדערס די יידישע אַרבעטער, די פאָלגן פון דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער רעאַקציע.

צו דער צייט אָבער, ווען הונדערטער טויזנטער פּראָלעטאַריזירטע יידן זענען גרייט געווען צו באַנוצן דעם איינציקן אויסוועג, און אַן עמיגראַציאָנס-כוואַליע, מעכטיק און גרויס, ווי נאָך קיינמאָל פריער נישט, האָט געזאָלט אַריבערגעשליידערט ווערן אויף יענער זייט ים — איז אויסגעבראָכן דער אַמעריקאַנישער קריזיס. טויזנטער פון יידישע פּראָלעטאַריער זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויף דער גאַס. די אומזיכערע, קליינע, אָפּגעשטאַנענע יידישע אינדוסטריע מוז שטענדיק זיין דער ערשטער קרבן און פריער פאַר אַלע דער אויסגעמוטשעטער יידישער פּראָלעטאַריער... די קליינע צאָל פון יידישע איינוואַנדערער קיין אַמעריקע, אין דעם יאָר פון ערגסטער אונטערדריקונג אין רוסלאַנד, באַווייזט אַן איבעריק מאָל, אַז די יידישע עמיגראַציע איז נישט קיין פּראָדוקט פון פּאָליטישע רדיפות, נאָר אַ מאַסן-דערשיינונג, וואָס ווערט באַוואויגן פון די אייזערנע עקאָנאָמישע געזעצן.

צווישן די צוויי לענדער מיט דער גרעסטער צאָל יידישע פּראָלעטאַריער ליגן רומעניע, עסטרייך און ענגלאַנד. אומזיכערקייט פון דער עקזיסטענץ, פינסטערע אָפּגעשטאַנענקייט זענען די סמנים פונם יידישן אַרבעטער-לעבן אין די לענדער. די עקאָנאָמישע צעקאָלעטשעטקייט דערלאָזט נישט צו קיין פעסטער פּאָליטישער אָרגאַניזירונג פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט. אַזוי נעמט אַרום איין באַנד, ווי אַן אייזערנער רינג, די יידישע אַרבעטער פון אַלע לענדער! איינס זענען מיר אַלע אין נויט און עלנד, איין לייד שמידט אונדז צו איין קאַמפס-אַרמיי צוזאַמען — דער יאָך פון אומרחמנותדיקער עקספּלואַטאַציע און די פּיין פונם יידישן פאַרוואָגלטן לעבן.

און איינס ווילן מיר זיין אין קאַמף און זיג! ווען דען, ווען נישט דעם ערשטן מאַי זאָלן מיר מאַניפעסטירן די איינהייט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט! ווען דען, ווען נישט בעת דעם שענסטן אַרבעטער-יום-טוב מוזן מיר זיך דערמאָנען אין דעם אמת: די באַפרייונג פונם יידישן אַרבעטער-קלאַס קען זיין נאָר דאָס ווערק פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אַליין.

עס איז דער לעצטער קאַמף. מיר שטרייטן נישט פאַר פּאָליטישע רעפאָרמען, נישט פאַר קליינע פאַרבעסערונגען פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. איינפאַלן, חרוב ווערן מוז די געזעלשאַפטס-אָרדנונג, וואָס עקזיסטירט פאַר אַ קליינער צאָל פון זאַטע, וואָס לעבן פון דער אַרבעט פון די נישט געציילטע מיליאָנען, אַ געזעלשאַפט, וואָס שיצט מיט אירע זעלנער און באַאַמטע די עקספּלואַטאַציע און די קנעכטונג פון דער

אַרבעטנדער און שאַפנדער מערהייט! עס מוז פאַרשווינדן דער געוואַלטיקער חילוק צווישן דער רייכקייט פון דער געזעלשאַפט און דער עקאָנאָמישער אומזיכערקייט און אָרימקייט פון דעם קלאַס, אויף וועלכן זי שטיצט זיך — פון די אַרבעטנדיקע מאַסן! עס מוז פאַרשווינדן דער קלאַס, וואָס לעבט פון הכנסות אָן האָרעוואַניע!

דער קאַמף מיט דער אַלטער אָרדנונג מוז געפירט ווערן פון עטלעכע פראָנטן, דער אַרבעטער־קלאַס מוז געהויבן ווערן פון דער טיפער מדרגה, אין וועלכער ער איז געזונקען דורך דער קאַפיטאַליסטישער דערנידערונג. ער מוז קומען צום באַוווסטזיין פון זיין לאַגע און פון זיינע היסטאָרישע אויפגאַבן. ער מוז אַרויסרייסן פון די הענט פון די הערשנדע זייערע וואָפן. דאָס אַלץ דערגרייכט דער אַרבעטער־קלאַס דורך זיין עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, דורך ווירטשאַפטלעכע, פּאָליטישע און אַנטימיליטאַריסטישע אַקציעס. מיר זענען אַ פּאַרטיי פון סאָציאַלער רעוואָלוציע. די עקאָנאָמישע גלייכהייט פון אַלע, די פאַרניכטונג פון קלאַסן־הערשאַפט און פון עקספּלאָאַטאַציע פון מענטשן דורך מענטשן קען דערגרייכט ווערן נישט דורך אַ פּוטש, זיי וועלן פאַרווירקלעכט ווערן נישט מיט אַ „שטאַאַטסרייך“, מיט אַן אומגעריכטן קלאַפּ. די הערשנדע קלאַסן לאָזן זיך נישט אומגעריכטערהייט איבערפאַלן.

די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז נישט קיין שלאַכט, וואָס ווערט געשלאָגן אין איין טאָג אָדער עטלעכע טעג. זי איז דער לעצטער אַקט פון אַן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, וואָס הערט נישט אויף, פון אַן עוואָלוציע, וואָס אירע סמנים זענען — די שטייגנדע פאַרגעזעלשאַפטלעכונג און סאָציאַליזירונג פונם מאָדערנעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, דער שטענדיקער וווקס פונם אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז דער פונדאַמענט פון דער גאַנצער פּראָדוקציע און באַהערשט אַלע פעדים פונם עקאָנאָמישן און פאַרקערס־לעבן, און די פאַרבינדונג פון די איזאָלירטע, אייבציקווייז מאַכטלאָזע, פּראָלעטאַריער צו געווערקשאַפטלעכע פּראָפעסיאָנעלע, גענאָסנשאַפטלעכע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס באַאיינפלוסן דורך זייער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אַקציע די דעמאָקראַטיזירונג און די סאָציאַליזירונג פון דער געזעלשאַפט.

אויף דעם וועג פון שטענדיקן קאַמף קעגן די באַדריקער פון אַרבעטנדיקע, אויף דעם שמערצפולן וועג פונם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף פאַר לופט, ליכט און מער זיכערקייט פון זיין עקזיסטענץ, ליגט פאַרן יידישן אַרבעטער־קלאַס זיין יידישע פראַגע, די פּראָלעטאַרישע יידנפראַגע. אין איר היינטיקער פאָרם איז זי אַ פּראָדוקט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. אינם מיטלאַלטער איז געווען די עקאָנאָמישע אָפּגעשיידקייט דער יסוד פון אונזער פאָלקס־קיום. די פריערדיקע איזאָלירונג האָט זיך אָבער אין דער צייט פונם קאַפּיטאַליזם אומגעוואַנדלט אין עקאָנאָמישער אָפּגעריסנקייט, אין אַ פּראָצעס פונם אויסשיידן און אַרויסשטופּן. מיר זעען קרעפטן ווירקן, וואָס צעשטערן דעם עקאָנאָמישן פונדאַמענט פון אונזער פאָלקס־עקזיסטענץ, וואָס רייסן אָפּ פון די ביזאַהעריקע ווין־לענדער מיליאָנען מאַסן און וואַרפן זיי אַריבער אין נייע לענדער. די היסטאָרישע דערשיינונג פון דער עמיגראַציע פון די יידישע מאַסן אָן אַרבעט און

אָן ברויט — איז אַ כּוח, וואָס טרייבט, וואָס פירט צו אַ נייער יידישער געזעלשאַפט.

די צעשטערנדע קרעפטן פאַרבאָרגן אין זיך אויך אַן אויפבויענדן מאָמענט. פון אַ קוואַל פון צרות, לייד, נויט און עלנד פאַר הונדערטער טויזנטער יידישע פּראָלעטאַריער ווערט די עמיגראַציע צו אַ רעוואָלוציאָנערן פאַקטאָר אין אונזער לעבן. זי קאָן פירן צו דער פאַרענטפערונג פון דער יידישער פראַגע — צו דעם ראַדיקאַלן איבערבוי פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן, צו דעם אויפבוי פון אַ יידישער געזעלשאַפט פון אַרבעט און פרייהייט.

די ביזהעריקע עמיגראַציע איז געווען נאָר אַ פאַרצווייפלטע וואַנדערונג פון עקאָנאָמיש-אַרויסגעשטויסענע, דאָס איבערטראָגן פון די אַלטע אָפּשטאַרבנדע פּראָדוקציאָנס-צווייגן אין אַ נייַ לאַנד. די עמיגראַציע אין דאָס י י ד י ש ע לאַנד מוז זיין אַ רעוואָלוציע פונם יידישןווירטשאַפטלעכן לעבן און באַווירקן דאָס אַריינדרינגען פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דער מאָדערנער גרויס-אינדוסטריע מיט גלייכצייטיקן איינגעמען פון דער רוי-שטאָפן-געווינונג.

פון דעם מעכטיקן וואַנדערונגס-שטראָם האָט זיך צעצווייגט אין די לעצטע יאָרן אַ קליין טייכעלע, וואָס האָט זיך געווענדעט קיין פּאַלעסטינע. אָט די באַוועגונג ווערט דערלייכטערט, איר היסטאָרישער כאַראַקטער מוז אַלעמען קלאָר ווערן, זייט די פרייהייט האָט דערגרייכט אַזאַ מעכטיקן זיג אין דער טערקישער מלוכה.

די מזרח-לענדער הייבן זיך אויף צו אַ נייַ לעבן, די מאַי-זון פון פרייהייט באַשייַנט זיי; עס גייט אַלזאָ פונדעסטוועגן איבער אַלע מכשולים אַלץ ווייטער, פאָרווערטס! אין פראַנקרייך, דעם הארץ פון דער סאָציאַלער באַוועגונג, פּרובירט דער אַרבעטער-קלאַס נייע קאַמפס-מעטאָדן. אין ענגלאַנד קומען די מעכטיקע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פונם פּראָלעטאַריאַט צום באַוואוסטזיין פון זייערע געשיכטלעכע אויפגאַבן. דער דייטשישער אַרבעטער-קלאַס קעמפט קעגן דער פעאָדאַל-קאַפּיטאַליסטישער קאָאַליציע און קעגן דעם פּאָליטישן העלאָטענטום. אין עסטרייך, קעמפט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען. אין אונגאַרן שלאָגט די לעצטע שעה פון דער פעאָדאַלער מאַגנאַטן-הערשאַפט.

אין דער צייט, ווען אייראָפּע קוקט מיט רחמנות אויף דאָס „אַלטע" אַזיע, נעמען פּערסיען און די פעלקער פון טערקיי זייער גורל אין אייגענע הענט!... דער פ ע ל ק ע ר-פ ר י ד ן און די א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ס אָ ל י ד אַ ר י ט ע ט פון אַלע אַרבעטנדע ווערן שטאַרקער און געווינען נייע אָנהענגער!

אויך דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט געוואונען נייע קאַמפס-חברים און פריינט. מיר, וואָס מיט אונזער בלוט איז געפּאַרבט און אָנגעטרונקען די ערד און דער פרייהייטס-וועג אין אַזוי פיל לענדער, מיר באַגריסן מיט באַזונדערער האַרציקייט דעם זיג פון די י ו נ ג ט ע ר ק ן! נעענטער זענען מיר איצט געקומען צו אַ פרייער פּאַלעסטינע! נייע קאַמפס-חברים זענען אונז צוגעקומען — ד י י י ד י ש ע אַ ר ב ע ט ע ר א י ן

טערקיי! די כוואַליעס פון דער יונגטערקישער רעוואָלוציע הייבן אונז מיט אין דער הייך!...

די פּאָליטישע רעוואָלוציע אין טערקיי האָט אָפּגערוימט דעם וועג פאַר אַ מאָדערנער אַנטוויקלונג. מיר האָבן געדינט דעם געדאַנק פון אַ טעריטאָריאַלער פאַרענטפערונג פון דער יידישער פראַגע דורך דער קאָנצענטרירונג פון די יידישע אַרבעטנדע מאַסן אין פּאַלעסטינע צו דער צייט, ווען אין טערקיי האָט געוועלטיקט דער דעספּאָטיזם. מיר וועלן מיט מער מוט און מער קראַפט אַרבעטן פאַר אונזער פאָדערונג אַצינד, אַז דער וועג איז פרייער געוואָרן, אַז דער וועג איז ברייטער געוואָרן! אַצינד וועלן אונז גיכער פאַרשטיין די סאָציאַליסטן פון אַלע פעלקער, וואָס האָבן ביז אַהער געזען אין דער געזונטער שטרעבונג צו אַן איבערקערעניש אינם יידישן פאָלקס-לעבן, אינם בעסטן פאַל אַ ראָמאַנטישע ליבע פאַר אַן אַלט לאַנד. מיר האָבן אונזערע שטאַנדפּונקטן נישט צו ענדערן. מיר פאַרלאַנגען, אַז דער יידישער אַרבעטער-קלאַס זאָל אַלס גלייכער צווישן גלייכע געהערן צו דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַלע. זיין רעכט צו פאַרענטפערן זיין נאַציאָנאַלע פראַגע נאָך זיינע באַדערפענישן און אידעאַלן — טאָר נישט אָנגערירט ווערן. די איינהייט פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט מוז ווערן דער גרונטשטיין פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג און אָנערקענט ווערן פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. מיר זעען רויק. אונז מאַכן נישט נערוועז די דערפאָלגן פון דעם אָדער יענעם קעגנער באַ דער אָדער יענער אָפּשטימונג. פאַר אונז אַרבעט די אַנטוויקלונג און דער היסטאָרישער זין פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט קעמפט פאַר זיין סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער עמאַנציפּאַציע. ער וועט נישט רויק טראָגן די קייטן פון נאַציאָנאַלער קנעכטונג, ער וועט זיך נישט אָפּזאָגן פון זיין חוב צו זיין דער אַוואַנגאַרד פונם יידישן פאָלק אינם קאַמף פאַר זיין נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, ערע און פרייהייט!

עס וועלן איצט אויך בעסער פאַרשטיין די יידישע אַרבעטער, וואָס זעען צעזייעט און צעשפּרייט אין אַזוי פיל פּאַרטייען, ווען דאָס „טויטע" לאַנד איז נענטער געוואָרן. פון אונז הענגט אָפּ צו טראָגן קיין פּאַלעסטינע און אין די יידישע אַרבעטער-מאַסן פון טערקיי די געדאַנקען פון נאַציאָנאַלן פעדעראַליזם, פון דעמאָקראַטישער פרייהייט און פונם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. דער וועג ליגט פאַר אונז קלאָר און דייטלעך: עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטנדע מאַסן אין די גלות-לענדער צום קאַמף פאַר זייער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער גלייכבאַרעכטיקונג — די קאָנצענטראַציע פון די יידישע וואַנדערנדע פּראָלעטאַריער אין פּאַלעסטינע, דער אָרגאַנישער אויפבוי פון אַ יידישער עקאָנאָמישער געמיינשאַפט, פון אַ יידישער געזעלשאַפט אינם יידישן לאַנד. מיר ווילן אַ געאייניקטע יידישע אַרבעטער-באַוועגונג, געבראַכט צום באַוווּסטזיין פון אירע אויפגאַבן און אידעאַלן!

מיר — דער אַל־וועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרבאַנד פּועלי־ציון — זענען די איינציקע וועלט־אָרגאַניזאַציע פונם יידישן פראָלעטאַריאַט אין דעם מאָמענט, בשעת אַלע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען, וואָס האָבן באַצויגן זייער לעבנס־כּוח פון רוסלאַנד, זענען נישט אַקציאָנס־פעיק, זענען מיר די איינציקע טעטיקע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס נעמט אַרום יידישע פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער. מיר האָבן נישט וואָס מורא צו האָבן, אַז מען וועט אונז חושד זיין אין שוואַכקייט. אין דעם באַוווסטזיין פון אונזער געשיכטלעכער אחדות, דערלאַנגען מיר אַלע יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען אין דעם טאָג פונם אַרבעטער־יום־טוב די ברודער־האַנט. אין דעם טאָג, ווען דער אַרבעטער־קלאַס פון דער גאַנצער וועלט גיט זיך אָפּ דעם געפיל פון סאָלידאַריטעט צווישן אַלע, וואָס האָרעווען, ליידן און קעמפן, שלאָגן אַלע יידישע אַרבעטער־הערצער וואַרעמער און שטאַרקער באַם וואָרט — א ח ד ו ת, א י י נ ה י י ט ! מיר האַלטן עס פאַר אונזער פליכט, אויסדרוק צו געבן דעם אַלגעמיינעם געפיל. באַזונדערס צו די יידישע אַרבעטער, וואָס שטרעבן גלייך מיט אונז צו אַ ראַדיקאַלער פאַרענטפערונג פון דער יידישער פראַגע, שטרעקן מיר אויס די האַנט ! מיר אַלע האָבן דאָס געפיל, אַז אַ היסטאָרישע צייט שטורעמט אונז אַנטקעגן. מיר אַלע ווילן זען די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אייניק אין ק אַ מ ף און אייניק אין ז י ג !

מיר האָבן דערלעבט דעם צוואַנציקסטן 1־טן מאַי זייט דער שאַפונג פון דער צ ו ו י י ט ע ר ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ר א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע. דער יובל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג קאָן ווערן היסטאָריש, אויב ער וועט פאַרענדיקן די צייט פון שפּאַלטונגען און מחלוקת אין דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג און עפענען אַ נייע פּרשה פון פאַרייניקונג און צוזאַמענשמידן !

פון די געדאַנקען דערפילט רופן מיר צו אַלע יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, מענער און פרויען: שטעלט־איין די אַרבעט, גייט אַרויס פון אייערע דושנע קאַמערן, גלייכט אויס די רוקנס, פרייער זאָל אָטעמען יעדע ברוסט, זאַפּט איין אין זיך דעם זיסן ריח, דעם אייביקן לעבנסדראַנג פונם פרילינג ! באַגייען ווילן מיר די גאַנצע וועלט ! צעזייעט די זאָמען פון פרייהייט און גלייכהייט, מעכטיק זאָל אויפבליען אונזער לעבנס־גאָרטן ! אַן אייביקער זיסער פרילינג, אייביקע באַנייאונג זאָל זיין דאָס לעבן ! אויף נייע סטעזשקעס, אויף בלומענוועגן זאָל גיין די אַרבעטנדע מענטשהייט !

ס'זאָל לעבן דער ערשטער מאַי ! ס'זאָל לעבן דער 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג ! ס'זאָל לעבן דער פעלקער־פרידן ! ס'זאָל לעבן דאָס אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואַל־רעכט צו אַלע געזעצגעבנדע קערפּערשאַפטן ! ס'זאָל לעבן די א י י נ ה י י ט פונם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט ! ס'זאָל לעבן דער סאָציאַליזם ! ס'זאָל לעבן דער פּועלי־ציוניזם !

אַלוועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער
אַרבעטער־פאַרבאַנד פּועלי־ציון,
פאַרבאַנדס־ביוראָ, ווין.

# די גרונט־פרינציפּן פון דער פאַרייניקונג.

אָנגענומען אויף דער IV קאָנווענשן פון דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פּועלי־ציון פון אַמעריקע און קאַנאַדע (טשיקאַגאָ, אָקטאָבער 1909).

דער נאָמען פון דער פּאַרטיי איז
„יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון".
די גרונט־פּרינציפּן פון דער פּאַרטיי זענען:

1) די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון, אַלס אַ טייל פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, שטרעבט איניינעם מיט אים צו דער אָפּשאַפונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפטס־אָרדנונג און צו דער איינפירונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

א) די אָרגאַניזירט דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס צוליב דעם פּראָפעסיאָנעלן און פּאָליטישן קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַליזם.

ב) זי טרעט אַריין אין דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, ווי אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע סעקציע און שטרעבט צו נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג פון דעם יידישן פאָלק אין סאָציאַליסטישער און פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין יעדן לאַנד.

2) די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון שטרעבט איניינעם מיט דעם גאַנצן יידישן פאָלק צו קאָנצענטרירן דאָס יידישע פאָלק אין ארץ ישראל און צו באַשאַפן דאָרטן אַ יידישע אויטאָנאָמע געזעלשאַפט.

הערה: אונטער „ארץ־ישראל" פאַרשטייען מיר — פּאַלעסטינע און די נאַכבאַרלענדער.

א) די פּאַרטיי טרעט אַריין אַלס אַ באַזונדערע קערפּערשאַפט אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויף פעדעראַטיווע יסודות און פאָדערט פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטונג אין אַלע אינסטיטוציעס און נעמט אָנטייל אין דעם ציוניסטישן קאָנגרעס.

הערה: מיר באַטראַכטן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און איר אינסטיטוט, דעם קאָנגרעס, אַלס אַ פאַרייניקונג פון אַלע קלאַסן, פאַרטייען און ריכטונגען פון דעם יידישן פאָלק פאַר דער טעריטאָריאַלער לעזונג פון דער יידן־פראַגע אין ארץ ישראל.

ב) די פאַרטיי נעמט אָנטייל אין דער אַרבעט פאַר די ציוניסטישע אינסטיטוציעס, ווי שקל, נאַציאָנאַל־פאָנד, נאַציאָנאַל־באַנק און זוכט דורכצופירן אין זיי דעם דעמאָקראַטישן פרינציפּ.

ג) זי זוכט דורכצופירן, אַז אַלע ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, וועלכע ווערן געמאַכט אויפן געלט פון די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, זאָלן, נאָך מעגלעכקייט, געבויט ווערן אויף די יסודות פון דעם געגאָסענשאַפטלעכן פרינציפּ.

3) די פאַרטיי שטרעבט צו שאַפן אינסטיטוציעס, וועלכע זאָלן העלפן אויפבויען אין ארץ ישראל אַ יידישע אַרבעטערשאַפט אין דאָרף און שטאָט און וואָס זאָל פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון דער יידישער אַרבעט אינם קאַמף אַנטקעגן דעם קאַפּיטאַליזם.

3) די פאַרטיי נעמט־אויף די נאַציאָנאַלע אַרבעט אין גלות, כדי אויפצוהייבן די עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַלע, קולטורעלע און פּאָליטישע לאַגע פון דעם יידישן פאָלק אין די גלות־לענדער.

א) זי קעמפט פאַר דער נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער גלייכבאַרעכטיקונג פון דעם יידישן פאָלק אין די גלות־לענדער.

ב) זי קעמפט מיט אַלע כּוחות קעגן דער אַסימילאַציע און אַסימילאַציאָנס־טענדענצן.

ג) זי זוכט אויפצוהייבן די קולטורעלע לאַגע פון דעם יידישן פאָלק אין גלות, באַנוצנדיק זיך דערביי מיט די צוויי שפּראַכן — העברעיש און יידיש.

ד) זי זוכט צו עפענען פאַר דער יידישער פאָלקס־מאַסע נייע פּראָדוקטיווע אַרבעטס־קוועלן, וואָס זאָלן פאַרשטאַרקן אירע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

3) די פאַרטיי נעמט־אויף די אַרבעט פון רעגולירן די יידישע וואַנדערונג.

א) זי זוכט צו לענקען דעם עמיגראַציאָנס־שטראָם נאָך ארץ ישראל.

ב) אויף וויפיל דער עמיגראַציאָנס־שטראָם קען נישט געלענקט ווערן נאָך ארץ־ישראל, זוכט די פאַרטיי צו רעגולירן די עמיגראַציע אויף אַן אופן, וואָס זאָל צום בעסטן באַפרידיקן די עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַל־קולטורעלע און פּאָליטישע אינטערעסן פון דער יידישער וואַנדערונגס־מאַסע.

ג) זי נעמט אָנטייל אין די אַלגעמיינע יידישע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן פאַר זייער ציל די רעגולירונג פון דער יידישער עמיגראַציע.

די פאַרטיי שטרעבט צו פאַרייניקן דעם גאַנצן יידישן פּראָלעטאַריאַט אין איין אַל־וועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרטיי אויף די אָנגענומענע גרונט־פּרינציפּן.

# די יידישע סעקציע אין דעם סאָציאַליסט׳שן אינטערנאַציאָנאַל.

בריוו פון ווינער פאַרבאַנדס-ביוראָ צום אינט. סאָצ. ביוראָ, אויגוסט 1910.

אן דאָס געערטע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ בריסעל, פּאָלקס-הויז.

זייער געערטע חברים!

דעם 5 אָקטאָבער 1908, צוליב דער זיצונג פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליס-טישן ביוראָ פון 11 אָקטאָבער (פאַרגאַנג. יאָר), האָבן מיר זיך געווענדט צום ביוראָ מיט אַ שרייבן, אין וועלכן מיר האָבן פאָרגעלייגט דעם אנטראַג, צו שאַפן אַ ייד י-ש ע ס ע ק צ י ע אין דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַלע, אין וועלכער עס זאָלן קריגן אַ פאַרטרעטונג אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָבן באַקאַנט געגעבן זייער צוטריט צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-פאַריייני-קונג. דאָס זענען: דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער-בונד אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד, דער אַלוועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער-פאַרבאַנד פּועלי-ציון, די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי אין רוסלאַנד (סערפּ) און די ציוניס-טיש-סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי (רוסלאַנד).

מיר נעמען אָן, אַז איר האָט בדעה צו באַראַטן זיך איבער אונזער אנטראַג בײַ דער קומענדער זיצונג פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ; מיר דערלויבן זיך דעריבער צו ווענדן זיך צום אינטערנ. סאָצ. ביוראָ מיט דער ביטע, נישט צו שטעלן אונזער אנטראַג אויף דער טאָג-אָרדנונג פון דער קומענדיקער זיצונג, נעמלעך צוליב פאָלגנדע טעמים:

מיר ציען אונזער אנטראַג, צו בילדן אַ יידישע סעקציע אין דער אינטערנאַציאָ-נאַלער אַרבעטער-פאַרייניקונג, בשום אופן נישט צוריק. אונזער שטאַנדפּונקט, וועלכן מיר האָבן פאָרמולירט אין אונזער מעמאָראַנדום פונם 31 מערץ 1907 און אין אונזער שרייבן פונם 5 אָקטאָבער 1908, איז אומפאַרענדערט.

עס זענען אָבער אונטערגענומען אונטערהאַנדלונגען, כדי צו דערגרייכן אַ פאַר-שטענדיקונג פון די יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אין דער פראַגע פון דער פאַרטרעטונג פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-פאַריי-ניקונג, און כדי צו דערמעגלעכן שותפותדיקע שריט פון זייער זייט אין דעם וויכ-טיקן ענין.

מיר וועלן באַקאַנט געבן דעם אינטערנאַצ. סאָצ. ביוראָ די רעזולטאַטן פון די אונטערהאַנדלונגען און אינם פּאַסנדן צייט-פּונקט וועלן מיר ווידער פאַרלאַנגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע צו אַנטשיידן אין דער פראַגע פון דער יידי-שער סעקציע.

פאַרן פּ. ב. א. בלומענפעלד, ש. [illegible]פלאַנסקי.

# פראָטעסט פון די ווארשעווער פועלי־ציון בנוגע דער שטעטישער זעלבסט־פארוואלטונג אין רוסיש־פוילן.

רעזאָלוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן נאָך אַן אַלזייטיקער באַלייכטונג פון דער שטעטישער אויטאָנאָמיע־פראַגע אויף 5 מאַסן־פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פאַרטיי פועלי־ציון, דעם 6, 8 און 10 דעצעמבער 1910.

„מיר, יידישע אַרבעטער, זייענדיק פאַרינטערעסירט אין דער איינפירונג פון דער מאָדערנער ראַציאָנעלער שטעטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין פוילן, אין וועלכער ס׳זאָל נעמען אַן אַנטייל די גאַנצע שטאָטישע באַפעלקערונג פונם לאַנד אָן אונטערשיד פון נאַציאָן, קלאַס און געשלעכט, דריקן אויס אונזער פראָטעסט קעגן די רעאַקציאָנערע מעשים פון די הערשנדע פוילישע קלאַסן, וועלכע, נאָך אַ שוואַכער אָפּאָזיציע קעגן דעם קוריאַלן סיסטעם — דעם יסוד פון דער רעגירונגס־„רעפאָרם“, — ווייזן איצט אַרויס זייערע עגאָיסטישע קלאַסן־אינסטינקטן און שטרעבן צו באַזייטיקן פונם וואַל־רעכט די ברייטע פאָלקס־מאַסן בכלל און דאָס יידישע פאָלק בפרט, פאַרבאַרייטנדיק זיך דערצו באַהאַלטענערהייט.

אונזער פאַראַכטונג דריקן מיר אויך אויס זייערע מיטהעלפער — דעם פאַררעטערישן הייפל יידישע אַסימילאַטאָרן, די ה״ה נאַטאַנזאָנס, דיקשטיינס, נוסבוימס א. ז. וו. וועלכע, פאַלסיפיצירנדיק די יידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג און פאַרקויפנדיק די פאָלקס־אינטערעסן, דינען זיי אַלס געטרײַע לאָקייען די הערשנדע פוילישע קלאַסן.

איינצייטיק פראָטעסטירן מיר קעגן דער פאָגראָמען־העצעריי פון די „אַנטיסעמיטישע פריידענקער“, „פראָגרעסיווע אַנטיסעמיטן“, וועלכע זענען געמיינזאַמע פיינט סיי פון אונז, סיי פון די פוילישע קלאַסן־באַוואוסטזיניקע אַרבעטער און שטרעבן אונז צו באַזייטיקן פון געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן, אַריינשפאַרן „צוריק אין געטאָ“, שטערנדיק אונז אין קלאַסן־קאַמף, וועלכן מיר פירן האַנט בא האַנט מיט אונזערע פוילישע חברים.

וואַרש. קאָמיטעט פון דער יידישער סאָציאַל־
דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי „פועלי־ציון“.

## טעטיקייטס=באריכט פונם פארבאנדס=ביוראָ פון דעם אלוועלטלעכן יידישן סאָציאַליסטישן ארבעטער=פאַרבאַנד פועלי=ציון פאַר דעם יאָר 1910.

אין די לעצטע טעג פון יאָר 1909 האָט דאָס, אויף דער II. וועלט=קאָנפערענץ אין דעצעמבער 1909 ניי=געוויילטע, פאַרבאַנדס=ביוראָ איבערגענומען די אַרבעט. לויטן סטאַטוט פונם פאַרבאַנד באַשטייט דאָס ביוראָ פון 3 מיטגלידער, געוויילטע אויף דער וועלט=קאָנפערענץ, און פון די פאַרטרעטער פון צ. ק.׳ען (עקז. ק׳ען), צו איין פאַרטרע=טער פון יעדן צ. ק. אויף דער II וועלט=קאָנפערענץ זענען געווען אויסגעוויילט די חברים קאַפּלאַנסקי, כהנבערגער און שטענדיגער, און גלייך פון אָנפאַנג האָט דאָס רו=סישע צ. ק. באַשטימט אַלס זיין פאַרטרעטער דעם ח׳ בלומענפעלד. עטוואָס שפּעטער האָט אויך די עסטרייכישע עקזעקוטיווע באַשטימט דעם ח׳ דר. האַהן. לויטן סטאַטוט האָט דאָס פאַרב. ב. תיכף אויסגעטיילט פון זיך 2 לייטנדע סעקרעטאַרן — די חברים כהנבערגער און שטענדיגער. ביז איצט האָבן נאָך די אַמעריקאַנער און פּאַלעסטינער צ. ק.׳ען נישט דערנאַנט זייערע פאַרטרעטער צום פאַרב. ב.

### I. די פּאַלעסטינע=טעטיקייט פון פ. ב.

1) אַלס ערשטע און וויכטיקסטע אַרבעט זיינע האָט דאָס נייע ביוראָ באַטראַכט די פּאַלעסטינע=טעטיקייט. אין דער היגזיכט איז אָבער געטון געוואָרן זייער ווייניק. גלייך פון אָנהייב, אויסנוצנדיק די צוריקרייזע פון די פּאַלעסטינער דעלעגאַטן, האָט דאָס פ. ב. זיי געגעבן די נויטיקע פינאַנציעלע מיטלען צו מאַכן אַן אומוועג איבער די באַלקאַן=לענדער — סערביען, בולגאַריען און אייראָפּעיש-טערקיי. דיזע רייזע, וועל=כע איז פאָרגעקומען גלייך נאָך דער בעלגראַדער קאָנפערענץ פון די באַלקאַנישע סאָצ=

יאַליסטן, האָט געהאַט אַ גוטן דערפֿאָלג: די דעלעגאַטן זענען אַריינגעטרעטן אין פּערזענלעכע פֿאַרבינדונגען מיט די סאָציאַליסטן פֿון פֿאַרשידענע באַלקאַן-לענדער, ווי אויך מיט די צוויי סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן-אַרמענער פֿון אָטאָמאַנישן פּאַרלאַמענט.

2) איינע פֿון די ערשטע אַרבעטן פֿון פּ. ב. איז אויך געווען די באַפֿאַרשטייענדע געגנאָסנשאַפֿטלעך-קאָלאָניזאַטאָרישע אַקציאָן אין פּאַלעסטינע. לויטן באַשלוס פֿון IX ציוניסטן-קאָנגרעס האָבן אונזערע צוויי חברים געגעבן זייערע חתימות אויף דעם מאַניפֿעסט פֿונם אַקצ.-קאָמ. פֿון דעם נאַציאָנאַל-פֿאָנד-דירעקטאָריום אין דיזער אָנגעלעגנהייט, וועלכער איז דערשינען אין אָנפֿאַנג 1910, און דאָס פֿאַרבאַנדס-ביוראָ האָט באַשטימט זיין פֿאַרטרעטונג אין דעם אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט פֿון דער קינפֿטיקער געגנאָסנשאַפֿטלעכער קאָלאָניע אונטער דער לייטונג פֿון ד"ר פֿראַנץ אָפּנהיימער. דער געגנאָסנש.-קאָם. וועט, לויט אונזערע אונטערהאַנדלונגען מיטן נ"פ און ה' ד"ר אָפּנהיימער, באַשטיין, פֿון 7 מיטגלידער: 4 אין אייראָפּע און 3 אין פּאַלעסטינע. דער פֿאַרטרעטער פֿונם פֿאַרב.-ביוראָ אין דער אייראָפּעאישער קאָלעגיע איז ח' קאַפּלאַנסקי. אין פּאַלעסטינע וועלן אַ חוץ ד"ר רופּין זיין 2 פֿאַרטרעטער פֿון די דאָרטיקע אַרבעטער-אָרג. מיר רעכענען באַשטימט, אַז איינער פֿון זיי וועט זיין אונזערס אַ חבר. אויף אַזאַ אופֿן וועלן די פּוע"צ האָבן לפּחות 2 פֿון 7 מיטגלידער אינם געגנאָס.-קאָמיטעט.

3) די וויכטיקסטע פֿון אונזערע פּאַלעסטינע-אינסטיטוציעס בלייבט דער פּאַלעסטינאַ-אַרבעטער-פֿאָנד. זיין פֿאַרוואַלטונג גיט אָפּ אין דער פּרעסע איר באַזונדערן באַריכט, און דעריבער וועלן מיר זיך באַשרענקען נאָר מיט עטלעכע באַמערקונגען. די פֿאַרוואַלטונג פֿון פּ. אַ. פֿ. באַשטייט נאָר פֿון צוויי חברים, וועלכע פֿירן די גאַנצע אַרבעט און קאָרעספּאָנדענץ פֿון פּ. אַ. פֿ. קיין באַצאָלטן סעקרעטאַר האָט די פֿאַרוואַלטונג נישט. און דאָך קומט איר אויס צו שטיין אין שריפֿטלעכע פֿאַרבינדונג נישט נאָר מיט די צ. ק.-ען, נאָר אויך מיט פֿיל איינצעלנע פּונקטן. נאַטירלעך, איז פֿאַר אַזאַ ריזיקער אַרבעט דער פּערזענלעכער באַשטאַנד פֿון דער פֿאַרוואַלטונג צו קליין; דאָך מוז מען צוגעבן, אַז, וועדליק נאָך אירע קרעפֿטן, האָט די פֿאַרוואַלטונג געטון אַלץ, וואָס זי האָט געקענט, כּדי אויפֿצוהאַלטן די פֿאַרבינדונגען מיט די איינצעלנע פּונקטן און אויפֿצומונטערן די חברים צו די זאַמלונגען. צו דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון זיין דירעקטן צוועק, אַרבעט אין פּאַלעסטינע גופֿא, האָט דער פּ. אַ. פֿ. נאָך נישט געקענט צוטרעטן, ווייל ער האָט נאָך נישט דערגרייכט יענעם מינימום, וועלכער איז נויטיק, כּדי אָנצופֿאַנגען זיין אַרבעט. די מערהייט פֿון די חברים, אַ חוץ די פּאַלעסטינער, וועלכע האָבן אין דעם ענין ווייניקער געדולד, האַלט, אַז קיום האָט דאָס קאַפּיטאַל פֿון פּ. אַ. פֿ. נישט דערגרייכט קיין 6000 (זעקס טויזנט) פֿראַנק, טאָר ער נאָך נישט אָנהייבן צו פֿונקציאָנירן.

דאָ נישט לאַנג האָט דאָס צ. ק. פֿון די פּאַלעסטינער חברים פֿאַרלאַנגט, אַז דער פּ. אַ. פֿ. זאָל תּיכּף באַשטימען אַ סובסידיע פֿאַר דער צייטונג „האחדות“. הגם דער סטאַטוט פֿון פּ. אַ. פֿ. דערלויבט יאָ צו סובסידירן די ליטעראַרישע אונטערנעמונגען אין

פּאַלעסטינע. דאָך האָט דאָס פּאַרב.-ביוראָ דערווייל נישט געפונען פאַר מעגלעך צו באַפרידיקן דיזן ווּאונטש. ווייל ערשטנס, האָט דער פּ. אַ. פּ. נאָך נישט דערגרייכט יענע סומע, באַ וועלכער ער וועט מעגן אָנהייבן צו פונקציאָנירן, און צווייטנס, האָט זיך די V קאָנווענשן (פּאַרטיי-טאָג) פון די אַמעריקאַנער חברים אַנטשידן אַרויסגעזאָגט קעגן דעם, אַז „האחדות” זאָל סובסידירט ווערן פון פּ. א. פּ. דעריבער מוזן מיר אָפּלייגן דיזע פראַגע ביז דער III וועלט-קאָנפערענץ.

4) די II וועלט-קאָנפערענץ האָט באַאויפטראַגט דאָס פּאַרב.-ביוראָ איינצואָרדנען אַן אַרבעטס-סעקרעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע. דיזן באַשלוס האָט דאָס פּ. ב. נישט געקענט ביז איצט אויספירן צוליב דעם מאַנגל פון די נייטיקע פינאַנציעלע מיטלען, וועלכע די וועלט-קאָנפערענץ האָט באַשטימט אַלס ביודזשעט פון דעם אַרב. סעקרעטאַריאַט. ווי באַוווּסט, האָט די II וועלט-קאָנפערענץ לחלוטין פאַרבאָטן, אַז דאָס אַרב. סעקר. זאָל אויסגעהאַלטן ווערן פון דעם פּ. א. פּ. און די איינציקע מיטלען צו דעקן זיין ביודזשעט זענען געבליבן נאָר די 40 פּראָצענט פון די שקלים אין די פאַרבאַנדס-שטייער. אַזוי ווי אָבער, ערשטנס, די לעצטע ציוניסטישע יאָר-קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן אָפּצונעמען די 40 פּראָצענט באַ די לאַנד-אָרגאַניזאַציעס און פעדעראַציעס און אָפּצוגעבן אַלע 100 פּראָצענט שקלים-געלט דעם אַקצ. קאָמ., האָט דאַדורך דאָס פּ. ב. פאַרלוירן די איינציקע פינאַנציעלע קוועלע, פון וועלכער עס האָט פריער עקזיסטירט. צווייטנס, זענען די חברים נאָך גאָר נישט געוווינט צו צאָלן פאַרבאַנדס-שטייער. און בכלל האָט ביז אַהער דיזער מקור נישט געשפּילט כמעט קיין שום ראָלע אין אונזער בודזשעט, ווי מען קען דאָס זען פון אונזער קאַסע-באַריכט, וועלכער ווערט מיטגעטיילט די צ. ק'ען. דעם פּאַרב. ב. וועט נאָך אויסקומען האַרט צו קעמפן קעגן דער גלייכגילטיקייט פון אונזערע חברים צו דעם איינציקן פינאַנציעלן מקור, פון וועלכן דאָס פּאַרב. ב. מיט זיינע איינריכטונגען ווילן אין דער צוקונפט קענען שעפּן זייער חיונה. צוליב דעם אַלעם מוזן מיר אויך די פראַגע וועגן דעם אַרבעטס-סעקרעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע אָפּלייגן ביז דער III וועלט-קאָנפערענץ.

די פּאַלעסטינער חברים האָבן אפילו פאָרגעלייגט צו גרינדן פאָרלויפיק אַ דערווייליקעס ביוראָ אין פּאַלעסטינע מיט אַ פיל קלענערן בודזשעט, נאָר דאָס פּ. ב. איז אויף דעם נישט איינגעגאַנגען, האַלטנדיק, אַז קוים ווילן מיר עטוואָס איינריכטן אין פּאַלעסטינע גופא אינם נאָמען פון אַלוועלטלעכן פּאַרב., אַזוי מוז עס געשטעלט ווערן אויף אַ פעסטן פינאַנציעלן באָדן און נישט זיין פאַראורטיילט צו דעם זעלבן דחקות, פון וועלכן עס ליידט אונזער ווינער ביוראָ. אויסער דעם האַלט דאָס פּ. ב. פאַר נויטיק, אַז גלייכצייטיק מיט דעם סעקרעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע זאָלן געגרינדעט ווערן אינפאָרמאַציאָנס-איינריכטונגען אויך אין די וויכטיקסטע אייראָפּעישע האַפנס צוליב די אַרבעטער, וואָס פאָרן קיין פּאַלעסטינע.

## II די אַרבעט אין אייראָפּע.

1) דאָ קומט צוערשט אין באַטראַכט דער קאַמף פאַר דער אַנערקענונג פון דער יידישער נאַציאָן און פאַר דער **זעלבשטענדיקער יידישער סעקציע אין דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.**

ווי באַוואוסט, האָבן די פּוע"צ שוין לאַנג געמאַכט געוויסע שריט אין דיזער ריכטונג. נאָך אין מערץ 1907, בעת די דריי יונגע יידישע פּאַרטייען, צ. ס., י. ס. (סיימיסטן) און פּועלי-ציון, האָבן זיך יעדע באַזונדער משתדל געווען מכּח צולאָזן זיי צום סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל, האָבן די פּועלי-ציון פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זיי צולאָזן אַלס אַן אַלוועלטלעכע פּאַרטיי, אומאָפּהענגיק פון וועלכע גישט איז עקזיסטירנדע נאַציאָנאַלע און לאַנדעס-סעקציעס. הגם דיזע בקשה איז געווען אונטערגעחתמעט פון די פּוע"צ פון דריי פאַרשידענע לענדער (רוסלאַנד, עסטרייך און אַמעריקאַ), דאָך האָט דאָס אינטערנאַצ. סאָצ. ביוראָ אָפּגעשיקט זיי אַלעמען, איינגעם מיט די צ. ס., און י. ס. צו דער רוסישער סעקציע. די צ. ס. און י. ס (סיימיסטן) האָבן זיך טאַקע צו איר געווענדעט, די פּוע"צ אָבער האָבן דאָס געפונען פאַר אוממעגלעך, און האָבן אין יאָר 1908 אַריינגעבראַכט אין דאָס אינטערנאַצ. סאָצ. ביוראָ אַ געניי מאָטיווירטן פאָרשלאַג צו גרינדן אַ באַזונדערע יידישע סעקציע, וואוהין עס זאָלן אַריינגיין אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער גאַנצער וועלט.

אין זומער 1909, נאָך די אַמעריקאַנער פּאַרייניקונגס-קאָנפערענצן, **האָבן די רוסישע פּוע"צ פאָרגעלייגט די איבעריקע דריי יידישע סאָצ. פּאַרטייען צונויפצורופן אַ** קאָאָרדינירונגס-קאָנפערענץ, וואו מען זאָל, צווישן אַ גאַנצער ריי אַנדערע פראַגן, באַשליסן אויך געמיינזאַמע שריט בנוגע אַ יידישער סעקציע. פון דעם האָט זיך דער „בונד" לגמרי אָפּגעזאָגט, די צ.-ס. אָבער מיט די י.-ס. (סיימיסטן) זענען מסכּים געווען זיך צו קאָאָרדינירן מיט די פּוע"צ אין דער סעקציאָנס-פראַגע. אַזוי ווי דיזע פראַגע באַרירט אַלע פּוע"צ פון דער גאַנצער וועלט, האָט דאָס רוסישע צ. ק. דאָ איבערגעגעבן די פאַרטרעטונג דעם אַלוועלטלעכן פאַרבאַנדס-ביוראָ, וועלכעס האָט דאָס איבערגענומען, לויט דעם באַשלוס פון דער II וועלט-קאָנפערענץ. דעם גאַנצן ווינטער 1909—1910 זענען געפירט געוואָרן קאָאָרדינירונגס-באַראַטונגען, און צו מיטן מערץ 1910 איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פון די דריי פּאַרטייען (פּוע"צ, צ.-ס, און י.-ס) אַ גענויער מעמאָראַנדום צו דעם אינטערנאַצ. סאָצ. ביוראָ מכּוח דער נייטיקייט און באַרעכטיקונג פון אַ יידישער סעקציע. דערביי האָבן די דריי פּאַרטייען באַשלאָסן צו פאַרעפנטלעכן דעם מעמאָראַנדום נאָך לאַנג פאַר דעם קאָפּענהאַגענער סאָצ. קאָנגרעס, כּדי עס זאָל בלייבן גענוג צייט אויף צו אַנטוויקלען אַברייטע מאַסן-דעמאָנסטראַציע פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט פאַר אָט דיזער פאָדערונג.

ווען די זאַך וואָלט געווען אָפּהענגיק נאָר פֿון דעם פּאַרב.=ביוראָ, וואָלט דאָס מעמאָראַנדום שוין לאַנג געווען פֿאַרעפֿנטלעכט. נאָר מיר זענען געווען געבונדן דורך דער קאָאָרדינאַציע און נישט געטאָרט פֿאַרעפֿנטלעכן אָן די איבעריקע צווײ פּאַרטײען. דורך דעם האָט זיך די זאַך אַזוי לאַנג געצויגן, ביז עס איז געקומען דער קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס, און דאָס מעמאָראַנדום איז אַלץ געלעגן אין מאַנוסקריפּט. אונז איז אויף אַזאַ אופֿן גאָר נישט געבליבן, ווי אָנצווײַזן אין דער באַגריסונג, וואָס מיר האָבן געשיקט צום אינטערנאַצ. סאָצ. קאָנגרעס (אויגוסט 1910), בקצור אויף אונזער פֿאָדערונג פֿון דער יידישער סעקציע און אָנצוגעבן די טעמים, פֿאַר וואָס מיר הייבן דערווייל נישט אויף דידאָזיקע פֿראַגע. אונזער באַגריסונג, וועלכע מיר האָבן אָפּגעדרוקט, פֿאַרטיילט צווישן די דעלעגאַטן פֿון קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס און פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער פּרעסע, האָט שטאַרק אויפֿגערייצט די צ. ס. מיט די י. ס. סוף כּל סוף איז אָבער געלונגען צו באַזייטיקן אַלע שוועריקייטן, און דעם 18 נאָוועמבער איז ענדלעך פֿאָרגעקומען אַ פֿייערלעכע קאָאָרדינאַציאָנס=זיצונג, וואו עס איז באַשלאָסן געוואָרן ענדגילטיק צו רעדאַגירן דאָס מעמאָראַנדום און פֿאַרעפֿנטלעכן אים אין פֿאַרשידענע שפּראַכן, קודם כּל אין יידיש, דייטש און רוסיש.

2) עס איז כּדאַי צו דערמאָנען מכּוח די פֿאַרזוכן הירכצופֿירן די קאָאָרדינאַציע פֿון די דרײַ פּאַרטײען אין דער ע מ י ג ר אַ צ י אָ נ ס = פ ר אַ ג ע. אין יוני 1910 האָבן אונז די צ. ס. פֿאָרגעשלאָגן צו קאָאָרדינירן זיך מיט זיי און מיט די י. ס. בנוגע צו דעם עמיגראַציאָנס=קאָנגרעס, וועלכער האָט געזאָלט צונויפֿקומען אין סעפּטעמבער 1910. מיר האָבן אָנגענומען דיזן פֿאָרשלאַג, און עס איז אפֿילו געבילדעט געוואָרן אַ קאָאָרדינירונגס=קאָמיטעט אין דער אָנגעלעגנהייט פֿון דעם עמיגראַציאָנס=קאָנגרעס. דיזער קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט אויסשליסלעך דעם צוועק — צו ווירקן געמײַנזאַם דורך די קרעפֿטן פֿון די דרײַ פּאַרטײען כּדי צו דערשלאָגן זיך וואָס אַ דעמאָקראַטישערן וו אַ ל - מ אָ ד ו ס צו דעם עמיגראַציאָנס=קאָנגרעס און וואָס אַ ברייטערע פֿאַרטרעטונג פֿון די פֿאָלקס=מאַסן אויף דעם קאָנגרעס.

באַלד פֿון אָנפֿאַנג האָבן אָבער די פֿאַרטרעטער פֿון די צ. ס. צוליב אַן אומפֿאַרשטענדלעכער סיבה אויפֿגעהערט צו קומען אויף די זיצונגען פֿון דעם קאָאָרדינירונגס=קאָמיטעט. דיזע כּלומרשטע קאָאָרדינאַציע האָט נאָר געקענט געבן די צ. ס. די מעגלעכקייט אין רוסלאַנד צו רעדן אין נאָמען פֿון דרײַ פּאַרטײען, און אויף דעם סמך האָבן זיי געפּרוווט אַרויפֿלייגן אַ מין צענזור אויף אונזערע עפֿנטלעכע אַרויסטרעטונגען בנוגע דעם עמיגראַציאָנס=קאָנגרעס און אפֿילו אויף דער ריין זשורנאַליסטישער טעטיקייט פֿון אונזערע חברים.

ווי באַוואוסט, איז דער עמיגראַציאָנס=קאָנגרעס דערנאָך אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. אין נאָוועמבער 1910 האָבן אונז די צ. ס. ווידעראַמאָל פֿאָרגעלייגט צו קאָאָרדינירן זיך מיט זיי און מיט די י. ס. (סיימיסטן) אין דער עמיגראַציאָנס=פֿראַגע. די י. ס. האָבן אָנגענומען זייער פֿאָרשלאַג, מיר אָבער האָבן זיך פֿון

דעם אַפּגעזאָגט. און דערבײַ האָט דאָס פּאַרב.=ביוראָ אָפּגעגעבן פֿאַר די בײדע פּאַרטײען פֿאָלגנדע דערקלערונג:

I. די קאָאָרדינאַציע פֿון יוני 1910 האָט געהאַט אַ קאָנקרעטן צוועק צו אָרגאַניזירן אַ דעמאָקראַטישן און סאָציאַליסטישן פֿליגל באַם עמיגראַציאָנס=קאָנגרעס אין סעפּטעמבער 1910. אַזוי ווי דער קאָנגרעס איז אָפּגעלײגט, באַטראַכטן מיר די קאָאָרדינאַציע אַלס קעגנשטאַנדלאָז (אָנגעווירן איר צוועק, אָביעקט).

II. אַ קאָאָרדינאַציע אין דער עמיגראַציאָנס=פּ ר אַ ג ע בכלל האַלטן מיר, ווי אין מערץ 1910, בשעת דער ענין איז שוין אַרומגערעדט געוואָרן, פֿאַר נישט דורכפֿירבאַר. איבער די צילן און וועגן פֿון דער עמיגראַציאָנס=רעגולירונג זענען מיר נישט גאַנץ אײניק מיט די איבעריקע פּאַרטײען.

III. אונזער קאָאָרדינאַציע וואָלט נישט געהאַט קײן שום אײנפֿלוס נישט אויף דער שיטה, נישט אויף דער ריכטונג און אויפֿן ריטמוס (טעמפּאָ) פֿון די אַרבעטן פֿונעם ווינער אײנבאַרופֿונגס=קאָמיטעט, וועלכן נישט מיר האָבן געשאַפֿן, און פֿאַר וועמענס אַרבעט מיר קענען נישט איבערנעמען קײן שום אחריות. די קאָאָרדינירונג וואָלט אונדז אַוועקגענומען די פֿרײַהײט פֿון דער קריטיק און אַגיטאַציע און פֿון די אויפּטרעטונגען, וועלכן מיר האַלטן פֿאַר נוצלעך און נײטיק פֿאַר דער עמיגראַציאָנס=זאַך.

IV. די אָפֿיציעלע קאָאָרדינירונג אין דער עמיגראַציאָנס=פֿראַגע איז אָבער סוף כל סוף גאָרנישט נײטיק. אַלע דרײַ פּאַרטײען ווילן אַ געזעלשאַפֿטלעכע רעגולירונג פֿון דער עמיגראַציע און מיר זענען גרײט צו יעדער צײַט דורך אונזערע אָרגאַניזאַציעס און דורך אונזער פּרעסע צו ווירקן פֿאַר דעם געדאַנק און פֿאַר דעם עמיגראַציאָנס=קאָנגרעס. די מאָראַלישע קאָאָרדינירונג איז דאָ פֿאַראַן פֿון זיך אַלײן. און אין דער רגע, ווי דער עמיגראַציאָנס=קאָנגרעס וועט צונויפֿגערופֿן ווערן, זענען מיר תּיכּף גרײט צו באַנײען אונזער אָפּמאַך וועגן אַ קאָאָרדינירטער טעטיקײט באַ די וואַלן צום קאָנגרעס.

V. אַ חוץ דעם איז עס דער ווונטש פֿון אונזערע חברים, בפֿרט אין רוסלאַנד, אַז די קאָאָרדינירונג זאָל דורכגעפֿירט ווערן קודם=כּל אויפֿן געביט פֿון שותּפֿותדיקער עקאָנאָמיש=פּראָפֿעסיאָנעלער, פּאָליטישער און קולטורעלער אַרבעט. קײנער פֿאַרקלענערט נישט די וויכטיקײט פֿון דער עמיגראַציאָנס=פֿראַגע, אָבער מיר ווינטשן, אַז זי זאָל נישט אַרויסגעריסן ווערן פֿונעם בינטל געמײנזאַמע אויפֿגאַבן, וואָס די דרײַ פּאַרטײען האָבן אין רוסלאַנד. מיר זענען נישט מסופּק, אַז אַזאַ אַלזײטיקע קאָאָרדינאַציע אין אַלע גאַנצע און ברענענדע פֿראַגן וואָלט געגעבן די באַציונגען פֿון די 3 פּאַרטײען אַ מער הערצלעכן, נאָך פֿרײַנטשאַפֿטלעכערן כאַראַקטער”.

3) פֿיל צײַט און מי האָבן באַ דעם פּאַרבאַנדס=ביוראָ אָפּגענומען די ג ע ש ע ע נ י ש ן אין אַ ר ג ע נ ט י נ אַ. ווען די אַרגענטינישע רעגירונג האָט אין יאַנואַר 1910 אַרעסטירט דעם חבר כּתריאל (כאַזאַנאָוויטש), פֿאָלגנדיק די נידערטרעכטיקע מסירה פֿון די יק”א=אַדמיניסטראַטאָרן, און דערנאָך אין יולי דעם חבר סאָרקין, האָט מען אונדז יעדעס

מאָל מיטגעטיילט פון אַרגענטינאַ, אַז די אַרעסטירטע ווערן אויסגעליפערט נאָך רוסלאַנד כּדי אויסצומיידן אַזאַ אומגליק, האָט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ יעדעס מאָל אַנטוויקלט אַן אָנגעשטרענגטע טעטיקייט, זיך געזעצט אין פאַרבינדונג מיט די סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון פאַרשידענע לענדער (שפּאַניען, איטאַליען, בעלגיען, דייטשלאַנד), מיט דער סאָציאַליסטישער און אַנאַרכיסטישער אינטערנאַציאָנאַלע, געגעבן דרינגענדע דירעקטיוון די פּועלי־ציוניסטישע גרופּן אין די האַפן־שטעט פון מערב־אייראָפּאַ, פאַראַנשטאַלטעט פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען קעגן די יק״א א. ד. גל. צום גליק האָט זיך אָבער ביידע מאָל אַרויסגעוויזן, אַז די שרעקן זענען איבערגעטריבן און די חברים זענען געוואָרן באַפרייט אין אייראָפּע אָן גרויסע שוועריקייטן.

4) דאָס פאַרב. ב. האָט געהאַלטן פאַר זיין פליכט זיך אָפּצורופן, לויט זיינע קרעפטן, אויף די לעצטע שרעקלעכע געוואַלט־טאַטן אין די רוסישע געפענגנישן, אויף דער דערנידריקונג און שענדלעכער באַליידיקונג פון די פּאָליטישע געפאַנגענע אין וואָלאָגדע און זערענטוי, אויף דעם דעמאָנסטראַטיוון פּראָטעסט־זעלבסט־מאָרד פון דעם גרויסן רעוואָלוציאָנס־העלד סאַזאָנאָוו און אויף דער סטודענטישער פּראָטעסט־באַוועגונג אין רוסלאַנד. גלייך נאָך די געשעענישן האָט דאָס פ.־ב. געגעבן דער עסטרייכישער עקזעקוטיווע אַ גענויע אינסטרוקציע צו פאַראַנשטאַלטן אין גאַליציען אַ פּראָטעסט־באַוועגונג.

## III אינערלעכע אָרגאַניזאַציאָנס־ענינים.

1) דער צושטאַנד פון אונזערע גרויסע לאַנדעס־פּאַרטייען (רוסלאַנד, עסטרייך, אַמעריקע און פּאַלעסטינע) איז באַקאַנט פון דער פּרעסע. פון די קלענערע אָרגאַניזאַציעס ליידן שטאַרק אונזערע אַרגענטינער חברים דורך דעם אומאונטערבראָכענעם באַלאַגערונגס־צושטאַנד, וועלכן די הערשנדע קליקע האָט פאַרהענגט שוין העכער אַ יאָר צייט איבערן לאַנד, כּדי צו דערשטיקן די אַרבעטער־באַוועגונג: די טעטיקסטע חברים זענען אַרעסטירט אָדער אַרויסגעשיקט, דער אָרגאַן דערשיינט נישט. — אין אַנטווערפּן איז דער באָדן מסתּמא נישט גינסטיק פאַר אַ פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, און דער פאַריין פּוע״צ, וועלכער איז פאַר דריי יאָרן אַנטשטאַנען מיט גרויסע אויסזיכטן, האָט זיך צעפאַלן. — פאַר דאָס לעצטע יאָר זענען צוגעקומען נייע לענדער אויף דעם באַלקאַן־האַלב־אינזל. אין פיל שטעט פון רומעניען און אין פיליפּאָפּאָל (בולגאַריען) זענען אַנטשטאַנען גרופּן פּועלי־ציון, וועלכע האָבן זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דעם פאַרבאַנדס־ביוראָ. דאָס פ.־ב. האָט אין נאָוועמבער באַשטעטיקט אַ דערוויילעקעס צ. ק. פאַר די רומענישע חברים. דאָס פ.־ב. לייגט אַרויף גרויסע האָפענונגען אויף דיזע יונגסטע מיטגלידער פון אונזער אַלוועלטלעכער משפּחה, אויף די באַלקאַנען, וואו אונזער באַוועגונג האָט אַזוינע וויכטיקע היסטאָרישע אויפגאַבן.

2) די וואַקסנדע וועלט-באַוועגונג שטעלט פאַר אונז אַרויס אַלץ קאָמפּליצירטערע אויפגאַבן און עפנט פאַר אונזער פאַרבאַנדס-ביוראָ אַלץ אַ ברייטער טעטיקייטס-פעלד. אין דיזען באַריכט האָבן מיר נישט באַריירט אַ גאַנצע ריי אויפגאַבן, וועלכע דאָס פ. ב. האָט געווידמעט זיין אויפמערקזאַמקייט, נאָר צוליב מאַנגל אין קרעפטן נישט געקענט גאָרנישט אויפטון (אַזוי דער קאַמף קעגן די פאַרברעכערישע קאָלאָניזאַציאָנס-מעטאָדן פון דער יק״א אין אַרגענטינע, די ליטעראַרישע פּראָפּאַגאַנדע, די אַגיטאַציאָן אין די באַלקאַן-לענדער, דאָס איינאָרדנען פון אַן אַלוועלטלעכן פועלי-ציון-אַרכיוו א. פילע אַנד.). יעדעס מאָל, ווען דאָס פ. ב. פלעגט צוטרעטן צו אַזוינע ענינים, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פינאַנציעלער מאַנגל און די ווינציקייט פון די אַרבעטנדע קרעפטן שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסע הינדערניש פאַר דער אַרבעט. פון די 5 מיטגלידער פון פ. ב. זענען צוויי געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן ווין און עס זענען געבליבן נאָר דריי חברים אין פ. ב., וועלכע האָבן באַ דעם בעסטן ווילן נישט געקענט אוועקשטעלן די אַרבעט אויף דער נויטיקער הייך. צוליב דעם מאַנגל פון מענטשלעכע קרעפטן ליידט באַזונדערס די קאָרעספּאָנדענץ-פירונג מיט די לאַנד-אָרגאַניזאַציעס: די ווינציקע אַרבעטנדע מיטגלידער פון פ. ב. האָבן פשוט קיין צייט נישט תמיד זיך צונויפצושרייבן מיט די צ. ק.׳ען, זיי אויפצופאָדערן צו אַרבעט, צו געלט-זאַמלונגען א. ד. גל.

די הויפּט-סיבה פון דער קליינער אַרבעטס-פעיקייט פון אונזער פ. ב. איז דאָס, וואָס עס אַרבעט אויסשליסלעך מיט אומבאַצאָלטע קרעפטן. דאָס פ. ב. האָט נישט קיין באַצאָלטן סעקרעטאַר, וועלכער וואָלט דורך זיין געהאַלט געווען פאַרזיכערט אין זיין עקזיסטענץ און געקענט ווידמען דער אַרבעט זיין גאַנצע צייט. און דאָך האָבן מיר געהאַט אין דעם יאָר אַזוינע צייטן (נעמלעך, אויגוסט — אָקטאָבער און די צווייטע העלפט דעצעמבער), ווען אונזערע חברים, וואָס פירן די אַרבעט אין פ. ב., זענען געווען פאַרנומען אומאונטערגעבראָכן וואָכן און חדשים נאָכאַנאַנד. נאַטירלעך, קאָן און טאָר אַ וועלט-פאַרבאַנד זיך נישט שטיצן אויף אַזאַ עקספּלאָאַטאַציע פון פערזענלעכע קרעפטן.

3) אונזערע פינאַנצן זענען אין דעם יאָר געשטאַנען זייער שלעכט. מיר האָבן פון אָנפאַנג געמיינט, אַז די לאַנדעס-פּאַרטייען זאָלן איינקאַסירן די פאַרבאַנדס-שטייערן צוזאַמען מיט דעם פּאַרטיי-שטייער. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אונזערע צ. ק׳ען קאָנען נאָר פאָדערן אַרבעט פון פ. ב. און אויסדריקן (אויך אין דער פּרעסע!) זייער אומצופרידנקייט מיט דעם, וואָס עס שרייבט צו זיי ווייניק בריוו, אָבער זאָרגן צו געבן דעם פ. ב. די נייטיקסטע און עלעמענטאַרסטע עקזיסטענץ-מיטלען, וועגן דעם האָבן אונזערע צ. ק׳ען אינגאַנצן פאַרגעסן, און אַז דאָס פ. ב. פלעגט זיי דערמאָנען, האָט דאָס נישט געווירקט. אין זומער האָט דאָס פ. ב. דעריבער באַשלאָסן אַרויסצוגעבן באַזונדערע בלאַנקען (בלאָקס) פון פאַרבאַנדס-שטייער און האָט זיך וועגן דעם געווענדעט צו די לעמבערגער חברים, ווייל אין ווין איז נישטאָ קיין יידישע דרוקעריי. ביז איצט זענען אָבער די בלאָקס נישט פאַרטיק און דיזער פאַקט אַליין, אַז אין

פיר חדשים איז נישט מעגלעך געווען דורכצופירן דיזע קליינינקייט, בעוויזט מיט וועל־כע שוועריקייטן דעם פארב.־ביוראָ קומט אויס צו קעמפן, און ווי ווינציק עס קאָן זיך פארלאָזן אויף דער מיטהילף פון די ערטער. . .

4) איינצעלנע פרטים. אין דעם יאָר 1910 האָט דאָס פארבאנדס ביוראָ געהאט זיצונגען:

אין יאנואר—מערץ 20, אין אפריל—יולי 5, אין אויגוסט 6, אין סעפטעמבער 14, אין אָקטאָבער 12, אין נאָוועמבער 9, אין דעצעמבער 4. פון דיזע 70 זיצונגען איז כמעט א העלפט (33) געווידמעט געווען דער קאָאָרדינירונג מיט אנדערע פארטייען.

בריוו האָט דאָס פ.־ב. פאר דעם יאָר געשריבן אַן ערך 110 (פון זיי 5 אין זיי־טיקע אנגעלעגנהייטן), פאררעגיסטרירט 87 בריוו, פון וועלכע:

פאר 7 חדשים יאנואר—יולי 20, פאר 5 חדשים אויגוסט—דעצעמבער 67; פון דיזע בריוו זענען 42 אין יידישער שפראך, 21 אין דייטשער, 18 אין רוסישער, 5 אין פראנצויזישער, און 1 אין ענגלישער שפראך. די גרויסע צאָל אנדערשפראכיקע בריוו באציט זיך אויף די קאָאָרדינאציאָנס־ענינים, אויף די אפערן כתריאל און סאָרקין, אויף דער קאָרעספאָנדענץ מיטן ציוניסטישן אקצ. קאָמ. און מיט די בולגארישע חברים.

זאָל דיזער באריכט ווייזן די חברים, ווי וויכטיק עס איז, זיי זאָלן אונטערשטיצן דאָס פ.־ב. און געבן אים די מעגלעכקייט פארבעסערן און פאָרצוזעצן זיין ארבעט ביז דער III וועלט־קאָנפערענץ, וועלכע דאָס פארב. ביוראָ האָט באשלאָסן צוזאמענצורופן אין אויגוסט פון דיזן יאָר (1911).

פאר דאָס פארבאנדס־ביוראָ
סעקרעטאר
**שטענדיגער.**

**10 יאנואר 1911.**

# מעמאָראַנדום פון קאָאָרדינירונגס-קאָמיטעט פאַר דער יידישער סעקציע אינם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך!

אויף די אינטערפּאַרטייאישע קאָנפערענצן פון די דריי אונטערגעחתמעטע פּאַרטייען איז באַשלאָסן געוואָרן צו ווענדן זיך צו דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל מיט דעם פאָרשלאָג צו גרינדן צוליב דער פאַרטרעטונג פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אַ באַזונדערע יידישע סעקציע אינם אינטערנאַציאָנאַל.

דער געדאַנק וועגן אַ באַזונדערער יידישער פאַרטרעטונג אין דעם אינטערנאַציאָנאַל האָט זייער אַ לאַנגע געשיכטע. שוין אין גאַנץ ווייטן עבר געפינען מיר פאַרזוכן מצד די יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס צו דערגרייכן אַ באַזונדערע פאַרטרעטונג אין דעם אינטערנאַציאָנאַל. לכתחילה אומאַנטשידענע און טיילווייזע, ווערן דיזע פּרוון אַלץ מער אַנטשלאָסן און פּרינציפּיעל, ביז זיי באַקומען ענדלעך זייער שאַרפסטן אויסדרוק אין דער פאָדערונג פון אַ זעלבשטענדיקער יידישער סעקציע.

שוין אויפן בריסעלער אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס (1891) האָבן די פאַרטרעטער פון די אַמעריקאַנישע יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס מיט אברהם קאַהאַן בראש אַוועקגעשטעלט אויף דער טאַגעס-אָרדנונג פונם קאָנגרעס אַ באַזונדערן פּונקט וועגן דער „יידן-פראַגע”. דערביי האָבן זיי אָנגעוויזן אויף די אייגנאַרטיקע און העכסט שווערע באַדינגונגען, בײַ וועלכע ס'קומט אויס זיך צו אַנטוויקלען דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג.

בשעת דער דיסקוסיע איבער דעמדאָזיקן פּונקט איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אויך די מיינונג, אַז עס איז נייטיק צו געבן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אַ באַזונדערע פאַרטרעטונג אין דער אינטערנאַציאָנאַלע. דער קאָנגרעס האָט זיך אָבער באַגנוגנט מיט אַן אַלגעמיינער רעזאָלוציע, וועלכע פאַראורטיילט דעם אַנטיסעמיטיזם ווי אויך דעם פילאָ-

סעמיטיזם און רעקאָמענדירט די פראָלעטאַריער פון דער יידישער ראַסע און לשון אַריינצוטרעטן אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פון די באַטרעפנדע לענדער.

צום צווייטן מאָל איז די פראַגע מכּוח דער פאַרטרעטונג פונם יידישן פראָלעטאַריאַט אינם אינטערנאַציאָנאַל אויפגעשטעלט געוואָרן דורכן בונד אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין אַמסטערדאַם (1904). לויטן באַשלוס פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ זענען די צוויי שטימען פון דער רוסלענדישער זעקציע צעטיילט געוואָרן צווישן דער רוסלענדישער ס. ד. אַרבעטער־פאַרטיי און דער פאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. די דעלעגאַציע פון בונד, פאַרבלייבנדיק אויף אַזאַ אופן פאַקטיש אָן שטים־רעכט, האָט פראָטעסטירט אויף דעם קאָנגרעס קעגן דעם באַשלוס פונם ביוראָ, אָבער אָן קיין שום רעזולטאַט. דעמאָלט האָט זיך די בונדיסטישע דעלעגאַציע געווענדעט צו דער דעלעגאַציע פון דער ר. ס. ד. אַ. פ. מיט דעם פאָרשלאָג צו מאַכן געמיינזאַמע זיצונגען. די ר. ס. ד. אַ. פ. האָט זיך אָבער דערפון אָפּגעזאָגט, מאָטיווירנדיק איר באַשלוס דערמיט, וואָס זי האָט קיין רעכט נישט אַריינצונעמען צו זיך די דעלעגאַציע פון בונד. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען איז מען געקומען צו דער פאָלגנדער פשרה: אין דעם ביוראָ געהערט די שטימע דער ר. ס. ד. אַ. פ. אויפן קאָנגרעס אָבער האָט די ר. ס. ד. אַ. פ. אַ האַלבע שטימע און אַ האַלבע שטימע באַקומט דער „בונד“.

אָט דאָס זענען די פריערדיקע פרוּוון איינצואָרדנען אַ פאַרטרעטונג פונם יידישן פראָלעטאַריאַט אין דעם אינטערנאַציאָנאַל. אַ סך פרינציפיעלער איז געשטעלט געוואָרן דידאָזיקע פראַגע ערשט אין 1907 יאָר, בשעת די נייע יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, וועלכע האָבן שוין דאַן פאַרנומען אַ פעסט אָרט אין דעם יידישן לעבן, האָבן זיך אַלע אין איין צייט, צוליב דעם פאָרשטייענדן שטוטגאַרטער קאָנגרעס, געווענדעט מיט אַ פאָרשלאָג אַריינצונעמען זיי אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער משפחה.

פון די דריי יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, וועלכע זענען געקומען מיט דעם דאָזיקן פאָרשלאָג, איז די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פאַרטיי („סערפ“) אַריינגענומען געוואָרן אין דעם אינטערנאַציאָנאַל אַלס אונטער־סעקציע פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פאַרטיי איז אַריינגענומען געוואָרן מיט אַ באַראַטונגס־שטימע, ווייל דיזע פאַרטיי געפינט זיך נישט אין קיינע אָרגאַניזאַציאָנס־באַציונגען נישט מיט דער ר. ס. ד. אַ. פ. און נישט מיט דער פאַרטיי ס. ר. אָבער ווי בעת דער באַראַטונג איבער דיזער פראַגע אינם אינטערנאַציאָנאַל, אַזוי אויך פאַר און נאָך דער באַראַטונג, אין דער פאַרטיי־ליטעראַטור און אויף אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, האָט די יידישע ס. אַ. פ. שטענדיק אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז איר אָנטיילנעמען אינם אינטערנאַציאָנאַל אַלס אונטער־סעקציע פון אַ רוסישער פאַרטיי איז בשום אופן נישט קיין ענד־ציל פאַר אַ יידישער פאַרטיי, אַז אַ יידישע פאַרטיי האָט, פאַרקערט, דאָס

רעכט אויף אַ זעלבשטענדיקער פּאַרטרעטונג צוזאַמען מיט אַנדערע פּאַרטייען פֿון דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט, אין דער געשטאַלט פֿון אַ באַזונדערער יידישער סעקציע.

די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון, וועלכע האָט אין מערץ 1907 פֿאַרלאַנגט פֿונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ אַ באַזונדערע פּאַרטרעטונג פֿאַר זיך, אַלס אַן אַלוועלטלעכע אָרגאַניזאַציע, האָט אין אָקטאָבער 1908־טן יאָר פֿאָרגעלייגט דעם ביוראָ אַ גענוי מאָטיווירטן פֿאָרשלאָג צו בילדן אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע סעקציע פֿאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. אָבער אין אָקטאָבער 1909 האָט דיזע פּאַרטיי געבעטן דאָס ביוראָ נישט צו באַטראַכטן דערווייל איר פֿאָרשלאָג, ווייל זי האָט בדעה געמיינזאַם מיט די אַנדערע יידישע סאָציאַליסט־ישע פּאַרטייען צו מאַכן געוויסע שריט, כדי צו דערגרייכן אַ באַזונדערע יידישע סעקציע אינם אינטערנאַציאָנאַל.

אָט די פֿאַקטן און דערשיינונגען רופֿן אַרויס אומזיסטיקע שוועריקייטן אין דער אַזוי אויך פּאַרוויקלטער פֿראַגע, ווי אַזוי די איינצעלנע לענדער און די נאַציאָנאַליטעטן זאָלן זיין ריכטיק פֿאַרטרעטן אין דער אינטערנאַציאָנאַלע. דער איינציקער לאָגישער אויסוועג, וואָס אַנטשפּרעכט די אינטערעסן פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָלט געווען נאָר די בילדונג פֿון אַ באַזונדערער יידישע סעקציע.

די פֿאָדערונג פֿון אַ באַזונדערער יידישער סעקציע באַגריינדן די דריי אונטערגעהתמעטע פּאַרטייען מיט דער רעזאָלוציע פֿונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אין מערץ 1906. דידאָזיקע רעזאָלוציע גיט דעם ביוראָ דאָס רעכט צו אָנערקענען פֿאַר אַ נאַציע אין אויסנאַמספֿאַל אויך אַזאַ גרופּע מענטשן, בא וועלכע ס'איז פֿאַרבליבן די שטרעבונג צו אויטאָנאָמיע, צו מאָראַלישער איינהייט, אַלס אַ פּועל־יוצא פֿון אַ לאַנגער היסטאָרישער טראַדיציע — נישט קוקנדיק אויף דעם, צי זי איז אונטערגעוואָרפֿן איינער, אָדער עטלעכע רעגירונגען.

אין הסכם מיט דעם בילדן די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אַ באַזונדערער נאַציאָנאַלער סעקציע, הגם פּוילן איז איצט פּאָליטיש נישט זעלבשטענדיק און געפֿינט זיך אונטער דער הערשאַפֿט פֿון דריי פֿאַרשידענע מלוכות, ווי אויך די טשעכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, וועלכע אַרבעטן אין בעמען, וואָס האָט שוין לאַנג פֿאַרלוירן איר פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט.

וואָס פֿאַר אַ באַדייטונג קענען האָבן דידאָזיקע פּרעצעדענטן צו דער פּאַרטרעטונגס־פֿראַגע פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, און אויף ווי ווייט באַציט זיך אויף די יידן יענע באַשטימונג פֿונם באַגריף „נאַציע", וועלכע ווערט געגעבן אין דער רעזאָלוציע פֿונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ?

נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין ווייטע היסטאָרישע און טעאָרעטישע חקירות, וועלן מיר דערמאָנען איין אַלבאַקאַנטן און פֿעסטגעשטעלטן פֿאַקט: נעמלעך, הגם דאָס יידישע פֿאָלק איז אָפּהענגיק פֿון עטלעכע מלוכות און צעוואָרפֿן איבער אַלע שבעה ימים, דאָך טראָגט זיין גאַנץ לעבן אויף זיך דעם שטעמפּל פֿון אַ פֿעסטער היסטאָרישער טראַדיציע, וועלכע האָט זיך אויסגעבילדעט אין דעם משך פֿון די צוויי־טויזנטיעריקע וואַנדערונגען,

וואס די יידן האבן דורכגעמאכט אין נאציאנאל-געשלאסענע מאסן. אויפן גרונט פון אט דער טויזנטיעריקער היסטארישער טראדיציע האט זיך בא יידן אויסגעבילדעט א מאראלישע אייניקייט, א פעסטע נאציאנאלע פארבינדונגס-קראפט, נישט קוקנדיק אויף אלע שרעקלעכע פארפאלגונגען און אכזריותדיקע רדיפות.

און א קלארער אויסדרוק, ווי פון דער היסטארישער טראדיציע, אזוי אויך פון דיזער מאראלישער אייניקייט, איז די שטרעבונג פון דעם יידישן פאלק צו אויטאנאמע פארמען פון נאציאנאלן לעבן, די שטרעבונג, וועלכע שפיגלט זיך אפ אין די פראגראמען פון אלע יידישע סאציאליסטישע פארטייען. דיזע שטרעבונג צו אויטאנאמע פארמען פון נאציאנאלן לעבן איז נאך מער רעאל און לעבנס-פעיק א דאנק דעם, וואס, נישט קוקנדיק אויף אלע וואנדערונגען, בילדן די יידן אייניקע צענטרען, וואו זיי וואוינען אין קאמפאקטע מאסן. אן ערך אכט מיליאן יידן לעבן אין געדיכטע מאסן אויף דעם שטח פון די שכנותדיקע טיילן פון רוסלאנד, עסטרייך-אונגארן און רומעניע און פירן דארטן אן אייגנארטיק נאציאנאל לעבן. אויף דעם זעלבן אופן באזעצט זיך אויך דער יידישער המון, וואס עמיגרירט איבערן אקעאן, אין עטלעכע צענטרען און אין געדיכטע מאסן.

אט די אלגעמיינע טעמים טרעטן ארויס גאר בולט, בשעת מיר נעמען באטראכטן נענטער דאס לעבן פונם יידישן פראלעטאריאט אין אייבצעלנע לענדער פון דער גאנצער וועלט.

די אייגנארטיקע און אינדיווידועלע לעבנס-באדינגונגען פון דעם יידישן פראלעטאריאט אין אלע לענדער, וואו יידן וואוינען אין מער אדער ווייניקער קאמפאקטע מאסן, די ספעציפישע אויפגאבן פון דער יידישער ארבעטער-באוועגונג, דער פועל-יוצא פון דיזע באדינגונגען, דאס אלץ רופט ארויס צום שארפסטן די נויטיקייט זעלבשטענדיק צו ארגאניזירן די יידישע סאציאליסטישע ארבעטער-פארטייען אינערהאלב דעם אינטערנאציאנאל.

לאמיר זיך צוקוקן צו רוסלאנד אדער עסטרייך, צו רומעניע אדער אמעריקע, — אומעטום וועלן מיר געפינען אן אייגנארטיקן בוי פונם יידישן לעבן, אומעטום אנטשטייען דורך דיזן בוי געוויסע אייגנטימלעכקייטן אין דער קלאסן-סטרוקטור פון דער יידישער באפעלקערונג — און איבער דעם אין איר פארטיי-גרופירונג. און דערצו זענען דיזע אייגנטימלעכקייטן מער אדער ווייניקער ענלעך אין אלע לענדער; אומעטום פעלט בא יידן די אור-פראדוקציע בכלל און דער לאנדווירטשאפטלעכער פויערן-קלאס בפרט. אומעטום טראגט דער יידישער פראלעטאריאט א האנדווערקערישן און נאר טיילווייז א מאנופאקטור-כאראקטער און אנטהאלט אין זיך א נישט בערך גרויסן פראצענט האנדלס-פראלעטאריאט.

ווייטער, די באזונדערע ארבעטס-צווייגן, וועלכע זענען אויסגעוואקסן אויף דעם אייגנארטיקן באדן פון דעם יידישן לעבן, אין דער געשטאלט פון פארשידענע פארמען פון דער הויז-אינדוסטריע און ענדלעך, די שטענדיקע וואנדערונג פון די יידישע אר-

בעטס-קרעפטן, דער מעכטיקער עמיגראַציאָנס-שטראָם, וועלכער שטאַמט דערפון, וואָס די יידישע אַרבעט איז נישט צוגעפּאַסט צו די געוויינלעכע באַשעפטיקונגען פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג — דאָס אַלץ האָט געמוזט אומפאַרמיידלעך אַרויפלייגן אַ באַזונדערן שטעמפּל אויף דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, דאָס בילדעט פאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט גאַנץ באַזונדערע ראַמען פון קלאַסן-קאַמף און שטעלט פאַר אים ספּעציפישע פּראָבלעמען, וואָס עקזיסטירן נישט, לכל הפּחות, אין דער זעלבער פאָרם, בײַ פּראָלעטאַריער פון אַנדערע נאַציעס.

אויסער דעם ווערן די יידישע אַרבעטער פון אַלע לענדער פאַרייניקט אויך דורך זייער קולטורעל-פּסיכאָלאָגישן פּרצוף, דורך גלייכע ספּעציפישע קולטורעלע לעבנס-פאָרמען און דורך זייער היסטאָרישער כאַראַקטער-געמיינשאַפט, וואָס זענען אַ פּועל-יוצא פון דער אייגנאַרטיקער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פונם יידישן פאָלק בכלל און דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט בפּרט. אויך אין דיזער הינזיכט ווערט דער יידישער אַרבעטער אויסגעטיילט פון די אַרומיקע פּראָלעטאַריער פון אַנדערע נאַציעס און דאָס צווינגט אים צו בילדן אייגענע אָרגאַניזאַציעס. צום קלאָרסטן דריקט זיך דאָס אויס אין דעם, וואָס כמעט אין דער גאַנצער וועלט רעדט די יידישע אַרבעטערשאַפט די זעלבע שפּראַך; אויף אָט דער שפּראַך ווערט אין אירע רייען געפירט די אַגיטאַציע פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, אָט דאָס איז די שפּראַך פון איר אַלטעגלעכן לעבן, ווי אויך פון דער פּעריאָדישער פּרעסע און ליטעראַטור. די־דאָזיקע קולטור-פּסיכאָלאָגישע געמיינזאַמקייט רופט נאַטירלעך אַרויס די נויטיקייט פון באַזונדערע נאַציאָנאַלע פאָרמען, מיטלען פון סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, און אויך צוליב דעם פאָדערט זיך אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע פון די יידישע פּראָלעטאַרישע קרעפטן.

די אָנגעוויזענע אַלגעמיינע סאָציאַל-עקאָנאָמישע און קולטור-פּסיכאָלאָגישע באַדינגונגען, בײַ וועלכע עס קומט פאָר דער קלאַסן-קאַמף פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט פון פאַרשידענע לענדער, שטעלן פאַר אים, נאַטירלעך, אומעטום אויך געוויסע געמיינזאַמע אייגנטימלעכע אויפגאַבן אין פיל געביטן פון דעם יידישן לעבן. אַהער געהערט, צווישן אַנדערע, דאָס ברייטע פעלד פון דער יידישער עמיגראַציע, וועלכע באַרירט קודם-כל און צום שטאַרקסטן די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער-מאַסן; דיזע עמיגראַציע האָט איר מקור, אַ חוץ די אַלגעמיינע באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, אויך אין די אומנאָרמאַלע באַדינגונגען פון דעם יידישן לעבן בכלל.

ווייטער מוזן דאָ קומען אין באַטראַכט יענע באַזונדערע אויפגאַבן, וואָס שטעלן זיך אַרויס בנוגע צו דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער געווערקשאַפטס-באַוועגונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רעגולירונג פון דעם עמיגראַציאָנס-שטראָם. זייער וויכטיקע אויפגאַבן אַנטשטייען פאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט דורך דער נויטיקייט צו דערגרייכן דעמאָקראַטישע, אויטאָנאָמע, סאָציאַל-קולטורעלע פאָרמען פונם יידישן לעבן — אַ פאָדערונג, וואָס איז אָנערקענט בײַ אַלע קלאַסן און שיכטן פון דעם יידישן פאָלק. אַ

גרויס פעלד שטעלט מיט זיך פאַר דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס דער קאַמף קעגן דער אַלוועלטלעך אָרגאַניזירטער יידישער פּלוטאָקראַטיע, וועלכע האָט אומעטום אוזורפּירט און פאַרכאַפּט אין אירע הענט די ממשלה איבער אַלע ענינים פון דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן (די עמיגראַציאָנס־רעגולירונג, די קאָלאָניזאַציאָנס־טעטיקייט, די פאָלקס־בילדונג, די אַלגעמיינע פאַרטרעטונג פון די יידישע פאָלקס־אינטערעסן). אַהער קומען נאָך צו אין איניקע לענדער ספּעציעלע אָרטיקע אויפגאַבן, ווי למשל, דער קאַמף פאַר יורידישער און פאַקטישער גלייכבאַרעכטיקונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווי אויך די אַגיטאַציע קעגן פאַרשידענע פאָרמען פון אַנטיסעמיטיזם, דער זעלבסט־שוץ קעגן פּאָגראָמען א. א. וו. א. א. וו.

אַ נאַטירלעכער פועל־יוצא פון דער אָנגעוויזענער געמיינזאַמקייט פון דעם יידישן אַרבעטער־לעבן און פון די אויפגאַבן פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק איז די עקזיסטענץ פון ענלעכע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען מיט כמעט איינע און די זעלבע פּראָגראַמען אין אַלע לענדער, וואו עס וואוינען יידישע מאַסן. אַזוי האָט דער אַלוועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרבאַנד „פועלי־ציון" זיינע לאַנדעס־אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד, עסטרייך, ענגלאַנד, פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, אַרגענטינע, פּאַלעסטינע, רומעניע און בולגאַריע; צו דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי איז דאָ די סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע; צו דעם אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד — די יידישע סאָצ־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין גאַליציע.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אפילו די גאַנץ פאַרשידענע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין איינע און די זעלבע לענדער (ווי דער „בונד", „סערפּ", „צ. ס." און „פועלי־ציון") האָבן אין זייערע פּראָגראַמען פיל נאַציאָנאַלע אויפגאַבן און פאָדערונגען, וואָס זענען באַ זיי געמיינזאַם. אַזוי קעמפן אָט די אַלע פּאַרטייען אין אַלע לענדער, אַ חוץ פאַר די אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע און סאָציאַלע פאָדערונגען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, אויך פאַר דער אָנערקענונג און גלייכבאַרעכטיקונג פון דער יידישער נאַציע און פון דער יידישער פאָלקס־שפּראַך, זיי קעמפן קעגן דער אַלוועלטלעך אָרגאַניזירטער יידישער פּלוטאָקראַטיע, פאַרלאַנגען די רעגולירונג פון דער יידישער עמיגראַציע, די שאַפונג פון אויטאָנאָמע פאָרמען פונם נאַציאָנאַלן לעבן, וועלכע זענען נייטיק פאַר דער זעלבשטענדיקער און פרייער אַנטוויקלונג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן; דערביי דריקט זיך אויס די לעצטע שטרעבונג באַ די פאַרשידענע פּאַרטייען אין פאַרשידענע פּראָגראַם־פאָדערונגען, ווי די דעמאָקראַטישע און וועלטלעכע קהלה־אָרדנונג, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין די גלות־לענדער, טעריטאָריאַלע קאָנצענטראַציע און אויטאָנאָמיע א. ד. גל.

דאָס אַלץ פירט אונז צו איינעם און דעם זעלבן פועל־יוצא; אונזער פאָרשלאָג מכוח א י י ד י ש ע ר ס ע ק צ י ע שטייט אין פולן הסכם מיט יענע באַדינגונגען, וועלכע

דאס אינטערנאציאנאלע סאציאליסטישע ביוראָ האָט פעסטגעשטעלט פאר דער בילדונג פון נאציאנאלע סעקציעס אין זיין רעזאָלוציע פון 1896 יאָר. נאָר אויף אזא אופן אָר־גאניזירט, וועט דער יידישער פראָלעטאריאט אויסנוצן זיין זעלבשטענדיקע פארטרע־טונג אין דעם סאציאליסטישן אינטערנאציאָנאל, כדי האנט בא האנט מיט די פראָלע־טאריער פון אנדערע נאציעס, מיט נאָך מער דערפאָלג פאָרטזעצן זיין פרוכטבארן קאמף פאר דעם ליכט־שטראלנדן אידעאל פונם אינטערנאציאָנאלן סאָציאליזם.

1 מאי 1911 יאָר.

צענטראל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטיש־סאָציאליסטישער ארבעטער־פארטיי (ס. ס.)
צענטראל־קאָמיטעט פון דער יידישער סאָציאליסטישער ארבעטער־פארטיי („סערפ”).
פארבאנדס־ביוראָ פון דעם אלוועלטלעכן יידישן סאָציאליסטישן ארבעטער־פארבאנד פועלי־ציון.

## צו אלע ארבעטער און ארבעטערינס איןווארשע.

(אויפרוף, געשריבן פון באָראָכאָוו, 1911.)

חברים!

קוקט זיך צו צו אייער לאגע, ווי זי איז שרעקלעך און אומדערטרעגלעך! בא־טראכט די סיבות, וואָס האָבן אונז געבראכט צו דערדאָזיקער לאגע!

פארוואָס שמאכטן מיר טאָג און נאכט אין די דושנע ווארשטאטן, פארוואָס הונ־גערן און ליידן דחקות אונזערע פרויען און קינדער, פארוואָס האלטן אונז אין אייזער־נע הענט די באלעבאטים פון די ווארשטאטן און קראָמען, פארוואָס ווערן מיר דערני־דעריקט און אונזערע מענטשלעכע געפילן ווערן געטרעטן מיט די פיס פון יעדן מייס־טער, פון יעדן גרויסן אָדער קליינעם עקספלאָאטאטאָר און בלוטצאפער?

דאָס איז דערפאר, וואָס מיר זענען נישט אָרגאניזירט, ווייל מיר טראָגן אריבער אלע באליידיקונגען, פארפאָלגונגען און נויט, און פרווון אפילו זיך נישט אוועקשטעלן אלע צוזאמען, ווי איין מענטש, אנטקעגן אונזערע אונטערדריקער. פאר אונז, ווארשע־

ווער אַרבעטער, איז דאָס אַ שרעקלעכע שאַנד, וואָס מיר לאָזן זיך אַזוי אוממענטשלעך באַהאַנדלען! מיר זענען אין די אַמאָליקע צייטן געווען פון די ערשטע יידישע אַרבע-טער, וועלכע האָבן הויך אויפגעהייבן די פאָן פון קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן. בשעת אין גאַנץ רוסלאַנד איז נאָך דער אַרבעטער געשלאָפן אַ טיפן שלאָף, און ערשט ווי-נישט-ווי האָבן זיך געלאָזן הערן מונטערע שטימען פון די באַוואוסטזיניקסטע קעמפער, האָבן זיך שוין די וואַרשעווער יידישע אַרבעטער פאַרזוכט צו אָרגאַניזירן. פיל פון אונז געדענקען נאָך יענע שיינע יאָרן, פול מיט מוט און אָפּפערוויליקן קאַמף. דערמאַנט זיך, ווי נאָך פאַר צוואַנציק יאָר האָבן זיך די וואַרשעווער יידישע אַרבעטער געשטעלט שטרייקן אין אייניקע קלענערע פאַכן, געפאָדערט פון די באַלעבאַטים העכערע שכירות, פאַרקלענערן דעם אַרבעטס-טאָג און מענטשלעכע באַהאַנדלונג און אויסגעפירט זייערע פאָדערונגען. דערמאַנט זיך, ווי נאָך דעם איז אָן אָן אויפהער געשטיגן אונזער קאַמף מיט אונזער מאַכט צוזאַמען, ווי אין זומער 1897 און זומער 1899, ד. ה. נאָך פאַר 12 און פאַר 14 יאָר, האָבן זיך געלאָזט אין איינמוטיקן שטרייט קעגן די עקספּלאָאַטאַטאָרן טויזנטער יידישע אַרבעטער כמעט פון אַלע פאַכן, ווי גאַנץ וואַרשע איז אָנגעפילט געוואָרן פון דעם אַרבעטערס הויכער און קלאָרער שטים, און די באַלעבאַטים אין שטאָט האָבן גאָרנישט געקענט פועלן און האָבן אַלץ נאָכגעגעבן. ס'האָבן זיי גאָרנישט געהאָלפן די מאַסן-אַרעסטן מיט די אַרויסשיקונגען, נישט געהאָלפן די קלעפּ, וואָס די אַרבעטער האָבן געליטן אין די צירקלס פון דער אכזרישער פּאָליציי, נישט געהאָלפן סטראַשונקעס מצד די באַלעבאַטים און פאַבריקס-אינספּעקטאָרן. דעמאָלט האָבן מיר גע-וונען, ווייל מיר זענען געשטאַנען, ווי איין מענטש, ווייל דעמאָלט האָבן מיר זיך אַנט-שלאָסן: בעסער אומקומען אין קאַמף, איידער אומקומען ווי די שקלאַפּן!

און באַ אונז אַלעמען זענען פריש אין זכרון די ריזיקע שטרייקן פון 1905 און 1906 יאָר; דאָ האָבן מיר ערשט דערוויזן אונזערע באַלעבאַטים, וואָס פאַר אַ קראַפט ס'פאַרמאָגט דער אַרבעטער, ווען ער האַלט אַחדות, איז מוטיק און אָרגאַניזירט. דאַן האָבן מיר זיך צו אַ מענטשלעכן לעבן דערשלאָגן, מיט אונדז, אַרבעטער, האָט זיך די גאַנצע געזעלשאַפט גערעכנט, ווי מיט דער גרעסטער קראַפט, פאַר דעם נאָמען אַרבע-טער האָבן אַלע געהאַט דרך-ארץ.

און איצט, נאָך אַלעם, נאָך צוואַנציק יאָרן פון אומאויפהערלעכן קאַמף, האָבן מיר דאָס אַלץ פאַרלוירן. פון קעמפער, גבורים זענען מיר ווידער געוואָרן שקלאַפּן!

לאָמיר-זשע זיך נעמען, ווי איין מענטש, צוריק אָוועקשטעלן אויף דער יידישער גאַס דעם אַרבעטערס כבוד! לאָמיר זיך דערמאַנען אין אונזער אַמאָליקער קראַפט און לאָמיר זיך נעמען אויפבויען אַ שענער, אַ בעסער לעבן פאַר אונז, פאַר אונזערע חברים, פאַר אונזערע פרויען און קינדער.

איר וועט זאָגן, מיר קענען גאָרנישט מאַכן, די שטימונג איז דערשלאָגן, די מאַ-סע זאָגט זיך אָפּ צו באַוועגן זיך? ניין, נישט אמת! דאָס זענען יענע אַליין דער-שלאָגן, ווער עס איז זיך מייאש אין דער קראַפט פון דער אַרבעטער-אחדות. קוקט זיך

ארום, וואס עס טוט זיך ארום אייך! זעט איר נישט, אז אומעטום הייבט זיך אן צו רודערן אויף דער ארבעטער־גאס? טוט א קוק, ווי אונזערע ברידער סטארען זיך אויפצושטעלן די אמאליקע ארגאניזאציעס, זוכן צו שאפן נייע קעמפנדיקע מחנות! דער ארבעטער איז נישט געשטארבן, ער לעבט און באוועגט זיך. זעט, ווי בא אונז אין שטאט ווילן שוין די מאסן נישט אריבערטראגן די אונטערדריקונג, זעט, ווי אונזערע ברידער שטעלן זיך איין פאר זייער כבוד און פאר זייערע בלוטיקע אינטערעסן.

אויב מיט 20 יאר צוריק האבן מיר געקענט מוטיק ארויסטרעטן אין קאמף און בייקומען די באלעבאטים, פארוואס־זשע זאלן מיר דאס זעלבע נישט קענען אין דער איצטיקער צייט? פארקערט, דעמאלט איז אונזער לאגע געווען פיל שווערער, מיר האבן נאך נישט געהאט קיין דערפארונג, מיר האבן נישט געוואוסט, ווי צו נעמען זיך פאר ארגאניזאציע, נישט געהאט קיין באגריף, וואס הייסט אחדות און ווי אזוי מען קעמפט פאר א שענער לעבן. איצט זענען מיר גוט אנגעלערנט פון די לאנגע קאמפסיארן. מיר ווייסן שוין, ווי אזוי און וואס מיר דארפן טון. מיר דארפן זיך ארגאניזירן אין פראפעסיאנעלע פאריינען, אויפזאמלען דורך אומאויפהערלעכע מיטגלידס־בייטראגן שטארקע און רייכע שטרייק־קאסעס, כדי מיר זאלן זיין אימשטאנד יעדע מינוט ארויסצווייזן א ווידערשטאנד אקעגן די העזה פון אונזערע בלוט־צאפער. יעדער פון אונז ווייסט, וואס אונז קאן געבן א גוטע פראפ. באוועגונג: דער פאריין, און נאר דער פאריין קען אונז שטיצן, ווען מיר פארלירן די שטעלע צוליב א חולאת אדער צוליב א קריזיס; נאר דער פאריין קען אונז אויסהעלפן אויף דער רייזע, ווען מיר זוכן א שטעלע אין אן אנדערער שטאט, און נאר אן ארגאניזירטער פאריין איז פעיק זיך ווי געהעריק פונאנדערצוקלייבן אין די באדינגונגען פון אונזער פאך, אנווייזן דעם פאסנדיקן מאמענט צום ארויסגיין אין א שטרייק. אויב מיר שטרייקן נישט ארגאניזירטערהייט, איז לייכט צו פארשפילן; ווען מיר זענען אבער ארגאניזירט, זענען מיר אויך בכוח בייצוקומען אלע מכשולים און אויסצושטיין אלע פארפאלגונגען.

הערט זיך נישט צו צו יענע, וועלכע טענהן אין זייער פארטיי־עקשנות, אז דער ארבעטער מוז זיך ארגאניזירן פארטייאיש אין זיין עקאנאמישן קאמף, דאס איז א שעדלעכער טעות, ווייל אין דעם עקאנאמישן קאמף האט דער ארבעטער צו טון נישט מיט פארטיי־פראגראמען, נאר מיט זיין מאטעריעלער לאגע, וועלכע איז גלייך בא אלע ארבעטער אן אונטערשיד פון פארטיי. ער האט דא צו טון מיט די באלעבאטים, וועלכע דריקן און עקספלאאטירן יעדן ארבעטער, גאנץ גלייך נישט קוקנדיק, צי ער איז א פועלי־ציוניק, אדער א בונדאוויעץ, אדער גאר אן אומפארטייאישער.

נעמט־זשע זיך, חברים, פאר דער ארבעט, האט נישט מורא פאר די באלעבאטישע און פאליצייאישע רדיפות, ארגאניזירט די פראפעסיאנעלע פאריינען יעדערער פון זיין פאך, ארגאניזירט זיי אומפארטייאיש, אהין זאל קענען אריינגיין יעדער קלאסן־באוואוסטער ארבעטער פון אייער פאך אן אונטערשיד פון זיין פארטיי־פראגראם! און זעט שטרעבט דערצו, אז אלע פאריינען פון פארשידענע פאכן זאלן זיך פארייניקן צוזאמען

צו איין צענטראַלן ביוראָ, וועלכעס זאָל קענען אָנפירן דעם גאַנצן עקאָנאָמישן קאַמף אין שטאָט.

נאָר אין אַחדות, אין אייניקייט איז די קראַפט פון דעם אַרבעטער! נאָר פאַר־אייניקטערהייט וועלן מיר זיך דערשלאָגן צו אַ בעסער לעבן, נאָר אָרגאַניזירטערהייט וועלן מיר אָראָפּהאַקן די וואַקסנדיקע הוצפּה פון אונזערע עקספּלואַטאַטאָרן, נאָר דורך דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראייניקונג וועלן מיר זיי צווינגען צו רעכענען זיך מיט אונזערע פאָדערונגען.

## די לאַגע אין רוסלאַנד אין יאָר 1911.

(אויסצוג פונם מאַי־אויפרוף פון די רוסלענדישע פּועלי־ציון).

דאָ, חברים, האָבן מיר איבערגעלעבט אַ יאָר פון „באַנייטע" רוסלענדישע אָרדנונגען. נאָך אַ יאָר פון סטאָליפּינס „קאָנסטיטוציאָנעלער" רעגירונג, נאָך אַ יאָר „פּליסיקער קאָנסטיטוציאָנעלער" אַרבעט פון אונזערע געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן און ווידער מוזן מיר זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, וואו מיר האַלטן אין דער וועלט, וועלכע נייע לעבנס־מעגלעכקייטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר די רוסלענדישע פאָלקס־מאַסן, וועלכע פון די צוגעזאָגטע און אַזויפיל מאָל אָנגעמערקטע „פרייהייטן" זענען פאַרווירקלעכט געוואָרן, וועלכע שטערונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקטיוו־כוחות זענען באַזייטיקט געוואָרן, און צי אָטעמט זיך בכלל לייכטער דעם רוסלענדישן בירגער, דעם רוסלענדישן אַרבעטער.

דער סך הכל איז נישט קיין פרייליכער. דאָס פאַרגאַנגענע יאָר איז געשטאַנען דורכויס אונטער דעם צייכן פון דער שטאַרקסטער רעאַקציע און פינסטערן שוואַרצ־מאהדיקן פּריצישן נאַציאָנאַליזם. סיסטעמאַטיש האָט די מאַכט אומברחמנותדיק פאַרפאָלגט יעדן שפּור פון דער אויפוואַכנדער אַרבעטער־באַוועגונג, אויף שריט און טריט געשטיקט די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון פּראָלעטאַריאַט, געשטערט זיין קולטורעלע אַנטוויקלונג און, ווי פריער, זיינע בעסטע זין און טעכטער געשיקט אויף די תליות, אין די געפענגענישן און אין די, מיט אייז באַדעקטע, צפון־געגנטן.

דעם אויפוואַכנדן רוסישן נאַציאָנאַליזם האָט די שוואַרצע מאה מאָנאָפּאָליזירט

פאר זיך, און אונטער דער פאן פון פאטריאטיזם דערקלערט א גידערטרעכטיק־שענדלעכן קאמף אלע אונטערדריקטע פעלקער פון אונזער מדינה. קינסטלעך האט מען באשאפן א „כעלמער” פראגע, נאר בלויז, כדי צו קענען ארויסשניידן א פאס לעבעדיק פלייש פון א צעקאליעטשעטן פוילישן פאלקס־ארגאניזם. נישט דערלאזט האט מען די טעטיקייט פון די פוילישע און אוקראינישע בילדונגס־חברות. אפילו אין שעווטשענקאס יובילעאום האט דער ווילד־קריגערישער שאוויניזם דערזען א געפאר פאר דער גאנצקייט פון דער מלוכה, און אין די לעצטע צייטן האט מען זיך זאגאר גענומען צו די מוסולמענער.

צוממייגסטן אבער, חברים, האבן דאס יאר געליטן מיר, יידן. די שוואכסטע צווישן די רוסלענדישע אומות, האבן מיר צומשטארקסטן געהאט צו פילן דעם גאנצן דרוק פון דעם שווארץ־מאהדיקן רעזשים. יעדער „איספראווניק” און אורריאדניק איז געווארן א באלעבאס איבערן יידישן לעבן, און טויזנטער יידישע פאמיליעס זענען בארויבט געווארן — און ווערן בארויבט — פון די מינימאלסטע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן, דורך אן אומדערהערט־לאנגער סדרה פון גרויזאמע גירושים. נישט גענוג, וואס מ'האט כמעט איינגאנצן פארמאכט פאר אונז, יידן, דאס לעצטע יאר די טירן פון די העכערע רעגירונגס־שולן און זייער ווייניק צוגעלאזט אין די מיטל־שולן, האט דער מיניסטארן־קאבינעט נאך געפונען פאר נייטיק איינצופירן א פראצענט־נארמע פאר די יידישע עקסטערנעס, מיט אנדערע ווערטער: אינגאנצן אפשניידן פארן יידישן פאלק די מעגלעכקייט צו בילדן זיך, צו דענקען, צו אריענטירן זיך אין דעם פארפלאנטערטן בלוטיקן קנויל פון אונזער יידישער און רוסלענדישערווירקלעכקייט. אלס אן ענטפער אויף דעם אננעמען אין דער דומע דעם פראיעקט וועגן „תחום המושב”, האט די פינסטערע קאמיסיע פון מלוכה־שוץ באשלאסן צו באזייטיקן פון מיליטאריזם דעם „שענדלעכן און דעמאראליזירנדן” יידן. די כוונה פון דיזן באשלוס איז קלאר. ווען די יידן וועלן נישט דינען אין מיליטער, וועט מען מיט א פרום פנים קענען דערקלערן זיי אלס שונאים פון פאטערלאנד, און נאך טיפער אראפדריקן זייער געזעלשאפטלעכן מצב.

און ווי האלט עס אין רעוואלוציאנערן לאגער גופא? — אויך נישט פריילעך! אין דער רוסלנדישער ס. ד. ארבעטער־פארטיי עקזיסטירט נאך אלץ א מבול פון פראקציעס און פראקציעלעך, וועלכע שאדן זייער דער רוסלענדישער ארבעטער־באוועגונג דורך זייערע מחלוקת. אלע אינטעלעקטועלע קרעפטן און דער גרעסטער טייל מאטעריעלע מיטלען פון דער „פארטיי” גייען אוועק לאיבוד; ווייל נישט פאר די בויטן פון דער רעוואלוציאנערער ארבעטער־באוועגונג ווערן זיי אויסגענוצט — נאר אויף צעשטערן און צערייסן די פארטיי־איינהייט און פארטיי־ארבעט. אין א קלענערער מאס שפיגלט זיך אפ דאס זעלבע בילד אויף אונזער יידישער ארבעטער־גאס; נאך אלץ ווערט געפירט א ברודער־קאמף אין די רייען פון יידישן פראלעטאריאט, נאך אלץ הערשט אומאייניקייט — און די וויכטיקסטע עקאנאמישע און פאליטישע קאמף־פראגן פון יידישן ארבעטער־לעבן ליידן דערפון אן אומגעהייער גרויסן שאדן.

יאָ, מיט וואָלקנס איז פֿאַרהילט דער הימל פֿונם פֿאַרגאַנגענעם יאָר, און מיר האַלטן פֿאַר אונזער חוב אָנצווייזן אויף דעם אַלע באַוואוסטזיניקע אַרבעטער. מיט פֿרייד אָבער קענען מיר קאָנסטאַטירן, אַז אייניקע מאָל איז דאָך די פֿינסטערניש דורכגעריסן געוואָרן דורך בליצן-מבשרים פֿון אַ בעסערער, שענערער צוקונפֿט. עס איז דאָך פֿאַראַן אין פֿאַרגאַנגענעם יאָר פֿון אַזעלכעס, וואָס גיט אונז מוט און דערפֿילט דאָס האַרץ מיט האָפֿנונג. גרויסע טיילן פֿון אַרבעטער-קלאַס האָבן אין פֿאַרגאַנגענעם יאָר דערוואַכט פֿון לעטאַרגישן שלאָף און ווידער אויפֿגעהויבן דעם קאַמף פֿאַר מער ברויט, פֿרייע צייט און רעכט. אָפֿטמאָל סטיכיש זענען דורכגעפֿירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי פֿון פֿאַרטיידיקונגס- און אָנגריף-שטרייקן, אָפֿטמאָל קעגן דעם ווילן און ראַט פֿון די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. דער דערוואַכנדער עקאָנאָמישער קאַמף האָט בײַ די רוסלענדישע באַדינגונגען נויטווענדיקערווײַז געמוזט ברענגען דערצו, אַז דער אַרבעטער האָט גענומען צוריק אויפֿבויען זײַנע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס און בכלל אַקטיווער רעאַגירן אויף די פּראָבלעמען, וואָס דאָס אַלטעגלעכע לעבן שטעלט פֿאַר אים אַרויס. באַזונדערס הויך איז געשטיגן אין פֿאַרגאַנגענעם יאָר די שטרייק-כוואַליע אינעם יידישן תּחום, און צוזאַמען דערמיט איז געגאַנגען דער פּאָליטישער אָרגאַניזירונגס-פּראָצעס אויף דער יידישער אַרבעטער-גאַס, און אירע אַרויסטרעטונגען צום פֿאַרטיידיקן די רעכט פֿון די יידישע פֿאָלקס-מאַסן, פֿון דער יידישער שול, פֿאַר שבת-רו, קעגן די באַגרענעצונגען אין דער זעלבסט-פֿאַרוואַלטונג א. א. וו.

און נישט נאָר די אַרבעטערשאַפֿט דערוואַכט. עס זענען דאָ דײַטלעכע סמנים, אַז אויך די איבעריקע שיכטן פֿון דער רוסלענדישער באַפֿעלקערונג הייבן זיך אָן אַלץ מער צו אינטערעסירן מיטן פּאָליטישן לעבן פֿון לאַנד, אַז די געזעלשאַפֿטלעכע כּוחות אָרגאַניזירן זיך קעגן דעם פּריציש-ביוראָקראַטישן שוואַרץ-מאַהדיקן בלאָק, אַז די שטימונג אין לאַנד ווערט מיט יעדן טאָג אַ מער אָפּאָזיציאָנעלע, אַ מער גינסטיקע פֿאַר דער נײַער תּקופֿה פֿון דער רוסלענדישער אַרבעטער-באַוועגונג — פֿאַר דער פֿרייהייטס-באַוועגונג. דאָס האָט דײַטלעך באַוויזן די באַוועגונג נאָך טאָלסטאָיס טויט, נאָך סאַזאָנאָווס זעלבסטמאָרד, דאָס באַווײַזט די סימפּאַטיע צום סטודענטן-שטרייק מצד אַזוינע עלעמענטן, ווי די מאָסקווער קאַפּיטאַליסטן, די סאַראַטאָווער בערזע-מענטשן, דאָס האָט שוין גאָר דײַטלעך באַוויזן דער אײַנדרוק פֿון דעם ציניש-חוצפּהדיקן סיגנאַל פֿון סטאָליפּינס „קאָנסטיטוציאָנעלן" קאַבינעט-קריזיס. פֿאַר אונז, אַרבעטער, איז די אײַנפֿירונג פֿון די זעמסטוועס אין מערבֿ-קאַנט אויפֿן גרונט פֿון 87 §, נישט געווען קיין גרויסע איבערראַשונג. דער שוועך-געפּרוּווטער רוסלענדישער אַרבעטער האָט קיינמאָל נישט געגלויבט אין סטאָליפּינס „פּאַרלאַמענטאַריזם". דער לעצטער אַטענטאַט זײַנער אויף די געזעצן האָט געעפֿנט די אויגן אַפֿילו די הערן פֿון 3-טן יוני. זיי האָבן אָנגעווירן איצט דעם גרעסטן טייל פֿון זייער „גלויבן" אין דער רעגירונג און ווען — ווילנדיק נישט ווילנדיק — שטאַרקן די אומצופֿרידנקייט אין לאַנד. די ערשטע ערזאַץ-פֿאַרזאַמלונגען האָבן בולט באַוויזן, אַז אין לאַנד איז אַ שטאַרקע אָפּאָזיציאָנעלע שטימונג. די רעגי-

רונג ווייסט דאָס. — און — ווי אַמאָל — פּרובירט זי אויך איצט אָפּצוּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפט דורך אַן אַוואַנטוריסטישער מלחמה־געפאַר, אַמאָל — מיט יאַפּאַן, איצט — מיט כינע.

עס וואָלט געווען צו אומפאַרזיכטיק און נישט קלוג צו וועלן אַוועקשטעלן אַ ריכטיקן פּראָגנאָז פון דער נאָנטער צוקונפט. איינס אָבער איז זיכער: דער ערגסטער פעריאָד פון געזעלשאַפטלעכער אַפּאַטיע איז פאַריבער, די געזעלשאַפטלעכע כוחות אָרגאַניזירן זיך ווידער און אין דער שפּיץ פון דער קאַמפּס־אַרמיי טרעט אַלץ דייטלעכער און מעכטיקער אַרויס דער אַרבעטער־קלאַס פון אַלע רוסלענדישע נאַציאָנען. די אויפגאַבע פון אַרבעטער־קלאַס איז און בלייבט דעריבער, אויסברייטערן און פאַרשטאַרקן זיין עקאָנאָמישן, קולטורעלן און פּאָליטישן קאַמף, אָפּטרייסלען זיך פון דער אומגעבעטענער און שעדלעך־צעשטערנדער ווירקונג פון פאַרשידענע ליטעראַרישע אַפּוטרופּסים־קלויזן, נעמען זיין גורל אין זיינע אייגענע הענט און אויפבויען אַן איינהייטלעכע סאָלידאַריש־קעמפנדע אַרמיי פון רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט, — און די נעכסטע שטופּע דערצו מוז און וועט זיין די פאַרייניקונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס פון יעדער נאַציאָן באַזונדער.

## פּועלי־ציון וועגן דער פאַרייניקונג פון זש. פּ. ס. מיט דער ייד. „סעקציע" פון פּ. פּ. ס. ד. אין גאַליציען.

### צו אַלע יידישע אַרבעטער.

### חברים און חברות!

אין אַן ערנסטן מאָמענט ווענדן מיר זיך צו אייך. יעדער ערלעכער יידישער־אַרבעטער, וועמען ס'איז טייער דער גורל פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט ווייסט, אַז אין דער לעצטער צייט איז אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג געשען אַ פאַקט, וועלכער האָט אויף יעדן פאַל אַ גאָר גרויסע היסטאָרישע באַדייטונג, און דאָס קלאַסן־באַוואוסטע יידישע פּראָלעטאַריאַט טאָר נישט איבער אים אַריבערגיין צו דער טאָג־אָרדנונג. מיר מיינען די פאַרייניקונג פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי מיט דער יידישער סעקציע פון דער פּ. פּ. ס. ד., וועלכע איז געשען נאָך פאַר די לעצטע וואַלן

און איז פֿײַערלעך פּראָקלאַמירט געוואָרן אויפֿן „פּאַרייניקונגס־קאָנגרעס“, די צווייטע טעג סכּות, אין לעמבערג.

יאָרנלאַנג קעמפֿט שוין דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט פֿאַר זײַן זעלבשטענדיקייט און גלײַכווערטיקייט מיט די פּראָלעטאַריער פֿון אַלע אַנדערע פֿעלקער. איר אַלע, וועלכע איר האָט מיטגעלעבט דעמדאָזיקן קאַמף, ווייסט, וואָס פֿאַר אַ שווערע מאַטעריעלע און נאָך שווערערע מאָראַלישע קרבנות דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט האָט געבראַכט, כּדי אים דורכצופֿירן ביז צום פֿולן נצחון. איר ווייסט אויך, אַז דעמדאָזיקן קאַמף האָט דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט נישט געפֿירט אינגאַנצן אײנהייטלעך, געשלאָסן. נאָר אַז עס איז צעפֿאַלן אין צוויי מחנות: אין דער עלטערער ייִדישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון און אין דער ייִנגערער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אָט די צוויי פּאַרטייען האָבן זעלטן געלעבט בשלום, ווײַל אָפּגעטיילט האָט זיי צווישן זיך זייער פֿאַרשידענער קוק אויף די שווערסטע פּראָבלעמען פֿונם ייִדישן אַרבעטער־לעבן, אויף די וויכטיקסטע פֿראַגן פֿונם ייִדישן לעבן בכלל. נישט איינמאָל האָט אַן ערנסטער ייִדישער אַרבעטער מיט ווייטיק און שמערץ זיך צוגעקוקט צו דעם שאַרפֿן קאַמף פֿון די צוויי ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכער האָט אויף יעדן פֿאַל אָפּגעשוואַכט אין אַ גרויסער מאָס דעם כּוח פֿון די ייִדיש־פּראָלעטאַרישע מחנות און פֿאַרשטאַרקט דעם שותּפֿותדיקן שונא. און ווער פֿון אײַך ס'האָט געלעזן מיט אויפֿמערקזאַמקייט די פּרעסע פֿון אונזער פּאַרטיי, פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון, דער וועט בלי ספֿק געדענקען, אַז גראָד פֿון די רייען פֿון אונזערע חברים איז נישט איינמאָל געוואָרפֿן געוואָרן דאָס וואָרט פֿון שלום, פֿון פֿאַרייניקן זיך צוליב די גרויסע שותּפֿותדיקע צילן.

מיר האָבן זיך תּמיד געזאָגט, אַז מיר קעמפֿן קעגן דער י. ס. ד. פּ., נישט ווי קעגן אַ נאַטירלעכן און אייביקן שונא, נאָר ווי קעגן אַ דערווײַליקן מאָמענטאַלן קעגנער, וועלכער וועט אַמאָל מוזן זײַן אונזער חבר. און מיר האָבן קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן, אַז נאָך אַלעמען שטייט דאָך העכער פֿון אַלע טעאָרעטישע און טאַקטישע חילוקים, וועלכע טיילן אונדז איינע פֿון די אַנדערע, איין שותּפֿותדיקער, גרויסער געדאַנק, דער געדאַנק פֿון דער זעלבשטענדיקייט פֿונם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

מיר האָבן קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן אָן דעם שותּפֿותדיקן שונא, וועלכער ווייזט זיך אונדז, ייִדישע פּראָלעטאַריער, תּמיד אין צוויי געשטאַלטן, אין דער געשטאַלט פֿון קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, וועלכע דריקט און נאָגט אויס דאָס ייִדישע פּראָלעטאַריאַט אין נאָך אַ העכערער מאָס, ווי אַלע אַנדערע פּראָלעטאַריער, און אין דער צווייטער פֿאָרעם פֿון דער אַסימילאַציע, וועלכע גייט אויס אָפּצוטייטן אָן רחמנות דעם לעבנסנערוו און דעם שאַפֿונגס־כּוח פֿון אונזער פֿאָלק און וויל עס אַרײַנפֿירן אין אַ פֿיזישן און מאָראַלישן זומפּ.

און מיר זענען געווען טיף איבערצייגט, אַז דידאָזיקע געפֿילן און איבערצייגונ־

גען אונזערע זענען די געפילן און איבערצייגונגען פונם בעסטן און באוווסטזיניקסטן טייל פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

און מיט איינמאָל האָט אונז די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי געשטעלט פאַר אַ פאַקט, וועלכער האָט געמאַכט אַ תּל אויס אַלע די דערמאָנטע האָפענונגען און אילוזיעס און אונז געוויזן, אַז מיר האָבן פאַלש אָפּגעשאַצט די מאָראַלישע הויכקייט און דאָס געפיל פון אחריות בײַ דערדאָזיקער פּאַרטיי, בעסער געזאָגט, בײַ אירע פירער. דעם 11 מאַי 1911 האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ גרויסער פּלאַקאַט אויף די גאַסן, פון וועלכן מיר זענען געוואויר געוואָרן, אַז די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך פאַרייניקט מיט דער יידישער סעקציע פון דער פּ. פּ. ס. און אַז די ביידע אַלטע פּאַרטייען בילדן איין איינציקע פּאַרטיי, וועלכע איז גלייכבאַרעכטיקט מיט די אַנדערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען אין לאַנד.

דערדאָזיקער שריט, וועלכן מ'האָט אַזוי שטאַרק געפּייערט אַלס אַ גרויסן נצחון פונם זעלבשטענדיקייטס-געדאַנק פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָט בײַ די באַוווסטזיניקע יידישע אַרבעטער נישט אַרויסגערופן די באַגייסטערונג און דעם ענטוזיאַזם, וועלכן די פירערס האָבן אפשר דערוואַרטעט. און דאָס איז געווען אַ הערלעכער באַווייז פאַר דער רייפקייט פון די יידישע פּראָלעטאַרישע מאַסן. דידאָזיקע שוואַכע באַגייסטערונג האָט זיך באַלד איבערגעביטן אין אַ שטאַרקער אומצופרידנקייט און די אומצופרידנקייט איז צוביסלעך אויסגעוואַקסן צו אַ פאַרביטערניש און יאוש. דער פאַרייניקונגס-קאָנגרעס גופא, וועלכער איז צונויפגערופן און אויסגעפּויקט געוואָרן מיט אַ גאָר שטאַרקער פּאָמפּע און רעקלאַמע איז געשטאַנען אין צייכן פון שטאַרקער אומצופרידנקייט און אָפּאָזיציע. און אַצינד נאָכן קאָנגרעס איז דידאָזיקע אומצופרידנקייט לחלוטין נישט קלענער געוואָרן. פאַרקערט, די בעסטע פּאַרטיי-גענאָסן לייגן אַוועק די אַרבעט, גאַנצע אָרגאַניזאַציעס טרעטן אָפּ פון דער פּאַרטיי.

פון וואַנען נעמט זיך עס דידאָזיקע מאָדנע דערשיינונג? זענען דידאָזיקע אַרבעטער און אָרגאַניזאַציעס געפאַלן אויפן קאָפּ, וואָס זיי זאָגן זיך אָפּ פון דעם „גרויסן נצחון", וועלכער ליגט, לויט דער מיינונג פון די פירערס, אין פאַקט פון דער פאַרייניקונג און נאָך מער פון דער „אַנערקענונג" מצד דער פּ. פּ. ס. און אפילו מצד דער גאַנצער עסטרייכישער פּאַרטיי? איז דאָס נאָר אַ נאַרישער עקשנות פון יחידים, ווי ס'ווילן אונז איינרעדן די פּאַרטיי-גדולים, אָדער האָבן זיי אפשר רעכט די אומצופרידענע, וועלכע מ'וויל היינט אויסמאָלן אין די אויגן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט פאַר צעשטערערס און פאַררעטער, אָדער לכל הפּחות משוגעים?

די תּשובה איז גאָר נישט שווער צו געפינען, ווען מ'באַטראַכט דעם גאַנצן ענין נענטער און מ'לאָזט זיך נישט פאַרפירן דורך הוילע פראַזן, ווי אָנערקענונג, גלייכבאַרעכטיקונג, וועלכע האָבן אין דער ווירקלעכקייט נישט קיין שום ממשות.

וואָס איז געווען דער גרונטגעדאַנק ביי דער גרינדונג פון דער יידישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי דורך די פּאָר יידישע אינטעליגענטן, וועלכע זענען אַרויסגע-

טרעטן אויס דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי דעם 1 מאַי 1905? צי טאַקע נאָר די נויטווענדיקייט פון אַגיטאַציע אין יידיש און פון אַ יידישער פּרעסע? לחלוטין נישט, ווייל דאָס האָט תּיכּף מודה געווען די פּ. פּ. ס. און האָט אפילו באַלד געפּרווּט גרינדן אַ „יידישע אַרבעטער־צייטונג", וועלכע האָט, נאַטירלעך, לאַנג נישט געקענט עקזיסטירן צוליב דעם, וואָס די באַוואוסטזיניקע יידישע אַרבעטער האָבן זי נישט גענומען אין דער האַנט אַריין. נאָך מער, די פּ. פּ. ס. איז ווייטער געגאַנגען און האָט געגרינדעט אַ יידישע סעקציע, מיט אַן אייגן צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכע האָט אפילו אין יאָר 1907 אויף איר צוזאַמענפאָר אין לעמבערג אָנערקענט די עקזיסטענץ פון דער יידישער נאַציע.

און דאָך האָט די י. ס. ד. פּ. ווייטער געקעמפט פאַר דער זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ פון אַ יידישער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי און האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע עקזיסטענץ קען נישט האָבן איר יסוד אין דער *פאָרמעלער* פאָדערונג פון גלייכבאַרעכטיקונג, נאָר אַז זי מוז באַקומען, אויב זי זאָל קענען עקזיסטירן, אַן אינהאַלט, וואָס זאָל איר געבן אַן *אייגענעם*, *יידישן* כאַראַקטער.

דעמאָלט האָט די זש. פּ. ס. זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער פּאַקטישער — נישט נאָר פאָרמעלער — גלייכבאַרעכטיקונג פון דער יידישער שפּראַך אין דער מלוכה און אין לאַנד, פאַר יידישע שולן מיט יידישער לערנשפּראַך און פאַר דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. די דאָזיקע לאָזונגען זענען געוואָרן די הויפּט־כּלי־זיין פון דער זש. פּ. ס. אין איר קאַמף אַנטקעגן דער פּ. פּ. ס. מיט איר סעקציע פון איין זייט און אַקעגן אונזער פּאַרטיי פון דער צווייטער זייט. אין אָט די פאָדערונגען האָבן זיי מיט רעכט געזען דעם איינציקן יסוד פון זייער באַזונדערער עקזיסטענץ אַלס אַ *יידישע* סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, דעם איינציקן סימן פון זייער יידישקייט.

מיר האָבן קיינמאָל נישט קיין סך געהאַלטן פון דער געדאַנקלעכער טיפקייט און טעאָרעטישער אויסגעהאַלטנקייט פון דער זש. פּ. ס. מיר האָבן געוואוסט, אַז זיי האָבן אַ שרעקלעך אויבערפלעכלעכן קוק אויף די שווערסטע און אָנגעווייטיקסטע פּראָבלעמען פונם יידישן לעבן. מיר האָבן זיך קיינמאָל דערינען נישט טועה געווען, אַז זייער גאַנץ באַטראַכטן די יידישע פּראַגע איז אַ שאַבלאָנמעסיקע, אַ נאָכגעמאַכטע די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען פון אַנדערע פעלקער. זיי האָבן אַרויסגעשטעלט געוויסע פאָדערונגען דערפאַר, ווייל זיי האָבן נאָך אַ לאַנגן שווערן נאָכגריבלען אַרויסגעפונען, אַז די אָדער יענע זאַך איז אַ לעבנספראַגע פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט. ניין, זיי האָבן תּמיד נאָר דאָס פאַרלאַנגט פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט און פאָלק, וואָס ס'האָבן שוין, אָדער ס'פאַרלאַנגען די סאָציאַליסטן פון אַנדערע פעלקער. אָט דאָס שקלאַפישע נאָכגיין כּסדר נאָך פרעמדע מוסטערן האָט זיי פון תּמיד אָן געטריבט דעם ריכטיקן בליק אויף די אייגנאַרטיקייטן און באַזונדערהייטן פונם יידישן לעבן. און זייער איינציקע תּשובה אויף אַלע די ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען איז געווען: זיך נישט וויסנדיק מאַכן. מיר האָבן פון תּמיד אָן אָנגעוויזן דערויף, אַז די דאָזיקע פּאַרטיי האָט פּשוט מורא, מודה צו זיין

געוויסע אייגנאַרטיקע און נישט נאָרמאַלע דערשיינונגען אין יידישן לעבן, כּדי נישט אויסצוווייזן אין די אויגן פון די „אַנדערע" ווי נאַציאָנאַלע שאָוויניסטן, ציוניסטן א.א.וו.

אָבער איין זאַך מוזן מיר מודה זיין, אַז אין משך פון זייער 6־יעריקער עקזיסטענץ האָבן זיי פאָרט געטון אַ גרויס שטיק דערציִונגס־אַרבעט צווישן יידישן פּראָלעטאַריאַט. זיי האָבן מיטגעהאָלפן אַרייַנפּלאַנצן אין די הערצער פון די יידישע אַרבעטער דעם גרויסן געדאַנק פון זעלבשטענדיקייט פון זייער פאָלק און דערמיט דערציִגן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט צו דערקענען זיין אייגענעם ווערט.

און צוליב דעם האָבן מיר זיי געקענט מוחל זיין זייער פלאַכן קוק אויף דער יידישער ווירטשאַפטלעכער נישט נאָרמאַלקייט, אויף דער אייגנאַרטיקייט פון דער יידישער עמיגראַציאָנס־פּראָגע, אויפן פּראָבלעם פון יידישער קאָלאָניזאַציע און בכלל אויף די שווערע באַדינגונגען פון אונזער נאַציאָנאַלן און קולטורעלן לעבן. יאָ, מיר האָבן זיי אַפילו געקענט מוחל זיין דעם שרעקלעכן פאַנאַטיזם, מיט וועלכן זיי האָבן געקעמפט קעגן יעדן טיפן געדאַנק, וואָס איז געקומען פון אונזער זייט, די אָפטמאָל חוצפּהדיקע דעמאַגאָגיע, מיט וועלכער זיי האָבן זיך אַרויסגעשטעלט אַלס די איינציקע פאָרשטייער פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, זייער גרויסקייטס־שגעון, וועלכער האָט זיי נישט איינמאָל פאַרפירט צו די שעדלעכסטע שפּאַלטונגען פון וויכטיקע שותּפותדיקע אַקציאָנען. מיר האָבן זיי דאָס אַלעס געקענט מוחל זיין, ווייל מיר האָבן זיך געדענקט: אויב די יידישע שול און נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע זענען נישט די איינציקע רפואה צו אַלע אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען פונם יידישן לעבן, אָבער זיי זענען אויף יעדן פאַל וויכטיקע באַדערפענישן און פּאָסטולאַטן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט און ווער ס׳קעמפט נאָר פאַר זיי, האָט שוין אַ געוויסע לעבנסבאַרעכטיקונג אין דער יידישער אַרבעטער־גאַס.

און די זש. פּ. ס. האָט דאָך באמת געקעמפט פאַר אָט די פאָדערונגען. כּמעט דורך אַלע זעקס יאָר פון זייער עקזיסטענץ ציט זיך דער דאָזיקער קאַמף ווי אַ רויטער פאָדעם. אין אַלע נומערן פון זייער פּאַרטיי־אָרגאַן „סאָציאַל־דעמאָקראַט" ווערט גערעדט מיט אַ גרויסן שטאָלץ פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע און פון דער יידישער שול, ווי פונם גאָר אייגנסטן גייסטיקן כּלי־זין פון דער פּאַרטיי. יעדער אַרבעטער זייערער האָט אויפגענומען און אייַנגעזאַפּט אין זיך די דאָזיקע אידעאַלן דורך זעקס לאַנגע יאָרן און זיי זענען אים היינט הייליק און טייער, נישט ווייניקער הייליק און טייער, ווי די ערשטע גרונד־יסודות פונם סאָציאַליזם.

יאָ, נאָך מער, די פּאַרטיי האָט תּמיד זיך גענומען אַ מאָנאָפּאָל אויף דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און אויפן קאַמף פאַר דער יידישער שפּראַך, ווייל זי האָט גוט געוואוסט, אַז דאָס איז איר לעבנסנערוו, אַז אָן דעם פאַרלירט זי דאָס רעכט אויף אַ באַזונדערער עקזיסטענץ. מיר דערמאַנען נאָר די לעצטע פאָלקסציילונג, בּאַ וועלכער די באמת שיינע אַרבעט פון דער זש. פּ. ס. איז נאָר געוואָרן אַ ביסל לעכערלעך צוליב דעם, וואָס די פּאַרטיי האָט אַרויסגעגעבן די פּאַראָלע, בשום אופן נישט צו אַרבעטן

איינעם מיט די ציוניסטן און אפילו נישט מיט די פועלי־ציון, ווייל די לעצטע מיי־נען דעם קאַמף נישט גענוג ערנסט.

און נאָך קוים צוויי וואָכן פאַר דער באַרימטער פאַראייניקונג האָט זייער פירער דר. איינגאַייגלער באַ אַ ווײַלער־פאַרזאַמלונג אין לעמבערג געהאַלטן אַ גרויסע רעדע, אין וועלכער ער האָט די דערמאַנטע פאַראָרדנונגען אין נאָמען פון זיין פאַרטיי אויפגע־שטעלט אַלס די ערשטע באַדינגונגען פאַר אַ יידישן קאַנדידאַט.

די איינציקע קעמפער פאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור, פאַר נאַציאָנאַלער קולטורעלער אויטאָנאָמיע, אַזוי האָט זיך כסדר אָנגערופן די זש. פּ. ס. — ביז צום 11 מאַי 1911.

און גראָד פון אָט דעם היסטאָרישן טאָג אָן איז פּלוצים דער נוסח געוואָרן אַן אַנדערער.

און דאָ, נאָר דאָ איז צו זוכן די סיבה פון דער שרעקלעכער אומצופרידנהייט און פונם יאוש אין די רייען פון די פּשוטע, געטרייע אַלטע פאַרטיי־חברים.

דער נאַטירלעכער פּראָלעטאַרישער אינסטינקט האָט זיי געזאָגט, אַז עפּעס איז דאָ נישט גלאַט באַ דער גאַנצער פאַראייניקונג. ס'איז דאָך פאָרט עפּעס אַ אומנאַטירלע־כער שפּרינג, אַז מענטשן, וועלכע זענען ערשט נעכטן — ממש נעכטן — געווען קנעכט פון דער אַסימילאַציע, זאָלן פּלוצים היינט זיין אירע הייסע שונאים, אַז אַ פאַרטיי, ווי די פּ. פּ. ס., וועלכע האָט ערשט נעכטן באַטראַכט די עקזיסטענץ פון אַ באַזונדערער יידישער פאַרטיי מיט אַן עקסטרעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פאַר אַ פּשוטן שגעון, זאָל פּלו־צים היינט אָנערקענען דידאָזיקע פאַרטיי אָן שום טענות.

און דער חשד איז געווען נאָך שטאַרקער צוליב דעם, וואָס די גאַנצע פאַראייני־קונג און אָנערקענונג איז פאָרגעקומען פּונקט ערב וואַלן.

און ס'האָט זיך טאַקע באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער גאַנצער ענין איז נישט מער, ווי אַ וואַל־מסחר אין אינטערעס פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי, ספּעציעל פון איר פירער, ד"ר הערמאַן דיאַמאַנד, וועלכער האָט קאַנדידירט אין דריטן לעמבערגער וואַל־קרייז.

די גאַנצע פאַראייניקונג און אָנערקענונג איז נישט געווען בשום אופן קיין נצחון פונם אַלטן פּראָגראַם פון דער זש. פּ. ס. ביין, מ'האָט דער זש. פּ. ס. געוואָרפן דאָס צוקערל פון פאַראייניקונג, כדי זי זאָל פּשוט פאַרראַטן איר פּראָגראַם.

און די זש. פּ. ס. איז דערויף איינגעגאַנגען. זייט יענעם גרויסן היסטאָרישן טאָג האָבן די מענטשן פּלוצלינג פאַרגעסן אָן זייערע אַלטע לאָזונגען און אידעאַלן. בשעת דער גאַנצער וואַל־באַוועגונג האָבן זיי מיט קיין איינציק וואָרט נישט דערמאָנט די פראַ־גע פון אָנערקענונג פונם יידישן פאָלק; יידישע שולן, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע — דאָס זענען געוואָרן „קאַליע" פּונקטן אין דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי, דער אַמאָליקער „איינציקער קעמפערן" פאַר אונזערע נאַציאָנאַלע רעכט אין לאַנד.

און אויך נאָך די וואַלן איז נישט געוואָרן אַנדערש. די נייע שטערנס פון דער

פּאַרטיי, די אַלטע „סעקציאָניסטן", וועלכע האָבן שוין לאַנג נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג און זענען שוין נישט צומאָל געווען בכח אפילו צו שטערן די אַנטוויקלונג פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן גנעדיק מתיר געווען צו שיטן פּראַזן וועגן נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג. דערפאַר טאָר מען אָבער בשום אופן נישט דערמאַנען קיין קאָנקרעטע ממשותדיקע פאָדערונגען.

און אין דעם זין האָבן די גענעראַלן פון דער פּאַרטיי צוגעגרייט דעם „פּאַרייניקונגס־קאָנגרעס". ס'זענען אָנגעווענדעט געוואָרן אַלע מיטלען, כדי צו דערשטיקן די אָפּאָזיציע, וועלכע באַשטייט אייגנטלעך פונעם רוב פון דער פּאַרטיי. פון איין זייט האָט מען געמאַכט „גאַליציישע" וואַלן, כדי די אָפּאָזיציאָנעלע נישט צוצולאָזן צו קיין מאַנדאַטן; פון דער צווייטער זייט האָט מען געפּרוווט פאַרשיכורן די איבעריקע מיט פּראַזן פון גלייכבאַרעכטיקונג, מיט גרויסער פּאָמפּע פונם קאָנגרעס, וועלכע ס'האָבן נאָך פאַרגרעסערט מיט זייער קומען די אָפּגעאָרדנטע וויטעק און דאַשינסקי.

און אויב דאָס אַלעס האָט נישט געהאָלפן, האָט מען אויפן נידריקסטן אופן פאַרגוואַלטיקט, נישט געלאָזט רעדן בשום אופן וועגן די טייערסטע אידעאַלן פון די חברים און די פירערס, דיזעלבע פירערס, בא וועלכע די קולטורעלע אויטאָנאָמיע און די יידישע שול זענען פריער געווען דער איינציקער יסוד פון זייער תורה, דיזעלבע פירערס האָבן דערקלערט, אַז „דאָס דאַרף מען ערשט שטודירן", אַז „דאָס איז נישט אַזוי וויכטיק", אַז „מיט דעם קען מען וואַרטן".

יאָ, די לאָזונגען, וועלכע זענען תמיד געווען דער שטאָלץ פון דער פּאַרטיי, די פאָדערונגען, מיט וועלכע זי האָט פאַרדעקט אַלע לעכער פון דער האַלבקייט פון איר פּראָגראַם, די אידעאַלן, וועלכע זי האָט דורך יאָרן איינגעפלאַנצט אין די הערצער פון אירע חברים אַלס די איינציקע און בעסטע רפואה פאַר אַלע יידישע צרות, — דאָס אַלץ איז געווען טריפה אויף דעם קאָנגרעס, אויפן קאָנגרעס פון פאַרייניקונג און אָנערקענונג. דערפאַר האָט דאַשינסקי, דער פירער פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, געגעבן די יידישע אַרבעטער אַ לעקציע דעריבער, אַז זיי זענען אַ מינדערהייט פון „אַנדערער ראַסע און קליידונג", וועלכע טאָר נישט גיין אירע אייגענע וועגן, נאָר מוז זיך לאָזן פירן פונם ווילן פון דער מערהייט.

דערפאַר מעגן פון אַצינד אָן די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי זיין אין דער זעלבער צייט מיטגלידער פון אַנדערע, נישט־יידישע פּאַרטייען, אין ערשטער ליניע, פאַרשטייט זיך, פון דער פּ. פּ. ס. ד., וועלכע מעג דאָך אירע מיטגלידער בינדן מיט אירע באַשלוסן, אפילו זיי זענען קעגן די אינטערעסן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

דערפאַר פירן היינט דאָס גרויסע וואָרט אין דער פּאַרטיי די אומסימפּאַטישסטע געשטאַלטן פון דער אַמאָליקער יידישער „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע", וועלכע האָבן אפילו אַ מערהייט אין דער פּאַרטיי־לייטונג. אָט אַזוי זעט אויס די פאַרייניקונג און די אָנערקענונג.

נישט דער אַלטער פּראָגראַם פון דער זש. פּ. ס. האָט אַוועקגעטראָגן אַ נצחון. ניין, ער איז מיט גרויס פּאַראַד אָפּיציעל געוואָרן באַגראָבן.

נישט די סעקציע פון דער פּ. פּ. ס. האָט זיך פּאַקטיש אויפגעלעזט כדי אַריינצוטרעטן אין דער זש. פּ. ס., ניין, די זש. פּ. ס. איז נאָר פאָרמעל געוואָרן אָנערקענט, כדי צו ווערן ערשט רעכט אַ סעקציע פון דער פּ. פּ. ס.

נישט די פּ. פּ. ס. האָט מודה געווען, אַז איר התנהגות אַקעגן דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס איז געווען נישט סאָלידאַריש און נישט סאָציאַליסטיש און זיך . אַנטשלאָסן ענדגילטיק צוצוגעבן די פרייהייט פון זיין ווילן. ניין, די פּ. פּ. ס. האָט געגעבן איר סעקציע אַ לפנימדיקע זעלבשטענדיקייט, כדי ערשט רעכט צו ברענגען די יידישע אַרבעטער אונטער דער הערשאַפט פון איר אייגענעם ווילן.

אָט דאָס, יידישע אַרבעטער, איז דער פּאַקטישער תוך פון דער גאַנצער גרויסער קאָמעדיע, וועלכער רופט זיך אויפן סאַלאָן־לשון פון דער נייגעבוירענער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פּאַרייניקונג און אָנערקענונג. די יידישע סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. געירשנט האָט זי די אַלטע סעקציע, וועלכע האָט איבערגענומען מיט דער גאַנצער ירושה אויך דעם נאָמען.

מיט אָט דעם פּאַקט איז דער גאַנצער פּאַרטיי־און אידעען־קאַמף אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט אַריינגעטרעטן אין אַ נייעם סטאַדיום. היינט שטייען זיך נישט מער איינע אַנטקעגן די אַנדערע צוויי פּאַרטייען מיט צוויי פּאַרשידענע נאַציאָנאַלע פּראָגראַמען. ניין, היינט עקזיסטירט נאָר איין פּאַרטיי, וועלכע האָט באמת אַ נאַציאָנאַלן פּראָגראַם, און דאָס איז — די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, פּועלי־ציון.

מיר האָבן אויך פריער געקעמפט קעגן דער זש. פּ. ס., ווייל מיר זענען טיף איבערצייגט, אַז אויך דאָס אַלטע פּראָגראַם אירס איז נאָך זייער ווייט צו זיין די פּאַרענטפערונג פון דער אַזוי שווערער אָנגעווייטאָקטער יידישער פראַגע. אָבער דאַמאָלס האָט נאָך געקענט באַ אַ טייל פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט זיין אַ ספק, וואו ס'איז זיין פּלאַץ. היינט געפינט זיך די זש. פּ. ס. גליקלעך אין די אָרעמס פון דער אַסימילאַציע און אויך אירע אַלטע אידעאַלן געפינען היינט נאָר אין אונז די איינציקע ערלעכע קעמפער אין פּאַרטיידיקער.

יידישע אַרבעטער, אייך רופן אין זייערע רייען צוויי פּאַרטייען, צווישן וועלכע עס ליגט אַ טיפער תהום. איינע אַן אָנערקענטע, וועלכע האָט געבראַכט אויפן מזבח פון אָט דער אָנערקענונג פאַר אַ קרבן איר גאַנצע טראַדיציע און די טייערסטע אידעאַלן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט. די אַנדערע, די נישט אָנערקענטע, וועלכע פאַרלאַנגט אויך נישט קיין אָנערקענונג, סיידן די אָנערקענונג פון אירע פּרינציפּן. איינע, וועלכע וויל ווערן גרויס נאָר דורך דער צאָל און דורך דער הילף פון דרויסן. די אַנדערע, וועלכע וויל שטיצן איר מאַכט קודם כל אויף דער שטאַרקייט פון אירע איבערצייגונגען און אויף די אייגענע כוחות פונם יידישן אַרבעטער־קלאַס. איינע — די אַזוי גע־

רופענע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. די אַנדערע — די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון.

יידישע אַרבעטער! דענקט־נאָך, וווהין איר געהערט!

און נאָך איין זאַך. אַלס די עלטסטע יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי אין עסטרייך, וועלכע שטייט שוין לאַנגע יאָרן אין קאַמף פאַר די אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, רופן מיר אייך צו: נישט אַראָפּלאָזן די הענט, נישט פאַרלירן דעם מוט! די באַוווסטזיניקע און די בעסטע פון אייך, וועלכע קענען נישט מסכּים זיין מיט דעם קו־מסחר, וועלכן ס'האָבן דורכגעפירט די פירערס, טאָרן נישט לאָזן שטיין די אַרבעט! דאָס וואָלט געווען אַ פּשוטער חטא קעגן יידישן פּראָלעטאַריאַט, אַ זינד קעגן זיך אַליין. אַרבעטן מוזט איר און דאָס קענט איר נאָר אין די רייען פון דער איינציקער יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אייער הייסע ליבע צום יידישן אַרבעטער־קלאַס, אייער שווערער קאַמף פאַר דער זעלבשטענדיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג מוז אייך סוף כּל סוף פירן אין די שורות פון דער פּאַרטיי, וועלכע בויט אויף איר עקזיסטענץ אויפן יסוד פון איר זעלבשטענדיקן קוק אויף די פּראָבלעמען פון אונזער לעבן און אויפן אידעאַל פון אַ פולן זעלבשטענדיקן לעבן פון אונזער פאָלק.

קומט אין אונזערע רייען! די אַרבעט וואַרט אויף אייך!

דער קאַמף פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פונם יידישן פאָלק אין עסטרייך קען פאַר אונז שטעלן יעדע מינוט שווערע אויפגאַבן. די פראַגע פון דער יידישער דערציִונג ווערט וואָס אַמאָל ברענענדיקער, די יידישע עמיגראַציע שליידערט יעדן טאָג טויזנטער יידישע פּראָלעטאַריער אין אַלע וועלט־ריכטונגען, און די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע ווערט פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט אַלץ נייטיקער און דרינגלעכער.

די קאָנצענטרירונג פון אַ געוויסן טייל פון דער יידישער עמיגראַציע אין פּאַלעסטינע ווערט וואָס אַמאָל מער אַ רעאַלער פאַקט און דערמיט הייבט זיך אָן אַרויסצורוקן גאַנץ פּראַקטיש איינע פון גרעסטע היסטאָרישע אויפגאַבן פונם יידישן פאָלק: די שאַפונג פון אַ גאַנץ נאָרמאַלער יידישער ווירטשאַפט אין אַלטן יידן־לאַנד; אַלע די גרויסע אויפגאַבן פאָדערן אַ סך כּוחות און גרויסע אָנשטרענגונגען, און דערפאַר רופן מיר אייך נאָכאַמאָל צו: ווער פון אייך ס'האָט כּוח און מוט — קומט און אַרבעט!

זאָל לעבן דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם!
זאָל לעבן די פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע פעלקער!
זאָל לעבן דאָס גלייכבאַרעכטיקטע יידישע פאָלק!
זאָל לעבן די יידישע שול!
זאָל לעבן דאָס אַלוועלטלעכע יידישע פּראָלעטאַריאַט!
זאָל לעבן דער פּועלי־ציוניזם!

די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון אין עסטרייך.

נאָוועמבער, 1911.

## מאַי־אויפרוף פון צ. ק. פון י. ס. ד. א. פּ. „פּועלי־ציון" אין רוסלאַנד, 1912.

אַלוועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרבאַנד „פּועלי־ציון".
יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (פּועלי־ציון) אין רוסלאַנד.
פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך!
יידישע פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַרייניקט אייך אונטער דער פאָן פון פּועלי־ציון!

## צום ערשטן מאַי!

חברים־אַרבעטער!

ווידער קומט דער 1־טער מאַי — דער סאָציאַליסטישער יום־טוב, דער וואונדערבאַרער יום־טוב פון דער דערוואַכנדיקער נאַטור און פון קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט. נישט דער הימל האָט אונז דעם יום־טוב געגעבן, נאָר אויף דער ערד האָבן אים געשאַפן מענטשן, וואָס קעמפן פאַר אַ בעסערן מאָרגן. ער דערמאַנט אונז נישט דעם פאַרשימלטן עבר, נאָר דעם ליכטיקן עתיד. דער 1־טער מאַי איז געוואָרן דער ראש השנה פון קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט. — אין דעם טאָג מאַכט דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט אַ חשבון־הנפש פון זיין טעטיקייט אין משך פונם יאָר.

אַזוי פאַרגייט אַ יאָר נאָך אַ יאָר און דער קאַמף ווערט אַלץ זיגרייכער און פרוכטבאַרער; די געניטקייט אין די קאַמפס־מעטאָדן וואַקסט; די אייניקייט פאַרשטאַרקט זיך און דער ענד־ציל ווערט אַלץ נעענטער צו דער פאַרווירקלעכונג.

מיט גרויסע נצחונות פאַרן פּראָלעטאַריאַט האָט זיך געענדיקט דאָס פאַרגאַנגענע יאָר. דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט האָט דערוויזן דער וועלט זיין אייניקייט־לעכקייט און אַנטשלאָסנקייט. . . דער גראַנדיעזער ענגלישער שטרייק האָט געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער וועלט. אויך אין אַמעריקע, דייטשלאַנד, פראַנק־רייך, עסטרייך און בעלגיען האָבן הונדערטער טויזנטער אַרבעטער אָנגעהויבן אַ שטרייק

קעגן די קוילן-מאַגנאַטן. דער נצחון פונם ענגלישן פּראָלעטאַריאַט האָט בולט דערוויזן, אַז ס'איז נישטאָ די מאַכט אין דער וועלט, וואָס זאָל זיין בכח זיך אַנטקעגנשטעלן דעם אייזערנעם ווילן פון די מיליאָנען אָרגאַניזירטע אַרבעטער. אַזעלכע שטרייקן, ווי דער ענגלישער, שטעלן אָפּ פולשטענדיק דאָס גאַנצע לעבן פון לאַנד און צעשמעטערן דעם פונדאַמענט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. דאָס דערפילט גלייך די בורזשו-אַזיע און ציטערט פאַר דער אייגענער פעל.

אויך אויפן פּאָליטישן האָריזאָנט האָבן מיר צו פאַרצייכענען אַ רייע גרויסע נצחונות. בײַ די לעצטע פּאַרלאַמענטס-וואַלן אין דייטשלאַנד האָט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אָפּגעהאַלטן אַ גלענצנדן נצחון און האָט אַרײַנגעפירט אין פּאַרלאַמענט 110 דעפּוטאַטן, אַ דאַנק וואָס זי איז געוואָרן די שטאַרקסטע פראַקציע אין רייכסטאַג. . . אויב דער מאַראָקער קאָנפליקט האָט נישט אַרויסגערופן קיין מלחמה, דאַרף מען עס פאַרצייכענען אויפן חשבון פון דעם דייטשן און פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָבן זיך מיט זייערע מיליאָנען שטימען אַרויסגעזאָגט קעגן מלחמה און געצוווּנגען אַזוי אַרום זייערע רעגירונגען זיך דערמיט צו רעכענען.

איבעראַל האָט דער פּראָלעטאַריאַט אין פאַרגאַנגענעם יאָר געפירט אַ האַרטנעקיגן קאַמף קעגן קנעכטשאַפט און אונטערדריקונג. איבעראַל האָט די פרייהייט אָפּגעהאַלטן גלענצנדע נצחונות. אפילו אין ווייטן אַזיען, אין כינאַ, האָט דאָס רעוואָלוציאָנערע כינעזישע פאָלק צעשמעטערט די אַלטע פעסטונג פון קנעכטשאַפט און אויף אירע חורבות אויפגעבויט דעם טעמפּל פון פרייהייט — די גרעסטע רעפּובליק אין דער וועלט.

אָבער בײַ אונז אין רוסלאַנד — צי האָט זיך אויך עפּעס געענדערט? צי לעבט זיך איצטער לייכטער, צי אָטעמט זיך פרייער? צי איז דער פויער זאַטער? צי איז דער אַרבעטער זיכערער געוואָרן מיטן מאָרגן? צי איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער אויסנאַמס-צושטאַנד און טויט-שטראָף?

ניין! אַלץ איז געבליבן בײַם אַלטן, אויב נישט נאָך פיל ערגער. אויך די 3-טע דומע האָט אַרויסגעוויזן אינם לעצטן יאָר פון איר עקזיסטענץ אַ האַרציקע ליבע צו דער רעגירונג און אַ שנאה צום פאָלק; גלייכגילטיקייט און אינדעפערענטיזם צו די לעבנס-אינטערעסן פון לאַנד און פון די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. וואָס פאַר אַ פאַרברעכן און פּראָוואָקאַציע די רעגירונג זאָל נישט באַגיין, נעמט אַלץ די מערהייט פון דער דומע איבער די אחריות דערפאַר.

די רעגירונג און אירע געדונגענע יונגען באַמיען זיך גאָר צו „באַרויקן" און „איינצושטילן". קיינמאָל האָט נאָך די רעאַקציע אַזוי נישט געווילדעוועט און דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז נישט געווען אַזוי אונטערגעדריקט ווי היינט — ערב די וואַלן צו דער 4-טע דומע. יעדער נאָר נישט „קאַזיאָנער" געדאַנק און יעדע פרייע איניציאַטיוו איז שטרענג פאַרבאָטן. אויף דער פּרעסע, איבערהויפּט אויף דער אַרבעטער-פּרעסע, שיט זיך אַ האָגל פון רדיפות, אַרעסטן און שטראָפן. די לעגאַלע קולטורעלע און ליטעראַרי-

שע פֿאַרייבען זענען פֿאַרמאַכט. אַלץ איז אומלעגאַל, אַלץ איז טריפֿה, אַפֿילו געזעלשאַפֿט=
לעכע הילף פֿאַר די מיליאָנען הונגעריקע פּויערים.

צום זעלביקן קורס איז צוגעפּאַסט אויך די אויסערלעכע פּאָליטיק פֿון רוסלאַנד.
טאָמער דאַרף מען ערגעץ אונטערדריקן און טיראַניזירן, איז אונזער רעגירונג דאָ די
ערשטע. האָט זיך פֿאַרגלוסט דעם פּאַרטריבענעם פּערסישן דעספּאָט ווידער צו פּרווון
זיין גליק, איז רוסלאַנד געווען די ערשטע, וואָס האָט אים דערצו געהאָלפֿן. איז אין
כינע אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, האָט רוסלאַנד קודם=כּל אַריינגעשטעלט אַ פּיסל קיין
מאָנגאָליען. ווערט זיך טערקיי קעגן ברוטאַלן אָנפֿאַל פֿון איטאַליען, נעמט זיך רוסלאַנד
אָן איטאַליענס קריוודע.

אָבער דעם אויבן=אָן אין דער פּאָליטיק פֿון דער איצטיקער רעגירונג פֿאַרנעמען
די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, די אַזוי גערופֿענע „פֿרעמדע", אַקעגן זיי רייצט די רע=
גירונג, ווען זי קען נאָר און טרעט מיט די גראָבע שטיוול זייערע מענטשלעכע רעכט
און הייליקסטע געפֿילן.

דאָס גרעסטע כּפּרה=הינדל איז אָבער דער ייד. יעדער טאָג ברענגט אונז נייע
רדיפֿות און גזירות, פֿרישע באַליידיקונגען און שווערע לאַסטן. מיר זענען דאָס שוואַכ=
סטע פֿאָלק אין רוסלאַנד און דערפֿאַר טיילט אונז אויס די פֿאַרברעכערישע רעגירונג
דאָס גרעסטע פּעקל צרות. אין 20=טן יאָרהונדערט, אין יאָרהונדערט פֿון אַעראָפּלאַנען,
אינסצעניזירט מען קעגן אונז אַ מיטלאַלטערלעכן בלוט=בלבול=פּראָצעס. דיזעלביקע רע=
גירונג, וואָס האָט צוליב פּראָוואָקאַטאָרישע טעמים פֿאַרשיקט אין קאַלטן סיביר די סאָ=
ציאַליסטישע דעפּוטאַטן פֿון דער צווייטער דומע, פּראָוואָצירט דורך פֿאַרשידענע פֿאַל=
סיפֿיקאַטן אַ באַשולדיקונג קעגן בייליסן פֿאַרן כּלומרשטן דערמאָרדן יושטשינסקין צוליב רי=
טועלע צוועקן.

דער טאָפּלטער דרוק — פֿון דער מלוכהשער רעאַקציע און דעם געזעלשאַפֿט=
לעכן אַנטיסעמיטיזם; דער פֿאַרשטאַרקטער עקאָנאָמישער באָיקאָט קעגן יידן, רוינירט
די עקזיסטענצן פֿון טויזנטער יידן; שטופּט זיי אַלץ ענגער צונויף אין דעם ענגן פֿאַר=
שאָלטענעם „תּחום המושב"; קוועטשט זיי צונויף אין די געטאָס פֿון די גרויסע שטעט
און רופֿט אַרויס אַ מוראדיקע אַרבעטסלאָזיקייט און אומגעהערטע קאָנקורענץ און שטויסט
צענדליקער טויזנטער פּעיקע אַרבעטער צו איבערפּעקלען זיך אויף יענער זייט אָקעאַן
צו זוכן אַ וואָסערע ס'איז באַשעפֿטיקונג. . .

אָבער אין דער געדיכטער פֿינסטערניש, וואָס הערשט אין רוסלאַנד, ווייזן זיך
שוין בליצן פֿון העלן ליכט. אויך אויפֿן יידישן הימל באַווייזן זיך סמנים פֿון ליכטיקן
מאָרגנשיין, ווען עמעצנס שטראַלן ס'שלאָגן זיך דורך אַ וועג דורך די געדיכטע וואָלקענס
און וואַרעמען און פֿולן אָן מיט האָפֿנונג די הערצער פֿון דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט...
נישט קוקנדיק אויף אַלע רדיפֿות, וואַקסט מיט יעדן טאָג, סיי די רוסישע און סיי די
יידישע אַרבעטער=באַוועגונג. דער אַרבעטער=קלאַס אָרגאַניזירט זיך אַלץ פֿעסטער. ער
אָרגאַניזירט זיך אומלעגאַל; ער נוצט אָבער אויס יעדע לעגאַלע מעגלעכקייט, כּדי זיך

צו אָרגאַניזירן. דער עקאָנאָמישער קאַמף און די פּאַרינטערעסירונג מיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען ווערט מיט יעדן טאָג אינטענסיווער און לעבעדיקער. דאָס ערשטע מאָל נאָך א הפסקה פון א סאַך יאָרן, האָבן די אַרבעטער אָפן דעמאָנסטרירט דעם 9-טן יאַנואַר. דער פּעריאָד פון אַנטוישונגען און אַפּאַטיע איז שוין הינטער אונז. דער אַרבעטער-קלאַס פילט די נויטיקייט פון אָרגאַניזירן זיך און אויפנעמען אן אָפענע מלחמה מיט זיינע אונטערדריקער.

גלייכצייטיק גייט זיך איר וועג די אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפט אין רוסלאַנד. די רעאַקציע האָט נאָר געקענט פאַרשיקן טויזנטער באַוווסטזיניקע אַרבעטער, זי האָט אָבער נישט געקענט פאַרניכטן און אויסראָטן דעם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס. דער אַרבעטער-קלאַס וואַקסט און דאָס לעבן אַליין אָרגאַניזירט און רופט אים צום קאַמף פאַר זיינע בלוטיקע אינטערעסן. די נישט-באַוווסטזיניקע ווערן באַוווסטזיניק, די באַוווסטזיניקע ווערן אַקטיוו, די אומפּאַרטייאישע ווערן פּאַרטייאיש און די אומאָרגאַניזירטע ווערן אָרגאַניזירט...

בפרט איז דאָס פאַרגאַנגענע יאָר געווען פאַר דער יידישער אַרבעטער-פּאַרטיי פּועלי-ציון א יאָר פון פרוכטבאַרער אָרגאַניזאַטאָרישער און שעפערישער אַרבעט. עס האָבן זיך איינגעשטעלט די פאַרבינדונגען מיט די אָרגאַניזאַציעס אויף די ערטער; עס איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן דער צענטראַלער פּאַרטיי-אַפּאַראַט, וואָס האָט אונז געגעבן א מעגלעכקייט פון א ברייטער פּראָפּאַגאַנדיסטישער [sic] און פּאָליטישער טעטיקייט, צו וועקן די יידישע אַרבעטער-גאַס פון לעטאַרגישן שלאָף צום קאַמף פאַר פרייהייט, צום קאַמף קעגן בזיונות און אונטערדריקונגען.

ענלעכע פרוכטבאַרע אַרבעט האָבן צו פאַרצייכענען אונזערע חברים אין פּאַלעסטינע, עסטרייך און אַמעריקע.

ווי איר זעט, חברים, קענען מיר פאַרצייכענען א סך ליכטיקע מאָמענטן אין אונזער אַרבעט פאַרן פאַרגאַנגענעם יאָר. דאָס דאַרף אונז צוגעבן מוט און אַרויסרופן די זיכערקייט אין נייע נצחונות אין קעגנוואַרטיקן יאָר. באַם פּראָקלאַמירן אונזערע לאָזונגען וועגן אַן 8-שעהדיקן אַרבעטס-טאָג, אויך אונזערע סאָציאַליסטישע און נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, קענען מיר שטאָלץ זיין, אַז אין פאַריקן יאָר האָבן מיר געמאַכט אַ שריט פאָרויס צו פאַרשטאַרקן אונזערע רייען...

א שווערע מלחמה שטייט פאַר איצט דעם רוסישן אַרבעטער-קלאַס. ס'דאַרפן איינגיכן פאָרקומען די וואַלן צו דער 4-טער דומע. די רעגירונג נעמט שוין איצט אָן אַלע מיטלען נישט צוצולאָזן, אַז ס'זאָלן אויסגעוויילט ווערן אָפּאָזיציאָנעלע און בפרט אַרבעטער-דעפּוטאַטן. בעת די וואַלן וועט הערשן אַן אומברחמנותדיקער אַדמיניסטראַטיווער רעזשים. אָבער דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט מוז פירן אַן אָנגעשטרענגטן, פאַרעקשנטן קאַמף און זיך באַמיען אַדורכצופירן וואָס מער סאָציאַליסטן. מ'מוז אויפקלערן די ברייטע פאָלקס-מאַסן די באַדייטונג און אויפגאַבן פון אַן אמתער פאָלקס-פאַרטרעטונג, מ'מוז

זיי אויך אַנווייזן די וועגן און מיטלען צו באַפרייען דאָס לאַנד פון דעם פּראָוואָקאַט־ רישן רעזשים, אין וועלכן ס'געפינט זיך.

מיר, פּועלי־ציון, מוזן אויסנוצן די וואַל־קאַמפּאַניע אויפצוקלערן די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן איבער אונזערע נאַציאָנאַלע פאָסטולאַטן. — אַ יידישע וועלטלעכע שול; אַ וועלט־ לעכע קהלה אויפן יסוד פון אַלגעמיינעם וואַל־רעכט; אָפּשאַפן אַלע באַגרענעצונגען און פולשטענדיקע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג.

מיר טאָרן אָבער נישט צוליב דער וואַל־קאַמפּאַניע פאַרנאַכלעסיקן אונזער טאָג־ טעגלעכע אַרבעט. פאַרקערט, מיר דאַרפן די וואַל־קאַמפּאַניע אויסנוצן, כדי זי צו פאַר־ שטאַרקן. מיר מוזן ווייטער אָרגאַניזירן און פאַרשטאַרקן די רייען פון אונזער פּאַרטיי און זאַמלען די מאַסן יידישע אַרבעטער אַרום אונזער פאָן, אַרום דער פאָן פון סאָציאַליזם און אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט.

חברים, מיר פאָדערן פון אייך אינם ערשטן מאַי וואַרפן די אַרבעט, כדי צו פּראָ־ טעסטירן קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג און מאַניפעסטירן אונזער סאָלידאַריטעט מיט דער אַרבעטערשאַפט פון דער גאַנצער וועלט. זאָל די פייערונג פון 1־טן מאַי ווייזן, אַז מיט באַגנעטן וועט מען נישט דערשטיקן די אידעען פון סאָציאַליזם; אַז ס'לעבט דער פּראָלעטאַריאַט און קיין שום קראַפט אין דער וועלט וועט נישט ברעכן זיין ווילן צו באַפרייען זיך.

זאָל אַ גרויל דורכנעמען די אַלרוסישע טיראַני; זאָלן ציטערן די מיניסטאָרן, זאָלן זיי זעען, אַז די טורמעס, קאַטאָרגעס און תליות האָבן נישט געבראָכן דעם כח פון פּראָלעטאַריאַט און אַז באַנט איז דער טאָג פון נקמה.

חברים! אין איין און דערזעלבער צייט מיט אונז פייערט דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער דעם 1־טן מאַי. פאַרשידן איז די לאַגע פון אַרבע־ טער אין די פאַרשידענע לענדער. איין אידעאַל אָבער פאַראייניקט זיי און באַפליגלט זייער קאַמף. פאַר אַלע וועקט זיך דאָס פּרעכטיקע צוקונפטס־בילד אינם ליכט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און באַפרייטער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

זאָל לעבן דער 1־טער מאַי!

זאָל לעבן דער 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג!

נידער מיטן מיליטאַריזם!

נידער מיט דער רעגירונג!

זאָל לעבן דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט!

זאָל לעבן די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע!

זאָל לעבן די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון!

צענטראַל קאָמיטעט.

אַפּריל 1912 יאָר.

# באַריכט פון דעם פּאַלעסטינע=אַרבעטער=פאָנד.

(פון אַרבעטס=ביוראָ אין יפו, אַפּריל, 1913)

דאָס יפוער אַרבעטס=ביוראָ פונם פּאַלעסטינע=אַרבעטער=פאָנד האָט אָנגעהויבן
צו אַרבעטן נאָך סכות תרע״ג. אונזער אַרבעט ווערט געפירט לויט פאָלגענדן פּלאַן:
אין יעדער קאָלאָניע און שטאָט האָבן מיר אונזער פאַרטרויאונגס=מאַן, וועלכער אינ=
פאָרמירט אונז מינדעסטנס איינמאָל אין דער וואָך איבער דעם צושטאַנד פונם אָרטיקן
אַרבעטס=מאַרק. אויפן גרונט פון די אַלע וועכנטלעכע באַריכטן באַקומען מיר אַן אי=
בערבליק איבערן אַרבעטס=מאַרק אין גאַנץ ארץ ישראל, און מיר ווייסן וווהין צו שיקן
נייע אַרבעטער, און פונוואַנען זיי צו נעמען. צוליב די שלעכטע פּאָסט=פאַרבינדונגען
מיט גליל האָבן מיר גאָר די לעצטע צייט געשאַפן אַ באַזונדערן אינפאָרמאַציאָנס=צענטר
פאַר גליל. אין דער קאָלאָניע אבגאל אין חיפה האָט איבערגענומען די פאַרטרעטונג
פון דעם אַרבעטס=ביוראָ דער אָרטיקער אַרבעטער=קלוב.

פאַר דער קורצער צייט פון אונזער עקזיסטענץ האָט אונז די דערפאַרונג שוין
געבראַכט צו אייניקע וויכטיקע רעזולטאַטן. סיי אין שטאָט, סיי אין די קאָלאָניעס פעלן
אויס גוטע קוואַליפיצירטע אַרבעטער. אַ גוטער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער, אַ
גוטער סטאָליער, אַ גוטער שוסטער, אַ גוטער מויער=מייסטער און אַ גוטער בעקער
קענען שטענדיק געפינען אַרבעט. נישט קוואַליפיצירטע אַרבעטער באַקומען אין דער
סעזאָן=צייט אַרבעט אין די קאָלאָניעס און אויך אין דער שטאָט נאָר צ י י ט וו י י=
ל י ק ע אַרבעט באַם ניוועלירן פונם באָדן באַ פאַרשידענע בוי=אַרבעטן.

דורך ריכטיקער אינערלעכער אינפאָרמאַציע קען מען שטאַרק פאַרקלענערן די
אַרבעטסלאָזיקייט, סיי אין שטאָט, סיי אין דער קאָלאָניע.

אין דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער=סעזאָן האָבן זיך צום מערסטן געפונען פּלעצער
פאַר יידישע אַרבעטער אין פתח=תקווה, רחובות און חדרה. אין רחובות און חדרה דער=
קלערט זיך עס דערמיט, וואָס דאָרט פאָדערט אַ סך אַרבעטס=הענט די אגרת=נטעים, וועלכע

האָט באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער. דעם ביישפּיל פון אגודת־נטעים האָבן נאָכגעטון פיל פּריוואַטע קאָלאָניסטן און אויף אַזאַ אופן זענען רחובות און חדרה אין פאַרגאַנגענעם ווינטער געווען אַרבעטס־צענטרען. אינעם גרעסטן אַרבעטס־צענטער, אין פּתח־תקווה, האָט זיך די צאָל יידישע אַרבעטער כמעט פאַרטאָפּלט, אַ דאַנק דער איינ־וואַנדערונג פון די תימנער, און ערשט צום שלוס פון דעם ווינטער־סעזאָן האָט זיך געפאָדערט קיין פּתח־תקווה אַ סאַך נייע אַרבעטער צום שניידן און פּאַקן פון די מאַ־ראַנצן. אַ חוץ באר־יעקב איז אין די איבעריקע יהודה־קאָלאָניעס נישט געוואַקסן די צאָל יידישע אַרבעטער. צום מייגסטן האָבן זיך געפאָדערט אַרבעטער, וואָס קענען גוט די פּלאַנץ־אַרבעטן (במעדר) און שפּעטער, וואָס קענען שטאָק שניידן.

דער אַרבעטס־לוין איז נישט קיין גלייכער אין שטאָט און קאָלאָניע. די שכירות פון די שטאָטישע אַרבעטער הענגט אָפּ פון זייער קוואַליפיקאַציע, פּשוטע אַרבעטער (נישט קוואַליפיצירטע) פאַרדינען, אויף וויפיל זיי ווערן באַשעפטיקט באַ צייטווייליקע אַרבעטן, פון 2 ביז 3 פר. אַ טאָג. געלערנטע אַרבעטער פון 3 ביז 5 פראַנק אַ טאָג און אַמאָל נאָך מער.

אין די קאָלאָניעס באַמערקט מען אַ טאָפּלטע טענדענץ. פון איין זייט אַ פעסטי־קונג אָדער בעסערונג פון די אַלטע און געניטע אַרבעטער, סיי אין פלחה, סיי אין פלאַנצונגען. זיי פאַרדינען ביז 3 פראַנק אַ טאָג. דער אַרבעטס־לוין פאַר נייע אַרבעטער האַלט זיך נאָר אין די נאַציאָנאַלע ווירטשאַפטן אויפן מינימום פון כמעט 2 פראַנק. אין די גרעסערע באַטריבן פון פּריוואַטע חברות טרעט אַרויס אַלץ בולטער די טענדענץ אַראָפּצודריקן דעם אַרבעטס־לוין אויף 1,20 פראַנק ביז 1,50 פראַנק.

פאַר דער פאַרגאַנגענער צייט האָבן זיך צו אונז געווענדט וועגן אַרבעט 325 מענטשן, באַקומען אַרבעט האָבן 225. נאָר וואָס אָנגעקומענע זענען דערונטער געווען 139 ; 186, וואָס זענען שוין געווען אין לאַנד פון פריער. אין שטעט האָבן באַקומען אַרבעט 53 מענטשן ; אין די קאָלאָניעס 172. בריוו און פראַגן פון אויסלאַנד האָבן מיר דערהאַלטן 77, געשריבן בריוו וועגן אַרבעט האָבן מיר 690 (אַ חוץ הונדערטער ציר־קוליאַרן צו אונזערע פאַרטרעטער און אונטערנעמער). ס'איז וויכטיק צו באַמערקן, אַז די אַלע ציפערן באַציען זיך בלויז אויף יהודה, ווייל ערשט נאָר די לעצטע צייט איז געשאַפן געוואָרן אַ רעגלמעסיקע אינפאָרמאַציאָנס־באַציונג מיט גליל.

אונזער ביוראָ איז געוואָרן פּאָפּולער נישט נאָר צווישן די אשכנזישע, נאָר אויך תימנער און ספרדישע אַרבעטער.

מיר באַמיען זיך צו שאַפן גינסטיקערע אַרבעטס־באַדינגונגען. צו דעם צוועק גרינדן מיר, ווו ס'איז נאָר מעגלעך גרופּעס, ד. ה. אַרבעטער־אַרטעלן. די אַרטעל אַליין אָן דער פאַרמיטלונג פונם אונטערנעמער נעמט אָן די אַרבעט, טיילט צווישן די חברים גלייך אויף גלייך דעם רווח. אַזעלכע גרופּן, למשל, האָבן מיר געגרינדעט אין יפו אויף צו גלייכן דעם באָדן פאַר געביידעס.

מיר האָבן נישט נאָר פאַרטיילט די פאַרהאַנענע אַרבעטס־פּלעצער, דאָס אַרבעטס־ביוראָ האָט זיך אויך באַמיט צו שאַפן נייע, צו מאַכן פּאָפּולער דעם געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט פון יידישע אַרבעטער. מיר האָבן פונאַנדערגעשיקט צו אַלע איינצעלנע קאָלאָניסטן און אַלע יהודהער קאָלאָניעס בריוו, און וועלכע מיר האָבן זיי פאַרגעלייגט יידישע אַרבעטער. די בריוו האָבן געהאַט אַ טיילווייזן דערפאָלג. מיט ענלעכע בריוו האָבן מיר זיך געווענדט אויך צו שטאָטישע אינטערנעמער.

די לעצטע צייט האָבן מיר דורכגעפירט אַן אַנקעטע צווישן די יפוער באַלעבאַטים וועגן דער מעגלעכקייט איינצואָרדנען אַ געוויסע צאָל יידישע (אשכנזישע) מיידלעך אַלס קעכינס, דינסטן אָדער באָנעס.

מיר האָבן אויך פאַראַנלאַסט די היגע מעדיציניש געזעלשאַפט אויסצואַרבעטן ספּעציעלע אינסטרוקציעס פאַר איינוואַנדערער, די אינסטרוקציעס דרוקן מיר אין יידיש און העברעיש.

הגם די באַלקאַן־מלחמה האָט אַרויסגערופן אין גאַנץ טערקיי אַ שרעקלעכן עקאָנאָמישן קריזיס, דאָך זעען מיר פון די אויבן־דערמאַנטע ציפערן, אַז די איינוואַנדערונג קיין ארץ ישראל האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אינגאַנצן. אפילו די אומגינסטיקע פאַרגאַנגענע צייט האָט דייטלעך באַוויזן, אַז עס איז דאָ אַ באַדערפעניש סיי אין אינערלעכער אַזוי אויך אין אויסערלעכער רעגולירונג פון אַרבעטס־מאַרק, און פאַרשפּרייטן פון ריכטיקע מאַניפעסטאַציעס. די גרינדונג פון אונזער אַרבעטס־ביוראָ האָט פאַרענטפערט אַ לעבעדיקע באַדערפעניש פאַר יידישן לאַנד און פון די יידישע אַרבעטער.

פאַר דאָס אַרבעטס־ביוראָ
אפרים בלומענפעלד.

## פון דער וועלט־באַוועגונג.

(לויט דעם דין־וחשבון פון דעם ווינער פאַרבאַנדס־סעקרעטאַריאַט אין מאַי, 1913.)

די טעג קומט פאַר אין יפו די IX קאָנפערענץ פון אונזער פאַלעסטינער לאַנדעס־פּאַרטיי מיט פאָלגענדיקן טאָג־אָרדנונג: 1) באַריכטן; 2) האחדות; 3) די פראַגן פון ישוב: א) קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס, ב) קבוצות, ג) אַרבעטער־קאָלאָניעס, ד) די תּמנים, ה) באַציונג צו די אַראַבער; 4) דער צושטאַנד פון דער מדינה: א) די איצטיקע סיטואַציע, ב) די אַראַבער־פראַגע, ג) דער סאָציאַליזם אין טערקיי, ד) אינטערנאַציאָנאַל; 5) באַהיטונג און זעלבסטשוץ; 6) אַלוועלטלעכע קאָנפערענץ און קאָנגרעס: א) לשכּת העבודה, ב) פּ. אַ. פ., ג) פאַרבאַנדס־ביוראָ, ד) אונזערע פאָדערונגען צום קאָנגרעס; 7) וואַלן. מיט איין וואָרט, אונזערע פּאַלעסטינער חברים שטייען איצט פאַר דער אַנטשיידונג פון זייער וויכטיקע פּראָבלעמען פאַר דער ווייטערדיקער טעטיקייט פון אונזער אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד און מיר האָפן, אַז זיי וועלן געפינען אַ ריכטיקע לעזונג פון דער אָנגערייפטער פראַגע. מיר ווילן זיי דערפאַר ווינטשן, אַז פרוכטבאַר זאָל זיין זייער אַרבעט.

פריילעכע ידיעות קומען פון אונזער רוסלענדישער לאַנדעס־פּאַרטיי. אין גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן צו באַמערקן אַ געוויסע אויפלעבונג פון דער געזעלשאַפטלעכער שטימונג, וועלכע איז אַזוי פיל יאָרן געהאַלטן געוואָרן פון דער בלוטיקער צאַרישער רעגירונג אין אייזערנע קייטן געשמידט. די רוסישע אַרבעטער־מאַסן האָבן ווידער אָנגעהויבן פירן זייער באַפרייונגס־קאַמף און אויך אין די רייען פון אונזערע רוסלענדער חברים איז אַ נייער שטראָם ענערגיע און מוט אַריינגע

פלאַסן. שנעל און ענערגיש האָבן זיי זיך גענומען צו דער אָרגאַניזירונגס-טעטיקייט, עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ צ. ק., וועלכער האָט שוין אַרויסגעלאָזט דאָס באַגייסטע אינפאָרמאַציאָנס-בלעטל, אַן אויפרוף צו זיין אויסלענדישער ליגע און אַ מאַי-אויפרוף. עס ווערן אויפגעשטעלט די פאַרבינדונגען מיט די אָרטס-גרופן, עס ווערן פאַרפעסטיקט די. דורך אַרעסטן רויוינירטע אָרגאַניזאַציעס און עס ווערט געפירט אַן איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציאָנס-טעטיקייט. איבערהויפּט אַנטוויקלט זיך שטאַרק זייער טעטיקייט אין ליטע און, ווי עס ווערט אָנגעוויזן אין אינפאָרמאַציאָנס-בלעטל נר. 5 פון דעם ליטווישן ר. ק., האָט זיך פאַר אונזער טעטיקייט געשאַפן אַ גאַנץ גרויסע מעגלעכקייט אין אַ גאַנצער ריי שטעט און נייע פונקטן. זאָגאַר אויך פון דרום-מערבקאַנט, וועלכער האָט אַזוי לאַנג „גערוט", האָבן זיך דערהערט פרישע לעבנססימנים.

די אויפלעבונג פון דער רוסלענדער פאַרטיי האָט פאַר אונזער גאַנצן פאַרבאַנד אַ זייער גרויסע באַדייטונג און וויכטיקייט, ווייל שוין נישט רעדנדיק דערפון, וואָס דאָרטן איז די גרעסטע צאָל יידישע אַרבעטער-מאַסן און עס איז דערום זייער וויכטיק דאָרט צו פירן אונזער פראָפּאַגאַנדע אין אַ ברייטן מאַסשטאַב, שפּילט רוסלאַנד פאַר אונז אַ גרויסע ראָלע, ווייל כמעט נאָר פון דאָרט האָט זיך ביז איצט געשעפּט דאָס מענטשן-מאַטעריאַל, וואָס איז געגאַנגען אויפן וועג פון אונזער אידעאַלן-פאַרווירקלעכונג, נאָר אונזערע רוסישע חברים זענען אימשטאַנד צו שאַפן פון זייערע רייען דעם עמיגראַנטן-שטראָם קיין פּאַלעסטינע און זעטיקן אויף דעם אופן דעם דאָרטיקן מאַנגל אין יידישע אַרבעטער-הענט. עס ליגט דערום אַ חוב אויף אַלע אונזערע לאַנדעס-פאַרטייען אונטערצושטיצן דאָס אַרויסטרעטן פון אונזער רוסלענדער פאַרטיי, וועלכע זעט די גרעסטע איצטיקע אויפגאַבע אירע אין דעם שאַפן אַ פּעריאָדישע פּרעסע. מיר רעכענען, אַז די חברים פון אַנדערע לענדער וואָלטן זיך אויך געקענט מיט דעם בלאַט פון אונזערע רוסישע חברים באַנוצן, און מיר רופן אייך, חברים, צו זיין בייהילפיק אין דעם שאַפן אַ מאַטעריעלן פאָנד פאַר דעם אָרגאַן.

אונזערע אַ מ ע ר י ק אַ נ ע ר חברים האָבן אין דער צייט דורכגעפירט אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע-אַקציע פאַרן „האחדות". דער חבר ז ר ב ב ל האָט באַזוכט פיל שטעט אין אַמעריקע און זיינע רעפעראַטן וועגן דעם נייעם פּאַלעסטינע און דער ייד. סאָצ.-דעמ. אין דעם לאַנד האָבן געהאַט אין אַמעריקע אַ געוואַלטיקן דערפאָלג און געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק, דאָס זאָגאַר די אָפיציעלע סאָציאַליסטישע קרייזן האָבן געפונען פאַר נייטיק איינצולאַדן דעם ח' ז ר ב ב ל אויף אַ מיטינג פון די שטרייקנדע שניידער אין ניו-יאָרק און מיט אַ גאַנצער פּאָמפּע האָבן זיי פאָרגעשטעלט דעם פיל טויזנט קעפּיקן המון דעם חבר ז ר ב ב ל. שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס דער אַגיטאַציאָנס-טור האָט געשאַפן אַן עקזיסטענץ-מעגלעכקייט פון „האחדות" און אַריינגעבראַכט אויפן אחדות-פאָנד קרוב 1500 דאָלאַר, האָט זי אויך געשאַפן זייער אַ גוטע שטימונג פאַר אונזער אידעען-

פאַרשפּרייטונג און די אַמעריקאַנער חברים האָבן פאַרשטאַנען אויסצונוצן דעם מאָמענט מיט דעם אָרגאַניזאַציאָנס-טור פון חבר ערענרייך (סעקרעטאַר פון צ. ק.), וועלכער האָט אויך געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. בכלל באַמערקט זיך אין אַמעריקע אַ באַדייטנדער צוּוואַקס פון דער חברים-צאָל און אַ פאַרשטאַרקונג פון די פּאָזיציעס, וואָס אונזערע חברים האָבן פאַרנומען.

אויך אין ענגלאַנד איז געווען ח' זרובבל און אויך דאָ האָט ער מיט זיינע רעפעראַטן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. ער האָט באַזוכט די שטעט: לאָנדאָן, מאַנשעסטער, ליעדז, גלאַזגאָ און עדינבורג, ווו עס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן גרויסע מאַסן-פאַרזאַמלונגען.

מיר קענען אָנווייזן, אַז אונזערע חברים אין בעלגיע זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער צום אַלגעמיינעם שטרייק, וואָס איז איצט דאָרט פאָרגעקומען און האָבן געוועקט אַלע אַנדערע יידישע פּאַרטייען צו דער טעטיקייט, זיי האָבן אַ סך אויפגעטון, אַריינציענדיק די יידישע אַרבעטער אין די סינדיקאַטן פון דער בעלגישער אַרבעטערשאַפט.

אַזוי זעען מיר איבעראַל אַ באַלעבונג אין אונזער באַוועגונג, אומעטום פאַרפעסטיקן זיך אונזערע לאַנדעס-פּאַרטייען און נעמען אָן אַלץ ברייטערע אַנטוויקלונגס-פאָרמען. אַלץ גרעסערע פאָרשריטן מאַכט אונזער אידעע און עס שטאַרקט זיך אונזער איינפלוס אין דער יידישער גאַס. די פּאָר געבראַכטע דאַטן ווייזן קלאָר, אַז מיר מעגן פריי און מיט בטחון אין דער צוקונפט קוקן און מיט מוט און אויסדויער אונזער וועג ווייטער גיין.

# פועלי־ציון וועגן פוילישן באָיקאָט.

## רעזאָלוציע פון דער VI־טער רוסלענדישער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין קראָקע, אויגוסט 1913.

1) די קאָנפערענץ רופט אַלע לעבעדיקע עלעמענטן פון יידישן פאָלק צום קאַמף קעגן דער ווילדער באָיקאָט־באַוועגונג אין פוילן, וואָס סמט די באַציונגען צווישן צוויי פעלקער, פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון דער רוסישער רעאַקציע אין לאַנד און פאַר־טונקלט דעם קלאַסן־באַוווסטזיין פון פּראָלעטאַריאַט.

באַזונדערס דריקט זי אויס איר עקל און פאַראַכטונג צו די באָיקאָטיסטן, וואָס באַנוצן זיך צוליב זייער באָיקאָט אויך מיט אַזעלכע מיטלען, ווי אונטערצינדן, פּאָגראָ־מען, גירושים אויס די דערפער און געזעצלעכע באַשרענקונגען.

זי פּראָטעסטירט קעגן דעם שענדלעכן פאַרהאַלטן זיך פון דער יידישער גרויס־בורזשואַזיע, וואָס אונטערשטיצט דעם באָיקאָט סיי אַקטיוו, דורך אַרויסשטויסונג פון יידישע אַרבעטער, סיי פּאַסיוו דורך איר פולשטענדיקער אומטעטיקייט.

זי דריקט אויס איר שטאַרקע אומצופרידנקייט מיט דער טאַקטיק פון די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען; באַזונדערס פּ. ס. ד., וואָס פאַרנאַכלעסיקן זייערע פליכטן בנוגע דער באָיקאָט־באַוועגונג, וועלכע באַהערשט די מוחות און די האַנדלונגען פון דעם פוילישן פּראָלעטאַריאַט.

2) נעמענדיק אין באַטראַכט,

אַז דער באָיקאָט אין פוילן רופט זיך שטאַרק אָפּ אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון יידישן אַרבעטער, פאַרקלענערנדיק זיין אַרבעטס־פּלאַץ אין דער פּראָדוקציע,

אַז דער באָיקאָט ווערט אויך געוויסערמאַסן באַנוצט דורך יידישע אונטערנעמער, כדי צו פאַרערגערן די אַרבעטס־באַדינגונגען פון די יידישע אַרבעטער,

אַז די גלייכגילטיקייט און אומטעטיקייט פונם אָרגאַניזירטן יידישן פּראָלעטאַריאַט קאָן נאָך מער פאַרערגערן די לאַגע, —

שלאָגט פאָר די קאָנפערענץ די חברים אין פוילן צו קעמפן קעגן דער אַרבעטס־לאָזיקייט, וואָס ווערט געשאַפן צוליב דעם באָיקאָט, מיט אַלע מיטלען, חאָטש געפינענ זיך בהסכם מיט די פּראָלעטאַרישע פּרינציפּן.

אַלס איינע פון די נאָענטסטע אויפגאַבן אין קאַמף קעגן די פאָלגן פונם באָי־קאָט, באַטראַכט די קאָנפערענץ די שאַפונג פון די אַרבעטער־אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָען־וואָס זאָלן זיך געפינען אונטער דעם איינפלוס און קאָנטראָל פון דער יידישער אָרגאַ־ניזירטער אַרבעטערשאַפט; די פאָרלאַנגט פון די יידישע קהלות, אַז זיי זאָלן פינאַנציעל אונטערשטיצן דיזאָזיקע ביוראָס.

3) די קאָנפערענץ פאָרלאַנגט, אַז די יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט זאָל ברייט און ענערגיש אָנווענדן דאָס מיטל פון באָיקאָט קעגן יידישע באַלעבאַטים, וואָס פאַרבייטן זייערע יידישע אַרבעטער מיט נישט־יידישע; יעדע באָיקאָט־דערקלערונג דאַרף אָבער באַשטעטיקט ווערן דורך אונזערע פּאַרטייאישע צענטראַל־אינסטאַנצן.

די קאָנפערענץ דערקלערט, אַז אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָבן דאָס פולע רעכט צו באַטראַכטן אַלס שטרייק־ברעכער און שטערן די שטרייקן פון יענע נישט־יידישע אַרבע־טער, וואָס העלפן מיט סיי אַקטיוו, סיי פּאַסיוו דער אַרויסשטופונג פון יידישע אַרבע־טער.

4) די קאָנפערענץ מאַכט אויפמערקזאַם די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַז זייער נעגאַטיווע באַציונג צו די נאַציאָנאַלע באַדערפענישן פון יידישן פּראָלעטאַר־יאַט גרייט צו צווישן דער פוילישער אַרבעטערשאַפט אַ גינסטיקן באָדן פאַר דער באָי־קאָט־אַגיטאַציע.

5) די VI פּאַרטיי־קאָנפערענץ שלאָגט פאָר דער IV קאָנפערענץ פון אַלוועלט־לעכן ייד. סאָצ. אַרב.־פאַרבאַנד זיך ווענדן צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביו־ראָ מיט אַ גענויעם מעמאָראַנדום וועגן דער באָיקאָט־באַוועגונג אין פוילן און וועגן נישט גענוג אַקטיווער באַציונג פון די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

די VI קאָנפערענץ שלאָגט פאַר דער IV אַלוו. קאָנפערענץ אַרויסגעבן צו אונזע־רע ברודער־פּאַרטייען די פּאַראָלע — אָרגאַניזירן אַ ברייטע פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן פוי־לישן באָיקאָט.

כאָטש די פולשטענדיקע לעזונג פון יידישן אַרבעטער־פּראָבלעם אין פוילן, ווי אויך בכלל אין דער גאַנצער וועלט ליגט אין דער פאַרענטפערונג פון יידישן עמי־גראַציאָנס־פּראָבלעם און שאַפונג פון אַ נאָרמאַלן יידישן צענטר אין פּאַלעסטינע, דאָך געפינט די קאָנפערענץ, אַז דורך אַן ענערגישן קאַמף אויף די ערטער קען די יידישע אַרבעטער־לאַגע ממשותדיק פאַרבעסערט ווערן און עס קענען באַשרענקט ווערן די שעד־לעכע ווירקונגען פון פוילישן באָיקאָט און ענלעכע דערשיינונגען.

# רעזאָלוציעס פון דער קאָנפערענץ פון דער יידישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי („פּועלי-ציון") אין רוסלאַנד.

מאָסקווע, 4-10 אַפּריל 1917.

אויף דער קאָנפערענץ זענען געווען דעלעגאַטן פון: וולאַדימיר, וואָראָניעזש, יעקאַטערינאָסלאַוו, האָמעל, אירקוטסק, קיעוו, קרעמענטשוג, קלענצי, מאַריופּאָל, מינסק, מאָסקווע, פּעטראָגראַד, פּאָלטאַווע, ראָסטאָוו נ.ד., סאַראַטאָוו, סאַמאַרע, סמאָלענסק, ספּאַסק, סוראַזש, טיפליס, כאַרקאָוו, כאָראָל, טשערניגאָוו, יאַראָסלאַוול, אָדעס, באָברויסק, באָבראָוויטש. פון זיי 43 מיט שטים-רעכט און 24 מיט באַראַטונגס-רעכט.

## I. די באַציונג צו דער צייטווייליקער רעגירונג.

נעמענדיק אין באַטראַכט: א) אַז דער אַלטער רעזשים איז געשטירצט געוואָרן דורכן רעוואָלוציאָנערן דראַנג פונם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע נאַציאָנען, וואָס באַפעלקערן רוסלאַנד, בײַ דער אַקטיווער אונטערשטיצונג פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי;

ב) אַז די ליבעראַלע בורזשואַזיע איז צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציע, ווען ס'איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז די זעלבסטהערשונג פאַלט און די מאַכט גייט איבער אין די הענט פון פאָלק;

ג) אַז די צייטווייליקע רעגירונג, וועלכע שפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער אָרגאַניזירונג פון רוסלאַנד, האָט זיך געשטעלט אויפן דעמאָקראַטישן וועג בלויז אונטער דער ווירקונג און דרוק פונם אַרבעטער-און סאָלדאַטן-ראַט — געפינט פאַר מעגלעך די קאָנפערענץ צו אונטערשטיצן די צייטווייליקע רעגירונג, ווי לאַנג זי וועט דערפילן אַלע פאַרפליכטונגען, וואָס זי האָט גענומען אויף זיך. צוליב דעם איז נייטיק

אַ שטענדיקע קאָנטראָל מצד דער דעמאָקראַטיע איבער דער רעגירונג און אירע אָרטי־קע אָרגאַנען, כדי זי צו טרייבן: 1) צום ענערגישן קאַמף קעגן די קאָנטר־רעוואָלוציאָ־נערע קרעפטן פונעם אַלטן רעזשים, 2) פולקאָם דעמאָקראַטיזירן דאָס לאַנד און איבער־בויען דאָס לעבן פון אַלע נאַציאָנען, וואָס באַפעלקערן עס, אויף די יסודות פון נאַ־ציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג און אויטאָנאָמיע, 3) דערגרייכן אַן אַלגעמיינע זעלבסט־באַשטימונג פון אַלע פעלקער.

## II. די באַציונג צו דער מלחמה.

באַשטעטיקנדיק די פּאָזיציע, וואָס די פּאַרטיי האָט פאַרנומען אין דער פראַגע פונעם אַלוועלטלעכן קריג, אויף די באַראַטונגען אין פינסק (מערץ, 1915 יאָר) און אין מאָסקווע (מאַי, 1916 יאָר), רעכנט די קאָנפערענץ, אַז אין די אינטערעסן פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, ווי אויך אין די אינטערעסן פונעם פולשטענדיקן זיג פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע, איז נייטיק וואָס גיכער צו שליסן אַ שלום אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס אויפן גרונט פון זעלבסטבאַשטימונג פון די נאַציאָנען, וואָס באַפעלקערן די טעריטאָריעס.

דעם יידישן פאָלק דאַרפן געזיכערט ווערן די בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט אין אַלע לענדער און אויך די פרייהייט פון אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אין פּאַ־לעסטינע.

## III. דער 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג.

אָנערקענענדיק, אַז בלויז די ברייטע סאָציאַלע געזעצגעבונג, אָרגאַניזירנדיק אַרום דער רעוואָלוציע די ברייטע דעמאָקראַטישע פאָלקס־שיכטן, איז פעיק צו זיכערן אַ זיגרייכע פאַרענדיקונג פון דער רעוואָלוציע אין די אינטערעסן פון די אַרבעטער־מאַסן, שטייט־צו די קאָנפערענץ צו די באַשלוסן פון דער באַראַטונג פונעם ראַט פון די אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־דעפּוטאַטן אין דער הינזיכט פון די סאָציאַלע און עקאָנאָמי־שע פאָדערונגען. אין איצטיקן מאָמענט לייגט פאַר די קאָנפערענץ די חברים, רעכע־נענדיק זיך מיט דער באַזונדערער פּאַרינטערעסירונג פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועל־כער איז קאָנצענטרירט איבערהויפּט אין דער קליין־אינדוסטריע און אין האַנדווערק, אַז עס זאָלן געזעצגעבעריש דורכגעפירט ווערן דער 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג און אַנדערע סאָציאַלע רעפאָרמען אינעם גאַנצן לאַנד, — תיכף צוצוטרעטן אויף די ערטער צו דעם ענערגישן אָרגאַניזירטן קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די פּאָ־דערונגען.

## IV. אונזערע נאציאנאלע פאדערונגען.

### י. נאציאנאל-פאליטישע אויטאנאמיע.

ארויסגייענדיק פון דעם, אז די קלאסן-אינטערעסן פון דעם יידישן פראלעטאריאט שטעלן פאר אים פאזיטיווע אויפגאבן אויסצובויען א נאציאנאל לעבן אויף אויטאנאמע און דעמאקראטישע יסודות, און זיי פאדערן די אפשוואכונג פון די נאציאנאלע קאנפליקטן, געפינט די קאנפערענץ, אז כדי צו פארטיידיקן די אינטערעסן פון יידישן פאלק אלס א נאציאנאלע מינדערהייט, איז נייטיק די נאציאנאל-פאליטישע אויטאנאמיע, וועלכע זאל געבויט זיין לויט דעם פערסאנאלן פרינציפ מיט א ברייטער קאמפעטענץ אין פאלגנדע געביטן:

א) סאציאל-עקאנאמישן (טעכנישע און פראפעסיאנעלע בילדונג, ארבעטס-און עמיגראציאנס-אנשטאלטן), ב) געזעלשאפטלעכע השגחה (שפיטאלן, אמבולאטאריעס א. א. וו.), ג) קולטורעלן (פאלקס-בילדונג און דערציונג, מיטל-שול און הויכשול-בילדונג, בילדונג אויסער דער שולע, ביבליאטעקן, מוזעומס, טעאטערן א. א וו.) — מיטן רעכט צו רעפרעזענטירן דאס יידישע פאלק אין אלגעמיינע מלוכה-אינסטיטוטן, ראיאן-ארגאנען און ארגאנען פון ארטיקער זעלבסט-פארוואלטונג.

דער בודזשעט פון די אינסטיטוטן פון דער נאציאנאלער אויטאנאמיע שטעלט זיך צונויף פון מלוכה-מיטלען, געגנטס-מוניציפאלע און פראגרעסיווע הכנסות-באשטייערונגען פון פערזאנען, וועלכע געהערן צו דער נאציאנאליטעט.

די געזעצגעבנדע פעסטשטעלונג פון דער נאציאנאל-פאליטישער אויטאנאמיע אין דער קאנסטיטוציע פון דער רוסלענדישער דעמאקראטישער רעפובליק געהערט דער אלרוסלענדישער גרינדונגס-פארזאמלונג, וועלכער עס דארף צוגעשטעלט ווערן די דאזיקע פאדערונג דורך דעם ארגאניזירטן פראלעטאריאט פון אלע נאציאנען פונם גאנצן לאנד.

### די יידישע גרינדונגס-פארזאמלונג.

באלד נאכדעם, ווי די רוסלענדישע גרינדונגס-פארזאמלונג אנערקענט פאר די נאציאנאלע מינדערהייטן דאס רעכט אויף נאציאנאל-פאליטישער אויטאנאמיע, דארף צונויפגערופן ווערן א יידישע גרינדונגס-פארזאמלונג, כדי פעסטצושטעלן די פארם פון ארגאניזאציע און דעם אינהאלט פון דער יידישער נאציאנאל-פאליטישער אויטאנאמיע.

## 3. וועגן פעדעראַציע.

אָנערקענענדיק, אַז דאָס פרייע רוסלאַנד איז מעגלעך נאָר אויפן גרונד פון דעצענטראַליזאַציע, געפינט די קאָנפערענץ פאַר נויטיק פעסטצושטעלן די נויטיקייט פון דער ברייטער געגנטס־אויטאָנאָמיע באַ דעם איינצייטיקן פאַרזיכערן אין דער אַלגעמיינער מלוכה־אָרדנונג די רעכטן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן דורך: א) גאַראַנטירן די גלייכבאַרעכטיקונג פון נאַציאָנאַלע שפּראַכן אין די געגנטן מיט אַ געמישטן נאַציאָנאַלן באַשטאַנד אין אַלע עפנטלעך־רעכטלעכע אָרגאַנען, ב) פעסטשטעלן דאָס וואַל־סיסטעם אין די אַלגעמיין־מלוכה־אויטאָנאָמיע־, געגנטס־ און אָרטיקע פאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען אויפן גרונט פון פּראָפּאָרציאָנעלער פאָרשטייערשאַפט.

## 4. וועגן אַלרוסלענדישן יידישן קאָנגרעס.

נעמענדיק אין אַכט, אַז דער רוסלענדישער יידישער קאָנגרעס, וואָס זיין צונויפרופונג מערקט זיך אָן אין דער איצטיקער צייט, וועט האָבן אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער יידישער דעמאָקראַטיע און פאַר דער פּאָליטישער זעלבסטבאַשטימונג פון דעם רוסלענדישן יידנטום, פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אַ נאַציאָנאַלער איינריכטונג צוליב דעם קאַמף פאַר די נאַציאָנאַלע רעכטן פונם יידישן פאָלק, רעכנט די קאָנפערענץ, אַז פאַר דער פּאַרטיי איז נייטיק זיך צו באַטייליקן אין קאָנגרעס און אין דער פאָרוואַל־קאַמפּאַניע אויף פאָלגנדע באַדינגונגען: דער קאָנגרעס דאַרף צונויפגערופן ווערן אויפן יסוד פון אַלגעמיינעם גלייכן דירעקטן און געהיימען וואַל־רעכט מיט פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרטרעטונג אָן אונטערשיד פון געשלעכט און מיט אַ פריער באַשטימטער טאָג־אָרדנונג.

די טאָג־אָרדנונג דאַרף זיין פאָלגנדע:

1) אונזערע פאָדערונגען אין רוסלאַנד:

א) די געזעצגעבנדע אָנערקענונג פון דער יידישער קהילה אויפן גרונט פון דעמאָקראַטיזאַציע און וועלטלעכקייט. ב) די פאַרווירקלעכונג פון בירגערלעכער און נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר דעם יידישן פאָלק. ג) די געזעצגעבנדע פאַרזיכערונג פון בירגערלעכער און נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג אין אַלע זעלבסטפאַרוואַלטענדע געגנטן אין רוסלאַנד.

2) אונזערע אַלוועלטלעכע פאָדערונגען:

א) אונטערשטיצן דעם קאַמף פאַר בירגערלעכער און נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג פון דעם יידישן פאָלק אין אַלע לענדער. ב). די פרייהייט פון עמיגראַציע אין

אַלע לענדער און ג) די פרייהייט פון אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע.

## V. וועגן דער קהילה.

I. נעמענדיק אין אַכט, 1) אַז די היינטיקע יידישע קהילה צוליב: א) דעם פעלן פון יסודות פון צוואַנגס-סיסטעם, ב) דער אַנטידעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, ג) שמאָל קאָנפעסיאָנעלן כאַראַקטער, ד) דער באַגרענעצטער קאָמפּעטענץ און ה) נישט באַפרידיקנדן שטייער-סיסטעם, וועלכער פאַרענטפערט נישט די פאָלקס-נויטן, דינט אין איצטיקן מאָמענט אַלס אַן ערנסטע שטערונג אויפן וועג פון איבערבויען דאָס נאַציאָנאַלע לעבן, 2) אַז די רעאָרגאַניזירטע קהילה דאַרף ווערן דאָס גרונט-קערנדל פון נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, — אַנערקענט די קאָנפערענץ פאַר נייטיק די באַלדיקע רעאָרגאַניזירונג פון דער קהילה אויף די יסודות: 1) פון אַלגעמיינעם, גלייכן, דירעקטן און געהיימען וואַל-רעכט אָן אונטערשייד פון געשלעכט מיט אַ פּראָפּאָרציאָנעלער פאָרשטייערשאַפט, 2) נישט קיין קאָנפעסיאָנעלן כאַראַקטער, 3) אויפבויונג פונם בודזשעט אויף א) די מיטלען פון די מלוכה און אָרטיקע זעלבסטפאַרוואַלטונגען, ב) פּראָגרעסיווער הכנסה-באַשטייערונג פון אירע מיטגלידער.

## II. די קאָנפערענץ לייגט פאָר די חברים:

1) תיכף צוטרעטן אויף די ערטער צו דער אָרגאַניזירונג פון דער קהילה אויף דעמאָקראַטישע יסודות, אַריינגייענדיק אין אונטערהאַנדלונגען מיט פּאָליטישע גרופּן און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס וועגן בילדן צייטווייליקע קהילה-קאָמיטעטן, וועלכע דאַרפן זיך שטעלן דעם ציל דורכצופירן די וואַלן צום אַלרוסלענדישן יידישן קאָנגרעס; 2) כדי צו דערגרייכן אַ גענוגנדע פאָרשטייערשאַפט פון אַרבעטער-קלאַס אין די צייטווייליקע קהילה-קאָמיטעטן און כדי דורכצופירן די גרעסטע צאָל סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע קאַנדידאַטן באַ די וואַלן אין קהילה-ראַט, דריקט אויס די קאָנפערענץ דעם ווונטש, אַז אַלע יידיש-סאָציאַליסטישע פאַרטייען זאָלן אַרבעטן אייניגעם אויף די ערטער און צוציען צו דער אַרבעט די ברייטע דעמאָקראַטישע קרייזן; 3) די צייטווייליקע יידישע קהילה-קאָמיטעטן, וועלכע זענען געבילדעט אויף די אויבנדערמאַנטע יסודות, דאַרפן נישט רעפּרעזענטירן דאָס יידישע פאָלק פאַר דער אויסערלעכער וועלט. שאַרף אונטערשיידנדיק די באַגריפן פון די אַזוי גערופענע פלענומען — די ראַטן פון די פאַרייניקטע יידישע אָרגאַניזאַציעס — פון די צייטווייליקע קהילה-קאָמיטעטן, רעכנט די קאָנפערענץ, אַז ס'איז אוממעגלעך, אַז די חברים זאָלן זיך באַטייליקן אין די פלענומען

און אנדערע אָרגאַנען, וועלכע גייען אַרויס פון די ראַמען פון דער אָנגעוויזענער קאָמ־פעטענץ פון די צייטווייליקע קהילה־קאָמיטעטן.

## VI. וועגן פּאַלעסטינע־אַרבעט.

1) שטייענדיק פעסט אויפן שטאַנדפּונקט פון דער פּאַלעסטינישער פאַרענטפערונג פון דעם יידישן טעריטאָריאַלן פּראָבלעם,

2) געפינענדיק אין די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּערספּעקטיוון, וועלכע עפע־נען זיך, גינסטיקע באַדינגונגען פאַר דער פּאַלעסטינישער אימיגראַציע און קאָלאָני־זאַציע.

3) אָפּשאַצנדיק דעם וואוקס פון די שעפערישע כוחות פון יידישן פּראָלעטאַ־ריאַט אין צוזאַמענהאַנג מיטן זיג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און דער איבער־בויונג פונם לעבן פון די איראָפּעישע פעלקער אויף דעמאָקראַטישע יסודות, —

רופט די קאָנפערענץ אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער, צו

א) פירן אַן ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע פאַר איינוואָרצלען אין באַוווסטזיין פון יידישן פּראָלעטאַריאַט די באַדייטונג און וויכטיקייט פון דער אַנטוויקלונג פונם פּאַלעס־טינע־צענטער פאַר דער פאַרענטפערונג פון דעם יידישן טעריטאָריאַלן פּראָבלעם און פירן אַן אַגיטאַציע פאַר דער פאָדערונג פון פרייער אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע;

ב) ברייט פּאָפּולאַריזירן די אידעע פון פּאַלעסטינער אַרבעטער־פאָנד, אָרגאַ־ניזירן קאָמיטעטן אויף די ערטער און ענערגיש פאַרשטאַרקן זייגע מיטלען;

ג) פאַרבאַרייטן לויט די אָנווייזונגען פון צ. ק. ספּעציעלע אַרבעטער־איינריכ־טונגען, ווי: אַן אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ א. א. וו., בויטוועגדיקע צום מאָמענט פון דער מלחמה־ליקווידירונג, און באַנייען די נאָרמאַלע באַציונגען מיט פּאַלעסטינע.

די קאָנפערענץ רעכנט פאַר וויכטיק זיך צו ווענדן צום ביוראָ פון אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד פון „פּועלי־ציון" אין האַאַג מיט אַ פאָרשלאַג צונויפצורופן אַ צוזאַמענפאָר פון אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד, כדי צו קאָנקרעטיזירן די אויפגאַבן פון דער פּאַלעסטינע־אַרבעט.

אַרויסגייענדיק פון דער זעלבשטענדיקייט און קלאַסן־כאַראַקטער פון דער פּאַ־לעסטינע־אַרבעט, באַשטעטיקט די קאָנפערענץ דעם באַשלוס פון דער ווינער (1909 סעפּ־טעמבער) און קראָקעווער (1909 אויגוסט) קאָנפערענצן וועגן דעם, אַז די פּאַרטיי דאַרף זיך נישט באַטייליקן אינם ציוניסטישן קאָנגרעס.

## VII. די באַציונג צו דער רוסלענדישער ס.ד. אַרב. פאַרטיי און צו די רוסל. סאָצ. פאַרטייען.

אַרויסגייענדיק פון דעם: א) אַז די לעצטע געשעענישן האָבן פאַרניכטעט אַ באַדייטענדן טייל פון די מיינונגס-פאַרשידנקייטן, וועלכע האָבן עקזיסטירט צווישן די פאַרשידענע סאָצ. פאַרטייען אין רוסלאַנד, און ב) די נויטווענדיקייט פון אַ קלאַסנ-לער אַרבעט און אָנשטרענגונג פון קרעפטן, כדי צו פאַרפעסטיקן און אַנטוויקלען די דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע, שאַפן אַ באָדן פאַר אַ דערנענטערונג פון די גרופּן, מאַכנדיק די קאָאָרדינאַציאָנס-פראַגע אַקטועל — אונטערשטיצט די קאָנפערענץ דעם שטאַנדפונקט פון צ. ק., וועלכער זאָגט זיך אַרויס פאַרן לאָזונג „פעדעראַציע פון אַלע סאָצ. פאַרטייען אין רוסלאַנד".

דער באַשלוס דאַרף דורכגעפירט ווערן אויף אַלע געביטן, ווי דורך אַ הסכמה פון די צענטראַלע איינריכטונגען פון דער פאַרטיי, אַזוי אויך מיט דערנענטערונג אויף די ערטער, און באַזונדערס מוז דורכגעפירט ווערן געגנזייטיקע שטיצע אויפן באָדן פון דער טעגלעכער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, וועלכע דערנענטערט די אַקטיווע אַרבעטער פון דער פאַרטיי און דערנאָך די פאַרטייען גופא.

די קאָנפערענץ באַגריסט די פעטראָגראַדער אָרגאַניזאַציע פון דער פאַרטיי, וועלכע האָט געשאַפן אַ פאַראייניקט ביוראָ פון סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון אונטערדריקטע נאַציאָנען, אַלס ערשטן שריט צו דער פאַרשטענדיקונג פון די סאָציאַליסטישע רוסלענדישע פאַרטייען.

## VIII. די באַציונג צו די יידישע סאָצ. פאַרטייען.

נעמענדיק אין אַכט, אַז די גרונט-אויפגאַבן און די קאַמפּס-באַדינגונגען פונם ייד. אַרב.-קלאַס אין רוסלאַנד פאָדערן אומבאַדינגט אַן איינשטימיקע אַרבעט פון אַלע יידישע סאָציאַליסטישע כוחות, לייגט פאַר די קאָנפערענץ דעם צ. ק. צו דערגרייכן אַ פאַרשטענדיקונג מיט די צ. ק. פון די איבעריקע ייד. סאָצ. פאַרטייען, מיטן צוועק צו פאַראייניקן זייער אַלגעמיינע אַרבעט אויפן גרונט פון פעדעראַציע. די פעדעראַציע פון די יידישע סאָצ. פאַרטייען דאַרף זיך שטעלן אַלס ציל דעם אַלגעמיינעם קאַמף אין דער הינזיכט פון פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, וועלכע זענען איינע און די זעלבע פאַר אַלע פאַראייניקטע פאַרטייען.

אין פאַל פון פּראַקטישער אוממעגלעכקייט צו דערגרייכן אַ פעדעראַטיווע פאַראייניקונג, דאַרף דער צ. ק. זיך באַמיען צו דערגרייכן אַ סיסטעמאַטישע און פּלאַנמעסיקע

קאָאָרדיניִרונג פון דער אַרבעט פון די פּאַרטייען אויפן בזדן פון צענטראַלן אָפּמאַך וועגן באַזונדערע פראַגן אין דער גלוועלטלעכער ווירקלעכקייט.

## IX. פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג.

### דער אַלגעמיינער טייל.

אַזוי ווי די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט אַ קאָלאָסאַלע אָרגאַניזאַציאָנס-באַדייטונג און כדי אירע כוחות זאָלן נישט זיין צעשפּאָלטן,

1) דאַרפן די פּראָפ. פאַריינען בויען זיך אין וואָס מער ברייטערע ראַמען מיט אַן אינערלעכער איינטיילונג אויף סעקציעס, לויט די פאַכן און בראַנזשעס.

אין פּראָפעס. פאַריין גייען אַריין אַרבעטער פון דער פּראָפעסיע, אומאָפּהענגיק פון זייערע סאָציאַל-פּאָליטישע אָנשויונגען און זייער געהערן צו אַ פּאַרטיי.

3) אַרויסגייענדיק פון דעם, אַז די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון קלאַסן-קאַמף און באַשטייט אין דער פאַרטיידיקונג פון די עקאָנאָמישע אינטערעסן און אינם באַדינען די קולטורעלע נויטן פון זייערע מיטגלידער, געפינט די קאָנפערענץ, אַז צווישן דער פּראָפעסיאָנעלער און פּאָליטישער באַוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיין אַ שטענדיקער קאָנטאַקט, צו וואָס עס איז נויטיק, אַז אין צענטראַל-פאַרבאַנד פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון יעדער שטאָט און צענטראַלן אָרגאַן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פונם גאַנצן לאַנד זאָלן אַריינגיין פאָרשטייער פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

### נאַציאָנאַלע סעקציעס.

אין יעדן פּראָפ. פאַריין, אין צענטר. ביוראָ פון יעדער שטאָט און אין צענטראַלן פּראָפעסיאָנעלן אָרגאַן פונם גאַנצן לאַנד בילדן זיך נאַציאָנאַלע סעקציעס צו באַפרידיקן און באַדינען די נאַציאָנאַלע נויטן פאַר די מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון יעדער נאַציאָן.

### פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט פון דער פּאַרטיי.

1) כדי אָנצופירן די פּאַרטייאישע טעטיקייט אויפן געביט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג בילדעט זיך באַם צ. ק. אַ פּראָפעסיאָנעלע קאָמיסיע.

2) דעם צ. ק. ווערט איבערגעגעבן: א) אויסצואַרבעטן אַ נאָרמאַלן אוסטאַוו פון פּראָפעס. פאַריין אויף די אויבנדערמאַנטע יסודות. ב) אַרויסגעבן פּראָפּ. ליטע־ראַטור און ג) איינפירן אין צענטראַל־אָרגאַן אַן אָפּטיילונג, וועלכע זאָל זיין געווידמעט דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און באַ דער ערשטער מעגלעכקייט צוטרעטן אַרויסצוגעבן אַ פּראָפעס. אָרגאַן.

3) די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס לייגט זיך פאָר: א) בילדן קאָמיסיעס, ב) דער־שלאָגן זיך, אַז דער ראַט פון אַרב. און סאָלד. דעפּ. זאָל אָנערקענען דעם פּרינציפּ צו בילדן נאַציאָנאַלע סעקציעס באַ די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, לויט דער אָנגענומענער רעזאָלוציע, ג) נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די פּראָפּ. קאָמיסיעס באַם ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן.

# דערקלערונג פון דער דעלעגאַציע פון יידישן סאָציאַליסטישן אַרבע־טער־פאַרבאַנד „פועלי־ציון" צום האָלענדיש־סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט.

אין נאָמען פון די אַלע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע געהערן צום יידישן סאָצ. אַרבעטער־פאַרבאַנד „פּועלי־ציון", באַגריסן מיר אויפן האַרציקסטן אופן די געמיינזאַמע שלום־אַקציע פון דעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס און פונם האָלענדיש־סקאַנדינאַווישן קאָ־מיטעט, באַזונדערס באַגריסן מיר מיט פרייד יעדן שריט, וועלכער איז מסוגל צו דער־נענטערן די וועלט צו דעם הייס־באַגערטן שלום, וואָרים דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער איז אין קיין איינציקער מינוט פון די פאַרגאַנגענע קריגס־יאָרן, נישט קוקנדיק אויף די אַלע אַנטוישונגען, נישט שוואַך געוואָרן אין זיין אינטערנאַציאָ־נאַלער געזינונג און זיין גלויבן אין דער מענטשהייט, און די אידעע פון דער פעל־קער־פאַרברידערונג איז אַן אוראַלטער אידעאַל פון אונזער פאָלק. דאָס יידישע פאָלק, וועלכעס האָט ערובניקעס אין אַלע לענדער צוגלייך, קלערט נישט וועגן פאַרווירקלעכן זיינע נאַציאָנאַלע טענות דורך דעם כוח פון געווער. עס האָט דאָס באַוווסטזיין, אַז בלויז אין אַן אַטמאָספערע פון קעגנזייטיקער גוטפריינטשאַפט און פון אַ פרידלעכער צוזאַמענאַרבעט פון די פעלקער וועט עס זיך קענען אַנטוויקלען און שטרעבן צו זיינע נאַציאָנאַלע צילן.

די הויפּט-אויפֿגאַבע פֿון די פֿאָרשטייענדע באַראַטונגען זעען מיר דערין, אַז קעגן די קריגס-צילן פֿון די רעגירונגען זאָל מען אַרויסשטעלן דעם שלום-ווילן און די שלום-באַדינגונגען פֿון דעם ווידער-פֿאַראייניקטן וועלט-פּראָלעטאַריאַט און אָרגאַניזירן דעם קאַמף פֿאַרן שלום. די אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען, וואָס האָבן אויף זייער באַוווסטזיין דעם מוראדיקן פֿעלקער-מאָרד, זענען נישט אימשטאַנד איינצוהאַלטן די עלעמענטן פֿון פֿאַרניכטונג, וועלכע זיי האָבן צעלאָזט; נישט זיי האָבן די קראַפֿט צו שאַפֿן פֿאַר זייערע קריגס-צילן דעם זיג, נישט זיי האָבן דעם מוט זיך אָפּצוזאָגן פֿון זיי. די בלוטנדע מענטשהייט וואַרט אויף איר דערלייזער. דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט מוז באַקומען דאָס באַוואוסטזיין וועגן זיין היסטאָרישער מיסיע, אַריינצונעמען אין זיינע הענט דעם גורל פֿון די פֿעלקער און שאַפֿן מיט פֿאַראייניקטע קרעפֿטן אַ שלום, וועלכער זאָל אויסשליסן די געפֿאַר פֿון צוקונפֿטיקע מלחמות און גלייכמאַכן דעם וועג פֿאַר דער סאָציאַלער עמאַנציפּאַציע פֿון דער מענטשהייט. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט דערוואַרט, אַז אין די ראַמען פֿון די נאַציאָנאַלע פֿראַגן, וואָס דאַרפֿן באַהאַנדלט ווערן, וועט אָפּגעגעבן ווערן פֿאַר דער יידן-פֿראַגע דאָס אָרט, וואָס איר קומט.

קודם-כּל זאָל אונדז זיין דערלויבט אָנצווייזן אויף צוויי פֿאַקטן, וואָס לויט אונדזער מיינונג זענען זיי שטאַרק שולדיק דערין, וואָס בײַם אויסברוך פֿון קריג האָט זיך אָנגעהויבן דער קריזיס אינעם אינטערנאַציאָנאַל.

פֿון איין זייט איז אַ פֿאַקט, אַז אויטאָריטעטע גרופּעס פֿון אינטערנאַציאָנאַל האָבן געהאַט אַ קנאַפּע השגה וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע און האָבן זי סיסטעמאַטיש איגנאָרירט. דעריבער איז געשען, אַז טיילן פֿון אַרבעטער-קלאַס האָבן אין אַנטשיידנדן מאָמענט, ווען די קריגס-העצער האָבן צעהיצט די פּאַטריאָטישע ליידנשאַפֿטן, נישט געקענט אונטערשיידן צווישן דעם נאַציאָנאַליסטישן שאָוויניזם און דעם געזונטן קערן פֿון דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק, און האָבן זיך געלאָזט באַהערשן פֿון נאַציאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיעס. כּדי דער אינטערנאַציאָנאַל זאָל קענען דערפֿילן זיין הויכע מיסיע פֿון דער פֿעלקער-פֿאַרברידערונג, מוז ער זיך אָפּגעבן אַ דין-וחשבון וועגן די לעבנס-אינטערעסן פֿון די נאַציאָנען און ווערן דער פֿאַרטיידיקער פֿון אַלע אונטערדריקטע פֿעלקער. מיר טיילן די מיינונג פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין באָסניען און הערצעגאָווינע, אַז נישט די מלוכות, נאָר די פֿעלקער זאָל מען באַטראַכטן אַלס יסוד פֿון די אונטערהאַנדלונגען איבער דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, און אין דעם באַשטאַנד גופֿא פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַל זאָל דער מלוכה-פּרינציפּ, וואָס האָט דאָמינירט ביז אַהער, דערגענצט ווערן דורך דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, כּדי עס זאָל אין אים אויסגעדריקט ווערן אין אָרגאַניזאַטאָרישער הינזיכט די גלייכבאַרעכטיקונג פֿון אַלע פֿעלקער, נישט קוקנדיק אויף די מלוכה-געזעצן.

פֿון דער אַנדערער זייט איז דער אינטערנאַציאָנאַל ביז אַהער קיינמאָל נישט געווען מער, ווי אַ לויזע פֿאַרבינדונג פֿון די די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין די פֿאַרשידענע מלוכות. ער האָט לחלוטין נישט געהאַט אין זיין רשות די פּאַריי-

ניקטע מאַכט-מיטלען פון דער אינט. אַרבעטער-באַוועגונג. אָבער דער אינטערנאַציאָנאַל וועט בלויז דעמאָלט קענען מיט דערפאָלג אַרויסשטעלן די פעלקער-פאַרברידערנדע פּאָליטיק פון די רעגירונגען, ווען ער וועט ווערן דער העכסטער געזעצגעבנדער און עקזעקוטיווער אָרגאַן פון דעם אָרגאַניזירטן וועלט-פּראָלעטאַריאַט.

מיר באַגריסן דעם פאַקט, וואָס די אָנטיילנעמער פון דער פאַרשטייענדער שטאָקהאָלמער קאָנפערענץ האַלטן פאַר אַ תנאי קודם למעשה די פאַרפליכטונג, פעסט דורכצופירן זייערע באַשלוסן.

---

## אַלגעמיינע יסודות פון שלום.

מיר שטייען צו פולשטענדיק צו די פאָדערונגען פון אַלגעמיינער אַנטוואָפענונג, דעמאָקראַטיזירונג פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק, נייטראַליזירונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָמוניקאַציע-וועגן אויפן ים און אויף דער יבשה, פרייען האַנדל און קאָמוניקאַציע, פרייהייט פון איינוואַנדערן, באַזעצן זיך און קאָלאָניזירן און אומבאַגרענעצטע זעלבסטבאַשטימונגס-רעכט פאַר אַלע פעלקער. צו דער פאַרווירקלעכונג פון דידאָזיקע פאָרשלאָגן, וואָס האָבן דעם צוועק צו שאַפן אַ ניי פעלקער-רעכט, מוזן געשאַפן ווערן איבער-מלוכהשע אָרגאַנען, וועלכע זאָלן פאַרמאָגן די פולע נייטיקע מאַכט, כדי צו שטיין אויף דער וואַך, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכונגען זאָלן געוויסנהאַפט אָפּגעהיטן ווערן. אָבער דער שלום-בונד פון די פעלקער, וועלכער איז געוואָרן אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט, וואָלט נישט האָבן קיין שום אויסזיכט אויף עקזיסטענץ, ווען ער זאָל פאַרייניקן אין זיך די אַלע ווידערשפּרוכן און אַנטאַגאָניזמען, וועלכע האָבן צעשפּרייט די וועלט-שרפה. אַז די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן שפּילן אַ ממשותדיקע ראָלע אין דער איצטיקער וועלט-קאַטאַסטראָפע, איז אַ פאַקט וואָס לאָזט זיך נישט פאַרלייקענען.

דער קריג האָט דערוויזן מיט דער גרעסטער דייטלעכקייט, ווי שטאַרק יעדע נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג קען פירן צו דער שטערונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע באַציונגען און צו אַ געפאַר פאַר דער גאַנצער קולטור-מענטשהייט. דער שלום-בונד פון די פעלקער קען זיין נאָר אַ בונד פון פרייע פעלקער. דער לאָזונג „שלום אָן אַנעקסיעס" באַקומט זיין אמתן זין ערשט דורך דעם גלייכצייטיק מיט אים פּראָקלאַמירטן פּרינציפּ וועגן זעלבסטבאַשטימונגס-רעכט פון די פעלקער. וויל מען אָבער, אַז דערדאָזיקער פּרינציפּ זאָלן ווערן אַ ווירקלעכקייט, טאָר די פראַגע וועגן פעסטשטעלן די רעכט פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין נאַציאָנאַליטעטן-שטאַטן נישט איבערגעלאָזט ווערן אויף דער אַנטשיידונג פון דידאָזיקע מלוכות, נאָר זיי מוזן אינ-

טערנאַציאָנאַל גאַראַנטירט ווערן אין דעם שלום־אָפּמאַך. דערביי דאַרף מען צונויפּנעמען אין שלום־טראַקטאַט דעם אינהאַלט פון די פאַרשידענע פאָרמען פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

דורך דער גרינדונג פון נייע אומאָפּהענגיקע מלוכות, אויך דורך דער איינפירונג פון דער טעריטאָריאַלער נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמיע, ווערט אנטשיידעט די נאַציאָנאַלע פראַגע פאַר די נאַציאָנאַל־איינהייטלעכע געגנטן. אָבער אין נאַציאָנאַל־געמישטע געגנטן ווערט דידאָזיקע פראַגע אין אַ נייער געשטאַלט ווידער אויפגעוואָרפן אָדער פאַרשאַרפט, אין פאַל, ווען עס איז נישט באַוואָרנט דער שוץ פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אַזוי ווי בכלל די רעכט פון די נאַציאָנען, מוזן אויך די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אינטערנאַציאָנאַל פעסטגעשטעלט און גאַראַנטירט ווערן אויפן יסוד פון דער פּערזאָנאַלער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

מיר שטייען צו צו דער פאָדערונג פון דער אוקראַינישער און פון דער טשעכישער דעלעגאַציע, אַז „בײַ דעם אינטערנאַציאָנאַלן שידס־געריכט, וועלכעס זאָל געגרינדעט ווערן, זאָל געשאַפן ווערן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט אויף אָפּצוהיטן די רעכט פון די פעלקער, און צו יעדעס פאָלק, וואָס פילט זיך באַעוולט אין זיינע רעכט דורך אַן אַנדער פאָלק, אָדער דורך דער מלוכה, צו וועלכער עס געהערט, זאָלן האָבן דאָס רעכט פאָרצולייגן זיינע טענות דעמדאָזיקן קאָמיטעט און פאַרלאַנגען אַן אינטערנאַציאָנאַלע אינטערווענץ".

---

## די יידן־פראַגע.

מיר פאָדערן, אַז אין דעם שלום־טראַקטאַט זאָלן די רעכט פון דעם יידישן פאָלק אינטערנאַציאָנאַל גאַראַנטירט זיין. נישט קוקנדיק אויף דעם פאַרלוסט פון דער נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט און אויף דער אָפּגעריסנקייט פון דער אייגענער ערד, נישט קוקנדיק אויף דער צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט און די כסדרדיקע וואַנדערונגען, זענען די יידישע מאַסן געבליבן אַ פאָלק, וואָס איז געאייניקט דורך געשיכטע, שפּראַך, קולטור, זיטן און עקאָנאָמישער אייגנאַרטיקייט; אַ פאָלק, וואָס ברענגט די שווערסטע קרבנות פאַר דער דערהאַלטונג פון זיין נאַציאָנאַלן אייגנאַרטיקן לעבן.

דאָס, וואָס די גרויסע יידישע מאַסן אין רוסלאַנד און אין רומעניען זענען צענדליקער יאָרן באַעוולט געווען אין זייערע מענטשלעכע רעכט — האָט פאַרטונקלט דעם פאַקט, אַז די יידן־פראַגע איז, אין איר תוך גענומען, אַ נאַציאָנאַלע פראַגע, די רוסישע רעוואָלוציע האָט געבראַכט פאַר די יידן אין דערדאָזיקער מלוכה די בירגערלעכע עמאַנציפּאַציע, און מען דאַרף דערוואַרטן, אַז די אַנדערע לענדער, וואו די יידן פעלט די בירגער־רעכט, וועלן מוזן נאָכטון דעמדאָזיקן ביישפּיל.

אָבער אין קעגנזאַץ צו דער פּראַוויזאָרישער רעוואָלוציע, האָט די רוסישע רעוואָלוציע, אין וועלכער דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט גענומען אַזאַ גרויסן אָנטייל, נישט צוגעבונדן די פּראָקלאַמירונג פון דער בירגערלעכער גלייכבערעכטיקונג מיט דער באַדינגונג, אַז די יידן זאָלן פאַרלירן זייער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, און עס האָט אַ יסוד די זיכערע דערוואַרטונג, אַז די רוסישע רעוואָלוציע וועט דורכברעכן אַ נייעם וועג אויך בנוגע דער נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיקונג פון די יידן. אַזוי אַרום טרעט אַרויס אויף דעם ערשטן פּלאַן די פראַגע פון דער נאַציאָנאַלער עמאַנציפּאַציע פון די יידן אין אַלע לענדער, וואו זיי וואוינען אין די מאַסן.

בפרט איז גערעכטיק די פאָדערונג פון אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר דער רעכט־גלייכהייט פון יידישן פאָלק, ווייל די יידישע פראַגע האָט אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דאָס צוזאַמענלעבן פון גרויסע יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע, אַמעריקאַ און פאָדער־אַזיען, דער איינפלוס פון זייער לאַגע אין דעם איינעם לאַנד אויף די לאַגע אין אַנדערע לענדער, זייער נאַציאָנאַלע רעכטלאָזיקייט אין דאָס רוב מלוכות, דער פאַקט, וואָס די יידישע מינדערהייטן אין פיל לענדער ווערן קעגן זייער ווילן, דערנידריקט צו דער מדרגה פון אַ ווערקצייג פאַר נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, דער כּסדרדיקער שטראָם פון הונדערטער טויזנטער יידישע עמיגראַנטן פון איין לאַנד אין דאָס אַנדערע, דער קאַטאַסטראָפאַלער כאַראַקטער, וואָס די יידישע עמיגראַציע נעמט אָן אין מאָמענטן פון אַ פאַרשטאַרקטן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן דרוק — דאָס אַלץ מאַכט די יידישע פראַגע פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָבלעם.

אַזוי אַרום איז די יידן־פראַגע איינע פון יענע נאַציאָנאַלע פראַגן, וועלכע מוזן דורכויס רעגולירט ווערן אין דעם שלום־טראַקטאַט. זייענדיק אין אַלע לענדער אַ מינדערהייט, איז אונזער פאָלק אָן דידאָזיקע גאַראַנטיעס באַדראָט דורך די געפאַרן פון צוואַנג־אַסימילאַציע און נאַציאָנאַלער צעשפּליטערונג, וועלכע זענען מסוגל צו ברענגען דערצו, אַז אויך די בירגערלעכע גלייכבערעכטיקונג זאָל זיין בלויז אַ לפנימדיקע זאַך. פון דער אַנדערער זייט נייטיקט זיך דאָס יידישע פאָלק אין אָרגאַנען פון נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, כדי צו אַנטשיידן די אייגנאַרטיקע פּראָבלעמען פון זיין עקזיסטענץ. אין הסכם מיט דעם גאַנצן אָרגאַניזירטן יידישן פּראָלעטאַריאַט, פאָדערן מיר די פּערזאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר אונזערע פאָלקס־ברידער אין אַלע לענדער, ווו זיי וואוינען מאַסנווייז. דידאָזיקע פאָדערונג האָט דערהויפּט אַ שייכות צו נאַציאָנאַליטעטן־שטאַטן, ווי רוסלאַנד, עסטרייך, אויך צו די נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונגס־געגנטן אין מלוכות, וועלכע זאָלן ערשט געשאַפן ווערן (אוקראַינע, פּוילן, ליטע און אַנד.).

פּוילן. מיר זענען פאַר דער גרינדונג פון אַן אומאָפּהענגיק פּוילן, נאָר צוגלייך מוזן מיר פאָדערן זיכערקייטן און אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר די רעכט פון די יידישע איינוואוינער אינם דאָזיקן לאַנד אַלס בירגער און אַלס נאַציאָנאַליטעט. אַז אָן אַזעלכע גאַראַנטיעס קאָן דאָס נייע פּוילן ווערן אַ נאַציאָנאַלער קבר פאַר אַ גרויסן

טייל פון אונזער פאָלק, וועגן דעם לאָזט שוין נישט איבער קיין שום צווייפל די פוי־לישע געזעלשאַפט, וועלכע פאַרלאַנגט פון די יידן, זיי זאָלן זיך פולשטענדיק אָפּזאָגן פון זייער נאַציאָנאַליטעט. מיר באַדויערן אופן סאַמע לעבהאַפּטסטן אופן, וואָס אויך די מערהייט פון די פוילישע סאָציאַליסטן נעמען אָן דעם הערשערישן שטאַנדפּונקט פון דער פוילישער בורזשואַזיע אין שליאַכטע בנוגע די יידן, און מיר פאַרלאַנגען, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל זאָל אַרויסגעבן זיין אורטייל אין דער דאָזיקער לעבנס־פראַגע פון דריי מיליאָן יידן.

רומעניען איז אַ קלאַסישער ביישפּיל, ווי ווערטלאָז עס זענען אינטערנאַ־ציאָנאַלע אָפּמאַכונגען פאַרן שוץ פון שוואַכע מינדערהייטן, ווען עס איז נישטאָ קיין אינ־טערנאַציאָנאַלער אָרגאַן, וואָס אין בייטיקן פאַל זאָל מען זיך קאָנען ווענדן צו אים, אַז ער זאָל זיך אַריינמישן. אין דעמדאָזיקן לאַנד זענען די יידן נאָך מער רעכטלאָז, ווי זיי זענען געווען אין רוסלאַנד פאַר די צייטן פון אַלטן רעזשים. די פאַרשידענע רו־מענישע רעגירונגען און דער באָיאַרן־פּאַרלאַמענט האָבן אָן חרפה און בושה געטרעטן מיט די פיס די רעכט פון די יידן, וועלכע זענען פייערלעך פּראָקלאַמירט געוואָרן אין בערלינער טראַקטאַט. מיר מאַכן נישט פאַראַנטוואָרטלעך דאָס רומענישע פאָלק פאַר דעמדאָזיקן צושטאַנד, נאָר די הערשנדע קלאַסן, וועלכע טרעטן מיט די פיס אויך זיי־ער אייגן פאָלק. מיר דרינגען אָבער פון דעמדאָזיקן ביישפּיל, אַז באַ אַן אָפּמאַך מיט דער זעלבסט־רעגירונג פון אַ לאַנד, מוזן אירע דעמאָקראַטישע יסודות פעסטגעשטעלט ווערן פונקט אַזוי ווי דער שוץ פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. דער שלום־קאָנגרעס מוז אָננעמען ווירקזאַמע מיטלען, כדי צו גאַראַנטירן אינם ווידער־אויפגעריכטן רומעניען די בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן.

## פּאַלעסטינאַ.

די הויפּט־קוועלע פון אַלע ליידן פונם יידישן פאָלק, איז דער פאַרלוסט פון זיין היסטאָרישער היים און זיין צעשפּרייטקייט אין פיל לענדער. די לאַנדלאָזיקייט האָט צוגע־נומען באַם יידישן פאָלק די מעגלעכקייט, זעלבשטענדיק צו פאָרמירן זיין לעבן, האָט געשטעלט זיין גורל אין אַן אומדערטרעגלעכער אָפּהענגיקייט פון דעם גליק אָדער אומ־גליק פון די פעלקער, וואָס אין די ערטער פון זייער שליטה וואוינען די יידן; זי (די לאַנדלאָזיקייט) איז די אורזאַך פון זיין אומנאָרמאַלער עקזיסטענץ און פון זיין אויסנאַמ־לעכער לאַגע צווישן די נאַציאָנען פון דער ערד; זי איז קודם־כל די אורזאַך פון דער אומגעזונטער דיפערענצירונג פון יידן לויט זייערע פּרנסות און פון די אומגעזונטע סאָ־ציאַלע שיכטונגען באַ יידן, פון דער קליינער פּאָליטישער און סאָציאַלער ווידערשטאַנדס־פעיקייט, די שטערונגען אין קולטורעלן לעבן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, זייערע שטענדיקע וואַנדערונגען און זייער רולאָזיקייט. און מען דאַרף גאָרנישט אָנווייזן באַ־

וונדערס דערויף, ווי שטאַרק דידאָזיקע אומשטענדן ווירקן אויף דער אַנטוויקלונג פונם יידישן אַרבעטער־קלאַס.

דער באַגריף וועגן דערדאָזיקער לאַגע, אויך די קיינמאָל נישט איבערגעריסענע גייסטיקע פאַרבינדונג פון דעם יידישן פאָלק מיט דער אַלטער היימאַט־ערד האָבן אַרויסגערופן אין לעבן די יידישע פאָלקס־באַוועגונג, וועלכע שטרעבט צו אַ טעריטאָריאַלער פאַרענטפערונג פון דער יידן־פראַגע דורך דער שאַפונג פון אַ קאָמפּאַקטער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע. אַ דרינגע[...] מיטל געזונט צו מאַכן דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן, אַ מיטל, וועלכעס מען קען נישט אויסמיידן, — זעען מיר אין דער טיפער עקאָנאָמישער „איבערשיכטונג", וואָס זאָל זיין געשטעלט אויף דער צוריקפירונג פון אַ מעגלעכסט גרויסן טייל יידן צו דער לאַנדווירטשאַפט. די קאָלאָניזירונג פון די וואַנדערנדע יידישע מאַסן אין פּאַלעסטינע, ווייזט שוין, נישט קוקנדיק אויף די שטערונגען, אויף אַזעלכע התחלות, וואָס גיבן גרויסע האָפנונגען. זי איז דער אָנהויב פון אַ יידישן קיבוץ פון אַרבעט און קולטור, וועלכן עס איז באַשערט צו ווערן דורך זיין פאַרגרעסערונג אַ צוציונגס־פונקט פאַר דער יידישער עמיגראַציע און אַן אָרט פון פרייער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פון אַ פאָלק, וואָס איז געזיכערט אין זיין עקזיסטענץ.

די גרויסע לעבנס־קראַפט, וואָס עס פאַרמאָגט אין זיך דערדאָזיקער פאָלקס־אידעאַל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, סיי אין דער אויסערגעוויינטלעכער גרייטקייט פון די יידישע פאָלקס־מאַסן צו דינען די צוועקן פון דער פּאַלעסטינע־אַרבעט, סיי אין דעם פאַקט, וואָס דערדאָזיקער אידעאַל האָט צוריקגעגעבן דעם יידישן פאָלק דעם גלויבן אין זיך אַליין און איז געוואָרן אַ מעכטיקע שטויס־קראַפט פון אַ שטאַרק־פאַרצווייגטער נאַציאָנאַלער אויפלעבונגס־באַוועגונג, אין וועלכער עס זענען באַטייליקט אַלע קלאַסן פון אונזער פאָלק. אונזערע פּאַלעסטינע־פאָדערונגען זענען היינט נישט בלויז דאָס נאָענטע ציל פון דער פאָלקס־באַוועגונג, וואָס איז אָרגאַניזירט אין ציוניזם. זיי זענען די פאָדערונגען פון דער גרויסער מערהייט פון דער יידישער דעמאָקראַטיע.

די רעוואָלוציאָנערע איבערבויונג פון די יסודות פון דער יידישער פאָלקס־עקזיסטענץ דורך דער גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים אין פּאַלעסטינע, קאָן געשען בלויז דורך דער זעלבסט־הילף פונעם יידישן פאָלק. אָבער פון די אַנדערע פעלקער, און נעמלעך פונעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, זענען מיר באַרעכטיקט צו פאַרלאַנגען די באַזייטיקונג פון יענע קינסטלעכע מניעות, וועלכע וועלן מאַכן שווער דעם שאַפונגס־פּראָצעס פונעם יידישן פאָלקס־לעבן אין פּאַלעסטינע, און וועלכע דראָען אים צו פאַראַליזירן. די שטערונג פון דער יידישער קאָלאָניזאַציאָנס־אַרבעט איז אין ווידערשפּרוך צו די דעמאָקראַטישע פּרינציפּן פון פרייער באַוועגונג פאַר אַרבעטס־זוכנדע מאַסן און פון דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט. די שטרעבונג פון יידישן פאָלק צו אַ נאַציאָנעלער קאָנצענטראַציע אין פּאַלעסטינע שטייט אין אַ פולשטענדיקער האַרמאָניע מיט די קאָלאָניזאַטאָרישע אויפגאַבן פון דער מענטשהייט, אַז דאָס יידישע פאָלק, וואָס

הונגערט נאָך לאַנד זאָל האָבן פאַר זיך פריי דאָס שיטער־באַפעלקערנדע לאַנד, וואָס ליגט גרעסטנטיילס אומבאַאַרבעט און וועלכעס איז פעיק, בײַ דער אָנווענדונג פון מאָדערנע פּראָדוקציאָנס־מעטאָדן, אויפצונעמען מיליאָנען נײַע קאָלאָניסטן — וואָלט זײַן נישט בלויז אַ לעבנס־איבערקערעניש פאַרן פאָלק גופא, נאָר אויך אַ גרויס געווינס פאַר דער באַפעלקערונג פון לאַנד און פאַר דעם פּראָגרעס פון דער וועלט.

עס איז קלאָר, אַז דידאָזיקע קאָלאָניזאַציאָנס־אַרבעט האָט נישט די מינדסטע שייכות מיט קאָלאָניאַלער דעראָבערונגס־, עקספּאַנסיאָנס־ און עקספּלואַטאַציאָנס־פּאָליטיק. דאָס יידישע פאָלק, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין שום מלוכהשע מאַכט־מיטלען, זוכט נישט קיין שום אָפּזאַץ־מערק און רוי־שטאָפן־מאָנאָפּאָלן פאַר דער סחורות־פּראָדוקציע פון אַ „מעטראָפּאָליע“, קאָן נישט קלערן וועגן טרײַבן אין פּאַלעסטינע קאָלאָניאַל־פּאָליטיק און דריקן די אָרטיקע באַפעלקערונג. דאָס יידישע פאָלק שטרעבט צו דער שאַפונג פון אַ געזיכערטן אַרבעטס־פּלאַץ פאַר זײַנע וואַנדערנדע, פון וואָרצל אָפּגעריסענע מאַסן, עס וויל הייבן די פּראָדוקטיוו־קרעפטן פון אַ לאַנד אין אַ פרידלעכער צוזאַמענאַרבעט מיט דער אַראַבישער באַפעלקערונג. די יידישע קאָלאָניזאַציע איז דאָך שוין געוואָרן אַ באַדײַטונגספולער פאַקטאָר פון דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון פּאַלעסטינע. די יידישע אײַנוואַנדערונג ברענגט מיט זיך די פּראָגרעסיווע אַרבעטס־מעטאָדן, די העכערע לעבנס־פירונג און די העכערע לוין־פאָדערונגען. זי קען דערום בלויז העלפן דער אַראַבישער באַפעלקערונג, זיך אַרויפצוכאַפּן העכער פון איר פּרימיטיווער קולטור און ווירטשאַפטס־מדרגה.

אַזוי אַרום שטייט די נײַע קאָלאָניזירונג פון פּאַלעסטינע דורך יידן אין צוזאַמענהאַנג מיט די גרויסע קאָלאָניזאַטאָרישע אינטערעסן פון דער מענטשהייט, וועלכע האָט אַ גרויסן אינטערעס אין אײַנוואָרצלען דאָס איינציקע היימלאָזע פאָלק אויף דער ערד, אין זײַן לאַנד, דערפאַר, וואָס די וועלט קען נישט קומען צורו, ווילאַנג עס איז פאַראַן אפילו איין פאָלק, וואָס וואַרט אומזיסט אויף זײַן דערלייזונג, ווילאַנג דעם יידישן פאָלק, וועלכעס איז אַזוי ענג פאַרקניפּט מיט דעם גורל פון אַלע פעלקער, פעלן די נאָרמאַלע באַדינגונגען צו דער אַנטוויקלונג פון זײַן נאַציאָנאַלער פערזענלעכקייט.

דאָס יידישע פאָלק, וואָס זײַנע זין גייען אָפּ מיט בלוט אײַנע קעגן די אַנדערע אין טראַגישן קאַמף אויף אַלע פראָנטן און וואָס הינטער די פראָנטן האָט עס מוראדיק געליטן פון אומפאַרמיידלעכע און פאַרמיידלעכע קריגס־שרעקלעכקייטן — האָט דאָס רעכט צו פאָדערן, אַז דער קומענדער שלום זאָל ברענגען אויך אים די זיכערונג פון זײַן עקזיסטענץ און פון זײַן פרייער אַנטוויקלונג.

* *

*

## רעזיומע פון די פאָרשלאַגן.

די אינטערעסן פון אַ האַרמאָניש צוזאַמענלעבן פון די פעלקער און פון אַ דויער־האַפטן שלום פאָדערן די רעגולירונג פון די פעלקער־באַציונגען אויף די פאָלגנדע יסודות:

### I. פעלקער־בונד.

גרינדונג פון אַן איבער־מלוכהשער אָרגאַניזאַציע, אַ שלום־בונד פון די פעלקער מיט פאָלגנדע אויפגאַבן:

1) קאָדיפיצירן דאָס פעלקער־רעכט בנוגע דער פרייהייט פון די ימים.

2) אָבליגאַטאָרישע שידס־געריכטן אויף צו דערליידיקן די מלוכהשע און נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן.

3) פעסטשטעלן גלייכע באַשטימונגען אין אַלע מלוכות פאַר דער דעמאָקראַטישער קאָנטראָל פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק און פאַר דער שליסונג פון אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכונגען.

4) אַנטוואָפנונג פון אַלע מלוכות און קאָנטראָל פון דער געווער־אינדוסטריע, וואָס דאַרף איבערגיין אין רשות פון דער מלוכה. אויסהאַלטונג פון אַן אינטער־נאַציאָנאַלער מיליציע, וואָס זאָל זיין גענוג שטאַרק צו פאַרמיידן יעדע שטערונג פונם פעלקער־רעכט און פון די אינטערנאַציאָנאַלע טראַקטאַטן.

5) פאַרוואַלטן איבער די וועגן פון דער וועלט־קאָמוניקאַציע, וועלכע דאַרפן אינ־טערנאַציאָנאַליזירט ווערן.

6) קאָנטראָל איבער דער אָפּהיטונג און אַנטוויקלונג פון די אינטער־מלוכהשע סאָציאַל־פּאָליטישע אָפּמאַכונגען, וואָס דאַרפן אריינגענומען ווערן אין דעם שלום־טראַק־טאַט, בנוגע דער פרייהייט פון איבערוואַנדערונג, סאָציאַלער פאַרזיכערונג, אַרבעטס־צייט, קוואַליפיציר־רעכט, היים־אַרבעט, אַרבעטער־, אַרבעטערינס־ און קינדער־שוץ.

7) רעגולירונג פון דער וועלט־פּראָדוקציע. צו דעמדאָזיקן פּרט געהערן:

א) שטערן די עקאָנאָמישע מלחמות און מקרב זיין צווישן זיך די מלוכות אין עקאָנאָמיש־פּאָליטישער הינזיכט דורך אָפּשאַפן די צאָל־ און קאָמוניקאַ־ציע־באַגרענעצונגען בײַ דעם גלייכצייטיקן שוץ פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָגרעס אין איינצעלנע געגנטן און נישט־באַגרענעצנדיק די עקאָנאָמישע פרייהייט פון די איינצלנע לענדער.

ב) אָפּהיטן די פרייהייט פון דער איינוואַנדערונג אין אַלע לענדער און רעגולירן די קאָלאָניזאַציע אין גאַנץ זומבאַפעלקערטע אָדער שיטער־באַפעלקערטע געגנטן אין הסכם מיט די לענדער, פון וועלכע מען וואַנדערט אויס און אין וועלכע מען וואַנדערט איין.

ג) קאָנטראָל איבער דער קאָלאָניאַלער פאַרוואַלטונג פון די איינצעלנע מלוכות אין אינטערעס פון דערהייבן די איינגעבוירענע באַפעלקערונג צו דער מדרגה פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג און פון אַנטוויקלען די פּראָדוקציע.

ד) ווירקזאַם דורכפירן די פּרינציפּן וועגן אָפענע טירן און פרייען האַנדל אין די קאָלאָניעס, וועלכע דאַרפן גאַראַנטירט ווערן אין דעם שלום־טראַקטאַט, און אין נייטיקן פאַל איינאָרדנען דעם צופיר פון די נייטיקסטע רוי־שטאָפן, לויט די באַדערפענישן און לויט דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, וואָס פאַרברויכן זיי.

## [illegible]. זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פון די נאַציאָנען.

דערדאָזיקער פּרינציפּ באַדייט:

1) די פאַרווירקלעכונג פון דעם רעכט פון יעדער נאַציאָן, עווענטועל יעדן פאָלקסשטאַם, אויף איינהייט און דעמאָקראַטישע זעלבסט־רעגירונג. דערצו געהערט, צווישן אַנדערעס:

א) אויפריכטן צוריק בעלגיען, סערביען און טשערנעגאָריע, רומעניען.

ב) פאַרייניקן און אומאָפּהענגיק מאַכן פוילן און בעמלעך זאָל דאָס נייע פוילן, אין הסכם מיט די דערקלערונגען פון די אוקראַיִנישער און טשעכישער דעלעגאַציעס אַרומנעמען די געגנטן, וואו די פאָליאַקן זענען די מערהייט פון דער באַפעלקערונג.

ג) בנוגע די אַרמענער, אוקראַינער און טשעכן, שטייען מיר צו צו די פאָדערונגען פון דער אַרמענישער, רעספּ. אוקראַיִנישער און טשעכאָ־סלאַווישער דעלעגאַציעס.

ד) פאַרוואַנדלען רוסלאַנד, עסטרייך און אונגאַרן, טערקיי אין „נאַציאָנאַליטעטן־בונד־מלוכות", ד. ה. אין פעדעראַציעס פון עטנאָגראַפיש־אָפּגעגרענעצטע זעלבסט־פאַרוואַלטונגס־געגנטן.

2) גאַראַנטירן דאָס רעכט פון יעדער נאַציאָנאַלער מינדערהייט אויף דערהאַלטן און אַנטוויקלען איר נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט און אויף זעלבסט־פאַרוואַלטונג אין נאַציאָנאַלע ענינים.

3) אַנטשיידן די פראַגע, צו וועלכער מלוכה דאַרפן געהערן אַזעלכע געגנטן, וועגן וועלכע ס'איז פאַרהאַן אַ מחלוקת, אויפן גרונט פון אַן אָפּשטימונג פון דער באַפעלקערונג אונטער אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנטראָל (צ. ב. עלזאַס לאָטרינגען)

4) פעדעראַטיווע פאַרבינדונג פון די מלוכות, כדי צו פאַרווירקלעכן די שטרע־

בונג נאָך נאַציאָנאַלער איינהייט פון די נאַציאָנאַלע טיילן, וואָס לעבן אין דידאָזיקע מלוכות, אויך פאַרזיכערונג אָדער פאַרשטענדיקונג מיטן צוועק צו באַפרידיקן די ווירט־שאַפטלעכע לעבנס־אינטערעסן פון די באַטייליקטע פעלקער (ווי דער פרייער צוגאַנג צום ים און צו די אינטערנאַציאָנאַלע קאָמוניקאַציע־וועגן און מערק) צום ביישפיל — דער באַלקאַן־בונד.

## VII. אונזערע יידישע פאָדערונגען.

אָנגוועגדנדיק די אויבן־אויסגערעכנטע פרינציפן בנוגע צום יידישן פאָלק, פאָ־דערן מיר:

1) פולע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידן פון אַלע לענדער. גליי־כע באַהאַנדלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די געגנטן, וואָס האָבן געליטן פון קריג, בעת די געגנטן וועלן צוריק אויפגעבויט ווערן.

2) פרייהייט פון איינוואַנדערן און באַזעצן זיך פאַר יידן אין אַלע לענדער.

3) נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונג (אויפן גרונט פון פערזאָנאַלן פרינציפּ) און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג אין דער מלוכה, פראָווינץ און געמיינדע פאַר די יידן אין אַלע לענדער, ווו יידן וווינען אין די מאַסן.

4) באַוואָרענען די אומגעשטערטע קאָלאָניזאַטאָרישע טעטיקייט פון די יידן, וועלכע האָט דאָס ציל צו שאַפן אַ יידישע היים אין פאַלעסטינע.

דערצו איז נייטיק:

א) באַזייטיקן אַלץ, וואָס באַגרענעצט די פרייהייט פון דער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע פון יידן, ברייט פאַרלייכטערן די נאַטוראַליזירונג און פרייע טעטיקייט פון די אינסטיטוציעס פאַר די צוועקן פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע.

ב) שאַפן אַ מאָדערנעם דעמאָקראַטישן רעכט־צושטאַנד, סאָציאַל־פּאָליטישע שריט פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן אין לאַנד, קעגן ווירטשאַפטלעכע פאַרלייכטערונגען אין גאַראַנטיעס פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער קאָלאָניזאַציע. קודם־כל פאַרווענדן די מלוכה־ערד און סתם שטיקער ערד, וואָס האָבן נישט קיין באַלעבאַ־טים, אויך די לאַטיפונדיעס סיי פאַר דער קאָלאָניזירונג פון איינוואַנדערער, סיי פאַר דער ערדלאָזער אָדער ערד־אָרימער באַפעלקערונג, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט ערד אַרבעט.

ג) פאַרוואַנדלען פאַלעסטינע אין אַ ספּעציעלער זעלבספאַרוואַלטונגס־געגנט און פאַראיינהייטלעכן דאָס לאַנד אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט.

ד) נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פאַלעסטינע.

די דורכפירונג פון די אַלע אויבן־געזאָגטע פאָדערונגען זאָל אינטערנאַציאָנאַל גאַראַנטירט ווערן.

אונטערגעשריבן: ב. באָראָכאָוו, זרבבל, ל. כאַזאַנאָוויטש, ב. לאָקער, ש. קאַפּלאַנסקי.

שטאָקהאָלם, דעם 6־טן אויגוסט 1917.

# רעזאָלוציעס פונם 3־טן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר פון דער יידי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי („פּועלי־ציון") אין רוסלאַנד.

קיעוו, 8 סעפּטעמבער 1917.

## די צוגעהעריקייט צו דער פּאַרטיי.

דער 3־טער צוזאַמענפאָר פון דער י. ס. ד. אַ. פּ. („פּועלי־ציון") דערקלערט, אַז צו דער פּאַרטיי געהערן אַזעלכע חברים, וועלכע אָנערקענען פולשטענדיק די הויפּט־פּרינציפּן פון אונזער פּאַרטיי־פּראָגראַם און וואַרפן זיך אונטער דער פּאַרטיי־דיס־ציפּלין.

דידאָזיקע הויפּט־פּרינציפּן זענען:

א) דער סאָציאַליזם, ד. ה. די פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען.

ב) די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע פאַרן יידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע.

ג) די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַרן יידישן פאָלק אין אַלע לענדער.

ד) דער קלאַסן־קאַמף אַלס איינציקער וועג פון דער פּאַרטיי־טעטיקייט.

---

## וועגן פּאָליטישן מאָמענט.

1. אין דעם היינטיקן העכסט פאַראַנטוואָרטלעכן מאָמענט פון די שווערסטע נסיונות און גרעסטע געפאַרן פאַר די דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע און פאַר דער עקזיסטענץ גופא פונם לאַנד, רופט דער 3־טער צוזאַמענפאָר פון דער י. ס. ד. א. פּ. (פּועלי־ציון) אַלע עלעמענטן פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע און אירע באַפולמעכטיקטע אָרגאַנען, אָנצווענדן אַלע מיטלען און אָנצושטרענגען אַלע כוחות, כדי צו שאַפן און אָפּהיטן אַן איינהייטלעכן רעוואָלוציאָנערן פראָנט קעגן אַלע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אַטענטאַטן.

2. דער צוזאמענפאר געפינט פאר אבסאלוט נויטווענדיק, אז אלע פארטייען און שטרעמונגען פונעם ארבעטער־קלאס, פון די סאלדאטן און פונעם פויערטום אין רוסלאנד, זאלן שטרענג אפהיטן די איינהייט פון דער רעוואלוציאנערער דעמאקראטיע, פאלגענדיק אלע באשלוסן פון די סאוויעטן, אלס אירע באפולמעכטיקטע ארגאנען.

3. דער צוזאמענפאר האלט פאר נייטיק די שאפונג פון א פעסטער מאכט פון די פארשטייער פון דער רעוואלוציאנערער דעמאקראטיע, און די מאכט זאל זיך שטיצן אויף די ארגאנען פון דער רעוואלוציאנערער דעמאקראטיע.

4. אלס איינציקן וועג צום אפשאפן דעם קריגס־חורבן און באזייטיקן די ווירטשאפטלעכע צערוידערונג פון לאנד, וועלכע זענען די הויפט־סיבות פון אלע אומארדנונגען אין דער הייניטיקער רעוואלוציאנערער עפאכע, פארלאנגט דער צוזאמענפאר פון דער רעגירונג די פאלגענדע מיטלען:

א. אפזאגן זיך פון דעם סיסטעם פון רעפרעסיעס קעגן די רעוואלוציאנערע עלעמענטן און פון שוואכקייט און פשרות בנוגע די קאנט־רעוואלוציאנערע עלעמענטן, אויך די קאנסעקווענטע דעמאקראטיזירונג פונעם קאמאנדע־פערסאנאל אין דער ארמיי;

ב. ענערגישע און שנעלע דורכפירונג פון יענע דרינגענדע ווירטשאפטלעכע, אגראריע און נאציאנאלע רעפארמען, וועלכע זענען פארמולירט געווארן דורך די סאוויעטן, און די באלדיקע צונויפרופונג פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג.

די ענערגישע און אפיציעלע אונטערשטיצונג און פארטזעצונג פון יענע שריט, וועלכע זענען געמאכט געווארן פונעם סאוויעט און פון די אינטערנאציאנאלע סאציאליסטן צו דער דערגרייכונג פון א באלדיקן שלום אן אנעקסיעס, אן קאנטריבוציעס און אויפן יסוד פון דער נאציאנאלער זעלבסטבאשטימונג פון אלע פעלקער.

---

## וועגן דער יידישער קהילה.

א. די איצטיקע יידישע קהילה, וועלכע פארמאגט זייער א קליינע קאמפעטענץ און איז געבויט נישט אויף א דעמאקראטישן בודזשעט, שטעלט פאר מיט זיך אן אנשטאלט, וואס באפרידיקט נישט די באדערפענישן פון די ברייטע יידישע פאלקס־מאסן.

ב. אנערקענענדיק די יידישע קהילה פארן גרונדשטיין פון דער נאציאנאלער אויטאנאמיע, פאדערט דער דריטער צוזאמענפאר פון דער י. ס. ד. א. פ. (פועלי־ציון), אז זי זאל איבערגעבויט ווערן אויף וועלטלעכע יסודות מיט א ברייטער קאמפעטענץ אין די פראגן פון סאציאלער פארזארגונג, פון דער ספעציפיש־יידישער עקאנאמיק און בילדונג און זאל אויסגעוויילט ווערן אויפן יסוד פון דעם זעקס־פאכיקן וואל־סיסטעם.

ג. אַלס מיטגלידער אין דער יידישער קהילה גייען אַריין אַלע, וואָס דערקלערן, אַז זיי געהערן צום יידישן פאָלק.

ד. דער סטאַטוט פון דער נייער יידישער קהילה דאַרף אויסגעאַרבעט ווערן דורך דער יידישער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

ה. נעמענדיק אין באַטראַכט די רויִנירונג פון די יידישע אַנשטאַלטן, וואָס דינען לטובת די פאָלקס־מאַסן, וועלכע איז אַרויסגערופן דורך דער אומאָרדנונג אין דער קהילה און דעם אַלגעמיינעם קריזיס, געפינט דער פאַרטיי־טאָג פאַר נייטיק פאַרצושלייגן די אָרגאַניזאַציעס אָנצונעמען ענערגישע מיטלען, כדי באַלד צו שאַפן וועלטלעכע יידישע קהילות, נאָך איידער עס וועט אויסגעאַרבעט ווערן דער סטאַטוט פאַר זיי.

ו. כדי צו אָרגאַניזירן די וואַל־קאַמפּאַניע, ווערן געגרינדעט טעכנישע וואַל־קאָמיסיעס פון פאָרשטייער פון אַלע יידישע פּאָליטישע פאַרטייען.

ז. נעמענדיק אין באַטראַכט די פינאַנציעלע שוועריקייטן פון דער קהילה און די אוממעגלעכקייטן צו פאַרברייטערן די עקזיסטירנדע קהילה־שטייערן, לייגט פאָר דער פאַרטיי־טאָג די גלאַסנע צו פאָדערן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, זי זאָל אַסיגנירן פון דער שטאָט־קאַסע געלט־מיטלען פאַר די יידישע אַנשטאַלטן אין אַזאַ מאָס, אין וועלכער די יידן באַפרידיקן זעלבשטענדיק זייערע באַדערפעגישן און אויך צו פאָדערן, אַז די יידישע שולן זאָלן איינגעשלאָסן ווערן אין דער אַלגעמיינער שול־נעץ.

---

## וועגן יידישן צוזאַמענפאָר.

די וועלט־מלחמה מיט אירע קאַטאַסטראָפאַלע און רעוואָלוציאָנערע רעזולטאַטן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, וואָס האָט זיך באַזונדערס שאַרף אָנגערופן אויף דעם יידישן פאָלק, צעטרייסלענדיק די יסודות פונם יידישן לעבן, האָט אויך געעפנט פאַר דעם יידישן פאָלק, צוגלייך מיט אַלע פעלקער, ברייטע אויסזיכטן אויף נאַציאָנאַלער פרייהייט. דידאַזיקע לאַגע רופט אַרויס דעם אָרגאַניזירטן קאַמף פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין אַלע לענדער מיט דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער שפּיץ פאַר זייער נאַציאָנאַלער באַפרייונג.

די רוסלענדישע רעוואָלוציע, וואָס האָט פּראָקלאַמירט דאָס רעכט פון יעדן פאָלק אויף נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג און זעלבסטאַנטוויקלונג, האָט באַפעסטיקט די אויסזיכטן פון יידישן פאָלק, ווי פון אַלע אַנדערע נאַציאָנאַל־אונטערדריקטע פעלקער, אויף אַ פרייער נאַציאָנאַלער זעלבסטאַנטוויקלונג, וואָס איר פאָרמולירונג דאַרף דאָס יידישע פאָלק גופא אַליין באַשטימען.

דער דריטער פאַרטיי־טאָג פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פאַרטיי („פּועלי־ציון”) געפינט, אַז כדי צו פאָרמולירן די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון

יידישן פאָלק, איז נויטיק דער באַלדיקער צוזאַמענרוף פון דעם אַלרוסלענדישן יידישן צוזאַמענפאָר, וואָס זאָל זיין געוויילט אויף דעמאָקראַטישע יסודות דורך דעם אַלגעמיינעם, גלייכן, דירעקטן, געהיימען און פראָפּאָרציאָנעלן וואַל־סיסטעם אָן אונטערשיד פון געשלעכט.

די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי („פּועלי־ציון“), אין הסכם מיט אירע גרונט־פּרינציפּן און מיט דער פּאָזיציע, וואָס זי האָט שטענדיק פאַרנומען אין דעם יידישן פּראָלעטאַרישן לעבן, טרעט אַרויס אין קאַמף פאַר יידן־רעכט מיט די פאָדערונגען:

1. נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר דעם יידישן פאָלק אין גאַנץ רוסלאַנד אויף פּערסאָנאַלע יסודות, אין דער פאָרם פון אַ נאַציאָנאַל־פּאָליטישן אינסטיטוט מיט די פאָלגנדע פונקציעס:

א. זעלבסטפאַרוואַלטונג אין אַלע אינערלעכע יידישע ענינים, ווי עקאָנאָמישע זעלבסט־הילף, סאָציאַלע פאַרזאָרגונג, עמיגראַציאָנס־רעגולירונג, סטאַטיסטיק, דערציונג, קולטורעלע טעטיקייט און אַזוי ווייטער.

ב. דאָס רעכט פון אָבליגאַטאָרישער באַשטייערונג פאַר די באַדערפעניש‍ן פון דער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

ג. די רעפּרעזענטירונג פון די יידישע אינטערעסן פאַר דער מלוכה, פאַר די פּראָווינציעלע פאַרוואַלטונגען און געריכט.

2. די אָרגאַניזירונג פון דער יידישער קהילה אויף דעמאָקראַטישע און וועלטלעכע יסודות.

3. די גלייכבאַרעכטיקונג פון דער יידישער שפּראַך אין דער פאַרוואַלטונג און געריכט.

4) די גאַראַנטירונג פון די רעכט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער פאָרם פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע — בּאַ דער אויסטיילונג פון אויטאָנאָמע פּראָווינצן.

5. קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר דער ווירטשאַפטלעכער ווידעראויפבויונג פון די, אין דער מלחמה רויִנירטע, יידישע ישובים און אַנשטאַלטן.

6. די גלייכע באַהאַנדלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג דורך דער רעגירונגס־מאַכט בּאַ דער ווידער־אויפבויונג פון די קריגס־געליטענע פּראָווינצן אין אַלע לענדער.

7. די פאַרטיידיקונג פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג, בּאַ דער אַנטשיידונג פון דער אַגראַר־פראַגע אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

8. גלייכע בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט פאַר די יידן אין אַלע לענדער.

9. אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיע פאַר דער פרייהייט פון דער יידישער איינ־

וואנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע און פאַר דער אומגעשטערטער טעטיקייט פון די דעמאָקראַטישע קאָלאָניזאַציאָנס-אינסטיטוטן, וועלכע עקזיסטירן, אָדער וועלן געשאַפן ווערן אין פּאַלעסטינע.

די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פּאַרטיי („פּועלי-ציון“), אין הסכם מיט איר סאָציאַליסטישער און פּראָלעטאַרישער ראָלע אין יידישן לעבן, וועט אָנגעמען די געהעריקע שריט, אַז דער אָרגאַניזירטער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט זאָל מיט זיין רעוואָלוציאָנערער קראַפט אונטערשטיצן די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

דער דריטער פּאַרטיי-טאָג געפינט דעריבער, אַז גלייכצייטיק מיט דעם אַלגעמיינעם יידישן צוזאַמענפאָר דאַרף געשאַפן ווערן אַ פאַרבאַנד פון אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זאָל זעלבשטענדיק אָנפירן דעם קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט פאַר יידן-רעכט און פעסטשטעלן אונזערע פאָרמולעס פאַר דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און פאַר דעם אַלרוסלענדישן יידישן צוזאַמענפאָר.

---

# וועגן דער טאַקטיק.

אין דעם וואַל-קאַמף צום אַלרוסלענדישן יידישן צוזאַמענפאָר טרעט אַרויס די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פּאַרטיי („פּועלי-ציון“) זעלבשטענדיק און שטעלט אַרויס אירע אייגענע קאַנדידאַטן לויט איר אייגענער פּלאַטפאָרם.

אין יענע ערטער, ווו די פּאַרטיי האָט נישט קיין מעגלעכקייט זעלבשטענדיק דורכצופירן אירע אייגענע קאַנדידאַטן, גייט זי אַריין אין אַ וואַל-אָפּמאַך מיט אַזעלכע סאָציאַליסטישע און פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שטייען נאָענט צו אונזער פּלאַטפאָרם בנוגע צום יידישן צוזאַמענפאָר.

אַלע אַזעלכע אָפּמאַכן פון אונזערע לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס מוזן דורכגעפירט ווערן אונטער דער קאָנטראָל פון צענטראַלן קאָמיטעט.

דער צוזאַמענפאָר באַאויפטראָגט די חברים בײַ די וואַלן צום יידישן צוזאַמענפאָר און אויף דעם צוזאַמענפאָר גופא צו באַלייכטן אונזער וואַל-פּלאַטפאָרם אינם ליכט פון אונזער פּאַרטיי-פּראָגראַם.

---

## וועגן ציוניסטישן קאָנגרעס.

אָנערקענענדיק די זעלבשטענדיקייט און דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון אונזער פּאַלעסטינע־טעטיקייט, באַשטעטיקט דער דריטער צוזאַמענפאָר די באַשלוסן פון די פריערדיקע קאָנפערענצן וועגן נישט אָנטיילנעמען אין ציוניסטישן קאָנגרעס (אָנגענומען מיט 8 שטימען קעגן 4 און 2 אָפּגעהאַלטענע).

מיט דער זעלבער מערהייט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דער פאָרשלאַג, אַז איינצעלנע חברים זאָלן זיך מעגן באַטייליקן אין ציוניסטישן קאָנגרעס.

---

## וועגן דער אוקראַינער פראַגע.

שטייענדיק אויפן שטאַנדפונקט פון זעלבסטבאַשטימונג פאַר אַלע פעלקער, באַגריסט דער דריטער צוזאַמענפאָר די שטאַנדהאַפטיקע שטרעבונג פון דעם אוקראַינישן פאָלק צו זעלבסט־אָרגאַניזאַציע אויף אויטאָנאָם־דעמאָקראַטישע יסודות.

אונטערשטיצנדיק דעם לאָזונג פון אַ פעדעראַטיוו־רעפּובליקאַנישער מלוכה־אָרדנונג, געפינט דער דריטער צוזאַמענפאָר פאַר נייטיק צו אונטערשטיצן בנוגע צו א ו ק ר אַ א י נ ע די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע אין די ראַמען פון אירע עטנאָגראַפישע גרענעצן.

כדי צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וועלכע באַפעלקערן אוקראַינע, דאַרף יעדערער פון זיי זיין פאָרגעשטעלט דאָס רעכט אויטאָנאָם אָנצופירן אַלע נאַציאָנאַלע ענינים, וואָס דאַרפן אַרויסגעטיילט ווערן פון דער קאָמפּעטענץ פון דעם שטאַטס־פּאַרלאַמענט, פון דעם אוקראַינישן סיים און פון די אָרגאַנען פון אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג. צוליב דעם צוועק באַשאַפן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אָרגאַנען פון נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, אָרטיקע, געגנט־אָרגאַנען, אַלאוקראַינישע און אַלרוסלענדישע, אויף פערסאָנאַלע יסודות (געזעצגעבנדע און אויספירנדע).

די יסודות, אויך די גרענעצן פון דער טעריטאָריאַל־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, פון די פערסאָנאַלע אויטאָנאָמיעס פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, די שפּראַכן־רעכט פון די נאַציאָנען אין אַלע מלוכה־, געגנט־ און אָרטיקע אָרגאַנען ווערן באַשטימט לויט דער הסכמה פון אַלע נאַציאָנען, וואָס וווינען אין אוקראַינע, און דאַרפן סאַנקציאָנירט ווערן אַלס אַ גרונט־געזעץ דורך דער אַלרוסלענדישער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

באַגריסנדיק דעם אָפּמאַך פון דער צייטווייליקער רעגירונג מיט דער אוקראַיני־

שער צענטראַל־ראַדע פון דעם 3־טן יולי און רעכענענדיק, אַז דער אָפּמאַך דאַרף דינען אַלס גרונד־לאַגע פון די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן דער אוקראַינישער צענטראַל־ראַדאַ, גענעראַל־סעקרעטאַריאַט און דער צייטווייליקער רעגירונג ביז דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג,

אָנערקענענדיק, אַז די אינסטרוקציע פון דער צייטווייליקער רעגירונג פאַרן גענעראַל־סעקרעטאַריאַט איז נישט קיין באַפרידיקנדע און זי פאַרקלענערט די קאָמפּעטענץ פונם גענעראַל־סעקרעטאַריאַט אַלס אָרגאַן פון דער געגנט־מאַכט, — פאַרייניקט זיך דער פאַרטיי־טאָג צום באַשלוס פון דער אוקראַינישער צענטראַל־ראַדאַ וועגן בילדן אַ גענעראַל־סעקרעטאַריאַט לויט דערדאָזיקער אינסטרוקציע און לייגט פאָר דער צייטווייליקער רעגירונג וואָס גיכער צו באַשטעטיקן דעם סעקרעטאַריאַט אַלס אָרגאַן פון דער מאַכט אין אוקראַינאַ.

רעכענענדיק, אַז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פונם גענעראַל־סעקרעטאַריאַט און פון דער אוקראַינישער צענטראַל־ראַדע איז די פאַרבאַרייטונג פון די יסודות פון דער נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמישער אָרדנונג אין אוקראַינע און די פאָרמען פון דער פערסאָנאַל־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אַלס אַ גאַראַנטיע פון זייער רעכט,

געפינט דער צוזאַמענפאָר פאַר נייטיק:

1. וואָס גיכער צונויפצורופן אַ טעריטאָריאַלן צוזאַמענפאָר פון אוקראַינע אויפן יסוד פון אַלגעמיינעם גלייכן דירעקטן געהיימען און פראָפּאָרציאָנעלן וואַל־רעכט.

2. אָרגאַניזירן אומעטום די אָרגאַנען פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע — די יידישע קהילות און זייער פאַרייניקונג אין די גרענעצן פון אוקראַינע.

3. אָפּגעבן אין רשות פון דעם גענ. סעקרעטאַריאַט און די נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמישע אָרגאַנען פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן די נייטיקע סומען פון דער מלוכה און פון די אָרטיקע זעלבסטפאַרוואַלטונגען, כדי צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון די נאַציאָנען פראָפּאָרציאָנעל צו זייער צאָל און לויט די פונקציעס פון זייערע זעלבסט־פאַרוואַלטנדע אָרגאַנען.

כדי די פּאָליטיק פון דער צייטווייליקער רעגירונג אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע זאָל זיין אָנגעפירט בהסכם מיטן ווילן פון די רוסלענדישע פעלקער, רעקאָמענדירט דער פאַרטיי־טאָג תיכף צו גרינדן באַ דער צייטווייליקער רעגירונג אַן אַמט וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע מיט אַ מיניסטער וועגן נאַציאָנאַלע ענינים אין דער שפּיץ און מיט אַ גלייכער פאָרשטייערשאַפט פון אַלע נאַציאָנען.

---

## וועגן פּאַלעסטינע

אָנערקענענדיק, אַז בײַ אַלע ענדערונגען און פֿאַרבעסערונגען, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע ברענגט אַרײַן אין דער רעכטלעכער און עקאָנאָמישער לאַגע פֿון די יידישע מאַסן אין רוסלאַנד און דורכדעם אויך אין די שכנותדיקע לענדער, ווערט פֿונדעסטוועגן נישט אָפּגעשאַפֿט די עיקר־אַנאָמאַליע פֿונם יידישן לעבן — די עקסטעריטאָריאַלישעט פֿונם יידישן פֿאָלק, אַז אויך די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פֿאַר דעם יידישן פֿאָלק אין די גלות־לענדער איז אימשטאַנד בלויז צו לינדערן, אָבער נישט אָפּצושאַפֿן די וויכטיקסטע און שעדלעכסטע פֿאָלגן פֿון דער יידישער עקסטעריטאָריאַליטעט, ווי די סאָציאַלע און פּאָליטישע באַגרענעצטקייט פֿונם קלאַסן־קאַמף פֿונם יידישן פּראָלעטאַריאַט און די יידישע מאַסן־וואַנדערונג — באַשטעטיקט דער 3־טער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער י. ס. ד. אַ. פּ. (פּועלי־ציון) דעם אַלטן שטאַנדפּונקט פֿון דער פּאַרטיי בנוגע צו דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע פֿאַרן יידישן פֿאָלק אין פּאַלעסטינאַ.

דערבײַ באַשטעטיקט דער צוזאַמענפֿאָר אויך דעם אַלטן שטאַנדפּונקט פֿון דער פּאַרטיי, אַז די פּאַלעסטינע־טעטיקייט פֿונם יידישן אַרבעטער־קלאַס ליגט אויפֿן וועג פֿון זײַן קלאַסן־קאַמף און פֿון זײַן זעלבשטענדיקער קלאַסן־אַקטיוויטעט (אײַנשטימיק).

דער צוזאַמענפֿאָר באַשליסט אויסצוקלײַבן אַ ספּעציעלן פּאַלעסטינע־קאָמיטעט, וועלכער זאָל אָנפֿירן, אונטער דער אויפֿזיכט פֿון צ. ק., די גאַנצע פּראָפּאַגאַנדיסטישאַגיטאַטאָרישע און פֿינאַנציעלע טעטיקייט פֿון דער פּאַרטיי פֿאַר אונזערע פּאַלעסטינע־אינסטיטוטן.

---

## וועגן סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל.

אַזוי ווי די דערפֿאַרונגען פֿון דער מלחמה מוזן ברענגען צו אַ נײַער מעכטיקער אויפֿלעבונג פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם און איבערגעבן דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אַ גרויסע ווירקונג אויף דער אַנטשיידונג פֿון די פֿרידנספֿראַגן; אַזוי ווי דידאָזיקע ווירקונג איז געבויט אויף די יסודות פֿון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט און נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג —

געפֿינט דער צוזאַמענפֿאָר, אַז דער רעוואָלוציאָנערער מאָמענט פֿון דער וועלטגעשיכטע עפֿנט ברייטע אויסזיכטן פֿאַר דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון אונזערע נאַציאָנאַלאויטאָנאָמישע און פּאַלעסטינע־פֿאָדערונגען. אין הסכם דערמיט אונטערשטיצט דער צוזאַמענפֿאָר די אַקציע פֿון אונזער אַלוועלטלעכן פֿאַרבאַנדס־ביוראָ בנוגע צו דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנפֿערענץ אין שטאָקהאָלם.

## פועלי=ציון וועגן מאַניפעסט פון האָלענדיש=סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט.

אויפרוף פון צענטראַל=קאָמיטעט פון דער יידישער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אַרבעטער=פּאַרטיי (פּועלי=ציון) אין רוסלאַנד (1917).

חברים!

לאַנגע, לאַנגע יאָרן איז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט געווען אַ שטיף=קינד פונם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. מיט דער גרעסטער עקשנות האָט זיך באַ די סאָציאַליסטן פון די אומות=העולם געהאַלטן די פאַלשע מיינונג, אַז יידן זענען קיין פאָלק נישט און אַז דער יידישער אַרבעטער=קלאַס פאַרמאָגט נישט קיין אייגענע נאַציאָנאַלע צוקונפט. אין בעסטן פאַל פלעגט מען נאָך מודה זיין, אַז דאָס יידישע פאָלק לעבט דערווייל; מען האָט עס אָבער געהאַלטן פאַר אַ דערשיינונג, וואָס מוז פאַרבייגיין, און געציילט האָט מען די שעהן און די מינוטן, וואָס טיילן נאָך אָפּ דאָס צום טויט=פאַראורטיילטע יידישע פאָלק פון זיין באַלדיקן אונטערגאַנג.

אָן דער שפּיץ פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג באַ די אומות=העולם זענען אָפטמאָל געשטאַנען אַסימילירטע יידן, פאַרביסענע שונאים פון דעם נאָמען „ייד" און פון זייער יידישן פאָלק. און זיי, די יידיש=סאָציאַליסטישע אַסימילאַטאָרן האָבן עס איינגערעדט דעם אַרבעטער=קלאַס פון די אַנדערע פעלקער, אַז עס איז נישטאָ און טאָר נישט זיין קיין יידיש פאָלק, קיין יידישער פּראָלעטאַריאַט, קיין יידישער סאָציאַליזם.

אָבער נאָך מער שאָדן האָט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט געבראַכט די צוויי=פּנימדיקע טאַקטיק פונם „בונד", וועלכער האָט דווקא יאָ גערעדט וועגן די אינטערעסן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, אָבער אין דער ווירקלעכקייט שטענדיק פאַרבויגן דידאָזיקע אינטערעסן.

אַרויסטרעטנדיק פאַר די יידישע אַרבעטער אַלס זייער „בן יחיד", אַלס איין-און-

איינציקער נאַציאָנאַלער פּאַרטיידיקער, טרעט ער אָבער אַרויס פאַר דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל נישט אַלס אַ יידישע פּאַרטיי, נאָר אַלס אַן איינפאַכער טייל פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

זינט די אָפענע יידישע אַסימילאַטאָרן און די האַלב-פאַרדעקטע אַסימילאַטאָרן פון „בונד" זענען ביז דער לעצטער צייט געווען באַגלייבט בײַ דער סאָציאַליסטישער וועלט, און די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אונזער יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פּאַרטיי („פּועלי-ציון"), איז פאַרשריבן געוואָרן אַלס „קליין-בירגערלעך", „שאָוויניסטיש", פון אירע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען האָט מען חוזק געמאַכט, ווי פון „אוטאָפּיעס" און „רעאַקציאָנערע חלומות". און געליטן האָט דערפון מער פאַר אַלץ דער יידישער אַרבעטער-קלאַס.

קיינער פלעגט דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל נישט דערמאָנען, אַז עס עקזיסטירט גאָר אויף דער וועלט אַ יידישער פּראָלעטאַריאַט. פאַר אַ סך געדריקטע פעלקער פלעגט זיך איינשטעלן דער אינטערנאַציאָנאַל, נאָר פאַר דעם יידישן פאָלק — נישט, ווייל אונזערע אָפיציעלע „בני-יחידים" פלעגן שווייגן אפילו אין די ביטערסטע מאָמענטן פון דער יידישער געשיכטע.

עס קומט אָבער אַ סוף צו אָט דער פאַרשוויגונגס-פּאָליטיק:

אַ דאַנק דער אַרבעט פון אונזער אַלוועלטלעכן יידישן סאָציאַליסטישן אַרבעטער-פאַרבאַנד „פּועלי-ציון" האָט זיך דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל ענדלעך דערוווסט פון דער ריכטיקער לאַגע און די ריכטיקע נויטן פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט; און דער האָלענדיש-סקאַנדינאַווישער קאָמיטעט, וועלכער רופט צונויף די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ אין שטאָקהאָלם, האָט אין זיין לעצטן מאַניפעסט אַריינגענומען אַלע סאָציאַליסטישע און נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון אונזער פּאַרטיי.

נישט אומזיסט איז דער אַלוועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער-פאַרבאַנד „פּועלי-ציון" געווען די איינציקע יידישע פּאַרטיי, וועלכע האָט באַקומען אַן איינלאַדונג צו באַטייליקן זיך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ אין שטאָקהאָלם.

דורך דער לאַנגיעריקער אומדערמידלעכער אויפקלערונגס-טעטיקייט פון אונזער וועלט-פאַרבאַנד זענען בײַ דער סאָציאַליסטישער וועלט ענדלעך געעפנט געוואָרן די אויגן אויף דער ריכטיקער לאַגע פון די יידישע אַרבעטער. און מיר הערן שוין פון דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל דאָס פולע פּראָגראַם פון אונזער פּאַרטיי בנוגע צו דער יידנפראַגע. דער אינטערנאַציאָנאַל פאָדערט:

1. „די יידישע פראַגע דאַרף פאַרענטפערט ווערן אויפן אינטערנאַציאָנאַלן אופן".

דערמיט האָט די סאָציאַליסטישע וועלט אָפיציעל אָנערקענט אונזער אַלטן שטאַנדפּונקט, אַז די צוואָרפענע טיילן פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער זענען

טיילן פון איין נאַציאָנאַלן קערפּער, און האָט לחלוטין פאַרוואָרפן דעם אַסימילאַטאָרישן קוק פונם „בונד", וועלכער צעברעקלט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַזוי פיל שטיקער, וויפיל עס איז דאָ לענדער אויף דער וועלט.

2. „די רעכט פון די יידישע מינדערהייטן דארפן אומעטום באַשיצט ווערן דורך אַ פּערזאָנאַל־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

דערמיט האָט די סאָציאַליסטישע וועלט אָפיציעל אָנגענומען אונזער פאָדערונג פון פולער נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג פאַרן יידישן פאָלק און אָפּגעוואָרפן די האַלב־אַסימילאַטאָרישע פאָדערונג פון דער בלויז „קולטורעלער אויטאָנאָמיע". אָבער דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך נישט באַגנוגנט דערמיט אַליין, און מוטיק שרייבט ער דעם פּראָלעטאַרישן ציוניזם אויף זיין רויטער פאָן; ער פאָדערט:

3. עס מוז געשטיצט ווערן די קאָלאָניזירונג פון פּאַלעסטינע דורך די יידן.

דערמיט האָט דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל אָפן אַרויסגעזאָגט זיין סימפּאַטיע צום פּועלי־ציוניזם. די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע וועלט וויל נישט הערן פון קיין אַבסטראַקטע טעריטאָריעס ערגעץ אויסער פּלאַץ און צייט, נאָר זי שטעלט דעם טראָפּ קלאָר און דייטלעך אויף פּאַלעסטינע.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ייד. ס. ד. אַ. פּ. (פּועלי־ציון) באַגריסט אייך מיט אַט דעם גרויסן זיג פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. נאָכדעם ווי די רוסישע רעוואָלוציע האָט פּראָקלאַמירט די פולע בירגערלעכע רעכט פאַרן יידישן פאָלק, האָט איצט דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל פּראָקלאַמירט אויך די פולע נאַציאָנאַלע באַפרייונג פונם יידישן פאָלק.

חברים און בירגער! די הייליקע אַרבעט פון אונזערע דעלעגאַטן אין שטאָקהאָלם איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. פון דער יידישער דעמאָקראַטיע הענגט אָפּ, אַז אָט דער דערפאָלג זאָל נישט בלייבן פאַראייזנצלט, נאָר אונזערע שליחים, די פאַרטייִדיקער פון די פולע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פונם יידישן אַרבעטער־קלאַס, זאָלן קענען אומעטום לאָזן הערן די שטים פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

מיר האָפן, אַז די ברייטע יידישע אַרבעטער־מאַסן וועלן אויף אַן עפנטלעכן אופן קרעפטיק אונטערשטיצן די אַזונגען פון אונזער דעלעגאַציע, כדי זיי זאָלן אויך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט אויפגענומען ווערן אַלסדער קלאָרער פעסט־אויסגעדריקטער רעוואָלוציאָנערער ווילן פון דעם גאַנצן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

# רעזאָלוציעס פון דער אַלאוקראַיִנישער קאָנפערענץ פון דער יידישער סאָצ.־דעמ. אַרב.־פּאַרטיי („פּועלי־ציון").

5—10 מאַי 1918.

## וועגן נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע און דעם נאַציאָנאַל־ראַט.

אַלס אירע גרונט־פאָדערונגען אינם קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין אוקראַיִנע, שטעלט אַרויס די י. ס. ד. א. פּ. „פּועלי־ציון" די פאָלגנדע פאָדערונגען:

1) תיכף צונויפרופן דעם העכסטן אָרגאַן פון דער יידישער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, די יידישע נאַציאָנאַלע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אויפן גרונט פון אַלגעמיינעם, גלייכן, דירעקטן, געהיימען און פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־רעכט, אָן אונטערשיד פון געשלעכט; אויף וויפיל עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז תיכף צונויפרופן די יידישע נאַציאָנאַלע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז נישט מעגלעך צוליב אויסערלעכע פּאָליטישע שטערונגען, אָנערקענט די קאָנפערענץ פאַר מעגלעך צונויפצורופן אַ יידישן פאָר־פּאַרלאַמענט אויפן גרונט פון דירעקטע וואַלן, אין וועלכע עס זאָלן זיך באַטייליקן די מיטגלידער פון די געמיינדע־ראַטן אויפן גרונט פון פּראָפּאָרציאָנעלער פאָרשטייערשאַפט, לויט דער צאָל שטימען, וואָס דידאָזיקע ראַט־מיטגלידער וועלן באַשטימען.

2) די קאָנפערענץ האַלט פאַר דעם העכסטן אָרגאַן פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַיִנע ביז דער דערעפנונג פונם פאָר־פּאַרלאַמענט, דעם פּראָוויזאָרישן נאַציאָנאַל־ראַט, וועלכער מוז איבערגעבויט ווערן לויט די רעזולטאַטן פון די וואַלן אין די קהילות.

3) די קאָנפערענץ פאַדערט אויף אַלע חברים אויף די ערטער אָנצונעמען אַלע מיטלען, וואָס גיכער צו פאַרענדיקן די קהילה־וואַלן דאָרט, וואו זיי זענען נאָך נישט

פאַרענדיקט, און מאַכן פון די אָרטיקע קהילות שטיץ־פונקטן פאַר די יידישע נאַציאָנאַ־לע אינסטיטוציעס.

4 די קאָנפערענץ לייגט פאַר די חברים צו באַטייליקן זיך אַקטיוו אין די וואַלן צו די צוזאַמענפאָרן פון די קהילות, סיי די גובערניאַלע, סיי די אַלגעמיין־אוקראַאינישע, קעמפנדיק גלייכצייטיק קעגן דער שטרעבונג צו מאַכן פון דידאָזיקע צוזאַמענפאָרן אַ פאָר־פאַרלאַמענט.

## וועגן דער קהילה.

I. נעמענדיק אין אַכט, אַז די אַרבעט אין די קהילות האָט אַרויסגערופט צווישן אַנדערע די פראַגע וועגן דער קעגנזייטיקער באַציונג צווישן די פריוואַטע, נאַציאָנאַלע און די געמיינדע־שולן, האַלט די אַלאוקראַאינישע קאָנפערענץ פון דער י. ס. ד. אַ. פּ. „פועלי־ציון", אַז דאָס גיין אין פריוואַטע נאַציאָנאַלע שולן באַפרייט נישט פון דער פליכט צו באַזוכן די געמיינדע־שולן.

II. נעמענדיק אין אַכט, אַז אין איצטיקן מאָמענט ווערט דאָס פּאַלעסטינע־פּראָ־גראַם אַרויסגערוקט אויף דער טאָג־אָרדנונג פון דער פּראַקטישער אַרבעט פון דער יידי־שער דעמאָקראַטיע, אָנערקענט די קאָנפערענץ, אַז די יידישע קהילות דאַרפן אַרייננע־מען אין כּלל פון זייער טעטיקייט די פּראַקטישע אַרבעט באַם שטיצן די יידישע אי־מיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע. צוליב דעמדאָזיקן צוועק דאַרפן בא די קהילה־ראַטן געשאַפן ווערן ספּעציעלע אָרגאַנען אין דער פאָרם פון ספּעציעלע פּאַלע־סטינע־קאָמיסיעס אָדער פּאַלעסטינע־סעקציעס אין די עמיגראַציאָנס־קאָמיסיעס — אַלץ לויט די אָרטיקע באַדינגונגען.

III. די אַרבעט אין די קהילות האָט אין פיל ערטער אויפגעשטעלט פאַר די סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן פון די קהילה־ראַטן די פראַגע וועגן באַטייליקן זיך אין די עקזעקוטיוו־קאָמיטעטן (אופּראַוועס) און אינם פאָרשטאַנד פון דער קהילה. די קאָנפע־רענץ האַלט, אַז אין קהילות מיט אַ בורזשואַזיש־קלעריקאַלער מערהייט טאָרן אונזערע חברים בשום אופן נישט אַריינטרעטן אין די אופּראַוועס. ווידער אין אַזעלכע קהילות, וואו די מערהייט פון די ראַטן נעמט אָן די גרונט־פּרינציפּן פון אונזער קהילה־פּלאַט־פאָרם: דעם וועלטלעכן כאַראַקטער פון דער קהילה און די נאַציאָנאַלע שול מיט יידיש אַלס לערן־שפּראַך און נייטראַל אין רעליגעזער הינזיכט — דאַרטן דאַרפן אונזערע חברים אַריינטרעטן אין די קהילה־פאַרוואַלטונגען און זיך באַטייליקן אין אירע אַרבעטן. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם פאָרשטאַנד פון דער קהילה, באַטייליקן זיך אין אים אונזערע חברים בלויז אין פאַל, ווען דער פאָרשטאַנד דערפילט נישט קיין פונקציעס פון אוי־סערלעכער רעפּרעזענטאַנץ פון דער קהילה.

IV. 1) נעמענדיק אין אַכט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף אויסנוצן אַלע

אַנטשפּרעכנדע קהילה־אינסטיטוציעס, כדי צו פאַרברייטערן דעם באָדן פון זיין קלאַסן־קאַמף, פאַרשטאַרקן זיין אָרגאַניזאַציע און באַפרייען זיך פון יעדער פרעמדער אַפּוטרופּסות;

2) נעמענדיק אין אַכט, אַז די קהילה האָט קראַפט און פעסטקייט אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אין דער אַלטעגלעכער אַרבעט אַ לעבעדיקן צוזאַמענהאַנג מיט די ברייטע אָרגאַניזירטע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג;

3) נעמענדיק אין אַכט, אַז די אַנטוויקלונג פונעם מאָדערנעם לעבן בכלל און פונעם יידישן בפרט פירן דערצו, אַז די ראָלע פונעם אַרבעטער־קלאַס אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פאַרשטאַרקט זיך גאָכאַנאַנד און די קראַפט פון פּראָלעטאַריאַט וואַקסט כסדר — באַשליסט די קאָנפערענץ אַריינצונעמען אין אונזער קהילה־פּראָגראַם פאָלגענדן פונקט:

די אַרבעט פון דער קהילה מוז אָרגאַניזירט ווערן אַזוי, אַז פאַר די דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס זאָל באַוואָרנט זיין וואָס אַ גרעסערע באַטייליקונג אין דער טעטיקייט פון דער קהילה.

די קאָנפערענץ באַשליסט, פאַרצולייגן אויף צו באַהאַנדלען אין די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און צו עפענען אין דער פאַרטייאישער פּרעסע אַ דיסקוסיע איבער דער פראַגע וועגן די קאָנקרעטע פאָרמען פון אַזאַ באַטייליקונג. אין יסוד דאַרף אוועקגעלייגט ווערן דער פּרינציפּ, אַז פאַרשטייער פון די דעמאָקראַטישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, און בפרט פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, זאָלן זיך באַטייליקן אין די אַנטשפּרעכנדע קאָמיסיעס פון דער קהילה.

## וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

I. די באַדינגונגען פונעם עקאָנאָמישן קאַמף און פון דער טעטיקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס אין אוקראַינע, זענען אין דער לעצטער צייט העכסט נישט גינסטיק.

II. אַרויסטרעטנדיק אויפן וועג פון קאַמף און אָרגאַניזאַציע באַ אַזעלכע שווערע אויסערלעכע און אינערלעכע באַדינגונגען פון איר אַנטוויקלונג, דאַרף די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג:

1) פירן אַן ענערגישן קאַמף, כדי אָפּצוהיטן די בירגערלעכע פרייהייטן, באַזונדערס דאָס פאַריינס־רעכט, און צו פאַרפעסטיקן אויפן געזעצגעבערישן וועג די אַלע דערגרייכונגען, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט געמאַכט בשעת דער רעוואָלוציע;

2) שטרעבנדיק כסדר צו אונטערשטיצן די פּאָליטישע באַוועגונג פונעם אַרבעטער־קלאַס, דאַרף די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין אוקראַינע, וועלכער עס פעלט אַן איינ־

ציקע אַרבעטער־פּאַרטיי (צוליב דעם פּאַרטייאישן מישמאַש, וואָס עקזיסטירט אינם סאָצי־יאַליזם) אונטערשטיצן די שאַפונג פון אַן אוקראַינישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע.

3) שטייענדיק אויפן שטאַנדפּונקט, אַז די אינדוסטריע דאַרף רעגולירט ווערן דורך דער מלוכה, דאַרפן די פּראָפ. פאַרייניגן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע אָר־גאַנען פון דער רעגולירונג און פון דער קאָנטראָל איבער דער אינדוסטריע.

III. אין דער הינזיכט פון אָרגאַניזאַציע איז בייטיק:

1) תיכף צוטרעטן צום שאַפן אַן אַלאוקראַינישן פּראָפ. צענטער, וועלכער זאָל אויסגעקליבן ווערן אויף דעם אַלאוקראַינישן צוזאַמענפאָר פון די פּראָפ. פאַרייניגן; קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון די פּראָפ. פאַרייניגן אין די גרענעצן פון אוקראַינע לויט די באַזונדערע בראַנזשעס;

2) עס דאַרף געמאַכט ווערן אַ סוף צו דער אינערלעכער צעברעקלטקייט לויט די פּראָפעסיעס און מען דאַרף זיך נעמען צו פאַרייניקן די אַרבעטער פון אַלע גרופּן און שיכטן פון יעדער געוויסער פּראָדוקציע אין גרויסע פאַרבאַנדן;

3) די פאַריינס־פאָנדן דאַרפן אויף אַזוי ווייט פאַרגרעסערט ווערן, עס זאָל מעג־לעך זיין זיך אויף זיי צו שטיצן אינם עקאָנאָמישן קאַמף. די פאַרוואַלטונג מיט דידאָ־זיקע פאָנדן דאַרף זיין שטרענג צענטראַליזירט. לויט דעם דאַרף זיך אָנהייבן אַן אַק־ציע אויף צו העכערן די מיטגלידס־אָפּצאָלונגען;

4) די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען דאַרפן ווערן די איינציקע אָנפירנדע אָרגאַנען אינם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף;

5) די פאַבריקס־ און זאַוואָדן־קאָמיטעטן דאַרפן ווערן די אָרגאַניזאַציאָנס־קערנ־דלעך אין יעדן פּרט, פולשטענדיק אונטערגעוואָרפן אונטער די פּראָפעסיאָנעלע פאַריי־נען, וואָס אָנבאַלאַנגט די אָנפירונג מיטן פּראָפעסיאָנעלן קאַמף.

IV. כּדי צו קעמפן קעגן דעם, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זענען שוואַ־כע אָרגאַניזאַציעס און די מיטגלידער צעשפּליטערן זיך, כּדי צו שאַפן שטענדיקע אָר־גאַניזירטע רייען אין די פאַריינען, און נעמענדיק אין אַכט די פאַרערגערטע אַר־בעטס־באַדינגונגען — דאַרף די פּראָפ. באַוועגונג ברייט אויסקשטעלן די קעגנזייטיקע הילף אַלס איינע פון די וועזנטלעכסטע אויפגאַבן פון דער פּראָפ. באַוועגונג אינם איצ־טיקן מאָמענט. די אַרבעט אויפן געביט פון קעגנזייטיקער הילף אין נייע פאָרמען קאָן ברייט געפירט ווערן אויך אינם קאַמף קעגן אַרבעטסלאָזיקייט, ווייל די פּראָפ. באַווע־גונג קען זיך נישט באַגרענעצן מיטן באַטייליקן זיך אין די מלוכהשע און מוניציפּאַלע אויפטוען, נאָר זי דאַרף פון איר זייט אויסאַרבעטן און פאַרווירקלעכן אַ ריי מיטלען מיטן צוועק פון אַרבעטס־פאַרמיטלונג, אַרויסגעבן שטיצע פאַר אַרבעטסלאָזע, אָרגאַני־זירן די שטיצע מיט פּראָדוקטן, שטיצן מיט רייזע־קאָסטן א. א. וו.

V. נעמענדיק אין אַכט די הויכע פאָדערונגען, וואָס די מאָדערנע אַנטוויקלונג

שטעלט בנוגע דער קולטורעלער קראַפט און באַוואוסטזיניקייט פון פּראָלעטאַריאַט, אָנער־קענט די קאָנפערענץ פאַר נויטווענדיק, אַז די קולטורעלע טעטיקייט פון די פּאַרייען זאָל אין העכסטן גראַד אַנטוויקלט ווערן.

כדי דורכצופירן דידאַקטישע אַרבעט, און כדי צו דערפילן געוויסע אַנדערע פונק־ציעס איז געוואונטשן צו שאַפן נאַציאָנאַלע סעקציעס אין די פּראָפּ. פּאַרייען.

די טעטיקייט פון די יידישע נאַציאָנאַלע סעקציעס דאַרף אַנטהאַלטן: 1) די קול־טורעלע אַרבעט — אָרגאַניזירונג פון לעקציעס, געשפּרעכן, קורסן אויף אַלגעמיינע ביל־דונגס־טעמעס, וועגן פּראָפעסיאָנעלן און אַרבעטער־לעבן; 2) פאָדערן באַ דער יידישער קהילה צו מאַכן אַ סטאַטיסטיק פון דער יידישער באַפעלקערונג און באַטייליקן זיך אין דערדאָזיקער אַרבעט;

3) אָרגאַניזירונג און אָנפירונג (דורך דער יידישער נאַצ. סעקציע) פון אַן אַר־בעטס־בערזע.

4) שטרעבן צו באַטייליקן זיך (דורך פאָרשטייער) אין דער עקאָנאָמישער קאָ־מיסיע, עמיגראַציאָנס־, אַרבעטס־ און אַנדערע קאָמיסיעס פון דער יידישער קהילה.

5) קומען אין קאָנטאַקט מיטן פּאַלעסטינישן אַרבעטער־פאָנד און מיט זייגע אינסטיטוציעס, כדי צו רעגולירן געמיינזאַם די פראַגן פון דער אַרבעטער־עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע און ווי געהעריק צו באַקענען די יידישע אַרבעטער מיט די באַדינגונ־גען פונם מאַרק, מיט די פאָרמען און צושטאַנד פונם פּראָלעטאַרישן קאַמף דאָרטן.

6) פירן אַ פּראָפעסיאָנעלע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די נישט אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער־מאַסן.

## די טאַקטיק פון די פּראָפ. פּאַרייען.

די טאַקטיק פון די פּראָפּ. פּאַרייען צוליב דער קאָמפּליצירטער לאַגע מוז זיין דער עיקר אַ פּאַרטיידיקונגס־טאַקטיק, געווענדט קודם־כל אויף דער אָפּהיטונג פון די קאָ־לעקטיווע אָפּמאַכונגען און דעם 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג.

אויסגלייכונגס־פּאַלאַטעס און פאַבריקס־געריכטן מוזן זיין אַן אומבאַדינגט מיטל אויף צו אַנטשיידן סיכסוכים; און שטרייקן קאָנען דערקלערט ווערן אַלס לעצט מיטל, בלויז ווען די ערשטע צוויי וועגן (די אויסגלייכונגס־פּאַלאַטעס און פאַבריקס־געריכטן) וועלן נישט קאָנען דערליידיקן דעם קאָנפליקט.

VII. די קאָנפערענץ באַאויפטראָגט דעם הילפס־קאָמיטעט פון אוקראַינע צו זאָרגן דערפאַר, אַז ווי מעגלעך פריער זאָל צונויפגערופן ווערן אַ באַראַטונג פון אַלע חברים, וואָס אַרבעטן אין די פּראָפּ. קאָמיסיעס באַ דער פּאַרטיי און אין די פאַרוואַלטונגען און קאָמיסיעס פון די פּראָפּ. פּאַרייען.

VIII. די קאָנפעו״ענץ באַאויפטראָגט דעם הילפס-קאָמיטעט פון דער פאַרטיי אין אוקראַינע אָנצונעמען מיטלען אַרויסצוגעבן אין דער נאָנטסטער צוקונפט אַ צוויי-וועכנלעכן פּראָפעסיאָנעלן אָרגאַן אויף דער יידישער שפּראַך.

## װעגן דער יוגנטלעכער סאָציאַליסטישער באַװעגונג.

די קאָנפערענץ באַגריסט די שטרעבונג פון דער אַרבעטער-יוגנט זיך צו אָרגאַניזירן און לייגט פאַר אַלע פאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס און חברים מיטצוווירקן דער גרינדונג פון פאַריינען פון דער יידישער אַרבעטער-יוגנט, וואָס שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון קלאַסן-קאַמף און פּלאַנמעסיק זיי צו אונטערשטיצן.

די קאָנפערענץ באַאויפטראָגט דעם הילפס-קאָמיטעט פון דער פאַרטיי אין אוקראַינע צו שאַפן אַ פּראָוויזאָרישן סעקרעטאַריאַט אויף אָנצופירן מיט דער יוגנטלעכער באַוועגונג. די אויפגאַבע פונם סעקרעטאַריאַט דאַרף זיין מיטצוהעלפן דער אַרבעט פון די אָרטיקע יוגנטלעכע פאַריינען, אַרויסגעבן אַן אָרגאַן פאַר די ענינים פון דער יוגנטלעכער אַרבעטער-באַוועגונג און צונויפרופן אַ גרינדונגס-צוזאַמענפאָר פון דעם יוגנטלעכן יידישן אַרבעטער-פאַרבאַנד אין אוקראַינע.

# דעקלאַראַציע פון דער י. ס. ד. א. פ. („פועלי־ציון״)

(געלעזן דורכן חבר זרבבל אויף דער צייטווייליקער ייד.־נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין קיעוו 1918).

די צייטווייליקע יידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג קומט זיך צונויף אין אַ צייט, ווען ס׳שפּילן זיך פונאַנדער די געוואַלטיקסטע געשעענישן, וועלכע די מענטשהייט האָט ווען עס איז איבערגעלעבט. די קאַפּיטאַליסטישע וועלט מיט אירע קאָלאָסאַלע אַנטוויקלונגס־כּוחות און טיפע אינעווייניקסטע סתירות האָט אין איר נצחון געמוזט ברענגען צום גרעסטן חורבן פון יעדער מענטשלעכער קולטור און דורכדעם זיך אַליין צוגערוקט צו יענעם טיפן תהום, וואו זי מוז זינקען און פאַרשווינדן. ס׳האָבן זיך אַנטדעקט די קאָנטורן פון דער נייער דעמאָקראַטישער וועלט און ס׳מערקט זיך אָן אַ נייע ווענדונג אין דעם גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע. די מלחמה האָט אַנטפּלעקט אין זייער גאַנצער טראַגישקייט די גרויסע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון אונזער צייט, די רעוואָלוציאָנס־תקופה, וואָס איז איר אומפאַרמיידלעכער פּועל־יוצא, האָט זיי דערנענטערט צו זייער ראַדיקאַלער לייזונג. די וועלט־מלחמה באַקומט איר תּיקון אין דער וועלט־רעוואָלוציע.

אין דערדאָזיקער וועלט־רעוואָלוציע טרעט אַרויס אַלס אַקטיווער אַנטשיידענער כּוח דער קלאַס, וועמען ס׳איז באַשערט צו שרייבן די נייע לוחות הברית פאַר דער נייער מענטשהייט, דער פּראָלעטאַריאַט. אַליין ביז אַהער פאַרשקלאַפט, ליידנדיק דורות לאַנג פון אומגלייכקייט, אונטערדריקונג און מאָראַלישער שפלות, ברענגט דער פּראָלעטאַריאַט מיט זיך פאַר דער גאַנצער וועלט די בשורה פון גלייכקייט, פרייהייט און אָפּשאַפונג פון דער קלאַסן־הערשאַפט. מיר געטרויען נישט די פאַלשע נביאים פון דער אימפּעריאַליסטישער מחנה, וועלכע רעדן וועגן שלום פון פעלקער און זייען אומעטום האַס און שנאה. זיי זענען באַהערשט פון דער תּאווה אויך ווייטער איינצוהאַלטן די

ממשלה אין זייערע הענט; נאָר אַ דאַנק דעם אויפגעוואַכטן געוויסן פון דער וועלט — דעם פּראָלעטאַריאַט, מוזן זיי די שאַנד פון זייערע אימפּעריאַליסטיש־רויבערישע תשוקות הילן און דעקן מיט דעמאָקראַטישע פייגן־בלעטער.

כּדי דער שלום זאָל טאַקע זיין אַ פעסטער און אַ דויערנדער איז נויטיק, אַז די אַרבעטערשאַפט פון אַלע פעלקער און לענדער זאָל זיך וואָס גיכער צונויפקומען און מיט בשותּפותדיקע כּוחות אויפטרעטן אין קאַמף פאַרן באמת דעמאָקראַטישן שלום, ס'איז נויטיק די צוריק־אויפשטעלונג פונם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, ס'איז נויטיק דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס.

די נאַציאָנאַלע פראַגע איז אויך באַלויכטן געוואָרן דורך דער וועלט־שׂרפה. די פּראָבלעמען, וואָס זענען פאַרשאַרפט געוואָרן אין לויף פון דער מלחמה, ווערן אָן זייער אָרטיקע באַדייטונג און ברייטערן זיך אויס אין וועלט־פּראָבלעמען, וואָס פאָדערן אַ תּשובה אין וועלט־מאַסשטאַב. די נאַציאָנאַלע פראַגע פון איינצעלנע פעלקער וועט מוזן געבראַכט ווערן פאַרן משפּט פון דער גאַנצער וועלט, פאַרן בית־דין פון דער אינטערנאַציאָנאַלער דעמאָקראַטיע. זי וועט איצט קאָנען פאַרענטפערט ווערן נישט אַנדערש, ווי לויט די פּרינציפּן פון דער דעמאָקראַטיע, אין הסכּם מיט די אינטערעסן פון דער אייגענער אַרבעטערשאַפט, אין איינקלאַנג מיט די אינטערעסן פון דער אַרבעטנדער מענטשהייט. קיין פאָלק האָט קיין רעכט נישט אונטערויאָכן אַ צווייטן, דער פּראָלעטאַריאַט פון איין נאַציע טאָר נישט געשטעלט ווערן אין זיין קאַמף פאַר די מענטשהייטס־אידעאַלן אין ערגערע באַדינגונגען, ווי זיינע קאַמפס־חברים פון אַנדערע פעלקער. דאָס פולע רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג דאַרף געזיכערט ווערן אַלע נאַציעס.

צווישן די פּראָבלעמען, וואָס האָבן אויפגערודערט דאָס מענטשלעכע געוויסן אין דער איצטיקער גרויסער צייט, פאַרנעמט אַן אָנגעזעען אָרט דאָס פּראָבלעם פונם יידישן פאָלק. צעזייעט און צעשפּרייט אין פאַרשידענע לענדער, צווישן פאַרשידענע פעלקער, זייט טויזנטער יאָר אָפּגעריסן פונם אַמאָליקן טעריטאָריאַלן צענטער, שטעלט מיט זיך פאָר די יידישע נאַציע אַן אייגנהייטלעכע קערפּערשאַפט. יאָר־הונדערטער פון רדיפות און יסורים, פּאָגראָמען און גירושים, צענדליקער איבערקערעניש און שנויים אין דער אַרומיקער סביבה זענען נישט געווען בכּח צו פאַרניכטן דידאָזיקע אייגנהייט און געשלאָסנקייט, נאָר זי נאָך מער פאַרשטאַרקט און פאַרפעסטיקט. אָבער לאַנג האָט געדויערט ביז דער תּוך פונם יידישן פּראָבלעם איז קלאָר אויפגעפּאַסט געוואָרן פון דער געזעלשאַפט און פונם יידישן פאָלק גופא.

בשעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז דאָס יידישע פאָלק דערשינען צום ערשטן מאָל אין זיין גלות־געשיכטע אויף דער פּאָליטישער אַרענע פון אייראָפּע. עס קומט זיך צונויף דער יידישער סנהדרין אין פראַנקרייך. אין נאָמען פון יידישן פאָלק רעדט אָבער די פינאַנץ־בורזשואַזיע, און אין נאָמען פון פאָלק זאָגט זי זיך אָפּ פון זיינע נאַציאָנאַלע רעכט, זאָגט זיך אָפּ פון קאַמף פאַר זיין אייגענעם קיום, און ס'ציט זיך ווייטער די פאַרראָסטעטע קייט פון הכנעה, שפלות און פּאַסיווקייט.

איצט, ווען די וועלט איז אַריינגעצויגן אין דער תקופה פון די גרויסע רעוואָלוציעס, קומען מיר זיך ווידער צונויף, אָבער נישט אין קיין רעליגיעזן סנהדרין, נאָר אין אַ נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג; אין נאָמען פון פאָלק רעדט דאָס פאָלק גופא, און זיין ערשט וואָרט איז:

די יידישע נאַציע איז אַ נאַציע און פאָדערט אירע פולע נאַציאָנאַלע רעכט.

די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קעמפט פאַר דער אָנערקענונג פון די יידישע נאַציאָנאַלע רעכט, ווייל פון דעם הענגט אָפּ די מעגלעכקייט פון אַנטוויקלונג פונם יידישן אַרבעטער-קלאַס און דאָס וועט ווירקן אויף די רעזולטאַטן פון זיין קלאַס-קאַמף, ס'איז איס נייטיק, ווי לופט, צו שאַפן יענע נאַציאָנאַל-אויטאָנאָמע רעכטלעכע אָרגאַנען, וואו ער זאָל זיך צונויפטרעפן פנים אל פנים מיט דער יידישער בורזשואַזיע, קעמפן שריט בּאַ שריט קעגן איר השפעה אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן און סוף כּל סוף איבערנעמען אין זיינע הענט די פירונג און אָרגאַניזירונג פון דער יידישער אַרבעטס-געזעלשאַפט. אין דער אייגענער נאַציאָנאַלער סביבה קעמפט די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פאַר די אַלגעמיינע אידעאַלן פון סאָציאַליזם פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, און אין איין שורה מיט די אַלגעמיינע לאָזונגען, שטעלן זיך פאַר דער יידישער סאָציאַל-דעם. באַזונדערע אויפגאַבן, דיקטירט דורך די אייגנאַרטיקע לעבן- און קאַמפּס-באַדינגונגען פון יידישן אַרבעטער-קלאַס, דורכן באַזונדערן היסטאָרישן גורל פון דער יידישער נאַציע.

דאָ, אין די אויטאָנאָמע יידישע אָרגאַנען קעמפט די יידישע סאָצ. דעמ. קעגן דער דריקנדער און דערנידעריקנדער אַפּטרופּסות פון דער רעליגיע און דער ממשלה פון דער ספּעציפיש-יידישער קלעריקאַלער קליקע מיט אירע כּלי-קודש. די וואַכעדיקע שפּראַך פון דעם אַרבעטס-פאָלק — יידיש — ווערט דורך איר נתעלה צו דער שאַפונגס-שפּראַך פון דער נאַציע, זי ציט אַראָפּ די „אייביקע נאַציאָנאַלע קולטור-ווערטן" פון זייערע אינטעליגענטיש-רבנישע עולמות-עליונים און זיי ווערן דאָס פאַרמעגן פון די ברייטע אַרבעטס-מאַסן. די טאָג-טעגלעכע פּאָליטישע אַרבעט פון דעם פּראָלעטאַריאַט ווערט, אין רעזולטאַט, דער העכסטער אויסדרוק פון דער נאַציאָנאַלער קולטור און אויף אַזאַ אופן ווערט געשאַפן די מאָדערנע, וועלטלעכע דעמאָקראַטישע יידישע נאַציע. דאָס איז געווען דער כּח, וואָס האָט געשאַפן די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

די רוסלענדישע רעוואָלוציע, וועלכע איז געווען דער אויפטו פון דער דעמאָקראַטיע, האָט אויך אין דער יידישער אויטאָנאָמיע געגעבן די מאַכט דער דעמאָקראַטיע. די זעקס חדשים פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין אוקראַינע האָבן געהאַט זייער גרויסע פּעולה. ס'איז צום וואָרט געקומען די יידישע דעמאָקראַטיע. זי האָט געשאַפן יענע פרייע עפנטלעכע אַנשטאַלטן, ווי ס'זענען אויף אַ מלוכהשן אופן רעגולירט געוואָרן די יידישע נאַציאָנאַלע ענינים, די יידישע שפּראַך איז געוואָרן אויך די שפּראַך פון יידישן [illegible] לעבן. דער יידישער אַרבעטער האָט בּאַקומען אַ דעה אין דער

יידישער געזעלשאַפט און ס'האָבן זיך אויפגעדעקט די ברייטסטע פּערספּעקטיוון פאַר זײַן קאַמף.

די אויסערלעכע כוחות פון מיליטערישער אָקופּאַציע האָבן אַ סוף געמאַכט צו דער פרייער אוקראַינער רעפּובליק, זי איבערענטפערנדיק אין רשות פון פאָלקס־פײַנטלעכע אַנטידעמאָקראַטישע עלעמענטן, וועלכע האָבן אַ תּל געמאַכט פון הערלעכן בנין פון דער רעוואָלוציע, און מיט אַש איז באַדעקט געוואָרן אויך דער בנין פון דער נאַצ. אויטאָנאָמיע. ס'איז אָבער דער רעוואָלוציאָנערער אמת פון דער יידישער סאָצ.־דעמאָקראַטיע, אַז די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען ברייט דעם יידישן פּאָליטישן קאַמף איז ענג פאַרבונדן מיט דער הערשאַפט פון דער דעמאָקראַטיע אין אַלגעמיינעם לעבן. דער קאַמף פאַר נאַצ. רעכט איז אַ קאַמף פאַר רעכט בכלל. נאָך דעם 8־טן יוני האָבן מיר זיך נישט געקענט צונויפקומען אפילו אין דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג.

איצט, ווען ס'ווערט ווידער אויסגעלייטערט דער פּאָליטישער האָריזאָנט און ווען מיר זענען זיך צונויפגעקומען אַהער, לאָמיר אַלע געדענקען, אויך די, וואָס זיצן רעכטס, אַז די צײַטווײַליקע נאַצ. פאַרזאַמלונג איז צונויפגערופן דורכן נאַציאָנאַלן ראַט, אַז זי איז אַ כשר קינד פון דער נאַצ. אויטאָנאָמיע אויף אוקראַינע. די פונאַנדערגעלאָזענע ריגעלעך הייבן זיך אָן ווידער אָנצוצירעווען אויף דער גאָלדענער קייט פון אונזער קאַמף פאַר נאַצ. פרייהייט. און די ערשטע קאָנסטיטוציאָנעלע אויפגאַבע פון דער היינטיקער צײַטווײַליקער יידישער נאַצ. פאַרזאַמלונג מוז זײַן: די צוריק־אויפשטעלונג פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און דער צונויפרוף פון דער יידישער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

דער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַלט צונויף מיטן גורל פון דער רעוואָלוציע בכלל, נישט נאָר אין אוקראַינע. די לעצטע נצחונות פון דער דעמאָקראַטיע אין אייראָפּע, די נייע, יונגע, אָקאָרשט פאָרגעקומענע רעוואָלוציע אין עסטרייך, די אויסניכטערונג פון די פּויערים־ און אַרבעטער־מאַסן אין אוקראַינע גופא, פילן אָן אונזער האַרץ מיט אמונה, אַז ס'איז נאָענט דער מאָמענט, ווען ס'וועלן צוריק אויפגעשטעלט ווערן אַלע דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע און צווישן זיי אויך די נאַצ. אויטאָנאָמיע. אין דעמדאָזיקן קאַמף וועט זיך דער יידישער אַרבעטער־קלאַס באַטייליקן מיט דער גרעסטער אַקטיוויטעט און מסירת־נפש, און אין דער קומענדיקער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, האָפן מיר, וועט די מאַכט אין יידישן אויטאָנאָמישן לעבן ווידער געהערן דער דעמאָקראַטיע.

די עקסטעריטאָריאַלקייט פון יידישן פאָלק, דער פאַקט, וואָס מיר דערשײַנען אומעטום אַלס מיעוט, באַשרענקט די מעגלעכקייט און פאַרנעם פון אונזער קאַמף, מאַכט אונז אָפּהענגיק דורכויס פון דער אַרומיקער סביבה הן אין דעם כאַראַקטער פון אונזער אַרבעט און הן אין דעם אומפאַנג פון אונזער השפּעה, די עמיגראַציע האָט פראַ־

דוקטיווירט דאָס יידישע לעבן, געשאַפן נייע יידישע ישובים און צענטרען פון קאָלאָני־זאַציע, דערמיט אויסגעברייטערט דעם שטח פון יידישן פּראָבלעם, אָבער אויך אָנגעוויזן די ריכטונג, אין וועלכער ס׳וועט גיין ווייטער די אַנטוויקלונג פון דעם יידישן לעבן. וואָס ווייטער רוקט זי אַרויס פאַרן גאַנצן פאָלק אַלץ רעאַלער די וויכטיקייט פון אַן אויטאָנאָם־טעריטאָריאַלן צענטער, וואו די אויטאָנאָמע ווירטשאַפטס־סביבה פון דער יידישער נאַציע וועט באַפרייען די שאַפונגס־כוחות פון זיין פּראָדוקטיוון קלאַס, דעם פּראָלעטאַריאַט. די אויטאָנאָמע אייגנאַרטיקע דערשיינונגען פון יידישן לעבן שטעלן אַוועק אויפן סדר־היום פון די אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע אַנשטאַלטן אַזעלכע פראַגן, וועלכע פּאַסן זיך נישט איין אין די ראַמען פון דער רוחניותדיקער נאַציאָנאַלער אָדער פּראָלעטאַרישער „קולטור”, נאָר באַרירן די גאַנצע עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער יידישער נאַציע.

די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע („פּועלי־ציון”), וועלכע האָט געהאַט די גרויסע זכיה אויפצוצייכענען אויף דער רויטער פאָן פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס דעם איינהייטלעכן און סינטעטישן לאָזונג פון נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן קאַמף, דערקלערט פייערלעך, אַז איצט איז געקומען די גרויסע צייט, ווען ס׳האָט זיך אַנטפּלעקט דער היסטאָרישער אמת און תכלית פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווען די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן און פאַרוויקלט אין איין קנויל, ווען די בלוטיקע בויטן פון דעם טאָג, וואָס לויפט אַוועק, און די פּורפּור־שטראַלן פון דעם טאָג, וואָס קומט אָן, וועבן אויס איין קאַמפס־לאָזונג:

דאָס יידישע פאָלק אַלס גלייכבארעכטיקטער מיטגליד פון דער פעלקער־משפחה, דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אַלס גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל!

פונדאַנגען די פאָדערונגען פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע:

נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין די לענדער פון דער יידישער קאָמפּאַקטער קאָנצענטרירונג און דער טעריטאָריאַלער צענטער אין פּאַלעסטינע!

ביידע פאָדערונגען זענען אַ פּראָדוקט פון אונזער אייגן לעבן, גיבן אַ תשובה אויף אונזערע אייגענע נויטן; ביידע וועלן זיי דעריבער אויך פאַרווירקלעכט ווערן דורך אונזערע אייגענע כוחות, דורכן קאַמף פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. אין אונזער קאַמף פאָדערן מיר אָבער די שטיצע און מיטהילף פון אונזערע קאַמפס־חברים פון אַנדערע פעלקער, ווייל אונזער פּראָבלעם קאָן געלעזט ווערן נאָר אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין אוקראַינע וועט אויסערלעך גאַראַנטירט ווערן דורך דער אָנערקענונג פון דער יידישער נאַציע אַלס אַ באַזונדער איינהייט אין דער גאַנצער וועלט, און אַלס פּועל־יוצא פון דעם וועט אויך קומען די אָנערקענונג פון אונזער עסטינע־פּונקט.

מיר פאָדערן נישט קיין רעכט א ו י ף פּאַלעסטינע און קיינע פּריווילעגיעס, וואָס
זאָלן דאָרט שטערן דער אַנטוויקלונג און פרייהייט פון אַנדערע פעלקער. אונזערע רעכט
א ו י ף פּאַלעסטינאַ וועלן קומען אַלס רעזולטאַט פון אונזער אַרבעט א י ן פּאַלעסטינאַ.
מיר פאָדערן דעריבער די גאַראַנטיעס פאַר דער מעגלעכקייט און פרייהייט פון אונזער
אַ ר ב ע ט. די אַרבעט, וועלכע איז ביז איצט געשאַפן געוואָרן אין ארץ=ישראל, איז
דער י ס ו ד פון אונזער ווייטערדיקן קאַמף בנוגע דער לעזונג פון אונזער טעריטאָר=
יאַלן פּראָבלעם. און אין היינטיקן גרויסן טאָג פון דער ערשטער דעמאָקראַטיש=געווייל=
טער יידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג שיקט פונדאַנען די יידיש סאָצ. דעמ. „פּועלי=
ציון" איר ברידערלעכן גרוס די ה ע ל ד ן פ ו ן אַ ר ב ע ט, וועלכע זענען אין משך
פון פיר יאָר פון מענטשן=שחיטות און פאַרוויסטונגען געבליבן אויף זייערע אַרבעטס=
פּאָזיציעס אין פּאַלעסטינע, אויף קיין איין רגע נישט איבערגעריסן דאָס געוועב פון
יידישן אַרבעט=שאַפן אין ניילאַנד, און אָפּגעהיט די סאָציאַליסטישע טראַדיציעס פון
דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

די שאַפונג פון טעריטאָריאַלן צענטער אין פּאַלעסטינע שטייט איצט אַלס די פּ אָ=
ל י ט י ש ע פּ ר אַ ג ע פון דעם יידישן פאָלק, און די יידישע סאָצ.=דעמ. האָפט, אַז
די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט וועט דערפילן די אחריות פאַרן שאַרפסטן פּראָבלעם
פון אונזערווירקלעכקייט, וועט פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די פאָלקס=מאַסן אין דעם
דאָזיקן פּאָליטישן מאָמענט, ווי אויך אָרגאַניזירן אירע כחות בנוגע דעם סאָציאַל=ווירט=
שאַפטלעכן פּראָצעס פון דעם שאַפן דעם טעריטאָריאַלן צענטר.

דידאָזיקע פאָדערונגען פון דער יידישער סאָצ.=דעמ. זענען פאָרגעבראַכט געוואָרן
פאַרן העכסטן טריבונאַל פון דער אַלוועלטלעכער דעמאָקראַטיע און אין דעם האָ=
לענדיש=סקאַנדינאַווישן מאַניפעסט האָבן זיי געקריגן איר סאַנקציע און אָנערקענונג.
ס'איז אַן איבריק מאָל אונטערגעשטראָכן געוואָרן די איינהייט און סאָלידאַריטעט, וועל=
כע הערשט צווישן אונז און דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער וועלט אין דער אויפפאַסונג
פון די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, וואָס עס וועט צוגעבן דער יידישער
אַרבעטערשאַפט מוט און ענערגיע פאָרטצוזעצן איר קאַמף אין זעלבן גייסט אויך
ווייטער.

די צייטווייליקע נאַצ. פאַרזאַמלונג קומט זיך צונויף אין אַ צייט, ווען די יידישע
נאַציע שטייט פאַר די גרעסטע נסיונות און יעדעס וואָרט אונזערס מוז זיין דורכגע=
זאַפּט מיטן געפיל פון דער גרעסטער אחריות. דאָס גאַליציישע יידנטום ווערט צעריסן,
ווי אָקאָרשט דאָס רוסלענדישע. די הערשער פון באַפרייטן פוילן פייערן זייער באַ=
פרייונגס=יום=טוב מיט יידישע פּאָגראָמען. די פאַרפאָלגונגען אין רומעניען האָבן זיך
אויסגעשפּרייט אויך איבער בעסאַראַביען, אין די נייע אויסגעבילדעטע קאַנט=מלוכות
פון רוסלאַנד ווערן איינגעפירט די אַלטע יידן=באַשרענקונגען, אין אוקראַינע ווערן מיר
איגנאָרירט, אונזער שפּראַך נישט אָנערקענט, די קהילות דערשיטערט, דאָס געזעל=
שאַפטלעכע לעבן פאַרקריפּלט. די צייטווייליקע נאַצ. פאַרזאַמלונג מוז זיך דערהייבן

צו דער אויפֿערגעוויינלעכער וויכטיקייט פֿון מאָמענט אַרויסצוווייזן די פּאָליטישע רייפֿ־
קייט צו אַליין־פֿאַרוואַלטונג, צו זעלבסט־באַשטימונג.

---

די פּאָזיציע, וואָס אונזער פֿראַקציע וועט פֿאַרנעמען דאָ, איז די זעלבע פּאָזיציע, וואָס די יידישע סאָצ. דעמ. („פּועלי־ציון") פֿאַרנעמט אין יידישן לעבן. פֿיינט פֿון רעכטס, קעגנער־פֿרייינט פֿון לינקס. סאָציאַלער ניהיליזם פֿון איין זייט, אַנטי־פּאַלעסטיניזם פֿון דער אַנדערער זייט, קאָנסערוואַטיזם פֿון רעכטס, אָפּאָרטוניזם פֿון לינקס.

אונזער ליניע וועט תמיד בלייבן דיזעלבע, די ליניע פֿון דער יידישער סאָצ. דעמ. תמיד וואַך צו די אינטערעסן פֿון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס, תמיד שפּירן דעם פּולס פֿון זיין קאַמף, קיינע צוימען, קיינע סייגים פֿאַר זיין רעוואָלוציאָנערן ווילן.

נישט קיין פּאַרטיי פֿאַר ארץ־ישראל, נישט קיין פּאַרטיי פֿאַר אַ וועלכן ס'איז אַנדער לאַנד — וועלן מיר תמיד האָבן אין זינען די באַוועגונג פֿון דעם איינהייטלעכן יידישן אַרבעטער־קלאַס אין דער גאַנצער וועלט, אַלס קינד פֿון דער איינהייטלעכער יידישער נאַציע, אַלס חבר פֿון דער איינהייטלעכער אַרבעטער־משפּחה. דער עבר, דער היינט, די צוקונפֿט — ס'איז איין געוועב פֿון קאַמף. אָן מורא פֿאַר פֿיינט, אָן אָפּאָרטו־ניזם לגבי קעגנער — וועלן מיר זיך תמיד האַלטן באַ דער קאַמפּס־ליניע פֿון דעם גע־פּייניקטן און ליידנדן, קעמפֿנדן און שאַפֿנדן יידישן אַרבעטער־קלאַס.

# פועלי־ציון־אויסגאַבן אין ליטע.

## (נאָטיצן)

1) „בער באָראָכאָוו" „באָראָכאָווס קורצע ביאָגראַפיע מיט ספּעציעלער באַריקזיכטיקונג פון זיין פּאַרטייאישער טעטיקייט" אַ בראָשור אַרויסגעגעבן אין קאָוונע אין דעצעמבער 1919, פאַרלאַג „האמר".

2) „אונזער וואָרט" זאַמלהעפט סעפּטעמבער 1920

3) „אַרבעטער־וואָרט" „ אָקטאָבער 1920

4) „אַרבעטער־געדאַנק" „ נאָוועמבער 1920

5) „אונזער אַרב. געדאַנק" דעצעמבער 1920

אַרויסגעגעבן אין קאָוונע, פאַרלאַג „אַרב.־היים".

6) „דאָס פרייע וואָרט" איינמאָליקע צייטונג, אַרויסגעגעבן דורך דער י. ס. ד. אַ. פּ. פּוע"צ אין ליטע, קאָוונע, אָנהויב 1920.

7) „אַרבעטער צייטונג" אַרויסגעגעבן 40 נומערן, וועכנטלעכער פּאַרטיי־אָרגאַן, דער ערשטער נומער אַרויס אין קאָוונע דעם 6־טן אַפּריל 1921. דער לעצטער נומער איז אַרויס פרייטיק דעם 12־טן מאַי 1922 (די אַרבעטער־צייטונג איז קאָנפיסקירט און געשלאָסן געוואָרן דורך דער מאַכט דעם 10־טן מאַי 1922 (שפּעטער פאַרהתמעט די אייגענע זעצעריי).

8) „כוואַליעס" איינמאָליקע צייטונג, קאָוונע, דעם 20־טן מאַי 1922.

9) „אויפגאַנג" „ „ יוני, 1922.

10) „אונזער רוף" „ „ שאַוול, פרילינג 1923 (קאָנפיסקירט).

11) „דער אַרבעטער־רוף" (איינמאָליק). פרילינג, 1923 פּאָנעוועזש (קאָנפיסקירט אין דרוק).

12) „אַרבעטער־פּאַלעסטינע" (איינמאָליקע אויסגאַבע), קאָוונע, סעפּטעמבער 1924.

13) „אויפגאַנג" איינמאָליקע אויסגאַבע, קאָוונע 6 סעפּטעמבער 1923.

14) „דאָס אַרבעטער־וואָרט" איינמאָליקע אויסגאַבע, קאָוונע, דעם 24־טן סעפּטעמבער 1923.

15) „אַרבעטער געדאַנק", באַלטישע אויסגאַבע אין ריגע דעם 26־טן יאַנואַר 1925 (דעם רעדאַקטאָר פון דער צייטונג פאַרמשפּט פאַר דער אויסגאַבע צו 18 מאָנאַטן תפיסה).

צו דער ערשטער עפּאָכע פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין ליטע געהערן אויך די 9 נומערן „אַרבעטער־לעבן“ אַרויסגעגעבן אין ליטוויש, יידיש, און רוסיש, דורך דעם קאָוונער צ. ב. פון די פּראָפ. פאַריינען, אין רעדאַקציע האָט אָנטייל גענומען דער ח׳ פון פּוע״צ אלתר אַראַצקער. אַרויס פון סוף 1918 ביז סוף 1919.

דער „בונד“ האָט אַרויסגעגעבן אַ וואָכן־בלאַט „די נייע צייט“, שפּעטער די ייד. סעקציע אַ וואָכן־בלאַט „די וואָך“. די 2 צייטונגען האָבן אויפגעהערט צו דערשיינען אין מיטן 1922.

## פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס אין ליטע פאַרן פּעריאָד 1918—1920.

1) קאַלוואַריע 2) מאַריאַמפּאָל 3) סומנע 4) לאַזדיי 5) ווילקאָ־ווישקי 6) נײשטאָט 7) שאַקי 8) קאָוונע 9) יאַנאָווע 10) קיידאַן 11) ראַדווילישקי 12) ניי ראַדווילישקי 13) שאַוול 14) קורשאַן 15) ווילקאָמיר 16) מאָליאַט 17) פּאָנעוועזש 18) פּלונגיאַן 19) מאַזשייק 20) זשאַגער 21) טאַווריק 22) קעלם 23) ראָסיין 24) דאַטנאַווע 25) קראָקע 26) אוטיאַן 27) באַלבערישקי 28) אָליטע 29) אָקמיאַן 30) יורבורג 31) קיבאַרט 32) ווירבאַלן 33) קעלם 34) מערעטש 35) שאַדאָווע 36) בירזש 37) יאַנישקי 38) פּלונגיאַן 39) טעלז 40) קורשאַן 41) ראָקישקי 42) שקודוויל 43) שילעל. (אין שפּעטערדיקע פּעריאָדן זענען צוגעקומען אָרגאַניזאַציעס אין 44) ווילקי 45) רעמיגאַלע 46) סאַפּיזישאָק.

באַמערקונג: אין די שטעט, וואָס זענען אונטערגעשטראָכן, זענען געווען אַרבעטער־היימען פון פּועלי־ציון, פאַרמאַכטע דורך דער מאַכט. כמעט אומעטום זענען געווען „באָראָכאָוו־ביבליאָטעקן“ ביז 1921.

אין קאָוונע האָבן פּועלי־ציון געהאַט אַ ריזיקן פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוו „האַמער“, וועלכער האָט פאַרמאָגט: 1) זעצערײַ 2) מעבל־פאַבריק 3) דאַמען־בייערײַ 4) מענער־שנײַדערײַ. אין 1924, אונטערן דרוק פון די שווערע רדיפות און צוליבן אָפּהאַלטן קרעדיטן, זענען די פּועלי־ציון געצוואונגען געווען דעם קאָאָפּעראַטיוו איבערגעבן דעם „החלוץ“ (איצט „עבודה“).

די זעצערײַ איז נאָך אין 1923 רעקווירירט געוואָרן, די שנײַדערײַ אין זעלבן יאָר פאַרמאַכט צוליב רדיפות. אין קרעטינגען האָבן פּועלי־ציון אויך געהאַט אַ בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו — פאַרמאַכט דורך דער מאַכט אין 1923.

אין דעם גרעסטן טייל שטעט זענען די אָרגאַניזאַציעס, ניט געקוקט אויף די שווערע רדיפות, פאַרבליבן (אומלעגאַל) עד היום.

# פועלי־ציון־פרעסע אין פוילן.

## (מאַטעריאַלן צו אַ ביבליאָגראַפיע)

דער ערשטער אָרגאַן פון „פועלי־ציון" אין פוילן (אין געוו. רוסישן פוילן) האָט דערזען די ליכטיקע שיין אין יאָר 1905, אין טשענסטאָכאָוו. אַ דאַנק דער אַרבעט פון ח׳ מ. (מ. יאַרבלום) איז דאָרט דערשינען דער ערשטער נומער „דאָס יידישע אַרבע־טער־וואָרט", אַלס אָרגאַן פון „טשענסטאָכאָווער אונטער־ראַיאָן". דערווייל האָט זיך קאָנסטיטוירט דער פוילישער פאַרבאַנד. דער צווייטער נומער איז דערשינען ערשט אין 1906, אַלס אָרגאַן פון „וואַרשעווער ראַיאָן", און דער דריטער נומער איז שוין אָפיציעל דער אָרגאַן פון פאַרבאַנד.

נאָך דער פאַרייניקונג מיט דער פוע"צ־פאַרטיי פון רוסלאַנד גיט פוילן נישט אַרויס קיין פעריאָדישע אויסגאַבן. ערשט אין יאָר 1912 איז אין וואַרשע דערשינען אַ זאַמל־בוך „אַרבעט", וואָס איז געווען געווידמעט דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. דאָסדאָזי־קע זאַמלבוך איז תיכף קאָנפיסקירט געוואָרן. עטלעכע אויסגאַבן: „צייט", „אונזער צייט", „איצט" און „געדאַנק" זענען רעדאַגירט געוואָרן אין וואַרשע און געדרוקט אין ווילנע. אין מערץ־אַפּריל 1914 דערשיינט ווידער אין וואַרשע דער „האַנדלס־אָנגעשטעלטער". די ערשטע צוויי נומערן ווערן קאָנפיסקירט. נאָכן דריטן נומער ווערט דער „האַנדלס־אָנגעשטעלטער" אינגאַנצן אָפּגעשטעלט דורך דער מאַכט. די פוע"צ־אָרגאַניזאַציעס אין פוילן מוזן זיך אַ לאַנגע צייט באַגנוגן מיט דער פאַרטיי־ליטעראַטור פון רוסלאַנד.

ערשט אין סוף פון יאָר 1918 טרעטן די פועלי־ציון אין פוילן ווידער צו אַרויס־צוגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן. פאַר דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן זיי נישט געקאָנט באַקומען קיין דערלויבעניש אויף אַ צייטונג. אַכט מאָל האָבן זיי אָנגעגעבן בקשות אויף פאַרשידענע נעמען און — אָן שום רעזולטאַט. אין אָקטאָבער

1918 דערשיינט אין זשורנאַל־נומער „אונזער־וואָרט". דערדאָזיקער זשורנאַל ווערט תּיכּף אָפּגעשטעלט צוליב אומאָפּהענגיקע סיבות. אין נאָוועמבער פֿונעם זעלביקן יאָר דערשיינט ווידער אַ נומער דאָס „אַרבעטער־וואָרט".

תּיכּף נאָך דער איבערקערעניש אין דייטשלאַנד, דערשיינט דער ערשטער נומער „די אַרבעטער־צייטונג" אין דער פֿאַרכאַפּטער דרוקערײַ פֿון דער אָרטאָדאָקסישער צײַטונג „דאָס יידישע וואָרט". תּחילת, אַלס וואָכנטלעכער אָרגאַן, הייבט די „אַרבעטער־צייטונג" אָן פֿון נומער 12 צו דערשייגען צוויי מאָל אין דער וואָך. 98 נומערן זענען דערשינען אָן הפסקות.

פֿאַר דערדאָזיקער צייט זענען געווען זעקס קאָנפֿיסקאַציעס — די נ"נ 21, 29, 50, 58, 75, 85. פֿאַר דריי אַרטיקלען איז דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר צוגע־צויגן געוואָרן צו געריכטלעכער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. אין נאָוועמבער 1919, פּונקט צום יאָר, ווערט די „אַרבעטער־צייטונג" אינגאַנצן אָפּגעשטעלט דורך דער מאַכט. בסך הכּל זענען אַרויס 98 נומערן.

תּיכּף דערשיינט אַן איינמאָליקע אויסגאַבע „אַרבעטער־וואָרט", גלייך דערויף „אַרבעטער־וועלט" און „אַרבעטער־לעבן".

עס געלינגט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ נייער צייטונג (אין דעצעמבער 1919) „נייע אַרבעטער־צייטונג". באַלד דער ערשטער נומער ווערט קאָנפֿיסקירט. עס דערשייגען ווייטער די נומערן 2, 3 און 4. דער נומער 5 ווערט ווידער קאָנפֿיסקירט, דער רעדאַקטאָר ווערט צוגעצויגן צו געריכטלעכער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און נאָכן דערשייגען פֿון נומער 11 (פֿעברואַר 1920) ווערט די צייטונג אינגאַנצן אָפּגעשטעלט דורך דער מאַכט.

אָבער ווידער געלינגט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ נייער צייטונג — „אַר־בעטער וואָרט". דידאָזיקע צייטונג האָט מען שוין אַ ביסל לענגער געלאָזט צו־רו, אָבער קיין אַריכת־ימים האָט זי אויך נישט געהאַט — נאָכן דערשייגען פֿון נומער 24 ווערט זי אין מאַי פֿון זעלביקן יאָר פֿאַרמאַכט, די רעדאַקציע פֿאַרחתמעט און דער רעדאַקטאָר אינטערנירט.

ס'הייבט זיך ווידער אָן אַ שורה איינטאָג־אויסגאַבן יעדע וואָך: „אַרבעטער־וועלט", „אַרבעטער־לעבן", „אונזער אַרבעטער־וואָרט", „אונזער אַרבעטער־וועלט", „דאָס נייע אַרבעטער־וואָרט". ס'האָט שוין געזאָלט אַרויסגעגעבן ווערן אַ טאָג־צייטונג, אָבער די כּסדרדיקע רדיפֿות פֿון דער פּאָליציי און די אומדערהערטע שיקאַנעס מצד דער בונדי־שער פֿאַרוואַלטונג פֿון דרוקער־פֿאַריין צעשטערן דעמדאָזיקן פּלאַן. ציט זיך ווייטער די שורה פֿון איינטאָג־אויסגאַבן: „אונזער אַרבעטער־צייטונג", „טעגלעכע אַרבעטער־צייטונג", וואַרשעווער אַרבעטער־צייטונג", „פֿרייע אַרבעטער־צייטונג", יידישע אַרבעטער־צייטונג". דער רעדאַקטאָר פֿון איין איינטאָג־אויסגאַבע גייט זיצן אויף צוויי וואָכן אין תּפֿיסה אַריין.

ר באַוויזט זיך די פּעריאָדישע „אונזער אַרבעטער־צייטונג", אָבער נאָכן דער־

ארבייטער-ווארט

ארבעטער-וועלט

ארבעטער-בלאט

אונזער צייטונג

פרייטיק

נייע וועלט

פּראָלעטאַרישער געדאַנק

דאס לעבן

קאאפעראציע

די וואך

דער האנדעלס-אנגעשטעלטער

די ארבייטער-צייטונג

אונזער ווארט

צוואנציק יאר

דער פראלעטאריאט האט דאס ווארט!

אַרבעטער פּרעסע אין פּוילן פֿאַר די לעצטע יאָרן

שיינען פון נומער 7 ווערט זי אין יולי 1920 אָפּגעשטעלט דורך דער מאַכט. און ווי־דער גייט אַ שורה איינטאָג־אויסגאַבן: „אונזער לעבן", „דאָס נייע וואָרט". די באַלשע־וויקעס באַזעצן גאַנצע געגנטן אין פוילן. די רעאַקציע ווילדעוועט אויפן מוראדיקסטן אופן, רעפּרעסיעס שיטן זיך אָן אַן אויפהער און דער אַרבעטער־פּרעסע ווערט אָנגע־האָנגען אַ שלאָס אויפן מויל. די פּועלי־ציון־פּרעסע ווערט לגמרי דערשטיקט אויף אַ קורצער צייט (פון אויגוסט ביז דעצעמבער 1920).

אָבער אין דעצעמבער 1920 דערשיינט דאָס זאַמלהעפט „דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק". דאַסדאָזיקע זאַמלהעפט ווערט קאָנפיסקירט און דער פאַראַנטוואָרטלעכער רע־דאַקטאָר ווערט אינטערנירט. אין דעמזעלביקן חודש באַווייזט זיך אַ צווייט זאַמל־העפט: „אונזער לעבן".

אויפן נייעם יאָר 1921 דערשיינט אַן איינטאָג־אויסגאַבע „אונזער לעבן" און באַלד דערנאָך אַ וואָכנבלאַט מיטן זעלביקן נאָמען, צוויי נומערן זענען דערשינען און די צייטונג איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך דער מאַכט. ס'דערשיינט אַן איינטאָג־אויסגאַבע „דאָס נייע לעבן" און ווערט קאָנפיסקירט. דערנאָך באַווייזט זיך אַ וואָכנ־בלאַט „אונזער געדאַנק", אָבער אויך די צייטונג איז נישט נושא־חן בא דער רעאַק־ציע. עס דערשיינען קוים צוויי נומערן און זי ווערט פאַרמאַכט. קעגן דעם פאַראַנט־וואָרטלעכן רעדאַקטאָר, ה' יצחק רובין, ווערט פאַרפירט אַ פּראָצעס און ער זיצט אָפּ העכער צוויי יאָר אין תפיסה.

ס'דערשיינט ווידער אַן איינטאָג־אויסגאַבע „דאָס וואָרט" און באַלד דערנאָך דאָס וואָכנבלאַט „נייע וועלט" נומער 1. ס'באַווייזט זיך אַן איינטאָג־בלאַט „נייע צייטונג" און ווידער דאָס וואָכנבלאַט „נייע וועלט" נ"נ 2—6. ווידער אַן איינטאָג־בלאַט „נייער אַר־בעטער־געדאַנק" און ווידער „נייע וועלט" נ"נ 7—12. נאָכן צוועלפטן נומער ווערט דאָס וואָכנבלאַט אָפּגעשטעלט דורך דער מאַכט.

ס'באַווייזט זיך אַ זאַמלהעפט „די אַרבעט" און באַלד דערויף דאָס וואָכנבלאַט „דער מאָרגן". עס דערשיינען די נ"נ 1—15. דער נומער 15 ווערט קאָנפיסקירט. דער פאַרלאַג „אַרבעטער־היים", וואו די צייטונג איז געדרוקט געוואָרן, ווערט פאַרחתמעט און באַלד צוריק געעפנט. באַם פאַראַנטוו. רעדאַקטאָר, ה' שאול אַמסטערדאַם, קומט פאָר אַ רעוויזיע. קעגן דעם רעדאַקטאָר און געהילף־רעדאַקטאָר (ה' דניאל לייבל) ווערט פאַר־פירט אַ פּראָצעס. עס דערשיינט דער נומער 16 און ווערט ווידער קאָנפיסקירט; מיטן נומ. 19 ווערט די צייטונג אָפּגעשטעלט. אין לאָקאַל פון רעדאַקציע קומט ווידער פאָר אַ רעוויזיע.

עס הייבט זיך ווידער אָן אַ שורה איינטאָג־בלעטער: „אונזער וועלט", „אונזער געדאַנק", „אונזער טאָג". מיט דעם פאַרענדיקט זיך דאָס יאָר 1921.

דאָס יאָר 1922 הייבט זיך אָן מיטן איינטאָג־בלאַט „אונזער וועלט" און באַלד דערנאָך דערשיינט דאָס איינטאָג־בלאַט „אונזער טאָג", די זאַמלביכער „אויפגאַנג" און

„באַגינען" (דערשיינען אין לעמבערג) און ווידער די איינטאָג־בלעטער „אונזער בלאַט", „פאָלקס־בלאַט".

עס באַווייזט זיך דאָס וואָכנבלאַט „די וואָך". דער ערשטער נומער ווערט קאָנ־פיסקירט, דער פערטער ווערט ווידער קאָנפיסקירט, די צייטונג ווערט אָפּגעשטעלט און קעגן רעדאַקטאָר ווערט פאַרפירט אַ פּראָצעס. עס דערשיינען די איינטאָג־בלעטער „יום־טוב־בלאַט" און „צום פרילינג". דאָס צווייטע ווערט קאָנפיסקירט.

עס דערשיינט דאָס וואָכנבלאַט „פּרייטיק". דער צווייטער נומער ווערט קאָנפיס־קירט. קעגן רעדאַקטאָר ווערט פאַרפירט אַ פּראָצעס. נאָכן דערשייגען פון נומ. 9 באַ־ווייזט זיך דער איינטאָג־בלאַט „אַרבעטער־וועלט" און דערנאָך דאָס וואָכנבלאַט „אונזער אַרבעטער־וועלט". עס דערשיינען 9 נומערן.

עס באַווייזט זיך די טאָג־צייטונג „דאָס לעבן". די נומ. 6 און 20 ווערן קאָנ־פיסקירט און נאָכן דערשיינען פון נומ. 22 ווערט די צייטונג אָפּגעשטעלט דורך דער מאַכט און קעגן רעדאַקטאָר ווערט פאַרפירט אַ פּראָצעס.

עס דערשיינט „פּרייטיק" נומ. 10. דערנאָך קומט אָן איינטאָג־בלאַט „דאָס נייע לעבן". קעגן רעד. ווערט פאַרפירט אַ פּראָצעס (דאָס בלאַט איז נ י ש ט קאָנפיסקירט געוואָרן). עס באַווייזט זיך ווידער „פּרייטיק" נומ. 11 — 18. מיטן 18־טן נומער ווערט אָפּגעשלאָסן דאָס יאָר 1922.

אין 1923 דערשיינען נאָך „פּרייטיק" נ"נ 19, 20, 21. דאָס וואָכנבלאַט ווערט אָפּגעשטעלט דורך דער מאַכט און ט'הייבט זיך אָן אַ שורה איינטאָג־בלעטער : „לעבן און אַרבעט", „אונזער אַרבעט", „פרייע אַרבעט", „אַרבעטער־בלאַט", „אונזער אַרבע־טער־בלאַט", „פריי אַרבעטער־בלאַט", „אַרבעטער־טריבונע".

ס'באַווייזט זיך דאָס וואָכנבלאַט „אַרבעטער־בלאַט". די נ"נ 2 און 4 ווערן קאָנ־פיסקירט, די צייטונג ווערט אָפּגעשטעלט און קעגן רעדאַקטאָר ווערט פאַרפירט אַ פּראָצעס.

און ווידער אַ שורה איינטאָג־בלעטער : „אונזער אַרבעטער־טריבונע", „נייע אַר־בעטער־טריבונע", „פרייע אַרבעטער־וועלט", „דאָס נייע וואָרט", דערנאָך דאָס וואָכנ־בלאַט „אונזער צייטונג".

עס דערשיינען די נ"נ 1 און 2, דערנאָך די איינטאָג־בלעטער „די נייע צײ־טונג", „דאָס פרייע וואָרט" (דער רעדאַקטאָר פון לעצטן ווערט אַרעסטירט, ס'ווערט קעגן אים פאַרפירט אַ פּראָצעס און ער ווערט באַפרייט) און ווידער „אונזער צייטונג" נ"נ 3—6. די צייטונג ווערט אָפּגעשטעלט.

ווידער אַ לאַנגע שורה פון וועכנטלעכע איינטאָג־בלעטער : „אַרבעטער פראַגן", „נייע אַרבעטער־פראַגן", „אונזערע אַרבעטער־פראַגן", „יידישע אַרבעטער־פראַגן", „אַק־טועלע אַרבעטער־פראַגן", „וואַרשעווער אַרבעטער־פראַגן", „אַלגעמיינע אַרבעטער־פראַגן", „די נייעסטע אַרבעטער־פראַגן", „די נייעסטע יידישע אַרבעטער־פראַגן", „געזעלשאַפט־לעכע אַרבעטער־פראַגן", „היינטיקע אַרבעטער־פראַגן", „היינטיקע יידישע אַרבעטער־

פראַגן״, ״צייט־פראַגן״, ״אונזערע צייט־פראַגן״, ״נייע צייט־פראַגן״, ״אַלגעמיינע צייט־פראַגן״. עס ענדיקט זיך דאָס יאָר 1923, אָבער די שורה ווערט נישט איבערגעריסן.

אין 1924 ציט זיך ווייטער די ריי: ״אַקטועלע צייט־פראַגן״, ״היינטיקע צייט־פראַגן״, ״וואַרשעווער צייט־פראַגן״, ״נייע וואַרשעווער צייט־פראַגן״, (קאָנפיסקירט). ״אונזערע אַקטועלע צייט־פראַגן״, ״אַרבעטער צייט־פראַגן״, ״אונזער וואָרט״, ״דאָס נייע בלאַט״.

עס באַווייזט זיך דאָס וואָכנבלאַט ״אַרבעטער־וועלט״. עס דערשיינען די נ״נ 1—8 דערנאָך דאָס איינטאָג־בלאַט ״צום פריילינג״ און ווידער ״אַרבעטער־וועלט״ נומער 9 און ווייטערע. די נ״נ 24 און 26 ווערן קאָנפיסקירט, קעגן רעד. ווערן פאַרפירט 2 פראָצעסן און נאָכן דערשיינען פון נום. 27 ווערט די צייטונג אָפּגעשטעלט. און ווידער גייט אַ שורה איינטאָג־בלעטער: ״אונזער אַרבעטער־וועלט״, ״נייע אַרבעטער־וועלט״, ״אונזער נייע אַרבעטער־וועלט״, אַרבעטער־וואָרט״, אַרבעטער־צייטונג״.

אין נאָוו. 1924 באַווייזט זיך דאָס וואָכנבלאַט ״נייע אַרבעטער־וועלט״. עס דערשיינען 54 נומערן, דערנאָך דערשיינען די איינטאָג־בלעטער ״יידישע אַרבעטער־וועלט״ ״וואַרשעווער אַרבעטער־וועלט״, ווידער ״נ. אַרב. וועלט״ נום. 35, איינטאָג־בלאַט ״אונזער אַרבעטער־וועלט״ ״נ. אַרב. וועלט״ 56—58, איינטאָג־בלאַט ״אונזער יידישע אַרבעטער־וועלט״, ״נ. אַרב. וועלט 59—65, A 65 (אַ ספּעציעלע אויסגאַבע צוליב פּילסודסקיס נצחון אין מאַי 1926), 66—76. נומער 76 ווערט קאָנפיסקירט און קעגן רעדאַקטאָר ווערט פאַרפירט אַ פּראָצעס. 77—88. נומער 88 ווערט קאָנפיסקירט און קעגן רעדאַקטאָר ווערט פאַרפירט אַ פּראָצעס. עס דערשיינען די נ״נ 89—92 און די צייטונג ווערט פאַרמאַכט אין דעצעמבער 1926. עס דערשיינט אַן איינטאָגבלאַט ״דאָס אַרבעטער־לעבן״. עס ווערט קאָנפיסקירט און קעגן רעדאַקטאָר ווערט פאַרפירט אַ פּראָצעס.



ב. באָראָכאָװ (אין יאָר 1904)

# בער באָראָכאָוו

**געב. 21 יוני 1881 — געשט. 17 דעצעמבער 1917**

דער גאונישער טעאָרעטיקער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, דער גלענצענדער שעפער פונם מאַרקסיסטישן פּועלי־ציוניזם, דער באַדייטנדסטער פאָרשער פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. אָפּט — איינפאַכער נאָמענלאָזער זעלנער פון דער פּוע״צ וועלט־באַוועגונג. ווערק באַדייטנדיקע, ווי „אונזער פּלאַטפאָרם", „די קלאַסן־מאָמענטן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע", ווירטואַליזם", „די יידישע אַרבעטער באַוועגונג אין ציפערן", „ביבליאָטעק פונם יידישן פילאָלאָג"; אַרטיקלען — אַ סך — צעשפּרייטע איבער אַלע שבעה ימים פון דער יידישער זשורנאַליסטיק.

פראַגן פון פאָלקס־ווירטשאַפט, פילאָזאָפיע, פילאָלאָגיע, געשיכטע, ליטעראַטור־געשיכטע, צייט־פראַגן. און אומעטום — אַן אייגן, וואָגיק וואָרט. אַ רייכע גייסטיקע ירושה, אַן אמתער אוצר פון לעבן־געדאַנק! אַמאָל איז עס געווען אַ שאַרפע דעפיניציע, גענוי און פרעציז, ווי אַ מאַטעמאַטישע פאָרמול. און אַמאָל — אַ שאַרפזיניקע אידעע מיטן גאַנצן חן פונם אויפריכטיק־נאַכלעסיקן הומאָר, אַ חכמה אָדער אַ פיינער רמז פאַר אַ חכם. אַמאָל איז עס אַ דונער פון נביאות און אַמאָל אַ בליץ פון פּ אָ ל י־ ט י ש ע ר פּאָלעמיק, פיילן פון מלחמה פאַר הייליקע לעבנס־ווערטן. און פון דעם אַלעם שלאָגט דער הייסער אָטעם פונם גאונישן מ ע נ ט ש.

באָראָכאָוו האָט געגעבן אַן אינהאַלט אין לעבן, פאַרבן, טענער, קאַמפּס־מאָטיוון, אַ גאַנצע לעבנס־שיטה. ער האָט געשאַפן די שיטה פונם אַלוועלטלעכן יידישן פּראָלעטאַרישן קאָלעקטיוו. אין די צעשאָטענע און צעשטויבטע יידישע פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ע ר האָט ער דערזען די היסטאָרישע פיגור פון יידישן פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י אַ ט; אין די פאַרשידענע לעבנס־דערשיינונגען זיינע, אומגעלומפּערטע און אומגעוווּנשענע, האָט ער

אויסגעפונען געזעצמעסיקייט און אומפאַרמיידלעכקייט; אַנשטאָט צעזייעטע איבער לענדער און וועלט־טיילן איינציקע גרופן איז פאַר אים דערשינען אַן אַלוועלטלעך־איינהייטלעכער פּראָלעטאַרישער קאָלעקטיוו, וואָס לערנט פון עבר, קעמפט אין הוה און שאַפט די צוקונפט.

באָראָכאָוו האָט זיך אָרגאַניש אַריינגעוועבט אין דער פּועלי־ציוניסטישער וועלט־משפּחה, געקעמפט אירע קאַמפן אין די אַלע לענדער פון זיין נע־ונד לעבן אין רוסלאַנד, עסטרייך, שווייץ, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיען, ענגלאַנד, אַמעריקע, שוועדן, שטענדיק באַרייכערט זיין אייגן לעבן און דאָס לעבן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. די געשיכטע פון באָראָכאָווס לעבן איז די געשיכטע פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, דעריבער איז דער „פּנקס" אין אַ גרויסער מאָס אויך דער פּנקס פון באָראָכאָווס אידעען־לעבן און קאַמפס־וועג.

ער האָט געהאַט די גרויסע זכיה מיטן ליכט פון זיין גרויס האַרץ צו באַלייכטן אויף אייביק דעם וועג פון ייד. אַרב. קאָלעקטיוו — איז ער געוואָרן דער סימבאָל פון אונזער קאַמף, די פאָן פון אונזער שאַפן. טויזנטער יידישע אַרבעטער־הערצער אין אַלע עקן וועלט פלאַטערן־אויף, טויזנטער אויגן גליען זיך פונאַנדער, ווען זיי דערפילן באָראָכאָוון אין זיך, ווייל זיי דערפילן דאַן זיך אינם גרויסן קאָלעקטיוו פון דער אַרבעטנדיקער און קעמפנדיקער מענטשהייט. אייביק פלאַטערן די אותיות פון זיין שישה פאַרן אַרבעטער־כּלל, אייביק וועט לעבן אין אונז זיין גייסט, דער גייסט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

# ד״ר. נ. סירקין.

געב. 11 פעבר. 1868 געשט. 6 סעפט. 1924.

אַ העלעך בלאַט אין דער געשיכטע פון יידישן סאָציאַליסטישן געדאַנק. די יוגנט־דערינערונג פון דער זעלבסבאַוואוסטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, דער פּאָטער פונם „סאָציאַליסטישן ציוניזם״.

נחמן סירקין — אַ לעבן פול גייסט און קאַמף, פול סתירות און גילגולים. אַלס לייט־מאָטיוו דאָס שטרעבן צום אמת, צום איינציקן גרויסן אמת פון מענטשלעכן זיין — צום אמת פון פעלקער־באַפרייענדן און מענטשן־דערהויבנדן סאָציאַליזם. נחמן סירקין איז אָן ספק געווען דער גלענצענדסטער פאָרשטייער פונם אָפּשטאַרבנדן דור יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן באַרייכערט און באַפרוכפּערט מיט גרויסע שעפערישע אי־דעען די יידישע גאַס, די יידישע קולטור.

אין 1898 האָט סירקין אויפגערודערט די יידישע אינטעליגענץ מיט זיין ערשטן אַרטיקל וועגן סאָצ. ציוניזם אינעם ווינער „דייטשן וואָרט״. אין 1901 גיט ער אַרויס זיין „אויפרוף צו דער יידישער יוגנט״ און אין 1903 דעם „המון״ אין יידיש און „השחר״ אין העברעיש. פונם אינטעליגענטן שטיבל צום המון, צו דער ברייטער גאַס, און נחמן סירקין ווערט דער קאָפּ פון דער סאָציאַליסטיש־ציוניסטישער באַוועגונג.

נאָכן אוגאַנדע־פּראָיעקט גייט ער אַוועק פון פּאַלעסטיניזם. פון זיין פעדער גייט אַרויס דער קלאַסישער פּאַמפלעט „ציוניזם אין האַג אַריין״ קעגן די ציוני־ציון און דעם קליין מענטשעלע בא דער פאָלקס־באַוועגונג. אינגיכן קערט ער זיך אום און פון דאַן אָן בלייבט ער איינער פון די פירנדע גייסטער פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג אין אַמעריקע.

סירקין געפינט זיך אינעם עקסט־רעכטן פליגל פון דער באַוועגונג. ער איז איר וואָרט־פירער און פאַנאַטישער אַגיטאַטאָר. אָן אַריסטאָקראַט לויט זיין גאַנצן אינערלעכן מהות, איז ער פּסיכאָלאָגיש פרעמד דער מאַסע, איר טאָג־טעגלעכן לעבן און קאַמף. אַ טרוימער, אַ שטרעבער, מיט שעפערישער אינטויציע און איניציאַטיוו פון געדאַנק,

דערהויבט ער זיך נישט זעלטן צום פּאַטאָס פון גרויסע מאָראַלישע פּערזענלעכקייטן. ער וויל נישט וויסן פון דעם אָרגאַנישן אָביעקטיוון געשיכטלעכן גאַנג, ער פירט אַריין דעם וואָלונטאַריסטישן פּרינציפּ און חלומט צו פאָרמען די באַוועגונג, דאָס גאַנצע פאָלק לויט זיין ווילן.

סירקין איז אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון יידיש, ער איז אַ טיפּישער פאַרטרעטער פון דער שיטה, וואָס לייקנט אָפּ אינגאַנצן דעם „גלות". פון ארץ־ישראל און נאָר פון איר האָט ער געשעפּט זיין באַגייסטערונג, זיין פּאַטאָס; פון ביבל, פון די נביאים, פון העברעיש. און אין דעם פּרט איז אחדות העבודה אין ארץ־ישראל דאָס זעלבע, וואָס סירקיניזם אין חוץ־לארץ.

ער איז די לעצטע יאָרן, זינט נאָך דער שפּאַלטונג אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, נאָך מער פרעמד געוואָרן דעם קאַמף און טאַקטיק־וועגן פון יידישן אַרבעטער־אַוואַנגאַרד. ער איז אָבער תמיד געבליבן קרישטאָל־ריין אין זיינע שטרעבונגען, טאַלאַנטפול אין פאַרטיידיקן זיינע איבערציי־גונגען.

אַ שאַרפזיניקער פּובליציסט, אַ פּלאַמיקער, ברויזנדער פאָלקס־טריבון, אַ גייסטרייכער אָריגינעלער דענקער, האָט סירקין כסדר גערייצט דעם געדאַנק אויך בא זיינע פאַרביסנסטע קעגנער. געוועקט דעם דראַנג צו וויסן, צו דענקען, צו פאָרשן.

נחמן סירקין האָט געפירט אַן אומברחמנותדיקן קאַמף קעגן אָבסקוראַנטיזם. קעגן קלעריקאַליזם (זיין גלענצנדער אַרטיקל „ימים נוראים"), קעגן עם הארצות און קליינקעפּלדיקייט (זיין קלאַסישער אַרטיקל־פּאַמפלעט וועגן בונד „דעם עם־הארץ פון דער ייד. אַרב. גאַס"), פאַר דער מאָדערנער וועלטלעכער קולטור. ער איז געווען דער אייביקער טרוימער פון יידישן פּראָלעטאַרישן געטאָ, דער שטורמער פון דער גלות־באַסטיליע פון באַלעבאַטישער טעמפּקייט און באַגרענעצטקייט פון יידישן קליינמענטשעלע, דער באַגייסטערטער וועקער און רופער צו גייסטיקער פרייהייט און מאָראַלישער דערהויבנקייט, דער אָנזאָגער פון דער היסטאָרישער אויסלייזונג־שליחות פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין יידישן לעבן.



לעאָן כאַזאַנאָוויטש (כתריאל)
געב. 5 אָקט. 1882 געשט. 15 סעפט. 1925

# ר ע אָ ן  כ אַ ז אַ נ אָ וו י ט ש.

זיינע שענסטע לעבנס־חלומות האָט לעאָן כאַזאַנאָוויטש געשפּונען אויפן שויס פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי; אויף אירע ברייטע פעלדער איז ער אומגעגאַנגען, אין זיך איינגעזאַפּט איר רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט און פאַרנומען איר היסטאָרישן שוואונג; אין אירע שליחותן איז קרעפטיק און רייף געוואָרן זיין געזעלשאַפטלעכער גייסט און נאָר אויפן פּאָן פון דערדאָזיקער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט זיין אָרגאַניזאַטאָרישער טאַלאַנט און געפונען פּאַרווענדונג זיין פּאָליטישע איניציאַטיוו.

און ווי דאַנקבאַר איז ער געווען זיין דערציערין — דער באַוועגונג פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. איר האָט ער אָפּגעגעבן אַלע זיינע פעיקייטן, זיין זעלטענעם אַרבעטספלייס און זשורנאַליסטישע וואַכזאַמקייט און פלינקייט, אין אַלע קאַמפן אירע, איבער דער גאַנצער ברייט פון יידישער צעזייעטקייט, איז ער געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען בא דער פאַראַנטוואָרטלעכסטער אָנפירערישער אַרבעט.

געקומען איז ער פון גאָר די ערשטע. כ ת ר י א ל. לכתחילה אויסגעזען אַזוי מאָדנע, גרויס, אָפּגעלאַזן, אומגעלומפּערט מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ, — אָבער גלייך האָט מען דערקענט אין אים דעם מתמיד, דעם שאַרפן מוח, וואָס נישטערט און וויל אַלץ דערגרונטעווען זיך צום עיקר. ווינציק אַכט געלייגט אויף פערזענלעכער באַקוועמלעכקייט, נאָר געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט און אומעטום געטראָגן דאָס נייע דערפרישנדע וואָרט פון פּועלי־ציון, געוואַלגערט זיך אויף חברשע אכסניות, געשפּאָרט און געקאַרגט דאָס שטיקל ברויט, אָבער נישט אָפּגעלאָזט פון האַנט דאָס ביכל.

דאָס גרויסע יאָר 1905, דאָס יאָר פון בונט און אויפשטאַנד, פון קאַמף און רעוואָלוציע, און כתריאל איז אין מיט פון קאַמף; אין ליטע און אין פוילן, אויף דער בירזשע און אויף דער „מאַסוווקע”, אין פּאָליטישן שטורם און אין עקאָנאָמישן צוזאַמענשטויס, ביז ער פאַלט אַריין אין טורמע. לאַנגע חדשים זיצט ער אין פּיאָטרקאָווער תּפיסה, ער זיצט נישט ליידיק, ער לייענט און שטודירט, שלינגט ביכער און פאַרטיפט זיינע קענטעניש אין דעם „אוניווערזיטעט” פון פּאָליטישע אַרבעטער־טוער. ער ווערט פאַרשיקט אַדמיניסטראַטיוו אויף עטלעכע יאָר אין וואָלאָגדער גובערניע. נאָר אַהין דערגייט ער נישט. אַ שאָד פטרן צייט אויף אַזאַ ווייטן וועג, בעסער אָפּגעבן זיך מיט פּאַרטיי־אַרבעט.

אין קראָקע, אויפן ערשטן אָרדנטלעכן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין י. 1907 איז שוין כתריאל צווישן די אָנגעזעענע טעאָרעטיקער, ער פאַרטיידיקט עקשנותדיק זיינע מיינונגען — און שוין דאַן צייכנט זיך אָן זיין ליניע; די ליניע פון ברייטער גלות־אַרבעט, פון קאַמף אויפן אָרט, וואָס איז גלייך וויכטיק, ווי די ארץ־ישראל־אַרבעט, וועלכע פלעגט צו יענער צייט באַזונדערס באַטאָנט ווערן, ווי דער פונקט, וואָס שיידט אונטער די פּועלי־ציון פון אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס.

ער בלייבט אין גאַליציען און נעמט איבער די רעדאַקציע פון „יידישן אַרבעטער”. ס'איז נישט נאָר רעדאַקציע־אַרבעט; מען האָט אים געגעבן אַ שער אויף אויסצושניידן אַרטיקלען, ס'איז אָבער נישט געווען וואָס אויסצושניידן. פּועלי־ציון האָט פאַרנומען אַ באַזונדערע שטעלונג אין אַלע וויכטיקסטע פראַגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. נאָך נישט געווען קיין אויסגעפּאָרענער וועג. ערשט אַליין געמוזט אויסטרעטן די סטעזשקע. און כתריאל טוט זיין אַרבעט מיט ליבע, מיט פייער און ברען. אין זיין ענגן שטיבל איז אויך די רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע. ער קריגט אַ גראָשענעם געהאַלט, אָבער קיינמאָל פאַרלירט ער נישט זיין געזונטן הומאָר און דינט אַלס מוסטער פאַר דער שטאַרק־צעוואַקסענער יוגנט־באַוועגונג אין קראָקע, ווי אין גאַנץ גאַליציען.

די פּועלי־ציון־באַוועגונג אין גאַליציען פאַרמאָגט אַ באַזונדער קאָלאָריט. זי איז נאָך שטאַרק אויסגעבונדן מיט די ציוניסטישע פאַריינען און געפינט זיך אונטערן שטענדיקן טעראָר מצד די פּ. פּ. ס. און די וויענער צענטראַלע פון די פּראָפ. פאַריינען, וואָס ביוראָקראַטיזירן די גאַנצע באַוועגונג. די פּועלי־ציון קוקן פון ווייטנס מיט יראת הכבוד אויף די חברים פון רוסלאַנד און ציען זיך אינסטינקטיוו צום קוואַל פון זייער השפּעה. כתריאל איז פון די ערשטע, וואָס האָט אַרויסגעפירט די גאַליציש פּועלי־ציון־באַוועגונג אויפן ברייטן שליאַך פון פּראָלעטאַרישער אַרבעט, דערוועקט איר אינטערעס פאַרן געווערקשאַפטלעכן קאַמף און פאַרטיפט דאָס פּועלי־ציוניסטישע באַוווסטזיין.

אין דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ איז כתריאל איינער פון די אַקטיווסטע און געציילטע פּראָלעטאַרישע פאָרשטייער, וואָס גיבן־צו האַפט און קראַפט דער יידיש־באַוועגונג. ער ווערט אויך אויסגעווײלט אַלס סעקרעטאַר אין דעם נייעם ביוראָ, וואָס

דאַרף פירן דעם קאַמף פאַר דער יידישער שפּראַך. צו יענער צייט דערשיינט אין דער ווילנער „יוגנט-שטימע" זיין גרעסערע אַרבעט: „די וועלט-ווירטשאַפטלעכע גרונט-געזעצן פון ציוניזם". ס'איז אַן ערנסטער וויסנשאַפטלעכער בייטראַג צו דער אויפקלערונג און באַגרינדונג פונם פּועלי-ציוניזם און זיין באַזונדערן קוק אויף דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון יידישן געשיכטלעכן לעבן.

קורץ נאָכדעם איז כתריאל אין אַמעריקע, וואו ער נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער באַוועגונג. העלפט מיט זשיטלאָווסקין אין זיין פּרוּוו צו פאַרייניקן די יידישע אַרבעטער אויף איין פּלאַטפאָרם. נאָך אויפן וועג קיין אַמעריקע באַזוכט כתריאל אין בערלין די אָנגעזעענסטע טעאָרעטיקער און פירער פון דער דייטשער סאָצ. דעמאָקראַטיע, ווי קאַרל קויטסקי, עד. בערנשטיין, וואורם און פאַרעפנטלעכט זיינע אינטערוויוען מיט זיי. ס'זענען אין אמתן נישט קיין אינטערוויוען, נאָר ערנסטע דיסקוסיעס וועגן דער נאַצ. פראַגע און ספּעציעל וועגן דער יידנפראַגע. ס'איז די פּרעלודיע צום שפּעטערדיקן קאַמף, וואָס די פּועלי-ציון-באַוועגונג האָט מיט אַזאַ ענערגיע און דערפאָלג געפירט אין די רייען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג פאַר אַ נייעם קוק אויפן יידישן פּראָבלעם.

אין 1909 קומט כתריאל אַלס לעאָן כאַזאַנאָוויטש אַריבער צו די פּועלי-ציון אין אַרגענטינע, וואו ער טרעפט זיך צונויף מיט די רעזולטאַטן פון דער יק"א-קאָלאָניזאַציע. ער ווערט אויפגעשוידערט און וואַרפט זיך אַריין אין קאַמף. פון קאָלאָניע צו קאָלאָניע טראָגט זיך דער יונגער רעוואָלוציאָנער, וועקט דעם פאַרשלאָפענעם גייסט פון די קאָלאָניסטן, רופט זיי צו פּראָטעסט און קאַמף קעגן די אומגעבעטענע אַפּוטרופּסים, וואָס באַלעבאַטעווען אַזוי שענדלעך מיט די פאָלקס-פאָנדן. אויף זיין איניציאַטיוו ווערט געגרינדעט „דער יידישער אַרבעטער-פאַרבאַנד פאַר קעגנזייטיקער הילף". די יק"א-אַדמיניסטראַציע דערשרעקט זיך נישט אויף קאַטאָוועס, זי כאַפּט זיך פאַר די שענדלעכסטע מיטלען, מסרט אים אַלס אַנאַרכיסט. מען אַרעסטירט אים און אַ געשמידטן אין קייטן פירט מען אים אַרויס פון לאַנד אָפּצושיקן קיין רוסלאַנד.

דאָס פאַרבאַנדס-ביוראָ הייבט אויף אַ שטורעם אין די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען פון אייראָפּע און נאָך ערנסטע אינטערווענצן ווערט ער אין ליסאַבאָן אָפּגעלאָזט אויף דער פריי. כתריאל קומט קיין אייראָפּע שוין מיט אַ פאַרטיקן פּלאַן. דאָ וועט ער אויפנעמען דעם קאַמף קעגן יק"א, דאָ וועט ער אָרגאַניזירן אַ גאַנצע פאָלקס-באַוועגונג. ער טרעט אויף אין פּאַריז און אין בערלין אויף גרויסע מאַסן-מיטינגען, קומט צו פאָרן קיין גאַליציען און אינגיכן דערשיינט זיין בוך וועגן דער „יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און די מעשים-תעתועים פון דער יק"א-אַדמיניסטראַציע". ס'איז דער ערשטער וויי-געשריי, וואָס די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין דער גאָרער וועלט האָט דערהערט פון אַרגענטינע. כתריאל שטייט אין פאַרבינדונג מיט די איבערגעבליבענע חברים אין אַרגענטינע. לויט זיין איניציאַטיוו הייבט דאָרט אָן צו דערשיינען דער פּועלי-

ציוניסטישער אָרגאַן מיטן כאַראַקטעריסטישן נאָמען „ברויט און ערע", וואו ס'ווערט פאַרטגעזעצט די אַרבעט, וועלכע כתריאל האָט אָנגעהויבן.

גראָד צו דער צייט פאָרט אַריבער דער מחבר פון די שורות, דער ביז־דעמאָלטיקער רעדאַקטאָר פון „יידישן אַרבעטער", קיין פּאַלעסטינע, און כתריאל נעמט ווידער איבער די רעדאַקציע פון „ייד. אַרבעטער". די פּאַרטיי איז אויסגעוואַקסן, באַקומען אַ בולטן פּראָלעטאַרישער פּרצוף און כתריאל דערהייבט דעם אָרגאַן צו אַן אמת־אייראָפּעישער הייך. ער ווירקט שטאַרק אויף דער שטודירנדיקער יוגנט און שענקט אַ סך אויפמערקזאַמקייט דער אויפקלערונג פון דער טעאָריע און פּראַקטיק פון אַלוועלטלעכן פּועלי־ציוניזם.

באַלד זעען מיר אים ווידער אין די פאַרייניקטע־שטאַטן, פונוואַנען ער וואַנדערט איבער קיין קאַנאַדע, וואו ער גיט אַרויס אין מאָנטרעאָל די „פאָלקס־צייטונג", אַן אָרגאַן פון דער יידישער פּראָפּ. באַוועגונג. ס'איז אַן אומפּאַרטייאישער אַרבעטער־אָרגאַן, און כתריאל טראָגט אַריין אַ נייעם פרישן גייסט אין דער ביוראָקראַטישער פאַרבינעוועטער יוניאָן־באַוועגונג, פון יעדער שורה שפּריצט מיט קאַמפס־לוסט און יעדער אַרטיקל זוכט אַריינצופירן די קאַנאַדער יידישע אַרבעטער־מחנות אין די רייען פון קעמפנדיקן אַרב.־אינטערנאַציאָנאַל.

אַן אַקטיווע אומרויִקע באַטור — האָט לעאָן כאַזאַנאָוויטש קיינמאָל נישט געקענט איינזיצן אויף איין אָרט און אָפּגעבן זיך מיט איין אַרבעט. יעדע אַרבעט האָט אים געקענט באַפרידיקן און צופרידנשטעלן נאָר כל־זמן זי איז געווען ניי און פריש, געפאָדערט זיין איניציאַטיוו און די העכסטע אָנשטרענגונג פון אַלע זיינע גייסטיקע כחות. קוים האָט ער אָבער די נייע אונטערנעמונג געשטעלט אַ ביסל אויף די פיס און ס'האָבן זיך צוגעשאַרט אַנדערע מענטשן צו דער נאָרמאַלער, סיסטעמאַטישער אַרבעט, פלעגט זיך כאַזאַנאָוויטש אָנהייבן רייסן אין אַנדערע וועלטן; שטענדיק איז ער געווען פול אָנגעלאָדן מיט נייע פּלענער און גרייט זיך אַריינצוואַרפן מיטן גאַנצן ברען און אימפּעט אין נייע אָריגינעלע אויפטוען.

אַזוי האָט ער געוואַנדערט פון איין אויפטו צום אַנדערן, פון אַמעריקע קיין אייראָפּע און צוריק. כסדר זיך באַרייכערט מיט נייע באַאָבאַכטונגען, באַגעגענישן און דערפאַרונגען, נאָכאַנאַנד געוווּנען נייע פריינט און מיטקעמפער פאַר זיינע אידעען, תמיד געבליבן טריי זיין פּאַרטיי און — אפשר נאָך מער — טריי זיך, זיין אייגענער קעמפער־נאַטור און די איינגעבוירענע נייגונגען צו פּילזייטיקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון ברייטן פאַרנעם.

נאָך אויף דער 3־טער וועלט־קאָנפערענץ פון פּועלי־ציון־פאַרבאַנד, (ווין, 1911) איז כאַזאַנאָוויטש געווילט געוואָרן אין פאַרבאַנדס־ביוראָ, אין דער העכסטער אָנפירנדער אינסטאַנץ פון דער פּועלי־ציון־וועלט־באַוועגונג, און זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט באַקומען אַ פעסטע באַזע, ווי בכלל זיינע אויפטריטן — מער וואָג און געוויכט. ער באַזוכט עטלעכע מאָל ענגלאַנד און קניפּט אָן ענגע באַציונגען מיט דער

יידישער אַרבעטערשאַפט דאָרט, ווירקט אויפן כאַראַקטער פון „אַרב.-פאַרבאַנד“, ער זאָל זיך מער פאַרינטערעסירן מיט דער לאַגע פון די יידישע אַרבעטער-מאַסן אין גאַר דער וועלט, ווי בכלל מיטן יידישן אַרבעטער-קאַמף פאַר באַשטימטע לאָזונגען און פּאָסטולאַטן אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער-מחנה. קיינמאָל אין ערגעץ נישט באַגנוגנט זיך נישט כאַזאַנאָוויטש מיט זיין ווירקונג אין דעם יידישן אַרבעטער-קרייז; ער שטעלט איין אַ נאָענטן קאָנטאַקט אויך מיט די פירער פון דער ענגלישער אַרב.-באַוועגונג און נוצט אויס יעדע געלעגנהייט, כדי צו געווינען זייער איינפלוס און אויטאָריטעט פאַר דער זאַך פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

נאָך דער 4-טער וועלט-קאָנפערענץ (קראָקע 1913) באַזעצט זיך כאַזאַנאָוויטש אין ווין, אָנפירנדיק צוזאַמען מיט באָראָכאָוון דעם סעקרעטאַריאַט פון פאַרבאַנדס-ביוראָ. דער אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה רייסט פונאַנדער אַלע איינגעשטעלטע פאַרבינדונגען און צעטרייבט די טוער איבער אַלע וועלט-עקן. כאַזאַנאָוויטשן קומט אויך אויס דורכצומאַכן אַ היפּשע מאַרטיראָלאָגיע פון געפאַנגענשאַפט און וואַנדערונגען, ביז ער קומט קיין אַמעריקע. ער טרעפט גראָד אָן די שטורמישע צייט פון דעם אויפגעוואַכטן יידישן אַמעריקע. אַ דאַנק דער מלחמה זענען זיך צונויפגעקומען קיין אַמעריקע אַ סך אָנגעזעענע טוער, זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער, וואָס זענען געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער יידישער נאַציאָנאַלער און פּראָלעטאַרישער באַוועגונגען אין פאַרשידענע לענדער. מיט זייער ענערגיע רודערן זיי אויף דאָס גאַנצע לאַנד. אַמעריקע איז די גרויסע מדינה, וואָס האָט זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה זיך געשטעלט פאַר אַ צוועק קומען צו הילף די מלחמה-געליטענע מאַסן אין חרוב געוואָרענע לענדער. דאָס יידישע אַמעריקע ווערט אויפגעציטערט דורכן רוף נאָך הילף, וואָס טראָגט זיך פון מיליאָנען ברידער אויף יענער זייט ים, וואו סקראַכן די האַרמאַטן און די אַכזריות פרעסט און פאַרניכטעט מענטשלעכע לעבנס און אוצרות פון מאַטעריעלער קולטור.

די פּועלי-ציון-באַוועגונג האָט צו דער צייט אויך אַריבערבאַקומען אַ גרויסע צאָל פון אירע אַקטיווסטע טוער, אַנטרונענע פון רוסלאַנד, פאַרטריבענע פון עסטרייך און אַרויסגעראַטעוועטע פון פּאַלעסטינע: באָראָכאָוו, קאַפּלאַנסקי, בן-גריון, בן-צבי, כאַשין, כאַזאַנאָוויטש. די באַוועגונג דערפילט די גרויסקייט פונם היסטאָרישן מאָמענט און וויקלט פונאַנדער אַ גראַנדיעזע פּראָפּאַגאַנדע און אָרגאַניזיר-אַרבעט פאַר די אידעען און לאָזונגען פון פּועלי-ציון. דר. זשיטלאָווסקי, דוד פּינסקי ווערן אַקטיווע חברים פון דער פּאַרטיי. פּנחס רוטענבערג שטייט גאַנץ נאָענט. די פּאַרטיי זוכט אַריינצוטראָגן אַ באַשטימטע אידעע אין דער הילפס-אַרבעט. לויט איר איניציאַטיוו און באַ איר אַקטיווסטן אָנטייל ווערט געשאַפן דער „פּאָלקס-הילף-קאָמיטעט“ (פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע). אָבער דער וויכטיקסטער אויפטו זענען אויפן פּאָליטישן געביט די נאַציאָנאַלע אַרב.-קאָנווענשאָן (1915) און נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער אַרבעטער-קאָנווענשאָן (1917), וואו עס האָט זיך איינגעגעבן צונויפצוברענגען פאָרשטייער פון אַ האַלבן מיליאָן אַרבעטער אין אַמעריקע און ס'זענען צום ערשטן מאָל אין יענעם לאַנד פּראָקלאַמירט

געוואָרן פֿון אַזאַ אַלגעמיינער אומפּאַרטייאישער יידישער אַרבעטער־טריבונע די נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט און דער טיפֿער אינטערעס פֿון דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט פֿאַר דעם יידישן טעריטאָריאַלן אַרבעטער־צענטער אין פּאַלעסטינע. ס'איז געווען אַ נייער געוואַגטער שריט, אַ העראָיש בלאַט אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע און אַ היסטאָרישער ווענד־פּונקט אין דעם קאַמף פֿאַר די פּועלי־ציון־לאָזונגען.

כאַזאַנאָוויטש איז געווען איינער פֿון די אומדערמידלעכסטע און איינפֿלוסרייכסטע קעמפֿער און איינער פֿון די ערשטע אַגיטאַטאָרן פֿאַר דער אידעע פֿון צונויפֿרופֿן אַ יידישן קאָנגרעס פֿון אַמעריקע, וואָס האָט צו יענער צייט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג אין קאַמף הין קעגן דער פּלוטאָקראַטיע פֿון די אַמעריקאַנער „יאהודים", הין קעגן דעם גאַנצן מיאוסן אַסימילאַטאָרישן געבייל פֿונעם „פֿאָרווערטס"־געזינדל. סיי דורך זיינע אַרטיקלען אינעם „יידישער קאָנגרעס", סיי דערנאָך, אַלס רעדאַקטאָר פֿונעם באַגייטן „יידישער קעמפֿער", סיי דורך זיינע אַגיטאַציאָנס־נסיעות העלפֿט ער צו שמידן די נייע געדאַנקען און בויען די נייע פֿעסטונגען פֿאַרן יידישן פּראָלעטאַרישן קאַמף.

און ווידער אַמאָל איז כאַזאַנאָוויטש צוריק אין אייראָפּע אין שפּיץ פֿון פֿאַרבאַנדס־ביוראָ, אַ געווויסע צייט אין האַאַג און שפּעטער אין שטאָקהאָלם. פֿונדאַנען, פֿון די „נייטראַלע" מלוכות, וועלכע זענען נישט אַריינגעצויגן אין דער וועלט־שחיטה, באַמיט זיך דאָס פֿאַרבאַנדס־ביוראָ פֿון פּועלי־ציון צו אָרגאַניזירן די יידישע און עפֿנטלעכע מיינונג אַרום זיינע פּאָסטולאַטן. פֿונדאַנען אויס שטייט ער אין קאָנטאַקט מיט די מאַסן אין אַלע מלחמה־פֿירנדע לענדער און היט אויף, ווי דאָס שוואַרץ־אַפּל פֿון אויג, די איינהייט און געשלאָסנקייט פֿון דער אַלוועלטלעכער באַוועגונג. כאַזאַנאָוויטש טראָגט אַריין זיין גייסט אין דער אַרבעט און שאַפֿט אַ ברייטערע טריבונע. דאָס פּ. ב. ווירקט אויפֿן כאַראַקטער פֿון דער הילפֿס־טעטיקייט און אומעטום קומט ער מיט זיינע פֿאָדערונגען סיי בנוגע דער הילף פֿאַר די יידישע שולן און אַרבעטער־אינסטיטוציעס אין פּוילן, סיי פֿאַר די אַנטלאָפֿענע פֿון טערקיי א. ד. גל.

דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז זיך צעפֿאַלן באַם ערשטן געבריל פֿון די מלחמה־האַרמאַטן. די אַרבעטערשאַפֿט האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין די גרויע שינעלן צו מאָרדן אייגן בלוט און פֿלייש. נאָר איינצעלנע, יחידים און גרופּן זענען נישט פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿונעם מלחמה־שגעון און געחלומט ווייטער דעם חלום פֿונעם אויפֿגעלעבטן אינטערנאַציאָנאַל.

דאָס פּועלי־ציון־פּאַרב. ביוראָ מיט כאַזאַנאָוויטשן בראש שטרעבט צו דעם און גרייט זיך אַקטיוו צו יענער צייט. ס'דערשיינט דאָס באַרימטע בוך „די יידן אין קריג" אין דריי שפּראַכן (ענגליש, דייטש און פֿראַנצויזיש), וואו עס איז צונויפֿגעזאַמלט צום ערשטן מאָל אַ רייכער מאַטעריאַל וועגן דער לאַגע פֿון די יידישע מאַסן אין פֿאַרשידענע לענדער בעתן קריג. דערמיט באַגנוגנט זיך אָבער נישט דאָס פּ. ב. אַ פּאָליטישע אָנפֿירנדע אינסטיטוציע פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט — קומט דאָס פּ. ב. מיט קלאָר־פֿאָרמולירטע לאָזונגען און

פּאָליטישע פֿאָדערונגען, וואָס נאָר זיי קענען געבן דעם איינציקן פּראָלעטאַרישן ענטפֿער אויף דער יידנפֿראַגע. די פֿאָדערונגען זענען געשטיצט אויף רעזאָלוציעס און באַשלוסן פֿון יידישע אַרבעטער-צוזאַמענפֿאָרן און קאָנפֿערענצן אין אַלע טיילן וועלט. ס'איז געווען דאָס רויטע בוך פֿון די פּועלי-ציון און כאַזאַנאָוויטש האָט זיך אַ דאַנק אים איינגעשריבן אינם רויטן בוך פֿון יידישן פּראָלעטאַרישן קאַמף בשעת דער מלחמה.

ס'אַנטשטייט דער האָלענדישער סקאַנדינאַווישער קאָמיטעט, וואָס וויל צונויפֿרופֿן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פֿון אַלע לענדער צוריק אונטער איין דאַך און אויפֿלעבן דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. פּאָרזיצער איז דער אַלטער טראָעלסטראַ פֿון האָלאַנד, סעקרעטאַר — קאַמיל הויסמאַן, דער סעקרעטאַר פֿון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אַ בעלגיער, וואָס איז אָבער געבליבן געטריי זיינע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן און אַפֿילו אין די צייטן, ווען זיין גאַנצע פּאַרטיי מיט וואַנדערוועלדע בראש האָבן געשלאָסן בורג-פֿרידן מיט דער בורזשואַזיע, האָט ער ווייטער געשפּונען דעם פֿאָדעם פֿון אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט.

כאַזאַנאָוויטש פֿאָרט אַריבער אין שליחות פֿון פּ. ב. קיין שטאָקהאָלם, וואו ס'זיצט דאָס ביוראָ פֿון האָלענדיש-סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט, און וויקלט דאָ פֿונאַנדער זיין אָרגאַניזאַטאָרישן און פּראָפּאַגאַנדיסטישן טאַלאַנט ביז דעם העכסטער מדרגה. דער קאָמיטעט וויל אויסאַרבעטן אַ פּלאַטפֿאָרם, אויף וועלכער עס זאָלן זיך קענען ווידער פֿאַרייניקן אַלע סאָצ. פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען. וויל ער פֿריער אויסהערן די פֿאָדערונגען און פֿאַרלאַנגען פֿון יעדער איינער, כּדי אויסצוגעפֿינען זייער „צד השוה". קומען דעלעגאַציעס פֿון גאָר דער וועלט, פֿון גרויסע און קליינע פֿעלקער, און כאַזאַנאָוויטש זוכט צו שטעלן זיך אין פֿאַרבינדונג מיט זיי אַלע, ווירקן אויף זיי, אַגיטירן פֿאַר די לאָזונגען פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט. ער איז אומדערמידלעך. הייגט פֿירט ער אַ דיסקוסיע מיט וויקטאָר אַדלער, וועלכער וויל נישט וויסן פֿון קיין יידן-פֿראַגע און מאָרגן ענטפֿערט ער בייסיק דיאַמאַנדן, וועלכער איז בייז, הלמאי אומעטום טרעפֿט מען די פּועלי-ציון. אָבער די עיקר-אַרבעט לייגט ער אַוועק, כּדי צו געווינען די הויפּט-פֿירער פֿון האָל.-סקאַנד.-קאָמיטעט גופֿא פֿאַר אונזערע פֿאָדערונגען.

נאָך דעם אויסברוך פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע קומען אַריבער אויף אַ געוויסער צייט קיין שטאָקהאָלם חברים פֿון פּ. ב. באָראָכאָוו און דער מחבר פֿון די שורות. צוזאַמען מיט זיי זעצט פֿאָר כאַזאַנאָוויטש זיין אויפֿקלערונגס-אַרבעט. אָט טרעפֿן זיי זיך מיט דער דעלעגאַציע פֿון דעם פּעטראָגראַדער אַרב.-ראַט (גאָלדענבערג, רוסאַנאָוו און ערליך) און אָט פֿירן זיי אָפֿיציעל אַ לאַנגן טעאָרעטיש-פּאָליטישן שמועס מיט טראָעלסטראַ, הויסמאַנס און בראַנטינג. אָט זענען מיר אין צווייען אין קאָפּענהאַגן אויף אַ שמועס מיט דער רעדאַקציע פֿון סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּאַרטיי-בלאַט און מיטן אָנגעזעענעם פֿירער פֿון דער פּאַרטיי באָרגביערג. ס'קומען אונטער די חברים קאַפּלאַנסקי און לאָקער. ס'איז איינגעשטעלט אַ ביוראָ מיט אַלע קליפּערלעך, ס'דערשיינען די ביולע-

טינס פון „יידישן סאָצ. פּרעס־ביוראָ" אין פינף שפּראַכן: (יידיש, דייטש, פראַנצויזיש, ענגליש און שוועדיש), ס'באַווייזן זיך ערנסטע אָפּהאַנדלונגען איבערן יידישן אַרבעטער־פּראָבלעם און שוועדישן „סאָציאַל־דעמאָקראַטען". כאַזאַנאָוויטש פילט זיך ווי אַ פיש אין וואַסער, ס'איז אַ גרויסע היסטאָרישע אַרבעט מיט אַ ווייטער פּערספּעקטיוו און גרויסן שוואונג.

דער שטאָקהאָלמער פּעריאָד איז באַם פאַרבאַנדס־ביוראָ געווען אָן ספק דער פרוכטבאַרסטער, ווען ער האָט פונאַנדערגעוויקלט אַ גראַנדיעזע אַרבעט אויף פאַרשידענע געביטן פון יידישן פּראָלעטאַרישן, ווי בכלל פּראָלעטאַריש־געזעלשאַפטלעכן קאַמף. און ס'איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז דאָס איז געווען קודם־כל די השפּעה פון כאַזאַנאָוויטש. אויף זיין חשבון איז צו פאַרשרייבן סיי די אומאויסשעפּלעכע איניציאַטיוו, סיי דעם שנעלן אופן פון רעאַגירן אויף די פאַרשידנסטע דערשיינונגען און פּאַסירונגען, און דער עיקר — די גוט־איינגעשטעלטע פאַרבינדונגען מיט אַלע ווינקעלעך פון יידישן מאַסן־ישוב.

נישט שטענדיק האָט כאַזאַנאָוויטש איינגעהאַלטן דאָס נייטיקע גלייכגעוויכט. זיין טעמפּעראַמענט פלעגט אים פאַרשלעפּן אויף פאַלשע זייטיקע וועגן און נישט תמיד האָט ער געוואוסט זיך אָפּצושטעלן אין צייט. ער איז געווען אַ ריזיקאַנט אויך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ס'איז לאַוו דווקא אַ מעלה. כאַזאַנאָוויטש האָט זיך געוועסט פאַרכלינעט פון דער גרויסצוגיקער אַרבעט. זי האָט אים פאַרשיכורט און ער האָט אָנגעוואוירן די מאָס, די געזעלשאַפטלעכע, בפרט די פּאָליטיש־פּאַרטייאישע. און ווען ס'הייבן זיך אָן שיטן רדיפות אויף די יידישע מאַסן אין פוילן ביז עס קומט צום לעמבערגער פּאָגראָם, איז כאַזאַנאָוויטש דער, וואָס שרייט אַרויס פאַר דער גאַנצער אייראָפּעישער עפנטלעכקייט דעם אמת פון די געשעענישן. ער וויל אָבער זיין אַקטיוו, ער וויל עפּעס טון ממשותדיקס, און ער ווענדט זיך מיט אַ טעלעגראַם צו ווילסאָנען וועגן אינטערווענירן. . . ער טוט עס אין נאָמען פון פ. ב. און רופט אַרויס קעגן זיך פּראָטעסט און צאָרן פון די חברים אין פאַרשידענע לענדער, ספּעציעל פון פוילן גופא. צוליב זיין לאַנגן פאַרברענגען אין אויסלאַנד, פאַרלירט כאַזאַנאָוויטש דעם ענגערן גייסטיקן קאָנטאַקט מיט דער מאַסן־באַוועגונג, און אַלץ אָפטער הייבן זיך אָן אַריינרייסן אין דער טעטיקייט פון פ. ב. שטריכן, וואָס זענען נישט שטענדיק צום האַרצן די קעמפנדע מאַסן־פּאַרטייען אויף די ערטער.

אין 1918, בשעת די דייטש־באָלשעוויסטישע שלום־אונטערהאַנדלונגען אין בריסק, כאַפּט זיך כאַזאַנאָוויטש אַראָפּ אויף אַ פּאָר טעג קיין רוסלאַנד; ער באַזוכט פּעטראָגראַד און מאָסקווע און קניפּט אָן באַציונגען מיט די פאָרשטייער פון דער ראַטן־מאַכט, באַ וועמען ער וויל אויספּועלן, אַז אין שלום־אָפּמאַך זאָל זיין אַ פּונקט, וואָס רעדט בפירוש וועגן אַנטשעדיקונגען פאַר די מלחמה־געליטענע יידישע מאַסן, דער ווידעראויפבוי פון רויִנירטן יידישן מאַסן־לעבן — דאָס איז דער הויפּט־נערוו פון כאַזאַנאָוויטשעס טעטיקייט צו יענער צייט, מיט דעם איז דורכגעדרונגען און באַאיינפלוסט

די פּיליזייטיקע אַרבעט פון פּ. ב. אינם מעמאָראַנדום צום האָלענדיש-סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט ווערט גלייך מיטן אַלגעמיינעם סאָציאַליסטישן טייל און מיטן פּאַלעסטיניזם אַרויסגערוקט די פאָדערונג וועגן רעכט פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער מינדערהייט אומעטום; דאָס איז אַן אַלגעמיינער כּלל. ווערט דאָרט דעריבער קאָנקרעט גערעדט אויך וועגן דער אַנטשעדיקונג פאַר די רויִנירטע יידישע מאַסן. כאַזאַנאָוויטש ווירקט אויף די אָנפירנדע חברים אין רוסלאַנד און קומט זיך צונויף מיט טראָצקין, און אויב כ'האָב נישט קיין טעות, מיט יאָפּען וועגן דעם זעלבן ענין. ער גייט ווייטער: ער וויל, מען זאָל אין דער סאָוויעטישער דעלעגאַציע מיטנעמען אַ חבר, און דערמיט נאָכמער באַקרעפטיקן אונזער פּאָליטישן געווינס. די שלום-אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך דאַן צעקלאַפּט, אָבער פאַר כאַזאַנאָוויטשן איז אויך דאָ כאַראַקטעריסטיש די איניציאַטיוו און דער ברייטער פּאָליטישער פאַרנעם.

כאַזאַנאָוויטש נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין די סאָציאַליסטישע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן אין בערן, אַמסטערדאַם און לוצערן אין יאָר 1919. זיין פערזענלעכע באַקאַנטשאַפט און פריינטשאַפט מיט די אָנגעזעענסטע פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג נעמען צו באַם „בונד" זיי אַמאָליקע פּריווילעגירטע שטעלונג פון איינציקן פאָרשטייער, פון וועמען מען שעפּט אַלע בייטיקע ידיעות וועגן יידישן אַרבעטער-פּראָבלעם. איצט מוזן די בונדישע שליחים אָפּערירן מיט ציפערן און פאַקטן פון דערווירקלעכקייט און אויסהאַלטן דעם אָנגריף פון דער פּועלי-ציוניסטישער טעאָרעטישער און פּאָליטישער אַרגומענטאַציע, וועלכע האָט שוין באַוויזן איינצופעסטיקן זיך באַ אַ גרויסן טייל פון דער סאָצ. וועלט. דער גרויסער נצחון פון פּועלי-ציון אויף די סאָציאַליסטישע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן נאָך דער מלחמה, ווען עס זענען צום ערשטן מאָל פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער טריבונע פּראָקלאַמירט געוואָרן די לאָזונגען פון פּועלי-ציון, האָט אָן ספק אַן אומגעהייערע היסטאָרישע באַדייטונג פאַרן קאַמף פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט וועגן דער אָנערקענונג פון זיינע ספּעציפישע פאָדערונגען און אויפגאַבן דורך דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט גופא. און ס'וועט בשום אופן נישט זיין קיין גוזמא, ווען מיר וועלן מיט דער גאַנצער קראַפט אונטערשטרייכן, אַז די גרעסטע פאַרדינסטן אויף דעם געביט האָט לעאָן כאַזאַנאָוויטש.

סוף יולי 1919 קומט פאָר די ערשטע באַראַטונג פון וועלט-פאַרבאַנד נאָך דער מלחמה. כאַזאַנאָוויטשן קומט אויס אָפּצוגעבן דעם באַריכט פון פּ. ב. פאַר גאַנצע 6 יאָר. פאַראַן אומצופרידנקייט און קעגנערשאַפט בנוגע איינצעלנע אַקטן און אויפטריטן, ווי אויך בנוגע פאַרשוויגן געוויסע דערשיינונגען אין פאַרבאַנד, ווי דער ענין מיט די יידישע לעגיאָנען פאַר פּאַלעסטינע, וואָס זענען פאַקטיש, אויב נישט אָפיציעל, געשטיצט געוואָרן פון דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי. פאַראַן אַ קאַמף קעגן דער גרינדונג און אויפנעמען אחדות העבודה אין פאַרבאַנד, די ווילסאָן-טעלעגראַם און אינטערוויוען און ד. גל.

כאַזאַנאָוויטש ווערט אָבער געשעצט פון אַלע דעלעגאַטן און ער באַקומט די אַלגעמיינע אָנערקענונג פאַר זיין אומדערמידלעכער אַרבעט.

אין 1920, אויף דער 5־טער וועלט־קאָנפערענץ קומט פאָר די שפּאַלטונג פון פועלי־ציוניסטישן וועלט־פאַרבאַנד. כאַזאַנאָוויטש האָט אָוועקגעגעבן זיינע בעסטע כּוחות דער באַוועגונג, געהאָלפן אויפבויען דעם פאַרבאַנד און דערלעבט אַליין צו פאַרזוכן די פּירות פון דעם גוט־אַנטוויקלטן, מענטשן־אויסגעוואַקסענעם בוים. עס טוט אים וויי דאָס האַרץ פאַר זיין קינד און ער וויל אויסמיידן די שפּאַלטונג. ער האָט מורא, עס זאָלן נישט גיין אין ניוועץ די אַלע דערגרייכטע נצחונות, עס זאָל נישט צעשטויבט ווערן די באַוועגונג, ער זוכט אַ פּשרה, ער וויל לאַווירן צווישן די עקסטרעמען. ער לייגט פאָר אַ לויזן פאַרבאַנד, וואו עס זאָלן זיצן אונטער איין דאַך אָנהענגער און קעגנער פון אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס. ער מיינט, אַז דערמיט וועט מען שטילן די געמיטער און בנוגע דער פראַגע וועגן דער אַלגעמיינער פּאָליטישער ליניע זוכט ער אויך אַ פאָרמולירונג, וועלכע זאָל אויפהאַלטן צוזאַמען די אָנהענגער פון דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור.

ער האָט זיך צוגעוואוינט צו אונטערהאַנדלונגען און צו פּערזענלעכער השפּעה אויף קאָנפערענצן, וואו ס׳באַטייליקן זיך דעלעגאַטן, און ער טראַכט אויף אַזאַ אופן לכל־הפּחות אָפּצושטעלן די סתירות, וואָס די מאַסן פילן אין טאָג־טעגלעכן קאַמף. ס׳איז אים נישט געלונגען. די באַוועגונג איז געשפּאָלטן. און כאַזאַנאָוויטש בלייבט אינמיטן, „נייטראַל״, מיטן טיפן גלויבן, אַז ס׳וועט נאָך קומען אַ מאָמענט, ווען די פונאַנדערגעריסענע חלקים וועלן זיך ווידער פאַרייניקן.

כאַזאַנאָוויטש גיט זיך אָפּ הויפּטזעכלעך דער זשורנאַליסטישער אַרבעט. אין אַמעריקע הייבט אָן צו דערשיינען דאָס טאָגבלאַט פון די רעכטע פועלי־ציון „די צייט״. כאַזאַנאָוויטש אָרגאַניזירט און פירט אָן דאָס „אייראָפּעישע ביוראָ״ פון דער צייטונג. ער ציט צו אַלס מיטאַרבעטער די אָנגעזעענסטע סאָציאַליסטישע זשורנאַליסטן פון אייראָפּע. ער אַליין שרייבט אַ סך. נאָך פריער האָט ער פאַרעפנטלעכט גרעסערע אַרטיקלען אין דייטש וועגן פועלי־ציון אין דר. בלאָכס „סאָצ. מאָנאַטסהעפטע״ און וועגן דער „יידישער קאָנגרעס־באַוועגונג״ אין אַמעריקע אין מאַרטין בובערס „דער יודע״. איצט גיט ער זיך אָפּ מיט זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן די „פּ אָ ג ר אָ מ ע ן א ו י ף י י ד ן א י ן א ו ק ר אַ י נ ע״, וואָס ער פאַרעפנטלעכט אין אַ באַזונדער בוך. ער הייבט אָן אַרויסצוגעבן דעם „אַ ר כ י ו ו פ ו ן י י ד י ש ן ס אָ צ י אַ ל י ס ט״, וו ער וויל זאַמלען דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וועגן דער טעטיקייט פון פאַרשידענע ייד. סאָצ. פּאַרטייען, אָבער דער עיקר פון ביידע פּוע״צ־פאַרבאַנדן, וועלכע ער חלומט נאָך פאָרט אַמאָל צו זען פאַראייניקט.

אַ געוויסע צייט איז ער ווידער אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע. ער ווערט אַ גאַנצער מיטאַרבעטער פון „צייט״, עס שיינט, אַז ער דערנענטערט זיך צו די רעכטע, אָבער נישט אויף לאַנג. ער קערט זיך אום קיין אייראָפּע און ביסלעכווייז דער־

ווייטערט ער זיך איינגאַנצן פון פּאָליטישער טעטיקייט. ער קען אָבער נישט מוותר זיין אויף װעלכער עס איז געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, זאָל אפילו זיין אָן פּאָליטישן אונ־טערשלאַק און פּערספּעקטיוו. טרעפן מיר אים לעצטנס אין „אָרט" און ספּעציעל באַ אַן אַרבעט, װעלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר כאַזאַנאָוויטשן, צווישן די „יידישע פּוי־ערן" אין קאַרפּאַטן־רוסלאַנד. אייגנטלעך האָבן שוין לאַנג די פּועלי־ציון געוואָרפן אַן אויג אויפן דאָזיקן ווינקל, וואו ס׳געפינט זיך אַ יישוב פון געזונטע יידישע האָרעפּאַש־ניקעס, אָבער נאָר כאַזאַנאָוויטשן איז באַשערט געווען אָנצוהייבן אויפצואַקערן יענעם אומבאַרירטן באָדן און דאָס גראָד דאַן, ווען ער איז שוין געווען ווייט פון דער פּאָ־ליטישער באַוועגונג.

דאָ טאַקע אין אַ ווייט פאַרוואָרפן יידיש דאָרף פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד האָט אויפגעהערט קלאַפּן דאָס האַרץ פון לעאָן כאַזאַנאָוויטש און ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה צווישן פּראָסטע יידישע האָרעפּאַשניקעס.

שטורמיש לעבן, שטענדיק אויפגעברויזטע כוואַליעס, אויפגעוויקלטער זעגל, און באַם רודער דער ליידנשאַפטלעכער פּראָלעטאַרישער קעמפער מיטן אָפענעם אויס־בליק אין דער ווייט. אַזוי דערשיינט פאַר אונז כתריאל. געשטאָרבן אָן אַ זייט, ווי אַ פרעמדער, ווי אַ פאַרגעסענער. אָבער די באַוועגונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, װעלכע האָט אים אַ געוויסע צייט אויפגעהויבן אויף דער העכסטער הייך, וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענע אומגעהייערע אוצרות פון גייסט און ענערגיע, וואָס לעאָן כאַזאַנאָוויטש האָט אַריינגעבראַכט אין די קעמפנדע מחנות פון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

**זרבבל.**

# דר. מאַקס ראָזענפעלד.

געבוירן 1884 — געשטאָרבן 9 פעבר. 1919.

מאַקס ראָזענפעלד איז געבוירן אין יאָר 1884 אין דראָהאָביטש. זיין פאָטער, אַ פאַרמעגלעכער קויפמאַן מיט אַ וועלטמענישן בליק אויפן לעבן, האָט דעם איינציקן זון אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, און אים געגעבן מעגלעכקייטן פאַר אַן אַלזייטיקער בילדונג. מאַקס ענדיקט אין דראָהאָביטש די גימנאַזיע, שטודירט דאַן אויף דער לעמבערגער אוניווערזיטעט יורידישע וויסנשאַפטן, ווערט צו 24 יאָר דאָקטאָר, פּראַקטיקירט אַלס אַדוואָקאַטס-קאַנדידאַט לאַנגע יאָרן אין דראָהאָביטש און אין לעמבערג און צו 31 יאָר באַזעצט ער זיך אַלס אַדוואָקאַט אין לעמבערג, פאַרנעמענדיק אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ צווישן דעם ייִנגן דור יוריסטן.

שוין אַלס יונגער סטודענט בינדט ער צונויף זיין שאַפן מיט דער פּוע"צ-באַוועגונג, ער שטייט כמעט באַ איר וויגעלע.

אַ טיפער תהום האָט אין יענער צייט (1903—4) אָפּגעשיידט די אינטעליגענץ פון די יידישע מאַסן אין גאַליציען. ווער ס'האָט נאָר עפּעס אַ נאָש געטון פון דער אָרומיקער קולטור, האָט עס תיכף געהאַלטן פאַר זיין „קולטור-חוב", איבערצוררייסן יעדן צוזאַמענהאַנג מיטן פשוטן יידישן המון.

אמת, ס'האָט שוין דעמאָלט עקזיסטירט די ציוניסטישע באַוועגונג צווישן דער יידישער אינטעליגענץ, אָבער די ציוניסטישע אינטעליגענץ האָט געהאַט אַ גאָר ווינציקע שייכות צום פאָלקס-לעבן.

„אַראָפּלאָזנדיק" זיך צום „פאָלק", האָט זי אים געבראַכט אַ נאַציאָנאַלע פראַזעאָלאָגיע און געוועקט ראָמאַנטישע שטימונגען.

צו די לעבנס-נויטן איז זי נישט אַראָפּגעשטיגן. די „קעגנוואַרט-אַרבייט" איז פאַר

איר געוועזן צו וואַכעדיק, זי זאָל מיט איר פאַרבינדן אירע שבתדיקע געדאַנקען און געפילן. ס'איז געווען אַ צייט פון שיינע „מאַקאַבעער-פייערן", יום-טובדיקע „קאָנגרעסן" און ליוב-געזאַנגען אין... דער פוילישער שפּראַך. אַן אַסימילאַטאָרישע ווירקלעכקייט, פאַרפּוצט מיט אַ נאַציאָנאַל-יידישער רעטאָריק. אַזוי האָט אויסגעזען דאָס בירגערלעכע וועלטל, וואָס באַ זיינע טויערן האָבן זיך אָפּגעשטעלט די ערשטע שריט פון ראָזענפעלדן. אָט שטייט ער אויף דער שוועל — אַ צייט-איבערווינדונג, און ער רוקט זיך אָפּ אַלץ ווייטער, ווייטער.

מ'האָט געדאַרפט האָבן אין יענע יאָרן פיל כאַראַקטער-פעסטקייט, פיל פאַרשטענדניש פאַר רעאַלע מעשים, כדי אָפּצוטרייסלען פון זיך די ציוניסטישע מליצה. איז זי דאָך געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט דאַמאָלס געהאַט, אמת, אַ קליינע, אָבער פאָרט אַ שטיקל שייכות צו „פּראָגרעס" און בפרט צו אַ „יידישן פּראָגרעס". מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די יידישע גאַס איז אין יענער צייט געווען כמעט אינגאַנצן אונטער דער השפּעה פון דער דריי-איינציקייט: אַסימילאַציע, רעאַקציע, קלעריקאַליזם. אַפילו די יידישע „אַרבעטער-באַוועגונג" האָט דאַמאָלס געטראָגן דעמדאָזיקן שוואַרצן מלבוש, הגם זי האָט זיך געזאַמלט אַרום דער רויטער פאָן פון דער פּ. פּ. ס. ד. ווער ס'וועט אַמאָל שרייבן די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין גאַליציען, וועט פאַרוואונדערט זיך אָפּשטעלן באַ דער פּ. פּ. סישער אַרבעט אין דער יידישער אַרבעטער-גאַס און באַ אירע דערפּאָלגן. ער וועט נישט ווייניק שטוינען, הערנדיק פון שטרייקן, באַ וועלכע מ'לאָזט די שטרייקנדיקע אַרבעטער שווערן באַ דער הייליקער תורה, אַז זיי וועלן נישט גיין צו דער אַרבעט (וועבער-שטרייק אין קאָלאָמעאַ 1892), פון „קלאַסנבאַוואוסטע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, וועלכע גיבן צו די ערשטע סליחות אַ ספר-תורה אין שול אַריין" א. אַז. וו.*)

וואו זיך אָפּשטעלן? וואו פאַראַנקערן מיין געדאַנק און מיין אַרבעט? אָט אַזוי איז געווען געשטעלט די אינערלעכע פראַגע, בשעת ראָזענפעלד האָט פאַרלאָזן דאָס קליינבירגערלעכע ציוניסטישע וועלטל מיט זיינע אַסימילירטע פירער און בטלנישע מגידים.

וואוהין?! — איז געווען די פראַגע פון ראָזענפעלדן און נאָך אַ קליין הייפעלע יינגע סטודענטן, וואָס האָבן געפילט אין זיך אַ שטאַרקן ברען פאַר לעבעדיקע, באַפרייענדיקע מעשים. געזוכט האָט מען דעם ענטפער אין לאַנגע, לאַנגע דיסקוסיעס, אין יענע באַוואוסטע סטודענטישע דיסקוסיאָנס-שטיבלעך, וואו ס'שלענגלען און קרייזלען זיך געדאַנקען-פעדעמלעך, פאַרוועבט איינעם מיט די רויכפּאַסן פון ציגאַרעטן...

דאָס לעבן האָט געבראַכט דעם ענטפער! אין קראָקע האָבן זיך אָנגעהויבן יידישע האַנדלס-אָנגעשטעלטע אָרגאַניזירן אויף געווערקשאַפטלעכע יסודות; באַלד זענען

*) פאַרגלייך ב. לעקערס אַרטיקל אין „יידישן אַרבעטער" 1918 נר. 49—50 זייט 16.

אַנטשטאַנען ענלעכע גרופּן אין אַנדערע שטעט און צו דער ריכטיקער צייט זענען אויך געקומען די ריכטיקע, טיכטיקע פירער, וואָס האָבן צונויפגעבונדן די גרופּן און געגעבן זיי דעם ערשטן רוק פאָרווערטס.

ש. קאַפּלאַנסקי דער „דיפּלאָמאַט" (ווי מען האָט אים דעמאָלט אָנגערופן אינעם ענגן קרייז פון פּאַרטיי־חברים) און נתן גראָס — ד'ער אָרגאַניזאַטאָר, ביידע „אויס־לענדער", ביידע דערוויטערט פון גאַליציען. זיי, די „ווינער", האָבן אונז געבראַכט די בשורה טובה, אויף וועלכער מיר, גאַליציאַנער, האָבן געוואַרט מיט דער אומגעדולד פון „שטורם און דראַנג".

מיר האָבן דערשפּירט דעם ערשטן זאַפטיקן ריח פון רעאַלע מעשים. די פירער האָבן געגעבן דעם ערשטן שטויס און מיר — דאָס הייפעלע סטודענטן — האָבן געטון דאָס איבעריקע, איבערנעמענדיק די שווערע וואָכעדיקע אַרבעט.

„ווין" האָט אונז געשפּייזט מיט צירקולאַרן און מיטן „יידישן אַרבעטער", און מיר האָבן זיך איניינעם מיט „אונזער בלאַט" אַלץ מער אָפּגעשטעלט בא פּאָליטישע פראַגן, הגם דער יסוד פון דער אָרגאַניזאַציע איז נאָך געבליבן אַ ווירטשאַפטלעכער. אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַניזאַציע האָט כמעט אַן אַנטשיידנ־דיקן איינפלוס געהאַט דער שטראָם פּאָליטישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך אין דער צייט פון 1905־6 באַזעצט אין גאַליציען (צווישן זיי אויך בערל באָראָכאָוו), אַריינברענ־גענדיק דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט פון רוסלאַנד און אַ גאַנץ בינטל „טעאָריעס".

מיט אַ נייעם ריטם האָט אָנגעהויבן שלאָגן דער פּולס פון אונזער באַוועגונג. געלייטערט האָבן זיך די געדאַנקען. זענען פריער געווען די טרייב־מאָטאָרן פון דער אָרגאַניזאַציע, פון איין זייט, די אָפּאָזיציע קעגן דער פּ. פּ. ס'ישער אַסימילאַציאָנס־פּאָ־ליטיק און קעגן דער ציוניסטישער דעקלאַמאַציע און פון דער אַנדערער זייט — דער קאַמף פאַר אַ געזונטער געווערקשאַפטלעכער באַוועגונג צווישן ייד. האַנדלס־אָנגעשטעלטע און אַרבעטער, — אַזוי האָט זיך איצט אָנגעהויבן צו קריסטאַליזירן אונזער וועלט־אָנשויונג.

ס'איז די צייט ביז צו אונזער 3־טן פּאַרטיי־טאָג (אָקטאָבער 1906), וועלכער איז דער ערשטער גרויסער גרענעץ־סלופּ אין דער געשיכטע פון אונזער פּוע"צ־באַוועגונג אין גאַליציען.

ראָזענפעלדס אַנטוויקלונג איז טיף פאַרוואָרצלט אין יענער צייט און מען קען זיין שפּעטערע טעטיקייט ריכטיק אָפּשאַצן נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער עוואָלוציע פון אונזער באַוועגונג ביז צום 3־טן פּאַרטיי־טאָג.

אין יענע אַנטשיידענע 3 יאָר פון 1903—1906 שטייט ראָזענפעלד גיכער אויף דער פּעריפעריע פון אונזער באַוועגונג, ווי אינעם צענטער.

אין צענטער אַרבעטן די חברים דר. מאַרגוליעס, בירנהאַק, דער גלענצנדער זשור־נאַליסט שוסהיים, נוסבוים, שיפּער און אַנדערע. זיי בויען דעם אָרגאַניזאַציאָנס־אַפּאַראַט, זיי זענען די פּראַקטיקער פון דער פּאַרטיי. ראָזענפעלד שטייט דערווייל אויף דער פּעריפעריע און לעבט דורך די יונגע באַוועגונג אין זיין שטילן דראָהאָביטשער צימער,

איבערלאָזנדיק פֿאַר אַנדערע די ברייטע עפֿנטלעכע אַרבעט. ער בלייבט דער רויִקער, געלאַסענער, שאַרפֿער באַטראַכטער. ער איז דער זייטן־גייער, וואָס ברענט אינערלעך פֿאַר דעם צענטער און גרייט זיך צו צום שפּרונג.

ער איז צווישן די ענטוזיאַסטן — דער קילער; צווישן די קילע — דער ענטוזיאַסט. אין דעם דראָהאָביטשער, מיט סאָציאַל־וויסנשאַפֿטלעכער און ציוניסטישער ליטעראַטור פֿול־אָנגעפּילטן, אַרבעטס־צימער ראַנגלט זיך זיין ערנסטער געדאַנק, בשעת מיר, די „פּראַקטיקער“ זענען מער פֿאַרנומען מיט רעאַלע קליין־אַרבעטן, ווי מיט טעאָריעס. קומט דער 3 פּאַרטיי־טאָג, באַגריסן מיר ראָזענפֿעלדן, אַלס פֿאָרזיצער. דעם טעאָרעטיקער שטעלן מיר בראש אין פּרעזידיום־זאַל — זאָל ער מיט אונז, די פּראַקטיקער, וואָס זיצן קעגנאיבער אים, אויסקעמפֿן דעם גרויסן געדאַנקען־קאַמף פֿאַר דער באַוועגונג.

די „פּאַרטיי־טאָגס־דעבאַטע“ איז געוואָרן אינגאַנצן אַ געווערקשאַפֿטס־דעבאַטע. דאָס איז אַפֿילו גאַנץ גוט. יעדער איינער מוז מודה זיין, אַז די פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע איז אונזער יסוד. מען דאַרף אָבער דערפֿאַר נישט פֿאַרגעסן אָן די אַנדערע וויכטיקע פֿראַגן. די חברים, וועלכע מיינען, אַז אַ פּראָגראַם־וויכוח נוצט צו גאָרנישט, זענען אין אַ טעות. ביז אַהער האָבן מיר נישט געהאַט קיין פּראָגראַם. מיר האָבן נאָר געהאַט פּראָגראַם־טעזן. „אַצינד איז די צייט אונזער פּראָגראַם אויפֿצובויען, אונזערע דערפֿאַרונגען אויסצונוצן“ — אַזוי לויטעט דער פּאַראָל, מיט וועלכן ראָזנפֿעלד קומט צום פּאַרטיי־טאָג (זע זיין אַרטיקל „צו דער פּראָגראַם־פֿראַגע“ אינם „יידישן אַרבעטער“ 1906 נר 34).

ראָזענפֿעלדס פֿאַרדינסט איז עס אויך, וואָס דער III־טער פּאַרטיי־טאָג האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ קאָנסטיטואַנטע פֿאַר דער פּוע״צ־באַוועגונג אין גאַליציען. זיין קוק אויף דעם ענד־ציל איז אין וויכטיקע פּרטים אַן אַנדערער, ווי בײַ די רוסישע חברים, וואָס האָבן בײַ זייער ערשטן צוזאַמענפֿאָר אין פֿעברואַר 1906 אויסגעאַרבעט די ערשטע פּראָגראַם־טעזן. ראָזענפֿעלדס פּראָגראַם־פּראָיעקט פֿאַרמאָגט אַ שטאַרקן נאַציאָנאַלן אַקצענט און מען קען פֿון זיין אויפֿפֿאַסונג בולט אַרויסזען, אַז ער איז אין יענער צייט געווען אַ תּלמיד גיכער פֿון פֿרידריך ליסט ווי פֿון מאַרקס... ער חלומט נאָך וועגן אַ „נאַציאָנאַלער ווירטשאַפֿט“ אין פּאַלעסטינע. דעם קאַמף פֿאַר ארץ ישראל שטעלט ער זיך פֿאָר אויף אַ ריין־ציוניסטישן אופֿן, זעענדיק אין פּאַלעסטינע נישט נאָר אַ גינסטיקע טעריטאָריע פֿאַר איינוואַנדערונג, נאָר איינצייטיק אויך אַ לאַנד, וואָס האָט אַן אָ י ד ע אַ ל ע צוציִונגס־קראַפֿט פֿאַר דער יידישער איינוואַנדערונג. ער איז אַ סקעפּטיקער בנוגע אונזער קולטור־אַרבעט אין די גלות־לענדער, מיינענדיק, אַז אַ נאַציאָנאַלע קולטור איז אָפּהענגיק פֿון דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפֿט און איז, אַלזאָ, מעגלעך נאָר אויף אַן „אייגענער פֿרייער טעריטאָריע“. צוליב דעם נאַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט האָט ער פֿאָרגעלייגט, אַז די פּאַרטיי זאָל הייסן „פֿרייע יידישע אַרבעטער פּאַרטיי פּוע״צ“, מחמת אויסער די געמיינזאַמע אינטערעסן מיט די פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, האָבן מיר נאָך אַ באַזונדערן ציל, וועלכער אונטערשיידעט אונז פֿון די אי־

בעריקע פראָלעטאַריער, דהיינו דעם מינימום-פּראָגראַם „צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע ווירט-שאַפט אין פּאַלעסטינע".

דער קאָלעקטיווער געדאַנק פונם קאָנסטיטוירנדן פּאַרטיי-טאָג האָט זיך אין אָט די פּרטים אָפּגערוקט פון ראָזענפעלדס אָנשווינגען און בפרט אינם פּונקט וועגן שאַפן אַ „נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט" אין פּאַלעסטינע. (זע דעם „פּראָגראַם-פּראָיעקט" פון די עסט-רייכישע פּוע"צ אין 1906, וואו די טעריטאָריאַלע לעזונג ווערט באַצייכנט אַלס אַ שטרעבונג צו אַ „ווירטשאַפטס-איינהייט".)

די באָפּל-שנור, וואָס האָט אונז, „גאַליציאַנער", און ראָזענפעלדן בראש, צונויפ-געבונדן געדאַנקלעך און אפילו אָרגאַניזאַציאָנס-טעכניש מיט דעם קליינבירגערלעכן ציוניסטישן וועלטל אין גאַליציען, איז דורכן דריטן פּאַרטיי-טאָג מיט קאָנסעקווענטער אַנטשלאָסנהייט פונאַנדערגעריסן געוואָרן.

די אָפּעראַציע איז געלונגען אַ דאַנק דעם פעסטן געדאַנקען-בוי, וועלכן ס'האָבן דאַמאָלס אַריינגעבראַכט קיין גאַליציען באָראָכאָווס תלמידים און בפרט חבר ווי-טעבסקי.

די פּאַרטיי האָט געמאַכט אַ שטאַרקן שריט פאָרווערטס — ראָזענפעלד האָט זיך דעם קאָלעקטיוו-געדאַנק ל אַ נ ג ז אַ ם אונטערגעגעבן, מחמת זיינע געדאַנקען זענען נאָך נישט געווען פריי פון דער ציוניסטישער פראַזע וועגן דעם „נאַציאָנאַלן גייסט" און די אַלערליי „קולטור-היסטאָרישע סובסטאַנצן".

שטייענדיק אויפן רעוויזיאָניסטישן שטאַנדפּונקט, האָט ער זיך נישט געקענט אַזוי לייכט צופּאַסן צו דער געדאַנקען-וועלט פון אונזערע רוסישע חברים, וואָס האָבן מיט זייער „שטרענגען מאַרקסיזם" אַרויפגעלייגט דעם שטעמפּל אויף דער אידעאָלאָגיע פון דער יינגער פּוע"צ-באַוועגונג אין גאַליציען. ער איז געבליבן דער שטענדיקער קריטי-קער אויף רעכטס און אויף לינקס: קיל און געלאַסן, ערנסט און געוויסנהאַפט.

זיין געדאַנק איז נישט געפלויגן אין די הימלען מיט דער שנעלקייט פונם שוואַלבן-פלי, ער האָט זיך געצויגן לאַנגזאַם איבער שטעגן און וועגן, איבער בערג און טאָלן. דער וועג פון אַ שווערער געדאַנקען-אַרבעט, וואָס רעכנט זיך מיט די פּאַר-שידנסטע פלאָנטערנישן אינם לעבן און קען זיך נישט אָפּזאָגן פון דעם פאַרלאַנג צו שאַפן אַ פרייען, ברייטן וועג דורך דעם אורוואַלד.

אַ יוריסט אויס פאָרליבע, האָט ער שטענדיק דערלאַנגט אַ פּירוש, אַ קאָמענטאַר, בשעת ס'האָט זיך אונז אויסגעוויזן, אַז דער פּאַראַגראַף איז קלאָר און פאַרשטענדלעך.

אין אַ גרויסער מאָס געלייטערט פון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, זענען מיר נאָכן דריטן פּאַרטיי-טאָג צוריקגעקומען צו די אָרגאַניזאַציעס און פאָרטגעזעצט אונזער וואָכעדיקע אַרבעט. אָפּגעפאַלן זענען פון אונז עטלעכע פירנדע חברים (פעלדבלום, פיל-צער און אַנד.), די, וואָס האָבן זיך פאָרגעשטעלט אונזער באַוועגונג אַלס אַ פראַקציע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ראָזענפעלד איז געבליבן. געבליבן נישט אַזוי פיל אַ דאַנק דער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אויפן 3-טן פּאַרטיי-טאָג (זי האָט זיך

נאָך נישט געהאַט פאַרוואָרצלט אין זיין גייסט), ווי אַ דאַנק זיין פּערזענלעכן רעאַליס־טישן קוק, וואָס האָט אים נישט דערלויבט אַריינצוטרעטן אין דער אָרגאַניזאַציע פון די דאָמאַנטישע בירגער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט צערעשט וועגן דער „רויטער געפאַר" מצד אונזער באַוועגונג. יונגפּרוילעך איז געווען די ציוניסטישע „קעגנוואַרטס־אַרבעט", אַ פאַרשעמט באַשעפעניש, וואָס שטייט אין ווינקל — בשעת ראָזענפעלד, דער רעאַ־ליסט מיט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג נאָך נאַציאָנאַלע מעשים אינם טאָג־טעגלעכן לעבן, האָט אין אַן אינטענסיווער „קעגנוואַרטס־אַרבעט" געזען די הויפּט־באַדינגונגען פאַר אַן אמתער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג.

שוין אויפן 3־טן פּאַרטיי־טאָג האָבן זיך די עסטרייכישע פּוע"צ, אַ דאַנק ראָ־זענפעלדס איינפלוס, אָפּגעשטעלט בײַ דעם פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. אַ רעזאָלוציע, וואָס איז דעמאָלט אָנגענומען געוואָרן, זאָגט אויס, אַז „די פּאַרטיי קעמפט. . . פאַר פולער גלייכבאַרעכטיקונג פונם יידישן פאָלק אויפן סמך פון נאַ־ציאָנאַלער אויטאָנאָמיע". פון דער רעזאָלוציע ביז צו לעבעדיקע מעשים איז אָבער געווען נאָך אַ לאַנגער וועג, מחמת דער פּראָגראַם פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז דעמאָלס געווען מער אַן ענין פאַר אויספאָרשונג, ווי אַ קאַמף־פּלאַט־פאָרם.

און עס בלייבט דער גרויסער פאַרדינסט פון ראָ־זענפעלדן, אַז ער האָט זיך אַלס ערשטער אין אונזערע ריי גענומען צו דער געוואַלטיקער אויספאָרשונגס־אַר־בעט.

גינסטיק זענען געווען די צייטן פאַר זיין פאָרשן און שאַפן.

ער פאַרטיפט זיך אין די קלאַסישע שטודיעס פון די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן, אין דעם רייכן קוואַל פון וויסן, וואָס איז אָנגעזאַמלט אין די שריפטן פון אָטאָ בויער און רענער, ער שאַפט זיך אַ וועג דורכן לאַבירינט פון דער עסטרייכישער גע־זעצגעבונג, ער אַנאַליזירט די מלוכה־אינסטיטוציעס, אויף וויפיל ס'האָבן זיך אין זיי באַוויזן ראשי־פּרקים פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, ער שטעלט זיך אָפּ בײַ יידישע אָנ־שטאַלטן, זוכנדיק אין זיי אַ קערנדל פאַר דעם נאַציאָנאַלן בוי, ער זאַמלט אומדערמידלעך מאַטעריאַלן, און בלייבט דערביי דער געטרייעסטער תּלמיד פונם רעשדיקן לעבן.

דאָס פאַרהעלטניש צווישן אים און דער פּאַרטיי ווערט אַלץ אינטימער און פעס־טער ; געוועבט האָט דעם באַנד די האַנט פון לעבן. מיר האָבן זיך געניייטיקט אין אים און ער אין אונז. און געווען איז עס אין יענער וואונדערבאַרער צייט פונם אויפגערו־דערטן פּאָליטישן לעבן אין גאַליציען, וואָס האָט אונז געשטעלט פאַר שווערע פּראָב־לעמען פון קאַמף. געווען איז עס אין דער צייט 1907—1911, — דער גלאַנץ־פּעריאָד פון אונזער גאַליצישער באַוועגונג.

די וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין די יאָרן 1907 און 1911, די „קאָנ־פיסקאַציע" פון דער יידישער שפּראַך בײַ דער פאָלקס־ציילונג אינם יאָר 1910, די

פאַרייניקונגס־קאָמעדיע פון דער זש. פּ. ס. מיט דער אַסימילירטער סעקציע פון ייד. אַרבעטער בּאַ דער פּ. פּ. ס. (1911), די טעטיקייט פונם ייד. קלוב אינם עסטרייכישן פּאַרלאַמענט — דאָס זענען די בּרענפּונקטן פון יענער שטורמישער צייט.

מיט אַ זעלטענער פאַרשטענדניש פאַר פּראַקטישע, פּאָליטישע ענינים האָט ראָזענפעלד קאָמאַנדירט דעם גרויסן אויפקלערונגס־קאַמף פון אונזערע הברים. דער „יידישער אַרבעטער" בּרענגט אין דער צייט 1907—1911 אַ גאַנצע ריי פון זיינע ערנסטע, קריטישע אַרטיקלען וועגן די בּרענענדיקע פּאָליטישע פראַגן און גיט אונז אַ פילפאַרביק בּילד פון זיין אַנטוויקלונג.

פאַרסמט פון קאָמפּראָמיס־שטימונגען און מאַנדאַט־שטרעבעריי איז געווען די לופט, סיי אויף רעכטס בּאַ די ציונים, סיי אויף לינקס בּאַ דער זש. פּ. ס. אינם קאַמף פאַר דער ריינקייט פון דער פּאָליטיק אין דער יידישער גאַס איז אונז ראָזענפעלד געווען שטענדיק דער צילבּאַוואוסטזיניקער פירער, אויף וועלכן מען קען זיך פאַרלאָזן.

אינם קאָכעדיקן קאַמף האָבּן זיך קריסטאַליזירט ראָזענפעלדס געדאַנקען וועגן דער ייד. אויטאָנאָמיע. אַלץ קלאָרער איז אים געוואָרן דער גרויסער אמת, אַז מיר טאָרן דאָס סיסטעם פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע נישט סתם נאָכמאַכן, נאָר מיר מוזן עס צופּאַסן צו די אייגנאַרטיקע, קאָמפּליצירטע יידישע פאַרהעלטענישן.

אויפן 4־טן (1908) און דאַן אויפן 6־טן פאַרטיי־טאָג (1912) בּרענגט ראָזענפעלד אַריין אַ ריי פאָרשלאַגן און אַלגעמיינע לייט־זאַצן צו דער נאַצ. אויטאָנאָמיע און עפנט דערמיט אַ בּרייט פעלד פאַר פּראָגראַמאַטישע בּאַטראַכטונגען.

דער קאָלעקטיוו־געדאַנק פון די פאַרטיי־טאָגן איז פאַר אים געווען דער פּרוּוו־שטיין פאַר זיינע אייגענע אָנשויונגען. ער קאָרעגירט זיינע געדאַנקען לויט אונזערע געמיינזאַמע אָנזיכטן און גייט דאַן ווייטער אויף זיין איינזאַמען פאָרשער־וועג.

אויף די פאַרטיי־טאָגן נעמען מיר דערווייל אָן נאָר לייט־זאַצן — וויסנדיק, אַז דאָס פּראָבּלעם איז נאָך נישט דערגרונטעוועט בּיזן סוף.

מיט אַ געפיל פון בּאַפרייענדיקער זיכערקייט וואַרפן מיר אונזערע בּליקן אַהינצו, צום אַרבּעטס־צימער פון אונזער חבר ראָזענפעלד, וויסנדיק, אַז ס'שאַפט זיך דאָרט דער סינטעז, דאָס פּראָגראַם פאַר אונזער ווייטערדיקן פּאָליטישן קאַמף אינם לאַנד.

לאַנגזאַם בּויט זיך דאָס סיסטעם. . . די צייטן זענען אומרויק. די יאָרן 1913 און 1914 בּרענגען דעם שווערן קאַמף פאַר דער וואַל־רעפאָרם צום גאַליציישן סיים, וואָס גייט האַנט אין האַנט מיט דעם קאַמף פאַר אַ פּויליש־רוטענישער פאַרשטענדיקונג. עס דראָט אַ נייע סכנה פאַר אונזערע נאַציאָנאַלע רעכט: די אַלטע שונאים וועלן זיך פאַרשטענדיקן אויפן חשבון פון דער דריטער נאַציע אינם לאַנד.

ראָזענפעלד פאַרלאָזט זיין אַרבעטס־צימער און וואַרפט זיך אין מיטלפּונקט פון די קאַמף־אַקציעס.

מיר זעען אים אַלס הויפּט־רעדנער אויף מאַסן־מיטינגען אין לעמבּערג, ער וועקט

און אַנטוויקלט אונזער קאַמף־פּלאַטפאָרם, באַווייזנדיק זיך צום ערשטן מאָל אין דער ראָלע פון אַ פאָלקס־טריבון.

ער וויל שאַפן אַ בלאָק צווישן ביידע ייִד. אַרבעטער־פּאַרטייען אין גאַליציען, און פירט אונז אין קאַמף פאַר דעם זש. פּ. ס׳ישן סיים־קאַנדידאַט.

גלענצענד איז די קאַמפּאַניע, וועלכע ער פירט, אויף פאַרזאַמלונגען און אין דער פּרעסע קעגן דעם קעגן־קאַנדידאַט, דעם באַוואוסטן דראָהאָביטשער העלד לעווענשטיין.

געבראָכן האָבן דעם בלאָק די פירער פון די זש. פּ. ס., הגם ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן זייער אייגענעם קאַנדידאַט. אַפּאַטיש האָבן זיך באַצויגן די גאַנצע צייט די ציונים.

ראָזענפעלדס קריטיק האָט געביסן און געשטאָכן, אומרחמנותדיק איז געווען זיין קאַמף קעגן די ציונים און קעגן די פירער פון די זש. פּ. ס., בשעת ביידע צדדים האָבן אונטער אַ ייִד. נאַציאָנאַלער מאַסקע געשטיצט דעם נצחון פון... דער אַסימילאַציע. באַרייכערט מיט נייע דערפאַרונגען און איבערלעבונגען פאַרלאָזט ער דעם קאַמפּס־פּלאַץ, כדי פאַרטצוזעצן דאָס „בוך", וואָס איז געוואָרן דער סימבאָל פון זיין לעבן.

אַלץ שטורמישער ווערן די צייטן. עס צעבושעוועט זיך דער וועלט־קריג. די ליידערס אין דער יידישער גאַס צעלויפן זיך אין אַלע עקן און טיילן. די לעווענשטיינס, דיאַמאַנדס, שטאַנדס א. אַ. וו. „מאַכן פּאָליטיק" אין ווין, בשעת די יידישע גאַס אין לעמבערג לעבט איבער פּאָגראָמען און רדיפות.

ראָזענפעלד בלייבט אויפן פּאָסטן, ער אַרבעט אין די הילפס־קאָמיטעטן און באַנוצט זיין פרייע צייט פאַר דעם בוך פון זיין לעבן...

אין יאָר 1916 טרייבט אים די קריגס־כוואַליע קיין פּשעמישל; ער בלייבט דאָרט, געבונדן דורכן מיליטערישן דינסט, ביז צו דער גרויסער מלחמה־ליקווידאַציע.

אונטער שווערע באַדינגונגען פאַרענדיקט ער זיין בראָשור „יידן און פּאָליאַקן" (1917) און דאָס בוך פון זיין 15־יעריקער אַרבעט: „די פּוילישע יידנפראַגע" (1918).

קומט די קריגס־ליקווידאַציע, ציט אים דאָס ברייטע אַרבעטס־פעלד, וואָס עפנט זיך פאַר אַ יידישן פּאָליטיקער אין אויסלאַנד, אין בערן און אין פּאַריז.

דאָרט וועט ער מיטשאַפן, מיטהעלפן בא דער אינטערנאַציאָנאַלער לעזונג פון דער יידנפראַגע, דאָרט וועט ער איבערלעבן דעם נצחון פון זיינע געדאַנקען און חלומות.

שווער פאַלט אים אויס צו פאַרלאָזן פּשעמישל. געשאַפן האָט ער דאָ אין דער צייט פון דער איבערקערעניש דעם פּ אָ ל ק ס ר אַ ט, דעם פונדאַמענט פאַר אַ נאַציאָנאַל־געמיינדע, געווען דאָ דער ערשטער פּרעזעס פון דער יונגער אינסטיטוציע. דורכגעמאַכט האָט ער דאָ דעם פּאָגראָם אין נאָוועמבער 1918 און אָוועקגעלייגט אַ שטיק לעבן פאַר די פּשעמישלער יידן. זאָל ער זיי אין דער שווערער צייט פאַרלאָזן?

זיין אַנטשלוס איז פעסט.

ער מוז אַרויס אין דער ווייטער וועלט, דאָרט אַהין, וואו ס'בינדן זיך די פעדעם פון דער וועלט-פּאָליטיק און פון דער יידן-פראַגע.

ער ווערט אויסגעקליבן אַלס דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים.

זיין אַנטשלוס בלייבט אומפאַרענדערט. שוין קלייבט ער זיך אין וועג קיין בערן, צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָצ. קאָנגרעס...

קומט דער שניטער-טויט און מאַכט אַ סוף צו זיין יונגן, רייכן לעבן...

מוזן מיר גובר זיין דאָס פינסטערע מזל זיינס און דערלאַנגען די פּירות, נאָך וועלכע ס'האָט געלעכצט זיין נשמה...

**י. שיפער.**

„אַרבעטער-צייטונג", 1919. נומ. 23.

# דר. מאיר ראָזנער

געב. 11 נאָוו. 1888 — געשט. 5 אַפּריל 1921.

איינער פון די ערשטע אינם אַוואַנגאַרד פון רעוואָלוציאָנערן פּועלי־ציוניזם. געבוירן דעם 11־טן נאָוועמבער אין דאָרנאַ־וואַטראַ (בוקאָווינער קאַרפּאַטן), די יוגנט פאַרבראַכט און געלערנט אין טשערנאָוויץ, צוגעשטאַנען גאַנץ פרי צו דער נאָך יונגער פּועלי־ציון־באַוועגונג און מיטגעהאָלפן אַקטיוו צו איר כסדרדיקן אומאויפגעהערטן אויפוואַקס. ... ביז ער איז געוואָרן דער סימבאָל פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין בוקאָווינע.

ראָזענפעלד, ראָטציגעל, ראָזנער — דריי קלאַסישע געשטאַלטן פון דער אַלטער עסטרייכישער פּאַרטיי. צוזאַמען געאַרבעט, צוזאַמען געקעמפט און דאָך ווי פאַר־שידן.

דער ערשטער מער קאַבינעט־מענטש און דענקער, האָט יעדן ריר פון זיין נשמה געלאָזט דורכגיין די קיל־קאַמערן פון אַנאַליטישן מוח, — איז ער געווען דער טעאָרע־טיקער פון דער פּאַרטיי.

דער צווייטער — אימפּעטיק ווי אַ שטורעם, די ריינע באַגייסטערונג ביז צום העכסטן מסירות־נפש — האָט פאַרענדיקט זיין פויגל־פריי לעבן אויף די שלאַכט־פעל־דער פון דער אונגאַרישער רעטן־רעפּובליק — אַ העלדישער לייטענאַנט און פאָנען־טרעגער פון דער רעוואָלוציע.

ראָזנער, דער חבר און פריינט פון זיי ביידע, האָט אין זיך פאַראייניקט זייערע מידות — איז ער געווען דער באַרעכנטער, טיף־גראָבנדער, ווייט־ און הויך־שטרעבנ־דער גייסט, וואָס האָט געזוכט די שווערע דערשלאָגנדע אַרבעט בײַ די יידישע אַר־בעטער־מאַסן, און זי געפונען.

ער איז געווען פון די ערשטע חברים אין ווין, וואָס האָבן באַנייט דעם „יידישן אַרבעטער" און די עסטרייכישע פּאַרטיי אינמיטן דער מלחמה, ווען די אַלטע פירער זענען געווען פאַרנומען אין מיליטער־דינסט אָדער אין אויסלאַנד. זיין ענערגיש, האַר־ציק, איבערצייגנד וואָרט האָט געשטאַרקט און מוט געגעבן. זיין פּאָליטישער חוש האָט דער עסטרייכישער פּאַרטיי געהאָלפן צו ווערן דאָס, וואָס זי האָט געדאַרפט ווערן: די

פּאַרטיי פון רעוואָלוציאָנערן יידישן פּראָלעטאַריאַט. די גאַנצע, אָבער באמת, די גאַנצע פרייע צייט, וואָס איז אים געבליבן פון זיין קאָנציפּיענטן-פּראַקטיק, האָט ער אָפּגעגעבן דער פּאַרטיי, אַלס מיטגליד פון דעם פּאַרטיי-עקזעקוטיוו, פון דער רעדאַקציע „יידישער אַרבעטער“, פון ווינער אָרטיקן קאָמיטעט און בכלל אַלס אַקטיווער, פירנדער חבר אומעטום, וואו ס'איז עפּעס געטון און געשאַפן געוואָרן אין יידישן אַרבעטער־לעבן.

נאָך דער רעוואָלוציע אין עסטרייך, ציט עס אים אין זיין היים-לאַנד, בוקאָווינע. אין 1918 קומט ער צוריק קיין טשערנאָוויץ, שאַפט די בוקאָווינישע פּאַרטיי, הייבט אָן אַרויסגעבן די „פרייהייט“ און פירט אַרויס די באַוועגונג פון נאַיווער פאָלקסטימלעכקייט צום רעוואָלוציאָנערן פּועלי-ציון-געדאַנק. מיט זיין גייסט באַהערשט ער די בוקאָווינער פּאַרטיי און אין לעצטן קאַמף וועגן „לינק און רעכט“, איז ער דער פירער און וואָרטפירער פון די לינקע, וועלכע זענען געבליבן אין די רייען פונם באַראָכאָוויסטישן וועלט-פאַרבאַנד.

זיין האַרציקער און דערביי מענלעך-ערנסטער כאַראַקטער, זיין טאַקט, ענערגיע און איבערגעבנקייט האָבן אַרום אים געשאַפן אַ שטילע פאַרערונג, נישט בלויז פון אייגענע, נאָר אפילו פון פאַרביסענע פּאַרטיי-קעגנער.

שטילע פאַרערונג האָבן די חברים אים נאָכגעטראָגן צו זיין קבר און דאָס גליקלעכע שטאָלצע געפיל, אַז מאיר ראָזנער איז געווען אונזערער אַ פריינט און קאַמף-חבר.

ד. ל.

# ישראל שורעק (הייסקינד)

### געב. 29 יאַנואַר 1892 — געשט. 9 אַפּריל 1919.

באַדנע זענען די וועגן פון לעבן, פול זענען זיי מיט סיורפריזן און סתירות.

אַלע אויסערלעכע סימנים האָבן גערעדט דערפאַר, אַז שורעק דאַרף אין אונזער מחנה — אין דער יידיש־פּראָלעטאַרישער — נישט אַריינפאַלן. סיי זיין סביבה און סיי זיין דערציונג האָבן עס נישט באַרעכטיקט. געווען אָבער עפּעס העכערס און שטאַרקערס, וואָס האָט אים דערצו געשטויסן: דער טיפערער באַגער פון זיין איידעלער נשמה, זיין איינגעבוירענער אידעאַליזם און דער נאַטירלעכער דראַנג צום אומגעפעלשטן אמת — זיי האָבן שורעקן געצויגן דווקא אַהין, צו די סאַמע אונטערדריקטע, צו די אין פלוג אַזוי ווייטע און שפּעטער אַזוי נאָענטע און אייגענע יידישע אַרבעטער.

פון זיין פריסטער יוגנט אָן האָט ער שוין דערפילט, אַז זיין אָרט איז אין די רייען פון גערודפטן און קעמפנדיקן יידישן אַרבעטער־קלאַס. אוודאי האָט ער, זייענדיק 14 יאָר אַלט, ווייניק וואָס געוואוסט פון די פּועלי־ציוניסטישער טעאָריע. אַ זון פון אַ סוחריש־באַלעבאַטישער שטוב, וואו ס'זענען קיינמאָל נישט באַהאַנדלט געוואָרן נישט קיין אַלגעמיינע און נישט קיין יידישע פּראָבלעמען, דערצויגן אין דער פרעמדער פּוילישער שפּראַך און אַ שילער פון דער קאָמערץ־שול, אין וועמען מ'האָט זיך באַמיט איינצופלאַנצן די שטרעבונג צו תכלית, — האָט שורעקן אינסטינקטיוו געצויגן צו דער פּועלי־ציוניסטישער מחנה. אינם פּועלי־ציוניזם האָט ער, איידער ער האָט אים נאָך דערקענט, שוין דערפילט דעם ענטפער אויף דעם, וואָס אים אַליין האָט געמאַטערט — אויף דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג פון די יידישע מאַסן. אים, דעם אידעאַליסט און טרוימער, האָבן נישט געקענט באַפרידיקן די איינזייטיקייט פון די אַסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטן פון איין זייט, און פון די ציוניסטן פון דער צווייטער זייט.

און דער פערצן-יעריקער שורעק, וואָס קען נישט קיין צוויי ווערטער יידיש, ווערט, נישט געקוקט אויף די סטראַשונקעס פון פאָטער און דעם דרוק פון דער אַרומיקער סביבה, אַן אָפּטער באַזוכער פון דער פועלי-ציוניסטישער בערזע אין לאָדזש. אים פאַרשלינגט די נייע סביבה, ס'פּאַרכאַפּט אים די קאַמף-אַטמאָספער פון פועלי-ציוניזם. ער וויל נישט בלייבן בלויז אַ צושויער; ער וויל מיטהעלפן אין דעם קאַמף. אַט שאַפט מען אַ פועלי-ציוניסטישן שילער-קרייז אין זיין שול, און שורעק איז שוין דאָרט דער אָנפירער. און ס'האָט אָנגעהויבן גליען די נשמה פון דעם קעמפער און צוקונפטיקן פירער.

*

די רעוואָלוציע איז באַזיגט. אומעטום אַנטוישונג. די אינטעליגענץ האָט מאַסנווייז פאַרלאָזן די רייען פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען. אַנשטאָט דער פייערדיקער באַגייסטערונג פאַרן סאָציאַליזם — חוזק און ביטול. אַנשטאָט סאָציאַלע פּראָבלעמען פאַרנעמען דעם אויבנאָן עראָטישע, סאַנין באַהערשט די מוחות. דער ייִנגער 17-יעריקער שורעק קומט קיין ליעזש און אין אַזאַ צייט פאַלט ער אַריין אין דער ליעזשער סטודענטן-קאָלאָניע.

אַנדערע האָבן געקענט דעמאָראַליזירט ווערן, פאַרלוירן גיין פאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג, אָבער נישט שורעק. צום קרישטאָל-ריינעם מענטש נעמט זיך נישט בלאָטע, זי פאַלט פון אים אָפּ.

ער איז נישט קיין מיזאַנטראָפּ, נישט קיין פּרוש, וואָס זונדערט זיך אָפּ פון לעבן; דאָס גראָד נישט. אדרבא, שורעק איז לעבעדיק ביז גאָר, ער פאַרמאָגט אַ ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט, האָט ליב צו הוליען, און מ'זעט אים טאַקע אויף אַלע בעלער, אויספלוגן, פּיקניקס, פאַרוויילונגען, וואו ער פאַרנעמט דעם אויבנאָן אַ דאַנק זיין אומגעצוימטער פריילעכקייט, און ער פאַרהילכט אַלץ און אַלעמען מיט זיין קלינגענדיקן געלעכטער. אָבער דאָס האָט נישט געמינערט אויף אַ האָר זיין אידעאַליזם, זיין איבערגעגעבנקייט פאַר דער יידישער אַרבעטער-זאַך. דער געזעלשאַפטלעכער נערוו רוט נישט אין אים. ער אָרגאַניזירט דעם פועלי-ציוניסטישן סטודענטן-פאַריין „חירות" אין ליעזש. דורך דער פאַרמיטלונג פון רוסלענדישן צ. ק. פאַרבינדט ער זיך מיט די חברים-סטודענטן אין אַ ריי שטעט פון שווייץ, בעלגיע און פראַנקרייך און העלפט מיט אָרגאַניזירן דאָס מערב-אייראָפּעישע ביוראָ פון דער פועלי-ציוניסטישער סטודענטשאַפט, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל מיטצוהעלפן דער אַרבעט פון צ. ק. פון אונזער פאַרטיי און דערציען פאַרטיי-טוער פאַר דער אומלעגאַלער פאַרטייאישער אַרבעט אין רוסלאַנד. ער, צוזאַמען מיט מאיר רייז און לעוויטין, גייען אַריין אין ביוראָ. אַ דאַנק דעמדאָזיקן ביוראָ איז ח' ז. אַבראַמאָוויטש — חפץ (איצט אין פּאַלעסטינע) אַריבער אין יאָר 1914

אַרבעטן אין דער פּאַרטיי אין רוסלאַנד. שורעק ווערט פּאָפּולער נישט נאָר אין די קרייזן פון פּאַרטיי־חברים, נאָר בײַ דער יידישער סטודענטשאַפט בכלל און ער ווערט געשיקט אַלס דעלעגאַט אויפן ציריכער יידישן סטודענטן־צוזאַמענפאָר.

חבר מאיר רייז האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז לכתחילה האָט ער און נאָך עטלעכע חברים נישט געהאַט קיין איבעריקן צוטרוי צו שורעקן. עפּעס האָבן זיי נישט געגלייבט, אַז אויף דעמדאָזיקן ייִנגן, פריילעכן, עלעגאַנטן בחור זאָל מען קענען בויען; זיי האָבן אים פון אָנהויב געהאַלטן פאַר אַ לייכטזיניקן. אין דער אַרבעט האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן זיין באַדייטונג. און ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און שורעק איז געוואָרן די נשמה פון אונזער סטודענטישער סביבה.

* * *

שורעק איז, ווי געזאָגט, לחלוטין נישט געווען קיין אַסקעט. ער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן, ליב געהאַט צו געניסן פון לעבן. אויף אַ חברישן צוזאַמענטרעף, אויף אַ פּאַרטיי־וועטשערינקע, אויף אַ באַנקעט, סתם אַזוי אין דער היימישער סביבה איז ער געווען דער לעבעדיקסטער און פריילעכסטער, ער האָט געשפּרודלט מיט לעבן. ער האָט אויך געהאַט אין לעבן זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן, סענטימענטן און טיפע, ערנסטע סימפּאַטיעס. איבער אַלעם אָבער. האָט דאָמינירט איין גרויס געפיל — דאָס געפיל צו דער פּאַרטיי. די פּאַרטיי איז געווען זיין הייסטע, פלאַמענדיקסטע ליבע, אויף וועמענס מזבח ער פלעגט ברענגען פאַר אַ קרבן אַלע זיינע פּערזענלעכע נייגונגען, סימפּאַטיעס און סענטימענטן.

ס'איז זיך ממש שווער פאָרצושטעלן זיין איבערגעגעבנקייט צו דער פּאַרטייאישער אַרבעט. ס'האָט נישט עקזיסטירט קיין טאָג און קיין נאַכט, קיין זומער און ווינטער, קיין נאָנטער און ווייטער וועג — וואו ס'איז נייטיק געווען פאַר דער פּאַרטיי, דאָרט איז ער מיט חדווה געגאַנגען.

ער האָט זיך מאָדנע צונויפגעוואַקסן מיט דער צייט, ווען ער איז בײַ אונז צומייסטן טעטיק געווען — מיט די יאָרן 18, 17, 1916. ס'איז געווען דער פרילינג־פּעריאָד פון דער באַוועגונג. נאָך זענען נישט געווען פאַרגאַנגען די צייכנס, וועלכע ס'האָבן אויף אונז איבערגעלאָזט די צאַרישע קייטן. נאָך זענען מיר געווען געצווימט און געבונדן פון די אָקופּאַנטן, אָבער שוין האָבן אומעטום אָנגעהויבן שפּראָצן די פרילינג־געוויקסן פון פּראָלעטאַרישן לעבן אין פּוילן. אומעטום, אין יעדער שטאָט און שטעטל, האָבן זיך געוועקט די מאַסן, פון זיך האָבן אָנגעהויבן זיך שאַפן פּועלי־ציוניסטישע גרופּן און קרייזלעך, אומעטום האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען חברים און מיטקעמפער, צעזייעט און צעשפּרייט, אָן אַ קלאָר־פאָרמולירטן פּראָגראַם, אָן ליטעראַטור, אָן פּרעסע זענען זיי אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד. און שורעקן איז אויסגעפאַלן דאָס

גליק צו זיין אפשר דער ערשטער פון די זאמלער, דער ערשטער פון די ווינציקע, וואס האבן פון דידאזיקע צעשאטענע ציגל אויפגעשטעלט דעם הערלעכן בנין פון דער פועלי-ציון-פארטיי אין פוילן.

שורעק האט אויסגעמאסטן דעם געביט פון דער דייטשער אקופאציע אין דער לענג און דער ברייט. גישט געווען כמעט קיין יידישער ישוב אין פוילן, וועלכן ער זאל נישט האבן באזוכט אין די אינטערעסן פון דער פארטיי, אומעטום געוועקט און גערופן צום קאמף פאר די אידעאלן פון דער יידישער ארבעטערשאפט.

מיט פיל שוועריקייטן איז עס דאן געווען פארבונדן. א טייל באן-ליניעס צע־שטערט, האט מען זייער פיל געמוזט פארן מיט אקס און טרייסלען זיך איבער די צע־האקטע, גריבערדיקע פוילישע וועגן. די וואגאנען נישט באהייצט, די שויבן אויסגע־האקט, אפטע רעוויזיעס מצד די אקופאנטן, די העסלעכע אנטלויזונג-פראצעדור — איז מען שטענדיק געווען אויסגעשטעלט אויף קראנקייטן, שיקאנען און ארעסטן.

פאר שורעקן איז אבער קיין שום זאך נישט שווער געווען, ווען ס'האט זיך גע־האנדלט וועגן די אינטערעסן פון דער פארטיי. איך דערמאן זיך א פאקט: אין אנהויב 1917 זענען פארגעקומען די וואלן צום ערשטן געוויילטן לאדזשער שטאט-ראט. ס'איז געווען די ערשטע גרויסע פאליטישע קאמפאניע, וועלכע מיר האבן געפירט. דאס ערש־טע מאל האבן מיר זיך פארמאסטן מיטן בונד. א הערלעכע קאמפאניע, געווען באגייס־טערונג אן א שיעור. דער רעזולטאט איז איבערגעשטיגן אלע אונזערע דערווארטונגען. דער נצחון א געוואלטיקער, צום ערשטן מאל האבן מיר געשלאגן דעם בונד בא א גרויסער פאליטישער קאמפאניע. די שטימונג בא די חברים א גאר, גאר געהויבענע, אן אמתער יום-טוב. אויף באנאכט איז באשטימט א באנקעט, מ'גרייט זיך געשמאק צו דער שמחה. שורעק קומט ספעציעל צום באנקעט, קומט גלייך נאך א לענגערער נסיעה איבער דער פראווינץ, קומט אנטייל נעמען אין דער שמחה פון זיין לאדזשער ארגא־ניזאציע. אבער אט קומט אן א ווענדונג פון א שטאט וועגן א רעפערענט. מ'טראכט אפילו נישט וועגן באפרידיקן, ווייל אויב יא, מוז מען תיכף נעמען און אוועקפארן, און קיינער האט קיין הארץ נישט צו הייסן א חבר אוועקפארן פון דער שמחה. אבער אט שטעלט זיך אויף שורעק און דערקלערט, אז ער פארט. ס'איז זיך איצט שווער פארצושטעלן, וויפיל זעלבסטאויפאפערונג דאס האט אין יענעם מאמענט פארלאנגט. שורעק האט אבער אנדערש נישט געקענט טון, די פארטיי-ארבעט איז בא אים שטענ־דיק געשטאנען אויפן ערשטן פלאץ.

א צווייטער פאל. אין מערץ 1918 זענען מיר צוויי (שורעק און איך) ארעסטירט און אוועקגעשיקט געווארן אין מאדלינער פעסטונג. ס'גייען אוועק חדשים, דורך די ווארשעווער חברים האלטן מיר אונטער דעם קאנטאקט מיט דער פארטיי, מיר לייענען א סך, צוזאמען שטודירן מיר גרינטלעך מארקס'ס „קאפיטאל" און אנדערע סאציאליסטי־שע ווערק. מיר זענען רויק. אבער אט רוקן זיך אונטער די געשעענישן אין דייטש־לאנד. מאקס פאן באדן ווערט קאנצלער, ס'פילט זיך שוין דער אטעם פון דער קומענ־

דיקער רעוואָלוציע. מיר ווערן אומגעדולדיק, מיר ווערן אומרויק, מיר לעבן ווי אין פיבער. איין געדאַנק באַהערשט אונזער גאַנץ וועזן — פריי ווערן. אַלע רייסן מיר זיך אַרויס אין דרויסן, צום פולסירנדיקן לעבן. און אָט מאַכט זיך אַ געלעגנהייט — אַ גרופּע אַרעסטירטע האָט אויסגעגראָבן אַ לאַנגן אונטערערדישן גאַנג, וואָס פירט אַרויס אין דרויסן, מחוץ די צוימען און פּאַרקאַנס און דאָס גיט אַ מעגלעכקייט אַ טייל פאַרשלאָסענע צו אַנטלויפן. אויף אונזער פּאַרטייאישער גרופּע פאַלט אויס איינער. און ס'שטעלט זיך די פראַגע, ווער וועט זיין יענער גליקלעכער, וועלכער אַנטלויפט אויף דער פריי. שורעק טראַכט קיין אויגנבליק און דערקלערט אַנטשלאָסן: פאָרן מוז לעוו, ער איז נייטיקער פאַר דער אַרבעט, איידער איך". ס'העלפן נישט מיינע פּראָטעסטן, שורעק ווירקט אויף אויפן דריטן חבר און ס'ווערט באַשטימט, אַז איך אַנטלויף.

לאַנגע יאָרן שטיי איך אין דער אַרבעט, פיל חברים, אַקטיווע און איבערגעגעבענע, האָב איך געקענט. שורעק געהערט צו די זעלטענע אויסנאַמען. געציילטע קענען זיך בלויז מעסטן מיט אים אין איבערגעגעבנקייט צו דער פּאַרטיי.

* * *

איך האָב שורעקן אָפטמאָל באַוואונדערט, באַוואונדערט דעם אומאויפהערלעכן קוואַל פון ענערגיע, וואָס שפּאַרט פון אים כסדר. דער מענטש האָט פון קיין מידקייט נישט געוואוסט. ער פלעגט כמעט זיבן טעג אין דער וואָך זיין אין וועג און פונוואַנען האָט ער גענומען צייט צו אַרבעטן אין סעקרעטאַריאַט פון צ. ק., אין פאַרוואַלטונג פון לעדער-פאַריין, אין דער אַקאַדעמישער היים, פונוואַנען האָט ער גענומען צייט אויף לעזן און לערנען, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט פאַרנאַכלעסיקט?

אָנהויב באַוועמבער פאַרלאָזט ער מאָדלין און שוין שטייט ער ווידער בײַ דער אַרבעט, קיין האַלבע שעה אפילו נישט אָפּגערוט. אין לאַנד ברויזט און קאָכט. אַלץ, וואָס האָט געדרימלט, איז אויפגעוואַכט צום לעבן אונטערן הייסן הויך פון דער רעוואָלוציע. ח' פנחס, דער פירער פון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע, ווערט אַרעסטירט פון דער פּוילישער ווערמאַכט, צוזאַמען מיטן שרייבער פון די דאָזיקע שורות, בעת מיר זענען געגאַנגען אונטערהאַנדלען וועגן אָרגאַניזירן אַן אַרבעטער-ראַט. שורעק ווערט דעלעגירט קיין לאָדזש, אָרגאַניזירט דאָרט אונזערע אַרויסטרעטונגען אין די וואַלן צום אַרבעטער-ראַט. אָבער באַלד איז ער ווידער אין וואַרשע און אָרגאַניזירט דעם ערשטן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר פון דער פּוילישער פּאַרטיי.

אַן אמתער טריומף איז עס געווען! ס'זענען זיך צונויפגעקומען הונדערטער דעלעגאַטן פון אַלע עקן פּוילן. מיר האָבן זיך אַליין געוואונדערט, ווי פון די שמאָלינקע וואַסערלעך האָט געקענט אויסוואַקסן אַזאַ מעכטיקער טייך. פול פרישקייט און עקספּאַנסיע האָבן מיר דאַן צום ערשטן מאָל דעמאָנסטרירט עפנטלעך אונזער כוח. עס האָט

זיך מיטאמאָל באַוויזן דער יונגער ריז, די פּועלי־ציוניסטישע קאַמפּס־אַרמיי, וואָס גייט באַהערשן די יידישע אַרבעטער־גאַס. און דערדאָזיקער טריומף איז געווען אויך דער פּערזענלעכער טריומף פון שורעקן. זיין אַרבעט, זיין באַגייסטערונג, זיין איבערגעבנ־קייט און זיין ענערגיע האָבן אַ סך מיטגעווירקט צום גלענצנדיקן רעזולטאַט פון אונ־זער ערשטן צוזאַמענפאָר.

באַשיידן איז ער געווען און באַמיט האָט ער זיך אויפן צוזאַמענפאָר נישט צו וואַרפן זיך צופיל אין די אויגן. זאָלן עלטערע חברים רעדן, זאָלן זיי פאַרנעמען דעם אויבנאָן. די באַשיידנקייט האָט אָבער קיינעם נישט געטאַרט, די דעלעגאַטן האָבן גע־ווּסט זיין ווערט, געוווּסט אָפּצושאַצן די באַדייטונג פון זיין אַרבעט און אים פּערזענ־לעך אויסגעדריקט אָנערקענונג.

•

הייסקינד — אַזוי איז געווען זיין פּאַרטייאישער נאָמען. און מאָדנע האָט דער־דאָזיקער נאָמען האַרמאָנירט מיט זיין גאַנצן וועזן, מיט זיין כאַראַקטער. קרישטאָל־ריין, ערלעך און אויפריכטיק ביז גאָר, נישט נאָר צו די חברים און נאָענטע, נאָר צו יעדן איינציקן מענטש, אפילו צו פּאָליטישע קעגנער. ס'האָט אויך אַנדערש נישט געקענט זיין. דאָס איז געלעגן אין זיין בלוט, ער איז געווען ריין ווי אַ קינד.

ער פלעגט ווערן אויפגעציטערט פון יעדער נישט ערלעכקייט. אין מאָדלין האָט מיר אַמאָל דערציילט אַ טשענסטאָכאָווער בונדיסט, אַז בעת אַ בונדישער אָפּאָנענט האָט אַמאָל אויף שורעקס אַ רעפעראַט זיך אויסגעדריקט, אַז די פּועלי־ציון זענען אונטער־געקויפט פון דער יידישער בורזשואַזיע, איז שורעק געוואָרן אַזוי אויפגעקאָכט פון אויפ־רעגונג, אַז ער האָט ממש רעדן נישט געקענט. ער איז נאָך, ווייזט אויס, אַ נאַיווער — האָט צוגעגעבן דער טשענסטאָכאָווער בונדיסט, ער נעמט נאָך ערנסט פּאָלעמיק. יאָ, שורעק האָט טאַקע נישט געקענט תופס זיין, ווי נעמט מען דאָס נישט ערנסט אַן עפנט־לעכע אַרויסטרעטונג, ער האָט נישט געקענט משיג זיין, ווי איז מען אַזוי נישט ערלעך לגבי פּאָליטישע קעגנער.

• •

•

ער איז געשטאָרבן אויפן פּאָסטן, ווי אַ זעלנער.

נאָכן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר נעמט ער דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין דער קאַמפּאַניע צו די סיים־וואַלן. ער טרעט אַרויס אויף צענדליקער מיטינגען אין וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע שטעט, העלפט צונויפקלייבן אונזערע 70 טויזנט שטימען. שפּעטער קומען נײ־

דער וואַלן צום שטאָט־ראַט און ווידער איז שורעק צווישן די ערשטע אין דער אַרבעט.

דערנאָך ווידער די צוגאָב־וואַלן אין ביאַלאַ־מעזריטשער קאַנט. אַ שווערער שרעק־לעכער ווינטער, ס'שטייען די באַנען, די וועגן זענען פאַרשיט. פאַר שורעקן איז עס אָבער נישט קיין מניעה. אויב נישט באַן, איז אַ פור, אויב נישט קיין פור, גייט ער צופוס. ער רוט נישט באַטאָג און באַנאַכט. צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד איז ער אויף די פיס, ער שלאָפט נישט, נאָר אַרבעט אָן אויפהער.

דאָס איז געווען זיין לעצטע אַרבעט. ער ווערט אויסגעשעפט און צעבראָכן, ער פאַרקילט זיך, באַקומט אַ טיפוס. ער מאַטערט זיך אַ פּאָר וואָכן און שטאַרבט אַוועק. געלעבט פאַר דער פּאַרטיי און געשטאָרבן פאַר איר.

* * *

ער האָט זיך אונז באַוויזן אין דער צייט פון פרילינג, ער האָט מיט זיך מיטגע־בראַכט דעם פרילינג, ער איז אַליין געווען, ווי דער פרילינג.

שורעק פערזאָניפיצירט מיט זיך דעם פרילינג פון אונזער באַוועגונג.

**י. לעוו.**

# שייקע לעוו (גור-אריה)

געב. 1892 — געשט. 1917

שייקע לעוו האָט געהערט צו די אינטערעסאַנטסטע טיפּן פון אונזער באַוועגונג. געשטאַמט האָט ער פון די אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס אין פינסק, געקריגן בילדונג אין שול און די היימישע האָבן אים געוואָלט באַזאָרגן מיט אַ גוטער קאַריערע.

אָבער צו 18 יאָר ווערט שייקע אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג, און דאָס באַשטימט שוין זיין ווייטערדיקן לעבנס-וועג. דאָס יאָר 1910. די פינסקער פועלי-ציון האָבן גראָד דעמאָלט אַנטוויקלט אַ בערך ברייטע קאַמפּאַניע אין קאַמף מיטן אַנאַלפאַבעטיזם צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט. האָט מען אָרגאַניזירט אַ ריי אומלעגאַלע „אָוונט-שולן". יעדע „אָוונט-שול" האָט פאַרמאָגט אַ 5-7 בחורים און מיידלעך, מיט וועלכע מען האָט געקנעלט 3 מאָל אין וואָך יידיש, רוסיש און חשבון. שבת פלעגט מען צונויפנעמען 3-4 גרופּן צוזאַמען און לערנען מיט זיי יידישע געשיכטע.

שייקע איז געוואָרן אַ לערער אין די גרופּן. אין קורצן פּראָגרעסירט ער און ווערט באַשטימט אַלס „אינספּעקטאָר" פון 5 גרופּן (אין שטאָט האָבן פונקציאָנירט עטלעכע און צוואַנציק גרופּן און יעדע 5-6 גרופּן האָבן געהאַט אַ ספּעציעלן פּעדאַגאָגישן און טעכנישן לייטער).

צו יענער צייט הייבט אָן בכלל אויפצולעבן די פּוע"צ-אַרבעט אין פינסק. מיר קריגן אַ געוויסע השפעה אין שטאָט און נעמען זיך אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעל די אַרבעטערשאַפט. שייקע איז צווישן די אַקטיווסטע אין דער אַרבעט.

אינדערהיים איז מען נישט צופרידן. דער בחור פאַרשאַפט זיינע עלטערן עגמת נפש. די מאַמע האָט כסדר תרעומות און באַקלאָגט זיך: „נו, אַ מזל! איין זון — אַ אינזשעניער, דער צווייטער — אַ דירעקטאָר אין אַ באַנק, און דער דריטער — לויפט



שייקע לעוו (גור אריה)

שטענדיק אַרום מיט שניידערקעס און פֿאַבריטשנע מיידלעך". פֿון די חברים טאָר קיי־נער נישט איבערטרעטן די שוועל פֿון שייקעס שטוב. די מאַמע טרייבט אַדורך און שייגעצט נאָך אויס.

אָבער שייקע וואַרט נישט, מען זאָל צו אים קומען. ער איז באַ אַלע אַרבעטן דער ער'שטער. ער איז אַ גרויסער מומחה אין הלכות העקטאָגראַף. איינס און צוויי, קאָכט ער אויף אַ העקטאָגראַף און העקטאָגראַפירט די אויפרופן.

די פּינסקער אָרגאַניזאַציע רופט זיך אָפּ אויף יעדער געשעעניש אין פּאָליטישן לעבן פֿון לאַנד. ווי נאָר עפּעס אַ פּאַסירונג, וועלכע מוז אויפרודערן די געזעלשאַפט, פֿליט שוין אַן אויפרוף — שייקע איז באַזאָרגט מיט אַרבעט.

אין 1912 יאָר ווערט דער גאַנצער קאָמיטעט פֿון דער פּינסקער אָרגאַניזאַציע אַרעסטירט. שייקע לעוו צוזאַמען מיט די איבעריקע חברים ווערן באַשולדיקט לויטן 1־טן טייל פֿון אַרטיקל 102 פֿון רוסישן שטראָף־קאָדעקס פֿאַר געהערן צו דער י. ס. ד. א. פּ. („פּועלי־ציון"). אַ חודש צייט זיצט דער עולם אין תּפֿיסה און אַלע ווערן אַרויס־געלאָזט אויף קויציע. פֿון פּראָצעס איז דערנאָך גאָרנישט געוואָרן: פֿאַר אַ פּאָר הונ־דערט רובל האָט מען אים מבטל געמאַכט.

שייקע האָט געשאַפֿן אַרום זיך אַן אַטמאָספֿער פֿון אַרבעט. שטענדיק אין גוטן הומאָר, אויפֿגעלייגט, שאַרפֿזיניק און מיט אַ טרעפֿלעכן וויץ, האָט ער צו זיך געצויגן מענטשן. חברים האָבן זיך געפֿילט יום־טובדיק, ווען מען האָט זיי באַשטימט צו אַן אַר־בעט, באַ וועלכער שייקע איז געשטאַנען אין דער שפּיץ. די שווערע סכּנותפֿולע אומלעגאַלע אַרבעט פֿלעגט ווערן אַזוי נאַטירלעך און איינפֿאַך אין שייקעס אָנוועזנ־הייט. זיין אַנטשלאָסנקייט און ברען פֿלעגט זיך איבערגעבן אויך צו זיינע מיט־אַרבעטער.

היינט גייען מיר דרוקן „חתונה־בילעטן".

אַ פּאָר טעג פֿאַרן 1־טן מאַי, — האָט מען שוין געוואוסט, אַז מיינען מיינט ער עס די אויפֿרופֿן צום פּראָלעטאַרישן יום־טוב. ער האָט געהאַט אַ בית־המדרש, וואו דער שמש איז געווען אַ „בראַט" און פֿלעגט דערלויבן אַריינצוגנבענען זיך באַנאַכט אין בית מדרש. באַ אַ חלב־ליכט פֿלעגט מען ביז פֿאַרטאָג אַלץ פֿאַרטיק מאַכן.

„באַשטאַטן" די אָפּגעדרוקטע פּעק פֿלעגט שוין שייקע אַליין, אָוועקטראָגנדיק זיי אונטער דער פּעלערינע צו זיך אין באַנק, וואו ער האָט געאַרבעט.

אינטערעסאַנט איז געווען שייקע אויף דער „בירזשע". געווען איז זי אויף אַ גאַס, וואו אַלע שפּאַצירן. שייקע פֿילט זיך ווי אַ פֿיש אין וואַסער. ער איז מיט אַלעמען. דאָ — מיטן נאָדל־פֿאַך, דאָ — מיט די פֿאַבריק־אַרבעטער און דאָ — ווידער, מיט עמעצן אַן אַנדערן. פּלוצים ווייזט זיך אויף דער „בירזשע" אַ „חכם" (אַזוי האָט מען אין פּינסק גערופֿן אַ שפּיק). שלעכט. שייקע וואַרפֿט זיך אין די אויגן. ער קאָן אַזוי פֿריי נישט אומגיין מיט אַן אַרבעטער. אָבער שייקע גיט זיך אַן עצה. באַקאַנטע האָט ער דאָ, אויפֿן שפּאַציר, איבער גענוג. כאַפּט ער אַ באַקאַנטע „גימנאַזיסטקע" און אַזוי, שפּאַ־

צירנדיק און לייכטזיניק פלירטעוועדיק, פלעגט שייקע דערליידיקן זיינע ענינים אויף דער בירזשע.

די אַרבעט אין פינסק האָט זיך צעוואַקסן און אויסגעברייטערט. פינסק איז דער צענטער פון דער גאַנצער פּאַרטיי-אַרבעט אין רוסלאַנד. אַ געוויסע צייט פאַרברענגט אין פינסק ח׳ ק י ו ו י ן . אָפט קומען צופאָרן די ח״ח ר ע ו ו ו צ ק י און א. ט ע נ ע נ-ב ו י ם . אין פינסק איז לעבעדיק. שייקע נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער גאַנצער ראַיאָנס-אַרבעט און פירט אויס די פּאַרטרוילעכסטע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, ביז ער מוז, אין די יאָרן פון מלחמה, אָפּפאָרן פון פינסק.

ער פאָרט אַריבער קיין שעדלעץ, וווהין עס פאָדערט אים אַרויס זיינער אַ רייכער פעטער. דער פעטער האָט אָבער פון שייקען קיין נחת נישט געהאַט. שייקע האָט זיך גלייך אַריינגעוואָרפן אין דער פּאַרטיי-אַרבעט און ווערט אינגיכן די נשמה פון דער שעדלעצער אָרגאַניזאַציע.

וועגן ש י י ק ע ס ו ו י ר ק ו נ ג א י ן ש ע ד ל ע ץ דערציילט אַ חבר ג. ז.

„ס׳זענען געווען די האָניק-חדשים פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין שעדלעץ. ממש סטיכיש האָבן זיך אַרויסגעריסן די אַלע כוחות, וואָס זענען געלעגן געפּענטעט אין משך פון די מלחמה-יאָרן. און כאָטש ס׳האָט נאָך געהערשט די דייטשישע אָקופּאַציע, וועלכע האָט זיך געגעבן צו פילן דער באַפעלקערונג סיי עקאָנאָמיש, סיי פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעך, כאָטש די מלחמה האָט נאָך געדויערט און די וועלט-שחיטה איז נאָך אָנגעגאַנגען — אָבער אינדערלופטן האָט זיך שוין געטראָגן דער אָנזאָג פון וויכטיקע געשעענישן, פון נייע צייטן. אַלע האָבן עס אינסטינקטיוו געפילט. קיין שום מאַכט וואָלט דעריבער נישט געווען אימשטאַנד איינצוהאַלטן דעם סטיכישן דראַנג, די הייליקע התלהבות, וועלכע האָבן אַרומגעכאַפּט גרויס און קליין.

אין שעדלעץ האָט געשטורעמט און געברויזט, די אַרבעטערשאַפט האָט, ווי אין פיבער, זיך אַ וואָרף געטון צו שאַפן אירע אינסטיטוציעס. אין אָט דער צייט איז קיין שעדלעץ געקומען שייקע לעוו.

אַ בלאָטיקער ווינטער-אָוונט. . . קאַלט, נאַס. אין „אַרבעטער-היים" אויף אָגראָדאָווע איז אָנגעגאַנגען אַ פאַרביסענער קאַמף צווישן די צוויי הויפּט-כוחות אויף דער יידישער אַרבעטער-גאַס, פּועלי-ציון און בונד. יעדע האָט געוואָלט באַהערשן אָט די „געזעלשאַפט", דאָס וויגעלע פון דער גאַנצער אַרבעטער-באַוועגונג אין שעדלעץ. דער קאַמף איז געפירט געוואָרן מיט דעם גאַנצן ברען, וועלכן שעדלעץ, אָט די היציקע שטאָט, פאַרמאָגט.

יענעם אָוונט איז גראָד פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע מיטגלידער-פאַרזאַמלונג. מיט-אַמאָל זאָגט מען מיר אָן, אַז עפּעס אַ פרעמדער חבר רופט מיך. כ׳בין אַרויס און דערזען פאַר זיך אַ יונגנמאַן פון מיטעלן וואוקס, איינגעטוליעט אין אַ לייכטן ברוינעם פּאַלטן. אַ ברוינער הוט. דאָס פּנים בלאַס, איינגעפאַלן. אויף מיר האָבן געקוקט אַ פּאָר טיפע, ערנסטע, בלויע אויגן.

„איך בין שייקע לעוו פון פינסק!"

דעמזעלבן אָוונט האָט שוין שייקע געוויזן דער שעדלעצער אַרבעטערשאַפט, ווער ער איז און וואָס ער קען. אַלע האָבן פאַר זיך דערזען אַ מענטש מיט אַ טיפער, ריי־נער נשמה, אַ מענטש אָנגעזאָפּט און דורכגעדרונגען מיט רעוואָלוציאָנערער התלהבות. ער האָט גלייך אַלעמען באַהערשט, סיי פריינט, סיי קעגנער.

פון יענעם אָוונט אָן, גלייך פון זיין ערשטן אָנקום, האָט שייקע געשלאָסן אַ בונד מיט דער שעדלעצער אַרבעטערשאַפט. אייגענע האָבן אין אים געהאַט אַן אויסגעפּרוווטן טרייען חבר; קעגנער האָבן אין אים געזען אַ מענטש, צו וועלכן מען מוז האָבן דעם גרעסטן דרך ארץ.

שייקע האָט געלעבט אין שלעכטע באַדינגונגען. דער פעטער, דער אָנגעזעענער באַלעבאָס, האָט געהאַט „בזיונות" פון זיין קרוב, געזוכט, ווי פּטור צו ווערן פון אים און פלעגט אים אָפט אין שטוב נישט אַריינלאָזן. אָן אַ היים, אָן אייגענע, האָט אָבער שייקע שטענדיק געוויזן אַ ביישפּיל פון אָפּערווילּיקייט און איבערגעגעבנקייט דער אי־דעע אָן אַ מאָס און אָן אַ גרענעץ. איז ער איינגעבאַקן געוואָרן אין האַרצן באַ דער גאַנצער שעדלעצער אַרבעטערשאַפט און ער איז געבליבן איר ליבלינג ביז אויף היינ־טיקן טאָג.

פאַראַן אַרבעטער־טוער, וואָס וועגן זייער פּערזענלעכן לעבן לאָזט זיך קיין סך נישט דערציילן. פּשוט דערפאַר, ווייל זיי האָבן אים נישט. זיי זענען אינגאַנצן צונויפגע־וואַקסן מיט דער באַוועגונג, מיט דער אָרגאַניזאַציע, וועלכער זיי האָבן זיך איבערגעגעבן און ס'איז שווער, אָדער טאַקע גאָר אוממעגלעך צו געפינען באַ אָט די טוער די גו־ע־נעץ צווישן זייער פּערזענלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. נישטאָ זי, די גרענעץ. צו אָט די פּראָלעטאַרישע טוער האָט געהערט אויך שייקע לעוו פון פּינסק".

סוף 1917 ווערט שייקע לעוו קראַנק אויף פלעקן־טיפוס און שטאַרבט אין „יידישן שפּיטאָל" אין וואַרשע.

ס. מ.

# פּאַליע בער.

געב. אין 1891 — געשט. דעם 10־טן נאָוו. 1917.

פּייער אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט, ווי ס'איז זעלטן צו טרעפן, איז געווען די חברטע פּ אַ ל י ע  ב ע ר. אַ טעמפּעראַמענטפולע, געטרייע אַרבעטער־טוערן, וואָס האָט זיך מיט יוגנט־ברען און מסירת־נפש געוואָרפן אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג און נישט אָפּגעשראָקן זיך פאַר קיין שום סכנות.

פּאַליע איז געבוירן אין יאָר 1891 און שוין אין 1905, ווען זי איז אַלט געוואָרן 14 יאָר, טרעפן מיר זי שוין אין די רייען פון דער דעמאָלטיקער וואַרשעווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע. און שוין דעמאָלט, נישט קוקנדיק אויף איר כּמעט קינדישן עלטער, האָט זי גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אָרגאַניזירן דעם פאַך פון קאַפּעליוש־אַרבעטער, אין וועלכן זי איז אַליין געווען באַשעפטיקט. דעם קאַפּעליוש־פאַך האָט זי נישט אויפגעהערט צו ווידמען איר צייט און כּוחות אויך שפּעטער, בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען זי איז געווען פאַרוואָרפן מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטישע אַרבעט אַלס איינע פון די טיכטיקסטע מיטגלידער פונם וואַרשעווער קאָמיטעט פון דער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע און אַלס גרינדערין פון דער געזעלשאַפט „אַרבעטער־היים”. זי איז אויך געווען אַ טעטיקער מיטגליד אינם עקזעקוטיוו פונם צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

אין די צייטן פון דער פינסטערסטער רעאַקציע פונם צאַריזם איז געווען ממש צו באַוווּנדערן די העלדישקייט און מוטיקייט, מיט וועלכער פּאַליע פלעגט אויספירן די איר אָנגעטרויטע קאָנספּיראַטיווע אַרבעטן. אפילו אין דער דעמאָלטיקער קאַמפּס־דרוזשינע האָט זיך ח'טע בער באַטייליקט, פאַרוואָס איר פאָטער איז צוליב אירע חטאים, אַלס י ו נ ג ט ל ע כ ע, עטלעכע מאָל אָפּגעזעסן פאַרשידענע שטראָפן,

באַזונדערע איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט האָט די ח'טע פּאָליע בער אַרויס־געוויזן באַם שאַפן הילף פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע. דעמאָלט זענען נאָך נאַטירלעך קיין עפנטלעכע הילפס־אַקציעס פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע נישט אונטערגענומען גע־וואָרן און די ח'טע בער פלעגט פון איר אייגענער איניציאַטיוו מיט זעלטענער אָפּער־וויליקייט זאַמלען געלט און איבערשיקן פּעקלעך שפּייז און וועש אין די טורמעס אַריין.

ח'טע בער איז געווען אַ שיינע טעמפּעראַמענטפולע רעדנערין און די חברים פלעגן זיך מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צוהערן צו אירע רייד, וועלכע זענען תמיד געווען לאָגיש און זאַכלעך.

פּאָליאַ בער האָט איר קורץ לעבן ענג צוזאַמענגעבונדן מיטן פּועלי־ציון־אידע־אַל. פון 14־טן לעבנס־יאָר ביזן לעצטן טאָג פון איר פּריצייטיקן טויט האָט זי נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן אויף אַלע געביטן פון פּאַרטיי־לעבן.

ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז די ידיעה וועגן איר טויט האָט געטראָפן ווי אַ דונער אַלע חברים, וואָס האָבן זי געקענט.

די וואַרשעווער חברים וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן די איבערגעגעבנסטע און טרייעסטע חברטע פּאָליאַ בער.

ש. וו.

# דוד סקראַבעק.

געב. 13 פעבר. 1893 — געשט. דעם 6 יאַנואַר, 1923.

דוד סקראָבעק איז געבוירן געוואָרן ד. 13־טן פעבר. 1893 אין זשיכלין, בײַ אַ חסידישער משפּחה און באַקומען אַ שטרענג־פרומע, חסידישע דערציִונג. צו 13־14 יאָר הויבט ער אָן זעלבשטענדיק צו לערנען אין בית־המדרש. כמעט אין דער זעלבער צייט כאַפּט ער זיך צו צו די דינע ביכלעך און בראָשורן, וועלכע ער פלעגט בשתיקה נעמען בײַ זיינע עלטערע ברידער, שמעון און אליעזר, וואָס זענען שוין דעמאָלט געווען אָנגעזעענע טוער אין דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון ס. ס. דער עלטערער שמעון האָט אגב געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויפן יונגן דוד.

דעם יונגן דודן האָבן נישט באַפרידיקט די טרוקענע, ניכטערע טעמעס פון די פּאַרטיי־בראָשורן. דורך די ביכלעך עפנט זיך אָבער פאַר אים אַ וועג צו דער יידישער ליטעראַטור, און בעת ער שאַרפט דעם מח באַם מדרש און תלמוד, שלינגט ער אויך די ווערק פון מענדעלע, פרץ, שלום עליכם, אַש און אַנדערע יידישע שרייבער. אַ באַזונדער שטאַרקע ווירקונג האָט אויף אים געהאַט פרץ. צו 16־17 יאָר איז דער בית־המדרש־בחור אַ גאַנצער בקי אין דער יידישער ליטעראַטור און הייבט אַליין אויך אָן פּרוּוון זיין כח אין דער פעדער.

אָנהויב 1911 טרעט ער אַרויס פון בית־המדרש און נעמט זיך לערנען קירזשנערייַ אין קוטנע. לאַנג בלייבט ער דאָרט נישט און סוף 1911 קומט ער אַריבער מיט זיין משפּחה נאָך לאָדזש, ווו ער באַקומט גלייך אַ פּאָסטן אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט. פאַר דודן עפנט זיך אַ נייע וועלט. ער פאַרינטערעסירט זיך מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווערט בקרוב אַ מיטגליד אין „חובבי־שפת־עבר“, אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער אין דער יידישער ביבליאָטעק פון ט. ק. אָ. (אַ פּויליש־יידישע דעמאָקראַטישע

(שפּעטער קאָמוניסטן), פּועלי=ציון, בונד, און פאַרייניקטע. די פּוילישע אַרבעטער האָבן געוואָלט זייערע פאָרשטייער לויט די פאַבריקן. אויף יעדע הונדערט אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין פאַבריק באַם מלחמה אויסברוך, איז געווײַלט געוואָרן 1 דעלעגאַט. די יידישע אַרבעטער האָבן אַזוי נישט געקענט ווערן, ווייל אין אַ גרעסערער צאָל זענען זיי אין די פאַבריקן נישט געווען קאָנצענטרירט. איז דער מאָדוס געווען אַן אַנדערער: אויף די פאַרזאַמלונגען פון די פראָפ. פאַריינען איז באַ יעדער צאָל אָפּגעגעבענע שטימען געווײַלט געוואָרן 1 דעל. אין סך=הכל האָבן פּועלי=ציון געהאַט אינם אַרבעטער=ראַט 71 דעל. בונד 72, פאַרייניקטע 10—12.

אין מערץ 1919 זענען פאָרגעקומען נייע שטאָט=ראַט=וואַלן — די ערשטע אין באַפרייטן פּוילן. סקראַבעק שטייט אין דער שפּיץ פון דער אַרבעט. פּוע״צ פירן דורך 3 ראַטמענער די ח״ח: האַלבענדערסקי, דר. ראַזענצווייג, אינזש. זילבערבויגן און אַלס קאַנדידאַט: חברטע אסתר גוטגעלט=זינגער.

באַ די וואַלן צום קאָנסטיטוירענדן סיים וויקלט זיך פונאַנדער די אַרבעט אויף אַ ברייטן שטח אונטערן צייכן פון פּאַרטיי=פּאָליטישער אויפקלערונג. דער ציל איז פולשטענדיק דערגרייכט געוואָרן — טויזנטער חברים און סימפּאַטיקער האָבן עס באַוויזן באַם אָפּגעבן זייערע שטימען: קרוב זעקס טויזנט.

אויך די אינערלעכע אַרבעט פון דער פּאַרטיי איז איצט געוואָרן מער קאָנצענטרירט אויף אויפקלערונג. ס'האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ סך פראַגן, ס'איז ערב דער וועלט=קאָנפערענץ, אינטערנאַציאָנאַל, פּאַלעסטינע=אַרבעט א. א. וו. די אָרגאַניזאַציע דיפערענצירט זיך, ס'בילדן זיך אויס פאַרשידענע גרופּן. דער II=טער פּאַרטיי=צוזאַמענפאָר אין קראָקע האָט אָנגענומען באַשלוסן וועגן די אַלע פראַגן און אויסגעווײַלט אַ דעלעגאַציע צו דער וועלט=קאָנפערענץ. צווישן די לאָדזשער 5 דעלעגאַטן איז אויך דאָ סקראַבעק.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין פּוילן ווערט וואָס אַמאָל ערגער, דער — דורך דער פרעמדער אָקופּאַציע — רויִנירטע אינדוסטריע איז שווער אויפצושטיין תחית=המתים, די מאַשינען אין די פאַבריקן זענען צעגלידערט, יענע טיילן, וואָס האָבן זיך געאייגנט אויף שראַפּנעלן און גראַנאַטן, זענען צוגערויבט געוואָרן דורך דער דייטשער מיליטער=מאַכט. מאָטאָרן זענען צעגנבעט געוואָרן, פון טראַנסמיסיע=פּאַסן איז אָפּגערעדט. פון יענע פאַבריקס=בנינים, וועלכע זענען געשטאַנען נעענטער צו די שלאַכט=פעלדער, איז געוואָרן פולשטענדיקע חורבות, די גאַר יונגע מלוכה איז צו אָרים צו אונטערצושטיצן די אינדוסטריע — זענען טויזנטער און צענדליקער טויזנטער אַרבעטער אַרומגעגאַנגען ליידיק, געחלומט וועגן דער צייט, ווען מען וועט ווידער זיך קענען פאַרקויפן צו דער אַרבעט. זענען אילוזיעס צעשוואומען, חלומות אויסגעוועפּט, און אָנשטאָט גרויסע צילן, ברייטע שטרעבונגען איז אַרויסגעקראָכן פון ווינקל די פראַגע, ווי צו באַקומען פון די רייכע פאַבריקאַנטן אַ פּאָר מאַרק אונטערשטיצונג.

צוליבן אָרט פון די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבן, צו וועלכע מען האָט גע=

שטרעבט, זענען איינגעאָרדנט געוואָרן הונגער־דעמאָנסטראַציעס. אָן אויסערגעוויינטלעכן רושם האָט געמאַכט אַזאַ דעמאָנסטראַציע, איינגעאָרדנט דורכן לאָדזשער אַרבעטער־ראַט: יעדעס צ. ב. פֿון די פּראָפֿ. פֿאַראיינען (אַזעלכע זענען געווען 3 פּויליש און 2 יידישע) האָט געדרופֿן אַ מיטינג פֿון זיינע מיטגלידער. פֿון מיטינג האָט זיך פֿאָרמירט אַ דעמאָנסטראַציע צום אַלגעמיינעם צוג. שטיל, אונטער איין־און־איינציקער רויטער פֿאָן מיט דער אויפֿשריפֿט: לאָדזשער אַרבעטער־ראַט. אָן טראַנספּאַראַנטן, אָן געזאַנג, אָן אויסרופֿן, האָט זיך באַוועגט איבער די לאָדזשער גאַסן איין פֿופֿציק־טויזנט־קעפּיקער קערפּער. די שטילקייט האָט גערעדט שטאַרקער ווי צענדליקער קרעפּטיקע רעדעס.

מיט צער־פֿולע בליקן, מיט פֿויסטן געבײַלטע האָט זיך דער עולם אָפּגעשטעלט בײַ דעם נאָר־וואָס געגרינדעטן רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט. ווייטער איז אַלץ צוגעגאַנגען ווי געוויינטלעך. אַ דעלעגאַציע, רעדעס פֿון באַלקאָן. אַ רוף צו רויִקער אויפֿפֿירונג, און פּלוצלינג אַ קלאַפּן פֿון פֿערדישע־קאָפּיטעס, רייטער־פּאָליציי רייסט זיך אַריין אין גאַלאָפּ צווישן די פֿאַרזאַמלטע, אַ געשטופּעריי, אַ קליינער געלויף, אויסרופֿן: היימישע קאָזאַקן! בורזשואַזע משרתים! אַ געמורמל: פֿרעמדע קאָזאַקן האָבן נישט אַזוי ווי געטון; אָבער אייגענע ברידער זאָלן אײַנם — נאָך אַזוי־פֿיל קנעכטישע דורות — באַפֿרייטן לאַנד טרעטן מיט פֿערדישע פֿיס זייערע אייגענע — דאָס טוט דאָך אַזוי שטאַרק ווי! און ווידער באַמערקונגען... משרתים פֿון קאַפּיטאַל זענען אַלע פֿון איין שניט, אַ סיסטעם אַזאַ...

פֿיל ערגער איז געוואָרן באַם אויסברוך פֿון קריג מיט די סאָוויעטן, וואָס נעבעטער די שלאַכט האָט זיך גערוקט צו דער הויפּט־שטאָט, אַלץ שיטערער זענען געוואָרן די רייען. פֿאַבאָרן, אינטערנירונגען, רעפּרעסיעס דורך מלחמה־געזעצן האָבן אַ שנעלן סוף געמאַכט צו דער טעטיקייט פֿון די אַרבעטער־אינסטיטוציעס אין די קלענערע פּראָווינץ־שטעט; אין די גרויסע שטעט ווערט די אַרבעט ווי איבערגעריסן. קיין זיצונג איז נישט מעגלעך אָפּצוהאַלטן, וועגן רופֿן פֿאַרזאַמלונגען איז נישטאָ, וואָס צו קלערן.

דוד סקראָבעק איז געווען איינער פֿון די איינצעלנע, וואָס האָבן אָפּגעהיטן דעם נר־תּמיד, ער זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן. נישט איינמאָל באַמערקט מען אים אין אַרבעטער־היים איינעם אַליין, אָדער אין דער געזעלשאַפֿט פֿון נאָך איינעם אָדער 2 חברים. קומט מען זיך אַמאָל צוזאַמען, סתּם אַזוי זיך, טראַדיציע, זיצן חברים אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. דעם חבר אַוועקגעשיקט נאָך דאָמביע. אַן אַנדערער איז דאָרט קראַנק געוואָרן אויף טיפֿוס. בליצן אויף די אויגן: אַ פּאַטראָנאַט פֿאַר חברים, שאַפֿן מאַטעריעלע הילף. זאָלן זיי נישט אויסגיין אין זייער עלנט פֿאַר הונגער. סקראָבעק ווערט אַקטיוו. און געטרייסטע צעגייט מען זיך, כאָטש עפּעס טון.

נאָכן פֿאַרענדיקן דעם פּויליש־באָלשעוויסטישן קריג הייבט די אַרבעט אָן אויפֿצו־

בלי... ס'איז געקומען די פינפטע וועלט-קאָנפערענץ, וואו ס'איז קריסטאַליזירט געוואָרן די פועלי-ציון באַוועגונג. דער אינערלעכער קאַמף טראָגט זיך אַריבער — דורך די לאַנד-פּאַרטייען — אין די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. מ'גרייט זיך צום III-טן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר. אין לאָדזש גרופּירן זיך 3 גרופּן: צענטר, רעכטע און לינקע. די לינקע בלייבן אין דער פּאַרטיי, כדי די שפּאַלטונג זאָל באַ זייער אַרויסטריט זיין אַ וואָס טי-פערע. באַ די רעכטע איז עס נישט אַזוי בולט. זיי האַלטן זיך מער אַלס קעגנגעוויכט צו די ליקווידאַטאָרן. סקראָבעק איז תחילת נוטה צו די „רעכטע". וואָכנלאַנג האָבן זיך געפירט די דיסקוסיעס. ענדלעך זענען פאָרגעקומען די וואַלן צום צוזאַמענפאָר — פּראָפּאָרציאָנעלע — דאָס ערשטע מאָל אין דער אָרגאַניזאַציע. אין רעזולטאַט: די ליס-טע 1 (צענטר). 3 דעלעגאַטן, ל. 2 (רעכטע) — 1, ל. 3 (לינקע) — 1.

די רעכטע גרופּע האָט אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג, ס'האָבן זיך שוין געלאָזט הערן אַ ביסל צעירי-ציוניסטישע שטימעלעך. האָט ס'קראָבעק שאַרף דערקלערט, אַז ער געהערט צו דער גרופּע נאָר כדי אָפּצוהיטן דעם ריינעם באָראָכאָוויזם. ער וועט בשום אופן זיך נישט לאָזן פאַרפירן אויף פרעמדע דרכים. אין רעכטן פאַרבאַנד וועט ער בשום אופן נישט גיין.

צום צוזאַמענפאָר זענען צוגעלאָזן געוואָרן אַלס געסט דוד סקראָבעק און משה ג. באַנאַכט איז די לאָדזשער חברה צוזאַמענגעקומען אין איין צימער. אויסגעשטעלט די בעטן אַזוי, אַז ס'זאָל זיין וואָס באַקוועמער צו פירן אַן אינטימען שמועס. שטיל האָט זיך אָנגעהויבן דער שמועס, פּשוט און הארציק. אַ פינסטערע שטילקייט אין דער שמועס ציט זיך לאַנג. ס'דערמאָנען זיך בשותפותע ליידן און פריידן, אַ מין דין-וחשבון פון די יאָרן צוזאַמענאַרבעט. אייניציקווייז שלאָפט דער עולם איין. דוד קען אָבער נישט רוען.

— מענדעלע! — רופט ער.

— וואָס?

— האָבן מיר שוין — הייסט עס — אידעיש קיין שום געמיינזאַמס נישט.

אַ פאַרשלאָפענער: „וואָס זאָל מען טון"? איז דער ענטפער.

אַ גרופּע פון אַ פּאָר צענדליק לינקע זענען אַרויס פון דער אָרגאַניזאַציע (אַ העלפט זענען דערנאָך צוריקגעקומען), אַ ביסל שפּעטער זענען אַוועק אויך עטלעכע רעכטע, וועלכע האָבן זיך דערנאָך פאַראייניקט מיט די — צו זיי אידעיש נאָנטע — צעירי-ציון.

ד. סקראָבעק מיט די בעסטע פון דער רעכטער גרופּע זענען געבליבן אין דער פּאַרטיי. די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן אויף ס'ניי. שווערע אויפגאַבן, די לאַגע פון אַרבעטער, עקאָנאָמיש און פּאָליטיש, איז זייער אַ ביטערע, דער יקרות הייבט אָן פי-בערהאַפט צו שטייגן, מאַסן לוין-אַקציעס דאַרפן געפירט ווערן, ס'פאָדערט זיך איבער-געגעבנקייט און פּראַקטיק אין דער אַרבעט. סקראָבעק וואַרפט זיך מיטן גאַנצן ברען

אין דער פּ״אָפּ. אַרבעט און איז איינער פון די באַליבסטע שטרייק-פירער בײַ די נאָדל-אַרבעטער. אָבער אָנהויב 1922 מוז סקראָבעק צוליב ריין-פּערזענלעכע טעמים פאַרן קיין בערלין און סוף פעברואַר פאַרלאָזט ער פּוילן.

אויף יענער זייט גרענעץ איז ער אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן אין תפיסה 5 וואָכן. אַ דאַנק דער השתדלות פון זײַנע נאָענטע, איז ער באַפרייט געוואָרן און דעם 4-טן אַפּריל 1922 אָנגעקומען אין בערלין. סקראָבעק באַשליסט צו דערלערנען דאָס פאַך, וועלכעס ער האָט אַמאָל אָנגעהויבן לערנען — קירזשנערײַ. זײַנע „מייסטער״, 2 לאָדזשער ייִנגלעך, באַהאַנדלען אים אויף אַ מיאוסן אופן, און ער קומט אָן צו אַ לאָדזשער חבר, אַ שנײַדער-מייסטער, און זעצט זיך לערנען שנײַדערײַ. מיט חשק און התמדה נעמט ער זיך צו דער אַרבעט און אין משך פון אַ קליינער צײַט פאַרדינט ער שוין אויף זײַן אויסהאַלטונג. ליידער גיבן אים זײַנע פּערזענלעכע ענינים נישט קיין רו און פאַרגעניגן, און אַזוי ווערט ער אָפּגעריסן פון גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. סוף יולי ווערט ער קראַנק אויף אַ גריפּע, ליגט אָפּ עטלעכע וואָכן, דערהאָלט זיך און נעמט זיך צוריק צו זײַן באַשעפטיקונג. און פּלוצלינג. . . אַ שווערע פאַרקילונג, אַ געהירן-אָנצינדונג — הויכע טעמפּעראַטור — אָן באַוואוסטזיין. און דעם 6-טן יאַנואַר 1923 נאָך וואָכן-לאַנגע יסורים און פּיין פאַרמאַכט דוד סקראָבעק אויף אייביק זײַנע שיינע שוואַרץ-פײַעריקע אויגן. בליץ-שנעל פאַרשפּרייט זיך די ידיעה אין בערלין צווישן די ייִדישע אַרבעטער פון לאָדזש און הונדערטער קומען אים מלווה זײַן צו זײַן קבר. נישט קיין גאַנץ יאָר — און זײַנע נאָענטע האָבן אויף זײַן קבר אויפגעשטעלט אַ שיינע מצבה מיט אַן אויפשריפט אין י י ד י ש : „דעם אומדערמידלעכן ייִדישן אַרבעטער-טוער, דוד סקראָבעק״.

פון צײַט צו צײַט האָט ד. ס. פאַרעפנטלעכט אין די פּועלי-ציוניסטישער פּרעסע אַרטיקלען אונטער די פּסעוודאָנימען : לייבעלע, אַלבערט, אַ לאָדזשער, אַ האַמער, אַ פּראָפעסיאָנעלער טוער, ד. ס. און אַנדערע.

די ליטעראַרישע אַרבעט איז בײַ אים געקומען אַ זעלבספאַרשטענדלעכע בויטוועדיקייט. ס׳איז בײַ אים שטענדיק געווען אימפּולסיוו. אין 1920 איז פאָרגעקומען אַ באַן-שטרייק און די וויטאָס-רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, וועלכע האָט געדראָט מיט טויט פאַר אַגיטירן צום שטרייק. ד. ס. פאַרעפנטלעכט אונטערן נאָמען אַ. האַמער אַן אַרטיקל : „ד י נ י י ע ת ל י ה״. סקראָבעק איז אין אָזאָרקאָוו. ס׳ווערן אַרײַנגעצויגן די ערשטע רעקרוטן אין דער אַרמיי, ס׳קומט פאָר אַ ווילדער פאַל פון שמייסן די רעקרוטן אין די קאָשאַרן. סקראָבעק שרײַבט „ש מ י ץ״ אונטערן נאָמען לייבעלע. ס׳איז נישט קיין כראָניק, נאָר אַ ווײ-געשרײ פון בושה און צאָרן.

סקראָבעק האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן פּערזענלעכן כאַראַקטער. שטענדיק ענוותדיק, אָן סימן פון גאווה, האָט ער אַרום זיך געשאַפן אַן אַטמאָספער פון ליבע און אומבאַגרענעצטן צוטרוי. נישט קיין וואונדער, וואָס אַרבעטער האָבן אַלע זייערע ענינים, אפילו ריין משפּחהדיקע, סקראָבעקן פאַרטרויט.



פעלדמאַן (פאָלעוואָי)

האַרציקייט און טרייקייט זענען געווען די הויפּט־שטריכן פון סקראָבעקס כאַראַק־טער. און די בײדע אייגנשאַפטן האָט ער איינגעפּלאַנצט באַ אַלע חברים, וואָס האָבן אים געקענט און וועלכע וועלן שטענדיק געדענקען דעם ליבן מענטש און טעמפּעראַ־מענטפולן חבר־קעמפער.

**שמעון.**

לאָדזש, דעצ. 926.

# פעלדמאַן (פאַליעוואַי)

אַליין אַ סטודענט פון יעקאַטערינאָסלאַווער אוניווערזיטעט, האָט ער אַקטיוו גע־אַרבעט אַ לענגערע צייט אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע און געווען אַ קאָ־מיטעט־מיטגליד. איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער לינקער פראַקציע אין י. ס. ד. א. פ. פּוע"צ און פון אירע פירער, גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער כאַר־קאָווער קאָנפערענץ אין 1918.

בעתן אָנגריף פון אַטאַמאַן גריגאָריעוו אויף יעקאַטערינאָסלאַוו אין 1919 ווערט געשאַפן דער אַרבעטער־שוץ־באַטאַליאָן, וועלכער טרעט אַרויס אין קאַמף מיטן דער־מאָנטן אַטאַמאַן.

ח' פעלדמאַן (פאַליעוואַי) שטעלט זיך אַליין אין די רייען און מיט געווער אין האַנט פאַלט ער פון די קוילן פון די גריגאָריעווישע רוצחים אונטער יעקאַטערינאָסלאַוו.

שפּעטער, בעת גריגאָריעווס באַנדע איז צעקלאַפּט געוואָרן, זענען פיל פון די אומגעקומענע אַרבעטער געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין דעם ברידער־קבר אין יעקאַ־טערינאָסלאַוו אויף סאָבאָרנע פּלאַץ.

דער קערפער פון ח' פעלדמאַן איז נישט געפונען געוואָרן, ער איז געבליבן אויפן קאַמפּס־פּלאַץ.

**עליע.**

# נפתלי זשעלעבאווסקי (ענזשעוווסקי).

**געב. דעם 27 מאַי 1890 — געשט. דעם 25 מערץ 1921.**

געבוירן איז נפתלי אין וולאָצלאַוועק אין יאָר 1890. זיין פאָטער, אַ חסידישער מענטש און אַ פאַרמעגלעכער סוחר גיט דעם זון אַ רעליגיעזע חסידישע דערציונג. ס'קומט אָבער דאָס יאָר 1905 און הייבט אָן שלעפּן דעם עמפּינדלעכן נפתלי אין אַן אַנדערער סביבה, ביז ער ווערט דורך דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע צוגעבראַכט צו די רייען פון יידישן אַרבעטער-קלאַס. דאָס גייט נישט אַזוי לייכט און שנעל.

נפתלי ווייזט אַרויס אַ שטאַרקן אינטערעס פאַר קולטור-פראַגן, בפרט פאַר יידישער ליטעראַטור. ביסלעכווייז ווערט אָבער זיין אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגן אויך צו פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע פראַגן.

אַ געוויסע צייט געפינט ער זיך בא די „קליינע פועלי-ציון". ער העלפט פאַרשפּרייטן ליטעראַטור, גייט אַ „גאַנג". ער ענדערט ביסלעכווייז זיין אויסזען. צום ערשט די קאַפּאָטע, דערנאָך דאָס חסידישע היטל, און אַזוי גייט עס כסדר. מיט די יאָרן שטייגט און ברייטערט זיך אויס דער אינטערעסן-קרייז. אָט איז ער צווישן די גרינדער פון דער געזעלשאַפטלעכער ביבליאָטעק אין וולאָצלאַוועק — איצט איינע פון די שענסטע ביבליאָטעקן אין פּוילן. אָט איז ער איינער פון די, וואָס לייגן בא אונז אַוועק דעם אָנהויב פאַר אַן ערנסטער טורן-באַוועגונג און ער באַטייליקט זיך דערנאָך אינעם ערשטן טורן-צוזאַמענפאָר אין לאָדזש, אין 1913.

אינדערהיים האָט ער צו פירן אַ שווערן קאַמף, ביז ער שטעלט קאַטעגאָריש די פראַגע: אָדער וועלטלעכע בילדונג, אָדער פּאַלעסטינע, ער האָט שוין געוואָלט פאָרן

קיין פּאַלעסטינע. איז געקומען דער קריג און צעשטערט אַלע זיינע פּלענער וועגן אַוועקפאָרן.

נפתּלי וואַרפט זיך אַריין אין דער פּאַרטיי-אַרבעט. אין יאָר 1917 נאָך די שטאָט-ראַט-וואַלן איז ער פון די ערשטע, וואָס נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט פון אויפשטעלן די אָרגאַניזאַציע. ער אַרבעט, ווי אַ מתמיד, מיט האַרץ און נשמה. די אַרבעט וואַקסט, און ס׳ווערט אָרגאַניזירט דער ראַיאָן. נפתּלי איז סעקרעטאַר פון אָרגאַניזיר-קאָמיטעט. אויף דער ערשטער ראַיאָן-קאָנפערענץ פאַרנעמט ער דעם אויבן-אָן, ווערט געוויילט אין ראַיאָן-קאָמיטעט, וואו ער פאַרנעמט דעם אַמט פון סעקרעטאַר. זשעלעכאָווסקי איז צופיל פאַרנומען אין וואָלאָצלאַוועק, ער פאָרט אַרויס זעלטן אויף דער פּראָווינץ; ער באַווייזט אָבער ווי געהעריק צו אָרגאַניזירן דעם ראַיאָן. און איז ער ערגעץ צוגעפאָרן, האָט מען אים אומעטום זייער גערן געהאַט.

אין וואָלאָצלאַוועק גופא איז ער סעקרעטאַר, אָבער אַ צייט לאַנג איז ער דער אַקטיקשער פירער פון פּאַרטיי-קאָמיטעט. ער רעפערירט אויף אַלע קרייזן, אויך בײַ דער יוגנט, איז דעלעגאַט צו די צוזאַמענפאָרן. ער איז צווישן די גרינדער פון „אַרבעטער-היים" און שפּעטער איר פאָרזיצער. ער אַרבעט טיכטיק אין האַנדלס-אַנגעשטעלטן-פאַריין, אַלס מיטגליד פון פאַרוואַלטונג. ער העלפט גרינדן דעם קאָאָפּעראַטיוו „אחדות", שאַפט דעם דראַמאַטישן קרייז בײַ דער „אַרב. היים".

פּאַקטיש איז נישט געווען קיין איין געביט, וואו זשעלעכאָווסקי זאָל זיך נישט באַטייליקן און וואו ער זאָל נישט ברענגען די גרעסטע נוצן. ער גיט זיך אָפּ אינגאַנצן דער אַרבעט און ליידט צוליב דעם שטאַרק אינדערהיים. אָבער ער אַרבעט, ווייל ער האָט ליב די זאַך, די גרויסע אידעע. ער יאָגט זיך נישט נאָך כבוד און איז נישט פון די שרייערס, נאָר אומעטום געפינט ער אַ שייכות, אַ פאַרבינדונג מיט דעם אידעאַל פון מענטשלעכער אויסלייזונג, און דאָס ציט אים און וועקט זיין טיפערן, אינעווייניקסטן אינטערעס.

ער האָט פיינט געהאַט צו רעדן און פלעגט זיך פילן אַ סך בעסער, ווען ער האָט געקאָנט טון זיין אַרבעט אין דער שטיל און זיין פאַר זיך, פאַרטראַכט. אָבער כסדר פלעגט מען זיך צו אים ווענדן, יעדער איינער מיט זיין ענין, ווער מיט אַ פּראַקטישן און ווער — מיט אַ טעאָרעטישן. נפתּלי זשעלעכאָווסקי האָט געדאַרפט אַלץ פאַרענטפערן. איז ער דאָך געווען דער „פאָטער" פון דער אָרגאַניזאַציע. און דעריבער האָט מען פון נפתּלין געקענט הערן און פאַרנעמען אויך האַרבערע ביטערע שטראָף-רייד. ער האָט זיי נישט געקאַרגט, ווען ער האָט געזען, אַז ס׳ווערט באַגאַנגען אַן עוולה קעגן דעם הייליקן אידעאַל. און די חברים — גאָרנישט אַזעלכע שווייגנדיקע — האָבן אָבער זשעלעכאָווסקין נישט געשטערט, ווייל זיי האָבן אים ליב געהאַט און געוווסט, אַז ער רעדט פון גאַנצן האַרץ, ווייל עס טוט אים ווירקלעך וויי.

פון דער נאַטור אַ גוטער, אַ ווייכער, האָט ער געשאַפן אַרום זיך אַ ווייכע חברישע אַטמאָספער. ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צום זינגען. פלעגט זינגען אַזוי בײַ-

הארצט און באַטעמט. פון אים האָבן די חברים איבערגענומען אַרבעטער־און קאַמפּס־לידער, און דורך דעם האָט די גאַנצע אַרבעט זייערע באַקומען אַ באַזונדערן ריטם.

דערזעלבער ווייכער זשעלעכאָווסקי פלעגט אָנגעצונדן ווערן, ווען אַ קעגנער האָט אָנגעגרירט דעם פּרעסטיזש פון דער פּאַרטיי, אויפקאָכן אין צאָרן און שטרענג, האַרב רעאַגירן.

בערך אין 1920 ווערט זשעלעכאָווסקי קראַנק אויף דער שלאָף־חולאת און מאַ־טערט זיך אָפּ העכער אַ יאָר. פאַראַן צייטן פון בעסערונג, — איז ער מיט די חברים. נאָך דער שפּאַלטונג טרעט ער אָפּילו אַרויס אויף אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג מיט אַ שאַר־פער רעדע קעגן די אַמעריקאַנער חברים מיט די לעגיאָנען, מיטן אָנטייל אין קאָנג־רעס און ד. גל. די חולאת גרייפט אָבער שטאַרקער, מען פירט אים אָפּ אין אַ פּריוו־נער קליניק, וווּ ער הויכט אויס די נשמה דעם 25 מערץ 1921.

בישט געקוקט אויף די גרויסע שוועריקייטן און הוצאות, געלינגט די חברים אָרי־בערצופירן דעם טויטן קערפּער קיין וולאָצלאַוועק, וווּ ס'ווערט איינגעאָרדנט אַ גראַנדיע־זע לוויה באַם אָנטייל פון פאַרשידענע פּראָלעטאַרישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פאַריינען. דער אָנדענק פון טרייען, ערלעכן און איבערגעגעבענעם חבר ווירקט אויך ווייטער אין דער לעבעדיקער אַרבעט פון זיינע חברים און תלמידים.

ז. זעמעלמאַן.

# שמעון וואַלדפאַגעל

געב. 1887 — געשט. 11 פעברואַר 1920.

ס'איז די געשיכטע פון אַ טיפיש אַרבעטער־קינד, וואָס האָט זיך אַ דאַנק זיינע איינגעבוירענע פעיקייטן און פלייס אַרויפגעאַרבעט צו אַ פירער און קעמפער פון די אַרבעטער־מאַסן.

שמעון וואַלדפאָגעל איז געבוירן אין יאָר 1887, אין דאָרף קזשיוואַניצע (ראַדאָמסקער קרייז) בא אַ יידישן לאַנדווירט. די קינדהייט פאַרברענגט ער אין דער דאָרפישער סביבה. ווען ער ווערט אַלט 5 יאָר, דינגט פאַר אים זיין פאָטער אַ מלמד אין שכנותדיקן שטעטעלע סולמעזשיץ, און יעדן פרימאָרגן מוז דער קליינער שמעון לויפן 2 קילאָמעטער אין שטעטל אַריין צום רבין לערנען עברי. ער באַגרייפט שנעל דאָס געלערנטע און ווייזט אַרויס אַ סאַך פאַרשטאַנד.

לאַנג אָבער קען אים דער חדר נישט צופרידנשטעלן; דאָס דאָרף איז פאַר אים צו ענג. זיין פאָטער זעט אויך נישט קיין תכלית, ער זאָל בלייבן אין דאָרף. גיט ער אים אַוועק אין דער לער צו אַ שניידער אין סולמעזשיצע, אַ דערבייאיק קליין שטעטעלע.

אַרבעט, בא וואָס זיך צו לערנען, איז דאָ ווייניק. פאַרקערט, די שטוב־אַרבעטן מוז מען גראָד אַ סאַך טון. שמעון כאַפּט־אויף דאָס לעכערלעכע און קאָמישע אין מייסטערס שטוב, מאַכט פון אים חוזק, טוט־אָפּ כלערליי שפיצלעך, און אָן פאָטערס וויסן לאָזט ער זיך, נישט אַלט זייענדיק קיין גאַנצע 14 יאָר, נאָך ראַדאָמסק.

דאָרט באַמיט ער זיך אַריינצוקומען אין בעסטן ווערקשטעל פון שטאָט, כדי גרינטלעך דאָס פאַך צו דערלערנען. ער מאַכט שנעלע פאָרשריט אין פאַך, ענדיקט די לער און גייט באַלד איבער אַלס זמן־מענטש.

צו יענער צייט האָט דער סאָציאַליסטישער געדאַנק זיך ראַש פאַרשפּרייט צווישן די יידישע אַרבעטער אין פּוילן. דער יונגער שמעון הערט, ווי די עלטערע אַרבעטער רעדן צווישן זיך וועגן אויסטערלישע זאַכן, וואָס זענען פאַר אים אומפאַרשטענדלעך. ער וויל אויך דידאָזיקע ענינים באַנעמען. אָבער דאָ שטויסט ער זיך אָן אויף דעם אייגענעם אַנאַלפאַבעטיזם. ער געפינט אײן, אַז כדי עפּעס וואָס צו וויסן מוז מען קודם כל קענען לייענען און שרייבן. אָבער, אדרבא, ווי אַזוי דערשלאָגט מען זיך דערצו ? ווען ? קיין צייט דערצו איז נישטאָ (דער אַרבעטס-טאָג איז אומבאַגרענעצט-לאַנג), וויסן ווילט זיך, דער מוח הייבט אָן צו אַרבעטן, מען מוז געפינען אַן עצה. שמעון שפּאָרט די פאַר גראָשן. אגב באַקומט ער פון דער היים אויך אַ פּאָר קאָפּיקעס, — נעמט ער און טראָגט עס אַוועק צו אַ „שטונדן-געבער" און ווען דער מייסטער שיקט אים ערגעץ אַ שליחות, אָדער ער טראָגט אַוועק אַ „שיק אַרבעט", כאַפּט ער זיך אַריין אויף אַ לעקציע צום בריוונשטעלער-לערער.

שמעונס זעלטענע פעיקייטן, זיין געזונטער שכל-הישר העלפן אים אַרויס און אפילו אויף אַזאַ שווערן אופן געלינגט אים דאָך עפּעס צו דערלערנען. ער הייבט שוין אָן לייענען אַ ביכל, אַ בראָשורקע און טראַכט זיך אַריין אין פאַרשידענע פראַגן. פראָג-רעסירט אויך אין דער אַרבעט, ווערט אַ נישקשהדיקער געזעלן און אין 1903 פאָרט ער קיין טשענסטאָכאָוו, וואו ער באַקומט אַן ערשט-קלאַסיקע אַרבעטס-שטעל.

די שטאָט איז גרעסער, די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס שטאַרקער ; ס'איז דער סאַמער ברען-פּעריאָד פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. שמעון ווערט אַן אַקטיווער טוער אין אומלעגאַלן שניידער-אַרבעטער-פאַריין.

טשענסטאָכאָוו איז איינע פון די ערשטע פּועלי-ציון-אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן. גלייך אין אָנהייב פון איר גרינדונג, סוף 1904, ווערט שמעון איינער פון די טרייעסטע חברים. מיט זיין איבערגעבנקייט און ליבע צום אידעאַל פון אַרבעטער-קלאַס געווינט ער דעם צוטרוי פון אַלע חברים, און ער ווערט שנעל איינער פון די רירעוודיקסטע און טיכטיקסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן אָרגאַניזאַטאָרן. ווען ס'ברעכן אויס די ערשטע שטרייק-כוואַליעס, שטייט דער יונגער שמעון אין שפּיץ פון אַ גרופּע חברים צו אָרגאַניזירן טיי-האַליעס און ביליקע קיכן. אַזאַ גרויסע טיי-האַלע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די פּועלי-ציון אינם זומער-רעסטאָראַן פון „טיוואָלי"-גאָרטן.

שמעון מיט נאָך אַ שניידער-אַרבעטער, ח' מאיר, האָבן אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַקציע. אין די רעוואָלוציע-טעג פון 1905 שטייט ער אַקטיוו בײַ דער אַרבעט פון דער פּועלי-ציון-אָרגאַניזאַציע. אויף די גאַסן-דעמאָנסטראַציעס זעט מען אים שטענדיק בראש בײַ דער פאָן, ווי אַ געטרייער שומר.

נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע ווערט שמעון שטאַרק פאַרפאָלגט פון דער רוסישער פּאָליציי, ביז ער איז געצוואונגען אויסצוואַנדערן נאָך אויסלאַנד, צו-ערשט אין דייטשלאַנד, דערנאָך אין שווייץ, און שפּעטער אין פּאַריז, וואו ער בלייבט אַ פּאָר יאָר און איז טעטיק אַלס פאַרוואַלטונגס-מיטגליד אין דער דייטש-שפּרעכנדער

פעקציע פון שניידער־סינדיקאט אין פאריז. די גאנצע צייט פון זיין עמיגראנטן־לעבן שטייט שמעון אין ענגן קאנטאקט מיט די פועלי־ציון אין אויסלאנד.

סוף 1913 קומט ער צוריק קיין פוילן, באזעצט זיך ווידער אין טשענסטאכאוו, און צוזאמען מיט זיין שוועסטער אָרדנט ער איין אַן ערשטקלאסיקן שניידער־ווערק־שטעל. אין משך פון עטלעכע חדשים דערווערבט ער זיך אַ גרויסע קונדשאפט און ווערט באקאנט אלס ערשט־ראנגיקער שניידער־מייסטער.

שמעון איז אָבער נישט פון יענע, וועלכע זענען באפרידיקט מיטן פערזענלעכן ווילזיין; עס ציט אים צו כלל־אַרבעט. זיין איינגעבוירענער געזעלשאפטלעכער אינס־טינקט ווערט צוריק וואך און ער הייבט אָן צו זאמלען די שארית־הפליטה פון דער פועלי־ציון־משפחה; ער וועקט און מונטערט די יחידים וואס זענען ניצול געוואָרן פון טורמע און פארשיקונגען, שאפט פאר זיי אַ סביבה, און ווידער לעבט די פועלי־ציון־אַרבעט אין טשענסטאכאוו; ס'שאפט זיך דער קערן פון דער אויפגעלעבטער אָרגאני־זאציע. שמעון ווייסט נישט פון קיין מידקייט, זומער און ווינטער, אין די גרעסטע גע־פארן פירט ער די אַרבעט און ער האט דערפאלג.

די ערשטע מלחמה־וואכן ווערט טשענסטאכאוו אָקופּירט דורך דער דייטשער מי־ליטערישער מאכט, און די ערשטע קרבנות פון קריג — די אַרבעטער־מאסן, ווערן פון די ווארשטאטן און פאבריקן ארויסגעוואָרפן אין גאס. ס'זענען נייטיק זעלבסט־הילף־אינס־טיטוציעס; שמעון איז דאָ, ער אָרגאניזירט אַ טיי־האלע, ביליקע קיך און שאפט צו יענער צייט די „אַרבעטער־היים". ער אָרגאניזירט די פּראָפ. פאריינען, אַ קינדער־היים, אַ דראמאטישן קרייז און אָוונט־קורסן פאר דערוואקסענע אַרבעטער.

שמעון אָרגאניזירט אויך די אַרבעט אויפן ראיאָן. אין פסח 1917 נעמט ער אַן אָנטייל אין דער בעראטונג פון פועלי־ציון אין פוילן (אַ גרויסן טייל וועג מאכט ער אַדורך צופּיס צוליב דער קריגס־פאראָרדנונג) און ווערט אויך געוויילט אין פארבאנדס־קאָמיטעט.

אין 1918 אָרגאניזירט ער די ערשטע ראיאָן־קאָנפערענץ פון זאגלעמביער רא־יאָן. די פּאָליטישע אַרבעט וואקסט זיך פונאנדער, שמעון ווערט אויסגעוויילט אלס ראטמאן אין טשענסטאכאָווער שטאָט־ראט און אַ דאנק זיין איבערגעגעבענער טעטיקייט ווערט ער באליבט בא דער גאנצער יידישער אָרימער באפעלקערונג פון שטאָט.

אויפן ערשטן צוזאמענפאָר אין דעצעמבער 1918 איז שמעון דעלעגאט פון טשענ־סטאָכאָוו.

זיין פּריוואט־לעבן פארנאכלעסיקט ער און אין 1919 פאָרט ער אַריבער אַרבעטן קיין סאָסנאָוויץ. אויך דאָ נעמט ער אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. פאָרט אויך אָפּט איבערן ראיאָן. אָנהויב 1920 ווערט ער קראנק אויף פלעק־טיפוס און שטאַרבט אין בליענדע" עלטער, אין מיטן דער אַרבעט פאַר זיין גרויסן אידעאל, — פאַרן פועלי־ציוניזם.

ש. ש.

# משה יודענהערץ. (ח' יידל)

געב. אין יאָר 1888 — געשט. יוני 1924.

הערלעכער טיפּ פון אַן אַרבעטער-טוער, פאָלקס-מענטש דורך און דורך, דרייסטער קעמפער קעגן יעדער עוולה, געזעלשאַפטלעכער, צי פּריוואַטער, און דערפאַר טאַקע דער ליבלינג פון דער שטאָטישער אָרעמקייט און אַ שרעק-געשפּענסט פאַר דער גאַנצער באַלעבאַטישער קליקע.

אַזאַ איז יודענהערץ געווען פון די יינגסטע יאָרן אָן, אַזאַ איז ער פאַרבליבן ביז צו זיין טראַגישן טויט.

אַלס יינגל נאָך אָנגעהויבן דעם קאַמף קעגן דעם פּרווו פון זיינע פרומע עלטערן צו ווירקן אויף זיין לעבנס-גאַנג; ער באַזייטיקט אַלע שוועריקייטן און זוכט מיט אייגענע כוחות אַ וועג צו בילדונג און וויסן.

שוין דאַמאָלס ווערן בולט אָנגעצייכנט זיינע הויפּט כאַראַקטער-שטריכן: אומגעהייערע דרייסטקייט אין קאַמף קעגן אומרעכט. אין די אָנקלאָג-ביכער פון די באַן-סטאַציעס פון זאַגלעמביער ראַיאָן געפינט מען אַ פּאָר צענדליק אָנקלאַגעס פונם יינגן יודענהערץ אויף דער ברוטאַלער האַנדלונג פון די צאַרישע זשאַנדאַרמען און ביוראָקראַטיע.

צו 17 יאָר אין 1905 איז ער שוין אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער פּועלי-ציון-אָרגאַניזאַציע, העלפט ענערגיש מיט אין דער אַרבעט צו אָרגאַניזירן גרעסערע מאַסן יידישע אַרבעטער אין דער יינגער אָרגאַניזאַציע, ווערט אָבער שנעל געמסרט אַלס סאָציאַליסט און מוז אַנטלויפן קיין קראָקע.

מיט 2 יאָר שפּעטער קומט ער צוריק; ער שטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע אויסראָטן די מוסרים פון דער יידישער גאַס אין שטאָט זיין און בכלל אַנטקעגנשטעלן זיך יעדער עוולה.



י מצבה אויפן קבר פון מ. יודענהערץ אין טשענסטאָכאָוו



משה יודענהערץ (יידל)

אַן עקשן פון דער נאַטור, פירט ער זיין קאַמף 3 יאָר צייט און פאַרנאַכלעסיקט אינגאַנצן זיין פּערזענלעך לעבן.

אַליין איז ער אָבער פון קליינוויז אָן אַ קרענקלעכער, ליידט אויף אַסטמאַ, צווינגט אים זיין געזונט־צושטאַנד צו אַ רויקן לעבנס־שטייגער. דערצו איז עס די צייט פון דער שווערסטער רעאַקציע און יעדע אַרבעט איז פאַרבונדן מיט לעבנס־געפאַר; יוד־הערץ פאַרלאָזט אויף אַ פּאָר יאָר די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און נעמט זיך ענער־גיש צו שטודירן יורי.

אָבער אפילו נישט זייענדיק אַקטיוו באַ דער אַרבעט, בלייבט ער דאָך ענג פאַר־בונדן מיט דער פועלי־ציון־באַוועגונג און אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט יעדער וויכ־טיקער געשעעניש אין איר לעבן.

מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה וועקט זיך יודענהערץ ווידער צו אַקטי־ווער אַרבעט; ער העלפט צו אָרגאַניזירן די ערשטע קולטור־אינסטיטוציע אין שטאָט — די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק.

ס׳קומען אָן די ערשטע שטאָט־ראַט־וואַלן אין דער אָקופּאַציע־צייט, אין 1916 יאָר. די פועלי־ציוניסטישע גרופּע אין סאָסנאָוויץ באַשטייט בוכשטעבלעך פון פינף פּער־זאָן: דידאָזיקע קליינע גרופּע באַשליסט אָבער דאָך אַרויסטרעטן אין דער אַרבעטער־קוריע צום קאַמף פאַר אַן אייגענעם קאַנדידאַט.

צוערשט ווערן נאָך געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די ס. ד. „לעוויצע" און בונד וועגן אַן אַרבעטער־בלאָק. צוליב פּראָגראַמאַטישע חילוקי־דעות קומט דער בלאָק נישט צושטאַנד, און פועלי־ציון גייען זעלבשטענדיק צו די וואַלן מיט יודענהערצן אַלס ערשטן קאַנדידאַט.

די געטרייע אַרבעט פון דער קליינער גרופּע פועלי־ציון און דער גוטער נאָמען פון יודענהערץ טוען אויף וואונדער. די גאַנצע יידישע אָרימקייט נעמט אויף מיט באַ־גייסטערונג דעם רוף פון פועלי־ציון. דער רעזולטאַט איז אַ הערלעכער: אַדורכגעפירט צוויי ראַטמענער פון דער פועלי־ציון־ליסטע.

עס הייבט זיך אָן יידלס ברייטע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. תחילת „אַ גרינער" אין שטאָט־ראַט, אַ קנאַפּער ידען אין די ענינים פון דער שטאָט־באַלעבאַ־טישקייט, נעמט זיך יודענהערץ ענערגיש צו שטודירן און ווערט אין אַ קורצער צייט דער בעסטער קענער פון דער שטאָט־ווירטשאַפט אין סאָסנאָוויץ.

די שטאָט־ראַטן זענען צו יענער צייט די איינציקע פּאָליטישע טריבונעס אין לאַנד, — באַשליסט דער סאָסנאָוויצער קאָמיטעט אויסנוצן די טריבונע פאַרן קאַמף קעגן דער אָקופּאַציע. ס׳ווערן אויסגעאַרבעט פּאָליטישע דעקלאַראַציעס, ס׳קומען אויך אָן פון צענטער פאַרשידענע פּאָליטישע דירעקטיוון — יודענהערץ איז דער מוטיקער אויספירער פון די אַלע פּאָליטישע שליחותן. די פאַרשטייער פון די אָקופּאַנטן קריצן מיט די ציין, די שטאָטישע ענדעקעס פירן אַ העצע־קאַמפּאַניע קעגן אים. יודענהערץ

איז אָבער אומדערשראָקן און די מאַכט האָט מורא אָנצורירן דעם ראַטמאַן, וועלכער איז דער ליבלינג פון די ברייטסטע מאַסן פון שטאָט.

אין דער זעלבער צייט העלפט יודענהערץ אויך מיט אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט און איז פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין דער פּרץ־ביבליאָטעק.

די פּועלי־ציון־כּוחות זענען אין שטאָט שטאַרק געוואַקסן; אין בוידעם־שטיבלעך און אין קעלערס איז פון קאָנספּיראַטיווע קרייזן אויסגעוואַקסן אַן אָרגאַניזאַציע פון העכער 100 חברים; יודענהערץ הייבט אָן מאַכן באַמיִונגען צו באַקומען אַ לעגאַליזאַציע אויף אַ פאַבריקס־קאָאָפּעראַטיוו (דאָס איז די איינציקע לעגאַליזאַציע, וועגן וועלכע מ׳קען מיט די אָקופּאַנטן רעדן).

דערווייל פירן די בונדיסטן אַ ווילדע העצע קעגן פּועלי־ציון אין דער געמיינזאַמער פּרץ־ביבליאָטעק. דורך אַ שפּיצל באַקומען זיי אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג באַ פערזאָנען־וואַלן 6 פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער; פון פּועלי־ציון ווערט געווײלט דער איינציקער יודענהערץ.

די מערהייט אָבער פון דער מיטגלידערשאַפט זענען אָנהענגער פון פּועלי־ציון.

די רעוויזיאָנס־קאָמיסיע, וועלכע באַשטייט אויך פון פּועלי־ציון־אָנהענגער, שטעלט פעסט מיסברויכן און פאַרנאַכלעסיקונג אין פאַריין און רופט אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. די בונדיסטן דערפילן, אַז אין ד ע ר פאַרוואַלטונג וואַרט זיי אַ דורכפאַל, קומען זיי מיט אַ באַנדע שלעגער, פּראָוואָצירן אַ געשלעג, ביז די פּאָליציי קומט, אַרעסטירט דאָס פּרעזידיום און פאַרמאַכט די ביבליאָטעק.

אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, וואו ס׳זיצט דאָס פאַרהאַלטענע פּרעזידיום, קומט יודענהערץ, ער אינטערוועניִרט פאַר די חברים; אינעם זעלבן מאָמענט מעלדעט אים דער קאָמיסאַר, אַז די לאַנג דערוואַרטעטע לעגאַליזאַציע פון קאָנסום־פאַריין איז אָנגעקומען.

באַ די פּועלי־ציון איז אַ שמחה, ס׳ווערט געעפנט דער ערשטער פּועלי־ציון־קלוב אונטערן פאַרשטעלטן נאָמען „אַרבעטער־טיי־האַלע".

די אָרגאַניזאַציע וואַקסט אומגעהייער שנעל, מיט סימפּאַטיקער ציילט זיך שוין בערך 500 פּערזאָן.

יודענהערץ וואַקסט צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזאַציע. מיט דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט איז ער זייער ווייניק פאַרבונדן, זיינע אַרויסטרעטונגען ווערן אָבער דרייסטער, ער פילט אַ געשלאָסענע מחנה הינטער זיך, און יעדע אַרויסטרעטונג זיינע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליטישער מאַניפעסטאַציע.

באַזונדערס פאַרשאַרפט זיך די לאַגע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם באַרימטן אומאָפּהענגיקייטס־פּאַטענט פון דער אָקופּאַציע־מאַכט.

יודענהערץ טרעט אַרויס מיט אַ שאַרפער דעקלאַראַציע, וואו ער דעקט אויף דעם שווינדל פון דער אָקופּאַציע־מאַכט און שטעמפּלט די בורזשואַזע אויגאָדאָוועצעס; די ענדעקישע ראַטמענער ענטפערן מיט ציניִשע פּאָגראָם־רעדעס.

די ענדעקישע פּרעסע הייבט אָן אַ שאַרפע העצע קעגן יודענהערצן, מ׳דראָט

אים מיט נקמה; דער קאָמיטעט נעמט אָן אַ באַשלוס, יידל זאָל אויף אַ פּאָר וואָכן פאַרלאָזן די שטאָט. יודענהערץ שטעלט זיך אַנטקעגן, ער וויל נישט אָפּטרעטן אפילו אויף אַ מינוט, ווערט אָבער געצוואונגען דערצו דורך די חברים.

אויף אַ קורצער צייט פאָרט ער קיין וואַרשע, אָבער נאָך 6 טעג קומט ער צוריק און שטעלט זיך ווידער צו דער אַרבעט.

ס'זענען שוין די לעצטע טעג פון דער אָקופּאַציע־ממשלה, די אָרגאַניזאַציע מאַכט הכנות צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָפּטרעטן פון דער אָקופּאַציע. ח' יידל העלפט מיט אין דערדאָזיקער אַרבעט.

אַוועק די אָקופּאַציע, און עס אַנטוויקלט זיך אין זאַגלעמביע אַ ריזיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. ס'אַנטשטייט דער אַרבעטער־ראַט, ס'איז אַפילו פאַראַן אַ גוט אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מיליץ.

די פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אָרגאַניזירט אַן אַרבעטער־זעלבסט־שוץ, ס'דערשיינט אַ ספּעציעלער אויפרוף, יודענהערץ העלפט שאַפן די מעגלעכקייט פאַר דער עקזיסטענץ פון דער זעלבסטשוץ.

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג ווערט איינגעשטילט, דער אַרבעטער־ראַט ווערט דורך דער מאַכט אויפגעלייזט, ס'קומט אָן די צייט פון רויקן, סיסטעמאַטישן קאַמף און אַרבעט.

יודענהערץ ווערט ווידער געוויילט אין שטאָט־ראַט אין דער שפּיץ פון דער פּועלי־ציון־ליסטע. דער כאַראַקטער פון שטאָט־ראַט איז שוין אָבער אַן אַנדערער; דער פּאָליטישער שווערפּונקט איז איבערגעטראָגן געוואָרן אין סיים. ח' יידל נוצט אויס זיין גרויסע קענטניש אויפן געביט פון שטאָט־ווירטשאַפט, ער דעקט אויף אומברחמנותדיק אַלע שווינדלען פון דער הערשנדער קליקע. נישט איין מאַגיסטראַט־מיטגליד צווינגט ער צו דימיסיע. די בורזשואַזיע פּרווט אים איבערקויפן, מ'זאָגט אים צו פאַרשידענע אַמטן, אפילו דעם אַמט פון וויצע־פּרעזידענט; יודענהערץ וואַרפט מיט פאַראַכטונג אָפּ אַלע אַזעלכע פאָרשלאַגן.

ער באַמיט זיך מיט אַלע כוחות העלפן דער שטאָטישער אַרבעטערשאַפט און אָרימקייט. די אָרגאַניזאַציע גרינדעט דעם אַרבעטער־פאַרבריכס־קאָאָפּעראַטיוו, יודענהערץ קריגט דורך אים אַ מעגלעכקייט אַרויסבאַקומען פאַר דער יידישער באַפעלקערונג ביליקע פּראָדוקטן אין צייט פון יקרות און פּאַסעק.

אין שטאָט־ראַט טרעט ער אַרויס קעגן דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון די ראַזוואָיאָוצעס לגבי דער יידישער באַפעלקערונג און צווינגט די ראָזוואָי־לייט אָפּצושטעלן זייער אָנגריף אויף די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

ווי ווייט יודענהערץ האָט געווירקט מיט זיין פּערזאָן, באַווייזט פאָלגנדיקער פאַקט. זייט לאַנגע יאָרן האָט דער „ראָזוואָי" געפירט אַ קאַמף פאַר אַרויסוואַרפן די יידן פון דעם וויכטיקסטן שטאָטישן מאַרק, וועלכן דער „ראָזוואָי" האָט אָפּגעקויפט. אַזוי לאַנג ווי יודענהערץ האָט געלעבט, האָבן זיי עס נישט געקענט אויספירן. גלייך אָבער נאָך

יודענהערצס טויט רעאַליזירט „ראָזוואָי” זיין באַשלוס און וואַרפט אַרויס צענדליקער יידישע אָרעמע פאַמיליעס.

יודענהערצס פערזענלעכער אויטאָריטעט איז שטענדיק געווען דירעקט פאַרבונדן מיט זיין אָרגאַניזאַציע, מיט פועלי־ציון, און קיין איין מינוט איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן זיין ענגע פאַרבינדונג מיט דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע און מיט די געשעענישן אין דער פועלי־ציון־באַוועגונג.

אַליין אַ פּינקטלעכער און סיסטעמאַטישער, האָט ער די לעצטע יאָרן ווייניק זיך אָפּגעגעבן דער דירעקטער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט, אַלע זיינע כוחות האָט ער געווידמעט זיין אַרבעט אַלס ראַטמאַן, אַלס שליח פון דער אָרטיקער אַרבעטערשאַפט און ער איז אויסגעוואַקסן צו אַ סימבאָל פון אַ קעמפער פאַר די רעכט פון די אָרימע מאַסן אין שטאָט, באַליבט בײַ דער יידישער, ווי בײַ דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט.

און דאָסדאָזיקע עקשנותדיקע קעמפערישע לעבן איז אַזוי ברוטאַל איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ ביי֯זן צופאַל אין די בליענדסטע יאָרן. בײַם איינשטייגן אין צוג אין טשענסטאָכאָוו, איז ער אומגעפאַלן און דער צוג איז איבער אים אַריבער. ס׳איז איבערגעהאַקט געוואָרן דאָס יונגע לעבן פון אַ קעמפער און פאָלקס־פאַרטיידיקער, ס׳איז ווייניקער געוואָרן מיט אַ געטרייען און איבערגעגעבענעם חבר.

**אַ. וואַקס**

# יוסף סלושני.

געב. 1893 — געשט. דעם 4 יולי 1925.

איינער פון די איבערגעגעבנסטע און מוטיקסטע קעמפער פאַר דער אַרבעטער־זאַך — יאָסל סלושני האָט געהערט צו די, וואָס האָבנדיק געשוואוירן טרייקייט צו די באַפרייונגס־אידעאַלן פונם אַרבעטער־קלאַס, האַלטן זיי דידאָזיקע שבועה ביז צום לעצטן אָטעם פון זייער ברוסט און זענען זיך מקריב פאַרן אידעאַל ביז צום לעצטן טראָפּן פון זייער בלוט.

אַ קינד פון זייער אָרימע עלטערן, האָט יאָסל פון דער פריסטער קינדהייט פאַרנומען דאָס ליד פון אָרעמקייט און גאַנץ יונג זיך דערוואוסט דעם ווייטיק פון דערשלאָגנקייט. צו 6 יאָר האָט מען אים אַוועקגעשיקט אין חדר, און דאָרט האָט ער אָפּגעוועלקט די צאַרטסטע טעג פון זיין לעבן. צו 12 יאָר האָט ער שוין מער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן די ענגשאַפט פון חדר און, נאָך אַ שווערן קאַמף מיט די עלטערן, האָט ער אים פאַרלאָזן.

ער לערנט זיך אויס אַ פאַך, פאָטאָגראַפיע, און הייבט אָן אַליין צו האָרעווען שווער אויפן שטיקל ברויט. אַ פּראָלעטאַריער איז יאָסל געבליבן זיין גאַנץ לעבן. ער קריגט אַן אינטערעס פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג און אין 1913 פאָרט ער אַוועק קיין פאַלעסטינע. זיין געזונט־צושטאַנד ברענגט אים אָבער צוריק אין שעדלעץ.

זיין באַזוך אין פאַלעסטינע האָט געהאַט אַן אַנטשיידנדע ווירקונג אויף זיין ווייטערדיקן לעבן; אין 1915 טרעט ער אַריין אין דער פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע, און שליסט אויף אייביק זיין הייליקן בונד מיטן פּראָלעטאַרישן פאַלעסטיניזם.

יוסף סלושני איז געווען אַ זעלטענער טיפּ פון אַן עכטן אַרבעטער־טוער, וועלכער קומט פון דער אַרבעטער־גאַס און פאַרמאָגט דעריבער דעם געזונטן חוש פאַר די עלע־

מענטאַרע באַדערפֿעניש אין נויטן פֿון דער ברייטער מאַסע, קען די אומגעקונצלטע שפּראַך פֿון אירע אינטערעסן און ווייסט צו קעמפֿן האַרט און עקשנותדיק פֿאַר יעדן פּיצל רעכט און ברעקל כּבֿוד פֿון אַרבעטער־פֿאָלק.

אין 1917 בעת אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע דעם 1־טן מאַי ווערט יאָסל פֿאַרוווּנדעט; די דייטשע אָקופּאַציע־פּאָליציי אַרעסטירט אים און האַלט אים אָפּ אין תּפֿיסה גאַנצע 2 חדשים. יאָסל וואַרפֿט זיך אַריין מיטן גאַנצן ברען אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. ס׳איז די צייט פֿון אויפֿשטעלן פּאָזיציעס אויפֿן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטור־געביט. אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו און אומבויגזאַמען ווילן ווערן אין שעדליץ אויפֿגעשטעלט אַ גאַנצע ריי פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען און אפֿילו די אָפּגעשטאַנענסטע אַרבעטער נעמען אויף יאָסלס רייד מיט אַ פֿייער אין די געוועסט אויסגעלאָשענע אויגן און אויף זיין רוף זענען זיי גרייט צו גיין אפֿילו אויף קרבנות.

ס׳איז די צייט פֿון אויפֿבלי פֿון דער שעדלעצער אָרגאַניזאַציע. די השפּעה פֿון פּועלי־ציון וואַקסט ממש מיט יעדן טאָג. אפֿילו קעגנער גיבן צו, אַז ס׳איז אויפֿגעשטעלט אַ פֿעסטונג, וואו עס שטייען שטענדיק גרייטע צום קאַמף איבערגעגעבענע חברים.

ס׳קומט אָן דאָס יאָר 1919 — וואַלן צום שטאָט־ראַט; דאָ שניידט מען דאָס, וואָס מען האָט פֿאַרזייעט. די פּאָליטישע אַטמאָספֿערע איז אָנגעגליט. ערשט נישט לאַנג זיך באַפֿרייט פֿון אָקופּאַנט, דערשפּירט פֿון ווייטן, איבער דער גרענעץ, דעם אָטעם פֿון פֿרייהייטס־זיג, גייען די מאַסן פֿריידיקע אין קאַמף. די שטענדיק פֿאַרחושכטע, דערשלאָגענע פֿאָלקס־מאַסע האָט דאָס וואָרט און זי שיקט אַלס אירע פֿאַרטרעטער אין שטאָט־ראַט די ערלעכע קעמפֿער פֿון פּועלי־ציון.

און יאָסל ווייסט, ווי צו שעצן און אָפּצוהיטן דעם צוטרוי פֿון האָרעפּאַשנעם פֿאָלק. די גאַלעריע איז תּמיד געפּאַקט און די פֿאַרוואָרלאָזטע פֿאַרפֿראַצעווטע מענטשן קוועלן־אָן פֿון זייער יאָסל, ווי ער „דעקט" און ווי ער שטורעמט אַרויס זייער פּיין און לאָזט הערן זייער שטים און פּראָטעסט. די רעכטע קריצן מיט די ציין בײַ נויט און יעדער אַרויסטרעטונג פֿון יוסף סלושני און זיי זוכן, ווי פּטור צו ווערן פֿון אים.

אין לאַנד האָבן זיך פֿונאַנדערגעהוליעט די „פּאָזנאַנטשיקעס". אַן אימה איז אָנגעפֿאַלן אויף דער יידישער באַפֿעלקערונג. אין גאַס און אין פֿעלד, אויף די באַנען — אומעטום יאָגן זיך געוו. האַלערס „העלדן" נאָך אַלטע יידן, שניידן בערד און פּאות, מאַכן חוזק און נעמען צו וואָס נאָר מעגלעך. די מאַכט קוקט דורך די פֿינגער. מ׳וויל נישט פּוגע בכּבֿוד זיין די כּלומרשטע פֿאַרשטייער פֿון דער אַרמיי. אפֿילו דאַשינסקי, דער פֿירער פֿון פּ. פּ. ס., קומט אָפּ מיט ביליקע וויצן וועגן די „פּריזיר־איבונגען" פֿון די „האַלערטשיקעס". און נאָר די יידישע אַרבעטער טרעטן אויף שאַרף און מוטיק קעגן דער גאַנצער געזעלשאַפֿטלעכער שיטה, וועלכע מאַכט מעגלעך און נאַטירלעך אַזאַ וואַקכאַנאַליע...

יאָסל סלושני נוצט אויס די טריבונע פון שטאָט־ראַט און טרעט אַרויס קעגן די ווילדע מעשים פון די „האַלערטשיקעס". ענדלעך געלינגט עס דער רעאַקציע אויסצופירן איר לאַנגאָנגעדיקן פּאַרלאַנג. סלושני ווערט צוגעצויגן צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיין רעדע אין שטאָט־ראַט און באַקומט 2 יאָר תפיסה. גאַנצע 11 חדשים זיצט ער אָפּ אין טורמע, ביז עס גיט זיך איין צו שאַפן די געפאָדערטע גרויסע קויציע־סומע און מען נעמט אים אַרויס אויף דער פריי ביז צום פּראָצעס אין קאַסאַציע־געריכט.

בעתן פּויליש־סאָוועטישן קריג ווערט סלושני אַרעסטירט און אָפּגעפירט קיין וואַרשע, שפּעטער ברענגט מען אים צוריק קיין שעדלעץ און מ׳איז אים מכבד אַדמיניסטראַטיוו מיט 3 חדשים תפיסה פון ס׳ניי.

די כסדרדיקע אַרעסטן און טורמע־חדשים ברעכן נישט דעם מוט און דעם איינזערנעם ווילן פון יאָסלען. קוים איז ער נאָר אַריבערגעטרעטן די שוועל פון תפיסה, און שוין איז ער ווידער בײַ דער אַרבעט. ער איז אין סאַמע קאָך. עס ברויזט אַרום אים. אָבער מען גייט אים נאָך שריט נאָך טריט, מען לויערט אויף אים כסדר, און די פּאַרטיי שיקט אים אין אַנדערע ראַיאָנען, אין לובלין און אין אָסטראָוויעץ.

דער פּראָלעטאַרישער קעמפער ווייס נישט צו אונטערשיידן צווישן אייגענער און פרעמדער שטאָט. אומעטום, וואו עס זענען דאָ אַרבעטער, פילט ער זיך, ווי „אין דער היים"; אַבי ס׳איז דאָ וואָס צו טון, פאַר וואָס צו קעמפן, וועמען צו וועקן און אָרגאַניזירן. די באַלעבאַטים פון יעדער שטאָט, וואו סלושני קומט, דערפילן גיך זיין אָנוועזנהייט. ווייל אויפן ערשטן פּלאַן איז בײַ יאָסלען דער עקאָנאָמישער אָרגאַניזירטער קאַמף; דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין איז זיין נאַטור־סטיכיע; ס׳נעמט נישט לאַנג און ס׳הייבן זיך אָן אויף אים שיטן מסירות ביז מען עקספּעדירט אים, אַ געשמידטן אין קייטן, מיטן „עטאַפּ" צוריק אַ היים.

סלושני איז ווידער אין שעדלעץ, און דאָס רופט זיך גלייך אָפּ אויף דער אַרבעט. דיזעלבע חברים, וואָס געפינען זיך שטענדיק אומאויפהערלעך אויפן אָרט, אַרבעטן עפּעס געשמאַקער בעת יאָסל איז דאָ דערבײַ. און אפשר ווירקט דאָ יאָסלס אַ בייזער. אַ געשריי; ער ווייסט נישט פון קיין העפלעכקייט און באַנוצט נישט קיין „ווייסע הענטשקעס" אַפילו בנוגע אייגענע חברים. אַרבעט איז אַ פליכט. שטייט מען אָן אַ זייט — איז געזונטערהייט! איז מען אָבער בײַ דער אַרבעט — טאָ דאַרף זיין געאַרבעט! מ׳זאָל עס אָנזען, מ׳זאָל עס אָנטאַפּן. יאָסל איז „דיקטאַטאָר", אַלע פעדים זענען קאָנצענטרירט אין זיינע הענט, ער שאַפט זיך מיט אַלעמען. און אַלע פאָלגן אים, ווייל ער אַליין איז דער ערשטער צו יעדער אַרבעט. ער איז דער מוסטער, און די חברים ווערן ווירקלעך פון זיין ביישפּיל אָנגעצונדן, און די אַרבעט גייט אָן לעבעדיק.

שעדלעץ ווירקט אויך אויף די אַרומיקע שטעטלעך. עס וואַקסט אויס איבעראַל

נייע אָרגאַניזאַציעס און גרופּן, עס בילדעט זיך אויס אַ גאַנצער זיכערער פּועלי-ציוניס־טישער ראַיאָן, וועלכער שרייבט אַריין הערלעכע בלעטלעך פון נצחונות אין דער קאַמפּס־געשיכטע פון די פּועלי־ציון אין פּוילן.

יאָסל באַטייליקט זיך אַקטיוו אינם אויפשטעלן פאַרשידענע וועלטלעכע קולטור־פּאָזיציעס אין שטעדלעך. ער איז מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט „יידישע קונסט" און צום סוף מיטגליד פון איר ערן־געריכט. ער ווייזט אַרויס דעם טיפסטן אינטערעס פאַר דער נייער יידישער שול און העלפט דער פאַרשפּרייטונג פון בילדונג צווישן דערוואַקסענע יידישע אַרבעטער.

יאָסל האָט ליב דעם קאַמף. ער ווייכט קיינמאָל נישט פון דער סכנה, נאָר גייט דעם שונא מיט אַן אָפן פּנים אַנטקעגן. דעם 1־טן מאַי 1923 איז ער אין וואַרשע בּאַ דער פּועלי־ציון־דעמאָנסטראַציע. מ'ריכט זיך אויף אַן אָנפאַל מצד די כּוליגאַנישע באַנ־דעס און יאָסל בעט זיך, מ'זאָל אים דערלויבן צו זיין צווישן די אָרדנער. ער וויל היטן די פאָן, ער וויל זי פאַרטיידיקן.

דער אַרבעטער־יום־טוב רייצט אויף די רעאַקציע און די שוואַרצע מאה אָרגאַני־זירט אירע באַנדעס, וואָס פאַלן אָן אויף די יידישע דעמאָנסטראַנטן. יאָסל איז צווישן די, וואָס שלאָגן אָפּ דעם אָנפאַל. ער קעמפט העלדיש און אַלע באַוואונדערן זיין מוט. ער ראַטעוועט אַרויס אויך די פאָן פון אַ בונדישן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין.

יאָסל פלעגט אַרויסטרעטן אויף מאַסן־פאַרזאַמלונגען און האָט קיינעם נישט גע־שוינט. די פּאָליטישע קעגנער פלעגט ער אָנגרייפן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און אָן רחמנות. אָבער נישט נאָר פּאָליטישע קעגנער, נאָר אפילו זיינע קלאַסן־שונאים האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט דרך־ארץ און געוווּסט צו שעצן זיין אידעאַליזם און אומבאַ־גרענעצטע איבערגעבנקייט צו דער זאַך פון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

אין שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען האָט יאָסל געלעבט. נישט דערעסן און נישט דערשלאָפן, אייביק זיך געוואַלגערט אויף זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, לאַנגע חדשים פאַרבראַכט אין די אַרעסטן און טורמעס. זיין געזונט ווערט אונטערגעריסן און די לונגען פון דעם שטאַרקן יוסף סלושני ווערן אָנגעגריפן דורך דער פּראָלעטאַרישער קרענק. די שווינדזוכט הייבט אים אָן מאַטערן. ער פועלט, מען זאָל אים לאָזן פאָרן קיין פּאַלעסטינע, ווו ער האָפט פּטור צו ווערן פון זיין קרענק. עס פעלט אָבער די נייטיקע מיטלען דערצו. די אַרבעט זיינע זעצט ער פאָר קראַנקערהייט, באַזוכט פאַר־זאַמלונגען, טרעט אַרויס אויף מיטינגען, פירט די גאַנצע פּראַפּ. באַוועגונג. דעם 3־טן יוני 1925 קריגט ער אַ בלוט־שטורץ און מוז זיך אַוועקלייגן אין בעט.

און אויך אויפן קראַנקן־בעט לעבט ער אין דער אַטמאָספער פון אַרבעט. ער מוז פון אַלץ וויסן, אַלץ מוז מען אים דערציילן און ער העלפט אַרויס מיט אַן עצה, מיט אַן אָנווייזונג, מיט אַן אויפמונטערונג.

אומבאַשרייבלעך איז די ליבע פון די שטעדלעצער חברים צו זייער טויט־קראַנקן חבר און מיטקעמפער. זיי שטרענגען אָן אַלע מיטלען, כּדי אַרויסצורייסן אים פון די

נעגל פון טויט, מען שפאַרט אָפּ פון לעצטן ביסן. מ'באַזאָרגט אים מיט דאָקטוירים, מען וואַכט בײַ אים טאָג און נאַכט.

די חברים פון די אַרומיקע שטעט איילן מיט הילף. אָבער אַלץ איז אומזיסט. דער קרעפּטיקער מאַן פאַרלירט די כוחות מיט יעדן טאָג און צאַנקט ווי אַ ליכט.

שבת דעם 4-טן יולי 1925, זעקס אַ זייגער אינדערפרי, האָט יאָסל סלושני אין עלטער פון קוים 32 יאָר אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם.

נ. ש-ן

# אַריעוו.

איינער פון די עלטסטע אָנפירנדע חברים אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע. אין 1917 ווערט ער געוויילט אין שטאָט־ראַט, וואו ער טרעט אַרויס מיט גרויסן דערפאָלג און ציט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער יעקאַטערינאָסלאַווער אַרבעטערשאַפט.

ח׳ אַריעוו איז ראַטמאַן פון דער יעקאַטערינאָסלאַווער קהילה, וואו ער שפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל. ער איז אויך איינער פון די הויפּט־טוער אויף דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ פון יעקאַטערינאָסלאַווער ראַיאָן.

אין 1917 בילדן זיך אויס די אַרבעטער־שוץ־דרוזשינעס, און ח׳ אַריעוו איז די גאַנצע צייט אין דער אָנפירערשאַפט פון דער פּוע״צ־דרוזשינע, וועלכע האָט אָפּגעהיט די יעקאַטערינאָסלאַווער יידישע באַפעלקערונג פון פּאָגראָמען און רויבערייען.

לויט זיין פּראָפעסיע איז ח׳ אַריעוו אַ לערער. די גאַנצע צייט לערנט ער אין דער יידישער שול אויף קירפּיטשנע גאַס, וואו ס׳האָט זיך הויפּטזעכלעך קאָנצענטרירט די יידישע אָרימקייט און היימלאָזע פון פוילן. ער באַטייליקט זיך אין דער לערער־קאָנפערענץ אין קיעוו, וואו ער נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין די פּעדאַגאָגישע אַרבעטן און ווערט צו זיך אינטערעס, ווי צו אַ טיפּ פון אַ מאָדערנעם פּראָלעטאַרישן פאָלקס־לערער.

אין 1918, ווען דעניקין פאַרנעמט יעקאַטערינאָסלאַוו, איז ח׳ אַריעוו געבליבן אויף זיין פּאָסטן, אַלס לערער פון קאַרפּאָווס בית־יתומים. די דעניקינצעס פאַלן אַריין צו אים אין שטוב און שלעפּן אים אַוועק מיט זיך. זיי האָבן אים אַרעסטירט און שפּעטער בעסטיאַליש דערהרגעט.

דער לעבנס־וועג פון ח׳ אַריעוו איז דער מאַרטירער־וועג און קאַמף־לעבן פון יידישן אַרבעטער. עס וואָלט דורכויס נייטיק געווען, זיינע נאָענטערע חברים זאָלן איבערגעבן אויף די בלעטער פון „פנקס״ פול און גאַנץ די לעבנס־געשיכטע פון דעם זעלטן־באַגאַבטן, איידעלען און ערלעכן מוטיקן קעמפער פאַר די אידעאַלן פון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

# ברוך גרינבוים.

געב. 1895 — געשט. 1922.

אומדערמידלעכע טעטיקייט, אומגעהייערע איניציאַטיוו און אויסערגעוויינלעכע אָרגאַניזיר־קראַפט — דערמיט קען באַצייכנט ווערן די מערקווירדיקייט — ברוך גרינבוים.

געבוירן בײַ באַלעבאַטישע עלטערן, מאכט ער דורך, ווי דער רוב קליינשטעטלדיקע יינגעלייט דעם עטאַפּ פון חדר, בית־המדרש און לסוף היימישע בילדונג; אָבער גיך שטעלט ער פאַר זיך דעם ציל פון אָרגאַניזאַציע, און דאָס — מיטן ברייטן פאַרנעם, שאַפנדיק אַרום זיך כסדר גרופּן פאַרערער.

אין 1918, ווען פּוילן ווערט דורכגעדרונגען פון דעם באַפרייונגס־געדאַנק און עס הייבן זיך אָן אָרגאַניזירן אויף דער פּראָווינץ די מער־דעמאָקראַטישע און פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, טרעט ער אַרויס פון דער קולטור־געזעלשאַפט „עזרה" (די איינציקע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע בײַ אונז צו יענער צייט). ער לייגט דעם ערשטן גרונט־שטיין פאַר אַ פּוע"צ־אָרגאַניזאַציע מיט דער קליינער צאָל פון 10 חברים.

נאָך 4 חדשים ציילט שוין אָבער דער פּוע"צ־פאַריין 130 מיטגלידער. עס ווערט אָנגעפירט אַ ברייטע קולטורעלע טעטיקייט, ווי אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע, חברים־שמועסן, פאָרלעזונגען, און אומעטום פאַרנעמט דעם אויבנאָן ברוך גרינבוים.

דורך זיין איניציאַטיוו ווערט געשאַפן דער פּראָפ. פאַריין פון בוי־אַרבעטער און הויז־דינערשאַפט, וועלכע פירן דורך אַ רייע אַקציעס, אגב די איינציקע אין שטאָט געוווּנענע לוין־אַקציעס און 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג.

פול מיט טיפן גלויבן און ברענענדן ענטוזיאַזם, פירט ער אַלץ דורך מיט אַן אייזערנער האַנט, בינדט אָן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן לובלינער ר. ק., אין וועלכן

ער ווערט געוויילט אַלס מיטגליד. זיין פיבערדיקער גייסט, וואָס גאַרט אומדערזעטיקט נאָך טעטיקייט, קען זיך אָבער נישט באַפרידיקן מיט דער טעטיקייט פון ר. ק. אים איז צו לאַנג צו וואַרטן און גאָרנישט צו טון, ברוך'ס אייניציקער פאַרלאַנג איז טון, טון און טון. . . ווערט דורך אים אָרגאַניזירט אַ קרייז־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיינע צוזאַמענפאָרן כמעט יעדן חודש און דווקא אינם לאָקאַל פון פאַריין מיט אַלע פרטים פון גרעסערע צוזאַמענפאָרן.

אַזוי אַרום ווערט ענגער די צוזאַמענאַרבעט פון גאַנצן קרייז. ער אָרגאַניזירט די קלענערע שטעטלעך אַרום, פאַרפעסטיקט זיי מיט זיינע זאַכלעכע רעפעראַטן און אָר־גאַניזאַטאָרישער קראַפט.

דורך זיין איניציאַטיוו קומט צושטאַנד די פאַראייניקטע 1 מאַי־דעמאָנסטראַציע פון פוע"צ, בונד, פ. פ. ס. און „רויטע" אין 1919, וואָס ווייניק אַזעלכע האָט פולאַוו ווען עס איז געזען.

און וווּ נאָר מעגלעך באַ אַ טעטיקייט — ברוך פירט דאָס רעדל, אומעטום פילט מען זיין האַנט.

די טעטיקייט פון אַמעריקאַנער ד. ד. ק. — ברוך האָט דעם שליסל און די קאָנ־טראָל איבער אַלץ, ווייל ער איז די טעטיקייט אַליין.

ער איז אויך דער, וועלכער שטעלט אַוועק אַ יידישע שול מיט אַן אייגענעם אויסהאַלטן זיך, און מוסטערהאַפט איז זי, די דריי־אָפטיילונגען־שול, ווייל ברוך איז אין איר שפיץ.

באַ די שטאָט־ראַט־וואַלן פירט ברוך די וואַל־קאַמפאַניע אויף זיין ברייטן ענטו־זיאַסטישן שטייגער און דער רעזולטאַט איז אַ גלענצנדער: 4 ראַטמענער, צווישן זיי איינער אַ לאַווניק.

דאָס איז אין קורצן וועגן דער טעטיקייט פון איינעם אַ פאָלקס־זון, וואָס האָט מיט זיין לעבן אַ סך געלייסטעט פאַר די אַרבעטנדיקע און האָט מיט זיין טעטיקייט גע־שאַפן אַ הערלעך און באַשיידן קאַפיטעלע אין דער פולאַווער באַוועגונג, פון אַ מענטש, וואָס איז אויסערלעך געווען פונקט דער היפוך: אַ בלאַסער, מאָגערער, אָבער אינערלעך אַ שטאָלצער מיט אַ שטאַרקן אומבויגזאַמען ווילן.

נאָך עטלעכע יאָר אַקטיווער טעטיקייט איז ער געשטאָרבן אויף דער, אַזוי גע־רופענער, „פראָלעטאַרישער קרענק" און מיט אים איז אויך אַוועק איינער פון די הער־לעכסטע מאָמענטן אין דער היגער אַרבעטער־באַוועגונג.

X

# פּנחס קראָסילשציק.

נעב. 1894 — געשט. 5 אַפּריל 1919.

פּנחס קראָסילשציק איז געבוירן אין יאָר 1894 בײַ אַ פּאָטער אַ שוסטער. זײַן בילדונג האָט ער באַקומען אין חדר און אין אַ יידישער קאַזיאָנער אָנפאַנגס-שול. צו 14 יאָר קומט ער אָן אין אַ האַנדווערקער-שול, וואו ער דערלערנט שלאָסערײַ. צו 17 יאָר טרעט ער אַרײַן אין אונזער אָרגאַניזאַציע. נישט קענענדיק זיך אײַנאָרדנען מיט אַרבעט אין פּינסק, פאָרט ער אַוועק קיין קיעוו און יעקאַטערינאָסלאַוו, וואו ער דערפילט גלײַך אויף זײַנע אייגענע פּלײצעס די שווערע לאַסט פון עקספּלאָאַטאַציע און ער ווערט אַנטשלאָסענער אין זײַן קאַמף קעגן דער גאַנצער מיאוסער אָרדנונג.

2 יאָר שפּעטער קערט ער זיך אום קיין פּינסק און נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פּאַרטיי-אַרבעט, אים איז שווער זיך צוצופּאַסן צו דער אונטערערדישער אַרבעט, ער קאָן זיך נישט אײַנלעבן אין אַ קלײנלעכער קרעמערישער קאָנקורענץ-אַטמאָספער. האַלט ער אין אײן טרוימען וועגן אַ פרײַער, ברײטער אַרבעט.

אין יאָר 1914 נעמט מען אים צום מיליטער-דינסט. ער קען נישט פאַרטראָגן דעם קאַזאַרמע-רעזשים. ער וויל נישט זײַן קײן תּלין פון אייגענע ברידער און חברים, פאַרלאָזט ער דאָס פאָלק און באַזעצט זיך אונטער אַ פאַלשן נאָמען אין קיעוו. צוזאַמען מיט נאָך 2 פּינסקער חברים העלפט ער אויפצולעבן אונזער אָרגאַניזאַציע אין דעמיעווקע (בײַ קיעוו). אָבער ווי נאָר עס קומט די ידיעה, אַז פּינסק האַלט בײַ אָקופּירט ווערן דורך די דײַטשן, קומט פּיניע ווידער אין זײַן געבורט-שטאָט. די שווערע דײַטשע אָקופּאַציאָנס-באַדינגונגען דריקן און פּרעסן זײַן בענקענדע פרײַע נשמה און אין 1918 יאָר איז ער ווידער אין קיעוו, וואו אַ דאַנק זײַן אומדערמידלעכער, איבערגעגעבענער אַרבעט, ווערט ער געקליבן אין קאָמיטעט פון דער אָרגאַניזאַציע.

עס ברעכט אויס די דייטשע רעוואָלוציע און אויך אין פינסק הייבן אָן צו בלאָזן
די פרייהייטס־ווינטן. די באַדינגונגען פון דער פּאָליטישער אַרבעט ווערן פיל לייכטער.
פּיניע איז אין פינסק און אַרבעט. ער אָרגאַניזירט דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון מע־
טאַליסטן, וואו ער ווערט סעקרעטאַר און דעלעגירטער אין צ. ב. פון די פּראָפעסיאָנע־
לע פאַריינען.
ער באַקעמפט שטאַרק די נטיה פון די פאָרשטייער פון דער ראַטן־מאַכט, וועל־
כע ווילן אָנווענדן די דיקטאַטור אויף אַרבעטער, אַריינזעצנדיק באַשטימטע און
נישט קיין געקליבענע פאַרוואַלטונגען אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. ער
ווערט אויך אויסגעקליבן אַלס מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער־קאָאָפּע־
ראַטיוו.
נישט לאַנג דויערט אָבער די פרייע צייט. ס'רוקט זיך אָן אַ נייע כמאַרע און
ס'ווערט דערשטיקט יעדע פרייע באַוועגונג אין פינסק. פּנחס איז דער ערשטער, וואָס
קומט צו זיך, און בעת די חברים באַהאַלטן זיך, אויס מורא אפילו צו באַווייזן זיך אין
גאַס, גייט ער אין אונזער באַראַכאָוו־קלוב און באַמיט זיך אַרויסצונעמען פון דאָרט
וואָס עס איז נאָר מעגלעך, כדי ס'זאָל נישט אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט.
דעם אומפאַרגעסלעכן בלוטיקן 5־טן אַפּריל אַרעסטירט מען אים אין גאַס, מען
פירט מען אים גלייך צו דער קלויסטער־וואַנט, וואו ער ווערט אין אַ שעה אַרום מער־
דעריש דערשאָסן צוזאַמען מיט די איבעריקע 36 אומשולדיקע קרבנות.

# אלתר זיידמאַן

געב. 1878 — געשט. דעם 23 נאָוועמבער 1923.

דער חבר אַלתר, באַקאַנט צווישן די אַרבעטער אונטערן נאָמען „אַלתר בריס־קער" אָדער „אַלתר סטאָלאַר", איז איינער פון די זעלטענע טיפּן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. איבער 20 יאָר איז ער אָן אויפהער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, כסדר אַקטיוו, כסדר אין קאַמף.

פון דער פריעסטער יוגנט אָן אַרבעטער, אַ טישלער, איז אלתר נאָך אין די קינדער־יאָרן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אַריין אין דער ערשטער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי, אין „בונד". אין בריסק, אין זיין געבורטס־שטאָט, פאַרנעמט ער אַן אָנגעזעען אָרט צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט, צומייסטן אָבער ווידמעט ער זיך דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג פון די טישלער־אַרבעטער, בּאַ וועלכע ער איז זייער פּאָפּולער.

אין יאָר 1908 שטייט ער צו צו דער י. ס. ד. א. פּ. („פּועלי־ציון"), פאָרט אַרי־בער קיין וואַרשע און בויט אויף צוזאַמען מיט נאָך עלטערע חברים די אומלעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פון די בוי־סטאָלאַרעס.

ס'זענען געווען דאַן שווערע, זייער שווערע צייטן פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג, דער לאָקאַל פון פאַריין — איז געווען די בירזשע אויף דער גאַס. צוזאַמענגע־קומען איז מען זיך אין געהיים. יעטוועדער אַרבעטער־טוער איז געווען אויסגעשטעלט אויף פּראָוואָקאַציעס מצד די באַלעבאַטים און אומבאַוואוסטזיניקע אַרבעטער. דער פאַ־ריינס־טוער איז געשטאַנען אונטער כסדרדיקער סכנה פון תפיסה.

ח' אַלתר איז שטענדיק אין די ערשטע רייען. פון יאָר 1908 ביזן אויסברוך פון דער מלחמה איז ער כסדר אין דער פאַרוואַלטונג פון אומלעגאַלן סטאָליאַרעס־פאַריין.

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה העלפט ער אויפבויען די אַרבעטער־קיכן. די דערשיטערונג פון דער מלחמה, דאָס כסדרדיקע צוהונגערן גראָבט אָבער אונטער זיין געזונט־מצב און חבר אלתר פאַלט אַריין אין די נעגל פון דער פּראָלעטאַרישער קרענק. ער פרווט נאָך אַלץ אַרבעטן, וויל זיך נישט שיידן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, די קראַנקייט איז אים אָבער גובר.

דעם 23־טן נאָוועמבער איז אַוועק אַן אַלטער איבערגעגעבענער חבר, וואָס האָט געטריי געדינט דער אַרבעטער־זאַך.

# אברהם װענגראד.

געב. 1901 — געשט. דעם 1 יולי 1923.

געקומען איז ער צו דער אַרבעטער־באַװעגונג גאַנץ ייִנג, אַליין אַן אַנגעשטעל־טער אין װאַרשע איז ער דורכן פּראַפֿ. פֿאַריין צוגעצויגן געװאָרן צו אַקטיװער אַר־בעט, גלייך אַרייַנגעטרעטן אין דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע, אַרויסגעװיזן אַ שטאַרקע נייגונג צו פּראָפֿעסיאָנעלער טעטיקייט, אין 1919 יאָר װערט ער סעקרעטאַר באַ די בערשטער־אַרבעטער אין װאַרשע, שפּעטער אויך באַ די כעמישע־אַרבעטער; געאַרבעט באַ די ערגסטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, שטיל אָן געפּילדער אויסגעפֿירט זיין אַרבעט. נאָכדעם האָט ער אַ צייט געאַרבעט אַלס פּראָפֿעסיאָנאַל באַ די צוקערװאַרג־אַרבעטער, אָרגאַניזירט די קאָרקעס־אַרבעטער; איבעראַל דערפֿילט טריי זיין אַרבעט.

אָנהויב 1922 װערט ער דורך דער פּאַרטיי געשיקט קיין קעלץ, װו ער פֿירט אָן מיט דער פּראָפֿעסיאָנעלער אַרבעט, װערט אַ מיטגליד אין אָרטיקן קאָמיטעט; פֿון דאָרט קומט ער אַלס פֿאַרטרעטער פֿון אָרטיקע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען אויף אַ ריי פּראָפֿעסיאָנעלע צוזאַמענפֿאָרן אין װאַרשע.

די אַרבעט אין קעלץ איז אַ שװערע, די אַפּאַטיע באַ די אַרבעטער־מאַסן אַ גרויסע, אַרבעט ח' װ ע נ ג ר אָ ד באַ די שװערסטע באַדינגונגען, אָרגאַניזירט אויפֿסניי די פֿאַכן, װעלכע זענען זיך צעפֿאַלן, אָרגאַניזירט די פּאַרטיי־אַרבעט, באַזונדערס בשעת די סיים־װאַלן, העלפֿט אין דער לעצטער צייט װידער אויפֿשטעלן דעם פֿאַרמאַכטן קאָאָ־פּעראַטיװ. די אַרבעט אַן אָנגעשטרענגטע, מאַטעריעלע באַדינגונגען שלעכטע, אַליין אַ פֿיזיש־שװאַכער װערט ער נאָכמער אָפּגעשװאַכט, לייגט אָבער נישט קיין אַכט דערויף, ביז ער װערט קראַנק אויף גאַלאָפּ־שװינדזיכט. קראַנק געװען אַ פּאָר װאָכן און גע־שטאָרבן דעם 1־טן יולי אין קעלצער שפּיטאָל.

אין זיין לויה האָבן זיך באַטייליקט אַן ערך פֿון 3000 מאַן. די קראָמען זענען געשלאָסן געװאָרן און די גאַנצע קעלצער יידישע אַרבעטערשאַפֿט האָט דעם טאָג נישט געאַרבעט, אַזוי אַז די לויה איז פֿאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַן אימפּאָזאַנטער אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע.

געװען אַ שטילער, באַשיידענער, טרייער אַרבעטער־טוער. אַלץ, װאָס ער האָט געהאַט, האָט ער באַ זיין לעבן אָפּגעגעבן דער אַרבעטער־באַװעגונג און צום סוף אויך זיין יונג לעבן פֿאַר אַ קרבן געבראַכט.

# לעא ראטציגל

לעאָ ראָטציגל, איז געווען אַ ווינער אַ געבוירענער און דאָס האָט צו יענער צייט געהייסן: פולשטענדיק אַסימילירט. פּאַקטיש איז ער טאַקע אין זיינע יוגנט־יאָרן געווען אי שפּראַכלעך, אי גייסטיק און פּסיכאָלאָגיש דורך־און־דורך אַסימילירט.

אַלס יונגער דרוקער־אַרבעטער האָט ער געהערט צו אַן אַנאַרכיסטישער גרופּע און זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אירע אַרבעטן. צו דערדאָזיקער גרופּע האָבן אויך געהערט עטלעכע „יידיש־רעדנדיקע" אַרבעטער פון גאַליציע, און פון זיי איז ראָטציגל געוואויר געוואָרן, אַז ס'איז פאַראַן אַ יידישע שפּראַך, אַ יידישער אַרבעטער־קלאַס מיט אַן אייגענער קולטור.

ער האָט באַשלאָסן זיך אויסצולערנען יידיש. אפשר איז עס לכתחילה געווען באַ אים בלויז אַ רעוואָלוציאָנערער קאַפּריז, אָבער דערנאָך איז עס געוואָרן באַ אים אַ טיפער ערנסטער דראַנג, וועלכן ער האָט טאַקע אויסגעפירט.

וועלנדיק דערגרייכן גרעסערע פאָרשריט אין יידיש רעדן, האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרברענגען אין דער סביבה פון מזרח־יידישע אַרבעטער. אַ יידישע אַרבעטער־סביבה אין ווין האָט געהייסן די „פועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע. מיט דער צייט איז ער אָבער אין דערדאָזיקער סביבה אַזוי אַריינגעוואַקסן — נישט בלויז פּסיכאָלאָגיש, נאָר אויך אידעיש — אַז ער איז געוואָרן אַן ערנסטער אַקטיווער טוער אין דער עסטרייכישער פועלי־ציון־באַוועגונג.

במשך פון זיין עטלעכע־יאָריקער טעטיקייט האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פייערדיקן טעמפּעראַמענט, מיט אַ גרויס פאַרשטענדניש פאַר אָרדנונג און פּינקטלעכקייט און גענויער קענטעניש פון אַלע יידישע אַרבעטער־פּראָבלעמען.

צו דערזעלבער צייט, וואָס ער איז געווען טעטיק אין דער פּאַרטיי, האָט ער אויך אַקטיוו געאַרבעט אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, צו וועלכן ער האָט געהערט, און באַזונדערס האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פון פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם צווישן די ווינער געבוירענע און אַסימילירטע יידישע אַרבעטער.

אין די יאָרן 1913-14 האָט זיך ראָטציגל געגרייט צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע. אָבער דער אויסברוך פון דער מלחמה האָט אים זיין פּלאַן צעשטערט. קעגן זיין איבערצייגונג און קעגן זיין ווילן איז ער געוואָרן אַ „פראָנט-קעמפער" און איז עטלעכע מאָל פאַרוואונדעט געוואָרן. נישט איינמאָל האָט אים די ווילדקייט פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה אַזוי דערעסן, אַז ער האָט מער נישט געקענט אונטערדריקן זיין רעוואָלוציאָנערן גייסט און האָט דעזערטירט פון דער אַרמיי. נאָך יעדעס מאָל אַנטלויפן פלעגט אים די זשאַנדאַרמעריע כאַפּן און אַ געשמידטן אין קייטן צוריקשטעלן צו זיין מיליטערישער אָפּטיילונג.

אין יאַנואַר 1919 באַווייזט ער זיך ווידער אין ווין און שפּילט אַן ערשט-קלאַסיקע ראָלע אינם באַקאַנטן ווינער יאַנואַר-שטרייק, וועלכער ווערט אין דער עסטרייכישער אַרבעטער-באַוועגונג באַצייכנט אַלס פאָרשפּיל צו דער עסטרייכישער נאָך-מלחמה-רעוואָלוציע. אַלס גלענצנדער אָרגאַניזאַטאָר און פלאַמענדיקער רעדנער ווערט ער גיך דער טריבון פון דער ווינער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט און דער ליבלינג פון די דייטשע אַרבעטער מאַסן. ווען דער יאַנואַר-שטרייק איז דורכגעפאַלן, איז ער פון דער פּאָליציי אַרעסטירט געוואָרן אונטער דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט אַרויסגערופן און אָנגעפירט מיט דעם גרויסן פּאָליטישן שטרייק. ער איז געזעסן ביז די עסטרייכישע דינאַסטיע איז זיך צעפאַלן אונטערן דרוק פון דער נאָך-מלחמה-רעוואָלוציע, וועלכע האָט אים באַפרייט צוזאַמען מיט אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע.

קורץ נאָך זיין באַפרייונג איז אין אונגאַרן אויסגעבראָכן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, וועלכע די אונגאַרישע און רומענישע בורזשואַזיע האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען צו דערשטיקן. דער אונגאַרישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך גענייטיקט אין הילף און אין די שכנותדיקע לענדער האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן „אינטערנאַציאָנאַלע קאַמפּס-באַטאַליאָנען", וועלכע זענען אַוועק קיין אונגאַרן. ראָטציגל אָרגאַניזירט אין ווין אַן „אינטערנאַציאָנאַלע קאַמפּס-דרוזשינע" און מאַרשירט מיט איר אָפּ קיין אונגאַרן, כדי מיטן אייגענעם לעבן צו באַצאָלן פאַר דער אויסגעבענקטער פרייהייט. ער באַמיט זיך, אַז אין זיין דרוזשינע זאָלן זיין וואָס מער יידישע אַרבעטער און חלומט צוזאַמען מיט זיי אָפּצופאָרן דערנאָך קיין פּאַלעסטינע.

ער האָט אָבער נישט דערלעבט זיין שטרעבונג צו פאַרווירקלעכן. קיין פּאַלעסטינע איז ער נישט געפאָרן, ווייל אַ קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע קויל פון די רומענישע חיילות האָט אים געטראָפן אין קאָפּ און ער איז געפאַלן אין מיטן דעם קאַמף מיטן רוף: זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

אַזוי האָט געלעבט און אַזוי איז געפאַלן לעאָ ראָטציגל.

# I. זוך-צעטל

## פון נעמען פון פערזאָנען, וואָס ווערן דערמאָנט אין „ייד. ארב. פנקס".

# II. זוך-צעטל

**פון פארטייען, וויכטיקסטע פאקטן אין דער פועלי-ציון-באוועגונג, פועלי-ציוניסטישע אויסגאבן און וויכטיקסטע פראגן פון דער יידישער ארבעטער-באוועגונג, וואס ווערן דערמאנט אין דעם „יידישן ארבעטער-פנקס".**